

קריסטאָפאָר קאָלומבוס.

# היסטאריע

פון די

# פעראייניגטע שטאאטען

מיט אייכצעלהייטען וועגען דער ענטדעקונג
און עראָבערונג פון אַמעריקא

---

פון

**אב. קאהאן**

---

I.

## פון דער אַלטער וועלט צו דער נייער

---

אַרויסגעגעבען פון „פאָרווערטס“
173-175 איסט בראָדוויי.
נ י ו  י אָ ר ק

## אינהאַלטס־פערצייכניס:

## לאנד־קארטען.

## פּאָרטרעטען און אַנדערע צייכנונגען.

# פֿאָרוואָרט צו דער גאַנצער סעריע

דעם פּערפֿעסער'ס פּלאַן איז צו שרייבען אַ געשיכטע פֿון דיא פֿעראייניגטע שטאַאטען אין זיעבען (אָדער מעהר) זעלבסטשטענדיגע בענדער, און דיעזער בוך איז דער ערשטער פֿון זיי. זיין ציעל איז, אַז יעדער באַנד זאָל בעהאַנדלען, אַזוי גרינדליך וויא מעגליך, אָבער אויך אַזוי פּאָפּולער וויא מעגליך, איין בעזונדערע אבטיילונג, און אַז יעדער באַנד זאָל זיין אַ געענדיגטע ווערק, וואָס זאָל קענען געלעזען ווערען אַלס פֿאַר זיך אַ בוך. צו דער זעלבער צייט דאַרפֿען אַלע בענדער צו־זאַמען בילדען אַ פֿאָלשטענדיגע, אויספֿיהרליכע היסטאָריע פֿון דער גרויסער אַמעריקאַנער רעפּובליק.

ביי'ן שרייבען אַ בוך אויף אידיש דאַרף מען הויפּטזעכליך האָבען אין זינען פֿאַרנומענע מענשען, אַרבייטער אָדער געשעפֿטס־לייט, וועל־כע לעזען אין זייערע אָפּרוה־שטונדען מיט אַ דאָפּעלטען צוועק: צו האָבען פֿערגניגען, און אַנגענעהמען צייט־פֿערטרייב, און „פֿאַר איין גאַנג" עפּעס צו לערנען, צו בילדען זיך. פֿון דיעזען קלאַס בעשטעהט אַ גרויסער, גרויסער מאַיאָריטעט פֿון אונזער בעסטען לעזע־פּובליקום. ווען מען שרייבט אַ סעריעזע ווערק פֿאַר דיעזען פּובליקום איז דעם שרייבער'ס פּפֿליכט, נאַטירליך, צו מאַכען דעם ענין אַזוי לייכט צו פֿערשטעהן וויא מעגליך. אין דיעזער בעציהונג זיינען אָבער דיא פֿער־שיעדענע געגענשטאַנדען וויט ניט גלייך. אייניגע זיינען „שווערער" און פֿאָדערען מעהר פּאָפּולאַריזאַציאָנס־אַרבייט. אַנדערע, וויעדער, זיינען פֿון זיך אַליין פֿערהעלטניסמעסיג „גרינג", און אַלץ וואָס עס פֿאָדערט זיך, איז אַ לייכטע, קלאָהרע פּאָפּולערע שפּראַך. צו דעם לעצטען קלאַס געגענשטאַנדען בעלאַנגט היסטאָריע — איינער פֿון דיא וויכטיגסטע ווערטה־זאַכען אין דעם גייסטיגען אייגענס פֿון אַ געביל־דעטען מענשען. היסטאָריע בעלאַנגט צו דיא אינטערעסאַנטעסטע ענינים וועגען וועלכע מען קען נור געפֿינען ביכער אין אַ ביבליאָטהעק; און דער אינטערעס איז מייסטענס ניט פֿון דעם זאָרט, צו וועלכען מען קען אַנדערש ניט צוקומען, וויא דורך טיעפֿע שכל'ען. ער ליגט הויפּט־

זעבליך פון אויבען אויף. ער קומט דעם לעזער אָן לייכט, אָהן אַנ־שטרענגונג.

מיר שטרעבען צו ביידע דערמאָנטע ציעלען: צו פערשאַפען אינטע־רעסאַנטע לעזע־שטאָף, לייכט צו לעזען פאר יעדען וואָס קען נור פער־שטעהן אַזאַ צייטונג וויא דער „פאָרווערטס“, און צו דער זעלבער צייט צו־צוגעבען צו דעם לעזער'ס בילדונגס־קאַפּיטאַל אַ סאָלידע בעקאַנט־שאַפט מיט דער היסטאָריע פון דיא פעראייניגטע שטאַאַטען.

דיא געשיכטע פון איין לאַנד איז מעהר אָדער וועניגער פערבונדען מיט דער געשיכטע פון אַנדערע לענדער, פון דער מענשהייט בכלל. דאָס איז ספּעציעל אמת וועגען דיא ערשטע פּעריאָדען פון דער געשיכטע, וועלכע מיר נעהמען זיך שרייבען. דיא ענטדעקונג פון אַמעריקאַ בע־לאַנגט צו דער היסטאָריע פון אייראָפּאַ פּונקט וויא פון אַמעריקאַ, און דיא גרינדונג פון דיא ערשטע קאָלאָניעס איז אַ טייל פון דער היסטאָריע פון דיא פערשיעדענע פעלקער צו וועלכע דיא קאָלאָניסטען האָבען בע־לאַנגט. בעקאַנט ווערענדיג מיט דיזע ענינים דאַרף דער לעזער דע־ריבער בעקאַנט ווערען מיט געוויסע טיילען פון אייראָפּעאישע היסטאָריע, פון אַלגעמיינע געשיכטע.

דער הויפּט־צוועק איז, נאַטירליך, איהם בעקאַנט צו מאַכען מיט דער געשיכטע פון דיא פעראייניגטע שטאַאַטען. אָבער דאָס איז ניט אַלץ וואָס דער לעזער קען דערביי בעקומען.

אין אַ גרינדליכע היסטאָריע פון אַ לאַנד זעהט מען ניט בלויז איהר היסטאָריע, נור אויך איהר כאַראַקטער, פּונקט וויא דיא לעבענס־בעשרייבונג פון אַ בעזונדערען מענשען איז ניט נור אַ שילדערונג פון זיין פערגאַנגענהייט, נור (דורך דעם גופא) אויך אַ פּאָרטרעט פון זיין פּערזענליכקייט אין אַלגעמיין. פון אַן אויספיהרליכע געשיכטע פון דיא פעראייניגטע שטאַאַטען דאַרף דער לעזער, פאָרבייגעהענדיג, בעקאַנט ווערען מיט דער געאָגראַפיע און מיט דיא נאַטירליכע רייכטימער פון זייערע פערשיעדענע געגענדען וויא אויך מיט דער נאַטור פון זייערע איינוואוינער. דיא אייראָפּעאישע קאָלאָניסטען אָדער זייערע קינדער, וועלכע האָבען געגרינדעט און אויפגעבויט דיא פעראייניגטע שטאַאַטען, זיינען ערשט נעכטען, זאָ צו זאָגען, בעקאַנט געוואָרען מיט זייער יעצ־טיגע היים, — מיט איהרע טייכען, בערג, ים־ברעגעס, פּלאַנצונגען, מי־נעראַלען; און דער וואָס לעזט זייער היסטאָריע, לערענט דאָס אַלץ

מיט זיי צוזאַמען, אויב מען קען זיך אַזוי אויסדריקען. מיט זיי צוזאַמען געהט ער פון שטאַפּעל צו שטאַפּעל אין זיין בעקאַנטשאַפט מיט דער ערד פון דיא קאָלאָניעס מיט זייערע נאַטירליכע אוצרות, מיט דיא דער־פער וואָס זיי האָבען געבויט, מיט דיא שטעדט וואָס זיינען פון דיעזע דערפער אויסגעוואקסען, מיט דיא שטאַאטען, אין וועלכע דיא קאָלאָניעס זיינען פערוואַנדעלט געוואָרען, מיט דיא נייע שטאַאטען, וואָס זיינען צו זיי שפּעטער צוגעקומען.

דאָס לעבען אין דיא דרייצעהן קאָלאָניעס, פון וועלכע עס זיינען נאַכהער געוואָרען די פעראייניגטע שטאַאטען, שפּיגעלט אין זיך אָפּ די גרונד־שטריכען אין דעם כאַראַקטער פון דעם „אמת'ן אַמעריקאַנער", וויא מען רופט געוועהנליך דיא קינדס־קינדער פון דיא ערשטע קאָלאָ־ניסטען. אין דעם קאַמפּף געגען ענגלאַנד און אין דעם געבורט פון דער רעפּובליק באַקענען מיר זיך מיט דיא פונדאַמענטען פון דער אַמעריקאַ־נער רעגיערונג, וועהרענד פון דער וויי־טערער געשיכטע פון דער יונגער מלוכה לערנען מיר וועגען דיא לאַנד'ס פּאַרטיי־לעבען און וועגען איהר פּאָליטישען לעבען בכלל. פיעלעס וועגען דעם כאַראַקטער פון דעם פאָלק בכלל און פון זיין איננערליכע פּאָליטיק בפרט קען מען זיך אויך ארויסנעהמען פון דער איננערליכער מלחמה וואָס האָט געפיהרט צו דער אָבשאַפונג פון נעגער־שקלאַפעריי. וואָס אנבעטרעפט זיין פּאָליטישען לעבען נאָך דיעזער מלחמה, ביז אונזער צייט, איז ער אַזאַ דייטליכער אָבקלאַנג פון קאַפּיטאַל'ס האַסטיגען וואוקס אין דיעזען האַלבען יאהר־הונדערט, אַז דיא פּאָליטישע געשיכטע פון דיעזער צייט איז שוין ממילא אויך אַן איבערבליק פון איהר עקאָנאָמישע געשיכטע.

דיא אונטערשטע שורה איז, אַז מיר האָפען, דאָס פון דיעזע עט־ליכע בענדער וועט דער אידישער אימיגראַנט בעקאַנט ווערען מיט זיין נייע היים.

דיא אידישע אימיגראַציאָן אין אַמעריקאַ איז אין דיא לעצטע 28 יאָהר געוועזן אַזוי רעגעלמעסיג גרויס, אַז דיא פעראייניגטע שטאַאטען זיינען שוין דעם אידען'ס צווייטע גרעסטע היים אין דער וועלט. רוסלאַנד האָט שוין ניט מעהר וויא דריי מאָל אַזוי פיעל אידען וויא זיי: און — ווער ווייס? — אפשר וועט דיעזע פּראָפּאָרציע ווערען אַלץ קלענער און קלענער. וואָס ווייטער וועט זיין איז דאָ ניט דער פּלאַץ צו בעשפּרעכען. פאָרלויפיג אָבער געפינט אונזער פאָלק אין

אַמעריקאַ געווים דעם זיכערסטען ווינקעל, וואָס ער האָט ווען עס איז געהאַט זינט ער האָט פערלאָרען זיין נאַציאָנאַלען געבורטס־פּלאַץ. און דיעזער ווינקעל מוז ציהען צו זיך דיא אידען פון רוסלאַנד, פּוילען, גאַ־ליציען, רומעניען. וועגען דעם ענדליכען שיקזאַל פון אידיש אין אַמע־ריקאַ וועלען מיר דאָ אויך זיך ניט אַריינלאָזען אין אַ דיסקוסיאָן. דיא קינדער פון אונזערע אימיגראַנטען רעדען ניט קיין אידיש, נור ענגליש (און בעדויערען עס איז געווים ניטאָ וואָס); אַזוי לאַנג אָבער וויא אין אַמעריקאַ וועלען זיין אידישע אימיגראַנטען, וועט אידיש זיין דיא הויפּט־שפּראַך פון אַ מאַיאָריטעט פון זיי. אָט אַזעלכע לעזער בעקאַנט צו מאַכען מיט זייער נייע היים און מיט דעם פאָטערלאַנד פון זייערע קינדער איז דער הויפּט־צוועק פון דיעזע סעריע.

* * *

דיא ערשטע צוויי בענדער פון אונזער סעריע בעשעפטיגען זיך אייגענטליך מיט דיא ערשטע פּעריאָדען אין דער געשיכטע פון אַמע־ריקאַ בכלל.

אַ קורצער איבערבליק איבער דיעזע קאַפּיטלעך פון אַלגעמיינער אַמעריקאַנער היסטאָריע ווערט געוועהנליך געגעבען אַלס איינלייטונג צו יעדער היסטאָריע פון דיא פעראייניגטע שטאַאַטען. מיר אָבער געפינען פאַר ראַטהזאַם דיעזע ענינים צו בעהאַנדלען אויספיהרליך, אום דער לעזער זאָל האָבען אַ קלאָהרען בעגריף וועגען דעם וואָס אין אַמעריקאַ איז שוין אויפגעטהאָן געוואָרען פון אייראָפּעער צו דער צייט וואָס עס זיינען געגרינדעט געוואָרען דיא קאָלאָניעס, פון וועלכע עס זיינען אַרויסגעקומען דיא פעראייניגטע שטאַאַטען.

# פאָרוואָרט צו דעם ערשטען באנד

מיר וועלען דאָ אָנפאַנגען מיט וואָס מיר האָבען געענדיגט אונזער הקדמה צו דער גאַנצער סעריע.

אין אַ היסטאָריע פון דיא פעראייניגטע שטאַאטען ווערט געוועהנליך איינגעשלאָסען אַן איבערבליק פון קאָלומבוס'עס ענטדעקונג וויא אויך פון דיא ווייטערע וויכטיגע ענטדעקונגען און עראָבערונגען וואָס זיינען געמאַכט געוואָרען אין אַמעריקאַנישע לענדער, — הגם שטרענג־רעדענדיג בעלאַנגט דאָס צו דער געשיכטע פון אַמעריקאַ אין אַלגעמיין און ניט בלויז פון איין אַמעריקאַנישע לאַנד.

וועגען דיא מערקווירדיגסטע פון דיא רייזעס און מלחמות, דורך וועלכע אייראָפעער האָבען איינגענומען פערשיעדענע טיילען פון דער „נייער וועלט“ נאָך קאָלומבוס'עס טוידט, וועט איבערגעגעבען ווערען אין דעם צווייטען באַנד. דיעזער ערשטער באַנד דערצעהלט וויא אַזוי דיא נייע וועלט איז אויפגעפענט געוואָרען פאַר דער אַלטער וועלט.

דער פלאַן פון דיעזען באַנד נעמט אַרום ניט נור דיא געשיכטע פון קאָלומבוס'עס היסטאָרישע אויפטהואונג, נור אויך דיא אַלע ענטדעקונגס־רייזעס פון דעם 15־טען יאָהר־הונדערט, וואָס זיינען פאָרגעקומען פאַר זיין גרויסע רייזע און האָבען געפיהרט צו איהר. אונזער שטרעבונג איז צו געבען דעם לעזער אַ בילד, וואָס זאָל איהם קלאָהר מאַכען דיא אומשטענדען, אונטער וועלכע דאָס אַלעס האָט פאַסירט, — אַלע דיעזע רייזעס בכלל און קאָלומבוס'עס בפרט.

אין אַנדערע שפראַכען זיינען נאַטירליך פאַראַן גרינדליכע געשיכטעס פון קאָלומבוס'עס ענטדעקונג, און וויכטיגע אָבהאַנדלונגען איבער בעזונדערע פונקטען אין דיעזען ענין. קוועלען, פון וואַנען צו נעהמען בעאַרבייטע מאַטעריאַל, איז דאָ גענוג; אָבער קיין ווערק וואָס זאָל געבויט ווערען נאָך אַזאַ פלאַן וויא אונזערער, איז, וויא ווייט מיר ווייסען, ניטאָ אויף קיין שפראַך.

אונזער אויפגאַבע איז אַ ספעציעלע, און דער מאַטעריאַל, וועלכער איז נויטיג געוועזען איהר דורכצופיהרען, איז צוזייט. עס איז אויסגעקו־

מען דעם שטאָף צו זאַמלען פון פערשיעדענע ערטער און איהם צוזאַ־מען־צו־שטעלען נאָך אונזער פּלאַן נאָך.

דאָס ברייננגט אונז צו דעם אַלגעמיינעם פּלאַן פון דיעזען בוך און צו דעם נאָמען, וועלכער איז אויף דיעזען פּלאַן געגרינדעט.

געוועהנליך ווערט אין אַ געשיכטע פון דער ענטדעקונג פון אַמע־ריקאַ בלויז אָנגעדייטעט מיט עטליכע ווערטער וועגען דיא פּאָרטוגעזי־שע פאָרשונגס־רייזעס, וואָס האָבען געדיענט אַלס פונדאַמענט צו קאָ־לומבוס'עס פּלאַן. פערבייגעהענדיג דערמאָנט מען אויך, אַז ענדליך האָבען דיא פּאָרטוגעזער עררייכט זייער ציעל — אַז וואַסקאָ דאַ גאַמאַ איז צוגעקומען צו אינדיען. אָבער אין אמת'ען בעלאַנגט דיעזע טייל פון פּאָרטוגאַל'ס געשיכטע צו דיא פלייש און בלוט פון דער געשיכטע פון קאָלומבוס'עס אויפטהואונג. דאָס איבער־צו־היפּען איז, נאָך אונ־זער מיינונג, אַזוי וויא אויסלאָזען אַן אַקט פון אַ דראַמאַ.

מיר גיבען דעריבער אין דיעזען באַנד איבער דיעזע פּאַסירונגען מיט איינצעלהייטען.

ווייטער, — קאָלומבוס'עס און וואַסקאָ דאַ גאַמאַ'ס ענטדעקונגען האָבען געפיהרט צו אַזעלכע גרויסע ענדערונגען אין דעם לעבען פון איי־ראָפּאַ, אַז דיעזע צוויי פּאַסירונגען זיינען דער איבערגאַנגס־פּונקט פון מיטעלאַלטער צו דער מאָדערנער צייט. דער פערפאַסער האָט זיך דע־ריבער געשטעלט אַלס זיין אויפגאַבע צו מאַכען דיעזען פּונקט אַזוי קלאָר וויא מעגליך. זיין וואונש איז דייטליך צו מאַכען דאָס דיא ענטדע־קונגס־רייזעס, וועגען וועלכע עס ווערט אין דיעזען בוך דערצעהלט, האָ־בען ניט נור בעקאַנט געמאַכט דיא ציוויליזירטע איינוואוינער פון דער „אַלטער וועלט" (אייראָפּאַ, אַזיען און אפריקאַ) מיט דער „נייער וועלט" (אַמעריקאַ), נור, אַז זיי האָבען אויך געשלאָסען דעם מיטעל־אַלטער און אָנגעפאַנגען די זאַגענאַנטע נייע געשיכטע — אַ נייעם מענשליכען לעבען.

דער נאָמען, „פון דער אַלטער וועלט צו דער נייער", ווערט דאָ אַלזאָ געברויכט אין אַ דאָפּעלטען זינן.

מיר האָבען אויבען גערעדט וועגען דיא קוועלען, מיט וועלכע מיר האָבען זיך בענוצט. מיר גלויבען, אַז צוווישען זיי געפינען זיך דיא וויכטיגסטע און נייעסטע, צו וועלכע מיר האָבען געקענט האָבען צו־טריט. אונזער וואונש איז געוועזען צו שאַפען אַ בוך, וואָס זאָל ענטהאַל־

טען דעם עיקר פון דעם גאַנצען וויסענשאַפטליך־היסטאָרישען מאַטעריאַל, וואָס דער ענין ענטהאַלט. צו דער זעלבער צייט האָבען מיר אויך געשטרעבט אַלץ צו מאַכען לייכט־פערשטענדליך פאַר אַלע קלאַסען לעזער, נאָך דעם אַלגעמיינעם כלל וועגען אַ סעריעזע אידישע ווערק, וועלכער איז אויבען דערמאָנט געוואָרען. אין פיעלע ערטער, וואו עס פאָדערט זיך, האָבען מיר דעריבער געגעבען ערקלעהרונגען איבער געאָגראַפיע און אַנדערע געגענשטאַנדען. אַ חוץ דעם גיבען מיר צום ענדע בוך אַ ביילאַגע, וואו דיא זעלבע און אַ פּאָר אַנדערע ענינים ווערען ערקלעהרט אויספיהרליכער, מיט איללוסטראַציאָנען. דיא פערשיעדענע אבטיילונגען אין דער ביילאַגע ווערען אָנגעוויזען אין דעם טעקסט, אין דיא ערטער, וואו זיי געהערען.

עס איז ראַטהזאם דיא גאַנצע ביילאַגע איבערצולעזען פּאָראויס, איידער מען נעהמט זיך צום ערשטען קאַפּיטעל פון דעם טעקסט. אַבּסאָלוט נויטיג איז דאָס אָבער ניט.

אין דעם פאָרוואָרט צו דער גאַנער סעריע האָבען מיר גערעדט וועגען דעם, וויא אין דער געשיכטע פון דיא פעראייניגטע שטאַאטען לערענט דער לעזער דיא געאָגראַפיע פון דער לאַנד צוזאַמען מיט איהרע ענטדעקער און קאָלאָניסטען. דאָס פּאַסט זיך נאָך מעהר צו זאָגען וועגען דער געאָגראַפיע פון דער וועלט אין אַלגעמיין אין בעצוג אויף דעם, וואָס לעזט דיא געשיכטע פון דעם „יאָהר־הונדערט פון ענטדעקונגען“. צוזאַמען מיט דיא אַנדערע ענטדעקונגס־רייזענדע האָט דיא ציוויליזירטע וועלט דאַן צום ערשטען מאָל געלערענט וועגען דריי־פערטעל פון דער ערד און פיעלעס וועגען דער גאַנצער ערד בכלל. מען האָט דאָס געלערענט אויף דעם ערד־קוגעל גופא אזוי וויא קינדער לערנען אויף אַ לאַנד־קאַרטע. דער לעזער פון דיעזען באַנד אונזערען, וועלכער איז מיט געאָגראַפיע ווענינ בעקאַנט, וועט דיעזע שטיק התחלה־געאָגראַפיע לערנען מיט דער מענשהייט פון דעם 15טען יאהר־הונדערט צוזאַמען. אונזער ביילאַגע וועט איהם בעהילפיג זיין אין דעריין. דער לעזער, וויעדער, וואָס נויטיגט זיך אין אַזאַ הילפע ניט, קען דיעזע טהיילען פון דער ביילאַגע, נאַטירליך, אויסלאָזען.

* * *

די פּאַסירונגען און די סצענעס, וואָס בעלאַנגען צו די פערשיעדענע רייזעס, זיינען אָפט אַם בעסטען איבערגעגעבען אין פער־

עלטערטע ווערק. צום ביישפּיעל: וואָס אנבעטרעפט דיא אינטערעסאַנטע איינצעלהייטען פון קאָלומבוס'עס פיער רייזעס און אַלע ערפאהרונגען וואָס ער האָט געהאַט מיט די אינדיאַנער און זיינע אייגענע שפּאַניער, זיינען וואַשינגטאָן אירווינגס צוויי בענדער נאָך היינט אויף די בעסטע ווערק איבער דעם געגענשטאַנד, ניט נור אין דער ענגלישער שפּראַכע, נור אין אַלע שפּראַכען. דאָס איז ניט בלויז אַ היסטאָריע פון קאָלומבוס'ען נור אויך אַ ליטעראַרישעס ווערק — אַזוי שעהן און אַנגענעהם לעזט זיך דאָס, אַזוי לעבהאַפט און טאַלאַנטפול זיינען די בעשרייבונגען. אָבער זינט דיעזע צוויי בענדער זיינען געשריעבען געוואָרען האָט מען געמאַכט וויכטיגע אונטערזוכונגען, וועלכע האָבען אויף געוויסע פונקטען נייע ליכט געוואָרפען, אין איינינגע שטעלען אָנגעוויזען אויף אַ פאַלשען היסטאָרישען פשט, אויף מיספערשטענדניסע, אויף טעות'ן. אין די סעריעזערע און נייערע ווערק, וויעדער, פעהלען אינטערעסאַנטע איינצעלהייטען, און דורך דעם זיינען פיעלע ערטער צו טרוקען און ניט קלאָהר גענוג.

אָדער נעהמט אַזאַ ביישפּיעל: וועגען די שייכות פון די אידען צו דער ענטדעקונג פון אַמעריקאַ און צו די ענטדעקונגס־רייזעס פון פּאָרטוגאַל האָט דר. קייזערלינג פון בודאַפּעסט אַ וויכטיגען ספּעציעלען ווערק. אָבער מעהרערע מאָל געפינט איהר, אַז די ראָלע וואָס די אידען האָבען געשפּיעלט אין אַ געוויסען מאָמענט איז דייטליכער אין אַן אָבהאַנדלונג וועגען דיעזען היסטאָרישען מאָמענט אין אַלגעמיין — אין אַן אָבהאַנדלונג וואָס אינטערעסירט זיך ניט בעזונדערס מיט דיא אידען.

פיעלעס ווענדעט זיך, נאַטירליך, אָן דעם שטאַנדפּונקט, פון וועלכען דער אויטאָריטעט בעטראַכט זיין געגענשטאַנד. אויב איהר זייט מיט אַזאַ שטאַנדפּונקט ניט איינפערשטאַנדען, קומט ביי אייך דער גייסט פון זיין ווערק אויס פאַלש, אָדער, וועניגסטענס, טהיילווייז פאַלש. זיין מאַטעריאַל איז פאַר אייך וויכטיג; אָבער אויב איהר פערהאַלט זיך צו איהם קריטיש, זייט איהר געצוואונגען וועגען פיעלע שטעלען צו זוכען ליכט אַנדערש־וואו. קאָלומבוס'עס כאַראַקטער, צום ביישפּיעל, זיינען פיעלע פון די בעסטע און זאָגאַר נייעסטע ווערק גענייגט אַזוי צו אידעאַליזירען, אַז זיי איבערטרייבען זיינע גוטע מעלות אַלס מענש איבערהויפּט. ער איז אָהן צווייפעל געווען אַ גרויסער מאַן. ער איז

אָבער ווייט ניט געווען אזוי פריי פון פלעקען ווי ער ווערט געמאָלען. דאָס זעלבע איז מיט דעם פּאָרטוגעזישען פּרינץ הענריק, דעם אָנפאַנגער פון די ענטדעקונגס־רייזעס אין דעם 15טען יאָהר־הונדערט. די בעריהמ־טעסטע ווערק וועגען איהם שטעלען איהם פאָר אַלס א פּרוש, וועלכער איז בעגייסטערט געווען פאַר בלויז איין זאַך: געאָגראַפישע פאָרשונגען. אָבער אין דיעזע ווערק גופא זעהט איהר אַז דער מלאך איז גאָר ניט אזוי ווייס וויא מען מאָהלט איהם (אויב מיר מעגען איבערקעהרען דעם אַלטען שפּריכוואָרט). איהר שטודירט דעם געגענשטאַנד אין אַנדערע קוועלען. איהר געפינט אַ פּאָר וויכטיגע פאַקטען דאָ, א פּאָר וויכטיגע נייע פאקטען דאָרטען, און דער פּאָרטרעט בעקומט אַן אַנ־דערען געשטאַלט. אַזעלכע פעללע זיינען פאַראַן אויף טריט און שריט.

קאָלומבוס'עס גרויסע רייזע איז אָנגעפאַנגען געוואָרען אין דער זעלבער צייט, ווען מען האָט פון שפאַניען אַרויסגעטריבען די אידען. די אינטריגען צווישען פּאָרטוגאַל און שפּאַניען איבער זיין ענטדעקונג זיינען אָנגעגאַנגען אין דער צייט, ווען צוויי דריטעל פון די פערוואָ־געלטע האָבען געהאַט אויס־צו־שטעהן די שרעקליכסטע יסורים אין דער קלענערער פון דיעזע צוויי קעניגרייכען. אַ חוץ דעם האָבען אי־דישע מענער אין דיא ענטדעקונגס־רייזעס געשפּיעלט אַ ראָלע.

דאָך האָבען מיר וועגען די אידען אין דיעזען ווערק פיליכט געגעבען מעהר וויא אַ שטרענגערע פּראָפּאָרציע וואָלט געפאָדערט. דיעזען חטא האָבען מיר זיך ערלויבט איינפאַך וייל דורך דעם ספּע־ציעלען אינטערעס , וואָס אַזעלכע איינצעלהייטען האָבען פאַר דעם אידישען לעזער, וועלען זיי אין זיין געדאַנקען דעם פעריאָד צוגעבען פארב. צוליעב דיעזע שטיקלעך אידישע געשיכטע וועט ער קלעהרער און לעבעדיגער זיך פאָרשטעלען די צייט, וועגען וועלכע עס האַנדעלט זיך, און די פּערזענליכקייטען, וועלכע בעוועגען זיך אויף דער היסטאָ־רישער סצענע.

מיר האָבען גערעכענט אין דיעזען באַנד צו געבען אַ פּאָר אויס־פיהרליכע קאַפּיטלעך וועגען דער געזעלשאַפטליכער אָרגאַניזאציאָן פון דיא אינדיאַנער נאָך דיא נייעסטע פאָרשונגען—הויפּטזעכליך נאָך לואיס מאָרגאַן'ען. ווען דיא ערשטע שפאַניער און אַנדערע אייראָפּעער זיינען געקומען נאָך אַמעריקא (מיט קאָלומבוס'ען און שפּעטערע ענטדעקער

און עראָבערער), האָבען זיי דיעזען געזעלשאַפטליכען לעבען פון דיא רויט־הויטיגע מענשען ניט פערשטאַנען. דער רעזולטאַט איז געוועזען, אַז פיעלעס וואָס זיי האָבען געזעהן ביי זיי, איז פאַלש אויסגעטייטשט געוואָרען. מיר האָבען זיך אָבער אַרומגעזעהען, אז פאַר אזא ערקלעהרונג קענען מיר אין דיעזען באַנד קיין פּלאַץ ניט אָבגעבען, און אַז יעדענפאַלס וועט דאָס נויטיגער זיין אין איינעם פון דיא ווייטערע בענדער. וואָס אנבעטרעפט דיעזען בוך, איז אין איהם אָנגעדייטעט בקצור, אין אַ פּאָר שטעלען, אַז דיא שפּאַניער האָבען ניט ריכטיג פערשטאַנען דעם לעבען פון דיא אינדיאַנער; אויך איז אין איין אָרט פאַראַן אַ פּאָר ווערטער וועגען דער זאָ־גענאַנטער „מוטער־סיסטעם“. אַן אויספיהרליכערע ערקלעהרונג איבער דיעזען ענין איז פאַר דיעזען באַנד, נאָך אונזער מיינונג, ניט וויכטיג.

וועגען דיא גאָר־פאַרצייטיגע אַמעריקאַנער פעלקער, דיא מערקווירדיגע „בערג־בויער“ („מאונד־בילדערס“), גיבען מיר אַ קורצען איבערבליק צום שלוס פון דער ביילאַגע צו דיעזען באַנד.

## די קוועלען, מיט וועלכע דער פּערפֿאַסער האָט זיך אַם מעהרסטען בענוצט.

(דאָ, וואו דיא שפּראַך איז ניט אָנגעוויזען, איז דער בוך אויף ענגליש).

דער שלום פון מיטעל־אַלטער — ריטשארד לאָדזש.

ציוויליזאציאָן אין מיטעל־אַלטער—דזשאָרדזש ב. עדעמס.

פון פּלאַטאָ ביז דיא וויעדער־טויפער (רוסישע איבערזעצונג) — עדוארד קאוטסקי.

געשיכטע פון מיטעלאַלטערליכע און מאָדערנע ציוויליזאציאָן (ענגלישע איבערזעצונג פון פראַנצויזישען) — שארל סיינאָבאָס.

די פינסטערע יאָהר־הונדערטע — אָמאַן.

מערב ציוויליזאציאָן און איהרע עקאָנאָמישע פאָרמען — ו. קאָנינגהעם.

אייראָפּעאישער הינטער־גרונד צו אמעריקאנער געשיכטע — עדוארד פּ. טשעיני.

קריטישע געשיכטע פון אמעריקא (ערשטע צוויי בענדער) — דזשאָסטין ווינדזאָר.

די ענטדעקונגען פון פּרינץ הענריק דער נאַוויגאַטאָר — ריטשארד ה. מיידזשאָר.

פּרינץ הענריק דער נאַוויגאַטאָר — ס. ר. ביזליע.

אינדיען אין דעם 15טען יאָהר־הונדערט — ריטשארד ה. מיידזשאָר.

דיא רייזעס פון מארקא פּאָלאָ — רעדיזשירט פון הענרי מאָרלי.

די ענטדעקונג פון אמעריקא (צוויי בענדער)—דזשאָהן פיסק.

דאָס לעבען און רייזעס פון קריסטאָפאָר קאָלומבוס (צוויי בענדער) —וואשינגטאָן אירווינג.

קריסטאָפאָר קאָלומבוס, זיין לעבען און ארבייט — טשארלס ק. עדעמס.

קאָלומבוס, דער ענטדעקער — פרעדריק א. אָבער.

שפּאניען אין אמעריקא — עדוארד ג. באָרן.

ריכטיגע קאָלומבוס'עס בריעף — וויליאם א. קוירטיס.

געשיכטע פון פּאָרטוגאל — ה. מ. סטיווענס.

געשיכטע פון דער רעגיערונג פון פערדינאנד און איזאבעללא (3 בענדער) — וויליאם ה. פּרעסקאָטט.

קריסטאָפאָר קאָלומבוס און דער אנטהייל פון די אידען אין שפּאנישע און פּאָרטוגעזישע ענטדעקונגען — דר. מ. קייזערלינג.

אידען אין פּאָרטוגאל — דר. מ. קייזערלינג.

דער 4טער באנד פון גרעטץ'ס געשיכטע פון די אידען (ענגלישע איבערזעצונג).

3טער באנד פון דובנאָוו'ס אלגעמיינע געשיכטע פון די אידען (רוסיש).

וואסקאָ דא גאמא (דייטש) — פ. הימּמעריק.

די רייזעס און סבות פון וואסקאָ דא גאמא — דזשאָרדזש מ. טאול.

אמעריגא וועספּוטשי — פרעדריק א. אבער.

קריסטאָף קאָלאָמב (פראנצויזיש—2 בענדער) — ה. האררים.

געשיכטע פון געאָגראפיע(פראנצויזיש)—וו. סענט מארטען.

געשיכטע פון געאָגראפישע ענטדעקונגען — דזשאָזעף דזשייקאָבס.

היסטאָרישע קריטיקען — ע. ג. באָרן.

איטאַליען — י. בורקהארדט, 2 בענדער (ענגלישע איבערזעצונג).

דאָס צייטאַלטער דער ענטדעקונגען (דייטש) — גונטהער.

ציוויליזאַציאָן אין מיטעל־אַלטער—דזשאָרדזש ב. אדאמס.

די געשיכטע פון דער גייסטיגער ענטוויקלונג פון אייראָפּאַ — דזשאָהן דרייפּער (צווייטער באַנד).

געשיכטע פון שפּאַניען און פּאָרטוגאַל (3טער באַנד) — ס. א. דאָנהעם.

געשיכטע פון דער אינקוויזיציאָן — ליע.

די געשיכטע פון מערב אייראָפּאַ — ה. ראָבינסאָן.

ערשטער באַנד פון קיימברידזשער מאָדערנע געשיכטע.

7טער באַנד פון העלמאָלדט'ס וועלט געשיכטע (דייטש).

3טער באַנד פון לאַוויס'ס און ראַמבאָ'ס אַלגעמיינע געשיכטע (פראַנצויזיש).

## I.

# די היסטאָרישע ראָלע פונ'ם מיטעל־לענדישען ים.

---

דער אָנפאַנג פון אַמעריקאַנער געשיכטע איז אין איוראָפּאַ. — היסטאָרישע און פאר־היסטאָרישע פעלקער. — די ענטוויקעלטסטע פעלקער, וועלכע די שפּאַניער האָבען געפונען אין אַמעריקאַ. — די ענטדעקונג פון אַמעריקא אלס איבערגאַנגס־פּונקט פון מיטעל־אַלטער צו דער מאָדערנער היסטאָריע. — די ברעגעס פונ'ם מיטעל־לענדישען ים אלס דיא וויעגעלע פון אונזער ציוויליזאציאָן. — דער פאַל פון רוים און דער אָנפאַנג פון מיטעל־אַלטער. — דער „רענייסאַנס“ אָדער „ווידער־געבורט“. — איטאַליענישע שטעדט פערנעהמען דעם אויבען־אָן אין האַנדעל און אין בילדונג. — די דריי טיילען פון דער וועלט־געשיכטע. — פאר וואָס האַבען די לענדער, וואָס ליגען ארום דעם מיטעל־לענדישען ים געשפּיעלט אַזאַ וויכטיגע ראָלע?

דיא געשיכטע פון דיא היינטיגע אמעריקאַנער פעלקער פאנגט זיך אָן ניט אין אַמעריקאַ נור אין איירָאפּאַ.

געשיכטע הויבט זיך אָן דאַן, ווען דער מענש שטעהט שוין אויף דער מדרגה פון ציוויליזאַציאָן. איהר קענט שרייבען דיא געשיכטע פון אייער פאַמיליע, פון אייער הויז, פון אייער טיש. ניט דאָס מיינט מען אָבער מיט דעם וואָרט אין זיין וויכטיגען זינן. געשיכטע אָדער היסטאָריע, אַלס איינער פון דיא גרויסע ענינים פון אונזער וויסען, דערצעהלט ווי אזוי דיא מענשהייט איז מדרגות־ווייז צוגעקומען צו איהר יעצטיגען געזעלשאַפטליכען און גייסטיגען לעבען. ניט אַלע פעלקער האָבען אַנטייל גענומען אָדער נעהמען היינט אַנטייל אין דעם פאָרווערטס־מאַרש. דיא, וואָס בלייבען אויסען, זיינען דעריבער ניט קיין היסטאָרישע פעלקער. דיא האַלב־ווילדע פון אַפריקאַ אָדער אויס־טראַליען האָבען געלעבט אויף דער וועלט ניט ווייניגער וויא דיא ווייסע פון פראַנקרייך אָדער דייטשלאַנד. צו דעם מענשען'ס פּראָגרעס אין

שכל און מאכט האָבען זיי אָבער קיין שייכות ניט. זיי האָבען אַלזאָ ניט געפיהרט קיין געשיכטליכען לעבען. איהר קענט וועגען זיי שרייבען אַ סך אינטערעסאַנטעס, פונקט וויא עס איז פאַראַן אַ סך אינטערעסאַנטעס צו שרייבען וועגען ביהנען אָדער מוראשקעס. קיין היסטאָריע וועט דאָס אָבער ניט זיין.

אַ חוץ דעם: ווען זיי אַליין וואָלטען פערצייכענט וואָס מיט זיי פּאַסירט, וואָלט דאָס געווען אַזוי רויה און אַזוי צוזאַמענגעמישט מיט אָבערגלויבען, מיט לעגענדען, אַז אין סך הכל וואָלט דאָס געווען ווייט פון אמת. אַ ניט־ציוויליזירטעס פאָלק איז אַזוי ווי אַ קינד, און דעם בעריכט פון אַ קינד קען מען ערנסט ניט נעהמען. ער קען אייך זיין אינטערעסאַנט; אָבער אַלס אַ מעלדונג פון פאַקטען האָט דאָס פאַר אייך קיין ווערטה ניט. פאַרצייטיגע לעגענדען שטודירט דיא וויסענשאַפט מיט אויפמערקזאַמקייט, ווייל אין זיי זעהט זיא דעם צושטאַנד פון פאָלק'ס גייסט און מח, ווען ער איז נאָך געווען אַ קינד. קיין היסטאָריע זיינען אָבער דיעזע לעגענדען ניט.

איידער אייראָפּעער האָבען אָנגעפאַנגען צו קומען נאָך אַמעריקאַ, האָבען דאָרטען געוואוינט האַלב־ווילדע מענשען, באַרבאַרישע מענשען און מענשען וואָס האָבען דערגרייכט אַ מדרגה פון האַלב־ציוויליזאַציאָן. פון ציוויליזאַציאָן אָבער האָט אַמעריקאַ נאָך ניט געוואוסט. קיין אמת'ע היסטאָריע האָט דאָרטען דעריבער ניט געקענט זיין.

דיא ענטוויקעלטסטע פעלקער, וועלכע דיא שפּאַניער האָבען געפונען אין דער ניי־ענטדעקטער לאַנד זיינען געווען דיא איינוואוינער פון מעקסיקאָ און פּערו. זיי האָבען געהאַט שטעדט, טעמפּלען, פּאַלאַצען, רייכע מאכלים און געטראַנקען, קאָסטבאַרע צירונגען, כלים, מערקווירדיגע אַנשטאַלטען און צערעמאָניעס; זייערע הערשענדע קלאַסען האָבען געלעבט אין גלאַנץ און אין לוקסוס. צו דער שטופע פון ציוויליזאַציאָן זיינען זיי אָבער ניט געקומען. זיי האָבען נאָך ניט געוואוסט פון קיין אייזערנע געצייג, און פון קיין היימישע בהמות (מיט אונבעדייטענדע אויסנאַהמען); פון אַן „אלף בית" צום שרייבען האָבען זיי קיין בעגריעף ניט געהאַט; און דיא מעקסיקאַנער האָבען מקריב געווען מענשליכע קרבנות.

דיעזע צוויי העכסט ענטוויקעלטע אַמעריקאַנישע פעלקער זיינען געשטאַנען נידעריגער וויא דיא אידען, ווען זיי זיינען אַרויס פון

מצרים ; וויא דיא דאמאלסדיגע עגיפטער ; וויא דיא איינוואוינער פון בבל, פון פרס, פון נגוה אדער פון אינדיען.

ווען דיא עגיפטער אדער דיא אידען זיינען נאך אויך ניט געוועזן ציוויליזירט, איז ביי זיי אויך נאך ניט געוועזן קיין געשיכטע. דאס איז געוועזן דער פאר־היסטארישער פעריאָד אין זייער לעבען. די ביבעל, וועלכע ענטהאלט דעם אנפאנג פון דער אידישער געשיכטע, איז א געמיש פון אמת מיט לעגענדען, פון היסטארישעס מיט פאר־היסטארישעס. און אזוי זיינען אויך די ערשטע קאפיטלעך אין דער געשיכטע פון יעדען פאלק. דער אנהויב איז איינגעוויקעלט אין א טומאן פון „באבע מעשיות“.

דיא אינדיאנער פון אמעריקא, אפילו דיא אצטעקען פון מעקסיקא און דיא אינקאס פון פערו, זיינען אלע געוועזן פאר־היסטארישע פעלקער.

דיא אצטעקען האבען שוין הויך ענטוויקעלט דיא קונסט פון פערצייכענען געדאנקען אין דער פארמע פון בילדער, פון געמאלענע היעראגליפען *), זיי האבען זאגאר געהאט א געוויסען זארט ביכער. אין דיעזער בעציהונג זיינען דיא אינקאס געוועזן פיעל רויהער, הגם אין געוויסע אנדערע זאכען האבען זיי איבערגעשטייגט דיא אצטעקען. זיי פלעגען פערצייכענען פאקטען דורך פערשיעדענע קניפלעך, וועלכע זיי האבען געמאכט אויף פעדים פון פערשיעדענע קאלירען. זייערער א „בוך“ איז בעשטאנען פון א צייל פארקניפטע פעדים.

אויף דיעזען ארט האבען ביידע דערמאנטע אמעריקאנישע פעלקער וויא־עס־איז איבערגעגעבען מעלדונגען פון דור צו דור.

קיין היסטאריע אין דעם העכערען זינן קען מען דאס אבער יעדענפאלס ניט רופען.

צו דעם אלעמען איז צו בעמערקען דאס פאלגענדע : דיא גאנצע קולטור פון דיא אצטעקען און פון דיא אינקאס, דיא האלבע ציוויליזאציאן, וועלכע זיי האבען דערגרייכט איידער דיא שפאניער האבען זיי ענטדעקט און בעזיעגט, איז שוין לאנג פערשוואונדען. אפילו דיא סליאדען, וועלכע דיענען אלס אן אנדענקען אן דיעזע אינטערעסאנטע קולטור, האבען זייערע קריסטליכע העררשער מייסטענס פארברענט און

*) זעה „היעראגליפען“ אין דער ביילאגע.

צושמעטערט. דער ענטוויקלונגס־גאַנג, וועלכער איז אין אַמעריקאַ פאָרגע־קומען זעלבסט־שטענדיג, גאָר אָהן שייכות מיט אונזער אַלטער וועלט, דער געזעלשאַפטליכער לעבען, וועלכער האָט דאָרטען געהאַלטען אין פונ־אַנדער־בליהען זיך, איז פּלוצלונג אָבגעהאַקט געוואָרען, אַזוי וויא מיט אַ שעער, דורך דעם וואָס אַהין זיינען אריינגעדרונגען ווייסע מענשען. מיט דער געשיכטע פון היינטיגער אמעריקא האָט דאָס אַלזאָ ניט צו טאָן.

דיא אייניקלעך פון די אינדיאַנער, וואָס דיא ערשטע שפּאַניער האָבען געפונען, זיינען איבערהויפּט היינט קליין אין צאָהל און האָבען קיין בעדייטונג ניט. גאַנץ אַמעריקאַ געפינט זיך איצט אין דיא הענט פון ווייסע, וועלכע זיינען אריבערגעקומען פון אייראָפּאַ מיט אַ פערטיגע ציוויליזאַציאָן. אָט זיי פיהרען יאָ אַ געשיכטליכען לעבען. זיי נעהמען אַנטייל אין דער אַלגעמיינער געשיכטע פון דער מענשהייט, און זייער היסטאָריע איז אַ צווייג, אַ פאָרטזעצונג פון דער היסטאָריע פון אייראָפּאַ.

דיא ענטדעקונג פון אַמעריקאַ איז דער ערשטער גרויסער אַקט אין דיעזער פאָרטזעצונג. דיא ענטדעקונג פון אַמעריקאַ איז אָבער אויך איינע פון דיא גרעסטע פּאַסירונגען אין דער געשיכטע פון אייראָפּאַ גופאַ; וואָרים זיא האָט אין איהר געשאַפען אַ ריעזיגע ענדערונג, — אַ גאַנץ נייע ריכטונג איהר געגעבען.

דיא „קיימברידזשער מאָדערנע היסטאָריע" פאַנגט זיך אָן מיט דיא פאָלגענדע ווערטער: „דער וויכטיגסטער פון אַלע צייכענס, וועלכע דיענען אַלס גרענעץ צווישען מיטעל־אַלטער*) און מאָדערנע צייטען איז קאָלומבוס׳עס ענטדעקונג פון אַמעריקאַ אין 1492." און אַזוי אונגעפעהר קוקען אויף דעם אַנדערע היינטיגע היס־טאָריקער אויך, הגם פריהער האָט מען דאָס ניט פערשטאַנען און אפילו היינט פערשטעהען דאָס אויך ניט אַלע.

---

*) די וועלט־געשיכטע ווערט צוטיילט אויף דריי טייל: די אלטע גע־שיכטע, די מיטעלע און די נייע. די מיטעלע נעהמט אַרום א יאָהר טויזענד אונגעפעהר — פון דעם 5־טען יאהר־הונדערט ביז דעם 15־טען. (מעהר וועגען דעם וועט דער לעזער געפינען ווייטער). דיעזע טויזענד יאָהר הייסען דעריבער „מיטעלע יאהר־הונדערטע", אָדער „מיטעל־אלטער".

קאַרל מאַרקס און פריעדריך ענגעלס ווייזען אָן אויף די ענטדעקונג פון אַמעריקאַ אַלס איינע פון דיא הויפּט־אורזאַכען, וועלכע האָבען די הערשאַפט איבער דער וועלט אַוועקגענומען ביי דעם פּריצים־קלאַס און איבערגעגעבען צו דעם געשעפטס־מאַן, דעם פאַבריקאַנט, דעם קאַפּיטאַליסט; זיי צייגען אויף דעם אָן אַלס אַן אורזאַכע, וועלכע האָט אומגעוואַנדעלט דעם עקאָנאָמישען לעבען פון אייראָפּאַ, און דורך דעם אויך איהר פּאָליטישע און גייסטיגע עקזיסטענץ, — אַלס אַן אורזאַכע, וועלכע האָט איבערגעביטען דיא גאַנצע פיזאָנאָמיע פון דער ציוויליזירטער געזעלשאַפט. אַלס אַ צווייטען פאַקט וועלכער האָט געפיהרט צו דעם זעלבען ציעל, דערמאָנט מאַרקס און ענגעלס דיא ענטדעקונג פון אַ וועג צו אינדיען אַרום אַפריקאַ. אָבער טאַקי דורך דעם וואָס מען האָט געזוכט אַזאַ וועג, איז דאָס אַרויסגעקומען דיא ענטדעקונג פון אַמעריקאַ; דיא צוויי אויפטהואונגען זיינען אזוי אייגג צוזאַמענגעוואַקסען, אַז מען קען ניט פערשטעהן איינע אָהן דער אַנדערער. מיר וועלען זיך אין דיעזען בוך דעריבער בעשעפטיגען מיט ביידע.

דאָס אַלץ איז פאָרגעקומען אין דעם 15טען יאָהר־הונדערט.

עס איז וויכטיג אַז דער לעזער זאָל אין זיין געדאַנקען צוערשט האָבען אַן אַלגעמיינעם בילד פון דער צייט וועגען וועלכער דאָ האַנדעלט זיך, און פון דיא אומשטענדען וועלכע האָבען אַרויסגערופען דעם איבערגאַנג פון דער אַלטער וועלט צו דער נייער, אין דעם דאָפּעלטען זינן אין וועלכען מיר ברויכען דעם אויסדרוק. אַזאַ בילד וועט ער געפינען, האָפען מיר, אין דיעזען און אין די צוויי פאָלגענדע קאַפּיטלעך.

דער צענטער פון אייראָפּעאישע ציוויליזאציאָן, פון מסחור און פון בילדונג, איז דאַן געווען איטאַליען, הויפּטזעכליך די איטאַליענישע שטעדט ווענעציע, גענואַ, פּיזאַ, פלאָרענציע, מילאַן, ניט רעכענענדיג רוים, די הויפּט שטאָדט פון דער קאַטוילישער רעליגיאָן, דיא אַלטע רוים, וועלכע איז אַמאָל געווען דיא העררשערין פון דער וועלט.

מיר גיבען דאָ אַ לאַנד־קאַרטע, אויף וועלכע דער לעזער קען זעהן איטאַליען. ער וועט בעמערקען, אַז זיא ליגט אין דעם מיטעלענדישען ים.

אונזער צוועק איז אָבער ניט דוקא דאָס. מיר דרוקען דאָ דיא קאַרטע הויפּטזעכליך ווייל מיר ווילען אָנווייזען אויף דעם פאַקט, אַז


דער מיטעל־לענדישער ים
און
די ארומיגע
לענדער
ענגלאנד
אטלאנטישער אקעאן
דייטשלאנד
פראנקרייך
שפאניען
מארסעל
רוים
גריכענלאנד
שווארצער ים
קליין אזיע
מיטעללענדישער ים
אלעקסאנדריא
קאירא
גיבראלטאר שטראסע
מאראקא
אפריקא
אזיע

אין דיעזען מיטעללענדישען ים און ארום איהם געפינען זיך אלע לענדער, אין וועלכע עס איז אויסגעארבייט געווארען דיא אייראפעאישע ציוויליזאציאן. פון זיי איז זיא דערנאך פערשפרייט געווארען, אבער דארטען האט זיא זיך אנגעפאנגען און דערגרייכט א הויכע שטופע איידער אנדערע לענדער האבען דורך זייער איינפלוס פון זיך אראבגע־ווארפען דעם האלב־ווילדען צושטאנד. דארטען איז דער קוואל, פון וועלכען זיא האט זיך צוגאסען איבער דער גאנצער וועלט. היינט רופט מען דאס געוועהנליך „די מערב ציוויליזאציאן", ווארים דיא וויכטיג־סטע לענדער אין אינדוסטריע און בילדונג זיינען היינט דיא, וואס ליגען ביי'ן מערב פון אייראפא: דייטשלאנד, פראנקרייך, ענגלאנד, בעל־גיום. אהין איז אבער דיא ציוויליזאציאן געקומען פון ארום דעם מיטעללענדישען ים; און ווען מיר וועלען האלטען ביי'ן ענד פון דיע־זען בוך, וועלען מיר זעהן, אז דער ציוויליזאציאנס־צענטער האט אהין אריבער „געמופט" טאקע דורך דער ענטדעקונג פון אמעריקא.

מיר האבען געזאגט, אז אין דעם 14־טען און 15־טען יאהר־הונדערט איז איטאליען געווען דיא וויכטיגסטע לאנד אין אייראפא. נאך א פיעל גרעסערע ראלע האט זיא געשפיעלט מיט טויזענד יאהר פריהער, אין דער צייט פון דעם אלטען רוים.*) דיא אלטע רוימער

---

*) ווען מען רעדט וועגען יענע צייטען, מיינט מען מיט דעם נאמען רוים ניט בלויז דיא שטאדט, וויא היינט, נור אויך דיא גאנצע לאנד. דאס איז דער פעריאד, אין וועלכען עס פאנגט זיך אן אונזער היינטיגע צייט־רע־כענונג — דאס הייסט, ווען — וויא דיא קריסטליכע רעליגיאן דערצעהלט — ס'איז געבארען געווארען יעזוס קריסטוס. אום דער לעזער זאל האבען נאך א פאר צייכענס וועגען דיעזע צייטען, וועלען מיר איהם דא אויפמערקזאם מא־כען אויף אייניגע פאסירונגען פון דער אידישער געשיכטע, וועלכע געהערען צו דעם זעלבען פעריאד, אונגעפעהר. דיא חשמונאים האבען איינגענומען ירושלים און בעפרייט דעם בית המקדש (דער „נס פון חנוכה") 165 יאהר פאר דעם געבורט פון קריסטוס. שפעטער זיינען דיא אייניקלעך פון דיא חשמונאים בעזיעגט געווארען פון דיא רוימער און ירושלים איז ארונטערגע־פאלען אונטער דער הערשאפט פון רוים, וויא פיעלע אנדערע שטעדט און לענ־דער. נאך שפעטער — 70 יאהר נאך דעם געבורט פון קריסטוס — האבען דיא אידען געמאכט אן אויפשטאנד געגען רוים; איז געקומען דער רוימישער

האָבען געבויט פּרעכטיגע גרויסע פּאַלאַצען, טעמפּלען, מאָנומענטען, וואונדערבאַרע וואַסער־לייטונג, טהעאַטערס, צירקען. זיי האָבען געהאַט אַ מערקווירדיגע אַרמיי, אַ הויך־ענטוויקעלטע יוריספּרודענץ, גרויסע שרייבער, קינסטלער, געלעהרטע. רוים האָט אָבער איהר בילדונג מייס־טענס ניט אַליין ענטוויקעלט, נור איהר גענומען ביי די אַלטע גריכען.

די לעצטע האָבען דערגרייכט אַ הויכע קולטור־מדרגה נאָך מיט פיער, פינף הונדערט יאָהר פאַר קריסטוס׳עס געבורט, ווען זיי האָבען געהאַט די וואונדערליכסטע סקולפּטור, וואָס די וועלט האָט ווען עס איז געזעהן, צו פריהער צו שפּעטער. די אייניגע גריכישע קונסט־ווערק וואָס זיינען איבערגעבליבען פון יענע דורות זיינען ביז היינטיגען טאָג די העכסטעביישפּיעלען פון קינסטלערישע שעפּפונג. די גרעסטע שטיין־שניצער פון אונזער צייט סמייען אפילו ניט צו טרוימען פון שאַפּען אַזעלכע ריאַלע און אַזעלכע צויבעריך־שעהנע מענשען־פיגורען. אויך האָבען זיי געהאַט גרויסע פּאָעטען, דראַמאַטורגען. אויך גרויסע מאַטהעמאַטיקער. די געוועהנליכע געאָמעטריע, צום ביישפּיעל, פיליכט די וויכטיגסטע פון אַלע מאַטהעמאַטישע וויסענשאַפטען, ווערט עד היום געלערענט אין אונזערע גימנאַזיעס, הויך־שוהלען, קאָ־לעדזשעס פּונקט וויא זיא איז איבערגעבליבען פון די אַלטע גריכען. אויך האָבען זיי געהאַט גרויסע פילאָזאָפען, אַסטראָנאָמען, וויסענ־שאַפטליכע געאָגראַפען.

די וויסענשאַפט אין אַלגעמיין איז אין אונזער צייט אַ סך ווייטער געגאַנגען. די קונסט (מיט דער אויסנאַהמע פון סקולפּטור) אפשר אויך. ליטעראַטור און מוזיק אודאי. אין מעכאַנישע ערפינדונגען האָט די וועלט געוויס ווייט־ווייט איבערשטייגט די אַלטע גריכען. זיי האָבען אָבער געבויט דעם פונדאַמענט, — און אַ סך מעהר וויא דעם פונדאַ־מענט — פון אונזער היינטיגער קולטור; און פיעלע פון די זאַכען וואָס זיי האָבען איבערגעלאָזען וועלען אויף אייביג פערבלייבען צווישען די וואונדערבאַרסטע מוסטערן פון דער מענשהייט׳ס גייסטיגער מאַכט.

דיעזע מערקווירדיגע גריכענלאַנד ליגט אויף אין דעם מיטעל־לענדישען ים.

---

קיסר, טיטוס „הרשע“, און האָט חרוב געמאַכט ירושלים מיט דעם צווייטען בית המקדש. (תשעה באב).

נאך א סך פריהער וויא אין גריכענלאנד איז דיא קולטור געווען ענטוויקעלט אין עגיפטען. ארום דריי טויזענד פינף הונדערט יאהר פאר קריסטוס'עס געבורט און מסתמא נאך פריהער, האבען דיא עגיפּ־טער שוין בעארבייט דיא ערד, געוועבט איידעלע לייוועטענע און וואָ־לענע מאטעריעס; געשמאלצען בראנז, גאלד און זילבער; געמאכט בראנזענע שווערדע. שפיעזען, אינסטרומענטען, טעפּ, וואזעס, שעהנע רייכע קליידער; אויסגעהאקט שטיינערנע פיגורען, געמאלען בילדער; געהאט אן ענטוויקעלטע ארכיטעקטור, געבויט טעמפּלען, פּאלאצען, ריעזיגע מאנומענטען; געשריעבען מיט היעראגליפען און געהאלטען נאהענט ביי'ן אלף בית; געשפּיעלט אויף הארפען; ארגאניזירט אינ־טערעסאנטע רעליגיעזע פּראצעסיעס, געהאט אן אנהויב פון אסטראָ־נאמיע און פון מאטהעמאטיק. דיא גריכען און דיא אידען, למשל, זיינען נאך דאן געווען ווילד. אויך איז די פיניקיאישע קולטור עלטער וויא דיא גריכישע. הגם זיא איז פיעל אינגער וויא דיא עגיפטישע. די פיניקיער האבען דאס פערפאלקאמט דיא סיסטעם פון שרייבען מיט אן אלף בית, וועלכע האט ביי זיי ארויסגעשטאמט פון דיא עגיפּ־טישע היעראגליפען, און וועלכע ביי זיי האבען איבערגענומען דיא אי־דען, דיא גריכען און אנדערע פעלקער. (זעה ביילאגע). דיעזע פיניקיער זיינען געווען א מערקווירדיגער האנדעלס־פאלק. זיי האבען געפיהרט געשעפטען מיט וויימע לענדער; און דעריבער האבען זיי זעהר פריה זיך אויסגעלערענט בויען שיפען. און אזוי ווי ביי'ן פאהרען איבער'ן ים איז זיי געווען נויטיג צו בעאבאכטען דיא שטערען אויפ'ן הימעל, אום צו וויסען, וואו דיא שיף געפינט זיך, האבען זיי ענטווי־קעלט דיא אסטראנאמיע. און אפילו דיא קונסט פון שרייבען מיט אן אלף בית האבען זיי אויך ערפונדען, גלויבט מען, דורך זייערע האנ־דעלס־בעדירפניסע: אהן דעם איז זיי שווער געווען צו פערשרייבען זייערע געשעפטס־רעכנונגען.

די גריכען האבען אלזא פיעלעס געלערענט ביי דיא עגיפטער און ביי די פיניקיער. אפילו אין דעם 6־טען יאהר־הונדערט פאר קריס־טוס'עס געבורט האבען דיא עגיפּטער אויף זיי געקוקט וויא אויף קליינע קינדער. דאך האבען דיא גריכען באלד זיי אלעמען אזוי וויט ארי־בערגעשטייגט, אז די עגיפטער און דיא פיניקיער זיינען געגען זיי שוין געווען וויא קליינע קינדער. אבער יעדענפאלס ליגט דאך עגיפּטען און

פיניקיען אויף ביי'ן מיטעל־לענדישען ים, און דאָס איז דער עיקר צו אונזער ענין.

דיא גריכישע ציוויליזאציאָן האָבען זיך אָפּגעלערענט דיא רוימער, וועלכע האָבען דיא גריכען איינגענומען, און זיי, וויעדער, האָבען איהר פערשפּרייט צווישען דיא אַנדערע פעלקער, וואָס זיי האָבען בעזיעגט.

ביי דיא אידען האָבען דיא רוימער גענומען זייער רעליגיאָן. קריסטוס איז געווען אַ איד, און דער קריסטענטהום איז געגרינדעט געוואָרען אין פּאַלעסטינא, און ניט אַלס אַ נייע אמונה, נור אַלס אַ „פּאַרבעסערונג“ פון דער אידישער אמונה. איבערהויפּט, ווערט אַנער־קענט, אַז אויב דיא גריכען האָבען דער וועלט געגעבען בעגריעפע פון מאַטעריעלע שעהנקייט, האָבען דיא אידען איהר געגעבען אידעאַלען פון מאָראַלע שעהנקייט. און דיא אידען האָבען דאָך אויך געוואוינט לעבען דעם מיטעללענדישען ים. (זעה אויף דער קאַרטע ירושלים).

דיא רוימישע אימפּעריע האָט איהר גרעסטען שטח דערגרייכט אין דעם יאָהר 115 (נאָך קריסטוס'ס געבורט). זיא האָט ארומגענומען אַלע לענדער, וואָס זיינען געלעגען ארום דעם מיטעללענדישען ים—דיא היינטיגע איטאַליען, גריכענלאַנד, פּאַלעסטינא, קליין־אזיען, רומעניען, בולגאַריען, אייראָפּעאישע טערקיי, אַ טייל פון עסטרייך, שווייץ, פראַנק־רייך, שפּאַניען און פּאָרטוגאַל, און דעם גאַנצען צפון־ברעג פון אפריקא. אַ חוץ דעם האָט צו איהר געהערט ענגלאַנד און אייניגע אַנדערע לענדער, וועלכע ליגען ווייטער. זיא האָט דאָס דעם דערמאָנטען ים ארומגע־רינגעלט פון אַלע זייטען. און איבער דיזע אַלע לענדער האָבען דיא רוימער פערשפּרייט דיא רוימישע — דאָס הייסט אייגענטליך דיא גריכישע — קולטור.

ווען דיא מאַכט פון רוים (אין דעם 4טען און 5טען יאָהר־הונדערט נאָך קריסטוס'עס געבורט) איז געפאַלען, ווען אין איהר אימפּעריע האָבען אַריינגעדרונגען דייטשע אָדער גערמאַנישע פעלקער, איז איהר ציוויליזאַציאָן פערהאַלטען געוואָרען און זאָגאַר געגאַנגען ריקווערטס. דיעזע האַלב־ווילדע האָבען פיעלעס פון דעם אַלטען רוים פערניכטעט און צושטערט. ניט זייענדיג געוואָהנט צום שטאָדט־לעבען האָבען זיי דאָס רוב רוימישע שטעדט אָבגעמעקט אָדער געלאָזען פערדאַרבען. דאָס זעלבע איז געווען מיט דיא מערקווירדיגע רוימישע וועגען, וועלכע האָבען פערבונדען פערשיעדענע שטעדט און געגענדען. דער פערקעהר

איז פערהאַלטען געוואָרען. עס איז אָנגעקומען דער פינסטערער מיטעל־אַלטער.

אַלץ אָבער האָבען דיא גערמאַנען ניט פערניכטעט. זיי אַליין האָבען אויך ביסלעך־ווייז זיך אָבגעלערענט דיא רוימישע מנהגים מיט דער רוימישער קולטור. זיי האָבען זיך דורכגעמישט מיט זייערע בעזיעגטע רוימער און אַזוי זיינען אַרויסגעקומען נייע נאַציאָנען: דיא איטאַליענישע, דיא פראַנצויזישע און אַנדערע. דיא הויך־ענטוויקעלטע שפּראַך פון דיא אַלטע רוימער — ליטיין — האָט זיך דורכגעמישט מיט דיא פערשיעדענע גערמאַנישע לשונות און אויף דיעזען אָרט זיינען געבאָרען געוואָרען דיא היינטיגע שפּראַכען: איטאַליעניש, שפּאַניש, פּאָרטוגעזיש, פראַנצויזיש, וועלכע זיינען אַלע עד היום זעהר ענליך צו ליטיין.*)

עס איז אוועק יאָהר־הונדערט נאָך יאָהר־הונדערט. דורך פער־שיעדענע אורזאַכען האָבען וויעדער אָבגעלעבט אייניגע פון דיא איינגע־שרומפּטע אַלט־רוימישע שטעדט אין דיא לענדער, וואָס האָבען אַמאָל בעלאַנגט צו דער רוימישער אימפּעריע; אויך זיינען אויפגעוואַקסען נייע שטעדט. דורך אַ רייהע פון געוויסע אומשטענדען, אייניגע פון וועלכע מיר וועלען דערמאָנען אין דעם נעכסטען קאַפּיטעל, האָט זיך פערגרעסערט דער פערקעהר צווישען דיא מענשען אין דיא איינצעלנע לענדער און צווישען דיא איינוואָהנער פון איין לאַנד און דעם אַנדערען. עס איז אויפגעוואַקסען דער האַנדעל, דיא מלאכות. עס האָבען אויפ־

*) ענגליש איז איינע פון דיא גערמאַנישע שפּראַכען, ווארים דיא ענג־לענדער האָבען אויף דעם אינזעל, וואו זיי וואוינען היינט, עמיגרירט פון דייטשע לענדער. שפּעטער אָבער איז ענגלאַנד איינגענומען געוואָרען פון נאָרמאַנדיע, וועלכע איז איצט א טייל פון פראַנקרייך. דאָס איז געווען אין דעם 11־טען יאהר־הונדערט (נאָך קריסטוס). דיא נאָרמאַנען האָבען שוין דאַן גערעדט פראַנצויזיש און מיט דער צייט איז זייער לשון אין ענגלאַנד ארויס־געמישט געוואָרען אין דיא אלטע ענגליש. אויף דיעזען ארט זיינען צו דער ענגלישער שפּראַך צוגעגעבען געוואָרען פיעלע ווערטער, וועלכע שטאַמען פון ליטיין. „סאטיספאַקשאָן“, צום ביישפּיעל, קומט ארויס פון צוויי ליטיינישע ווערטער: סאטיס (גענוג) און פאקטום (געטאָן) — גענוג־טהואונג, צופריע־דען־שטעלונג.

געבליהט רייכע שטעדט — פריהער אין איטאַליען, און נאכהער אויך אין דיא הייגטיגע בעלגיען, פראנקרייך, דייטשלאַנד, האָללאַנד, ענגלאַנד, שפאַניען. דורך דעם איז אויך געוואַקסען דער געזעלשאַפט־ליכער און גייסטיגער לעבען.

ווען עס זיינען פאָראיבער ביי טויזענד יאָהר נאָך דעם וויא רוים איז געפאַלען, איז אייראָפּא שוין געווען ווידער אויפגעוואכט. ביסלעך־ווייז האָט מען זיך ווידער גענומען צו דער ליטעראַטור און קונסט פון דיא אַלטע גריכען און רוימער. עפּעס אַזוי וויא פאַר דיא טויזענד יאָהר וואָלט די אַלטע גריכיש־רוימישע ציוויליזאַציאָן געווען פערפלייצט פון דיא האַלב־ווילדע גערמאַנישע פעלקער, וועלכע האָבען אריינגעשטראָמט אין דער רוימישער אימ־פּעריע, און ענדליך האָט דאָס פערפלייצטע, פערשוואונדענע צוריק אויף דער ווייסער וועלט ערשיענען. אין אַלגעמיין מאַכט דאָס טאַקי אַזאַ איינדרוק. אין אמת׳ן אָבער קען מען אַזוי ניט זאָגען. ערשטענס האָבען דיא גערמאַנען ביז אַ געוויסען שטאַפּעל איבערגענומען דיא ציוויליזאַציאָן פון דיא רוימער, וועלכע זיי האָבען בעזיעגט; צווייטענס זיינען זיי אַליין אויך ניט געשטאַנען אויף אַן אָרט; הגם פון אָנפאַנג האָבען זיי דיא רוימישע קולטור פיעל מעהר צושטערט וויא איבערגענומען. אַ געוויסער זאָרט ענטוויקלונגס־גאַנג איז פאָרגעקומען אפילו אין דיא פינסטערסטע יאָהר־הונדערטע פון דעם מיטעל־אַלטער.

וויא דיא מעשה איז, — ארום נייך־הונדערט, טויזענד יאָהר נאָך דעם פאַל פון רוים, אין דעם 14־טען און 15־טען יאָהר־הונדערט איז איטאַליען שוין ווידער געווען ענטוויקעלט גענוג אָפּצושעצען דיא שעהנהייט פון דיא אַלטע קונסט־ווערק, ליטעראַטור און וויסענשאַפט. זיא האָט אָנגעפאַנגען צו ענטוויקלען אַן אייגענע ליטעראַטור און אַן אייגענע קונסט. זיא האָט אויסגעארבייט אַ מערקווירדיגע אַרכיטעקטור, מערקווירדיגע מאַהלעריי און סקולפּטור. און איטאַליען איז ניט געווען דיא איינציגע. אַנדערע לענדער — שפּאַניען און פּאָרטוגאַל, פלאַנדערן (בעלגיום), האָלאַנד, פראנקרייך, דייטשלאַנד—האָבען ביסלעך־ווייז מיט איהר מיט־מארשירט אויף דיזען וועג פון דעם נייעם פּאָרטשריט. איטאַליען איז אָבער געווען דיא וועג־ווייזערין. וואָרום? טיילווייז וועיל נאָך אַלעמען איז זי דאָך דיא אַמאָליגע רוים. אָבער דאָס איז ניט אַלעס.

דער עיקר איז דער פאַקט, אַז צוליעב איהר לאַגע אין רעכטען מיטען פון דעם מיטעללענדישען ים האָט זיא, וויא מיר וועלען זעהן וויטער, געהאַט דיא בעסטע געלעגענהייטען הויך צו ענטוויקלען איהר האַנדעל. זיא איז געוואָרען דיא פערמיטלערין צווישען אייראָפּאַ, אַפּריקאַ און אַזיען — דיא דריי וועלט־טיילען, וועלכע ליגען אַרום דעם מיטעללענדישען ים. איהר גרויסער מסחור האָט איהר געמאַכט רייך און שטאַרק און דורך דעם איז אויך געקומען איהר גייסטיגער וואוקס.

צום ביישפּיעל: איהרע האַנדעלס־שיפען האָבען זיך גענויטיגט אין לאַנד־קאַרטען און אין אַסטראָנאָמישע אויסרעכענונגען; אזוי איז ביי איהר ענטוויקעלט געוואָרען דיא קונסט פון קאַרטאָ־גראַפיע — פון מאַכען קאַרטען,*) און זיא האָט געהאַט דיא בעסטע אַסטראָנאָמען און געאָגראַפען.

אַ גרויסע בעדייטונג האָט אויך געהאַט, וואָס דיא איטאַליענישע שטאָדט רוים איז געווען דער צענטער פון דער קאַטוילישער וועלט. דיא קאַטוילישע קירכע האָט אין מיטעל־אַלטער געהערשט איבער אַלע קאַטוילישע לענדער, ניט בלויז אַלס אַ רעליגיאָן נאָר אויך אַלס אַן אייזערנע רעגיערונג. דער פּאַפּסט פון רוים איז געווען דער העכסטער ריכטער פון אַלע דיזע לענדער, ניט נור אין רעליגיעזע פּראָצעסען, נור אויך אין פיעלע וועלטליכע „דין־תורות". ער האָט געזאַמעלט אונגעהייערע מאַסען ציגזען, אין פערשיעדענע פאָרמען, און דאָס אַלץ פלעגט פון דיא אַלע לענדער אַריינשטראָמען אין רוים.

דיא נייע קונסט האָט געדיענט דיא גרויסע מאַגנאַטען פון דיא גלענצענדע שטעדט, אָבער נאָך מעהר איז זיא געווען אָנגעווענדעט אויף דער קירכע. דיא מערקווירדיגע אַרכיטעקטור האָט זיך אַם בעסטען אַרויסגעוויעזען אין בויען קלויסטערס, קאַטהעדראַלען. דיא גרעסטע מאַהלערס האָבען געמאָהלען איקאָנעס, „היילגע" בילדער, ענטוועדער בעזונדער, אויף לייווענט, אָדער אויף דיא פענסטער און דיא ווענט פון דיא קירכען. ווען מען בעטראַכט דיזע פּרעכטיגע טעמפּלען און וואונדערבאַרע געמעלעכצען אָבערפלעכליך, זיינען זיי דיא פרוכט פון רעליגיאָן. דער גלחים־קלאַסס האָט אָבער פון זיי געהאַט פיעל גרעסערע

*) שפּעטער וועלען מיר זעהן, אַז קאָלומבוס און זיין ברודער האָבען עמיגרירט פון איטאַליען נאָך פּאָרטוגאַל אַלס קאַרטען־מאַכער.

נוצען וויא גאָט. אַ ריעזיגער הערליך־געבויטער קלויסטער, מיט געהיימניספולע הייכע געוועלבען און מיט טאַלאַנטפול געמאָלענע רעליגיעזע פיגורען, מאַכט אויף דעם אַבערגלויביגען אַ טיעפען איינדרוק; עס וואַרפט אויף איהם אַרויף אַן אימה און אַ צויבער. ער פיהלט זיך אַרומגערינגעלט מיט הימעל־סודות; ער איז דורכגעדרונגען מיט אַ „הייליגען" ציטער, און דיא גלחים קענען מיט איהם טאָן וואָס זיי ווילען. דיא קעניגע, דיא פירסטען און דיא רייכע סוחרים, פון זייער זייט, האָט זיך דיא הערשאַפט פון רעליגיאָן געלוינט ניט וויינינגער וויא דעם פאַפּסט מיט זיין אַרמיי פון פערשיעדענע גלחים. דיא קירכע האָט דיא פאָלקסמאַסען פאַרבונדען דיא אויגען, און דאַן האָט זיא, צוזאַמען מיט דיא אַנדערע הערשענדע קלאַססען, אויסגעראַמט זיינע קעשענעס.

איטאַליען איז געווען דיא רייכסטע לאַנד, אַלזאָ האָט זיא אויך געהאַט מעהר געלט אויף קירכען און אויף רעליגיעזע בילדער. אויף דיעזען אַרט איז ביי איהר פריהער ווי אַנדערסוואו הויך אויסגעוואַקסען דיא אַרכיטעקטור און די מאַהלעריי.

עס פערשטעהט זיך, דער קינסטלער וואָס האָט געבויט אַ פּרעכטיגע קירכע אָדער דער מאַהלער, וועלכער האָט געמאָלען „גאָט'ס מוטער", זיינען פאַר זייער אַרבייט בעגייסטערט געוואָרען — אַז ניט וואָלטען זיי ניט געקענט שאַפען קיין קונסט־ווערק. זיי זיינען בעגייסטערט געוואָרען, וויא פּאָעטען ווערען בעגייסטערט; צו זייער פּאָעזיע האָט אַרויסגעשטאַמט פון זייערע רעליגיעזע געפיהלע צו ניט — דאָס איז קיין נפקא מינא ניט. ריינע רעליגיעזע געפיהלע זיינען סיי ווי סיי פּאָעטישע געפיהלע. זיי שפּראָצען אַרויס פון איינבילדונגס־קראַפט; דער מענש שטעלט זיך פאָר אַ הימעל־וועלט; זיין פאַנטאַזיע טראָגט איהם אַוועק אין דיא געהיימניסע פון אַ גאָט מיט מלאכים, פון ערהאַבענע ניט־ערדישע וועזענס. ער טרוימט, דער רעליגיעזער מענש, און זיין טרוים, אויב ער איז ריין פון חשבונות, איז פּאָעזיע. אין אַזעלכע מינוטען פון פּאָעטישע בעגייסטערונג, שאַפט אַ קינסטלער אַ וואונדערבאַרען בילד פון אַ יעזוס, — פון אַ מענשען מיט אַ געטליכען פּנים, — דער מאַהלער אַליין קען זיין אַן אפיקורוס און ער קען זיין אַ גלויביגער. עס איז קיין אונטערשיעד ניט.

דיא אַרכיטעקטאָרען און מאַהלער, וועלכע האָבען געבויט דיא קאַטהעדראַלען און געמאַכט די רעליגיעזע בילדער, האָבען געקענט זיין

אמת רעליגיעזע מענשען; אָבער דער פאַקט פאַר זיך גענומען, אַז אין איטאַליען איז ענטוויקעלט געוואָרען די קונסט, — דיעזער פאַקט האָט הויפּטזעכליך געשטאַממט פון דעם, וואָס איטאַליען איז געווען אַ רייכע האַנדעלס־לאַנד און דער צענטער צו וועלכען עס האָבען גע־שטראָמט דעם פּאַפּסט׳ס צינזען. די קונסט האָט זיך געלוינט פאַר די הערשענדע קלאַסען, אַלס אַ קוואַל פון עסטעטישען גענוס, און אַלס מיטעל צו האַלטען די מאַסען אין צוואַנג. ווען מיר זאָגען דאָס מיינען מיר ניט, אַז טאַקי יעדער פירסט, קויפמאַן און גלח איז געווען אַ צבוע׳ק. ניין, פיעלע פון זיי זיינען מסתמא געווען עהר־ליכע, אויפריכטיגע מענשען, און אין דער קריסטליכער רעליגיאָן האָבען זיי כמעט אַלע געגלויבט מיט׳ן גאַנצען האַרצען, וואָרים אַ פריי־דיינקער איז דאַן איבערהויפּט געווען אַ גרויסע זעלטענהייט. דאָס האָט זיי אָבער ניט געשטערט צו פערשטעהן און, יעדענפאַלס, צו פיהלען, אַז די אינטערעסען פון הימעל און זייערע אייגענע ערדישע אינטע־רעסען געהען האַנט אין האַנט.

אָבער צו אַזוי, צו אַזוי — צוליעב דער קירכע אַזוי גוט ווי צוליעב דעם אויפגעלעבטען האַנדעל, איז אין דעם 14־טען און 15־טען יאָהר־הונדערט ענטוויקעלט געוואָרען די אייראָפּעאישע קונסט. און דאָס איז ניט די איינציגע גוטע זאַך, וואָס פון איהר איז ארויסגעקומען, — צו זיא האָט געמיינט גוטעס, צו שלעכטעס. וויא גרויס עס זאָל ניט זיין דער שאָדען, וואָס זיא האָט אָנגעטאָן; וויא שוידערליך עס זאָלען ניט זיין די מערדערייען און די אַנדערע פערברעכענס, וואָס זיא איז בעגאַנגען, — ווילענדיג אָדער ניט־ווילענדיג איז זיא געווען איינע פון די קרעפטען, וואָס האָבען מיטגעהאָלפען דעם פּראָגרעס, פונקט ווי זיא איז געווען איינע פון די טייפעלשע קרעפטען, וועלכע האָבען דעם פּראָגרעס געשטיקט. עס איז געווען אַ צייט, אין די ערשטע קאַפּיט־לעך פון איהר לעבען, ווען זיא איז געווען אַ גרויסע מאָראַלע מאַכט. און אפילו שפּעטער, אין דעם פּעריאָד פון איהר פינסטערסטער און בלוט־טיגסטער הערשאַפט, האָבען אויך איהרע גלחים ניט זעלטען געדיענט דער וויסענשאַפט. אין מיטעל־אַלטער איז דער געבילדעטער קלאַסס הויפּטזעכליך בעשטאַנען פון די געבילדעטערע גלחים, הגם די מאַסע גייסטליכע האָט אַ לאַנגע צייט קוים געקענט שרייבען. זיי האָבען געשריעבען די ביכער איידער מען האָט ערפונדען די בוכדרוקערייע

(אין 1440) און זיי זיינען הויפּטזעכליך אויך געוועזען דיא לעזער. אמת זיי פלעגען אָפּט אָבסקראָבען דיא טייערסטע אַלטע שריפטען — ליטע־ראַרישע אָדער וויסענשאַפטליכע — אום דעם זעלבען פּאַרמעט צו פערשרייבען מיט אַלערליי מעשות וועגען ניסים, אָדער מיט דיא פּלפּולים און „סתרי תורה“ וועגען דעם ווילדעסטען אַבערגלויבען; אמת אוים זייערע אייגענע מאַטעריעלע אינטערעסען האָבען זיי מיט אַזיאַטישע רציחות פערפאָלגט דעם קלענסטען שפּור פון אַ פרייען געדאַנק און האָבען מיט אַלע כחות פערשפּרייט אַ גייסטייגען חושך. עס איז אָבער אויך אמת, אַז צו דער זעלבער צייט זיינען מאַנכע גלחים, ווערדליג יענע דורות, געוועזען טיעף געלעהרטע מענשען, און האָבען ביי־געשטייערט צו דעם וואוקס פון קענטנים. אייניגע פון דיעזע גלחים זיי־נען געוועזען גרויסע דענקער, וויא טהאָמאַס אַקווינאַס, צום ביישפּיעל, וועלכער האָט געלעבט ביי דעם ענד פון דעם 13־טען יאָהר־הונדערט. זיי זיינען געוועזען בע'הבן'ט אין דיא פילאָזאָפישע און וויסענשאַפט־ליכע ווערק פון דעם אַלט־גריכישען פילאָזאָף אַריסטאָטעל. אַי אַריס־טאָטעל'ס געדאַנקען האָבען וויעדערשפּראָכען דיא לעהרען פון דער קריסטליכער רעליגיאָן, האָט אַקווינאַס, צום ביישפּיעל, געזוכט דאָס צו פערענטפערען מיט פערשיעדענע פשט'לעך; אָבער אויף דיעזען אַרט האָט ער אויך יעדענפאַלס געמאַכט אַ וועג פאַר ליכט.

אַ גרויסע בעדייטונג האָבען דיא גלחים אויך געהאַט דורך דעם, וואָס זיי האָבען אויפגעהאַלטען דיא שפּראַך פון דיא אַלטע רוימער — ליטיין. זיי האָבען דאָס געטאָן, ווייל ליטיין איז געוועזען דיא שפּראַך אויף וועלכע דיא תפלות זיינען געזאָגט געוואָרען, דיא שפּראַך אין וועלכע דיא ביבעל איז איבערזעצט פאַר דער קאַטוילישער וועלט, דיא שפּראַך, אויף וועלכע דער קריסטענטהום איז פון רוים פאַרשפּרייט געוואָרען איבער אַנדערע לענדער. יעדער קאַטוילישער גלח מוז קענען ליטיין. ליטיין איז אָבער אויך דער לשון, אויף וועלכען עס זיינען געשריעבען געוואָרען דיא ווערק פון דיא אַלטע רוימער, און קיין איבער־זעצונגען אויף לעבעדיגע לשונות זיינען נאָך ניט געוועזען, סיידען אויף אַראַביש; דיא גלחים האָבען אַלזאָ געקענט לעזען דיעזע ביכער. גרויסע מאַסען פון זיי זיינען אפילו געוועזען זעהר אונוויסענד, אָבער ליטיין האָבען זיי געמוזט קענען. אום זיי זאָלען גוט איינשטודירען דיעזע „הייליגע“ שפּראַך, האָט דיא קירכע

מיט דער צייט גענומען גרינדען שוהלען, און אוניווערסיטעטען, וואו זיי האָבען געלערענט דיא ליטעראַרישע ווערק פון דעם אַלטען רוים. קיין רעליגיעזע קריסטליכע ביכער האָבען דיא גרויסע אַלט־רוימישע דיינקער ניט געשריעבען, אייגפּאַך ווייל אין זייער צייט האָט נאָך דער קריסטענטהום ניט עקזיסטירט, אָדער יעדענפאַלס ניט געווען פער־שפרייט. זיי זיינען נאָך אַליין קיין קריסטען ניט געווען. לערנען ליטיין האָבען דיא גלחים דעריבער געמוזט אין וועלטליכע ליטיינישע ביכער. און אויף דיעזען אַרט זיינען מעהרערע פון זיי בעקאַנט געווען מיט דער רוימישער ליטעראַטור, און געדיענט אַלס דיא היטער פון דער אַלטער וויסענשאַפט און פּאָעזיע.*)

דיא בוכדרוקעריי איז אויך ענטוויקעלט געוואָרען דורך דער קירכע: דיא ערשטע ביכער זיינען געווען רעליגיעזע ביכער, פּונקט וויא דיא שעהנסטע געביידעס און דיא וויכטיגסטע בילדער זיינען געווען רעלי־גיעזע. אָבער באַלד האָט מען אויך גענומען דרוקען וועלטליכע ווערק, — ליטעראַרישע און וויסענשאַפטליכע.

דיא ערשטע אוניווערסיטעטען זיינען אויך הויפּטזעכליך געווען פערבונדען מיט דער קירכע. אָבער אַ חוץ טהעאָלאָגיע, „גאָט־וויסענ־שאַפט", האָט מען אין זיי געלערענט וועלטליכע וויסענשאַפטען.

דיא קירכע. וועלכע איז געווען דיא פינסטערסטע מאַכט, איז אַלזאָ צו דער זעלבער צייט, דורך איהרע מאַטעריעלע אינטערעסען, אויך געווען

---

*) ליטיין איז אין מיטעלאַלטער איבערהויפּט געווען דיא שפּראַך פון דער אינטעליגענטער וועלט. בריעף פלעגען מייסטענס געשריעבען ווערען אויף דער שפּראַך פון דעם אַלטען רוים; עס איז געווען אַזוי וויא לשון קדש ביי אונזערע אידען ביז נאָך גאָר ניט לאַנג צוריק, ווען אידיש פלעגען שרייבען בלויז ווייבער און מאַנסבילען עם־הארצים. דער וואָס איז נור געווען אַ שטיקעל יודע ספר, פלעגט שרייבען לשון קדש, צו גוט, צו שלעכט. אַזוי איז געווען מיט ליטיין אין מיטעל־אַלטער. דאָס געשריעבענע וואָרט איז געווען געגרעכענט צו וויכטיג אום מען זאָל פאַר איהם ניצען די לשונות פון דעם וואָכעדיגען לעבען. אַלץ איז געשריעבען געוואָרען אין ליטיין. מיר וועלען דעריבער זעהען, אז דיא בריעף, וועלכע קאָלומבוס האָט ערהאַלטען און וועלכע ער האָט אַליין געשריעבען, זיינען געווען אין דיעזען „לשון קדש" פון דעם קריסטליכען מיטעל־אַלטער (און פון דער קאַטהאָלישער קירכע עד היום).

א קוואַל פון פּאָרטשריט אין קונסט און אין וויסענשאַפט. זיא האָט אַליין געהאָלפען גראָבען איהר אייגענעם קבר.

דיא צייט, ווען אייראָפּאַ האָט ווידער אָנגעפאַנגען זיך צו אינטערעסירען מיט דער ליטעראַטור און קונסט פון דיא אַלטע גריכען און רוימער, האָט מען א נאָמען געגעבען ר ע נ י י ס אַ נ ס.

דער וואָרט בעדייטעט נייער געבורט, ווידער־געבורט. דאָס הייסט, אַז עס זיינען ווידער געבאָרען געוואָרען דיא לאַנג־טויטע קונסט, ליטעראַטור און וויסענשאַפט, אַז זיי זיינען תחית המתים אויפגעשטאַנען. דיא בעגייסטערונג פאַר דיא אַלטע רוימישע און גריכישע שריפטען איז געוועזען אַזוי גרויס, אַז פיעלע מענשען האָבען אַרומגערייזט איבער דיא אַלטע קלויסטערס פון פערשיעדענע לענדער, ליידענשאַפטליך זוכענדיג דיעזע פערגעסענע ליטעראַרישע אוצרות. צו זיין א ק אָ ל ע ק ט אָ ר, א זאַמלער פון אַזעלכע שריפטען, איז געוואָרען דיא מאָדע ביי דיא רייכסטע אַריסטאָקראַטיע. אָט דיעזע אויפגעלעבטע בעגייסטערונג פאַר דיא ווערק פון רוים און גריכענלאַנד האָט מען הויפּטזעכליך געמיינט מיט דעם וואָרט „רענייסאַנס“.

אין אמת׳ן אָבער האָט דער וואָרט א פיעל טיעפערען און ברייטערען פּשט. ניט בלויז דיא בילדונג און קונסט פון דיא אַלטע גריכען און רוימער האָט אויפגעלעבט. דאָס איז געוועזען בלויז איין ערשיינונג פון פיעלע, וועלכע האָבען אַרויסגעשפּראָצט פון נייע עקאָנאָמישע בעדינגונגען. עס האָט זיך גענומען ענטוויקלען א נייע קראַפט: דער שטאָדטמאַן — דער ווערק־מייסטער, דער סוחר. עס איז אויסגעוואַקסען דער פּערקעהר, דער האַנדעל. די שטאָדט און די נייע בעדינגונגען האָבען געשאַפען א נייעם גייסט. דיא גאַנצע מענשהייט איז אַזוי וויא ניי־געבאָרען געוואָרען. ווען מענשען לעבען אָבגעזונדערט, אין דערפער, קען דער גייסט זיך ניט צושפּרייטען. א הויכע ציוויליזאַציאָן איז א שטאָדט־קינד.

די רייכע ענטוויקעלטע איטאַליענישע האַנדעלס־שטעדט פון דעם 14־טען און 15־טען יאָהר־הונדערט האָבען זיך אַלזאָ בענוצט מיט דעם וואָס דיא אַלטע גריכען און רוימער האָבען אויפגעטאָן; זיי זיינען אָבער אין אייניגע זאַכען אַוועק ווייטער וויא זיי. זיי און אַנדערע לענדער פון יענער צייט האָבען אויפגעטאָן וויכטיגע נייעסען, פון וועלכע

דיא אלטע חכמים האט זיך אפילו ניט געטרוימט.

בוכדרוקעריי האבען מיר שוין דערמאנט. אויך האט מען דאן גענויער אלגעמיין געברויכען דעם קאמפאס.*) אויך זיינען דאן ערפונדען געווארען ברילען, פולווער און א מיטעל צו שמעלצען אייזען און פון דעם אויסצוגיסען פערשיעדענע זאכען — א נייעס, וועלכע האט געהאט א גרויסע בעדייטונג. צו דעם רענייסאנס פעריאד געהערט אויך דיא מערקווירדיגע וויסענשאפטליכע ענטדעקונג פון קאפערניק, וועלכער האט בעוויזען אז דיא ערד איז ניט מעהר ווי א פלאנעטע אין דער זונן־סיסטעם און אז זיא בעוועגט זיך ארום דער זונן צוזאמען מיט אנדערע פלאנעטען, מיט אנדערע וועלטען. אזוי וויא דיא ביבעל איז געבויט אויף דעם פריהערדיגען טעות, נעמליך, אז דיא ערד איז דיא יחסן׳טע פון דער גאנצער שעפפונג, אז זי איז די גאנצע וועלט און אז ארום איהר טאנצען ארום אלע שטערען מיט דער זונן, ווערענד זיא אליין שטעהט אויף אן ארט, — איז פון קאפערניק׳ס ענטדעקונג פאר דעם אלטען רעליגיעזען אבערגלויבען ארויסגעקומען א טוידט־קלאפ; און מיט דער הילפע פון בוכדרוקעריי זיינען אזעלכע געדאנקען פארשפרייט געווארען. דעם רענייסאנס־פעריאד געהערט אויך די צייט פון געאגראפישע ענטדעקונגען, ווען איין פערטעל פון דעם ערד־קוגעל האט זיך דערוואוסט כמעט פון דיא גאנצע איבעריגע דריי פערטעל.

די צייט ווען אין ענגלאנד האט געלעבט שעקספיער און אין בעלגיום איהרע גרויסע מאהלער רובענס און רעמבראנדט, איז א פארטזעצונג פון דעם רענייסאנס.

מיט דעם ווארט ר ע נ י י ס א נ ס מיינט מען אלזא דעם גאנצען פעריאד, וועגען וועלכען מירריידען דא, ווען אייראפא האט אויפגעוואכט פון איהר לאנגען שלאף; ווען דיא מיטעללענדישע ציווילויזאציאן, דיא ציוויליזאציאן וואס איז אויסגעארבייט געווארען ארום דעם מיטעללענדישען ים, האט וויעדער אנגעפאנגען צו פראגרעסירען, — אויף אן ענערגישען און א נייעם אופן.

אין סך הכל איז די וועלט־געשיכטע אלט אונגעפעהר פיער טויזענד יאהר. קלאהרע פאלשטענדיגע היסטאריע פאנגט זיך אבער אן א סך שפעטער. דיא קלאהרע דייטליכע וועלט־געשיכטע איז אלט

*) זעה בוילאגע.

אַרום צוויי און א האַלב טויזענד יאָהר; און דיעזע צייט ווערט אַלזאָ צוטיילט אויף דיא פאָלגענדע דריי טייל:

1) א יאָהר טויזענד אַ ל ט ע   ג ע ש י כ ט ע (ביי זעקס יאָהר־הונדערטע פאַר קריסטוס'ן און ביי פיער נאָך איהם). דאַן האָט דיא מיטעללענדישע ציוויליזאַציאָן דערגרייכט א הויכע שטופע.

2) א יאָהר טויזענד מ י ט ע ל ע   ג ע ש י כ ט ע. דאַן איז פיעלעס פון דער מיטעללענדישער ציוויליזאַציאָן פאַרשטיקט, און זיא מאַכט ווייניג פאָרטשריט, הגם זיא ווערט ביסלעך־ווייז איינגעוואָר־צעלט אין דיא באַרבאַרישע גערמאַנען, וועלכע האָבען עראָבערט דיא רוימישע אימפעריע און פערשפרייט זיך איבער נייע אייראָפעאישע לענדער, וויא שוועדען, נאָרוועגען, דענמארק, און טיילווייז איבער פוי־לען און רוסלאַנד, צום ביישפיעל.

3) פיער, פינף יאָהר־הונדערטע נייע געשיכטע. דיא ציוויליזירטע וועלט קומט צו צו נייע וועלטען. דיא נייע עקאָנאָמישע בעדינגונגען וואַקסען האַסטיג און דיא מיטעללענדישע ציוויליזאַציאָן פּראָגרעסירט וואָס ווייטער אַלץ שנעלער.

דער רענייסאַנס פעריאָד איז אַלזאָ דער איבערגאַנגס־פעריאָד פון דער מיטעלער געשיכטע צו דער נייער, — דער שוועל צווישען דער פאַרשטיקטער וועלט פון מיטעל־אַלטער און דער שנעל־פּראָגרעסירענ־דער נייער וועלט.

דיא ענטדעקונג פון אַמעריקאַ און פון א וועג אַרום אַפריקאַ צו אינדיען זיינען דיא צוויי וויכטיגסטע פאַסירונגען אין דעם רענייסאַנס־פעריאָד. צוזאַמען מיט זיי ביידען זיינען פערבונדען דיא פאָרשונגס־רייזעס, וועלכע האָבען געפיהרט צו אַנדערע געאָגראַפישע ענטדעקונגען.

און דיעזע אַלע רייזעס און ענטדעקונגען זיינען געמאַכט געוואָרען ענטוועדער פון פּאָרטוגאַל אָדער פון שפּאַניען, וועלכע ליגען אין דעם מיטעללענדישען ים אָדער נאָהענט לעבען איהם.

מיר זעהען אַלזאָ, אז אַרום דיעזען ים זיינען פאָרגעקומען דיא וויכטיגסטע פאַסירונגען פון דער געשיכטע פון דער מענשהייט, דיא געשיכטע פון אונזער ציוויליזאַציאָן, זינט זיא האָט זיך אָנגעפאַנגען ביז דער נייער צייט. ווארום איז דאָס? פאַר וואָס איז דאָס עפּעס, אז גראַד דיא פעלקער וואָס האָבען געוואוינט אַרום דיעזען ים האָבען

געשפּיעלט דיא גרעסטע ראָלע און האָבען פאַרשפּרייט זייער מאַכט אָדער איינפלוס איבער דער גאַנצער וועלט?

איינע פון דיא וויכטיגע אורזאַכען דערפון קען דער לעזער זעהן, ווען ער וועט נור בעטראַכטען דעם מיטעללענדישען ים גופא אויף אונזער לאַנדקאַרטע. די ברעגעס ארום איהם גייען ניט גלייך אָדער גלאַט, נור זיי זיינען שטאַרק אויסגעשניטען, אַזוי וויא אויס־געגעסען. אין פיעלע פלעצער גיסט זיך דאָס וואַסער אריין וויט אין אין דער יבשה.

אין אַזעלכע פלעצער איז די לאַנד אָפט אַ האַלב־אינזעל, דאָס הייסט זיא איז כמעט פון אַלע זייטען ארומגערינגעלט מיט וואַסער. גריכענ־לאַנד איז אַזוי צושניטען פון וואַסער, אַז זיא ווייזט אויס וויא אַ האַנט, וואָס איז כמעט אָבגעשניטען אַביסעל העכער פון דיא פינגער. איטאַליען זעהט אויס ווי אַ צודרייטער שטיוועל. (זעה „לאַנד און וואַסער" אין דער ביילאַגע).

דער רעזולטאַט איז אַז שיפען קענען צוקומען צו פיעלע פלעצער פון דיא לענדער וואָס ליעגען דאָרט. נעהמט, צום ביישפּיעל, איטאַ־ליען. דער „שטיוועל" איז אַ שמאָלער, און כמעט ארום און ארום איז ער ארומגרינגעלט מיט וואַסער; עס איז ניטאָ אין איהם קיין איין פונקט וואָס זאָל זיין זעהר וויט פון ים, און אין פיעלע פלעצער ליעגט ער איינפאַך ביי'ן סאַמע וואַסער. נאָך שטאַרקער אויסגעגעסען פון וואַסער איז גריעכענלאַנד. צו איהר קען מען אויך אין פיעלע פלעצער צוקומען מיט שיפען.

ווען מענשען וואוינען אין אַ לאַנד, צו וועלכע עס איז לייכט צו־צוקומען אין איהרע פערשיעדענע טיילען, איז זיי לייכט צו האָבען פאַרקעהר צווישען זיך און מיט אַנדערע לענדער. און דיא מעגליכקייט צו האָבען פערקעהר איז דער פונדאַמענט פון ציוויליזאַציאָן. וויא עס איז שוין אויבען בעמערקט געוואָרען, ווען מענשען לעבען אָבגעזונדערט איינע פון דיא אַנדערע איז זייער וואוקס פערהאַלטען, זיינען זיי פער־ווילדעט. בלויז דורך שייכות פון מענשען צווישען זיך ווערען זיי ענטוויקעלט.

גריכענלאַנד און איטאַליען האָבען אויסגעאַרבייט אַ הויכע שטופע פון בילדונג, און האָבען פערשפּרייט זייער מאַכט. רוסלאַנד, צום ביי־שפּיעל, וועלכע ציהט זיך אויף אַ גרויסע שטרעקע פון אַלע זייטען,

אזוי אז דאָס רוב איז זיא ווייט פון ים, רוסלאַנד איז לייגגער פון אַלע אייראָפּעאישע לענדער געבליבען פערזונקען אין פינסטערנים. זיא איז געוועזען אָבגעשניטען פון דער ציוויליזירטער וועלט. עס איז צו איהר שווער געוועזען צוצוקומען. ווען פעטער דער גרויסער האָט געבויט פעטערסבורג, אויף דעם באַלטישען ים, האָט ער געזאָגט אַז ער האָט דורך א פענסטער אין דער ציוויליזירטער וועלט אריין.

ווען איהר וועט אַ קוק טאָן אויף דיא קאַרטע פון אַזיען, וועט איהר זעהן, אַז ארום אינדיען, כינא און דיא לענדער וואָס ליגען צווישען זיי איז זיא אויסגעשניטען פון דיא ארומיגע וואַסערען; און דיעזע לענדער האָבען טאַקי ביי זיך ענטוויקעלט קולטור אין א צייט, ווען דיא אַזיאַ־טישע לענדער וואָס ליגען ווייט פון ים, זיינען געוועזען אין א ווילדען צושטאַנד. אַפריקאַ איז ווייניג אויסגעשניטען. זיא האָט אַ ברייטען שטח פון יבשה, וועלכער איז זעהר ווייט פון ים, און אַפריקאַ איז נאָך היינט מייסטענס האַלב־ווילד. אייראָפּאַ איז איבערהויפּט אַם מעהרסטען אויסגעשניטען, און זיא איז דיא ציוויליזירטעסטע און מעכטיגסטע וועלט־טייל. עגיפּטען ליגט אין אַפריקאַ, אָבער נאָהענט צום ים (דער רויטער ים פון מזרח און דער מיטעללענדישער פון צפון), איז זיא נאָך גאָר פאַרצייטען געוועזען הויך ציוויליזירט. נאָרד אַמעריקאַ איז פיעל מעהר אויסגעשניטען וויא זיד־אַמעריקאַ, איז זיא אויך פיעל מעהר בעפעלקערט, רייכער און ציוויליזירטער.

אויף'ן ברעג ים, וואו עס געפינט זיך אַ גוטער האַפען, האָט מען אימער געבויט שטעדט, און פיעלע פון דיעזע שטעדט האָבען פאַרנומען אַ פּלאַץ צווישען דיא וויכטיגסטע אין דער וועלט.

אזוי וויא דער מיטעללענדישער ים אין אַלגעמיין שניידט שטאַרק אוים דיא אַרומיגע לענדער, האָט ער געדיענט אַלס אַ גוטער פערקעהרס־מיטעל צווישען זיי; דעריבער זיינען זיי געוועזען אין מעהר שייכות צווישען זיך און דורך דעם איז אין זיי אויסגעאַרבייט געוואָרען ציוויליזאַציאָן פריהער וויא אַנדערסוואו אין אייראָפּאַ.

בעטראַכט וויעדער דעם מיטעללענדישען ים אויף דער לאַנד־קאַרטע. ער איז אַזוי אַריינגעגאָסען אין דער יבשה, אַז ער ווייזט אוים וויא אַ גרויסע אָזערע, — כמעט פון אַלע זייטען אַרומגערינגעלט מיט לאַנד. פון איין זייט האָט ער אַרום זיך אייראָפּאַ, פון דער אַנדערער זייט אַפריקאַ און פון דריטען זייט אַזיען — אַלע דריי וועלט־טיילען,

פון וועלכע עס בעשטעהט דיא אַלטע וועלט, דאָס הייסט דער קאָנטי־נענט פון וועלכען ציוויליזירטע מענשען האָבען געוואוסט, (הגם ווייט ניט אין גאנצען), פאר קאָלומבוס'עס ענטדעקונג. מיט אַנדערע ווערטער, ער געפינט זיך אין מיטען לאַנד. (פון דעם שטאַמט דאָס זיין נאָמען).

מיר זאָגען אז דער מיטעללענדישער ים זעהט אויס וויא אַ גרויסע אָזערע — וויל ער איז כמעט אין גאַנצען ארומגערינגעלט פון לאַנד. דיעזען „כמעט" האָבען מיר צו פערדאַנקען אַ שמאָלינקען פּאַסיקעל וואסער, וועלכער געפינט זיך צווישען שפּאַניען און מאַראָקאָ (נאָרד אפריקא) — אַ פּאַסיקעל, וועלכער האלט בלויז ניין ענגלישע מייל (אונגעפעהר 12 וויאָרסט) אין דער ברייט. ווען מען זאָל פערשיטען דיעזע שמאָלע שטיקעל, וואָלט דער ים געווען אַן אמת'ע אָזערע; ער וואָלט געווען אבסאָלוט ארומגערינגעלט מיט יבשה. אזא ענגער וואסער־דורכגאַנג הייסט אין געאָגראַפיע מ ע ע ר־א י י נ ג אָדער „שטראַסע", פאַרשיעדענע מעער־איינגע האָבען פערשיעדענע נעמען. דיעזער הייסט ג י ב ר א ל ט א ר י ש ע ר מ ע ע ר־א י י נ ג אָדער ג י ב ר אַ ל־ט אַ ר־ש ט ר אַ ס ס ע.

דורך איהם איז דער מיטעללענדישער ים בעהעפט מיט דעם אַט־לאַנטישען אָקעאַן. מיט אַנדערע ווערטער, דער גיבראַלטארישער מעער־איינג איז דיא טהיר פון דעם אַטלאַנטישען אָקעאַן צום מיטעללענדישען ים. דיעזע טהיר בעלאַנגט היינט צו ענגלאַנד, וועלכע האָט דאָרטען אַ שטאָדט ג י ב ר אַ ל ט א ר. דאָס איז אַלעס, וואָס זיא האָט דאָרטען. ווייטער בעלאַנגט דיא לאַנד פון איין זייט מעער־איינג צו שפּאַניען און פון אַנדערען זייט צו מאַראָקאָ. אָבער מיט דיעזע גיבראַלטאַר קאָנ־טראָלירט זיא דעם אריינגאַנג צום מיטעללענדישען ים.

שפּאַניען ליגט פון איין זייט אין מיטעללענדישען ים און פון אַנדע־רען זייט אין דעם אַטלאַנטישען אָקעאַן; און פּאָרטוגאַל ליגט אין גאַנצען ביי'ן אַטלאַנטישען אָקעאַן. דאָס אַלעס דאַרף מען האָבען אין זינען, ווייל פון דיעזע צוויי לענדער, לעבען דעם גיבראַלטארישען מעער־איינג זיינען געמאַכט געוואָרען אַלע ענטדעקונגס־רייזעס, וועגען וועלכע מיר וועלען דערציילען אין דיעזען בוך.

II.

## דער לעצטער פון דיא פינסטערע יאהר־הונדערטע.

דיא פאנסטמשינא־סיסטעם. — דיא פעאָדאַלע סיסטעם. — פון וואַנען האָבען זיך גענומען דיא שטעדט? — פון וואַנען האָבען זיך גענומען שטאָדט־בעל־מלאכות? — בירגער אָדער בורזשוא. — דיא קרייץ־ציגע. — מענשען האָבען פון זיי מעהר נוץ וויא גאָט. — דער וואוקס פון פער־קעהר, פון האַנדעל, און פון דעם שטאָדט־מאַן. — אראבער און מורי־נען. — דיא אידען. — וויא אזוי פיעלע פון זיי זיינען געוואָרען פראָצענטניקעס. — זייער ראָלע ביי דעם איבערגאַנג פון צאָהלען מיט פראָדוקטען צו צאָהלען מיט געלט. — זייערע פינסטערסטע דריי יאָהר־הונדערטע.

דעם 15־טען יאָהר־הונדערט, דעם יאָהר־הונדערט אין וועלכען דיא ענטדעקונג פון אמעריקא איז נויטיג געוואָרען, מעגליך געוואָרען און האָט שטאטגעפונען, רופט מען „דער לעצטער פון דיא פינסטערע יאָהר־הונדערטע". מיט איהם ענדיגען זיי זיך, און עס הויבט זיך אָן א נייע צייט. דיא ענדערונג איז אָבער ניט קיין פּלוצלינגע. זיא איז פאָרגע־קומען שטופען־ווייז, לאנגזאם. זיא האָט זיך אָנגעפאנגען א סך פריהער וויא אין דעם 15־טען יאָהרהונדערט. ניט דאָ איז דער פּלאַץ איהר אין גאַנצען דורך־צו־קליערען; אַן אַלגעמיינער בעגריעף אָבער וועגען דעם ארט, אויף וועלכען זיא איז געקומען, און וועגען דעם זאָרט אורזאַכען וואָס האָבען דערביי א הויפּט־ראָלע געשפּיעלט — דאָס וועט אונז ניצליך זיין אום קלאָהר צו פאַרשטעהן וויא אזוי עס איז אַרויסגעקומען דיא ענטדעקונג פון אמעריקא.

מיר האָבען גערעדט וועגען דיא צוויי הערשענדע קלאַססען — דיא פּריצים און דיא גלחים. ווען מיר ברויכען דעם אויסדרוק וועגען דיא גלחים מיינען מיר ניט, אז זיי האָבען געהערשט בלויז אויף א גייסטיגען אופן, מיט זייער איינפלוס. זיי האָבען צוגענומען ביי דיא ארבייטענדע מאַסען דיא פרוכט פון זייער פּראַצע כמעט וויא דיא פּריצים און אפשר ניט ווייניגער וויא זיי. ערשטענס זיינען זיי אויך

געווען גרויסע גוט־בעזיצער. צו בעזונדערע גייסטליכע און צו דיא קלויסטערס מיט זייערע מאסען מאנאכען האבען געהערט אונגעהייער גרויסע גיטער, אונגעהייערע שטרעקעס לאנד. דאס איז א חוץ דיא ריעזיגע סומען וואס זיי און דער פאפסט בעזונדער פלעגען קאלעקטירען אלס מעשר אדער אלערליי אנדערע צינזען.

דיא ארבייט איז געטאן געווארען פון דיא מיליאנען בויערען, און דיעזע הארעוועגדע מיליאנען האבען געשפייזט און געהאלטען אין כל טוב דיא אדעליגע פון איין זייט און דיא גייסטליכע פון דער אנדערער זייט.

מיר ווייסען שוין אז נאך דעם חורבן פון רוים זיינען פארלאזען געווארען דיא שטעדט, און א לאנגע צייט זיינען געווען בלויז געציילטע שטעדט. מיט ווייניגע אויסנאהמען האבען מענשען געוואוינט אויפ'ן ישוב — יעדע גרופע בויערען ארום איהר פריץ אדער קלויסטער. דאס זיינען געווען דיא פינסטערסטע פון דיא פינסטערע יאהר־הונדערטע.

דער בויער איז געווען א לייב־אייגענער, א פאנסטשינא־מענש. דאס הייסט, ער איז געווען צוגעבונדען צו דעם אדער יענעם מאיאנטיק, און ער פלעגט איבערגיין צו א נייעם גוט־בעזיצער צוזאמען מיט דער ערד. ער האט זיין הארר געצאלט שווערע צינזען מיט ארבייט אדער פראדוקטען, געדיענט איהם, געליטען פון איהם אויף פערשיעדענע אנדערע ארטען, ווי א שקלאף, הגם האנדלען מיט אזעלכע בויערען בעזונדער, ווי מען האנדעלט מיט שקלאפען, האט דער פריץ ניט געקענט. אלס ביישפיעל אויף די לאגע פון דעם לייב־אייגענעם איז גענוג אנצואווייזען אויף דעם געזעץ, אז אויף דער חתונה־נאכט בעלאנגט דעם בויער'ס טאכטער צום פריץ, סיידען אין יענעם פלאץ איז שוין געווען א מנהג, אז זיא מעג זיך אבקויפען מיט געלד. קורץ, דיא פאנסטשינא סיסטעם וועלכע האט אין רוסלאנד אנגעהאלטען ביז 1861, איז אין מיטעל־אלטער געווען פערשפרייט כמעט איבער גאנץ אייראפא.

דער פריץ איז אין זיין מאיאנטיק געווען אזוי וויא א קיסר; און גרויסע מעכטיגע פריצים, פירסטען, גראפען, לארדען א. ז. וו. האבען זיך ווירקליך געפיהרט וויא קעניגע; זיי האבען געהאט ארמייען און פלעגען אונטערנעהמען מלחמות, הגם זיי זיינען געווען אבהייניג פון דעם קעניג פון לאנד. דיא קעניגע זיינען אבער דאן אפט געווען ניט

מעהר וויא גרויסע פריצים, און אַ קעניגרייך איז געווען אַ מין גרויסער מאַיאָנטיק, צוטיילט אויף קלענערע מאַיאָנטקעס מיט קלענערע פריצים. שפאַניען, צום ביישפיעל, וועגען וועלכע אונז וועט אויסקומען פיעל צו ריידען, ווייל פון דאָרטען האָט קאָלומבוס געמאַכט זיין גרויסע ענטדעקונג, איז געווען צושניטען אויף פיעלע קליינע קעניגרייכלעך, וועלכע זיינען דערנאָך צוזאַמענגעשמאָלצען געוואָרען. די נאַציאָנען, וויא מיר זיינען היינט געוואוינט אויף זיי צו קוקען, זיינען ערשט פערפעסטיגט געוואָרען אין דעם רענייסאַנס־פעריאָד, און נאָך שפעטער.

דאָס אַלעס האָט אַ שייכות צו דער פעאָדאַלער סיסטעם, וועלכע איז איינגעפיהרט געוואָרען אין דעם אָנפאַנג פון מיטעל־אַלטער. בקיצור ריידענדיג, איז דיעזע סיסטעם בעשטאַנען אין פאָלגענדען: אַזוי וויא דאַן איז געווען אַ צייט פון מלחמות, און יעדע קעניגרייך אָדער מאַיאָנטיק האָט צו יעדער צייט געקענט ערווארטען אַן אַטאַקע פון אַ פיינדליכע אַרמיי אָדער פון אַ שייקע רויבער, פלעגען דיא גרעסערע גוט־בעזיצער אָפט אַ שטיק פון זייער לאַנד צוטיילען צווישען קלענערע פריצים מיט דער בעדינגונג, אַז יענע זאָלען מיט זיי מיטקעמפפען, ווען מען וועט דאַרפען. דיעזע קלענערע אַדעליגע האָבען געהייסען וואַסאַלען, און דער, פון וועמען זיי האָבען בעקומען זייער לאַנד, איז געווען זייער פעאָדאַלער האַרר. אַ מאָל פלעגט זיך דעם וואַסאַל לוינען אַ טייל פון זיין לאַנד ווייטער צו צוטיילען, אום אויך צו האָבען וואַסאַלען. דער קעניג איז אַלזאָ געווען אַ פעאָדאַלער האַרר, און דיא גרויסע פריצים—זיינע וואַסאַלען. קעניגע פון קליינע לענדער, ווייטער, האָבען ניט זעלטען געשפיעלט דיא ראָלע פון וואַסאַלען ביי גרעסערע קעניגע.

דיא בויערען גופא זיינען אייגענטליך פריהער פערשקלאַפט געוואָרען ביי דיא פריצים אויף דעם זעלבען אופן, וויא דיא קלענערע פריצים זיינען געוואָרען אונטערטהעניג ביי דיא גרעסערע. אין דיא גאָר אַלטע צייטען פון דעם מיטעל־אַלטער האָבען איבער איירא[illegible] אַרומגעלויערט מאַססען אַלערליי רויבער־מחנות, איירא־פעאישע און אַזיאַטישע. זיי האָבען געקענט צו יעדער צייט בעפאַלען און פארניכטען אַלץ וואָס זיי האָבען געפונען; אַוועקרויבען דיא פיה, דיא תבואה, שענדען דיא פרויען. מען האָט געלעבט אין אַ שטענדיגער געפאַהר; דער ערד־אַרבייטער איז ניט געווען זיכער מיט זיין האָב און

גוטס און מיט זיין לעבען. אום צו קענען זיך בעשעפטיגען מיט זיין ארבייט און צו דער זעלבער צייט האָבען ווער עס זאָל בעשיצען איהם מיט זיין אייגענטהום, פלעגט ער זיך איבערגעבען אונטער דעם שוץ פון דעם וואָס האָט זיך צוזאַמען מיט זיין סוויטע ספּעציעל בעשעפטיגט מיט'ן קאַמפף, מיט מלחמות. דערפאַר פלעגט ער זיך פאַרפליכטען פאַר יענעם צו אַרבייטען אַזוי פיעל און אַזוי פיעל טעג אין יאָהר, אָדער איהם צו געבען אַזוי פיעל און אַזוי פיעל פּראָדוקטען. דיעזער קאַמפּפס־מאַן אָדער מיליטער־מענש איז דאָס דער פּריץ. און אַזוי האָט זיך דאָס מיט דער צייט ענטוויקעלט (וויא אַזוי איז ניט דאָ דער פּלאַץ צו ערקלעהרען), אַז דער ערד־אַרבייטער איז ביי איהם געוואָרען אַ לייב־אייגענער, און איז צוגעבונדען געוואָרען צו דער ערד.

דער שלאָס פון אַ גרויסען פּריץ איז אין מיטעל־אַלטער געווען אַזוי אַ פאַלאַץ אַזוי אַ פעסטונג. ער איז געווען זעהר שטאַרק געבויט, מיט אונגעהייער דיקע ווענט, ארומגערינגעלט מיט אַ טיעפען גראָבען, וועלכען מען האָט געקענט אָנפילען מיט וואַסער, און ער איז איבער־הויפּט געווען אַזוי צוגעריכט, אַז ער זאָל אימער זיין געגרייט זיך צו פערטיידיגען געגען דעם אָנפאַל פון אַ שונא. אַמאָל איז דיעזער שונא געווען דער קעניג אַליין. דאָס זעלבע איז אָפט געווען מיט אַ קלויסטער, אין וועלכען מען האָט זיך אויך ניט זעלטען פערפעסטיגט געגען דעם אַנגריף פון אַ פיינד.

געלט האָט מען געברויכט זעהר ווייניג. דער בויער האָט געדיענט מיט זיין אַרבייט און געצאָלט מיט פּראָדוקטען. דיא צינזען וואָס דער פּאַפּסט האָט געזאַמעלט איז מייסטענס געווען מיט תבואה, פּרוכט א. ז. וו., וועלכע פלעגט אויסגעביטען ווערען אויף געלט, דורך ספּע־ציעלע אַגענטען. דער פּריץ האָט כמעט אַלץ בעקומען ביי זיך אויף'ן מאַיאָנטיק. ער האָט געהאַט אַלערליי בעלי־מלאכות, וואָס פלעגען איהם מיט אַלץ בעזאָרגען. בלויז ווייניג זאַכען פלעגט ער בעציהען פון דרויסען.

פּריצים, גלחים און בויערען; דער שלאָס פון דעם אַדעליגען, און דיא צרה'דיגע כאַלופּקעס פון זייערע פאַנסטשינא בויערען, דיא קלויס־טערס און זייערע בויערען — דאָס איז דער עיקר בילד פון מיטעל־אַלטער.

מיט דער צייט האָט אָבער אויף'ן בילד גענומען אַרויסשוועבען א נייער עלעמענט, אַ נייער קלאַסס.

מיר האָבען שוין געזעהן, אַז עס האָבען זיך געבילדעט נייע שטעדט אָדער עס זיינען בענייעט געוואָרען דיא אַלטע. דאָס פלעגט פּאַסירען דורך פערשיעדענע אורזאַכען. צום ביישפּיעל: אַזוי וויא עס זיינען געווען אָפטע מלחמות, אַטאַקעס, צוזאַמענשטויסען, און מען איז שטענדיג געווען אין געפאַהר, האָבען דיא איינוואוינער פון אַ געוויסען געגענד געבויט אַ וואַנט אום זיך צו קענען בעשיצען אין פאַל פון אַן אַטאַקע. הינטער אַזאַ וואַנט האָבען זיך מיט דער צייט צוזאַמענגעקליבען פערשיעדענע מענשען, וועלכע זיינען דאָרט געבליבען וואוינען. און ווירקליך, יעדע שטאָדט פון מיטעל־אַלטער איז געווען אַרומגערינגעלט מיט אַ וואַנט. אַ מאָל פלעגט אַ שטאָדט אויסוואַקסען אויף דעם אָרט, וואו עטליכע אַרומיגע מאַיאָנטקעס פלעגען זיך צונויפקומען בייטען זייער סחורה — אויפ'ן מאַרק.

שטעדט זיינען אויך אויסגעוואַקסען אַרום דיא וואוינונגס־פּלעצער פון קעניגע אָדער הויפּט־גלחים, וואו עס פלעגען זיך צוזאַמענקומען אַרמיי־מענשען, בעאַמטע, און אין געוויסע צייטען פלעגט זיך אָנפאָהרען אַ גרויסער עולם, — צום ביישפּיעל, ווען דיא ריכטער זיינען געזעסען, אָדער אויף יום טובים. אויף דיעזען אַרט — ערקלעהרט קאַוטסקי — איז דאָרטען ביסלעך־ווייז ענטוויקעלט געוואָרען אַ בעדירפנים אין אַ וואַנט; וואָרים אין אַזעלכע פּלעצער פלעגען זיך פערזאַמלען סוחרים (דערביי בעמערקט ער אַז אין דייטשלאַנד זיינען צוערשט אַלע סוחרים געווען ענטוועדער איטאַליענער אָדער אידען); עס פלעגט אויסוואַקסען אַ וויכטיגער מאַרק, און דאָס פלעגט ערוועקען דיא זשעדנעקייט פון אַלערליי רויבער־באַנדעס. דיא וואַנט פלעגט מען דאָ אַלזאָ בויען אום זיך צו בעשיצען פון דיעזע רויבער, און דאַן פלעגט דער בעשיצטער פּלאַץ און זיין מאַרק שוין ציהען צו זיך נייע מענשען.

צווישען דיא, וואָס פלעגען האָבען חשק זיך צו בעזעצען אין שטאָדט, זיינען געווען דיא בעלי מלאכות פון דיא פּריצישע מאַיאָנטקעס. איינינגע פון זיי פלעגען אַנטלויפען איינפאַך אַהער, און נאָך דעם וויא זיי זיינען דאָ אָבגעווען אַ יאָהר, האָבען זיי זיך שוין גערעכענט פאַר פרייע מענשען. ווען עס האָט אָנגעהויבען מעהר אַריינצוגעהן אין געברויך געלט, און דיא פּריצים האָבען זיך גענויטיגט אין

מזומן, האָבען פיעלע פון זייערע בעל מלאכות זיך אויסגעקויפט.

אויף דיא מאַיאָנטקעס גופא זיינען שוין לאַנג געווען געווען געוויסע בעל מלאכות וואָס האָבען זייער ארבייט געטאָן ניט נור פאַר זייערע פריצים נור אויך פאַר קונדען — פאַר קלענערע פריצים אָדער פאַר דיא בויערן. ווען דער פריץ האָט ניט גדאַרפט האָבען דעם שניידער'ס גאַנצע צייט, צום ביישפיעל, פלעגט ער איהם ערלויבען צו נעהמען בעשטע־לונגען ביי אַנדערע אויך. געברויכען אַ גוטען שניידער ביי אַל־געמיינע ארבייט אויף'ן מאַיאָנטעק וואָלט סיי־וויא־סיי קיין זינן ניט געהאַט. דער פריץ פלעגט אַלזאָ זיין שניידער לאָזען פאַרדיענען „אָן אַ זייט", און דערפאַר פלעגט דער שניידער זיין האַרר בעפרידיגען מיט געלט אָדער אויף אַן אַנדער שטייגער. ווען עס האָט זיך אין יענעם געגענד געבילדעט אַ שטאָדט, פלעגען אַזעלכע שניידער, שוסטער אָדער אַנדערע האַנד־ווערקער אַלזאָ ענטוועדער זיך אויסקויפען ביי זייערע פריצים, און זיך בעזעצען אין שטאָדט, אָדער אַנטלויפען אַהין, אָדער— נאָך עפטער — אָפמאַכען מיט'ן פריץ, אַז זיי וועלען איהם זיינע צינזען צאָלען פון שטאָדט.

אַזוי שטעלט קאַוטסקי פאָר: ערשטענס, וויא אַזוי עס איז איינ־געפיהרט געוואָרען דיא מאָדע פון ארבייטען אויף בעשטעללונגען; ניט פאַר דעם פריצישען הויף, צו וועלכען דער בעל מלאכה האָט געהערט, נור פאַר קונדען, „קאָסטימער"; און, צווייטענס, וויא אַזוי דיא בעל מלאכות זיינען בּיסלעך־וויי‌ז אַריבער פון דיא פריצישע הויפען אין דיא שטעדט אַריין.

אין שטאָדט פלעגען אויך אַריבערגעהן אייניגע אַנדערע דאָרפס־לייט. וואָס מעהר עס איז אַריין אין געברויך געלט, אַלץ מעהר בויערען האָבען זיך אָבגעקויפט. דער פריץ נויטיגט זיך צום ביי־שפיעל אַזוי אין מזומן, אַז אַנשטאָט צו נעהמען ביי זיינע בויערען צינזען מיט ארבייט אָדער מיט פּראָדוקטען, נעמט ער דאָס ביי זיי מיט געלט. אום צו קריגען דאָס געלט, פיהרט דער בויער זיינע פּראָ־דוקטען אין שטאָדט אויף'ן מארק; און אַזוי ווערט ער ניט זעלטען אַליין פעראינטערעסירט אין אַ שטאָדט־בעשעפטיגונג און בלייבט דאָר־טען, ענטוועדער צאָלענדיג זיינע צינזען פון דאָרטען, אָדער אין גאַנ־צען בעפרייענדיג זיך מיט אַ גרעסערע סומע — „אָגולנע".

צווישען דיא שטאָדט־לייט און דיא פריצים איז פאָרגעקומען אַ

שטענדיגער קאמפף. דיא ערשטע פלעגען שטרעבען צו אלץ מעהר פרייהייט, צו אלץ מעהר זעלבסט־שטענדיגקייט און מאכט, ווערענד דיא לעצטע פלעגען זיי אלץ וועלען בעהאנדלען אלס זייערע אונטער־טהעניגע פאנסטשינע מענשען.

איידער מיר געהען ווייטער לאָמיר בעמערקען, אז דיא שטאָדט־לייט האָבען געהייסען אויף דייטש „בירגער", פון דעם וואָרט „בורג" — א פעסטונג, א שטאָדט־וואנט; אויף ענגליש הייסט עס „בוירגהער"; אויף פראנצויזיש — „בורזשוא"; אויף רוסיש — „מיעס־טשאנין". דער וואָרט בורזשוא הייסט אלזאָ אייגענטליך א שטאָדט־מאַן. פון דיעזען שטאָדט־מאַן איז אָבער שפּעטער ענטוויקעלט געוואָרען דער היינטיגער קאפּיטאליסט.

און איצט לאָמיר גיין ווייטער: דיא בירגער, — דיא שטאָדט בעל מלאכות און דיא שטאָדט־הענדלער — פלעגען זיך פעראייניגען צו פערטיידיגען זייערע אינטערעסען געגען דיא אינטערעסען פון דיא פּריצים, וויא אויך אנדערע אינטערעסען, וואָס זיי האָבען געהאט גע־מיינשאפטליך. פון דיעזע פעראייניגונגען זיינען ארויסגעקומען „צעכען", „גילדיעס", וועלכע פלעגען אלץ שטריינג בעשטימען, אום איינער זאָל דעם אנדערען ניט שטערען. אויף דיא פרייזען איז געווען א טאקסע, דער קויפער זאָל ניט איבערצאָלען — אום פון דער שטאָדט זאָל ניט אָבגעטריבען ווערען „לייזונג". דער מייסטער און דער סוחר איז געווען ארומגעצאמט מיט אלערליי רעגעלען און בעשריינקונגען אין דיא אינטערעסען פון זיינע קאָנקורענטען. און כל זמן דיא אינדוסטריע איז נאָך געווען קליין האָט דאָס ניט געשטערט. שפּעטער אָבער, ווען זיא איז זיך פונאנדערגעוואקסען, זיינען דיעזע בעשריינקונגען און ארומ־צאמונגען איינג געוואָרען.

צו דיא בויערען וואָס פלעגען צאָלען זייערע פּריצים דארף מען צולייגען דיא מענשען, וואָס פלעגען געהן עולה רגל זיין אויף הייליגע פלעצער און פלעגען אויף'ן וועג פערבלייבען אין א שטעדטעל. אויך פלעגען אמאָל פערבלייבען סוחרים פון פרעמדע לענדער. איינינגע שטעדט זיינען געווען ערי מקלט — אין זיי האָבען געמעגט אנטרונען ווערען געוויסע פערברעכער. ווייטער: אויפ'ן פלאץ פון די אמאָליגע רוימישע שטעדט איז אימער פערבליבען א געוויסער שטאָדט־עלע־מענט, וואָס איז געווען פריי פון פאנסטשינא. קורץ — עס האָט זיך צוזא־

מענגעשטעלט, אויף פערשיעדענע אופנים, אַ שטאָדט־בעפעלקערונג, מיט ספּעציעלע שטאָדט־אינטערעסען — דיא אינטערעסען פון אינ־דוסטריע און האַנדעל.

דיא שטאָדט־לייט פלעגען שטרעבען נאָך אַלץ מעהר רעכטע, וועל־כע זיי פלעגען אַ מאָל זיך קויפען, און אַ מאָל זיך ערוועריבען מיט אַ בלוטיגען קאַמפּף. דיא ראטה־הויז (סיטי האָלל) איז ניט זעלטען פער־וואַנדעלט געוואָרען אין אַ פעסטונג פון וועלכע דיא בירגער האָבען בע־קעמפּפט דיא פּריצים. אין אייניגע פלעצער האָבען דיא קעניגע זיך פעראייניגט מיט דיא פּריצים געגען דיא שטעדט; אין אַנדערע — מיט דיא שטעדט געגען דיא פּריצים.

צווישען דיא וויכטיגסטע פּאַסירונגען אין מיטעל־אַלטער זיינען דיא זאָ־גענאַנטע קרייץ־ציגע. זיי האָבען געשפּיעלט אַ גרויסע ראָלע אין דער ענטוויקלונג פון אינדוסטריע און האַנדעל, און האָבען אַלזאָ מיטגעווירקט אין דער ענטוויקלונג פון דיא שטעדט.

געוועהנליך מיינט מען אַז דיא קרייץ־ציגע זיינען געוועזען ריין רעליגיעזע בעוועגונגען. צעהנדליגע טויזענדער דייטשען, פראַנצויזען, ענגלענדער, בעגייסטערט פאַר זייער רעליגיאָן, האָבען זיך אוועקגע־לאָזען בעפרייען יעזוס'עס קבר און דיא גאַנצע הייליגע לאַנד פון דיא מאַהאָמעדאַנער וועלכע האָבען איהר פערנומען. וויפיעל ראָמאַנטישע מעשות זיינען דאָס אָנגעשריעבען געוואָרען וועגען דיא העלדענטהאַטען, געפאַהרען, יסורים פון דיעזע פרומע קרייץ־ציגער! און אַלץ צוזאַמען ווערט מייסטענס פאָרגעשטעלט אַלס אַ ריינער ביישפּיעל פון רעליגיעזע התלהבות און זעלבסט־אויפאָפּפערונג.

דער מעדאַל האָט אָבער אַ לינקען זייט אויך.

דיא מאַהאָמעדאַנישע אַראַבער האָבען עראָבערט פיעלע לענדער אין אַזיען און אין אַפריקאַ און האָבען אויך פערכאַפּט אַ שטיק אייראָפּאַ — כמעט גאַנץ שפּאַניען, און אויף אַ קורצע צייט זאָגאַר אויך אַ שטיקעל פראַנקרייך. פּונקט וויא דיא גערמאַנישע פעלקער האָבען אַמאָל אַריינגעדרונגען אין רוים, אַזוי האָבען דיעזע מאַהאָמעדאַנער זיך גענומען פערשפּרייטען איבער גערמאַניש־רוימישע לענדער. דער אונטערשיעד איז, אַז דיא גערמאַנען זיינען געגען דיא רוימער געוועזען ווילדע, וועהרענד דיא אַראַבער זיינען געוועזען פיעל העכער אין בילדונג

און אינדוסטריע וויא דיא קריסטען. אָבער שפּעטער האָבען זיך פון אזיען גענומען לאָזען אַנדערע מאַהאָמעדאַנער, דיא האַלב־ווילדע טערקען (סעליוקען), און זיי האָבען זיך אַוועקגעזעצט ביי'ן סאַמע קאָנסטאַנטינאָפּאָל, וועלכע איז דאַן געווען איינע פון דיא צוויי הויפּט־שטעדט פון קריסטענטהום. דער דאַמאָלסדיגער פּאַפּסט, אורבאַן, האָט דאַן צו אַלע קריסטען אַרויסגעלאָזען אַ רוף (אין 1095) צו געהן בעפרייען ירושלים פון דיא „ניט־גלויביגע" — אַז ניט וועלען זיי זיך נאָך ווייטער פערשפּרייטען איבער קריסטליכע לענדער.

דאָס הייסט איינפאַך אַז עס איז געווען אַ פראַגע פון זעלבסט־רעטונג פון אַ געפעהרליכען שונא. דערביי האָט דער פּאַפּסט אָפען ערקלעהרט, אַז פראַנקרייך איז צו אָרים צו שפּייזען אַלע איהרע איינוואוינער, וועהרענד ארץ ישראל רינט מיט מילך און האָניג — אַלזאָ זאָל מען געהן עראָבערען ארץ ישראל. אַז דער פּאַפּסט האָט געמיינט דיא אינטערעסען פון דעם גלחים־קלאַסס וועלכע וואָלטען געווען אין געפאַהר, ווען דיא מאַהאָמעדאַנער וואָלטען עראָבערט איטאַליען, פראַנקרייך אָדער דייטשלאַנד וויא זיי האָבען עראָבערט שפּאַניען — דאָס איז זעלבסט־פערשטענדליך. אָבער דיא פּריצים וואָס האָבען זיך אָבגערופען אויף זיין רוף האָבען אויך געהאַט זייערע אינטערעסען דערביי: אַ חוץ דעם וואָס דיא הערשאַפט פון זייער קלאַסס איז געווען פונקט אַזוי אין געפאַהר וויא דיא הערשאַפט פון דיא גלחים,— האָבען פיעלע פון זיי איינפאַך זיך טאַקי גענויטיגט אין לאַנד, און דאָס האָבען זיי געהאָפט זיך צו נעהמען אין ארץ ישראל אָדער אין דיא אַרומיגע לענדער. סוחרים וויעדער האָבען אין דער בעוועגונג געזעהן אויסזיכטען אויף נייע האַנדעלס־פונקטען, נייע רייכטהימער.

פיעלע זיינען נאַטירליך אָנגעצונדען געוואָרען מיט אַן אמת'ן רעליגיעזען ענטהוזיאַזמוס, פונקט וויא פיעלע היץ־קעפּ, ריטער, געוואוינט צום שווערד, האָבען זיך פעראינטערעסירט אין דעם „ספּאָרט", אין דיא סבות, געפאַהרען, סענסאַציאָנעלע ערפאַהרונגען, וועלכע דיא ווייטע רייזעס און מלחמות האָבען זיי פערשפּראָכען. דער פונדאַמענט אָבער פון דעם גאַנצען „הייליגען פּאָכאָד" איז אָהן אַ צווייפעל געווען דער אייגען־אינטערעס פון דיא צוויי הערשענדע קלאַסען. דער פּאַפּסט האָט זיי אויפגעפאָדערט אָנשטאָט צו שלאַכטען איינער דעם אַנדערען, בעסער צו ווערען „סאָלדאַטען פון קריסטוס". דער ריכטיגער

פשט דערפון איז: אנשטאט צו קעמפפען צווישען זיך קעמפפט בעסער געגען אייער געמיינשאפטליכען שונא פאר אייערע געמיינשאפטליכע אינטערעסען.

עס האבען זיך אנגעפאנגען דיעזע מערקווירדיגע עקספעדיציעס, דיעזע מערקווירדיגע מלחמות. ניט טייכען, נור ימים בלוט זיינען פערגאסען געווארען פון ביידע זייטען. דיא בעגייסטערטע קריסטען האבען בעוויזען ניט ווייניגער מערדעריי וויא דיא ווילדעסטע געצען־דינער. ווען זיי האבען גענומען א שטאדט האבען זיי אויסגעשלאכטעט אלע איינוואהנער. און דיא אונטערשטע שורה איז, אז פאר קריסטוס'ען האבען זיינע „סאלדאטען" גאנץ ווייניג אויפגעטאן: ירושלים וועלכע זיי האבען גענומען, האבען דיא מאהאמעדאנער ביי זיי דערנאך צוגענומען צוריק. פאר „קריסטוס'עס סאלדאטען" אבער זיינען דיא קרייץ־ציגע געווען ניצליך. אין אייראפא זיינען דיא מאהאמעדאנער פארלויפיג ווייטער ניט צוגעלאזען געווארען. א חוץ דעם: דיא קירכע איז דורך זיי געווארען שטארקער וויא פריהער, ווייל דער פאנאטיזמוס האט זיך מעהר צוברענט. דיא גייסטליכע און דיא אדעליגע האבען אלזא געוואונען.

אבער פיעל מעהר וויא זיי האט געוואונען דער נייער קלאסס — דיא אייראפעאישע שטאדט־לייט, דיא סוחרים.

אין דיא פערשיעדענע שטעדט וואו דיא קרייץ־ציגע זיינען אריינגעדרונגען האבען דיא איטאליענישע קויפלייטע געגרינדעט פאקטאריען (האנדעלס־צענטערען) וועלכע זיינען פערבליבען אפילו נאך דעם, וויא דיא קרייץ־ציגערס זיינען פון דארטען ארויסגעטריבען געווארען. דיא אראבער זיינען געווען צו אינטעליגענט ניט צו קענען אבשאצען דיא וויכטיגקייט וואס פאר זיי האט געהאט דער מסחור מיט דיא קריסטען, און זיי האבען דיא אייראפעער סוחרים ניט געשטערט.

כאראקטעריסטיש איז דאס פאלגענדע: דיא סוחרים פון ווענעציע, גענוא, פיזא און אנדערע איטאליענישע שטערט האבען דיא קרייץ־ציגע געהאלפען מיט שיפען און מיט געלט. זיי האבען אבער דערביי אויסגענומען א תנאי, אז אויב מען וועט נעהמען דיא אדער יענע מאהאמעדאנישע שטאדט, זאל מען זיי אבגעבען דעם און דעם קווארטאל, אום זיי זאלען דארטען קענען האבען זייער מארק, הויפט־קווארטיר און אלעס וואס עס איז נויטיג צום האנדעל. יעדע שטאדט האט

נעפאָדערט איהר האנדעלס־קוואַרטאַל. אין ירושלים, צום ביישפּיעל, ווען זיא איז געווען אין קריסטליכע הענט, האָבען געהאַט געשעפטס־קוואַרטאַלען די שטעדט ווענעציע און מאַרסייל (פראַנקרייך).

וואָרום איטאַליען האָט געשפּיעלט די הויפּט־ראָלע דערביי דאַרף מען קוים ערקלעהרען. זיא איז נעהנטער צום לעוואַנט*), און איהר לאַגע אין רעכטען מיטען פון דעם מיטעללענדישען ים האָט, וויא מיר האָבען שוין איין מאָל בעשפּראָכען, איהר געגעבען אַ גרעסערע מעגליכקייט צו ענטוויקלען איהר האַנדעל און איהר שיף־פאָהרעריי.

אויף דיעזען אָרט האָבען די אייראָפּעאישע האַנדעלס־שטעדט דורך די קרייץ־ציגע געגרינדעט האַנדעלס־צענטרען אין פיעלע וויכטיגע ערטער אין לעוואַנט.

אהין פלעגען די אַראַבער ברייגגען די לוקסוס־זאַכען פון „וויטען מזרח“, — פון אינדיען, כינא, יאַפּאַן: וויא געווירצען, דראָגען, זייד־וואַרג, פּערל, עלפאַנט־ביין א. ז. וו. די איטאַליענישע סוחרים זיינען דאָרט מיט דיעזע אַלע סחורות בעסער בעקאַנט געוואָרען און האָבען זיי פון דאָרטען געפיהרט נאָך די אייראָפּעאישע לענדער. די אייראָפּעאישע אַדעליגע און גייסטליכע זיינען שטאַרק צוגעוואוינט געוואָרען צו דיעזע אַלע לוקסוס־זאַכען און וואָס ווייטער האָבען זיי זיי געברויכט אַלץ מעהרער, און די סוחרים האָבען געמאַכט אַלץ בעסערע געשעפטען.

די קרייץ־ציגע גופא, מיט זייערע ריעזיגע אויסגאַבען, האָבען אויך רייך געמאַכט די סוחרים. קאָנטראַקטאָרס, פּאָדריאַטשיקעס, וועלכע האָבען צוגעשטעלט פּראָוויאַנט, שיפען, געוועהר פאַר אַזעלכע אַרמייען אויף אַזעלכע ווייטע וועגען, זיינען אָנגעשאָטען געוואָרען מיט גאָלד דערפון.

די אמת'ע נוץ פון די „הייליגע“ מלחמות האָט אַלזאָ געהאַט ניט גאָט, נור דער נייער סוחרים־קלאַסס.

זיי זיינען אָבער וויכטיג געווען פאַר דער ענטוויקלונג פון אייראָפּאַ בכלל אויך. פיעלע טויזענדער פון די „קרייץ־פאָהרער“ זיינען געווען פון פערוואָרפענע דערפלעך. זיי האָבען דערזעהן אַ וועלט. זיי זיינען

*) אזוי רופט מען דעם געגענד אַרום דעם מזרח זייט פון דעם מיטעללענדישען ים, הויפּטזעכליך אויף קליין־אזיען.

געקומען אין בעריהרונג מיט דיא אַראַבער וועלכע זיינען געווען פיעל העכער ענטוויקעלט וויא דיא קריסטען. זיי האָבען זיך דערוואוסט פון אינדיען, פון פערשיעדענע לענדער און זאכען. וואָס זיי האָבען געזעהן און געהערט האָבען זיי איבערדערצייילט אין דער היים. איבערהויפּט איז דער פערקעהר געוואָרען גרעסער. מענשען האָבען אָנגעהויבען מעהר צו וויסען, מעהר צו דאַרפען האָבען. עס האָט זיך געפאָדערט פיעל מעהר סחורות וויא פריהער. און דער רעזולטאַט איז געווען, אז דיא שטעדט זיינען שנעלער געוואַקסען, און אין זיי זיינען געוואַקסען דיא אינדוסטריע און דער מסחור.

אָדער בעטראַכט דעם פאָלגענדען פּונקט: פאַר דיא קרייץ־ציגע זיינען אין אייראָפּאַ געווען גאַנץ ווייניג און גאַנץ שלעכטע וועגען. דער אַלטער רוים האָט איבער זיין גאַנצע אימפּעריע געלייגט פיעלע וועגען, פעסט־געבויטע, ריעזיגע און מערקווירדיגע. ווען זיין מאַכט איז אָבער געפאַלען, זיינען דיעזע וועגען מייסטענס צושטערט און פאַרוואַקסען געוואָרען. דיא מאַיאָנטקעס און דערפער זיינען ניט גע־ווען פערבונדען. זיי זיינען געווען צווייט און צו־וואָרפען איבער שטרעקעס פון ווילדע פעלדער, לאָנקעס און וועלדער. דער פערקעהר צווישען זיי איז געגאַנגען זעהר שווער. עס זיינען אָבער אָנגעקומען דיא קרייץ־ציגע און מען האָט געמוזט צופערטיגען וועגען פאַר גאָט'ס אַרמייען. מען האָט בענייט דיא אַלטע רוימישע וועגען און מען האָט געלייגט פיעלע נייע. אויף דיעזען אַרט זיינען דיא פערשיעדענע גע־גענדען צוזאַמענגעבונדען געוואָרען. דער פערקעהר איז אונגעהייער לייכטער געוואָרען. קורץ, דיא וועגען, וואָס מען האָט געבויט פאַר גאָט, זיינען געווען זעהר ניצליך פאַר מענשען.

דורך דעם האַנדעל מיט'ן ווייטען מזרח און דעם ענטוויקעלטען האַנדעל איבערהויפּט האָבען איטאַליענישע און אַנדערע שטעדט ענט־וויקעלט ביי זיך פערשיעדענע נייע אינדוסטריען. ווענעציע, צום ביישפּיעל, האָט איינגעפיהרט דיא זייד־אינדוסטריע און דיא פּראָדוק־ציאָן פון גלאָז און קאָסטבאַרע מעטאַל־וואַרג. גענוא האָט פאַבריצירט געוועהר, קוילען, פּולווער. פלאָרענציע האָט זיך ספּעציאַליזירט אין וועבעריי, אין פאַרבען טייערע טוכען א. ז. וו.

און וואָס גרעסער און רייכער עס זיינען געוואָרען דיא שטעדט, וואָס מעכטיגער עס זיינען געוואָרען דיא געשעפטס־לייט, אַלץ מעהר

בויערן זיינען אָבגעריסען געוואָרען פון פאנסטשינע און פער־וואנדעלט געוואָרען אין שטאָדט־לייט. דיא לייב־אייגענשאפט סיס־טעם איז אויף פערשיעדענע ארטען אָבגעשוואכט געוואָרען.

דריי קרייצ־ציגע האָבען אויף דיעזען ארט אינדירעקט געדיענט דיא אינטערעסען פון דעם האנדעלס־קלאסס. דאָן איז פאָרגעקומען א פערטער קרייצ־צוג און דיעזער איז שוין לכתחילה געמאכט געוואָרען „פאר ביזנעס“, — צוליעב דיא אינטערעסען פון דיא ווענעציאנער סוחרים. דיא אטאקע איז פון זיי אָנגעפיהרט געוואָרען ניט אויף א מאהאָמעדאנישע שטאָדט נור אויף דיא הייליגע אַלטע קריסטליכע שטאָדט. זיי האָבען געמאכט א בלוטיגען בעפאלל אויף דיא רייכע הויפט־שטאָדט פון דער דאמאָלסדיגער גריכישער אימפעריע, קאָנסטאנ־טינאָפאָל, אום צו שעדיגען דיא סוחרים פון גענוא, זייערע קאָנקורענ־טען, וועלכע האָבען דורך דאָרטען געהאנדעלט מיט׳ן וייטען מזרח.

מיר האָבען דאָ בעמערקט, וואָס פאר א נוצען דיא אייראָפּעער האָבען געהאט פון דיא אראבער, וועלכע זיינען דאן געשטאנען אויף א העכערען שטאפעל וויא זיי. אזוי וויא דיא אראבער האָבען דאן געשפיעלט א גרויסע ראָלע אין דער ציוויליזירטער וועלט און אונז וועט נאָך אויסקומען מיט זיי זיך צו בעגעגענען, וועלען מיר דאָ זאָגען נאָך א פּאָר ווערטער וועגען זיי.

זיי האָבען פערנומען גרויסע שטיקער לאנד אין קליין־אזיען, פערסיען און אזש אין אינדיען. אין אפריקא זיינען זיי דערגאנגען ביז דעם מאדאגאסקאר אינזעל אָדער „לבנה אינזעל“, וויא ער פלעגט הייסען. זיי האָבען פערנומען דעם גאנצען צפון פון אפריקא, עגיפטען אריינגערעכענט, און פון דאָרטען זיינען זיי אריבער דיא גיבראלטאר־שטראססע און ערָאָבערט שפאניען.

זיי זיינען געווען א געמישטער פאָלק און אין אפריקא, פון וואנען זיי זיינען אריבער אין שפאניען, האָבען זיי געהאט א היבשע ביסעל נעגער־בלוט אין זייערע אָדערען. א חוץ אראבער רופט מען זיי אין דער געשיכטע אויף סאראצענער און מ אָ ה ר ע ן אָדער מ ו ר י נ ע ן*).

*) מורינען הייסען הויפטזעכליך די מאהאָמעדאנער, וואָס וואוינען אין מאָראָקאָ, אויף דעם אפריקאנישען זייט פון דעם גיבראלטארישען מעער־איינג, און דיא וואָס האָבען אין מיטעלאלטער איינגענומען שפאניען.

דיעזע ענערגישע, מעכטיגע מאהאָמעדאַנער האָבען שטאַרק ענטוויי־קעלט און פערשפּרייט זייער האַנדעל, און דאָס האָט זיי געפיהרט צו גייסטיגען פאָרטשריט אויך. אין מיטעל־אַלטער זיינען זיי און דיא אידען געווען די וויכטיגסטע טרעגער פון בילדונג. וועהרענד די קריס־טען זיינען געווען פערזונקען אין אונוויסענהייט, האָבען דיא אַראַבער שטודירט די גריכישע פילאָזאָפיע און וויסענשאַפטען; אויך האָבען זיי אַליין אויפגעטאָן וויכטיגע זאַכען פאַר דער וויסענשאַפט. צום ביי־שפּיעל: דיא ציפער, וועלכע מיר שרייבען, איבערהויפּט אונזער סיסטעם צו שרייבען צאָהלען, האָבען מיר פון דיעזע אַראַבער*). אויך האָבען זיי געשאַפען אַלגעבראַ, און זיי האָבען געוואוסט פון דעם קאָמ־פּאַס פריהער וויא דיא קריסטען.

אין דעם 10־טען יאָהר־הונדערט, ווען דיא קריסטען פון אייראָפּאַ זיינען געלעגען אין דיא טיעפעניסען פון פינסטערנים, האָבען דיא מורי־נען פון שפּאַניען דערגרייכט אַ הויכע שטופע פון בילדונג. אין דער שטאָדט קאָרדאָוואַ האָבען זיי געהאַט אַן אוניווערסיטעט, וואו טויזענ־דער סטודענטען האָבען געלערענט גריכישע ליטעראַטור און וויסענ־שאַפט, וועהרענד אין דיא קריסטליכע לענדער האָבען אין דיעזער צייט אפילו גלחים נאָך קוים געקענט שרייבען.**) זיי האָבען געהאַט פּרעכ־טיגע טעמפּלען און פּאַלאַצען, ענטוויקעלטע מלאכות און אַ בליהענדע אַגריקולטור.

שפּעטער האָבען קריסטליכע שפּאַניער גענומען קעמפּפען געגען די מורינען, וועלכע זיינען פיעל אָבגעשוואַכט געוואָרען פון אַטאַקען וואָס עס האָבען אויף זיי געמאַכט ניי־אַריבערגעקומענע מאהאָמעדאַנער. שטיקלעך־וויוז האָבען די קריסטען ביי זיי צוריק צוגענומען די לאַנד. אָבער אין מיטען פון דעם 15טען יאָהר־הונדערט האָבען דיא מורינען אָדער אַראַבער דאָרטען נאָך געהאַט אַ היבשע מלוכה. וויא מיר וועלען זעהן, איז זייער ענדליכע פערניכטונג אַלס אַ מאַכט אין שפּאַניען פאָרגעקומען אין דיא זעלבע פּאָר יאָהר, ווען קאָלומבוס האָט ענטדעקט

*) די ציפער, וועלכע שטעהען געוועהנליך אויף אַ זייגער אָדער צו צייגען דעם נומער פון אַ קאַפּיטעל, זיינען רוימישע. די אַראַבישע צאָהל־סיסטעם איז נאַטירליך אַ פיעל בעקוועמערע.

**) די ערשטע קריסטליכע אוניווערסיטעטען זיינען געגרינדעט גע־וואָרען אַ פּאָר הונדערט יאָהר שפּעטער.

אמעריקא און דיא שפּאַנישע אידען זיינען ארויסגעטריבען געוואָרען פון זייער פאָטערלאַנד.

וואָס אנבעטרעפט דיא אידען פון איירָאָפּא, איז דער פּעריאָד, וועגען וועלכען מיר דיידען דאָ, אַ פּעריאָד פון דיא ווילדעסטע פערפּאָלגונגען. פאַר זיי איז דער 13־טער, 14־טער און 15־טער יאָהרהונדערט דיא פינסטערסטע פון אַלע פינסטערע, און קיין זאַך גיט ניט אזא העלען בילד פון דעם כאַראַקטער פון יענער צייט וויא דער ארט וויא אַזוי מען האָט זיי דאַן בעהאַנדעלט.

דורך דעם וואוקס פון ענטוויקלונג האָבען זיך גענומען בעווייזען דיינקענדע מענשען. דאָס איז אָבער געווען צווישען דיא געבילדעטע. דיא מאַסען זיינען נאָך אבערגלויביגער געוואָרען. דורך דיא קרייצציגע האָט זיך דער פאַנאַטיזמוס ביי זיי צוברענט, און דאָס הייסט אַז דער איד איז געווען אין אַ גרעסערע געפאַהר. דיא פערפאָלגונגען זיינען אָבער זעלטען געקומען דירעקט דורך דעם פאַנאַטיזמוס פון דיא פאָלקס־מאַסען. דיא לעצטע זיינען געוועהנליך געווען געצייג אין דיא הענט פון אימיצען, וועלכער האָט געהאַט אַן אַנדער אורזאַכע דיא אידישע בלוט צו פערגיסען.

ביי דיא גלחים זיינען דיא אידען געווען טריף אַלס פערשפּרייטער פון ליכט. דזשאָהן דרייפּער אין זיין „גייסטיגע ענטוויקלונג פון איירָאָפּאַ“ גיט אָפּ פיעל פּלאַץ אָנצואווייזען אויף דיא אידישע דאָקטוירים פון יענע צייטען אַלס כמעט דיא איינציגע טרעגער פון וויסענשאַפט און איבערהויפּט פון געדאַנקען וועלכע זיינען געווען אַ געפאַהר פאַר דעם אבערגלויבען. טיילווייז האָבען דיא אידען דאָס גענומען ביי דיא אַראַבער; אָבער דיא אַראַבער אַליין האָבען אין איירָאָפּאַ געוואוינט אין אַ בעזונדערע מלוכה, וועהרענד דיא אידען זיינען געווען צוזיימט איבער דיא קריסטליכע אַזוי גוט וויא איבער דיא מאַהאָמעדאַנישע לענדער. כמעט דיא גאַנצע מעדיצין איז געווען אין אידישע הענט, און דיא אידישע דאָקטוירים זיינען מייסטענס אויך געווען תלמודיסטען און געלעהרטע אין וועלטליכע וויסענשאַפטען. מיט דעם גופא האָבען זיי שוין געשטערט דעם איינקונפט פון דיא גלחים, וועלכע האָבען געהיילט קראַנקע מיט תפילות, מיט דיא ביינער פון זייערע געשטאָרבענע „הייליגע“ א. ז. וו.

אָבער אַ חוץ דעם זיינען דיא אידען דער קירכע געווען וויא אַ בעלמע אויף אַן אויג איינפאַך אַלס אַ לעבעדיגער ביישפּיעל פון ניט־גלויבען אין דער קריסטליכער רעליגיאָן.

אין פיעלע פלעצער האָט מען דעם אידען ניט צוגעלאָזען צו קיין מלאכות, אין דיא אינטערעסען פון דיא קריסטליכע ווערק־מייסטערס. מען האָט איהם ערלויבט בלויז זיך צו בעשעפטיגען מיט קליין־האַנדעל און מיט געבען געלט אויף פּראָצענט. דער איד האָט צו יעדער צייט זיך געקענט ריכטען, אַז מען וועט איהם אַרויסטרייבען אָדער אַז ער וועט אַליין מוזען אַנטלויפען ; ער האָט דעריבער וועניג געטראַכט וועגען איינקויפען זאַכען וואָס מען קען ניט מיטנעהמען. ער האָט געשטרעבט וויא ווייט מעגליך אַלץ צו פערוואַנדלען אין באַרעס געלט ; אויף דיעזען אַרט האָט זיך ביי איהם ענטוויקעלט דער האַנדעל מיט געלט.

אין דער צייט ווען עס האָבען זיך גענומען ענטוויקלען דיא שטעדט איז אויך געוואַקסען דיא בעדירפניס אין געלט. דער איד, אַלס דער געלט־מענש, איז דאַן זעהר וויכטיג געווען צו דעם וואוקס פון דיא געשעפטען. אַ שטילע רעוואָלוציאָן איז ביסלעך־ווייז פאָרגעקומען : אַנשטאָט זיך צו בענוגענען מיט דיא אייגענע פּראָדוקטען, וויא פריהער, האָט מען זיך אַלץ מעהר גענויטיגט אין פּראָדוקטען פון שטאָדט, וואו זיי זיינען געמאַכט געוואָרען אויף דיא וואַרשטאַטען אָדער וואוהין מען האָט זיי אימפּאָרטירט פון אַנדערע לענדער. וואָס מעהר עס זיינען געוואַקסען דיא בעדירפניסע, אַלץ מעהר פּראָדוקטען זיינען פערוואַנדעלט געוואָרען אין ס ח ו ר ו ת. צו דעם וואַקסענדען ב י י ט איז אַלץ נויטיגער געוואָרען געלט. דיא קאָרען פון דעם פראַנצויזי־שען פריץ, צום ביישפּיעל, קען מען ניט שלעפּען אַזש אין קליין אזיען אָדער עגיפּטען, אום דאָס אויסצובייטען אויף דיא געווירצען, וועלכע דיא דאָרטיגע אַראַבער האָבען געבראַכט פון אינדיען. מען מוז פאַר דיא געווירצען צאָהלען מיט געלט, — מיט גאָלד אָדער זילבער. און אפילו דער פראַנצויזישער זיידען־סוחר, וועלכער אימפּאָרטירט זיין וואַאַרע פון איטאַליען, קען אויך נאָך איטאַליען ניט פיהרען קיין פראַנ־צויזישע תבואה. ער וועט ביי דעם פראַנצויזישען פריץ אויף פאָדערען געלט פאַר זיין סחורה. פּראָדוקטען ווערען אַלזאָ אַלץ עפטער פער־

וואנדעלט אין סחורות. און געלד ווערט אלץ וויכטיגער אין דעם בייט פון סחורות.

דיזע שטילע רעוואָלוציאָן, דער איבערגאנג פון פּראָדוקט־צאָהלונג צו געלט־צאָהלונג איז געווען דער אָנפאנג פון דעם לאנגזאמען איבערגאנג פון דער פעאָדאלער וועלט צו דער קאפּיטאלי־סטישער. דיא קאפּיטאליסטישע וועלט איז א וועלט פון סחורות (פאבריקען שאַפען זייערע מאססען פּראָדוקטען ניט פאר דעם געברויך פון זייערע בעלי־בתים, נור פאר'ן מארק); און אָהן דעם געלד־צאָה־לונג־סיסטעם וואלט זיא אונמעגליך געווען. פערבייגעהענדיג, לאָמיר בעמערקען, אז דיא קרייץ־ציגע האָבען דאָ דירעקט אויך א וויכטיגע ראָלע געשפּיעלט: צו דיזע ריעזיגע עקספּעדיציעס נאָך ווייטע פרעמדע לענדער איז נויטיג געווען א סך געלט. און דאָס האָט פיעל בייגעהאָלפען, אז דער געברויך פון געלד זאָל ווערען אלגעמיין.

אין דער ענטוויקלונגס־געשיכטע פון דער מענשהייט איז דאָס א וויכטיגער קאפּיטעל; און דער איד האָט אין איהם א גרויסע בעדייטונג.

דיא קעניגע זיינען אויך גערען געווען זייערע צינזען צו בעקומען ניט מיט פּראָדוקטען נור מיט געלט. דערביי זיינען זיי נויטיג געווען אידען, און מיר זעהען וויא ווילהעלם דער זיעגער, נעמט נאָך ענגלאנד עטליכע אידען אום זיי זאָלען מעגליך מאכען דיא געלט־סיסטעם (אין צינזען זאמלעריי) אין דער לאנד, וואָס ער איז געגאנגען איינ־נעהמען. און דיא אידען האָבען אין ענגלאנד באלד דערגרייכט גרויסע עשירות. ווען דיא געלט־סיסטעם איז אָבער שוין ענטוויקעלט געוואָרען און מען האָט זיי שוין ניט בעדארפט, האָט מען זיי פון דאָרטען ארויס־געטריבען.

דיא הולטייסקע פּריצים אָדער גלחים אָדער געשעפטס־לייט וועלכע האָבען זיך גענויטיגט אין מזומן האָבען דאָס געקראָגען ביי דיא אידען און האָבען זיי געהאסט פאר דיזע בעשעפטיגונג, צו וועלכע זיי אליין האָבען זיי געטריבען. דער איד וואָס האָט אויסגעליהען זיין געלט, האָט ריזיקירט צו מוזען אנטלויפען פון א שחיטה איידער ער וועט זיין חוב איינמאָנען. פאר זיין ריזיקע האָט ער נאטירליך בעקומען בעצאָלט אין דער פאָרמע פון פּראָצענט; און ווען דער פּראָצענטניק איז רייך געוואָרען, האָט ער ארויסגערופען קנאה און האס, און איז ווידער געווען אין געפאהר. דער קעניג און דיא פּריצים האָבען זיך

בענוצט מיט זיין לאַנגע און געצאַפּט זיין בלוט פאַר ערלויבען איהם צו אָטהעמען. אַנדערע פּריצים האָבען געמאַכט פּאָגראָמען איינפאַך אום דיא אידען צו בערויבען. דיא פינסטערע פאָלקס־מאַסען, אויפגעהעצט פון גלחים אָדער פּריצים, האָבען געבושעוועט איבער דעם שטיף־קינד־פאָלק וויא דיא ווילדע חיות.

מען האָט זיי געטריבען, ערנידעריגט, געשאָכטען, געברענט און געמוטשעט כמעט איבער גאַנץ אייראָפּאַ. מען האָט זיי געצוואונגען צו וואוינען אין ספּעציעלע קווארטאַלען און צו טראָגען ספּעציעלע היטלען און צייכענס, כדי מען זאָל יעדען פון זיי דערקענען אז ער איז אַ איד, אום מען זאָל איהם קענען אויסשפּאָטען, שימפּפען, שלאָגען, טרעטען אונטער דיא פיס, טרעטען אויף זיינע איידעלסטע געפיהלען.

ביי דעם ענד פון דעם 13־טען יאָהר־הונדערט האָט מען ארויסגע־טריבען אַלע אידען פון ענגלאַנד; ביי דעם ענד פון דעם 14־טען יאָהר־הונדערט האָט מען ארויסגעטריבען אַלע אידען פון פראַנקרייך און מיר וועלען זעהן, אז ביי דעם ענד פון דעם 15־טען יאָהר־הונדערט האָט מען ארויסגעטריבען אַלע אידען פון שפּאַניען און פּאָרטוגאַל. פון דייטשלאַנד האָט מען זיי ניט ארויסגעטריבען, אָבער דאָרטען איז זייער לאַגע געווען נאָך ערגער וויא אין דיא אַנגערופענע לענדער. בלוטיגע פּאָגראָמען, געגען וועלכע דיא שרעקען פון דער קעשענעווער שחיטה זיינען אַ קלייניגקייט, זיינען דאָרט געווען אַ גאַנץ געוועהנליכע זאַך.

אין שטאָדט נאָך שטאָדט האָט מען אָנגעצונדען די שוהל, ווען זיא איז געווען פול מיט אידען, און זיי אַלעמען פערברענט, אָדער אז ניט, האָט מען זיי ארייגעטריבען אין אַ גרויסען שטאַהל און אָנגע־צונדען דעם שטאַהל. גאַנצע אידישע קהלות זיינען אומגעבראַכט געוואָרען אין צעהנדליגע און הונדערטע פלעצער.

מען האָט אויסגעטראַכט אַלערליי אַבערגלויבערשע בלבולים געגען זיי אַלס אַ תירוץ זיי צו פערלענדען, — צום ביישפּיעל, אז זיי גנב'ענען פון דיא קירכען דיא „הייליגע" קיכעל, וועלכע שטעלט מיט זיך פאַר יעזוס'עס פלייש, און שטעכען איהר אַזוי לאַנג, ביז עס געהט יעזוס'עס בלוט. און דיא פאַנאַטישע פינסטערע מאַסע האָט געגלויבט און מיט אַ טהירישע נקמה־דורשט זיך אַ וואָרף געטאָן קוילען און ברענען דיא „שולדיגע". אז אידען גנב'ען קריסטליכע קינדער זיי צו הרג'ען אויף בלוט צו מצה (עלילת דם) — דאָס איז געווען דיא געוועהנ־

ליכסטע בעשולדיגונג, פאַר וועלכע טויזענדער אידען האָבען פערלאָרען זייער היים און זייערע לעבענס.

אין 1348 האָט זיך איבער אייראָפּאַ פון אזיען פערשפּרייט דער זאָ גענאַנטער „שוואַרצער טויט“ — אַ שוידערליכע מגפה, פון וועלכע עס זיינען אויסגעפאַלען גאַנצע שטעדט און קרייזען, ביז אין צוויי־דריי יאָהר צייט איז אויסגעשטאָרבען כמעט אַ העלפט פון דער אייראָפּעאישער בעפעלקערונג. גלייך האָט מען בעשולדיגט דיא אידען, אַז זיי האָבען דאָס דעם אונגליק אַרויסגערופען, — אַז זיי האָבען פערגיפטעט דיא ברינימער און טייכען אום דיא קריסטען צו טוידטען. און דער פינסטערער עולם האָט געגלויבט, און וויעדער האָבען געשטראָמט טייכען אידישע בלוט. אין בייערן און עלזאַס האָט מען אידען מאַכען־ווייז דערטרונקען, פערברענט, בערויבט. דיא קריסטען פון סטראַסבורג האָבען צוויי טויזענד אידען אַרויפגעטריבען אויף׳ן בית־עולם, אַלעמען פערברענט, און זייער אייגענטהום צוטיילט צווישען זיך. אין וואָרמס האָט דער שטאָדט־ראַטה בעשלאָסען צו פערברענען אַלע אידען, נור דיא אונגליקליכע האָבען אליין אונטערגעצונדען זייערע הייזער און זיך אַריינגעוואָרפען אין דיא פלאַמען, בעסער אומצוקומען פון זייערע אייגענע הענט איידער פון דיא הענט פון זייערע רוצחים. און דאָס זעלבע איז געוועזען אין פראַנקפורט, אין אָפּפענהיים און אַנדערע שטעדט אין יענעם געגענד. אין מאַינץ האָבען זיך אייניגע אידען בעוואַפענט און זיך פערטיידיגט. פון זייערע הענט זיינען געפאַלען 200 קריסטען. ענדליך זיינען זיי אָבער בעזיעגט געוואָרען, און דאַן האָבען זיך פיעלע אידען אליין פערברענט מיט זייערע הייזער מיט אַלעמען, ביז אין סך הכל זיינען אומגעקומען ביי זעקס טויזענד אידישע נפשות. אַן עהנליכע טראַגעדיע האָט זיך אָבגעשפּיעלט אין קעלן, וואו עס איז ניט איבער־געבליבען קיין איינציגער איד.

אין אָנפאַנג פון דעם 15־טען יאָהר־הונדערט, ווען אין בעהמען, דייטשלאַנד און עסטרייך האָט זיך פערשפּרייט דיא רעפאָרם־בעוועגונג פון דיא גוססיטען, און דיא קאַטוילישע קירכע האָט איהר בעקעמפּפט, מיט פייער און שווערד (זעה וויטער, זייטעל 611) איז דער איד וויעדער געווען דער שעיר לעזאזל; מען האָט דיא אידען בעשולדיגט, אַז דורך זייער „אַפּיקורסישען“ איינפלוס האָט זיך דאָס גענומען דער פּראָטעסט געגען דער רוימישער רעליגיאָן; און וויעדער

האָט מען פערגאָסען אידיש בלוט טייכען־ווייז. אָבער ניט בלויז ווען עס האָט זיך געמאַכט אַזאַ בעוועגונג אָדער אַן אַלגעמיינער אונגליק האָט מען זיך מיט זיי אָבגערעכענט אויף דיעזען טייפלישען אופן. יעדען טאָג, יעדע מינוט איז דער איד געווען אין געפאַהר פון א שחיטה. אַט איז א כאַראַקטערנער ביישפּיעל:

אין פּראַג האָבען אידישע אינגלעך זיך געשפּיעלט מיט זאַמד. גראַד איז פערבייגעגאַנגען א גלח, און איינער פון דיא אינגלעך האָט אונגערען מיט דיא זאַמד געטראָפען אין זיין ראָק. פון דיא זאַמד זיינען געוואָרען שטיינער, וועלכע דיא אידען האָבען אין דעם גלח געוואָרפען — אַזוי האָט דער גלח דערצעהלט. מעהר וויא דאָס האָט מען ניט בעדאַרפט. עס זיינען זיך צוזאַמענגעלאָפען קריסטען מיט העק, רידלען אָדער ווידלעס און מען האָט דיא אידען פאָרגעלייגט זיך צו שמד'ען. אַזוי וויא זיי האָבען זיך ענטזאַגט, איז געוואָרען א מענשען־יאַטקע, אין וועלכע מען האָט אין איין מעת־לעת אויסגעה'רג'עט ביז זעקס טויזענד אידען אויף דיא שוידערליכסטע אופנים. דער רב פון שטאָדט האָט זיך אַליין געטוידט, און פיעלע האָבען נאָכגעטאָן זיין ביישפּיעל. דיא שוהל האָבען דיא פּאָגראָמשטשיקעס פערברענט, דיא ספרי־תורות און דיא קברים פון דעם אידישען בית עולם צופליקט און צוטראָטען. עהנליכע סצענעס זיינען באַלד פּאָרגעקומען אין אַרומיגע שטעדט. און דאָס אַלעס איז ניט מעהר וויא א ביישפּיעל. אַזעלכע הריגות און ווילדע רציחות, אין אַלערליי פאָרמען, האָבען אויסגעבראָכען אין פערשיעדענע אַנדערע ערטער און צייטען, אין דיא גאַנצע דריי יאָהר־הונדערטע, וועגען וועלכע מיר ריידען דאָ.

אָבער אָהן דיא אידען איז שווער געווען אויסצוקומען. דער אידישער פּראָצענטניק איז געווען דער פערוואַנדלער פון דער אַלטער בייט־סיסטעם אין דער נייער געלד־סיסטעם, וועלכע איז נויטיג געווען צו דער נייער צייט. ער איז אויך געווען, זאָ צו זאָגען, דיא דאַמאַלסדיגע פאָרמע פון באַנק־געשעפט. אָהן דעם אידען'ס קאַפּיטאַל און אָהן זיינע פעהיגקייטען און ענערגיע, האָבען זיך אָבגעשטעלט דיא געשעפטען. דיא רעגיערונגען האָבען געזעהן אַז עס פעהלט זיי צינזען. דיא קעניגע און דיא פּריצים — אַז זיי האָבען פערלאָרען א מעלקעדיגע קוה. און אַזוי האָט אָפט געטראָפען, דאָס נאָך דעם וויא מען האָט אויסגעה'רג'עט אָדער פער־

יאָגט אַלע אידען פון א שטאָדט, האָט מען זיך געבעטען אז זיי אָדער זייערע ברידער זאָלען קומען צוריק.

עס וואָלט געווען אַן אונזין פאָרצושטעלען דיא אידישע פּראָצענט־ניקעס אַלס צדיקים. זיי זיינען אָפט געווען הארצלאָזע בלוט־צאפּערס, און ווען דיא קעניגע פלעגען זיי מאכען פאר זייערע צינזען־זאמלער, האָבען זיי ניט זעלטען כשר פערדיענט דעם נאָמען „פּיאווקעס", מיט וועלכען מען האָט זיי גערופען. אין דיא ערטער וואו א היבשע צאָהל אידען האָבען געהאט גרויסע רייכטהימער, וויא אין שפּאניען צום ביישפּיעל, האָבען דיעזע זיך ווייט ניט אימער אויפגעפיהרט סימפּאָ־טיש, און זייערע אָרימערע ברידער האָבען געליטען פון דעם ספּעציעלען האַס, וועלכע זיי האָבען ערוועקט. דיא רייך־געוואָרענע אידען האָבען אויך גיכער זיך געטויפט (אום אויסצומיידען פערפאָלגונגען) וויא דיא אָרימע אידען. אויף דיעזען ארט זעהען מיר, אז אין שפּאניען איז דיא צאָהל פון אנוסים (איבער־געוואלט געטויפטע) זעהר גרויס, וועהרענד אין דייטשלאנד, וואו זייערע ברידער זיינען געווען אין א פיעל ערגערע עקאָנאָמישע לאגע, איז אזא זאך, ווי רעטען זיך דורך שמד, א זעלטענע ערשיינונג; אז דאָרטען האָבען דיא אידען אַלע ווילע זיך בעוויזען אַלס אמת'ע העלדען, אז זיי האָבען בעסער פערטראָגען דיא שרעקליכסטע יסורים און טוידטען איידער אויפצוגעבען זייער רעליגיאָן.

אבער דיא אונסימפּאטישע זייט פון דעם אידישען פּראָצענטניק אָדער צינזען־זאמלער האָט קיין שום שייכות ניט געהאט צו דעם אַלגעמיינעם אידישען כאראקטער. עס איז געווען דער רעזולטאט פון דיא אוננאטירליכע בעדינגונגען פון דעם אידענס עקזיסטענץ. מען האָט איהם געמאכט פאר א פּראָצענטניק.

און נאָך אַלעמען, זיינען דיא אידישע פּראָצענטניקעס און הענדלער געווען צווישען דיא וויכטיגסטע קרעפטען אין דער עקאָנאָ־מישער ענטוויקלונג פון אייראָפּא, פּונקט וויא זייערע געלעהרטע זיינען געווען צווישען דיא וויכטיגסטע קרעפטען אין איהר גייסטיגען פּראָ־גרעס. אין גייסטיגער הינזיכט זיינען אידען בכלל געשטאנען מיט פיעל קעפּ העכער פאר קריסטען. אין א צייט, ווען אפילו אין דיא שטעדט איז געווען שווער צו געפינען א קריסט וואָס קען לעזען און שרייבען, איז פּונקט אזוי שווער געווען צו געפינען א אידען וואָס האָט

ניט געקענט לעזען העברעאיש, וועניגסטענס, און דאָס רוב פון זיי האָבען אויך געלעזען און געשריעבען דיא שפּראַך פון זייערע קריסט־ליכע שכנים — אין שפּאַניען שפּאַניש אָדער אַראַביש, אָדערביידע, אין דייטשלאַנד דייטש (הגם דייטש האָבען זיי מייסטענס געשריעבען מיט זייערע העברעאישע בוכשטאַבען). מיר רעדען שוין דאָ ניט פון דיא גרויסע צאָהל לומדים, אָדער וועלטליך געלעהרטע, וועלכע דיא אידישע קהילות האָבען ענטהאַלטען.

שפּאַניען און דייטשלאַנד זיינען דאַן געווען דיא צוויי צענטרען פון אידישען לעבען. דער אונטערשיעד צווישען זיי איז אין דיזער בעציהונג אבער געווען אַ גרויסער. אין שפּאַניען, וויא מיר האָבען שוין בעמערקט, האָט זיך דיא אידען (אין רוהיגע צייטען) געלעבט פיעל בעסער. זיי האָבען געשפּיעלט וויכטיגע ראָלעס אין דער געזעל־שאַפט, זאָגאַר אין דעם קעניגליכען הויף. זיי האָבען פערנומען הויכע רעגיערונגס־שטעלען און פיעלע פון זיי זיינען געווען רייך. זיי האָבען געהאַט אַ גרויסע צאָהל גרויסע רבנים, חריפים, תלמודיסטען, העברע־אישע שרייבער, אבער פיעלע פון דיעזע זיינען צו דערזעלבער צייט געווען הויך־געבילדעטע מענשען, וויסענשאַפטס־מענער, דענקער, פילאָזאָפען, פּאָעטען. אין דייטשלאַנד זיינען זיי געווען אָרימער, ניעדערגעשלאָגענער. דאָרטען זיינען דיא אידען פיעל וועניגער געווען געבילדעט אין דעם וועלטליכען זינן פון דעם וואָרט. זייערע צרות, אָבגעזונדערטקייט און פאַרטריבענקייט האָט געבראַכט דערצו, אַז זיי האָבען אַלע זייערע גייסטיגע קרעפטען אָבגעגעבען צו זייערע אייגענע אידישע ספרים, צו דער גמרא.

אין שפּאַניען איז פאָרגעקומען אַ קאַמפּף צווישען אַ ליבעראַלערע ריכטונג אין יודענטהום און אַ קאָנסערוואַטיווערע; אַ פרייערער געדאַנק האָט זיך געראַנגעלט מיט דעם אַלטען רעליגיעזען אבער־גלויבען. אין דייטשלאַנד איז אזא קאַמפּף כמעט ניט געווען.

אי פון שפּאַניען אי פון דייטשלאַנד זיינען דאַן אַרויסגעקומען איינִיגע פון דיא וויכטיגסטע און שאַרפסטע פּרושים אויף דער גמרא, און אנדערע חבורים, וועלכע אידען לערנען און האַלטען הייליג עד היום. אבער אין שפּאַניען זיינען אַ חוץ דעם פון אידען געשריעבען געוואָרען וויסענשאַפטליכע אָדער ליטעראַרישע ווערק.

דיא אידען פון פּוילען — דאָס הייסט דיא היינטיגע רוסיש־פּוילען,

גאליציען און פאזען — האבען נאך דאן קיין וויכטיגע ראלע אין דעם אלגעמיינעם אידישען לעבען ניט געשפיעלט. זיי זיינען אהין מייסטענס געקומען פון דייטשלאנד, פון וואנען זיי האבען עמיגרירט מאסענווייז, אום צו ענטרינען פון דיא שחיטות מיט דיא פערשיעדענע אונטער־דריקונגען, פונקט וויא היינט עמיגרירען זיי פון א קעשענעוו, קיעוו, יעקאטערינאסלאוו אדער ביאליסטאק נאך אמעריקא. זיי האבען אהין געבראכט זייער אידיש־דייטשע שפראך, פון וועלכע עס האט זיך אויס־געארבייט אונזער אידיש, וועלכע מיר שרייבען מיט העברעאישע בוכשטאבען, וויא זיי פלעגען טאן. דיא דייטש־אידישע עמיגראנטען האבען נאך פוילען מיטגענומען זייער רעליגיעזען פאנאטיזמוס און זייער איבערגעבענהייט צו דעם שטודיום פון תלמוד. דעם מנהג אויפצוהאלטען ישיבה־בחורים, צום ביישפיעל, וועלכער זעהט דעם היינטיגען דייטשען אידען אויס אזוי ווילד, האבען דאס זיינע עלטער־זיידעס נאך פוילען געבראכט פון דייטשלאנד.

אין פוילען האט זיך דיא אידען מייסטענס געלעבט רוהיג, הגם שפעטער האבען זיך דארטען אויך אנגעפאנגען יודען־פערפאלגונגען. נאך בעסער האט זיך זיי א היבשע צייט געלעבט אין דער ליטא, וואוהין זיי האבען אויך מייסטענס עמיגרירט פון דייטשלאנד. שפעטער איז ליטא געווארען בעהעפט מיט פוילען אויף א געוויסע צייט, הגם זיא האט זיך נאך אלץ גערעכענט פאר א בעזונדערען פירסטענטהום. דיא רעגיערונג האט געזוכט צו שיצען דיא אידען, ווייל זיי זיינען איהר געווען זעהר וויכטיג אלס פעהיגע, ענערגישע, נוצליכע איינוואוינער. פון דייטשלאנד זיינען אבער אריבערגעקומען בלוט־דורשטיגע יודען־העצערס, און זייער אגיטאציע איז ניט געבליבען אהן פרוכט. עס האבען זיך אנגעפאנגען בלבולים, פאגראמען, געזעצ־ליכע בעשרענקונגען. אין 1464 זיינען געווען פאגראמען אין קראקאוו, וואו עס זיינען אומגעקומען 30 אידען; אויך אין פאזען און אין אנדערע פוילישע שטעדט. אין 1495 (א יאהר נאך דעם ווי קאלומבוס האט ענטדעקט אמעריקא און וויא מען האט ארויסגעטריבען דיא אידען פון שפאניען) האט דער פירסט, וועלכער האט געהערשט איבער ליטא (א ברודער פון דעם פוילישען קעניג) ארויסגעטריבען אלע אידען פון זיין מדינה. ער האט דאס געטאן אום צוצונעהמען זייערע גיטער. זיי האבען זיך בעזעצט אין פוילען. אבער זעקס יאהר שפעטער, אין

1501, ווען ער האָט פון זיין ברודער גע׳ירש׳ט דיא פוילישע קרוין, האָט ער אַליין זיי ערלויבט צוריק צו קומען אויף זייערע פריהערדיגע וואָהנונגס־פּלעצער (אין גראָדנאָ, ברעסט־ליטאָווסק, טראָק, לוצק און אַנדערע שטעדט און שטעדטלעך) און האָט זיי אומגעקעהרט זייער אייגענטהום, שולען און בית עלמנ׳ס.

רוסלאַנד האָט ערשט ביי דעם ענד פון דעם 15טען יאהרהונדערט זיך בעפרייט פון דעם טאַטערשען יאָך, אונטער וועלכען זיא איז געלעגען אַרום דריי הונדערט יאהר, זינט טשינגיז כאַן האָט אין איהר אַריינגעדרונגען פון אַזיען מיט זיינע מחנות. דורך דעם און דורך אַנדערע אורזאַכען איז זיא אין דעם 15טען יאהרהונדערט געווען זעהר ווייניג ענטוויקעלט און האָט געהאַט פיעלע אַזיאַטישע זיטען און פיהרונגען. דער בעריהמטער בלוט־דורשטיגער קיסר, איוואַן דער שרעקליכער, האָט רעגיערט שפּעטער, אין דעם 16טען יאהרהונ־דערט. ביי דעם שלוס פון דעם 15טען יאהרהונדערט (ווען קאָלומבוס האָט געזוכט מיטלען צו מאַכען דיא בעריהמטע רייזע) איז רוסלאַנד אייגענטליך ערשט געבאָרען געוואָרען אַלס אַן אָרגאַניזירטער, פּער־אייניגטער שטאַאַט, מיט מאָסקווא אַלס הויפּשטאָדט. איהרע הערר־שער האָבען נאָך ניט געהייסען צאַר׳ען, נור קניאַזען. קיין אידען זיינען אין רוסלאַנד נאָך כמעט ניט געווען. אין 1470 האָט אבער דאָרטען געטראָפען אַ מערקווירדיגע געשיכטע אין וועלכע די אידישע רעליגיאָן האָט געשפּיעלט די הויפּטראָלע. איינער אַ זכריה, אַ געלעהרטער איד, איז געקומען פון קיעוו נאָך נאָווגאָראָד און נאָך איהם זיינען אַהין געקומען נאָך עטליכע אידען פון ליטא. זכריה איז בעפריינדעט געוואָרען מיט אייניגע רוסישע גלחים און האָט זיי בעקעהרט צו דער אידישער אמונה. מיט צעהן יאהר שפּעטער זיינען אַ פּאָר פון זיינע אַנהענגער געקומען נאָך מאָסקווא, און דאָרטען האָבען זיי מגייר געווען פיעלע רוסען. מען האָט דיא בעוועגונג אָנגעפאַנגען צו אונטערדריקען. פון אָנפאַנג איז געווען שווער מיט איהר זיך צו ספּראַווען. ענדליך איז זיא אבער אונטערדריקט געוואָרען, און דיא גרים האָט מען פערברענט.

אין דעם רענייסאַנס־פּעריאָד האָט זיך דיא אידען אַם בעסטען געלעבט אין איטאַליען. איהרע שטעדט, וועלכע זיינען געווען רייכע, טהעטיגע האַנדעלס־רעפּובליקען, האָבען געוואוסט וויא אָבצושעצען

דיא אידישע ענערגיע און פעהיגקייטען. זיי האָט זיך וועניג געלוינט דעם אידען צו פערפאָלגען.

נאָך לאַנג איז דיא אידען בעשערט געווען צו זיין קרבנות אויף דער וועלט. אפילו אין אונזערע צייטען, ווען בילדונג איז שוין אזוי וויט פערשפרייט, זיינען נאָך דאָ גענוג פינסטערע מענשען, וועמעס אונוויסענהייט שונאים קענען אויסנוצען צו זייערע פערזענליכע צוועקען, — קען מען זיך שוין פאָרשטעלען וויא גרינג דאָס איז אָנגעקומען דיא אידישע שונאים אין דיא צייטען, ווען אונוויסענהייט און אבערגלויבען האָבען אומעטום געהערשט.

איבערהויפט איז נאָך אונוויסענהייט און אבערגלויבען געווען שטארק גענוג פערשפרייט אפילו צווישען דיא געבילדעטסטע מענשען פון דעם 15טען יאהרהונדערט. אפילו זיי האָבען געגלויבט אין אלערליי קינדערשע „באָבע מעשיות“, אין משונה׳דיגע בעשעפעניסען, אין שטערנזעהער און אלערליי נסים.

א שריט אין דער זייט פון ליכט און אמת איז אבער אין דעם 15טען יאהרהונדערט געמאכט געוואָרען א גרויסער. דיא אַלטע מאכט פון דער קאטוילישער קירכע האָט לאַנג ניט געקענט בלייבען. עס האָט זיך געקליבען א וואָלקען אויף איהר קאָפּ. דיא אומשטענדען זיינען שוין צייטיג געווען ארויסצוברענגען דעם שטורם. און מיטלען דערצו זיינען צוגעקומען איינע נאָך דיא אנדערע.

ווער קען אָבשאצען דיא בעדייטונג פון בוכדרוקעריי אליין אלס א וואפע געגען פינסטערנים? פריהער פלעגען ביכער געשריעבען ווערען פון ספעציעלע סופרים; און וויא גיך און גוט זיי פלעגען ניט קאָפּירען, האָט דאָס דאָך פיעל געדויערט, און צו האָבען א ביבליאָטהעק איז געווען א גאַנץ אונגעוועהנליכער לוקסוס. א בוך האָט געקאָסט אַן אונגעהויערען פּרייז, און אפילו פאר געלד האָט מען אויך ניט געקענט בעקומען פיעל ביכער מיט אמאָל. דער רעזולטאַט איז געווען, אז פון ביכער האָט מען געוואוסט בלויז אין פאלאצען און קלויסטערם. ווען מען האָט זיי אָנגעפאנגען צו דרוקען *) זיינען זיי

*) דער ערשטער בוך איז געדרוקט געווען אין מאַינץ, דייטשלאַנד, אין 1455. (אין רוסלאַנד איז דער ערשטער בוך געדרוקט געווען מיט הונדערט יאָהר שפּעטער).

א סך ביליגער געוואָרען, און דאַן זיינען זיי ביסלעכווייז ערשיענען אין פיעלע הייזער. דאָס געשריעבענע וואָרט, און דורך איהם — בילדונג, האָט אָנגעפאנגען פערשפרייט צו ווערען ניט אין ערך שנעלער וויא פריהער.

פאר דעם צוועק פון דיעזען בוך איז דאָס וויכטיגסטע פון אַלעס וואָס איז אויפגעטהאָן געוואָרען נאָך דיא קרייץ־ציגע פיליייכט דיא ענטוויקלונג פון דער שיף־קונסט, אָהן וועלכע קאָלומבוס'עס ענטדעקונג וואָלט אונמעגליך געווען. דורך דיא קרייץ־ציגע גופא און דורך דעם האַנדעל וואָס איז טהיילווייז צוליעב זיי אויפגעוואקסען, האָט מען געברויכט מעהר שיפען און גרעסערע שיפען; מען האָט זיך אויס־געלערנט זיי בעסער בויען און בעסער קירעווען. דער קאָמפאַס האָט אַלץ מעהר אָנגעהויבען גענוצט ווערען, און דיא גאַנצע קונסט פון נאַוויגאַציע, פון פאָהרען איבער'ן ים, האָט אין דעם 14טען און 15טען יאהרהונדערט געמאַכט מעהר פאָרטשריטע וויא אין דיא פריהערדיגע טויזענד יאהר.

איטאַליען, אַלס דיא גרעסטע האַנדעלס־לאַנד, האָט מעהר פון אַלע אַנדערע ענטוויקעלט דיא שיף־קונסט. זיא האָט געהאַט דיא בעסטע שיפען, דיא בעסטע מאַטראָזען און דיא בעסטע שיפס־קאַפּיטאַ־נען. וואָס קען דעריבער זיין נאַטירליכער ווי דאָס וואָס קאָלומבוס איז געווען א איטאַליענער? מיר וועלען אויך זעהן אַז אין זיין אונטער־נעהמונג האָט אויך געשפּיעלט אַ וויכטיגע ראָלע אַ גרויסער איטאַליע־נישער געאָגראַף. אויך איז קאָלומבוס ווייט ניט געווען דער איינציגער איטאַליענישער פאָרשונגס־רייזענדער פון יענער צייט. זיין פאַטער־לאַנד האָט מיט שיפס־קאַפּיטאַנען בעזאָרגט פערשיעדענע לענדער, און קאָלומבוס איז בלויז דער בעריהמטעסטער פון זיי.

III.

## וויא אַזוי איז מען געקומען צום געדאַנק וועגען אזעלכע רייזעס וויא קאָלומבוס׳עס?

אַמעריקאַ ענטדעקט מיט 500 יאָהר פאַר קאָלומבוס׳ען. — פאַר וואָס האָט דאָס ניט געפיהרט צו קיינע רעזולטאַטען? — דער האַנדעל מיט׳ן וויימען מזרח. — דיא וויכטיגקייט פון געווירצען אין מיטעל־אַלטער. — דיא בעדייטונג פון אינדיען פאַר איירָאפּאַ. — דיא דריי גרויסע האַנ־דעלס־וועגען. — דער לעוואַנט. — דיא אַראַבער. — דיא טערקען. — דער פאַל פון קאָנסטאַנטינאָפּאָל. — דער האַנדעל מיט אינדיען געשטערט.

אַמעריקאַ איז אייגענטליך ענטדעקט געוואָרען העכער וויא 500 יאהר פאַר קאָלומבוס׳ען; נור פון דעם איז גאָר ניט ארויסגעקומען. דיעזע ענטדעקונג האָט ניט געצויגען קיין אויפמערקזאַמקייט און איז אין גאַנצען פערגעסען געוואָרען. עס איז געווען ניט מעהר וויא א צופאַל, און דער צופאַל האָט ניט געהאַט קיין שייכות צו דיא דאמאלס־דיגע אומשטענדען. מען האָט דעריבער מיט איהם ניט געקענט זיך בענוצען, אָדער זאָגאר איהם אָבשאַצען. ווען מען וואָלט אפילו געוואָלט בענוצען אַמעריקאַ, וואָלט מען דאַן אויך ניט געקענט, איינפאַך ווייל עס זיינען נאָך ניט געווען אַזעלכע שיפען און אַזעלכע שיפס־קאַפּיטאַנען אַז מען זאָל אַזוי ווייט קענען איבערטראַנספּאָרטירען אַ סך מענשען. צווייטענס, האָט איירָאפּאַ זיך נאָך ניט גענויטיגט אין דיא פּראָדוקטען פון נייע לענדער, איבערהויפּט נאָך ווען דיא לענדער זיינען געלעגען אַזוי ווייט.

קאָלומבוס׳עס ענטדעקונג, וויעדער, האָט אַרויסגעשפּראָצט פון דיא אומשטענדען, וואָס האָבען עקזיסטירט אין זיין צייט. זיין בעריהמטע רייזע איז געווען אַ נאַטירליכער רעזולטאַט פון איירָאפּאַ׳ס דאַמאָלסדיגע בעדירפניסע.

ניט וועגען נייע לענדער האָט זיך געהאַנדעלט; ניט אין קאָלאָ־ניעס האָט מען זיך גענויטיגט. אַ גאַנץ אנדער זאַך האָט מען געדאַרפט האָבען, און אַ גאַנץ אַנדער זאַך האָט מען געזוכט; אָבער איין מאָל האָט מען דאָס נייע לאַנד געפונען, איז איירָאפּאַ שוין דאַן געווען אין

שטאַנד זיך מיט איהר צו בענוצען. אַזעלכע רייזעס זיינען דאַן געווען אַ נויטווענדיגקייט. דיא ענטדעקונג פון אַמעריקא האַט דעריבער געמויזט פּאַסירען. אנדערש האַט ניט געקענט זיין. אביסעל פריהער, אָדער אביסעל שפּעטער; צי פון קאָלומבוס'ען צי פון אַן אַנדערען — אַמעריקא וואָלט געפונען געוואָרען.

און דער אמת איז טאַקע, אַז אַכט יאָהר נאָך דעם וויא קאָלומבוס האַט געפונען דאָס נייע לאַנד, איז אַן אנדער אייראָפּעאישער שיפס־קאַפּיטאַן פערטראָגען געוואָרען צו אַמעריקאַנער ברעגעס. דאָס איז אויך געווען ניט מעהר ווי אַ סיבה. דיעזע סיבה איז אבער שוין געבאָרען געוואָרען פון די ארומיגע אומשטענדען. דער רייזענדער, וועלכען דער ווינד האַט אַהין צוגעבלאָזען, האָט טאַקי געוואָלט זיך פערנעהמען אויף אַ גאַנץ אַנדערען וועג; אבער דער צוועק פון זיין נסיעה איז געווען דער זעלבער וויא דער צוועק פון קאָלומבוס'עס; און ווען אַמעריקא וואָלט שוין ניט געווען ענטדעקט געוואָרען מיט אכט יאָהר פריהער, וואָלט דיעזע צופעליגע ענטדעקונג אויפגעוועקט אַלגעמיינעם אינטערעס, און מען וואָלט זיך מיט איהר בענוצט.

אום צו קענען פערשטעהן דיא פּאַסירונגען, אין וועלכע קאָלומבוס איז דיא הויפּט־פיגור, אום ריכטיג אָבצושאַצען וואָס ער האָט אויפ־געטאָן און וויא אַזוי ער איז געקומען דערצו, איז דעריבער נויטיג צוערשט בעקאַנט צו זיין מיט געוויסע אומשטענדען, וואָס האָבען דאַן געהערשט אין אייראָפּאַ.

מיר מיינען דאָ דיא אומשטענדען פון אייראָפּאַ'ס דאַמאַלסדיגען האַנדעל.

דיא וויכטיגסטע סחורה זיינען דאַן געווען געווירצען — פּעפּער, צימרינג, נעגעלעך א. ז. וו. און מען קען זאָגען, אַז אַמעריקא איז ענטדעקט געוואָרען הויפּטזעכליך דורך דעם וואָס אייראָפּאַ האָט זיך גענויטיגט אין דיזע געווירצען.

מיר ווייסען שוין, אַז זינט דיא קרייץ־ציגע איז אין אייראָפּעאישע לענדער ענטוויקעלט געוואָרען דער מסחור מיט דיא לוקסוס־זאַכען פון דעם וויטען מזרח — פון אינדיען און כינאַ. דיעזען האַנדעל האָבען זיי געפיהרט ניט דירעקט מיט אינדיען אָדער כינאַ, נור דורך דיא אַראַבער. דיא אייראָפּעער אַליין זיינען זעלטען־זעלטען צוגעקומען צו יענע וויטע געגענדען. דיא אַראַבער אָבער האָבען אין אינדיען געהאַט

האַנדעלס־סטאַציאָנען, און פון דאָרטען פלעגען זיי ברענגען דיא פּראָדוקטען צו דעם לעוואַנט, וואו זיי פלעגען זיי פערקויפען צו דיא איטאַליענער, בעלגיער, פראַנצויזען אָדער שפּאַניער. צו פאָהרען אזוי ווייט האָבען דיא אייראָפּעער ערשטענס נאָך ניט געהאַט דיא מעגליכקייט ניט מיט׳ן ים, ניט מיט דער יבשה, און צווייטענס איז געווען געפעהרליך צו רייזען אַזעלכע גרויסע שטרעקעס דורך אַלערליי פיינדליכע פעלקער. דיא אַראַבער, אַלס מאַהאָמעדאַנער, האָבען פון דיעזע געפּאַהרען געוואוסט פיעל וועניגער. און אַ חוץ דעם זיינען זיי געווען ענערגישער, ענטוויקעלטער און האָבען אומעטום שוין געהאַט פערבינדונגען.

און אויסקומען אָהן דיא פּראָדוקטען פון דעם ווייטען מזרח — צי רויהע צי אויסגעאַרבייטע — איז די רייכערע קלאַסען פון אייראָפּאַ וואָס ווייטער געוואָרען אַלץ שווערער. זייד, למשל, האָט מען פון אייביג אָן בעקומען פון כינאַ. דיא אַלטע רוימער פלעגען דיעזע לאַנד דעריבער רופען דיא לאַנד פון זייד.*) אבער דיא בעסטע זיידענע מאַטעריעס זיינען אויך געקומען פון אזיען. דאָס זעלבע איז געווען מיט פיעלע באַוועלנע שטאָפען, סאַמעט, דיוואַנען, מעטאַלענע זאַכען, דיא בעסטע גלאָזוואַרג, פּאָרצעליי.**)

צווישען דיא רויהע פּראָדוקטען, וועלכע מען פלעגט ברענגען פון אזיען, זיינען אויך געווען עדעל־שטיינער, פאַרבען, קאַמפאָר, געווירסע קרייטיכער, געווירסע מינים פאַרב־האָלץ. אבער דיא וויכטיגסטע פון אַלע פּראָדוקטען, וואָס מען פלעגט בעציהען פון דאָרטען, זיינען געווען דיא פערשיעדענע געווירצען.

פון דער אַנדערער זייט האָט אייראָפּאַ אַרויסגעפיהרט קיין אַזיען וואָלענע מאַטעריען, געווירסע מינעראַלען און מעטאַלען, ווי קאָראַלען,

---

*) זיי האָבען נאָך זאָגאַר ניט געוואוסט, אז דאָס איז אַזאַ פערגליווערטע קלעפּיגע פליסיגקייט, וואָס אַ געוויסער מין וואָרים לאָזט ארויס פון זיין ליפ; זיי האָבען געמיינט, אז דאָס וואקסט אויף אזא פלאַנצונג.

**) די בעסטע פּאָרצעליי פלעגט אייראָפּאַ אויך בעציהען פון כינאַ. אויף ענגליש הייסט דיעזער אַרטיקעל עד היום טשיינא (כינא). אויך רופט מען נאָך היינט מיט דיא נעמען פון געוויסע אַזיאַטישע שטעדט פערשיעדענע געוועבען, וויא, צום ביישפּיעל, בראַקייד (בראָקאַט) קאַמלעט, טאַפעטאַ, וועיל יענע שטעדט האָבען זיך מיט דעם אויסגעצייכענט אָדער צייכענען זיך נאָך איצט אויך אויס.

קוועקזילבער, קופּער, בליי. אָבער דיא סחורות וואָס איירָאָפּא האָט געצויגען פון אזיען האָבען בעטראָפען פיעל מעהר וויא דיא, וואָס זיא האָט געליעפערט אהין. דאָס הייסט, אז זיא פלעגט מוזען דער־צאָהלען גרויסע סומען גאָלד און זילבער, וועלכע זיא פלעגט בעקומען פון אפריקא.

ווארום זיינען געווירצען (שווארצע פעפער, צימרינג, אינגבער, נעגעלעך, מושקאט א. ז. וו.) געווען אזא וויכטיגע סחורה? פאַר וואָס האָט מען זיך אין דעם אזוי שטארק גענויטיגט? היינט קומט דאָס אונז אויס זאָנדערבאַר, אָבער אין מיטעלאַלטער און אויך גאָר פאַר־צייטען האָבען דיעזע ארטיקלען געשפּיעלט אַ גרויסע ראָלע. אין תנ"ך ווערען זיי דערמאָנט גאַנץ אָפט, ווען עס ווערט גערעדט וועגען סוחרים. פאַר וואָס איז דאָס?

דער אַנטוואָרט איז ערשטענס, אז מען האָט נאָך דאַן ניט געקענט זיך גוט בענוצען מיט אייז צו פערהיטען אז דיא שפּייז זאָל ניט פערדאָרבען ווערען. צו האַלטען עס פון זומער אויף ווינטער אָדער פיהרען ווייט, וואָלט אין פיעלע פעלע אונמעגליך געווען; מיט דער הילפע אָבער פון געווירצען פלעגט דיא עסענוואַרג קענען פערבלייבען פיעל לענגער. צווייטענס, האָט מען דאַן געוואוסט פון ווענינ געריכטען, און קיין איבעריגע קינסטלער זיינען דיא קוכערס אויך ניט געווען. אָהן פערשיעדענע געווירצען האָבען זייערע אכילות דעריבער קיין שום טעם ניט געהאַט, און די פּריצים זיינען שוין אזוי צוגעוואוינט געווען צו דיא שאַרפע שטאָפען, אז אפילו וויין פלעגען זיי אָהן דעם ניט טרינקען.

דאָס איז אייגענטליך געווען אַ לוקסוס־זאַך. דיא מאַסען האָבען געגעסען זייער שפּייז ניט־בע'טעם'טערהייט; אבער דיא אדעליגע און דיא סוחרים האָבען אָהן געווירצען ניט געקענט געהן צום טיש.

פעפער האָט געשפּיעלט אזאַ גרויסע ראָלע, אז אָפט, ווען איין קעניג פלעגט וועלען מאַכען אַן אנדער קעניג אַ מתנה, פלעגט ער איהם שיקען עטליכע זעק פון דעם ביטערען ארטיקעל. אונגעהויערע מאַסען פון דיעזער סחורה פלעגט מען אַריבערברייננגען פון דעם ווייטען מזרח אויף שיפען אָדער קעמלען, און מען פלעגט מיט דעם האַנדלען איבער גאַנץ איירָאָפּאַ. אין דיא געשעפטס־רעכנונגען אָדער טאריף־צעטלען פון דעם מיטעלאַלטער ווערט פעפער דערמאָנט אזוי אָפט, אז ווען מען לעזט זיי היינט קומט דאָס אויס קאָמיש. אפילו אין דער ליטעראַטור,

אָדער אין דיא היסטאָרישע שריפטען פון יענע צייטען ווערט אויך פעפער דערמאָנט אויף טריט און שריט. אין דייטשלאַנד פלעגען דיא באַראָנען אַ סוחר רופען „פעפער־זאַק“.

איינע פון דיא ערשטע אייראָפּעאישע שיפען, וואָס זיינען צו־געקומען צו אינדיען, האָט פון דאָרטען געבראַכט 420,000 פונט פעפער; און, שפּעטער, ווען פּאָרטוגאַל האָט ארויפגעלעגט אַ שטראָף־צאָל אויף אַן אינדישען פּרינץ, איז דאָס בעשטאַנען אין 200 טויזענד פונט פעפער.

וואו דיא פערשיעדענע געווירצען וואַקסען, האָבען אפילו דיא געבילדעטסטע אייראָפּעער קלאָר ניט געוואוסט. זאָגאַר סוחרים, וואָס האָבען געמאַכט ווייטע רייזעס אין דיא אַזיאַטישע לענדער, האָבען וועגען דעם ניט געהאַט קיין דייטליכען בעגריף. זיי האָבען געוואוסט, צום ביישפּיעל, אַז דיא אַראַבער ברענגען דאָס אויף קעמלען אין קליין־אַזיען. ווען זיי פלעגען פרעגען ביי דיא דאָרטיגע אַראַבישע סוחרים פון וואַנען דאָס ווערט געבראַכט צו זיי, פלעגען זיי בלויז קענען ענטפערן, אַז „פון זעהר וויית“ און אַז אַהין קומט דאָס אָן פון נאָך ווייטערע מקומות.

מען האָט געהערט, אַז וויית־וויית ערגעץ־וואו אין אַזיען געפינט זיך אַ גאַנצע גרופּע פון זאָגענאַנטע געווירץ־אינזלען, וואו דיעזע וויכטיגע פּראָדוקטען וואַקסען, הגם וואו דאָס איז, האָט מען ניט געוואוסט. אויך האָט מען געהערט אַז פעפער וואַקסט אין אינדיען (אַזיען).

אַ צייכען פון דיעזער צייט איז זאָגאַר פערבליעבען אין אונזער אידיש. ווען מיר זאָגען: „ער איז אַנטלאָפען וואו פעפער וואַקסט“, שטאַמט דאָס פון יענע יאָהרען, ווען דער פּלאַץ פון וואַנען מען ברענגט דיעזען פּראָדוקט, אינדיען, דער ווייטער מזרח, איז געווען דער וויטסטער געגענד, וואָס מען האָט געקענט זיך פאָרשטעלען.

אויך האָט מען געוואוסט, אַז פון די זעלבע אינדיען בעקומט מען דימענטען; אַז רובינען, וועלכע זיינען אין מיטעלאַלטער געשעצט געווען נעכסט צו דימענטען, קומען אויך פון אינדיען (אָבוואָהל פון געוויסע אַנדערע אַזיאַטישע געגענדען אויך). דאָסזעלבע איז אויך וועגען אַנדערע טייערע שטיינער, ווי סאַפּירען, גראַנאַטען, טאָפּאַזען, אַמע־טהיסטען. דיא צוויי אינדישע שטעדט פּוליקאַט און קאַלי־

קוט זיינען געווען דיא גרעסטע האנדעלס־צענטרען אויף טהייערע שטיינער אין דער גאנצער וועלט. פערל האָט געשטאַמט פון דיא וואסערען צווישען אינדיען און דעם אינזעל ציילאָן, און פון דעם פערזישען מעער־בוזים, און דיא פרינצען פון אינדיען פלעגען ליעב האָבען צו זאמלען מאסען פערל מיט עדעלשטיינער, וועלכע פלעגען זיך אין זייערע פאלאצען אזוי קלייבען פון דור צו דור, אין פערלויף פון טויזענדער יאהרען. ווען אזא פרינץ פלעגט בעזיעגט ווערען פון א בארבארישען שונא, פלעגען דיא אוצרות אוועקגערויבט ווערען. דאן פלעגט אָפט טרעפען, אז זיי פלעגען אריינפאלען אין דיא הענד פון סוחרים, און אָנקומען אין אייראָפּא.

צווישען דיא פּראָדוקטען וואָס מען פלעגט בעציהען פון אינדיען, ווענלען מיר דאָ ספּעציעל דערמאָנען א פארב־האָלץ, וועלכער הייסט בראזיל־האָלץ, און וועלכער פלעגט געברויכט ווערען איבער גאַנץ אייראָפּא. מיר שטעלען זיך אויף דיעזען ארטיקעל אָב, ווייל שפּעטער וועלען מיר זעהען, וויא נאָך דיעזען האָלץ האָט מען א נאָמען געגעבען בראזיליען, די שטיק זיד־אמעריקא, וואָס איז ענטדעקט געוואָרען דורך א צופאל.

דיעזע אלע סחורות פלעגט אייראָפּא אלזאָ בעקומען דורך אראבישע הענד.

איידער מיר געהען ווייטער ווילען מיר ציהען דעם לעזער'ס בעזונדערע אויפמערקזאמקייט צו דער בעדייטונג, וואָס אינדיען האָט דאן געהאט פאר אייראָפּעאישע סוחרים. דאָס וועט אונז נויטיג זיין צו האָבען אין זינען, ווען מיר וועלען האלטען ביי קאָלומבוס'עס פּלאַן.

וועגען דעם ווייטען מזרח האָבען דיא אייראָפּעער אלזאָ געהאט א גאנץ שוואכען בעגריף. זיי האָבען זיך פאָרגעשטעלט דיא דאָרטיגע לענדער אלס ערטער פון רייכטהום און גלאנץ, פון וואונדערבארע אינדוסטריע און קאָבעדיגען האנדעל. פון כינא האָבען זיי געוואוסט נאָך פיעל וועניגער וויא פון אינדיען, איינפאך ווייל כינא איז פיעל ווייטער. נאָך וועניגער האָבען זיי געוואוסט וועגען יאפּאן, אָדער „ציפּאנגא“, וויא זיי פלעגען דאָס רופען. זיי האָבען געהערט, אז אין דיעזע לענדער געפינען זיך גרויסע שטעדט מיט פּאלאצען און טעמפּלען געדעקט מיט ריינע גאָלד, און אז פערל מיט דימענטען וואלגערען זיך שיער ניט איבער דיא גאסען.



צפון
דרום
מזרח
מערב
ר״א דריי האַנדעלס = מארשרוטען צו
דעם ווייטען מזרח
ווי זיינען בעצייכענט מיט דריי פערשיעדענע
שטריכען:
1) דער צפון מארשרוט איז בעצייכענט
2) דער מיטעלער מארשרוט
3) דער דרום מארשרוט
אטלאנטישער אקעאן
אפריקא
מאראקא
שפאַניען
פראנקרייך
דייטשלאנד
ענגלאנד
מיטעללענדישער ים
שווארצער ים
קליין אזיען
אראביען
אראבישער ים
אינדיא
קאירא
אלעקסאנדריען
ירושלים
טייך נילוס

דער פערקעהר צווישען דעם וויטען מזרח און אייראָפּאַ איז געגאַנגען איבער פערשיעדענע מאַרשרוטען אָדער וועגען, דריי פון וועלכע זיינען דיא וויכטיגסטע: דער דרום־וועג, דער מיטעל־וועג און דער צפון־וועג. *)

דער דרום־וועג איז געווען כמעט מאָנאָפּאָליזירט פון די ווענעציאַנער. דאָס איז געווען כמעט דורכאויס אַ וואַסער־וועג. ער האָט זיך געצויגען פון אינדיען איבער דעם אינדישען אָקעאַן און דורך דעם שמאָלען לאַנגען רויטען ים, אָדער „ים־סוף“, איבער וועלכען די אידען זיינען אריבער פון עגיפּטען (מצרים) אין פּאַלעסטינאַ.

דער ים־סוף געהט ניט אַריין אין דעם מיטעללענדישען ים. נור אויף אַ שמאָלע שטיקעל ליעגט דאָרטען לאַנד. **) איבער דיזע שטיקעל יבשה פלעגט מען מוזען איבערלאָדעווען דיא סחורה פון דיא שיפען אויף קעמלען, אָדער אויף דיא שיפלעך פון דעם עגיפּטישען טייך נילוס (אפריקא) און אזוי ברענגען אין מיטעללענדישען ים. דיא עגיפּטישע שטעדט קאַאיראָ און אַלעקסאַנדריא, וועלכע געפינען זיך אויף דיעזען וועג, זיינען דעריבער געווען צווישען דיא גרעסטע האַנדעלס־צענטרען אין דער וועלט. דורך זיי פלעגען דורכגעהען מאַסען פון דיא סחורה וואָס איז געגאַנגען פון וויטען מזרח אין אַפריקאַ און אייראָפּאַ. צעהנדליגע טויזענדע אָנגעלאָדעוועטע שיפלאַך פלעגען אין דעם 15טען יאהרהונדערט שטענדיג שווימען איבער דעם נילוס פון קאַיראָ צום ים און פון ים צו קאַיראָ, און פון קאַיראָ פלעגט מען דאָס נעהמען דורך אַלעקסאַנדריא נאָך אייראָפּאַ.

דער מיטעלוועג איז געגאַנגען פון אינדיען ניט דורך דעם רויטען ים נור דורך דעם פּערסישען מעער־בוזים און דורך אַראַבישע שטעדט.

דער צפון־וועג איז געווען מאָנאָפּאָליזירט פון גענוא. ער איז

---

*) זיי זיינען אָנגעצייכענט אויף דער ביילינענדער לאַנדקאַרטע מיט דריי־ערליי פּאַסען.

**) דיעזע שטיקעל לאַנד הייסט דער סועזישער לאַנד־איינג: אויף דיזע שטיקעל יבשה איז דאָס אפריקא צוגעטשעפּעט צו אזיען. אין אונזער צייט האָט מען דאָס דורכגעגראָבּען און איצט איז דאָס שוין „סועזישער קאַנאַל“, דורך וועלכען שיפען געהען דורך. איצט איז אפריקא שוין אייגענטליך שוין אַ בעזונדערער קאָנטינענט.

געגאַנגען איבער יבשה — איבער גרויסע אַזיאַטישע וויסטענישען און בערג, ביז ער איז געקומען צום קאַספּישען ים. ער האָט איבערגעשניטען דעם קאַספּישען און דעם שוואַרצען ים און האָט זיך איבערגעקרייציגט מיט דעם דרום־וועג. פון דעם קאַספּישען ים פלעגט אַ טהייל פון דיא פּראָדוקטען אַרויפקומען אויף דער וואָלגאַ דורך דער שטאָדט אַסטראַכאַן. דיא איבריגע פלעגט מען נעהמען איבער דער יבשה ביז צום טייך דאָן, און איבער'ן דאָן צו דעם שוואַרצען ים.

דיא סחורות פלעגען ניט קומען דירעקט פון כינאַ, למשל, אין אייראָפּאַ; נור, געהענדיג פון פּונקט צום פּונקט, פלעגען זיי איבערגעהן פון האַנד צו האַנד. דיא כינעזישע קויפלייטע פלעגען דאָס ברענגען פון כינאַ און יאַפּאַן נאָך אינדיען; דאָרטען פלעגען זיי דאָס פער־קויפען צו אינדישע אָדער אַראַבישע סוחרים און איינקויפען אייראָ־פּעאישע וואַרע, וועלכע מען פלעגט אַהין ברענגען. דיא דאָרטיגע הענדלער פלעגען דאָס פיהרען ווייטער; און אזוי פלעגט דאָס געהן ביז עס פלעגט דערגרייכען קליין־אַזיען און דעם מיטעללענדישען מעער, וואו עס איז אויסגעוואַקסען דער אויבענדערמאָנטער גרויסער האַנדעלס־געגענד, ל ע ו אַ נ ט. *)

אַהין פלעגען זיך צוזאַמענקומען דיא אייראָפּעאישע קויפלייטע, הויפּטזעכליך פון איטאַליען, שפּאַניען און פראנקרייך, און זיי האָבען שוין דיא אזיאַטישע פּראָדוקטען געליעפערט איבער די פערשיעדענע

*) צו דיעזען געגענד ציהען מיר דעם לעזער'ס אויפמערק־זאַמקייט. אויף דער לאַנדקאַרטע וועט ער זעהען, אַז דער מיטעללענדישער ים ליגט דאָרטען צווישען אייראָפּאַ, אפריקא און אזיען. דיא שטיקעל אַזיען, וועלכע הייסט קליין אזיען, ווערט פון דיעזען ים בעוואַסערט פון דרום זייט, וועהרענד פון צפון־זייט האָט זיא דעם שוואַרצען ים. אויף דיעזע אַלע ברעגעס האָבען זיך געפונען וויכטיגע מאהאמעדאַנישע האַנדעלס־שטעדט, וועלכע האָבען קאָנטראָלירט דעם פאַרקעהר מיט דעם ווייטען מזרח. מיר ווע־לען אויך דערמאָנען דעם לעזער, אַז ניט ווייט פון דאָרטען אויף דעם שוואַר־צען ים געפינט זיך קאָנסטאַנטינאָפּאָל, וועלכע איז דאַן געווען אַ גריכישע שטאָדט. אויף דעם אפריקאַנישען ברעג געפינט זיך א ל ע ק ס א נ ד ר י א. דורך דאָרטען פלעגט אלזאָ דיא אַזיאַטישע וואַרע אויך קומען נאָך אייראָפּאַ, וויא מיר האָבען שוין אויבען געזעהן.

טהיילען פון אייראָפּאַ. און דיא וויכטיגסטע, דיא גרעסטע בעדייטונג פון זיי אַלעמען האָבען געהאַט דיא סוחרים פון דריי איטאַליענישע שטעדט: ווענעציע, גענוא, און פּיזא, וועלכע זיינען געווען זעלבסט־שטענדיגע, מעכטיגע רעפּובליקען.

מיר ווייסען שוין, אז ווענעציא איז אין דעם 14־טען און 15־טען יאהרהונדערט געווען דיא רייכסטע און וויכטיגסטע שטאָדט אין גאַנץ אייראָפּא — אַלץ צוליעב דעם האַנדעל מיט אַזיאַטישע סחורות.

אין אַלע שטעדט פון דעם לעוואַנט האָבען זיך שטענדיג געפונען פיעלע איטאַליענער. אייניגע פון זיי פלעגען זיך אַהין בלויז צוזאַמענפאָהרען אויף אַ געוויסע צייט; אבער פיעלע האָבען דאָרטען איינפאַך געוואוינט. אין דער ערשטער העלפט פון דעם 15טען יאהר־הונדערט זיינען אַזעלכע איטאַליענישע האַנדלעס־קאָלאָניען געווען ניט נור אויף דיא ברעגעס פון קליין־אַזיען, נור אויך אין אייניגע שטעדט וויטער אויף דער יבשה.

צו דיא ווענעציאַנער האָבען געהערט געוויסע גריעכישע אינזלען, דיעזע האָבען זיי אויך געברויכט אַלס פערקעהרס־פּונקטען אין זייער האַנדעל מיט אַזיען. צוליעב דעם זעלבען צוועק האָבען זיי געהאַט קאָלאָניעס אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל און אנדערע גריעכישע שטעדט.

ווענעציע גופא וויעדער האָט ענטהאַלטען אַ גרויסע קאָלאָניע פון אַנדערע אייראָפּעאישע סוחרים, וועלכע פלעגען ביי איהר איינקויפען איהרע אימפּאָרטירטע אַזיאַטישע פּראָדוקטען אום זיי צו פיהרען פערקויפען אין דייטשלאַנד, ענגלאַנד, בעלגיום, האָלאַנד, פּוילען אָדער רוסלאַנד. איבריגענס, פלעגט רוסלאַנד, צום ביישפּיעל, דיא אַזיאַטישע וואַארע בעקומען פון אַנדערע ערטער אויך, דורך קיעוו און אַנדערע פּונקטען, וואוהין זיי פלעגען אָנקומען דירעקט פון דעם צפון־מאַרשרוט, — פון דעם שווארצען ים איבער'ן דניעפּער אָדער פון קאַספּישען ים איבער דער וואָלגאַ.

פון דיא איטאַליענישע האַנדעלס־שטעדט פלעגט מען גרויסע טראַנספּאָרטען וואַארע פיהרען דורך דיא דורכגאַנגען אין דיא אַלפּען־בערג איבער דער דונייַ און איבער דעם רהיין; און דיא שטעדט, וואָס האָבען זיך געפונען אויף דיעזע טייכען זיינען זעהר רייך געוואָרען און האָבען אין דער געשיכטע פון דעם מיטעלאַלטער געשפּיעלט אַ וויכטיגע ראָלע.

אין דיעזען האַנדעל מיט דעם ווייטען מזרח האָבען געשטעקט דיא גרעסטע פּראָפיטען. דאָס איז אויך געווען דער עלטסטער און דער גרעסטער זאָרט האַנדעל פון וועלכען איירָאָפּאַ האָט געוואוסט.

דיא בויערען האָבען געשאַפען דיא רייכטהימער פאַר זייערע פּריצים; אָבער דורך דיעזען מסחור מיט אזיען האָבען דיא קויפלייטע ביי דיא פּריצים אוועקגענומען אַ היבשען טהייל פון דיעזע רייכטהימער. דיא פּריצים האָבען אויסגעביטען דיא פּראָדוקטען פון זייערע מאַיאָנטקעס אויף דיא לוקסוס־זאַכען פון אינדיען און כינאַ.

מיר ווייסען שוין אויך, אַז דיא האַנדעלס־שטעדט זיינען געוואָרען אינדוסטריעלע שטעדט. דאָרטען זיינען ענטוויקעלט געוואָרען ווערקשטאַטען, וואו מען האָט געשאַפען פערשיעדענע ארטיקלען פאַר דיא אַזיאַטישע יאַרידען אזוי גוט וויא פאַר איירָאָפּאַ גופא. פיעלע בעלהבתים פון אַזעלכע ווערקשטאַטען האָבען אויך זיך ערוואָרבען עשירות.

דיא אונטערשטע שורה איז, אַז דיא בורזשואַזיע — דיא בירגער, דיא שטאָדט־לייט, וואָס האָבען זיך בעשעפטיגט מיט אינדוסטריע און מיט קאָמערץ — איז געוואָרען רייך. מען דאַרף האָבען אין זינען, אַז אַליין האָבען זיי געשטאַמט פון פריי־געוואָרענע פּאַנסטשינאַ קנעכט, וועלכע האָבען געוואוינט אין די שטערט פון מיטעלאַלטער. דורך דעם מסחור מיט אזיען זיינען דיעזע שטערט געוואַקסען אין צאָהל פון איינוואוינער, אין עשירות און מאַכט.

דיא קאָנקורענץ צווישען דיא האַנדעלס־שטעדט האָט ניט זעלטען גענהאַט דעם כאַראַקטער פון אַ מלחמה. ווענעציע און גענוא, צום ביישפּיעל, זיינען געווען אַזעלכע פערביסענע שונאים איבער זייערע געשעפטס־אינטערעסען, אַז זייערע שיפען פלעגען אָפען בעפאַלען איינע דיא אַנדערע. אַ האַנדעלס־שיף איז אין יענע צייטען איבערהויפּט געווען אַ מין קריעגס־שיף — אזוי בעוואָפענט איז זיא געווען. צו יעדער צייט האָט מען געקענט ערוואַרטען אַן אנגריף פון פּיראַטען (ים־רויבער) אָדער פון קאָנקורענטען. אַן עהנליכע בלוטיגע קאָנקורענץ איז שפּעטער אָנגעגאַנגען צווישען דיא שיפען פון ענגלאַנד און דיא שיפען פון שפּאַניען. און וואָס אַנבעטרעפט ווענעציע, האָבען מיר שוין געזעהען, אַז צוליעב „ביזנעס"־קאָנקורענץ האָט זיא געמאַכט אַ „קרייצצוג„ געגען דיא קריסטליכע שטאָדט קאָנסטאַנטינאָפּאָל — איהר בעלאַגערט און אויף אַ געוויסע צייט ערָאָבערט.


צ פ
80°
100°
120°
140°
60
40
20
0
20
כינא
בענגאליש׳ ים
סיאם
כינעזישער ים
מאלאקא
בארנעא
סומאטרא
עקוואטאר
עקוואטאר
אינדישער
אוסטראליען
מזרח
דיא אלטע וועל
אדער
דער מזרח=קאנט
איראפא, אזיען און
80°
100°
120
140
ד ר



מאַפּע
אטלאנטישער אקעאן
איסלאנד
וסלאנד
דייטשלאנד
פראנקרייך
שפאניען
איטאליען
ווענעציא
גענוא
פיזא
שווארצער ים
קליין אזיע
מיטעללענדישער ים
גיבראלטאר שטראסע
אלעקסאנדריען
פאלעסטינא
פערסיען
זאהארא
וויסטענעס
רויטער ים
עקוואטאר
מאדאגאסקאר
קאפּ פון גוטע האפּענונג
20°
0°
40°
60

אָבער וויא אימער אין קריעגס־זאכען: אייניגע פון דיא קעמפּפענדע קומען צום שכל, אז אנשטאט צו שטרייטען צווישען זיך, לוינט זיי בעסער זיך צו מאַכען אחדות אום מיט פעראייניגטע קרעפטען צו היטען זייערע אינטערעסען געגען אַנדערע. אַזאַ פעראייניגונג איז, למשל, דער מיליטערישער „דריי־בונד" פון אונזער צייט; אַזאַ פעראייניגונג, אין אינדוסטריע, איז אויך יעדער טראַסט. אזוי איז אויך געווען מיט דיא האַנדעלס־שטעדט פון מיטעל־אַלטער: אייניגע פון זיי האָבען געמאַכט יד אחת, געגרינדעט האַנדעלס־פערבאַנדען. דער וויכטיגסטער פון דיעזע האַנדעלס־פערבאַנדען איז שוין לאַנג געגרינדעט געווען אין דייטשלאַנד — דער זאָגענאַנטער „האַנזא פעראיין" פון דיא פריי־שטעדט האַמבורג, ברעמען און ליבעק.

אזוי איז דער האַנדעל צווישען איירָאפּאַ און אזיען געוואַקסען און געוואַקסען און דיא שטעדט זיינען געוואָרען רייכער און רייכער, ביז אין דיעזען מסחור האָט זיך בעוויזען אַן אַלגעמיינע שטערונג. דיא אויבען־דערמאָנטע האַנדעלס־מאַרשרוטען האָבען אויפגעהערט צו דיענען אויף דעם פריהעריגען שטייגער. עס איז געוואָרען אַלץ שווערער איבער זיי צו בעציהען סחורה פון דעם וויימען מזרח און פון דיא אַזיאַטישע מערק בכלל.

דיעזע שטערונג איז געווען אַן אַזיאַטישער פאָלק, דיא אָטאָמאַ־נישע טערקען, וועלכע האָבען אין 1300 אָנגעפאַנגען א רייהע מיט איבערפאַלונגען. זיי האָבען אָנגעהויבען אריבערצוקומען פון מיטעל־אזיען, און פון דאָרטען האָבען זיי זיך גערוקט אַלץ נעהנטער צו איירָאפּאַ. זייער ערשטע מלחמה איז געווען אין קליין־אזיען. דאָרטען זיינען זיי געווען קליין אין צאָהל. געהענדיג ווייטער, זיינען זייערע מחנות זעהר שנעל געוואַקסען. און אזוי אָנפיהרענדיג זייער בלוטיגען קאַמפּף, האָבען זיי פערוויסט שטעדט און אריינגענומען אין זייערע הענד פערשיעדענע גריעכישע און אַנדערע געגענדען, ביז זיי האָבען פערנומען דעם גאַנצען געגענד אַרום דיא אַלטע הויפּט־שטאָדט, קאָנסטאַנטינאָפּאָל.

בעמערקט, אַז מיר האַלטען דאָ אין דעם שטח פון לאַנד און וואַסער, וועלכער ליעגט צווישען איירָאפּאַ און אַזיען. דיא טערקען האָבען זיך אַלזאָ שוין געפונען אויף דעם רעכטען שוועל פון דעם האַנדעל מיט דעם וויימען מזרח.

דיא טערקען זיינען שוין דאַן געווען מאַהאָמעדאַנער. זיי זיינען אָבער געווען באַרבאַרען, האַלב־ווילדע, און זייער נייער רעליגיעזער פאַנאַטיז־מוס האָט זיך ביי זיי אויסגעדריקט אויף אַ גרויזאַמען בלוטיגען אופן. זיינען אבער דיא ציוויליזירטע קריסטען אין זייערע רעליגיעזע מלחמות געווען בעסער?

דאָך אין פריעדליכע צייטען זיינען דיא קריסטען געוואוינט געווען צו אַ ציוויליזירטען לעבען, וועהרענד דיא טערקען זיינען געווען נאָמאַדען, — אַ פאָלק, וואָס האָט זיך אַרומגעשלעפּט מיט זיינע סטאַדעס פון אָרט צו אָרט. דיא שטאָדט וואָס זיי האָבען בעזיעגט, האָבען זיי דאָס רוב חרוב געמאַכט און אויף איהר אָרט אויפגעשטעלט ציילען פון ביידלעך.

צו קעמפּפען געגען מאַהאָמעדאַנער איז פאַר דיא קריסטען אייגענטליך קיין נאָווינע ניט געווען. זיי האָבען דאָך שוין לאַנג געהאַט צו פיהרען מלחמות מיט אַראַבער און מורינען, וועלכע האָבען אויך בעלאַנגט צו דיעזער רעליגיאָן. דאָס זיינען אָבער דאָך מייסטענס געווען ציוויליזירטע מענשען, — ציוויליזירטער וויא דיא אייראָפּעאישע קריסטען. מיט זיי זיינען דיא אייראָפּעער דורכגעקומען. זיי האָבען אַליין מיט זיי געפיהרט אַ גרויסען האַנדעל מיט דיא מזרח־סחורות.

גאַנץ אַנדערש איז געווען מיט דיא טערקען. זיי זיינען געווען פרעמד פון דער ציוויליזירטער וועלט מיט איהר האַנדעלס־אינטערע־סען; און, מיר האָבען געזעהן אַז זיי האָבען אַריינגעכאַפּט דעם געגענד, וואָס ליגט צווישען אַזיען און אייראָפּאַ. אַלזאָ, האָבען זיי דעם מסחור צווישען דיא צוויי וועלט־טהיילען שטאַרק געשטערט.

זיי זיינען בעפאַלען שיפען און זיי בעראַבעוועט אָדער אַרויס־געריסען פון זיי שווערע צינזען. זיי האָבען צוראַבעוועט און פער־וויסטעט פיעלע האַנדעלס־שטעדט און דיא בעפעלקערונג פון דיעזע שטעדט האָבען זיי געטוידטעט אָדער פערשקלאַפּט.

דורך דעם האָט דער געשעפטס־פערקעהר פיעל געליטען. מעכטיגע פירמען האָבען באַנקראָטירט. אַלטע רייכע פאַמיליען זיינען פעראָרימט געוואָרען.

דיא איטאַליענישע געשעפטס־קאָלאָניעס פון לעוואַנט האָבען מוטהיג געקעמפּפט געגען דיעזען שונא. דער זיעג איז אָבער אימער

געוועזן אויף זיין זייט, און די קעמפּפענדע איטאַליענער האָבען בלויז פערלאָרען אייגענטום און מענשען־לעבענס.

ענדליך האָבען די טערקען באַלעגערט די הויפּט־שטאָדט פון דער מזרח־אימפּעריע, די הייליגע קריסטליכע שטאדט קאָנסטאַנ־טינאָפּאָל*).

צווישען די וואָס האָבען בראַוו פערטהיידיגט די שטאדט, האָבען זיך געפונען פיעלע פון ווענעציע, פון גענוא און פון אַנדערע איטאַליענישע האַנדעלס־שטעדט. זיי זיינען געוועזן אין דער שטאדט און זייערע לעבענס זיינען געשטאַנען אין געפאַהר. געהייסען האַט דאָס אַז זיי קעמפּפען פאַר זייער רעליגיאָן, און פיעלע פון זיי, שטעהענ־דיג אויף דעם שלאַכטפעלד, זיינען מסתמא ווירקליך בעגייסטערט געוואָרען מיט דיעזען געפיהל. זייער קאַמפּף האָט אָבער געהאַט אַ

*) די הערשער פון דער אַלטער רוימישער אימפּעריע האָבען די קריסטען לאַנג פערפאָלגט. דער ערשטער רוימישער אימפּעראַטאָר, וואָס האָט זיך פערהאַלטען פריינדליך צו זיי, האָט געהייסען קאָנסטאַנטין. ער איז אַליין אויך בעקעהרט געוואָרען צו זייער גלויבען און דער קאַמפּף געגען דער קריסטליכער קירכע האָט אויפגעהערט. ער האָט איבערגעטראָגען די רעזי־דענץ־שטאָדט פון רוים נאָך אַ גריכישע שטעדטעל ביזאַנטיאָן, וועלכע ער האָט פיעל פערגרעסערט; און דאַן האָט ער איהר אַ נאָמען געגעבען נ י י ע־ר ו י ם. זיא איז אָבער בעקאַנט געוואָרען אונטער זיין אייגענעם נאָמען — ק אָ נ ס־ט אַ נ ט י נ אָ פּ אָ ל. זיא איז אלזאָ געוואָרען די הויפּט־שטאָדט פון דער אַלטער רוימישער אימפּעריע. דאָס איז געוועזן אין 330. שפּעטער, ווען די רוימישע מדינה איז צושפּאָלטען געוואָרען אויף די מערב־אימפּעריע און די מזרח־אימפּעריע (אָדער ביזאנטישע אימפּעריע) איז זיא געוועזן די קרוינשטאָדט פון דער לעצטער.

קאָסנטאַנטינאָפּאָל איז אַלזאָ געוועזן די ערשטע רוימישע הויפּט־שטאָדט פון דעם קריסטענטהום. און שפּעטער, (ווען רוים איז געוואָרען די רעזידענץ פון קאַטאָליציזמוס) איז זיא יעדענפאַלס געוועזן איינע פון די צוויי הויפּט־שטעדט פון דיעזער רעליגיאָן. אין פערלויף פון טויזענד צוויי הונדערט יאָהר אלזאָ איז זיא פאר א טהייל קריסטען געוועזן דאָס, וואָס ירושלים איז פאר אידען. ביי איהר האָבען דאָס די רוסען, אין 988, גענומען די קריסטליכע („פּראַוואָסלאַוונע״) רעליגיאָן.

טיעפערע, אַן אמת'ערע בעדייטונג: דיא גוסס'דיגע האַנדעלס־אינטע־רעסען פון איטאַליען האָבען דאָס געקעמפּפט מיט זייערע לעצטע בלוט־טראָפּענס געגען דער פיינדליכער קראַפט, וואָס האָט זיי באַרמלאָז געשטיקט.

קאָנסטאַנטינאָפּאָל און דיא גאַנצע קריסטליכע וועלט האָבען געהאָפט אויף אַ נס: עס איז געוועזען אַ נבואה, אַז ווען דיא טערקען וועלען צוקומען צו דער הייליגער שטאָדט, וועט זיך בעווייזען אַ מלאך און וועט זיי פערניכטען.

דער מלאך האָט זיך ניט בעוויזען. דיא הייליגע שטאָדט איז געפאַלען. איהרע סחורות און איהרע אוצרות זיינען צוראַבעוועט געוואָרען. פיעלע פון דיא איינוואוינער האָט דער שונא געקעפּט אָדער אַוועקגעשלעפּט צו דיענען אַלס קנעכט, דיענסטען אָדער קעבס־ווייבער. דיא הייליגע בילדער פון דיא בעריהמטע קירכען, בילדער איבער וועלכע עס זיינען אין קריסטענטהום אַרויסגעקומען לאַנגע קעמפּפע און צושפּאַלטונגען, זיינען איצט געבראַכט געוואָרען צו שפּאָט און שאַנדע. דיא גאָלד און טהייערע שטיינער האָבען דיא זיעגער פון זיי אַראָבגעריסען און דיא בילדער גופא האָבען זיי געברויכט פאַר אונאַנשטענדיגע צוועקען. און דער ערוואַרטעטער מלאך האָט זיך אַלץ ניט בעוויזען.

דאָך וואָלט געווען אַ טעות צו מיינען, אַז דיא קריסטליכע רעגיע־רונגען זיינען געווען בעסער. זיי זיינען אפשר געווען ציוויליזירטער, אָבער מערדערליכקייטען האָבען זיי זיך ביי דיא טערקען ניט געדאַרפט לערנען. אין דער צייט פון דיא קרייץ־ציגע זיינען דיא קריסטליכע זיע־גער זיך בעגאַנגען מיט זייערע בעזיעגטע ניט אַ האָר מענשליכער וויא דיא טערקען זיינען זיך איצט בעגאַנגען מיט דיא בעזיעגטע גריעכען פון קאָנסטאַנטינאָפּאָל. אגב איז מ א ה אָ מ ע ט דער 2־טער, דער סולטאַן, וועלכער האָט דאַן געהערשט איבער די אָטאָמאַנישע טערקען און זיי גע־פיהרט אויף קאָנסטאַנטינאָפּאָל, געווען אַ ציוויליזירטער, זאָגאַר געביל־דעטער מאַן. ער איז געווען בעקאַנט מיט דיא אַראַבישע קולטור און בעלעזען אין אַראַבישע ווערק.

וואָס אַנבעטרעפט זייערע פערהעלטניסע צו דיא אידען, זיינען דיא באַרבאַרישע טערקען געווען וויא מלאכים געגען שדים אין פערגלייך מיט דיא ציוויליזירטע קריסטען. פאַר דיא אידען פון קאָנסטאַנטינאָ־פּאָל און דיא אַרומיגע געגענדען איז דער פאַל פון דער גרויסער אַלטער

שטאָדט איינפאך געוועזען א גליק. מאַהאָמעט דער 2־טער האָט זיי געגעבען פיעלע רעכטע, פון וועלכע זיי האָבען אַנדערשוואו אין איירָאָפּא ניט געוואוסט; זייער הויפּט־ראַבינער, משה קאַפּסאַלי, האָט ער געשאָנקען ספּעציעלע אויפמערקזאמקייט און אנערקענונג, און, אין סך הכל, האָט זיך דיא אידען דאָרטען אזוי גוט געלעבט, דאָס איינינגע פון זיי האָבען ארויסגעלאָזען א פּראָקלאַמאַציע צו דיא אידען פון דייטשלאַנד, אז זיי זאָלען אַוועקוואַרפען דיא לאַנד, וואו זייער לעבען איז א שטענדיגער גיהנם, און עמיגרירען נאָך טערקיי אָדער פּאַלעסטינא, וואו אידען אטהעמען פריי און ווערען אנערקענט פאר מענשען (ביי דיא מאהאָמעדאַנער איבערהויפּט איז דעם אידען געוועזען ניט אין ערך בעסער וויא ביי דיא קריסטען) און פיעלע דייטשע אידען האָבען טאַקע אהין עמגרירט. אויף דעם פאַל פון דער גרויסער קריסטליכער שטאָדט האָבען זיי געקוקט וויא אויף א שטראָף פון גאָט פאר זייערע פייניגער און אויף אַ רעטונג פאר זיי, די אידען, — וויא אויף אַ מיטעל זיי צוצוגרייטען א פּלאַץ, וואו זיי זאָלען קענען אַנטלויפען פון זייערע בלוטיגע פערפאָלגונגען*).

אָבער קריסטען האָבען אויף דעם נאַטירליך געקוקט מיט גאַנץ אַנדערע אויגען.

דער איינדרוק וואָס דער חורבן פון קאָנסטאַנטינאָפּאָל האָט געמאַכט אויף דער ציוויליזירטער וועלט, איז אונבעשרייבליך. דיא שטאדט, וועלכע איז אין פערלויף פון צוועלף יאהרהונדערטע געוועזען דיא הויפּטשטאדט פון דער גאַנצער רוימישער אימפּעריע אָדער ווענינ־

*) גראָד אין דעם זעלבען יאָהר, ווען עס איז פאָרגעקומען דער שטורץ פון קאָנסטאַנטינאָפּאָל, איז פּלוצלונג פערערגערט געוואָרען דיא לאַגע פון דיא אידען זאָגאַר אין פּוילען, וואו מען האָט זיי בעהאַנדעלט פיעל בעסער וויא אין דייטשלאַנד. דאָרטען האָט דאַן געקעניגט קאַזימיר דער 4־טער. פריהערדיגע פּוילישע קעניגע האָבען דיא אידען געגעבען פיעלע רעכטע, און ער האָט צוגעלייגט נאָך מעהר. אויך האָט ער ניט צוגעלאָזען קיינע אנטיסעמיטישע בלבולים. אָבער דיא גלחים האָבען דאָס ניט געקענט פערטראָגען. ענדליך האָבען זיי פון דייטשלאַנד אראָבגעבראַכט אַ בעריהמטען אנטיסעמיטישען אגיטאַטאָר מיט'ן נאָמען קאַפּיסטראַנא — א מאָנאַך מיט אַ צונג פון פייער און גיפט, וועלבער האָט אין זיין פאַטערלאַנד ארויסגערופען אַן עפּידעמיע פון

סטענס פון דער מזרח־אימפעריע, דיא שטאדט, וועלכע איז אין פערלויף פון צוועלף יאהרהונדערטע געשטאנען אלס איינער פון צוויי מיטעלפונקטען פון דער קריסטליכער וועלט, איז אריינגעפאלען אין דיא פערניכטענדע פערשוועכענדע הענד פון באַרבאַרישע מאהאָמעדאַנער!

קאָנסטאַנטינאָפּאָל איז געפאַלען אין 1453, און דיעזער יאָהר איז ביי היסטאָריקער פערערכענט אַלס איינער פון די סאמע וויכטיגסטע אין דער גאַנצער מענשליכער געשיכטע. דער זיעג פון דיא טערקען איבער דיא הויפּט־שטאָדט פון דער מזרח־אימפּעריע ווערט אָפּט בעטראַכט אַלס דער שלוס פון דער מיטעלער געשיכטע און דער אָנפאַנג פון דער נייער. היסטאָריקער שטעלען זיך אָפּ אויף דיא בעדייטונג וואָס דיעזער פאַקט האָט געהאַט אין דעם פּאָליטישען און רעליגיעזען לעבען פון אייראָפּאַ. אָבער דיעזע בעדייטונג זיינע איז הויפּטזעכליך ארויס־געקומען פון אַן אַנדערע בעדייטונג, וואָס דיא פּאַסירונג האָט געהאַט — נעמליך פון דער ווירקונג וואָס דאָס האָט געמאַכט אויף דיא מאַ־טעריעלע אינטערעסען, אויף דעם האַנדעל און אינדוסטריע פון איי־ראָפּאַ.

דער גאַנצער געשטאַלט פון דעם מענשליכען לעבען איז ביסלעך־ווייז אומגעענדערט געוואָרען — ניט דורך דעם שטורץ פון קאָנסטאַנטי־נאָפּאָל אליין, נור דורך דיא גאַנצע רייהע פון טערקישע עראָבערונגען, אין וועלכע דער פּאַלל פון דער מזרח׳דיגער הויפּטשטאָדט איז בלויז איינע פון דיא וויכטיגסטע איינצעלהייטען; און ניט דורך דיעזע עראָבע־רונגען גופא, נור דורך דיא גרויסע אויפטהואונגען און נייעסען צו

---

שחיטות. דריי מאָנאַטען נאָך דעם, וויא דיא טערקען האָבען גענומען קאָנס־טאַנטינאָפּאָל, ווען זיי האָבען געשאָכטען און ערנידעריגט זייערע בעזיעגטע, איז קאַפּיסטראַנא מיט זיינע בלוט־דורשטיגע רעדעס בעפאַלען דיא פּוי־לישע אידען, פּאָדערענדיג, אז מען זאָל זיי פערטיליגען מיט פייער און שווערד. דער רעזולטאַט פון דיעזע רעדעס איז געווען, אז דער שוואַכער קאַ־זימיר האָט נאָכגעגעבען זיינע גלחים, און אין נאָוועמבער, 1554, האָבען קוריערען אויסגערופען איבער דיא שטעדט, אז אידען מוזען אָנטהאָן דעם ספּעציעלען יודען־צייכען און אז מען נעהמט ביי זיי צו זייערע רעכטע. זעה אויבען, זייטעל 48.

וועלכע זיי האָבען געפיהרט צוליעב דיא מאַטעריעלע אינטערעסען פון אייראָפּאַ.

אָט דיעזע ענדערונגען זיינען דאָס דער גרענעץ צווישען דעם מיטעל־אַלטער און דער נייער צייט. זיי בילדען דאָס דעם איבערגאַנג פון דער מיטעלער געשיכטע צו דער נייער.

מיר האָבען געזעהען, וויא דיא טערקען האָבען זיך אַנידערגע־זעצט אויפ׳ן רעכטען שוועל צווישען אייראָפּאַ און אַזיען; וויא זיי האָבען אַלץ מעהר און מעהר געשטערט דעם האַנדעלס־פּערקעהר מיט דעם ווייטען מזרח. דער פאַלל פון קאָנסטאַנטינאָפּאָל האָט איבער־געהאַקט דיא צוויי האַנדעלס־מאַרשרוטען וואָס האָבען זיך געצוויגען מעהר צום צפון צו. דיא שטאָדט גענוא, וועלכע פלעגט הויפּטזעכליך האָבען שייכות מיט דיעזע וועגען, האָט אַם שטאַרקסטען געליטען. ווע־נעציע איז געוועזען אין אַ בעסערע לאַגע, ווייל איהר האַנדעל איז געוועזען מעהר פערבונדען מיט דעם דרום׳דיגען מאַרשרוט, — מיט דעם, וועלכער איז געגאַנגען דורך עגיפּטען, איבער דעם נילוס, און דאָרטען האָבען דיא טערקען נאָך דערווייל קיין שליטה ניט געהאַט. דיעזער מאַר־שרוט איז פאָרלויפיג געבליבען אָפען.

אָבער דיא טערקען האָבען זיך געררוקט אַהין אויך, און עס איז געוועזען בלויז אַ פראַגע פון צייט ווען דיעזער האַנדעלס־מאַרשרוט וועט אויך אָפּגעשניטען ווערען. אינדיען מיט איהרע געווירצען, פּערל און עדעלשטיינער, מיט איהרע מערק וואו עס פלעגען צונויף־געבראַכט ווערען דיא זייד, דיא פּאָרצעלייַ און דיא אַנדערע סחורות פון קיטאַי און ציפּאַנגאַ (כינאַ און יאַפּאַן), אינדיען דיא טרוים־לאַנד פון אייראָ־פּעאישע סוחרים, איז געוועזען אין טעגליכער געפאַהר אין גאַנצען אָבגע־צאַמט צו ווערען פון אייראָפּאַ.

דיא איינציגע הילף, וועלכע מען האָט זיך געקענט פאָרשטעלען, איז געוועזען צו זוכען אַן אַנדער וועג צו אינדיען, אַן אַרומיגען וועג, דורך וועלכען מען זאָל קענען אַהין צוקומען, אויסמיידענדיג דיא מאַ־האָמעדאַנישע לענדער.

דיא פראַגע איז אָבער געוועזען צו אַזאַ וועג איז גאָר דאָ? „אַזאַ איבערראשענדע פראַגע האָט דער מענש זיך זעלטען געשטעלט", באַ־מערקט דזשאַהן פיסק, „וואָרים צו שטעלען אַזאַ פראַגע האָט געהייסען, אַז דער מענשליכער שכל האָט פּלוצלונג זיך אדוואזשעט אראָפּצו־

גיין פון דיא רעלסען אויף וועלכע ער איז געגאַנגען פון שלמה המלך'ס צייטען אָן". צו אינדיען איז מען צוגעקומען דורך אַזיען — אַנדערש האָט מען ביז אַהער גאָר ניט געקלעהרט. אָבער מאַטעריעלע נויט ברעכט אייזען. וואָס מעהר דיא טערקען האָבען געשטערט דעם פאַרקעהר מיט אינדיען אַלץ מעהר האָט מען געקלעהרט וועגען אַ נייעם וועג צו דער לאַנד פון געווירצען און אוצרות. מען האָט וועגען דעם געטראַכט נאָך פאַר דעם פאַלל פון קאָנסטאַנטינאָפּאָל.

דער חורבן פון דער אַלטער שטאָדט האָט דעם אינטערעס אין אַזעלכע געדאַנקען בלויז אַ בעזונדערע שאַרפקייט צוגעגעבען.

אָט דיעזע „איבערראַשענדע" נייע פראַגע האָט דאָס געבראַכט דיא ציוויליזירטע טייל פון דער מענשהייט צו דיא גרויסע אויפטהואונגען און ענדערונגען, וועלכע מיר האָבען אויבען דערמאָנט. מען האָט אָנגעפאַנגען צו זוכען אַ נייעם וועג נאָך אינדיען. מען האָט אָנגעפאַנגען צו מאַכען פערשיעדענע ווייטע רייזעס צו דיעזען צוועק.

קאָלומבוס'עס באַריהמטע רייזע איז געווען ווייט ניט דיא איינציגע און ניט דיא ערשטע פון זיי. פיעלע אַנדערע נסיעות זיינען אונטערנומען געוואָרען פאַר איהם און אייניגע פון זיי זיינען געקרוינט געווען מיט וויכטיגע רעזולטאַטען אויך. זיין ענטדעקונג איז אייגפאַך דיא וויכטיגסטע פון אַלע אויפטהואונגען פון יענער צייט, און אַלע זיינען זיי געבאָרען געוואָרען פון איין מוטער — פון אַ מאַטעריעלער נויטווענדיגקייט.

קאָלומבוס האָט ענטדעקט אַמעריקאַ אין 1492, 39 יאָהר נאָך דעם שטורץ פון קאָנסטאַנטינאָפּאָל. און דיעזע ענטדעקונג האָט געשפּיעלט אַ פיעל גרעסערע ראָלע אין איבער־ענדערען דיא וועלט, אַ פיעל גרעסערע ראָלע אין ענדיגען דעם מיטעל אלטער און אָנהויבען דיא נייע געשיכטע, וויא דאָס וואָס דיא אַלטע הויפּטשטאָדט איז אריינגעפאַלען אין טערקישע הענט. אָבער, וויא שוין געזאָגט, דיא צוויי היסטאָרישע פּאַסירונגען זיינען פערבונדען איינע מיט דער אַנדערער. דיא מאַטעריעלע נויטווענדיגקייט, וועלכע האָט געבוירען קאָלומבוס'עס ענטדעקונג איז צוגעפערטיגט געוואָרען פון דיא טערקישע זיעגען איבער דיא קריסטען.

לאָמיר איצט זעהן וויא אַזוי מען האָט זיך גענומען לייזען דיא פראַגע וועגען אַ נייעם וועג נאָך אינדיען.

IV.

## מען זוכט א וועג צו אינדיען ארום אפריקא.

אינדיען דיא טרוים־לאנד פון עשירות פון אייביג אן. — מען וויים בלויז פון א שטיקעל אפריקא. — אבערגלויבען און די שוויריגקייטען פון ווייטע ים־רייזעס. — פאר וואס האבען זיך גענומען זוכען א נייעם וועג נאך אינדיען ניט דיא איטאליענער נור דיא פארטוגעזער? — פרינץ הענריך. — זיינע פלענער און זיין כאראקטער. — דער אידישער דירעקטאר פון זיין שיפס־אקאדעמיע, אין וועלכער עס איז געליגט געווארען דער פונדאמענט צו קאלומבוס'עס פלאן.

דער געדאנק צו זוכען א נייעם וועג צו דעם רייכען ווייטען מזרח האט אנגעפאנגען צו אינטערעסירען, וויא מיר האבען שוין אויבען דערמאהנט, ניט ערשט דאן, ווען קאנסטאנטינאפאל איז געפאלען, נור א סך פריהער. דער שטורץ פון דער גרויסער שטאדט איז בלויז געוועזן דיא שטארקסטע סצענע אין א דראמא, וועלכע האט זיך געצויגען שוין פון פיעלע יאהרען. דיא בעדערפנים צו געפינען עפעס א מיטעל צו־צו־קומען צו אינדיען, ניט מוזענדיג דורכגעהן דורך דיא שרעקליכע טערקען, האט זיך געפיהלט שוין פון לאנג אן. און ניט בלויז אויסמיידען דיא האלב ווילדע טערקען האט זיך דיא אייראפעער געוועלט. אין בעסטען פאל האבען זיי געמוזט אנקומען צו דער לאסקע פון דיא אראבער. פון זיי האבען זיי בעקומען דיא אינדישע סחורות, פאר וועלכע זיי האבען זיי געמוזט צאהלען דריי מאל טייערער ווי זיי האבען געקאסט אין אינדיען גופא. אליין צוקומען צו אינדיען האבען דיא קריסטליכע פעלקער אויף דעם געוועהנליכען וועג אהן גרויסע געפאהרען און שוויריגקייטען ניט געקענט.

עס איז דעריבער נאטירליך, אז דער געדאנק צו געפינען עפעס אן אנדער וועג זאל זיי אינטערעסירען זינט דער האנדעל מיט אינדישע פראדוקטען האט אנגעפאנגען ענטוויקעלט צו ווערען.

אלץ וואס איז ווייט, האט א צויבער, און פארבאטענע פרוכט

איז זיס. אינדיען האָט דיא אייראָפּעאישע פאַנטאַזיע געצויגען צו זיך מיטביידע דיעזע מאַגנעטען. דאָס איז געווען אַ געהיימניספולע לאַנד פון פאַבעלהאַפטע עשירות, אַ טרוימלאַנד פון אוצרות און גלאַנץ. פון אייביג אָן, זינט עס עקזיסטירט דיא היסטאָריע, האָט מען גע־וואוסט, אַז אינדיען איז אַ לאַנד פון גרויסע רייכטימער. העראָדאָטוס, דער אַלט־גריכישער היסטאָריקער, וועלכען מען רופט „דער פאָטער פון היסטאָריע“, האָט שוין וועגען אינדיען גערעדט וויא וועגען דיא רייכסטע און בעפעלקערטסטע לאַנד אין דער וועלט. אַז „אופיר“, פון וואַנען שלמה המלך האָט אימפּאָרטירט גאָלד פאַר זיין בית המקדש געפינט זיך אין אינדיען—האָט מען שוין לאַנג געגלויבט. אַלעקסאַנדער מוקדון האָט אינדיען בעזיעגט, געבויט שטעדט אין יענע געגענדען און דיא אַלטע רוימער האָבען מיט דער רייכער לאַנד געהאַט שטענ־דיגע האַנדעלס־פערבינדונגען. פּערעל, דיעמענטען, אַנדערע טהייערע שטיינער, ווייראַך, געווירצען, זייד — דאָס אַלץ האָבען דיא רוימער בעצויגען פון אינדיען, וואוהין זיי פלעגען צוקומען פון עגיפּטען, וועל־כע זיי האָבען ערָאבערט. זייד פלעגט מען אין אינדיען ליפערען פון כינאַ, און פון דאָרטען פלעגט מען דאָס בריינגען נאָך רוים, וואו עס פלעגט זיך פערקויפען אויפ'ן וואָג פון גאָלד. צו האָבען אַ זיידענע קלייד איז געווען דער טרוים פון יעדער רוימישע פּריצטע. איבער־הויפּט פלעגט דאַן, וויא אויך שפּעטער, אין מיטעל־אַלטער, דער גאַנ־צער מסחור זיין בעשרענקט אויף לוקסוס־זאַכען, אויף דעם געברויך פון דיא רייכע, און דיא אַלע פּראָדוקטען, וואָס מען פלעגט אימפּאָר־טירען פון אינדיען זיינען געווען לוקסוס אַרטיקלען. אין סך הכל רע־כענט מען אַז דיא אַלט־רוימישע סוחרים פלעגען פון אינדיען אַראָב־בריינגען אונגעפעהר פאַר 7 מיליאָן דאָלאַר וואַארע (אין היינ־טיגע אַמעריקאַנער געלט) און דאָס פאַרקויפען פאַר 70 מיליאָן.

נאָך דיא קרייץ־ציגע איז דער האַנדעל מיט דיא אינדישע לוקסוס־זאַכען שטאַרק פערגרעסערט געוואָרען, וויא מיר האָבען שוין אויבען ער־קלעהרט; און די מעשות וועגען דיעזע ווייטע רייכע לאַנד, פון וואַנען מען פלעגט ברענגען דיעזע קאָסטבאַרע זאַכען פאַר שלמה המלך און פאַר דעם אַלטען רוים, זיינען איבערגעגאַנגען פון דור צו דור, אַזוי אַז אין דעם 14־טען און 15־טען יאָהר־הונדערט האָט מען אויף אינדיען גע־קוקט ניט בלויז וויא אויף דיא רייכסטע און וואונדערבאַרסטע מדינה,

נור אויך וויא אויף דיא עלטסטע מדינה, וועלכע איז אימער געוועזן דיא רייכסטע און דיא וואונדערבארסטע.

צו־צו־קומען צו דיזער מערקווירדיגער לאנד*) אויף אן אייגענעם פרייען וועג, ניט דורך דיא געפעהרליכע מאהאמעדאנער, איז דעריבער געוועזן דער אידעאל פון יעדע אייראפעאישע לאנד, וואס האט נור געפיהרט געשעפטען מיט אויסלאנד.

וואו זאל מען אבער אזא וועג זוכען?

ווען מען האט זיך אנגעפאנגען צו שטעלען דיזע פראגע, האט מען צוערשט ניט ווילענדיג געטראכט וועגען אפריקא. דער אינדישער ים ליגט צווישען אפריקא און אינדיען. ווען עס וואלט ניט געוועזן אפריקא, וואלט א שיף פון דעם מיטעללענדישען ים, דאס הייסט פון אייראפא דירעקט איבער'ן וואסער אריבערגעפאהרען נאך אינדיען, שווימענדיג צו דרום־מזרח צו. אפריקא שטעהט אין וועג. אלזא דארף מען שווימען ארום און ארום!

שטעלט זיך פאר, אז א שיף לאזט זיך אוועק פון דעם אנדערען זייט אפריקא, פון איהר מערב זייט, און שווימט ארום און ארום ביז זיא קומט אריין אין דעם אינדישען ים. זיא וואלט דאן צוגעקומען צו אינדיען אויסמיידענדיג דיא אראבער מיט דיא האלב־ווילדע טערקען; אויך וואלט זיא אויסגעמיטען עגיפטען מיט דעם טייך נילוס, וועלכען דיא טערקען האבען זיך אויך געקליבען ארייננצונעהמען אין זייערע הענט און וואו דיא אראבער האבען שוין געוועלטיגט.

אין מערב זייט פון אפריקא ליגט דער גרויסער אטלאנטישער ים, וועלכער ציהט זיך פאזע דעם גאנצען מערב זייט פון אייראפא אויך. אלזא וואלט מען דיא רייזע אזוי געמאכט: מען וואלט זיך אוועקגעלאזען איבער דעם אטלאנטישען ים פאזע די מערב־ברעגעס פון אפריקא און אזוי געגאנגען אלץ ווייטער ווייטער צו דרום צו, ביז מען וואלט דערגרייכט דעם דרום ענד פון אפריקא; דארטען וואלט דיא שיף זיך פארקערעוועט צו מזרח, און אזוי וואלט זיא ארויסגעקומען פון יענעם זייט אפריקא אין דעם אינדישען ים אריין.

---

*) גאנץ אינדיען האלט כמעט אזוי פיעל וויא אייראפא אהן רוסלאנד, און איהר בעפעלקערונג איז אויך אזוי גרויס — וויא פון אייראפא אהן רוסלאנד. זיא בעלאנגט היינט צו ענגלאנד.

צפון

מערב

מזרח

דרום

עקוואטאר

אפריקא

אזיע

(קיטאי)

יאפאן
(ציפאנגא)

אויסטראליען

אטלאנטישער אקעאן
(ים פון פינסטערניס)

אינדישער
אקעאן

מיטעללענדישער ים

גענוא

ווענעציע

די״א פינטעלעך ווייזען ווי״א
אזוי אַ שיף האלט געגאנגען פון
וועגעציע און גענוא ארום אפריקא
און געקומען נאך אינדיען.

דאָס איז אָבער אַלץ גערעדט, אַז מען ווייס דאָס אַפריקאַ האָט אין דרום אַן ענד, וואו אַ שיף קען זיך אַרום איהר פאַרקערעווען. איצט ווייס אַ צעהן־יעהריגער שוהל־אינגעל, אַז יאַ. ער האָט אין זיין גע־דאַנקען דיא לאַנד־קאַרטע, און ער זעהט אַזוי ווי מיט דיא אויגען וויא אַ שיף קען שווימען אַרום און אַרום און פון דעם אַטלאַנטישען ים אַריינקומען אין דעם אינדישען.

ניט אַזוי לייכט איז אָבער אַזאַ געדאַנק אָנגעקומען אין דער צייט, וועגען וועלכע עס האַנדעלט זיך דאָ — אין דעם 15־טען יאָהר־הונדערט.

דיא ערד־וויסענשאַפט אָדער געאָגראַפיע איז נאָך דאַן געווען אין איהר וויקעל־שנור. היינט זיינען מיר בעקאַנט כמעט מיט יעדען שטי־קעל לאַנד אָדער וואַסער וואָס געפינט זיך אויף אונזער ערד־קוגעל, כמעט מיט יעדען אינזעלע, בארג, אָזערע, טייך אָדער טייל פון ים. דאַן האָבען אפילו דיא ספּעציאַליסטען אויף דיעזע זאַכען, דיא גע־לעהרטע געאָגראַפען, בלויז געוואוסט פון ווייניגער וויא אַ פערטעל פון דעם גאַנצען שטח פון דעם ערד־קוגעל.

דורך דעם מיטעל־אַלטער, אין יענע פינסטערע דורות, ווען דער מענשליכער מוח האָט געשלאָפען, האָט מען זעהר ווייניג אויפגעטאָן אין דיעזער וויסענשאַפט. אין דעם אָנהויב פון דעם 15־טען יאָהר־הונדערט האָט דיא געאָגראַפיע געהאַלטען ניט זעהר פיעל ווייטער וויא זיא האָט געהאַלטען אין דעם 2־טען יאָהר־הונדערט (נאָך דעם געבורט פון קריסטוס), ווען אין אַלעקסאַנדריא האָט געלעבט דער בע־ריהמטער גריכישער אַסטראָנאָם, מאַטהעמאַטיקער און געאָגראַף פּטאָלאָמיי. *)

מען איז געווען בעקאַנט מיט דעם גרויסען שטח ערד, וועלכער

---

*) זיינע ווערק זיינען געווען כמעט דער איינציגער קוואַל פון אַסטראָ־נאָמישע און געאָגראַפישע וויסענשאַפט אין מיטעל־אַלטער. אין מיטען פון דעם 13־טען יאָהר־הונדערט האָט מען ניט געוואוסט אַ האָר מעהר געאָגראַ־פיע ווי ער. דאַן האָט מען אָנגעפאַנגען צו מאַכען אַ ביסעל פאָרטשריט אין דיעזער וויסענשאַפט — צוליעב דיא קרייץ־ציגער, וועלכע האָבען צוגע־וואַוינט מענשען צו ווייטע רייזעס. אַ סך ווייטער פון איהם איז מען אָבער אין דיא נעכסטע פאָר הונדערט יאָהר אויך ניט אַוועק.

בעשטעהט פון אזיען, איירָאָפּא און אפריקא; אָבער אפילו דאָס האָט מען געוואוסט וועיט ניט אין גאַנצען. צו צפון זייט האָט מען בלויז געוואוסט אזוי ווייט אונגעפעהר וויא דיא היינטיגע שטאָדט פעטערסבורג, און צו דרום איז דער גרענעץ געוועזן דיא הייסע זאַמדיגע וויסטענעס זאַהאַראַ, וועלכע געפינט זיך אין די אויבערשטע טייל פון אפריקא. וואָס עס טהוט זיך ווייטער פאר דיא זאַהאַראַ האָט מען ניט געהאַט קיין בעגריעף. דאָרטען איז שוין ניט זעהר ווייט פון דעם עקוואַטאָר, (דער מיטען ערד־קוגעל), פון דעם הייסעסטען אָרט אויף דער ערד (זעה ביילאַגע, זייטלעך 653—657); אַלזאָ האָט מען געמיינט, אז אהין קען קיין מענש ניט צוקומען, ווייל דער ים האַלט דאָרטען אין איין קאָכען, און דיא זאַמד פון דער וויסטעניש ברענט וויא אין א קאַלך־אויווען. צו צפון זייט וויעדער, האָט מען זיך פאָרגעשטעלט, איז העכער וויא דער אויבען־דערמאָנטער פונקט אַלץ פערפראָהרען. וואָס אָנבעטרעפט דעם מערב זייט פון איירָאָפּא און אפריקא, גייט דאָרט דער אטלאַנטישער ים, וועגען וועלכען מען האָט אפילו ניט געסמייעט צו דיינקען. מען האָט זיך איהם פאָרגעשטעלט אַלס א וואַסער פול מיט געפאהרען און שרעקען, וועלכער ציהט זיך אָהן א שיעור און אָהן אַן ערך. מען האָט איהם דעריבער גערופען: „ים פון פינסטערניש“.

און פון דער אַנדערער זייט פון דיעזען גרויסען ערד־שטח, אין מזרח־זייט פון אזיען (ביי כינא און יאפּאַן), האָט פּטאָלאָמיי געמיינט, אז עס גייהען זומפּען בעוואַקסען מיט זומפּ־שטעקלעך, און אז זיי ציהען זיך אַוועק ווייט־ווייט ערגעץ וואו, אויך אָהן א שיעור און אַן ערך. אז דאָרטען איז גאָר פאַראַן א גרויסער ים, דאָס וואָס מיר רופען היינט דער גרויסער אָדער שטיללער אָקעאַן — האָט מען זיך דערוואוסט ערשט אין מיטען פון דעם 13־טען יאָהר־הונדערט; און קיין ריכטיגען בעגריעף וועגען יענע געגענדען האָט מען אפילו אין דעם 15טען יאָהרהונדערט אויך ניט געהאַט. (זעה קאַרטע, זייטעל 164).

לאָמיר זיך אָבער אומקעהרען צו דער ספּעציעלער פראַגע וועגען אַפריקאַ.

מען האָט אַלזאָ בלויז געוואוסט פון א שטיקעל אפריקא, פון איהר צפון׳דיגער פינפטעל אונגעפעהר — ניט מעהר ווי א טויזענד מייל פון ווענעציע אָדער פּאַריז. ווייטער צו דרום־זייט האָט מען זיך פריהער מיט׳ן ים ניט אדוואזשעט צו רייזען און מיט

דיא טהייל פון אפריקאַ, פון וועל־
כע מען האָט געוואוסט פאר פרינץ
הענריק'ס צייטען. (זיא איז דאָ
אויף אַפריקאַ בעצייכענט מיט
שטריכען. דיא ווייסע איז דיא
טהייל, מיט וועלכע מעי איז נאָך
דאַן ניט געווען בעקאַנט).

דער יבשה אזוי ווייט אויך ניט, ווייל דארטען האבען געהערשט אראַ־בער; צווייטענס זיינען איירא̇פעער ניט געוואוינט געווען צו רייטען אויף קעמלען. וואס ווייטער איז, האט מען אלזא ניט געוואוסט. היינט, וויא אזוי האט מען געקענט בעשטימען אויב עס איז גאר דא אן ענד צו אפריקא? טאמער ציהט זיא זיך צו דרום צו אהן א שיעור ביז דעם „עק־וועלט"; און אויב אזוי, איז דאך ניטא וואס צו רעדען פון „ארומשווימען" אפריקא און ארייגקומען אין דעם אינדישען ים.

דיא געלעהרטע פון דער אלטער גריכענלאנד און רוים זיינען גע־ווען צוטיילט אין דיעזע פראגע. אייניגע פון זיי האבען געגלויבט, אז אפריקא איז א סך קירצער וויא אין אמת'ן, אז זיא ענדיגט זיך אונ־געפעהר נאך דער זאהארא און אז דארטען קומט דער אטלאנטישער אקעאן זיך צונויף מיט דעם אינדישען, דאס הייסט אז מען קען אפ־ריקא יא ארומשווימען; און אנדערע האבען געגלויבט, אז זיי קומען זיך גאר ניט צונויף, — אז אפריקא ציהט זיך אין דרום־זייט אהן א שיעור און אז שווימען ארום און ארום איהר איז דעריבער אונמעגליך. דאס זיינען אבער געווען בלויז מיינונגען. קיין קלאהרע בעווייזע פון ערפאהרונג האט ניט געהאט ניט דער צד ניט יענער.

הערא̇דאטוס, דער אויבען־דערמאנטער היסטאריקער פון דער אל־טער גריכענלאנד, דערציילט אפילו, אז אין דיא צייטען פון דעם עגיפּ־טישען קעניג פרעה נכו האבען געוויסע פעניקיער שיפען ארומגערייזט ארום און ארום אפריקא; אז זיי זיינען ארויסגעפאהרען איבער דעם רויטען ים (ביי עגיפטען) און צוריק געקומען דורך דעם מיטטעל־לענדישען ים, און אז דיא גאנצע רייזע האט ביי זיי געדויערט דריי יאהר; אבער דיעזע מעשה האט קיין גרויסע ווערדע ניט. הערעדאטוס זאגט, אז איהם האט מען דאס דערציילט, און אין גאנצען האט ער אין דעם אליין ניט געגלויבט.

הערא̇דאטוס האט געלעבט אונגעפעהר מיט 600 יאהר פאר פטאלאמייען, און פרעה נכו האט געלעבט מיט א יאהר 200 פאר הע־ראדאטוס'ען. דאס הייסט, אז אפריקא האט מען ארומגעשוואומען מיט 800 יאהר פאר פטאלאמיי'ס צייטען. קיין בעווייזע וועגען דער געשיכטע זיינען ניטא. קיין איינצעלהייטען אויך ניט. מען צווייפעלט אלזא אויב זיא איז אמת.

יעדענפאלס דארף מען האבען אין זינען, אז אויב אפילו עס

וואָלט יע געווען וואהר, אז אין נכו׳ס צייטען האָט מען ארומגערייזט ארום און ארום אפריקאַ, האָט דאָס קיין איינדרוק ניט איבערגעלאָזען; ווייל מען האָט זיך דאן אין אזא וועג ניט גענויטיגט. מען האָט מיט דיעזען וועג זיך מעהר ניט בענוצט. עס איז דאָס זעלבע וויא מיט דער ענטדעקונג פון אמעריקא, וואָס איז געמאַכט געוואָרען מיט 500 יאָהר פאר קאָלומבוס׳ען. דיא מעשה איז געבליבען היינגען אין דעם וואָלקען פון פאנטאזיעס, וועלכע האָבען ניט קיין שום פּראקטישען ווערטה. דיא וועלט איז אין איהר בעגריעף וועגען אפריקא דורך דעם ניט קלינער געוואָרען. מען האָט אלץ געגלויבט, אז צו דעם עקוואַטאָר איז אונמעגליך צו־צוקומען, אז דאָרטען קאָכט דער ים און דיא זאמד ברענט וויא אין א טיגעל, און אז דאָרטען קענען וואוינען בלויז פייער־חיות און שדים.

פּטאָלאָמיי האָט דער געשיכטע וועגען דיא פעניקיער פון נכו׳ס צייטען קיין אויפמערקזאמקייט ניט געשאָנקען. ער האָט געגלויבט, אז צו דרום צו ציהט זיך אפריקאַ אָהן א ברעג, און אז אפריקאַ און דיא ווייטע טיילען פון אזיען קומען זיך צונויף און גייען ווייטער אלס איין שטיק לאַנד. דער אינדישער ים, איז נאָך זיין מיינונג נאָך, א מין ריעזיגע אָזערע, ארומגערינגעלט פון אלע זייטען מיט לאַנד. פון דעם אטלאַנטישען ים אריינגעקומען אהין איז אלזאָ, נאָך דיעזע מיינונג נאָך, אונמעגליך.

אין דעם 15־טען יאָהר־הונדערט זיינען אָבער שוין געווען געבילדעטע אייראָפּעער, וואָס האָבען געגלויבט, אז פּטאָלאָמיי האָט געהאַט א טעות; און אזוי ווי נאָך אין דער אלטער רוים און גריכענלאַנד זיינען געווען דיינקער, וואָס האָבען ערקלעהרט, אז דער אטלאַנטישער ים מיט דעם אינדישען פעראייניגען זיך, — האָבען זיך געפונען מענשען וואָס האָבען געטרוימט פון א וואסער־וועג צו אינדיען ארום אפריקאַ.

אלס טרייב־קראפט צו אזעלכע טרוימען האָט געדיענט, וויא מיר האָבען שוין אויבען געזאָגט, דיא מאַטעריעלע פאָדערונג פון דער צייט. „דער וואונש איז דער פאָטער פון דעם געדאַנק“ זאָגט א שפּריכוואָרט. זינט דיא טערקען האָבען אָנגעפאנגען צו פערהאַלטען דעם האנדעל מיט אזיען איבער דיא אלטע מארשרוטען, איז געוואַקסען דער וואונש צו האָבען אַן ארומיגען וועג

צו דעם ווייטען מזרח; און פון דיעזען וואונש איז געבארען געוואָ־
רען דער געדאנק, אז אזא וועג קען מען ווירקליך האבען, — מען דארף
נור זיך אוועקלאָזען אויף א לאנגע רייזע איבער דעם אטלאנטישען
ים ביי דיא ברעגעס פון אפריקא און אָנהאלטען דיעזע רייזע ביז מען
וועט צוקומען צו אן ענד פון לאנד, וואו מען קען זיך פארקערעווען
אין דעם אינדישען ים אריין.

דער לעזער וועט פיליכט פרעגען: ווארום האט מען פאַרט ניט גע־
קלעהרט וועגען א רייזע איבער אפריקא גופא, איבער דער יבשה?
אבער דאס איז געווען נאך שווערער זיך פארצושטעלען וויא א רייזע
איבער'ן וואסער. דער ים איז אלץ דער זעלבער, וויניגסטענס. דיא
זעלבע שיף וואס געהט ארוים פון ענגלאנד, צום ביישפיעל, אָדער פון
שפאניען איבער'ן אטלאנטישען ים גייט ווייטער און ווייטער. אויף
דער יבשה אבער ליגט דיא שרעקליכע וויסטענעס זאהארא (זעה
ביילאגע, זייטעל 660), און וויא אזוי פאהרט מען איבער דיעזען ריע־
זיגען טיעפען „ים פון זאמד“? — שוין ניט רעדענדיג וועגען דיא גע־
פעהרליכע פעלקער און חיות, וועלכע מען האט זיך דארטען פאר־
געשטעלט; און וואס ליגט ווייטער? עס האבען זיך ארומגעטראָגען
אלערליי אבערגלויבערשע מעשות וועגען דיא באשעפענישען, וואס
געפינען זיך דארטען. מען האט צום ביישפיעל געגלויבט, אז דארטען
וואוינען מענשען מיט הינטישע קעפּ. אז נאטירליכע מענשען זאלען
דארטען קענען לעבען — האט זיך ניט געגלויבט.

אין דעם 15טען יאהרהונדערט זיינען שוין געווען ענטוויקעלטע מענ־
שען, וועלכע זיינען פון אזעלכע דומהייטען פריי געווען, אבער זעהר וועֿ
ניג. און ווען מען האט זיך שוין יע פארגעשטעלט, אז מען קען פאהרען
ווייט צו דרום זייט מיט דער יבשה, איז א וואסער־וועג יעדענפאלס
געווען א פיעל בעסערער פלאן וויא צו שלעפען זיך טויזענדער מיילען
איבער וויסטעניסען און בערג, איבער אונבעקאנטע געגענדען מיט
אונבעקאנטע שטערונגען און געפאהרען. אפילו צו דיא ווייטע קרייזען פון
אפריקא גופא האט מען אויך גערעכענט בעסער צו צו־צוקומען אי־
בער'ן ים.

מען האט אלזא געטראכט וועגען א ים־רייזע ארום אפריקא.
אבער אוועקלאָזען זיך אויף אן אונבעשטימט לאנגע רייזע איבער'ן
וואסער איז אין יענע טעג אויך ניט געווען אזא לייכטע זאך. דיא שי־



אוננאַטירליכע מענשליכע בעשעפעניסען, וועלכע מען פלעגט זיך פאָרשטעלען אַלס דיא איינוואוינער פון ווייטע אונבעקאַנטע געגענדען: 1) מענשען מיט קעפּ פון חיות; 2) מענשען מיט קעפּ אונטער דיא פּלייצעס; 3) מענשען מיט איין אויג; 4) מענשען מיט אַזעלכע גרויסע פיס, דאָס אין אַ הייסען טאָג האָבען זיי נור געדאַרפט זיך צולייגען, אום זיך אָפּצוקיהלען, אין דעם שאָטען פון דער אייגענער פוס. (דאָס בילד איז גענומען פון דזשאָזעף דזשייקאָב'ס „געשיכטע פון געאָגראַפישע ענטדעקונגען").

פען זיינען אונטער'ן וואַסער נאָך ניט געווען גערעקט מיט בלעך, און ניט זעלטען פלעגט אַ שיף זינקען דורך דיא לעכער וואָס אַ געוויסער זאָרט וואָרים האָט אין איהר אויסגעגעסען. דיא שפּייז, וואָס מען האָט דאַן געקענט מיטנעהמען אויף אַ לאַנגע רייזע, איז געווען אזא צרה'־דיגע, אַז אָפט פלעגען מאַטראָזען אויסשטאַרבען פון סקאָרבוט. צו ווייט זיך אַוועקלאָזען האָט מען איבערהויפּט מורא געהאַט — טאָמער גייט אין גאַנצען אויס דיא שפּייז און מען שטאַרבט פשוט פון הונגער.

און דאָך האָבען זיך געפונען מענשען, וואָס האָבען ניט בלויז געטרוימט וועגען דיא רייזע ארום אַפריקאַ, נור אויך זיך גענומען איהר ביסלעך־ווייז דורכפיהרען.

נאָך'ן שכל נאָך האָט מען בעדאַרפט ערוואַרטען, אַז אַזעלכע מענשען זאָלען זיך הויפּטזעכליך געפינען אין איטאַליען: זיא האָט

געשפּיעלט דיא העכסטע ראָלע אין דעם מסחור פון וויטען מזרח און האָט אַם שטאַרקסטען געליטען פון דעם וואָס דיא טערקען האָבען דיעזען מסחור געשטערט; אַלזאָ, איז זיא אַם שטאַרקסטען געווען פאַראינטערעסירט אין אנייעם וועג צו אינדיען.

דאָס איז אַלץ גאַנץ ריכטיג; אָבער גראַד וויילע אַזאַ וועג איז פאַר דיא איטאַליענישע שטעדט געווען נויטהיגער וויא פאַר אַלע אַנדערע לענדער, — גראַד דעריבער זיינען זיי ניט אין שטאַנד געווען איהם צו זוכען. טאַקי דורך דעם גופא, וואָס זיי האָבען דעם טערקישען יאָך געפיהלט אַם שאַרפסטען, איז פאַר זיי אונמעגליך געווען זיך צו בעשעפטיגען מיט פאָרשונגס־רייזעס. זיי זיינען שטענדיג געווען פאַרנומען מיט אַ פערצווייפעלטען קאַמפף געגען דיא טערקען; זיי האָבען אַוועק־געלייגט זייערע כחות מאַטערענדיג זיך צו בעשיצען זייערע געשעפטען אין לעוואַנט. צו אָרגאַניזירען רייזעס אַרום אַפריקאַ איז זיי אין זינען ניט געלעגען. ווען מען וואָלט וויסען געוויס, אַז אַזעלכע רייזעס זיינען מעגליך; ווען זייער פּראַקטישע בעדייטונג וואָלט געווען אַ בעשטימטע זאַך, וואָלטען דיא איטאַליענער שטעדט זיי געוויס אונטערנומען. פערנעהמען זיך אָבער מיט אַזאַ אונבעשטימטע, וויט־לויפיגע אויפגאַבע האָבען זיי קיין אינטערעס ניט געהאַט. זיי זיינען געווען פערנומען מיט זייערע באַלדיגע, ממשות׳דיגע צרות.

צו דאָס אַלעם דאַרף מען צולייגען דעם פאָלגענדען וויכטיגען פּונקט: פאָרשונגס־רייזעס איבער דעם אַטלאַנטישען ים איז בעקוועמער געווען צו מאַכען פאַר נאַציאָנען, וועלכע געפינען זיך אַליין ביי דעם אַטלאַנטישען ים, ווערהענד איטאַליען איז אָפּגערוקט פון דאָרטען. ווען זיא וואָלט געוועלט אונטערנעהמען אַזעלכע רייזעס, וואָלט זיא געמוזט דורכגעהן דעם גיבראַלטאַרישען מעער־איינג — דורך דיא וואַסערען פון שפּאַניען און פּאָרטוגאַל.

דורך דעם גרויסען מסחור וואָס איטאַליען האָט געפיהרט איז ביי איהר אַם העכסטען ענטוויקעלט געוואָרען אַלץ וואָס איז שייך צו ים־רייזעס. מיר האָבען שוין געהאַט אַ געלעגענהייט צו דערמאָנען, אַז זיא האָט געהאַט דיא בעסטע שיף־בויערס, דיא בעסטע שיפס־קאַפּיטאַנען, דיא גרעסטע געאָגראַפען, קאַרט־צייכענער, אַסטראָנאָמען. אַיבערהויפּט איז זיא דאָך דאַן געווען דיא געבילדעטסטע לאַנד אין דער וועלט, און איהרע וויסענשאַפטס־מענער, קינסטלער, פּאָעטען, האַנד־

ווערקער, אלער־ליי ספעציאליסטען האבען געהאט אן איינפלוס אויף אלע אנדערע לענדער.

אליין אבער ארגאניזירען עקספעדיציעס צו זוכען נייע מאר־שרוטען נאך דעם ווייטען מזרח איז איהר ניט באשערט געווען. אין פריהערדיגע צייטען, נאך אין דעם 13־טען יאהר־הונדערט האבען איינגע איהרע שיפס־קאפיטאנען געדייזט פאזע דעם מערב־ברעג פון אפריקא און בעזוכט געוויסע אינזלען. ווייט זיינען זיי אבער ניט דער־גאנגען און קיין סיסטעמאטישער פלאן צו געהן אלץ ווייטער און ווייטער האט אין דעם ניט געשטעקט.

אבער אויב איטאליען אליין האט אין דעם 15־טען יאהר־הונ־דערט מיט אזעלכע אונטערנעהמונגען זיך ניט געקענט אבגעבען, האבען דערפאר איהרע קינדער אומעטום אין זיי א וויכטיגען אנטייל גע־נומען — ענטוועדער אלס דיא הויפט־קאמאנדירען פון דיא עקספע־דיציעס, אדער אלס שיפס־קאפיטאנען, אדער, וויינינגסטענס, אלס מאטראזען. אויך זיינען דיא וואס האבען צוגעפערטיגט דיא קארטען צו דיעזע רייזעס מייסטענס געווען איטאליענער; אויך האבען אי־טאליענער געהאלפען מאכען דיא וויסענשאפטליכע אויסרעכענונגען פאר אזעלכע רייזעס.

אבער פונקט וויא דיא אומשטענדען זיינען געווען אונגינסטיג פאר אזעלכע עקספעדיציעס אין איטאליען, אזוי זיינען זיי געווען גינסטיג פאר זיי אין א קליינער מדינה, וואס פארנעמט דעם דרום־מערב ווינקעל פון אייראפא, און ליגט ביי'ן רעכטען אטלאנטישען אקעאן אם נעהענטסטען פון אפריקא. מיר מיינען דא פ א ר ט ו ג א ל.

פון צוזאמענשטויסען מיט דיא טערקען האט פארטוגאל ניט גע־וואוסט, ווייל זיא איז געווען צו ווייט פון זיי. זיא און איהר שכן'טע, שפאניען, האבען געהאט א קאמפף מיט אנדערע מאהאמע־דאנער, מיט דיא מורינען, וועלכע, וויא מיר וויסען שוין, האבען זיך פון לאנג בעזעצט אויף דעם פירענעאישען האלב־אינזעל.*) פון דיע־

*) פירענעאישער האלב־אינזעל הייסט דיא שטיקעל אייראפא, וועלכע איז היינט פערנומען פון שפאניען און פארטוגאל. פון איין זייט איז זיא צוגעוואקסען צו לאנד (פראנקרייך); און פון אלע אנדערע זייטען איז זיא

זען קאמפּף האָבען דיא פּאָרטוגעזען זיך בעפרייט פריהער פאר דיא שפּאניער. זיי האָבען אַלזאָ דיעזען זאָרט דאגות ניט געהאט, און האָבען זיך געקענט אָפּגעבען מיט זאכען וואָס זיינען געווען נוצליך פאר זייערע אינטערעסען.

זייערע אינטערעסען, ווידער, זיינען געווען אזעלכע, אז פאר זיי איז וויכטיג געווען צו זוכען נייע לענדער. זייער אייגען לאנד איז געווען זעהר קליין; זיא האָט זיך געפונען אין א שטענדיגען געפאהר איינגעשלונגען צו ווערען פון דיא שפּאנישע קעניגרייכען *) און אום זיך צו בעוואָרענען געגען דיעזע געפאהרען, האָבען דיא פּאָרטוגעזישע קעניגע געזוכט פריינדשאפט און פערוואנדשאפט מיט ענגלאנד. א פּאָרטוגעזישער קעניג האָט גענומען א ענגלישע פרינצעססין, און דיא צוויי לענדער האָבען געשלאָסען האנדעלס־טראַקטאַטען. מיט בעלגיען האָבען דיא פּאָרטוגעזען אויך געהאט פריינדליכע פערהעלטניסע — וועגען דיפּלאָמאטישע זאכען אזוי גוט וויא אין מסחור. דאָס זעלבע איז געווען מיט דער ווענעציאנישער רעפּובליק, וועמעס שיפען פלעגען זיך אָפּשטעלען אין פּאָרטוגאל, גייענדיג דורך דעם גיבראלטאר נאָך ענגלאנד אָדער בעלגיען. אויך האָט זיא געהאט שטענדיגע פערהעלטניסע מיט גענוא. מיט דיעזע פיער האפען לענדער האָט זיא אַלזאָ געהאט א פערקעהר. זיא האָט אָבער געדורשט נאָך מעהר אייגענע לאנד. איהרע קעניגע און איהרע סוחרים האָבען געטרוימט וועגען זוכען נייע געגענדען, נייע קוואלען פון רייכטימער.

צוגעפּאסט צו אזעלכע אונטערנעהמונגען איז פּאָרטוגאל געווען. ערשטענס, ווייל זיא ליעגט גלייך ביי דעם אטלאנטישען ים; צווייטענס, ווייל זיא ליגט לעבען אפריקאָ — א וועלט־טייל, וואָס האָט גאָלד און אנדערע וויכטיגע פּראָדוקטען. דריטענס, ווייל זיא האָט שוין דאָן געהאט ערפאהרונג אין ים־רייזעס. ניט בלויז דורך איהר האנדעל מיט ענגלאנד, בעלגיען און ווענעציע איז ענטוויקעלט געוואָרען איהר

---

בעוואסערט (מיטטעל־לענדישער ים, גיבראלטאר שטראססע, אטלאנטישער אָקעאַן).

*) מיר וועלען דערמאָנען דעם לעזער, אַז שפּאַניען איז נאָך דאַן געווען צוטיילט אויף עטליכע בעזונדערע מדינות: קאסטיליען, אראגאָן, נאַוואר א. ז. וו.

שיף־קונסט, נור נאָך פון פריהער. אין איהרע מלחמות געגען דיא מורינען, איז איהר אויסגעקומען פיעל צו קעמפּפען אויף'ן וואַסער. איהרע קריעגס־שיפען זיינען צוגעוואוינט געוואָרען זיך צו לאָזען געהן אַ היבשע שטיק ביי דעם ברעג פון אַפריקאַ. אויף דיעזען אַרט איז איהר פלאָטע געוואָרען געניט און אדוואַזשנע. דאָס, וויעדער, איז איהר צוניץ געקומען צו איהר האַנדעל מיט דיא פּאָרטאָווע אייראָפעאישע שטעדט, און האָט איהר פעהיג געמאַכט אויף לאַנגע ים־רייזעס בכלל און ביי דיא ברעגעס פון אַפריקאַ בפרט.

פּאָרטוגאַל האָט אַלזאָ געהאַט גאַנץ בעזונדערע אינטערעסען צו מאַכען אַזעלכע רייזעס. זיא האָט געוועלט געפינען פאַר זיך וויגאַדנע ערטער אין אַפריקאַ גופאַ. זיא האָט אָבער אויך שוין פון לאַנג געדורשט נאָך אַן אייגענעם וועג צו אינדיען. ווען דיא אַלטע וועגען צו דעם וויטען מזרח זיינען נאָך וויניג געשטערט געוועזן פון דיא טערקען, האָט זיא אויך ניט געקענט צוקומען צו האַנדלען איבער זיי, ווייל דיעזער האַנדעל איז געלעגען אין דיא הענט פון דיא מעבטיגע איטאַליענישע שטעדט. פונקט וויא אַ שיף פון ווענעציע, צום ביישפּיעל, האָט ניט געקענט דערגרייכען דעם אַטלאַנטישען ים אַנדערש וויא דורך דיא וואַסערען פון שפּאַניען און פּאָרטוגאַל, אַזוי האָט פּאָרטוגאַל ניט געקענט קויפען סחורות אין דעם לעוואַנט אַנדערש וויא דורך דיא סוחרים פון ווענעציע, גענוא, אָדער פּיזאַ.

דאָס הייסט, אַז דיא פּאָרטוגעזער פלעגען דיא אינדישע פּראָדוקטען בעקומען פון אַ דריטע האַנט, און זיי אַליין זיינען געוועזן דיא פערטע: 1) דיא אַראַבער האָבען דאָס איינגעקויפט אין אינדיען גופאַ; 2) פון דאָרטען פלעגען זיי עס ברייננגען נאָך'ן לעוואַנט, וואו זיי פלעגען עס פאַרקויפען צו דיא איטאַליענער און 3) דיא איטאַליענער פלעגען דיא סחורות פאַרקויפען צו אַנדערע לענדער, פּאָרטוגאַל אריינגערעכענט.

פּאָרטוגאַל און שפּאַניען זיינען אָבער פריהער צוגעוואוינט געוועזן צו בעקומען געווירצען און אַנדערע אינדישע סחורות דירעקט פון אַראַבער, נעמליך דורך דיא אַראַבער און מורינען, וואָס האָבען פאַרנומען אַ גרויסע טייל פון שפּאַניען. דערצו דאַרף מען באַמערקען, אַז דיא זעלבע מורינען האָבען זיי דאָס טאַקי צו דיעזע אינדישע זאַכען צוגעוואוינט. דיא מורינישע הערשער פון סעוויל און גראַנאַדאַ (שפּאַ־

ניען) האָבען געלעבט אין לוקסוס, און ביי זיי האָבען זיך אָבגעלערנט זייערע שכנים, דיא קריסטליכע קעניגע און זייערע אדעליגע. זינט אָבער אויף דעם פירענייאישען האַלב־אינזעל האָבען זיך אָנגעהויבען דיא פערביסענע מלחמות צווישען דיא מאהאָמעדאַנער און דיא קריס־טען, איז דער קריסטליכער אריסטאָקראַטיע שווער געוואָרען דיא דער־מאָנטע פּראָדוקטען פון דיא מורינען צו בעקומען. זיי האָבען גע־מוזט זיי בעציהען פון אַ וויַיטערע מדינה — פון איטאַליען, וועלכע האָט זיי אליין געקויפט ביי מאהאָמעדאַנער (אראַבער).

דער געדאַנק צו פּרופען צוקומען צו אינדיען ארום אפריקא איז דעריבער אין פּאָרטוגאַל געווען אַ גאַנץ נאַטירליכער. אַפריקאַ און דער אַטלאַנטישער ים געפינען זיך גלייך דערביי. ווען פּאָרטוגאַל זאָל אַזאַ וועג אויסאַרבייטען, וואָלט זיא זיך געפונען ביי זיין סאַמער טהיר. אויב איטאַליען וואָלט וועלען זיך בענוצען מיט דיעזען וועג, וואָלט זיא שוין געמוזט אָנקומען צו פּאָרטוגאַל׳ס לאַסקע. קורץ, דיא פּאָרטו־געזישע סוחרים האָבען דיא ווענעציאַנער ניט פאַרגונען דיא רייכע געשעפטען וואָס זיי האָבען געהאַט מיט דיא פּראָדוקטען פון אינדיען, און זיי האָבען זיך געטראַכט, אַז ווען זיי וואָלטען געהאַט אַ וואַסער־וועג צו אינדיען, וואָלטען זיי דיעזע געשעפטען געהאַט.

פאַר דיא דערמאָנטע אויפגאַבען האָט זיך גענומען אַ אינטערע־סאַנטער יונגער פּרינץ העינריק אָדער העינריך, אַ זוהן פון יאָאַן דעם ערשטען, קעניג פון פּאָרטוגאַל. ער האָט זיך פאַר דעם גענומען נאָך איידער דיא טערקען האָבען עראָבערט קאָנסטאַנטינאָ־פּאָל. דיא געגענדען אַרום קאָנסטאַנטינאָפּאָל האָבען אָבער שוין גע־פיהלט דעם טערקישען יאָך, און דער מסחור מיט׳ן לעוואַנט איז שוין געשטערט געווען. פריהער האָט וועגעציע קאָנטראָלירט דעם האַנדעל איבער דעם מיטעלסטען מאַרשרוט אזוי גוט וויא איבער דעם דרום מאַרשרוט. דעם מיטעלסטען האָט זיא שוין געהאַט פאַרלאָרען, ווייל דיא טערקען האָבען איהר פאַרשטעלט דעם וועג. דעם דרום־וועג האָט זיא נאָך געהאַט דורך אַ טראַקטאַט מיט עגיפּטען און זיא האָט זיך נאָך געפונען אין אַ העכסט בליהענדען צושטאַנד, (גענוא איז געווען דיא בעל־הביתטע איבער דעם צפון וועג, וויא פריהער); אָבער דיא פראַגע וועגען אַ נייעם וועג אַרום אינדיען איז שוין געווען אין דער לופט אין גאַנץ אייראָפּאַ.

פון פרינץ הענריק'ס אונטערנעהמונגען איז געבארען געווארען קאלומבוס'עס פלאן. פון דיא רייזעס, וועלכע האבען אייראפא בעקאנט געמאכט מיט אפריקא, זיינען ארויסגעקומען דיא רייזעס, וועלכע האבען איהר בעקאנט געמאכט מיט אמעריקא. מיר וועלען דערציילען אלץ כסדר.

אין 1415, ווען פרינץ הענריק איז אלט געווען איין און צוואנציג יאהר האט ער אנטייל גענומען אין א מלחמה, געגען דיא מאורען אדער מורינען פון מאראקא (מאוריטאניא, וויא מען פלעגט דאס דאן רופען) אויף יענעם זייט גיבראלטאר־שטראססע. דיא פארטוגעזער האבען גענומען דיא מורינישע שטאדט סעאוטא,*) און דורך דיעזע קריעג איז פרינץ הענריק בעריהמט געווארען אלס א מוטהיגער און פעהיגער יונגער גענעראל. זייענדיג אין סעוטא האט ער זיך געזעהן מיט אידישע רייזענדע, וועלכע האבען איהם פיעלעס דערצעהלט וועגען דיא ווייטערע געגענדען פון אפריקא און וועגען דעם האנדעל וואס דיא מורינען פון מאראקא האבען געפיהרט מיט יענע ערטער. אויף יי־זען ארט האט ער זיך דערוואוסט פערשיעדענע זאכען וועגען דיא אאזיסען **) פון דער זאהארא און וועגען גינעא.

ווען איהר גיט א קוק אויף דיא לאנד־קארטע, זעהט איהר, אז אפריקא געהט אויסגעבויגען אזוי ווי א „ר". גינעא הייסט דער ברעג אין דעם ארט וואו עס געפינט זיך דער בויג. דאס האט פרינץ הענריק אבער דאן נאך דייטליך ניט געוואוסט. ער האט בלויז געהערט, אז גינעא געפינט זיך ביי דעם ברעג פון דעם אטלאנטישען ים. וויא אפריקא ווייזט אויס און וויא ווייט זיא ציהט זיך — וועגען דעם האט ניט ער ניט קיין אנדער אייראפעער קיין בעגריעף ניט געהאט. דיא מורינען אבער זיינען מיט דעם ברעג פון אפריקא געווען פיעל בעסער בעקאנט. זיי און אנדערע אראבער זיינען שוין פון לאנג געווען דיא בעל הבתים איבער דעם צפון ברעג פון אפריקא (ביי דעם מיטעל־

*) אין דיעזער מלחמה האבען זיך בעטייליגט פארטוגעזישע אידען און ביי דעם נעמען פון סעוטא האט זיך אויסגעצייכענט איינער פון זיי.

**) אאזיס הייסט א פרוכטבארער פלאץ אין א וויסטעניס. אזוי ווי א אינזעל איז ארומגערינגעלט מיט וואסער, אזוי איז דיעזע פרוכטבארע שטיקעל לאנד ארומגערינגעלט מיט טוידטע זאמדיגע ערד.

לענדישען ים) און זיי פלעגען דורכשניידען דיא זאהארא רייטענדיג אויף קעמלען גרויסע קאָמפּאַניעס-ווייז. אז די אראבען און מור־רינען האָבען עראָבערט גרויסע לענדער און אריינגענומען דעם מסחור פון דער וועלט אין זייערע הענט, ווייסען מיר שוין פון דיא פריהערדיגע קאַפּיטלעך. זיי האָבען געהאט פיעלע האנדעלס-שיפען, אָבער דאָס איז ניט געווען דער עיקר ביי זיי. פאַר'ן ים האָבען זיי אייגענטליך מורא געהאַט און איהם אויסגעמיטען וויא ווייט מעגליך. זיי פלעגען זייערע סחורות בעסער פיהרען איבער דער יבשה, אויף קעמלען. מיט דיעזע קעמעל-צוגען אָדער קאראוואנען, פלעגען זיי דורכ־שניידען טויזענדער מיילען — פון דעם מיטעל-לענדישען ים דורך אזיען אזש ביז אינדיען, און אין אפריקא דורך דיא גאנצע ברייט פון דער ריעזיגער זאמדיגער וויסטענעס זאהארא.

אויף דיעזען אָרט פלעגען זיי אין אפריקא צוקומען צו דיא נעגער-לענדער און ברייננגען פון דאָרטען גרויסע טראנספּאָרטען העל־פאַנט-ביין, גאָלד-שטויב, א געוויסען זאָרט פעפער און שווארצע שקלאַפען. דאָס אַלץ פלעגען זיי ברייננגען נאָך דיא האפען-שטעדט, וואָס זיי האָבען געהאט אויף דעם מיטעל-לענדישען ים. דיעזע נעגער־לאַנד האָט ביי דיא אראבער געהייסען ב ע ל א ד  ג ה א נ א, — „דיא רייכע לאַנד", און פון דיעזע צוויי ווערטער איז דאָס ביי דיא אייראָפּעער געוואָרען „ג י נ ע א", אָדער ג ו ו י נ ע א".

וועגען דיעזע „רייכע לאַנד" האָבען אייראָפּעער שוין געהערט א סך פריהער, און זיא האָט זיי שוין לאַנג געצויגען צו זיך. נאָך אין דעם 13-טען און 14-טען יאָהר-הונדערט האָבען שיפען פון גענוא געפּרופט צוקומען אהין פאָהרענדיג מיט'ן אטלאַנטישען ים; אָבער אזוי ווייט דערגיין מיט א שיף האָבען זיי דאן נאָך ניט געסמייעט. פרינץ הענריק האָט אַלזאָ אויך געהערט וועגען דיא אפריקאנישע לאַנד פון גאָלד, וועגען „בעלאַד גהאנא" אָדער „גינעא". פריהער אָבער איז דאָס ביי איהם געווען בלויז אַן אונדייטליכער קלאַנג, ווערענד איצט, זייענדיג אין סעאוטא, אפריקא, נאָך דעם וויא ער האָט גענור־מען דיא שטאָדט, האָט ער זיך פון דיא דערמאָנטע אידען וועגען דער רייכער לאַנד דערוואוסט מיט בעשטימטקייט און מיט געוויסע איינצעלהייטען.

דיא לאַנד פון גאָלד , העלפאַנט-ביין און נעגער-שקלאַפען האָט

אַנגעפאַנגען צו ווינקען צו איהם. ביי איהם איז געוואַקסען אַ פּלאַן צו־צוקומען אַהין.

וועגען שיקען נאָך גינעא קעמעל־צוגען דורך דער וויסטענעס, האָט קיין רייד ניט געקענט זיין. צו אַזעלכע זאַכען זיינען פּאָרטו־געזער, און איבערהויפּט אייראָפּעער, ניט געוואוינט געוועזן. דערפאַר אָבער זיינען דיא פּאָרטוגעזער געוועזן בריות צו פאָהרען אויף שיפען. אַלזאָ האָט דער פּרינץ זיך בעשלאָסען צו זעהן צו דערגרייכען דיא וייטערע געגענדען פון אפריקאַ, פאָהרענדיג מיט'ן ים. און אגב, אַזוי פאָהרענדיג אַלץ וייטער און וייטער וועלען זיינע שיפען מיט דער צייט אפשר אַרומרייזען אַרום אפריקאַ, און אַריינקומען אין דעם אינדישען אָקעאַן און דערגרייכען אינדיען.

דער לעזער וועט פרעגען: דיא שיפען פון גענוא האָבען דאָך שוין אַ מאָל געפּרופט אַזוי שווימען מיט דעם אַטלאַנטישען ברעג, און זיי האָבען דאָך ניט געקענט צוקומען אפילו צו גינעאַ? דאָס איז אָבער געוועזן מיט אַ הונדערט און מיט צוויי הונדערט יאָהר צוריק. איצט איז דיא קונסט פון נ א ו ו י ג א צ י ע, דיא קונסט פון פאָהרען אויף שיפען, שוין געוועזן מעהר ענטוויקעלט, הויפּטזעכליך אין דיא האַפען־מדינות וויא איטאַליען אָדער פּאָרטוגאַל. וויא דיא מעשה איז, פּרינץ הענריק האָט זיך בעשלאָסען פאַר דעם פּלאַן זיך פעסט צו נעהמען.

מיר זאָגען, אַז אין פּאָרטוגאַל איז דיא נאַוויגאַציע געוועזן ענט־וויקעלט. דאָס איז נאַטירליך גערעדט פערהעלטניסמעסיג, אין פער־גלייך מיט אַנדערע לענדער פון יענע צייטען. שווימען איבער'ן אָפענעם ים, וייט פון ברעג, וואו דיא יבשה האָט זיך ניט געזעהן פלעגען אפילו דיא בעסטע פּאָרטוגעזישע שיפס־קאַפּיטאַנען זיך ניט אָדוואַזשען. דער קאָמפּאַס איז שוין געוועזן אין אַלגעמיינעם געברויך. מען איז אָבער נאָך צו איהם אַלץ ניט געוועזן גוט געוואוינט. מאַטראָזען פלעגען נאָך אויף איהם אַלץ קוקען וויא אויף אַ כשוף־זאַך. און דיא אַנדערע אינסטרומענטען צו בעשטימען דעם אָרט וואו דיא שיף געפינט זיך, זיינען נאָך אַלץ געוועזן זעהר שוואַך ענטוויקעלט. אוועקלאָזען זיך וייט פון דיא ברעגעס האָט מען דעריבער ניט געסמייעט. מען פלעגט זיך האַלטען נאָהענט צום לאַנד; און אַזוי וויא נאָהענט ביי לאַנד איז אָפּט אַ געפאַהר אַז דער ווינד זאָל דיא שיף אָנשטויסען אָן אַ פעלז אָדער אַרויפטרייבען אויף אַ זאַמדיגען ברעג, האָט מען איבערהויפּט

מורא געהאַט ווייט צו פערנעהמען זיך אין געגענדען, וואו מען איז ניט בעקאַנט געוועזען מיט דעם כאַראַקטער פון דיא ברעגעס און פון דיא ווינטען.

דער ווייטסטער פונקט וועלכען אַ אייראָפּעאישע שיף האָט ווען־עס־איז דערגרייכט פאַזע דעם מערב־ברעג פון אַפריקאַ איז געוועזען דער קאַפּ נון (זעה דעם וואָרט „קאַפּ“ אין דער ביילאַגע, זייטעל 659). פּרינץ הענריק האָט זיך בעשלאָסען צו שיקען שיפען אויף ווייטערע רייזעס, אין דער זעלבער ריכטונג.

זיין הויפּט־צוועק איז אַלזאָ געוועזען צוצוקומען צו דיא ערטער פון גאָלד־שטויב, העלפאַנט־ביין און שקלאַפען; און אַלס אַ צווייטען, אַ ווייטערען צוועק האָט ער געהאַט דיא האָפנונג צו פערווירקליכען דעם טרוים פון גאַנץ אייראָפּאַ — ארומצושווימען ארום אַפריקאַ און עפענען אַ נייעם וואַסער־וועג צו אינדיען. מיט אַנדערע ווערטער: דיא טרייב־קראַפט, וואָס האָט איהם געבראַכט צו זיינע אונטערנעהמונגען, איז געוועזען צוצוקומען צו צווייערליי אוצרות: צו דיא רייכע פּראָדוקטען פון אַפריקאַ און צו דיא נאָך רייכערע פּראָדוקטען פון דעם ווייטען מזרח.

צו דערזעלבער צייט האָט פּרינץ הענריק געטראַכט וועגען דיענען זיין רעליגיאָן דורך דיעזע ענטדעקונגען: ערשטענס וועט ער דיא געצענ־דיענער פון אַפריקאַ און פון דעם ווייטען מזרח מאַכען פאַר קריסטען; צווייטענס, וועט ער פון זיינע צוקינפטיגע רייכטהימער זיך לאָזען פיעל קאָסטען אויף מלחמות געגען דיא מאַהאָמעדאַנער; ער וועט פון זייערע „אונריינע“ הענד בעפרייען יעזוס'עס קבר און גאַנץ פּאַלעסטינע, די לאַנד וואָס איז הייליג ביי די קריסטען—קורץ ער וועט אויפטהאָן דאָס וואָס דיא קרייצ־ציגע האָט זיך ניט איינגעגעבען אויפצוטהאָן. אויך האָט ער געהאָפט אויסצופיהרען נאָך אַ „פרומע“ אונטערנעהמונג: אין אייראָפּאַ איז אין יענע צייטען אומגעגאַנגען אַ קלאַנג, אַז ווייט ערגעץ־וואו אין אזיען אָדער אַפריקאַ געפינט זיך אַ מעכטיגער קריסטליכער הערשער, וועלכער איז צו דער זעלבער צייט אַ פרומער גלך—דער פּריס־טער־קעניג יאָהאַן, וויא מען פלעגט איהם רופען. געשטאַמט האָט דיא איינרעדעניש פון דעם, וואָס מיט אַ פּאָר הונדערט יאהר צוריק האָט אַ געוויסער כינעזישער הערשער זיך פעראינטערעסירט אין דער קריסטליכער רעליגיאָן, הגם קיין ממשות האָט דאָס ניט געהאַט.

יעדענפאלס איז דער קלאנג צוגעפוצט געווארען פון דער פאנטאזיע ביז פון איהם איז ארויסגעקומען אזא מעשה וויא דיא אידישע לעגענדע וועגען דיא איבערגעבליעבענע צעהן שבטים. צו ענטדעקען דעם פלאץ, וואו דיא געהיימניספולע קעניגרייך געפינט זיך, האט זיך גערעכענט פאר א מין הייליגע ארבייט. אלזא האט דער פרומער פרינץ וועגען דעם אויך געטראכט. אז ער וועט שוין צוקומען צו אינדיען, וועט ער שוין דיזע וואונדערבארע קריסטליכע לאנד אויך בעזוכען און וועט איהר ברענגען אין שייכות מיט דער קריסטליכער וועלט פון אייראפא.

דיזע אלע חלומות האבען אבער געדיענט ניט מעהר וויא אלס א ציערונג צו דעם עיקר פון זיין פלאן, — צו דעם קאלטען חשבון וועגען פערגרעסערען דיא הערשאפט און דיא אוצרות פון זיין פאמיליע, וועגען פערברייטערען דעם האנדעל פון פארטוגאל.

לאמיר בעמערקען אז דעם רעליגיעזען כאראקטער, מיט וועלכען פרינץ הענריק האט בעגולדט זיינע פראקטישע פראיעקטען, געפינען מיר אויך אין דעם קאלאניזאציאנס־פלאן פון יעדען קעניג אדער קאפי־טאליסטישער קאמפאניע. קעניגע האבען אימער אפעטיט צו נייע לענדער, נייע אונטערטהאנען, נייע צינזען. קאפיטאליסטען נויטיגען זיך אין נייע מערק, וואו צו פערקויפען סחורה — דיא סחורה, וועלכע זייערע ארבייטער שאפען, אבער וועלכע זיי האבען ניט מיט וואס צו קויפען. אויך בייגקען זיי נאך נייע ערטער, פון וואנען ארויסצופיהרען פראדוקטען — ארויספיהרען ביליג און פערקויפען טהייער. א קאלאניע איז פאר דעם געקרוינטען א נייע שטיקעל אייגענטהום און פאר דעם פאבריקאנט אדער האנדעלסמאן — א נייער פונקט פאר עקספארט און אימפארט. און דיזע טומאה פון געלד־זשעדנעקייט וויקלען זיי אלע איין אין דיא קדושה פון מיסיאנערסטווא. מען שיקט צו דיא ווילדע פעלקער גלחים צו „ראטעווען זייערע פערווירטע נשמות". מען בעקעהרט זיי צום קריסטענטהום, מען „ציוויליזירט" זיי, מען לערנט זיי טראגען קריסטליכע קליידער, שיסען מיט קריסטליכע ביקסען, טרינקען קריסטליכע שנאפס — אזוי אז זיי זאלען ביי דעם מיסיאנער'ס לאנדסלייט קויפען רעק, הויזען, היט, האלזטיכער, פיסטאלעטען, בראנפען... און אויב דיא „פערווירטע" זיינען שוין אזוי פערווירט, אז זיי איז שווער צו „ראטעווען", קוילעט מען זיי איינפאך אוים. מיט פולווער און בליי און מיט דיא שרעקליכסטע נגישות צווינגט מען זיי

צו געהן אין גן־עדן אריין. אזוי איז געווען דער מאהאמעדאנישער שטייגער אין מיטעלאלטער און אזוי איז דער קריסטליכער שטייגער פון פרינץ הענריק'ס צייטען ביז היינטיגען טאג.

דאך זיינען פאראנען קאפיטאליסטען, וואס גיבען געלד אויף מיסיאנערען מיט'ן גאנצען הארצען. דער פונדאמענט פון דיזע רעליגיעזע אגיטאציאן איז טאקי געשעפט, פראפיט, אייגעננוץ; אבער איין מאל ווערען אויף דיזען פונדאמענט אויפגעבויט רעליגיעזע פרעטענזיעס, געפינען זיך אויך אזעלכע, וואס נעהמען דיזע פרעטענזיעס ערנסט; וואס ווערען עהרליך בעגייסטערט, וואס גיבען אויס געלד טאקי מיט א רעליגיעזען צוועק. נאך עפטער איז דער געפיהל דערביי א געמישטער: דער קאפיטאליסט (אדער דער קעניג) ווייס גאנץ גוט, אז ער האט א מאטעריעלען נוץ פון די מיסיאנערישע פראפאגאנדע; צו דער זעלבער צייט קען ער זיך אבער איינרעדען, אז ער איז הויפט־זעכליך פעראינטערעסירט אין דיא רעליגיעזע בעדייטונג פון דער זאך.

פרינץ הענריק האט פון קיינעם ניט בעהאלטען, אז ער ערווארט רייך צו מאכען דיא פארטוגעזישע קרוין און דיא פארטוגעזישע סוחרים. ער האט זיך אבער איינגערעדט אז ער מיינט דורך דעם פיעלעס אויפצוטהון פאר'ן קריסטענטהום, און אין דיזע איינרעדעניש איז ער געווען ערנסט.

איבערהויפט איז צווישען פרינצען אזא ערנסטע פערזאן ווי ער א זעלטענהייט. ער האט זיך ניט אינטערעסירט ניט מיט דעם גלאנץ און פוץ, ניט מיט דיא פערגניגענס און הולטאיסטוואס פון דעם קעניג־ליכען הויף. אויך האט איהם ניט צוגעצויגען דער ספארט און דיא וועלט־אפלאדיסמענטען פון דעם שלאכטפעלד. מיר האבען געזעהן אז אין מלחמה האט ער זיך בעריהמט געמאכט דורך פארטוגאל'ס זיעג אין מאראקא. דיעזער זיעג, ווען ער איז נאך ניט געווען קיין פולע 21 יאהר, האט איהם אזא נאמען פערשאפט, אז דער פאפסט האט איהם פארגעשלאגען צו פיהרען זיין ארמיי אין א געוויסען קריעג. און אן עהנליכען פארשלאג האט הענריק בעקומען פון זיין אייגענעם קאזין דעם ענגלישען קעניג הענרי דעם 5טען, און פון צוויי אנדערע קעניגע. ער האט זיי אבער אלעמען ענטזאגט. איהם איז ניט געלעגען אין זינען דער רוהם פון א קריעגס־העלד, נור פארשונגען וועגען ווייטע ים־רייזעס,

נייע וועגען, נייע געגענדען, פאָרשונגען וואָס זאָלען פיהרען צו דער פערווירקליכונג פון זיינע פּלענער.

אין דער געשיכטע איז ער פערבליעבען בעקאַנט אונטער דעם נאָמען פּרינץ הענריק דער נאַוויגאַטאָר, דער שיפסמאַן.

ווען דיא אומשטענדען וואָלטען איהם געבראַכט דערצו, דאָס ער זאָל זיך פּעראינטערעסירען אין מעדיצין, צום ביישפּיעל, וואָלט ער אויף דעם פערבראַכט אַלע זיינע טעג. עס האָט זיך אָבער אַזוי געמאַכט, אַז דורך זיין אייגענעם אַנטהייל אין דיא מלחמות אויפ'ן וואַסער, און דורך דיא ספּעציעלע אינטערעסען פון זיין קעניגליכע פאַמיליע — האָט ער זיך פּעראינטערעסירט אין דער פראַגע וועגען אַ נייעם וועג צו אינדיען, וועלכע האָט דאַן געווירבעלט אין דיא מחות פון אייראָפּאַ.

פּרינץ הענריק האָט געהאַט דריי מאָטיוען, דריי אינטערעסען אין זיין אַרבייט: אַ מאַטעריעלען, אַ רעליגיעזען און אַ וויסענשאַפט־ליכען. דער ערשטער האָט געדיענט אַלס בעוועגונגס־קראַפט צו דעם דריטען, וועהרענד דער צווייטער האָט אַרומגעשוועבט וויא אַ נעבעל אין דיא וואָלקענס, ווייט אויבען איבער זיין פּראַקטישער טהעטיגקייט.

אין 1419 האָט זיך דער יונגער פּרינץ בעזעצט אויף אַ נאַקעטען הויכען פעלז, אין סאַגרע, אַ שטעדטעל, וועלכע שטעקט אַרוים אין דעם אַטלאַנטישען ים אריין אויף דעם רעכטען דרום־מערב ווינקעל פון פּאָרטוגאַל. דיזער פעלז איז גאָר פּאַרצייטען געווען בעקאַנט אַלס דער גרענעץ פון דער וועלט, וואו עס קענען וואוינען מענשען. דאָרטען האָט הענריק זיך געלאָזט אויסבויען אַן אַסטראָנאָמישען בעאָבאַכטונגס־טורעם, אַן אָבסערוואַטאָריע. דאָרטען איז אויך געווען זיין וואָהנונג און דיא הויפּט־קוואַרטיר פון אַלע ים־רייזעס, וועלכע ער האָט געפּלאַנעוועט. דאָ האָט ער שפּעטער געגרינדעט אַ שיפס־אַקאַדעמיע, צו וועלכע ער האָט איינגעלאַדען דיא בעריהמטעסטע אַראַבישע און אידישע מאַטהעמאַטיקער, איטאַליענישע געאָגראַפען, אַסטראָנאָמען, ספּעציאַליסטען אויף נאַוויגאַציע, אויף צייכענען לאַנד־קאַרטען.

פאַר דירעקטאָר פון דיזער אַקאַדעמיע — דיא גרעסטע אין דער וועלט אין איהר פאַך, דיא אַקאַדעמיע, אין וועלכע עס איז געלעגט געוואָרען דער פונדאַמענט פון קאָלומבוס'עס פּלאַן — האָט פּרינץ הענריק געשטעלט אַ אידען, מייסטער דזשיים. דזשיים'ס אמת'ער נאָמען איז געווען יהודא קרעסקס. ער איז געבאָרען געוואָרען אויף

דעם אינזעל מאיארקא, לעבען שפאניען (זעה דיא לאנד־קארטע פון שפאניען און פארטוגאל, זייטעל 203), וועלכער איז פון דעם דרייצעהנטען יאהרהונדערט אן געווען בעריהמט מיט אידישע קענער אין שיפס־וויסענשאפט. יהודא האט אויף דעם אינזעל געהאט אזא גרויסען נאמען אלס א קינסטלער אין מאכען לאנד־קארטען און ים־אינסטרומענטען, אז מען האט איהם גערופען „דער לאנד־קארטע איד“ אדער „דער קאמפאס איד“. זיינע לאנד־קארטען זיינען אזוי הויך געשעצט געווען, אז קעניגע פלעגען זיי שיקען איינער דעם אנדערען אלס מתנה. יהודא האט געוואוינט לעבען דער שוהל אין דער שטאדט פאלמא, מאיארקא, ביז דעם 2טען אויגוסט 1391, ווען דארטען האט אויסגעבראכען א בלוטיגער פאגראם אין וועלכען עס זיינען אויס־גע'הרג'עט געווארען 300 אידען. דיא אנדערע 800 האבען זיך גערעטעט אין אוניווערסיטעט און אין דעם קעניגליכען פאלאץ, וועהרענד אנדערע זיינען געלאפען אין דיא קירכען, וואו מען האט זיי אבגעטויפט. דר. קייזערלינג, ביי וועמען מיר נעהמען דיעזע איינ־צעלהייטען וועגען דעם דירעקטאר פון דער היסטארישער שיפס־אקאדעמיע, דערצעהלט ניט צי יהודא קרעסק איז געווען איינער פון דיא וואס האבען זיך ניט־ווילענדיג געטויפט, צי ניט. ער דערצעהלט בלויז, אז ער האט געענדערט זיין נאמען אויף דזשיים ריבס, פערקויפט זיין הויז און איבערגעצויגען נאך בארצעלאנא, שפאניען, וואו עס האבען געוואוינט עטליכע פון זיינע קרובים. דער בארצעלאנער קעניג האט איהם זעהר געשעצט, און אזוי האט ער דארטען געוואוינט א לאנגע צייט, מאכענדיג לאנדקארטען פאר אנדערע שפאנישע קעניגע און פרינצען ביז 1438, ווען דער פארטוגעזישער פרינץ הענריק האט איהם איינגעלאדען צו ווערען דירעקטאר פון זיין שיפס־אקאדעמיע. יהודא קרעסק איז שוין דאן געווען א מאן פון 60 יאהר.

אין סאגרע האט פרינץ הענריק געוואוינט זיין גאנצען לעבען. ער איז געבליבען אונפערהייראטה און צו די עקספעדיציעס, וועלכע ער האט דאן ארגאניזירט, האט ער זיך אבגעגעבען מיט אלע זיינע פעהיג־קייטען און קרעפטען. פון דאנען זיינען דאס ארויסגעפאהרען דיא שיפען, וואס ער האט ארויסגעשיקט אויף ענטדעקונגס־רייזעס ביי דיא ברעגעס פון אפריקא.

דיא אונטערנעהמונגען האבען אבגעקאסט אייגענסען. דיא פאר־

טוגענזישע אַדעליגע האָבען צוערשט ניט געגלויבט אַז פון דעם וועט עפּעס ארויסקומען. זיי האָבען הענריק'ען געהאַלטען פאַר אַ טרוימער און האָבען פּראָטעסטירט געגען דיא גרויסע אויסגאַבען וואָס ער האָט געמאַכט. ער האָט אָבער געטהאָן דאָס זייניגע און זיין פאָטער, דער קעניג, האָט איהם געגעבען וויא פיעל געלט ער האָט פערלאַנגט.

באַלד האָט ער דיא אַדעליגע בעוויזען, אַז זיינע טרוימען האָבען אַ פּראַקטישען ווערטה פאַר זיי, און פון בייזע קריטיקער זיינען זיי געוואָרען זיינע בעגייסטערטע פערעהרער.

V.

## ענטדעקונגס־רייזעס ביז מען קומט צום עקוואַטאָר.

די ענטדעקונג פון די אינזלען פּאָרטאָ סאַנטא און מאַדעירא. — דער אָנפאַנג פון שקלאַפען־האַנדעל. — מען דערגרייכט גינעא. — פּאַסי־רונגען אויף די רייזעס צווישען די שוואַרצע. — אַלפּאָנסאָ דער 5טער. — מען גייט אַריבער דעם עקוואַטאָר. — אַלפּאָנסאָ הויבט אָן צו דענקען וועגען אַ קירצערען וועג, און זיין הויף־גלח שרייבט צו דעם געלעהרטען טאָסקאַנעללי אין ווענעציע.

דאָ קומען מיר צו דיא ענטדעקונגס־רייזעס, וואָס זיינען אָרגאַני־זירט געוואָרען פון פּרינץ הענריק און פון דיא וואָס האָבען זיין ארבייט פאָרטגעזעצט נאָך זיין טוידט. נאָר צוערשט אַ בליק אויף דער לאַנד־קאַרטע פון אַפריקאַ, ווייל אַרום אַפריקאַ זיינען אַלע דיעזע רייזעס געמאַכט געוואָרען (זעה זייטעל 74 און זייטעל 105).

אַפריקאַ ווערט בעוואַסערט: אין צפון פון דעם מיטעללענדישען ים, אין מערב פון דעם אַטלאַנטישען אָקעאַן, אין מזרח פון דעם אינ־דישען אָקעאַן. צו צפון פון איהר ליגט אייראָפּאַ, צו מערב—אַמעריקאַ, צו מזרח — אַזיען.

דער אַטלאַנטישער אָקעאַן עסט אויס אַ שטיק אַפריקאַ, גיסט זיך אַריין אין דער יבשה — דאָס איז דער גינעאַ ים־בוזים, און דיא לאַנד דאָרטען הייסט גינעאַ. דער אינדישער ים גיסט זיך אַריין צווישען אַזיען און אַפריקאַ וויא אַ שמאָלער צונג וואַסער — דאָס איז דער רויטער ים אָדער דער ים סוף.

אין דעם אַטלאַנטישען אָקעאַן זיינען צוזייט אינזלען, איינציגווייז אָדער אין גרופּען: מאַדעירא, פּאָרטאָ־סאַנטאָ, דיא אַזאָרען, דיא קאַנאַרישע אינזלען, דיא גינעאַ אינזלען, סט. העלענאַ (וואוהין מען האָט פאַרשיקט נאַפּאָלעאָן דעם ערשטען). אין דעם אינדישען אָקעאַן, וויעדער, ליגט לעבען אַפריקאַ דער גרויסער אינזעל מאַדאַגאַסקאַר אָדער לבנה אינזעל, וויא דיא אַראַבער פלעגען איהם רופען. דער

פאַסס וואַסער וואָס ליגט צווישען מאַדאַגאַסקאַר און דיא אפריקאַנישע הויפּט־לאַנד הייסט מאָזאַמביק קאַנאַל.

פּרינץ הענריק׳ס ערשטע עקספּעדיציע איז אַרויסגעגאַנגען נאָך איידער עס איז פאַרטיג געוואָרען זיין בעאָבאַכטונגס־טורעם, נעמליך אין 1418. דיא פיהרער פון דיעזער עקספּעדיציע זיינען געווען צוויי אַדעליגע, זאַרקאַ און וואַז. זיי האָבען געשטרעבט צו דעם גינעא ברעג, צו דער „רייכער לאַנד". אָבער אַ ווינט האָט זיי פערטראָגען צו אַן אינזעל, וועלכער האָט געהאַט אַזאַ גוטען קלימאַט, אַז מען האָט איהם אַ נאָמען געגעבען פּאָרטאָ סאַנטאָ (געזונטער האַפען). ווען זיי זיינען געקומען אַהיים מיט דעם בעריכט וועגען זייער ענטדעקונג, האָט זיי הענריק געשיקט צוריק אום זיי זאָלען אין פּאָרטאָ סאַנטאָ גרינדען אַ קאָלאָניע. צוזאַמען מיט זיי איז דאַן געפאָהרען איינער פּערעסטרעלאָ, אַ איטאַליענער, און אַנדערע קאָלאָניסטען. פּערעסטרעלאָ האָט מיט זיך געפיהרט אַ נקבה קראָליק, וועלכע האָט זיך אויף׳ן וועג „אָבגעקראָ־ליקט". ווען דיא קאָלאָניסטען זיינען געקומען אויפ׳ן אינזעל האָבען זיי דאָרטען פאַרזייט תבואה און זיינען צוריק געפאָהרען נאָך פּאָרטוגאַל. אַ ביסעל שפּעטער, ווען זיי האָבען זיך אומגעקעהרט אין זייער קאָלאָניע, האָבען זיי געפונען אַז דיא עטליכע קראָליקלעך האָבען זיך אַזוי שנעל געפּרוכפּערט, אַז זיי האָבען אויפגעגעסען אַלץ, וואָס איז אויפגעוואַקסען. דיא קאָלאָניסטען האָבען געטהאָן אַלעס מעגליכעס דיא קליינע ברואים אויסצוראָטען. עס איז אָבער געווען אַן עבירה זייער אַרבייט: זיי האָבען זיך געפּלאָדעט אַ סך שנעלער, וויא מען האָט זיי אויסגע׳הרג׳עט. זיי האָבען זיך אַזוי געמעהרט, אַז קיין תבואה אָדער גאָרטען־פלאַנצונג האָט איבער זיי ניט געקענט וואַקסען. פּערעסטרעלאָ איז געווען אין פערצווייפלונג און ער האָט אויפגעגעבען דעם גאַנצען פּלאַן צו קאָלאָני־זירען דעם פּלאַץ. דער פּרינץ האָט איהם אָבער געהייסען דאָרטען פער־בלייבען און האָט איהם געמאַכט פאַר דעם גובערנאַטאָר פון דעם אינזעל. דאָרטען זיינען געוואַקסען געוויסע בוימער וועלכע גיבען אַרויס אַזאַ פאַרב. אַלזאָ איז פּאָרטאָ סאַנטאָ געווען וויכטיג פאַר דעם פּאָרטו־געזישען האַנדעל. אַ חוץ דעם האָבען זיך דאָרטען געקענט פיטערען ציגען.

פּערעסטרעלאָ׳ס נאָמען וועט אונז נאָך אויסקומען צו דערמאָנען,

ווייל זיין טאָכטער איז שפּעטער געוואָרען קאָלומבוס'עס פרוי, און דאָס וואָס דיא פּאָר פּאָלק האָבען נאָך דער חתונה אַ געוויסע צייט געוואוינט אויף דיעזען אינזעל, פּאָרטאָ סאַנטאָ, איז געווען איינע פון דיא פיעלע אורזאַכען וועלכע האָבען דעם בעריהמטען איטאַליענער געבראַכט צו זיין גרויסע ענטדעקונג.

איין מאָל האָבען דיא קאָלאָניסטען פון פּאָרטאָ סאַנטאָ פון וויטען דערזעהן אַ צייכען פון לאַנד אויפ'ן ים; און אויף דיעזען אָרט האָבען זיי געפונען דעם אינזעל מאַדעירא. אַ לאַנגע צייט האָט מען געמיינט, אַז דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל וואָס ווייסע מענשען האָבען זיך דערוואוסט פון דיעזען אינזעל, אָבער אין 1827 האָט מען זיך ערקונדיגט, אַז ער איז ענטדעקט געוואָרען פון ענגלענדער מיט פיעלע יאָהרען פריהער וויא זאַרקאָ און וואַז האָבען געמאַכט זייער ענטדעקונג. דאָס איז אַ גאַנץ ראָמאַנטישע מעשה'לע; עס איז אָבער אַ היסטאָרישער פאַקט. אַ יונגער ענגלענדער מיט'ן נאָמען ראָבערט מעטשין איז געווען פערליעבט אין אַ אַריסטאָקראַטישע מיידעל, וועמעס עלטערען זיינען אַזוי אויפגעבראַכט געוואָרען פון זייערע פערהעלטניסע, אַז זיי האָבען איהם געלאָזט אַרעסטירען ווערענד איהר האָבען זיי געהאַלטען פער־שפּאַרט. ווען ער איז בעפרייט געוואָרען, האָט זיינער אַ פריינד זיך פערשטעלט פאַר אַ לאַקיי און איז צוגעקומען צו דער מיידעל. אויף דיעזען אָרט האָט זיך איהר איינגעגעבען צו אַנטלויפען. דיא פערליעבטע פּאָר האָט זיך גליייך געזעצט אויף אַ שיף, וועלכע האָט געזאָלט געהן נאָך פראַנקרייך. אויפ'ן וועג האָט אַ ווינט אָבער דיא שיף אָראָפּגעטראָ־גען פון איהר מאַרשרוט און נאָך דעם וויא דיא כוואַליעס האָבען איהר אַרומגעשליידערט אין פערשיעדענע ריכטונגען איז זיא צוגעקומען צו אַן אינזעל. דאָס איז געווען מאַדעירא. דער אינזעל איז דיא פּאַסאַזשי־רען אַזוי געפעלען געוואָרען, אַז אייניגע פון זיי האָבען זיך דאָרטען אָבגעשטעלט אויף אַ פּאָר טעג, און צווישען זיי — מעטשין מיט זיין געליעבטע. דערווייל האָט אַ שטורעם ווינט דיא וואַרטענדע שיף מיט דיא אַנדערע פּאַסאַזשירען אָבגעריסען פון איהר אַנקער און איהר פאַרטראָגען צו דיא ברעגעס פון מאַראָקאָ, וואו מורינען האָבען דיא פּאַסאַזשירען גענומען אין געפאַנגענשאַפט. ווען דיא יונגע אַריסטאָ־קראַטקע האָט זיך דערוואוסט, אַז דיא שיף איז פערשוואונדען, איז זיא פון קלעמענים און שרעק קראַנק געוואָרען און געשטאָרבען, און

איהר געליעבטער איז געשטאָרבען אַ קורצע צייט נאָכהער. זייערע מיט־רייזענדע האָבען געפּרופט אַוועקפאָהרען פון אינזעל אויף דער קליינער שיפעל, אויף וועלכע זיי זיינען אַהין צוגעשוואומען פון זייער גרויסער שיף, און צו וועלכע זיי האָבען איצט צוגעריכט זעגלען. זיי האָט אָבער אויך אַ ווינט פערטראָגען אין אַפריקאַ, וואו זיי זיינען אויך אריינגעפאַלען אין פליען.

עטליכע יאָהר זיינען ביי דעם פּרינץ אַוועקגעגאַנגען אין קאָלאָניזירען מאַדעיראַ און אין פערשיעדענע פּאָרבערייטונגען צו זיינע עקספּעדיציעס. ווען ער האָט זיי ענדליך געפּרופט פּאָרטזעצען, האָט ער באַגעגענט גרויסע שוויריגקייטען: דיא מאַטראָזען האָבען זיך געשראָקען. זיי האָבען זיך אָנגעהערט פערשיעדענע מעשיות וועגען דיא געפאַהרען פון דעם ים נאָהענט פון עקוואַטאָר, וועלכען, מען האָט געגלויבט, קיין מענש קען ניט אריבערגעהען. ווען דעם פּרינץ'ס שיפען זיינען אָבגעפאָהרען 600 מייל, האָבען דיא מאַטראָזען זיך ענטזאגט ווייטער צו געהן, און מען האָט געמוזט זיך אומקעהרען. עטליכע מאָל האָט מען דיא פּראָבע ווידערהאָלט און יעדעס מאָל האָבען זיך דיא מאַטראָזען צובונטעוועט און געצוואונגען דעם קאַפּיטאַן צו שווימען צוריק. ענדליך, אין 1434, האָט זיך זיינעם אַ קאַפּיטאַן איינגעגעבען צוצוקומען צו קאַפּ באָיאַדאָר. היינט איז דאָס אַ קלייניגקייט. דאַן אָבער איז יעדער נייער מייל, וואָס מען איז געשוואומען איבער דעם אַטלאַנטישען אָקעאַן, געווען אַ גרויסע אויפטהואונג. דאָס וואָס פּרינץ הענריק'ס שיפען זיינען דערגאַנגען ווייטער וויא קאַפּ באָיאַדאָר איז אין דער געשיכטע פון אונזער בעקאַנטשאַפט מיט דעם ערד־קוגעל אַ וויכטיגע פּאַסירונג.

דעם נעכסטען יאָהר זיינען דעם פּרינץ'ס שיפען געגאַנגען 150 מייל נאָך ווייטער. אויף'ן ברעג האָבען זיי דאָרטען געפונען טריט פון מענשען און קעמלען. עס איז געווען דייטליך אַז אין יענעם געגענד וואוינען מענשען, אָבער ווייטער זיינען דיא רייזענדע ניט געשוואומען. דיא נעכסטע עקספּעדיציע איז אָבגעשוואומען 510 מייל מעהר וויא דיא פריהערדיגע.

דאַן זיינען דיעזע אונטערנעהמונגען אונטערבראָכען געוואָרען אויף פינף יאָהר איבער פּאָליטישע אורזאַכען.

דיא רייזעס זיינען ווידער אָנגעפאַנגען געוואָרען אין 1441, און דאַן איז אין זיי אריינגעבראַכט געוואָרען אַ נייעס, צו וועלכען מיר ציהען דעם לעזער'ס אויפמערקזאַמקייט: פּרינץ העגריק האָט זיינע שיפס־קאַפּיטאַנען נעמליך פערזאָגט, אַז זיי זאָלען אָנווענדען אַלע זייערע קרעפטען צו פ אַ נ ג ע ן ש ק ל אַ פ ע ן. זיי האָבען איהם געפאָלגט, און אויף דיעזען אַרט איז געמאַכט געוואָרען דער אָנהויב פון פּאָרטוגיזישע שקלאַפען־פאַנגעריי און שקלאַפען־האַנדעל, וועלכער איז געוועזן דער־וויכטיגסטער כאַראַקטער־שטריך פון אַלע ווייטערע עקספּעדיציעס, וואָס דער פּרינץ האָט אַרויסגעשיקט.

אין דעם דערמאָנטען יאָהר (1441) האָט ער אַרויסגעשיקט צוויי קאַפּיטאַנען: אַ נ ט אַ ם ג אַ נ ס אַ ל ו ו ע ס און נ ו נ אַ ט ר י ס ט ר אַ ם. אַ חוץ שקלאַפען האָט ער זיי געהייסען ברייגגען פעל און אויל פון „ים קעלבער“. דאָס האָבען זיי געקראָגען זעהר לייכט. אָבער מיט דער מענשליכער סחורה איז געווען פיעל שווערער. אין אַ ביטערען קאַמפף האָבען זיי קוים געפאַנגען צוועלף מורינען.

ווען זיי האָבען זיי געבראַכט נאָך פּאָרטוגאַל האָט זיך דער פּרינץ זעהר דערפרעהט. און האָט דיא צוויי קאַפּיטאַנען רייך בעלוינט. 12 שקלאַפען! דאָס איז געווען דער ערשטער ממשות'דיגער רעזולטאַט פון דיא אַלע רייזעס, אויף וועלכע ער האָט אַוועקגעלייגט אַזוי פיעל צייט, מיהע און קאָסטען. דאָס איז געווען פיעל וויכטיגער וויא דיא פּאָר קליינע אינזלען, וואָס זיינע רייזענדע האָבען ענטדעקט. ער האָט זיך גענומען גרייטען צו ווייטערע עקספּעדיציעס, ווייטערע און גרעסערע שקלאַפען־„אוצרות“. דיא אַדליגע האָבען איהם אַפּלאָדירט. איצט איז ער אויף צו'ן אמת'ן געוואָרען דער העלד פון טאָג. מען וועט ברייגגען מאַסען קנעכט, פּוטער־וואַרג, אויל און העלפאַנט־ביין, און באַלד וועט מען אויך צוקומען צו גינעאַ, מיט איהר גאָלד. פּאָרטוגאַל וועט פיהרען אַ גרויסען האַנדעל. זיא וועט ווערען רייך, און איהרע פּרינצען און פירסטען וועלען שעפּען אוצרות.

פּרינץ העגריק האָט וועגען זיין כשר'ע מציאה געלאָזט וויסען דעם פּאַפּסט פון רוים, און געבעטען אַ הכשר אויף אַלע ניט־קריסטליכע לענדער, וואָס פּאָרטוגאַל וועט ווען עס איז ענטדעקען אָדער איינגעהמען פון קאַפּ באַיאַדאָר אַזש ביז אינדיען, אינדיען אַריינגערעכענט. דערביי האָט ער ערקלעהרט, אַז זיין הויפּט־צוועק איז צו רעטען דיא נשמות

פון דיא ניט־קריסטליכע פעלקער, דאָס הייסט זיי צו פאַנגען אַלס שקלאַפען אום זיי צו בעקעהרען צום קריסטענטהום, אָדער צו פער־שפּרייטען דיא קריסטליכע רעליגיאָן ביי זיי אין דער היים — דיא געוועהנליכע פאָרמע אין וועלכע אייראָפּעאישע מלוכות האָבען דאַן (און נאָך עד היום) געזוכט צו פערשפּרייטען זייער הערשאַפט.

דיא מאַהאָמעדאַנער האָבען בעזיעגט גרויסע טיילען פון אַזיען און פון אַפריקאַ און האָבען דאָרטען געצויגען עשירות דורך האַנדעל. דערביי האָט זיי געדיענט זייער מאַהאָמעדאַנישע רעליגיאָן, צו וועלכע זיי האָבען בעקעהרט דיא בעזיעגטע פעלקער. דיא רעליגיעזע ברידער־שאַפט איז ביי זיי געוועזען אַ שליסעל צו דיא רייכטהימער, וואָס זייערע אונטערטעניגע פעלקער האָבען געשאַפען. און דיא קריסטליכע קעניג־רייכען האָבען געהאַט אין זינען דאָס זעלבע: צו פערשפּרייטען ז י י ע ר רעליגיאָן אום דורך איהר הילפע צו האָבען מאַטעריעלע נוצען. זייער אידעאַל איז געוועזען דורך דעם קריסטענטהום וואו נור מעגליך אַרויס־צושטופען דעם מאָסלעם (מאַהאָמעדאַנישע אמונה) אום צו עקספּלואַ־טירען די פעלקער, וועלכע דיא אַראַבער האָבען עקספּלואַטירט. דיא אַלע בלוטיגע קעמפּפע וואָס זיינען פאָרגעקומען צווישען דיא צווייערליי רעליגיאָנען אין גאָט'ס נאָמען, דיא אַלע קרייץ־ציגע מיט וועלכע מען האָט געשטרעבט צו בעפרייען יעזוס'עס קבר און דיא הייליגע לאַנד אין אַלגעמיין, האָבען געהאַט דיעזען פונדאַמענט אונטער זיך. און ווידער וועלען מיר בעמערקען דאָס וואָס מיר האָבען שוין ביי אַ פריהערדיגע געלעגענהייט באַמערקט: עס איז ניט נויטיג אַז יעדער קריסטליכער אָדער מאַהאָמעדאַנישער קעמפּפער זאָל זיין אַ צבועק, בעוואוסט־זיננליג אַרבייטען פאַר זיין קעשענע אונטער דער מאַסקע פון פרומקייט. ער קען זיך זיין גאַנץ אויפריכטיג. ער קען מ י י נ ע ן, אַז ער טהוט אַלץ לשם שמים, (און פיעלע טויזענדער האָבען טאַקי אַזוי געמיינט); ער ווערט געפיהרט פון דיעזען מאַטעריעלען אינטערעס אַליין ניט וויסענדיג. אין דער לופטען געפינט זיך דיעזער אינטערעס, און ער בילדעט דיא טרייב־קראַפט צו דיא אַלע קעמפּפע, עס מאַכט ניט אויס, צו דיא קעמפּפער זיינען בלינדע געצייג אין זיינע הענט, צו זעהענדיגע.

דער פּאַפּסט איז פאַר פּרינץ הענריק'ס פּלאַן בעגייסטערט געוואָרען און דער הכשר איז אַרויסגעגעבען געוואָרען. פּאָרטוגאַל האָט אַלזאָ פון

רוים בעקומען א „בוללע“, א היילינען שריפט, אז אלע לענדער וואס זיא וועט ענטדעקען און אלע ניט־קריסטליכע פעלקער וואס זיא וועט בעזיע־גען פון קאפ באיאדאר ביז אינדיען, בעלאנגען צו איהר און צו קיין אנדערען ניט*).

פארלויפיג האבען דיא פארטוגעזער בלויז דערגרייכט אזעלכע ערטער אין אפריקא, וואו עס האבען געוואוינט מורינען, מענשען מיט געמישטע בלוט און מיט ברוינע פנים'ער. די נעגערס האבען זיך געפונען ווייטער צו דרום צו. דיא מורינען האבען אבער געהאנדעלט מיט נעגערס, וועלכע זיי האבען געפאנגען אין דיא ווייטערע לענדער, און ביי זיי האבען פרינץ הענריק'ס קאפיטאנען אויסגעביטען פערשיעדענע זאכען אויף שווארצע שקלאפען.

אין 1443 איז נונא טריסטאם ווידער געפאהרען. ער האט דער־גרייכט נאך א ווייטערען פונקט. אויף א קליינעם אינזעל האט ער געזעהן 25 שיפלעך מיט נאקעטע מורינען. זיי זיינען געזעסען ניט אין דיא שיפלעך, נור פון דרויסען אויף דיא ברעגעס פון דיא שיפלעך, און דיא פיס, וועלכע זיינען אראבגעהאנגען אין וואסער, האבען זיי געברויכט אנשטאט וויאסלעס. דיא פארטוגעזער האבען געכאפט 15 פון זיי.

דעם נעכסטען יאהר האט א קאפיטאן געבראכט הונדערט שקלאפען און אוים דאנקבארקייט האט איהם דער פרינץ געמאכט פאר א ריטער.

דאס זיינען נאך אלץ געווען מורינען. צווישען זיי צו פאנגען קנעכט איז געווען ניט לייכט און דאס אלץ איז ביי דעם פרינץ געווען א הקדמה. זיין ציעל־פונקט איז געווען דיא נעגער־לאנד גינעא, דיא „רייכע לאנד“ פון גאלד און אהן א שיעור שווארצע שקלאפען; און אין 1445 האט ער ארויסגעשיקט א קאפיטאן מיט א שטריינגען בעפעהל צו שווימען גלייך אהין.

די ערשטע אמת־שווארצע אפריקאנער זיינען דערגרייכט געווארען אין דיעזען יאהר. דאס איז געווען ביי דעם מויל פון דעם טייך ס ע נ ע־ג א ל, וועלכער איז געווען דער גרענעץ צווישען דיא ברוינע מורינען און דיא נעגערס. דיעזען געגענד — דעם שטח צו מזרח צו פון סענעגאל — האבען דאס דיא פארטוגעזער דאן א נאמען געגעבען ג י נ ע א

*) דיעזען פאקט וועט אונז אויסקומען צו האבען אין זינען שפע־טער אין דער געשיכטע פון קאלומבוס'עס ענטדעקונג.

(פריהער האָבען זיי אונטער דיעזען נאָמען געהאט אין זינען א פיעל גרעסערע שטיק לאנד — פון קאפ נון אָן. היינט אָבער הייסט גינעא בלויז דער שטיק ברעג, וואָס פארקערעוועט זיך אינוויינינ צו מערב, דער בויג פון דעם „ר“.

שפּעטער האָבען דיא פּאָרטוגעזישע קעניגע געטראָגען דעם טיטול „קעניג פון פּאָרטוגאל און הארר פון גינעא“.

דער קאפּיטאַן, וועלכער האט געמאכט דיעזע ערפאָלגרייכע רייזע האָט געהייסען ד י נ י ז ד י א ז. ער איז געשוואומען ווייטער ביז ער האט בעגעגענט א פרעכטיגען קאפ, וועלכען ער האָט א נאָמען געגעבען „קאפ ווערד“, דאָס הייסט, „גרינער קאפ“. (די קאפ ווערדישע אינזלען געפינען זיך אין יענע ערטער).

באלד האט דער פרינץ ארויסגעשיקט א גרויסע פלאָטע — פון 26 שיפען. — און אזוי זיינען דיא עקספּעדיציעס געגאנגען אלץ ווייטער און אומעטום האָבען זיי אטאקירט דיא פרידליכע איינוואָהנער און געפאנגען שקלאַפען צווישען זיי. אָפט איז געקומען צו בלוטיגע קעמפּפע, אין וועלכע עס זיינען געפאלען דיא ווייסע אזוי גוט וויא דיא שווארצע. דיא נעגערס האָבען דיא שפּיצען פון זייערע פּיילען בעשמירט מיט א שטארקען גיפט, צו וועלכען עס איז שווער געוועזען צו געפינען א רפואה, און פון זיי זיינען אויסגעשטאָרבען ניט ווייניג פון דיא פּאָרטוגעזער.

אָט זיינען עטליכע ביישפּיעלען וועגען דיא האנדלונגען און ער־פאהרונגען פון דיא וואָס האָבען אנטהייל גענומען אין דיעזע רייזעס.

אין איין אָרט האָבען זיי ביים וואסער געפונען א הייזעל, פון וועלכע עס איז ארויסגעקומען א נאקעטער נעגער־אינגעלע. זיי האָבען איהם גלייך געפאנגען. אינוועניג אין שטוב האָט זיי געפונען זיינע אן אכט יעהריגע שוועסטער׳ל, האָבען זיי איהר אויך צוגענומען, צוזאמען מיט א דיקען לעדערנעם פאנצער, וועלכער איז געוועזען געמאכט פון דעם אויער פון אַן העלפאנט. שפּעטער האָבען זיי אויף דרויסען דערזעהען דעם פאָטער פון דיא צוויי קינדער. ער איז געשטאנען און צוזאמענגעשלאָגען ברעטער, ווען א פּאָרטוגעזער שיפּס־קאפּיטאַן איז צו איהם צוגעגאנגען אויף דיא ציפּקעס און האָט איהם א כאפּ געטהאָן פאר דיא האָר. דער קאפּיטאַן איז אָבער געוועזען קליין געוואקסען און דער נעגער פיעל העכער, אלזאָ האָט דער שווארצער איהם א הויב



אַפריקאַ
פאָרטוגעזישע ענטדעקונגס = רייזעס, פון פרינץ הענריך'ס צייט ביז וואַסקאַ - דאַ - גאַמאַ.
( די ציפערן ווייזען ווען די פערשיעדענע פלעצער זיינען ענטדעקט געוואָרען.)
צפון
מזרח
שוואַרצער ים
מיטעל-לענדישער
ים
רויטער ים
אַבּיסיניען
אַדען
אַלעקסאַנדריען
קאַירא
עקוואַטאָר
עקוואַטאָר
1413
1418
קאַפּ נון
1431
1435
1545
קאַפּ ווערד
1447
1456
1450
1462
1471
1501 סענט - העלענאַ
1485
1487
1497
סאָפּאַלאַ
מעלינדאַ
מאַמבּאַזאַ
קווילאַא
מאַדאַגאַסקאַר
קאַנאַרישע אינזלען
גווינעאישער ים=בּוזים

געטהאָן אין דער הויך. יענער האָט זיינע האָר אבער ניט אָבגעלאָזען און דער נעגער האָט איהם געטרייסעלט אהין און אהער, אזוי וויא אַן אָקס, אין וועלכען עס האָט זיך איינגעגעסען א הינטעל. דיא אַנדערע פּאָרטוגיזער זיינען צוגעלאָפען און האָבען דעם אפריקאַנער אָנגענומען פאר ביידע הענד און זיך שוין געקליבען איהם צו בינדען. דער קאַפּיטאַן האָט אַלזאָ געמיינט אז ער איז שוין מיט זיין קרבן זיכער, און ער האָט אָבגעלאָזען זיינע האָר; דאָס איז געווען זיין טעות: דערפיהלענדיג, אז זיין קאָפּ איז פריי, האָט דער נעגער מיט א פלינקען קרעפטיגען דרעה זיך גלייך אַרויסגעריסען און איז אַנטלאָפען. דיא קריסטען האָבען זיך נאָכגעיאָגט, אָבער דעם נעגער׳ס פיס זיינען געווען פיעל פלינקער וויא זייערע. ער איז פערשוואונדען אין א וואַלד, און וועהרענד יענע האָבען איהם געזוכט, איז ער אריינגעלאָפען צו זיך אין שטוב, נאָך זיינע קינדער. ווען ער האָט דערזעהן אז זיין אינגעלע און מיידעלע זיינען ניטאָ, האָט ער געכאַפּט א מין האַק, מיט וועלכער ער האָט זיך נאכהער מיט א ווילדע רציחה ארויסגעוואָרפען אויף איינעם פון זיינע נאָכיאָגער, און איהם געפעהרליך פערוואונדעט. עס זיינען אָבער אונטערגעקומען די אַנדערע ווייסע און דער אונגליקליכער איז ענדליך געפאַנגען געוואָרען.

מיר האָבען דאָ אַלזאָ א מוסטער פון דיא סצענעס, וואָס זיינען פאָרגעקומען ביים פאַנגען שקלאַפען „לשם שמים“.

אין 1446 האָט מיט דעם אויבענדערמאָהנטען נונאַ טריסטאַם פאַ־סירט דאָס פאָלגענדע: ער האָט דערגרייכט א ווייטען פונקט, א סך וויי־טער ווי דער קאַפּ ווערד. צואַנקערנדיג זיינע שיפען ביי דער מויל פון א גרויסען טייך, האָט ער מיט צוויי און צוואַנציג מענשען זיך אריינ־געזעצט אין צוויי קליינע שיפלעך און זיך אוועקגעלאָזען איבער׳ן טייך. באַלד האָבען זיי בעגעגענט צוועלף שיפלעך מיט זיעבציג אָדער אַכציג נעגערס, מיט פיילען־בויגענס אין די הענד. די שוואַרצע האָבען זייערע „געסט“ מכבד געווען מיט א רעגען פון גיפטיגע פיילען, וועלכער האָט זיי געצוואונגען זיך אָבצוטראָגען צוריק. אבער איידער זיי האָבען דערגרייכט זייערע שיפען זיינען פיער פון זיי געשטאָרבען פון דיא פערגיפטעטע וואונדען, און פיעלע פון דיא אַנדערע זיינען אויך געווען געפעהרליך גערעניעט. דיא פּאָרטוגעזער האָבען איבערגעלאָזען זייערע צוויי קליינע שיפלעך, און איבערגעשניטען דיא אַנקער־שטריק

פון דיא גרויסע, אוועקוואַרפענדיג דיא אַנקערס, אום וואָס שנעלער אָבצושווימען אין ים אַריין, וואו דיא נעגערס האָבען צו זיי ניט געקענט צוקומען. ווען זיי זיינען שוין געוועזן אויף זייערע גרויסע שיפען, זיינען געשטאָרבען נאָך זעכצעהן פון דיא צוויי און צוואַנציג. צווישען דיא טויטע איז געוועזן נונא טריסטאַם אַליין.

א חוץ דיא צוואַנציג וואָס זיינען געפאַלען פון דיא פיילען, איז איינער גע'הרג'עט געוואָרען דורך א צופאַל. פון יענע צוויי און צוואַנציג איז אַלזאָ געבליבען בלויז איינער, און אויסער איהם האָבען זיך אויף די שיפען געפונען בלויז נאָך פיער מאַן. עס איז איינפאַך ניט געוועזן ווער עס זאָל טהון דיא מאַטראָזען־אַרבייט, און דיא צוויי שיפען האָבען גאַנצע צוויי מאָנאַט אַרומגעבלאָנזשעט איבער'ן ים איידער זיי האָבען זיך צוגעשלאָגען צום ברעג פון פּאָרטוגאַל.

אנדערע פּאָרטוגעזישע עקספּעדיציעס האָבען געהאַט מעהר מזל. זיי האָבען געפאַנגען שקלאַפען און זיי געבראַכט אהיים צוזאַמען מיט אייל און פעל. א חוץ דעם, אויב זיי האָבען דערגרייכט א ווייטערען פונקט וויא דיא פריהערדיגע — האָבען זיי נאָך בעקומען א פיינע בעלוינונג פון פּרינץ הענריק. דאָס אַלץ האָט צוגעגעבען חשק אנדערע פּאָרטוגעזער, און שיפען זיינען אהין געפאָהרען צעהנדליגערווייז.

אַלע דיעזע עקספּעדיציעס פלעגען זיך צוערשט אָבשטעלען אויף דיא אינזלען מאַדעירא אָדער פּאָרטאָ סאַנטאָ, וואו זיי פלעגען אָננעהמען וואַסער, האָלץ און פּראָוויאַנט. *)

איינער פון דיא וויכטיגסטע רייזענדע, וועלכע פּרינץ הענריק האָט אַרויסגעשיקט, איז געוועזן א יונגער אַדעליגער פון ווענעציע, איטאַליען, מיט דעם נאָמען קאַדאַמאָסטאָ. ער איז אַרויסגעפאָהרען אין 1455. איידער ער איז געקומען צו דעם טייך סענעגאַל האָט ער דורכגערייזט פערשיעדענע קרייזען פון דיא ברוינע מורינען. אין איינעם פון דיעזע פלעצער זיינען געוועזן אזוי פיעל רויט־געלע היישעריי־

*) ווען קאָלומבוס האָט מיט זיין פרוי געוואוינט אין פּאָרטאָ סאַנטאָ האָט ער אויף דיעזען אָרט געזעהן דיא שיפען און דיא מענשען פון דיעזע עקספּעדיציעס און זיך צוגעהערט צו דיא געשפּרעכען וועגען זייערע רייזעס. אויך האָט ער אַנטהייל גענומען אין עטליכע פון דיעזע עקספּעדיציעס גופא, און געהאָלפען פאַנגען נעגער־שקלאַפען אין גינעא.

קען, אז א מאָל פלעגען זיי מיט זיך פערשטעלען הימעל און ערד אויף א שטח פון 12 מייל. צום גליק קומען זיי אהין אָן בלויז איין מאָל אין דריי אָדער פיער יאהר; אז ניט, וואָלט דאָרטען קיין אנדער לעבעדיגע בעשעפעניש ניט געקענט לעבען — אזוי פרעסען זיי אַלץ אויף.

דיא פרויען אין יענעם געגענד האָבען געטראָגען בלויז קורצע פארטיכלעך. וויטער זיינען זיי געוועזען נאַקעט. דיא הויפט־קאָקעטסטוואָ פון דיעזע פרויען איז בעשטאַנען אין מאַכען, אז זייערע בריסט זאָלען זיין וואָס לענגער און צוצויגענער. א מיידעל פון זיעבצעהן יאהר פלעגט ביי זיי ארומבינדען איהרע יעדע ברוסט מיט א שטריקעל אום צוצוברעכען דיא פעסטקייט פון דיא יונגע שטייפע פלייש, און דיעזע שטריקעל פלעגט זיא ציהען וואָס עפטער און שטאַר־קער אום דיא בריסט זאָלען אראָבהעגגען וואָס ניעדריגער. דאָס איז געוועזען זייער בעגריף פון שעהנהייט. *)

ווען קאַדאַמאָסטאָ האָט דערגרייכט דעם ברעג פון סענעגאַל, איז ער איבערראַשט געוואָרען פון דעם אונטערשיעד צווישען דער נאַטור און דיא איינוואוינער אויף דיא צוויי זייטען פון דיעזען טייך: אויף דעם צפון־זייט איז דיא ערד געוועזען א מאָגערע, דיא פלאַנצען קליינע, און דיא מענשען ברוינע, קליין־געוואַקסענע, דאַרינקע, קוואַרינקע. אויף דעם דרום־ברעג, וויעדער, זיינען געוועזען רייכע פעלדער און וועלדער און דיא מענשען זיינען געוועזען שוואַרץ וויא זשוק, הויך און קרעפטיג. יעדער נעגער האָט געהאַט אזוי פיעל ווייבער וויא פיעל ער האָט נור געוואָלט אָדער געקענט שפייזען, און זייער הערשער האָט געמוזט האָבען וועניגסטענס דרייסיג פרויען, וועלכע האָבען געוואוינט גרופּעס־ווייז אין בעזונדערע דערפער. „זיין מאַיעסטעט“ פלעגט בעזוכען היינט דיעזען דאָרף, אין עטליכע טאָג אַרום א צווייטען; און וואו ער פלעגט קומען, פלעגען זיינע פרויען אָנגרייטען שפּייז און געטראַנק פאַר איהם און פאַר זיין סוויטע. אויף דיעזען אַרט פלעגט ער שטענדיג אַרומפאָהרען פון דאָרף צו דאָרף, אזוי, אז ער האָט געהאַט אָן אונ־געהויערע צאָהל קינדער. ווען א פרוי פלעגט אָבער דאַרפען ווערען מוטער, פלעגט ער זיך מיט איהר שיידען.

---

*) דיעזער בעגריעף און מנהג לעבט אין געוויסע האַלב־ווילדע ערטער נאָך עד היום און ניט בלויז אין אפריקא.

דער פּראָסטער עולם האָט געטראָגען בלויז הויזען (פון ציגענע פעלכלעך), ווערענד די עלטסטע האָבען געטראָגען לייווענדענע העמדער. זיי האָבען אָבער ניט געקענט אויסוועבען קיין ברייטערע שטיקעל לייווענד וויא דיא ברייט פון אַ האַנד. אום צו מאַכען אַ העמד האָבען זיי געמוזט צונויפנעהען עטליכע שטיקלאך אין איינעם.

פופציג מייל ווייטער צו דרום־צו, האָט קאַדאַמאָסטאָ געמאַכט דיא בעקאַנטשאַפט פון אַ נעגער „פּרינץ“, וועלכער האָט איהם פריינדליך אויפגענומען. אַלס ספּעציעלען צייכען פון אויפמערקזאַמקייט האָט ער איהם געשאָנקען אַ דרייצעהן־יעהריגע מיידעל, וועלכע מען האָט געהאַלטען פאַר אַ גרויסע פאַרשוין דערפאַר וואָס זיא איז געווען שוואַרץ וויא קויל. דער פּרינץ האָט איהם עמפּפאַנגען אין איינעם פון זיינע דערפער. דאָ האָט ער געהאַט ניין ווייבער, ווערענד אין דיא אַנדערע דערפער האָבען געוואוינט אַנדערע פרויען זיינע. יעדע פרוי האָט געהאַט פינף אָדער זעקס יונגע דיענסטען, מיט יעדע פון וועלכע דער „פּרינץ“ האָט געהאַט אַ רעכט צו לעבען.

דעם פּרינץ'ס סוויטע איז בעשטאַנען פון צוויי הונדערט נעגערס. ער האָט זיך געפיהרט מיט גרויס צערעמאָניע, און יעדער וואָס האָט איהם געוואָלט זעהן — אפילו דער העכסטער — האָט צוערשט געמוזט אויסטהאָן אַלץ, אויסער זיין צודעק אין מיטען קערפּער, שטעלען זיך אויף דיא קניע, מיט'ן שטערען צו דער ערד, און שיטען זאַמד איבער'ן קאָפּ. אזוי פלעגט דער אונטערטהאַן צופויזען צו דעם פּרינץ, דיא גאַנצע צייט שיטענדיג זיך זאַמד איבער'ן קאָפּ.

דיא נעגערס האָבען פאַר זייער פּרינץ געציטערט, וואָרים ער האָט צו יעדער צייט געקענט בעפאַלען זייערע הייזער, צונעהמען זייערע פרויען און קינדער און זיי פערקויפען.

קאַדאָמאָסטאָ האָט דאָרטען געזעהן אַ מאַסע שלאַנגען, איינינע פון וועלכע זיינען געווען אַזוי גרויס, אַז זיי האָבען געקענט איינשלינגען אַ לעבעדיגע ציעג. ניט ווייט פון דיא דערפער האָבען זיך געפונען פיעלע לייבען, לעאָפּאַרדען, וועלף און אַנדערע ווילדע חיות. ריעזיגע העלפאַנטען זיינען אַרומגעגאַנגען סטאַדעס־ווייז. דיא בהמות זיינען מייסטענס געווען ווייסע אָדער שוואַרצע. זעלטען ווען מען האָט געטראָפען אַ רויטע.

ווען קאַדאָמאָסטאָ האָט בעזוכט דיא מערק פון דיא דאָרטיגע

נעגערס, זיינען דיא לעצטע איבערראשט געוואָרען פון זיין ווייסען געזיכט און הענד. פיעלע פון זיי האָבען געפּרופט רייבען זיין האַנד מיט שפּייעכץ צו זעהען אויב זיין ווייסקייט איז ניט קיין פאַרב.

אין פּאָרטוגאַל איז דערווייליע אָנגעגאַנגען דער האַנדעל מיט דיא שקלאַפען, וואָס מען האָט געבראַכט פון אפריקא — א נייער מסחור, וועלכער האָט געבראַכט שעהנע פּראָפיטען, און דיזע פּראַקטישע נוצען האָבען, אויף דערווייל וועניגסטענס, פערטויבט הענריק׳ס רעליגיעזע שטרעבונגען. גאָט קען וואַרטען. מענשען אָבער, איבערהויפּט נאָך געשעפטס־מענשען, האָבען וועניגער צייט. אַלזאָ, האָט ער פערגעסען אָן דיא נשמות פון דיא נעגערס און געהאַט אין זינען זייערע גופים. נשמות קויפט קיינער ניט, וועהרענד אויף דיא קערפּערס פון געפאַנגענע אפריקאַנער איז אין ליסאַבאָן (דיא הויפּטשטאָדט פון פּאָרטוגאַל) שוין געוועזן א מאַרק. און ניט בלויז זיינע רעליגיעזע פּלענער זיינען פערהאַלטען געוואָרען פון דער שקלאַפען־פאַנגעריי, זיינע פאָרשונג־רייזעס אויך. אנשטאַט ענערגיש צו טרייבען דיא ענט־דעקונגען, איז מען אָפּט געפאָהרען צו דעם זעלבען פּלאַץ, ווייל פון דאָרטען האָט מען געבראַכט שיפען מיט קנעכט, העלפאַנט־ביין און גאָלד.

דאָך, לאַנגזאַם האָט הענריק דורך זיינע קאַפּיטאַנען געמאַכט פּאָרט־שריטע, ביסלעכווייז זיך גערוקט ווייטער און ווייטער צו דרום־צו.

אין 1455 האָט שוין פּרינץ הענריק געוואוסט פון דריי טויזענד מייל איבער דעם מערב־ברעג פון אפריקא אָנשטאָט דעם וואָס פאַר איהם האָט מען זיך אָדוואַזשעט צו פאָהרען בלויז 600 מייל.

דאַן האָט ער גענומען דענקען וועגען א וועג צום אינדישען ים איבער דער יבשה, דאָס הייסט א וועג, וואָס זאָל דורכשניידען אפריקא אין דער צווערך, פון ים צו ים, פון אַטלאַנטישען אָקעאַן צום אינדישען. דאָ זיינען דיא פּאָרטוגעזער שוין געוועזן פריי פון דיא אַראַבישע הער־שאַפט. דאָ אַלזאָ קענען זיי דורכגעהן דיא גאַנצע ברייט פון אפריקא — אַזוי האָט ער גערעכענט. ער איז אָבער געשטאָרבען אין 1460, איידער ער האָט עפּעס געפּרופט טהאָן אין דעם.

דיא מאַטעריעלע רעזולטאַטען פון זיין טהעטיגקייט זיינען געוועזן א צו פעטער ביסען, אַז מען זאָל צו זיינע עקספּעדיציעס מאַכען א סוף.



אלפאנסא דער 5־טער, קעניג פון פארטוגאל (פון 1443 ביז 1481)

זיי זיינען פּאָרטגעזעצט געוואָרען פון זיין פּלימעניק, קעניג אַלפאָנסאָ דער פינפטער, און פון דיא נעכסטע קעניגע.

אַלפאָנסאָ האָט זיך ערקונדיגט אַז דורכפאָהרען די גאַנצע ברייט פון דיא הייסע ווילדע אַפריקאַ, איז דערוויילּ אַן אונמעגליכע זאַך, אַז עס איז פיעל לייכטער צו פאָהרען איבער'ן וואַסער, און ער האָט געשיקט שיפען וויטער צו געהן איבער'ן אַטלאַנטישען אָקעאַן צו דרום־צו. קיין סך קרעפטען אַוועקגעבען אויף דיזע אונטער־נעהמונגען האָט ער ניט געקענט, ווייל ער האָט געהאַט אַנדערע דאגות: ער איז פערקראָכען אין אַ מלחמה מיט שפּאַניען און איז געשלאָגען געוואָרען. דאָך אויף אַן אָרט איז ער מיט זיינע ענטדעקונגס־עקספּעדיציעס אויך ניט געשטאַנען.*) אין 1461 האָט ער ארויס־געשיקט שיפען, וועלכע האָבען אויסגעפאָרשט איבער זעקס הונדערט מייל ווייטער וויא קאַדאַמאָסטאָ האָט דערגרייכט. דיא רייזענדע וואָס זיינען געפאָהרען מיט דיזע שיפען זיינען דורכגעגאַנגען פּלעצער, וואו דיא נעגערס האָבען געדיענט צו געצען, וועלכע זיי פּלעגען געבען שפּייז. אין דיא קערפּערס און געזיכטען פון דיזע נעגערס זיינען געווען אויסגעברענט פערשיעדענע פיגורען. אין דיא אויערן האָבען

*) ביי דיעזען אַלפאָנסאָ איז דאַן געווען אַ תקיף דער בעריהמטער יצחק אברבנאל, וועלכער האָט שפּעטער פערלאָזען שפּאַניען צוזאַמען מיט דער גאַנצער אידישער בעפעלקערונג פון דאָרטען. אַלפאָנסאָ איז איבערהויפּט געווען פריינדליך צו אידען; און אין זיין צייט האָט זיך זיי אין פּאָרטוגאַל געלעבט גוט. זיי זיינען געווען בעפרייט פון דעם ספּעציעלען יודען־צייכען, און האָבען געהאַט פיעלע רעכטע, פון וועלכע זיי האָבען אַנדערשוואו ניט געוואוסט. אברבנאל איז געווען דעם קעניג'ס ראטה־געבער אין פינאַנץ־אַנגעלעגענהייטען. וועגען זיין לעבען אין יענער צייט זאָגט ער אונז אַליין אין דיא פאָלגענדע ציילען, וועלכע גרעץ ברייננגט אין זיין געשיכטע:

„רוהיג האָב איך געלעבט אין מיין גע'ירשנ'טע הויז אין דער שעהנער שטאָדט ליסאַבאָן. גאָט האָט מיך געבענשט מיט עשירות און כבוד. איך האָב זיך געלאָזט בויען רייכע געביידעס און זאַאַלען. אין מיין הויז פּלעג־געז זיך צוזאַמענקומען געלעהרטע און חכמים. איך בין געווען אַ ליעבלינג אין דעם פּאַלאַץ פון אַלפאָנסאָ, דעם מעכטיגען און גערעכטען קעניג, ביי וועלכען דיא אידען האָבען געהאַט פרייהייט און הצלחה. איך בין געשטאַ־

זיי געמאַכט צו עטליכע לעבער און געטראָגען אין זיי צו עטליכע רינגען. אויך האָבען זיי געטראָגען רינגען אין דיא נעזער. מיט דער אויסנאַהמע פון אַ שטיקעל קאָרע פון אַ בוים, וועלכע זיי האָבען געטראָגען פון פאָרענט, זיינען זיי געגאַנגען נאַקעט.

אין 1469 האָט אַלפאָנסאָ דער 5טער געמאַכט אַ קאָנטראַקט מיט איינעם פערנאַם גאָמעז, וועמען ער האָט פערדונגען דעם האַנדעל אויף דעם אַפריקאַנישען ברעג מיט דעם תנאַי, אַז דער מסחור מיט העלפאַנט־ביין זאָל בעלאַנגען צו דער קרוין און אַז יעדען יאָהר זאָל גאָמעז ענטדעקען ווייטערע טהיילען פון דעם ברעג, — ניט ווענינער וויא דריי הונדערט מייל ווייטער יעדען יאָהר. אַלס מיטרייזענדע האָט גאָמעז גענומען צוויי ריטער יאָאַאָ דע סאַנטאַרעם און פעדראָ דע אָסקאַבאַר. דיעזע צוויי שיפסקאַפּיטאַנען איז בעשערט געוועזען זיך בעריהמט צו מאַכען אין דער געשיכטע פון געאָגראַפישע ענטדעקונגען, וואָרים זיי זיינען געוועזען דיא ערשטע ווייסע מענשען, וואָס זיינען צוגעקומען צום עקוואַטאָר, — דיא

נען נאָהענט צו איהם, בין געוועזען זיין שטיצע, און וועהרענד ער האָט געלעבט האָב איך אָפט בעזוכט זיין פּאַלאַץ".

מען דאַרף בעמערקען, אַז פיעלע פון דיא פּאָרטוגעזישע אידען זיינען דאַן רייך געוואָרען פון זאַמלען רעגיערונג־צינזען אָדער זאָגאַר דיא צינזען פון דער קאַטוילישער קירכע — אַ בעשעפטיגונג וועלכע איז געוועזען ניט מעהר סימפּאַטהיש וויא וואָכעריי מיט וועלכע פיעלע אַנדערע פּאָרטוגעזישע אידען זיינען געוועזען בעשעפטיגט. דיא זעלבע צוויי קוואַלען פון איינקונפט האָבען דאַן געהאַט פיעלע פון דיא אידען אין שפּאַניען אויך.

אַלפאָנסאָ'ס יורש, זיין זוהן יאָאַן דער צווייטער, איז געוועזען אַ פיעל ערגערער מענש וויא דער פאָטער, וויא מיר וועלען זעהן, און צו דיא אידען איז ער געוועזען אַ האַרצלאָזער צורר. אין זיין צייט איז אברבנאל געצוואונגען געוועזען צו לויפען פון פּאָרטוגאַל נאָך שפּאַניען, וואו דיא דאָרטיגע קעניגליכע פּאָאָר פּאָלק פערדינאַנד און איזאַבעללאַ האָבען זיך בענוצט מיט זיינע פעהיגקייטען אלס פינאַנסיסט, אום צו פעררינכטען דעם צרהדיגען צושטאַנד פון זייער קאַססע. ער איז ביי זיי אויך געוואָרען אַ תקיף, אָבער ווען מען האָט אַרויסגעטריעבען דיא אידען איז ער מיט זיי מיטגעגאַנגען. דיא אויבען געבראַכטע ווערטער האָט ער געשריעבען שפּעטער.

ליניע וועלכע צוטהיילט דעם ערד־קוגעל צווישען צפון און דרום אויף צווי גלייכע העלפט (זעה ביילאַגע, זייטעל 635 און זייטעל 646).

דאָס איז געווען אין 1471. פריהער האָט מען געמיינט, אז אהין קענען מענשען ניט צוקומען, ווייל מען קען דאָרטען ניט לעבען. סאַנטארעם און אָסקאַבאַר זיינען ניט בלויז צוגעקומען אהין, נור זיי האָבען דאָרטען געפונען אַ געדיכטע מענשליכע בעפעלקערונג.

דאָס האָט פיעל געהאָלפען צושמעטערן דעם פריהערדיגען אבערגלויבען וועגען דעם ערד־קוגעל, און האָט צוגעגעבען פיעל מוטה פאַר ווייטערע רייזעס, פאַר ווייטערע פאָרשונגען.

דער צוועק פון דיעזע עקספּעדיציעס איז געווען אַן עגאָאיסטישער, אַ גראָב־מאַטעריעלער. דיא פרוכט אָבער איז געווען אַ וויכטיגער שריט פאָרווערטס אויפ'ן וועג פון פּראָגרעס.

אַ חוץ דעם האָבען דיעזע צווי קאַפּיטאַנען ענטדעקט עטליכע נייע אינזלען. אייניגע פון דיעזע אינזלען ליעגען גאַנץ ווייט פון ברעג. דאָך זיינען זיי ענטדעקט געוואָרען ניט דורך דעם וואָס אַ ווינד האָט דיא שיפען אהין פערטראָגען, נור דורך ספּעציעלע ענטדעקונגס־רייזען. דאָס הייסט, אז דיא אינסטרומענטען צום פאָהרען מיט שיפען זיינען שוין אזוי ווייט פערבעסערט געוואָרען, אז מאַטראָזען האָבען שוין ניט אזוי געציטערט צו פערלאָזען דעם ברעג, וויא פריהער.

גאָמעז איז פון זיין האַנדעל רייך געוואָרען, און אין 1474, ווען זיין קאָנטראַקט האָט זיך געענדיגט, האָט דער קעניג איהם געגעבען אַלס „הערב“ פאַר זיין זיעגעל דיא פיגור פון דריי נעגערס מיט רינגען אין דיא נעזער און אויערען.

מען איז אַלזאָ אריבערגעגאַנגען איבער דעם עקוואַטאָר און דער ים האָט דאָרטען ניט געקאָכט און מענשען האָבען דאָרטען געאָטהעמט וויא אין אייראָפּאַ. דאָך אפריקא האָט זיך אַלץ געצויגען, און וויא ווייט האָט מען אַלץ ניט געוואוסט. דער ערפאָלג פון דיא דערמאָנטע צווי קאַפּיטאַנען האָט אַלפאָנסאָ'ן פון איין זייט צוגעגעבען מוטה און פון דער אנדערער זייט ביי איהם אָבגענומען דיא געדולד. וויא לאַנג וועט מען אזוי דאַרפען רייזען צו דרום צו איידער מען וועט קומען צו אַ סוף און קענען אריינשווימען אין דעם אינדישען ים? און ווער וויים אויב עס איז גאָר דאָ אַ סוף צו אפריקא? דיעזע פראַגע האָט איהם אנגעפאַנגען צו דערעסען. ער האָט געוואָלט צוקומען צו אינדיען

וואָס גיכער. ער האָט דעריבער אָנגעפאַנגען פאַנאַנדערצופרעגען אויב מען קען ניט געפינען עפּעס אַ קירצערען וועג אַהין. אויף זיין ביטע האָט זיינער אַ הויף־גלח דיעזע פראַגע געשטעלט צו זיינעם אַ פריינד, אַ בעריהמטען געאָגראַף פון ווענעציע, טאָסקאַנעללי. וואָס טאָסקאַנעללי׳ס ענטפער איז געווען, וועלען מיר זעהן ווייטער, ווען מיר וועלען האַלטען ביי דער געבורט פון קאָלומבוס׳עס פּלאַן, אין וועלכען דיעזער ענטפער טאָסקאַנעללי׳ס האָט אַ גרויסע ראָלע געשפּיעלט.

VI.

## ענדליך געפינט מען אַ סוף צו אַפריקאַ.

יאָאַן דער צווייטער. — אידען העלפען פערבעסערען אַ וויכטיגען שיף־אינסטרומענט. — פאָרטוגאַל פערשפּרייט קריסטענטהום און איהר איי־גענע הערשאַפט צווישען דיא נעגערס. — דיאגא קאם דערגרייכט דיא לאַנד פון האָטטענטאָטען. — צערעמאָניעס פון אַ נעגער־קעניג. — אַ געהיימניספולער הערשער. — ווידער דער „פּריעסטער־קעניג יאָהאַן". — אַ דרייפאַכע עקספּעדיציע. — בארטהאלאָמיי דיאַז שווימט אַרום דעם „קאַפּ פון גוטע האָפנונג". — צוויי פאָרשער מיט צוויי אידישע שלוחים צו איינעם פון זיי: דיא ראָמאַנטישע געשיכטע פון פּעדראָ דע קאָ־ווילהעם.

אלפאָנסאָ דער 5טער איז געשטאָרבען אין 1481. זיין טהראָן האָט גע'ירש'ט זיין זוהן יאָאַן (יאָאַאָ) דער צווייטער. דיא מאַטע־ריעלע נוצען, וואָס דיא עקספּעדיציעס האָבען געבראַכט, זיינען נאָך דייטליכער געוואָרען און דיא אויסזיכטען אויף שפּעטער זיינען געוואָ־רען אַלץ גרעסער און גרעסער. דער נייער קעניג האָט זיי דעריבער פאָרטגעזעצט מיט נאָך מעהר אינטערעס וויא זיין פאַטער. ער איז איבערהויפּט געווען אַ גאָלד־גייציגער עגאָאיסטישער מענש און אין דיא ענטדעקונגס־רייזען האָט ער געזעהן אַ מיטעל אָנצופילען זיין קאַסע און צו פערגרעסערען זיין מאַכט.

פאַר דיא ים־רייזעס איז נויטיג געווען צו פערבעסערען אַ געוויסען אינסטרומענט (אַסטראָלאַביע), מיט וועלכען מען האָט בעשטימט וואו דיא שיף געפינט זיך נאָך דיא הויך פון דיא זונן אָדער שטערען (זעה ביילאַגע, זייטעל 641). אידישע געלעהרטע: אברהם אבן עזרא, דאָקטאָר יעקב בן מכיר און יעקב קארסאני האָבען שוין עפּעס אויפ־געטהאָן אין דעם. עס איז אָבער ניט געווען גענוג, אלזאָ האָט יאָאַן דער צווייטער דיא אויפגאַבע איבערגעגעבען צו אַ ספּעציעלען אַסטראָ־נאָמישען קאָמיטעט. דיעזער קאָמיטעט איז בעשטאַנען פון יאָאַן'ס אידישען דאָקטאָר, יוסף וועקינהאָ, פון דעם אידישען מאַטהעמאַטיקער



יואַן דער 2־טער, קעניג פון פּאָרטוגאַל (פון 1481 ביז 1495)

מאָזעס, פון יאָאַן'ס וואונד־דאָקטאָר, דעם פּאָעט ראָדריגאָ *), פון דעם נירנבערגער געאָגראַף מאַרטין בעהאַים און פון דעם הויפּט־גלח פון סעוטא, דיאגא קאסטעלאַנא. דיעזער קאָמיטעט האָט דיא אַסטראָ־לאביע ווירקליך פיעל פערבעסערט און עס איז לייכטער געוואָרען צו פיהרען שיפען. אַז אידען האָבען אין דיעזע פערבעסערונגען אַ גרויסען חלק געהאַט גיבען צו מייסטע היסטאָריקער, זאָגט דר. קייזערלינג.

יאָאַן דער צווייטער האָט געענדיגט בויען אַ פעסטונג, וועלכע זיין פאָרגענגער האָט געבויט אין דיא נעגער־לענדער, און געהייסען אויפ־שטעלען נאָך איינע, אַ גרעסערע וויא יענע. דיא צווייטע פעסטונג האָט ער געלאָזט בויען אין סאַן־יאָרגע דא מינא, גינעא, אַ פּלאַץ, וועלכער איז געוואָרען דער מיטעלפּונקט פון דעם פּאָרטוגעזישען גאָלד־האַנדעל.

דיא וואָס זיינען געשיקט געוואָרען צו בויען דיעזע גרויסע פעסטונג, זיינען אהין אָנגעקומען דעם 19טען יאנואַר 1482. אויף מאָרגען אין דער פריה האָבען זיי אויף אַ הויכען בוים אויפגעהאַנגען דיא פּאָרטוגעזישע פאָהן, און אונטער איהר האָבען זיי אויפגעשטעלט אַן אַלטאַר, אַרום וועלכען דיא קאָמפּאַניע האָט אָבגעהאַלטען גאָטעס־דיענסט. דאָס איז געווען דיא ערשטע קריסטליכע תפילה אין גינעא. אַ וויכטיגער טהייל פון דיזער תפילה איז בעשטאַנען אין דעם, וואָס מען האָט געבעטען גאָט, ערשטענס, אַז ער זאָל רחמנות האָבען אויף דיא פערבלאָנדזעטע נשמות פון דיא נעגערס און זיי בעקעהרען צום קריסטענטהום; צווייטענס, אַז דיא קריסטליכע קירכע, וועלכע מען האָט זיך געקליבען דאָ אויפצובויען זאָל דאָ האָבען שטענדיגע הצלחה.

דאָס איז זעהר כאַראַקטעריסטיש. מען איז געקומען אַהער

---

*) ניט־אידישע שרייבער, וויא מיידזשאָר און דרייפּער, ריידען וועגען דיעזען ראדריגא אויך וויא וועגען אַ אידען. גרעץ, פון דער אַנדערער זייט, שיינט איהם צו האַלטען פאַר אַ קריסט, ווערהענד קייזערלינג (אין זיין „דיא אידען אין פּאָרטוגאַל") בעמערקט: „אַז ראָדריגא איז ניט געווען קיין איד איז פּאָרלויפיג נאָך ניט בעוויזען געוואָרען". אַלזאָ הייסט עס מסתמא אַז מען רעכענט איהם פאַר אַ אידען. און אַזוי ווערט טאַקע גע־וועהנליך גערעדט וועגען ר' יוסף'ן און ראדריגא — אַלס דיא צוויי אידישע הויף־דאָקטוירים פון יאָאַן דעם צווייטען.

פאַנגעַן קנעכט און כאַפּען גאָלד, און די קריסטליכע רעליגיאָן איז געווען אַ מעכטיגע העלפּערין אין דעם. אום צו קענען פערפעסטיגען דיא פּאָרטוגעזישע הערשאַפט, איז נויטיג געווען צו פערפעסטיגען דיא הערשאַפט פון פּאָרטוגאַל'ס גאָט. אַ מיליטערישע פעסטונג און אַ קירכע — צוויי געביידעס, וועלכע געהען האַנד אין האַנד.

אין אַ קורצע צייט אַרום האָבען זיך דיא פּאָרטוגעזער געזעהען מיט דעם הערשער פון דיא דאָרטיגע נעגערס. ער איז געווען אויס־געפּוצט אין בראַסלעטען און רינגען אויף דיא אָרעמס און אויף דיא פיס, וועהרענד אַרום האַלז האָט ער געטראָגען אַ גאָלדענעם קראַגען מיט גלעקלעך און זיין באָרד איז געווען פערפלאָכטען מיט גאָלדענע שטעקלעך, אום פון זייער געוויכט זאָלען די גרייזלעך זיך אויסגלייכען. דיא מיטגליעדער פון זיין סוויטע האָבען בלויז געטראָגען פאַרטיכלעך פון אָבעזיאַנע פעלכלעך, אָדער פון פּאַלמען־בלעטער. וויטער זיינען זיי געווען נאַקעט וויא דיא מאַמע האָט זיי געהאַט. נור זייערע שוואַרצע לייבער זיינען געווען אויסגעשמירט מיט אויל, אום זיי זאָלען בליסטשען און אויסזעהען נאָך שוואַרצער. דורך מתנות האָבען דיא פּאָרטוגעזער ביי איהם גע'פּועל'ט אַלץ וואָס זיי האָבען געוואָלט, און באַלד איז דאָ געשטאַנען אַ פעסטונג און אַ קירכע (און דאַן זיינען שוין מתנות מעהר ניט נויטיג געווען).

אין 1484 איז אַהין געשיקט געוואָרען דיאָגאָ קאַם, אַ קאַפּיטאַן, וועלכער איז דערגאַנגען ביז די היינטיגע קאָנגאָ, און נאָך זעקס הונדערט מייל וויטער צו דרום צו, ביז ער איז געקומען צו דער לאַנד פון די האָטענטאָטען.

אויף דיעזער רייזע איז מיט איהם מיטגעפאָהרען דער אויבענ־דערמאָנטער מאַרטין בעהאַים, דער מיטגליעד פון דעם קאָמיטעט וואָס האָט פאַרבעסערט דיא אַסטראָלאַביע.

דער הערשער פון קאָנגאָ איז צו קאַם'ן געווען זעהר פריינדליך. ווען ער האָט זיך צו איהם אומגעקעהרט פון זיין רייזע צו דיא האָטענ־טאָטען, האָט ער אויסגעדריקט צופרידענהייט בעקאַנט צו ווערען מיט דער קריסטליכער רעליגיאָן, און ווען ער איז געפאָהרען אַהיים, האָט ער איהם מיטגעגעבען אַ נעגער מיט עטליכע נעגער־אינגלעך. דיעזע שוואַר־צע האָט מען דערנאָך אין ליסאַבאָן געטויפט מיט גרויס פּאַראַד. דעם נעגער האָט דער פּאָרטוגעזישער קעניג געגעבען זיין אייגענעם קריסט־

ליכען נאָמען — אַזאַ שמחה איז דאָס געווען אין הויף מיט דעם שוואַרצען גר. דיא אָבגעטויפטע האָט מען צוריק אַוועקגעפיהרט נאָך קאָנגאָ, און אויף דיעזען אַרט איז אָנגעפאַנגען געוואָרען דיא פערשפרייטונג פון דער קריסטליכער רעליגיאָן אין דיא נעגער־לענדער פון אַפריקאַ.

דיא נעכסטע עקספּעדיציע האָט דיא אָבגעשמד'טע עטליכע נעגערס גענומען צוריק אין זייער היים; זיא איז בעשטאַנען פון דריי פּאָרטוגעזישע שיפען. זיא האָט געפונען אַ אָנקעל פון דעם הערשער פון קאָנגאָ, און ער און זיין זוהן האָבען אויך אָנגענומען דעם קריסטענטהום אויף אַ צערעמאָניע, וועלכע האָט שטאַטגעפונען דעם 3טען אַפּריל 1491, און וועלכע עס האָבען בייגעוואוינט 25 טויזענד שוואַרצע. דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל, וואָס מען האָט אין יענע לענדער איבערהויפּט געזעהן אַ טויפונגס־צערעמאָניע.

דער הערשער אַליין איז דאַן געווען אויף אַן אַנדער פּלאַץ; ער איז אָבער העכסט צופריעדען געווען וואָס זיין אָנקעל איז געוואָרען אַ קריסט; און ווען דער פּאָרטוגעזישער קאַפּיטאַן איז געקומען איהם בעזוכען, איז איהם אַנטקעגען אַרויס אַ גרויסע מחנה, וועלכע האָט געזונגען לויב־געזאַנג צו דעם פּאָרטוגעזישען קעניג, בעגלייטענדיג דיא ליעדער מיט אַ געפּילדער פוןווילדע טרומייטען און קעסעל־פּויקען, וועהרענד דער קעניג אַליין איז געזעסען אויף אַ טהראָן פון העלפאַנט־ביין, וועלכער איז געשטאַנען אויף אַ זעהר הויכע הילצערנע פּלאַט־פאָרמע. זיין בליסטשעדיג־שוואַרצער קערפּער איז געווען מוטער־נאַקעט ביז'ן גאַרטעל; פון אונטען האָט ער געטראָגען אַ שטיקעל זייד־וואַרג, וועלכע איהם האָט געשאָנקען דיעגאָ קאַם; זיין לינקער אָרים איז געווען בעציערט מיט אַ קופּערנעם בראַסלעט, און זיין קאָפּ מיט אַ גרויסע מיץ, קונציג אויסגעפּלאָכטען פון לולב־בלעטער. דער וויכטיגסטער צייכען פון זיין „מאַיעסטעטישע" גדולה איז אָבער געווען ניט דאָס, נור אַ פערדישער עק, וועלכער איז אַראָבגעהאַנגען פון זיין פּלייצע.

ווען דער פּאָרטוגעזישער קאַפּיטאַן האָט זיך גענייגט, האָט דער שוואַרצער קעניג זיך איינגעבויגען, כלומרשט אויפגעהויבען שטויב פון דער ערד און געשאָטען אויף זיין קעניגליכע קאָפּ; און דאַן האָט ער זיין האַנד צוגעלייגט צוערשט צו דעם קאַפּיטאַן'ס ברוסט, און דערנאָך

צו זיין אייגענער. דאָס איז געווען פערעכענט פאַר דעם גרעסטען כבוד, וועלכען אַ קעניג פון קאָנגאָ האָט געקענט אָבגעבען אַ גאַסט.

דער קעניג אַליין האָט זיך געטויפט אין דער אַנוועזענהייט פון הונדערט טויזענד נעגערס. ער האָט זיך אויך אַ נאָמען געגעבען יאָאַן. דאָס אַלץ איז אָבער געווען ניט אויף לאַנג.

זיין עלטסטער זוהן האָט אויך אָנגענומען די רעליגיאָן פון די ווייסע; מיט זיין צווייטען זוהן איז אָבער געווען צרות. ווען ער האָט געהערט, אַז אַלס קריסט מעג ער בלויז האָבען איין פרוי, איז ער אין כעס געוואָרען. דער קעניג אַליין האָט אויך ניט געוואָלט וויסען פון אַזעלכע בעשרענקונגען, און ער האָט ניט נור אויפגעגעבען זיין נייע אמונה, נור ער האָט זיין טהראָן אָבגעזאָגט פאַר זיין צווייטען זוהן, פאַר דעם וואָס האָט זיך ענטזאַגט צו ווערען אַ קריסט.

דער ערשטער זוהן, וועלכער איז געבליבען טריי דעם קריסטענ־טהום, האָט אָבער שפּעטער זיין ברודער בעזיעגט, און ער האָט זיינע קינדער און אייניקלעך געשיקט נאָך פּאָרטוגאַל בילדען זיך אויף דעם קריסטליכען אופן. אויף דיעזען אַרט האָבען דיא פּאָרטוגעזער פעסט פערשפּרייט זייער הערשאַפט אין קאָנגאָ.

צווישען קאָנגאָ און דיא פּאָרטוגעזישע פעסטונג סט. יאָרגע דאַ מינאַ, דעם נייעם צענטער פון דעם גאָלד־האַנדעל, ליגט ב ע נ י ן, וועמען'ס הערשער האָט געזוכט זיך צוצוחנפה'נען צו די פּאָרטוגעזער אום פון זיי צו בעקומען שטיצע געגען זיינע שונאים. מיט דיעזען צוועק האָט ער נאָך ליססאַבאָן געשיקט שלוחים כלומרשט בעטען מיסיאָנע־רען. פון דעם איז נאַכהער גאָר ניט געוואָרען. אַ חוץ דעם, איז בענין ניט קיין געזונטער געגענד, און פיעלע פון דיא ווייסע זיינען דאָרטען אויסגעשטאָרבען. דער בענינשער שליח האָט אָבער יאָאַן דעם צווייטען דערצעהלט וועגען אַן אַנדער אַפריקאַנישען קעניג, און דיעזע נאַכריכט האָט יאָאַן געהאַלטען פאַר זעהר וויכטיג. דער שליח האָט נעמליך געזאָגט, אַז העכער ווי טויזענד מייל פון בענין, ווייטער אין אַפריקאַ, צו מזרח צו, געפינט זיך אַ מעכטיגער הערשער מיט'ן נאָמען אָ ג אַ ן. דער בענינשער קעניג האָט צו דיעזען מאָנאַרך אַמאָל געשיקט שלוחים מיט רייכע מתנות; אָבער דיא גאַנצע צייט, וואָס זיי זיינען פערבליבען אין יענעם'ס הויף, האָט ער זיך פאַר זיי ניט בעוויזען; בלויז איין מאָל האָט ער פאַר זיי אַרויסגעשטעלט אַ פוס, וועלכע זיי האָבען

געקושט. ווייטער האָבען זיי קיין זכיה ניט געהאַט איהם צו זעהן. פאַר זייער קעניג האָט ער זיי געגעבען אַ מעשענע היטעל און אַ שטעקען פון דעם זעלבען מעטאַל (אָהן דיעזען צייכען פון דעם געהיימניספולען מאַנארך האָבען דיא ארומיגע קעניגע זיך ניט גערעכענט פאַר אמת'ע קעניגע) און פאַר זייער אָבפאָהרען האָט מען אויף יעדען פון זיי, אין אָגאַן'ס נאָמען, אָנגעטהאָן אַ מעשענעם צלם, וועלכער איז געווען פאררעכענט פאַר אַ וויכטיגען מעדאַל, אַ צייכען פון אריסטאָקראַטיע, און האָט אויף אייביג בעפרייט פון יעדען זאָרט שקלאַפעריי.

וואָס דאָס איז געווען פאַר אַ „צלם“, קען מען ניט וויסען. אפשר איז דאָס דורך אַ צופאַל גראָד געווען אַ ביסעל עהנליך צו אַ קריסט־ליכען צלם; און אפשר האָט דער בענינשער געזאַנדטער אומישנע דאָס אַזוי פאַרגעשטעלט אום צו פעראינטערעסירען דעם קריסטליכען קעניג יאָאַן, וועמעס פריינדשאַפט ער האָט געזוכט. יעדענפאַלס איז די גאַנצע מעשה געווען שטאַרק עהנליך צו דעם, וואָס מען האָט אין פאָרטוגאַל געהערט וועגען דעם געהיימניספולען „פריעסטער־קעניג יאָהאַנן“, וועלכען מיר האָבען שוין דערמאָנט.

דער פאָרטוגעזישער קעניג איז בעגייסטערט געוואָרען. ער האָט גענומען בויען פּלענער וועגען צוקומען צו דעם מערקווירדיגען קריסט־ליכען קיסר, אום מיט איהם צו שליסען ברידערשאַפט, און דורך זיין הילפע צו פערשפּרייטען דיא קריסטליכע רעליגיאָן און — דעם פּאָר־טוגעזישען האַנדעל, נאַטירליך, ביז דיא ברעגעס פון דעם אינדישען אָקעאַן.

א חוץ דעם פאַלשען איינדרוק וועגען דעם „קריסטליכען קעניג“ פון אפריקאַ האָט ער בעקומען נאָך איינעם — וועגען דעם טייך ס ע נ ע ג א ל.

די געאָגראַפען פון יענער צייט האָבען נעמליך געמיינט, אַז דער סענעגאַל און דער גרויסער עגיפּטישער טייך נ י ל ו ס פאַנגען זיך אָן פון דעם זעלבען קוואַל. אַלזאָ האָט יאָאַן דער צווייטער גערעכענט, אַז אַזוי שווימענדיג פון איין טייך אין דעם צווייטען, וועלען זיינע מענשען דורך די אינערליכע טיילען פון אפריקאַ, איבער דער יבשה, צוקומען צו דעם מזרח ברעג פון אַפריקאַ און פון דאָרטען (איבער'ן אינדישען אָקעאַן) צו אינדיען. און אפשר איז דיא קעניגרייך פון דעם „פריעסטער־קעניג יאָהאַנן“ טאַקי אין אינדיען ערגעץ וואו, וויא איינינע האָבען

געמיינט. נאָך דיא ווערטער פון דיא נעגער־שלוחים איז אויסגע־קומען, אַז זיא ליעגט ווייט־ווייט פון זייער היים צו אינדיען צו. און קיין קלאָהרען בעגריעף וועגען דיא ברייט פון אפריקא, און וועגען דיא נאָהענטקייט פון אינדיען צו איהר, האָט יאָאַן דער צווייטער נים געהאַט.

פון די צוויי גראָבע טעות'ן איז אָבער אַרויסגעקומען אַ גרויסער נוץ פאַר דער וויסענשאַפט און פאַר דעם מענשליכען פּראָגרעס בכלל.

דער פּלאַן צו פעראייניגען זיך מיט'ן פּריעסטער־קעניג יאָהאַנן איז ביי יאָאַן דעם צווייטען אַלזאָ געוועז פערבונדען מיט דעם פּלאַן צו דערגרייכען אינדיען מיט איהרע געווירצען, און ער האָט זיך פאַר איהם גענומען מיט פיעל ענערגיע. ער האָט אַרויסגעשיקט דריי עקס־פּעדיציעם כמעט מיט אמאָל, און אַלע האָבען זיי געהאַט דעם זעלבען צוועק: צו געפינען אַ וועג צו אינדיען און צו דעם געהיימניספאָלען קריסטליכען קיסר. איין עקספּעדיציע האָט געזאָלט געהן איבער'ן אַט־לאַנטישען ים, אום צו זעהן אויב מען קען ניט אַרומשווימען אַ ר ו ם אַ דרום־ענד פון אַפריקאַ; אַ צווייטע האָט זיך בעדאַרפט אַוועקלאָזען איבער אפריקא, דאָס הייסט מיט דעם טייך סענעגאַל דורך דער יבשה פון דיעזער וועלט־טייל; און אַ דריטע דורך דעם מיטעל־לענדישען ים (דאָס הייסט אַלזאָ צום צפון פון אַפריקאַ) דורך דיא אַלטע ציוויליזירטע לענדער, וויא איטאַליען, קליין־אַזיען, אום דאָרטען פונאַנדער־צו־פרעגען וועגען אינדיען און דעם „פּריעסטער־קעניג“.

וועגען עקספּעדיציע נומער 2 איז ניטאָ וואָס צו ריידען, ווייל עס האָט זיך אַרויסגעצייגט אַז אַ ווייטע רייזע איבער סענעגאַל און איבער־הויפּט דורך דיא אינערליכע טיילען פון אַפריקאַ איז פיעל לייכטער צו פּלאַנעווען וויא צו פערווירקליכען. דיא שוועריגקייטען זיינען געוועזען צו גרויס.

דערפאַר האָבען דיא אַנדערע צוויי געפיהרט צו וויכטיגע רעזול־טאַטען, אָדער — ריכטיגער געזאָגט —ביידע האָבען זיי געפיהרט צו דעם זעלבען וויכטיגען רעזולטאַט.

דיא עקספּעדיציע צו פאָהרען איבער דעם אַטלאַנטישען ים אַרום אַפריקאַ, האָט יאָאַן פערטרויט ב אַ ר ט ה אָ ל אָ מ י י ד י אַ ז ע ן — איינעם פון אַ פאַמיליע פון דיא בעסטע און מוטהיגסטע ים־רייזענדע

אין פּאָרטוגאַל*). דיא עקספּעדיציע איז בעשטאַנען פון צוויי גרעסערע שיפען מיט אַ דריטע אַ קלענערע שיף, ספּעציעל פאַר פּראָוויזיע, וועלכע איז געשטעלט געוואָרען אונטער דער קאָמאַנדאָ פון באַרטהאָלאָמיי'ס ברודער, פּ ע ד ר אָ ד י א ז. דאָס איז געווען איינע פון דיא וויכטיג־סטע פון אַלע עקספּעדיציעס וואָס זיינען געמאַכט געוואָרען ארום אַפריקאַ.

די דריי שיפען זיינען אָבגעפאָהרען אין אויגוסט 1486. דער מנהג איז געווען אַז יעדער רייזענדער וואָס האָט דערגרייכט אַ ווייטערען פּונקט וויא אַלע פריהערדיגע, האָט אויף יענעם פּלאַץ אוועקגעשטעלט אַ סלופּ. דער ווייטסטער סלופּ איז פּאַרלויפיג געווען דיאָגאָ קאַם'ס. דיאַז איז גלייך אוועקגעשוואומען ווייטער ביז ער האָט דערגרייכט אַ האַפען. דאָרטען האָט ער זיך אָבגעשטעלט און אויפגעשטעלט אַ סלופּ און דאַן איז ער אוועק נאָך ווייטער. אויף'ן וועג האָט ער געהאַט פיעל צו קעמפּפען מיט שטורעם־ווינטען. אויך איז געוואָרען אַלץ קעלטער, וואָרים ער איז דאָך שוין געגאַנגען אַלץ ווייטער פון דעם עקוואַטאָר.

דרייצעהן טעג נאָך אַנאַנד האָבען דיא ווינטען איהם געטריבען וואו זיי האָבען געוואָלט, אָבער צום גליק האָבען זיי געבלאָזען גראָד אין דרום זייט, וואו ער האָט געדאַרפט פאָהרען. האַלטען זיך נאָהענט ביי'ן ברעג איז אָבער אונמעגליך געווען. עס איז איינפאַך געווען גע־פעהרליך: טאָמער שטויסט דער שטורעם איהם ארויף אויף אַ פעלזיגען אָדער זאַמדיגען ברעג. אויף דיעזער ארט האָט ער דיא גאַנצע צייט קיין לאַנד אין דיא אויגען ניט אָנגעזעהן.

באַרטהאָלאָמיי דיאַז איז אוועקגעפאָהרען אַזוי ווייט צו דרום צו, אַז אַפריקאַ האָט זיך שוין געענדיגט. אַזוי אָבער וויא ער האָט דיא יבשה סיי־וויא ניט געקענט זעהן, האָט ער דאָס ניט געוואוסט. ער האָט געמיינט, אַז אַפריקאַ ציהט זיך נאָך אַלץ צו דרום צו.

ווען דער שטורעם האָט ענדליך אויפגעהערט, האָט ער דעריבער זיך

*) אויב דער לעזער געדענקט, איז דיניז דיאַז געווען דער ערשטער, וואָס האָט דערגרייכט דיא לאַנד פון אמת שוואַרצע. אַן אַנדער דיאַז איז געווען איינער פון דיא וואָס האָבען ענטדעקט דעם קאַפּ באָיאַדאָר, און אַ דריטער דיאַז האָט געמאַכט אַן אַנדער ענטדעקונגס־רייזע אין פּרינץ העני־ריק'ס צייטען.

פערקירעוועט צו מזרח, אום צוצוקומען צום ברעג. ער שווימט, ער שווימט — קיין ברעג איז נאָך אַלץ ניטאָ.

ער איז אַרומגעשוואומען דעם דרום־ענד פון אַפריקאַ, אַליין ניט וויסענדיג. ער האָט פערווירקליכט דעם טרוים פון דיא רייזענדע פון פיעלע דורות, אַליין פאַרלויפיג ניט פערשטייענדיג וואָס ער האָט אויפגעטאָן.

קיין שקלאַפען האָט דיאַז אויף דער גאַנצער רייזע ניט געפאַנגען. זיין צוועק איז געווען צו קומען נאָך דער מלוכה פון „פריעסטער יאָהאַנן" און נאָך אינדיע. און דערצו איז איהם נויטיג געווען, אַז דיא נעגערס, וואָס ער בעגעגענט זאָלען צו איהם זיין פריינדליך, איהם ווייזען דעם וועג און איהם איבערהויפט בעקאַנט מאַכען מיט דיא ווייטערע לענדער און וואַסער־וועגען. אָבער ניט אומעטום זיינען דיא נעגערס געווען פריינדליך. אין איין פּלאַץ האָבען זיי דיא ווייסע קאָמפּאַניע בעגעגענט מיט שטיינער און עס איז געקומען צו אַ בלוטיגען געשלעג.

באַלד האָט דיאַז דערגרייכט אַ קליינעם אינזעל, וועלכען ער האָט אַ נאָמען געגעבען סאַנטאַ קרוץ (דער הייליגער קרייץ), ווייל ער האָט דאָרטען אַוועקגעשטעלט אַ סלופּ מיט אַ צלם, אַלס צייכען אַז דיעזען ווייטסטען פּונקט האָט ער דער ערשטער דערגרייכט.

דיא מאַטראָזען זיינען שוין געווען אויסגעמאַטערט פון דיא שטורעם־ווינטען און פון דער לאַנגער רייזע איבערהויפּט, און זיי האָבען געפאָדערט, מען זאָל פאָהרען צוריק. דיאַז האָט אָבער געוואָלט ניט אַנדערש וויא פאָרטזעצען דיא רייזע, און אַלס פּשרה האָט ער ביי זיי גע'פועל'ט, אַז מען זאָל פאָהרען נאָך דריי טעג, און אויב ביז דאַן וועלען זיי אַלץ ניט קומען צו קיין וויכטיגען פּונקט, האָט ער זיי פערשפּראָכען זיך אומצוקעהרען.

75 מייל ווייטער וויא סאַנטאַ קרוץ האָבען זיי געפונען אַ טייך (וועלכער הייסט היינט דער „גרויסער פיש־טייך"). דאָ האָבען דיא מאַטראָזען זיך ענטשיעדען ענטזאַגט ווייטער צו פאָהרען און דיאַז איז געצוואונגען געווען זיי נאָכצוגעבען און זיך אומצוקעהרען.

ווען ער וואָלט פאַרשטיין וואו ער איז דאָ, און וואָס פאַר אַ געגענדען ווייטער ליגען, ווען ער וואָלט וויסען, אַז ער געפינט זיך שוין אין דעם אינדישען ים, און אַז פון דאָרטען קען ער פאָהרען דירעקט נאָך אינדיען, וואָלט ער וואַהרשיינליך זיי ניט נאָכגעגעבען. אויך וואָלטען

זיי אַליין מסתמא צופריעדען געווען צו פאַהרען ווייטער. קיין, אויס־קונפט פון דיא אַרומיגע נעגערס האָט ער אָבער ניט געקענט בעקומען, און ער האָט נאָך זאָגאַר ניט געוואוסט, אַז ער האָט שוין אַרומגע־שוואומען דעם דרום־שפּיץ פון אפריקאַ.

דיאַז האָט אַלזאָ פערקירעוועט זיינע שיפען צוריק. ווען ער איז געקומען צו דעם אינזעל סאַנטאַ קרוץ, האָט ער זיך געזעגענט מיט דעם צלם, וואָס ער האָט דאָרטען פריהער אויפגעשטעלט, און איז געשוואו־מען ווייטער אַהיים צו. אויף דיעזער צוריק־רייזע, פאָהרענדיג נעהנטער צו דעם ברעג, וויא ער איז פריהער געפאָהרען, האָט ער דערזעהן אַ שמאָלע באַרגעדיגע שטיקעל יבשה. מיט דער הילף פון זיינע אינסטרו־מענטען איז איהם באַלד דייטליך געוואָרען, אַז דאָס איז דער דרום־ענד פון אפריקאַ, און אַז ער איז אַלזאָ אַרומגעשוואומען אַרום דיעזען ענד.

אין אַנדענקען פון דיא שרעקליכע שטורעמס, וואָס ער האָט דאָ געהאַט אויסצושטעהן, האָט ער דאָס אַ נאָמען געגעבען „דער קאָפּ פון שטורמען“.

ווען ער איז געקומען נאָך פּאָרטוגאַל און אָבגעגעבען זיין בעריכט צום קעניג יאָאַן דעם צווייטען, האָט דער לעצטער מיט גרויס פרייד באַמערקט:

„ניין, פיעל בעסער וועט זיך פּאַסען דאָס צו רופען דער „קאָפּ פון גוטע האָפנונג“.

ער האָט געמיינט דיא האָפנונג צו דערגרייכען אינדיען. וויא באַלד, אַז מען האָט שוין געפונען אַ סוף צו אַפריקאַ און מען איז אַריינגעשוואומען אין דער אַנדערער זייט, האָט מען דאָך געקענט ער־וואַרטען, אַז פאָהרענדיג ווייטער, פון יענער זייט אפריקאַ, וועט מען ענדליך קומען צו דיא געוואונשטע לאַנד פון געווירצען.

און אַזוי איז דער נאָמען פון דעם דרום־שפּיץ פון אפריקאַ פער־בליבען: „דער קאָפּ פון גוטע האָפנונג“.

מעהר וויא אַ האָפנונג איז דאָס פאָרלויפיג ניט געווען. אויף זיכער וויסען אַז מען קען פון דאָרטען דערגרייכען אינדיען, האָט מען פאָרלויפיג ניט געוואוסט.

באַלד אָבער האָט יאָאַן דער צווייטער בעקומען פּאָזיטיווע נאָכ־ריכט, אַז די גוטע האָפנונג קען מקוים ווערען. דיזע ידיעה איז געווען

דער רעזולטאַט פון זיין דריטע עקספּעדיציע — צו דערגעהן וואו עס געפינט זיך דיא מלוכה פון „יאָהאַנן דעם פּריסטער־קעניג“.

צו דיזער עקספּעדיציע האָט מען ניט בעדאַרפט קיין ספּעציעלע שיפען. דער מאַרשרוט פון דער רייזע איז געלעגען דורך די אַלטע ציוויליזירטע לענדער אַרום דעם מיטעללענדישען ים.

דיא ערשטע צוויי שלוחים, וועלכע יאָאַן האָט געשיקט מיט דיעזען אויפטראַג, זיינען פּערפאָהרען ביז ירושלים, אָבער דאָרטען האָבען זיי זיך ארומגעזעהען, אַז אָהן אראַביש קענען זיי ווייטער דורך אזיען ניט פאָהרען. ער האָט דאַן געשיקט צוויי אַנדערע, וועלכע זיינען מיט דיעזער שפּראַך שוין געוועזן גוט בעקאַנט, נעמליך פּעדראָ דע קאווילהאם און אַלפאָנסאָ דע פּאַיווא.

דיא געשיכטע פון זייער נסיעה האָט אַ ספּעציעלען אינטערעס פאַר אידישע לעזער, ווייל אין איהר האָבען נאַכהער א ראָלע געשפּיעלט פּיער אידען.

קאווילהאַם׳ס און פּאַיוואַ׳ס אויפגאַבע איז אייגענטליך געווען א דרייפּאַכע: 1) צו ענטדעקען דיא מלוכה פון דעם „פּריעסטער־קעניג“. 2) אויסצושטודירען דעם גאַנצען וועג, איבער וועלכען דיא ווענעציאַנער סוחרים בעקומען זייערע געווירצען פון אינדיען. 3) פאַרנאַנדער צו פרעגען ביי אַראַבער אויב מען קען שווימען אַרום אַפריקאַ, און אַזוי שווימענדיג צו קומען צו אינדיען; און אויב יא, צו זאמלען די בעסטע ידיעות וואָס מען קען נור דאָרטען בעקומען, וויא אזוי, דורך וועלכע פּלעצער אַזאַ רייזע דאַרף געמאַכט ווערען. יאָאַן האָט נאָך דאַן ניט געוואוסט, אַז דיאַז וועט אַרומשווימען דרום־אַפריקאַ, אבער אפילו ווען ער האָט דאָס יא געוואוסט, איז דאָס נאָך אויך געווען וועניג. די פראַגע איז אַלץ געווען ווי אַזוי צו פאָהרען ווייטער — ביז סאַמע אינדיען, און צו קען מען גאָר אויף דיעזען ים־וועג אַהין פאָהרען.

פאַר זייער אָברייזען האָבען דיא צוויי שלוחים זיך געזעהען מיט דעם קעניג׳ס צוויי אויבענדערמאָנטע דאָקטוירים יוסף וועקינהאַ און ראָדריגאָ.

דיעזע צוויי געלעהרטע האָבען זיי געגעבען אַ לאַנדקאַרטע, וועלכע האָט זיי געוויזען וויא אַזוי צו פאָהרען נאָך דיא געווירצען־לענדער און דיא מלוכה פון „קעניג־פּריעסטער“. דיעזע קאַרטע האָבען זיי צוזאַמענ־

געשטעלט נאך א געווייסען שריפט, וואו זיי האבען געלעזען אז פון דיא געווירצען־לענדער און דער מלוכה פון דעם פריסטער־קעניג קען מען מיט'ן ים צו קומען צו דיא „מערב ימים". וואס פאר א מין שריפט דאס איז געווען ווייס מען אבער ניט.

דיא צוויי רייזענדע זיינען אבגעפאהרען דעם 7טען מאי, 1487, (איידער בארטהאלאמיי דיאז האט זיך אומגעקעהרט פון זיין בעריהמטע רייזע). זיי זיינען דורכגעפאהרען דורך נעאפעל (איטאליען), אלעק־סאנדריא און קאירא (עגיפטען) ביז דעם בארג סיני. דארטען האבען זיי זיך פיעלעם דערוואוסט וועגען דעם געווירץ־מסחור מיט קאליקוט, אינדיען; און דאן זיינען זיי געפאהרען נאך אדען, וואו זיי האבען זיך געשיידט: קאווילהאם איז אוועק נאך אינדיען, וועהרענד פאאיווא האט זיך פערנומען אין אפריקאנישע לענדער.

אלס פונקט, וואו זיך שפעטער צו בעגעגענען, האבען זיי בעשטימט דיא שטאדט קאירא.

פון אדען איז קאווילהאם געפאהרען נאך אינדיען איבער דעם אינדישען אקעאן. ער איז געווען דער ערשטער פארטוגעז וואס האט איבער דיעזען אקעאן ווען־עס־איז א רייזע געמאכט.

ער איז געקומען צו דעם מאלאבערישען ברעג פון אינדיען, דאס הייסט צו איהר מערב־ברעג, וואו עס וואקסט פעפער, און ער האט בעזוכט די אינדישע שטעדט קאליקוט (דער האנדעלס־צענטער פון דיא אראבער, וואס פלעגען דיא געווירצען בעציהען נאך אייראפא און אפריקא), און גאא. פעפער און אינגבער האט ער אליין געזעהען און וועגען נעגעלעך און צימרינג, האט ער געהערט, אז מען ברענגט אהין. אויך האט ער בעקומען וויכטיגע אויסקונפט וועגען דעם וועג צו אינדיען ארום אפריקא.

ער האט אלזא דורכגעפיהרט צוויי פון זיינע דריי אויפגאבען, און ער האט זיך בעשלאסען פארלויפיג צוריק צו פאהרען נאך קאירא אום ערשטענס פון דארטען צו שיקען א בעריכט צו דעם פארטוגעזישען קעניג און, צווייטענס, צו זעהען וואס פאיווא האט דערווייל אויס־געפונען וועגען אפריקא. אנשטאט פאיווא האט ער אבער אין קאירא געפונען פון דעם פארטוגעזישען קעניג א בריעף, אז ער, פאיווא, אין

אויפ'ן וועג געשטאָרבען. *) דיעזען בריעף האָט יאָאַן דער צווייטער אהין געשיקט דורך צוויי אידען, ר' אברהם פון בעיאַ און ר' יוסף פון לאַמאָגאַ, וועלכע האָבען פריהער בעזוכט דיא אראבישע שטאדט באַג־דאַד און האָבען גוט געקענט אראביש.

קאווילהאַם האָט דאָן אויפגעשריעבען זיין בעריכט און מיט דעם איז ר' יוסף גלייך געפאָהרען צוריק צום פּאָרטוגעזישען קעניג. אין דיעזען בעריכט איז אונטער אַנדערע זאַכען געשטאַנען דיא פאָלגענדע מעלדונג, וועלכע קאווילהאַם האָט בעקומען אין אינדיען און אין אראַביען:

אַז שיפען, וואָס שווימען צו דרום־צו פאַרביי דעם מערב־ברעג פון אפריקא, וועלען געוויס קומען צו דעם ענד פון אפריקא, און אויב זיי וועלען דאָרט זיך אריינקירעווען אין דעם אינדישען ים, איז דער בעסטער וועג פאַר זיי צו פאָהרען צו צפון־צו ביז זיי וועלען קומען צו דעם „לבנה־אינזעל" (מאַדאַגאַסקאַר).

אַ חוץ דעם וואָס דער קעניג האָט ר' אברהם'ן געשיקט זיך זעהען מיט קאווילהאַם'ן, האָט ער איהם אויך בעאויפטראַגט צו בעזוכען אָרמוז אין פערסיען (ביי דעם פּלאַץ, וואו דער אינדישער ים גיסט זיך אריין אין דעם פערסישען ים בוזים), אום צו דערגעהן וויטערע איינצעל־הייטען פון דעם געווירץ־האַנדעל. פון קאַירא איז ר' אברהם דעריבער געפאָהרען נאָך פערסיען, און קאווילהאַם איז מיט איהם מיטגעפאָהרען. פון פערסיען האָבען זיי זיך אומגעקעהרט נאָך אדען, און פון דאָרטען איז דער איד גלייך געפאָהרען צוריק נאָך פאָרטוגאַל מיט דיא אַלע ידיעות וואָס ער האָט אָנגעזאַמעלט פאַר'ן קעניג.

קאווילהאַם, וויעדער, איז אויף אַ שיף געפאָהרען נאָך אביסיניען, אום צו ענדיגען זיין שטודיום וועגען אפריקאַ און דעם פריעסטער־קעניג

---

*) ווען פּאַיוואַ איז אוועק נאָך אפריקא, האָט ער מיט זיך גענומען אַלס מיטרייזענדען אַ אידישען פריינד, וועמען ער האָט פארטרויט דעם סעקרעט פון זיין רייזע, — וואָרים דער קעניג האָט די גאַנצע געשיכטע געהאַלטען בסוד, אום אַנדערע קעניגע זאָלען איהם ניט נאָכטהאָן. אין אַביסיניען איז פּאַיוואַ קראַנק געוואָרען, און אויף זיין טויטען־בעט האָט ער ביי זיין פריינד גענומען אַ וואָרט, אַז יענער וועט פאָהרען צוריק נאָך ליסאַבאָן מיט אַ בעריכט צום קעניג.

יאָהאַנן. אַן אַביסינישער הערשער האָט זיך אָבער פּעראינטערעסירט אין איהם און האָט איהם ניט אָבגעלאָזען פון זיך, ביז ער איז דאָרטען צוגעוואוינט געוואָרען, געהייראַט און אָנגעקליבען אַן אייגענס. דריי און דרייסיג יאָהר האָט ער דאָרטען אַזוי פערבראַכט — דאָס איבעריגע פון זיין לעבען. פון צייט צו צייט פלעגט ער צו דעם פּאָרטוגעזישען קעניג שרייבען בריעף. ער האָט איהם געמעלדעט, אַז דיא שטעדט אין אינדיען זיינען גערעכט בעפעלקערט, אַז אַזעלכע שטעדט זיינען דאָרטען פאַראַן אַ סך און אַז זיי זיינען רייך און מעכטיג. ער האָט בעשריעבען די דאָרטיגע האַפענס, דעם כאַראַקטער פון דעם הערשער און ער האָט יאָאַן דעם צווייטען געראַטען פּאָרטצוזעצען די רייזעס ארום אפריקאַ. דערביי האָט ער ערקלערט, אַז וועגען דעם דרום־קאַפּ פון אפריקאַ ווייס מען אין אינדיען גאַנץ גוט.

אין איינעם פון זיינע בריעף האָט קאַווילהאַם דעם פּאָרטוגעזישען קעניג געשיקט אַ לאַנד־קאַרטע, וועלכע ער האָט אין אינדיען בעקומען פון אַ מורין.

איצט, אַז מען האָט שוין געפונען דעם דרום־ברעג פון אַפריקאַ און איהם אַרומגעשוואומען, האָט יאָאַן דער צווייטער זיך געקליבען צו נעהמען זיך צו ווייטערדיגע עקספּעדיציעס מיט דאָפּעלטער ענערגיע. ער האָט געלאָזען בויען אַ פלאָטע פון ספּעציעל גרויסע און שטאַרקע שיפען, וועלכע זאָלען דערגעהן ביז סאַמע אינדיען. איהם האָבען זיך אָבער געמאַכט שווערע מלחמות, קאָנספּיראַציעס פון זיינע קרובים, — הויף אַדעליגע, וואָס האָבען געוואָלט פון איהם פּטור ווערען, און אַנדערע צרות; קורץ, דיא אָנגעזעגטע קלעצער זיינען געבליעבען ליעגען. צו זעהען פּאָרטוגעזישע שיפען, וואָס האָבען בעזוכט אינדיען, איז איהם ניט בעשערט געווען.

VII.

## א וועג צו מזרח דורך מערב.

טאָסקאַנעללי, דער גרייזער געלעהרטער פון פלאָרענציע, שרייבט צוויי בריעף נאָך פּאָרטוגאַל: איינעם פאר׳ן קעניג און א צווייטען צו א איטאַליענישען אימיגראנט, קריסטאָפאָר קאָלומבוס. — א וועג צו אַזיען איבער דער ברייט פון דעם אַטלאַנטישען ים. — ווי לאַנג איז שוין אַז מען ווייס, דאָס די ערד איז קיילעכדיג? — ווער איז ער געוועזן, קאָלומבוס? — זיין יוגענד. — זיין עמיגרירען נאָך פּאָר־טוגאַל. — זיין אויסזעהן. — זיין הייראטה. — זיין גרויסער פּלאַן.

אין קאַפּיטעל 5 האָבען מיר געזעהן, וויא אַלפאָנסאָ דער 5טער האָט אָנגעהויבען צו פערליערען געדולד זעהענדיג, אַז אפריקא ציהט זיך אזוי ווייט. עס איז אויך דערמאָנט געוואָרען, אַז ער האָט פאר נאנדערגעפרעגט אויב מען קען ניט געפינען א קירצערען וועג נאָך אינדיען, און אַז זיינער א הויף־גלח (א געוויסער פערנאנדא מארטינעז) האָט וועגען דעם געשריעבען צו זיין פריינד טאָסקאַנעללי, א בעריהמ־טען געאָגראף און אסטראָנאָם פון פלאָרענציע. דער רעזולטאַט איז געוועזן אַז דער גרייזער געלעהרטער (טאָסקאנעללי איז דאַן שוין געוועזן א זקן פון אכט און זיעבציג יאָהר) האָט אָבגעענטפערט מיט אַן אויס־פיהרליכען בריעף, אין וועלכען ער האָט ערקלערט, אַז דער בעסטער וועג צו דעם ווייטען מזרח איז דורך מערב, דאָס הייסט צו פאָהרען איבער׳ן אטלאנטישען אָקעאן אין דער צווערך. ווען מען וועט אזוי פאָהרען כסדר צו מערב־צו, וועט מען קומען צו די ווייטע מזרח־לענדער ציפּאַנגא (יאפּאן), קיטאי (כינא) און אינדיען.

צוזאמען מיט זיין בריעף האָט טאָסקאַנעללי צו זיין ליסאבאָנער פריינד פאר׳ן קעניג אוועקגעשיקט א קארטע פון דעם אטלאַנטישען אָקעאן מיט דיא לענדער, וואָס געפינען זיך פון דער זייט און פון יענער זייט וואסער, אום צו ווייזען וויא אזוי דיא רייזע דארף געמאכט ווערען. ער האָט אויסגערעכענט, אַז דער גאַנצער וועג פון אייראָפּא ביז ציפּאַנגא (יאפּאן) וואָלט געהאַלטען אביסעל מעהר וויא זעקס

טויזענד ענגלישע מייל; אז מעהר וויא העלפט וואָלט ער אָבער געגאַנגען לעבען בעקאַנטע אינזלען, און אַז דורך אונבעקאַנטע וואַסערען וואָלט אויסגעקומען צו פאָהרען ניט מעהר וויא ביי צוויי־דריי טויזענד מייל.

פאַזע אַפריקאַ איז מען דאַן שוין איינגעפאָהרען איבער זעקס טויזענד מייל און מען האָט נאָך ניט אָנגעהויבען צו וויסען ווען עס וועט נעהמען אַ סוף*). און דאָס איז דאָך בלויז איין זייט פון אַפריקאַ. ווען מען זאָל שוין צוקומען צו דעם ענד און זיך פערקירעווען אין דעם אינדישען אָקעאַן אריין, וועט מען דאָרטען ווידער מוזען פאָהרען עטליכע טויזענד מייל. דער וועג וואָס טאָסקאַנעללי האָט רעקאָמענ־דירט איז אַלזאָ געוועזן א פיעל קירצערער. (אזוי האָט זיך דאָס אויס־געוויזען.) די פראַגע איז בלויז געוועזן, אויב דער פלאַן פון דעם אַלטען געלעהרטען איז ניט קיין פוסטע פאַנטאַזיע. קיין פראַקטישע בעווייזע, אז דער מאַרשרוט איז א ריכטיגער האָט טאָסקאַנעללי ניט געקענט גע־בען. זיין בריעף און זיין קאַרטע זיינען אין גאַנצען געוועזן געגרינדעט אויף טהעאָריע.

דיעזע טהעאָריע איז איצט שוין לאַנג בעוויעזען געוואָרען פראַק־טיש, דורך רייזעס אַרום דער וועלט, אויך. בקיצור ריידענדיג בעשטעהט זיא אין דעם דאָס די ערד, וואו מיר וואוינען, איז ניט פלאַך וויא דער אויבען פון אַ טיש, נור קיילעכדיג וויא אַן עפעל, אַ באַלל, אָדער אַ פילקע. מאַכט אויף דעם עפעל אַ צייכען, וועט איהר צו דיעזען צייכען קענען צוקומען מיט אייער פינגער פון וועלכער זייט איהר ווילט. איהר דאַרפט נור דעם פינגער פיהרען כסדר אין דער זעלבער ריכטונג. ווייטער וועלען מיר וועגען דעם ריידען מיט מעהר איינצעלהייטען. פאָרלויפיג וועט זיין גענוג, אַז דער לעזער וועט זיך פאָרשטעלען וויא ער פיהרט מיט'ן פינגער אַרום דעם עפעל. עס מאַכט ניט אויס, צו ער פיהרט רעכטס אָדער לינקס, צו מזרח זייט, אָדער צו מערב־זייט — פריהער אָדער שפּעטער וועט דער פינגער צום צייכען מוזען צוקומען (ער דאַרף איהם נור פיהרען אויף דיא זעלבע הויך וויא דער צייכען געפינט זיך.)

---

*) דער לעזער דאַרף ניט פערגעסען, אז מיר האָבען זיך אומגעקערט צו דער צייט פון אלפאָנסאָ דעם 5טען, און אז צו בארטהאלאמיי דיאז'עס רייזע ארום דעם קאַפּ פון גוטע האָפנונג איז נאָך געוועזן וּוייט.

צו אינדיען קען מען אלזא צוקומען פון מערב־זייט פונקט וויא דורך מזרח־זייט.

אין קאלומבוס'עס און טאסקאנעללי'ס צייטען האט מען אבער פון קיין רייזעס ארום און ארום דעם גרויסען „עפעל“, דאס הייסט ארום דעם ערד־קוגעל, נאך ניט געוואוסט. אז דיא ערד איז א קוגעל, א באלל, האט טאסקאנעללי געוואוסט בלויז פון טהעאריע. אמת דיא טהעאריע איז בעוויזען געווארען מיט שכל'דיגע בעווייזע; אמת ער איז ניט געווען דער ערשטער וואס האט פון אזא טהעאריע געהאלטען; ווארים ער אליין האט איהר געלערענט פון אלט גריכישע פילאזאפען, וויא מיר וועלען ווייטער זעהן. אבער יעדענפאלס איז דאס דאן געווען ניט מעהר זויא א טהעאריע. ווי ווייט מען האט דאן געוואוסט, איז קיינער איבער אזא וועג, אין דער צווערך פון דעם אטלאנטישען אקעאן, קיין מאל ניט געפאהרען, און דיא מזרח־לענדער דורך מערב קיין מאל ניט דער־גרייכט. דעם געוועהנליכען מענשען האט זיך דעריבער ניט געגלויבט, אז אזא וועג זאל מעגליך זיין; און ניט בלויז דעם געוועהנליכען, נור זאגאר דאס רוב געלעהרטע אויך ניט.

אזא וועג האט געהייסען, אז מען וועט פאהרען ניט צו מזרח צו, נור פונקט פערקעהרט — צו מערב; און, אזוי פאהרענדיג צו מערב וועט מען קומען צו דעם ווייטען מזרח. וויא קען דאס זיין?

מיר וועלען זעהן, אז ניט נור קען דאס זיין, נור אז דאס איז גאנץ נאטירליך. דאן אבער איז מען נאך צו דעם ניט געוואוינט געווען, און א רייזע צו מזרח, פאהרענדיג בלויז צו מערב, האט געשיינט צו זיין א לעבערליכער ווידער־שפרוך.

דערצו נאך איז אלפאנסא דאן געווען פערדרעהט מיט א מלחמה געגען שפאניען, — א מלחמה וואס האט איהם געקאסט פיעל געלד און האט זיך געענדיגט מיט א ניעדערלאגע פאר איהם. דיא אונטערשטע שורה איז, אז טאסקאנעללי'ס פראיעקט האט אויף איהם קיין איינדרוק ניט געמאכט.

טאסקאנעללי האט זיין בריעף צו מארטינעז'ען געשריעבען דעם 25טען יוני 1874. מיט א געוויסע צייט שפעטער האט זיך צו איהם פון ליססאבאן וועגען דעם זעלבען ענין געווענדעט א איטאליענישער אימיגראנט מיט'ן נאמען קריסטאפאר קאלומבוס. קאלומבוס'עס א

פריינד איז גראָד דאָן געפאָהרען נאָך פלאָרענציע, האָט ער דורך איהם געשיקט אַ בריעף צו דעם בעריהמטען וויסענשאַפטס־מאַן.

אַלס אַנטוואָרט האָט קאָלומבוס ערהאַלטען אַ קאָפּיע פון דעם בריעף, וועלכען טאָסקאַנעללי האָט פריהער געשריעבען צו מארטינעז'ען פאר'ן פּאָרטוגעזישען קעניג, צוזאַמען מיט נאָך אַ קאַרטע פון דעם אַטלאַנטישען אָקעאַן און פון דעם דערמאָנטען רייזע־פּלאַן.

„איך באַמערק אייער גרויסען און עדלען וואונש אַוועקצופאָהרען זיך צו דעם פּלאַץ, וואו דיא געווירצען וואַקסען“ — שרייבט טאָסקאַנעללי צו קאָלומבוס'ען — „איך שיק אייך דעריבער, אַלס אַנטוואָרט אויף אייער בריעף, אַ קאָפּיע פון אַן אַנדער בריעף, וועלכען איך האָב אַ געוויסע צייט צוריק געשריעבען צו מיינעם אַ פריינד, אַ מאַן, וואָס בעלאַנגט צו דער הויז־געזינד פון דעם העכסט ליעבליכען קעניג פון פּאָרטוגאַל. יענער בריעף מיינער איז געווען אַן אַנטוואָרט אויף אַ בריעף, וואָס מיין פריינד האָט צו מיר געשריעבען אויף דעם בעפעהל פון זיין הויכקייט, דעם קעניג, וועגען דעם זעלבען ענין. אויך שיק איך אייך אַ שיף־רייזע־קאַרטע, פּונקט אַזעלכע וויא דיא, וואָס איך האָב צוגעשיקט מיין פריינד. איך האָף אַז איהר וועט אין דעם געפינען אַלץ וועגען וואָס איהר פרעגט זיך נאָך.“

ווען טאָסקאַנעללי האָט געשריעבען צו מארטינעז'ען, וויים מען קלאָהר, ווייל דער בריעף האָט אַ דאַטום. דער דאַטום אָבער פון טאָס־קאַנעללי'ס בריעף צו קאָלומבוס'ען איז ניט בעוואוסט. מען קען דעריבער ניט בעשטימען וויא פיעל צייט עס איז פאַראיבער פון דער צייט, ווען קאָלומבוס האָט זיך צו איהם געווענדעט. אייניגע היסטאָריקער גלויבען, אַז קאָלומבוס האָט זיך פעראינטערעסירט אין דעם פּלאַן דורכצושניי־דען דעם אַטלאַנטישען ים אין דער צווערך, ווייל ער האָט געהערט וועגען טאָסקאַנעללי'ס אַנטוואָרט אויף אַלפאָנסאָ'ס פראַגע. אַנדערע זיינען דער מיינונג, אַז ער האָט נאָך פריהער געהאַט אַזאַ פּלאַן צוצוקור־מען צו דעם „געווירצען־לאַנד“ פאָהרענדיג צו מערב צו, וואָרים, וויא מיר האָבען שוין בעמערקט, איז טאָסקאַנעללי ניט געווען דער ערשטער וואָס האָט אַזאַ מיינונג אויסגעשפּראָכען. מען קען אַלזאָ אויף זיכער ניט זאָגען: צו טאָסקאַנעללי האָט דאָס קאָלומבוס'ען ארויפגעבראַכט אויף דעם געדאַנק, צו קאָלומבוס האָט זיך צו איהם געווענדעט בלויז אום פון איהם צו בעקומען איינצעלהייטען וועגען אַן אונטערנעהמונג, וועלכע

האָט איהם נאָך פריהער אינטערעסירט. וואָס מאַכט עס אָבער אויס? אַבי קאָלומבוס האָט געהאַט אַ קאָררעספּאָנדענץ מיט דעם פלאָרענטינער געאָגראַף וועגען פאָהרען נאָך אַזיען אין מערב זייט און יענער האָט איהם ערקלעהרט וויא אַזוי אַזאַ רייזע צו מאַכען און איהם צוגעשיקט אַ רייזע־קאַרטע דערצו, וועלכע קאָלומבוס האָט שפּעטער טאַקי געברויכט פאַר זיין היסטאָרישע נסיעה איבער דעם אַטלאַנטישען ים. אויב קאָלומבוס האָט אפילו פריהער געטראַכט וועגען אַזאַ רייזע, האָט טאָסקאַנעללי יעדענפאַלס דיעזען געדאַנק זיינעם צוגעגעבען קלאָהרהייט, בעשטימטהייט. דעם אינהאַלט פון טאָסקאַנעללי׳ס בריעף צו קאָלומבוס׳ען וועט דער לעזער געפינען אין אַ וויי‌טערען קאַפּיטעל, און ער וועט זעהן אַז דיעזע בריעף שפּיעלען אַ העכסט וויכטיגע ראָלע אין דער געשיכטע פון דער ענטדעקונג פון אַמעריקאַ.

אין וואָס זשע בעשטעהט דער שכל פון טאָסקאַנעללי׳ס פּלאַן? לאָמיר איהם בעטראַכטען גענויער אַ ביסעל.

ווען איהר קוקט אויף אונזער לאַנד־קאַרטע פון דער אַלטער וועלט, דאָס הייסט פון אייראָפּאַ, אַזיען און אַפריקאַ, זעהט איהר אַז אַזיען ליגט צו מזרח זייט פון אייראָפּאַ (אויף דער לאַנד־קאַרטע קומט עס אויס צו דער רעכטער האַנד). אַז אַ איד אָדער אַ קריסט פלעגט פאָהרען עולה לרגל זיין אין ירושלים אָדער אין אַנדערע ערטער פון פּאַלעסטינאַ, פלעגט ער וויסען אַז ער פאָהרט צו מזרח צו; ווען אַ איד פלעגט זיך שטעלען שמונה עשרה, פלעגט ער זיך שטעלען מיט׳ן פּנים צום מזרח וואַנט, דאָס הייסט צו דער זייט וואו ירושלים געפינט זיך. און אַז דיא אַראַבער פלעגען פאָהרען נאָך וויי‌טער אין אַזיען, פלעגען זיי פאָהרען נאָך וויי‌טער צו מזרח צו. אינדיען איז געלעגען זעהר וויי‌ט צו מזרח, כינאַ נאָך וויי‌טער, און יאַפּאַן נאָך וויי‌טער. אין אייראָפּאַ איז אַלזאָ פון אייביג אָן געוועזען אַ כלל: אַז מען וויל פאָהרען אין יענע געגענדען מוז מען זיך פאַרנעהמען צו דער מזרח זייט. אַזוי זיינען געגאַנגען אַלע אויבען בעשפּראָכענע האַנדעלס־וועגען. און איצט אַז דיא פּאָרטוגעזער האָבען געזוכט אַ וועג צו אַזיען אַרום אַפריקאַ, איז אויך געוועזען דאָס זעלבע: זיי האָבען ערוואַרטעט צו שווימען צו דרום צו ביז זיי וועלען צוקומען צו אַן ענד פון אַפריקאַ אום דאָרטען זיך צו פערקירעווען אין דעם אינדישען אָקעאַן, צופאָהרען צו אַ פּונקט פון וועלכען עס איז בעקוועם צו פאָהרען דירעקט נאָך אינדיען, און דאַן רייזען צו מזרח צו

ביז זיי וועלען דערגרייכען אינדיען. און פון דאָרטען ווייטער צו מזרח ביז קיטאַי (כינא) און נאָך ווייטער צו מזרח ביז ציפּאַנגאַ (יאַפּאַן).

קומט גאָר צו געהן טאָסקאַנעללי און הייסט גאָר פאָהרען פונקט פערקעהרט: ניט צו מזרח, נור צו מערב. פאַר מענשען וואָס זיינען צוגעוואוינט צו דעם געדאַנק אַז מיר וואוינען אויף אַ פלאַכע זאַך וויא אַ טיש, הייסט עס ניט זיך דערנעהענטערען צו ציפּאַנגאַ, קיטאַי און אינדיען, נור זיך אַלץ מעהר פון דאָרטען צו דערווייטערען. און דאָך האָט מען זיי געזאָגט, אַז אַזוי וועט מען גראָד אַהין צוקומען אַלץ נעהנטער; נאָך מעהר: דער וועג וועט נאָך זיין פיעל קירצער וויא אַלע פריהערדיגע וועגען.

מיר האָבען אויבען געגעבען דעם ביישפּיעל מיט דעם עפּעל אויף וועלכען מיר מאַכען אַ צייכען. אום דאָס נאָך קלעהרער צו זעהן, לאָמיר זיך פאָרשטעלען, אַז פאַר אונז שטעהט אַ פּאָס און אַז מיר מאַכען צוויי צייכענס אויף דעם זעלבען רייף: אַן „א" און אַ „ב". שטעלט אייך אויך פאָר, אַז מזרח קומט אוים פון אייער רעכטער האַנט און מערב פון אייער לינקער האַנט. ווען איהר ווילט אייער פינגער אַריבערטראָגען פון „א" צו „ב" — וואוהין וועט איהר איהם מוזען פיהרען? צו מזרח אָדער צו מערב? רעכטס אָדער לינקס? דער אַנטוואָרט איז, אַז עס איז קיין אונטערשיעד ניטאָ: איהר קענט צוקומען צו דעם „ב" אי פון דער זייט, אי פון יענער זייט. דעם וואָרט „מערב" אָדער „מזרח" געהט בלויז אויף דיא ר י כ ט ו נ ג, אויף דיא זייט אויף וועלכע אייער פינגער בעוועגט זיך. דער אָ ר ט אָבער, וואו אייער פינגער געפינט זיך איז אייגענטליך ניט מזרח, ניט מערב, אָדער אי מזרח אי מערב. איהר קענט איהם דעריבער דערגרייכען פון ביידע זייטען.

דאָס זעלבע איז מיט אַזיען און אייראָפּאַ. אַזיען איז פון אייראָפּאַ אי צו מזרח אי צו מערב. דער אייראָפּעער קען אַהין קומען אי פון דער זייט אי פון יענער. פריהער פלעגט מען אַהין קומען בלויז דורך מזרח און דעריבער איז מען געוואוינט געוואָרען דאָס צו רופען „מזרח־לענדער", אָדער „דער ווייטער מזרח". איצטער אָבער איז געוועזען אַ פּלאַן אַהין צו קומען דורך מערב. דער אונטערשיעד בעשטעהט בלויז אין פאָלגענדען: דאָס וואָס פריהער פלעגט זיין נעהנטער, וועט איצט זיין ווייטער, און וואָס פריהער פלעגט זיין ווייטער וועט איצט זיין נעהנטער.

מאכט אויף דעם רייף פון אייער פאס, ניט נור אן „א“ מיט א „ב“, נור אויך א „ג“ און א „ד“. ווען איהר וועט פון דעם „א“ דעם פינגער בעוועגען פון דער זייט, וועט איהר צוקומען צוערשט צום „ב“, נאכהער צום „ג“, און דאן צום „ד“. ווען איהר וועט אָבער בעוועגען פון יענער זייט, וועט איהר צוערשט דערגרייכען דעם „ד“, דערנאָך דעם „ג“ און דאן ערשט דעם „ב“. ווען מען פלעגט פאָהרען נאָך אזיען דורך מזרח, פלעגט יאפּאן זיין דיא וויטסטע לאנד; כינא פלעגט זיין נעהנטער, און אינדיען נאָך נעהנטער. ווען מען זאָל אָבער אהין פאָהרען דורך מערב, וועט אויסקומען פערקעהרט: יאפּאן וועט זיין דיא נעהנטסטע, כינא ווייטער און אינדיען נאָך ווייטער. (אָדער טהוט אזוי: שלאָגט צו דער פאס צו א טאשען־טיכעל, מיט צוויי פערשיעדענע ברעגעס — איינער א רויטער און דער אנדערער א שווארצער. שטעלט זיך פון דער אנדערער זייט פאס. וויא וועט איהר צוגעהן צום טיכעל? איהר קענט צו איהם צוקומען פון ד ע ר זייט און פון י ע נ ע ר זייט—עס מאכט ניט אויס. בלויז אויב איהר וועט געהן פון דער זייט, וועט איהר צוערשט דערגרייכען דעם רויטען ברעג, אן אויב איהר וועט געהן פון יענער זייט, וועט איהר צוערשט דערגרייכען דעם שווארצען ברעג. דאָס טיכעל איז אזיען, און דער אָרט, פון וואנען איהר קומט צו איהם, איז איי־ראָפּא).

מיר האָבען גענומען א פאס, צוליעב דיא רייפען, אום דער פינגער זאָל געהן אויף דער זעלבער הויך, ווארים אז ניט קען זיין וועט ער דעם „ב“ גאָר ניט טרעפען. אזעלכע „רייפען“ שטעלט מען זיך אויף פאָר אויף׳ן ערד־קוגעל, אום צו בעשטימען דעם אָרט, וואו א געוויסע שטאָדט אָדער בארג, אָדער פונקט אויף׳ן ים געפינט זיך. אזעלכע „רייפען“ רופט מען פּ א ר א ל ע ל ע ן. מען שטעלט זיך אויף פאָר „רייפען“ וואָס קרייצען דיעזע פּאראלעלען איבער.דיעזע רופט מען מ ע ר י־ ד י א נ ע ן. דיא מערידיאנען געהען אָבער ניט „פּאראלעל“, ניט גלייך איינע פון דיא אנדערע וויא רייפען אויף א פאס, נור זיי קרייצען זיך אלע איבער בייביידע ענדען פון דעם ערד־קוגעל — ביי דעם נאָרד־פּאָל און ביי דעם זיד־פּאָל. יעדער פּאראלעל און יעדער מערידיאן ווערט צוטיילט אויף 360 גלייכע טיילען, וועלכע מען רופט גראדען. דיא פּאראלעלען ווייזען דיא לייננ און דיא מערידיאנען ווייזען דיא ברייט. אום צו בעשטימען וואו א געוויסער אָרט געפינט זיך, זאָגט מען אויף

וועלכען גראד „ליינג“ און אויף וועלכען גראד „ברייט“ ער ליגט, מיט אנדערע ווערטער אויף וועלכען פאראלעל און אויף וועלכען מערידיאן. (זעה ביילאגע, פון זייטעל 645 ביז זייטעל 652).

עס איז פארשפרייט א מיינונג, אז אין קאָלומבוס'עס צייטען האָט מען נאָך ניט געוואוסט, אז דיא ערד איז קיילעכדיג און אז קאָלומבוס איז געווען כמעט דער איינציגער וואָס האָט דאָס יאָ געוואוסט. דאָס איז זעהר פאלש.

אז דיא ערד איז א באלל, אויף וועלכען עס געפינט זיך דיא וואסער מיט דער יבשה — דאָס האָט נאָך פערשטאנען דער אלט־גריכישער פילאָזאָף, מאטהעמאטיקער און אסטראָנאָם פיטהאגאָר, וועלכער האָט געלעבט ארום פינף הונדערט יאָהר פאר דער צייט פון קריסטוס, דאָס הייסט ביי צוויי טויזענד יאָהר פאר קאָלומבוס'ען. דער פילאָזאָף פלאטאָ, וועלכער האָט געלעבט שפּעטער האָט דאָס איבערגענומען פון דיא אנהייגער פון פיטהאגאָר, און אריסטאָטעל, פלאטאָ'ס תלמיד, האָט דיא טהעאָריע ענטוויקעלט און פאָרגעשטעלט מיט איינצעלהייטען אין זיין ווערק „וועגען דיא הימלען“.

ביי דיא אלט־גריכישע פילאָזאָפען האָבען דאָס געלערענט דיא דיינקער פון אלטען רוים און ביי זיי — דיא געלעהרטע פון מיטעל־אלטער. אין דעם גאנצען משך פון מיטעל־אלטער איז אריסטאָטעל געווען דער הויפּט־אויטאָריטעט פון דער געבילדעטער וועלט. זיינע ווערק — אין א ליטיינישע איבערזעצונג — האָט מען געלערענט איבער גאנץ אייראָפּא. וועלטליכע קענטנים איז איבערהויפּט דאן געווען זעהר ווייניג פארשפּרייט, אָבער דער וואָס האָט יאָ שטודירט אזעלכע זאכען וויא פילאָזאָפיע, אסטראָנאָמיע, געאָגראפיע, יענער האָט פריהער פון אלץ געלערענט דיא ווערק פון אריסטאָטעל.

דיא ווערק פון פּטאָלאָמיי, וועלכע האָבען אויך ערקלעהרט אז דיא ערד איז א באלל, זיינען אין דער רענייסאנס־צייט, נעמליך אין 1409, איבערזעצט געוואָרען פון גריכישען אויף ליטיין, און דאן זיינען זיי אויך בעקאנט געוואָרען.

פּטאָלאָמיי איז געווען דער ערשטער, וועלכער האָט אוועקגעשטעלט געאָגראפיע אויף א וויסענשאפטליכען פונדאמענט. ער האָט בלויז געוואוסט פון א פערטעל פון דער ערד, אָבער דיא סיסטעם, וועלכע ער האָט איינגעפיהרט, מיט דיא פאראלעלען און מערידיאנען, איז אָנגענו־

מען עד היום, און ווערט געברויכט פון היינטיגע שיפס־קאַפּיטאַנען, ווען זיי ווילען בעשטימען וואו זיי געפינען זיך. אין זיין צייט האָט מען ניט געוואוסט פון דיא אינסטרומענטען, וואָס ווערען היינט צו דעם געברויכט. דער גרונד־שכל אָבער נאָך וועלכען דער ערד־קוגעל ווערט צוטיילט אויף „גראַדען אין דער ליינג“ און אויף „גראַדען אין דער ברייט“ איז זיינער (זעה ביילאַגע, זייטלעך 645—652). דיא לאַנד־קאַרטע, וועלכע ער האָט געמאַכט, האָט ענטהאַלטען אַלץ וואָס מען האָט אין זיין צייט געוואוסט פון דעם ערד־קוגעל — קאָנטינענטען, אינזלען, בערג, ימים, טייכען, שטעדט א. ז. וו. און מעהר האָט דיא ציוויליזירטע וועלט ניט געוואוסט כמעט ביז דיא צייטען פון פּרינץ הענריק פון פּאָרטוגאַל, וויא מיר האָבען שוין בעמערקט אין אַ פריהערדיגען קאַפּיטעל. דאָס הייסט אַז אין פערלויף פון העכער וויא דרייצעהן הונדערט יאָהר נאָך זיין טוידט איז כמעט ניט צוגעקומען קיין קענטנים וועגען דער ערד. זיין געאָגראַפיע פלעגט פריהער נאַטירליך זיין אַ געשריעבענע. אָבער אין 1475 איז זיא אָבגע־דרוקט געוואָרען, און האָט אויפגעהערט צו זיין אַ לוקסוס־ארטיקעל. דאָס איז געווען אונגעפעהר ווען קאָלומבוס האָט בעקומען זיין בריעף פון טאָסקאַנעללי. קאָלומבוס האָט דעם געדרוקטען בוך געלעזען.

אַז דיא ערד איז קיילעכדיג וויא אַ קנויל האָבען שוין קלאָהר בעווויזען דיא וויסענשאַפטס־מענער פון אַלטען גריכענלאַנד (זעה ערקלעה־רונג אין ביילאַגע, זייטעל 625).

נאָך מעהר: אריסטאָטעל און אַנדערע אַלט־גריכישע געלעהרטע האָבען שוין זאָגאַר גערעדט דערפון, דאָס מען קען פאָהרען פון שפּאַניען נאָך אינדיען רייזענדיג אין דער ברייט איבער דעם אַטלאַנטישען אָקעאַן, מיט אַנדערע ווערטער, אַז מען קען קומען אין „מזרח“ פאָהרענדיג אין מערב.

אריסטאָטעל האָט געלעבט העכער וויא אַכצעהן הונדערט יאָהר פאַר טאָסקאַנעללי מיט קאָלומבוס׳ען. דאָס הייסט אַז דער פּלאַן, וועלכען טאָסקאַנעללי האָט פאָרגעשלאָגען, איז געווען ווייט ניט קיין נייער.

דאָך דאַרף מען ניט פערגעסען, אַז ניט יעדער געבילדעטער מענש האָט געהאַלטען פון דיעזער מיינונג. עס זיינען געווען אייניגע גלחים, און זאָגאַר וויכטיגע און איינפלוסרייכע, וואָס האָבען אריסטאָטעל׳ס

לעהרען אָנגענומען, אָבער דיא קירכע אין אַלגעמיין האָט זיינע געאָ־גראַפישע טהעאָריען פערשפּאָט און פערפאָלגט. אפילו דיא ערקלעהרונג אַז דיא ערד איז אַ באַלל האָבען דאָס רוב גייסטליכע צווירקגעשטויסען אַלס אפיקורסות. וויא באַלד דיא ערד איז קיילעכדיג און דיא מענשען וואוינען אויף איהר פון פערשיעדענע זייטען, הייסט דאָך דאָס אַז פון דער אַנדערער זייט פון דעם ערד־קוגעל געהען מענשען אום מיט דיא קעפּ אראָב און מיט דיא פיס ארויף — אזוי האָט מען זיך דאָס פאַר־געשטעלט. אַ געוויסער גלח האָט, צום ביישפּיעל, געשריעבען מיט אַ גיפטיגען שפּאָט: „גאָט האָט זיי אזוי געשטראָפט, דיא אפיקורסים, אַז זיי פּלאַפּלען וויא משוגעים פון אַזעלכע לענדער, וואו דיא בוימער וואקסען אראָפּ און דער רעגען גיסט ארויף.“ (זעה ערקלעהרונג אין ביילאַגע, זייטעל 636—638).

דער אַלגעמיינער עולם האָט זיך אודאי ניט געקענט פאָרשטעלען, אַז דיא ערד איז אַ באַלל. געבילדעטע מענשען זיינען דאַן איבערהויפּט געווען זעהר ווייניג. און אפילו ביי דיא, וואָס זיינען שוין יא געווען געבילדעט און האָבען שוין יאָ אָנגענומען אריסטאָטעל'ס טהעאָריע, איז דאָס אויך געווען טאַקי ניט מעהר וויא אַ טהעאָריע. פון אייביג אָן זיינען זיי געוואוינט געווען, אַז אינדיען — אָדער „די אינדיעס“ — וויא מען פלעגט רופען דיא ווייטע מזרח־לענדער בכלל — זיינען מזרח געגענדען; און ווען מען האָט געזאָגט, אַז מען קען אהין קומען דורך מערב, האָט דאָס אויסגעוויזען ווילד.

יעדענפאַלס, איז געווען שרעקליך אפילו צו דיינקען וועגען אַזאַ רייזע. דער אַטלאַנטישער אָקעאַן האָט געהייסען „דער ים פון פינסטער־נעס“. מען האָט פון איהם ניט געהאַט קיין בעגריעף. מיר האָבען געזעהן מיט וואָס פאַר אַ ציטערנעס מען האָט קוים זיך אָדוואַזשעט צו פאָהרען דורך דיעזען וואַסער אפילו ביי'ן סאַמע ברעג פון אַפריקאַ; מיר האָבען געזעהן וויא לאַנגזאַם דיעזע פאָרשונגס־רייזעס האָבען געדויערט. זיך אוועקלאָזען אין ד ע ר ב ר י י ט איבער דעם אַטלאַנטישען אָקעאַן, אַלץ ווייטער און ווייטער פון דער יבשה — וועגען דעם האָט מען ניט געסמייעט צו דיינקען. ווער ווייסט וואָס דאָרטען איז? ווער ווייסט צו מען וועט ווען עס איז דערזעהן לאַנד אָדער קענען קומען צוריק? אַלערליי קינדערשע איינבילדונגען זיינען געווען פערשפּרייט וועגען דיעזען „ים פון פינסטערנעס“. מען פלעגט, צום ביישפּיעל, דער־

צעהלען, אַז דאָרטען געפינען זיך אַזעלכע שרעקליכע ברואים, וואָס נעהמען אַ שיף אויף דיא פּלייצעס און קעהרען איהר איבער.

קאָלומבוס איז געווען דער ערשטער, וועלכער האָט פון דער טהע־אָריע וועגען דיא קיילעכדיגקייט פון דער ערד זיך בעשלאָסען צו מאַכען אַ פּראַקטישען געברויך. ער איז געווען דער ערשטער, וועלכער האָט געהאַט דעם מוטה פאַר אַזאַ „ווילדען" פּראָיעקט זיך צו נעהמען מיט לייב און לעבען. עס מאַכט ניט אויס, פון וואַנען ער האָט דיא אידעע גענומען — צו דירעקט פון דיא גאַנץ־פאַרצייטיגע פילאָזאָפען, צו פון טאָסקאַנעללי; ניט דיא אידעע אַליין איז דאָ וויכטיג, נור דיא אונטער־נעהמונג איהר צו פערווירקליכען. אין דעם איז ער געווען דער ערשטער, און צו דעם האָט זיך דאַן געפאָדערט אַן אונגעהייערער אונטערנעהמונגס־גייסט, פעסטע איבערצייגונג, אַן אייזערנער ווילען, און אַ ריעזיגע פערזענליכקייט איבערהויפּט.

ווער איז אָבער געווען דיעזער קאָלומבוס, דיעזער איטאַליענער, וועלכען מיר געפינען אין ליסאַבאָן, פּאָרטוגאַל, אין דער צייט פון קעניג אַלפאָנסאָ דעם 5־טען?

פאַר אַ לעבענס־בעשרייבונג פון קריסטאָפאָר קאָלומבוס איז פאַראַן פיעל מאַטעריאַל, וואָס איז איבערגעבליבען פון איהם אַליין, וויא בריעף, פערשיעדענע נאָטיצען, אַ טאָגע־בוך און אַ גרויסע טייל פון זיין ביבליאָטהעק מיט אָנמערקונגען אין דיא ביכער אין זיין אייגענע האַנדשריפט. אויך איז וועגען זיין לעבען געשריעבען געוואָרען פון זיין אייגענעם זוהן און פון אַנדערע פערזענליכע בעקאַנטע. און דאָך זיינען פיעלע פון דיא וויכטיגסטע פונקטען אין זיין ביאָגראַפיע איינגעוויקעלט אין ווידער־שפּריכע און אונקלאָהרהייט. צעהנדליגע ביכער זיינען פאַר־שריעבען געוואָרען מיט ארגומענטען און פּשט'לעך וועגען דיעזע פונקטען, און דעם אמת וועט מען וואהרשיינליך וועגען זיי קיין מאָל דערגעהן.

איינע פון דיעזע שוויריגקייטען טרעפען מיר ביי דעם רעכטען אָנפאַנג פון זיין לעבען — ביי דער פראַגע וועגען דעם דאַטום פון זיין געבורט. דיא מיינונגען וועגען דעם אונטערשיידען זיך אויף גאַנצע פופצעהן יאָהר. אייניגע נעהמען אָן, אַז ער איז געקומען אויף דער וועלט אין 1436; אַנדערע בעווייזען, אַז דאָס איז אַ טעות און פון דיזע זיינען

פאראן אזעלכע, וואס רופען אן דעם יאהר 1451. דיא מאיאריטעט פון דיא בעסטע פארשער זיינען אבער גענייגט זיך צו האלטען ביי דעם יאהר 1446 אלס קאלומבוס'עס געבורטס־יאהר, און דיעזען יאהר וועלען מיר האבען אין זינען אין אונזערע רעכנונגען, וויא אלט ער איז געווען אין געוויסע צייטען.

וועגען דעם פלאץ, וואו ער איז געבארען געווארען, זיינען אויך פאראן פלוגתות. עס שיינט אבער צו זיין קלאר, אז דאס איז געווען ענטוועדער גענוא גופא אדער א שטעדטעל נאהענט דערביי.

זיין פאטער איז געווען א וואל־קעמער, און קריסטאפאר איז געווען זיין עלטסטער זוהן. דיא אנדערע צוויי קינדער פון דער פאמיליע האבען געהייסען בארטהאלאמעי און דזשיאקאמא. קריסטאפאר האט זיך אויסגעלערנט לעזען און שרייבען ליטיין, — דיא דאמאלסדיגע שפראך פון וויסענשאפט און פון געבילדעטע מענשען איבערהויפט, וויא מיר האבען שוין בעמערקט אין א פריהערדיגען קאפיטעל. זיין זוהן פערדינאנדא קאלומבוס דערצעהלט, אז ער, קריסטאפאר, איז געגאנגען אין דער אוניווערזיטעט פון דער שטאדט פאוויא. אין דעם צווייפעלט מען אבער שטארק.

פון קינדווייז אן האט ער ארויסגעוויזען א אינטערעס אין געאגראפיע און אין ים־רייזעס. אין אזא שטאדט ווי גענוא איז דיעזע נייגונג געווען גאנץ נאטירליך. איהרע האנדעלס־שיפען זיינען געגאנגען איבער פערשיעדענע וואסערען. ביי איהר האבען זיך געפונען אייניגע פון דיא בעסטע שיפס־קאפיטאנען, געלעהרטע אסטראנאמען און געאגראפען. דער אינגעל האט ארום זיך געהערט אלערליי מעשיות וועגען קעמפפע, העלדענטהאטען אויפ'ן ים, זיין יונגע פאנטאזיע איז אנגעפילט געווארען מיט ערצעהלונגען וועגען געהיימניסע און כוואטסמוא פון דעם לעבען פון פיראטען, ים־רויבער.

זיין פאטער האט צוערשט געהאט אביסעל געלד און געפיהרט געשעפטען, אבער אין 1453, ווען דיא טערקען האבען גענומען קאנסטאנטינאפאל, און גענוא האט דורך דעם פערלארען איהר מסחור מיט דעם וויטען מזרח, איז ער געווען איינער פון דיא פיעלע איינוואהנער פון דיעזער שטאדט, וועלכע זיינען פעראָרעמט געווארען.

צו 14 יאהר האט קריסטאפאר געמאכט זיין ערשטע ים־רייזע. פון דאמאלס אן איז ער פון צייט צו צייט געפאהרען אויף שיפען; ניט

איין מאָל האָט ער אנטהייל גענומען אין דיא בעפאַלען פון פּיראַטען. מען דאַרף בעמערקען, אַז פּיראַטסטוואָ איז אין יענע צייטען ניט געווען פערראַכענט פאַר אַזא שענדליכע בעשעפטיגונג, וויא דאָס וואָלט געווען היינט. וויא מיר האָבען שוין געזאָגט אין אַ פריהערדיגע שטעלע, איז צווישען אַ פּראָפעסיאָנעלע רויבער־שיף און אַ האַנדעלס־שיף ניט אימער געווען אַ גרויסער אונטערשיעד.

דער יונגער קאָלומבוס איז געווען אַ פייערדיגער יונג און אויף דיא פּיראַטען־שיפען איז ער צוגעוואוינט געוואָרען צו אַ לעבען פון געפאַהרען און ווילדען קוראַזש. ער האָט ניט געוואוסט וואָס הייסט מורא האָבען. ער האָט אָבער אויך ווענינ געוואוסט דיא בעדייטונג פון דעם וואָרט רחמנות.

ווען ער האָט ניט ארומגערייזט אויפ׳ן וואַסער, האָט ער געוואהנט אין גענוא, וואו ער און זיין ברודער באַרטהאָלאָמעי האָבען פערקויפט ביכער און געאָגראַפישע קאַרטען. בוכדרוקעריי איז ערפונדען געוואָרען מיט אַ קורצע צייט צוריק, אבער אין דיא גרויסע איטאַליענישע שטעדט זיינען שוין געווען גענוג בעלנים אויף דיא נייע סחורה. וואָס אַנ־בעטרעפט דיא לאַנד־קאַרטען, האָט ער מיט זיין ברודער זיי אַליין געמאַכט.

ווען עס איז איינגעפיהרט געוואָרען בוכדרוקעריי, האָט מען אַ חוץ דיא ביבעל און אַנדערע רעליגיעזע ביכער אָנגעפאַנגען צו דרוקען דיא וויסענשאַפטליכע ווערק פון דער אַלטער גריעכענלאַנד, וועלכע, וויא מיר ווייסען שוין, האָבען העכער וויא טויזענד יאהר געשימעלט. מיר ווייסען שוין אויך, אַז דורך דעם וואָס געדרוקטע ביכער זיינען פיעל ביליגער געוואָרען, האָבען זיי אָנגעפאַנגען שנעל פערשפּרייט צו ווערען, הויפּטזעכליך אין דיא ענטוויקעלטסטע פון אַלע לענדער, אין איטאַליען. אַלע גריעכישע ווערק זיינען אָבגעדרוקט געוואָרען איינע נאָך דער אַנדערער, און אין אַזא שטאָדט וויא גענוא האָבען זיך אין דיזען פּעריאָד, דעם רענעסאַנס, דעם „נייעם געבורט“, געפונען אויף זיי אַ סך בעלנים. אָט מיט אַזעלכע ביכער האָט קריסטאָפאָר געהאַנדעלט, און האַנדלענדיג, האָט ער זיי אַליין געלעזען מיט גרויס חשק.

פון דיזע ווערק האָט ער געלערענט, אַז דיא ערד איז קיילעכדיג נאָך איידער איהם האָט זיך אפילו געטרוימט וועגען אַ רייזע נאָך אינ־דיען איבער אַ נייעם וועג.

אונגעפעהר אַרום דעם יאהר 1473 האָט קאָלומבוס פערלאָזען זיין געבורטסלאַנד, און עמיגרירט נאָך ליסאַבאָן, וואו עס האָבען זיך געפונען פיעלע איטאַליענישע סוחרים; זיין ברודער באַרטהאָלאָמעי האָט זיך דאָרטען נאָך פריהער בעזעצט, און ער האָט דאָרטען פערדיענט זיין לעבענסמיטעל אַלס אַ צייכענער פון געאָגראַפישע קאַרטען און רייזע־פּלענער. אין פּאָרטוגאַל איז דאַן געווען אַ פיעל בעסערער פּלאַץ פאַר דיעזע אַרטיקלען, וויא אין גענואַ. פּרינץ הענריק׳ס אונטערנעהמונגען האָבען דאָרטען געשאַפען אַ גרויסע נאכפראגע אויף זיי. קריסטאָפאָר איז געקומען צו זיין ברודער, ערשטענס, ווייל אין פּאָרטוגאַל האָט ער אויך ערוואַרט בעסער צו פערדיענען און, צווייטענס, ווייל איהם האָט געצויגען צו דער לאַנד, וועלכע איז געווען דער צענטר פון געאָגראַפישע פּאָרשונגען.

אויבען איז אָנגעדייטעט געווען, אז קריסטאָפאָר האָט געהאַט צוויי פערשיעדענע ליידענשאַפטען: צו דיא סבות און געפאהרען פון ים־רייזעס און צו דיא גייסטיגע אוצרות פון אזעלכע וויסענשאַפטען וויא אַסטראָנאָמיע און געאָגראַפיע. דיעזע צוויי אינטערעסען זיינען פעראייניגט געווען אין דיא אונטערנעהמונגען פון פּרינץ הענריק און קעניג אַלפאָנסאָ, ועמעס שיפס־קאַפּיטאַנען האָבען ביסלעכווייז זיך גערוקט פּאַזע דיא אונבעקאַנטע ברעגעס פון אַפריקאַ, זוכענדיג אַ נייעם וועג צו דעם וואונדערבאַרען וויטען מזרח. דיא געשיכטעס וואָס מען האָט דערצעהלט וועגען דיעזע רייזעס איבער גאַנץ אייראָפּאַ, ניט זעלטען צוגעפּוצטערהייט פון דעם דערצעהלער׳ס פאַנטאַזיע, האָבען שוין לאַנג בעצויבערט דעם יונגען קאָלומבוס. איצט אָבער האָט אין דער ציווילירטער וועלט בעזונדערס זיך גערודערט וועגען דיא פּאָרטוגעזישע פּאָרשונגען, דען מיט אַ יאָהר פריהער האָבען אַלפאָנסאָ׳ס שיפען דערגרייכט וויטער פאַר דעם „שרעקליכען“ עקוואַטאָר, און עס האָט זיך אַרויסגעציינגט, אַז ער איז גאָר ניט שרעקליך, — אַז קיין זודיגער קעסעל־גרוב האָט דיעזע שיפען דאָרטען ניט איינגעשלונגען; אַז דאָרטען האָבען זיך געפונען לעבעדיגע מענשען, און דיא פּאָרטוגעזער האָבען דאָרטען געקענט אָטהעמען און לעבען ניט ערגער וויא ביי זיך אין דער היים, (זעה אויבען, זייטעל 114 — נאָך בעסער, וואָרים זיי האָבען דאָרטען געפונען גאָלד און קנעכט....

מיט דעם אַלעמען האָט דאַן געקאָכט איבער גאַנץ אייראָפּאַ, אַלזאָ

איז קאָלומבוס, דורשטענדיג נאָך אזעלכע ים־רייזעס, אוועקגעפאָהרען צו זיין ברודער, נאָך ליסאַבאָן.

ער איז דאַן געווען אַ יאהר 27, הויך־געוואקסען, געבויט וויא אַ גבור, — אַ שעהנער בלאָנדין מיט בלויע אויגען, וועלכע פלעגען זיך גיך אָנצינדען מיט דעם פייער פון בעגייסטערונג אָדער פון שטאָלצען צאָרן. זיין פנים און אַלגעמיינער אויסזעהען האָבען געמאַכט דעם איינדרוק פון וואַזשנעקייט, — אזוי וויא ער וואָלט געווען ניט דער זוהן פון אַ בעל־מלאכה, נור פון אַן אַלטע אריסטאָקראַטישע פאַמיליע.

עס איז קיין וואונדער ניט, אַז אין אזא יונגען מאַן זאָל זיך איינ־ליעבען אַ מיידעל, וואָס האָט בעלאַנגט צו אַ העכערען קלאַס וויא ער; און דאָס האָט טאקע געטראָפען אַ קורצע צייט נאָך דעם וויא ער איז געקומען נאָך ליסאַבאָן — אין דעם זעלבען יאהר. וועהרענד ער איז געווען אין אַ קירכע, האָט זיך אויף איהם פערקוקט דיא טאָכטער פון דעם אויבענדערמאָנטען שיפס־קאַפּיטאַן פּערעסטרעלאָ, וועלכען פּרינץ העגריק האָט פאַר זיין וויכטיגע ארבייט געמאַכט פאַר אַ גובערנאַטאָר פון דעם אינזעל פּאָרטאָ סאַנטאָ. דיא מיידעל'ס נאָמען איז געווען פיליפּפּאַ. איהר פאָטער איז שוין לאַנג געווען טויט.

קאָלומבוס און פיליפּפּאַ האָבען באַלד געהייראַט און זיי האָבען זיך אויף אַ געוויסע צייט בעזעצט אין פּאָרטאָ סאַנטאָ, וואו פון דער יונ־גער פרוי'ס פאָטער איז איבערגעבליעבען אַ קליינער מאַיאָנטיק.

פון פּערעסטרעלאָ זיינען דאָרט אויך איבערגעבליבען פיעלע ים־קאַרטען און נאָטיצען פון זיינע רייזעס און פאָרשונגען. דאָס אַלעס האָט קאָלומבוס געלעזען מיט זשעדנעקייט. דערצו נאָך פלעגען אויף דיעזען אינזעלע, וועלכער געפינט זיך איבער דריי הונדערט מייל פון דעם אַפריקאַנישען ברעג, זיך דאַן אָבשטעלען די פּאָרטוגעזישע שיפען וואָס זיינען געגאַנגען אויף זייערע אַפריקאַנישע רייזעס. מען האָט דאָרטען שטענדיג געהערט די לעצטע נייעס וועגען דיעזע רייזעס; דאָס איז געווען דער הויפּט־געגענשטאַנד פון די געשפּרעכען.

דאָרטען איז געבאָרען געוואָרען קאָלומבוס'עס ערשטער זוהן, דיעגאָ. און דיעזער האָט אין שפּעטערע יאָהרען דערצעהלט, אַז זיין פאָטער'ס גייסטיגעס קינד, זיין פּלאַן צו פאָהרען נאָך אינדיען איבער דער ברייט פון דעם אַטלאַנטישען אָקעאַן, איז אויך געבאָרען געוואָרען אויף דיעזען אינזעל.

דאָרטען איז שטענדיג בעשפּראָכען געוואָרען דיא וויכטיג־סטע פראגע פון יענע דורות — די פראגע וועגען אַ נייעם וועג צו „דיא אינדיעס“, די פראגע, וועלכע דיא שיפען וואָס האָבען זיך דאָרט אָבגעשטעלט, האָבען זיך געסטאַרעוועט צו לייזען; און דאָרטען איז קאָלומבוס'ען אויף'ן זינען אַרויפגעקומען דער פּראָיעקט צו געפינען אַ קירצערען וועג אהין. אויב אַ פּלאַן ווערט געמאָסטען נאָך דיא רעזולטאַטען, דאַן איז דאָס געוועזען איינער פון דיא וויכטיגסטע, פון דיא גרעסטע פּלענער, וועלכע אַ מענשליכער מאַרך האָט ווען עס איז געשאַ־פען, וואָרום דיא רעזולטאַטען פון קאָלומבוס'עס אונטערנעהמונג האָבען אַ גרויסע ווירקונג געהאַט אויף דעם גאַנג פון דעם מענשליכען פאָרטשריט; זיי האָבען אַ ריעזיגע בעדייטונג געהאַט אין איבערבויען דיא גאַנצע געשטאַלט פון דעם ציוויליזירטען לעבען.

VIII.

## וואָס קאָלומבוס האָט געוואוסט און וואָס ער האָט ניט געוואוסט.

אַ ביסעל געאָגראַפיע: די יבשה און די ימים פון דעם ערד־קוגעל. — וויא גרויס איז דיא ערד? — דער טעות פון דיא געלעהרטע פון קאָלומבוס'עס צייט און פון פריהערדיגע צייטען. — דיא דריי ביכער, וואָס קאָלומבוס האָט געלעזען מיט אַ בעזונדערען אינטערעס. — מאַרקאָ פּאָלאָ און זיינע ערפאהרונגען אין כינא. — דער צויבער, וואָס זיין בעשרייבונג האָט ערוועקט אין קאָלומבוס'ען. — האָט קאָלומבוס געוואוסט, אז מיט 500 יאָהר פריהער האָבען איסלענדישע נאָרוועגען געפונען אַ לאַנד אויף יענער זייט פון'ם אַטלאַנטישען אָקעאַן?

קאָלומבוס האָט געלעזען אַלץ, וואָס איז געווען שייך צו זיין פּלאַן. זיין בעקאַנטשאַפט מיט דעם ערד־קוגעל איז אַלזאָ געגאַנגען אַזוי ווייט, וויא וויים עס האָט אין זיין צייט דערגרייכט דיא ערד־בעשרייבונג. ער האָט געוואוסט אַלץ, וואָס מען האָט דאַן געקענט וויסען, און ער האָט געמאַכט אַלע טעות'ען, וועלכע זיינען דאַן געמאַכט געוואָרען פון דער וויסענשאַפט.

אום צו קענען פערשטעהן קאָלומבוס'עס רייזע, איז דעריבער צוערשט נויטיג צו האָבען אַ בעגריעף וועגען דעם דאַמאָלסטדיגען צושטאַנד פון דער געאָגראַפישער וויסענשאַפט.

היינט איז אַ רייזע אַרום דער ערד אַזאַ נאַטירליכע זאַך, וויא צו פאָהרען פון בערלין נאָך לאָנדאָן. דאַן אָבער האָט נאָך אַזעלכע רייזעס קיינער ניט געמאַכט. דאָס ערשטע מאָל וואָס מען איז אַרומגעפאָהרען אַרום און אַרום דעם ערד־קוגעל איז געווען שוין נאָך קאָלומבוס'עס טויט. היינט וויים מען כמעט דעם גאַנצען ערד־קוגעל. דאַן האָט מען געוואוסט בלויז ביי א פערטעל פון איהם, און וועגען דאָס איבעריגע האָט מען נור געקענט מאַכען סברות. דיעזע סברות זיינען טהיילווייז געווען ריכטיג; טיילווייז אָבער האָבען זיי פערשלעפּט דיא געלעהרטע אין אונגעהויערע פאַלשע מיינונגען.

לאָמיר אָנהויבען פון דעם, וואָס מען וויים היינט. דאַן וועט אונז



די צוויי העלפט פונ'ם ערד-קוגעל

זיין לייכטער צו זעהן וואָס מען האָט אין קאָלומבוס׳עס צייטען געוואוסט און וואו מען האָט אַ טעות געהאַט.

ווען מען קוקט אויף אַ גלאָבוס*), זעהט מען, אַז דיא ימים פערנעהמען פיעל מעהר פּלאַץ וויא דיא יבשה, — אַז וואַסער איז פאַראַן כמעט דריי מאָל אַזוי פיעל וויא לאַנד. אין אַלגעמיין ווייזט עס אויס אַזוי: דער ערד־קוגעל איז בעדעקט מיט וואַסער, נור אין דיזע וואַסער געפינען זיך פערשיעדענע אינזלען — מייסטענס קליינע, נאָר עטליכע גרויסע. דיא גאַנץ גרויסע אינזלען רופט מען „קאָנטינענטען". אייראָפּא, אַזיען און אפריקא האָבען איין גרויסען שטח יבשה. זיי זיינען אַלזאָ איין ריעזיגער קאָנטינענט (מיר וועלען באַלד זעהן, אַז מען רעכענט זיי פאַר בעזונדערע קאָנטינענטען). דיא צוויי אַמעריקאַס, — נאָרד־אַמעריקא און זיד־אַמעריקא — זיינען אויך בעהעפט. אַלזאָ, קען מען זיי אויך בעטראַכטען אַלס איין קאָנטינענט. אַסטראַליען איז אויך אַ בעזונדערער גרויסער אינזעל. אַלזאָ, איז זיא אויך אַ קאָנטינענט.

נאָך דיזען חשבון נאָך קומט אויס, אַז עס זיינען פאַראַן בלויז דריי קאָנטינענטען: 1) אַזיען, אייראָפּא און אפריקא; 2) אַמעריקא; 3) אַסטראַליען.

בעטראַכט אָבער אפריקא. זיא איז צוגעטשעפּעט צו אַזיען מיט אַ שמאָלינקען פּאַסיקעל לאַנד, — מיט דעם ס ו ע ז לאַנג־איינג, (זעה ביילאַגע, זייטעל 659). דיזער פּאַסיקעל יבשה איז שוין איצט דורכגעגראָבען (דער ס ו ע ז ק אַ נ אַ ל). זיא איז אייגענטליך אַ בעזונדערער קאָנטינענט. דאָס זעלבע איז מיט נאָרד־אַמעריקא און זיד־אַמעריקא. זיי זיינען בעהעפט מיט אַ שמאָלען פּאַסיקעל יבשה, וועלכער הייסט פּ אַ נ אַ מ אַ לאַנד־איינג (אָדער דאַריען לאַנד־איינג). און דיזער פּאַסיקעל ווערט איצט דורכגעגראָבען פון דיא פעראייניגטע שטאַאַטען (פּ אַ נ אַ מ אַ קאַנאַל). זיי זיינען אַלזאָ אייגענטליך צוויי בעזונדערע קאָנטינענטען.

אייראָפּא איז פון איין זייט בעהעפט צו אַזיען; זי ווערט דאָרטען פון איהר אָבגעטיילט בלויז מיט בערג. אָבער ווייטער איז זיא ארומגערינגעלט מיט וואַסער.

---

*) אַ באַלל, וועלכער שטעלט מיט זיך פאָר דעם ערד־קוגעל מיט דיא ימים, יבשה, טייכען, **בערג**, שטעדט א. ז. וו.

געוועהנליך רעכענט מען דעריבער ניט קיין דריי קאָנטינענטען, נור זעקס: 1) אייראָפּא, 2) אזיען, 3) אפריקא, 4) אָסטראַליען, 5) נאָרד־אמעריקא און 6) זיד־אמעריקא.

אייראָפּא, אזיען און אפריקא רופט מען דיא „אַלטע וועלט", ווייל מיט זיי זיינען אייראָפּעער מעהר אָדער ווייניגער בעקאַנט געווען פאר קאָלומבוס'ען.

מיר זאָגען „מעהר אָדער ווייניגער", ווייל מיט איהר איז אויך זייער בעקאַנטשאַפט געווען ווייט ניט קיין פאָלשטענדיגע. וויא מיר האָבען שוין געזעהן, האָבען זיי געוואוסט בלויז פון א שטיקעל אפריקא און ניט פון גאַנץ אזיען. זאָגאר זייער אייגענע אייראָפּא איז זיי ניט אין גאַנצען בעקאַנט געווען. דיא סקאַנדינאַווישע לענדער (שוועדען, נאָרוועגען, דענמארק) און רוסלאַנד צו צפון צו איז זיי געווען פרעמד, — וויא מען קען זעהן פון זייערע לאַנד־קארטען פון יענע צייטען.

פון דיא צוויי קאָנטינענטען, וועלכע מיר רופען היינט אמעריקא און פון דעם קאָנטינענט, וועלכער הייסט ביי אונז אָוסטראַליען, האָבען זיי קיין בעגריף ניט געהאַט. זיי האָבען אפילו ניט חושד געווען, אז אזעלכע לענדער געפינען זיך אויף דער וועלט. אין א ווערק איבער געאָגראַפיע פון דעם אַלט־גריכישען געלעהרטען סטראַבאָ און אין א טראַגעדיע פון דעם אַלט־רוימישען שרייבער סענעקא איז פאראַן א מין פאָראויסזאָגונג, אז אין דער צוקונפט וועט מען ענטדעקען גרויסע נייע לענדער. דאָס איז אָבער געווען ניט מעהר וויא אזוי זיך א סברה, וועלכע האָט אין מיטעל־אַלטער קיין שום אויפמערקזאַמקייט ניט געצויגען. בלויז נאָכדעם וויא קאָלומבוס האָט דיא נייע לאַנד געפונען, האָט מען אָנגעפאַנגען אָנצוצייגען אויף דיעזע נבואה.*)

איצט א פּאָר ווערטער וועגען דיא ימים. אייגענטליך, וויא מיר האָבען געזעהן אויף'ן גלאָבוס, איז פאראַן איין ים, — דער גאַנצער

*) צווישען די ביכער, וואָס זיינען איבערגעבליבען פון קאָלומבוס'עס זוהן, פערדינאַנד, געפינט זיך דיזע טראַגעדיע פון סענעקא און ביי דעם דערמאָנטען פּלאַץ זיינען פון דער זייט אָנגעצייכענט אין פערדינאַנד'ס האַנדשריפט דיא פאָלגענדע ווערטער: „דיעזע נבואה איז פערווירקליכט געוואָרען פון מיין פאָטער, קריסטאָפאָר קאָלומבוס, אין 1492".

וואַסער־שטח וואָס בעדעקט דעם ערד־קוגעל, און רינגעלט ארום אַלע קאָנטינענטען און אינזלען. אָבער אין פערשיעדענע ערטער רופט מען איהם מיט פערשיעדענע נעמען. און אַזוי וויא דיא יבשה ווערט צוטיילט אויף אינזלען און אויף קאָנטינענטען, אַזוי איז דאָס וואַסער צוטיילט אויף מעערען (ימים) און אָקעאַנען. אַן אָקעאַן איז אַ גרויסער מעער. פערקעהרט — אַ מעער, קען מען זאָגען, איז אַ קליינער אָקעאַן.

דער גרעסטער אָקעאַן פון אַלע איז דער **שטילער** אָדער **גרויסער אָקעאַן**. ער ליגט צווישען אַזיען מיט אָוסטראַליען פון איין זייט און דיא צוויי אַמעריקאַס פון דער אַנדער זייט.

דער **אַטלאַנטישער אָקעאַן** איז פיעל קלענער, וויינינגער וויא אַ העלפט פון דעם שטילען. ער ליגט צווישען אייראָפּאַ מיט אַפריקאַ פון איין זייט און דיא צוויי אַמעריקאַס פון דער אַנדער זייט.

דער **אינדישער אָקעאַן** געפינט זיך, וויא מיר וועלען זעהן, צו מזרח פון אַפריקאַ און צו דרום פון אַזיען.

דער **אַרקטישער אָקעאַן** ליגט צו צפון צו פון אייראָפּאַ, אַזיען און נאָרד־אַמעריקאַ, און נעהמט ארום דעם נאָרד־פּאָל.

דער **אַנטאַרקטיק־אָקעאַן** ליגט צו דרום פון אַפריקאַ און נעהמט ארום דעם זיד־פּאָל.

אום דער לעזער זאָל האָבען אַ דייטליכען בעגריעף וועגען דיא פערהעלטניסמעסיגע גרויס פון דיא קאָנטינענטען און דיא אָקעאַנען, גיבען מיר דאָ אַ טאַבעליצע וועגען דעם שטח פון דעם גאַנצען ערד־קוגעל און פון יעדען קאָנטינענט און אָקעאַן בעזונדער.

דער גאַנצער ערד־קוגעל האַלט נאָהענט פון 197 מיליאָן קוואַדראַט־מייל.*)

דיא גאַנצע יבשה — העכער וויא 51 מיליאָן קוואַדראַט־מייל.

דיא גאַנצע וואַסער — נאָהענט פון 146 מיליאָן קוואַדראַט־מייל.

אָט איז דיא גרויס פון דיא זעקס קאָנטינענטען מיט זייערע אינזלען:

*) 1) מען מיינט דאָ אַן ענגלישען מייל. 2) אַ קוואַדראַט מייל איז אַ מייל אויף אַ מייל; אַ פיער־קאַנטיגער שטח, וואָס האָט אַ מייל אין דער לייננג און אַ מייל אין דער ברייט.

אזיען האלט נאָהענט פון 15 מיליאָן קוואדראט־מייל.

איירָאפּא — העכער וויא דריי און א האלב מיליאָן.

אפריקא — העכער וויא 11 און א האלב מיליאָן.

(דאָס הייסט, אלזא, אז דער גאנצער מזרח־קאָנטינענט האלט ביי 30 מיליאָן קוואדראט־מייל).

נאָרד־אמעריקא האלט א ביסעל ווייניגער וויא 6 און א האלב מיליאָן קוואדראט־מייל.

זיד־אמעריקא — מעהר וויא 6 און א האלב מיליאָן.

אָוסטראליען — מעהר וויא 3 מיליאָן.

דיא לענדער אין דעם גאנצען צפון און גאנץ ווייטען דרום (ארום דעם נאָרד־פּאָל און ארום דעם זיד־פּאָל) האלטען העכער וויא 4 מיט דריי פערטעל מיליאָן קוואדראט־מייל. (אזוי פלעגט זיך רעכענען).

און אָט איז דיא גרויס פון דיא אָקעאנען צוזאמען מיט דיא קלענערע ימים, וואָס גיסען זיך ארויס פון זיי:

דער אטלאנטישער — 24 און א האלב מיליאָן מייל.

דער אינדישער — 17 מיליאָן.

דער שטילער — העכער וויא 50 מיליאָן.

דער ארקטישער — 4 און דריי פערטעל מיליאָן.

דער אנטארקטיק אָקעאָן און דער גאנצער וואסער־שטח צו דרום האלט 30 און א האלב מיליאָן.

דאָס אלעס האָט מען אויסגערעכענט פּינקטליך ביז א הונדערט מייל; נור מיר האָבען דאָ זיך בענוגענט מיט דיא מיליאָנען מייל און דאָס איבעריגע האָבען מיר געגעבען בלויז אונגעפעהר, אום דער לעזער זאָל ניט דארפען זיך פּלאָנטערען אין צופיעל ציפער.

איצט לאָמיר זיך פאָרשטעלען א רייזע ארום און ארום דעם ערד־קוגעל.

ווען איינער געפינט זיך אין האמבורג למשל און ער וויל מאכען אזא רייזע, פאָהרענדיג צו מערב צו, וועט ער איבערשניידען דיא פאָלגענדע שטיקער יבשה און וואסער:

1) דעם אטלאנטישען אָקעאן, 2) נאָרד אמעריקא, 3) דעם שטילען אָקעאן, 4) אזיען און 5) איירָאפּא.

פון האמבורג וועט ער קומען אויף א שיף נאָך ניו־יאָרק, צום




די צלמ'לעך
ווייזען דעם גאנצען
מארשרוט, ווען מען זאל
פאהרין דורך אזיען און אייראפא
מיט יבשה. די קייקעלעך ווייזען
א וואסער מארשרוט אין אזיען און אייראפא

ביישפּיעל; פון ניו־יאָרק איבער'ן לאַנד נאָך סאַן פראַנציסקאָ; פון סאַן פראַנציסקאָ איבער'ן שטילען אָקעאַן (פּאַסיפיק אָשען) ביז יאַפּאַן און כינאַ; פון כינאַ איבער אזיען ביז אייראָפּאַ; (דאָס איז גערעדט, אַז ער וויל אזיען דורכרייזען מיט דער יבשה. ווען ער זאָל אָבער דאָרטען פאָהרען מיט ים, וועט ער פון דעם שטילען אָקעאַן גלייך אריינקומען אין דעם אינדישען און דערנאָך דורך קלענערע ימים און דעם סועז קאַנאַל דערגרייכען אייראָפּאַ); דורכשווימענדיג אייראָפּאַ וועט ער ווידער אָנקומען נאָך האַמבורג.

אַפריקאַ ליגט צו דרום פון אייראָפּאַ. איהר קען אונזער רייזענדער דעריבער אויסמיידען. ווען אָבער דיא רייזע זאָל זיך אָנפאַנגען פון אפריקא, אַלץ צו מערב צו, וועט דער וועג געהן אזוי אונגעפעהר:

1) אפריקא, 2) אטלאַנטישער אָקעאַן, 3) זיד־אמעריקא, 4) שטילער אָקעאַן, 5) אינדישער אָקעאַן און ווידער אפריקא.

אריסטאָטעל, פּטאָלאָמיי און אנדערע געלעהרטע פון אַלטען גריכענלאַנד האָבען קלאָר בעוויזען, אַז דיא ערד איז אַ באַלל. עראַטאָסטהען און פּטאָלאָמיי האָבען זאָגאר אויסגערעכענט, כמעט ריכטיג, וויא גרויס דיעזער באַלל איז. (זעה ביילאַגע, זייטעל 639). זיי האָבען אָבער ניט געוואוסט, אַז צווישען אייראָפּאַ און אזיען געפינט זיך אַ גרויסער דאָפּעלטער קאָנטינענט (דיא צוויי אמעריקאס) און אַ גרויסער אָקעאַן (דער שטילער). זיי האָבען געמיינט, אַז מעהר וויא דער אטלאַנטישער אָקעאַן איז דאָרטען ניטאָ; און אויב אזוי, קומט אויס, אַז אַלץ וואָס עס איז נויטהיג צו טהאָן, אום פון אייראָפּאַ צו דערגרייכען אזיען, איז אריבערצופאָהרען דיא ברייט פון דעם אטלאַנטישען ים (זעה קארטע פון אזיען, זייטעל 164).

אזא מיינונג האָט טאַקע געהאַט אריסטאָטעל. וואָס אַנבעטרעפט פּטאָלאָמייען, איז נאָך זיין סברה נאָך איבערהויפּט געווען אונמעגליך צוצוקומען צו אזיען דורך דעם אטלאַנטישען אָקעאַן. ער האָט איינפאַך נעגלויבט, אַז דאָרטען ציהט זיך אויף טויזענדער מיילען אַ לאַנד פון זומפּען בעוואַקסען מיט זומפּ־שטעקלעך, — וויא מיר האָבען שוין דערמאָנט. ער האָט ניט געוואוסט, אַז כינאַ און יאַפּאַן געפינען זיך אויף'ן ברעג פון אַ גרויסען ים.

אַז דאָרטען ליגט אַ ים, האָט מען אין אייראָפּאַ צום ערשטען מאָל זיך ערקונדיגט אין דעם 13טען יאָהר־הונדערט פון געוויסע איטאַליע־

נישע רייזענדע, וועלכע האָבען דאָס געהערט פון כינעזער. אָבער אַז דאָס איז אַ גאַנץ בעזונדערער אָקעאַן (דער שטילער), איז אפילו דאַן קיינעם אויף׳ן זינען ניט אַרויפגעקומען. וויא באַלד אַז דאָרטען איז דאָ אַ ים, האָט מען זיך געקלעהרט, אַז דאָס מוז געווים זיין דער זעלבער אַטלאַנטישער אָקעאַן, וועלכער געפינט זיך ביי דיא ברעגעס פון אייראָפּאַ און אַפריקאַ. און דעם זעלבען געדאַנק האָט שוין געהאַט אַריסטאָטעל.

נאָך דיעזער מיינונג נאָך קומט אויס, אַז ווען מען זאָל מאַכען אַ רייזע אַרום און אַרום דער וועלט, וועט דער וועג געהן אַזוי:

1) אייראָפּאַ, 2) אַטלאַנטישער אָקעאַן, 3) אַזיען און 4) וויעדער אייראָפּאַ.

וויא ברייט דיעזער אַטלאַנטישער אָקעאַן איז, זיינען געוועזן צוויי פערשיעדענע מיינונגען: איין צד האָט גערעכענט, אַז ער איז אַזוי שמאָל, אַז מען קען איהם אַריבערפאָהרען אין עטליכע טעג (אַריסטאָטעל האָט אַזוי געגלויבט); אַנדערע, וויעדער, האָבען געזאָגט, אַז ער איז אַזוי ברייט, אַז עס איז גאָר אונמעגליך איהם אַריבערצופאָהרען — אַז מען וואָלט אויסגעשטאָרבען פון הונגער אויף דיא שיפען.

דיא געלעהרטע פאַר קאָלומבוס׳עס צייטען האָבען אַלזאָ ניט געוואוסט, אַז אויף יענער זייט אַטלאַנטישען אָקעאַן ליגען צוויי קאָנטינענטען און נאָך אַ גרויסער אָקעאַן. דיעזע צוויי קאָנטינענטען צוזאַמען (דיא צוויי אַמעריקאַס), פון וועלכע זיי האָבען ניט געוואוסט, זיינען, וויא מיר ווייסען שוין, אַ ביסעל קלענער וויא אַזיען, גרעסער וויא אַפריקאַ און פיעל גרעסער וויא אייראָפּאַ. יעדע אַמעריקאַ בעזונדער איז כמעט צוויי מאָל אַזוי גרויס וויא אייראָפּאַ. און דער שטילער אָקעאַן איז מעהר וויא צוויי מאָל אַזוי גרויס וויא דער אַטלאַנטישער.

אין סך הכל פאַרנעהמט דער שטילער אָקעאַן מיט דיא צוויי אַמעריקאַס אַ ביסעל וועניגער ווי אַ דריטעל פון דעם גאַנצען ערדקוגעל. און ביז קאָלומבוס׳ען האָט מען אפילו ניט אָנגעהויבען חושד צו זיין, אַז אַזעלכע לענדער און אַזאַ אָקעאַן זיינען גאָר פאַראַן אויף דער וועלט.

אין אַריסטאָטעל׳ס אָדער פּטאָלאָמיי׳ס בעגריעף וועגען

דעם ערד־קוגעל האָט דורך דעם אַליין אַלזאָ געפעהלט כמעט א דריטעל. מיר זאָגען „דורך דעם אַליין“, ווייל זיי האָט דאָך אויך געפעהלט צוויי דריטעל פון אפריקא, גאַנץ אוסטראַליען און נאָך לענ־דער. זיי האָבען אָבער אויסגערעכענט דיא אַלגעמיינע גרויס פון דעם ערד־קוגעל כמעט ריכטיג. ווי־זשע האָבען זיי זיך פאָרגעשטעלט דיא גרויסע שטיק, וואָס זיי האָט געפעהלט צום חשבון? זיי האָבען זיך פאָרגעשטעלט ענטוועדער, אַז דאָרטען ציהט זיך א פאָרטזעצונג פון דער זעלבער יבשה אָדער פון דיא זעלבע ימים, מיט וועלכע זיי זיינען יאָ בעקאַנט געווען. אייניגע האָבען געגלויבט אַזוי, אַנדערע אַזוי. מיר האָבען שוין געזעהן, צום ביישפּיעל, וויא פּטאָ־לאָמיי האָט געמיינט, אַז אפריקא געהט צו דרום צו א סך ווייטער וויא אין אמת'ן; אַז דאָרטען איז זיא באהעפט מיט אַזיען, און אַז אין מזרח ציהט זיך אַזיען א סך ווייטער וויא כינאַ, אַלס א וויסטע־ניש פון זומפּען.

דאָ איז נויטהיג צו בעמערקען דאָס פאָלגענדע: מיר האָבען אויבען געזאָגט, אַז ערַאטאסטהען און פּטאָלאָמיי האָבען בערעכענט וויא גרויס דיא ערד איז, כמעט וויא ריכטיג. ערַאטהאסטען האָט געהאט א טעות אויף א זיעבעטעל. ביי איהם איז זיא אויסגעקומען אויף א זיעבעטעל גרעסער וויא אין דער ווירקליכקייט. פּטאָלאָמיי האָט בערעכענט נעהענטער צו דעם אמת. ביי איהם איז זיא אויס־געקומען א ביסעל קלענער וויא אין אמת'ן, אָבער זיין טעות איז געווען בלויז אויף א זעכצעהנטעל. זיין עקוואַטאָר איז געווען 20,400 געאָגראפישע מייל, וועהרענד אין אמת'ן האַלט דער עקוואַטאָר 21,600. (ביי עראטאסטהען'ען איז אויסגעקומען 25,200.)

דיא בעקאַנטע וועלט איז נאָך זיין מיינונג געווען דיא איינציגע בעוואוינבארע טהייל פון דער וועלט. דאָס איבעריגע, איז נאָך זיין סברא נאָך בעשטאַנען פון זומפּען אָדער אַנדערע לענדער, וואו דער מענש קען ניט לעבען, אָדער פון ימים, וועלכע זיינען פון אַלע זייטען פערצאַמט אַזוי, אַז מען קען פון דיא אַנדערע ימים אהין ניט אריינ־שווימען.

איצט קענען מיר זיך אומקעהרען צו קאָלומבוס'ען. אַז ער האָט געלעזען פּטאָלאָמיי'ס געאָגראפיע איז שוין דערמאָנט געוואָרען. ער

האט איבערהויפט א סך געלעזען, און דריי ביכער, וועלכע האבען גע־
האט א שייכות צו זיין פלאן, האט ער שטודירט מיט א בעזונדערען
חשק. דאס זיינען געוועזען: „אלגעמיינע געשיכטע און געאגראפיע“
פון ענעאס סילוויאס; „דיא געשטאלט פון דער וועלט“, פון פיערר
ד׳איילי, — א מין זאמעל־בוך, וועלכער האט ענטהאלטען דעם עיקר
פון אלע ווערק, וואס האבען דאן עקזיסטירט איבער געאגראפיע; און
„דיא רייזעס פון מארקא פאלא“. דער לעצטער איז געוועזען זיין בע־
ליעבטסטער בוך. דאס איז אויך געוועזען איינער פון דיא פאפולערסטע
ביכער פון מיטעל־אלטער.

אין דער „קאלומבוס ביבליאטהעק“, וועלכע געפינט זיך אין סע־
ווילל, שפאניען, קען מען עד היום זעהן דיא ביכער פון דיעזע דריי
ווערק, וועלכע דער ענטדעקער פון דער נייער וועלט האט אליין גע־
ניצט. אויף דיא ברעגעס פון דיא זייטלעך קען מען אין זיי לעזען
זיינע נאטיצען, אויף ליטיין, וועלכע ער האט אליין געשריעבען, ווען
ער האט געהאלטען אין לעזען. דיעזע נאטיצען זיינען זעהר וויכטיג,
ווייל זיי ווייזען, וואס איהם האט אם שטארקסטען אינטערעסירט,
און אין וועלכע ריכטונג זיינע געדאנקען זיינען געגאנגען; וויא ווייט
ער איז געוועזען בעקאנט מיט דעם ערד־קוגעל; וואס ער האט געוואוסט,
און וואס ער האט ניט געוואוסט. צום ביישפיעל, ווען פיערר ד׳איילי
ברענגט אריסטאטעל׳ס מיינונג, אז צווישען דיא ברעגען פון שפאניען
און דעם אנהויב פון אינדיען איז דער ים ניט זעהר ברייט און אז
מען קען איהם אריבערפאהרען אין עטליכע טעג, דריקט קאלומבוס
אויס פאלשטענדיגע איינפערשטאנדענהייט און בעגייסטערונג.

אזוי איז אויך ביי א געוויסע שטעלע, וואו דער זעלבער פער־
פאסער ברענגט א מיינונג, אז דער ערד־קוגעל בעשטעהט פון זעקס
חלקים יבשה און בלויז פון איין חלק וואסער. מיר ווייסען שוין,
אז דאס איז זעהר פאלש, — אז אין אמת׳ן איז וואסער פאראן א
סך מעהר וויא לאנד. אויך האבען מיר גערעדט וועגען דעם וויא
דיא פארצייטיגע געלעהרטע זיינען געוועזען צוטהיילט אויף צוויי צדדים
אין דיעזער פראגע — אויף איין צד, וואס האט דיא אונבעקאנטע
טהייל פון דער ערד זיך פארגעשטעלט אלס ים און א צווייטען צד,
וועלכער האט געגלויבט, אז דיעזע אונבעקאנטע געגענדען בעשטעהען
פון לאנד. קאלומבוס איז געוועזען א הייסער אנהייננער פון דעם צוויי־

טען צד: דיא טהעאָריע פון דיעזען צד האָט זיך געפּאַסט צו זיין פּלאַן. וויא באַלד, אַז צווישען מערב אייראָפּא און מזרח אזיען איז פאַראַן ווענינ ים, הייסט דאָך דאָס, אַז ער וועט קענען דעם אַטלאַנטישען אָקעאַן אריבערשווימען אין א קורצע צייט, און דאַן וועט ער אָנקומען אין דיא צוויבער־לענדער ציפּאַנגאָ, קיטאַי, אינדיען!

דער וועג וועט אַלזאָ זיין אַ פיעל קירצערער וויא דער וועג, וואָס דיא פּאָרטוגעזער האָבען געפּאָרשט ארום אפריקאַ. און דאָס איז דאַן געווען דיא הויפּט־זאַך. דאָס האָט זיין פּראָיעקט געגעבען אַ פּראַקטישע בעדייטונג.

און טאָסקאַנעללי האָט דאָס אַלעס איהם בעוויזען מיט איינ־צעלהייטען און מיט ציפער!

אינטערעסאַנט איז דערביי דאָס פאָלגענדע: דיא ברייט פון דעם אַטלאַנטישען אָקעאַן האָט טאָסקאַנעללי (אַזוי וויא אריסטאָטעל) זיך פאָרגעשטעלט כמעט ריכטיג. דיא גרויס פון דעם ערד־קוגעל האָט ער אויסגערעכענט נאָך ריכטיגער וויא פּטאָלאָמיי. ער האָט ניט גע־טראָפען בלויז אויף 124 מייל. אַ וואָס איז מיט דעם ריעזיגען שטח, וועלכער איז פערנומען פון אַמעריקאַ און דעם שטילען אָקעאַן? — האָט טאָסקאַנעללי געמיינט, אַז דאָרטען ציהט זיך אַלץ אזיען; דאָס הייסט אַלזאָ, אַז אזיען געהט אַזוי ווייט ארום דעם ערד־קוגעל, אַז איהר מזרח־ברעג קומט צו ניט זעהר ווייט פון דיא מערב ברעגען פון אייראָפּאַ און אפריקאַ.

אין אַן אַנדער שטעלע פון פּיערר ד'איילי'ס בוך ווערט געזאָגט, אַז אין דיא הייסע געגענדען (ביי'ן עקוואַטאָר) קענען קיין מענשען ניט לעבען, ווייל עס איז צו הייס. אויף דעם ברעג פון דיעזע זייטעל האָט קאָלומבוס אין דעם דערמאָהנטען בוך צוגעשריעבען: „ניט ריכ־טיג, וואָרים דיא פּאָרטוגעזער פאָהרען אַהין. דער אמת איז, אַז יע־נער געגענד איז געדיכט בעזעצט מיט מענשען, לעבען דעם עקוואַטאָר געפינט זיך איצט אַ פּאַלאַץ פון זיין הויכקייט, דעם קעניג פון פּאָר־טוגאַל, און איך האָב דעם פּאַלאַץ אַליין געזעהן."

ווען ענעאַס סילוויאוס ערקלעהרט, אַז אין דעם קאַלטען און הייסען „גאַרטעל"*) פון דער ערד קענען קיין מענשען ניט לעבען,

*) זעה „גאַרטעל" און עקוואַטאָר אין דער ביילאַגע.

שרייבט קאָלומבוס ביי׳ן זייט, אַז דיא ענגלענדער און דיא דייטשען בעזוכען דעם קאַלטען „גארטען" (צפון רוסלאַנד, שוועדען, נאָרוועגען אָדער דער אינזעל איסלאַנד) און אַז פּאָרטוגעזער בעזוכען דעם הייסען „גארטעל" (ארום עקוואַטאָר).

וואָס אַנבעטרעפט „דיא רייזעס פון מארקאָ פּאָלאָ", האָט דיעזער בוך געהאַט אַ דאָפּעלטע בעדייטונג אין בעצוג אויף קאָלומבוס׳עס פּלאַן. דיעזער בעריהמטער רייזענדער האָט דיא וועלט בעסער בעקאַנט געמאַכט מיט דער געאָגראַפּיע פון דעם ווייטען מזרח און ער האָט אַזוי געמאָהלען דיא דאָרטיגע רייכטהימער און גלאַנץ, אַז דאָס האָט דעם ענטהוזיאַסטישען קאָלומבוס פּשוט בעזויפען מיט אַ לוסט צו קומען אַהין.

מארקאָ פּאָלאָ איז דער בעריהמטעסטער רייזענדער פון מיטעלאַלטער. צו בעזוכען כינא איז אין יענע דורות געווען אַ גרויסע זעלטענהייט; ער אָבער האָט ניט בלויז איהר בעזוכט, נור ער האָט אין דיעזע וויט־ווייטע לענדער פון אוצרות און וואונדער פערבראַכט פיעלע יאָהרען. דיא פערשיעדענע פּאַסירונגען, וואָס ער האָט מיטגעמאכט, זיינען אפילו היינט העכסט־אינטערעסאַנט. מען קען זיך שוין פאָרשטעלען מיט וואָס פאר אַ שפּאַנענדען אינטערעס מען פלעגט דאָס לעזען אין יענע צייטען, ווען דער ווייטער מזרח איז געווען איינגעוויקעלט אין דעם שלייער פון געהיימניסע און פאַנטאַזיע. קיין ראָמאַן ווערט היינט ניט נאָכגעפאָלגט מיט אַזאַ הארץ־קלאַפּעניש פון נייגעריגקייט, וויא עס פלעגט נאָכגעפאָלגט ווערען דיא ביאָגראַפּיע פון דיעזען אַריסטאָקראַטישען איטאַליענער, וועלכער איז אוועקגעפאָהרען פון זיין היים אַ יונגער מאַן און איז געקומען צוריק שוין אין דיא מיטעלע יאָהרען.

דיא ערפאַהרונגען פון מארקאָ פּאָלאָ האָבען שפּעטער געהאַט אַזאַ וויכטיגען איינפלוס אויף קאָלומבוס׳ען, אַז מיר האַלטען עס פאַר כדאי בקיצור איבערצוגעבען דיא געשיכטע פון דיעזען בעריהמטען רייזענדען.

מארקאָ פּאָלאָ האָט בעלאַנגט צו איינער פון דיא אָנגעזעהענסטע פאַמיליען אין דיא רייכע, געבילדעטע שטאָדט וועניציע — צו אַ פאַמיליע, וואָס האָט געפיהרט גרויסע געשעפטען מיט׳ן מזרח. דאָס איז געווען מיט אַ פּאָר הונדערט יאָהר פאַר קאָלומבוס׳ען. צוויי ברידער

פון דיעזער משפחה האָבען זיך אַוועקגעלאָזען האַנדלען אין ווייטע מקומות. אַזוי זיינען זיי פערפאָהרען אין רוסלאַנד, און פון רוסלאַנד אין אַזיאַטישע לענדער, ביז זיי זיינען צוגעקומען צו דעם פּאַלאַץ פון דעם „גרויסען כאַן“, דעם הערשער פון כינאַ. איבער כינאַ האָט דאַן רעגיערט קובלאַי, אַ בעריהמטער טאָטערשער כאַן, וועמען'ס זיידע, טשינגיז, איז נאָך מעהר בעריהמט געווען*). קובלאַי איז געווען אַ פעהיגער און ניט קיין נאַרישער מענש. ער האָט פריהער קיין מאָל ניט געזעהן קיין אייראָפּעער, און ווען מען האָט פאַר איהם פאָרגע־שטעלט דיא ברידער פּאָלאָ, האָבען זיי מיט זייערע איידעלע מאַניערען און געבילדעטע רייד אויף איהם געמאַכט אַ גוטען איינדרוק. ער האָט זיך פעראינטערעסירט אין דער אייראָפּעאישער ציוויליזאַציאָן און האָט דיא ברידער געגעבען אַ בריעף צו דעם פּאַפּסט, וועמען ער האָט געבעטען איהם שיקען פיעלע גלחים און לעהרער פאַר זיין לאַנד. דער וואָרט „טאָטער“ האָט אָבער אין יענע צייטען אויף אייראָפּעער אַרויפּ־געבראַכט אַזאַ שרעק, אַז מען האָט קוים געפונען צוויי גלחים, וואָס

*) דיא בעריהמטקייט פון טשינגיז כאַן בעשטעהט אין דיא צרות וואָס ער האָט אָנגעטהאָן רוסלאַנד. (זעה פריהער זייטעל 49). דיא טאָטערס האָבען פריהער בעזיעגט כינאַ און שפּעטער האָבען זיי אַריינגעדרונגען אין אייראָפּאַ. זיי זיינען אַהין געקומען אין אַזעלכע גרויסע מחנות, אַז זיי האָבען איינפאַך פערפלייצט מיט זיך גרויסע געגענדען. דאָס און זייער ווילדער קוראַזש אויפ'ן שלאַכט־פעלד האָבען זיי געמאַכט פאַר דיא גע־פעהרליכסטע שונאים אין מלחמה. רוסלאַנד האָט זיך מיט זיי ניט געקענט ספּראַווען. דיא טאָטערשע כאַנען זיינען געוואָרען דיא הערשער איבער איהרע הערשער, בעזעצענדיג זיך אין אַסטראַכאַן, ניט ווייט פון דעם קאַס־פּישען ים, האָבען זיי זיי אהין געצוואונגען אָפּט צו קומען מיט גרויסע צינזען. דיעזע הערשאַפט פון דיא טאָטערס איבער רוסלאַנד האָט אָנגעהאַלטען נאָהענט פון צוויי הונדערט און פופציג יאָהר און האָט געהאַט אזא טרויעריגע ווירקונג אויף דער ענטוויקלונג פון דער לאַנד, אַז סליאַדען דערפון פיהלען זיך נאָך עד היום. וואָס פאַר אַ שרעק דיא טאָטערס זיינען לאַנג געווען אין רוס־לאַנד קען מען זעהן פון פיעלע אויסדריקע וואָס זיינען פערבליבען אין דער רוסישער שפּראַך, וויא צום ביישפּיעל: „אַ ניט געבעטענער גאָסט איז ערגער וויא אַ טאָטער“.

זיינען מרוצה געוואָרען צו פאָהרען, און אַפּילו דיעזע צוויי האָבען אויך באַלד חרטה געהאַט.

דאָס איז געווען אין 1269. מיט צוויי יאָהר שפּעטער האָבען דיא צוויי ברידער פּלאַ זיך ווידער אָוועקגעלאָזען נאָך כינאַ, און דיעזען מאָל האָט איינער פון זיי מיטגענומען זיין 17־יעהריגען זוהן, מאַרקאָ. דיא רייזע האָט ביי זיי געדויערט פיער יאָהר. זיי זיינען דורכגעפאָהרען דורך פערשיעדענע לענדער ביז ענדליך, אין 1275 זיינען זיי געקומען אין קובלאַי'ס פּאַלאַץ. מאַרקאָ האָט זיך שנעל אויסגעלערענט כינעזיש און טאַטעריש און נאָך אַ פּאָר אַזיאַטישע שפּראַכען, און קובלאַי האָט איהם געגעבען אַ שטעלע ביי זיך, וויא דאָס קען מען זעהן אין דיא רעגיערונגס־פּראָטאָקאָלען פון כינאַ פון 1277, וועלכע מען האָט ענטדעקט אין אונזערע צייטען. דער כאַן האָט איהם אָפט געשיקט אין פערשיעדענע שטעדט, און אויף דיעזען אַרט האָט דער יונגער ווענעציאַנער אימיגראַנט געהאַט אַ גע־לעגענהייט גוט בעקאַנט צו ווערען מיט דער ריעזיגער מדינה, וועגען וועלכער מען האָט אין איירָאפּאַ אַזוי ווייניג געוואוסט, מיט איהרע פערשיעדענע טהיילען און פערשיעדענע פעלקער*). מאַרקאָ'ס פאָטער און אָנקעל האָבען דערווייל געהאַנדעלט און אָנגעקליבען גרויסע עשירות. זיי האָבען געוואָלט זיך אומקעהרען אהיים, אָבער דער כאַן האָט זיי ניט געלאָזען.

אין 1292 האָט קובלאַי געזאָלט זיך משדך זיין מיט דעם הער־שער פון פערסיען, און זיין טאָכטער, דיא כלה, האָט בעדאַרפט פאָה־רען צו איהר קעניגליכען חתן. פאָהרען מיט דער יבשה איז גראָד דאַן געווען געפעהרליך, צוליעב אַ געוויסע מלחמה. איבער'ן ים ווידער פיהרען זיין טאָכטער, האָט קובלאַי קיין חשק ניט געהאַט. פאַר ווענעציאַנער אָבער איז אַ רייזע איבער'ן ים געווען אַ געוועהנ־

*) קיטאַי אָדער כינאַ איז אַ פיעל עלטערע לאַנד אַפּילו וויא דיא אַלטע גריכענלאַנד אָדער רוים. זיא האָט דערגרייכט אַ הויכע מדרגה פון קולטור אַ סך פריהער וויא דיעזע לענדער. בלויז זיי האָבען איהר וויט אָריבערגעיאָגט און זיא איז פּועלייכט צוויי טויזענד יאָהר געשטאַנען אויף דעם זעלבען אָרט. דאָך איז זיא געווען דיא ערשטע צו געברויכען דעם קאָמפּאַס און צו מאַכען פּאַפּיער, צום ביישפּיעל.

ליבע און אנגענעהמע זאך. אלזאָ האָט קובלאַי געבעטען דיא פּאָלאָס, זיי זאָלען דיא כלה איבער'ן ים פיהרען צו איהר צוקינפטיגען מאַן. זיי האָבען זיך דערפרעהט, ווייל דיא נסיעה האָט זיי געגעבען דיא מעגליכקייט צוריק צו קומען אין זייער געבורטס־לאַנד, נאָך װעלכע זיי האָבען געביינקט.

זיי זיינען געשוואומען פון קווינסיי (די היינטיגע האַנגטשאָו), וועלכע איז דאַן געווען דיא הויפּט־שטאָדט פון כינא, איבער דעם שטילען אָקעאַן צו דרום צו; פון שטילען אָקעאַן זיינען זיי דורכגעשוואומען דיא מאַלאַקקאַ שטראַססע, (צווישען דעם האַלב־אינזעל מאַלאַקקאַ און דעם אינזעל סומאַטראַ), און זיינען אריינגעשוואומען אין דעם אינדישען אָקעאַן; פון דעם אינדישען אָקעאַן זיינען זיי אריינגעשוואומען אין דעם אראַבישען ים און פון דעם אראַבישען ים אין דעם פּערסישען ים־בוזים, און אַזוי זיינען זיי געקומען נאָך פּערסיען. מיר האָבען זיך דאָ אַ ביסעל אָבגעשטעלט אויף דיעזער רייזע פון דיא פּאָלאָ ברידער, ווייל שפּעטער, ווען מיר וועלען האַלטען ביי קאָלומבוס'עס רייזעס, וועט דאָס אונז נויטיג זיין. צו דעם זעלבען צוועק גיבען מיר דאָ אַ ספּעציעלע לאַנד־קאַרטע פון אזיען, אויף וועלכע דער לעזער קען זעהן דעם מאַרשרוט איבער וועלכען דיא פּאָלאָס זיינען געשוואומען.

דיעזע רייזע האָט געדויערט צוויי יאָהר, און ווען זיי זיינען ענדליך געקומען מיט דער כלה נאָך פּערסיען, האָט זיך ארויסגעצייגט, אַז דער חתן, וועלכער איז שוין געווען אַ זקן, איז געשטאָרבען נאָך איי־דער זיי האָבען פערלאָזען כינאַ. דיא אימפּאָרטירטע פּרינצעסין האָט מען אָבער צוריק ניט געשיקט: איהר האָט געהייראטה איהר חתן'ס אַ זוהן.

אין פּערסיען האָבען דיא פּאָלאָס פערבראַכט אַ געוויסע צייט און דאַן, וויעדער זיך אָבשטעלענדיג אויפ'ן וועג עטליכע מאָל, זיינען זיי ענדליך (אין 1295) געקומען אַהיים.

דאָרטען האָט מען אָן זיי דערוויילע פערגעסען. מען האָט שוין לאַנג געמיינט אַז זיי זיינען טוידט. ווען זיי זיינען געקומען אין זייער אייגענעם פּאַלאַץ, האָט מען זיי ניט דערקענט. דיא צוויי ברידער, וועלכע זיינען אַוועקגעפאָהרען אין דיא מיטעלע יאָהרען, זיי־נען איצט שוין געווען גראָהע, אַלטע לייט, און דער 17־יעהריגער



אזיען.
שטילער אקעאן
(ביז קאלומבוס'עס צייטען און
נאך צוואנציג יאהר שפעטער האט
מען געמיינט, אז דאס איז אלץ
דער אטלאנטישער אקעאן
"ים פון פינסטערניס")
א ז י ע
כ י נ א
(קיטאי)
יאפאן
(ניפאנגא)
קאמטשאטקא
קורין-סיי
(האנג-טשאו)
מאלאקא
בארנעא
סומאטרא
נייע גוינעא
מאלוקען-אינזלען
ציילאן
אינדישער אקעאן
אראבישער ים
פערסיען
אראביא
אפריקא
אייראפא
מאדאגאסקאר
גאנגעס
אינדיען

מאַרקאָ איז איצט געווען אַ דיקער מאַן פון 41 יאָהר. דערצו נאָך האָבען זיי געטראָגען טאָטערשע קליידער, און האָבען גערעדט איטאַ־ליעניש מיט אַ טאָטערשע אויספּראַכע. ווען זיי האָבען געזאָגט, ווער זיי זיינען, איז מען אַזוי איבערראַשט געוואָרען, אַז מען האָט צוערשט ניט געוואָלט גלויבען. מען האָט זיך אָבער איבערצייגט, אַז זיי זיינען ווירקליך דיא דריי פערשוואונדענע מיטגליעדער פון דער פּאָלאָ פאַמיליע, און אין אַ פּאָר טעג אַרום האָבען זיי געמאַכט אַ מאָלצייט, וועלכער האָט אויפגערודערט דיא שטאָדט.

נאָך דעם ערשטען געריכט זיינען זיי פערשוואונדען און אין איי־ניגע מינוטען אַרום זיינען זיי אַריינגעקומען צוריק, אין קאָסטבאַרע קליידער פון העלע אַטלאַס. נאָך דעם צווייטען געריכט זיינען זיי ווידער פערשוואונדען, און, ווען זיי זיינען צוריק אַריין אין דעם עס־זאַאַל, זיינען זיי שוין געווען אָנגעטהאָן אין רייכע בגדים פון פלאַ־מענד־רויטע זייד מיט קוויטען. שפּעטער אַ ביסעל האָבען זיי ווידער געביטען זייערע קאָסטיומען. דיעזען מאָל אויף פּרעכטיגע אַנצוגען פון רויטע סאַמעט; און צום סוף פון דעם באַנקעט זיינען זיי נאָך אַ מאָל אַרויס און דאַן זיינען זיי ערשיענען אין דיא אַלטע אָרימע קליידער, אין וועלכע זיי זיינען געקומען צופאָהרען. דיעזע קליידער האָבען זיי אויפגעשניטען, און — פון זיי האָבען זיך אַרויסגעשאָטען גרויסע ברילליאַנטען, רובינען, סאַפּירען און עמעראַלדען. גאַנצע הוי־פענס־ווייז זיינען דיא טהייערע שטיינער אַרויסגעפאַלען. דער טיש האָט געבליסטשעט און געבלאַנקט. עס האָט אויסגעזעהן טאַקע וויא אַ צויבער, וויא אַ טרוים וועגען אוצרות. דיא געסט זיינען וויא פער־כישופ'טע געבליבען זיצען. דיא דריי פּאָלאָס האָבען ערקלעהרט, אַז זיי האָבען דיעזען אייגענס זייערען געטראָגען פערנייהט אין זייערע רייזע־קליידער, אום ניט צו ציהען דיא אויפמערקזאַמקייט פון רויבער אויף זייער לאַנגע נסיעה.

דיא דריי געסט זיינען געווען דיא העלדען פון טאָג. זייער פּאַלאַץ איז אַ גאַנצע וואָך געווען פול מיט נייגעריגע, וואָס זיינען געקומען זיי זעהן און אָנקוקען דיא עשירות, וואָס זיי האָבען געבראַכט פון דעם ווייטען געהיימניספולען מזרח.

דריי יאָהר שפּעטער האָט מאַרקאָ אַנטהייל גענומען אין אַ מלחמה געגען ווענעציע'ס האַנדעלס־קאָנקורענט, גענוא, און איז גענומען גע־

וואָרען אין פליען, וואו ער האָט פערבראכט א יאָהר. אזוי זיצענדיג אין תפיסה אין גענוא, האָט מארקאָ פאָלאָ פאר א מיט-געפאנגענעם דערצעהלט וואָס ער האָט דורכגעמאכט אין אזיען, און זיין צוהערער איז געווען אזוי פעראינטערעסירט, אז ער האָט דאָס אלץ פערשריעבען. פון גענוא איז מארקאָ פאָלאָ צוריקגעקומען אהיים, וואו ער האָט גע־וואוינט ביז זיין טוידט.

דער בוך, וועלכען זיין מיט-געפאנגענער האָט אויפגעשריעבען פון זיינע ווערטער, טראָגט דעם טיטעל: „דער בוך פון מארקאָ פאָלאָ וועגען דיא קעניגרייכען און וואונדער פון דעם מזרח".

מארקאָ פאָלאָ איז געווען דער ערשטער אייראָ־פעער (א חוץ זיין פאָטער און אָנקעל), וואָס האָט דורכגערייזט דיא גאנצע לייננ פון אזיען. פון איהם האָט איי־ראָפּא בעקומען איהר ערשטע בעשרייבונג פון כינא, — וויא אונגעהייער גרויס זיא איז, וואָס פאר א ריעזיגע שטעדט זיא האָט, וועלכע מלאכות און וועלכע עשירות זיא פערמאָגט. דער בוך דערצעהלט אויך וועגען אינדיען און אנדערע אזיאטישע לענדער. ציפאנגאָ (יאפאן) האָט ער אליין ניט בעזוכט, ער האָט אָבער פיעל געהערט וועגען דיעזע רייכע אינזלען, און וועגען דעם האָט ער אויך דערצעהלט זיין תפיסה-ברודער. אפילו וועגען סיביר מיט איהרע האלב-ווילדע פעלקער, מיט זייערע הונט-שליטענס און ווייסע בערען פון דעם קאלטען צפון דערצעהלט דער בוך.

אז כינא געפינט זיך ביי דעם ברעג פון א גרויסען ים, אן אָקעאן— דאָס האָט מען שוין געהערט מיט א קורצע צייט פריהער. פאָלאָ האָט אָבער דיעזען פאקט בעשטעטיגט און קלאָהר געמאכט. עס איז דייט־ליך געוואָרען, אז אין דיעזען פרט האָט פטאָלאָמיי א טעות געהאט — אז אָנשטאָט גרויסע זומפען-לענדער געהט דאָרטען גאָר א ים. אָבער, וויא מיר האָבען שוין בעמערקט, האָט מען געמיינט, אז דאָס איז דער זעלבער ים, וויא דער, וואָס וואשט דיא מערב-ברעגען פון אייראָפּא און אפריקא, — נעמליך, דער אטלאנטישער אָקעאן.

מארקאָ פאָלאָ'ס בוך האָט מען אין אייראָפּא ניט אין גאנצען געגלויבט און ניט ריכטיג פערשטאנען. אויף בעריכטען וועגען ווייטע מזרח-לענדער איז מען געוואוינט געוואָרען צו קוקען וויא אויף באָבע־מעשיות. אז אן אייראָפּעער האָט דאָרטען ווירקליך געוואוינט און

כמעט אַלץ געזעהן מיט זיינע אויגען — דאָס האָבען ניט אַלע געקענט נעהמען ערנסט. און דאָס, וואָס מען האָט שוין יע געגלויבט, האָט מען צוזאַמענגעמישט און צוזאַמענגעפּלאָנטערט מיט דיא פאַלשע בע־גריפען, וואָס מען האָט פריהער געהאַט וועגען אַזיען. אָבער אַן אינ־טערעס האָט פאָלאָ'ס בוך יעדענפאַלס אַרויסגערופען אַן אונגעהייערען.

מען דאַרף ניט מיינען, אַז אַלץ, וואָס פּאָלאָ האָט דערצעהלט, איז געווען ריכטיג. צווישען פאַקטען האָבען זיך ביי איהם אַריינגע־גנב'עט אַלערליי מעלדונגען, וואָס זיינען געבאָרען געוואָרען פון זיין פאַנטאַזיע. פיעלעס פון דעם, וואָס ער האָט געזעהן אָדער געהערט, האָט ער מיספערשטאַנען, און פיעלעס האָט ער איינפאַך אַליין צו־געפּוצט.

אָבער נאָך אַלעמען האָט זיין בוך אין אַ גרויסען גראַד פאַר איי־ראָפּאַ אויפגעהויבען דעם פאָרהאַנג, וועלכער האָט פון איהר פאַר־שטעלט אַזיען.

קאָלומבוס האָט דעם בוך געלעזען מיט דורשט. פּאָלאָ בעשרייבט הויפטזעכליך דיא פאַבעלהאַפטע רייכטהימער פון צוויי שטעדט ז י י־ט אָ ן און ק ו ו י ן־ס י י, און וועגען דיעזע שטעדט האָט דעראיטאַליעני־שער־ים רייזענדער ניט אויפגעהערט צו טרוימען. וועגען קווין־סיי שרייבט פּאָלאָ, אַז זיא האָט צוועלף טויזענד הויכע בריקען, אונטער וועלכע שיפען קענען דורכגעהן (דאָס איז נאַטירליך דיא פרוכט שוין פון אַ צו פרייע פאַנטאַזיע. בעגרינדעט איז דאָס אָבער געווען אויף אַן אמת), און אַז זיא איז דיא שעהנסטע, רייכסטע און גרעסטע שטאָדט אין דער וועלט.

אין דעם בריעף, וואָס קאָלומבוס האָט ערהאַלטען פון טאָסקאַנעללי ווערט אויך פיעל געוויכט געלייגט אויף פּאָלאָ'ס בוך, אויף וועלכען דער גרייזער אַסטראָנאָם האָט בעגרינדעט אַ טהייל פון דער לאַנד־קאַרטע, וואָס ער האָט צוגעשיקט צום פּאָרטוגעזישען קעניג און צו קאָלומבוס'ען. טאָסקאַנעללי האָט אָבער וועגען אַזיען אויך פיעל גע־הערט אַליין, פון אַ רייזענדען, וואָס האָט זיך פון דאָרטען אומגעקעהרט אין זיין צייט.

„מען זאָגט, אַז יעדען יאָהר קומען אַהין (אין זייטאָן) הונדערט שיפען אָנגעלאָדען מיט פעפער", — שרייבט טאָסקאַנעללי — „אַ חוץ דעם קומען אַהין אַנדערע שיפען, וואָס ברייגגען אַנדערע געווירצען.

דיא לאַנד איז זעהר געדיכט בעפעלקערט און זעהר רייך. זיא בע־שטעהט פון אַ מאַסע פּראָווינצען, קעניגרייכען און פון שטעדט אָהן אַ צאָהל, און אַלע זיינען זיי רעגיערט פון איין הערשער, וועלכער טראָגט דעם טיטעל „גרויסער כאַן“, — דאָס הייסט „קעניג פון קעניגע“, — און וועלכער וואוינט מייסטענס אין קיטאַי... צו דעם פּאַפּסט אייגעניוס איז געקומען אַ מאַן, וואָס האָט בעזוכט דעם גרויסען כאַן, און ער פערזיכערט, אַז דיא הערשער פון קיטאַי האָבען דיא בעסטע געפיהלען צו קריסטען. איך האָב מיט דיעזען מאַן פּערזענליך געהאַט אַ גע־שפּרעך וועגען פערשיעדענע זאַכען: וועגען דיא מערקווירדיגע גרויס פון דיא קעניגליכע פּאַלאַצען, דיא זעלטענע לייננ און ברייט פון דיא בריקען און דיא מאַסען שטעדט, וואָס געפינען זיך דאָרטען ביי דיא טייכען. אויף איין טייך אַליין האָבען זיי גאַנצע צוויי הונדערט שטעדט מיט מירמעל־שטיינערנע בריקען, — לאַנגע, ברייטע בריקען, אומעטום בעציערט מיט זיילען. עס איז ווערטה, אַז קריסטליכע מענ־שען זאָלען אַהין צוקומען, ניט בלויז, ווייל דאָרטען קען מען געפינען גרויסע אוצרות גאָלד, זילבער און אַלערליי עדעלשטיינער און געוויר־צען, — נור אויך צוליעב זייערע געלעהרטע מענשען, פילאָזאָפען, פעהיגע שטערען־זעהער. עס איז כדאי צו זעהן, ווי אזוי אזא גלענצענדע און מעכטיגע מלוכה ווערט רעגיערט און פיהרט איהרע מלחמות.“

וועגען ציפּאַנגא שרייבט טאָסקאַנעללי, אַז זיא איז פול מיט גאָלד, פּערעל און טהייערע שטיינער און אַז דיא טעמפּלען זיינען דאָרטען בעדעקט מיט גאָלד. ריידענדיג וועגען דער רייזע אַהין בעמערקט ער: „וואונדערט זיך ניט, וואָרום איך רייד וועגען דער לאַנד, וואו עס וואַקסען דיא געווירצען, אַלס אַ געגענד, וואוהין מען דאַרף פאָהרען צו מערב, וועהרענד געוועהנליך רופט מען דאָס „מזרח־לענדער“. מען דאַרף האָבען אין זינען, אַז דער וואָס וועט פאָהרען כסדר צו מערב צו, וועט דיעזע מדינות געפינען אויף יענער זייט פון דעם ערד־קוגעל, וועהרענד, ווען מען פאָהרט אַהין איבער יבשה איבער דיא אויבערשטע זייט פון דעם ערד־קוגעל, אויף וועלכע מיר וואוינען, וועלען זיי אימער אויסקומען אין מזרח*). ווייטער רעכענט ער אויס, אַז די רייזע דאַרף נעהמען זעהר וועניג צייט.

*) דיא „אויבערשטע“ און „אונטערשטע“ זייט פון דער ערד איז

מיר האָבען דאָ אַלזאָ געזעהן וויא ווייט קאָלומבוס איז געווען ריכטיג בעקאַנט מיט אונזער ערד און וויא ווייט ער האָט אַ טעות געהאַט.

דערביי איז דאָ אַן אינטערעסאַנטע פראַגע: איז דאָס, וואָס ער האָט געלערענט פון וויסענשאַפטליכע ביכער, פון מאַרקאָ פּאָלאָ'ס בעשרייבונג און פון טאָסקאַנעלי'ס בריעף ווירקליך אַלץ, וואָס ער האָט געוואוסט? עס איז פאַראַן אַ חשד, אַז ניט. מיר ברויכען דאָ דעם וואָרט „חשד", ווייל אויב עס איז פאַראַן אַזאַ מיינונג, בעשטעהט זיא אין אַ בעהויפּטונג, אַז קאָלומבוס האָט פריהער געהערט פון דער לאַנד, וועלכע מיר רופען היינט אַמעריקאַ, און אַז ער האָט זיך געמאַכט ניט וויסענדיג פון דעם, אום מען זאָל מיינען, אַז ער איז דער ענטדעקער פון דיעזער לאַנד.

פון וואַנען האָט ער זיך דאָס געקענט דערוויסען?

אין אַ פריהערדיגען קאַפּיטעל האָבען מיר געזאָגט, אַז אַמעריקאַ איז אייגענטליך ענטדעקט געוואָרען מיט העכער וויא 500 יאָהר פאַר קאָלומבוס'ען. לאָמיר דאָ בקיצור איבערגעבען וואָס פאַר אַ זאָרט ענטדעקונג דאָס איז געווען.

צו אַמעריקאַ זיינען דאַן צוגעקומען נאָרוועגען. דיעזער פאָלק צוזאַמען מיט זייערע צוויי ברידער־פעלקער, דיא איינוואָהנער פון דענמאַרק און שוועדען, זיינען אין יענע פינסטערע צייטען געווען דיא גרעסטע בריות און כוואַטעס אויף ים־רייזעס. זיי פלעגען זיך אוועק־לאָזען זעהר ווייט אויף זייערע שיפלעך און פלעגען בעראַבעווען פיעלע געגענדען. אַלע דריי צוזאַמען זיינען זיי בעקאַנט געווען אונטער דעם נאָמען „נאָרד־לייטע". אין 874 האָבען זיך איינינגע פון זיי בעזעצט אויף דעם אינזעל איסלאַנד און אין 986 האָט איינער פון זיי, ע ר י ק ד ע ר ר ו י ט ע ר, געגרינדעט אַ קאָלאָניע אין גרינלאַנד — אַ גרויסער אינזעל, וועלכען מען רעכענט יעצט צו צו אַמעריקאַ. דיעזע קאָלאָניע האָט דאָרטען עקזיסטירט ביי זעקס הונדערט יאָהר. דיא חורבות פון

בלויז אַן אויסדרוק אַזעלכער. אַזוי האָט מען זיך געוועהנליך פאָרגעשטעלט. אין אמת'ן איז נאַטירליך ניטאָ ניט קיין אויבערשטע זייט ניט קיין אונ־טערשטע. וואו איינער געפינט זיך רופט ער דאָס אָן „אויבערשטע" זייט, און דיא אַנדערע זייט — „אונטערשטע". (זעה ביילאַגע, זייטעל 636—638).

זייערע שטיינערנע קירכען און הייזער קען מען אין גרינלאַנד זעהן
עד היום. אין דעם יאָהר 1000, דאָס הייסט 14 יאָהר נאָך דעם וויא
דיעזע נאָרוועגישע קאָלאָניע איז געגרינדעט געוואָרען, האָט עריק'ס
א זוהן לייף, זיך אװעקלאָזען אויף א שיף צו מערב צו. ער
האָט געהערט, אז געוויסע איסלענדישע מאַטראָזען האָט א שטורעם
פארטראָגען צו א שטיק יבשה אין יענעם געגענד; האָט ער געוואָלט
דערגעהן, וואָס דאָס איז פאר א לאַנד; און ער האָט טאַקע לאַנד דער־
גרייכט. ער האָט זיך אָבגעשטעלט אין עטליכע ערטער, ביז ער האָט
געפונען א פּלאַץ, וואו עס האָט געוואַקסען א סך ווילדע ווייינטרויבען.
ער האָט דעם פּלאַץ דעריבער א נאָמען געגעבען ווינלאַנד (דיא
לאַנד פון וויין). (זעה לאַנדקארטע, זייטעל 253).

וואו דיעזע ווינלאַנד איז, קען מען פּינקטליך ניט זאָגען, ווייל
ניט לייף, און ניט קיינער פון זיינע מיט־רייזענדע האָבען ניט בע־
צייכענט, וואו דער אָרט געפינט זיך. עס איז אָבער איבערגעבליבען
א שטיקעל בעשרייבונג, וואו עס ווערט דערמאָהנט וואָס פאר א קלימאַט
דאָרטען איז, וועלכע חיות און פלאַנצען זיי האָבען דאָרטען געטראָפען;
און פון דיעזע און אַנדערע סמנים שליסט מען, אז ווינלאַנד איז מסתמא
געוועזען ערגעץ־וואו ניט ווייט פון דעם יעצטיגען באָסטאָן.

פון דענסטמאָל אָן האָבען דיא קאָלאָניסטען פון גרינלאַנד בעזוכט
ווינלאַנד מעהרערע מאָל. זיי האָבען פון דאָרטען נאָך זייער קאָלאָניע
הויפּטזעכליך געבראַכט האָלץ — אַן ארטיקעל, אויף וועלכען דאָרטען
איז געוועזען פיעל מעהר געדרעטעניש וויא אין זייער קאַלטען אונפרוכט־
באַרען גרינלאַנד. ענדליך האָבען הונדערט זעכציג פון זייערע מענשען
זיך בעזעצט אין ווינלאַנד מיט דעם צוועק צו גרינדען א קאָלאָניע.

דיא האַלב־ווילדע מענשען פון ווינלאַנד האָבען מיט דיא קאָלאָ־
ניסטען מיט פערגניגען זיך געביטען א טהייערע פעלכיל פאר א שטי־
קעל רויטע טוך, וועלכע זיי האָבען אַרומגעבונדען אַרום קאָפּ אַלס א
ציערונג. און וויא דיא נאָרוועגער האָבען געזעהן, אז דיא רויטע טוך
האַלט אין אויסגעהן ביי זיי, האָבען זיי דאָס צושניטען אויף שמאָלינקע
פּאַסיקלעך, אָבער דיא האַלב־ווילדע האָבען פאר אזא פּאַסיקעל אויך
געצאָהלט מיט טהייערע פוטער־וואַרג. ווען דיא ווינלאַנדער האָבען
געזעהן ווי א האַק האַקט האָלץ זיינען זיי ענטציקט געוואָרען. ווען
זיי האָבען אָבער געפּרופט מיט איהר האַקען א שטיין און דער שאַרף

איז אָבגעבראָכען געוואָרען, האָבען זיי דיא האַק אוועקגעוואָרפען מיט פעראַכטונג. דיא קאָלאָניסטען האָבען געבראַכט מיט זיך קיה, אָקסען, שעפּסען און ציעגען, ווייל דאָרטען זיינען קיין בהמות ניט געווען. איין מאָל, ווען אַ קאָמפּאַניע פון דיא האַלב־ווילדע זיינען געשטאַנען און געביטען פוטער־וואַרג אויף שטיקלעך טוך, איז אַן אָקס ארויסגע־לאָפען שרייענדיג. דיא גאַנצע קאָמפּאַניע איז זיך דאַן צולאָפען, ניט טויט ניט לעבעדיג, פון שרעק. פון דענסמאָל אָן, ווען דיא נאָר־וועגען פלעגען מיט זיי האָבען אַ געשלעג, פלעגען זיי פאַראויס ארויס־שיקען אַן אָקס.

דאָך האָבען דיא קאָלאָניסטען געהאַט גרויסע צרות פון זייערע ניט־ציוויליזירטע שכנים, און עטליכע פון זיי זיינען פון זייערע הענט געפאַלען טוידט. עס איז געווען אַ שווערער קאַמפּף. דאָס לעבען איז געווען אין שטענדיגען געפאַהר, ביז ענדליך האָבען דיא ווייסע אויפגעגעבען דיא קאָלאָניע און זיך אומגעקעהרט נאָך גרינלאַנד, און פון דער גאַנצער אונטערנעהמונג איז גאָר ניט געוואָרען.

קיין אויפמערקזאַמקייט האַט ווינלאַנד ניט געצויגען אַפילו צווי־שען דיא נאָרוועגען. וואָס אָנבעטרעפט דיא אַנדערע אייראָפּעאישע נאַציאָנען, האָבען זיי איבערהויפּט גאַנץ ווייניג געוואוסט, וואָס עס טהוט זיך ביי דיעזע נאָרד פעלקער. דיא פערבינדונג איז דאַן געווען צו שוואַך אַפילו צווישען דיא מדינות, וואָס זיינען געשטאַנען אויף דער שפּיצע פון האַנדעל און ציוויליזאַציאָן. מיט דיא ווייטע, ווייניג־ענטוויקעלטע צפון־לענדער איז דיא שייכות געווים געווען ניט קיין גרויסע. היינט פון וואַנען האַט מען געזאָלט וויסען, אַז אַ גרופּע נאָר־וועגער פון גרינלאַנד האָבען געפונען אַ נייע לאַנד?

דער עיקר איז אָבער ניט דאָס. ווען דיא אומשטענדען וואָלטען געווען אַזעלכע, אַז אַזאַ ענטדעקונג וואָלט וויכטיג געווען, וואָלט מען זיך שוין פריהער־שפּעטער דערוואוסט און פעראינטערעסירט. אַזעלכע אומשטענדען זיינען אָבער דאַן ניט געווען. נאָך מעהרער: דיא אומ־שטענדען זיינען געווען אַזעלכע, אַז אַפילו ווען מען וואָלט יאָ געוואוסט, אַז צו מערב איז צווישען אייראָפּא און אזיען פאַראַן אַ גרויסער קאָנ־טינענט, וואָלט אויך דערפון גאָר ניט ארויסגעקומען. מען וואָלט מיט דעם פאַקט איינפאַך ניט געקענט זיך בענוצען, אַפילו ווען מען וואָלט

געוואָלט. דער האַנדעל איז געווען ווייניג ענטוויקעלט. דער פער־קעהר איז געווען שוואַך. דיא קונסט פון פאָהרען איבער'ן ים האָט זיך דעריבער געפונען אין אַ זעהר שוואַכען צושטאַנד. אַפילו שפּעטער, ווען עס איז ערפונדען געוואָרען דער קאָמפּאַס האָט מען אַ היבשע צייט מיט דעם זיך ניט בענוצט, ווייל דער מסחור איז נאָך ניט געווען גרויס גענוג צו שאַפען אַ פּראַקטישע בעדירפניס אין דיזען אינסטרומענט, וועלכער גיט דיא מעגליכקייט דעם שיפס־קאַפּיטאַן צו געפינען דעם וועג ווייט פון אַ ברעג. בלויז דער פאַרגרעסערטער האַנדעלס־פער־קעהר ביי דעם ענד פון דעם 13טען יאָהר־הונדערט האָט דעם קאָמפּאַס איינגעפיהרט אין דעם פּראַקטישען געברויך. דער אַבערגלויבען איז אַפילו דאַן אויך געווען אַזוי גרויס, אַז מען האָט געמיינט דאָס אַן אונרייינער כשוף שטעקט אין דיזען שטיקעל אייזען, וועלכע קעהרט זיך פון זיך אַליין אין צפון זייט. דיא נויטה, וועלכע ברעכט אייזען, האָט געצוואונגען דיזע שטיקעל אייזען אָנצונעהמען. אין לייף'ס צייטען אָבער איז אַזא נויטה נאָך ניט געווען, און פון דעם קאָמפּאַס האָט מען נאָך ניט געוואוסט. זיך אַוועקצולאָזען אויף אַ ווייטע ים־רייזע איז דאַן געווען אַ פיעל־פיעל שווערערע זאַך, וויא אין קאָלומבוס'עס דור, ווען דער מיטעללענדישער ים איז געווען פול מיט האַנדעלס־שיפען פון דיא פערשיעדענסטע געגענדען, שיפען מיט קאָמ־פּאַסען מיט געניטע קאַפּיטאַנען. קאָלאָניזירען ווייטע נייע לענדער איז אין דעם צעהנטען יאָהר־הונדערט געווען אַזוי גוט וויא אונמעגליך. און קיין בעזונדערע נויט אין אַזעלכע לענדער איז אויך ניט געווען. אין אַזיען האָט מען זיך נאָך ניט שטאַרק גענויטיגט, ווייל צו איהרע פּראָדוקטען איז מען נאָך אין אייראָפּאַ ניט געווען שטאַרק צוגעוואוינט. אַ חוץ דעם: מען פלעגט אַהין קענען צוקומען דורך יבשה, און קיינע טאָטערען אָדער טערקען האָבען דאָרטען דעם האַנדעל נאָך ניט גע־שטערט. דער אַטלאַנטישער אָקעאַן, וויעדער, „דער ים פון פינסטער־ניש“, האָט פיעל מעהר געשראָקען ווי אינטערעסירט.

אויב דיא נאָרד־פעלקער זיינען געווען כוואַטסקע שיפס־לייט זיינען זיי דאָס געווען אַלס פּיראַטען, ים־גזלנים, אָדער מלחמה־האַלטער. מיט האַנדעל האָט דאָס געהאַט ווייניג צו טהאָן.

קורץ, ווען קאָלומבוס וואָלט געלעבט אין דיא צייטען פון לייף, וואָלט איהם זיין פּלאַן אויפ'ן זינען ניט אַרויפגעקומען, און ווען ער

וואָלט שוין יאָ געהאַט אַזאַ פּלאַן און וואָלט ענטדעקט אַמעריקאַ, וואָלט דאָס אויך ניט געפיהרט צו קיין רעזולטאַטען. אַמעריקאַ וואָלט גע־בליבען אונבעוואוסט און אונבעקאַנט.

לייף'ס ענטדעקונג איז געווען ניט מעהר ווי אַ צופאַל — אַ צופאַל, וועלכער האָט קיין באַדען ניט געהאַט אין דער דאַמאָלסדיגער עקאָנאָ־מישער לאַגע פון אייראָפּאַ. דעריבער האָט זיא זיך געענדיגט מיט גאָר ניט, האָט קיינעם ניט אינטערעסירט און איז אין גאַנצען פערגע־סען געוואָרען.

אָבער, וויא דיא מעשה איז, — איינער אַ ל י י ף האָט אין דעם יאָהר 1000 געפונען אַמעריקאַ, און דער פאַקט איז שפּעטער פערציי־כענט געוואָרען אין דיא שריפטען פון איסלאַנד. דיא פראַגע איז אַלזאָ, צו קאָלומבוס האָט דערפון ניט געוואוסט. דיא וואָס זיינען חושד, אַז יאָ, צייגען אָן אויף דעם וויכטיגען פאַקט, אַז ער האָט אַ מאָל געמאַכט אַ רייזע אַ סך ווייטער צו צפון־צו וויא ענגלאַנד, און מען רעכענט, אַז ער האָט בעזוכט דעם אינזעל איסלאַנד. זיי גלויבען דעריבער, אַז זייענדיג דאָרטען האָט ער געהערט פון דיא אַלטע שריפ־טען, וואו עס ווערט דערצעהלט וועגען ע ר י ק  ד ע ם  ר ו י ט ע ן מיט זיין קאָלאָניע אין גרינלאַנד און פון זיין זוהן מיט זיין „ווינלאַנד“.

דיא בעסטע פאָרשער שיינקען אָבער דיעזער טהעאָריע זעהר וועניג אויפמערקזאַמקייט. אויב קאָלומבוס האָט געמאַכט אַזאַ רייזע צו איסלאַנד, האָט דאָס ניט געקענט זיין פריהער וויא אין 1477 און טאָסקאַנעללי'ס צוויי בריעף זיינען צו איהם געשריעבען געוואָרען אַרום 1474. פון דיא זעלבע בריעף זעהט מען, אַז דער פּלאַן דורכצופאָהרען דיא ברייט פון דעם אַטלאַנטישען אָקעאַן איז ביי קאָלומבוס'ן שוין דאַן געווען פעסט בעשטימט. מען זעהט דאָס פוןביידע בריעף. אַז דאָס צייגט דער ערשטער, האָבען מיר שוין געוויזען. אין דעם צוויי־טען שרייבט טאָסקאַנעללי צו קאָלומבוס'ען: ....„אייער פּלאַן צו פאָה־רען אין מזרח דורך מערב נאָך דער קאַרטע נאָך, וואָס איך האָב אייך געשיקט, בעטראַכט איך אַלס אַ נאָבעלען און גרויסאַרטיגען פּראָיעקט... עס איז מיר אַנגענעהם צו זעהן, אַז איהר האָט מיר ריכטיג פערשטאַנען, און אַז דיא רייזע איז ניט בלויז אַ מעגליכקייט, נאָר אויך אַ בעשטימטע זאַך...“

אַ צווייטער וויכטיגער אַרגומענט בעשטעהט אין פאָלגענדעס:

ווי באַלד לייף האָט געפונען אַ פּלאַץ אַרום דעם היינטיגען באָסטאָן, — דאַן, אויב קאָלומבוס האָט דאָס געהאַט אין זינען, טאָ ווארום האָט ער זיין רייזע געציעלט אין אַ גאַנץ אַנדער ריכטונג, — צו צענטראַל אַמעריקאַ צו? דיעזע רייזע זיינע האָט געשטימט מיט טאָסקאַנעללי׳ס קאַרטע. ווען ער וואָלט געוואוסט פון ווינלאַנד, וואָלט ער נאָך דער קאַרטע פון דעם אַלטען געלעהרטען ניט געגאַנגען.

מען גיט אָן נאָך אייניגע אַרגומענטען געגען דעם אויבען־דער־מאָהנטען חשד. דיא אונטערשטע שורה איז, אַז עס ווערט אַלגעמיין אָנגענומען, אַז ער האָט פון לייף׳ס ענטדעקונג ניט געוואוסט, און אַז ער האָט וועגען דעם אַטלאַנטישען אָקעאַן געוואוסט אַזוי פיעל און אַזוי וועניג וויא טאָסקאַנעללי. און אַזוי איז ער געשטאָרבען, ניט וויסענדיג, אַז אייראָפּעער האָבען אַ מאָהל שוין בעזוכט דיא לאַנד, וועלכע ער האָט ענטדעקט. וואָרים פון דיא אויבען־דערמאָהנטע איסלאַנדישע שריפטען איז מען אין אייראָפּא געוואָהר געוואָרען ערשט אַ סך שפּעטער.

עס זיינען פאַראַן מעשיות וועגען אַנדערע פעלקער, וואָס האָבען בעזוכט אַמעריקאַ אַ סך פריהער פאַר קאָלומבוס׳ען — אַז דיא כינעזער, צום ביישפּיעל, זיינען אַהין פערשלעפּט געוואָרען פון ווינטען איבער דעם שטילען אָקעאַן, אַז אירישע זיינען פערטראָגען געוואָרען איבער׳ן אַטלאַנטישען אָקעאַן. דאָס זיינען אָבער בלויז מעשות, קיין בעווייזע זיינען אויף דעם ניטאָ, און קיין היסטאָרישען ווערטה האָבען זיי דעריבער ניט.




מזרח העמיספער

IX.

## קאָלומבוס הייבט אָן פאָרצולעגען זיין פלאַן פאַר קעניגע.

קאָלומבוס'עס פלאַן ווערט איבערגעגעבען צו צוויי אידישע געלעהרטע און אַ גלח. — מען פרופט בעשווינדלען קאָלומבוס'ען. — קאָלומבוס אַנט־לויפט נאָך שפּאַניען. — וויא וויים ער האָט געהאַט פּאָרטוגאַל צו דאַנקען פאַר זיין פלאַן. — קאָלומבוס'עס פלאַן און דיא אידען פון שפּאַניען.

קאָלומבוס האָט פעסט בעשלאָסען זיין פלאַן דורכצופיהרען. דיא אויפגאַבע איז געוואָרען זיין גאַנצער לעבען. ער איז אָבער געווען אַן אָרימאַן און צו אַזאַ אונטערנעהמונג — צוצוגרייטען עטליכע שיפען אויף אַזאַ ווייטע און סמיעלע רייזע — האָט זיך געפאָדערט אַן אייגענס. היינטיגע צייטען וואָלט אַ קאַפּיטאַליסט דאָס אפשר בעטראַכט אַלס אַ גוטע געשעפטס־אונטערנעהמונג. דאַן אָבער זיינען קאַפּיטאַליסטען אַזוי צו שטעלען זייער געלט אין קאָן נאָך ניט געוואוינט געווען. בלויז אַ רעגיערונג וואָלט געקענט שטיצען אַזאַ וויכטיגען און אַזאַ ריזיקאַלישען פּראָיעקט. קאָלומבוס האָט דעריבער זיך גענומען ווענדען צו קעניגע.

דער ערשטער קעניג, וועמען ער האָט פאָרגעשלאָגען זיין פלאַן, איז נאַטירליך געווען דער פּאָרטוגעזישער — יאָאַן דער צווייטער, דער זוהן פון אַלפאָנסאָ דעם 5־טען. ערשטענס האָט קאָלומבוס דאָרטען געוואוינט. צווייטענס האָט האָך פּאָרטוגאַל מיט עהנליכע פאָרשונגס־רייזעס זיך בעשעפטיגט שוין פון פרינץ העינריק'ן אָן. זיא איז געווען דיא איינציגע לאַנד, וואָס האָט זיך געלאָזט קאָסטען מאַסען געלט און ענערגיע אויף זוכען אַ נייעם וועג נאָך אינדיען.

איינציגע היסטאָריקער האַלטען זיך ביי דער מיינונג, אַז ער האָט זיך פריהער געווענדעט צו זיין אייגענער שטאָדט גענוא און צו ווע־נעציע. אַזוי לויטעט אַ געוויסער בעריכט. און ווען קאָלומבוס וואָלט טאַקע אַזוי געטהאָן, וואָלט אויך ניט געווען אוננאַטירליך. מען קען זיך פאָרשטעלען, אַז איהם וואָלט אַנגענעהמער געווען, ווען דיא רעזול־

טאַטען פון זיין עקספּעדיציע זאָל געניסען זיין געבורטס־שטאָדט אָדער וועניגסטענס ווענעציע — אַן אַנדער איטאַליענישע שטאָדט. צוויי־טענס, זיינען זיי געווען דיא גרעסטע האַנדעלס־שטעדט אין אייראָפּאַ, און זיי האָבען אַם שטאַרקסטען געליטען פון דעם, וואָס דיא טערקען האָבען אָבגעשניטען דיא אַלטע וועגען צו אינדיען. זיי האָבען זיך אַם שטאַרקסטען גענויטיגט אין אַ נייעם וועג אַהין.

קיין בעווייזע אָבער, אַז קאָלומבוס האָט זיך צו דיעזע צוויי רע־פּובליק־שטעדט געווענדעט מיט זיין פּראָיעקט קען מען אין ערגעץ ניט געפינען. און דיא בעסטע היינטיגע היסטאָריקער צווייפלען, אויב דער דערמאָהנטער בעריכט איז אמת.

אַז ער האָט כלאָפּאָטשעט וועגען שטיצע אין דעם פּאָרטוגעזישען הויף — דאָס צו בעווייזען איז פאַראַן גענוג היסטאָרישער מאַטעריאַל. ער וואָלט זיך מסתמא געווענדעט צו דער דאָרטיגער קרוין, ווען אַל־פאָנסאָ דער 5טער האָט נאָך געלעבט, וואָרים דאַן האָט ער דאָך פון טאָסקאַנעללי ערהאַלטען דיא צוויי בריעף, וועלכע וויייזען, אַז דער פּלאַן איז שוין ביי איהם געווען אַ פעסט־בעשטימטע זאַך. אָבער צוקומען צו קעניגע איז ניט קיין לייכטע זאַך, אָבוואָהל דאַן איז דאָס געווען פיעל גרינגער וויא היינט. דערצו נאָך דאַרף מען ניט פערגעסען, אַז, ווען קאָלומבוס האָט פון דעם פלאָרענטינער געלעהרטען ערהאַלטען דיא בריעף, איז אין פּאָרטוגאַל ניט געווען קיין גינסטיגע צייט פאַר איהם. אַלפאָנסאָ דער 5טער איז דאַן געווען פערפּלאָנטערט אין אַ שווערע מלחמה, און דאָס, וויא מיר האָבען שוין בעמערקט, איז געווען איינע פון דיא אורזאַכען, וואָרום ער האָט אַליין זיך ניט בענוצט מיט דעם בריעף, וואָס טאָסקאַנעללי האָט פון זיינ'ס וועגען געשריעבען צו זיין הויף־גלח מאַרטינעז'ען.

עס איז אַוועק אַ יאָהר נאָך אַ יאָהר. ריכטיג, וואָס מיט קאָלומ־בוס'ען איז אין דיעזע צייט פאָרגעקומען, קען מען ניט וויסען. זיינע אייגענע בריעף, וואָס ער האָט וועגען דיעזען פעריאָד שפּעטער גע־שריעבען צו פערשיעדענע פּערזאָנען, ווידערשפּרעכען זיך. איין זאַך איז קלאָהר: קאָלומבוס האָט אין דיעזע עטליכע יאָהר פאָרטגעזעצט זיינע ים־רייזעס; ער איז געפאָהרען נאָך אַפריקאַ און אין אַנדערע גע־גענדען. זיין אויבען־דערמאָהנטע רייזע צום צפון פון אייראָפּאַ, וואו מען גלויבט, אַז ער האָט בעזוכט דעם אינזעל איסלאַנד, האָט ער

געמאַכט אין 1477. צו דעם פּאָרטוגעזישען קעניג איז ער צוגעקומען אונגעפעהר צווישען 1482 און 1484, נאָך זיין צפון־רייזע.

עס איז פאַראַן אַ מיינונג, אַז ער האָט פון טאָסקאַנעללי׳ן קיין בריעף קיין מאָל ניט ערהאַלטען, — אַז דיעזע בריעף זיינען פאַבריצירט געוואָרען שפּעטער, פון זיינע יורשים, אום צו ווייזען, אַז דעם פּלאַן צו פאָהרען אין מזרח דורך מערב האָט ער נאָך געהאַט אין 1474, דאָס הייסט איידער ער האָט געמאַכט זיין צפון־רייזע. אויב דיעזע בעשולדיגונג וואָלט געהאַט אַ מַמשות, וואָלט דאָס געווען אַ שטיצע פאַר דעם חשד, דאָס ער האָט אין איסלאַנד געהערט וועגען ווינלאַנד.

אָבער דער פערדאַכט, אַז טאָסקאַנעללי׳ס בריעף צו איהם זיינען פאַבריצירטע, ווערט פון געלעהרטע אוועקגעמאַכט מיט דער האַנד, פונקט וויא דער פערדאַכט, אַז ער האָט אין איסלאַנד זיך דערוואוסט פון לייף׳ס אַמעריקאַנער קאָלאָניע.

צו אַזוי, צו אַזוי — אונגעפעהר אַרום 1484 האָט מען איהם צו־געלאָזען צו דעם קעניגליכען פּאַלאַץ פון ליסאַבאָן, צו יאָאַן דעם צוויי־טען. דיא מלחמה איז שוין געווען געענדיגט, און דער נייער קעניג האָט זיך ענערגיש גענומען פאַר די אַפריקאַנישע עקספּעדיציעס, וועלכע זיינען אָנגעפאַנגען געוואָרען פון זיין אָנקעל, פּרינץ הענריק, און וועלכע זיין פאָטער קעניג אַלפאָנסאָ האָט פאַרטגעזעצט. פּאָרטוגעזישע שיפען האָבען דאַן שוין געהאַט דערגרייכט ווייטער פון דעם עקוואַטאָר. באַר־טהאָלאָמיי דיאַזע׳עם רייזע אַרום דעם דרום־שפּיץ פון אפריקא, אַרום דעם „קאַפּ פון גוטע האָפנונג“, האָט אָבער נאָך דאַן ניט שטאַטגע־פונדען.

וואָס פאַר אַ כאַראַקטער האָט געהאַט דער קעניג, צו וועלכען קאָלומבוס איז געקומען מיט זיין פאָרשלאַג? פיעלע היסטאָריקער, — אַזאַ דענקער וויא דזשאָהן פיסק אַריינגערעכענט, — שטעלען יאָאַן דעם צווייטען פאַר אַלס אַ געוויסענהאַפטען מענשען. מען דאַרף אָבער נור לעזען,, וויא אַזוי ער איז זיך בעגאַנגען מיט דיא אידען און טאַקע מיט קאָלומבוס׳ען גופא, אום צו זעהן, אַז אַזאַ פאָרטרעט האָט װעניג עהנליכקייט צום אָריגינאַל. ווען ער וואָלט דיא אידען בלויז געפּייניגט, וויא ער האָט דאָס ווירקליך געטהאָן אויף דעם האַרצלאָ־זעסטען אופן, וואָלט מען דאָס געקענט ערקלעהרען מיט רעליגיעזע האַס. ער האָט זיי אָבער בעהאַנדעלט וויא אַ מעלקעדיגע קוה; ער

האָט זיך מיט זייער טראַגי׳שע לאַגע בענוצט, אום פון זיי גאָלד אויס־צופּרעסען. אין דיעזער בעציהונג איז ער געווען אַ גייסטיגער צווילינג פון קעניג פערדינאַנד פון שפּאַניען, וועלכער האָט אין דער אינקוויזיציע און אין דיא אַרויסטרייבונג פון דיא אידען ניט געזעהן קיין אַנדער זאַך, וויא אַ שטראָם פון אָנגערויבטע גאָלד פאַר זיך. גאָלד־גייץ, אַ גראָבער עגאָאיזמוס און דיא נידעריגסטע ביטערקייט — דאָס זיינען דיא כאַראַקטער־שטריכען וועלכע לאָזען זיך זעהן אַם דייטליכסטען, צו איהר שטודירט דיא פערזאָן פון יאָאַן דעם 2טען אין זיינע בע־ציהונגען צו דיא אידען, צו איהר שטודירט איהר אין זיינע בעציהונגען צו קאָלומבוס׳עס פּלענער און ענטדעקונגען.

זיין מערדערליכקייט צו אידען בכלל האָט איהם ניט געשטערט צו זיינע צוועקען זיך צו בענוצען מיט אידישע פעהיגקייטען. מיר האָ־בען שוין אויבען דערצעהלט, אז דער בעריהמטער יצחק אברבנאל איז אין אַלפאָנסאָ דעם 5־טען׳ס צייט געווען אַ קעניגליכער פינאַנסיסט אין דעם פּאָרטוגעזישען הויף, און אז אין יאָאַן דעם 2־טען׳ס רעגיערונג איז ער געצוואונגען געווען צו פערלאָזען פּאָרטוגאַל. אברבנאל׳ס לע־בען איז געווען אין געפאַהר, וויל מען האָט איהם בעשולדיגט, אז ער האָט געהאַט אַן אַנטהייל אין אַ קאָנספּיראַציע וואָס זיין פריינד, דער הערצאָג פון בראַגאַנץ, אַ הויכער פּעכטיגער אַריסטאָקראַט, האָט גע־מאַכט געגען דעם קעניג. דער הערצאָג איז געשטאָרבען אויפ׳ן עשאַ־פאָט, און אברבנאל האָט זיך גערעטעט מיט דעם, וואָס ער איז אַנט־לאָפען נאָך שפּאַניען. (איבערהויפּט זיינען קאָנספּיראַציעס מיט דעם צוועק אַראָפּצואוואַרפען יאָאַן׳ען, צווישען דיא הויכע פּאָרטוגעזישע אַדעליגע ניט געווען קיין נאָווינע. ער איז געווען אַרומגערינגעלט מיט שונאים אין זיין אייגענעם הויף, אין זיין אייגענער פאַמיליע. — (זעה אויבען, זייטעל 130). ווען ניט דיעזע געשיכטע וואָלט ער מיט אברבנאל׳ס פעהיגקייטען אַלס פינאַנציסט זיך געוויס ווייטער בענוצט, וואָרים ער האָט דאָך ביי זיך אין הויף געהאַלטען אַנדערע אידען, וועלכע זיינען איהם ניצליך געווען: אידישע דאָק־טוירים און געלעהרטע, איהם צו קורירען און פאַר איהם צו מאַכען חשבונות צו דיא ענטדעקונגס־עקספּעדיציעס, וואָס ער האָט אַרויסגע־שיקט, אָדער צו העלפען פערבעסערען דיא אינסטרומענטען, וואָס זיי־נען צו דיעזע עקספּעדיציעס נויטהיג געווען. מיט דיא דאָקטוירים ר׳ יוסף

וועקינהא, און ראדריגא זיינען מיר שוין בעקאנט (זעה אויבען זייר־טעל 116). זיי זיינען געווען די גרעסטע אסטראנאמען און נעאגראר־פען אין פארטוגאל. אהן אידישע דאקטוירים איז אייגענטליך דאן אונמעגליך געווען אויסצוקומען, ווייל דיא מעדיצין איז דאך כמעט אין גאנצען געלעגען אין אידישע הענט. כמעט יעדער קעניג, יעדער פירסט פלעגט האבען זיין אידישען ארצט. אפילו דיא גרעסטע גלחים אליין, וועמעס קלאס האט פערפאלגט דיא אידישע דאקטוירים, ווייל זיי האבען זיי געשאדט צום געשעפט (זעה אויבען זייטעל 40). אפילו זיי פלעגען זיך היילען ביי אידישע דאקטוירים. אזוי איז דאס געווען שוין עטליכע יאהר־הונדערטע. דרייפער רופט אן דעם רמב"ם דער גרעסטער ארצט אין זיין צייט און רש"י — דער גרעסטער ארצט אין פראנקרייך. אפט פלעגט דער דאקטאר אויך זיין דער רב פון שטאדט. פון זיין רבנות פלעגט ער אבער מייסטענס קיין איינקונפט ניט ציהען. זיינע לעבענס־מיטלען האט ער פערדיענט פון זיין מעדיצינישע פראָ־פעסיאן. דיעזע אידישע דאקטוירים פלעגען אין פארטוגאל און אין שפאניען זעהר אפט זיין גרויסע לומדים אין דער גריכישער ליטעראטור, מאטהעמאטיק און אסטראנאמיע אזוי גוט וויא אין גמרא.

קאלומבוס איז אלזא פארגעקומען פאר יאאן דעם צווייטען. ווען ער האט ערקלעהרט, וואס פאר א רייזע ער וויל אונטערנעהמען און וואס ער האפט מיט איהר אויפצוטהאן, האט דער קעניג דיא פראגע איבערגעגעבען צו א קאמיטע פון דריי, דיא צוויי אידישע געלעהרטע הויף־דאקטוירים וועקינהא און ראדריגא, און דעם הויפט־גלח פון סעוטא — דיא מורינישע שטאדט, וואס דיא פארטוגעזער האבען ערָאבערט אויף יענעם זייט גיבראלטאר־שטראססע.

דיא ערשטע צוויי האבען זיך אויסגעשפראכען געגען קאלומ־בוס'עס פראיעקט, אלס אונפראקטיש, און דער גלח איז מיט זיי איינ־פערשטאנדען געווען. ווען דער קעניג האט אויסגעהערט זייער בע־ריכט, איז ער געווען אי צופריעדען, אי ניט. אין גרונט האט קאלומ־בוס'עס געדאנק איהם געערגערט: שוין א יאהר 60 וויא פארטוגאל זוכט א וועג צו אינדיען ארום אפריקא, מאכט פארטשריטע דערביי און ערוואַרט באלד צו האבען א פאלשטענדיגען ערפאלג, און דא קומט דיעזער ארימער איטאליענישער אימיגראנט און שלאגט נאר פאר א

גאַנץ נייעם וועג, אַלס אַ קירצערען און בעסערען. מעהר פון אַלץ האָט דעם קעניג געערגערט קאָלומבוס'עס שטאָלצע האַלטונג און זיינע אונגעהויער־הויכע פאָדערונגען: ער האָט ניט אַנדערש געוואָלט דעם טיטעל פון וויצע־קעניג און אַדמיראַל און אַ גרויסע טהייל פון אַלע פּראָפיטען פון דיא ניי־ענטדעקטע לענדער. יאָאַן'ען האָט זיך פּשוט געוואָלט אַז דער פּלאַן פון דיעזען „שטאָלצען בעטלער" זאָל קיין ממשות ניט האָבען. פון דער אַנדערער זייט אָבער האָט ער זיך ניט געקענט בעשליסען קאָלומבוס'ען אַרויסצולאָזען פון האַנט, — טאָמער נעהמט אַן אַנדער קעניג אָן דעם פאָרשלאַג און טאָמער געפינט ער טאַקע אַ קורצען וועג צו אינדיען.

ער האָט דיא פראַגע דעריבער איבערגעגעבען צו אַ צווייטען קאָמיטעט — צו אַן אַסיפה פון זיינע ראטה־געבער, וועלכע ער האָט בעאויפטראַגט גרינדליך צו בעטראַכטען, אויב ער זאָל מאַכען וויטערע עקספּעדיציעס אַרום אַפריקאַ אָדער שיקען קאָלומבוס'ען אויף אַ רייזע איבער דער ברייט פון דעם אַטלאַנטישען אָקעאַן. אויף דיעזער אַסיפה האָט דער דערמאָהנטער גלח (דיעגאָ אָרטיז האָט ער געהייסען) צוערשט גערעדט דאַגעגען; אָבער זעהענדיג, אַז דער קעניג האָט קיין חשק ניט אַוועקצולאָזען קאָלומבוס'ען, האָט ער פאָרגעשלאָגען אַ גנב'ישען פּלאַן: צו פערהאַלטען קאָלומבוס'ען און פאַרציהען דיא פראַגע, און דערווייל בשתיקה אַוועקשיקען אַן עקספּעדיציע איבער קאָלומבוס'עס מאַרשרוט. אויב קאָלומבוס'עס געדאַנק איז אַ ריכטיגער, וואָלט דיא פאָרטוגעזישע רעגיערונג אַליין געהאַט דיא גאַנצע עהרע און דיא אַלע מאַטעריעלע נוצען, וואָס דיא רייזע וואָלט געבראַכט. קאָלומבוס האָט געפאָדערט אַ גרויסע בעלוינונג פאַר זיך מיט אַ גרויסען טיטעל; דאָס אַלץ וואָלט דער קעניג פערשפּאָרט איהם צו געבען.

אַז יאָאַן דער צווייטער איז געוועזן וויט פון צו זיין אַן עהרענ־מאַן — אויף דעם האָבען מיר אין דיעזען פאַל אַ גוטען ביישפּיעל. ער האָט דעם גלח'ס פאָרשלאַג ניט צוריקגעשטויסען, אַלס אונאַנ־שטענדיג. ער האָט איהם אָנגענומען. ביי קאָלומבוס'ען האָט מען דאַן געבעטען, ער זאָל ווייזען זיינע רייזע־פּלענער, כלומרשט אום מען זאָל זיי בעטראַכטען און זעהן, אויב זיי האָבען אַ ממשות. אין אמת'ן אָבער האָט מען גלייך אַוועקגעשיקט אַ שיף איבער דעם אַטלאַנטישען ים. געזאָגט האָט מען, אַז דיא שיף פאָהרט צו געוויסע אינזלען.

איהר קאפּיטאַן האָט אָבער געהאַט אַ סעקרעטנעם בעפעהל צו פאָהרען נאָך קאָלומבוס'עס רייזע־פּלאַן. אָבער דער שיפס־קאפּיטאַן האָט דעם בעפעהל ערפילט אָהן שום חשק, און דיא גאַנצע געשיכטע האָט זיך אויסגעלאָזען מיט אַ לעבערליכע נידערלאַגע. נאָך דעם וויא דיא שיף איז אָבגעווען אויפ'ן וואַסער עטליכע טעג, האָבען זיך דיא מאַטראָזען דערשראָקען, און דער קאָמאַנדיר האָט אפילו ניט געפּרופט זיי בערוהיגען. קורץ, זיי האָבען זיך אומגעקעהרט נאָך ליסאַבאָן, וואו זיי האָבען אויסגעלאַכט קאָלומבוס'ען מיט זיין „טרוימערישען" מאַרשרוט.

ווען קאָלומבוס האָט זיך דערוואוּסט, וויא אַזוי דער קעניג האָט געוואָלט פון איהם גנב'ענען זיין פּלאַן, איז ער אויפגעבראַכט געוואָרען און איז אַוועק נאָך שפּאַניען.

דאָס איז געווען ביי דעם ענד פון 1484. אַוועקגעפאָהרען איז ער אין געהיים. דיא אורזאַכע דערפון איז ניט קלאָהר. איינינגע יאָהרען שפּעטער האָט דער פּאָרטוגעזישער קעניג איהם גערופען צוריק פערשפּרעכענדיג, אַז מען וועט איהם שענקען יעדען שטראָף, וואָס איהם קומט פאַר ציווילע און פאַר קרימינעלע זינד. אין וואָס ער איז גע־ווען בעשולדיגט, ווייס מען ניט. מען רעכענט, אַז דער קעניג איז געווען בייז אויף איהם, ווארום ער איז אַוועק צו אַן אַנדער רעגיערונג, און אַז אין דעם איז דאָס בעשטאַנען זיין פערברעכען. אויך גלויבט מען, אַז ער איז געווען שולדיג געלד און איז איינפאַך אַנטלאָפען פון זיינע בעל־חובות, וועלכע ער האָט ניט געהאַט מיט וואָס צו בעצאָהלען, ווייל צוליעב זיין פּלאַן איז איהם קיין אַנדער זאַך ניט געלעגען אין זינען.

קאָלומבוס האָט מיטגענומען זיין 9־יעהריגען זוהן דיעגאָ, וועה־רענד זיין פרוי און די אַנדערע צוויי קינדער זיינען פערבליבען אין פּאָרטוגאַל, וואו זיי זיינען אין אַ קורצע צייט אַרום געשטאָרבען.

אין שפּאַניען האָט זיך פאַר קאָלומבוס'ען אָנגעפאַנגען אַ לאַנגע סדרה פון צרות, ערוואַרטונגען, ענטוישונגען און נייע ערוואַרטונגען, ביז דאָרטען איז איהם ענדליך געלונגען צו פעראינטערעסירען דיא קרוין אין זיין פּלאַן. נור איידער מיר געהען איבער צו זיינע ער־פאַהרונגען אין שפּאַניען, איז ניט מעהר וויא רעכט זיך צו דערמאָ־נען, אַז וועהרענד נאָך שפּאַניען איז ער געקומען שוין מיט אַ פּאַרטיגען

פּלאַן, איז דיעזער פּלאַן גופא ביי איהם געבאָרען געוואָרען אין פּאָר־טוגאַל און צוליעב פּאָרטוגאַל. ווען ער וואָלט ניט געוואוינט אַזוי לאַנג אין פּאָרטוגאַל, וואו ער האָט געהייראטה, וואָלט וואהרשיינליך דער געדאַנק איהם אויפ'ן זינען ניט ארויפגעקומען. אָט זיינען דיא פער־שיעדענע פּונקטען, וועלכע בעווייזען, אַז זיין אידעע צו פּאָהרען אי־בער'ן אַטלאַנטישען אָקעאַן האָט ער געהאַט צו פערדאַנקען זיין אַנוועז־זענהייט אין פּאָרטוגאַל:

1) אין פּאָרטוגאַל האָט קאָלומבוס געהייראטה דיא טאָכטער פון פּערעסטרעלאָ, איינער פון פּרינץ הענריק'ס שיפּס־קאַפּיטאַנען, וועלכע האָבען אַנטהייל גענומען אין דיא ענטדעקונגס־רייזעס.

2) מיט זיין פרוי האָט קאָלומבוס אַ געוויסע צייט געוואוינט אויף דעם אינזעל פּאָרטאָ־סאַנטאָ, וואו פּערעסטרעלאָ איז אַ מאָל גע־ווען גובערנאַטאָר. פּערעסטרעלאָ איז שוין געווען טוידט. אָבער זיי־נע קאַרטען און רייזע־פּלענער האָבען זיך געפונען אין זיין הויז, און קאָלומבוס האָט דיעזע קאַרטען און פּלענער שטודירט. דאָס האָט איהם בעקאַנט געמאַכט מיט פיעלע איינצעלהייטען אין דער פראַגע וועגען אַ נייעם וועג נאָך אינדיען און איהם אין דיעזער פראַגע פער־אינטערעסירט.

3) דאָרטען אין פּאָרטאָ־סאַנטאָ פלעגען זיך אָפּשטעלען דיא פּאָר־טוגעזישע פּאָרשונגס־שיפען, וואָס זיינען געגאַנגען אויף זייערע רייזעס אַרום אַפריקאַ אָדער צוריק פון דיא רייזעס, און אַזעלכע עקספּעדיציעס זיינען דאָרטען געווען דער הויפּט־ענין פון דיא געשפּרעכען, וואָס קאָ־לומבוס האָט אַרום זיך געהערט.

4) ער האָט אַנטהייל גענומען אין איינינע פּאָרטוגעזישע עקספּע־דיציעס נאָך גינעא און האָט ביי דיא פּאָרטוגעזישע קאַפּיטאַנען גע־לערענט זייערע מעטהאָדען אין פיהרען אַ שיף.

5) אַ פּאָרטוגעזישער שיפּס־קאַפּיטאַן האָט קאָלומבוס'ען דער־צעהלט, אַז ווען זיין שיף איז פערטראָגען געוואָרען פון אַ ווינט אונ־געפעהר 1400 מייל פון דעם אַפריקאַנישען ברעג, אויף דעם אַטלאַנ־טישען אָקעאַן, האָט ער אין וואַסער געפונען אַ שטיק האָלץ, וואָס איז געווען געשניצט ניט מיט קיין אייזערנעם מעסער. איבערהויפּט האָט מען געקענט זעהן, אַז דאָס איז דיא אַרבייט פון אַן אונבעקאַנטען פאָלק, און דיא שטיק האָלץ האָט דער ווינט דאָ געבלאָזען פון מערב זייט.

דיא מאַטראָזען זיינען דעריבער געווען איבערצייגט, אַז דאָס קומט פון א ווייטען אונבעקאַנטען אינזעל.

6) זייענדיג אין פּאָרטאָ סאַנטאָ האָט קאָלומבוס פון זיין שוואָגער פּעדראָ קאָררעא געהערט, אַז לעבען דעם מאַדעירא־אינזעל האָט מען געפונען נאָך אַזעלכע געשניצטע שטיקלעך האָלץ.

7) קאָררעאָ האָט איהם אויך דערצעהלט, אַז מאַטראָזען האָבען אין דעם אַטלאַנטישען ים געפונען גרויסע סוקעוואַטע פּוסטע שטע־קענס, אַזעלכע דיקע, אַז צווישען איין סוק און דעם אַנדערען האָט מען געקענט האַלטען ניין פלאַשען וואַסער, און אַז אַזעלכע שטעקענס וואַקסען אין אינדיען.

8) דיא קאָלאָניסטען וואָס האָבען געוואוינט אויף דיא אַזאָר־אינזלען האָבען דערצעהלט, אַז דער אַטלאַנטישער אָקעאַן האָט צו זייער ברעג צוגעטראָגען בוימער פון אַן אונבעקאַנטען מין. אַלזאָ הייסט עס, אַז אַ ווינט האָט זיי געבראַכט פון אַ לאַנד, וואָס געפינט זיך אויף יענער זייט.

9) אויך האָבען זיי דערצעהלט, אַז צו זייער ברעג האָט דאָס וואַ־סער צוגעטראָגען דעם קערפּער פון אַ טויטען מענשען, מיט ניט קיין אייראָפּעאישע געזיכט.

10) טאָסקאַנעללי'ס בריעף צו מאַרטינעז'ען, דעם הויף־גלח פון אַלפאָנסאָ דעם 5טען, איז אָנגעקומען, ווען קאָלומבוס האָט זיך געפונען אין ליסאַבאָן. ער האָט געהערט פון דיעזען בריעף, און דעריבער האָט ער געשריעבען צו טאָסקאַנעללי'ן, און יענער האָט איהם צוגעשיקט דעם רייזע־פּלאַן, וויא צו פאָהרען נאָך אינדיען אין דער ברייט פון דעם אַטלאַנטישען אָקעאַן.

קאָלומבוס איז אַלזאָ אַוועקגעפאָהרען נאָך שפּאַניען פּאָרצולייגען זיין פּלאַן צו דער דאָרטיגער רעגיערונג. ווען ער איז אַהין אָנגעקומען, איז שוין יצחק אברבנאל געווען אַ וויכטיגער פינאַנסיסט *) ביי'ן קעניגליכען הויף, וואו ער איז געשעצט געווען און ער האָט געשפּיעלט

*) ביי אידען איז פערשפּרייט אַן איינדרוק, אַז ער איז געווען פינאַנץ־מיניסטער. אָבער, וויא עס שיינט, איז ער איינפאַך געווען אַ צינזען־פּאַד־ריאַדטשיק (קאָנטראַקטאָר).



**יצחק אברבנאל.**

(דיא ריכטיגקייט פון דיעזען פארטרעט איז היסטאריש ניט פעסט־געשטעלט. אבער אזוי מאלט מען איהם פון דור צו דור און מען גלויבט, אז דאס איז אברבנאל'ס געשטאלט).

דיא זעלבע ראָלע וואָס ער האָט פריהער געשפיעלט אין דעם קעניגליכען הויף פון פּאָרטוגאַל, זיין געבורטסלאַנד. דאָס הייסט אָבער ניט, אז דיא אידען האָט זיך אין שפּאַניען דאַן געלעבט רוהיג. מיט פיער יאָהר צוריק, אין 1480, איז דאָרטען געגרינדעט געוואָרען דיא אינ־קוויזיציע, און צעהנדליגע פון דיא רייכסטע און געבילדעטסטע איבער־גוואַלט גע'שמד'טע אידען (אנוסים), אָדער קינדער פון אזעלכע גע־שמד'טע, האָט מען פערברענט פאַר זייער פערבאָרגענער טרייהייט צו דער אידישער אמונה.

צווישען דער געשיכטע פון קאָלומבוס'עס ענטדעקונג פון אמע־ריקאַ און דער געשיכטע פון דיא שפּאַנישע אידען פון יענער צייט איז פאַראַן אַ דייטליכע שייכות. זיינע רייזעס צו דער נייער וועלט האָט ער געמאַכט אונטער דער שפּאַנישער פאָהן, און ווען ניט געוויסע אידען וואָלט דיא שפּאַנישע רעגיערונג זיין פאָרשלאַג ניט אָנגענומען. אויך האָבען אידען אַנטהייל גענומען אין דער אונטערנעהמונג אויף אנדערע ארטען. אָבער וועגען דעם שפּעטער. דאָ זיינען וויכטיג דיא בעציהונגען פון דער שפּאַנישער מלוכה צו דיא אידען בכלל, אַלס איי־נער פון דיא כאַראַקטער־שטריכען פון דער צייט וועגען וועלכע דאָ האַנדעלט זיך. דיא מורינען־פראַגע און דיא יודען־פראַגע זיינען דאַן געווען דיא צוויי הויפּט־פראַגען. זיי פערנעהמען דעם גאַנצען קאַפּי־טעל שפּאַנישע געשיכטע פון יענעם פערטעל יאָהר־הונדערט. אַלע היסטאָריקער פון קאָלומבוס'עס ענטדעקונג שטעלען זיך אָפּ אויף דיעזע צוויי ענינים — איינפאַך ווייל אָהן זיי קען מען ניט האָבען קיין בע־גריעף פון דער צייט, ווען דיא שפּאַנישע קעניגין האָט קאָלומבוס'ען געשיקט אויף זיין ענטדעקונגס־רייזע.

ווען קאָלומבוס איז אָנגעקומען נאָך שפּאַניען מיט זיין לעבענס־פּראָיעקט, האָט ער דאָרטען אלזאָ געפונען צעהנדליגע אידישע קינדער ברענענדיג אויף דיא שייטער־הויפענס פון דער אינקוויזיציע; און אין דעם זעלבען טאָג, ווען דער קעניג און דיא קעניגין האָבען אונטער־געשריעבען דעם קאָנטראַקט וועגען זיין היסטאָרישע אונטערנעהמונג, האָט מען איבער'ן גאַנצען לאַנד אויסגערופען דעם בעפעהל, אז אַלע אידען פון שפּאַניען, וואָס וועלען גלייך ניט אָננעהמען דיא קריסטליכע רעליגיאָן, מוזען פערלאָזען זייער געבורטס־לאַנד, אָדער געטוידטעט ווערען. און דיעזער בעפעהל איז אויסגעפיהרט געוואָרען מיט איין

טאָג פריהער וויא קאָלומבוס׳עם דריי שיפען זיינען אָבגעגאַנגען. דאָ־נערשטאַג, אוגוסט דעם צווייטען, 1492, האָט דיא אונגליקליכע אי־דישע בעפעלקערונג (העכער וויא 300 טויזענד פארשוין) זיך אוועק־געלאָזט איבער דער וועלט זוכען א נייע היים, און אויף מאָרגען (פריי־טאָג, אוגוסט דעם 3טען) האָט קאָלומבוס מיט נאָך 120 מענשען (צווי־שען זיי אויך עטליכע אידען) זיך אוועקגעלאָזט זוכען א קוואל פון גאָלד און מאכט פאר דעם אונזאטבארען שפּאַנישען הערשער. און מיר וועלען זעהן, אז דאָס, וואָס דיא צוויי פאקטען — דיא גרויסע אידישע טראַגעדיע און דיא ענטדעקונג פון אמעריקא — האָבען גע־טראָפען אין דער זעלבער צייט, איז ניט אָהן אַן אינערליכע בעדייטונג; מיר וועלען זעהן אז ביידע דיעזע היסטאָרישע פּאַסיהונגען האָבען ארויסגעשטאמט פון דער זעלבער אורזאכע: דיא גאָלד־זשעדנעקייט און מאכט־זשעדנעקייט פון קעניג פערדינאַנד און דעם גלחים קלאַס.

ווען קאָלומבוס איז געקומען אין שפּאַניען האָט ער דאָרטען גע־פונען א וויכטיגע מלחמה. דאָס איז געווען א קאַמפף געגען דיא מורינישע קעניגרייך גראַנאַדאַ, דאָס לעצטע וואָס איז איבערגעבליבען פון דער מאהאָמעדאַנישער הערשאפט אויף דעם פּירענייאישען האלב־אינזעל. און דיעזער דאָפּעלטער קאַמפף — געגען דיא מאהאָמעדאַנער און דיא אידען — האָט געהאט א שייכות צו דער שטעלונג וואָס דיא נעקרוינטע פּאָר פאָלק האָט גענומען צו קאָלומבוס׳עס פּלאַן. אום דער לעזער זאָל קענען פאר זיינע אויגען האָבען א בילד פון שפּאַניען אין דער צייט ווען דער וואַנדערער פון גענוא איז אַהין געקומען מיט זיין פאָרשלאַג, מוז ער צוערשט האָבען א בעגריעף וועגען דיעזע צוויי קעמפּפע.

X.

# אידען און מורינען אין שפּאַניען, ווען קאָלומבוס איז אַהין געקומען מיט זיין פּלאַן.

פערדינאַנד און זיין הייראַטה מיט איזאַבעללאַ'ן. — שחיטות אויף אידען און דיא געצוואונגענע משומדים. — דיא אינקוויזיציע. — דיא אַראַבער פריהער און דאַן. — דיא אידען צווישען דיא אַראַבער און דיא קריסטען.

וועלכען אידען זיינען דאָס ניט בעקאַנט דיא צוויי נעמען: פערדינאַנד און איזאבעללא? כמעט פון דער וויעגעלע אָן הערען מיר, אז אונזערע זיידעס האָבען אין שפּאַניען געהאַט אויסצושטעהן שרעקליכע מערדערייען פון אַן אַנשטאַלט, וועלכער הייסט אינקוויזיציע, און אַז דיא הערשער אונטער וועמען'ס „גילדערנע רוט" דיעזע אונמענשליכע הריגות זיינען בעגאַנגען געוואָרען זיינען געווען דיא אויבען־דערמאָהנטע קעניגליכע פּאָר־פּאָלק; ערשט דערנאָך, פּיעלייכט, דערוויסט זיך דער אידישער אינגעל, אז דיא זעלבע פּאָר־פּאָלק האָט דאָס געקעניגט, ווען קאָלומבוס האָט ענטדעקט אַמעריקאַ פאַר דעם שפּאַנישען טהראָן.

וואָס אָנבעטרעפט פערדינאַנד'ען, האָבען מיר דאָ איינעם פון יענע ביישפּיעלע פון דער אידישער געשיכטע, וואו עס איז מקוים געוואָרען דער ביבלישער ווערטעל: „דיינע צוברעכער און פערניכטער וועלען שטאַמען פון דיר אַליין." פערדינאַנד איז געווען אַן אור־אייניקעל פון אַ אידיש קינד. ווען ביי זיין פּאָטער, קעניג יואַן פון אַראַגאָן, איז געשטאָרבען זיין ערשטע פרוי, האָט ער געהייראַטה יואַנאַ, דיא טאָכטער פון אַן אַדמיראַל. דיעזע יואַנאַ איז געווען אַן אייניקעל פון פּאַלאָמאַ, אַ בעריהמטע אידישע שעהנהייט פון טאָלעדאָ. פון יואַנא'ס הייראַטה צו דעם קעניג איז דאָס געבאָרען געוואָרען פערדינאַנד, און שפּעטער, ווען ער האָט גע'ירש'ענט דעם טהראָן, האָט ער דאָס גע־האַט אין גאַנצען צו פערדאַנקען זיין מוטער. דער אמת'ער יורש איז געווען קאַרלאָס, קעניג יואַן'ס עלטערער זוהן (פון זיין ערשטע ווייב), וועלכער איז געווען מעהר בעליעבט אין לאַנד. אָבער פערדינאַנד'ס

מוטער, דיא אייניקעל פון אַ אידענע, — איז געווען אַ זעלטען־פעהיגע און ענערגישע פרוי און מיט פערשיעדענע אינטריגעס האָט זיא אויפ־געהעצט איהר מאַן געגען קארלאָס׳ן, אום דיא קרוין זאָל איבערגעהן צו איהר קינד. פון קארלאָס׳ען איז מען באַלד אין גאַנצען פּטור געוואָרען. מען האָט איהם פערגיפטעט. דאַן האָט אין אַראַגאָן אויסגעבראָכען אַן אויפשטאַנד געגען דעם קעניגליכען הויף. עס האָט אָבער קיין ממשות ניט געהאַט.

קעניג יואַן איז געווען גוט צו אידען. זיין הויף־ארצט איז געווען אַ איד. דאָס אַן און פאַר זיך איז קיין בעווייז ניט, וואָרים אָהן אידישע דאָקטוירים האָט מען דאַן איינפאַך ניט געקענט אויס־קומען; דערצו נאָך האָט דיעזער אידישער הויף־ארצט יואַן׳ען געראַ־טעוועט פון בלינדקייט. יואַן איז אָבער איבערהויפּט געווען פריינד־ליך צו זיינע אידישע אונטערטהאַנען, און ווען ער איז געשטאָרבען, האָבען זיי איהם בעוויינט מיט׳ן גאַנצען הארצען.

פאַר זיין טוידט האָט זיין זוהן פערדינאַנד, וועלכער איז איצט שוין געווען דער אָפּיציעלער נאַסליעדניק (יורש־עצר), געהייראַטה מיט פּרינצעסין איזאַבעללאַ פון קאַסטילליען — אַ שדוך, וועלכער איז דורכגעפיהרט געוואָרען דורך דיא הילף פון אידען.

מיר האָבען אויבען גערעדט פון פערדינאַנד׳ס פאָטער אלס דעם קעניג פון אַראַגאָן. מיר וועלען דעם לעזער דערמאָהנען, אַז דיא היינ־טיגע שפּאַניען איז נאָך דאַן ניט געווען פעראייניגט: זיא איז בע־שטאַנען פון עטליכע בעזונדערע קעניגרייכען, און איינע פון זיי איז געווען אַראַגאָן. אַ צווייטע פון דיעזע קעניגרייכען איז געווען ק אַ ס־ט י ל ל י ע ן, און איזאַבעללאַ האָט גע׳ירשן׳ט דעם קאַסטיללישען טהראָן פון איהרען אַ ברודער. קעניג יואַן האָט שוין לאַנג געטרוימט וועגען אַ פעראייניגונג פון דיא צוויי קעניגליכע פאַמיליען, דורך וועלכע עס זאָלען בעהעפט ווערען דיא צוויי מלוכות. צו איזאַבעללאַ האָבען זיך גע׳שדכן׳ט פּרינצען פון גרעסערע לענדער און דיא קאַסטיללישע אַריסטאָקראַטיע איז געווען געגען איהר הייראַטה מיט דעם אַראַגאָני־שען פּרינץ, וואָרים קאַסטיליען איז געווען אַ פיעל גרעסערע קעניגרייך וויא אַראַגאָן. איזאַבעללאַ׳ן איז ער אָבער געפעלען געוואָרען מעהר וויא אַלע אַנדערע חתנים. זיא האָט געהערט פון זיין אונערשראָקענ־הייט אויפ׳ן שלאַכט־פעלד, און קיין מיאוס׳ער איז ער אויך ניט געווען.

דיא אידען פון ביידע מדינות האָבען געגלויבט, אַז דער שידוך וואָלט געווען גוט פאַר זיי. זיי האָבען גערעכענט, אַז פערדינאַנד וועט צו זיי זיין אַזוי פריינדליך וויא זיין פאָטער, — איבערהויפּט נאָך ער, אין וועמעס אָדערען עס האָט געפלאָסען אידישע בלוט. וואָס פאַר אַ ביטערען טעות זיי האָבען געהאַט, וועלען מיר זעהן שפּעטער. אָבער דערווייל האָבען רייכע און איינפלוסרייכע אידען זיך „געלייגט אין דעם שידוך" מיט אַלע קרעפטען. דיא וויכטיגסטע ראָלע האָט דערביי געשפּיעלט דאָן אברהם סעניאָר. ער האָט געפּרופט איבערציי‌גען די קאַסטילישע אַדעליגע, אַז דער הייראַטה איז אין דיא אינטערעסען פון לאַנד; ווען ער האָט געזעהן, אַז עס איז קיין האָפנונג ניטאָ זיי איבער־צוריידען, האָט ער פערדינאַנד'ען און איזאַבעללען פאָרגעשלאָגען זיך צו זעהן געהיים. דיא פּרינצעסין האָט זיך דערפרייהט און דער פּרינץ האָט זיך אויך ניט ענטזאַגט פון דער בעגעגנעס. ער האָט אָבער קיין געלט ניט געהאַט, און אַ איד (דער זוהן פון אַ רב און איינער פון דיא גרעסטע אַדוואָקאַטען פון זיין צייט) מיט'ן נאָמען ראָם, האָט איהם געליהען אויף רייזע־קאָסטען. פערדינאַנד איז דאַן אַריבער דעם גרענעץ אַ פאַרשטעלטער; ער האָט גענעכטיגט אין סעניאָר'ס הויז; און סעניאָר האָט איהם ביי־נאַכט גענומען צו דער פּרינצעסין, וועלכע האָט איהם ערוואַרטעט.

דאַן האָט פּעדראָ קאַוואַלעריא, אַן אַנדערער רייכער איד, זיך גענומען איבעררייד‌ען געוויסע גרויסע גלחים און אַריסטאָקראַטען, וואָס זיינען געווען געגען דעם שדוך. ער האָט אויף זיי געווירקט אי מיט זיין רעדנער־קראַפט, אי מיט זיין גאָלד.

וויא שוין געזאָגט, איזאַבעללאַ האָט געקענט טהאָן אַ פיעל וויכ־טיגערען שדוך, — מיט דעם קעניג פון ענגלאַנד, צום ביישפּיעל, אָדער מיט דעם קעניג פון פּאָרטוגאַל, וועלכע האָבען איהר געשיקט שדכנים; אָבער קאַוואַלעריא און סעניאָר האָבען אויסגעפיהרט.

אויף דער חתונה האָט קאַוואַלעריא געגעבען דער כלה אַ האַלז־באַנד, וועלכער האָט בעטראָפען 40 טויזענד דוקאַטען. ער האָט איהר דאָס געגעבען כלומרשט אַלס דעם חתן'ס מתנה. געקויפט האָט דאָס אָבער ער, קאַוואַלעריא אַליין.

דורך דיעזען הייראַטה זיינען אַלזאָ פעראייניגט געוואָרען די צוויי

לענדער, קאַסטיליען און אראַגאָן. א געוויסע צייט נאכהער האָבען זיי זיך אָפיציעל נאָך אַלץ גערעכענט פאַר בעזונדערע קעניגרייכען. די אַדעליגע פון יעדע פון די צוויי מדינות האָבען געפאָדערט די בעזונ־דערע רעכטע פון זייער לאַנד; און אין יענער צייט איז א קעניג נאָך ניט געוועזען זעלבסט־שטענדיג פון זיינע „וואססאַלען". אָבער דיזע בעזונדערקייט פון אראַגאָן און קאַסטיליען איז געוועזען גיכער פון פאָרמע וועגען וויא אין דער ווירקליכקייט. יעדער רעגיערונג־פּאַפּיער, וואָס איז געגעבען געוואָרען פון דעם טהראָן, איז אונטערגעשריעבען געוועזען פון ביידענ'ס הערשער — אי פון פערדינאַנד'ען, אי פון איזאַבעללאַ'ן; און דיא מטבעות האָבען געהאַט זייערע ביידענס געזיכטער; דער אָפי־ציעלער זיעגעל האָט ענטהאַלטען ביידע הערבען — פון קאַסטיליען און פון אראַגאָן.

א ביסעל פריהער איז שפּאַניען געוועזען מעהר צוברעקעלט. א מדינה'לע מיט'ן נאָמען ל ע אָ ן איז געוועזען בעזונדער. איצט איז זיא געוועזען צוגעהעפט צו קאַסטיליען, און אָפיציעל האָט דאָס געהייסען, אַז איזאַבעללאַ איז קעניגין פון קאַסטיליען און לעאָן. נאַוואר האָט נאָך אַלץ זיך גערעכענט פאַר א בעזונדערע קעניגרייך, אָבער אויך בלויז אין נאָמען. אין אמת'ן איז זיא געוועזען א פּראָווינץ פון דער פער־איינִיגטער מלוכה.

דיא חתונה צווישען פערדינאַנד'ען און איזאַבעללאַ'ן האָט שטאַט־געפונען אין 1469. אויף זייערע טהראָנען זיינען זיי אָבער ארויף ערשט שפּעטער: זיא, אויף דעם קאַסטילישען, אין 1474, און ער, אויף דעם אראַגאַנישען, אין 1479. פריהער איז ער געוועזען אַן אונבע־דייטענדער קעניגיל און אזא „קבצן", אַז צו זיין פאָטער'ס לויה האָט ער געמוזט פארקויפען דיא דימענטען פון זיין פּאַלאַץ, אום צו דעקען דיא קאָסטען פון דעם פּאַראַד. איצט איז ער געוואָרען א מעכטיגער הערשער. דאָס אַלץ האָט ער אַלזאָ געהאַט צו פערדאַנקען דיא רייכע אידען, און דיא וויטערע געשיכטע פון דיזען מאָנאַרך וועט אונז ווייזען אויף וועלכע ארט ער האָט זיין „דאַנקבאַרקייט" צו זיי אויסגע־דריקט. אין דער היסטאָריע איז ער ספּעציעל בעקאַנט אַלס „פערדי־נאַנד דער קאַטאָליק". אַז אין הארצען איז ער פיעל טרייער געוועזען זיינע געלט־אינטערעסען, וויא זיין רעליגיאָן, אין דעם זיינען איינפער־שטאַנען אַלע היסטאָריקער. עס קומט דעריבער אויס עפּעס אַזוי וויא

דיעזען געשיכטליכען טיטעל וואָלט ער בעקומען אומישנע, מיט דעם צוועק צו פערבאָרגען זיין אידישע אָבשטאַמונג און דיא אידישע טובות, דורך וועלכע ער האָט געקראָגען זיין פרוי און זיין מאַכט.

איזאבעללא איז געוועזן אַן אונגעהויער־אבערגלויביגע פרוי (הגם ניט אָהן כאַראַקטער); און דיא גלחים האָבען מיט דעם זיך בענוצט צו זייערע צוועקען. ווירקענדיג אויף איהרע פאַנאַטישע געפיהלען, האָבען זיי פערשפּרייט זייער מאַכט אָהן א שיעור. וואָס אַנבעטרעפט איהר מאַן, האָבען זיי גוט געוואוסט, אז אויף איהם קען מען ניט ווירקען מיט דיא זעלבע מיטלען וויא אויף איהר. זיי האָבען געוואוסט, אז צו זיין הארץ קען מען צוקומען ניט דורכ'ן הימעל, נור דורך דער קע־שענע. געָלד האָט דיעזער ביטרער, געוויסענלאָזער, הארצלאָזער מענש ליעב געהאַט מעהר פון אַלץ אויף דער וועלט, און גאָלד האָט ער גע־צויגען, פערפאָלגענדיג און בעראַבעוועגדיג זיינע ניט־קריסטליכע אונ־טערטהאַנען — אידען און מורינען — כלומרשט אין דעם נאָמען פון זיין רעליגיאָן. אַ חוץ דעם: דיא קאַטוילישע קירכע איז געוועזן אַ מעכטיגער אינסטרומענט אין דער פעראייניגונג פון דיא פערשיעדענע עלעמענטען אונטער איין פאָליטישער הערשאַפט. ווארום האָט רוס־לאַנד איבער־געוואָלט אָבגע'שמד'ט גאַנצע פוילישע דערפער אויף דער רוסישער אמונה? ווארום מאַטערט זיא זיך אויסצוראָטען דיא פוילישע שפּראַך? און וואָרום טהוט דיא פּרייסישע רעגיערונג דאָס זעלבע אין פוילישע קרייזען, וואָס בעלאַנגען צו איהר? דעם זעלבען צוועק — צו פערניכטען אַלץ, וואָס שמעקט מיט טרייהייט צו א זייטיגען איינפלוס, צוזאמען־צוגיסען אַלע איינוואָהנער אין איין פערשקלאַפּטע נאַציאָן — דעם זעלבען צוועק האָט געהאַט אין זינען פערדינאַנד. דער אַלטער כלל פון דעספּאָטען „צוטייל און הערש", האָט אָפטע אויסנאַהמען. אום צו הערשען איז אַ מאָל גראָד נויטהיג צו פעראייניגען, אין איין אַל־געמיינע פאָרמלאָזע מאַססע צוזאמען־צו־שמעלצען.

פערדינאַנד'ס אינטערעסען און דיא אינטערעסען פון דעם קאַטוי־ליציזמוס האָבען זיך צוזאמענגעטראָפען.

דיא אידען זיינען איבערהויפּט געשטאַנען דעם גלחים־קלאַס וויא אַ ביין אין האַלז. אידישע דאָקטוירים האָבען זיי מיט זייער פּראָפע־סיאָן געשטערט צום געשעפט (זעה אויבען, זייטעל 40). אָבער פיעל וויכ־טיגער איז געוועזן דאָס, וואָס זיי האָבען ענטוויקעלט זייער ניט־

קריסטליכען איינפלוס, וואָס זיי האָבען פערשפּרייט בילדונג און געהאָל־פען פערטרייבען דיא קאַטוילישע פינסטערנים, וויא דזשאהן דריי־פער שילדערט. דיא אידישע ערצטע זיינען דיא קעניגע און אדעליגע נגיטהיג געווען ניט בלויז צו קורירען זיי, ווען זיי זיינען געווען קראַנק, נאָר אויך אַלס ראַטהגעבער, אלס געלעהרטע, אלס שטאַאטס־מענער. דאָס אַלעס האָט זיך דער קירכע ניט געלוינט. עס האָט געשמעקט מיט געפאַהר פאר איהר איינפלוס. זיא האָט דריבער שוין לאַנג גע־קעמפּפט געגען אידישע דאָקטוירים. אין 1245, צום ביישפּיעל, האָט אַ גלחים'שער קאָנגרעס פערבאָטען קריסטען זיך צו היילען ביי אידען. אין 1306 האָבען דיא פראנצויזישע גלחים גע'פּועל'ט ביי זייער רע־גיערונג, אז מען זאָל פון פראנקרייך ארויסטרייבען אַלע אידישע דאָק־טוירים. און דיעזע איינפאכע שטיקעל „ביזנעס" איז נאַטירליך אָב־געטהאָן געוואָרען אין דעם נאָמען פון דער הייליגער אמונה*.) אויב עס איז ווען עס איז געווען א רעליגיעזער קאַמפּף, וואָס עס איז קלאָהר פאר אַלעמען, אז ער האָט געהאַט מאַטעריעלע אינטערעסען אלס באָדען, איז דאָס געווען דיעזער שטרייט פון דער קירכע געגען דיא אידען.

אין דעם 14טען יאהר־הונדערט, ווען מען האָט געקוילעט און גע־בראָטען אידען אין פערשיעדענע לענדער, איז שפּאַניען ניט געווען

*) דאָס עראינערט אונז אָן אַ כאַראַקטעריסטישע פּאַסירונג, וועלכע איז פּאָרגעקומען אין רוסלאַנד אין דער צייט, ווען קאָלומבוס האָט געזוכט דיא שטיצע פון דיא שפּאַנישע הערשער צו זיין פּלאַן, און וועלכע ווייזט, וויא וויַיט מען האָט זיך דאן גענויטיגט אין דער הילף פון אידישע דאָקטוירים. דאָרטען איז אויפ'ן טהראָן דאן געזעסען איוואַן דער 3־טער. ווען דער נאַ־סליעדניק איז געפעהרליך קראַנק געוואָרען, האָט ער אימפּאָרטירט פון ווע־נעציע אַ אידישען דאָקטאָר, לעאָן. ווען איוואן האָט איהם געפרעגט, אויב ער האָפּט דעם חולה געזונד צו מאַכען, האָט יענער געענטפערט: „אויב ניט, קענסטו מיר דעם קאָפּ אראָפּנעהמען." דער נאסליעדניק איז געשטאָרבען און איוואַן האָט דעם ארצט'ס אַנטוואָרט מקיים געווען בוכשטעבליך: ער האָט געהייסען איהם אָפּהאַקען דעם קאָפּ. דיא הינריכטונג איז פּאָרגעקומען אויף דער באַלוואַנאָווקע, אין מאָסקווע, און דיא מאַססע, וואָס האָט איהר ביוגע־וואָוינט, האָט אויף דעם קרבן געקוקט וויא אויף א מכשף. דאָס איז געווען אין 1490.

קיין אויסנאַהמע. בלויז דאָרטען האָבען זיך דיא רציחות אָנגעפאַנגען שפּעטער, וויא אין דייטשלאַנד, צום ביישפּיעל. דורך דיא גיפטיגע אַגיטאַציאָן פון גלחים און זייערע אַגענטען, האָט זיך צוברענט אַ פלאַקער פון פּאָגראָמען און דיא ווילדעסטע שחיטות איבער׳ן גאַנצען לאַנד. מען האָט געשאָכטען אידען טויזענדער־ווייז אין דיא גאַסען, אין דיא הייזער, אין דיא שוהלען. ווען זיי האָבען זיך פערשפּאַרט אין אַ פעסטונג, האָט מען פערברענט דיא פעסטונג מיט זיי צוזאַמען. שפּאַניען האָט דאַן בוכשטעבליך געפּלייצט מיט אידישע בלוט. דאָס איז געווען אין 1390, מיט אַ יאָהר נײַנציג פאַר דער צייט, ביי וועלכער מיר האַלטען, פאַר דער צייט, ווען פערדינאַנד און איזאַבעללא האָבען דעם קאַטוילִיציזמוס „אַוועקגעשטעלט אויף אַ פעסטען באָדען“, וויא היסטאָריקער דריקען זיך געוועהנליך אויס פון איידעלקייט וועגען. מיר ציהען אָבער צו דיעזען יאָהר 1390 דעם לעזער׳ס אויפמערקזאַמקייט, וואָרים דיא רעזולטאַטען פון יענע הריגות קומט אויס צו האַלטען אין זינען, ווען מען לעזט דיא געשיכטע פון דער אינקוויזיציאָן, וועלכע איז געגרינדעט געוואָרען מיט פערדינאַנד׳ס און איזאַבעללא׳ס הסכמה. פיעלע אידען האָבען אין דיעזע שרעקליכע שפּאַנישע הריגות זיך אַליין דערוואָרגען, געקוילעט אָדער דערשטאָכען, אום ניט אריינצופאלען צו דיא פּאָגראָמשטשיקעס אין דיא הענט. אייניגע האָבען זיך פון פערצווייפלונג געוואָרפען אין דעם קאַמפּף געגען גאַנצע מחנות. אָבער ניט אַלע האָבען געהאַט אַזוי פיעל מוטה. פיעלע האָבען זיך גערעטעט דורך דעם, וואָס זיי האָבען אָנגענומען דעם קריסטליכען גלויבען. דיא צאָהל פון דיעזע איז געווען זעהר גרויס — עטליכע צעהנדליג טויזענד, — ניט אין ערך גרעסער וויא אין דיא שחיטות פון דייטשלאַנד, וואו אַ גרויסער מאַיאָריטעט פון קרבנות זיינען געשטאָרבען וויא מאַרטירער, ענטזאַגענדיג זיך אָנצונעהמען דעם גלויבען, אין וועלכען זיי האָבען ניט געגלויבט. דובנאָוו ערקלעהרט דאָס מיט דעם, וואָס דיא דייטשע אידען זיינען געווען אָרימער פאַר דיא שפּאַניער, און זיי האָט זיך פיעל ערגער געלעבט; דאָס לעבען איז זיי סיי־ווי־סיי ניט ליעב געווען, הייסט עס. אָבער לעבען ווילט זיך אפילו דעם אָרימסטען און דעם אונגליקליכסטען. דער וואָס איז רייכער איז איינפאַך אויך מעהר עגאָאיסט; דער אָרימאַן איז מעהר געוואוינט צום לעבענס־קאַמפּף, אַלזאָ, האָט ער מעהר מוטה צו קעמפּפען פאַר אַ פּרינציפּ. רייכע ענט־

וויקלען אין זיך א דורשט צו לוקסוס, גלאַנץ און פּוסטען כבוד, וועלכע פערשלינגען זייער גייסט. „גיכער וועט א קעמעל דורכגעהן דורך דיא לעכעל פון א נאָדעל" — זאָגט דער נייער טעסטאַמענט — „איידער א רייכער וועט קענען דורכגעהן דורך דיא טויערען פון גן־עדן". אויב מיט דעם מיינט מען, אז דעם רייכען איז געוועהנליך שווער צו פיהרען א פּרינציפּיעלען לעבען, דעם לעבען פון אַן אידעאַליסט, איז דער ווער־טעל זעהר ריכטיג. אויסנאַהמען זיינען נאַטירליך פאַראַן. אין יעדען פּריוואַט־קאמפּף נעהמען אנטהייל געצערטעלטע קינדער פון דעם מאכט־האָבענדען קלאַס, גענען וועמען דער קאמפּף ווערט אָנגעפיהרט. אָבער אויסנאַהמען שטערען קיין כלל ניט. זיי בעשטעטיגען איהם נאָך. דיא רייכע שפּאַנישע אידען פון דער צייט, וועגען וועלכער מיר רעדען, זיינען געוועזען פיעל מעהר אינטערעסירט אין זייער געלט און „עולם־הזה", וויא אין פּרינציפּען. און אידישע היסטאָריקער האַלטען זיי טאַקע אין א געוויסען גראַד פעראַנטוואָרטליך פאַר דיא שרעקליכע שחיטות, וואָס דיא אידען בכלל האָבען געהאַט אויסצושטעהען אין שפּאַניען.

„אין דיא בלוטיגע דראַמאַ, וועלכע האָט זיך אָנגעהויבען צום ענד פון 14־טען יאָהר־הונדערט און האָט געדויערט ביז דיא לעצטע יאָהרען פון דעם 15־טען, זיינען דיא שפּאַנישע אידען אליין פיעל שולדיג גע־ווען" — זאָגט גרעטץ — „עס איז אמת, אַז דיא פיעלע האָבען געליטען פאַר דיא וועניגע, וואָרים ווען דיא שונאים פון אידען האָבען אָנגעוויזען אויף זייערע לאַקייאישע חניפות אין קעניגליכען הויף אָדער אין דיא פּאַלאַצען פון דיא אדעליגע; אויף דיא עשירות, וואָס זיי האָבען אָנגע־זאַמעלט דורך פּראָצענט־נעהמעריי; אויף דיא טהייערע זייד און אַט־לאַס, אין וועלכע זיי פּוצען זיך — זיינען דיא שולדיגע געוועזען בלויז א קליינע צאָהל: דיא רייכסטע, דיא העכסטע, פאַר וועמען'ס אויפפיהרונ־גען דיא אידישע מאַסען זיינען ניט פעראַנטוואָרטליך געווען. אידען אליין פלעגען מיט עקעל רעדען וועגען דעם עגאָאיזמוס און אונזאַטבאַר־קייט פון זייערע רייכע ברידער.

צווישען זיך האָבען דיעזע „אידישע פּריצים" געלעבט אין א לופט פון קנאה, שנאה, ניט־פערגינעריי, אינטריגען. צו שיקען א מסירה איינער אויף דעם אַנדערען איז ביי זיי ניט געווען קיין נאָווינע. א רע־ליגיעזער אידישער שרייבער פון יענער צייט, שלמה עלמי, פון ווע־

מען'ס ווערק גרעטץ ברענגט אן אויסצוג, זאגט: „דער מאיאריטעט פון דיא רייכע אידען, וועלכע זיינען איינגעהער אין דיא קעניגליכע הויפען, און ווענען עס זיינען פערטרויט דיא שליסלען פון דער רעגירונגס־קאססע, האלטען זיך גרויס מיט זייערע הויכע שטעלען און מיט זייער רייכטהום, אבער וועגען דיא ארימע דענקען זיי אפילו ניט. זיי לאזען זיך בויען פאלאצען, פאהרען ארום אין פרעכטיגע קארעטען, רייטען אויף רייך בעדעקטע אייזלען, טראגען קאסטבארע קליידער; פוצען זייערע פרויען און טעכטער אין גאלד, פערעל און עדעל־שטיינער; צו זייער רעליגיאן זיינען זיי גלייכגילטיג; איינפאכקייט, בעשיידענהייט פעראכטען זיי; ארבייט האסען זיי; פוסט־און־פאסניקעס זיינען זיי. זיי האבען ליעב צו טאנצען, צו שפיעלען (געמבלען), זיי זיינען אנגעטהאן וויא דיא שפאניער און פראנטעווען מיט געשארענע בערד. זיי עסען זיך איבער מיט דיא געשמאקסטע מאכלים און דיא לומדים לאזען זיי שטארבען פון הונגער...“

אזוי ווי רייך זיינען זיי געווארען פון גרויסע פראצענט און פון צינזען־קאנטראקטען, איז דיא ניט־פערגינערריי און האס פון דיא קריסטליכע פוסט־און־פאסניקעס און הולטייעס, וואס האבען זיי דיא פראצענט און צינזען געצאהלט, געוואקסען און געוואקסען.

מיט דעם אלעמען האבען דיא גלחים זיך בענוצט, אום אויפצובלאזען דעם אלגעמיינעם פלאם פון אידען־האס; און געליטען האבען נאטירליך ניט בלויז דיא רייכע, נור אויך דיא ארימע. און ווען עס האבען זיך אנגעפאנגען דיא פאגראמען, זיינען דיא רייכע געווען צווישען דיא ערשטע צו אפפערען זייער רעליגיאן, אום צו רעטען זייער לעבען און זייער רייכטהום.

דיא צאהל פון אידען, וואס האבען זיך אין שפאניען געטויפט אין דער צייט פון דיא דארטיגע פאגראמען, איז אלזא געווען זעהר גרויס.

דאך, פיעלע פון דיעזע א נ ו ס י ם (געצוואונגענע משומדים) זיינען גלייך נאכהער אנטלאפען אין אנדערע לענדער, וואו זיי האבען פון זיך ארויסגעווארפען דיא קריסטליכע מאסקע, ווערהענד פיעלע פון דיא, וואס זיינען געבליבען אין שפאניען, האבען געהאלטען אידישקייט אין געהיים, ריזיקירענדיג מיט זייער אייגענס, פרייהייט און זאגאר לעבען.

אין א יאהר צוואנציג ארום האט ווידער אויסגעבראכען א מגפה

פון פערפאָלגונגען ; ווידער האָבען פיעלע אידען זיך גע'שמד'ט און פון דיעזע האָבען אויך פיעלע דערנאָך בשתיקה אָבגעהיט אידישקייט.

עס האָבען זיך אויך געפונען אמת'ע פעררעטהער געגען זייער פאָלק, — משומדים, וואָס האָבען געדיענט דער קירכע אלס שפּיאָנען געגען די אַנוסים, וועלכע זיינען פערבאָרגענערהייט געבליבען טריי זייער רעליגיאָן. איין לומפּ אַזעלכער האָט מיט רבנים אָנגעפיהרט עפענט־ליכע דעבאַטען, אין וועלכע ער האָט געזוכט צו בעווייזען, אז דיא גמרא איז פול מיט שעדליכע שטעלען. אויף אַזעלכע דעבאַטען זיינען אנוועזענד געווען הויכע גייסטליכע און רעגיערונגס־בעאמטע, און דער רב האָט זיך געפונען צווישען צוויי פייערען : ריידען שאַרף איז געווען געפעהרליך. ענטפערען שוואַך, וויעדער, וואָלט הייסען צוגעבען, אַז דער פעררעטהער האָט רעכט, און דאָס וואָלט געווען א סכנה פאר דיא לאַגע פון דיא אידען בכלל.

מיט דעם העברעאישען נאָמען „אַנוסים" האָט מען דיעזע איבער־גוואַלט געטויפטע גערופען צווישען דיא אידען. „מאַראַנען"*) האָבען זיי אַ נאָמען געגעבען (שפּעטער) דיא שפּאַניער. „מאַראַן" הייסט א פערשטויסענער, א פערהאַסטער. אַזוי האָבען זיי זיי גערופען פון כעס, ווייל זיי האָבען געוואוסט, אז פיעלע פון זיי זיינען בשתיקה אידען.

דער דאָפּעלטער לעבען, וואָס דיא מאַראַנען האָבען געפיהרט, איז געווען אַ לעבען פון אייביגע געפאהר און אייביגע שרעק. זיי זיינען דאָס

*) מיר מאַכען דעם לעזער אויפמערקזאם אויף דעם אונטערשיעד צווי־שען דיא מ אַ ר אַ נ ע ן און דיא מ ו ר י נ ע ן. דיא ווערטער קלינגען אַזוי עהנליך, אַז מען קען זיי פיליכט צוזאמענמישען. מ אַ ר אַ נ ע ן זיינען דיא אנוסים, דיא איבער־גוואַלט געטויפטע אידען, וואָס האָבען אין געהיים גע־האַלטען אידישקייט. מ ו ר י נ ע ן רופען מיר אין דיעזען בוך אָן דיא מאַ־האמעדאנער, וואָס האָבען געוואוינט אין שפּאַניען. זיי האָבען אין זיך גע־האַט דיא בלוט פון אראבער און פון נאָרד־אפריקאַנישע פעלקער. אויף דייטש הייסען זיי „מאָהרען" אָדער מאורען (אויף ענגליש „מור" ; אויף רו־סיש „מאַוור"). דעם וואָרט „מורין", וועלכען מיר ברויכען, נעהמען מיר פון ליטווישע אידיש.

דיא אונגליקליכע, וועלכע פלעגען זיך פערזאמלען צום דאוונען אין הייה־
לען, וועלדער אָדער אנדערע פערבאָרגענע ערטער.*)

דיא רציחות האָבען זיך ביסלעכווייז איינגעשטילט, און דיא שפּאַ־
נישע אידען האָט זיך אין אלגעמיין ווייטער געלעבט ניט שלעכט (הגם
דיא מאראנען האָבען אַלץ געמוזט טראָגען זייער קריסטליכע מאַסקע).

ווען איזאבעללא'ס ברודער, הענריך דער 4־טער, איז געזעסען
אויפ'ן טהראָן, האָבען אידען ווידער געשפּיעלט אַ גרויסע ראָלע אין
דעם קעניגליכען הויף. און קוקענדיג אויף איהם, האָבען דיא פּריצים
אַוועקגעגעבען זייערע גיטער צו אידען אויף ארענדע, און זיך געהיילט
ביי אידישע דאָקטוירים, טראָץ דעם וואָס דיא קירכע האָט דאָס פער־
באָטען.

דיא כלומרשט־געטויפטע אידען זיינען אָבער פאר דער קירכע גע־
ווען געפעהרליכער וויא דיא ניט־געטויפטע אידען. טראָגענדיג דעם
נאָמען קריסט און זייענדיג דורכגעמישט מיט דער קריסטליכער בע־
פעלקערונג, האָבען זיי אויף איהר געהאַט אן איינפלוס, פאר וועלכע
דיא גייסטליכע האָבען זיך געשראָקען. דיא גלחים האָבען דעריבער
געטאָן אַלעס מעגליכעס געגען דיזע מאראנען, און ענדליך, נאָך איי־
דער דער אידען־פריינדליכער הענריך דער 4־טער איז געשטאָרבען,
האָבען זיי אָרגאניזירט אַ גאנצע רייהע פון פּאָגראָמען געגען זיי. זיי
האָבען דערביי געברויכט דיא געוועהנליכע מעטהאָדען פון פּאָגראָמען־
פיהרער, אַזוי אז דיא געשיכטע לעזט זיך פונקט וויא אַ בעריכט פון אַ
קעשענעווער, קיעווער אָדער ביאַליסטאָקער שחיטה. מען האָט גע־
מאַכט קריסטליכע פּראָצעסיעס, ארויסגעלאָזען אַ קלאַנג, אז אַ מאראַן
האָט דערביי פון אַ פענסטער ארויסגעגאָסען שמוץ אויף אַ הייליגע
פּאָהן, אז מאראַנען האָבען געקוילעט אַ קריסטליכען אינגעל א. ז. וו.
און דיא אויפגעהעצטע מאַסע האָט זיך אריינגעוואָרפען אין מאראנישע
הייזער, געשענדעט זייערע פרויען, געשאָכטען זייערע קינדער, געראבע־
וועט, געברענט. אין 1743, דאָס הייסט, אַ יאָהר פאר דעם וויא אי־
זאבעללא איז ארויף אויף איהר ברודער'ס טהראָן, זיינען אזעלכע פּאָ־

*) זיי האָבען דאָס פערפאַסט דעם „כל־נדרי“, וואו דער איד בעפרייט זיך
פאָראויס פון יעדען נדר, צוזאָג אָדער פערפליכטונג, וואָס ער וועט אויף זיך
נעהמען געצוואונגענערהייט.

גראָמען פאַרגעקומען אין פיעלע שטעדט, און אין אייניגע פון זיי האָבען זיך דיא טוידטע קערפערס פון מאַראַנען דערנאָך מאַסענווייז געוואַל־גערט אויף דיא גאַסען.

דעם נעכסטען יאָהר, אין 1474*) איז איזאַבעללא ארויף אויף׳ן טהראָן פון קאַסטיליען, שוין אַ פערהייראַטהע צו פערדינאַנד׳ען, און אין שפאַניען האָט אָנגעפאַנגען אַזוי צו בושעווען דער קאַטהאָליציזמוס, אַז דיא לאַנד איז געוואָרען דיא „גילדערנע פאָהן" פון געזעצליכע קריסטליכע מערדעריי.

דאָס ערשטע, וואָס דיא גלחים האָבען אויפגעטאָן אונטער דער הערשאַפט פון דיא קעניגליכע פאָר־פאָלק, וועלכע האָט געהייראַטה דורך דיא הילפע פון אידען, איז געוועזען אַ נייע רייהע פערפאָלגונגען געגען דיא מאַראַנען. אין דיא פאָגראָמען, וואָס האָבען אויסגעבראָכען אין הענריך׳ס צייט, האָט דיא רעגיערונג אַליין קיין אנטהייל ניט גע־נומען. אדרבא, אין אייניגע ערטער האָט זי געפרופט איינשטילען דיא צוהיצטע מאַססען. גאַנץ אנדערש איז אָבער געוועזען, ווען פערדינאַנד און איזאַבעללא האָבען רעגיערט. דאַן זיינען דיא מערדערייען בעגאַנ־גען געוואָרען ניט אין דער פאָרמע פון אַ פאָגראָמען־עפידעמיע, נור סיסטעמאַטיש און „געזעצליך", אין דעם נאָמען פון דעם טהראָן און פון דער קירכע.

עס איז געגרינדעט געוואָרען אַ „הויכער געריכט", אַ „הייליגע אינקוויזיציע", וועלכע זאָל משפט׳ן און בעשטראָפען מאַראַנען, וואָס זיינען פאַלש צו זייער נייער רעליגיאָן. צו דיעזען צוועק איז איינ־געפיהרט געוואָרען אַ פיעל־פאַכע סיסטעם פון שפיאָנעריי. און אויף וועמען עס איז נור געפאַלען אַ חשד, איז ער אַרעסטירט געוואָרען. יעדער קריסט, וואָס האָט געוואוסט פון אַזאַ „פערברעכער", איז געוועזען פער־פליכטעט וועגען איהם גלייך צו מעלדען. דיא אינקוויזיציע האָט פער־עפענטליכט 37 סמנים, נאָך וועלכע מען קען בעמערקען, אויב אַ מאַ־

*) מיר ווילען דערמאָנען דעם לעזער, אַז אין דיעזען יאָהר האָט טאָס־קאַנעללי, דער גרייזער געלעהרטער פון פלאָרענציע, געשריעבען צו דעם פאָר־טוגעזישען קעניג אַלפאָנסאָ דעם 5־טען וועגען אַ וועג צו אינדיען דורך מערב. און אַ ביסעל שפעטער האָט ער אַן עהנליכען בריעף געשיקט קאָ־לומבוס׳ען.

ראן היט אָפּ אידישקייט. ווען מען האָט בעריכטעט וועגען אַ געטויפ־טען אידען, אַז ער טראָגט שבת בעסערע קליידער, צום ביישפּיעל, אָדער ער עסט בעסערע שפּייז, וויא אַ גאַנץ וואָך, אָדער ער וואַשט זיך צום עסען, איז ער באַלד אַריינגעפאַלען אין דיא הענד פון דער אינקוויזיציע. אַזעלכע בעריכטען זיינען אָנגעקומען פון קריסטען, וואָס האָבען גע־דיענט אין מאַראַנישע הייזער, פון שכנים, פון בעקאַנטע. און די דאָנאָ־סען האָט מען אָנגענומען, ניט אונטערזוכענדיג צו זיי זיינען אמת, צו זיי זיינען ניט מעהר ווי אַ העצע פון דעם מאַראַן'ס אַ שונא.

דעם אַרעסטירטען פלעגט מען מאַטערען מיט אַלערליי יסורים־אינסטרומענטען, ער זאָל זיך מודה זיין און אַרויסגעבען זיינע געטויפטע קרובים און פריינד, וועלכע היטען אויך אָפּ אידישקייט. דעם פער־אורטהיילטען פלעגט מען אַוועקפיהרען אויף אַ סקווער, וואָס איז גע־ווען ספּעציעל בעשטימט דערצו; דאָרטען פלעגט מען איהם צוערשט שלעפּען אין אַ „הייליגע“ פּראָצעסיע, דורכמאַכען מיט איהם אַ רייהע אַנדערע צערעמאָניעס און ענדליך איהם צובינדען צו אַ סלופּ, אַרומ־לייגען אַרום איהם האָלץ און איהם פאַרברענען לעבעדיגער־הייט. אויף דער טייפעלש־צבועצסקער שפּראַך פון דיא אינקוויזיטאָרס פלעגט דאָס הייסען טוידט אויף אַ גוט־הערציגען שטייגער — אָהן בלוט־פערגיסונג.

איזאַבעללאַ האָט צוערשט אויף דעם שוידערליכען נייעם אַנ־שטאַלט ניט געוואָלט געבען איהר צושטימונג. מאַראַנען זיינען געווען צווישען דיא פּעהיגסטע מענער אין איהר הויף. זיא האָט מורא גע־האַט זיי צו פערלירען. דיא גלחים האָבען אָבער געוואוסט וויא אַזוי דיעזע פאַנאַטישע, משונה'דיג אַבערגלויבערישע פרוי צו „איבערצייגען“, אַז דיא „הייליגע“ אינטערעסען פון איהר רעליגיאָן פאָדערען אַזאַ אַנ־שטאַלט; און זיא האָט נאָכגעגעבען. דאָך האָט דאָס געדויערט אַ היבשע ביסעל צייט. אויך איז אַוועק צייט אויף צו קריגען אַן ער־לויבניס פון דעם רוימישען פּאַפּסט. אַזוי האָט זיך דאָס פערצויגען, און דיא אינקוויזיציע איז געגרינדעט געוואָרען ניט פריהער וויא אין 1480 (אַ יאָהר פינף אָדער זעקס איידער קאָלומבוס איז געקומען נאָך שפּאַניען).

דער פּאַפּסט אַליין האָט זיך אויסגעדריקט, אַז דיא שטרייטיג־קייטען געגען דיא מאַראַנען שטאַמען „ניט אַזוי פון רעליגיעזע בע־גייסטערונג און אמת'ע יראת שמים וויא פון עגאָאיזמוס און אַ שטרע־

בונג צו גאָלד". אָבער דיא אינטערעסען פון זיין קלאַס האָבען איהם נעצוואונגען נאָכצוגעבען.

וואָס אָנבעטרעפט פערדינאַנדען, איז איהם ניט געווען שווער אי־בערצורײדען. פון זיינט־וועגען האָט מען אריינגעשטעלט אַ פּונקט, אַז דאָס אייגענטהום פון יעדען מאַראַן, וואָס דיא אינקוויזיציע וועט אַרעסטירען, זאָל צונעהמען דיא קרוין, און צו דיעזען צוועק איז דער קעניג ביי דער אינקוויזיציע געווען פערטראָטען פון אַ בעאַמטען פון זיין פינאַנץ־קאַנצעליאַריע. מעהר וויא דאָס האָט מען ניט בעדאַרפט. פערדינאַנד האָט דעם נייעם געזעץ גלייך אונטערגעשריעבען.

ווען עס איז „בעוויזען" געוואָרען אויף אַ טויטען מאַראַן, אַז ער היט אָפּ דיא אידישע רעליגיאָן, האָט מען זיין קערפּער אויסגע־גראָבען און פערברענט; דאָס האָט מען געטהאָן אום ביי זיינע יורשים צוצונעהמען זיין אייגענטהום און אוועקגעבען עס דעם טהראָן. ווען פערדינאַנדען האָט זיך פארגלוסט דער אייגענס פון אַ געוויסען מאַראַן, און געגען איהם איז גראָד אונמעגליך געווען צו געפינען עדות, פלעגט ער הייסען בעשולדיגען אין „אפּיקורסות" זיין געשטאָרבענעם פאָטער און דאַן פלעגט מען דעם יורש שוין בעראַבעווען אויף אַ „געזעצליכען" אופן. מיט אַזעלכע „כשר'ע מציאות" פלעגט פערדינאַנד זיך צוטהיי־לען מיט דיא גלחים פון דער אינקוויזיציע.

דיא מאַראַנען זיינען אָבער אַלץ פערבליבען אויף פיעלע פון דיא וויכטיגסטע רעגיערונגס־שטעלען אין אַראַגאָן און קאַסטיליען. פערדי־נאַנד'ס פּריוואַט־סעקרעטערע און אייניגע פון זיינע וויכטיגסטע בעאַמ־טע און ראַטה־געבער זיינען געווען מאַראַנען. דער הויפּט שאַטץ־מייס־טער פון אַראַגאָן, דער צווייטער שאַטץ־מייסטער, דער העכסטער ריכ־טער, דער גובערנאַטאָר, פיעלע פון דיא העכסטע גלחים — אַלע זיינען זיי געווען מאַראַנען אָדער דיא זיהן פון מאַראַנען. אפילו איזאַבעללאַ'ס פּריוואַט גלח, פאַר וועמען זיא פלעגט זיך „מתודה זיין", האָט אויך געשטאַמט פון מאַראַנען.

דער מחבל'שער אַנשטאַלט איז אָרגאַניזירט געווען אין סעפּטעמ־בער, און אין פיער מאָנאַט אַרום האָט מען אָנגעצונדען דעם ערשטען „אוטאָ־דאַ־פע", — דעם פייער, אויף וועלכען מען האָט פאַרברענט פערראורטהיילטע אפּיקורסים. דעם ערשטען טאָג האָבען זעקס מאַראַנען פערלאָרען זייער לעבען. עטליכע טעג שפּעטער זיינען פאַרברע־ט גע־

וואָרען נייע קרבנות; צווישען דיעזע — דריי פון דיא רייכסטע און פארנעהמסטע מאראַנען אין לאַנד. עס פערשטעהט זיך, אז וואָס רייכער דער אָפּפער איז געווען, אַלץ מעהר ווילקאָמען איז זיין טוידט געווען פאַר דעם אונזאַטבאַרען פערדינאַנדען.

אין דעם ערשטען יאָהר האָט דער „אוטאָ־דאַ־פע“ איינגעשלונגען ביז טויזענד דריי הונדערט מאראַנען, און דיא טורמעס פון דער אינ־קוויזיציע זיינען געווען געפּאַקט מיט נייע קאַנדידאַטען. פופצעהן טויזענד מאראַנען האָט מען ארעסטירט גלייך וויא מען האָט געעפענט דיא אינקוויזיציע.

אין 1483 האָט דער פּאַפּסט אונטערגעשריעבען א בעפעהל, אז איבער דער אינקוויזיציע זאָל שטעהן א גענעראַל־אינקוויזיטאָר, און דיזע שטעלע האָט ער געגעבען צו איזאַבעלאַ׳ס גלח טהאָמאַס טאָרקװעמאדא, וועמעס נאָמען איז פערבליבען אין דער געשיכטע אַלס דער אויסדרוק פון די ווילדעסטע מערדערליכקייט און קאַלטבלוטיגסטע באַרעמלאָזיגקייט, אויף וועלכע א צוויי־פיסיגע חיה איז ווען עס איז פעהיג געווען. פון דאַן אָן איז דיא צאָהל פון „בראַנד־אָפּפער“ גע־וואַקסען און געוואַקסען. מען האָט פערברענט צו עטליכע הונדערט מאַ־ראַנען מיט א מאָהל.

ער האָט אויסגעארבייט א נייע „קאָנסטיטוציאָן“, וועמען צו ארעסטירען; און דער וואָס איז נור אריינגעפאַלען אין טורמע אין זיין צייט, האָט שוין קיין מאָהל ניט געזעהן דיא ווייסע וועלט.

פיעלע מאראַנען האָבען פון שרעק אויפגעהערט צו האַלטען אידיש־קייט. עס זיינען אָבער אויך געווען גענוג שטאַרקערע כאַראַקטערען, אין וועמען דיא פייערען פון דער אינקוויזיציע האָבען בלויז אָנגעצונדען א נייע איבערגעבענהייט צו זייער פאָלק׳ס אמונה און א ווילּיגקייט צו שטאַרבען פאַר איהר. אין פיעלע פלעצער האָט מען אין קעלערען און הייהלען געדאַוועט אָדער אָבגעריכט דעם סדר נאָך מיט מעהר בעגייס־טערונג וויא פריהער. און ניט־געטויפטע אידען האָבען זיי אין דעם געהאָלפען. זיי האָבען זיי פסח בעזאָרגט מיט מצה, און א גאַנץ יאָהר — מיט כשר׳ע פלייש, מיט סדורים. זיי האָבען בייגעוואוינט זייערע געהיימע מנינים און האָבען מיט זיי געלערענט רעליגיעזע ספרים, געגעבען זייערע קינדער אונטערריכט אין אידישקייט, א. ז. וו.

דיא געפאהר איז געווען גרויס פארביידען, אָבער דאָס האָט זיי ניט צוריק־געהאַלטען.

דיעזע אונטער־אירדישע מנינים בעלאַנגען צו דיא הערליכסטע בילדער פון דער מענשהייט'ס קאַמפּף פאר געוויסענס־פרייהייט. דיא געהיימע פערזאַמלונגען אין דיא שפּאַנישע קעלערען אין קאָלומבוס'עס צייט זיינען פול מיט דער פּאָעזיע פון מאַרטירערי און העלדען־מוטה.

טאָמער האָבען טאָרקוועמאַדאַ'ס שפּיאָנען דערשמעקט אַזאַ קעלער, איז פאר דיא בעשולדיגטע ניט געווען קיין רעטונג, סיידען זיי האָבען פּאַספּייעט צו אַנטלויפען פון זייער געבורטס־לאַנד.

ווען קאָלומבוס איז געקומען נאָך שפּאַניען איז טאָרקוועמאַדאַ שוין געווען דער כהן־גדול פון דעם אוטאָ־דאַ־פע, און זיין טייפעלשער מזבח האָט שוין פערברענט הונדערטע פון דיעזע מאַרטירער.

דיא אידען זיינען אָבער ניט געווען דיא איינציגע ניט־קריסטען, ועמען דיא קאַטהאָלישע קירכע און דיא רעגיערונג האָבען בעהאַנדעלט אויף דיעזען אַרט. ניט פיעל בעסער איז געווען דיא מורינען פון יענע פּראָווינצען, וועלכע דיא שפּאַניער האָבען שוין עראָבערט; און שפּע־טער אַ ביסעל, ווען עס איז געפאַלען דיא לעצטע מורינישע מלוכה אויף דעם פירענייאישען האַלב־אינזעל, האָבען איהרע איינוואוינער געהאַט פּונקט דעם זעלבען שיקזאַל וויא דיא אידען — ענטוועדער וויא דיא מאַראַנען, אָדער וויא דיא ניט־געטויפטע.

דיא מורינישע קעניגרייך, וואָס איז נאָך ניט בעזיעגט געוואָרען, איז געווען ג ר א נ א ד א — ביי דער דרום־זייט פון דעם האַלב־אינזעל, דאָס הייסט ביי דער גיבראַלטאַר־שטראַססע; און אויף יענער זייט פון דער שטראַססע איז דאָך שוין מאַראָקאָ, אַפריקאַ, מיט דיא דאָרטיגע מורינען. דיא גיבראַלטאַר שטראַססע, דער דורכגאַנג פון דעם מיטעל־לענדישען ים צו דעם אַטלאַנטישען אָקעאַן איז אַלזאָ דאַן געווען ביי דיא מורינען אין דיא הענט.

וואָס אָנבעטרעפט דיא מורינען, וואָס האָבען געוואוינט אין דיא קריסטליך שפּאַנישע פּראָווינצען, האָבען זיי אויך פערנומען גאַנצע גע־גענדען. זיי זיינען ניט געווען צווייט צווישען דיא קריסטען וויא דיא אידען, וואָרים מען דאַרף ניט פערגעסען, אַז אַ מאָל, אין פריהערדיגע צייטען, האָבען דיא מורינען עראָבערט כמעט גאַנץ שפּאַניען און פּאָר־



שפאניען און פארטוגאל אין קאלומבוס'ס צייטען.
פראנקרייך
נאוואר
שפאניען
פארטוגאל
אטלאנטישער אקעאן
מיטעללענדישער ים
באלערישע אינזלען
מינארקא
מאיארקא
איוויקא
באַרצעלאָנאַ
סאראַגאָסאַ
וואַלאַדאָליד
סעגאָוויאַ
סאַלאַמאַנקאַ
טאָלעדאָ
לאַמעגאָ
אָפּאָרטאָ
ליסאַבאָן
באַדאַיאָז
קאָרדאָוואַ
אנדאלוזיען
סעוויל
גראַנאַדאַ
מאַלאַגאַ
פאַלאָס
קאַדיז
גיבראַלטאַר
סעאוטאַ
שטראַסע

טוגאַל, נור שפּעטער האָבען זיי פאַרלאָרען זייער מיליטערישע מאַכט. דיא קריסטליכע קעניגע פון שפּאַניען האָבען זיי בעזיעגט. איצט אַלזאָ איז זיי איבערגעבליבען בלויז דיא קעניגרייך גראַנאַדאַ.

פערדינאַנד און איזאַבעללאַ האָבען זיך בעשלאָסען דאָס ביי זיי אויך צוצונעהמען. דאַן וואָלט גאַנץ שפּאַניען געווען פעראייניגט אונ־טער זייערע צוויי קרוינען; און זיי האָבען אָנגעהויבען אַ מלחמה אין וועלכע פערדינאַנד אַליין איז געווען דער הויפּט־קאָמאַנדיר.

נור צוערשט נאָך אַ פּאָר ווערטער וועגען דיא מורינען גופא.

מען דאַרף געדיינקען, אַז נאָך שפּאַניען זיינען זיי לכתחילה אריי־בערגעקומען פון מאָראָקקאָ. דאָרטען איז זייער היים. ווען דיא אַראַ־בער זיינען געוואָרען מאַהאָמעדאַנער און האָבען זיך אוועקגעלאָזען בע־זיעגען אַנדערע פעלקער און בעקעהרען זיי צו זייער רעליגיאָן, האָבען זיי אויך פאַרנומען די גאַנצע צפון־זייט פון אַפריקאַ, — מאָראָקקאָ אַריינגערעכענט. זיי האָבען דיא מורינען פון מאָראָקקאָ בעזיעגט און בעקעהרט צום מאַהאָמעדאַניזמוס און דאַן זיינען זיי צוזאַמען מיט זיי אַריבער דיא גיבראַלטאַר־שטראַססע און אין דריי יאָהר האָבען זיי איינ־גענומען דעם האַלב־אינזעל. מאָראָקקאָ איז אַלזאָ געווען זייער אָרי־גינעלע היים, און דאָרטען האָבען זיך געפונען זייערע ברידער.

שפּעטער, ווען דיא שפּאַנישע קריסטען האָבען זיי אין שפּאַניען בייגעקומען אין פיעלע מלחמות, זיינען דיא בעזיעגטע מורינען געווען צוטהיילט אויף צוויי טהייל: דיא וואָס האָבען זיך אַליין אונטערגע־געבען, זיינען געוואָרען פרייע אונטערטהאַנען און זיינען געבליבען וואוינען אין זייערע דערפער; דיא, וויעדער, וואָס מען האָט גענומען אין פּליען, זיינען געבליבען אַלס שקלאַפען.

דיא מורינען האָבען אין זייערע אָדערען געהאַט דאָס בלוט פון עטליכע פערשיעדענע אַפריקאַנישע און סעמיטישע פעלקער. זייערע געזיכטען זיינען מייסטענס דונקעל, אָבער פיעלע פון זיי זיינען שעהן, מיט חן'עוודיגע טרויעריגע געשטאַלטען, און שעהן געבויט. זייער שפּראַך איז פערבליעבען אַראַביש, וועלכע זיי האָבען איבערגענומען ביי דיא אַראַבער, וואָס האָבען זיי בעזיעגט און בעקעהרט צו דער מאַהאָמעדאַ־נישער רעליגיאָן. אַזוי וויא זיי האָבען זיך מיט דיא אַראַבער דורכ־געמישט דורך הייראַטהען, האָבען זיי פון זיי אויך גע'ירשנ'ט זייער ענערגיע, זייער פלייסיגקייט און גייסטיגע פעהיגקייטען. וויא מיך

האָבען שוין אויבען דערמאָהנט, האָבען זיי אין שפּאַניען פערשפּרייט די אַראַבישע קולטור, ענטוויקעלט גלענצענדע שטעדט און אַ לעבּ-האַפטע אינדוסטריע; געבויט רייכע פּרעכטיגע פּאַלאַצען, ביבליאָטהעק-קען, אוניווערסיטעטען; אין אַגריקולטור און אין מלאכות זיינען זיי געשטאַנען ניט אין ערך העכער וויא די קריסטליכע שפּאַניער.

ווען די מורינען האָבען צוערשט בעזיעגט שפּאַניען, האָבען די דאָרטיגע אידען זיך דערפרייהט. ביי די שפּאַנישע קריסטען האָבען זיי אימער געהאַט גרויסע צרות, און פיעלע פון זיי זיינען ארויסגעטריי-בען געוואָרען. די מורינען אָבער האָבען זיך צו זיי פערהאַלטען פריינדליך נאָך אין מאַראָקקאָ, וואוהין די פאַרטריעבענע שפּאַנישע אידען פלעגען לויפען; און איצט נאָך דעם זיעג פון די מורינען איבער שפּאַניען, האָבען דיעזע פּאַרוואָגעלטע זיך אומגעקעהרט אין זייער אַל-טער היים, און האָבען צוזאַמען מיט די אַנדערע שפּאַנישע אידען גע-האָלפען די זיעגער אין זייערע ווייטערע עראָבערונגען. זיי האָבען בעוואַכט די שטעדט, וואָס זיינען שוין איינגענומען געוואָרען; און, ווען די מורינען האָבען אַטאַקירט אַ נייע שטאָדט, האָבען די דאָר-טיגע אידען אין איינינע פעללע פאַר זיי געעפענט די טויערען, אין דער צייט וואָס די קריסטען האָבען געזוכט הילפע ביי גאָט, אין די קירכען.

די מורינען האָבען די אידען געגעבען פאָלשטענדיגע רעליגיעזע פרייהייט, און האָבען זיי פערשאַפט די מעגליכקייט צו ענטוויקלען זיך מאַטעריעל און גייסטיג. אַראַביש איז ביסלעכוויז געוואָרען די שפּראַך פון די אידען, וואָס האָבען געוואוינט אין די מורינישע לענדער, און אויף דיעזער שפּראַך האָבען זיי געלערענט און געשריעבען וועלטליכע בילדונגס-געגענשטאַנדען, וויסענשאַפט, פילאָזאָפיע און פּאָעזיע.

מען דאַרף בעמערקען, אַז אין קליין-אַזיען און עגיפּטען האָבען די אַראַבער נאָך פריהער אָנגעפאַנגען צו האָבען אַ גייסטיגען איינפלוס אויף די אידען. אַ דאַנק דיעזען איינפלוס האָבען פיעלע פון זיי זיך בעפרייט פון די איינגע גרענצען, אין וועלכע זייער תלמודישע ער-ציהונג האָט זיי געהאַלטען. אין מיטעל-אַלטער, ווען די אַראַבער זיינען געווען די טרעגער פון וויסענשאַפטליכע און פילאָזאָפישע אויפקלעהרונג, זיינען זייערע אידישע שכנים אין דעם לעוואַנט, עגיפּ-

טען און אַזיען, געווען ניט בלויז גוטע תלמידים ביי זיי, נור זיי האָבען באַלד אַליין אויך זיך געמאַכט אַ שם אַלס געלעהרטע און פילאָזאָפען. דערביי דאַרף מען ניט פערגעסען, אַז אי דיא אַראַבער, אי דיא אידען זיינען סעמיטען, בלוט־פערוואַנדטע. און אראביש בעלאַנגט צו דער זעלבער שפּראַך־פאַמיליע (דיא סעמיטישע) וויא העברייאיש. דיעזע אַראַבישע שפּראַך איז אין שפּאַניען, אין אַפריקאַ און איז אַזיען געווען די שפּראַך פון וויסענשאַפט און ליטעראַטור, אַזוי ווי פארצייטען האָט דיעזע ראָלע געשפּיעלט גריכיש. און אין מיטעל־אַלטער זיינען דיא אַלט־גריכישע ווערק געווען איבערזעצט אויף אַראַביש אַ סך פריהער וויא אויף דיא אייראָפּעאישע שפּראַכען.

דיא אידען פון עגיפּטען און פון קליין אַזיען האָבען דאַן פון זיך אַרויסגעגעבען וויכטיגע שרייבער, דענקער, הויך־געבילדעטע מענשען. זייערע ווערק זיינען מייסטענס געשריעבען געוואָרען אויף אַראַביש. און אין צעהנטען יאָהר־הונדערט, ווען אין שפּאַניען האָט געבליהט דיא מורינישע בעפעלקערונג און צוזאַמען מיט איהר דיא אידישע, געפינען מיר דאָרטען אויך אידישע געלעהרטע, דענקער, פּאָעטען, וועמעס שפּראַך עס איז אויך אַראַביש. צווישען דיא וויסענשאַפטס־מענער וואָס האָבען איבערזעצט דיא אַלט־גריכישע ווערק אויף אַראַביש זיינען געווען מעהר אידען וויא ניט־אידען. דיא אידען האָבען אָבער מייסטענס געשריעבען ניט בלויז אַראַביש, נור אויך העברייאיש, און זייערע ליטעראַרישע ווערק זיינען ערשיענען ענטוועדער אין דיעזער אָדער אין יענער שפּראַך — אָפט איןביידע.

שפּעטער איז די מורינישע מלוכה אין שפּאַניען צופאַלען געוואָרען אויף קליינע אָבגעזונדערטע טהיילען, דורך זייערע אינערליכע מלחמות. דאַן האָבען דאָס דיא קריסטען אָנגעפאַנגען צוריק צו ערעאָבערען דעם פּירענעאישען האַלב־אינזעל. און דאַן האָבען דיא אידען געשפּיעלט אַ וויכטיגע ראָלע אי אין דיא מורינישע, אי אין דיא קריסטליכע קעניגרייכען פון שפּאַניען.

אַזוי איז דיא מורינישע הערשאַפט אַלץ געפאַלען און געפאַלען. דיא קריסטען האָבען ביי זיי אַוועקגענומען פּראָווינץ נאָך פּראָווינץ, ביז אין פערדינאַנד׳ס צייט איז זיי בלויז איבערגעבליבען גראַנאַדאַ מיט דיא שטיקעל האַלב־אינזעל ביז דער גיבראַלטאַר־שטראַסע. דאָס הייסט, אַז זיי זיינען נאָך אַלץ געווען אויף ביידע זייטען שטראַססע,—

אין מאַראָקקאָ און אין גראַנאַדאַ, און דער שליסעל צו דעם אַטלאַנ־טישען אָקעאַן איז נאָך אַלץ געווען ביי זיי אין דיא הענד. אום איין מאָהל פאַר אַלע מאָהל צו מאַכען אַ סוף צו דעם, האָט פערדינאַנד אַלזאָ געגען דיא מורינען אָנגעפאַנגען אַ לאַנגע און שווערע מלחמה.

ווען קאָלומבוס איז געקומען נאָך שפּאַניען מיט זיין פּלאַן וועגען אַ נייעם וועג נאָך אינדיען, האָט דיעזע מלחמה געהאַלטען אין איהר רעכטען פלאַקער.

## XI.

## דיא שפּאַנישע קעניגין נעהמט אָן קאָלומבוס'עס פּלאַן.

אַ קעניגליכע קאָמיסיע פון גלחים און פּראָפעסאָרען וויזט צוריק דעם פּראָיעקט, און איינינע לאַכען קאָלומבוס'ען אויס. — קאָלומבוס זעהט זיך מיט'ן קעניג, אָבער יענער לייגט איהם אַלץ אָפּ. — קאָלומבוס ווערט בעקאַנט מיט דיא צוויי אידען, אברבנאל און סעניאָר. — ער בעזוכט ווידער פּאָרטוגאַל. — ער קומט צוריק נאָך שפּאַניען און דער הערצאָג מעדינאַ סעלי נעהמט אין איהם אַן אינטערעס. — ער זעהט דעם פאַל פון דיא מאַהאָמעדאַנישע קעניגרייך, גראַנאַדאַ. — מען לייגט איהם ווידער אָפּ און ער קלייבט זיך צו פאָהרען נאָך פראנקרייך. — בעטענדיג ברויט מיט וואַסער פאַר זיין אינגעל בעגעגענט ער זיך מיט אַ גלח, וועלכער פעראינטערעסירט זיך אין איהם. — דיא קעניגין שיקט איהם רופען. — ער שטעלט צו־גרויסע פאָדערונגען, און עס ענדיגט זיך ווידער מיט גאָר ניט. — ער פאָהרט ווידער אַוועק; אָבער דער איבער־גוואַלט געטויפטער איד סאַנטאַנגעל אַפּעליערט צו דער קעניגין און בעגייסטערט איהר פאַר קאָלומבוס'עס פּלאַן. — מען ברייגנט איהם צוריק פון מיטען וועג און דער קאָנטראַקט ווערט געשלאָסען. — סאַנטאַנגעל באָרגט אַ גרויסע סומע צו דער אונטערנעהמונג. — דער דעקרעט אַרויסצוטרייבען אַלע אידען פון שפּאַניען. — דיא הערץ־רייסענדע סצענעס, וואָס קאָלומבוס האָט געזעהן. — קאָלומבוס נעהמט מיט פינף אידען אויף זיין גרויסע רייזע, וועלכע ער פאַנגט אָן אויף מאָרגען נאָך דעם וויא דיא אידישע בעפעלקערונג פערלאָזט שפּאַניען.

קאָלומבוס איז אָנגעקומען אין שפּאַניען ניט אין קיין גינסטיגען מאָמענט: אַ חוץ דעם, וואָס דיא קעניגליכע פאָר פאָלק איז געווען צו־שטאַרק פערנומען מיט דער מלחמה געגען דיא מורינען און מיט דער אינקוויזיציע'ס הריגות צווישען דיא איבער־גוואַלט־געטויפטע אידען, איז אין איינינע שטעדט דאַן געווען אַ מגפה, און דערצו נאָך האָבען דיא מאַסען געליטען שרעקליכע אָרימקייט. דיא איינ־

קינפטע פון דער קעניגליכער קאַסע זיינען דעריבער געווען קליין און דיא אויסגאַבען גרויס. אַפּילו דיא אייגענסען, וואָס פערדינאַנד האָט קאָנפיסקירט ביי דיא פעראורטהיילטע מאַראַנען, זיינען ניט געווען גענוג. צו דיינקען וועגען אויסשטאַטען שיפען אויף אַ וייטע רייזע, אָהן זיכערע רעזולטאַטען, איז יעצט ניט געווען דיא צייט.

אַ חוץ דעם: שפּאַניען איז דאַן אַזוי געווען פערזונקען אין דיא טיעפעניישען פון אַבערגלויבען, און דיא הערשאַפט פון דיא גלחים האָט אַזוי ניט געוואוסט קיין גרענצען, אַז אַ פּלאַן, וואָס איז געווען געבויט אויף וויסענשאַפט, און ניט אויף „הייליגע" שריפטען, האָט אין שפּאַ־ניען קיין פּאָפּולאַריטעט ניט געקענט ערוואַרטען.

קאָלומבוס איז אָבער ביי זיך ניט אַראָבגעפאַלען, און ער האָט ניט אויפגעהערט צו זוכען בעקאַנטשאַפט, דורך וועלכע ער זאָל קענען צוקומען צום קעניגליכען פּאַלאַץ. ענדליך האָט זיך אין איהם פער־אינטערעסירט דער פינאַנץ־מיניסטער פון קאַסטיליען, אַלאָנזאָ דע קווינטאַנעללאַ. דיא זעלבע שטעלע, וועלכע קווינטאַנעללאַ האָט פער־נומען אין איזאַבעללאַ'ס קעניגרייך, האָט לואיס סאַנטאַנגעל (אַ מאַראַן פון אַ בעריהמטע אידישע פאַמיליע) פערנומען אין פערדינאַנד'ס קע־ניגרייך, אין אַראַגאָן.ביידע דיעזע פינאַנץ־מיניסטאָרען האָבען קאָ־לומבוס'ען געהאָלפען אין דער פערווירקליכונג פון זיין לעבענס־טרוים. וועגען סאַנטאַנגעל'ס וויכטיגע ראָלע דערביי וועלען מיר דערצעהלען שפּעטער. דעם אָנפאַנג האָט געמאַכט קווינטאַנעללאַ. ער האָט איהם צוזאַמענגעבראַכט מיט דזשעראַלדיני, אַ לעהרער פון פערדינאַנד'ס און איזאַבעללאַ'ס אינגערע קינדער, און זיי ביידע זיינען מיט איהם געפאָהרען נאָך סאַלאַמאַנקאַ, וואו דיא געקרוינטע פּאָר פאָלק האָט זיך דאַן (אין 1486) בעזעצט אויפ'ן ווינטער.

דאָרטען האָט מען איהם פאָרגעשטעלט פאַר'ן קעניג, און ער האָט פאַר איהם ערקלעהרט זיין פּראָיעקט. וויא פערנומען פערדינאַנד איז ניט געווען מיט אַנדערע זאַכען, און וויא שווער איצט איז איהם געווען אויסצוגעבען געלט אויף אַזאַ אונטערנעהמונג, האָט ער פון דעסטוועגען דעם רייזענדען פון גענוא גלייך ניט ענטזאַגט. דער געדאַנק וועגען דיא גאָלד, עדעלשטיינער און געווירצען פון דעם ווייטען מזרח איז דיעזען געלט־גייציגען מאָנאַרך צו זיס געווען, אַז ער זאָל זיך ניט פעראינטערעסירען. דאָך, דיא גאַנצע געשיכטע וועגען קומען נאָך

מזרח דורך מערב האָט אויסגעוויזען אזוי זאָנדערבאַר, אַז אַליין בע־שטימען האָט ער סיי וויא סיי ניט געוואָלט. דיא פראַגע איז דעריי־בער איבערגעגעבען געוואָרען צו אַ קאָמיסיע פון גייסטליכע און פון פּראָ־פעסאָרען פון דעם סאַלאַמאַנקער אוניווערסיטעט, וועלכער איז דאַן געוועזן דער גרעסטער אוניווערסיטעט אין שפּאַניען. פאַר דיעזער קאָ־מיסיע איז קאָלומבוס ערשיענען. גענוי וויסען, וואָס דערביי איז פּאָרגעקומען, איז אונמעגליך. מען ווייס, אַז פיעלע האָבען דעם פּלאַן בעגעגענט מיט שפּאָט און מיט שטעך־ווערטער; אָבער וויא דיא גע־שיכטע איז דערצעהלט געוואָרען פון גייסטליכע מיט אַ פּאָר הונדערט יאָהר שפּעטער, זיינען דיא גלחים פון דער קאָמיסיע געוועזן פאר קאָ־לומבוס'ען און דיא פּראָפעסאָרען גראָד געגען איהם. עס ווערט זאָגאַר בעהויפּטעט, דאָס דער אוניווערסיטעט פון סאַלאַמאַנקאַ האָט אָפּיציעל פערדאַמט זיין פּלאַן; אָבער דאָס גלויבט מען היינט ניט. עס איז פאַראַן אַ מיינונג, אַז אויף דיעזען אַרט איז אין שפּעטערע דורות דיא געשיכטע אומישנע צוגעפּערטיגט געוואָרען פון גייסטליכע שרייבער אין דיא אינטערעסען פון זייער קלאַס. גיכער איז דיא מעשה געוועזן פערקעהרט: דאָס רוב פון דיא גלחים האָבען איהם אויסגעלאַכט (הגם מען ווייס געוויס, אַז איינער פון זיי, וועניגסטענס, האָט קאָלומבוס'ען געגעבען בעגייסטערטע שטיצע), וועהרענד דיא געלעהרטע האָבען צו זיינע ערקלערונגען זיך פערהאַלטען ערנסט, אָבוואָהל צו דער פּראַק־טישער זייט פון זיין פּלאַן — ניט אַלע.

איבערהויפּט דאַרף מען זיך אַ דאַמאָלסדיגען אוניווערסיטעט ניט פאָרשטעלען וויא אַ היינטיגען. דער הויפּט־געגענשטאַנד איז אין איהם געוועזן טהעאָלאָגיע, „גאָטס־וויסענשאַפט“, פּלפּולים איבער רע־ליגיעזע ענינים. דאָס איז גיכער געוועזן אַ מין קאַטהאָלישע ישיבה, וויא אַ טעמפּעל פון וויסענשאַפט. דיא פּראָפעסאָרען פון דיא וועלט־ליכע געגענשטאַנדען האָבען אַ קליינע ראָלע געשפּיעלט, און זיי האָבען געמוזט אַלץ צופּאַסען צו דיא לעהרען פון דער קריסטליכער רעליגיאָן.

דיא דעבאַטען וועגען קאָלומבוס'עס פּאָרשלאַג האָבען זיך אויף דער פּערזאַמלונג אָפּט געדרייט אַרום דיא „הייליגע“ שריפטען. אַלס אַרגומענט, אַז דיא ערד איז ניט קיילעכדיג, נאָר פלאַך, האָט מען אָנ־געגעבען פּסוקים פון חומש אָדער פון דעם נייעם טעסטאַמענט. איין אַרגומענט איז צום ביישפּיעל בעשטאַנען אין פאָלגענדען: דער היי־

ליגער פאול זאָגט, אַז דער הימעל איז אַ סוכה. נו, הייסט דאָך דאָס, אַז די ערד איז די פאָדלאָגע אין דיעזער סוכה, — אַז זי איז פלאַך. קאָלומבוס'עס מיינונג, אַז זי איז קיילעכדיג וויא אַן עפּעל, איז ביי איינינגע פון די אונוויסענדע גלחים אויסגעקומען וויא אַ גרויסע אפּיקורסות. עס האָט געשמעקט מיט געפאַהר פאַר איהם. ער האָט איינפאַך ריזיקירט, אָנשטאָט צו מאַכען אַן ענטדעקונגס־רייזע, צו ענדיגען זיין לעבען אויף די שייטער־הויפענס פון דער אינקוויזיציע.

און אָט איז אַן אַנדער זאָרט „אַרגומענט“, וואָס איהם איז אויס־געקומען צו הערען געגען זיין פּלאַן: אויב מען זאָל שוין אָננעהמען, אַז די ערד איז קיילעכדיג וויא אַ קנויל, געהט זיא דאָך געבויגען וויא אַ באַרג. אויב אַזוי, הייסט עס, אַז פאַהרענדיג אַהין, וועט די שיף געהן אַראָפּ־באַרג. היינט וויא אַזוי וועט זי נאַכהער פאָהרען צוריק? וויא אַזוי וועט זי געהן אַרויף־באַרג איבער'ן וואַסער? היינט זיינען גלאַט געפלויגען שפּאַסען, שטעך־ווערטער, — וועגען דעם, למשל, וויא קאָלומבוס וויל פאָהרען אויף יענער זייט וועלט, און ער וועט געהן מיט'ן קאָפּ אַראָפּ, מיט די פיס אַרויף*).

די וואָס האָבען פערשטאַנען די קיילעכדיגקייט פון דער ערד האָבען געמוזט יענע פּסוקים פון דער תורה און פון עוואַנגעליום איינ־

*) די קשיה וויא אַזוי די שיף וועט געהן „אַרויף־באַרג“ איז אַזוי נאַריש וויא די רייד וועגען געהן מיט'ן קאָפּ אַראָפּ, מיט די פיס אַרויף. די ערד ציהט צו צו איהר צענטער, צו איהר אינגווייניגסטען מיטעל־פונקט. (זעה ביילאַגע, זייטלעך 636—638). פאַר וואָס פאַלען מיר אַריין אין אַ גרוב? ווייל דער דעק („דנאָ“) פון דער גרוב איז נעהנטער צום צענטער פון דער ערד־קוגעל. פאַר וואָס קייקלען מיר זיך אַראָפּ פון באַרג? ווייל די ערד אונטען איז נעהנטער צום ערד־צענטער וויא דער באַרג. געהן אַרויף־באַרג איז שווער, ווייל איהר געהט אַלץ ווייטער אַוועק פון דעם צענטער, דאָס הייסט איהר מוזט ווירקען געגען זיין צוציהונגס־קראַפט. וואָרום איז אייך לייכט צו געהן אַראָפּ־באַרג? ווייל די צוציהונגס־קראַפט העלפט אייך. דאָס וואַסער פון ים איז גראַד. דאָס הייסט ניט, אַז עס איז פלאַך. עס הייסט בלויז, אַז עס איז אומעטום גלייך ווייט פון דעם צענטער פון דעם ערד־קוגעל, ניט נעהנטער, ניט ווייטער. דער שיף וועט דעריבער אומעטום זיין דאָס זעלבע.

טייטשען אזוי, אז עס זאָל פארגלעט ווערען יעדער ווידערשפּרוך, אז עס זאָל זיך ניט מערקען קיין אפּיקורסות. דיא געבילדעטע גלחים, וואָס זיינען געוועזען בעלעזען אין זייער אייגענע רעליגיעזע ליטעראַטור, האָבען געבראַכט דיא מיינונג פון צוויי בעריהמטע פאָרשטעהער פון דער קאַטהאָלישער קירכע (טהאָמאַס אַקווינאַס און נאָך איינער), וועל־כע האָבען אויך געפּרעדיגט, אז דיא ערד איז א באָלל און האָבען בע־וויזען, אז אזוי צו גלויבען הייסט גאַר ניט געהן געגען דער תורה. אָבער אז א מענש זאָל קענען ארומפּאָהרען דיא וועלט ארום און ארום האָבען דיעזע קאַטהאָלישע געלעהרטע אויך ניט געגלויבט.

וואָס אָנבעטרעפט דיא וויסענשאַפטס־מענער פון דער קאָמיסיע האָבען איבערהויפּט ניט אלע פון זיי געפּיהלט רעספּעקט צו דער פער־זענליכקייט פון דעם מאַן, וועלכער האָט געגאַרט צו מאַכען דיא גרויסע רייזע. אויב אזא רייזע איז אפילו מעגליך אין טהעאָריע — האָבען זיי זיך געטראַכט — האָט דאָך יעדענפאַלס נאָך קיינער דערפאַר זיך ניט גענומען, — קיין געאָגראַף, קיין געלעהרטער, קיין בעריהמטער שיפס־מאַן. אז דיעזער אָרימער איינפאַכער אימיגראַנט זאָל אויפ־טהאָן אזא איבערראַשענדע נייעס, האָט זיך זיי פּשוט ניט געגלויבט. ער האָט אויף זיי געמאַכט דעם איינדרוק פון אַן אוואַנטיוריסט, א מענש וואָס יאָגט זיך נאָך אונגעוועהנליכע סיבות, סענסאַציאָנעלע רייזעס, אויפרעגענדע ערפאַהרונגען.

דיא וויכטיגסטע אויסנאַהמע צווישען דיא גלחים איז געוועזען ד י ע נ אָ ד ע ז א, דער בישאָף פון סאַלאַמאַנקאַ, פּראָפעסאָר פון טהעאָלאָגיע (גאָטס־וויסענשאַפט) אין דעם דאָרטיגען אוניווערזיטעט, און לעהרער פון פערדינאַנד'ס און איזאַבעללאַ'ס עלטסטען זוהן. ער האָט געשטאַמט פון אידען. אָבער פרייהען זיך מיט דעם האָבען אי־דען קיין אורזאַכע ניט, וואָרים דיעזער געבילדעטער גלח איז שפּעטער געוואָרען גענעראַל־אינקוויזיטאָר, אויף טאָרקוועמאַדאַ'ס אָרט, און ער איז געוועזען נאָך בלוטדורשטיגער וויא טאָרקוועמאַדאַ.

צווישען די וועלטליכע געלעהרטע, וואָס האָבען אונטערשטיצט קאָ־לומבוס'ען איז געוועזען דער איד אברהם זאַקוטאָ אָדער זכותא, א פּראָ־פעסאָר פון דעם סאַלאַמאַנקער אוניווערסיטעט *). דעזא האָט נאַטירליך

*) יוסף וועקינהאָ, דער געלעהרטער דאָקטאָר פון דעם קעניגליכען הויף

געהאַט פיעל מעהר מאַכט וויא זאַקוטאָ. ער האָט פאַר קאָלומבוס'ען געקענט מעהר אויפטהאָן און ער האָט ווירקליך געטהאָן וואָס ער האָט געקענט פאַר איהם; די אומשטענדען האָבען אָבער געאַרבייט דאַגעגען.

דיא קאָמיסיע האָט זיך געענדיגט מיט גאָר ניט, אָבער דעזא האָט דערנאָך גע'פועל'ט ביי פערדינאַנד'ען, אַז דיא רעגיערונג זאָל קאָלומבוס'ען פאָרלויפיג געבען אויף צום לעבען. *)

אין 1487 איז פערדינאַנד געווען אין קאָרדאָוואַ, וואו עס איז צוגעפערטיגט געווען דיא בעלאַגערונג פון דער מורינישער שטאָדט מאַלאַגאַ. קאָלומבוס איז געפאָהרען אהין, האָפענדיג צו זעהן זיך מיט'ן קעניג, און פערדינאַנד האָט איהם ווירקליך אויפגענומען. אָבער בעשליסען עפּעס וועגען קאָלומבוס'עס פּלאַן איז דאָ ניט געווען דער פּלאַץ. דיא מורינען האָבען פערדינאַנדען שיער ניט אָבגעשניטען פון זיין הויפּט־אַרמיי, און דערצו נאָך האָט אַ מורין געוואונדעט אַ פּרינץ און אַ מאַרקיזע, מיינענדיג אויף זייער לאַגער־פּאַלאַטקע, אַז דאָס איז דיא פּאַלאַטקע פון דעם קעניג און דער קעניגין. איבעריגענס איז פאַר קאָלומבוס'ען פון דיעזער פּאַסירונג אַרויסגעקומען אַ טובה; וואָרים דיא געוואונדעטע מאַרקיזע (דע מאָיאַ האָט זיא געהייסען) האָט זיך

---

פון פּאָרטוגאַל, איז געווען זאַקוטאָ'ס אַ תלמיד; ער האָט איבערזעצט זאַקוטאַ'ס אַסטראָנאָמישען לוח פון העברייאיש אויף ליטיין, און האָט איין עקזעמפּליאַר פון דעם געדרוקטען בוך געשאָנקען קאָלומבוס'ען, וועלכער האָט פון איהם געהאַט גרויסע נוץ אויף זיינע שפּעטערדיגע רייזעס. איין מאָל, וויא מיר וועלען זעהן, האָט דיעזער לוח איהם גערעטעט פון הונגער צווישען דיא אינדיאַנער פון אַמעריקאַ. דיעזער בוך געפינט זיך אין דער קאָלומבוס־ביבליאָטהעק צווישען דיא אַנדערע ביכער, וואָס זיינען איבערגעבליבען פון דעם ענטדעקער פון דער נייער וועלט.

---

*) דיא געשיכטע פון דער קאָמיסיע און איבערהויפּט פון אַלע אסיפות פאַר וועלכע קאָלומבוס איז פאָרגעקומען אין שפּאַניען, איז אַזוי ניט קלאָהר און פאַרפּלאָנטערט, אַז עס איז שווער אין איהר צו דערגעהן אַ טאָלק. ווען מען פערגלייכט עטליכע פון דיא בעסטע און נייעסטע אויטאָריטעטען וועגען דיעזען ענין, קומט אַרויס אַ מישעניגע פון ווידערשפּריכע און אונדייטליכקייטען.

פעראינטערעסירט אין דער רייזע, וואָס ער האָט געפּלאַנעוועט, און אַזוי וויא זיא האָט געליטען פאר דער קעניגין, האָט איהרער א וואָרט יעצט געהאט א ספּעציעלע בעדייטונג.

אָבער דער קעניג איז אַלץ פערנומען געווען, און אַזוי האָט זיך דאָס פאַרצויגען און פאַרצויגען.

געהענדיג אין גאס פלעגט קאָלומבוס ציהען דיא אויפמערקזאמ־קייט פון דיא פארביי־געהער, וועלכע האָבען שוין געהערט פון איהם מיט זיין משונה'דיגען פּלאַן. מען פלעגט אָנווייזען אויף זיינע אַלטע קליידער, איהם רופען „דער מאַן מיט דיא לעכער", לאַכען פון איהם, וואָס ער וויל פאָהרען אויף דער אַנדערער זייט וועלט, און אָנצייגען אויפ'ן שטערען, צו ווייזען, אַז ער איז ניט ביין קלאָהרען זינען.

דאָך, — זיין הויכע, שטאָלצע פיגור, זיינע פלאַמענדע אויגען און לאַנגע, שעהנע, גראָיע לאָקען (ווען קאָלומבוס איז געקומען נאָך שפּאַניען איז ער שוין לאַנג גראָה געווען. ער איז גראָה געוואָרען צו 30 יאָהר) האָבען א טיעפען איינדרוק געמאַכט. און איצט (אין 1487), וועהרענד ער איז געווען אין קאָרדאָווא, האָט ער געהאט א ראָ־מאַן מיט א יונגע דאמע, ב ע א ט ר י ז ע נ ר י ק ע ז, און זיא האָט פון איהם געבוירען א אונגעזעצליכען קינד, פערדינאַנד.*) אינטערעסאַנט איז וויא עס פערהאַלטען זיך צו דיעזען ראָמאַן מאַנכע היסטאָריקער, וועלכע ווילען ניט אַנדערש פאָרשטעלען קאָלומבוס'ען אַלס דעם אי־דעאַל פון אַלעם גוטעס. איינינע פון זיי זוכען צו בעווייזען, אַז ער האָט בעאַטריזען געהייראַטה געזעצליך (וואָרים וויא פּאַסט עס פאַר דעם ענטדעקער פון אמעריקא צו לעבען מיט א פרוי אָהן א גלח'שע חופּה־וקדושין?); אַנדערע, וויעדער, מאַכען בעאַטריזען פאַר א אי־דיש קינד. פון וועלכע מיידעל, הייסט עס, קען מען ד'ען ערוואַרטען, אַז זיא זאָל לעבען מיט א מאַן אָהן חתונה, אויב ניט פון א אידישע? אין אמת'ן אָבער איז בעאַטריז ניט געווען קיין אידיש קינד און גע־זעצליך פערהייראַטה צו קאָלומבוס'ען איז זיא אויך ניט געווען.

מאַלאַגא איז געפאַלען אין אויגוסט פון יענעם יאָהר. דער קעניג

---

*) דיעזער פערדינאַנד האָט דאָס שפּעטער געשריעבען זיין פאָטער'ס לעבענס־געשיכטע — אַ ווערק, וועלכע ענטהאַלט אַן אוצר מיט וויכטיגע פאַק־טען צוזאַמען מיט פיעלע פאַלשע מעלדונגען.

און דיא קעניגין זיינען אָבער וויטער געווען פערטיעפט אין דעם קאמפף געגען דיא מורינישע שטעדט און שטעדטלעך, און קאָלומבוס האָט אומזיסט געוואַרט ביי דער אַרמיי. דאָ האָט ער זיך געטראָפען מיט דיא פאַרנעהמסטע צוויי ניט־געטויפטע אידען פון שפאַניען, מיט אברהם סעניאָר און יצחק אברבנאל, מיט וועלכע מיר זיינען שוין בעקאַנט. זיי האָבען זיך גענומען בעזאָרגען דיא אַרמיי מיט פּראָוויאַנט און געוועהר. דערביי האָבען זיי זיך געלאָזט קאָסטען גרויסע סומען פון זייערע אייגענע ריעזיגע פערמעגענס און האָבען צוגערעדט אַנדערע רייכע אידען אויך בייצוטראָגען צו דעם זעלבען פאָנד. (מיר רעכענען שוין ניט דיא ספּעציעלע מלחמה־ציגזען, וועלכע דיא קרוין האָט ארויפגעלייגט אויף דיא אידישע בעפעלקערונג אין אלגעמיין). דיא אינקוויזיציע האָט געברענט מאַראַנען צעהנדליגעוויז, הונדערטעוויז; זיא האָט זיי אַרעסטירט און געפּייניגט מיט דיא ווילדעסטע יסורים, וועלכע אַ טייפעלשער מח האָט ווען עס איז אויסגעטראַכט, — צעהנדליגע טויזענדער־וויז; און דיא אידישע אריסטאָקראַטען האָבען געשאָטען גאָלד, אום צו חנפה'ענען דיא הערשענדע מערדער.

מיר וועלען זעהען, אז דורך דעם זיעג איבער גראַנאַדאַ, וועלכען אידישע גאָלד האָט געהאָלפען מקוים ווערען, איז פאַר דיא אידען פון שפּאַניען ארויסגעקומען דער גרעסטער אונגליק — דאָס, וואָס מען האָט זיי אַלעמען ארויסגעטריבען פון זייער געבורטסלאַנד. דיעזען רעזולטאַט האָבען די רייכע אידען ניט געקענט פּאָראויסזעהן. וואָס זיי האָבען אָבער יא געזעהען און פערשטאַנען, איז דער פאַקט, אז מיט דיעזע חניפה־געלט, מיט וועלכע זיי האָבען בעוואַפענט און געקאַרמעט דיא שפאַנישע חיל, האָבען זיי געהאָלפען פערניכטען דיא מורינישע קעניגרייך, וואו דיא אידען האָבען כמעט אימער געלעבט פיעל רוהיגער און זיינען בעהאַנדעלט געוואָרען פיעל מענשליכער וויא ביי דיא קריסטליכע שפאַניער.

מען קען אָבער ניט לייקענען, אז יצחק אברבנאל, וועניגסטענס, איז געווען אַ סימפּאַטישער, עדעל־הערציגער מענש און אַז ער איז געווען דורכגעדרונגען מיט דער טראַגעדיע פון זיינע ברידער, מיט וועמען ער האָט נאָכהער געטיילט זייער ביטערען שיקזאל. ווען מען געפינט זיך אין אַזאַ לאַגע וויא דיא, אין וועלכע דיא אידען האָבען זיך דאַן געפונען

אין שפּאַניען, איז דאָס אוננאַטירליכסטע נאַטירליך. דאָס, וואָס אונ־טער אנדערע אומשטענדען וואָלט געווען צו פערדאמען, קען מען אין אזא צייט בלויז בעדויערען.

ניט אַלע שפּאַנישע אידען האָבען זיך גלייך גענומען צו חניפה און כּאַבאַר אַלס א רעטונגס־מיטעל. פון דיא טויזענדע, וואָס זיינען מוטהיג געגאַנגען צום טוידט און זיך ניט געבויגען פון זייערע איבערצייגונגען אויף א האָר, רעדען מיר שוין דאָ ניט. אָט מיט א פּאָר יאָהר פריהער, ווען מען האָט אין אראגאָן גענומען איינפיהרען דיא אינקוויזיציע, וועלכע האָט אין קאַסטיליען עקזיסטירט שוין פיער יאָהר,*) האָבען אראגאנישע מאראנען געמאַכט א קאָנספּיראציע און געטוידט דעם הויפּט־אינקוויזיטאָר. דיא קעניגין און דער קעניג האָבען דאן געהיי־סען דיא קאָנספּיראטאָדס צושניידען לעבעדיגערהייט און פערברענען, און דאן זיינען דיא שרעקען פון דער אינקוויזיציע געוואָרען פיעל־מאָל גרעסער וויא פריהער. אָבער וועהרענד דיא געקרוינטע פּאָר פּאָלק האָט געהאַקט אידען הונדערטעווייז און זיי געברענט אויף זייערע „היילינע" שייטער־הויפענס, האָבען זיי זיך ניט ענטזאַגט פון אברבנאל׳ס און סעניאָר׳ס גאָלד, און דיא צוויי אידען זיינען אימער געווען אין זייער סוויטע, וואו זיי האָבען זיך נור געפונען צוזאַמען מיט זייער ארמיי.

אויף דיעזען אָרט איז מיט זיי דאָס בעקאַנט געוואָרען קאָלומבוס אין דעם לאַגער נאָך דעם וויא דיא שפּאַניער האָבען גענומען מאַלאַגאַ.

אין דער צייט פון דער מלחמה זיינען דיא שפּאַניער אָפט בעפאַ־לען מורינישע דערפער און פון דאָרטען אַוועקגעשלעפּט גאַנצע סטאַדעס פיה; און ניט בלויז פיה, נור פריעדליכע אונבעוואפענטע מענשען אויך. זיי פלעגען אויף דיעזען אָרט פאַנגען מענער, פרויען און קינדער, וועלכע זיי פלעגען ברייננגען אויף דיא שקלאַפען־מערק פון סע־וויללא און פון אנדערע שטעדט. ווען זיי האָבען גענומען מאַלאַגאַ, האָ־בען זיי פון דאָרטען אַוועקגעפיהרט אַלס שקלאַפען ביז עלף טויזענד מענשען פון דיא פערשיעדענע קלאַסען. אייניגע פון דיעזע געפאַנגענע

*) דאָס הייסט ניט, אז פערדינאַנד האָט אין זיין אייגענער קעניגרייך ניט געוואָלט אזוי גיך גרינדען דעם מחבל־אַנשטאַלט. ער האָט איינפאַך פרי־הער ניט געקענט. דיא אראגאנישע אדעליגע זיינען געווען דאגעגען.

זיינען געוועזען הויך געבילדעטע לייט. דיא שפאניער האבען זיי פער־קויפט פאר געוועהנליכע קנעכט. דאס איז אפילו געגען דיא מאראל פון אנשטענדיגע קריעגס־לייט, אבער דיא מורינען זיינען דאך געוועזען מאַ־האמעדאנער, ניט קיין קריסטען, און מיט ניט־קריסטען האט מען גע־מעגט טאן אלץ אין דער וועלט.

קאלומבוס איז אלזא געוועזען אין דעם לאגער, ווען מען האט גענומען מאלאגא. ער האט געהאפט דא זיך צו זעהען מיט'ן קעניג און ענדליך צו פערווירקליכען דעם געדאנק, וואס האט איהם קיינמאל ניט אב־געטראטען. אבער דער קעניג האט איהם וויעדער ענטוישט.

ענדליך איז איהם נמאס געווארען צו ווארטען. ער האט דאן גע־שריבען צו דעם פארטוגעזישען קעניג ווענען אן ערלויבנים וויעדער צו בעזוכען פארטוגאל, און ער האט באלד ערהאלטען אן אנטווארט. אין דיעזען אנטווארט האט יאאן דער צווייטער איהם ערקלעהרט פריי פון יעדער שטראף, וועלכע איהם קומט פיעלייכט. אויף קאלומבוס'עס עקזאמפלאר (קאפיע) פון דעם בוך, „דיא געשטאלט פון דער וועלט", איז אנגעצייכענט מיט זיין האנדשריפט: „ליסאבאן, דעצ., 1488". הייסט עס, אז דאן איז ער צוריק געוועזען אין דער הויפט־שטאדט פון פארטוגאל. אויף דעם זעלבען בוך נאטירט קאלומבוס, אז בארטהאַ־לאמיי דיאז האט זיך אומגעקעהרט פון זיין רייזע ארום דעם „קאפ פון גוטע האפנונג", — דעם דרום־שפיץ פון אפריקא, — פון דעם אטלאנטי־שען אקעאן אין דעם אינדישען אריין.

קאלומבוס'עס ברודער, וועלכער האט אויך געהייסען בארטהאלא־מיי, איז מיט דיאז'ען מיטגעפאהרען אויף דיעזער היסטארישער עקספע־דיציע. ווען ער איז צוריקגעקומען נאך ליסאבאן, האט זיך מיט איהם דארט געזעהען קאלומבוס, און דאן האט ער דאס איהם אוועקגעשיקט נאך ענגלאנד, פרופען פארלייגען זיין פלאן פאר דעם דארטיגען קעניג.

אויב בארטהאלאמיי איז דארטען ווען עס איז צוגעקומען צו דעם קעניגליכען פאלאץ, ווייס מען ניט. אז ער האט יעדענפאלס ניט גע־האט קיין ערפאלג — דאס איז דייטליך פון דעם פאקט, דאס אין 1488 איז ער פון לאנדאן געפאהרען נאך פאריז, וואו ער האט געהאט בעסערע אויסזיכטען. אבער דיעזע אויסזיכטען האבען זיך אויך אויסגעלאזען מיט גאר־נישט.

דיאז'עס רייזע פון דעם אטלאנטישען אקעאן אין דעם אינדישען

צו אינדיען צו האָט מסתמא פארשטאַרקערט קאָלומבוס׳עס וואונש צו ווייזען פאר דער וועלט, וויא אזוי ער וועט קומען נאָך אינדיען דורך א קירצערען און בעסערען וועג. אויב ער האָט געהאַט נייע אונטעררעדונ־גען מיט דעם קעניג פון פּאָרטוגאַל, ווייס מען ניט. מען ווייס בלויז, אז אין פריהלינג פון 1489 האָט ער זיך אומגעקעהרט נאָך שפּאַניען. אין א קורצע צייט ארום איז ער בעקאַנט געוואָרען מיט דעם הערצאָג מעדינא סעלי,*), וועלכער האָט אין איהם גענומען א גרויסען אינטערעס. שפּאַניען האָט נאָך דאַן ענטהאַלטען בעזונדערע פירסטענטהומס, הער־צאָגטהומס, בעזונדערע קליינע מלוכה׳לעך, איבער וועלכע עס האָבען געוועלטיגט בעזונדערע הערשער, הגם זיי האָבען אַנערקענט די אויי־בער־הערשאַפט פון דעם קעניג. אזא זאָרט „וואַססאַל"־הערשער איז געוועזען מעדינא סעלי. אזוי וויא דער הערצאָג האָט געהאַט אייגענע שיפען, האָט ער זיך געקליעבען אליין אויס־צו־שטאַטען דיא גאַנצע עקספּעדיציע. ער האָט זיך אָבער ארומגעזעהן, אז אזא וויכטיגע אונ־טערנעהמונג מוז געמאַכט ווערען אונטער דעם פליגעל פון דעם קעניג — אזוי שרייבט ער אליין. דערוויילע האָט ער דערהערט, אז דער ני־דערגעשלאָגענער קאָלומבוס האָט אין זינען צו ווענדען זיך צו דעם קעניג פון פראַנקרייך. דאַן האָט דער הערצאָג געשריעבען צו קעניגין איזאַ־בעללא. דער בריעף איז נאָך דאַ, און מען קען אין איהם זעהן וויא שטאַרק ער האָט קאָלומבוס׳ען רעקאָמענדירט.

און דאָך איז אריבער נאָך א יאָהר און א האַלב, און קאָלומבוס איז ניט געוועזען א האָר נעהנטער צו זיין ציעל. מעדינא סעלי האָט גע־וואָלט אַנטהייל נעהמען אין דער אונטערנעהמונג, אָבער אויך אין דיא פּראָפיטען, וואָס זיא וועט ברענגען; און עס קען זיין, אז דעריבער איז דאָס פערדינאַנד׳ען און איזאַבעללאַ׳ן ניט געפעלען געוועזען. יעדענ־פאַלס איז דער קעניגליכער הויף דאַן געוועזען פערנומען מיט צוגרייטונ־גען צו אַן ענדליכען קאמפף געגען גראַנאַדאַ.

*) פריהערדיגע היסטאָריקער האָבען געהאַלטען, אז מיט מעדינא סעלי איז קאָלומבוס בעקאַנט געוואָרען גלייך וויא ער איז צום ערשטען מאָל געקומען נאָך שפּאַניען. דיא נייעסטע פאָרשער בעווייזען אָבער, אז דאָס איז אונמעג־ליך, און אז ער איז מיט איהם בעקאַנט געוואָרען ניט פריהער וויא ארום 1490.

פערדינאַנד האָט זיך בעשלאָסען ניט אויפצוגעבען דיא בעלאַגע־רונג ביז דיא שפּאַנישע פאַהן וועט פלאַטערען אויף דער מורינישער פעסטונג. דיא קעניגין האָט פאַרלויפיג די קאָלומבוס־פראַגע איבערגע־געבען צו קווינטאַנעללאַ'ן, דעם הויפּט־קאָנטראָלער פון קאַסטיליען. קאָ־לומבוס האָט געפאָדערט א בעשטימטען אַנטוואָרט, אָבער דאָס איז פון דער געקרוינטער פּאַר־פאָלק אונמעגליך געווען ארויסצוקריגען.

דער אימיגראַנט פון גענוא איז געווען אין פערצווייפלונג. זעקס יאָהר האָט ער פערבראַכט אין שפּאַניען אין אומזיסטע ערוואַרטונגען, — אַזוי האָט עס אויסגעוויזען. ער האָט אויפגעגעבען יעדע האָפנונג, און מיט אַ צובראָכען האַרץ האָט ער זיך בעשלאָסען צו פּרופען זיך ווענדען צו דעם קעניג פון פראַנקרייך — אפשר וועט ער דאָרטען האָבען מעהר ערפאָלג.

זיין זוהן פון דער ערשטער פרוי, דיעגאָ, וועלכער איז איצט שוין געווען אַ אינגעל פון אַ יאָהר פערצעהן, פופצעהן, האָט ער געהאַט אי־בערגעלאָזען אין אַן אַנדער שפּאַנישער שטאָדט, ביי דעם קינד'ס אַ טאַנטע. אַלזאָ, האָט ער איהם איצט אָבגענומען פון דאָרטען. מען גלויבט, אַז ער האָט געהאַט אין זינען צו נעהמען דיעגאָ'ן און בע־אַטריזען מיט איהר אינגעל פערדינאַנד — זיין גאַנצע יעצטיגע פאַ־מיליע — און מיט זיי פאַהרען זוכען אַ היים אין פראַנקרייך אָדער אין ענגלאַנד. אגב האָט ער ערוואַרט צו זעהן, וואָס עס איז געוואָרען פון זיין ברודער'ס נסיעה.

באַרטהאָלאָמיי האָט אין ענגלאַנד גאָר ניט אויפגעטאָן און ער איז פון דאָרטען אַריבער־געפאָהרען נאָך פראַנקרייך, וואו ער איז בעקאַנט געוואָרען מיט אַ וויכטיגע פּערזאָן. קאָלומבוס האָט פון איהם אָבער ניט ערהאַלטען קיינע בריעף זינט ער האָט איהם אַוועקגעשיקט פון פּאָרטוגאַל נאָך ענגלאַנד.

קאָלומבוס איז איצט געווען אַזוי פעראָרימט, אַז ער האָט געמוזט געהן מיט זיין קינד צופוס, און זאָגאַר צו בעטלען. אַזוי שלעפּענדיג זיך פון דאָרף צו דאָרף, זיינען זיי דערגאַנגען ביז דעם לאַ־ראַבידאַ קלויסטער, ניט ווייט פון דער האַפען־שטאָדט פּאַלאָס, וואו קאָלומבוס האָט ערוואַרט זיך צו זעצען אויף אַ שיף. ער האָט אָנגעקלאַפּט אין דער טיהר פון דעם קלויסטער און געבעטען ברויט און וואַסער פאַר זיך און דעם אינגעל. צו זיין גליק האָט זיך ארויסגעצייגט, אַז דער עלסטער

פון דעם קלויסטער, פּערעז, איז א געוויסע צייט געוועזן קעניגין אי־זאבעללא׳ס פּריוואט־גלח — אז זיא פלעגט זיך פאר איהם מתודה זיין. ער איז געוועזן בעקאנט מיט געאָגראפיע און ווען קאָלומבוס האָט איהם דערצעהלט פון זיין פּלאַן און פון זיינע צרות, האָט ער זיך שטארק פער־אינטערעסירט. ער האָט איהם ניט געלאָזען אָפּפאָהרען פון שפּאַניען, און פערשפּרעכענדיג צו פּרופען עפּעס טאָן פאר איהם, האָט ער איהם איינגעלאַדען דערוויילן צו פערבלייבען אין דעם קלויסטער אלס זיין גאסט. אין עטליכע טעג ארום האָט פּערעז אויך איינגעלאַדען זיינע צוויי פריינד: מארטין פינזאָן און גארסיא פערנאַנדעז. דער ערשטער איז געוועזן א רייכער געניטער שיפס־מאַן און דער צווייטער — א דאָקטאָר. ווען קאָלומבוס האָט פאר דער קאָמפּאַניע ערקלעהרט זיין פּלאַן צו דערגרייכען אינדיען, פאָהרענדיג איבער׳ן אטלאַנטישען אָקעאַן צו מערב זייט צו, איז פינזאָן בעגייסטערט געוואָרען. דער גע־דאַנק איז איהם אזוי געפעלען געוואָרען, אז ער האָט זיך אויסגערופען קאָלומבוס׳ען צו שטיצען מיט געלט, ווערענד ער וועט מאכען א נייע פּראָבע צו פעראינטערעסירען דעם קעניגליכען הויף, און נאכהער צו־שטייער צו געבען אויף דיא עקספּעדיציע גופא.

דער קלויסטער שטעהט נאָך עד היום, און אין איהם איז נאָך דאָ דער צימער, אין וועלכען פּערעז, פינזאָן, דאָקטאָר פערנאַנדעז און קאָ־לומבוס האָבען געהאַט זייערע געשפּרעכען. עס עקזיסטירט נאָך דיא זעלבע פּאָדלאָגע פון ציגעל, דער זעלבער הילצערנער באַלקען; אפילו דער גרויסער שווערער טיש, ארום וועלכען זיי זיינען געזעסען און גע־רעדט וועגען קאָלומבוס׳עס פּלאַן, שטעהט נאָך. דאָ ארום דיעזען טיש איז ענטשיעדען געוואָרען דער שיקזאל פון קאָלומבוס׳עס שטרעבונגען. דאָ ביי דיעזען טיש איז געבאָרען געוואָרען אמעריקאַ.

פּערעז האָט זיך גענומען קאָלומבוס׳ען העלפען מיט אלע קרעפ־טען. ער האָט אוועקגעשיקט צו דער קעניגין א בריעף, אין וועלכען ער האָט איהר דרינגליך געבעטען קאָלומבוס׳עס פּראָיעקט אויפמערק־זאמקייט צו שענקען. אין פופצעהן טעג ארום איז זיין שליח געקומען צוריק מיט אן אנטוואָרט פון דער קעניגין, אז זיא רופט פּערעז׳ען צו זיך. פּערעז האָט זיך גלייך געזעצט אויף אן אייזעל, און איז אוועק

נאָך דער ניי־אויפגעבויטער לאַגער־שטאָדט סאַנטאַ־פע לעבען גראַנאַ־דא*), וואו איזאבעללא און פערדינאַנד האָבען זיך דאַן געפונען.

ווען ער איז אָנגעקומען, און דיא קעניגין האָט איהם עמפפאנגען, האָט ער אפעלירט צו איהר צו גונסטען פון קאָלומבוס'עס געפּלאַנטע רייזע. ער האָט פאר איהר געשילדערט וויפיעל עשירות זיא וועט דורך דעם בעקומען און דיא גרויסע מצוה וואָס זיא וועט פערדיענען דורך דעם, וואָס מען וועט פערשפּרייטען דיא קריסטליכע רעליגיאָן אין דעם ווייטען מזרח. דערביי איז געווען דיא אויבען־דערמאָנטע מאַרקיזע דע־מאָיא, וועלכע איז פערוואונדעט געוואָרען איבער דער קעניגין, און זיא האָט מיט בעגייסטערונג אונטערשטיצט דעם גלח'ם רייד.

דער רעזולטאַט איז געווען, אז איזאבעללא האָט געהייסען שיקען נאָך קאָלומבוס'ען און איהם געבען א היבשע סוממע געלט, אום ער זאָל פאָרלויפיג האָבען פון וואַנען צו לעבען.

קאָלומבוס האָט זיך געקויפט אנשטענדיגע קליידער און אַן אייזעל, און, איבערלאָזענדיג זיין אינגעל ביי א גלח, איז ער צוזאמען מיט פערעז'ען אוועקגעריטען צום לאַגער.

דיא פראגע איז אויפגענומען געוואָרען אויפ'ן שטעל. קאָלומבוס איז ווידער פאָרגעקומען פאר אַן אסיפה פון גרויסע גלחים און גע־לעהרטע, אָבער דיעזען מאָל האָט מען צו איהם גערעדט גאָר אין אַן אַנדער טאָן. דער הויף־גייסטליכער טאַלאַווערא, וועלכער איז פריהער געווען געגען איהם, איז איצט געוואָרען זיין אונטערשטיצער. נאָך

*) מיט איניגע מאָנאַטען פריהער האָט געטראָפען א סיבה אין'ם לאַ־גער. דיא פרעכטיגע פּאַלאַטקע פון דער קעניגין האָט זיך אָנגעצונדען פון אַ לאָמפּ. דער פייער האָט זיך פערשפּרייט ווייטער און דער גאַנצער לאַגער איז שיער ניט אומגעקומען אין פלאַמען. דאַן האָט מען אָנשטאָט ליווענטענע ביידלעך אויפגעשטעלט הילצערנע הייזער. עס איז ארויסגעקומען אַ גאַנצע שטאָט, וועלכע מען האָט אַ נאָמען געגעבען סאַנטאַ־פע (דער היילינער גלויבען) און וועלכע שטעהט נאָך עד היום. אויף דיא מורינען האָט דאָס אויפבויען פון סאנטא־פע געהאַט אַ שטאַרקע ווירקונג. עס האָט זיי געוויזען, אז די שפּאַניער קלייבען זיך אין אמת'ען צו בעלאַגערען גראַנאַדא ביז זיא וועט זיך אונטערגעבען; און דאָס גופא האָט געהאָלפען ביי זיי אַוועקנעהמען דעם מוטה.

וויכטיגער איז געווען דער וואָרט פון מענדאָזא, ערץ־בישאָף פון טאָ־לעדאָ, איינער פון דיא איינפלוסרייכסטע גייסטליכע אין לאַנד. דיא שאַץ־מייסטערס פון דיא צוויי פעראייניגטע קעניגרייכען — קווינטאַ־נעללאַ פון קאַסטיליען און דער מאַראַן לואיס דע סאַנטאַנגעל פון אראַ־גאָן—האָבען געראַדעט צו גונסטען פון קאָלומבוס'ען מיט'ן גאַנצען האַר־צען, און דיא קעניגין האָט פערשפּראָכען צו קומען צו אַן ענדליכען שלוס, אַזוי גיך וויא דיא שפּאַנישע חיל וועלען נעהמען גראַנאַדאַ. דאָס איז געווען אין דעצעמבער, 1491.

קאָלומבוס'ען איז לאַנג ניט אויסגעקומען צו וואַרטען. דיא בע־לאַגערטע מורינען האָבען שוין ווייטער ניט געקענט אויסהאַלטען. פון דער יבשה, וואו זייערע אנדערע שטעדט און דערפער האָבען זיך געפו־נען, זיינען זיי געווען אָבגעשניטען; און צו אפריקא צוקומען איבער דעם גיבראַלטאַר, זיינען זיי געשטערט געוואָרען פון שפּאַנישע קריעגס־שיפען. עס האָט גענומען אויסגעהן דיא שפּייז און נייע בעקומען האָ־בען זיי ניט געקענט. דערצו נאָך איז דיא בעפעלקערונג פון גראַנאַדאַ איצט געווען פיעל גרעסער ווי געוועהנליך, וואָרים זינט עס האָט זיך צו־ברענט דיא מלחמה, זיינען אהין אנטרונען געוואָרען פיעלע טויזענדע מורינען פון אַנדערע מורינישע שטעדט. דער הונגער האָט זיך געלאָ־זען פיהלען אַלץ שטאַרקער. דער עולם האָט אָנגעפאַנגען ארויסצו־ווייזען אונגעדולד, אונצופריעדענהייט און אונגעהאָרכזאַמקייט.

קעניג אבדולאַה האָט געזעהען, אַז עס איז קיין האָפנונג ניטאָ און נאָך אין אָקטאָבער האָט ער שוין אָנגעפאַנגען צו פיהרען געהיימע אונטער־רעדונגען מיט דעם שונא. דער סוף איז געווען, אַז דעם 2־טען יאַנואַר, 1892, האָבען דיא שפּאַניער מיט גרויס פּאַראַד און צערעמאָניע ארייננמאַרשירט אין דיא גרויסאַרטיגע מאַהאַמעדאַנישע שטאָדט. דער ערשטער איז אַריין קאַרדינאַל מענדאָזאַ*), קאָלומבוס'עס פריינד. דאַן איז אבדולאַה צוגעריטען צו פערדינאַנד'ען און איזאַבעללאַ'ן, און האָט זיי איבערגעגעבען דיא שליסלען פון דעם בעריהמטען פּאַלאַץ

*) מענדאָזא, דער גרויסער קאַרדינאַל פון שפּאַניען און ערץ־בישאָף פון טאָלעדאָ, איז געווען אַזוי נאָהענט צו דער קעניגליכער פאַר־פאָלק, אַז דער עולם פלעגט איהם אויף שפּאַס רופען „דער דריטער קעניג“. אָהן איהם האָ־בען זיי קיין זאַך ניט געטאָן.

אַ ל ה אַ מ ב ר אַ, מיט דיא פאָלגענדע ווערטער: „זיי זיינען דיינע, אָה, קעניג! — וואָרים אַזוי איז דער בעפעהל פון גאָט. נוץ אוים דיין נצחון מיט רחמים". ער האָט געוואָלט ארונטערשפּרינגען פון זיין פערד, אָבער פערדינאַנד האָט איהם ניט געלאָזען. ער האָט איהם ארומגענומען און אויסגעדריקט מיטלייד. דער מורישער קעניג איז אוועק מיט זיין פאמיליע ווייטער *), ווערהענד פערדינאַנד און איזאבעללא, דער ערשטער מיט אַ גרויסען גאָלדענעם צלם אין האַנט, האָבען געוואַרט ביז דעם קאַרדינאַל'ס חיל וועלען פערנעהמען דיא שטאָדט.

באַלד האָט פערדינאַנד'ס צלם, מיט שפּאַנישע פאָהנען פון ביידע זייטען, געבליטשטשעט אויף דעם שפּיץ טורעם פון דער אַלטער מאהאָמעדאַנישער פעסטונג. דער כאָר פון דער קעניגליכער קירכע האָט אָנגעפאַנגען צו זינגען לויב־געזאַנג צו גאָט, און דיא גאַנצע שפּאַנישע ארמיי האָט זיך געבוקט און געשאַלט אַ דאַנק־זאָגונג צום הימעל דערפאַר וואָס ער האָט דעם צלם געגעבען דיעזען ענדליכען זיעג איבער דיא דער האַלבער לבנה (דער צייכען פון דער מאהאָמעדאַנישער רעליגיאָן). צו דער זעלבער צייט האָבען דיא „גראַנדים", דיא אַריסטאָקראַטיע פון שפּאַניען, זיך געניינגט פאַר דער געקרוינטער פּאָר פּאָלק, געקושט איזאַבעללא'ס האַנט און בעגריסט איהר אַלס קעניגין פון גראַנאַדאַ.

מיט דעם האָט זיך געענדיגט דיא הערשאַפט פון אַראַבער און מורינען אויף דעם פּירענייאישען האַלב־אינזעל, — אַ הערשאַפט, וועלכע האָט געדויערט זיעבען הונדערט איין און אַכציג יאָהר.

דיא נייעס, אַז אַ צלם בליטשטשעט אויף דעם שפּיץ פון דער אַלאַהאַמבראַ, איז געוועזען אַן אונבעשרייבליכע סענסאַציאָן איבער גאַנץ אייראָפּאַ. אויף דעם פאַל פון גראַנאַדאַ האָט מען געקוקט וויא אויף אַ בעפריידיגונג פאַר דער שטאָדט קאָנסטאַנטינאָפּאָל, וועלכע דיא קריסטליכע וועלט האָט פערלאָרען צו דער מאהאָמעדאַנישער. אין רוים איז שפּאַניען'ס נצחון געפייערט געוואָרען מיט גרוים גלאַנץ, מיט אַ פּראָצעסיאָן פון דעם פּאַפּסט און זיינע קאַרדינאַלען, און מיט אַ פאָלק־יום־

*) ווען זיין מוטער האָט געזעהן טרעהרען אין זיינע אויגען, האָט זיא צו איהם געזאָגט מיט פעראַכטונג: „ניט אומזיסט וויינסט דו וויא אַ פרויענצימער נאָך דעם, וויא דו האָסט זיך ניט געקענט בעשיצען וויא אַ מאַן".

טוב, וועלכער האָט געדויערט עטליכע טעג. וואָס אנבעטרעפט שפּאַניען גופא, איז דאָרטען צו דיא פּאַראַדען און מאָהלצייטען קיין שיעור ניט געווען.

און וויא געוועהנליך, ווען עס איז א גרויסע שמחה ביי דיא קריס־טען, איז דער וויעדער־קול דערפון געווען א נייע גרויסע צרה פאַר אי־דען. אין דער אַלאַהאַמבראַ איז אונטערגעשריבען געוואָרען א קעניגלי־כער דעקרעט, אז אלע אידען פון שפּאַניען, וועלכע זיינען ניט גע־טויפט און וועלען זיך ניט טויפען, מוזען אין א בעשטימטען טאָג פער־לאָזען זייער געבורטה־שטאָדט, און אויב ניט, מוזען זיי געטוידטעט ווע־רען. נור וועגען דעם ווייטער.*)

ווען דיא קעניגליכע פּאָר, זייער סוויטע, אנדערע אריסטאָקראַטען און הויבע בעאַמטע זיינען שוין מיעד געוואָרען פון דיא באַנקעטען און צערעמאָניעס, האָט מען אָנגעפאַנגען צו פערהאַנדלען מיט קאָלומבוס'ען וועגען דיא פערשיעדענע פּונקטען פון זיין פּראָיעקטירטער אונטער־נעהמונג.

דאָס אלץ איז פּאָרגעקומען אין גראַנאַדא, וואו פערדינאַנד און איזאַבעללא האָבען פערבראַכט א היבשע צייט און וואו יעצט איז שוין געשטעלט געוואָרען אן ערץ־בישאָף, — דאָס הייסט, אז דיא אַלטע מאַ־האָמעדאַנישע שטאָדט איז אונטערוואָרפען געוואָרען אונטער דער הערשאַפט פון דער קאַטוילישער קירכע. אין דעם טראַקטאַט, וואָס פערדינאַנד און איזאַבעללא האָבען געשלאָסען מיט דעם מורינישען פּרינץ, האָבען זיי גאַראַנטירט רעליגיאָנס־פרייהייט ניט נור צו דיא מו־רינען, נור אויך צו דיא אידען, וואָס האָבען בעלאַנגט צו גראַנאַדאַ. דיזען אָבמאַך האָבען זיי אָבער געהיט בלויז א קורצע צייט. נאכהער

*) דאָס איז געווען טארקוועמאַדאַ'ס פּלאַן. דאָס ערשטע, וואָס ער האָט געטאָן לכבוד דעם פּאַל פון גראַנאַדאַ, איז געווען דאָרטען צו פּאַנגען אַ היבשע צאָהל קרבנות פאַר זיינע שייטער־הויפענס. פריהער, ווען דיא שטאָדט איז נאָך געווען אין מאהאמעדאַנישע הענט, זיינען אהין אַנטלאָפען מאַראַנען פון פערשיעדענע קריסטליכע שטעדט. אַלזאָ, אום צו וויסען, ווער זיי זיינען, האָט טארקוועמאדא איצט אנאָנסירט, אז אויב זיי וועלען תשובה טאָן, וועט מען זיי שענקען. אייניגע האָבען געטרויט זיין וואָרט. אָבער ווען זיי זייַ־נען געקומען צו איהם, האָט ער זיי געלאָזט פערברענען.

איז מען זיך מיט דיא מורינען בעגאַנגען פּונקט אויף דעם זעלבען אַרט וויא מיט דיא אידען. מיט שחיטות און אונמענשליכע פּייניגונגען האָט מען פיעלע פון זיי אויך געצוואונגען אָנצונעהמען דיא קריסטליכע רעליגיאָן. דיא „מאַריסקאָס“ (וויא מען האָט גערופען דיא מורינישע „אנוסים“) האָט מען געברענט אויף דעם אוטא־דא־פע פּונקט וויא דיא מאַראַנען, און ענדליך האָט מען פון שפּאַניען אַרויסגעטריבען יעדען מור־רין, וואָס האָט זיך ניט געטויפט.

אַלס ערץ־בישאָף פון גראַנאַדאַ איז געווען בעשטימט דער אויבען־דערמאָנטער טאַלאַווערא, דער גלח, וועלכער איז צוערשט געווען געגען קאָלומבוס'עס פּלאַן און דערנאָך פאַר איהם. איהם האָט פערדינאַנד און איזאבעללא יעצט איבערגעגעבען צו פיהרען דיא אונטערהאַנדלונגען מיט קאָלומבוס'ען.

עס איז גלייך וויעדער געקומען צו אַן אָפּהאַלט. צום ערשטען מאָל האָט עס געהאַלטען אַזוי ווייט, אַז מען האָט געפרעגט ביי קאָלומבוס'ען, וואָס זיינע בעדינגונגען זיינען; אָבער דאַן האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז זיינע בעדינגונגען זיינען אַזעלכע גרויסע, אַז טאַלאַווערא און דיא מיטגליעדער פון דער סוויטע האָבען דאָס איינפאַך בעטראַכט פאַר אַ חוצפּה פון זיין זייט. ער האָט נעמליך געפאָדערט, אַז מען זאָל איהם געבען דעם טיטול אַדמיראַל און וויצע־קעניג איבער אַלע נייע לענדער, וואָס ער וועט געפינען און איינגעהמען אונטער דער שפּאַנישער פאָהן, און אַז צו איהם זאָל געהערען אַ צעהנטעל פון אַלע איינקינפטע, וועלכע מען וועט ציהען פון די עראָבערונגען אָדער האַנדעל. אַז דיעזער אָרימער עמיגראַנט, דער זוהן פון אַ בעל־מלאכה, זאָל פּלוצלונג ווערען אַ וויצע־קעניג — דאָס גופא איז געווען גענוג אויפצוקאָכען דאָס בלוט פון דיא אַריסטאָקראַטען און דיא הויכע גלחים. דער רעזולטאַט איז געווען דער זעלבער וויא אין פּאָרטוגאַל, וואו איינע פון דיא אורזאַכען, ווארום זיין פּאָרשלאַג איז צוריקגעוויזען געוואָרען, איז בעשטאַנען אין דיא צו הויכע פאָדערונגען, וואָס ער האָט געשטעלט. טאַלאַווערא און דיא גאַנצע קאָמיסיע, וואָס האָט זיך מיט דער פראַגע יעצט בעשעפטיגט, האָבען ערקלעהרט פערדידאַנד'ען און איזאבעללא'ן, אַז קאָלומבוס פאָדערט אונמעגליכע טיטלען און בעלאָהנונגען; זיי האָבען זיך אויסגעשפּראָכען דאַגעגען, אפילו ווען ער זאָל האָבען ערפאָלג; און אויב ניט, וואָלט דיא קרוין זיך איינפאַך לעכערליך געמאַכט, האָבען

זיי ערקלעהרט; אנדערע קעניגע וואָלטען מיט שפּאָס אָנגעוויזען וויא לייכט דיא שפּאַנישע הערשער לאָזען זיך אלץ איינרעדען, וויא זיי האָ־בען א ליאַדע קבצן, א גאָר־נישט געמאַכט פאר א וויצע־קעניג אויף דעם גרונד פון א ניט־געשטויגענעם, ניט־געפלויגענעם פּלאַן.

קאָלומבוס האָט זיך אָבער ניט געבויגען פון אָרט. ער איז בע־רייט געווען ווידער צו וואַנדערען, ווידער צו קלאַפּען אין דיא טירען, — פון זיינע פאָדערונגען האָט ער אָבער ניט אַראָבגעלאָזען. דער לע־זער זעהט, אז דיעזע פאָדערונגען זיינען געווען ריין עגאָאיסטישע. ער האָט ניט אנדערש געוואָלט האָבען א גרויסען טיטעל און א סך פּראָ־פיט, — מאַכט און גאָלד. ווען איהם וואָלט הויפּטזעכליך טייער גע־ווען דיא וויסענשאַפטליכע בעדייטונג פון זיין פּלאַן, ווען דיעזער איג־טערעס וואָלט ביי איהם געווען דער עיקר, וואָלט ער זיך איבער געלט־פראַגען און טיטעל־פראגען ניט אָבגעשטעלט.

אין זיינע שטאָלצע פאָדערונגען איז אָבער אויך פאַראַן א צווייטע זייט, וועלכע מאַכט א גינסטיגען איינדרוק. אויף דיעזען אָרט צו שטעהן פאר קעניגע, מיט אזא פעסטקייט זיך צו האַלטען ביי זיינע בע־דינגונגען — דאָס הייסט, אז ער איז געווען אבסאָלוט איבערצייגט אין דער וויסענשאַפטליכער טהעאָריע, אויף וועלכער זיין פּלאַן איז געווען געבויט; צווייטענס, ווייזט עס, דאָס ער האָט אזוי הויך געשעצט זיין אייגענעם ווערטה, אז דער פאקט, דאָס ער, א בעל־מלאכה׳ס א זוהן, האָט דאָ צו טהאָן מיט א טהראָן, האָט אויף איהם קיין שום ווירקונג ניט געהאַט. אזעלכע טיעפע איבערצייגונגען און אזא געפיהל פון זעלבסטווירדע זעהט מען ניט ביי קיין קליינע מענשעלעך.

קאָלומבוס האָט זיך געזעגענט מיט זיינע פריינד. ער האָט זיך בעשלאָסען אויף אימער צו פערלאָזען שפּאַניען, און זעצענדיג זיך אויף זיין אייזעל, איז ער אוועקגעריטען נאָך זיין פאַמיליע מיט דעם צוועק צו פאָהרען נאָך פראנקרייך.

אלץ וואָלט שוין געווען פארפאַלען, ווען ניט דער מאַראַן לואיס דע־סאַנטאַנגעל, דער הויפּט־קאָנטראָלער פון אַראַגאָן, דער זוהן פון א רייכע פאַמיליע פון אידען און מאַראַנען.

קייזערלינג גיט אָן א לאַנגען צעטעל פון סאַנטאַנגעלס, וואָס זיי־נען פערברענט געוואָרען אויף׳ן שייטער־הויפען פון דער אינקוויזיציע, און ער בעמערקט, אז מיטגליעדער פון דיעזער פאַמיליע זיינען געווען

דיא ראָטהשילדס פון יענער צייט. דאָס איז מסתמא געווען דיא אור־זאכע, ווארום מען האָט זיי געזוכט צו פערטיליגען אלס „אפיקורסים“. וויא מיר האָבען שוין געזעהען, האָט דיא אינקוויזיציע זיך אימער גע־טשעפּעט צו רייכע מאראנען, ווייל דיא אייגענטהום פון דיא פערברענטע האָט קאָנפיסקירט דער טהראָן, און וואָס פעטער דער ביסען, אלץ צו־פריעדענער איז געווען פערדינאַנד. אום אוועקצורייבען די רייכע ירושה פון אייניגע סאנטאנגעלס, וועלכע מען האָט פערזענליך ניט גע־קענט בעשולדיגען, האָט מען אויסגעגראָבען דיא ביינער פון זייערע טויטע עלטערען, און זיי פערברענט אלס געוועזענע אפיקורסים. דאָן האָט שוין דיא ירושה בעלאַנגט צו פערדינאַנד׳ען.

איבעריגענס, האָט דיא אינקוויזיציע טאַקע געהאַט א בעזונדערען האַס אויף דיעזע פאַמיליע. ווען מאַרראנען האָבען גע׳הרג׳עט דעם גלח, וואָס האָט איינגעפיהרט דיא אינקוויזיציע אין אראגאָן, האָבען די סאנטאנגעלס א טהעטיגען אנטהייל גענומען אין דער קאָנספּיראציע, און זייערע געהיימע מיטינגען זיינען אָבגעהאַלטען געוואָרען אין דיא רייכע הויז פון צוויי ברידער פון דיעזער משפּחה אין דער שטאָדט סאַ־ראַגאססא. דיא הויז שטעהט נאָך עד היום.

לואי דע־סאַנטאַנגעל איז אויך בעשולדיגט געווען אין געהיימע טריייהייט צו דער אידישער רעליגיאָן. און ער וואָלט אויך געווים גע־ענדיגט זיין לעבען אויף דעם שייטער־הויפען, נור פערדינאַנד האָט זיך אין איהם צו שטארק געגויטיגט. און ווען עס האָט זיך געהאַנדעלט וועגען איהם, האָט ער פערגעסען זיין כעס אויף דער משפּחה בכלל. פריהער זיינען דיא סאַנטאַנגעלס אויך געשטאַנען נאָהענט צום טהראָן. איינער פון זיי איז, צום ביישפּיעל, געווען דער שר־המשקים ביי פער־דינאַנד׳ס פאָטער. נור דיעזער לואי דע־סאַנטאַנגעל איז געווען בע־זונדערס בעליעבט אין הויף — מיט זיין קאָפּ אזוי גוט וויא מיט זיין קע־שענע; און ער האָט ניט פערלאָרען קיין געלעגענהייט צו בעווייזען זיין „פּאַטריאָטיזמוס“, ריכטיגער געזאָגט, טריייהייט צו דער גֶעקרוינ־טער פּאָר פּאָלק. ער האָט געוואוסט פערדינאַנד׳ס אלע סעקרעטען און דאָט פאר איהם אָבגעמאַכט אלערליי געשעפטען. פערדינאַנד פּלעגט אין בריעף איהם רופען „מיין טייערער, פיעל־געליעבטער ראטהגעבער“, און קייזערלינג רעדט מיט א טאָן פון רעספּעקט וועגען סאַנטאַנגעל׳כ טריייהייט צום טהראָן און זיין נוצליכקייט צו זיינע הערשער. אין סך־

הבל, הייסט עס אָבער, אז דיעזער אידישער קאָפּ־מענש האָט ביי פּערדינאַנד'ען געשפּיעלט דיא טרויעריגע ראָלע פון דעם אלט־בעקאַנטען טיפּ — דעם אידישען פאַקטאָר.

ווען דיעזער מאַרראַן האָט אַלזאָ געהערט, אז קאָלומבוס פערלאָזט שפּאַניען, איז ער אריינגעלאָפען צו דער קעניגין און איהר אויפגעוויזען, וואָס פאַר אַן אירטהום עס וואָלט בעגאַנגען געוואָרען, ווען מען זאָל איהם אַרויסלאָזען פון דיא הענט. דער אינהאַלט פון דער רעדע, וואָס ער האָט דערביי געהאַלטען, ווערט איבערגעגעבען אין דער „געשיכטע פון אינדיען" פון קאָלומבוס'עס פריינד, לאַס קאַסאַס. ערשטענס, האָט סאַנטאַנגעל אויסגערעכענט דיא גרויסע געווינסען, וואָס דיא קרוין וואָלט געהאַט, ווען קאָלומבוס זאָל האָבען ערפאָלג. צווייטענס, האָט ער איהר פאָרגעשטעלט, וואָס פאַר אַ פערדרוס עס וואָלט געווען, ווען אַן אַנדער קעניגרייך וואָלט געשיקט קאָלומבוס'ען אויף זיין רייזע און דורך דעם זיך געמאַכט אַ גרויסען נאָמען און געצויגען גרויסע פּראָפּיטען. דריטענס, האָט דער מאַרראַן אויף איזאַבעללאַ'ן געזוכט צו ווירקען מיט קאָמפּלימענטען אין בעצוג אויף איהר פרומקייט און שטענדיגע פערטיגקייט צו ארבייטען פאַר דעם נאָמען פון גאָט און דעם גלאַנץ פון דער קאַטהוילישער קירכע. דאָ האָט זיא דיא בעסטע געלעגענהייט צו דיענען גאָט, האָט ער גע'טענה'ט. קאָלומבוס וועט ענטדעקען אַ וועג צו ניט־קריסטליכע פעלקער, וועלכע זי וועט קענען בעקעהרען צו דעם קאַטהוילִיציזמוס. פערטענס, האָט ער אויסגערעכענט, אַז דיא גאַנצע אונטערנעהמונג וועט דער קרוין אייגענטליך קאָסטען ניט פיעל, ווארים קאָלומבוס אַליין בעזאָרגט אַן אַכטעל פון אַלע אויסגאַבען (מאַרטין פּינזאָן, דער רייכער שיפּס־מאַן פון פּאַלאָס, האָט זיך אונטערנומען צו־צו־שטעלען דיעזע סומע פאַר איהם) און אַז דיא איבעריגע וועט ער, סאַנטאַנגעל, געבען.

סאַנטאַנגעל'ס ווערטער האָבען אויף דער קעניגין שטאַרק געווירקט. צום ערשטען מאָל איז זיא ווירקליך בעגייסטערט געוואָרען פאַר דעם פּלאַן. באַלד איז אריינגעקומען קווינטאַנעללאַ, איהר הויפּט־קאָנטראָללער פון קאַסטיליען, און ער האָט זיך אויסגעשפּראָכען אין דעם זעלבען זין וויא סאַנטאַנגעל; דיא מאַרקיזע דע־מאָיא האָט אויך צוגעגעבען אַ פּאָר ווארימע ווערטער. קורץ, איזאַבעללאַ איז אויף אַלע קאָנדיציאָנען איינגעגאַנגען.

מען דערצעהלט געוועהנליך, אז זיא האָט פערזעצט דיא דימענטען פון איהר קרוין, אום צו שאַפען דאָס געלד. דאָס ווערט אָבער אָבגע־לייקענט פון דיא בעסטע היינטיגע היסטאָריקער. ניט ווייל אַזאַ שריט איז אין יענע צייטען געווען אַן אונמעגליכע זאַך, וואָרים אַז אַ קעניג זאָל פערזעצען זיין קרוין אום צו קריגען באַרעס געלט, איז גאָר ניט גע־ווען קיין זעלטענהייט. ערשטענס, איז דאָך דאַן געווען פיעל וויני־גער מטבעות וויא היינט; צווייטענס, איז דיא אינדוסטריע געווען קליין, און איינקינפטע זיינען איבערהויפט געווען ניט קיין גרויסע. דער אייגענס פון אַ קעניג, אין געלט, איז דאָס רוב געווען קלענער וויא פון אַ מיטעל־מעסיגען היינטיגען פאַבריקאַנט. דערצו נאָך זיינען דאַן געווען פיעלע קעניגלעך, יעדער איבער אַ קליינע מלוכה'לע; אייניגע פריצים, גראַפען, באַראָנען אָדער מאַרקיזען זיינען געווען רייכער וויא דיא קעניגע, וועלכע האָבען זיך גערעכענט פאַר זייערע אויבער־האַררען. צו פערזעצען דיא קרוין אויף הוצאות איז דעריבער פאַר אַ קעניג ניט געווען קיין נאָווינע. אָט האָבען מיר געזעהן וויא פערדינאַנד האָט גע־מוזט לייהען אויף זיין פאָטער'ס לויה. עס ווערט אַלזאָ דער־צעהלט, אַז איזאַבעללאַ האָט געוואָלט פערזעצען איהרע ציערונג צו דעקען דיא קאָסטען פון קאָלומבוס'עס רייזע; נור סאַנטאַנגעל האָט זיך אויסגערופען צו בעזאָרגען דיא סוממע, אום דיא קעניגין זאָל דאָס ניט דאַרפען טאָן. מאָדערנע היסטאָריקער ערקלעהרען דיא גאַנצע געשיכטע פאַר אַ באָבע מעשה, וואָס מען האָט אויסגעטראַכט אום דיא פרומע קאַטהוילישע קעניגין ארויסצושטעלען אין אַ שעהנעם פאַרב.

דערביי ווערט מייסטענס אָנגענומען, אַז דיא סומע האָט סאַנ־טאַנגעל זיך גענומען צו בעזאָרגען ענטוועדער פון דיא פינאַנצען פון אַראַגאָן, וואו ער איז געווען גענעראַל קאָנטראָללער, אָדער פון זיין איי־גענעם פערמעגען. מיר זאָגען „פון דיא פינאַנצען פון אַראַגאָן“, וואָ־רים דיא גאַנצע קאָלומבוס אונטערנעהמונג איז געגאַנגען אין דעם נאָ־מען פון איזאַבעללאַ'ס קעניגרייך, פון קאַסטיליען, און איזאַבעללאַ האָט זיך אימער געזאָרגט, אַז אַזוי זאָל דאָס בעקאַנט ווערען און פערבלייבען אין דער היסטאָריע. אַראַגאָן, פערדינאַנד'ס מלוכה, האָט אָפּיציעל מיט דעם ניט געהאַט צו טאָן. און אויב סאַנטאַנגעל האָט פאָרגעשלאָ־גען געלט פון דיא אַראַגאָנישע קאַססע, איז דאָס געווען ניט מעהר וויא אַ הלואה. מען ווייס אָבער ניט פון וואַנען סאַנטאַנגעל האָט דאָס געלד

גענומען — פון זיין פּריוואט־פּערמעגען אָדער פון דער אראגאנער רע־גיערונגס־קאַסע, איבער וועלכע ער איז געווען דער קאָנטראָללער. גע־וועהנליך רעכענט מען, אז ער אליין האָט די סוממע געבאָרגט; קיי־זערלינג איז אין דעם זאַגאר איבערצייגט. ער ברייננט דערצו דאָ־קומענטען און א חוץ דעם ציהט ער אויפמערקזאמקייט צו די פאקטען, אז פון דער מלחמה געגען גראנאדא זיינען אויסגעליידיגט געוועןביידע קאססעס — אי די קאסטילישע, אי די אראַגאָנישע, — און אז סאַנט־אנגעל פלעגט דעם הויף איבערהויפּט אָפט לייהען גרויסע סומען. ער בעווייזט דאָס מיט די רעכענונגען, וואָס זיינען איבערגעבליבען אין די שפּאנישע ארכיוועז.

לאַס קאַסאַס, דער היסטאָריקער, וואָס האָט געלעבט אין קאָלומ־בוס'עס צייטען און איז געווען זיין וואַרימער פריינד, דערצעהלט, אז סאַנטאַנגעל האָט אויף קאָלומבוס'עס ערשטע רייזע געבאָרגט א מיליאָן מאַראַוועדים. די סוממע קען זיך אויסווייזען צימליך גרויס. אָבער א מאַראַוועדי איז געווען א קליינע מטבעה. וויפיעל דאָס וואָלט בעטראָפען אויף היינטיגע געלט, איז ניט קלאָהר. די מיינונגען זיי־נען וועיט פערשיעדען: נאָך וואשינגטאָן אירווינג'ען, צום ביישפּיעל, איז די מאַראַוועדי עטוואָס מעהר וויא א דריטעל סענט (א גראָשען מיט א דריטעל). אנדערע גלויבען, אז א מאַראַוועדי איז עט־וואָס מעהר פון א סענט, וועהרענד הארריס, א פראנצויזישער געלעהר־טער, פון פאר 50 יאָהרען, וועלכען מען בעטראַכט אלס איינעם פון די וויכטיגסטע פאָרשער אין בעצוג אויף דער געשיכטע פון קאָלומבוס'עס ענטדעקונג, רעכענט אויס, אז א מאַראַוועדי האָט בעטראָפען א 17־טע טייל פון א דאָללאר, דאָס הייסט, עטוואָס ווענינער וויא 6 סענט (12 קאָפּיקעס). דער פלאָנטער קומט ארויס, ערשטענס, פון דעם, וואָס די מאַראַוועדי האָט נאכהער זיך געביטען אין ווערטה און מען קען היינט גענוי ניט בעשטימען וויא פיעל זיא האָט בעטראָפען אין קאָלומבוס'עס צייטען. צווייטענס, פון דעם וואָס עס זיינען געווען פערשיעדענע מאַראַוועדים אין פערשיעדענע צייטען — קופּערנע, זילבערנע און גילדערנע.

דזשאהן פיסק נעהמט אָן הארריס'עס חשבון, און מיר וועללען טאָן דאָס זעלבע. נאָך דיזען חשבון נאָך איז א מיליאָן מאַראַוועדים 59 טויזענד דאָללאר אין היינטיגע אמעריקאנער געלט. קייזערלינג



קעניגין איזאבעללא פון שפּאַניען.

בעווייזט אָבער, אַז סאַנטאַנגעל האָט אויף קאָלומבוס'עס היסטאָרישע רייזע געליהען ניט א מיליאָן, נור א מיליאָן מיט פיער הונדערט טויזענד (1.400.000) מאראוועדיס, דאָס הייסט, ניט 59,000 דאָלאר, נור 82,600 דאָללאר. פון דער אַנדערער זייט נעהמט פיסק אָן אַלס בעשטימט, דאָס איזאבעללא האָט פון איהר קאסטילישע קאססע געגעבען 67 טויזענד דאָללאר און אַז דיא סוממע, וואָס סאַנטאַנגעל האָט געבאָרגט און דיא איבעריגע סוממען זיינען אונבעוואוסט.

וויפיעל דיא גאנצע נסיעה האָט געקאָסט קען מען יעדענפאַלס ריכטיג ניט זאָגען.

צוזאמען מיט סאַנטאַנגעל'ען האָט פאר קאָלומבוס'ען שטארק געאַרבייט סאַנטאַנגעל'ס קרוב, דער גענעראַל-שאַצמייסטער פון אראגאָן, גבריאל סאַנטשעס, א מאראַן, וועמעס ברידער און שוועסטער זיינען אויך פערברענט געוואָרען פון דער אינקוויזיציע. אויך האָט מיטגעווירקט יואן קאברערא, פערדינאַנד'ס שטענדיגער פריינד און בעגלייטער, וועלכער איז אויך געווען דער זוהן פון מאראַנען.

אַזוי שנעל, וויא דיא קעניגין האָט געגעבען איהר צושטימונג, האָט מען געשיקט א קורריער נאָך קאָלומבוס'ען. מען האָט איהם אָנגעיאָגט לעבען א בריק, אויף א טייבעל, א מייל זעקס פון סאַנטאַפע. אָבער, דער פערפאַסער פון א קורצע געשיכטע פון קאָלומבוס'עס ענטדעקונג בעמערקט ביי דיעזען פונקט: „דעם לאַ ראבידא קלויסטער רופט מען „דער פונדאמענט פון אַמעריקאנער געשיכטע“. אויב אַזוי, קען מען זאָגען, אַז דיעזער בריקעל, אויף וועלכען מען האָט אָנגעיאָגט קאָלומבוס'ען, איז א היסטאָרישער בריק צווישען דער אַלטער וועלט און דער נייער“.

מען האָט קאָלומבוס'ען אומגעקעהרט צו דער קעניגין, קיין סאַנטאַפע, וואו נאָך געוויסע הכנות איז אונטערגעשריעבען געוואָרען אַן אָפיציעלער קאָנטראַקט. קאָלומבוס האָט אַלץ אויסגעפיהרט. דער קאָנטראַקט האָט איהם געמאַכט פאר אדמיראל, וויצע-קעניג און גובערנאטאָר מיט אַבסאָלוטער הערשאַפט איבער אַלע אינזלען אָדער אַנדערע לענדער, וואָס ער וועט ענטדעקען, „אָדער אויף אַן אַנדער ארט ארייַנקריגען“; נאָך זיין טוידט געהען אַלע זיינע טיטלען און רעכטע איבער צו זיינע קינדער. צו איהם געהערט א צעהנטעל פון אַלע פערעל, עדעלשטיינער, גאָלד, זילבער, געווירצען און יעדען אַנדערען פראָדוקט,

וואָס מען וועט אין דיעזע לענדער געפינען, און פון יעדען פּראָפּיט, וואָס מען וועט דאָרטען האָבען פון האַנדעל אָדער אויף אירגענד אַנדערען אופן.

דער טאָגע־בוך, וואָס קאָלומבוס האָט נאכהער געפיהרט אויף זיין רייזע, פאַנגט זיך אָן מיט דיא פאָלגענדע ווערטער:

„נאָך דעם וויא דיא שפּאַנישע מאָנארכען האָבען ארויסגעטריעבען אַלע אידען פון אַלע זייערע קעניגרייכען און לענדער, אין יאַנואר, האָבען זיי אין דעם זעלבען מאָנאַט מיר געגעבען דעם אויפטראַג צו אונטערנעהמען דיא רייזע נאָך אינדיען, מיט געהעריג בעזאָרגטע שיפען".

קאָלומבוס מאכט דאָ אַ טעות אין דעם מאָנאַט. דער דעקרעט, אַז אידען מוזען פערלאָזען שפּאַניען, איז אונטערשריעבען געוואָרען אין דעם אַלהאַמבּרא פּאַלאַץ ניט אין יאַנואר, נאָר דעם 31־טען מערץ (1492), און קאָלומבוס'עס קאָנטראַקט איז אונטערשריעבען געוואָרען מיט אַכצעהן טעג שפּעטער—דעם 17טען אַפּריל.*) קאָלומבוס האָט דיעזען קאָנטראַקט ערהאַלטען דעם 30־טען אַפּריל. דאָס איז געוועזען דער אָפּיציעלער בעפעהל, אַז ער זאָל צוגרייטען דיא עקספּעדיציע; און דעם זעלבען טאָג זיינען קעניגליכע קורריערען אומגעגאַנגען אין פערשיעדענע שטעדט, און מיט טרומייטען געלאָזט וויסען דעם אנדערען קעניגליכען בעפעהל — אַז אין פערלויף פון צוויי מאָנאַט צייט טאָר זיך אין לאַנד ניט געפינען קיין איין איד.

אין דעם דעקרעט וועגען דיא אידען ווערט ערקלעהרט, אַז זיי זיינען געפעהרליך פאַר דער קירכע מיט דעם, וואָס זיי ריידען אָפּ די „נייע קריסטען", דאָס הייסט, דיא מאַראַנען, פון דער קאַטוילישער אמונה. דיא מאַראַנען האָט מען געבּרענט אויף דיא שייטער־הויפענס אָדער גע'פּטור'ט מיט אַ נאָך שרעקליכערען טוידט אין דיא יסורים־קאַמערען פון דיא אינקוויזיציאָנס־טורמעס, און דיא ניט־געטויפטע אידען האָט מען געהייסען פערלאָזען זייער געבורטס־פּלאַץ — זאָל דיא קריסט־

*) עהנליכע טעות'ן מאַכט ער גאַנץ אָפט. אַ חוץ דעם שרייבט ער אָפט אומישנע ניט דעם אמת צוליעב טאַקטישע צוועקען. דעריבער איז דאָס אַזוי שווער צו דערגעהן אַ טאָלק אין דיא פאַקטען אָדער דאַטומס פון זיין ביאָגראַפיע.

ליכע בעפעלקערונג ניט האָבען ארום זיך זייער גייסטיגען איינפלוס! זאָל דער גלחים־קלאַס אונגעשטערט קענען פערשפרייטען זיין פינס־טערע הערשאַפט! שוין לאַנג וויא טארקוועמאדא, דער הויפּט־מחבל פון דער אינקוויזיציע, האָט געשטרעבט דערצו. כל זמן איין איד איז נאָך געבליבען אין שפּאַניען איז איהם דער לעבען ניט איינגעגאַנגען. זייער אנוועזענהייט גופא איז געווען א לעבעדיגע קריטיק געגען דער קירכע מיט איהרע מאָראלישע זומפּען, א שטומער שמייכעל וועגען דיא אידיאָטסטוועס, מיט וועלכע זיא פערשקלאַפּט דיא מאַסען. ווען גרא־נאַדא איז גענומען געוואָרען, און דיא בעפעלקערונג איז געווען בעזויפען פון דעם זיעג פון קריסטענטהום איבער דעם מאהאָמעדאַנישען גלויבען, האָט טאָרקוועמאדא דערזעהן זיין געלעגענהייט צו איבערצייגען דיא קעניגליכע פּאָאַר־פּאָלק, אז גאָט אליין איז דאפיר, אז שפּאַניען זאָל זיין א ריין קריסטליכע לאַנד! גאָט אליין וויל, אז דיא אידען זאָלען ניט שטעהן וויא א בעלעם אויף דער קריסטליכער אויג! דיא פאנאטישע קעניגין איז גלייך בעגייסטערט געוואָרען פאר דעם גע־דאַנק; און פערדינאַנד? — פאר איהם האָט מען געהאַט זיין אלטע רפואה: דיא ארויסגעטריבענע אידען וועלען ניט טאָרען מיטנעהמען קיין גאָלד, זילבער אָדער געלט. אין דער מהומה פון געצוואונגענע אויסוואנדערונג וועלען זיי פיעלעס מוזען איבערלאָזען, און דאָס אלעס וועט געהערען צום טהראָן. און די רפואה האָט גלייך געווירקט. פערדי־נאַנד איז אויך מרוצה געוואָרען.

וויא באַלד אזוי, האָבען דיא אידען געהאָפט, אז מעהר וויא צו געלט וועט דאָס פּאָרט ניט אויסגעהן. זיי האָבען געשיקט אין פּאַלאַץ זייערע צוויי פּאָרשטעהער, יצחק אברבנאל און אברהם סעניאָר, וועלכע האָבען מיט טרעהרען געבעטען פאר זייער פּאָלק. מיט טרעהרען אליין זיינען זיי אָבער ניט אָבגעקומען. זיי האָ־בען פּאָרגעשלאָגען דרייסיג טויזענד דוקאַטען אויך. דיא סוממע האָט פערדינאַנד׳ען גלייך ווייכער געמאַכט. עס האָט שוין געהאַלטען ביי א פּרעהליכען רעזולטאַט; אָבער טאָרקוועמאדא, דערהערענדיג וואָס דאָ געהט פאָר, איז אריינגעלאָפען אין זאאל מיט א געקרייציגטען יעזוס אין האַנט. „יהודה האָט פערקויפט יעזוס׳ען פאר דרייסיג זילבער־שטיק און איהר ווילט איהם פערקויפען פאר דרייסיג טויזענד!" — האָט ער אויסגעשריען, און אוועקלייגענדיג דיא „הייליגע" פיגור אויף׳ן טיש,

האָט ער צוגעלייגט: „אָט איז ער, פערקויפט איהם!" און מיט בייזע טריט האָט ער ארויסמאַרשירט פון זאַאַל. דיא סצענע האָט איבערגע־שראָקען איזאבעללא'ן, און דער ענדליכער אנטוואָרט איז געווען, אז דיא אידען מוזען פערלאָזען שפּאַניען.

צי דיעזע מעשה'לע איז אמת, צי זי איז געבאָרען געוואָרען פון א פּאָעטישען מארך — כאַראַקטעריסטיש איז זיא יעדענפאַלס. דער גייסט פון דעם מאָמענט, וועלכער ווערט אין איהר געשילדערט, איז גע־ווים אַן אמת'ער.

סאַנטאַנגעל האָט זיך ניט געמישט. אַלס „נייער קריסט", האָט ער מורא געהאַט צו ריזיקירען. ער איז א מאָל אַליין שיער ניט ארייג־געפאַלען אין דער אינקוויזיציאָנס־טורמע, וויא פיעלע פון זיינע אָנ־קעלס און גליעד־שוועסטער־קינדער, און ער האָט זיך געראַטעוועט מיט דעם וואָס ער האָט עפענטליך „תשובה געטהאָן", אין דעם ספּעציעלען „תשובה־קאָסטיום", וועלכער איז דערצו געווען געבראַכט.

קאָלומבוס האָט אַלזאָ געמאַכט פּאָרבעריירטונגען צו זיין רייזע נאָך דער לאַנד פון גאָלד, פערעל און געווירצען און דיא אידען האָבען גע־פּאַקט זייער אייביגען וואַנדער־פּאַק, אום ניט ווילענדיג אוועקצוגעהן פון דער לאַנד, וועמעס שפּראַך איז געווען זייער מוטער־שפּראַך; פון דער לאַנד, וואָס איז אין פערלויף פון פערצעהן, פופצעהן הונדערט יאָהר געווען זייער היים; פון דער לאַנד, וואָס זיי האָבען געהאָלפען ענטוויק־לען מיט זייערע האַנדווערקער, סוחרים, געלעהרטע, פילאָזאָפען, פּאָעטען.

אזוי וויא קיין געלט האָט מען זיי ניט ערלויבט מיטצונעהמען, האָבען זיי געמוזט בייטען א שטיקעל לאַנד, צום ביישפּיעל, אויף קליי־דער אָדער מאַטעריע. און דיא קריסטען האָבען אויסגענוצט זייער לאַגע און האָבען זיי געצוואונגען צו נעהמען אַן אייזעל פאַר א רייכע הויז אָדער א שטיקעל לייוונט פאַר א וויינגאָרטען. אין פיעלע ער־טער האָט טאָרקוועמאַדא דיא קריסטען אין גאַנצען פערבאָטען מיט זיי צו האָבען אירגענד וועלכע פערהעלטניסע. דאָס האָט געהייסען, אז דאָרטען זיינען דיא אידען געצוואונגען געווען זייערע הייזער, גערטנער און פערשיעדענע אַנדערע זאַכען איינפאַך אויף הפקר איבערצולאָזען; און דאָס אַליץ איז אָנגעקומען דעם גייציגען פערדינאַנד. פיעלע מאַראַנען האָבען ביי זייערע אונגליקליכע ברידער צוגענומען גאָלד און זילבער,

אום דערנאָך דאָס איבערצושיקען וואו זיי וועלען זיין. ווען שפּיאַנען האָבען דאָס געלאָזט וויסען, האָט דער קעניג ביי זיי דאָס קאָנפיסקירט, אַלס זיין אייגענטהום. חובות האָט מען ביי דיא אידען איינגעמאָהנט פאַר קריסטען, צי עס האָט פון זיי געקומט, צי ניט. דיא רייכסטע אידען זיינען פון העלער הויט געוואָרען אָרימע לייט.

וועהרענד זיי האָבען אויף דיזען אַרט געזעהען וויא זייער האָב און גוטס ווערט צוגאַנגען וויא שנעע, האָבען צווישען זיי זיך ארומגעדרעהט גלחים, טענה'ענדיג צו זיי, אַז זיי זאָלען זיך טויפען און בלייבען ביי זייער היים און אייגענטהום. אָבער זעהר אַ קליינע צאָהל האָט זיך גע־לאָזען איבעררעדען. דער גרויסער, גרויסער מאיאָריטעט איז געבלי־בען פעסט. זיי האָבען געאָפּפערט מיט אַלץ, וואָס זיי האָבען געהאַט; מיט אַלץ, וואָס זיי איז געווען טהייער; זיי האָבען זיך בעשלאָסען צו געהן וואַנדערען איבער דער וועלט. צו שטאַרבען פון הונגער אין אַ פרעמדע לאַנד, אויב עס וועט אויסקומען, נור ניט אָפּקויפען זיך דורך דעם, וואָס זיי וועלען אָננעהמען אַ רעליגיאָן, אין וועלכע זיי האָבען ניט נעגלויבט און וועלכע האָט פערגאָסען אזוי פיעל בלוט פון זייער פאָלק. זייער אַלגעמיינע טראַגעדיע האָט זייערע הערצער פערבונדען מיט דיא וואַרימסטע ברודער־ליעבע. זיי האָבען זיך איינע דיא אַנדערע צוגע־געבען מוטה און דיא רייכערע האָבען אויסגעהאָלפען דיא אָרימערע מיט רייזע־קאָסטען אום זיי זאָלען ניט מוזען בלייבען און טויפען זיך אָדער פערברענט ווערען.

אברבנאל האָט געטהיילט דעם שיקזאל פון זיינע ברידער. ער האָט געאָפּפערט זיין הויכע שטעלע און זיין לעבען פון לוקסוס, און איז מיטגעגאַנגען מיט דיא איבעריגע שפּאַנישע קינדער פון זיין מאַר־טירער־פאָלק. סעניאָר, וויעדער, האָט דעם נסיון ניט אויסגעהאַלטען. ער האָט זיך געטויפט — ער מיט זיין זוהן און זיין איידעם (אַ רב). דער קעניג און דיא קעניגין האָבען זיך אזוי געפרעהט מיט דעם, אַז ביי זייער טויפען זיך זיינען זיי געווען זייערע „טויף־פאָטער“ און „טויף־מוטער“.

פאַר'ן אָפּרייזען האָבען זיך דיא אידען פערזאמעלט אויף דיא בית־עלמין'ס און מיט אַ יאָמער און געוויין, וועלכער האָט געריהרט די הערצער זאָגאַר פון קריסטען, האָבען זיי זיך געזעגענט מיט דיא קברים פון זייערע טייערע און ליעבע פון זייער צייט און פון פריהערדיגע צײ־

טען. פיעלע האָבען אויסגעגראָבען דיא מצבות און זיי מיטגענומען מיט זיך.

ווען מען האָט שוין גענומען געהן אין וועג אריין, האָבען דיא רבנים געהייסען כלי־זמר שפּיעלען, כדי צו פערשטיקען דיא טראגעדיע, וואָס האָט דאָס הארץ אויף שטיקער צוריסען.

אָט דיעזע סצענען האָט בייגעוואוינט קאָלומבוס, ווען ער האָט געמאַכט הכנות צו זיין גרויסע רייזע.

ער איז אַוועק נאָך פּאַלאָס, דיא אויבען־דערמאָהנטע האפען־שטאָדט ביי דעם אַטלאַנטישען אָקעאַן. פון דאָרטען האָט ער בעדארפט זיך אַוועקלאָזען אויף זיין געהיימניספולען וועג נאָך געהיימניספולע לענדער.

דיא איינוואָהנער פון פּאַלאָס זיינען בעגאַנגען עפּעס א פערברע־כען געגען דער קרוין, און אַלס שטראָף האָט דיא רעגיערונג זיי בע־פוילען צו בעזאָרגען צוויי פון דיא דריי שיפען, וועלכע קאָלומבוס האָט געפאָדערט. קאָלומבוס'עס אונטערנעהמונג איז פאַר זיי אויסגעקומען וויא עטוואָס שרעקליכעס, און זיי האָבען געשאָלטען קאָ־לומבוס'ען מיט זיין רייזע צוזאַמען. זיך אַוועקלאָזען איבער דעם „ים פון פינסטערנים" — ווער האָט פון אַזעלכעס ווען עס איז געהערט? מאַטראָזען איז שווער געווען צו געפינען. קיינער האָט ניט געוואָלט אפילו וויסען פון אַזאַ נסיעה. אום דיעזע שוועריגקייט בייצוקומען, האָט דיא רעגיערונג אַרויסגעלאָזען אַ ערקלעהרונג, אַז דער וואָס וועט מיטפאָהרען מיט קאָלומבוס'ען איז פריי פון יעדען פּראָצעס, וועלכער הייננט איבער איהם; און אַז דער וואָס זיצט פאַר אַ פערברעכען אָדער חוב, וועט אַרויסגעלאָזען ווערען פון טורמע, אויב ער וועט מרוצה ווע־רען אַנטהייל צו נעהמען אין דער עקספּעדיציע.

מאַרטין פּינזאָן און זיין ברודער, דיא רייכע בעלי הבתים פון פּאַלאָס, האָבען געהאָלפען בערוהיגען זייערע שטאָדט־לייט. דאָס זעלבע האָט געטהאָן דער עלסטער פון דעם לאַ־ראַבידאָ קלויסטער, דער אויי־בען־דערמאָהנטער גלח יואַן פּערעז. ענדליך האָט מען צוזאַמענגענומען הונדערט צוואַנציג מאַן, פיעלע פון וועלכע זיינען געווען בעפרייטע אַרעסטאַנטען פון פערשיעדענע שטעדט. נײַנציג פון דיעזע זיינען גע־ווען מאַטראָזען.

די סטאַליאַרעס, וואָס האָבען צוגעריכט די שיפען צו דער רייזע, וואָס האָבען זיי אַרומגעזעהן, זיי זאָלען ניט רינען, האָבען זייער ארבייט געטהאָן אָהן חשק און אָהן טרייהייט. דער רעזולטאַט איז געווען, אַז די שיפען זיינען געבליבען אין אַ שלעכטען צושטאַנד. איינינע מאַט־ראָזען, וואָס האָבען זיך פערשריבען, האָבען חרטה געהאַט און זיינען ענטוועדער אַנטלאָפען אָדער געפאָהרען געגען זייער ווילען.

אַזוי וויא קאָלומבוס האָט געמיינט, אַז ער פאָהרט נאָך אַזיען, האָט ער מיטגענומען אַ מאַן, וואָס האָט געקענט העברייאיש, כאַלדייאיש און אַראַביש, אום ער זאָל איהם דיענען אַלס דאָלמעטשער מיט אַזיאַ־טישע פעלקער. דאָס איז געווען לואיס דע טאָררעס, אַ איד, וועלכער האָט זיך געטויפט אַ קורצע צייט איידער דיא שיפען זיינען אָבגעגאַנגען. צווישען קאָלומבוס'עס מיטרייזענדע זיינען אויך געווען פיער מאַראַנען. איינער פון דיעזע איז געווען דער שיף־דאָקטאָר, בערקאַל; אַ צווייטער, דער כירורג מאַרקאָ; אַ דריטער — אַ מאַן מיט'ן נאָמען ראָדריגאָ סאַנ־טשעז, אַ קרוב פון דעם קעניגליכען שאַץ־מייסטער, וועלכער איז מיט־געפאָהרען אויף דעם ספּעציעלען פערלאַנג פון דער קעניגין; און אַ פערטער — אַ מאַן מיט'ן נאָמען אַלאָנזאָ דע־קאַללע.

אין אַלעמען זיינען אַלזאָ מיט קאָלומבוס'ען מיטגעפאָהרען, אַזוי ווייט וויא מען קען דערגעהן, — פינף אידישע קינדער. איבערהויפּט איז דיא קאָמפּאַניע געווען אַ געמישטע, פון שפּאַניער, אידען, מורינען, איירישע און איין איטאַליענער — קאָלומבוס אַליין.

די דריי שיפען האָבען געהייסען: „מאַריא“, „פינטא“ און „נינא“. מאַרטין פינזאָן איז געווען קאַפּיטאַן איבער דער „פינטא“, זיין ברודער, ווינצענט פינזאָן — איבער דער „נינא“ (דיא קלענסטע פון דיא דריי שיפען), און איינער סאַנטשאַ איבער דיא „מאַריא“ (דיא גרעסטע).

קאָלומבוס, אַלס קאָמאַנדיר פון דער גאַנצער פלאָטע האָט זיך גע־פונען אויף דער „מאַריא“. ער האָט מיט זיך געהאַט טאָסקאַנעללי'ס קאַרטע און אברהם זאקוטאַ'ס אסטראָנאָמישען לוח.

דיא דריי שיפען האָבען אויפגעהויבען זייערע אַנקערס און זיינען אָפּגעגאַנגען פרייטאָג, דעם 3טען אויגוסט, 1492 — אויף מאָרגען נאָכ־דעם וויא דיא אידען פון שפּאַניען האָבען זיך אָוועקגעלאָזען זוכען אַ נייע היים.

XII.

## קאָלומבוס׳עס ערשטע רייזע.

ער פאָהרט צוערשט נאָך דיא קאַנאַרישע אינזלען. — און פון דאָרטען אויף אַ גלייכען וועג „נאָך יאַפּאַן״. — פּאָרטוגעזישע שיפען ווילען איהם פאַנגען. — די לעצטע שטיקעל לאַנד. — די שרעק פון די מאַטראָזען. — ער פעלשט זיינע ציפער. — דער בריעף וואָס ער האָט געפיהרט צו דעם „גרויסען כאַן״. — דער קאָמפּאַס פיהרט זיך ניט וויא אימער. — דער ים איז בעדעקט מיט גראָז. — דיא רייזענדע זעהען פויגעלעך. — זיי מיינען, אז זיי זעהען שוין לאַנד. — קאָלומבוס דערזעהט ליכט. — „לאַנד! לאַנד!״ — דער אינזעל סאַן סאַלוואַדאָר. — די פערוואונדערטע „אינדיאַנער״. — קאָלומבוס מיינט, אז ער איז לעבען כינא. — ער ענטדעקט קובא. — ער שיקט זוכען דעם „גרויסען כאַן״, גאָלד און גע־ווירצען. — מאַרטין פינזאָן פערשווינדט. — קאָלומבוס ענטדעקט דעם אינזעל האַיטי. — דיא „סאַנטאַ מאַריא״ ווערט צושמעטערט. — די פריינדליכקייט און גוטהערציגקייט פון דיא רויט־הויטיגע. — מען בויט אַ הילצערנע פעסטונג, און קאָלומבוס פאָהרט צוריק נאָך שפּאַניען. — דיא בייזע קאַריבען. — געפאַהרען אויפ׳ן וועג.

דיא איינצעלהייטען פון קאָלומבוס׳עס היסטאָרישע רייזע זיינען אונז בעקאַנט דורך דריי קוועלען: 1) דורך דעם טאַגעבוך, וואָס ער האָט געפיהרט אויפ׳ן שיף; 2) דורך צוויי בריעף, וואָס ער האָט גע־שריעבען, ווען ער איז שוין געקומען צוריק. איינער פון דיעזע בריעף איז געווען צו זיין פריינד, דעם מאַרראַן, לואיס דע סאַנטאַנגעל; דער צווייטער — צו סאַנטאַנגעל׳ס קרוב, גבריאל סאַנטשעס, דעם שאַץ־מייסטער פון אַראַגאָן. 3) פון די בעשרייבונגען פון זיין זוהן פער־דינאַנד און אנדערע שרייבער, מיט וועלכע ער, קאָלומבוס, האָט געהאַט פערזענליכע געשפּרעכען.

לאָמיר אָבער צוערשט האָבען קלאָהר אין געדאַנקען, וואוהין ער האָט געקירעוועט זיינע דריי שיפען.

נאָך טאָסקאַנעלי׳ס לאַנד־קאַרטע נאָך איז אויסגעקומען, אַז אַרי־

בערפאָהרענדיג די ברייט פון דעם אטלאַנטישען אָקעאַן וועט ער אָנקומען נאָך יאַפּאַן („ציפּאַנגאָ“) ; און אַז אריבערגעהענדיג דיא צפון־זייט פון יאַפּאַן, וועט ער דערגרייכען דיא רייכע בינעזישע שטאָדט ק ו ו י ן־ס י י אָדער ה אַ נ ג־ט ש אָ ו, וועלכע מאַרקאָ פּאָלאָ האָט געשילדערט מיט דיא רייצענדסטע פארבען.

אויף טאָסקאנעללי'ס קארטע איז אָבער יאַפּאַן ניט געלעגען גלייך אַנטקעגען שפּאַניען, נור מעהר צו דרום צו. ווען מען זאָל פון שפּאַניען צוערשט צושווימען צו דיא קאַנארישע אינזלען, וועט פון דאָרטען צו יאַפּאַן געהן אַ גלייכער וועג — אזוי האָט געוויזען טאסקאנעללי'ס קארטע. אויף דיעזער קארטע איז יאַפּאַן געלעגען מיט דריי טויזענד ענגלישע מייל נעהענטער וויא אין אמת'ען. אָבער פון דעם האָט קאָלומבוס דאָך ניט געוואוסט, פונקט וויא ער האָט ניט געוואוסט, אַז אויפ'ן וועג ליגט א קאנטינענט מיט נאָך אַ גרויסען אָקעאַן. יאַפּאַן איז אויף דער קאַרטע אויסגעקומען אונגעפעהר אויף דעם פּלאַץ, וואו פּלאָרידא (יונייטעד סטייטס) ליגט — פונקט אַנטקעגען די קאַנארישע אינזלען.

צום גליק האָבען דיעזע אפריקאַנישע אינזלען בעלאַנגט צו שפּאַניען. אַלזאָ, האָט קאָלומבוס זיך צוערשט פערנומען אהין, אום פון דאָרטען שוין צו פּאָהרען „דירעקט נאָך יאַפּאַן“.

דיא מאַטראָזען האָבען באַלד חרטה געהאַט, פאר וואָס זיי האָבען זיך געלאָזען איינרעדען אויף אזא משונה'דיגע רייזע, און קאָלומבוס האָט געזעהען, אז זיי זוכען מיטלען אָנצומאַכען שטערונגען. דיא שיפען זיינען געווען דעם פערטען טאָג אין וועג, ווען דער רודער פון דער „פּינטאַ“ איז צובראָכען געוואָרען. אָבער מאַרטין פּינזאָ, דער קאָמאַנדיר פון דיעזער שיף, וועלכער איז געווען בעגייסטערט פאר דער רייזע און פּאַרלויפיג טריי דעם אדמיראַל, האָט דאָס געלאָזט פאררירכטען, און דיא רייזע איז פּאָרטגעזעצט געוואָרען. אויף מאָרגען איז דער רודער ווידער צובראָכען געוואָרען, און מען האָט זיך געמוזט אָבשטעלען אין אַ האַפען. ערשט דעם 12־טען אוגוסט זיינען זיי ענדליך אָנגעקומען אויף איינעם פון דיא קאַנאַרישע אינזלען ; און דאַן האָט זיך אַרויסגעציינט, אַז די „פּינטאַ“ איז אין אַ פיעל ערגערען צושטאַנד וויא מען האָט גערעכענט. דיא שיף גופא האָט געהאַט לעכער, און איהרע זעגלען זיינען ניט געווען צוגעפּאַסט צו אזא לאַנגע רייזע איבער'ן אָפענעם




קאָלומבוס'עס ערשטע רייזע
פון שפּאַניען ביז דעם לעצטען שטיקעל
לאַנד פון דער „אַלטער וועלט“.

אָקעאַן. דאָס אַלעס האָט דאָ פערהאַלטען דיא פלאָטע איבער דריי וואָכען. דערוויילע, וועהרענד מען האָט געוואַרט, האָט דער פייער־שפּייענדער באַרג טענעריף, וועלכער געפינט זיך דאָרטען, אויסגעבראָ־כען מיט פלאַמען און רויך, און דיא מאַטראָזען האָבען מיט טוידט־שרעק אין דעם געזעהען אַ געטליכע וואָרנונג ניט צו פאָהרען אויף זייער „געפעהרליכע“ רייזע. קאָלומבוס האָט זיי דערמאָנט וועגען דיא אייראָפּעאישע וואולקאַנען, האָט זיי ערקלעהרט אַלס אַ נאַטירליכע ערשיינונג, גע'טענה'ט מיט זיי, ס'יז זיי האָבען זיך וויא עס איז בע־רוהיגט.

באַלד איז בעריכטעט געוואָרען, אַז ניט ווייט פון דאָרטען שווימען ארום פּאָרטוגעזישע שיפען מיט דעם ספּעציעלען צוועק צו פאַנגען קאָ־לומבוס'ען און איהם צו ברענגען נאָך ליסאַבאָן. יאָאַן דער צווייטער האָט זיך זעהר בעאונרוהיגט טאָמער ענטדעקט ער טאַקי אַ קורצען וועג צו אינדיען, און דיא פיעל־יעהריגע מיה פון פּאָרטוגאַל ועט זיך אויס־לאָזען מיט גאָר ניט. ער האָט דעריבער זיך בעשלאָסען, אויב מעגליך, איהם ניט צו דערלאָזען דערצו. צו דיעזען צוועק האָט ער אַרויסגעגע־בען אַ בעפעהל איהם צו אַרעסטירען וואו מען וועט איהם נור פּאַקען.

קאָלומבוס האָט געוואָלט וואָס פריהער אַוועקשווימען פון דאַנען; אָבער, אזוי וויא אויף צו להכעיס, איז דריי טעג ניט געווען קיין שום ווינד, און ערשט דעם 9־טען סעפּטעמבער האָט ער מיט זיינע דריי שי־פען ווייטער געזעגעלט.

באַלד האָט ער דערזעהען דעם אינזעל פ ע ר ר אָ, דעם לעצטען פון דיא קאַנארישע אינזלען. פון דאָרטען האָט מען דאָס בעריכטעט, אַז מען האָט געזעהן דיא פּאָרטוגעזישע שיפען אַרומשווימענדיג. קאָלומ־בוס איז אַלזאָ איצט געווען אין דער רעכטער געפאַהר. צום גליק האָט אָבער גענומען בלאָזען אַ לעבעדיגער ווינטעל; דיא זעגלען זיינען פעסט אָנגעבלאָזען געוואָרען און דיא פלאָטע האָט זיך שנעל געטראָגען אי־בער דעם בלויען ים.

פעררא איז די לעצטע שטיקעל לאַנד, וואָס מען האָט ביז יענער צייט ווען עס איז געזעהן אויף דעם „ים פון פינסטערנים“. ווייטער האָט קיין שיף קיין מאָל ניט געסמייעט צו פאָהרען. דאָ פלעגט זיך רעכענען דער סוף פון דיא בעוואָהנבאַרע וועלט.

ווען דיא אַלט־גריכישע געאָגראַפען פלעגען איינטיילען דעם ערד־

קוגעל אויף פאראלעלען און מערידיאנען (זעה אויבען זייטעל 139) פלע־גען זיי דורך דעם אינזעל פעררא דורכציהען דעם ערשטען מערידיאן. דאס הייסט, דא פלעגען זיי דעם ערד־קוגעל צוטיילען אויף צוויי גלייכע העלפט — אויף דעם מזרח העמיספער (האלב קוגעל) און אויף דעם מערב העמיספער. און אזוי איז דאס פערבליבען אין דיא געאגראפיע־ביכער פון פיעלע היינטינע לענדער אויך.

עס האבען שוין פון לאנג אן זיך ארומגעטראגען קלאנגען, אז מען האט געזעהן א גרויסען אינזעל א ביסעל ווייטער אויף. אבער א פאר מאל האבען פארטוגעזישע שיפען דיעזע לאנד געזוכט, און גאר ניט גע־פונען. דיא קלאנגען זיינען פון דעסטוועגען פערבליבען; דיא ניט־געפונענע שטיק לאנד האט מען זאגאר א נאמען געגעבען—„בראנדאן" (נאך דעם נאמען פון א „הייליגען" גלח פון דעם זעקסטען יאהרהונ־דערט, וועלכער האט דארטען פערבראכט זיעבען יאהר, וויא מען האט דערצעהלט); און דער ניט־געשטויגען־ניט־געפלויגענער אינזעל איז געצייכענט געוועזען אויף טאסקאנעללי'ס קארטע, וועלכע קאלומבוס האט שטענדיג געהאלטען פאר דיא אויגען אויף זיין רייזע. אויך זיינען גע־ווען איינרעדענישען וועגען אנדערע אינזלען, ווייטער אויף דעם אט־לאנטישען אקעאן. אבער אזוי וויא געזעהן האט דיעזע אינזלען אויך קיינער ניט, איז דאס קיין גרויסע טרויסט ניט געוועזן. ווען דיא דריי שיפען זיינען אבגעגאנגען פון פעררא, און זיינע בערג זיינען פערשוואונ־דען געווארען אין דעם נעבעל פון דער בלויער ווייטקייט, זיינען ביי דיא מאטראזען איינגעפאלען דיא הערצער. זיי האבען זיך געזעגענט מיט דער וועלט.

פיעלע פון זיי האבען געוויינט אויפ'ן קול, בעקלאגט זייער שרעק־ליכען שיקזאל. קאלומבוס האט זיי געפרופט בעווייזען, וויא לעכערליך זייער מורא איז. ער האט זיי געשילדערט דיא אוצרות, צו וועלכע זיי פאהרען, דיא רייכטהימער, וואס זיי וועלען דארטען שעפען. אבער אפילו דאס האט אויף דיא גאלד־זשעדנע קאמפאניע וויינגי געווירקט. זיי זיינען געוועזן אין הוילע ציטערנים. צו בערוהיגען דיעזע אונווי־סענדע אבערגלויביגע מענשען איז געוועזן א גאנץ שווערע אויפגאבע.

אום זיי זאלען ניט זעהן, אז דיא שיפען געהען אוועק ווייט און קיין לאנד איז נאך אלץ ניטא, האט קאלומבוס זיי יעדען טאג געזאגט,

אַז דיא פּלאַטע האָט איינגערייזט וועניגער וויא אין אמת'ען. אין זיין טאַגעבוך פון דעם 9־טען סעפּטעמבער, צום ביישפּיעל, שרייבט ער:

„דיעזען טאָג זיינען מיר איינגעפאָהרען 57 מייל; איך האָב זיך אָבער בעשלאָסען צו רעכענען וועניגער אום דיא מאַטראָזען זאָלען זיך ניט שרעקען, אויב דיא רייזע וועט אויסקומען לענגער וויא איך ערוואַרט."

אויף מאָרגען האָט ער פערצייכענט:

„דיעזען מעת־לעת זיינען מיר איינגעפאָהרען 240 מייל, צעהן מייל אַ שטונדע. איך האָב אָבער גערעכענט בלויז 144 מייל, אום דיא מאַטראָזען זאָלען ניט ציטערען, אויב זיי וועט אויסקומען צו זיין לאַנג אויף דער רייזע."

און אזוי האָט ער געטאָן יעדען טאָג.

בעטראַכט קאָלומבוס'ען אליין, וויא ער האָט זיך געהאַלטען און געפיהלט אויף דיעזער רייזע! קיינער איז קיין מאָל ניט געווען ווייטער וויא פעדרא. וועגען דעם „ים פון פינסטערניס" האָבען זיך ארומגעטראַגען דיא שרעקליכסטע מעשות. אַלץ וואָס ער האָט געוואוסט וועגען יענע ברעגעס פון דיעזען אָקעאַן, איז געווען טהעאָריע. אָבער אזוי פעסט האָט ער געגלויבט אין דיא ריכטיגקייט פון דיעזע טהעאָריע, אַזוי טיעף זיינען געווען זיינע איבערצייגונגען, אַז ער איז געשטאַנען אויף דעם בריקעל פון זיין אדמיראַל־שיף מיט דער פאָלשטענדיגסטער רוהיג־קייט. איהם האָט בלויז אינטערעסירט דיא פראַגע וויא אזוי דיא אַנ־דערע צו בערוהיגען. ווייטער איז ער געווען פערנומען מיט זיינע לאַנד־קאַרטען און חשבונות, מיט זיינע בעאָבאַכטונגען און ערוואַר־טונגען...

עס זיינען געווען אַנדערע מענשען, וואָס האָבען געגלויבט, אַז מיט אַזאַ רייזע קען מען לייכט צוקומען צו אינדיען. ער איז אָבער געווען דער איינציגער, וואָס האָט זיך גענומען איהר פערווירקליכען — גע־נומען זיך מיט אַן אייזערנע פעסטקייט, מיט אַ בעגייסטערונג, וועלכע קיין שטערונג אין דער וועלט איז ניט אין שטאַנדע געווען אויסצולעשען. דעם גאַנצען לעבען האָט ער צו דיעזען געדאַנק אָבגעגעבען, און ער האָט ניט אָבגעטראָטען, ביז ער האָט דיא רייזע אונטערנומען; און איין מאָל האָט ער אונטערנומען, איז ער געגאַנגען פעסט צו זיין ציעל. בלויז גרויסע כאַראַקטערע קענען אזוי פיהלען און אזוי זיך פיהרען.

ביי איהם איז געווען קלאָר וויא דער טאָג, אז ווען ער וועט אריי־בערפאָהרען דעם אטלאַנטישען אָקעאן, וועט ער קומען נאָך יאפּאַן און פון דאָרטען נאָך כינא, צו דעם מעכטיגען כינעזישען הערשער דעם „גרויסען כאן“, צו וועלכען פערדינאנד און איזאבעללא האָבען איהם זאָ־גאר געגעבען א בריעף.

„דיא שפּאַנישע מאָנארכען האָבען געהערט, אז איהר און אייערע אונטערטהאַנען האָבען זעהר ליעב זיי און גאַנץ שפּאַניען“ — האָבען זיי צו דעם כאן געשריעבען. — „אויך ווייסען זיי, אז איהר ווילט בעקומען נאכריכטען וועגען שפּאַניען. זיי שיקען אייך דעריבער זייער גרויסען אדמיראל, קריסטאָפאָר קאָלומבוס, וועלכער וועט אייך מעלדען, אז זיי זיינען געזונד און אין פאָלשטענדיגע הצלחה.

איך, דער קעניג.

איך, דיא קעניגין.“

וועגען דעם „גרויסען כאן“, האָבען זיי און קאָלומבוס געוואוסט פון מארקא פּאָלאָ'ס בעשרייבונג. דיא פאמיליע פון דיעזע „גרויסע כאנס“, דיא טאַטערשע הערשער, זיינען אָבער שוין לאַנג געפאַלען אין כינא. ס'איז שוין געווען ארום הונדערט יאָהר ווי זייער הערשאַפט האָט זיך דאָרטען געענדיגט. אָבער דאָס האָט ניט געוואוסט, ניט דער נייער אדמיראל, ניט זיין קעניג און קעניגין. קאָלומבוס האָט דעם בריעף גע־האַלטען ביי זיך, מאָלענדיג אין זיין געדאַנק דעם גליקליכען מאָמענט, ווער ער וועט איהם איבערגעבען, וויא דער „גרויסער כאן“ וועט איהם אויפנעהמען, איהם געבען א פריינדליכען אנטוואָרט צו פערדינאנד'ען מיט איזאבעללא'ן.

דער וועטער איז געווען אויסגעצייכענט. דעם 13־טען סעפּטעמ־בער האָט איינער פון דיא מאַטראָזען דערזעהען א געוויסע פויגעל, ווע־גען וועלכע מען האָט געהערט, אז מען זעהט איהר קיינמאָל ניט וויי־טער וויא 75 מייל פון יבשה. דאָס האָט זיי אָלעמען געגעבען האָפנונג, אז נאָך 75 מייל און זיי וועלען שוין זיין אין יאפּאַן. דעם זעלבען טאָג האָט אָבער מיט קאָלומבוס'עס קאָמפּאַס זיך געטראָפען עפּעס אזעל־כעס, וואָס האָט בעאונרוהיגט אפילו אייניגע פון דיא אינטעליגענטערע מענשען פון דער קאָמפּאַניע. אפילו קאָלומבוס אליין איז אויך איבער־ראַשט געוואָרען. דיא מאַגנעטישע נאָדעל, וועלכע איז פריהער אימער

געשטאנען א ביסעל צו דער רעכטער האנד פון דעם „צפון שטערען“, האט פלוצלונג אנגעפאנגען זיך צו קעהרען א ביסעל לינקס. דאס איז געווען גאנץ נאטירליך, ווייל דיא שיפען זיינען דאן אריבערגעגאנגען דעם „מאגנעטישען גרענעץ“*). דאס האט אבער נאך קאלומבוס אליין אויך ניט געוואוסט. און פערבארגען דאס פון דיא נייגעריגע אויגען איז אונמעגליך געווען. דיא מאטראזען האבען נאך געקוקט אויף דעם קאמפאס וויא אויף א מין כשוף־זאך; און יעצט אלזא האט דיעזער צויבער־אינסטרומענט זיך גענומען אויפפיהרען גאר ניט וויא געוועהנליך. דער איינדרוק איז דעריבער געווען, אז מען פאהרט טאקי אין שרעקליכע געגענדען, וואו אלעס איז קאפויר, אפילו דיא נאטור־געזעצע אויך. אבער קאלומבוס האט זיך געמאכט, אז אלץ איז גאנץ נאטירליך, און ער האט צוגעטראכט עפעס אן ערקלעהרונג פון אסטראנאמיע. זיינע צוהערער האבען אפילו ניט פערשטאנען; אבער זיי האבען זיך ווידער „איבערציייגט“ וואס פאר א געלעהרטער זייער אדמיראל איז, און ווידער זיינען זיי בערוהיגט געווארען.

דעם 16־טען סעפטעמבער, ווען זיי זיינען שוין געווען 800 מייל פון דעם אינזעל פערא, זיינען זיי אריינגעשוואומען אין אזא וואסער־געגענד, וואו דער ים איז גרויסע שטרעקען־ווייז געווען בעדעקט מיט גראז און ים־קרייטיכער, צווישען וועלכע עס האט געקישעט מיט פיש און ראקעס.

דער ים איז דארטען זעהר טיעף. דאך וואקסען איבער איהם ריעזיגע לאנקעס, וועלכע פערנעהמען אין סך הכל א שטח אזוי גרויס וויא זעקס פראנקרייכס, און שפייזען מיט זיך מיליאנען־מיליאסען פיש און אנדערע ים־ברואים. אזעלכע „סארגאססא“ לאנקעס, וויא מען רופט זיי, געפינען זיך אנדערסוואו אויך, אבער אין ערגעץ פערנעהמען זיי ניט אזוי פיעל פלאץ וויא דא. מען גלויבט, אז דיא אורזאכע וואַ־

*) דיא מאגנעטישע נאדעל האט א טבע צו זיין צוגעקעהרט צום צפון, אבער ניט אומעטום אויף דעם זעלבען שטייגער. אויף דעם ערד־קוגעל איז פאראן א פאס, פון צפון צו דרום, וואו זיא שטעהט גלייך. פון מזרח־זייט פון דיעזען פאס איז זיא געקעהרט רעכטס און וואס ווייטער צו מזרח אלץ מעהר רעכטס. פון מערב זייט פון דעם פאס איז זיא גענייגט א ביסעל לינקס; וואס ווייטער אלץ מעהר. (זעה ביילאגע, „דער קאמפאס“).

רום דאָ איז אזא גערעטעניש אויף פלאַנצען און גראָז, איז וויל דיעזער פּלאַץ איז פריי פון ים־שטראָמען און רוהיג. היינטיגע שיפען שניידען זיך דורך דיעזע סארגאססא פעלדער לייכט דורך, און אפילו קאָלומבוס׳עס פלאָטע האָט צוערשט אויף זיך דורכגעשלעפּט דורך זיי. אין אַ פּאָר טעג ארום איז אָבער געוואָרען שווערער צו שווימען, און דיא מאַטראָזען האָבען זיך ווידער שטארק דערשראָקען. עס האָט אויסגעזעהען אזוי אונגעוועהנליך, אַזוי אוננאַטירליך. מען האָט זיך דערמאָנט אָן אַלערליי באָבע־מעשות וועגען געפעהרליכע ווייטע ימים, וואו שיפען ווערען פערפּלאָנטערט און קענען זיך ניט ריהרען. קאָלומבוס, ווידער, האָט שוין געקענט מיינען, אז דאָ איז דער אָנהויב פון איינעם פון דיא דערמאָנטע אינזלען, וועגען וועלכע מען האָט געזאָגט, אז זיי געפינען זיך אויפ׳ן אַטלאַנטישען ים. מען האָט אָבער אראָבגעלאָזען דיא לענגסטע שטריק און מען האָט געזעהן, אז עס איז אַלץ קיין גרונד ניטאָ, אז עס איז אַלץ דער טיעפער ים.

דאן האָבען זיך זיינע מענשען בערוהיגט: זיי האָבען געזעהן, אז דיא שיף קען געהן ווייטער. נאכהער האָבען זיי זיך געקלעהרט, אז דיא גראָז איז פערטראָגען געוואָרען פון אַ דערבייאיגען אינזעל, און זיי איז נאָך פרעהליכער געוואָרען אויפ׳ן הארצען. אין קאָלומבוס׳עס טאָגעבוך געפינט זיך יענעם טאָג דיא בעמערקונג:

„זיי האָבען געגלויבט, אז זיי געפינען זיך נאָהענט פון אַן אינזעל. דעם קאָנטינענט (אַזיען) וועלען מיר געפינען ווייטער.“

דעם 18־טען סעפּטעמבער האָט דער קאַפּיטאַן פון דער „פּינטא“, וועלכע איז געגאַנגען געשווינדער וויא דיא אַנדערע צוויי שיפען, בעריכטעט, אז ער האָט געזעהן מאַסען פויגלעך צו מערב צו, און אז ער האָט דעריבער געהאַפט אין אבענד צו דערגרייכען יבשה. זיין האָפנונג איז ניט מקוים געוואָרען, אָבער אויף מאָרגען האָט מען דערזעהן נאָך פויגלעך. היינט וויים מען שוין, אז געוויסע מינים קליינע פויגעלעך קענען מאַכען זעהר לאַנגע רייזעס פליהענדיג ווייט איבער׳ן ים, און אז אַ מאָל פערטראָגט זיי דער ווינט אויף הונדערטע מיילען נאָך ווייטער. דאן האָט מען דאָס אָבער נאָך ניט געוואוסט. דיא אַנוועזענהייט פון דיעזע פויגעלעך האָט מען דעריבער אָנגענומען אַלס אַ קלאָרען בעווייז, אז די שיפען געפינען זיך שוין נאָהענט פון לאַנד. מען האָט אויך בעגעגענט אַ פּאָר גרויסע פויגלען, אָבער אז זיי מיט זייערע

גרויסע שטאַרקע פֿליגלען זאָלען קענען אַזוי ווייט אַוועקפֿליהען פֿון לאַנד איז ביי דיא רייזענדע קיין חדוש ניט געווען. קליינינקע פֿויגעלעך אָבער מיט זייערע שוואַכינקע פֿליגעלעך וואָלטען אהער פֿון אייראָפּא ניט געקענט צוקומען — האָבען זיי זיך גערעכענט; אַלזאָ, מוז דאָ דער־ביי זיין לאַנד. מען קען זיך פֿאָרשטעלען מיט וואָס פֿאַר א שמחה דיא מאַטראָזען האָבען דיעזע ברואים'לאך דערזעהן צווישען דיא זעגלען, מאַסטען, שטריק פֿון דיא דריי שיפֿען; מיט וואָס פֿאַר אַ גליק זיי האָ־בען דערהערט זייער געזאַנג הויך איבער דיא כוואַלעס.

אין אמת'ען זיינען דיא דריי שיפֿען ערשט געווען אין רעכטען מיטען אַטלאַנטישען אָקעאַן.

דעם 21־טען איז דער ים נאָך אַלץ געווען בעדעקט מיט גראָז. אָבער דעם זעלבען טאָג האָבען אונזערע רייזענדע דערזעהן א וואַל־פֿיש, און זיי האָבען געמיינט, אַז דאָס איז אויך א בעוויז אויף דיא נאָהענטקייט פֿון לאַנד.

דעם 22־טען האָט קאָלומבוס געשריעבען: „מעהר ניטאָ קיין גראָז.“ זיי זיינען ווידער געווען אין ריינע פֿרייע וואַסער. דער ווינד איז געווען א גינשטיגער; ער האָט דיא שיפֿען געטריבען אַלץ ווייטער און ווייטער צו מערב צו, און קיין ברעג האָט זיך אַלץ ניט געזעהן. דאַן האָט אַ נייע שרעק אָנגענומען דיא מאַטראָזען: ווי־באַלד, אַז דיא ווינדען בלאָזען דאָ שטענדיג אין מערב־זייט, היינט ווי אַזוי וועלען זיי פֿאָהרען צוריק? אפשר וועלען זיי גאָר קיין מאָל ניט קענען קומען אַהיים.... צום גליק האָט זיך דער ווינד באַלד איבערגע־ביטען; עס האָט גענומען בלאָזען מעהר צו דרום צו, און זיי האָבען זיך ווידער בערוהיגט: דער ווינד ענדערט זיך דאָ אַלזאָ; עס איז וויא אין אייראָפּא.

אַ חוץ דעם געוועהנליכען וואונש צו דערגרייכען א ברעג פֿון דעם ים און פֿון זייערע געפֿאַהרען, האָבען דיא רייזענדע געהאַט נאָך א ספּע־ציעלע אורזאַכע שטענדיג צו זוכען סמנים פֿון לאַנד מיט זייערע אויגען. דיא קעניגין האָט צוגעזאָגט 10 טויזענד מאַראַוועדים צו דעם, וואָס וועט דער ערשטער דערזעהן יבשה.

דעם 25־טען סעפּטעמבער, אין אבענד, איז מאַרטין פּינזאָן ארויפֿ־געקראָכען אין דער הויך אויף זיין שיף „פּינטא“ און האָט מיט גרויס פֿרייד און אויפֿרעגונג אויסגעשריען:

— לאַנד! לאַנד! דיא בעלוינונג געהערט צו מיר!

קאָלומבוס שרייבט, אז ווען ער האָט דאָס דערהערט, איז ער גע־פאַלען אויף דיא קניע און געדאַנקט גאָט. פינזאָן און אַלע מאַטראָזען האָבען געטאָן דאָס זעלבע. זיי האָבען מיט א כאָר געזונגען א לויב־געזאַנג צום הימעל. דיא מאַטראָזען פון דער „נינאַ" האָבען אַרויפגע־קלעטערט אויבען אויף דיא מאַסטען, און זיי האָבען אויך ערקלעהרט, אַז זיי זעהען לאַנד. קאָלומבוס האָט אויסגערעכענט, אַז דער ברעג מוז זיין 75 מייל פון זיי.

זיי זיינען געשוואומען אַלץ ווייטער און ווייטער, ביז, אויף מאָר־גען נאָכמיטאַג האָט זיך ארויסגעצייגט, אַז דאָס, וואָס זיי האָבען אָנ־גענומען אַלס לאַנד, איז ניט מעהר וויא א מיראַזש*) אָדער גלאַט אַזעל־כע וואָלקענס, וואָס האָבען פון ווייטען אויסגעזעהן וויא לאַנד.

זייער ענטוישונג קען מען זיך לייכט פאָרשטעלען. אָבער דעמ־זעלבען טאָג האָבען זיך ווידער בעוויזען פויגלעך. אַן אַנדערס מאָל האָבען דיא מאַטראָזען געפונען אַן אויסגעשניצטע שטיק האָלץ, וועלכע האָט געטראָגען אויף זיך סמנים פון מענשליכע ארבייט. אָבער דיעזע אַלע צייכענס האָבען שוין די מאַטראָזען אויך דערעסען, און אָנשטאָט צו געבען זיי נייע האָפנונגען, האָבען זיי בלויז פערגרעסערט זייער פער־צווייפלונג. עס האָט אויסגעזעהען, אַז זיי געפינען זיך אין א פלאַץ, וואו דיא וועלט איז גאָר קיין וועלט ניט. וויא וועט זיין, אַז דיא שפייז וועט אויסגעהן?....

מען האָט גענומען רעדען וועגען צובונטעוועןזיך, און איינער פון דיא מאַטראָזען האָט געמאַכט א פאָרשלאַג, אַז מען זאָל קאָלומבוס'ען אריינשטופען אין וואַסער און דערנאָך זאָגען, אַז ער איז אַליין אריינגע־פאַלען בשעת ער איז געווען פערטיעפט קוקענדיג אויף דיא שטערען. זיי האָבען זיך אָבער ארומגעזעהען, אַז אָהן איהם וועלען זיי ניט גע־

*) אַן אָבגלאַנץ אין דער לופטען, וואו עס זעהט זיך אַ נאַטור־בילד פון אַ גאַנץ אנדער געגענד, אזוי וויא אין אַ שפיעגעל. אין דער וויסטענעס סאַהאַראַ זעהט דער רייזענדער אַזוי אַ פרוכטבאַרען אָרט (אַן אָאַזיס), און ער געהט און געהט צו איהם, ביז ענדליך שטעלט זיך ארויס, אַז עס איז אַ טעות. עהנליכעס טרעפט אויפ'ן ים.

פינען דעם וועג צוריק. דאָך, וואָס א טאָג איז קאָלומבוס'עס לאַגע גע־
וואָרען אַלץ געפעהרליכער.

דעם 7־טען אָקטאָבער אין דער פריה זיינען דיא דריי שיפען שוין געוועזען 2,724 מייל פון דיא קאַנארישע אינזלען. דאָס איז געוועזען ווייט־טער וויא דער פונקט, וואו, נאָך טאָסקאַנעללי'ס קאַרטע, האָט בע־דאַרפט זיין יאַפּאַן. אָבער דיא מאַסען פויגלעך, וואָס זיי האָבען בע־געגענט, זיינען געפלויגען צו דרום־מערב צו, אַלזאָ האָט קאָלומבוס זיך געקלעהרט, אז יאַפּאַן ליגט מסתמא מעהר צו דרום. ווען ער וואָלט ניט געמאַכט דיעזע ענדערונג, נור געשוואומען אַלץ ווייטער דירעקט צו מערב־צו, וואָלט ער געהאַט צו פאָהרען נאָך 720 מייל, און דאַן וואָלט ער געקומען נאָך פלאָרידא. איצט אָבער, אז ער איז געפאָהרען אין א זיד־וועסטליכע ריכטונג, איז צו לאַנד געבליבען וועניגער — בלויז 505 מייל. דיא מאַטראָזען האָבען אָבער ניט געוואוסט, וואו זיי זיינען דאָ, און זיי זיינען געוואָרען אַלץ פערצווייפעלטער און בייזער. זיי פלעגען זיך פערזאַמלען אין קופקעלעך און זיך שושקען מיט פיינדליכע אוואיעס. ווען קאָלומבוס וואָלט געוועזען א שפּאַניער, וואָלט זיין גע־פאַר אויך געוועזען גרויס, א פשיטא שוין, אז ער איז געוועזען א פרעמדער. דאָס האָט צוגעגאָסען אויל אויף דעם פייער פון כעס, וואָס האָט גע־גליהט אין דיא הערצער פון זיינע אונטערטהעניגע.

ענדליך, דעם 11־טען אָקטאָבער, ארום 10 אוהר אבענד, האָט קאָ־לומבוס דערזעהן וויא א ליכט בעוועגט זיך פון ווייטען. דיא אַנדערע האָבען געצווייפעלט, און, וויא מען האָט געקענט בעמערקען, האָט קאָ־לומבוס אליין אויך דאָס ניט גענומען ערנסט. ער האָט, צום ביישפּיעל, דערביי ערקלעהרט, אז דער, וואָס וועט דער ערשטער דערזעהן יבשה, וועט פון איהם בעקומען אלס פּרעזענט א זיידענעם זשילעט, אלס צו־גאָב צו דיא 10,000 מאַראוועדים פון דער קעניגין.

עטליכע שטונדען שפּעטער, ארום צוויי אוהר אין דער פריה, פריי־טאג, דעם 12טען סעפּטעמבער, 1492, האָט א מאַטראָז פון דער „פינטא" גענומען שרייען „לאַנד! לאַנד!" ער האָט געזעהן א ברעג אַזוי קלאָהר, אז וועגען א טעות האָט שוין דיעזען מאָל קיין רייד ניט געקענט זיין. דער ברעג איז געלעגען ניט מעהר וויא פינף מייל פון אונזערע רייזענדע, וועלכע האָבען זיך יעצט געפונען אין וועג פונקט צעהן וואָכען. (זינט זיי זיינען אָבגעפאָהרען פון דעם אינזעל פערראָ

איז איצט געווען 32 טעג). דיא אַנדערע מאַטראָזען האָבען גלייך אויך געזעהן דעם ברעג, און פון אַלע דריי שיפען האָט געגומען הילכען דער פרעהליכער אויסגעשריי: „לאַנד! לאַנד!"

דער נאָמען פון דעם, וואָס האָט דער ערשטער דערזעהן לאַנד, איז ראָדריגא דע טריאַנאַ, א מאהאמעדאַנער, וועלכער האָט אָנגענומען דיא קריסטליכע רעליגיאָן. צו איהם האָט אַלזאָ געהערט דיא פערשפּראָכענע 10,000 מאראוועדים. קאָלומבוס האָט זיך אָבער דאָ ארויסגעשטעלט אזוי קליינליך, אז ער האָט ערקלעהרט, דאָס דער פּרעזענט בעלאַנגט צו איהם, ווייל ער האָט נעכטען דערזעהן דיא ליכט. מען דערצעהלט, אַז דיא עולה האָט טריאַנאַ'ן געבראַכט דערצו, אז ער האָט אויפגעגעבען דיא קריסטליכע רעליגיאָן און איז אריבערגעפאָהרען נאָך אפריקא, וואו ער האָט צוריק אָנגענומען זיין פריהערדיגע רעליגיאָן. עס איז פאַראַן א אידישער פּשט'ל, אז טריאַנאַ איז פריהער געווען א געטויפטער איד און אז איצט האָט ער זיך אומגעקעהרט צו דיא אידען; אָבער קייזערלינג איז איבערצייגט, אז ער איז ניט געווען קיין איד. פערבייגעהענדיג דערמאָנט קייזערלינג, אז דעם פרייטאג, ווען עס איז ענטדעקט געוואָרען אמעריקא, איז ביי אידען געווען הושענא רבה, און אז דיא אידען, וועלכע מען האָט ארויסגעטריבען פון שפּאַניען, האָבען דאַן געשריען צו גאָט „הושע נא!" — העלף אונז! (איז דאָס אַן אָנצוהערעניש, אז זייער תפילה איז אָנגענומען געוואָרען און אז גאָט האָט צוגעשיקט א נייע לאַנד, וואו דיא אידען זאָלען האָבען א היים? האָט אָבער דיא אינקוויזיציע מיט איהרע שייטער־הויפענס דיא אידען ניט אָבגעלאָזען אין דער ניי־געפונענער וועלט אויך...)

ענדליך זיינען דיא דריי שיפען צוגעקומען צום ברעג. מען האָט אַראָפּגעלאָזען דיא רעטונגס־שיפלעך, און קאָלומבוס, בעגלייט פון זיינע מיטרייזענדע, זיינען צוגעשוואומען און ארויסגעגאַנגען.

פון אַלע זייטען זיינען געוואקסען אונבעקאַנטע בוימער און דיא נאַטור האָט אויסגעזעהן זעלטען רייך און שעהן. אַלע זיינען געווען זיכער, אז זיי זיינען געקומען נאָך יאפּאַן. דיא קאָמפּאַניע איז געווען ווילד פון פרייד. דיא קאַפּיטאַנען האָבען קאָלומבוס'ען געהאַלזט און געקושט, וועהרענד דיא מאַטראָזען זיינען איהם געפאַלען צו דיא פיס

און געבעטען פערצייהונג פאר וואָס זיי האָבען אויפ׳ן וועג פערלאָרען צוטרוי און געדולד.

אויף דיעזע סצענע האָבען פון ווייטען געקוקט מיט גרויס איי־בערראַשונג און שרעק אַ מאַסע מענשען מיט זאָנדערבאַרע געזיכטער און לייבער. דיא אָנגעקומענע שפּאַניער האָבען נאָך אַזעלכע מענש־ליכע בעשעפּענישען קיין מאָל ניט געזעהן. זיי האָבען געהאַט אַ דונ־קעל־רויטען קאָליר, דעם קאָליר פון צימרינג, און זיינען איבערהויפּט ניט געווען עהנליך צו קיינע פון דיא ראַסען, וואָס געפינען זיך אין איי־ראָפּאַ, אפריקאַ אָדער אזיען. זיי זיינען געווען אבסאָלוט נאַקעט און מייסטע פון זיי זיינען געווען אויסגעשמירט אין פאַרב.

אזוי וויא קאָלומבוס האָט געמיינט, אַז ער איז געקומען אין דיא אינדיעס, וויא ער האָט גערופען דיא לענדער פון ווייטען מזרח אין אַל־געמיין, דאָס הייסט, אינדיען, כינאַ און יאפּאן אין איינעם — האָט ער און זיינע בעגלייטער דיעזע אונגעוועהנליכע מענשען גערופען „אינ־דיאַנער“, און אזוי איז דער נאָמען פערבליבען ביז היינט.*)

דיא אינדיאַנער, וויעדער, האָבען געמיינט, אויף דיא דריי שיפען, אַז דאָס זיינען שרעקליכע ים־בעשעפּענישען און אַז דיא ווייסע מענשען זיינען אַ מין מלאכים, וועלכע זיינען ערשיענען פון יענער זייט הי־מעל. צוערשט, ווען זיי האָבען געזעהען וויא דיעזע וואונדערבאַרע ברואים קומען ארויף אויף זייער ברעג, האָבען זיי זיך אזוי דערשראָקען, אַז זיי זיינען זיך צולאָפען. ביסלעכווייז אָבער, ווען זיי האָבען געזעהן, אַז זיי טשעפּען זיי ניט, האָבען זיי גענומען צוגעהן נעהנטער, אָבשטע־לענדיג זיך אַלע ווייל און אויסציהענדיג זיך פאַר דיא שפּאַניער אויף דער ערד, אזוי וויא פאר געטער.

דיא ווייסע האָבען צו זיי געמאַכט פריינדליכע מינעס און מיט שמייכלען און וואונקען זיי געלאָזט וויסען, אַז זיי דאַרפען ניט מורא האָבען צו־צוקומען. אויף דיעזען אַרט האָבען דיא אינדיאַנער ביסלעכ־ווייז געקראָגען מוטה צו־צוגעהן צו זיי, און דאַן זיי געטאַפּט מיט

*) דיא אזיאַטישע איינוואָהנער פון דיא אמת׳ע אינדיען, (אזיען), רופט מען „אינדער“. דיעזע אינדיען רופט מען היינט „אָסט אינדיען“ (מזרח אינדיען), וועהרענד דער געגענד, וואו קאָלומבוס איז אָנגעקומען מיט זיינען דריי שיפען, הייסט „וועסט אינדיען“ (מערב אינדיען).




**קאָלומבוס׳עס ערשטע ענטדעקונגס-רייזע אין גאַנצען.**

מען קען דאָ זעהן וואוהין ער איז געקומען און דעם טעות וואָס ער האָט געהאַט מיינענדיג, אז דאָס איז יאַפּאַן. (זעה אויך דיא קאָלירטע לאַנד־קאַרטען ביי זייטלאַך 431 און 543).




דיא ענטדעקונג פון אמעריקא מיט 500 יאָהר פאַר קאָלומבוס'ען.
(זעה אויבען, זייטעל 169—174).

דיא הענט אום צו ערקונדיגען זיך, אויב דאָס זיינען ווירקליכע בעשע־פענישען און ניט בלויז א מין וואונדער־טרוים אויפ'ן וואָהר. בשעת זיי האָבען געטאַפּט זייערע הענט און פּנים'ער, האָבען זיי זיך ניט גע־קענט אָפּוואונדערען פון דיא ווייסקייט פון זייערע לייבער.

פון מארקאָ פּאָלאָ'ס בעשרייבונג האָט קאָלומבוס געוואוסט, אז אויף געוויסע אינזלען ניט ווייט פון כינא וואָהנען נאַקעטע ווילדע מענ־שען. ער איז דעריבער געווען איבערצייגט, אז דאָס איז איינער פון יענע אינזלען. פון זיין אייגענע רייזע, ווײַעדער, נאָך גינעא, אפריקא, ווען ער און זיין ברודער האָבען נאָך געוואָהנט אין פּאָרטוגאַל, האָט ער גע־וואוסט, אז די האַלב־ווילדע נעגערס געהען אויס פאר א שטיקעל רויטע טוך אָדער א שנירעל פּאַטשערקעס, און גיבען דערפאר א שטיקעל גאָלד. ער האָט דעריבער אויף זיין רייזע מיטגענומען רויטע היטלען, פּאַטשער־קעס, גלעקעלעך און נאָך אַזעלכע זאכען, וועלכע אינטערעסירען קינ־דער פון ציוויליזירטע פעלקער, און דיא ערוואקסענע ווילדע. און ווירקליך, ווען דיא אינדיאנער האָבען דאָס דערזעהן, זיינען זיי ארויס פון דיא כלים פאר בעגייסטערונג.

קאָלומבוס האָט מיט זיי וויא עס איז זיך צונויפגערעדט דורך צייכענס. ער האָט אָבער זייערע אוואיעס אויסגעטייטשט וויא עס האָט זיך געפּאַסט צו זיינע פריהערדיגע ערוואַרטונגען. צום ביישפּיעל: זיי האָבען געהאט גאָלדענע ציערונגען, וועלכע זיי זיינען געווען גערען צו בייטען אויף א שטיקעל רויטע טוך, א בינטעל פּאַטשערקעס אָדער א גלעקעל; און ווען מען האָט זיי געפרעגט, וואו זיי נעהמען גאָלד, האָבען זיי אָנגעוויזען אין דרום זייט; האָט דאָס קאָלומבוס'ען בע־שטעטיגט זיין מיינונג, אז ער איז אָנגעקומען א ביסעל צו צפון זייט פון יאַפּאַן, — אז יאַפּאַן, דיא לאַנד פון גאָלד, ליגט איצט צו דרום צו.

באַלד האָט ער זיך ערקונדיגט, אז ער געפינט זיך אויף א קליינעם אינזעל, און אז דיא אינדיאנער רופען איהם ג ו ו א נ ה א נ י. ער האָט אוועקגעשטעלט דיא שפּאַנישע פאָהן, האָט דעם אינזעל ערקלעהרט אלס דאָס אייגענטהום פון דער קאַסטילישער קרוין*), און האָט איהם

*) די גאַנצע רייזע איז דאָך אָפיציעל געמאַכט געווען אין דעם נאָמען פון איזאבעללא און איהר קעניגרייך קאַסטיליען. אויף דער פאָהן איז אָבער געווען פערדינאַנד'ס נאָמען אַזוי גוט וויא איזאבעללא'ס.

געגעבען אַ קריסטליכען נאָמען — סאַן־סאַלוואַדאָר, דאָס הייסט, „דער הייליגער רעטער“. וועלכער אינזעל דאָס איז, ווייס מען יעצט ניט גענוי. מען ווייס בלויז, אַז דאָס איז איינער פון דיא באַהאַמאַ אינזלען, אין דער מיטעלסטער טייל פון אמעריקא צווישען נאָרד־אַמעריקאַ און זיד־אַמעריקאַ, ניט ווייט פון דעם גרויסען אינזעל קובאַ.

דיא ערשטע אינדיאַנער, וואָס האָבען קאָלומבוס'ען מקבל פּנים געווען, בעשרייבט ער אליין מיט דיא פאָלגענדע ווערטער:

„ווען איך האָב געזעהן, אַז זיי זיינען זעהר פריינדליך צו אונז און איך בין געקומען צום בעשלוס, אַז מען קען זיי מיט גוטסקייט בעסער בעקעהרען צו אונזער רעליגיאָן וויא מיט גוואַלט, האָב איך זיי געשאָנקען איינינע רויטע היטלען און שנירלעך פּאַטשערקעס צו טראָגען אויפ'ן האַלז, און פיעלע אַנדערע קלייניגקייטען. זיי האָבען זיך זעהר געפרעהט מיט דעם און זיינען געוואָרען שטאַרק צוגעבונדען צו אונז. נאכהער זיינען זיי צוגעשוואומען צו אונזערע שיפען מיט צוגעוואַוינטע פּאָפּוגאַיען, קנוילען באַוועל און אנדערע זאַכען, וועלכע זיי האָבען געביטען אויף אונזערע צאַצקעס. דיעזער האַנדעל איז אָנגעגאַנגען אויף דעם פריינדליכסטען אַרט. אין סך הכל האָבען זיי מיר געשיינט צו זיין אַ זעהר אָרימעס פאָלק. זיי געהען אַלע נאַקעט וויא דיא מאַמע האָט זיי געהאַט — אפילו דיא פרויען. איך האָב אָבער יענעם טאָג געזעהן בלויז איין מיידעל זייערע.

„אַלע די, וועלכע איך האָב געזעהן, זיינען געווען יונג, ניט עלטער וויא אַ יאָהר דרייסיג. זיי זיינען אַלע גוט געוואַקסען, מיט פיינע פּיגורען און געזיכטען. זייערע האָר איז קורץ און האַרט, וויא ביי אַ פערדישען עק. פערקעמט איז דאָס צום שטערען צו, אַ חוץ אַ קליינעם בינטעל האָר, וועלכער הענגט אראָפּ פון הינטען, און ווערט קיין מאָל ניט אָפּגעשאָרען. איינינע פאַרבען זיך אויף רויט, אַנדערע אויף ווייס; ווידער אַנדערע אויף וועלכע קאָלירען זיי געפינען נור. איינינע פאַרבען אָפּ דעם פּנים, אַנדערע דעם גאַנצען קערפּער, אַנדערע בלויז ארום דיא אויגען אָדער בלויז דיא נאָז.

„איך האָב זיי געוויזען אונזערע שווערדען, האָבען זיי אָנגענומען דעם שאַרף און זיך איינגעשניטען דיא הענט. זיי האָבען ניט קיין אייזען. זייערע שפּיזען זיינען ניט מעהר וויא שטעקענס, פערשפּיצט

ביי׳ן ברעג מיט א פיש־ביין אָדער עפּעס אַן אַנדער הארטע שפּיציגע זאַך. זיי זיינען אַלע הויך און שעהן געוואַקסען. איינינע פון זיי האָבען געהאַט צייכענס פון פערטריקענטע וואונדען אויף זייערע קערפּערס; און ווען איך האָב זיי אויפ׳ן וואונק געפרעגט פון וואַנען דאָס קומט ביי זיי, האָבען זיי געענטפערט, אויך אויפ׳ן וואונק, אַז צו זיי זיינען געקומען מענשען פון דערבייאיגע אינזלען און האָבען זיי געוואָלט נעהמען אין געפאַנגענשאַפט, און אַז זיי האָבען זיך פערטהיידיגט. איך האָב דאַן געדענקט, און דענק נאָך איצט, אַז יענע זיינען געוועזן פון דעם קאָנטינענט*). איך גלויב, אַז דיא היגע מענשען זיינען עהרליך און אויפריכטיג און אַז זיי וואָלטען געווען טרייע דיענער. אויך בין איך דער מיינונג, אַז זיי וואָלטען לייכט געוואָרען קריסטען, ווארים, וויא עס ווייזט אויס, האָבען זיי אַליין גאָר קיין רעליגיאָן ניט. זיי לערנען זיך גיך אויס דיא ווערטער, וואָס מיר רעדען צו זיי. מיט גאָטעס הילף רעכען איך מיטצונעהמען אהיים זעקס פון זיי, אום זיי זאָלען זיך אויסלערנען אונזער שפּראַך. איך האָב אויף דעם אינזעל ניט געזעהן קיינע בהמות, אויך קיין אַנדערע ברואים אויסער פּאַפּוגאַיען."

אָבער ניט אַלץ וואָס קאָלומבוס האָט געזעהן האָט ער ריכטיג פערשטאַנען. א חוץ דעם גרויסען געאָגראַפישען טעות וואָס ער האָט געהאַט, מיינענדיג, אַז ער איז אין אזיען, האָט ער געהאַט פערשיעדענע טעות׳ן אין בעצוג אויף דעם כאַראַקטער פון לאַנד און דעם לעבען פון איהרע איינוואָהנער.

קאָלומבוס האָט זיך אַוועקגעלאָזען איבער דיא ארומיגע וואַסערען. ער האָט געפונען עטליכע אינזלען, און דאָס האָט ווידער געשטימט מיט מאַרקאָ פּאָלאָ׳ס שילדערונג פון דעם ווייטען מזרח, ווארים נאָך דיעזער שילדערונג איז דער ים ביי דעם מזרח־ברעג פון כינא אָנגעפּיקעוועט מיט אינזלען, אויף וועלכע עס וואַקסען געווירצען, און אויף איינינע פון דיעזע אינזלען וואָהנען דאָס נאַקעטע מענשען. אי אויף די אינזלען, וועלכע קאָלומבוס האָט בעזוכט, איז ניט געווען צו זעהן קיינע געווירצען? האָט דיא לופט דאָ אָבער געשמעקט און דיא בוימער און דיא קרייטיכער זיינען געווען אונגעוועהנליכע; אַלזאָ, האָט ער

*) דאָס הייסט פון אַזיען.

גערערעכענט, אַז מסתמא געפינען זיך דאָ פּאָרט געווירצען, נור ער ווייס נאָך ניט אויף וואָס'ערע פּלאַנצען זיי וואַקסען.

ווען דיא שיפען זיינען ארומגעשוואומען צווישען דיא באַהאַמאַ־אינזלען, האָבען זיי אויף דער שיף „נינא" געהאַט אַן אינדיאַנער פון סאַן־סאַלוואַדאָר. אין איין פּלאַץ איז דיעזער אינדיאַנער פּלוצלונג אראָפּגעשפּרונגען פון שיף אין וואַסער אריין. שווימענדיג מיט מערק־ווירדיגע פלינקהייט, איז ער צוגעשוואומען צו א „קאַנאָ", דאָס הייסט, אַ שיפעל, געמאַכט פון אַן אויסגעהוילטע קלאָץ. אַזוי האָבען דיא אינדיאַנער געמאַכט אַלע זייערע שיפלעך. דיעזע קאַנאָ איז געווען פול מיט אינדיאַנער. דיא שפּאַניער האָבען זיך נאָכגעיאָגט, אָבער דיא קאַנאָ איז געפלויגען צו שנעלל, און ווען זיא האָט דערגרייכט דעם ברעג, זיינען דיא אינדיאַנער ארויס און פערשוואונדען אין וואַלד. שפּע־טער אַ ביסעל האָט זיך בעוויזען אַן אַנדער קאַנאָ מיט איין אינדיאַנער. ער איז צוגעקומען צו דיא שפּאַניער מיט אַ קנויל באַוואָל, וועלכען ער האָט געוואָלט אויסבייטען אויף גלעקלעך. ארויפגעהן אויף דער שיף, האָט ער אָבער מורא געהאַט, זיינען עטליכע שפּאַניער אריינגעשפּרונ־גען אין קאַנאָ און איהם געפאַנגען. ווען מען האָט איהם געבראַכט פאַר קאָלומבוס'ען, האָט ער זיך געטרייסעלט פון שרעק. ער האָט דעם אַד־מיראַל פאָרגעשלאָגען זיין קנויל באַוואָל אַלס מתנה. קאָלומבוס האָט איהם בעהאַנדעלט פריינדליך, איהם אָנגעטהאָן אַ רויטע היטעל אויפ'ן קאָפּ, שנירלעך פּאַטשערקעס אויפ'ן האַלז, גלעקעלעך אין זיינע אויערען, איהם אומגעקעהרט זיין באַוואָל און געלאָזען געהן. ווען דער אינדיאַ־נער איז געקומען אויפ'ן ברעג, האָט זיך ארומגעקליבען אַ רויט־הויטיגער עולם, און מיט גרויס נייגעריגקייט צוגעהערט, וואָס ער האָט דער־צעהלט וועגען זיין ערפאַהרונג ביי דיא ווייסע מענשען.

קאָלומבוס האָט געוואָלט זיך מאַכען אַ גוטען נאָמען ביי דיא אינדיאַנער. אָבער ליידער האָט ער דיעזע פּאָליטיק זיינע לאַנג ניט אָנגעהאַלטען.

אומעטום האָט ער ביי דיא אינדיאַנער געפרעגט, וואו מען קען גע־פינען גאָלד, און אומעטום האָט ער בעקומען דעם זעלבען אַנטוואָרט: מען האָט איהם אַלץ אָנגעוויזען אין דרום זייט.

ער איז, אַלזאָ, געווען זיכער, אַז דאָרטען איז יאַפּאַן. אַלץ האָט געשיינט צו שטימען מיט דעם, וויא ער האָט זיך פריהער פאָרגע־

שטעלט. און מיט א פרעהליכער הארץ האט ער פערקירעוועט זיינע שי־פען צו דרום צו. דארטען, אויף דעם יאפאנעזישען אינזעל, הייסט עס, וועט ער פערבלייבען א קורצע צייט — בלויז אום צו זעהן, וואס פאר א זארט שטעדט דארטען געפינען זיך — און דאן גלייך נאך דער וואונ־דערליכער כינא! דארטען וועט ער קומען נאך דער וואונדער־רייכער שטאדט קווינסיי, וואו דער גרויסער כאן האט זיין פאלאץ. ער וועט אריינקומען און איהם איבערגעבען פערדינאנד־און־איזאבעללא'ס בריעף...

אין אמת'ען איז ער איצט געווען ניט ווייט פון קובא, און באלד איז ער צוגעקומען צו קובא גופא. אויף דער לאנד־קארטע (נעכסטע זייטעל) וועט דער לעזער זעהן די עטליכע גרעסערע אינזלען, וואס ליגען אין דיעזע טייל פון אמעריקא — צווישען נארד אמעריקא און זיד־אמעריקא. די וויכטיגסטע פון זיי זיינען: קובא, יאמאיקא („דזשעמייקא" אויף ענגליש), האיטי, פארטא־ריקא. קובא איז דער גרעסטער פון זיי אלע. זיא האט א לאנגע צייט געהערט צו שפאניען; דיא פעראייניגטע שטאאטען האַ־בען איהר אבער בעפרייט דורך דער מלחמה מיט שפאניען, אין 1898, און איצט איז זיא א רעפובליק. יאמאיקא געהערט היינט צו ענג־לאנד. האיטי (דאס איז געווען איהר נאמען ביי די אינדיאנער, און אזוי רופט מען איהר היינט אויך. קאלומבוס האט איהר אבער א נאמען געגעבען היספאניאלא) בעשטעהט היינט פון צוויי רעפוב־ליקען. פארטא־ריקא האט געהערט צו שפאניען צוזאמען מיט קובא ביז דער מלחמה פון 1898. היינט געהרט דער אינזעל צו די פעראייניגטע שטאאטען.

אלע פיער אינזלען אין איינעם הייסען די גרויסע אנטי־לישע אינזלען. די קלענערע אינזלען, וואס ליגען אין יענע וואסערען צווישען די גרויסע אנטיללישע אינזלען און זיד־אמעריקא, הייסען קליינע אנטיללישע אדער קאריבישע אינזלען, און די שטיקעל ים, וועלכע זיי צאמען אפ, רופט מען קאריבי־שער ים.

זאל דער לעזער א קוק טהאן אויף אונזערע לאנדקארטען (זייטעל 252, און אלע קאלירטע קארטען פון קאלומבוס'עס רייזעס).

קאלומבוס איז צו אמעריקא צוגעקומען אין איהר מיטעלסטע



ווערסט - אינדיען און צענטראל אמעריקא
(דער געגענד וואוהין קא־לומבוס איז געקומען).

טייל, — דאָרטען וואו דער קאָנטינענט איז שמאָל און אין איין פּלאַץ איז ער אזוי שמאָל, אז מען גראָבט איהם דאָרטען איצט דורך (פּאנאַ־מאַ). דיעזע שמאָלע מיטעלסטע טייל צווישען נאָרד־אמעריקא און זיד־אַמעריקא איז אויסגעדרעהט און דאָרטען גיסט זיך דער אטלאַנטישער אָקעאַן אריין אין דער פאָרמע פון צוויי ימים; ד ע ר ג אָ ל ף פ ו ן מ ע ק־ ס י ק אָ (אָדער „ים־בוזים פון מעקסיקאָ“) און דער דערמאָנטער קאַרי־בישער ים. דיעזע מיטעלסטע טהייל פון דעם דאָפּעלטען אמעריקאנער קאָנטינענט, הייסט צענטראַל אַ מ ע ר י ק א. דאָס זיינען נעמליך דיא היינטיגע קליינע רעפּובליקען פּ אַ נ אַ מ אַ, ק א ס ט א ר י ק א, נ י ק א ר א ג ו א, ה אָ נ ד ו ר א ס, ג ו ו א ט א מ א ל א.

דיא גרויסע אנטיללישע אינזלען, דיא קליינע אנטיללישע און דיא באהאמישע אינזלען הייסען (אַלע צוזאמען) מיט דעם אַלגעמיינעם נאָ־מען) ו ו ע ס ט א י נ ד י ע ן. דער לעזער דאַרף געדענקען, אז בלויז דיא אינזלען רופט מען היינט מיט דיעזען נאָמען, וועלכער איז איבער־געבליבען אַלס אן אַנדענקען פון קאָלומבוס׳עם טעות. דער קאָנטינענט גופא האָט מיט דעם נאָמען „אינדיען“ היינט קיין שייכות ניט.

אויך ווילען מיר אויפמערקזאם מאַכען אויף דעם נאָמען צ ע נ־ ט ר אַ ל אַ מ ע ר י ק א. מעקסיקאָ געפינט זיך אויך אין דיא מי־טעלסטע טייל פון אמעריקא, דעריבער קען מען אפשר מיינען, אז זיא איז אויך אין צענטראַל אמעריקא. דאָס איז אָבער ניט ריכטיג. מיט דעם נאָמען צ ע נ ט ר א ל אַ מ ע ר י ק א מיינט מען בלויז דיא שמעלע־רע שטיק לאַנד, דיא לענדער, וועלכע דאָ אויבען זיינען אויסגערעכענט געוואָרען, — פון פּאַנאַמאַ ביז גוואטעמאלא (גוואטעמאלא אַריינגע־רעכענט).

ווען קאָלומבוס האָט זיך אָבגעשטעלט אין קובא, האָט ער דיא נאַ־טור געפונען נאָך רייכער און פּרעכטיגער וויא אויף דיא פריהערדיגע אינזלען. ער האָט געפּרופט פאָרשען דיעזען געגענד, און ער האָט זיך ערקונדיגט, אז ער ציהט זיך זעהר ווייט. ער האָט דעריבער געגלויבט, אז דאָס איז ניט קיין אינזעל, נור דער קאָנטינענט גופא, דאָס הייסט אַזיען. ביי דעם ברעג האָט ער דאָ געפונען פּערל־„שיסעלעך“ און דאָס האָט איהם ווידער געמאכט צו דענקען, אז ער געפינט זיך אין יאַפּאַן. מיט דיא אינדיאנער איז געווען שווער זיך צוזאמען־צו־רעדען, און דאָס וואָס ער וואָלט פון זיי יא געקענט דערגעהן, האָט ער אַליין פערפּלאָנ־

טערט. ער האָט זייערע אָנצייגונגען אַלץ געטייטשט נאָך זיין פּאַל־שער טהעאָריע נאָך. אין איין פּלאַץ האָט ער געהערט, אַז ניט ווייט פון דאָרטען איז פאראן אַ „קיסר", וועלכער פיהרט מלחמות מיט אַ גרע־סערען „קיסר". ער האָט זיך געקלערט, אַז דער „גרעסערער קיסר" איז מסתמא דער כאַן. אַלזאָ, האָט ער אוועקגעשיקט צוויי פון זיינע מענ־שען — לואיס דע־טאָררעס׳ן, דעם אידען, און אַ צווייטען, — אַז זיי זאָלען אויפזוכען דעם הערשער, וואָס קעמפּפט געגען דעם מעכטיגען טאָטער. דעם אידישען דאָלמעטשער האָט ער געשיקט אויף דיעזע שליחות, ווייל ער האָט פערשטאַנען העברעאיש, כאַלדייאיש און אראַ־ביש, און קאָלומבוס האָט געהערט, אַז אין כינא קען מען געפינען מענ־שען, וואָס רעדען ענטוועדער דעם אָדער יענעם פון דיעזע לשונות.

קאָלומבוס האָט זיי מיטגעגעבען זעקעלעך פּעפּער, צימרינג און אַנ־דערע געווירצען, אום זיי זאָלען קענען פרעגען ביי דיא אינדיאַנער, אויב דאָס וואַקסט ביי זיי.

דיא צוויי שלוחים האָבען געפונען דערפער מיט גרויסע, זאָנדער־באַר־געבויטע הייזער מיט פעלדער, אויף וועלכע עס זיינען געוואַקסען אונבעקאַנטע פלאַנצען. זיי האָבען געזעהן מאַיז (קוקורוזע, „פּשע־ניטשקעס", „האָט קאָרן"), קאַרטאָפּעל און טאַבאַק. פון דיעזע דריי מינים זריעות האָט מען אין אייראָפּא נאָך ניט געהאַט קיין בעגריף. זיי האָבען בעגעגענט מענער און פרויען, וועלכע האָבען געהאַלטען אָנ־געצונדענע צוזאַמענגעוויקעלטע טרוקענע בלעטער און דאָס גערויכערט; זיי זיינען, אַלזאָ, געווען די ערשטע אייראָפּעער, וועלכע האָבען זיך דער־וואוסט פון סיגאַרען; און דזשאהן פיסק בעמערקט, אַז זיי האָט זיך אפילו ניט גע׳חלומ׳ט, דאָס פון דיא שמעקענדיגע בלעטער וועט מען אַ מאָל ציהען אַ פיעל גרעסערען איינקונפט וויא פון דיא אַלע געווירצען פון דעם ווייטען מזרח. זיי האָבען בעגעגענט גרויסע באַוועל־פעלדער און האָבען געזעהן הייזער פערפּאַקט מיט פאַרטיגע באַוועל, פון וועלכע דיזע דאָרטיגע אינדיאַנער האָבען געוועבט אַזאַ מאַטעריע אויף קליידער, אָדער אויסגעפלאָכטען וויגעלעך (הענגמאָקס*). אָבער קיין שטעדט

*) דער וואָרט איז טאַקי גענומען געוואָרען ביי דיעזע אינדיאַנער. איצט ווערט ער געברויכט אין אַלע שפּראַכען.

און קיין קעניג האָבען זיי ניט געפונען; אויך ניט קיין גאָלד און קיינע געווירצען.

דיא אינדיאנער האָבען זיי עמפפאנגען מיט גרויס נייגעריגקייט און כבוד. איין איין דאָרף פון פופציג גרויסע הייזער האָבען זיך געפונען העכער וויא טויזענד איינוואָהנער. זיי האָבען דיא צוויי ווייסע אריינגעפיהרט אין דיא בעסטע הויז, געשטעלט פאר זיי א מין פּאראדנעם שטוהל, אויסגעשניצט פון איין שטיק האָלץ אין דער פאָרמע פון א פיער־פיסיגע חיה, און זיי מכבד געווען מיט פרוכט. אליין האָבען זיי זיך אַוועקגעזעצט ארום זיי אויף דער ערד. דער איד האָט דאָן געפּרופט רעדען צו זיי לשון קדש. עס האָט זיך אָבער ארויסגעצייגט, אַז דיא אינדיאנער זיינען ניט קיין גרויסע העברעער. ער האָט געפּרופט תרגום — אָבער אויף דעם זיינען זיי אויך ניט געווען קיין בריות. ניט מעהר לומדים זיינען זיי געווען אין אראביש.

זיצענדיג ארום זייערע ווייסע געסט, האָבען דיא רויט־הויטיגע זיי ארומגעטאַפּט, געקושט זייערע קליידער. דאָס זיינען געווען דורכאויס מאַנסבילען. באַלד זיינען זיי אָבער ארויסגעגאַנגען, און אויף זייער פּלאַץ זיינען אריינגעקומען פרויען, מייסטענס אין גאַנצען נאַקעטע; בלויז אייניגע האָבען געטראָגען א געפלאָכטענעם גאַרטעל אין מיטען פון זייער קערפּער.

ווען דיא שלוחים האָבען זיך אומגעקעהרט מיט זייער בעריכט, אַז עס איז ניטאָ ניט קיין געווירצען, ניט קיין גאָלד, איז קאָלומבוס געווען שטארק ענטוישט.

דעם 20־טען נאָוועמבער איז פערשוואונדען געוואָרען מארטין פּינזאָן מיט זיין שנעלע „פּינטא“. קאָלומבוס האָט מיט איהם עטליכע מאָל געהאַט צוויסטיגקייטען, און איצט, זעהענדיג, אז ער איז ניטאָ, האָט ער מורא געהאַט, אז ער וועט קומען נאָך שפּאַניען פריהער פון איהם און זיך ערקלעהרען אלס דער ענטדעקער פון דיא „אינדישע“ לענדער. קאָלומבוס האָט אָבער ניט געוואָלט פאַהרען אהיים מיט ליידיגען. ער האָט ניט אַנדערש געוואָלט צוערשט געפינען גאָלד און געווירצען; מיט דיעזען צוועק האָט ער געררייזט ווייטער פּאַזע דעם ברעג פון קובא אום גרינדליכער אויסצופאָרשען דיא לאַנד און איהרע פּראָדוקטען.

און ער האָט ווירקליך געפונען ניט בלויז פּערעל, נור אויך א גע־וויסען ערגערען זאָרט געווירצען און זאַגאר סמנים פון גאָלד אין דיא טייכען. ער האָט אָבער געוואָלט א סך גאָלד און א סך געווירצען און גוטע. ער איז דעריבער געשוואומען וויטער.

דעם 6טען דעצעמבער האָט ער דערזעהן א צווייטען אינזעל, די היינטיגע ה א י ט י, וועלכע ער האָט א נאָמען געגעבען ה י ס פּ א־נ י אָ ל א (שפּאַנישע לאַנד), ווי מיר האָבען שוין געזאָגט.

אין זיין בריעף צו סאנטאנגעל'ן האָט ער שפּעטער געשריעבען:

„די לאַנד איז וואונדער־שעהן; זיא האָט פיעל בעסערע האפענס וויא אונזערע קריסטליכע לענדער. דיא טייכען זיינען ברייטע, גרויסע; דיא בערג הויכע און פּרעכטיגע און זיי זיינען בעדעקט מיט בוימער פון טויזענדער מינים, — אזעלכע הויכע בוימער, אז עס דאכט זיך אויס, דאָס זיי דערגרייכען דעם הימעל; מען האָט מיר געזאָגט, אז דיא בלע־טער פאַלען פון זיי קיין מאָל ניט אראָפּ. דיא נאכטיגאל*) און טויזענדער פערשיעדענע אנדערע פויגעלאך האָבען געזונגען אין דעם מאָ־נאַט נאָוועמבער."

דעם 12טען דעצעמבער האָט קאָלומבוס אויף א בארג לעבען א האפען אויפגעשטעלט א גרויסען צלם. דאָס איז געווען זיין צייכען, אז ער נעהמט דעם אינזעל אלס אייגענטהום פון דער שפּאַנישער קרוין.

ניט ווייט פון דאָרטען האָבען דריי פון דיא מאַטראָזען ארומגע־שפּאַצירט בעקוקענדיג דעם געגענד. זיי האָבען בעגעגענט א מאַסע אינדיאַנער, אָבער וויא נור דיא רויט־הויטיגע האָבען זיי דערזעהן, זיינען זיי זיך צולאָפּען וויא פון פייער. דיא מאַטראָזען האָבען זיך נאָכגעיאָגט און האָבען געכאַפּט א יונגע פרוי. ווען זיי האָבען איהר געבראַכט צו קאָלומבוס'ען און ער האָט געזעהן, אז זיא איז אבסאָלוט נאַקעט, איז ער געווען אביסעל נידערגעשלאָגען, וואָרים דאָס האָט דאָך געוויזען, אז דיא איינוואָהנער זיינען דאָ אויך ווילדע מענשען, ווער־רענד ער האָט אלץ גערעכענט אז ער געפינט זיך לעבען דיא ציוויליזירטע רייכע שטעדט פון כינא. דיא יונגע אינדיאַנערקע האָט אָבער געטראָגען א שטיקעל גאָלד אין נאָז, און דאָס האָט איהם געגעבען נייע

*) קיין נאַכטיגאַלען זיינען ניטאָ אין גאַנץ אַמעריקאַ. מען רעכענט אַז קאָלומבוס האָט געהערט אַן אַמעריקאַנער „טהראָש" פויגעל.

האָפּנונגען, אַז ער וועט צוקומען צו מינען פון דעם טהייערען מעטאַל.

קאָלומבוס האָט דיא יונגע נאַקעטע פרוי אָנגעטהאָן אין קליידער, אויסגעפּוצט אין פּאַטשערקעס, גלעקעלעך און אַנדערע צאַצקעס, און איהר געשיקט צוריק אויפ'ן אינזעל צוזאַמען מיט עטליכע שפּאַניער און אַ פּאָר אינדיאַנער אַלס האָלמעטשער.

זיי האָבען געפונען אַ גרויסען דאָרף פון טויזענדער הייזער אויף דעם ברעג פון אַ פּרעכטיגען טייך. דיא איינוואוינער זיינען זיך גלייך צולאָפען, אָבער דיא דאָלמעטשערס, וועלכע האָבען זיי נאָכגעיאָגט, האָבען זיי פּערזיכערט, אַז דיא ווייסע „הימעל-מענשען" זיינען זעהר גוט-הערציג, און יענע האָבען זיך אומגעקעהרט. זיי זיינען צוגעקומען צו דיא שפּאַניער מיט לאַנגזאַמע טריט און ציטערענדיג פון אימה. אַלע ווײַלע האָבען זיי אַרויפגעלייגט דיא הענט אויפ'ן קאָפּ אַלס אַ צייכען פון זייער עהרע-פורכט און אונטערטהעניגקייט. זיי זיינען געוועזען פיין געוואַקסען, העלער און שעהנער וויא דיא אינדיאַנער פון דיא אַנדערע אַרומיגע אינזלען. בשעת דיא שפּאַניער זיינען געשטאַנען און גערעדט מיט זיי דורך דיא דאָלמעטשערס, איז אָנגעקומען אַ צווייטע מאַסע אינדיאַנער. אַלע צוזאַמען האָבען דיא ווייסע דאָן איינגעלאַדען אין זייערע הייזער און זיי מכבד געוועזען מיט ברויט, געמאַכט פון אַזאַ וואָרצעל „קאַסאַווא", מיט פערשיעדענע פרוכטען און אַנדערע וואָרצלען.

אין זיין בריעף צו דעם מאַראַן סאַנטאַנגעל האָט קאָלומבוס וועגען דיעזע מענשען שפּעטער געשריעבען: „וואָס מען בעט ביי זיי, גיבען זיי מיט'ן גאַנצען הארצען. זיי ענטזאָגען קיין מאָל ניט... אין אַלע דיעזע אינזלען זיינען דיא מענער צופריעדען צו האָבען ניט מעהר וויא צו איין פרוי. אָבער זייער עלסטען גיבען זיי צוואַנציג פרויען. דיא פרויען אַרבייטען שווערער וויא דיא מענער. מיר איז שווער צו דערגעהן, צי זיי האָבען פּריוואַט-אייגענטהום. איך גלויב אַז וואָס איינער האָט, קען יעדער געברויכען, הויפּטזעכליך שפּייז".*)

---

*) איינער פון דיא וויכטיגסטע היסטאָריקער וועגען קאָלומבוס'ען, וועלכע האָבען געלעבט מיט קאָלומבוס'ן אין איין צייט, און וועלכע האָבען מיט דעם ענטדעקער געהאַט פּיעלע געשפּרעכען, איז פּעטער מאַרטיר. דער-צעהלענדיג וועגען דיא אינדיאַנער, בעמערקט דיעזער שרייבער מיט בעגייס-

וואָס אָנבעטרעפט דיא פרויען, האָבען מסתמא אַלע מענער פון איין „געגנט" אָדער „משפחה" געלעבט מיט אַלע פרויען פון דער אַנדער געגנט. קאָלומבוס האָט אָבער דיזע געגנט סיסטעם נאָך ניט פערשטאַנען. וואָס אָנבעטרעפט דעם קאָמוניזמוס פון דיזע אינדיאַנער, האָט ער קיין טעות ניט געהאַט.

קאָלומבוס'ען האָט בעזוכט א „קאַסיק", אָדער עלסטער, און ווען ער האָט איהם געוויזען דיא שפּאַנישע פאָהן און שפּאַנישע מטבעות און געפּרופט איהם ערקלעהרען, אז דאָרטען ווייט געפינט זיך א לאַנד, שפּאַניען, מיט מעכטיגע הערשער, האָט דעם רויט־הויטיגען זיך דאָס אַלץ ניט געגלויבט. ער האָט זיך ניט געקענט פאָרשטעלען, אז עס זאָל זיין אזא פלאַץ אויף דער וועלט, וואו עס קענען געבאָרען ווערען אזעלכע וואונדערליכע בעשעפעניסען וויא דיא ווייסע.

דעם 22טען דעצעמבער איז צו קאָלומבוס'עס שיף צוגעשוואומען א גרויסע קאַנאָ מיט אינדיאַנער — שלוחים פון דעם גרויסען „קאַסיק", ג ו ו א ק א נ א ג א ר י. אַלס מתנה פון זייער עלסטען פאַר קאָלומבוס'ען האָבען זיי געבראַכט א הילצערנע מאַסקע מיט גילדערנע אויגען און א גילדערנעם נאָז און צונג. אויך א גאַרטעל פון אזעלכע פאַטשערקעס אוןביינדלעך. צוזאַמען מיט דיזע פרעזענטען האָבען זיי איבערגעגעבען זייער עלסטען'ס וואונש, אז קאָלומבוס זאָל מיט זיין שיף זיך בעסער אָבשטעלען לעבען זייער דאָרף. דער אַדמיראַל האָט אַוועקגעשיקט עטליכע מאַטראָזען מיט א בעאַמטען אָבצאָהלען דעם וויזיט. גוואַקאַנאַגאַרי האָט זיי עמפּפאַנגען מיט גרויס כבוד, און זיי געשאָנקען פערשיעדענע מתנות.

ווערענד זיי זיינען געווען אין דאָרף, האָט קאָלומבוס געהאַט אַנדערע געסט. זיי האָבען געלויבט היספּיאַניאָלאַ אַלס א רייכען אינזעל און האָבען הויפּטזעכליך גערעדט וועגען א קרייז צו דרום צו, וואו עס זיינען פאַראַן מאַסען גאָלד. זיי האָבען דעם פּלאַץ גערופען ציבאַאָ; אַלזאָ, האָט קאָלומבוס זיך געקלעהרט, אז מסתמא רעדען זיי

טערונג: „ביי זיי איז דאָך עפּעס גאָר ניטאָ קיין „מיינע" און „דיינע" — דיעזער קוואַל פון אַזוי פיעל צרות אויף דער וועלט!"

אזוי אוים דעם נאָמען ציפּאַנגאַ (יאַפּאַן). קובא איז אַלזאָ אַזיען און היספּאַניאָלאַ איז טאַקע יאַפּאַן.

עס זיינען געקומען אַנדערע קאַנאָס מיט אינדיאַנער. דיא רויט־הויטיגע האָבען געהאַט גאָלדענע ציערונג, וועלכע זיי האָבען מיט׳ן גרעסטען פערגעניגען געביטען אויף דיא פערשיעדענסטע אייראָפּעאישע צאַצקעס. מעהר פון אַלץ האָבען זיי געדורשט נאָך דיא גלעקעלעך. זיי האָבען ליעב געהאַט צו טאַנצען; טאַנצענדיג פלעגען זיי זינגען מיט דער בעגלייטונג פון אַ הילצערנעם פּויק; און, ווען דערביי האָבען צוגעקלונגען דיא שפּאַנישע גלעקעלעך, וועלכע זיי האָבען געטראָגען אויפ׳ן האַלז, זיינען זיי געווען אויפ׳ן זיעבעטען הימעל. יעדע זאַך וואָס דיא ווייסע האָבען זיי געגעבען, פלעגען זיי צוכאַפּען וויא עפּעס געטליכעס. אַלץ פלעגען זיי אַרומשמעקען און בעוואונדערען. אַ שטיקעל לעדער אָדער אַ פאַרראָסטע שטיקעל אייזען האָט זיי געשיינט וויא עפּעס הייליגעס, איבער־נאַטירליכעס. אָבער מעהר פון אַלץ האָבען זיי זיך געיאָגט נאָך גלעקעלעך. איין מאָהל האָט אַן אינדיאַנער פאַר איין גלעקעלע בעצאָהלט אַ גאַנצען הויפען גאָלד־שטויב און דאַן איז ער אַנטלאָפען מיט זיין מציאה, אַלע ווייל ער קוקענדיג אויף הינטען, טאָמער האָט דער ווייסער חרטה און יאָגט זיך נאָך איהם נאָך... שטונדען וויז פלעגען זיי אַרומטאַנצען, אַרומשפּרינגען מיט דיעזע גלעקעלעך, קוועלענדיג פון זייער קלינגעריי. דיעזע נאַטור־קינדער האָבען געלעבט אַ רוהיגען לעבען, טאַקע וויא שפּיעל־קינדער. זיי האָבען וועניג בעדאַרפט, און דאָס וואָס זיי האָבען בעדאַרפט, האָט דיא רייכע נאַטור זיי געגעבען מיט׳ן פולען האַנד. זיי האָבען כמעט ניט געוואוסט פון קיין דאגה און פון קיין פּראַצע; וויא דיא פויגעלאַך אין פעלד האָבען זיי געלעבט. אָבער באַלד האָט זיך אַלץ געענדערט. זיי האָט זיך אַפילו ניט גע׳חלום׳ט וואָס פאַר אַ מערדער זיי האָבען איצט אויף זיך געהאָדעוועט מיט זייער גוט־הערציגע, עהרליכע גאַסט־פריינדליכקייט.

קאָלומבוס איז דערווייל מיט דעם אינזעל געווען בעגייסטערט. זיין בעגייסטערונג איז אָבער פלוצלונג אונטערבראָכען געוואָרען פון אַן אונגליק: זיין אַדמיראַלישע פאָהן־שיף, דיא „סאַנטאַ מאַריאַ“, איז ארויף אויף אַ זאַמדיגען ברעג, און איידער מען האָט איהר געקענט בעפרייען האָבען דיא כוואַליעס איהר צובראָכען אויף שטיקער. דיא

אינדיאַנער פון היספּאַניאָלאַ האָבען אויסגעדריקט גרויס מיטלייד מיט די שפּאַניער. קאָלומבוס דערצעהלט, אַז גוואַקאַנאַגאַרי האָט גע־וויינט מיט טרעהרען אויף דעם אונגליק און ער מיט די אַנדערע אינדיאַנער האָבען קאָלומבוס'ען געטרייסט און געהאָלפען מיט וואָס זיי האָבען נור געקענט. זיי האָבען אַכטונג געגעבען, אַז קיין זאַך זאָל ניט פערלאָרען געהן, און זיי האָבען אָפּגעליידיגט עטליכע פון זייערע הייזער און זיי פאַרגעלייגט דאָרטען צו האַלטען דאָס וואָס איז געוועזען אויף דער שיף. שרייבענדיג וועגען דעם דריקט קאָלומבוס אויס בע־וואונדערונג וואָס די אינדיאַנער האָבען די מינדעסטע זאַך דערביי ניט צוגע'גנב'עט. ער בעמערקט, אַז אין שפּאַניען וואָלט מען זיך ניט געקענט פערהאַלטען בעסער וויא דיעזע ווילדע האָבען זיך פערהאַלטען.

אַ מוסטער וויא אַזוי ציוויליזירטע מענשען פערהאַלטען זיך, האָט ער דיעזע ווילדע טאַקע באַלד געגעבען. אַלס אַנטוואָרט אויף זייער פריינדליכקייט און גוט־הערציגקייט פון וועלכע ער האָט זיך ניט גע־קענט אָנלויבען, האָט ער זיי געגעבען אַ פּראַקטישע לעקציע איבער די וואונדערען פון קריסטליכע ביקסען. מען האָט אויסגעשאָסען אין דעם קערפּער פון דער צובראָכענער שיף, און די ערשטוינטע אינ־דיאַנער האָבען געזעהן וויא די קויל פליהט דורך און פאַלט אריין אין וואַסער אויף יענער זייט. ווען מען האָט אויסגעשאָסען פון אַ קאַנאָנע, זיינען אַלע אינדיאַנער אַנידער־געפאַלען מיט די געזיכטען צו דער ערד. זיי האָט זיך געדוכט, אַז די וועלט פאַלט איין. קאָ־לומבוס האָט אויך געמאַכט אַ מאַנעוורע, אום זיי צו ווייזען וויא אַזוי קריסטען האַלטען מלחמה — אַלץ כדי זיי איבערצושרעקען און צו ווייזען זיי, אַז מיט די ווייסע איז געפעהרליך זיך אָנצוהויבען.

שפּעטער האָט קאָלומבוס די אינדיאַנער געגעבען צו פערזוכען יענעם זאָרט קריסטענטהום, וועלכער דריקט זיך אויס אין דער פאָרמע פון מענשען־בראָטענדע שייטער־הויפענס. די שפּאַניער האָבען אויס־געקוילעט אָדער פערמאַטערט ביז איינעם דיעזע ניט־קריסטליכע אונציוויליזירטע מענשען, וועלכע האָבען זיי בעהאַנדעלט מיט אַזוי פיעל גאַסט־פריינדליכקייט און איבערגעגעבענהייט. דאָס איז געוועזען שפּעטער, אָבער אַן אָנצוהערעניש אויף דעם, וואָס די אינדיאַנער האָבען געהאַט צו ערוואַרטען פון די „געטליכע באַשעפענישען", האָט קאָלומבוס זיי געגעבען אויפ'ן שטעל. דעם 12טען נאָוועמבער, צום

ביישפיעל, שרייבט קאָלומבוס: „נעכטען איז צו אונזער שיף צוגעקומען א קאַנאָ מיט זעקס יונגע לייט. פינף פון זיי זיינען אַרויפגעקומען צו אונז, און איך האָב זיי געהייסען פערהאַלטען. דאַן האָב איך אַרויסגעשיקט מיינע מענשען צו איינע פון די אינדישע הייזער מיט א בעפעהל צו פאַנגען פרויען מיט קינדער; און זיי האָבען מיר געבראַכט זיעבען פרויען מיט דריי קינדער. דאָס האָב איך געטהאָן אום די אינדיאַנער זאָל לייכטער זיין צו פערטראָגען זייער געפאַנגענשאַפט. דיעזע פרויען וועלען אונז זעהר ניצליך זיין. דורך זיי וועלען מיר זיך גיכער אויסלערנען זייער שפּראַך, וועלכע איז די זעלבע אויף אַלע דיעזע אינזלען, וואָרים די איינוואָהנער פון די פערשיעדענע אינזלען האָבען פערקעהר צווישען זיך מיט דער הילפע פון זייערע קאַנאָס.“

מען דאַרף ניט פאַרגעסען, אז קאָלומבוס איז א מאָהל געוועזען א פּיראַט, א ים־רויבער, און אין גינעא, אַפריקאַ, האָט ער אַנטהייל גענומען אין דעם שקלאַפען־האַנדעל. צו פאַנגען מענשען איז ביי איהם אַלזאָ ניט געוועזען קיין נייעס.

די פראַגע וועגען דעם וויא אַזוי די קריסטען האָבען זיך אויפגעפיהרט צווישען די אונשולדיגע גוטמוטהיגע ווילדע, דערמאָהנט אונז אָן קאָלומבוס'עס פערשפּרעכען צו פערשפּרייטען די קריסטליכע רעליגיאָן. וועגען דעם האָט ער פאַר זיין אַוועקפאָהרען ניט אויפגעהערט צו רעדען. דאָס איז געוועזען איינער פון די הויפּטצוועקען פון זיין רייזע — אַזוי האָט ער דאָס פאָרגעשטעלט דער פרומער קעניגין. פאָרלויפיג אָבער האָט ער וועגען דיעזע הימעלשע ציעלען קיין צייט ניט געהאַט צו דענקען. ער איז געוועזען צו שטאַרק פערנומען מיט'ן נאָכפאָרשען זיך אויף אַזעלכע ערדישע זאַכען וויא גאָלד, עדעל־שטיינער, פעפער, צימרינג, אינגבער, נעגעלעך.

גאָלד, עדעלשטיינער און געווירצען! — דאָס האָט ער געזוכט וואו ער איז געשטאַנען און וואו ער איז געגאַנגען; וועגען דעם האָט ער געערעדט, געוואונקען צו די איינוואוינער פון יעדען ווינקעל וואָס ער האָט בעזוכט. ער האָט גאַנץ גוט געוואוסט אז דאָס איז אויך דער עיקר ביי די געקרוינטע פּאָר שפּאַנישע פּרומאַקעס, וועלכע האָבען ערוואַרטעט די פרוכט פון זיין רייזע.

פּלוצלונג האָט ער זיך אָבער אַרומגעזעהען, אז הגם ער האָט נאָך

דערווייל געפונען זעהר וועניג גאָלד, עדעלשטיינער און געווירצען, מוז ער פון דעסטוועגען וואָס שנעלער פאָהרען אהיים. ווארים דיא איינ־ציגע שיף וואָס איהם איז איבערגעבליבען איז געוועזען דיא „נינא", און וואָס וועט ער טהאָן, ווען ער וועט איהר אויך פערלירען? זאָל ער נור קומען נאָך שפאַניען. צוריק וועט ער שוין נעהמען מעהר שיפען און בעסערע אויך. א ביסעל גאָלד קען ער בריינגען, און א ביסעל גע־ווירצען אויך. ער וועט ערקלעהרען אז ער געפינט זיך גאַנץ נאָהענט צו אינדיען מיט איהרע אונגעצעהלטע אוצרות, און אז אלץ וואָס מען דארף איז שיפען.

אויף דער קליינער „נינא" האָט מען אָבער געקענט נעהמען בלויז א טהייל פון דיא מענשען, וואָס זיינען ביי איהם איבערגעבליעבען. עס איז דעריבער בעשלאָסען געוואָרען אז דיא איבריגע זאָלען זיך אָבשטעלען דאָ; און צו דיעזען צוועק האָט מען פון דיא צובראָכענע „סאַנטא מאריא" אויפגעבויט א הילצערנע פעסטונג, וועלכע מען האָט בעוואָפענט מיט קאַנאָנען. אזוי וויא עס איז דאַן געוועזען וויינאַכטען האָט מען דיא פעסטונגעל א נאָמען געגעבען לא נאווידאד (דער געבורט פון קריסטוס). דאָ האָט קאָלומבוס איבערגעלאָזען 40 מאַן מיט פראָוויאַנט אויף א יאָהר. וועהרענד ער וועט פאָהרען נאָך שפאַניען און איידער ער וועט קומען צוריק, האָבען דיא פערציג קאָלאָ־ניסטען געזאָלט בעקאַנט ווערען מיט דיא גאָלד־מינען און מיט דיא אַנדערע נאַטור־עשירות פון היספּאַניאָלא, אויסלערנען זיך רעדען מיט דיא אינדיאַנער און איבערהויפּט צוגרייטען זיך צו א שטענדיגע קאָ־לאָניע. דיא פעסטונג האָבען דיא אינדיאַנער געהאָלפען בויען. זיי האָבען קיין בעגריעף ניט געהאַט, אז מיט דעם שמידען זיי זיך אין קייטען מיט זייערע אייגענע הענט.

צוויי טעג פאַר זיין אָפּרייזען האָט קאָלומבוס געשיקט פאַנגען נאָך אינדיאַנער אין זייערע הייזער. עס האָט זיך געמאַכט א שטורם־ווינד און זיין בעפעהל האָט ניט געקענט אויסגעפיהרט ווערען. אָבער אויף מאָרגען זיינען צו איהם אויפ'ן שיף אליין געקומען עטליכע ווילדע יונגען, און ער האָט זיי שוין ניט געלאָזען געהן אהיים.

ער האָט אָבגערייזט דעם 4טען יאַנואר, מיטנעהמענדיג מיט זיך זיינע געפאַנגענע אינדיאַנער אלס א לעבעדיגען בעווייז פון זיין ער־פאָלג.

דער ווינד האָט געבלאָזען פונקט פערקעהרט, און דיא צוויי שיפען האָבען געמוזט זיך פערנעהמען אָן א זייט. אויפ'ן וועג האָט קאָלומבוס געהאט נייע ערפאהרונגען. ער איז צוגעקומען צו א ברעג, וואו דיא אינדיאַנער זיינען שוין ניט געווען אַזעלכע גוטינקע וויא אין גוואַנאַהאַני, קובא אָדער היספּאַניאָלא. זיי זיינען געווען בעוואפּענט מיט פייל־און־בויגענס, א געוועהר, וועלכען ער האָט דאָ איצט געזעהן צום ערשטען מאָהל. זיי האָבען זיך אָבער פערהאַלטען רוהיג און ער האָט מיט זיי געהאַנדעלט — א פייל־און־בויגען פאר א שטיקעל גלאָז; ער האָט פון זיי זיך דערוואוסט, אַז צו מזרח־זייט איז פאראַן א סך גאָלד און אַז דאָרטען וואוינט א בייזער קעמפּפענדער פאָלק, דיא ק א־ ר י ב ע ן. א ביסעל שפּעטער האָט ער זיך געטראָפען מיט איינינע פון דיעזע קאריבען. דאָס זיינען געווען ביטערע יונגען, בעוואפּענט ניט נור מיט פייל־און־בויגענס, נור אויך מיט שווערדען און פּיקעס פון אַזא האַרטען מין האָלץ, און פאר דיא „הימעל־מענשען" האָבען זיי זיך ניט אָבגעשראָקען. זיעבען פון קאָלומבוס'עס מאַטראָזען זיינען געקומען אין צוזאַמענשטויס מיט זיי, האָבען זיי זיי שיער ניט אוועק־געשלעפּט אין געפאַנגענשאַפט. דאָך געגען דיא ביקסען און שטאָלענע שווערדען פון דיא שפּאַניער האָבען זיי גאַר ניט געקענט מאַכען, און ווען צוויי פון זיי זיינען פערוואונדעט געוואָרען, זיינען זיי זיך אַלע צו־לאָפען. אויף מאָרגען זיינען דיא קאריבען צוריקגעקומען, דיעזען מאָל שוין גאַנץ פריינדליך, אַזוי וויא ניט זיי מיינט מען דאָס. קאָלומבוס האָט זייער קאַסיק געשאָנקען א רויטען מיץ, און נאָכהער האָט יענער איהם געבראַכט גאָלדענע ציערונג.

קאָלומבוס האָט געהערט, אַז ניט ווייט פון דאַנען ליעגט אַן אינ־זעל, וועלכער איז בעוואוינט בלויז פון פרויען. איין מאָהל א יאָהר קומען צו זיי פון אַן אַנדער אינזעל מענער, און דיא קינדער וואָס ווע־רען געבאָרען ווערען צוטהיילט: דיא מיידלאָך בלייבען דאָ און דיא אינגלעך נעהמט מען צו צו דעם שבט פון זייערע פאָטערס. ריכטיג האָט קאָלומבוס דעם בעריכט ניט פערשטאַנען. דער עיקר איז מסתמא בעשטאַנען אין פאָלגענדען: דיא „געגנטען" אָדער פאַמיליעס זיינען ביי דיא אינדיאַנער געווען געגרינדעט אויף דעם פּרינציפּ, אַז דיא משפּחה רעכענט זיך נאָך דיא מוטערס נאָך, ניט נאָך דיא פאָטערס נאָך. דיא קינדער בעלאַנגען ניט צו דער משפּחה פון דיא פאָטערס

נור פון דיא מוטערס (דיעזע „מוטער־סיסטעם“ איז דער פונדאמענט פון אנדערע גאָר פארצייטיגע פעלקער אויך. זיא שטאַמט פון דעם, וואָס אין אַזעלכע אונענטוויקעלטע געזעלשאַפטען ווייס מען ניט דייט־ליך ווער דעם קינד׳ס פאָטער איז. ווער זיין מוטער איז אָבער ווייס מען נאַטירליך יא. דיא „פאָטער־סיסטעם“ ענטוויקעלט זיך שפּעטער).

יעדנפאלס האָט דיא מעשה פון דעם „אמאַזאָנען“ אינזעל, פון אַן אינזעל פון לויטער פרויען, קאָלומבוס׳ען שטאַרק פעראינטערע־סירט. גראָד ווערט אַזאַ „באָבע־מעשה“ דערמאָהנט אין מאַרקאָ פּאָ־לאָ׳ס בעשרייבונגען פון דעם ווייטען מזרח. אַלזאָ האָט קאָלומבוס דאָ ווידער אַ בעוויז, אַז ער איז טאַקע נאָהענט פון כינאַ. אַלץ האָט געשטימט, — אַזוי האָט זיך איהם אויסגעוויזען. „דער וואונש איז דער פאָטער פון דעם געדאַנק“.

דעם נעכסטען טאָג האָט קאָלומבוס אויפ׳ן וועג זיך צוזאַמענגע־טראָפען מיט מאַרטין פינזאָן און זיין „פינטאַ“. פינזאָן האָט געזאָגט אַ תירוץ אַז אַ ווינט האָט איהם פערשלעפּט אָן אַ זייט און אָבגע־טהיילט פון דיא אַנדערע צוויי שיפען. איצט אַלזאָ איז ער ווידער מיטגעפאָהרען מיט קאָלומבוס׳ען. אַזוי ווי איינע פון דיא „פינטאַ׳ס“ מאַסטען איז קאַליע געוואָרען וואָלט ער שוין אַליין נאָך אַ מאָל אַנט־לויפען ניט געקענט. קאָלומבוס האָט זיך געמאַכט אַז ער גלויבט זיין תירוץ. זיין צו שטריינג צו איהם האָט איהם ניט געלוינט. פינזאָן האָט צווישען דיא מיטרייזענדע געהאַט פיעלע קרובים און אַזוי מענ־שען פון זיין שטאָדט, פּאַלאָס, וועלכע זיינען איהם געווען איבערגעבען פינזאָן׳ם אַ ברודער אָבער, ווינצענט פינזאָן, איינער פון קאָלומ־בוס׳עס שיפס־קאַפּיטאַנען איז געווען טריי קאָלומבוס׳ען פון אָנפאַנג ביז זיי זיינען געקומען צוריק נאָך שפּאַניען.

מאַרטין פינזאָן איז צוריק צוגעשטאַנען צו קאָלומבוס׳ען דעם 16טען יאַנואַר. קאָלומבוס האָט אָנגעשטעלט דיא רודערס פון זיינע שיפען צו מזרח זייט צו, צו פאָהרען דירעקט נאָך שפּאַניען, און מעהר זיך אין ערגעץ ניט אָפּצושטעלען. אַזוי זיינען זיי געפאָהרען אָהן שטערונגען ביז דעם 4טען פעברואַר, ווען דער ווינט האָט זיך געביטען, און זיי האָבען זיך ווידער געמוזט פארנעהמען אַ ביסעל אָן אַ זייט. דעם 13טען האָט אויסגעבראָכען אַ שטורעם, וועלכער האָט געבלאָזען אַלץ בייזער און ווילדער. דיא קליינע שוואַכע „נינאַ“ און דיא קראַנקע

„פינטא“ האבען זיך ארומגעוואָרפען אויף דיא כוואַליעס אהין און אהער. ביי נאכט האָבען זיי זיך געגעבען סיגנאַלען מיט ליכט אזוי לאנג וויא זיי האָבען זיך נור געקענט זעהן. דער ווינט האָט זיי אָבער באלד פערטראָגען צו ווייט איינע פון דיא אנדערע, — דיעזען מאָהל נעגען פינזאָן'ס ווילען.

קאָלומבוס האָט דיא „פינטא“ מעהר ניט געקענט זעהן, און האָט געמיינט אז זיא איז אונטערגעגאַנגען.

אום איינצושטילען דעם צאָרן פון הימעל, האָט דער אבערגלויביגער קאָלומבוס ערקלעהרט, אז אויב ער וועט צוקומען בשלום צו א ברעג, וועט איינער פון דיא, וואָס געפינען זיך אויף דער „נינא“, א לאנגע וועג געהן צו פוס און דאנקען גאָט אין א געוויסע בעריהמטע קירכע; און מיט ליידיגען וועט ער אויך צו גאָט ניט קומען: ער וועט אין דער קירכע ברייננגען א פינף־פונטיגע ליכט; און אום דיא תשובה זאָל זיין וואָס שווערער, וועט ער דיא לאנגע שווערע ליכט טראָגען דיא גאנצע צייט מיט זיך, געהענדיג צו פוס. אויף קאָלומבוס'עס בעפעהל האָט מען געוואָרפען גורל ווער עס זאָל טהאָן דיא תשובה. מען האָט אריינגעלייגט ארבעס אין א היטעל. אויף איין ארבעס האָט מען אָנגעצייכענט א צלם'על, און דער וואָס וועט ארויסציהען דיעזען ארבעס, וועט מוזען ערפילען דעם נדר. עס איז נאַטירליך געווען ניט מעהר וויא רעכט, אז קאָלומבוס זאָל ניט נעהמען אויף זיך קיין תשובה אויף א פרעמדען'ס חשבון — האָט דער רבונו של עולם טאקע געמאכט, אז דעם גע'צלם'טען ארבעס האָט ארויסגעצויגען דער אדמיראל אליין.

צופריעדען געשטעלט האָט דאָס אָבער דעם רבונו של עולם ניט — ניט איהם און ניט דעם ווינט. מען האָט דאן געפרופט פאָרשלאָגען א צווייטען „כאבאר“: מען האָט זיך געגעבען א נדר אזוי גיך וויא מען וועט ארויפקומען אויף א ברעג, צו מאכען א רעליגיעזע פראָצעסיע אין תשובה־קליידער, צו געהן צו דער ערשטער קירכע וואָס טראָגט דעם נאָמען פון דער הייליגער מאריא, און דאָרטען לויבען גאָט פאר זיין חסד. אָבער דאָס האָט אויך ניט געהאָלפען. אזוי וויא דיא „נינא“ האָט געהאט צו ווייניג משא, און איז געשליידערט געוואָרען אהן א שיעור, האָט מען אָנגעפילט פעסער מיט ים־וואסער. דער שטורם איז אָבער נאָך בייזער געוואָרען — אזוי וויא פון כעס וואָס

מען זוכט אַלערליי מיטלען געגען איהם — און דיא „נינא“ איז געוועזן אין אַן ערנסטע געפאהר. עס איז פראָסט שווער געווען צו ערוואַרטען, אַז זיא וועט אויסהאַלטען.

קאָלומבוס האָט געוואָלט בעזאָרגען, אַז אין פאַל פון אַן אונגליק, זאָל זיין אַ שטיקעל מעגליכקייט פאַר דער וועלט זיך צו דערוויסען, אַז זיין רייזע איז ניט געווען קיין משוגענע, וויא מען האָט געגלויבט; אַז מען זאָל בעקומען אַ נאַכריכט וועגען דעם וואָס ער האָט אויפגע־טהאָן און זיך בענוצען מיט זיין אַרבייט. צו דיעזען צוועק האָט ער אויפגעשריעבען אַ בעריכט אויף פּאַרמעט און דאָס איינגעוויקעלט אין לייוועגט און בעדעקט מיט וואַקס. דאָס האָט ער גוט פערנייהט און פערשלאָגען אין אַ גרויסע פאַס, וועלכע ער האָט אַריינגעוואָרפען אין ים — פיעלייכט וועט אַ אייראָפּעאישע שיף איהר ווען עס איז דער־זעהן. דאָס זעלבע האָט ער געטהאָן נאָך אַ מאָהל; נור דיא צווייטע פאַס האָט ער געלאָזט שטעהן, מיט דעם צוועק איהר אויך אַריינצו־וואַרפען אין פאַל זיין שיף וועט האַלטען ביי'ן אונטערגעהן.

XIII.

## קאָלומבוס קומט צוריק.

ענדליך אַ ברעג, אָבער ווידער דריי טעג פון געפאַהר. — פאַלשע פריינדליכ־קייט פון אַ פּאָרטוגעזישען גובערנאַטאָר. — יאָאַן דער 2־טער עמפּפאַנגט קאָלומבוס'ען זעהר פריינדליך; ער ערקלעהרט אָבער, אז דיא לענדער וואָס קאָלומבוס האָט געפונען זיינען פּאָרטוגאַל'ס. — פרעהליכע אי־בערראַשונג און אַ יום־טוב אין פּאַלאָס. — מאַרטין פּינזאָן'ס ביטערע איבערראַשונג. — קאָלומבוס'עס עמפּפאַנג אין דיא שטעדט און שטעדט־לעך פון פּאַלאָס ביז בארצעלאָנא. — זיין טריאומף־צוג אין בארצעלאָנאַ. — דיא געקרוינטע פּאָר זיינען איהם מקבל פנים וויא אַ קעניג. — פּאַפּסט אלעקסאנדער דער 6־טער און דיא אידען. — ער צוטיילט דיא וועלט אויף צוויי העלפט צווישען שפּאַניען און פּאָרטוגאַל. — דיפּלאָ־מאַטישע אינטריגען צווישען יאָאַן'ען און פערדינאַנד'ען איבער קאָ־לומבוס'עס ענטדעקונג. — יאָאַן'ס מערדערליכקייט צו דיא אַרויסגע־טריבענע שפּאַנישע אידען, וועלכע האָבען זיך אָבגעשטעלט אין פּאָרטוגאַל. — ער קלייבט זיך פּאָרטצוזעצען דיא רייזעס ארום אפריקא. — זיין טוידט.

דעם 15־טען פעברואר, פארטאָג, האָט איינער פון דיא מאַטראָזען אויסגעשריען „לאַנד!“ דיא פרייד פון דיא רייזענדע איז איצט געווען כמעט אזוי גרויס וויא דיא פרייד, מיט וועלכע זיי האָבען דערזעהן דעם אינזעל פון דער נייער וועלט, וואָרים זיי זיינען שוין אַלע געווען אין פערצווייפלונג; עס איז געווען זעהר ווייניג האָפנונג, אז דיא קליינע „נינאַ“ וועט קענען לענגער אויסהאַלטען דעם ווילדען צאָרען פון דיא ריעזיגע כוואַליעס. זיי זיינען אַלזאָ ענדליך אַרויס פון געפאַהר. וואו אָבער געפינען זיי זיך איצט? וואָס פאר אַ לאַנד איז דאָס? איינער פון דיא קאַפּיטאַנען און הויפּט־מאַטראָזען האָט געזאָגט, אז דאָס איז מאַדעירא; אַ צווייטער — אַז דאָס איז א פעלזען־ברעג לעבען דיא הויפּט־שטאָדט פון פּאָרטוגאַל, ליסאַבאָן. עטליכע אַנדערע זיינען גע־ווען זיכער, אז דאָס איז שפּאַניען. קאָלומבוס אָבער האָט גערעכענט,

אז דאָס מוז זיין איינער פון דיא אזאָר אינזלען, און באלד האָט מען זיך איבערצייגט, אז ער האָט רעכט.

צו דעם אינזעל איז געווען א מייל 15, ניט מעהר, און דיא רייזענדע האָבען מיט אן אונבעשרייבליכער שמחה זיך פאָרגעשטעלט, וויא זיי וועלען באלד זיין אין א האפען, און עס וועט ווערען א סוף פון זייער אַפּקומעניש. האָט דער ווינט אָבער פּלוצלונג זיך א קירעווע געטאָן און געגומען טרייבען דיא שיף פון לאנד צום ים צו. דיא אָרימע אויסגעמוטשעטע „נינא" האָט זיך געמאַטערט צוצוקומען צום ברעג, געדרעהט זיך, געקרוטשעט זיך, אָנגעשטעלט איהרע זעגלען אזוי און אזוי — עס האָט אָבער ניט געהאָלפען: גאַנצע צוויי טעג האָט זיא זיך ארומגעוואַלגערט און ארומגעוואָרפען אויף דיא כוואַליעס, זעהענדיג לאנד, אָבער ניט קענענדיג איהר דערגרייכען. זיא איז ווידער געווען אין געפאהר; יעדע מינוט האָבען זיי געקענט זינקען, — זינקען מיט דיא אויגען אָנגעשטעלט אויפ'ן ברעג.

א פּאָר מאָל האָבען זיי דורכ'ן טומאן און שטורעם דערזעהן א צווייטען אינזעל, און זיי האָבען געפּרופּט שווימען אהין — פילייכט וועט זיי אהין דער ווינט לאָזען צוקומען. אָבער אומזיסט!

דעם 17־טען פעברואר, אין אבענד, זיינען זיי געווען אזוי נאָהענט צו דעם ערשטען אינזעל, אז זיי האָבען שוין אראָבגעלאָזען זייער אַנקער, מיט דעם צוועק זיך אָבצושטעלען און שיקען א קליינע שיפעל צום ברעג; האָט זיך אָבער אָבגעריסען דיא שטריק, און זיי האָבען ווידער געמוזט זיך אוועקלאָזען אין דעם אָפענעם ים אריין, אום דער שטורם זאָל דיא שיף ניט ארויפשליידערען אויף א פעלז און איהר צושמעטערען. ווידער האָבען זיי זיך ארומגעטריבען אהין און אהער, ביז ענדליך, אויף מאָרגען אין דער פריה, האָבען זיי זיך קוים מיט צרות צוגעשלאָגען צו אזא זייט פון דעם אינזעל, וואו זיי האָבען געקענט ווידער אראָפּלאָזען זייער אנקער; דאַן האָבען זיי ארויסגעשיקט א קליינע שיפעלע מיט דריי מאַטראָזען צום ברעג.

קאָלומבוס האָט עטליכע טעג קיין אויג ניט צוגעמאַכט; דערצו נאָך האָט ער געליטען פון רהומאטיזם; און דאָך האָט ער דיא גאַנצע צייט געמוזט שטעהן אויפ'ן קעלט און אין דיא נאַסקייט פון דיא כוואַליעס, וואָס האָבען ניט אויפגעהערט צו גיסען און צו שפריצען אויף

איהם. דעם אבענד פון דעם 17־טען פעברואר האָט ער צום ערשטען מאָל אין פערלויף פון איבער אַ וואָך זיך געקענט צולייגען אַ ווײלע.

בעשרייבענדיג דיעזע אַלע צרות, בעמערקט וואשינגטאָן אירווינג גאַנץ ריכטיג, אז ווען אויף דער רייזע פון שפּאַניען נאָך דער נייער וועלט, וואָלט מען געהאַט אויסצושטעהן איין צעהנטעל פון דיא סכנות און מאַטערניסען, וואָס מען איז אויסגעשטאַנען אויף דיעזער רייזע צו־ריק, וואָלטען דיא צושראָקענע אונצופריעדענע מאַטראָזען קאָלומבוס'ען געצוואונגען זיך אומצוקעהרען פון מיטען וועג, און דיא נייע וועלט וואָלט פון איהם ניט ענטדעקט געוואָרען.

דיא אזאָר אינזלען אָדער אזאָרען, וויא מען רופט זיי, האָבען בעלאַנגט צו פּאָרטוגאַל. קאָלומבוס האָט זיך איצט אָבגעשטעלט ביי דעם פון זיי, וואָס ליגט אם ווייטסטען צו דרום צו — ביי סט. מאַריאַ'ס אינזעל. ער האָט אַפּילו מורא געהאַט, אז דאָ זאָל ניט זיין קיין נייע צרות, וואָרים דער פּאָרטוגעזישער קעניג האָט דאָך נאָך פריהער ארויסגעשיקט שיפען איהם צו פאַנגען. וואָס האָט ער אָבער איצט געקענט העלפען? וועגען שווימען ווייטער האָט איצט קיין רייד ניט געקענט זיין.

דיא איינוואוינער פון סט. מאַריאַ'ס אינזעל האָבען זיך פערזאַ־מעלט ביין'ן ברעג און האָבען מיט גרויס בעוואונדערונג געקוקט אויף דיא קליינע שיף. זיי האָט זיך פּראָסט ניט געגלויבט, אז דיא „נינאַ" האָט געקענט אויסהאַלטען אזא שטורעם. פופצעהן טעג האָט ער גע־בושעוועט, דער שטורעם, מיט אַ משונה'דיגע קראַפט. קען דאָס זיין, אז אזא שיפעל איז פון איהם גאַנץ געבליבען?... און ווען דיא דריי מאַטראָזען פון דער קליינער שיפעלע האָבען זיי געזאָגט, אז דיעזע פון שטורעם־געשליידערטע „נינאַ" קומט פון יענער זייט אָקעאַן, און ברענגט מיט זיך נייעם וועגען אַן אונבעקאַנטע לאַנד מיט אונבעקאַנטע מינים מענשען, איז צו זייער איבערראַשונג קיין שיעור ניט געווען.

דיא דריי מאַטראָזען האָבען געפרעגט, וואו עס געפינט זיך אַ האַ־פען, אז דיא „נינאַ" זאָל קענען אַריינפאָהרען אויף אַ געוויסע צייט. אויף דעם האָבען דיא מענשען פון סט. מאַריאַ'ס אינזעל אָנגעוויזען אויף אַ געוויסען פּלאַץ ניט ווייט פון דאָרטען; זיי האָבען אָבער דיא מאַטראָזען ניט אָבגעלאָזען פון זיך. זיי האָבען זיי געמוזט ווייטער

דערצעהלען פון דיא וואונדערבארע לאנד, וועלכע זיי האָבען בעזוכט אויף יענער זייט פון דעם „ים פון פינסטערנים“. און אזוי האָבען זיי זיי פערהאַלטען אַ גאַנצען טאָג.

אין אבענד האָט מען צו דער „נינא“ ארויסגעשיקט אַ שיפעל מיט דריי מאַן. זיי זיינען געשיקט געוואָרען פון דעם גובערנאַטאָר פון דעם אינזעל, יואַן קאַסטאַנעדא, און זיי האָבען מיט זיך געפיהרט ברויט, עופות און געטראַנק, וויא אויך פריינדליכע גרוסען. קאַסטאַנעדא האָט זיי געהייסען זאָגען, אַז ער האָט אַמאָל געהאַט דיא עהרע מיט קאָ־לומבוס'ען בעקאַנט צו ווערען און ער האָט זיך ענטשולדיגט ווארום ער קען פערזענליך ניט קומען, ווייל עס איז שוין צו שפּעט; ער האָט פערשפּראָכען צו בעזוכען דיא „נינא“ מאָרגען אין דער פריה.

אויף מאָרגען האָט קאָלומבוס זיך דערמאָנט אָן דעם נדר וואָס ער און זיינע מענשען האָבען זיך געגעבען ווענען מאַכען אַ רעליגיעזע פּראָ־צעסיע אזוי שנעל וויא זיי וועלען דערגרייכען אַ ברעג. ער האָט גלייך ארויסגעשיקט אַ העלפט פון אַלע זיינע מאַטראָזען און אַנדערע מיטריי־זענדע, ערקלעהרענדיג, אַז ער אליין מיט דיא אַנדערע העלפט וועלען דיא פּראָצעססיע מאַכען מאָרגען.

באָרוועס און אין איינע העמדער האָט דיא קאָמפּאַניע מארשירט צו דער קליינער קירכע פון דעם אינזעל, נאָך דער „תשובה“ נאָך, וואָס זיי האָבען אויף זיך גענומען. ווען זיי זיינען שוין געווען אין דעם קלויסטערעל און האָבען שוין אָנגעפאַנגען זייער תפלה, איז פּלוצלונג אָנ־געפאַלען דער גובערנאַטאָר מיט בעוואפענטע מענשען, און מען האָט אַלעמען אַרעסטירט.

עס האָט זיך ארויסגעצייגט, אַז קאַסטאַנעדא'ס פריינדליכער גרוס און דיא מתנות וואָס ער האָט געשיקט צו קאָלומבוס'ען, זיינען געווען אַ פאַלשער אָנשטעלל, אַ מיטעל איהם אריינצונארען אין פאַסטקע אריין.

דער קלויסטערעל איז געשטאַנען אין אַזאַ פּלאַץ, אַז קאָלומבוס האָט פון זיין שיף ניט געקענט זעהן וואָס דאָרטען טהוט זיך. דאָך, ווען עס איז אַוועק אַ גאַנצער טאָג און זיינע „בעלי תשובה'ס“ זיינען נאָך אַלץ ניט געקומען צוריק, האָט ער גענומען חושד זיין, אַז מען האָט זיי אַרעסטירט. ער האָט דעריבער ווידער אויפגעהויבען דעם אנקער און זיך צוגעגרייט צו פערטיידיגען זיך.

באַלד איז צוגעשוואומען נאָהענט צו איהם אַ שיפעל מיט'ן גובער־

נאַטאָר און מיט עטליכע בעוואַפענטע. דער גובערנאַטאָר האָט אָבער ווידער געדעדט פריינדליך און האָט געפאָדערט אַ פערזיכערונג, אז מען וועט איהם קיין שלעכטס ניט טאָן, אויב ער וועט ארויפקומען אויף דער „נינא“. קאָלומבוס האָט איהם דיזע גאַראַנטיע געגעבען; ער האָט אָבער דערביי געברויכט אַ שטאָלצען, בייזען טאָן און געסטראַשעט מיט אַ מלחמה פון שפּאַניען געגען פּאָרטוגאַל. ער האָט איהם פון ווייטען געוויזען דיא קעניגליכע פּאַפּיערען וואָס ער האָט פון פערדינאַנד און איזאַבעללא און ערקלעהרט, אז, אויב ער וועט זיך ניט אויפפיהרען עהרליכער און אנשטענדיגער, וועט דאָס איהם גלאַט ניט אָבגעהן.

קאַסטאַנעדא, דער גובערנאַטאָר, האָט אָבגעענטפערט מיט פעראַכטונג און שטעך־ווערטער; אָבער אַטאַקירען דיא שיפען האָט ער פון זיין קליינע שיפעלע נאַטירליך ניט געקענט. ער האָט בלויז געזאָגט, אז אַלץ וואָס ער טהוט, טהוט ער אויף דעם בעפעהל פון זיין קעניג, יאָאַן דעם צווייטען; און דערמיט איז ער מיט זיינע בעגלייטער אַוועקגעשוואומען צוריק.

קאָלומבוס איז געבליבען שטעהן אויפ'ן ים ניט וויסענדיג וואָס איבער־צו־קלעהרען: טאָמער געהט גאָר איצט אָן אַ מלחמה צווישען שפּאַניען און פּאָרטוגאַל און מען וועט זיין שיף פערניכטען אויפ'ן וועג?

אויף מאָרגען האָט דער שטורעם זיך ווידער צולאָזען. דיא „נינא“ איז געצוואונגען געווען ווידער אויפצוהויבען איהר אנקער, און ווידער איז זיא צוויי טעג נאָך־אַנאַנד ארומגעטראָגען געוואָרען איבער דיא צווישעטע כוואַלעס. צום אונגליק זיינען כמעט אַלע פון דיא געניטע מאַטראָזען געווען אויפ'ן אינזעל, צווישען דיא, וואָס האָבען אַנטייל גענומען אין דער רעליגיעזער פּראָצעסיע און זיינען דערנאָך ארעסטירט געוואָרען. דיא וואָס זיינען געבליבען אויף דער „נינא“, זיינען מייסטענס געווען לאַנד־מענשען אָדער דיא אינדיאַנער, וואָס קאָלומבוס האָט מיטגעפיהרט; עס איז אייגפאַך ניט געווען ווער עס זאָל טאָן דיא אַרבייט ביי דיא זעגלען.

דעם 22־טען פעברואַר, אין אָבענד, האָט קאָלומבוס זיך אומגעקערט צו זיין פריהערדיגען אנקער־פּלאַץ. באַלד איז צו איהם געקומען אַ שיפעלע מיט צוויי גלחים און אַ פּאָרטוגעזישען רעגיערונגס־בעאַמטען. זיי האָבען איהם פערזיכערט, אז דער גובערנאַטאָר וועט איהם

קיין שלעכטס ניט טאָן, אז ער וועט איהם פאַרלייגען יעדע הילף, וואָס ער איז נור אין שטאַנד איהם צו געבען. קאָלומבוס האָט חושד גע־ווען, אז דאָס איז אַ נייער מיטעל איהם אַריינצוכאַפּען אין זאַק אַריין. ער האָט זיך אָבער געמאַכט בלומרשט פריינדליך און האָט די גלחים געלאָזען איבערלעזען דעם אָפיציעלען אויפטראַג, וואָס דיא קעניגליכע פּאָר פאָלק פון שפּאַניען האָבען איהם געגעבען ווענען זיין רייזע, זיין ראַנג אַלס וויצע־קעניג און אַדמיראַל א. ז. וו.

וואהרשיינליך האָט דער גובערנאַטאָר זיך ענדליך אַרומגעזעהן, אז מיט קאָלומבוס'ען איינ־צו־רייסען איז אין אמת'ן געפעהרליך. וויא דיא מעשה איז, ער האָט איהם מעהר ניט געשטערט, און זיינע אַנדערע מענשען האָט ער אויך בעפרייט.

קאָלומבוס איז אויף סט. מאַריא'ס אינזעל פערבליבען אַ פּאָר טעג.

דעם 24טען פעברואַר איז ער געפאָהרען ווייטער, דירעקט נאָך שפּאַניען. אויפ'ן וועג האָט איהם אָבער אַטאַקירט אַ נייער שטורעם־ווינד, וועלכער האָט וויעדער אָנגעהאַלטען עטליכע טעג. אַלע זעגלען זיינען צוריסען געוואָרען. קאָלומבוס און זיינע מאַטראָזען האָבען וויע־דער גענומען אויף זיך אַ תשובה — צו מאַכען אַ צווייטע פּראָצעסיע און דעם ערשטען שבת אָבצוקומען מיט ברויט און וואַסער. זייענדיג אָהן זעגלען, איז דיא „נינא" יעצט הילפלאָז געגאַנגען אַבסאָלוט וואו דער ווינט האָט איהר געטריעבען. קוים קוים וואָס מען האָט איהר אויסגעהיט פון איבערקעהרען זיך.

ענדליך, דעם 4טען מערץ, איז זיא צוגעקומען צו אַ ברעג. דאָס איז געווען דער פּירענייאישער האַלב־אינזעל, אָבער ניט שפּאַניען, נור פּאָרטוגאַל.

קאָלומבוס'עס ערפאַהרונגען אויף דיא אַזאָר אינזלען האָבען איהם געוויזען, אז קיין גוטעס האָט ער אין פּאָרטוגאַל ניט צו ערוואַרטען. ער האָט אָבער קיין אַנדער ברירה ניט געהאַט וויא דאָ זיך אָבצושטעלען. זיין שיף איז איינפאַך ניט געווען אין שטאַנד ווייטער זיך צו האַלטען אויפ'ן וואַסער.

ווען ער איז אַרויף אויף דער יבשה, האָט ער אָפיציעל אַנאָנסירט זיין ענטדעקונג, און אַוועקגעשיקט אַ בריעף צו דעם פּאָרטוגעזישען קעניג; געבעטען ביי איהם ערלויבענים דאָ צו פערבלייבען ביז זיין שיף וועט פעררירכט ווערען. אין דעם בריעף האָט ער ערקלעהרט, אז

ער קומט פון „אינדיען“, וועלכע ער האָט ענטדעקט מיט זיין רייזע צו מערב־זייט צו; און ער האָט איהם פערזיכערט, אז גינעא אָדער דיא אַנדערע אַפריקאַנישע קרייזען האָט ער איצט אַפילו ניט בעזוכט — דאָס הייסט אַז ער איז ניט געווען אין דיא געגענדען, וואָס בעלאַנגען צו פּאָרטוגאַל, — אַז ער קומט גאָר פון יאַפּאַן און כינאַ.

מען קען זיך לייכט פאָרשטעלען דיא סענסאַציאָן, וואָס דיא נייעס האָט אָנגעמאַכט ביי דיא פּאָרטוגעזער — דיא סענסאַציאָן און דעם פערדרוס. פּאָרטוגאַל האָט שוין פון לאַנג געהאַט אַ גרויסען נאָמען מיט איהרע וויטע ים־רייזעס און פאָרשונגען; זיא האָט געצויגען דיא אויפמערקזאַמקייט פון גאַנץ אייראָפּאַ מיט דיא נייע לענדער וואָס זיא האָט ענטדעקט אין אַפריקאַ און דעם וועג וואָס זיא האָט געפונען אַרום אַפריקאַ צו אינדיען צו; און דאָ איז געקומען אַ מאַן אַלס שפּאַנישער ענטדעקער פון לענדער אין דעם וויטען מזרח; און וויא אַזוי? — דורך מערב! און ווער איז דיעזער מאַן? דער זעלבער קאָלומבוס וועלכער האָט דיעזע רייזע זיינע געוואָלט מאַכען פאַר פּאָרטוגאַל, אָבער וועלכען מען האָט פון דאַנען צוריק־געוויזען. קאָלמבוס'עס שיף איז פון דער פריה ביז ביי נאַכט געווען פול מיט נייגעריגע בעזוכער.

דעם זעלבען טאָג וואָס ער איז אָנגעקומען האָט דער קאַפּיטאַן פון אַ גרויסע פּאָרטוגעזישע קריעגס־שיף געשיקט איהם רופען צו זיך, אום ער זאָל איהם אָבגעבען „דין וחשבון“ ווער ער איז און פון וואַנען ער קומט. קאָלומבוס האָט דעם שליח געהייסען זאָגען זיין קאַפּיטאַן, אַז ער, קריסטאָפאָר קאָלומבוס, האָט פון דיא שפּאַנישע מאָנאַרכען בעקומען דעם טיטעל אַדמיראַל, און אַז ער ענטזאַגט זיך צו געהן צו דעם קאַפּיטאַן אָדער צו שיקען אַן אַנדערען אויף זיין פּלאַץ. דיעזער שטאָלצער אַנטוואָרט האָט געמאַכט אַ שטאַרקען איינדרוק און דער סוף איז געווען, אַז דער פּאָרטוגעזישער קאַפּיטאַן האָט בעזוכט דיא שפּאַנישע שיף און קאָלומבוס'ען בעגריעסט מיט טרומייטען און פּויקען.

דעם 8טען מערץ האָט קאָלומבוס ערהאַלטען אַן איינלאַדונג פון דעם פּאָרטוגעזישען קעניג, וועלכער איז דאַן געווען אין וואַלפּאַרייזאָ, 27 ענגלישע מייל פון ליססאַבאָן. קאָלומבוס איז געקומען און איז עמפּפאַנגען געוואָרען זעהר פריינדליך.

דאָס האָט אָבער יאָאַן'ען ניט געשטערט איהם צו ערקלעהרען, אַז די לענדער, וועלכע ער, קאָלומבוס, האָט ענטדעקט, בעלאַנגען ניט צו

שפּאַניען נור צו פּאָרטוגאַל. זיינע פּרעטענזיעס האָט ער בעגרינדעט אויף צוויי דאָקומענטען; ערשטענס, ווי מיר ווייסען שוין, האָט אַ פּאַפּסט פון רוים אַ מאָל פּאָרטוגאַל אַרויסגעגעבען אַ הסכמה אויף אַלע לענדער, וואָס זיא וועט ענטדעקען פון קאַפּ באָיאַדאָר ביז אינדיען (זעה פריהער, זייטעל 103); צווייטענס, האָט שפּאַניען און פּאָרטוגאַל אין 1479, נאָך זייער מלחמה, געשלאָסען אַן אָבמאַך, אין וועלכען דיעזע הסכמה פון דעם פּאַפּסט איז אַנערקענט געוואָרען פון שפּאַניען. אַזוי וויא קאָלומבוס האָט ענטדעקט „אינדיען“, וויא מען האָט געמיינט, האָט דער פּאָרטוגעזישער קעניג אַלזאָ גע'טענה'ט, אַז דיא ענטדעקטע לאַנד איז זיינע. *)

היינט לעזט זיך דאָס וויא אַ שפּאַס: דיא אינדיען, וואוהין דיא פּאָרטוגעזער האָבען געשטרעבט צו דערגרייכען רייזענדיג אַרום אַפריקא און דיא „אינדיען“, וועלכע קאָלומבוס האָט געפונען זיינען אין אמת'ן ווייט אויף אַ האַלבע וועלט איינע פון דיא אַנדערע. דיא געפינט זיך אויף איין זייט פון דעם ערד־קוגעל און יענע געפינט זיך אויף דער אַנדערער זייט פון דעם ערד־קוגעל. דאַן האָט מען אָבער ניט געוואוסט אַז קאָלומבוס איז געקומען צו אַ גרויסען דאָפּעלטען קאָנטינענט, און אַז אויף יענער זייט פון דיעזען קאָנטינענט ליעגט אַ גרויסער אָקעאַן, — דער גרעסטער פון אַלע, — און אַז ערשט הינטער דיעזען אָקעאַן געפינט זיך ציפּאַנגאָ (יאַפּאַן) און קיטאַי (כינא). קאָלומבוס און דיא גאַנצע דאַמאָלסדיגע ציוויליזירטע וועלט האָט גאָר אַנדערש ניט געמיינט, וויא דאָס ער האָט געפונען דעם געגענד, וואוהין פּאָרטוגאַל האָט געשטרעבט, — אינדיען. אַלזאָ קומט אויס אַז אויב מען זאָל אָננעהמען די צוויי דערמאָהנטע דאָקומענטען — דעם פּאַפּסט'ס

*) מיר דערמאָהנען דעם לעזער, אַז מיט דעם נאָמען אינדיען האָט מען דאַן גערופען ניט בלויז אינדיען נור אויך כינאַ און יאַפּאַן, און איבערהויפּט דעם גאַנצען ווייטען מזרח. וועגען דיעזע לענדער האָט מען אַזוי ווייניג געוואוסט, אַז אָבטהיילען זיי דייטליך האָט מען ניט געקענט. זיי זיינען אַלע צוזאַמענגעמישט געוואָרען אין איין געהיימניספולען וואָרט: „אינדיען“. כינאַ אָדער קיטאַי האָט זיך פאָרגעשטעלט וויא עפּעס אַ ווייטערע טהייל פון אינדיען און „ציפּאַנגאָ“ וויא אַן אינזעל נאָך ווייטער.

הסכמה און דעם טראַקטאַט צווישען פּאָרטוגאַל און שפּאַניען — זיינען יאַאַן׳ס טענות געווען גאַנץ לאָגיש.

קאָלומבוס האָט יאַאַן׳ען געענטפערט, אַז ער האָט פון דיעזען אָבמאַך צווישען שפּאַניען און פּאָרטוגאַל ניט געוואוסט, און אַז פאַר זיין רייזע האָט ער פון דער שפּאַנישער רעגיערונג ערהאַלטען אינסטרוק־ציאָנען אויסצומיידען יעדען געגענד, וואָס געפינט זיך אין דעם פּאָר־טוגעזישען רשות.

יאַאַן׳ס הויף־לייטע האָבען זייער קעניג געראַטהען פעסט צו בליי־בען ביי זיינע פּרעטענזיעס. אייניגע האָבען איהם זאָגאַר געגעבען אַ פּלאַן קאָלומבוס׳ען צו טוידטען. דאָס וואָלט אָבער געווען אַ צו גע־פעהרליכע זאַך. דער אַדמיראַל איז איצט שוין געווען אַ זעהר וויכ־טיגע פּערזאָן, און שפּאַניען וואָלט זיין טוידט ניט פערשוויגען. דער קעניג האָט דעריבער פערבאָרגען זיין שנאה און האָט אַרויסגעוויזען צו דעם גאַסט דיא וואַרימסטע פריינדליכקייט. דיא פּאָרטוגעזישע קעניגין, וועלכע האָט זיך דאַן געפונען אין אַ קלויסטער, האָט קאָלומ־בוס׳ען איינגעלאַדען צו זיך, און ער האָט פאַר איהר געשילדערט זיין רייזע הין און צוריק און דיא לענדער, וועלכע ער האָט געפונען.

יאַאַן האָט דערווייל אָנגענומען אַזאַ פּלאַן: אויסצושטאַטען אַ שטאַרקע פלאָטע און איהר שיקען פערנעהמען דיא לאַנד וואָס קאָלומבוס האָט ענטדעקט.

קאָלומבוס האָט אין פּאָרטוגאַל פערבראַכט נייך טאָג. ער איז אַוועקגעפאָהרען דעם 13טען מערץ און אין צוויי טעג אַרום האָט ער דערגרייכט פּאַלאָס, דעם פּאָרט, פון וועלכען ער איז אָבגעפאָהרען.

פיעלע פון זיינע מאַטראָזען זיינען געווען פון דיעזער שטאָדט, וואו מען האָט דיא עקספּעדיציע געהאַלטען פאַר אַ משוגענע האָפנונגסלאָזע אונטערנעהמונג. זייערע קרובים האָבען זיי שוין לאַנג בעוויינט אַלס פערפאַלענע. מען האָט זיך גאָר ניט געקענט פאָרשטעלען, אַז פון אַזאַ רייזע איבער דעם שרעקליכען „ים פון פינסטערנים" זאָל מען קענען אַרויס מיט׳ן לעבען. נו, זיינען זיי ניט נור געקומען צוריק לע־בעדיגער־הייט, נור זיי האָבען מיט זיך סמנים פון אַ מערקווירדיגע ענטדעקונג, פון אַ וואונדערבאַרע לאַנד, וואו מען ערוואַרט צו געפינען בערג מיט גאָלד, פּעריל און געווירצען. אַלזאָ, איז דער סורפּריז געווען

אזוי גרוים, אז דיא גאַנצע שטאָדט האָט צוגעמאַכט דיא געשעפטען און ארומגעפאַדעט ארום דיא העלדען פון טאָג. מען האָט געקלונגען אין דיא גלאָקען; מען האָט מאַרשירט, און וואו נור מען האָט דערזעהן קאָלומבוס׳ען האָט מען איהם בעגעגענט מיט יובעל־געשרייען.

דער שפּאַנישער קעניגליכער הויף איז דאַן געווען אין ב א ר־צ ע ל אָ נ א. קאָלומבוס האָט גלייך אַוועקגעשיקט א בריעף צו פער־דינאַנד׳ען און איזאַבעללאַ׳ן. ער האָט זיי בעריכטעט, אז ער האָט זיך אומגעקעהרט פון זיין רייזע און אַז ער וועט ערוואַרטען וויטערע אינ־סטרוקציאָנען אין סעוויללע. *)

איידער ער איז אָבגעפאָהרען נאָך סעוויללע, אין דעם אַבענד פון דעם טאָג ווען ער איז אָנגעקומען, ווען דיא שטאָדט האָט געהילכט מיט די קלינגענדע גלאָקען און מיט דעם גאַנצען פּאַראַד וואָס מען האָט פאַר איהם געמאַכט, איז מאַרטין פּינזאָן אריין אין האַפען אויף זיין „פּינטא“. דער שטורעם האָט איהם פריהער פערטראָגען אין אַן אַנדער האַפען. מיינענדיג אַז קאָלומבוס איז אומגעקומען אין דעם שרעקליכען ווינד, האָט ער פון דאָרטען אַוועקגעשיקט צו פערדינאַנד און איזאַבעללא א בריעף, אין וועלכען ער האָט זיי געלאָזט וויסען אַז ער, פּינזאָן, האָט ענטדעקט רייכע אינזלען און בעט ערלויבניס צו קומען צו זיי פער־זענליך אום אַלץ איבערצוגעבען מיט איינצעלהייטען. אַז קאָלומבוס׳עס קליינינקע, שוואַכינקע „נינא“ האָט אויסגעהאַלטען אַזאַ לאַנגע רייזע אין דיעזען אונגעוועהנליכען שטורעם, האָט זיך איהם ניט געלייגט אויפ׳ן שכל.

אזוי שנעל וויא דער שטורעם האָט זיך איינגעשטילט, איז פּינזאָן אַוועק נאָך פּאַלאָס, ערוואַרטענדיג א וואַרימען ברוך הבא. ווען ער איז אהין געקומען האָט ער דערזעהן קאָלומבוס׳עס שיף און געהערט וויא דיא גלאָקען קלינגען לכבוד דעם אדמיראַל. וויא אזוי איהם איז

*) צו דיא צוויי מאַראַנען לואי דע סאַנטאַנגעל און גבריאל סאַנטשעס האָט ער געשריעבען נאָך פריהער — אייניגע זאָגען, אַז פון ליססאַבאָן, אַנ־דערע אַז פון פּאַלאָס. דער אינהאַלט פון דיעזע צוויי בריעף איז דער זעלבער. דאָס איז קאָלומבוס׳עס ערשטער בעריכט און בעשרייבונג פון דיא לאַנד וואָס ער האָט ענטדעקט. אַן אויסצוג פון דיעזער בעשרייבונג זיינער האָבען מיר געבראַכט אין דעם פאָריגען קאַפּיטעל (זייטעל 255 און 256).

געוואָרען אויפ'ן הארצען, קען מען זיך פאָרשטעלען. ער האָט פשוט מורא געהאט אז קאָלומבוס זאָל איהם ניט ארעסטירען אלס דעזערטיר, אלס אנטלאָפענעם מאטראָז. ער האָט זיך ארייגנגע'גנב'עט אין שטאָדט אין דער שטיל און האָט זיך בעהאלטען ביז קאָלומבוס איז אָבגעפאָהרען נאָך סעוויללע.

אין עטליכע טעג ארום האָט ער ערהאלטען אַן אנטוואָרט אויף דעם בריעף וואָס ער האָט געשיקט צו דעם קעניג און דער קעניגין. זיי האָבען איהם געענטפערט קאלט און שארף, אז דיא ענטדעקונג האָט ניט ער געמאכט, נור קאָלומבוס, און אז ער זאָל ניט סמייען צו זיי צו קומען. פינזאָן איז נאָך פון פריהער געווען קראנק, און דיעזער בריעף האָט אויף איהם אזוי געווירקט, אז אין עטליכע טעג ארום איז ער געשטאָרבען.

עס איז ניט מעהר וויא רעכט צו בעמערקען, אז זיין פלאַן זיך צו ערקלעהרען פאר דעם ענטדעקער האָט טהיילווייז געשטאמט פון דער שנאה, וועלכע קאָלומבוס האָט אין איהם ארויסגערופען מיט זיין עגאָ-איסטישע, דעספאָטישע אויפפיהרונג. פינזאָן איז ניט געווען דער איינציגער, אין וועמען דער אדמיראל האָט קיין ליעבע ניט ערוועקט. מען דארף ניט פערגעסען, אז ער האָט זיך אליין אויסגערופען צו העלפען אָרגאניזירען קאָלומבוס'עס עקספעדיציע, און אז ער האָט איהם גע-שטיצט אי מיט געלט, אי מיט דעם וואָס ער האָט צוגערעדט מאטראָזען צו פאָהרען, אי מיט זיין איינפלוס איבערהויפט. נור אויף דער רייזע, ווען זיי זיינען בעסער בעקאנט געוואָרען, איז ער צו קאָלומבוס'ען אָב-געקיהלט געוואָרען.

אז זיין פלאַן צו גנב'ענען דיא פרוכט פון קאָלומבוס'עס ענטדעקונג איז ניט געווען קיין סימפאטהישע שטיקעל ארבייט — דאָס איז איבעריג צו דערמאָהנען.

דער אנטוואָרט וואָס קאָלומבוס האָט בעקומען פון דער געקרוינטער פאָר פאָלק, איז געווען פונקט דער היפך פון דעם, וועלכען זיי האָבען געשיקט פינזאָן'ען. זייער בריעף צו איהם האָט זיך אָנגעפאנגען מיט דיא ווערטער: „דאָן קריסטאָפאָר קאָלומבוס, אונזער אָקעאנישער אד-מיראל, וויצע-קעניג און גובערנאטאָר איבער דיא אינזלען, וואָס זיינען ענטדעקט געוואָרען אין אינדיען.“

זיי האָבען אויסגעדריקט דיא העכסטע צופריעדענהייט מיט דיא רעזולטאַטען פון זיין רייזע און האָבען איהם איינגעלאַדען אויפ'ן שטעל צו קומען צו זיי. אויך האָבען זיי איהם געבעטען זיי גלייך צו לאָזען וויסען וואָס ער פערלאַנגט אז עס זאָל געטהאָן ווערען אום אַם שנעל־סטען צו־צוגרייטען דיא נעכסטע עקספעדיציע. אין זיין אנטוואָרט האָט קאָלומבוס אויסגערעכענט וויא פיעל שיפען ער וויל האָבען און וויא אזוי זיי זאָלען זיין בעוואָפענט. דאַן האָט ער גענומען זעקס פון דיא אינדיאַנער וואָס ער האָט מיט זיך גענומען פון דיא ענטדעקטע אינזלען, און איז מיט זיי אוועק נאָך בארצעלאָנא (אין גאַנצען האָט ער פון דיא אינזלען געפיהרט צעהן. איינער איז אָבער געשטאָרבען אויפ'ן וועג, און דריי זיינען איצט געלעגען קראַנק. דער אייראָפּעאי־שער קלימאַט האָט זיי ניט „פּאָליובעט“).

פון פּאַלאָס ביז בארצעלאָנא איז אַ שטיק וועג, און אומעטום וואו זיי זיינען דורכגעפאָהרען, האָט זיך פערזאַמעלט אַ גרויסער עולם צו בעקוקען דעם וואונדערליכען רייזענדען מיט דיא מערקווירדיגע ווילדע מענשען וואָס ער האָט געבראַכט. אין יעדער שטאָדט אָדער שטעדטעל זיינען דיא באַלקאָנען און דיא פענסטער פון אויבען און דיא גאַסען פון אונטען געוועזען געפּאַקט מיט הורראַ־שרייענדע מענשען. זיין רייזע איז פיעל געשטערט געוואָרען פון דיעזע נייגעריגע מאַסען, וועלכע האָבען איהם פערוואָרפען מיט פראַגען וועגען דיא וואונדערען פון דער לאַנד וואָס ער האָט געפונען. דיא פאַקטען וועגען זיין ענט־דעקונג זיינען פיעל איבערטריעבען געוואָרען. מען האָט דיא ניי־געפונענע וועלט פאַרגעשטעלט אַלס אַ געגענד פון נסים, און אין סך הכל האָט מען איהם עמפּפאַנגען כמעט מיט דעם זעלבען וואונדער, מיט וועלכען דיא ווייסע זיינען בעגעגענט געוואָרען פון דיא אינדיאַ־נער. דיא שפּאַניער האָבען אויף איהם געקוקט עפּעס אזוי וויא אויף אַ מענשען, וואָס איז געקומען פון יענער וועלט.

קאָלומבוס איז געקומען נאָך בארצעלאָנא אין מיטען אַפּריל. ער האָט געפונען, אַז מען האָט דאָרטען געמאַכט פאָרבערייטונגען איהם מקבל פּנים צו זיין מיט גרויס פּאַראַד. דער פריהלינג וועטער איז געוועזען מילד און אַנגענעהם, און דאָס האָט מיטגעהאָלפען דעם ערפאָלג פון דער אויפנאַהמע. עס האָט אויסגעזעהן אזוי וויא דיא

נאַטור האָט אויך געוואָלט אַרויסצייגען איהר פריינדליכקייט און רעס־פּעקט צו דעם גרויסען ענטדעקער.

ווען ער איז שוין געווען נאָהענט צום שטאָדט, איז איהם אַרויס אַנטקעגען אַ גרויסע צאָהל יונגע אַריסטאָקראַטען, מיטגליעדער פון ד׳ער קעניגליכער סוויטע, צוזאַמען מיט אַ מאַסע פון אַלערליי אַנדערע קלאַסען. זיין אַריינקומען אין באַרצעלאָנאַ איז געווען זעהר עהנליך צו דעם טריאומף־צוג פון אַ זיעגרייכען גענעראַל אין דעם אַלטען רוים.

ווען אַזאַ קעמפּפער פלעגט זיך אומקעהרען אַהיים פון דער מלחמה, פלעגט מען איהם אויפנעהמען מיט אַ פּראָצעסיע, און וועלכע מען פלעגט פיהרען מוסטערען, „סעמפּעלס“ פון זיין נצחון: מענשען פון דעם פאָלק וואָס ער האָט בעזיעגט, וויא אויך אייניגע פון דיא וויכ־טיגע זאַכען, וואָס ער האָט ביי איהם איינגענומען. צום ביישפּיעל, ווען טיטוס האָט געהאַט זיין טריאומף־מאַרש נאָך דעם וויא ער האָט חרב געמאַכט ירושלים, האָט מען אין זיין פּראָצעסיע געפיהרט דיא כלים פון דעם בית המקדש, וועלכען ער האָט פערניכטעט.

פּונקט אַזאַ טריאומף־מאַרש איז געווען קאָלומבוס׳עס ערשיינען אין באַרצעלאָנאַ נאָך דעם וויא ער האָט זיך אומגעקעהרט פון זיין ערשטער רייזע. פאַראויס זיינען געגאַנגען זיינע זעקס אינדיאַנער, אויסגעפּאַרבט און אויסגעפּוצט מיט גאָלדענע ציערונג נאָך זייער היי־מישען מנהג נאָך. נאָך זיי האָט מען געטראָגען לעבעדיגע פּאָפּוגייען, און געשטאָפּטע אַנדערע פויגלען און חיות וויא אויך פּלאַנצונגען פון זייער געבורטס־פּלאַץ, אויף וועלכע, מען האָט געמיינט, עס וואַקסען טהייערע געוויר־צען, אָדער קרייטיכער מיט אַ וואונדערבאַרע היילונגס־קראַפט. מיט בעזונדערע אויפמערקזאַמקייט און פּאַראַד האָט מען געטראָגען גילדערנע בראַסלעטען, קרוינדעלעך און אַנדערע גילדערנע זאַכען פון דיא אינדיאַנער, אום צו ווייזען וויא רייך דיא געפונענע לאַנד איז. הינטער דיעזע סמנים פון דיא אוצרות פון „אינדיען“, האָט מען געזעהן דעם העלד פון דעם גרויסען יום טוב גופא, דעם שעהנעם, הויכען מאַן מיט דיא גרייזע לאָקען, — קריסטאָפאָר קאָ־לומבוס׳ען. געקליידעט אין זיידענס, האָט ער געריטען אויף אַ פייער־דיגען פערד, אַרומגערינגעלט מיט אַ קאָמפּאַניע יונגע רייטער פון דער העכסטער שפּאַנישער אַריסטאָקראַטיע.

דיא גאַסען זיינען געווען געפּאַקט מיט מענער. דיא פענסטער,

באַלקאָנען און דעכער זיינען געווען פול מיט פרויען און קינדער. די גאַנצע שטאָדט האָט מיט פערוואונדערונג און פערגעטערונג געקוקט אויף דעם מאַן, וואָס האָט ענטדעקט אַ נייעם וועג, איבער אַ שרעק־ליכען גרויסען ים, צו די צויבער־לענדער פון אינדיען. די אַבער־גלויביגע פאָלקס־מאַסען האָבען געקוקט אויף די משונה'דיגע אינ־דיאַנער, אויף די משונה'דיגע פויגלאַך און פלאַנצונגען פון זייער לאַנד, און מעהר פון אַלץ אויף די גאָלדענע ציערונגען וואָס מען האָט נאָך זיי נאָכגעטראָגען, און זיי זיינען געווען זיכער אַז דאָס אַלעס איז גאָט'ס בעלוינונג צו זייער „פרומע“ קעניגליכע פאָר־פאָלק דערפאַר, וואָס זיי האָבען בעזיעגט די מאַהאָמעדאַנער און ארויסגעטריעבען די אידען.

פערדינאַנד און איזאַבעללאַ האָבען צוגעגרייט דיעזען מערקוויר־דיגען טריאומף־מאַרש אום צוצוגעבען וואָס מעהר וואַזשנעקייט דער ענטדעקונג, וואָס קאָלומבוס האָט פאַר זיי געמאַכט; צו רעקלאַמירען, אַדוועֶרטייזען זייער נייע גדולה, זייער פערגרעסערטע מאַכט; און צו דיעזען צוועק האָבען זיי דעם אָרימען איטאַליענישען אימיגראַנט איצט עמפּפאַנגען ביי זיך אין פּאַלאַץ, אַזוי ווי ער וואָלט אַליין אויך געווען אַ מיטגליעד פון אַ קעניגליכער פאַמיליע.

זיי ביידע זיינען געזעסען אויף אַ טהראָן, וועלכער איז געווען ספּעציעל אויפגעשטעלט צו דיעזען צוועק. דערביי איז געזעסען פּרינץ יואַן, דער נאַסליעדניק, און פון ביידע זייטען — הערען און דאַמען פון דער הויף־אַריסטאָקראַטיע. קאָלומבוס איז אַריינגעקומען אין פּרעכטיגע זיידענע קליידער, אויך בעגלייט מיט אַ גלענצענדע סוויטע.

ווען ער איז צוגעגאַנגען צום טהראָן האָבען דער קעניג און די קעניגין זיך אויפגעשטעלט און איהם בעגריסט. ער האָט געוואָלט זיך אַראָפּלאָזען אויף די קניע אום צו קושען זייערע הענט, וויא דער שטייגער איז געווען אין דעם קעניגליכען הויף; זיי האָבען איהם אָבער פריינדליך געהייסען אויפשטעהן און זעצען זיך לעבען זיי. דאַן האָבען זיי איהם געבעטען דערצעהלען וועגען זיין רייזע און איהרע רעזולטאַטען.

ער האָט אַלץ בעשריעבען. מען האָט אַריינגעפיהרט די אינ־דיאַנער, אַריינגעטראָגען די פויגלעך מיט די פלאַנצונגען; ער האָט געוויזען הויפענס גאָלד־שטויב, שטיקלעך גאָלד, גאָלדענע ציערונג.

ער האָט ערקלעהרט, אַז דיא לענדער, וועלכע ער האָט ענטדעקט, געפינען זיך לעבען יאַפּאַן און כינאַ און אַז דאָס, וואָס ער האָט שוין געפונען, איז ניט מעהר ווי אַן הקדמה צו דיא אונבעשרייבליכע עשירות, וואָס ער וועט געפינען, און צו דיא גרויסע רייכע פעלקער, וועלכע וועלען דורך זיין ענטדעקונג בעקעהרט ווערען צו דער קריסט־ליכער רעליגיאָן.

פערדינאַנד און איזאַבעללאַ זיינען אַזוי בעגייסטערט געוואָרען — דער ערשטער פאַר דיא אוצרות, און דיא צווייטע אי פאַר דיא אוצרות אי פאַר דיא מצוות — אַז זייערע אויגען האָבען געבליסטשעט מיט טרעהרען. זיי האָבען זיך געשטעלט אויף דיא קניע און געדאַנקט גאָט פאַר זייער גרויסען גליק. און דער כאָר פון דער הויף־קירכע, וועלכער איז געוועזען אָנגעגרייט צו דיעזען צוועק, האָט געזונגען אַ תפלה, בעגלייט מיט אַ גרויסען אָרקעסטער.

קאָלומבוס, פון זיין זייט, איז געוועזען אין אַזאַ געהויבענע שטימונג, אַז ער האָט זיך געגעבען אַ נדר, צו פיהרען אַ נייעם קרייץ־צוג צו בעפרייען דיא הייליגע לאַנד פון דיא טערקען, — אין זיעבען יאָהר צו צושטעלען צו דיעזען צוועק 50 טויזענד פוס־געהענדע סאָלדאַטען און פיער טויזענד קאַוואַלעריע, און פינף יאָהר שפּעטער צו אָרגאַניזירען אַ צווייטע אַרמעע אַזעלכע — אַלץ פון דיא אוצרות גאָלד, פּעריל, דימענטען און געווירצען, וואָס ער וועט ענטדעקען.

דיא מאַכט, וואָס מען האָט קאָלומבוס'ען געגעבען איבער דיא געפונענע לענדער נאָך דעם קאָנטראַקט נאָך, האָט מען איצט נאָך פערגרעסערט, און פון דיינט וועגען האָט מען אויך געגעבען געוויסע טיטלען צו זיינע צוויי ברידער באַרטהאָלאָמיי און דיעגאָ. דער ער־שטער האָט נאָך דאַן זאָגאַר ניט געוואוסט פון קריסטאָפאָר'ס גליק. ער איז נאָך דאַן געוועזען אין פראַנקרייך, וואו ער האָט געהאַט האָפ־נונגען צו זעהן זיך מיט דעם דאָרטיגען קעניג, און ווען ער איז גע־קומען נאָך שפּאַניען אָנזאָגען וועגען דעם זיין ברודער, האָט ער גע־פונען אַז ער איז שוין געקומען פון זיין לאַנג־געווינשטער רייזע, און אַז ער האָט שוין ווירקליך געפונען „אינדיען" (קאָלומבוס'ען אַליין האָט ער אָבער שוין ניט געפונען. ער איז שוין ווידער אַוועק נאָך זיין ניי־ענטדעקטע לאַנד).

די גאַנצע צייט, וואָס קאָלומבוס איז פערבליבען אין באַרצע־לאָנא, האָט איהם פערדינאַנד און איזאַבעללאַ בעהאַנדעלט אַזוי וויא אַ קעניגליכען גאַסט. ער האָט געקענט צו זיי אַריינקומען, ווען ער האָט נאָר געוואָלט. דער קעניגין איז קיין מאָל ניט נמאס געוואָרען מיט איהם צו ריידען וועגען „אינדיען“, — וועגען דיא לענדער וואָס ער האָט שוין ענטדעקט, און דיא פּלענער וואָס ער האָט געהאַט אויף ווייטער; דער קעניג פּלעגט זיך אָפט בעווייזען פאַר'ן פּובליקום, רייטענדיג מיט'ן קרוין־פּרינץ פון איין זייט און מיט קאָלומבוס'ען פון דער אַנדערער זייט.

דער „דריטער קעניג“, פּעדראָ דע מענדאָזאַ, דער גרויסער קאַרדינאַל פון שפּאַניען, האָט פאַר קאָלומבוס'ען געמאַכט אַ גלענצענדען באַנקעט, אויף וועלכען עס זיינען געווען אַנוועזענד דיא העכסטע אַדעליגע פון לאַנד. אויף דיעזען פּאַראַדנעם מאָלצייט, דערצעהלט מען, איז פּאָרגעקומען דיא פּאָלגענדע געשיכטע, וועגען וועלכע עס איז פאַראַן אַ בעריהמטער אַנעקדאָט. איינער פון דיא אַריסטאָקראַטען, וואָס האָבען בייגעוואָהנט דעם באַנקעט, האָט ניט געקענט פערטראָגען, וואָס מען גיט אַזעלכע הויכע טיטלען און אַזוי פיעל כבוד דעם זוהן פון אַ בעל מלאכה. אויס ניט־פערגינגערייַ האָט ער, זיצענדיג ביי'ן טיש, גיפטיג בעמערקט אַז, ווען קאָלומבוס וואָלט ניט ענטדעקט „אינדיען“, וואָלטען זיך אין שפּאַניען געפונען אַנדערע, וואָס וואָלטען דאָס געטהאָן. אַנשטאָט אַן אַנטוואָרט האָט קאָלומבוס גענומען אַ געקאָכטע איי און האָט געפרעגט, ווער עס וועט קענען איהר אַנידערשטעלען אויפ'ן שפּיץ. יעדער פון דיא אַנוועזענדע האָט געפּרופט, אָבער אָהן ערפּאָלג. דאַן האָט קאָלומבוס אַליין גענומען דיא איי, איינגעבראָכען איהר שפּיץ מיט אַ זעץ אָן טיש, און דאַן איהר אַוועקגעשטעלט.

„איצט, אַז איך האָב אייך שוין געוויזען וויא מען טהוט דאָס, קען דאָס יעדער פון אייך אויך טהאָן“, — האָט קאָלומבוס דאַן בעמערקט.

אַזעלכע ביישפּיעלע פון קנאה און שנאה, וויא דיעזער אַדעליגער האָט אַרויסגעוויזען צו קאָלומבוס'ען (אויב דער אַנעקדאָט איז נור ניט קיין אויסגעקלעהרטער), איז אין דיעזער צייט געווען ניט קיין געוועהנליכע זאַך. וואָס דיא שפּאַנישע יחסנים זאָלען ניט האָבען גע־

פיהלט אין זייערע הערצער, — פון דרויסען האָבען זיי אַלע זיך גע־סטאַרעט איהם אַרויסצוצייגען רעספּעקט און איבערגעבענהייט. יעדער וואָס האָט איהם פריהער בעהאַנדעלט מיט פעראַכטונג און שפּאָט, האָט איצט איהם געשאָנקען דיא גרעסטע אויפמערקזאַמקייט, זיך גע־חנפה'ט צו איהם, געזוכט איהם צו געפעלען.

פערדינאַנד האָט זיך צוגעאיילט צו לאָזען וויסען דעם פּאַפּסט וועגען קאָלומבוס'עס ענטדעקונג גלייך וויא ער האָט ערהאַלטען קאָ־לומבוס'עס בריעף פון פּאַלאָס, איידער קאָלומבוס איז געקומען נאָך באַרצעלאָנאַ. פאַר דעם שפּאַנישען טהראָן איז וויכטיג געווען צו בע־קומען דעם פּאַפּסט'ס אַנערקענונג, כדי פּאָרטוגאַל'ס פּרעטענזיעס זאָ־לען איין מאָהל פאַר אַלע מאָהל בעזייטיגט ווערען. אום דער פּאָר־טוגעזישער קעניג זאָל ניט האָבען קיין צייט איהם צו פערלויפען דעם וועג מיט אַ דיפּלאָמאַטישע אינטריגע אין רוים, האָט ער צו דעם פּאַפּסט אויפ'ן שטעל, נאָך אין מאָנאַט מערץ, געשיקט שלוחים מיט אַ בעריכט וועגען דיא נייע לענדער, וואָס זיינען גענומען געוואָרען אונ־טער דער שפּאַנישער פאָהן אויף יענער זייט אַטלאַנטישען אָקעאַן.

פון דיעזען בעריכט צום פּאַפּסט האָט זיך ענטוויקעלט אַן אינטע־רעסאַנטע געשיכטע מיט דיפּלאָמאַטישע סכסוכים צווישען שפּאַניען און פּאָרטוגאַל, וועלכע האָבען זיך געצויגען פיעלע יאָהרען; אָבער דער לעזער וועט דאָ פרעגען אַ קשיא: וויא באַלד אַז קאָלומבוס האָט בעריכטעט, דאָס דיא לענדער, צו וועלכע ער איז צוגעקומען זיינען יאַפּאַן און כינאַ, און כינאַ בעלאַנגט צו דעם „גרויסען כאַן", היינט וויא אַזוי קען שפּאַניען צונעהמען פרעמדע אייגענטהום? מען דאַרף אָבער געדיינקען, אַז דער פּאַפּסט האָט אַרויסגעגעבען אַ הכשר אויף אַלעם און אַלעמען, וואָס איז נור ניט קריסטליך. יעדער קריסטליכער קעניג האָט געהאַט אַ רעכט איינצונעהמען און צוצונעהמען יעדע לאַנד, וואו עס האָבען געוואָהנט „געצען־דיענער", דאָס הייסט מענשען, וואָס האָבען ניט אַנערקענט דיא קריסטליכע רעליגיאָן. אויף דיעזען „פּרינ־ציפּ" דאָס ניט־קריסטליכע לענדער און פעלקער זיינען הפקר, זיינען דאָך געווען געגרינדעט דיא קרייץ־ציגע. דער גאַנצער מנהג איבער־צוגעבען אַזעלכע סכסוכים צו דעם פּאַפּסט האָט אייגענטליך געשטאַמט פון דיא קרייץ־ציגע. יענע מלחמות זיינען געווען אַרויסגערופען פון דעם

פאַפּסט, און אַלס רעליגיעזע מלחמות, אָדער כלומרשט רעליגיעזע, זיינען זיי געשטאַנען אונטער זיין שוץ. און אַזוי איז דער מנהג שוין פערבליעבען. אויף דעם גרונד פון דעם זעלבען קרייץ־צוג פּרינציפּ האָט דאָס פּאָרטוגאַל פון דעם פּאַפּסט בעקומען דאָס רעכט אויף אַלע לענדער, וואָס זיא וועט ענטדעקען פון קאַפּ נון ביז אינדיען.

דער פּאַפּסט, וועמעס נאָמען עס איז באַשערט געווען, דורך דעם סכסוך צווישען פּאָרטוגאַל און שפּאַניען, צו זיין פערבונדען מיט דער געשיכטע פון קאָלומבוס'עס ענטדעקונג און פון ווייטערע ענטדעקונגען, איז געווען א ל ע ק ס א נ ד ע ר  ד ע ר  6 ט ע ר. דיעזער הויפּט פון דער קאַטהאָלישער קירכע איז בעריהמט אין דער געשיכטע פון דעם קאַטהאָליציזם אַלס איינער פון דיא עקעלהאַפטסטע הולטייעס וואָס האָבען ווען עס איז געהערשט אויף דער וועלט. עס איז אויך ניט געווען א פערברעכען, אויף וועלכען ער זאָל ניט פעהיג זיין. און עס איז איבעריג צו־צולייגען, אַז ער איז אויך געווען אַ פערקויפטע נשמה און פאַר געלט האָט מען ביי איהם געקענט אַלץ פועל'ן. *)

*) דיעזער פערדאָרבענער מענש איז אָבער ניט געווען אין גאַנצען אָהן געפיהל, און טהיילווייז דורך דעם און טהיילווייז דורך „כאַבאר“ האָבען אידען פון איהם ניט זעלטען געהאַט בעשיצונג. דער פאָלגענדער פאַקט, וועלכען גרעץ בריינגט, דערצעהלענדיג וואָס עס איז געוואָרען פון דיא אַרויסגעטריבענע שפּאַנישע אידען, איז כאַראַקטעריסטיש: דיא פון זיי, וועלכע זיינען וויא עס איז צוגעקומען צו גענוא, זיינען שנעל פערקלענערט געוואָרען אין צאָהל דורך הונגער־טויט, מגפה און דורך דעם, וואָס זייערע הונגעריגע קינדער זיינען געגאַנגען אין דיא קירכען און האָבען זיך גע־שמד'ט בוכשטעבליך פאַר אַ שטיקעל ברויט. דיא וועניגע וואָס זיינען אי־בערגעבליבען האָט דיא שטאָדט ניט אַריינגעלאָזען (דאָרטען איז געווען אַ געזעץ, אַז אַ איד טאָר ניט פערבלייבען לייגער וויא דריי טעג, און מען האָט זיי געלאָזען בלייבען הינטער'ן שטאָדט בלויז ביז זייערע שיפען וועלען פאַרריכט ווערען); אַלזאָ האָבען זיי געפּרופט פאָהרען נאָך רוים. דאָרטען האָבען זיך אָבער געגען זיי געשטעלט זייערע אייגענע ברידער, דיא רוימישע אידען. דיא לעצטע האָבען מורא געהאַט, אַז יענע וועלען זיי שעדיגען זייערע געשעפטען; האָבען זיי צוזאַמענגענומען אַ סומע פון 1000 דוקאַטען און דאָס פאָרגעשלאָגען דעם פּאַפּסט אַלעקסאַנדער דעם 6טען, ער זאָל דער־

קיין נאר איז ער אָבער ניט געווען, און ער האָט פערשטאַנען מיט וועמען איהם לוינט זיך צו האַלטען. שפּאַניען איז דאַן אין דער קריסטליכער וועלט געווען אַ תקיף דורך איהר גרויסען זיעג איבער דיא מאַהאָמעדאַנער און דורך דיא פרומקייט, וואָס זיא האָט אַרויסגע־וויזען אין ברענען מאַראַנען און אַרויסטרייבען יעדען ניט־געטויפטען

---

פאַר ניט אַריינלאָזען דיא שפּאַנישע אידען. געגען דיעזער רציחה, וועלכע זיי האָבען בעוויזען געגען זייערע אונגליקליכע ברידער, איז ער אָבער אַזוי אויפגעבראַכט געוואָרען, אַז ער האָט אַרויסגעלאָזען אַ בעפעהל, דאָס יעדער רוימישער איד זאָל אויך אַרויסגעטריבען ווערען פון שטאָדט. דאָך, פאַר צוויי טויזענד דוקאַטען האָט ער דיעזען בעפעהל צוריקגעצויגען, מיט דער בעדינגונג אָבער, אַז זיי זאָלען אַריינגעהמען דיא פערוואָגעלטע שפּאַנישע ברידער אויך.

אין פּאָרטוגאַל האָט מען פיער יאָהר שפּעטער אָבגע׳שמד׳ט איבער גוואַלד אַלע אידישע קינדער ביז 14 יאָהר (דער פּלאַן איז געווען אַ משומד׳ס). און דערנאָך האָט מען דאָס זעלבע געטהאָן מיט טויזענדער גרויסע. דיעזע אונגליקליכע האָבען געשיקט אַ דעלעגאַציע צו אַלעקסאַנדער דעם זעקסטען. דיא דעלעגאַציע איז ניט געקומען מיט ליידיגען, און דער רעזולטאַט איז געווען, אַז דורך זיין איינפלוס, איז זיי לייכטער געוואָרען צו האַלטען אידישקייט.

אָבער נאָך איידער ער איז געוואָרען פּאַפּסט, ווען ער איז נאָך געווען קאַרדינאַל אין שפּאַניען, האָט ער אַפּעלירט צום פּאַפּסט געגען דיא מער־דערייען פון דער אינקוויזיציאָן. זיין דאָקטאָר איז איצט אויך געווען אַ איד, הגם דאָס האָט ער געטהאָן איינפאַך ווייל ער האָט מורא געהאַט, אַז אַ קריסטליכער דאָקטאָר זאָל איהם ניט פערגיפטען. דיא אינטריגען צווישען דיא קאַרדינאַלען און דעם פּאַפּסט זיינען געווען אַזוי טיעף פערוויקעלט, אַז אַזאַ זאַך איז ניט געווען קיין נאַווינע. וועגען אידישע דאָקטוירים האָט דער פּאַפּסט אַליין געבראָכען דעם בעשלוס פון דער קירכע, וועלכע האָט קריסטען פערבאָטען צו קורירען זיך ביי אידישע דאָקטוירים. און ער איז ניט גע־ווען דער איינציגער. אַנדערע פּאַפּסטען און קאַרדינאַלען האָבען אויך גע־האַלטען אידישע דאָקטוירים.

קייזערלינג זאָגט, אַז פאַר אַלעקסאַנדער׳ס פריינדליכקייט צו אידען האָט מען איהם גערופען „דער מאַראַן“, אָדער „דער איד“.

אידעו. קורץ, זיא איז געווען פּאָפּולערער וויא פּאָרטוגאל, אזוי גוט וויא גרעסער און שטארקער, און אלעקסאנדער דער 6־טער האָט סמיעלע געקענט איהר בעהאנדלען פריינדליכער. ער האָט פערדינאנד'ס שלוחים דעריבער עמפּפאנגען מיט פיעל אויפמערקזאמקייט און זיי גלייך געגעבען דיא הסכמה, נאָך וועלכע זיי זיינען צו איהם געקומען.

אום אָבער עס זאָלען ניט פאָרקומען קיין מחלוקות צווישען פּאָר־טוגאל און שפּאניען, האָט ער נאָך דעם ערקלעהרט א גרענעץ צווישען זייערע ענטדעקונגען. דיעזער גרענעץ איז געווען א פּאס, וואָס זאָל זיך ציהען פון צפון צו דרום איבער'ן גאנצען ערד־קוגעל, דריי הונדערט מייל צו מערב זייט פון דיא אזאָר אינזלען. דער פּאס האָט געזאָלט געהן פון דעם צפון ענד פון דער ערד ביז איהר דרום ענד, דאָס הייסט פון דעם נאָרד־פּאָל ביז'ן זיד־פּאָל. מיט אַנדערע ווערטער דער גרענעץ זאָל זיין א מעריד יאן דריי הונדערט מייל פון דיא אזאָר אינזלען צו מערב צו. אלע לענדער, וואָס ליעגען צו מזרח־צו פון דיעזען גרענעץ און וואָס זיינען נאָך ניט ענטדעקט געוואָרען, בעלאנגען צו פּאָרטוגאל; אלע נייע לענדער, וויעדער, וואָס געפינען זיך צו מערב צו פון דיעזען גרענעץ, בעלאנגען צו שפּאניען.

אייגענטליך האָט אזא גרענעץ קיין זין ניט.

א מערידאן איז א פּאס וואָס געהט ארום און ארום דעם גאנצען ערד־קוגעל דורכגעהענדיג דעם נאָרד־פּאָל און דעם זיד־פּאָל. ווען מען זאָל אזוי צושניידען דעם ערד־קוגעל, ווערט ער צו־טהיילט ווערען אויף צוויי גלייכע העלפט, אויף צוויי העמי־ספערס (זעה זייטעל 148 און 648). ווען דער פּאפּסט וואָלט געהאט פאר זיך א גוטען ריכטיגען גלאָבוס, און ער וואָלט איהם אזוי צוטיילט, און בעצייכענט וועלכע האלבע בעלאנגט צו שפּאניען און וועלכע צו פּאָרטוגאל, וואָלט דאָס געווען קלאָהר און בעשטימט. דער פאקט גופא, דאָס דער פּאפּסט צוטיילט ביי זיך אין קאבינעט דעם ערד־קוגעל צווישען צוויי קעניגע, טאקי וויא מען צושנייט אן עפּעל, און אלץ ווייל ער איז „גאָט'ס פאָרשטעהער אויף דער וועלט" — דיעזער פאקט איז קאָמיש גענוג. זיין ענטשיידונג וואָלט אָבער געווען א דייטליכע. אלעקסאנדער דער 6־טער האָט אָבער אזוי ניט געטאָן, — איינפאך, ווייל אזוי טאָן וואָלט דאן קיינער ניט געוועזן אין שטאנד. צו האָבען א ריכטיגע לאנד־קארטע פון דעם גאנצען ערד־קוגעל איז דאן נאָך גע־

ווען אן אונמעגליכקייט. שוין מיט דיא פּאָרטוגעזישע ענטדעקונגען אין אפריקא, האָט מען נאָך אַלץ ניט געוואוסט קיין דריטעל פון דעם ערד־קוגעל.

אַלעקסאַנדער דער 6־טער האָט אפילו ניט דערמאָנט וועגען דער אנדערער זייט פון זיין פּאַס, דאָס הייסט וועגען דיא לענדער און וואסערען, דורך וועלכע ער וועט זיך ציהען אויף דער אַנדערער זייט ערד־קוגעל. ער האָט בלויז ער־קלעהרט, אז אויף דער מזרח זייט פון דעם פּאַס בעלאַנגט צו פּאָרטוגאַל און אויף דער מערב־זייט — צו שפּאַניען. און מיט דיעזען גרענעץ, האָט ער געמיינט, וועט ער אויסמיידען צאַנקערייען און משפּטים צווי־שען זיי.

אום צו זעהן וויא ווייניג טאָלק אין אזא גרענעץ איז דאָ, נעהמט א גרויסען עפּעל, קלעפּט אויף איהם צו א ברעקעל צוקער, און שטעלט זיך פאָר, אז ארום איהם געהען צו דעם זיסען ברעקעל צוויי פליגען — איינע פון דער זייט און דיא אנדערע פון דער אַנדערער זייט. מאַכט אויפ'ן עפּעל צווישען דיא צוויי פליעגען א פּאַס. דאַן וועט יעדע פליעג קענען זאָגען, אז זיא קומט צו דעם צוקער צו פון איהר זייט פּאַס.

פון איין זייט עפּעל וועט דער צוקער זיין נעהנטער צום פּאַס פון מזרח־זייט און פון דער אַנדערער זייט עפּעל וועט ער זיין נעהנטער פון מערב־זייט.

דיא צוויי פליעגען — דאָס זיינען שפּאַניען און פּאָרטוגאַל, און דיא שטיקעל צוקער — אינדיען. שפּאַניען וואָלט גע'טענה'עט, אז זיא קומט נאָך אינדיען פון מערב, ווערהענד פּאָרטוגאַל וואָלט גע'טענה'עט, אז זיא קומט אהין פון מזרח; אוןביידע וואָלטען זיי געהאַט רעכט.

דאָך, דערוויילע וואָלט דעם פּאַפּסט'ס פּאַס געקענט זיי דיענען אַלס א פּאָרלויפיגער גרענעץ. מען וואָלט פערגעסען, אַז די ערד איז א גרויסער עפּעל. עס וואָלט געווען אזוי וויא א גרענעץ צווישען צוויי פעלדער. אָבער דער פּאָרטוגעזישער קעניג האָט אזוי אויף דעם קוקען ניט געוואָלט. ער האָט ניט אָבגעטראָטען פון זיינע פּרעטענזיעס: קאָלומבוס האָט ענטדעקט אינדיען? איז דאָס פּאָרטוגאַל'ס אייגענ־טהום! וואָרים האָט דען ניט א פריהערדיגער פּאַפּסט ארויסגעגעבען אַן ערקלעהרונג, אז אַלע לענדער פון קאַפּ נון ביז אינדיען זיינען פּאָר־טוגאַל'ס?

אז יאָאַן דער צווייטער איז פעהיג געווען אויף אונאַנשטענדיגע מיטלען, ווייסען מיר שוין. אַלזאָ, האָט ער אונטערגעקויפט מענשען פון פערדינאַנד׳ס סוויטע, וועלכע האָבען איהם געלאָזט ויסען וועגען יעדען שריט, וואָס שפּאַניען האָט זיך געקליעבען צו טאָן (איבעריגענס, טהוען דען ניט דאָס זעלבע דיא „בכבוד׳סטע" היינטיגע רעגיערונגען? זוכט דען ניט יעדע פון זיי אונטערצוקויפען אָן עסטערהאַזי?) איינ־מאָל, צום ביישפּיעל, האָט פערדינאַנד געשיקט צו יאָאַן׳ען אַ דיפּלאָמאַ־טישען שליח מיט צוויי פערשיעדענע בריעף — איינער אַ פריינדליכער און דער צווייטער אַ שטרענגער. ווען דער געזאַנדטער וואָלט געפונען, אז יאָאַן פערהאַלט זיך מילד, ווייך, וואָלט ער איהם דערלאַנגט דעם ערשטען בריעף; אין דעם פערקערטען פאַל, וויעדער, וואָלט ער איהם איבערגעגעבען דעם צווייטען בריעף. דאָס אַלץ האָט מען געלאָזט ווי־סען יאָאַן׳ען, און ער האָט זיך אזוי אויפגעפיהרט, אז דער שליח האָט איהם איבערגעגעבען דעם פריינדליכען בריעף.

אָבער פערדינאַנד האָט אויך ניט געשוויגען. ער האָט אויך גע־האַט שפּיאָנען; און טראָץ דיא איידעלקייט, מיט וועלכע דיא צוויי צדדים האָבען געפיהרט זייער דיפּלאָמאַטישע פערהאַנדלונגען, האָט ער גוט געוואוסט, אז יאָאַן מאַכט פּאָרבערייטונגען צו שיקען אַ פלאָטע אריינצוכאַפּען קאָלומבוס׳עס לענדער.

פערדינאַנד האָט דעריבער אויך געלאָזט וואָס אם שנעלסטען צו־גרייטען אַ צווייטע עקספּעדיציע נאָך דיא ענטדעקטע לענדער. צו דער זעלבער צייט האָט ער געזוכט וויא ווייט מעגליך צו פערציהען דיא דיפּ־לאָמאַטישע אונטעררעדונגען, אום דיא צווייטע עקספּעדיציע זאָל עררייכען איהר ציעל איידער ער און יאָאַן וועלען אָפיציעל קומען צו אַ טאָלק. צו דיעזען צוועק האָט ער געפּאָדערט, אז דער גאַנצער סכסוך זאָל אי־בערגעגעבען ווערען צו אַ שיעדעס־געריכט. פון דעם אַלעם איז גאָר־ניט געוואָרען, און אַלץ וואָס פּאָרטוגאַל האָט אויסגעפיהרט איז געווען, אז דער גרענעץ זאָל זיין מיט 1110 ענגלישע מייל וויטער צו מערב זייט צו; אין אַלעמען 1410 מייל פון דיא אַזאָר אינזלען.

דערווייל האָט מען דעם פּאַס גערעכענט בלויז פון דער זייט ערד־קוגעל. וואָס עס וועט זיין אויף יענער זייט, האָט מען פאָרלויפיג ניט געטראַכט. עס איז טאַקי געווען אזוי וויא אַ גרענעץ צווישען צוויי

פעלדער אָדער לענדער. אויף דער זייט איז דייטשלאנד, צום ביי־שפיעל, און אויף יענער זייט — פראנקרייך.

מען דארף בעמערקען, אז אפילו אזוי איז דער גרענעץ ניט געווען דייטליך גענוג. דער פאפסט אלעקסאנדער דער 6־טער איז איבער־הויפט געווען א גרויסער עם־הארץ אין געאָגראפיע. ער האָט דעם גרענעץ בעשטימט ניט בלויז מיט דיא אזאָר אינזלען, נור מיט דיא קאפ ווערדישע אינזלען אויך. ער האָט ערקלעהרט, אז דער פאס ציהט זיך 1410 מייל פון דיא אזאָרען און פון דיא קאפ ווערדישע. דער אונגליק איז אָבער, וואָס דיא צוויי אינזעל־גרופפען געפינען זיך ניט פונקט אויף דעם זעלבען מערידיאן. צווישען דעם וויטסטען אינזעל פון דיא אזאָרען צו מערב צו און דעם וויטסטען פון דיא קאפ־ווערדי־שע אינזלען צו מזרח צו איז אן אונטערשיעד אויף נאָהענט פון 600 מייל. א חוץ דעם: אין זיין שריפט האָט ער געזאָגט, אז שפאניען מעג מאכען ענטדעקונגען „צו מערב און צו דרום פון דעם פאס". וואָס פאר א זין האָט דאָ דאָס וואָרט דרום? וויא קען דאָס זיין צו דרום פון א מערידיאן, פון א פאס וואָס געהט אליין פון צפון צו דרום?

דיא גאנצע געשיכטע מיט דיא ערוויטערונג פון דעם גרענעץ האָט שפאניען ווייניג געקימערט, ווייל דיא לענדער וואָס קאָלומבוס האָט ענטדעקט, זיינען געלעגען א סך ווייטער און דיא רעכטע אוצרות, וועל־כע ער האָט ערוואָרט צו געפינען, דיא וואונדער־שטעדט פון דעם גרוי־סען כאן, זיינען געווען נאָך ווייטער.

עס האָט זיך אָבער באלד ארויסגעצייגט, אז דער נייער גרענעץ האָט פאר פאָרטוגאל געהאט א גרויסע בעדייטונג: דער מזרח־ברעג פון זיד־אמעריקא, דאָ וואו בראזיליען ליגט, געפינט זיך גראד אויף דער פאָרטוגעזישער זייט פון אלעקסאנדער דעם 6־טען'ס פאס, און דורך דעם האָט פאָרטוגאל אין יאָהר 1500 בעקומען בראזיליען (זעה ווייטער, קאפיטעל 20). נאָרד־אמעריקא און צענטראל־אמעריקא זיינען טאקע א סך ווייטער פאר דעם פאס; אָבער זיד־אמעריקא איז פיעל מעהר צוגערוקט צו אפריקא.

נאָך שפעטער, אין 1524, האָבען שפאניען און פאָרטוגאל טאקי זיך צוזאמענגעטראָפען אויף יענעם זייט ערד־קוגעל, און צוליעב אלעק־סאנדער דעם 6־טען'ס פאס איז ביי זיי ארויסגעקומען א העפטיגער קאמפף איבער דיא מאלוקקאס, דיא געווירץ־אינזלען. דאן האָט

מען שוין קלאָהר גערעדט וועגען דעם, דאָס דער מערידיאן געהט דאָך אויף יענער זייט ערד־קוגעל אויך ; און אזוי וויא ריכטיג בעשטימען וואו דאָרטען קומט אויס דער בעריהמטער פּאָס האָט מען נאָך אַלץ ניט געקענט, האָט שפּאַניען גע'טענה'עט, אז דיא געווירץ־אינזלען זיינען איהרע, און פּאָרטוגאַל — אז זיי זיינען איהרע. און דיא געווירצען זיי־נען דאָך געווען דער הויפּט־צוועק פון אַלע ענטדעקונגס־רייזען ! דיא צאַנקערייען האָבען זיך געצויגען און געצויגען. מען האָט געזעצט קאָ־מיססיעס וויא עס איז צו צוטיילען דעם ערד־קוגעל צווישען דיא צוויי קרוינען, ביז ענדליך האָט מען געמאַכט א פּשרה (זעה ווייטער, זייטעל 594).

דאָס איז געווען דאָן, ווען מען האָט שוין געמאַכט א רייזע ארום און ארום דער וועלט. דיא ענטדעקונג פון בראַזיליען איז אפילו גע־ווען פיער און צוואַנציג יאָהר פריהער, אָבער אַלץ ערשט אין 1500, אַלץ ניט אין דער צייט, וואָס קאָלומבוס האָט זיך אומגעקעהרט פון זיין ערשטער רייזע. פאָרלויפיג האָט מען ניט געקענט ארויסזעהן, אז פּאָר־טוגאַל וועט דורך דעם פּאָס געווינען א לאַנד (בראַזיליען). פאָרלויפיג האָט שפּאַניען בעקומען נייע אינזלען און האָט ערוואַרט צו בעקומען לענדער פול מיט גאָלד, פּערעל און געווירצען. און יאָאַן דער צווייטער איז געווען נידערשלאָגען פון ערגערנים און פערדרוס וואָרום ער האָט צוריקגעוויזען קאָלומבוס'ען, ווען ער האָט זיך צו איהם געווענדעט מיט זיין פּלאַן.

אַלס תשובה צו גאָט, וועלכער האָט איהם אזוי בעשטראָפט, האָט ער געהייסען איבער־געוואַלט צונעהמען פיעלע אידישע קינדער ביי זייערע עלטערען, זיי אָב'שמד'ען און האָדעווען אלס קריסטען אויף א ווייטען אינזעל. דיא רציחות, וואָס זיינען אָבגעטאָן געווען דערביי, זיינען צווישען דיא ווילדסטע אין דער גאַנצער געשיכטע פון דעם מאַר־טירער־פאָלק.

נאָך פּאָרטוגאַל זיינען פאָרלויפיג אוועק צוויי דריטעל פון אַלע שפּאַנישע אידען, (נאָהענט פון 200 טויזענד), וועהרענד דיא איבעריגע האָבען זיך צוזייט איבער פערשיעדענע ווייטע לענדער. יאָאַן האָט מיט זיי אָבגעמאַכט זיי צו ערלויבען פערבלייבען דאָרטען אכט מאָנאַט און פאַר דעם זאָלען זיי איהם בעצאָהלען ארום 5 דאָלאַר פון קאָפּ. אויך האָט ער זיך אונטערגענומען זיי דערנאָך צו פערדינגען שיפען אויף צו פאָהר־

רען ווייטער. אויף אימער צו פערבלייבען אין פּאָרטוגאַל האָט ער זיי ניט געלאָזען. אויך האָבען זיך געגען דעם געשטעלט דיא פּאָרטוגעזישע אידען, וועלכע האָבען מורא געהאַט, אַז דיא מאַססע נייע אידישע איינוואַנדערער װעלען איבערפיהרען זייער לאַגע. דיא אונטערשטע שורה איז, אַז דיא 200,000 היימלאָזע האָבען קיין אַנדער ברירה ניט געהאַט וויא אָנצונעהמען יאָאַן'ס בעדינגונגען, אום צו האָבען צייט זיך ארומצוקוקען וואוהין צו פאָהרען זוכען אַ שטענדיגע היים.

דער שיקזאַל, וועלכער האָט אַזוי באַרמלאָז פערפאָלגט דיעזע קרבנות, האָט אָבער ניט גערוהט. צווישען זיי האָט באַלד אויסגעבראָכען אַ שרעקליכע מגפה, דער רעזולטאַט פון דער שרעקליכער נויט, צו וועלכע זיי זיינען פּלוצלונג געטריעבען געוואָרען, — פון דיא קערפערליכע שמוץ און קראַנקהייטען, וועלכע זיי האָבען געהאַט אויסצושטעהן שלעפּענדיג זיך אין דיא גרויסע היצען מיט זייערע פאַמיליען און פּעק. פיעלע פון זיי זיינען פון דער מגפה אויסגעשטאָרבען אין פּאָרטוגאַל. דאָס איז אָבער נאָך ניט געוועזען אַלץ. דיא קריסטען האָבען זיך בעקלאָגט פאַר דעם קעניג, אַז דיא שפּאַנישע אידען האָבען מיט זיך געבראַכט אַ פּעסט.

מען האָט זיי דעריבער אויפ'ן שטעל גענומען איילען. מען האָט זיי ארויפגעזעצט אויף שיפען, זיי צו פיהרען וואו זיי ווילען נור. דיא מאַטראָזען האָבען זיי אָבער אומישנע ארומגעשלעפּט אָהן אַ ציעל ביז ביי דיא אונגליקליכע איז ניט געבליעבען קיין ברעקעל שפּייז; און דאַן האָבען זיי ביי זיי געפאָדערט גרויסע סוממען פאַר אַ ביסען ברויט. ענדליך זיינען פיעלע פון דיא פערוואָגעלטע געצוואונגען געװען אוועקצוגעבען זייערע לעצטע קליידער אום אויפצוהאַלטען דיא נשמה, און ווען זיי האָבען שוין מעהר ניט געהאַט וואָס צו געבען, האָט מען זיי נאַקעטער־הייט ארויסגעזעצט אויף אַ ווילדען ברעג פון אפריקא, וואו זיי זיינען אויסגעגאַנגען פון הונגער. פיעלע פון דיא פרויען אָדער מיידלעך האָבען דיא מאַטראָזען געשענדעט פאַר דיא אויגען פון זייערע מענער אָדער עלטערען.

ווען דיא שפּאַנישע אידען, וואָס זיינען נאָך געבליבען אין פּאָרטוגאַל, האָבען זיך דערוואוסט פון דיעזע אַלע שרעקען, האָבען זיי מורא געהאַט זיך צו זעצען אויף אַ פּאָרטוגעזישע שיף. זיי האָבען אָבגעלייגט זייער רייזע פון טאָג צו טאָג. פיעלע האָבען איינפאַך ניט געהאַט מיט

וואָס צו בעצאָהלען פאַר דער רייזע. זיי האָבען מתפלל געווען, אז גאָט זאָל אויף זיי רחמנות האָבען און ווייכער מאַכען יאָאַן'ס האַרץ.

יאָאַן'ס האַרץ איז אָבער געבליבען דיא זעלבע וויא אימער — נאָך ערגער, וואָרים דער אכט־מאַנאַטליכער טערמין, וואָס ער האָט געגעבען דיא שפּאַנישע אידען, האָט זיך געענדיגט אין מאַי, אין דעם זעלבען מאָנאַט, ווען קאָלומבוס האָט אין בארצעלאָנא בעקומען זיין פּאַראַדנעם קבלת פּנים פון פערדינאַנד און איזאבעללא; און וויא ביי יאָאַן'ען איז דערפון געוועזען אויפ'ן האַרצען, ווייסען מיר דאָך שוין.

זייענדיג אין דיעזער שטימונג האָט ער יענעם זומער ארויסגעלאָזען א „פרומען" בעפעהל, אז אלע קינדער פון דיא שפּאַנישע אידען, וואָס ער האָט ערקלעהרט אלס שקלאַפּען — אלע זייערע קינדער פון דריי ביז צעהן יאָהר — זאָלען צוגענומען ווערען פון זייערע מוטערס צום שמד. דיא קינדער האָבען געוויינט מיט טויטע קולות; זייערע עלטערען האָבען זיך געריסען דיא האָר פון קאָפּ; אָבער דאָס האָט יאָאַן'ען און זיינע טשינאָווניקעס ניט געריהרט. דיא קינדערלעך האָבען זיך צוגעהאַלטען מיט דיא לעצטע כחות צו זייערע מוטערס, אָבער מען האָט זיי אָבגעריסען פון זיי אום זיי צו פערשיקען אויף דעם אינזעל. איינמאָל, ווען יאָאַן איז ארויסגעקומען פון א קירכע, זיינען איהם געפאַלען צו דיא פיס פיעלע אונגליקליכע מוטערס אזעלכע און האָבען איהם געבעטען ער זאָל זיי כאָטש איבערלאָזען זייערע מיזיניקלעך. אָנשטאָט אַן ענטפער האָט ער געהייסען אוועקשלעפּען דיא אידישע פרויען, „וואָס קוויטשען וויא צייג נאָך זייערע הינטעלעך".

אייניגע אידישע מוטערס זיינען מיט דיא עופה'לעך אין דיא אָרימס אריינגעשפּרונגען אין ים אַריין, איידער מען זאָל זיי ביי זיי אויף אימער אָפּרייסען פאַר א רעליגיאָן, אין וועלכע זיי האָבען ניט געגלויבט און וועלכע האָט אָנגעטאָן זייער פאָלק אזוי פיעל נגישות.

דאָס רוב פון דיא געראויבטע קינדער זיינען געשטאָרבען איידער מען האָט זיי געבראַכט אויפ'ן אינזעל; אַנדערע זיינען אויפגעגעסען געוואָרען פון חיות. דער אינזעל איז געווען פול מיט גיפטיגע שלאַנגען, יאַסטשערקעס, און אהין פלעגט פּאָרטוגאַל פערשיקען איהרע געפעהרליכסטע פערברעכער. אָט דאָס איז געווען דער פּלאַץ, וואָס יאָאַן האָט אויסגעקליבען צו האָדעווען דיא אידישע קינדער „אין דעם קריסטליכען גייסט".

ניט פיעל פון דיא, וואס מען האט אהין געבראכט, זיינען לעבען געבליבען. און דיא, וואס האבען זיך יע דארטען אויסגעהאדעוועט, האבען ניט געוואוסט ווער זייערע עלטערען זיינען געוועזן. עס האט דעריבער ניט זעלטען געטראפען, דאס א ברודער האט חתונה געהאט מיט א שוועסטער.

גרעץ, ביי וועמען מיר האבען גענומען דיעזע גאנצע שטעלע וועגען דיא איבערגעוואלאט-געשמד'טע אידישע קינדער, שליסט מיט דער בעמערקונג: „פיליייכט קען מען דעם קעניג'ס מערדערליכקייט צו דיא אידען ערקלעהרען מיט דעם פינסטערען געמיטה, אין וועלכען ער האט זיך געפונען צוליעב דעם טוידט פון זיין איינציגען געזעצליכען זוהן.“ גרעץ האט אבער ניט געהאט אין זינען, אז גראד אין דיעזער צייט האט יאאן געליטען זיין היסטארישע נידערלאגע. מיר זאגען ניט, אז דיעזע נידערלאגע איז געוועזן דיא איינציגע אורזאכע פון זיין צרה'דיגען געמיטה. עס איז שוין בעמערקט געווארען (אויבען, זייטעל אז אין דיעזע צייטען איז ער אין זיין אייגענעם הויף געוועזן ארומגערינגעלט מיט אינטריגען, מיט פערשווערונגען געגען זיין טהראן און זיין לעבען. טאקי דיעזע פערשווערונגען האבען דאס אזוי שארף געמאכט זיינע שמערצען, ווען זיין יורש איז פלוצלונג געשטארבען*): ער האט געזעהן, אז זיין טהראן וועט איבערגעהן צו דעם ברודער פון א מאן, וועלכער האט געוואלט נעהמען זיין לעבען און זיין זוהן'ס לעבען, אום אליין צו פערנעהמען דיא מלוכה. אבער דאס אלץ האט איהם ניט געשטערט אונטערצוקויפען מיטגליעדער פון פערדינאנד'ס סוויטע און כיטרע צו פיהרען אונטעררעדונגען מיט פערדינאנד'ען.

ער, דער פערקאכטער אנפיהרער פון ענטדעקונגס-עקספעדיציעס ארום אפריקא נאך נייע וואסער-וועגען, נייע ערא־בערונגען, נייע אוצרות; ער, דער פלעמעניק פון פרינץ הענריך דעם נאזיגאטאר און דער קעניג פון דער לאנד, וועלכע האט געהאט אזוי גוט וויא א מאנאפאל אויף וויטע ים-רייזעס און דיא ענטדעקונג פון נייע לענדער — ער האט בעדארפט צוזעהן וויא קאלומבוס לייגט צו דיא פיס פון דיא שפאנישע קעניגליכע פאר פאלק ניי-געפונענע אינזלען פון דיא וואונ-

---

*) יאאן'ס זוהן, פרינץ אלפאנסא, איז גע'הרג'עט געווארען, אראפפאלענדיג פון א פערד.

דערליכע אינדיען, אינזלען, וועלכע וואָלטען געווען זיינע, יאָאַן'ס, ווען ער וואָלט נור דיעזען קאָלומבוס'ען ניט אָבגעשטויסען פון זיך! אזוי וויא דורך אַ מאַך פון אַ צויבער־שטעקעל האָט זיך פּלוצלונג אַלץ איבערגעביטען: פּאָרטוגאַל, וועלכע איז אזוי פיעל צעהנדליגע יאָהרען געשטאַנען אויף דער שפּיצע פון ים־רייזענדע לענדער מיט דיא ענערגיע און געלט וואָס זיא האָט געלייגט זוכענדיג א נייעם מאַרשרוט נאָך אינדיען, איז פּלוצלונג אַוועקגעשטופּט געוואָרען פון דעם אויבען־אָן; איהר פּלאַץ איז פערנומען געוואָרען פון שפּאַניען, וועלכע האָט אין איין מאָנאַט געפונען „אַ פאָלשטענדיגען וועג צו אינדיען" איבער דער בּרייט פון אַטלאַנטישען אָקעאַן, איידער פּאָרטוגאַל האָט דאָס ערריכט מיט איהרע זיעבציג־יעהריגע רייזעס ארום אפריקא!

ער האָט געהאַט גענוג אורזאכען זיך צו פיהלען נידערגעשלאָגען, צו פיהלען דיא ביטערסטע שברת לב, און קאָלומבוס'עס ענטדעקונג איז געווים ניט געווען דיא קלענסטע פון זיי.

און דיא כפּרה־הינדעל זיינען געווען דיא אידען...

ווען ער האָט געזעהן, אז פון זיינע פּרעטענזיעס אויף קאָלומבוס'עם לענדער האָט זיך גאָר ניט אויסגעלאָזען, האָט ער זיך גענומען פאָרטזעצען זיינע אייגענע עקספּעדיציעס ארום אפריקא. דעם דרום־שפּיץ, דעם קאַפּ פון גוטע האָפנונג, זיינען דאָך פּאָרטוגעזישע שיפען שוין ארומגעשוואומען. אַלזאָ, וועט ער ענדליך זיך נעהמען צו ענדיגען דעם אונטערבראָכענעם וואסער־מאַרשרוט צו אינדיען — דיא „גוטע האָפנונג" וועט ער אין א ווירקליכקייט פערוואנדלען. פון פּעדראָ קאווילהאַם'ען וויים ער דאָך שוין, אַז פון דיעזען קאַפּ קען מען געווים צוקומען צו אינדיען; ער וויים זאָגאַר פון איהם וויא אַזוי דיא רייזע דאַרף געמאַכט ווערען (אויבען, זייטעל אַלזאָ — אַלץ וואָס מען דאַרף טאָן איז אויסשטאַטען א מעכטיגע עקספּעדיציע און איהר שיקען דירעקט נאָך אינדיען. זאָל קאָלומבוס זיך דאָרטען האָבען געפינען יאַפּאַן און כינא דורך א מערב־וועג. ער, יאָאַן, וועט דורכפיהרען דיא פּלענער פון זיין אָנקעל און פאָטער וועגען דערגרייכען דיא געווירצען לאַנד שווימענדיג ארום אפריקא.

אָבער פון זיינע מאָראַלע יסורים איז ער קראַנק און שוואַך געוואָרען, און איהם אליין, וויינעגיסטענס, איז זיין פּלאַן דורכצופיהרען ניט בעשערט געווען. ער האָט שוין געלאָזען אָנהאַקען ריעזיגע בוימער

און ער האָט זיך שוין געקליבען פון זיי צו לאָזען בויען אַ גרויסע פלאָטע פון גרויסע קרעפטיגע שיפען — דיא גרעסטע, וואָס אפילו פאָרטוגאל האָט ווען עס איז געברויכט פאר איהרע ענטדעקונגס־עקספּעדיציעס. ער איז אָבער באלד געשטאָרבען.

דאָס איז געוועזען אין אָקטאָבער, 1495, ארום אַ יאָהר נאָך דעם וויא עס האָבען זיך געענדיגט דיא דיפּלאָמאטישע אונטערהאנדלונגען צווישען איהם און פערדינאנד'ען וועגען פּאָרטוגאל'ס פּרעטענזיעס אויף קאָלומבוס'עס לענדער.

XIV.

## דער אָנפאַנג פון דער קאָלומבוס טראַגעדיע.

דאָס געלט צו קאָלומבוסעס'עס צווייטע רייזע ווערט גענומען פון דיא גערויבטע אייגענטום פון דיא ארויסגעטריבענע אידען. — דער כאַראַקטער פון קאָלומבוס'עס איצטיגע מיטרייזענדע. — דיא צווייטע רייזע. — דיא אינדיאנער פון דיא קאריבישע אינזלען. — קאָלומבוס דערלעבט קוים צו קומען נאָך נ אַ ו ו י ד אַ ד. — פון דער קאָלאָניע איז אָבער קיין שריט ופּליט ניטאָ. — הולטייסטוואָס, סקאַנדאַלען און בלוטיגע צאַנקערייען פון דיא קאָלאָניסטען. — דער כוואַטסקער אינדיאנער־עלסטער, ק אַ אָ נ אַ ב אָ, הרג'עט אוים דיא איבערגעבליבענע שפּאַניער. — איזאבעללא, דיא ערשטע שטאָדט, וואָס איראָפּעער האָבען געבויט אין דער נייער וועלט. — קאָלומבוס בעקומט גוטע בעריכטען וועגען היספּאניאָלאַ. — ער שיקט נאָך שפּאַניען פּראָבעס גאָלד. — דיא אינדיאנער דערזעהן צום ערשטען מאָל אַ פערד. — אינדיאנישע גאַסט־פרוינדליכקייט און קאָמוניזמוס. — זייער לייכטער, זאָרגלאָזער לעבען.— פיעלע קאָלאָניסטען ווערען קראנק. — עס פעהלט אוים שפּייז. — אונ־צופריעדענהייט מיט קאָלומבוס'ען. — קאָלומבוס שיקט ארוים אַן אַרמיי צו ווייזען דיא אינדיאנער זיין מאַכט. — אַליין לאָזט ער זיך אַוועק אויספאָרשען ק ו ב א, מיינענדיג, אַז דאָס איז אזיען. — ער געפינט נייע בעוויזע, אז עס איז טאַקי אזיען, אָבער קיין רייכע שטעדט פון דעם „גרויסער כאַן“ זיינען אלץ ניטאָ. — דער טראגישער וויעדערשפּרוך פון זיין לאַגע.

מיר האָבען געזעהן, אז דאָס געלט צו דער ערשטער עקספּעדיציע האָט געליהען דער מאַרראַן לואים דע־סאנטאַנגעל. דיא צווייטע עקס־פּעדיציע האָט געדארפט קאָסטען ניט אין ערך מעהר, וואָרים אָנשטאָט דריי שיפען האָט מען גענומען ז י ע ב צ ע ה ן, און אָנשטאָט 120 מאַן — 1500. און דאָך האָט מען אין קיין הלואה זיך שוין ניט גענויטיגט.

אַ גרויסע טייל פון דער סוממע, וואָס האָט זיך געפאָדערט צו דער צווייטער עקספּעדיציע, האָט מען גענומען פון דעם אייגענטום, וואָס איז איבערגעבליבען פון דיא ארויסגעטריבענע אידען.

דיא מטבעות, דיא גאָלדענע און זילבערנע זאַכען, דיא פּערעל און דיא דימענטען, וואָס מען האָט זיי ניט געלאָזט מיטנעהד־מען; דיא הייזער, לאַנד, גערטנער, וועלכע זיי האָבען ניט פּאָספּייעט אויסציבייטען אויף געגענשטאַנדען, וועלכע זיי וואָלטען יאָ געקענט מיטנעהמען — דאָס אַלעס האָט קאָנפיסצירט דיא רעגיערונג; און איצט האָט פערדינאַנד ארויסגעגעבען אַ בעפעהל, אַז מען זאָל דאָס פערוואַנד־לען אין באַרעס געלט און אָבגעבען צו פינלאַ, דעם קאַססיר פון קאָ־לומבוס'עס צווייטע עקספּעדיציע.

דערביי איז פערדינאַנד געווען באַרמלאָז, וויא אימער. טאָמער האָט מען זיך דערוואוסט פון אַ מאַרראַן, ביי וועלכען איינער פון דיא אידען — צי זיינער אַ קרוב, צי ניט — האָט איבערגעלאָזען עפּעס ציע־רונג אָדער אַנדערע ווערטהפולע זאַכען, אום יענער זאָל איהם דאָס צו־שיקען, האָט מען דאָס ביי איהם גלייך צוגענומען. פיעלע קריסטען, שכנים פון דיא אונגליקליכע, האָבען געפונען כשר'ע מציאות — זאַכען, וואָס זיינען איבערגעבליבען פון דיא ארויסגעטריבענע; האָבען זיי דאָס אַלץ געמוזט אָבגעבען צום שאַץ־מייסטער פון דער קרוין, וועלכער האָט איצט דאָס איבערגעגעבען צו דעם קאַססיר פון דער עקספּעדיציע. און ניט בלויז זאַכען אָדער מזומן געלט, — אפילו אידישע חובות האָט דיא רעגיערונג איינגעמאָנט. פיעלע קריסטען זיינען דיא אידען שולדיג גע־בליבען פערשיעדענע סוממען. זיי האָבען געמיינט, אַז איצט זיינען זיי שוין פּטור. פערדינאַנד האָט אָבער געהייסען קאָלעקטירען יעדע אי־דישע פּרוטה. אַלץ וואָס בעלאַנגט צו דיא אידען, וועלכע ער האָט ארויסגעטריבען „פון גאָט'ס וועגען און פון זיין כבוד'ס וועגען“, האָט בעלאַנגט צו איהם; און איצט האָט ער דאָס בעדאַרפט פאַר דער גרוי־סער עקספּעדיציע, מיט וועלכע מען וועט ווייעדער גרויס מאַכען גאָט'ס נאָמען, און — אָנפילען פערדינאַנד'ס געלט־קאַסטען.

קייזערלינג האָט אין דיא אַלטע ארכיווען פון שפּאַניען געפונען מאַססען בעריכטען וועגען דיא פערשיעדענע פעלע, וואו מען האָט אויפגעמאָנט אַזעלכע זאַכען אָדער חובות, און ער גיט אָן אַ גאַנצען צע־טעל פון נעמען און ציפער, וויפיעל דיא קאָנפיסצירטע אייגענטום האָט בעטראָפען.

צווישען דיא האָב און גוטס, וואָס איז איבערגעבליבען פון דיא אידען, און וואָס מען האָט צוגענומען צו דעקען דיא קאָסטען פון קאָ־

לומבוס׳עס צווייטע רייזע, רעכענט ער אויס: „לעפעל, קוביקלעך, שיס־לען, קעסלען, טעפּ, לייכטער, שטעקענס, — אַלץ זילבערנע — וויא אויך פערעל, קארעלען, זילבערנע און גאָלדענע רינגען, אַן אונגעהויער גרויסע צאָהל זילבערנע בראַסלעטען, בראָשען, גארטלען, קייטען, ספראָנזש־קעס, קנעפּ, קאָפּ־בענדער (גאָלדענע ציערונג האָט דאָס גנזעץ אידישע פרויען פערבאָטען צו טראָגען).

קייזערלינג בעמערקט:

אין זייער גרענצלאָזער גייציגקייט, האָט דער קעניג און דיא קעניגין געהייסען פערקויפען ניט בלויז דיא קאָנפיסצירטע קאָסטבארע זאכען און קליידער, וואָס זיינען איבערגעבליבען פון דיא אידען, נור אפילו זייערע אַלטע, אָבגעטראָגענע דאַמאַסקענע, סאמעטענע אָדער זיידענע בגדים, — זאָגאַר דיא באַוועלנע אָדער זיידענע מענטעלעך פון דיא ספרי־תורות, אָדער דיא צודעקען פון דיא טישען אויף דיא בעל־עמערס פון דיא שוהלען. דאָס אַלץ האָט מען פערקויפט און דאָס געלט פער־ברויכט אויף קאָלומבוס׳ער נסיעה.

דיא סוממע, וועלכע מען האָט פון דעם בעקומען, איז געווען אַ ריעזיגע. און אַ חוץ דעם האָט דיא אינקוויזיציע איבערגעגעבען צוויי מיליאָן מאַראַוועדים פון דיא געלט, וואָס זיא האָט קאָנפיסצירט פון אַרעסטירטע מאַראַנען — אַלץ פאר קאָלומבוס׳עס צווייטע עקספּע־דיציע.

אפילו דיא 10,000 מאַראַוועדים, וועלכע דיא קעניגין האָט צוגע־זאָגט דעם ערשטען וואָס וועט דערזעהן לאַנד (אויף דער ערשטער רייזע), און וועלכע מען האָט בצאָהלט קאָלומבוס׳ען, כאָטש לאַנד האָט דער ערשטער דערזעהן אַן אַנדערער — אפילו דיעזע סוממע האָט מען אויך גענומען פון קאָנפיסצירטע אידישע געלט. מען האָט קאָלומבוס׳ען גע־שאָנקען נאָך אַ סוממע — אַ פּאָר טויזענד דוקאַטען — אויך פון אידישע אייגענטום.

דזשאָהן פיסק זאָגט: „דיא קאָסטען פון דער יעצטיגער עקספּע־דיציע זיינען טהיילווייז בעצאָהלט געוואָרען מיט דיא גע׳גנב׳עטע געלט, דיא רויב, וואָס מען האָט ארויסגעריסען פון דיא ווירדיגע און פלייסיגע אידען, וועלכע זיינען ארויסגעטריעבען געוואָרען פון זייערע היימען דורך דעם טייפעלשען אוקאַז פון דעם פאָריגען יאָהר.“ יאָ, טיילווייז. אָבער פון דיא אַנדערע טייל פון דיא געלט, וואָס דיא צווייטע רייזע

האָט געקאָסט, איז א גרויסער חלק גענומען געוואָרען מיט דער הילף פון די יסורים־אינסטרומענטען און „הייליגע" פייערען פון דער אינקוויזיציע. ביי פערמוטשעטע און פערברענטע אנוסים האָט מען דאָס אוועקגענומען. דאָס איז אויך געווען גע׳גנב׳עטע, אידישע געלט.

מען מוז אָבער צוגעבען, אז צו דער צווייטער עקספּעדיציע האָט מען געריבּט פון אנדערע קוועלען אויך. פּערדינאַנד און איזאבעללא זיינען געווען אזוי בעגייסטערט פאר קאָלומבוס׳ען מיט זיינע עקספּעדיציעס, וועלכע גאָט האָט זיי צוגעשיקט פאר זייער „פרומקייט" און דורך וועלכע זיי וועלען ארויסווייזען נאָך ווייטערע „פרומקייט", מיט דעם וואָס זיי וועלען בעקעהרען די איינוואָהנער פון „ווייטען מזרח" צום קריסטענטהום, — אז „לשם שמים" האָבען זיי איהם ערלויבט צו כאַפּען, וואָס זיין האַרץ האָט געלוסט. טאָמער וואַרפט ער אַן אויג אויף א פּריוואַט־שיף, מעג ער איהר צונעהמען ניט אָנפרעגענדיג ביי איהר בעל הבית, און בעצאָהלען וויפיעל ער וויל און אויב ער וויל. טאָמער דערזעהט ער ערגעץ־וואו עפּעס א זאַך, וואָס איהם קען צוניץ קומען אויף זיין רייזע, דאַרף ער בלויז הייסען דאָס אוועקפיהרען צו דעם האַפען, וואו זיין פלאָטע האָט זיך געזאַמעלט.

דיעזער האַפען איז איצט שוין ניט געווען פּאַלאָס, נור קאַדיז. פון דאָרטען האָט ער זיך געקליבען אָפּצופאָהרען.

זיינע ווייטערע רייזעס האָט די געקרוינטע פּאָר יעצט גענומען אזוי ערנסט, אז עס איז געגרינדעט געוואָרען א ספּעציעלע רעגיערונגס־ביוראָ, א בעזונדערער מיניסטעריום איבער אַלע אנגעלעגענהייטען, וואָס זיינען נוגע צו „אינדיען". אַלס עלסטען איבער דיעזער ביוראָ האָט מען געשטעלט א הויכען גלח־טשינאָווניק מיט׳ן נאָמען י ו א ן פּ אָ נ ס ע ק א, א גייסטליכער, וועלכער האָט „ליעב געהאַט מעהר עולם הזה וויא עולם הבא", וויא שרייבער פון יענער צייט דריקען זיך אויס, א פעהיגער, ענערגישער מענש, פול מיט עהרגייץ און אָהן א פּיצעל געוויסען, א גראָבער ביטרער עגאָאיסט אָהן א פונק געפיהל, וועלכער וואָלט זיך ניט אָבגעשטעלט פאר קיין זאַך אין דער וועלט, ווען נור עס האָט זיך געהאַנדעלט וועגען ערררייכען זיין צוועק, נעהמען נקמה פון א שונא אָדער בעזייטיגען דעם, וואָס איז איהם געשטאַנען אין וועג.

פּאָנסעקא׳ס כאַראַקטער דאַרף מען געדענקען, ווייל דיעזער מאַן האָט לאַנג געשפּיעלט א וויכטיגע ראָלע אין דער געשיכטע פון די

נייע־ענטדעקטע לענדער און קאָלומבוס האָט פון איהם גרויסע צרות געהאַט. קאָלומבוס איז אויך ניט געווען קיין צאַצקע, הגם ער איז גע־ווען פיעל עהרליכער און סימפּאַטהישער וויא ער; אָלזאָ, זיינען צוזאַ־מענשטויסונגען צווישען זייביידען געווען אונפערמיידליך. פאָנסעקאַ האָט זיך דאָס איצט בעשעפטיגט מיט דיא צופערטיגונגען צו דער עקס־פּעדיציע, און קליינע מחלוקה׳לעך צווישען איהם און דעם אדמיראל זיינען פאָרגעקומען אויפ׳ן שטעלל. אָבער יעדעס מאָל האָט דער קעניג און דיא קעניגין גלייך גע׳פסק׳ענט צו גונסטען פון דעם לעצטען. וואָס קאָלומבוס האָט געזאָגט, האָט פאָרלויפּיג געמוזט זיין געזאָגט. און פאָנסעקאָ האָט נאַטירליך געמוזט אראָבשלינגען און פאָלגען. אין האר־צען איז ער אָבער קאָלומבוס׳ען שוין קיין גוטער פריינד ניט געווען; ער האָט געהאָפט צו האָבען אַ מאָל אַ געלעגענהייט זיך מיט איהם אָבצו־רעכענען, און זיין האָפנונג איז מקוים געוואָרען אויך.

פאָנסעקאָ׳ס ביורא איז געוון אין סעווילל, וועהרענד קאַדיץ איז געווען בעשטימט אלס דער ספּעציעלער האַפען פאר אלע שיפען, וואָס וועלען אָבגעהן נאָך היספּאַניאָללא, נאָך „דיא אינדיעס“; און דיעזער האַפען איז געווען אונטער דער שטרענגער קאָנטראָלע פון דעם נייעם מיניסטעריום. קיינער האָט ניט געקענט פאָהרען נאָך דיא נייע לענ־דער אָהן אַ געשריעבענע ערלויבנים פון דעם קעניג און קעניגין, פון פאָנסעקאָ׳ן אָדער פון קאָלומבוס׳ען.

אום צו בעקעהרען דיא אינדיאַנער צום קריסטענטהום, האָט דער פּאַפּסט, דער אויבען־דערמאָנטער אַלעקסאַנדער דער זעקסטער, מיט דער עקספּעדיציע מיטגעשיקט זיינעם אַ ספּעציעלען פערטרעטער — אַ גלח מיט׳ן נאָמען ב אָ י ל. זעקס פון דיא אינדיאַנער, וועלכע קאָלומבוס האָט מיטגעבראַכט אויף זיין ערשטע רייזע, האָט מען אָבגע׳שמד׳ט אין באַרצעלאָנא, און דער קעניג מיט דער קעניגין האָבען דערביי גענומען אויף זיך דיא מצוה פון דיענען אלס טויף־פאַטער און טויף־מוטער. דיעזע זעקס נייע „קריסטען“ האָבען בעדאַרפט דעם פּאַפּסט׳ס משולח העלפען אין זיין פּראָפּאַגאַנדא צווישען זייערע ברידער און שוועסטער אין היספּאַניאָללא. אָבער איינער פון דיעזע זעקס שפּאָגעל נייע „מיסיאָנערען“ איז באַלד געשטאָרבען. עס איז געווען אַ שאָדען; מען האָט זיך אָבער געטרויסט מיט דעם, וואָס ער האָט געראַטעוועט זיין נשמה פאר׳ן טוידט און מען האָט מיט שטאָלץ גערעדט וועגען

איהם אַלס „דער ערשטער אינדיאַנער, וועלכער איז ווען עס איז אַריין אין גן־עדן.“

אַ פּאָר ווערטער וועגען דעם כאַראַקטער פון דיא מענשען, וואָס זיינען מיט קאָלומבוס׳ען געפאָהרען אויף זיין צווייטע רייזע.

ערשטענס, וואָס פאַר אַן אונטערשיעד עס איז געווען צווישען דיא ערשטע עקספּעדיציע און דיא צווייטע אין בעצוג אויף דעם געפיהל, מיט וועלכען מען האָט זיך געקליבען אין וועג! דאַן האָט מען זיך געמוזט בעטען, אַז מען זאָל מיטפאָהרען; מען האָט געמוזט בעפרייען מענשען פון קרימינעלע פּראָצעסען, ארויסלאָזען ארעסטאַנטען פון דיא טורמעס, אום צו קריעגען מאַטראָזען פאַר דיא שיפען; און דיא, וואָס זיינען שוין געפאָהרען, האָבען זיך מיט זייערע פריינד געזעגענט אַזוי וויא פאַר׳ן טוידט. היינט, וויעדער, האָבען זיך מענשען געבעטען מען זאָל זיי מיטנעהמען. און דער, וואָס האָט געהאַט דעם מזל אָנגענומען צו ווערען, האָט זיך געשעצט גליקליך. מען האָט געזעהן, אַז מען פאָהרט ווייט איבער דעם „ים פון פינסטערנים“ און מען קומט צוריק אַ לעבעדיגער; מען האָט געהערט, אַז היספּאַניאָללא איז אינדיען, אַ לאַנד פון גאָלד, דימענטען און געווירצען, און יעדער האָט געדורשט דאָרטען צו זיין און רייך צו ווערען. אויב היינט, אין אונזער צייט, זיינען נאָך פאַראַן געגוג מענשען אין אייראָפּאַ, וועלכע מיינען, אַז אין אַמעריקא וואַלגערט זיך גאָלד אין דיא גאַסען, האָט מען דאָס דאַן אין שפּאַניען געמיינט אין דעם בוכשטעבליכען זינן פון דעם אויסדרוק. מען דאַרף נור זיך איינבויגען צום טייך און ארויסשעפּען הויפענס גאָלד־שטויב. מען דאַרף נור צוקומען צו דיא גאָלד־בערג, וואָס ליגען ווייטער, אום צו קלייבען דעם מעטאַל שטיקער־ווייז — אַזוי האָט קאָלומבוס געהערט פון אינדיאַנער און אַזוי האָט ער בעריכטעט.

אינדיען, דיא צויבער־לאַנד, דיא לאַנד פון גאָלד־טרוימען אויפ׳ן וואָהר, צו וועלכע דיא ציוויליזירטע אייראָפּאַ איז פריהער נאָך קיין מאָל ניט צוגעקומען, וועגען וועלכע מען פלעגט הערען בלויז אין באָבע־מעשיות, — דיעזע אינדיען איז פּלוצלונג אויפגעעפענט געוואָרען פאַר שפּאַניען, און עס גרייטען זיך שיפען אַהין צו פאָהרען! דיעזער געדאַנק האָט ווירקליך געווירקט וויא אַ כשוף. אויף זיין ערשטע רייזע האָט קאָלומבוס גענומען איינפאַכע אָרימע מאַטראָזען, היימלאָזע, בראַדיאַגעס, פּערברעכער, בעטלער. איצט זיינען צו זיין קאָמפּאַניע

צוגעשטאַנען פיעלע אריסטאָקראַטישע יונגע לייט. אייניגע פון זיי האָבען טאַקי הויפּטזעכליך געמיינט רייך צו ווערען; אַנדערע, וויעדער, זיינען איינפאַך געווען אַוואַנטוריסטען, מענשען מיט הייסע בלוט, וועלכע עס האָט געצויגען צו אַלערליי אונגעוועהנליכע, אויפרעגענדע ערפאַהרונגען. איצט, אז דיא מלחמה מיט דיא מורינען איז געווען געענדיגט, האָבען פיעלע מיליטערישע „ספּאָרטס“ זיך געלאַנגוויילט. זיי האָבען געביינקט נאָך דיא סענסאַציאָנען פון דער שלאַכטפעלד; און ווען זיי האָבען געהערט, אז מען פאָהרט אין ווייטע, אונבעקאַנטע לענדער, צו אַ לעבען פול מיט נייעסען און געפאַהרען, האָבען זיי זיך געבעטען מען זאָל זיי מיטנעהמען. זיי האָבען אָבגעפּוצט זייערע שווערדען, ארקעבוסען, שטאָלענע פיילען־בויגענס, מלחמה־העק, פאַנצירען, קיווערען, — דיא געוועהר און בעשיצונגען, מיט וועלכע זיי האָבען געקעמפפט אין גראַנאַדא — און האָבען דאָס איצט מיטגענומען צו קעמפּפען געגען דיא ניט־קריסטליכע פעלקער פון דעם „ווייטען מזרח“, אויב מען וועט דארפען.

אזוי פיעל האָבען זיך געריסען צו פאָהרען, אז אויף דיא 17 שיפען, וואו עס איז געווען פּלאַץ נור פאַר 1200, האָט מען געמוזט נעהמען 1500; און ווען עס וואָלט געווען מעהר שיפען, וואָלטען זיי אויך געווען געפּאַקט.

דריי פון דיעזע זיעבצעהן זיינען געווען גרויסע פראַכט־שיפען. זיי זיינען געווען פערנומען מיט פערד, אייזלען, פיה, זריעה פון פערשיעדענע תבואות, צוקער־שטעקלעך, וויין־פּלאַנצונגען, געוועהר, פּולווער, קוילען און מאַססען פערשיעדענע אנדערע זאכען, וועלכע זיינען נויטיג צו דער גרינדונג פון אַ שטענדיגע קאָלאָניע אויף דעם שוים פון דער ווילדער נאַטור.

צו דער גרינדונג פון אַ קאָלאָניע דאַרף מען אָבער האָבען גאַנץ אַנדערע מענשען. מען דאַרף האָבען ערנסטע, עהרליכע ארבייטסזאַמע מענער און פרויען, ניט קיין אַוואַנטוריסטען און אריסטאָקראַטישע גאָר־נישטען, וואָס טויגען בלויז צו בלוטיגע ספּאָרטס. דער כאַראַקטער פון דער קאָמפּאַניע, וועלכע קאָלומבוס האָט מיטגענומען, האָט דעריבער אין זיך געהאַט דיא קערנער פון ניט־ערפאָלג, — פון צאַנקערייי, אינטריגען און אַלערליי צרות.

דיא פלאָטע איז ארויסגעשוואומען פון דעם קאַדיצער האַפען דעם

25־טען סעפּטעמבער, 1493, פאַר־טאָג. זי האָט זיך פערנומען צו זיד־וועסט צו, אום אויסצומיידען פּאָרטוגעזישע אינזלען; און דעם ערשטען אָקטאָבער איז זיא אָנגעקומען אויף איינעם פון דיא קאַנאַרישע אינזלען, וועלכע, וויא מיר ווייסען שוין, האָבען בעלאַנגט צו שפּאַניען. דאָ האָט מען זיך אָבגעשטעלט עטליכע טעג צו נעהמען אויף דיא שיפען קעלבער, שעפּסען, ציגען און חזירים. (פון אכט חזירים, וואָס מען האָט פון דאַנען מיטגענומען, האָבען זיך אין היספּאַניאָללא נאַכהער פערנאַנדער־געפּלאָדעט טויזענדע). אויך האָט מען פון דיא קאַנאַרישע אינזלען אויף דיא פראכט־שיפען גענומען עופות און דיא זריעה־קערינדלעך פון אַפּעלסינען, ציטרינען, אַרבוזען און אַנדערע פרוכטען.

דעם 7־טען אָקטאָבער האָט מען פּאָרטגעזעצט דיא רייזע. קאָלומבוס האָט געקערעוועט דיא פלאָטע ניט דירעקט נאָך היספּאַניאָלאַ, נור מעהר צו דרום צו. זיין צוועק איז געוועזען צו קומען צו דיא קאַריבישע אינזלען, וועגען וועלכע ער האָט געהערט פון דיא אינדיאַנער אַלערליי גלענצענדע בעריכטען.

אויף דיעזען אַרט האָט ער אויסגעמיטען דיא גרעסערע טייל פון „סאַרגאָססאַ“ פעלדער, דיא גראָז־שטרעקע אויפ’ן ים. דער וועג איז איבערהויפּט געוועזען פריי פון שטערונגען; און דעם 2־טען נאָוועמבער האָט קאָלומבוס ערקלעהרט, אז זיי מוזען זיין נאָהענט פון לאַנד. ער האָט געאורטיילט נאָך דעם קאָליר פון דיא וואַסער, נאָך דעם כאַראַקטער פון דיא כוואַלעס, נאָך דעם זאָרט ווינטען, וואָס דאָ האָבען געבלאָזען און נאָך דיא אָפּטע קורץ־דויערענדע רעגענס, וואָס דאָ האָבען אויסגעבראָכען; און ער האָט קיין טעות ניט געהאַט. אויף מאָרגען האָט מען דערזעהן א הויכען, בערגעדיגען אינזעל, און דיא שיפען האָבען געהילכט מיט פרייד.

דאָס איז געוועזען איינער פון דיא קאַריבישע אינזלען, וועלכע מען רופט אויך קליינע אנטיללען.*) דיעזע אינזלען געהען וויא א „האַלבע לבנה“, פון פּאָרטאָ־ריקאָ ביז זיד־אַמעריקאַ. זיי צאַמען אָפּ א שטיקעל ים, וועלכער הייסט קאַריבישער ים. דער קאַריבישער

*) דיא גרויסע אנטיללען זיינען דיא אינזלען: קובא, יאמאַיקאַ, היספּאַניאָלאַ (האַיטי), פּאָרטאָ־ריקאָ (זעה אויבען, זייטעל 259).

ים איז אַלזאָ פון מערב זייט פון דיעזע אינזלען און דער אַטלאַנטישער אָקעאַן — פון מזרח זייט (זעה לאַנדקאַרטע, זייטעל 260).

זיך אָבשטעלען אויף דיעזען אינזעלע איז געוועז שווער, ווייל זיינע ברעגעס זיינען ניט געוועזן קיין בעקוועמע, — איז קאָלומבוס געשוואוּמען צו אַ צווייטען אינזעל. גאַנצע סטאַדעס פון רייך־קאָלירטע פּאַפּוּגאַיען זיינען אַהין געפלויגען מיט לוסטיגע קולות, האָט ער זיך אויך פערנומען אַהין. אויף דעם צווייטען אינזעל האָט ער זיך אָבגעשטעלט און ער האָט איהם אַ נאָמען געגעבען מ אַ ר י ע ג אַ ל אַ נ ט אַ, נאָך דעם נאָמען פון זיין פּאַהן־שיף. דיא ברעגעס זיינען דאָ געוועזן „ארומגעזוימט" מיט שמעקענדע וועלדעלעך, וועלכע האָבען זייער מחיה'דיגען ריח מיט'ן ווינטעלע געשיקט צו דיא שיפען. קאָלומבוס'ען האָט אָבער צו זיך געצויגען אַ גרעסערער אינזעל.

דאָרטען איז געוועזן אַ הויכער באַרג מיט דיא מויל פון אַ וואולקאַן און אַ ריעזיגען וואַסער־פאַלל. דער באַרג איז געוועזן בעוואַקסען מיט פּרעכטיגע בוימער און ארום־און־ארום זיינען געשטאַנען דיא הייזער פון אינדיאַנער.

ווען דיעזע אינדיאַנער האָבען דערזעהן דיא שיפען מיט דיא „ווייסע פליגלען" און דיא אונגעוועהנליכע מענשליכע בעשעפעניסען, וואָס זיינען פון זיי אראָבגעקומען, זיינען זיי פאַר שרעק זיך צולאָפען; אייניגע פון זיי האָבען זאָגאַר ניט פאַספּייעט מיטצונעהמען זייערע קליינע קינדער. עס האָט זיך נאכהער ארויסגעצייגט, אז דיא מענער פון דיעזען אינזעל זיינען אַוועק אויף מלחמה מיט אַן אַנדער אינזעל, און אז דאָ זיינען איצט פאַראַן בלויז פרויען און קינדער. אָבער דיא פרויען זיינען געוועזן אזעלכע בייזע און מוטהיגע, און זיי האָבען געברויכט זייערע געוועהר מיט אַזאַ פלינקייט, אַז אָהן אייראָפּעאישע געוועהר האָט מען מיט זיי זיך ניט געקענט ספּראַווען. זיי האָבען געקעמפּפט וויא דיא לייבען.

דער דאָרף, וועלכען קאָלומבוס'עס מענשען האָבען בעזוכט, איז בעשטאַנען פון עטליכע און צוואַנציג הייזער, אויסגעשטעלט אין פיער ציילען ארום אַ פיער־קאַנטיגען ליידיגען פּלאַץ. דיא הייזער זיינען געווען געבויט פון בוימער, צוזאַמענגעפלאָכטען מיט צווייגען און זומפּשטעקלעך און געדעקט מיט פּאַלמען־בלעטער. זיי זיינען ניט געוועזן קייילעכדיג, וויא דיא הייזער פון דיא אינזלען, וואָס קאָלומבוס האָט אויף

זיין ערשטע רייזע בעזוכט, נור פיער־קאַנטיג. יעדע הויז האָט פון פאַר־רענט געהאַט א פאַר זיילען מיט אַ דעכעלע, און אין איין הויז זיינען דיא זיילען געווען בעציערט מיט ציעמליך גוטע שניצונגען אין דער פאָרמע פון שלאַנגען. אינוועניג אין דיא הייזער האָבען דיא שפּאַניער געפונען געפלאָכטענע וויגעלעך („העממאקס") און ליימענע קריעג. אויך זיינען דאָרטען געלעגען מאַסען באַוועל, אַ גראָבער זאָרט לייווענט און א מאַססע בויגענס מיט פיילען, וועלכע זיינען געווען בעשפּיצט מיט שאַרפעביינער. אויך זיינען דאָ געווען גענז, אַזוי וויא דיא אייראָפּעאישע, און צוגעוואוינטע פּאַפּוגאַיען מיט גרינע, בלאָיע, ווייסע און העל־רויטע פעדערען. דאָ האָבען דיא שפּאַניער צום ערשטען מאָל געזעהן אַנאַנאַסען (פּיינעפּעל). אין איין הויז זיינען זיי איבערראַשט געוואָרען צו זעהן כלים פון אייזען; מען רעכענט אָבער, אז דאָס איז געווען אזא מין שטיין, וועלכער בליסטשעט וויא אייזען, ווען מען ברענט איהם.

אין איינוגע הייזער האָבען דיא שפּאַניער געפונען געדרויכערטע גליעדער און קעפּ פון מענשען. זיי האָבען דאָס אָנגענומען פאר א דייטליכען בעוויז, אז די קאַריבען זיינען מענשען־פרעסער. איצט גלויבט מען אָבער, אַז קאָלומבוס מיט זיינע מיטרייזענדע האָבען אַ טעות געהאַט. דיא געדרויכערטע הענט, פיס און קעפּ זיינען מסתמא געווען דיא גליעדער פון געשטאָרבענע קרובים פון די דאָרטיגע אינדיאַנער; און דאָס וואָס מען האָט זיי געהאַלטען אין שטוב, איז געווען אַ מין רעליגיעזער מנהג ביי זיי. קאָלומבוס איז אָבער געווען זיכער, אז זיי זיינען „ליודאָיעדען", מענשען־פרעסער. אין זיינע בעריכטען האָט ער דיא קאַריבער, אָדער „קאַניבער", נאכהער אויך ליטיין גערופען קאַניבאַלען, און פון דעם איז דאָס ארויסגעקומען דער וואָרט „קאַניבאַלען", מיט וועלכען מען בעצייכענט מענשען־פרעסער אין אַלע היינטיגע שפּראַכען.

קאָלומבוס האָט זיך אָבער געזוכט דאָס זייניגע און ער האָט דאָס וויעדער געפונען: דער וואָרט „קאַניב" האָט איהם געקלונגען וויא „קאַן", „כאַן". אַלזאָ זיינען די היעגע מענשען מסתמא אונטערטהאַנען פון דעם „גרויסען כאַן", דעם מעכטיגען הערשער פון כינאַ.

דיא שפּאַניער האָבען באַלד געכאַפּט אינגעל און עטליכע פרויען. ריידענדיג מיט זיי אויפ'ן וואונק האָט קאָלומבוס בעקומען דעם איינדרוק, אַז די איינוואָהנער פון דיעזען אינזעל האָבען אַ פערבאַנד מיט די

איינוואָהנער פון צוויי אַנדערע אינזלען און אַז דיעזער פערבאַנד פיהרט מלחמות געגען דיא אינדיאַנער פון דיא אַלע איבעריגע אינזלען פון דער קאַריבישער גרופּע. זיי פלעגען יענע אינדיאַנער בעפאַלען, פאַנגען דיא יונגסטע און שעהנסטע פון זייערע פרויען אום צו מאַכען זיי פאַר זייערע ווייבער אָדער דיענסטען, וועהרענד דיא מענער און דיא קינדער פלעגען זיי הרג'ען און אויפעסען. אַזוי האָבען דיא שפּאַניער אויס־געטייטשט דיא וואונק־שפּראַך אין וועלכע דיא אינדיאַנישע פרויען האָבען צו זיי גערעדט. אַז ניט אימער האָבען זיי געלערענט דעם ריכטיגען פּשט, איז זעלבסט־פערשטענדליך.

דיא פלאָטע וואָלט שוין געגאַנגען ווייטער, נור עס איז פער־שוואונדען געוואָרען איינער פון דיא 17 שיפס־קאַפּיטאַנען און אַכט פון זיינע מאַטראָזען. זיי זיינען אוועק בעקוקען דעם אינזעל און האָ־בען פערבלאָנזשעט אין א געדיכטען וואַלד. קאָלומבוס האָט ארויסגע־שיקט עטליכע קאָמפּאַניעס זיי זוכען. מען האָט זיי אָבער ניט געקענט געפינען. עטליכע טעג זיינען אַזוי פּאָראיבער. מען האָט זיך שוין פון זיי מיאש געווען און דיא שיפען האָבען שוין זיך געגרייט פּאָרט־צוזעצען זייער רייזע, וויא מען האָט דערזעהן וויא זיי מאַכען מיט דיא הענט פון ברעג. עס איז געווען א שרעק אויף זיי א קוק צו טהאָן, — אַזוי אויסגעמאַטערט און אויסגעהונגערט זיינען זיי געווען. עטליכע טעג האָבען זיי ארומגעבלאָנזשעט, געקלעטערט איבער בערג, געבראָ־דזשעט דורך וואַסערען איידער זיי זיינען צוריק געקומען צו דעם אָרט, פון וואַנען זיי זיינען אוועק.

דער שטריינגער, באַרמלאָזער קאָלומבוס האָט גלייך געהייסען דעם קאַפּיטאַן ארעסטירען און דיא אַנדערע אַכט געבען בלויז א העלפט פון זייער פּאָרציע שפּייז — פאַר וואָס זיי זיינען אוועקגעגאַנגען אָהן ערלויבניס.

דיא שיפען זיינען ווייטער געגאַנגען. זיי זיינען געשוואומען פאַרביי אַנדערע קליינע אינזלען, איינער שעהנער פון דעם אַנדערען. קאָלומבוס האָט ניט געקענט אָפּרייסען דיא אויגען פון זיי. א וואָהרער גן־עדן־פּראַכט האָט זיך פאַרנאַנדער־געוויקעלט פאַר איהם. ווי א שנירעל פּערעל זיינען דיא אינזלען געלעגען אין ים. איינער פער־שווינדט קוים הינטער'ן הימעל, וויא אַן אַנדערער שוועבט פון ווייטען ארויס פאַר דער בעצויבערטער אויג. אָבער זיך אָבשטעלען, צו בע־

זוכען זיי מיט זייערע דופטענדע גרינע וועלדער, מיט זייערע רייצענד־שעהנע בערג, מיט זייער פּרעכטיג־קאָלירטע בלומען און פויגלעך, — האָט קאָלומבוס זיך ניט געקענט פאַרגינען. זיין הארץ האָט געקלאַפּט פון אונגעדולד צו דערגרייכען היספּאַניאָלאַ, צו קומען „אהיים“, אין דער קאָלאָניע נ א ו ו י ד א ד, וועלכע ער האָט דאָ איבערגעלאָזען. וואָס מאַכען זיי דאָרטען, דיא 40 מאַן, וועלכע זיינען איבערגעבליעבען אין דער הילצערנער פעסטונג? וויא האָט זיך זיי געלעבט דיא עטליכע מאָנאַט? וואָס האָבען זיי אויפגעטהאָן? האָבען זיי געפונען א סך גאָלד אין צ י ב א אָ? — ער האָט זיך קוים געקענט דערוואַרטען דעם מאָמענט, ווען ער וועט זיך זעהן מיט זיי...

אָבער אין א פּאָר טעג אַרום האָט אויסגעבראָכען א שטורעם און ער איז געצוואונגען געווען זיך אָבצושטעלען. דעם אינזעל, צו וועלכען ער איז איצט צוגעשטאַנען האָט ער א נאָמען געגעבען ס א נ ט א ק ר ו ץ, דער „הייליגער צלם“. ער האָט אַרויסגעשיקט א שיפעל מיט מענשען אָנצונעהמען וואַסער און זעהן וואָס פאַר א פּלאַץ דאָס איז. דאָ זיינען אויך געווען בלויז פרויען און קינדער. באַלד האָבען דיא שפּאַניער פון דער קליינער שיפעל בעגעגענט א „קאַנאָ“ מיט אינדיאַנערקעס. ווען דיא לעצטע האָבען דערזעהן דיא שיפען, זיינען זיי אַזוי איבערראַשט געוואָרען, אַז זיי האָבען זיך אָבגעשטעלט אַזוי וויא פערגליווערטע. דיא קליינע שיפעל איז דאַן שטילינקערהייט צוגעשוואומען צו זיי. דיא אינדיאַנער פרויען האָבען געפּרופט מאַכען פּליטה; דיא שפּאַניער האָבען זיי אָבער פערצאַמט דעם וועג צום ברעג. דאַן האָבען דיא רויט־הויטיגע פרויען געכאַפּט זייערע פייל־בויגענס און האָבען גענומען שיסען מיט וואונדערבאַרע שנעלקייט און קראַפט. דיא ווייסע האָבען זיך צוגעדעקט מיט זייערע שילדען, אָבער צוויי פון זיי זיינען פאָרט געוואונדעט געוואָרען. דיא פרויען האָבען געקעמפּפט וויא בייזע חיות. ווען דיא שפּאַניער האָבען איבערגעקעהרט זייער קאַנאָ, און זיי זיינען אַריינגעפאַלען אין וואַסער, — האָבען זיי גענומען שווימען וויא פיש, און שווימענדיג געשאָסען מיט זייערע פייל־בויגענס.

נאָך א שווערען און לאַנגען קאַמפּף איז דיא שפּאַניער געלונגען זיי אָנצוטהאָן קייטען און אוועקצופיהרען צו דיא שיפען. איינע פון דיא פרויען, וועלכע דיא אַנדערע האָבען אָבגעגעבען כבוד, האָט מיט

זיך געהאַט איהר יונגען זוהן — אַ געזונטען קערעל מיט אַ סטראַשנעם אויסזעהן. ער איז געווען געוואונדעט, אָבער דאָס האָט איהם נאָך בייזער און ווילדער געמאַכט. דיא אָרימס זיינען ביי איהם און ביי דיא פרויען געווען שטאַרק אַרומגעבונדען מיט שנירלעך אַזוי אַז זייערע מוסקולען האָבען אַרויסגעסטאַרטשעט וויא אָנגעשוואָלענע שטיקער פלייש. דאָס פלעגען טהאָן דיא אינדיאַנער פון פיעלע שבטים, אום עס זאָלען ביי זיי ענטוויקעלט ווערען גרויסע שטיקער מוסקולען וויא קישעלעך. דאָס האָט ביי זיי געהייסען אויסזעהן וויא אַ גבור און שעהן. דיא אויגען זיינען ביי אַלעמען געווען אַרומגעפאַרבט, אום זיי זאָלען אויסקוקען פירכטערליך.

אַזוי זיינען זיי געווען, דיא קאַריבען, — אַ פאָלק פון ביטערע יונגען, אונאויפהערליכע קעמפפער. ווען דאָס קינד האָט נור אָנגעהויבען צו געהן, האָט זיין מוטער איהם שוין געלערענט האַלטען אַ פיילען־בויגען אין האַנט. זיי האָבען אָפט אַטאַקירט דיא אַרומיגע אינזלען, זיינען געשוואומען צימליך ווייט פון זייער היים און געהאַלטען דיא פריעדליכערע שבטים אין שרעק.

קאָלומבוס איז ווייטער געשוואומען. באַלד האָט ער דערגרייכט אַ גרויסען אינזעל. דאָס איז געווען פּאָרטאָ־ריקאָ, וועלכער בעלאַנגט היינט צו דיא פעראייניגטע שטאַאטען. דיא קאַריבישע אינזלען זיינען שוין אַלזאָ געווען געענדיגט. אין פּאָרטאָ־ריקאָ זיינען דיא שפּאַניער פערבליבען אַ פּאָר טעג, און אַזוי גיך וויא זיי זיינען געווען אין שטאַנד ווייטער צו זעגלען, האָבען זיי זיך ווידער אַוועקגעלאָזען אין וועג.

דעם 22טען נאָוועמבער האָבען זיי דערזעהן דעם ציעל פון זייער רייזע, דעם געגענשטאַנד פון זייערע ערוואַרטונגען — דעם ברעג פון דעם אינזעל ה א י ט י אָדער „ה י ס פּ א נ י אָ ל אַ, וויא קאָלומבוס האָט איהם אַ נאָמען געגעבען. אָט וועלען זיי באַלד זיין אין נ אַ־ו ו י ד אַ ד, אין דער שפּאַנישער שטעטעלע, וועלכע ערוואַרט זיי אין דיעזער ווייטער, פרעמדער, ווילדער, אונבעקאַנטער וועלט. אין איין פּלאַץ האָט קאָלומבוס אויפ׳ן ברעג אַרויסגעשיקט איינעם פון דיא אינדיאַנער, וואָס ער האָט פון דאַנען אַוועקגעפיהרט נאָך שפּאַניען. ער האָט איהם אויסגעפּוצט אין שפּאַנישע קליידער מיט אַ סך פּאַטשערקעס, העלל־קאָלירטע טוך און גלעקלעך. דער אינדיאַנער איז

שוין געווען אַ „קריסט“, וואָרים מען האָט דאָך איהם געטויפט אין באַרצעלאָנאַ, וואו דער קעניג אַליין איז געווען זיין טויף־פאָטער און די קעניגין — זיין טויף־מוטער. אָבער דיעזע עהרע איז ביי איהם, וויא עס ווייזט אויס, וועניג אָנגעלייגט געווען. קאָלומבוס האָט איהם ארויסגעשיקט ער זאָל געהן צו זיינע ברידער, ווייזען זיינע ציערונגען, דערצעהלען וועגען די גוטסקייט פון די שפּאַניער און פון זייער רעליגיאָן, און דערנאָך קומען צוריק און העלפען קאָלומבוס'ען אַלס דאָלמעטשער; מען האָט איהם אָבער מעהר קיין מאָהל ניט געזעהן. די פרייע ווילדע נאַטור מיט זיינע פרייע ווילדע שוועסטער און ברידער זיינען איהם מסתמא בעסער געפעלען געוואָרען וויא די ציוויליזאַציאָן מיט די רעליגיאָן פון די ווייסע.

איין אינדיאַנער פון די זעקס געטויפטע איז קאָלומבוס'ען יאָ געבליבען טריי דעם גאַנצען לעבען. דאָס איז געווען אַ יונגער רויט־הויטיגער פון גוואַנאַהאַני, דעם אינזעל, וואו קאָלומבוס האָט זיך אָב־געשטעלט אויף זיין ערשטע רייזע. זיין קריסטליכער נאָמען איז געווען ד י ע ג א  ק אָ ל אָ ן (דאָס הייסט קאָלומבוס), נאָך קאָלומבוס'עס אינגערען ברודער. ער האָט שוין נישקשה'דיג געפּלאָפּעלט אויף שפּאַ־ניש און ער איז געווען זעהר ניצליך אַלס דאָלמעטשער. אָבער ניט אומעטום האָט ער מיט די אינדיאַנער געקענט זיך גוט צוזאַמענריידען, וואָרים זייערע שפּראַכען זיינען געווען מעהר אָדער וועניגער פערשיעדען.

באַלד האָבען די שפּאַניער אויפ'ן ברעג דערזעהן אַ טויטען קערפּער מיט אַ שטריק אַרום האַלז. לעבען איהם איז געלעגען דער קערפּער פון אַ טוידטען אינגעל. צו דאָס זיינען אינדיאַנער אָדער אייראָפּעער איז שווער געווען צו בעמערקען, ווייל די צוויי מתים זיינען שוין געווען צופוילט. דאָך איז ביי קאָלומבוס'ען איינגעפּאַלען דאָס האַרץ. אין אַ קורצע צייט אַרום האָבען זיי געפונען צוויי אַנדערע טרופּעס, און אַזוי וויא איינער פון זיי האָט געהאַט אַ באָרד, איז געווען דייטליך, אַז דאָס זיינען ניט קיין אינדיאַנער נור שפּאַניער. דעם פּלאַץ פון קאָלומבוס'עס ליכטיגע ערוואַרטונגען האָט פערנומען אַ שווערע אונרוהיגקייט. וואָס קען דאָס זיין? וואָס פאַר אַן אונ־גליקען האָט דאָ פּאַסירט מיט זיינע קאָלאָניסטען? מיט דיעזע פראַגען און געדאַנקען איז ער צוגעפאָהרען צו אַזאַ טהייל פון דעם ברעג,

ניט ווייט פון נ אַ וו י ד אַ ד, וואו ער האָט זיך געקענט אָבשטעלען. אַזוי וויא עס איז שוין געווען פינסטער און דאָ האָבען זיך געפונען פעלזען אין וואַסער, האָט ער ניט געוואָלט ריזיקירען צוצושווימען צום סאַמע ברעג ביז זונען־שיין. ער האָט דעריבער דיא פלאָטע געהייסען אַנקערען אַרום דריי מייל פון דעם אינזעל. אום צו לאָזען וויסען דיא קאָלאָניסטען פון נאַווידאַד אַז ער איז דאָ, האָט ער געהייסען אויס־שיסען מיט קאַנאָנען. דער שאָס האָט געקנאַלט איבער דעם אַרומיגען וואַסער און לאַנד, אָבער קיין אַנטוואָרט האָט מען ניט בעקומען. קאָ־לומבוס און זיינע מיטרייזענדע האָבען אָנגעשטריינגט זייערע אויגען אויפ׳ן ברעג, — פיליכט וועלען זיי דערזעהן אַ ליכט; אָבער אומזיסט. אַ געדיכטע פינסטערניס און אַ טויטע שטילקייט האָט זיי אַרומגע־רינגעלט ֹפון אַלע זייטען.

צושראָקען, נערוועז, האָט מען געוואַרט אויף דעם פריה־מאָרגען, וועלכער וועט ערקלעהרען דיא גרויזאַמע רעטענים. קיינער האָט קיין אויג ניט צוגעמאַכט. יעדע מינוט איז געווען אַ שטונדע.

אין מיטען נאַכט איז צוגעשוואומען אַן אינדיאַנישע קאַנאָ. דיא רויט־הויטיגע, וועלכע זיינען אין איהר געזעסען האָבען זיך נאָכגעפרעגט אויף קאָלומבוס׳ען. ווען מען האָט זיי אָנגעוויזען אויף זיין שיף, זיי־נען זיי צוגעשוואומען צו איהר, אָבער אַרויפגעהן האָבען זיי זיך ענט־זאַגט ביז קאָלומבוס אַליין איז צוגעקומען צו דער זייט פון שיף און מען האָט בעלויכטען זיין געזיכט מיט אַ לאַנטערנע, אום זיי זאָלען איהם זעהן. ווען זיי האָבען איהם דערזעהן, האָבען זיי אַרויפגעקלעטערט. זיי האָבען מיט זיך געבראַכט פרעזענטען פון גוואַקאַנאַגאַרי, זייער על־סטען — עטליכע באַוועלנע מאַסקען בעפוצט מיט גאָלד.

ווען קאָלומבוס האָט געפרעגט וועגען דיא שפאַניער, וואָס ער האָט איבערגעלאָזען, האָבען זיי זיך געפלאָנטערט אין זייערע אַנטוואָר־טען. עס איז אָבער זעהר מעגליך אַז דיעגאָ קאָלאָן, דער אינדיאַנער דאָלמעטשער, האָט זיי ניט ריכטיג פערשטאַנען, ווייל זייער שפראַך איז געווען אַ ביסעל פערשיעדען פון זיין שפראַך. דיא אינדיאַנער וואָס זיינען געקומען מיט דיא פרעזענטען האָבען דערצעהלט, אַז עט־ליכע פון זיינע קאָלאָניסטען זיינען געשטאָרבען פון פערשיעדענע קראַנקהייטען; אַז עטליכע האָבען זיך איינע דיא אַנדערע אויסגע־הרג׳עט אין אַ דראַקע וואָס צווישען זיי איז פאָרגעקומען, און דיא

איבעריגע זיינען אוועק נאך אן אנדער טהייל פון דעם אינזעל, וואו זיי האבען גענומען אינדישע פרויען. זיי האבען אויך דערצעהלט, אז קאאנאבא, דער סטראשנער קאסיק פון ציבאאָ, דיא גאלד־בערג, האט געמאכט א בעפאל אויף גוואקאנאגארי, איהם פערוואונדעט און פארברענט זיין דארף — אז ניט וואלט גוואקאנאגארי איצט פערזענליך געקומען צו קאלומבוס'ען מיט א וויזיט.

אויף מארגען האט קאלומבוס געשיקט זעהן, וואס דארטען איז אין נאווידאד. דיא ערשטע זאך וואס האט זיך דיא שלוחים געווארפען אין דיא אויגען, איז געווען אז דיא אינדיאנער האבען אויסגעמיידט זיך צו בעוויזען. אנשטאט דיא פרעהליכע, הארצעדיגע פריינדליכקייט, מיט וועלכע זיי האבען זיך ארומגעדרעהט ארום דיא שפאניער און זייערע שיפען פאריגען מאהל, האט מען איצט ניט געזעהן קיין איינציגען פון זיי און קיין איינציגע קאנא זייערע — א חוץ דיא, וואס האבען בעזוכט דיא שיפען ביי־נאכט.

ווען דיא עטליכע מענשען זיינען ענדליך צוגעקומען צו דעם פלאץ פון נאווידאד גופא, האבען זיי דארטען געפונען א שרעקליכען חורבן. אלץ איז געווען צושמעטעדט, צוואוארפען. דיא קאסטענס זיינען געווען אויפגעבראכען, דיא שפייז פערדארבען. דיא שפאניער האבען וויעדער געפרופט אויסשיסען, טאמער וועט זיך ווער עס איז אפרופען. עס איז אבער געווען אן עבירה דיא מיה.

ביסלעכווייז האבען דיא אינדיאנער זיך אויפגעהערט צוריקצוהאלטען פון דיא שפאניער. מיט גוטען האבען דיא וויסע זיי איבערצייגט, אז זיי האבען ניט וואס זיך צו בעהאלטען פון זיי. עס האבען זיך געפונען רויט־הויטיגע, וואס האבען אין דיעזע עטליכע מאנאטען זיך אויסגעלערנט פיעלע שפאנישע ווערטער, און געקענט דיא 40 שפאניער פון נאווידאד מיט דיא נעמען. דורך זיי און מיט דיא הילף פון דאלמעטשערס איז קאלומבוס דערגאנגען וואס דא איז פארגעקומען.

דיא קאלאניסטען האבען זיך אבגעגעבען צו דעם עקעלהאפטסטען זארט הולטייסטוועס און רויבערייען. דיא אינדיאנער האבען זיי געגעבען צו עטליכע פרויען; אבער דאס איז פאר זיי אויך געווען וועניג. זיי האבען געכאפט דיא ווייבער און טעכטער פון זייערע שכנים אויך. איבער א פרויענצימער האבען זיי געהאט א בלוטיגען געשלעג צווישען

זיך. זיי האָבען געכאַפּט ביי דיא אינדיאַנער אַלץ וואָס האָט נור געהאַט אַ ווערטה, זיך געקריעגט און גע'ממית'ט איבער זייער רויב, איבער זייערע הולטייסטוועס, איבער דער פיהרונג פון דער קאָלאָניע. אַזוי האָבען זיי זיך צוטהיילט אויף פיינדליכע גרופּען און אָנגעהאַלטען זייערע צאַנקערייען און דראַקעס ביז איין גרופּע איז אַוועק אין אַן אַנדער געגענד — נאָך דיא גאָלד־בערג פון ציבאַאָ.

דאָרטען האָט דאָס געהערשט ק אַ אָ נ אַ ב אָ. (דער נאָמען בעשטעהט פון דריי ווערטער קאַאָ־נאַ־באָ, וועלכע בעדייטען „האַרר פון דער גילדערנער הויז" — אַזוי האָבען איהם גערופען דיא אינדיאַנער). ער איז, אייגענטליך, געוועזן ניט פון היספּאַניאָלאַ נור פון דיא קאַריבישע אינזלען; און וויא אַלע קאַריבען — אַן אונערשראָקענער, ברענענדיגער קעמפּפער. דיא מילדע, פריעדליכע אינדיאַנער פון היספּאַניאָלאַ האָבען פאַר איהם געציטערט. ער איז געוואָרען דיא שרעק פון דעם גאַנצען אינזעל, אָבער באַלד זיינען אָנגעקומען דיא ווייסע מענשען, און ער האָט געהערט וועגען דיעזע „הימעל־מענשען" מיט זייערע וואונדערליכע געוועהר און זייער מאַכט. ער איז אַראָפּגעפאַלען ביי זיך. עס האָט זיך איהם זעהר ניט געוואָלט אויפהערען צו שפּיעלען ערשטע פיעדעל. ווען ער האָט זיך אָבער דערוואוסט, אַז קאָלומבוס איז אַוועקגעפאָהרען, און אַז דיא 40 ווייסע רייסען זיך און בייסען זיך צווישען זיך, האָט ער געהאָפט, אַז באַלד וועט פון זייער מאַכט גאָר ניט ווערען. ווען די אויבען־דערמאָהנטע גרופּע שפּאַניער, וואָס האָט זיך אָבגעטהיילט פון נאַווידאַד, איז אַוועק נאָך זיינע גאָלד־בערג, האָט ער ניט געמאַכט קיין הכנות, איז זיי בעפאַלען און זיי אַלעמען אויסגע'הרג'עט.

נאַכהער איז צו איהם צוגעשטאַנען אַן אַנדער קאַסיק און מיט זייערע פעראייניגטע מחנות האָבען זיי פּלוצלונג שפּעט ביי נאַכט אַטאַקירט דיא הילצערנע פעסטונג נאַווידאַד. בלויז צעהן מענשען זיינען דאָרטען דאַן געווען, און זיי האָבען אויך קיין צייט ניט געהאַט זיך צו בעוואַפּענען. אנדערע ווייסע האָבען געשלאָפען אין זייערע הייזער ניט ווייט פון דאָרטען. אין דיא טוידטע שטילקייט פון דער נאַכט זיינען דיא אינדיאַנער זיי אַלעמען בעפאַלען מיט זייערע ווילדע מלחמה־געשרייען, און אָנגעצונדען דיא פעסטונג און דיא הייזער. אַכט פון דיא שפּאַניער האָבען געפּרופט אַנטלויפען. דיא רויט־

הויטיגע האָבען זיך אָבער נאָך זיי נאָכגעיאָגט און אַריינגעטריבען זיי אין ים, וואו יענע זיינען דערטרונקען געוואָרען. דיא איבעריגע האָבען זיי אויסגעקוילעט.

גוואַקאַנאַגארי מיט זיינע מענשען האָבען טריי מיטגעקעמפּפט מיט דיא שפּאַניער, אָבער זיי זיינען צו שוואַך געווען געגען דעם העלדישען קאַריב. דאַן האָט דאָס קאַאָנאַבאָ געוואונדעט דעם גוט־הערציגען קאַסיק און פערברענט זיין דאָרף.

דאָס אַלץ האָבען דיא ווייסע זיך איצט דערוואוסט.

גוואַקאַנאַגארי האָט בעזוכט דיא שפּאַנישע שיפען, און קאָלומבוס האָט איהם געוויזען דיא בהמות, עופות, פּלאַנצען און פערשיעדענע אַנדערע זאַכען, וואָס ער האָט דיעזען מאָהל מיטגעבראַכט. אַלץ האָט דעם קאַסיק איבערראַשט. פון אַלץ האָט ער זיך געוואונדערט. אָבער דעם שטאַרקסטען איינדרוק האָבען אויף איהם געמאַכט דיא פערד. ער האָט קיין מאָהל ניט געזעהן אַזעלכע גרויסע, אַזעלכע שטאַרקע בעשעפּעניסען. אויף דאָס אַלעם האָט ער געקוקט וויא אויף הימעל־וואונדער. דאָך האָט איהם אַם שטאַרקסטען פעראינטערעסירט אַ געוועהנליכע בעשעפּעניש פון דער ערד, אַ בעשעפּעניש אַזוי וויא ער אַליין, נור ניט פון זיין געשלעכט.

ווען קאָלומבוס איז געווען אויף דיא קאַריבישע אינזלען, האָט ער צווישען דיא פרויען, וואָס ער האָט דאָרטען געפאַנגען, גענומען עטליכע אינדיאַנערקעס, וואָס זיינען דאָרטען גופא אויך געווען אין געפאַנגענ־שאַפט. זיי אַליין זיינען געווען ניט קיין קאַריבען, נור פון דעם אינזעל פּאָרטאָ־ריקאָ, פון וואַנען קאַריבען האָבען זיי אַוועקגעשלעפּט. איינע פון דיעזע רויט־הויטיגע מיידלעך, וועלכע דיא שפּאַניער האָבען אַ נאָמען געגעבען קאַטילינאַ, איז געווען זעהר אַ שעהנע. ווען גוואַקאַנאַגארי האָט איהר איצט דערזעהן, בעזוכענדיג קאָלומבוס'עס שיף, האָט ער מיט איהר פערפיהרט אַ געשפּרעך. וועגען וואָס זיי האָבען גערעדט, האָבען דיא שפּאַניער ניט געקענט פערשטעהן. אָבער פון זיין טאָן און מאַניערען און פון דעם אויסדרוק פון זיינע אויגען, איז ניט שווער געווען צו פער־שטעהן, אַז דאָ האָט אויסגעשפּראָצט אַ רויט־הויטיגער ראָמאַן.

קאָלומבוס האָט גוואַקאַנאַגארי'ן איינגעלאַדען אין זיין עס־צימער און איהם מכבד געווען מיט דיא בעסטע שפּאַנישע שפּייז און געטראַנק. ער האָט איהם מכבד געווען מיט „ציוויליזירטע שנאַפּס". ביי'ן עסען

איז געקומען צו רייד וועגען אַ נייע שפּאַנישע קאָלאָניע. דער אינדיאַנער האָט גערעדט פריינדליך וויא אימער. אָבער פון פערבלייבען דאָ אויף אימער האָט ער קאָלומבוס'ען אָבגעשלאָגען. דער קלימאַט איז דאָ ניט קיין געזונטער פאַר דיא שפּאַניער, און איבערהויפּט זיינען פאַראַן פיעל בעסערע אינזלען, האָט ער דעם אַדמיראַל פערזיכערט.

דער אמת איז געווען, אַז דיא שמוציגע הולטייסטוואַס און אונזאַטבאַרע רויבערייען פון דיא 40 קאָלאָניסטען האָבען איבערגעביטען דיא אינדיאַנער'ס מיינונג וועגען דיא „הימעל־מענשען". זיי האָבען געהאַט צייט זיך צו ערקונדיגען, אַז דיא שפּאַניער זיינען שוין גאָר קיין מלאכים ניט. זיי האָבען זיך דעריבער געקלעהרט, אַז מיט אַזעלכע „ענגלען" איז דאָס בעסטע צו זיין גוטע פריינד פון וויטען.

אין עטליכע טעג ארום איז אויפ'ן שיף געקומען אַן אַנדער אינדיאַנער, כלומר'שט אום צו בייטען גאָלד אויף שפּאַנישע צאַצקעס. ווערענד ער איז דאָרטען געווען, האָט זיך איהם איינגעגעבען צו האָבען מיט קאַטילינאַ'ן אַ געשפּרעך. ביי־נאַכט האָט זיא אויפגעוועקט דיא אַנדערע אינדיאַנער פרויען. דיא שיפען זיינען געווען געאַנקערט דריי מייל פון'ם אינזעל, און דער ים איז געווען אַן אונרוהיגער; אָבער דאָס האָט זיי ניט צוריק־געהאַלטען. זיי האָבען זיך אַראָבגעלאָזען אין וואַסער און גענומען שנעל שווימען צום ברעג.

דיא וועכטער האָבען דערהערט, און מען האָט גלייך ארויסגעשיקט נאָך זיי אַ שיפעל. דיא ווילדע פרויען זיינען אָבער געשוואומען אַזוי קרעפטיג און פלינק, אַז אין וואַסער האָט מען זיי ניט געכאַפּט. פיער פון זיי האָט מען דעריאָגט שוין אויפ'ן ברעג. אָבער קאַטילינאַ און דיא איבעריגע זיינען פערשוואונדען אין וואַלד.

קאָלומבוס האָט גערעכענט, אַז ער טרויט צו פיעל גוואַקאַנאַגאַרי'ן, און, אַזוי וויא ער האָט סיי־וויא־סיי זיך בעשלאָסען צו זוכען אַ בעסערען פּלאַץ, האָט מען גענומען בעקוקען דיא ארומיגע געגענדען און אין עטליכע טעג ארום האָט מען אויסגעקליבען אַ אָרט ארום נאַווידאַד. דאָרטען האָט דיא נאַטור אַליין פאַר דיא שפּאַניער געמאַכט אַ גוט־בעשיצטען האַפען, וועלכער האָט פון איין זייט געהאַט אַ פעסטונג פון פעלזען און פון דער אַנדערער זייט אַ געדיכט פערפלאָנטערטען וואַלד. דורך פרעכטיגע גרינע פעלדער זיינען דאָ דורכגעגאַנגען צוויי טייכען, ביי וועלכע עס איז געווען גוט אויפצושטעלען וואַסער־מיהלען. דיא טיי־

כען האָבען געקישעט מיט פיש. דיא ערד איז געווען רייך בעדעקט מיט פלאַנצען, און דער קלימאַט האָט געשיינט צו זיין אַ מיטעלמעסיגער און אַ געזונטער. נאָך אַ וויגאָדע: דער אָרט איז געלעגען ניט ווייט פון ציבאַאָ מיט איהרע גאָלד־בערג, און — דאָס וויכטיגסטע: איינער פון די צוויי טייבען איז געגאַנגען דירעקט אַהין. די גאָלד, וואָס מען וועט בעקומען אין דיא דאָרטיגע בערג, וועט מען אַלזאָ קענען לייכט ברענגען צום האַפען, גלייך צו פיהרען נאָך שפּאַניען...

דאָ האָט זיך קאָלומבוס אַלזאָ גענומען בויען דיא ערשטע אַמעריקאַנישע שטאָדט, און ער האָט איהר אַ נאָמען געגעבען אִ י ז אַ ב ע ל אַ, לכבוד דער קעניגין. מען האָט אָנגעצייכענט גאַסען, סקווערס. מען האָט גלייך זיך גענומען אויפשטעלען אַ קירכע, אַ וואָהנונג פאַר דעם וויצע־קעניג און אַ גרויסען סקלאַד אויף צו האַלטען קהל'שען איי־גענטהום.

אָבער צו אַזעלכע ארבייט האָבען דיא אריסטאָקראַטישע אַוואַנ־טוריסטען קיין חשק ניט געהאַט. צו „קאָרטשעווען" און אָברייניגען לאַנד, צו בויען הייזער און פלאַנצען געדטנער און סעדער, פאָדערען זיך גאַנץ אַנדערע מענשען, וויא דיא, וואָס האָבען זיך געריסען אַהער צו קו־מען נאָך אוצרות אָדער נאָך סענסאַציאָנען. דערצו נאָך האָט זיך אַרויס־געוויזען, אַז אַזוי וויא דיא שפּאַניער זיינען צוגעוואוינט צו אַלטע, לאַנג־בעארבייטע לענדער, קענען זיי ניט פאַרטראָגען דעם היגען קלי־מאַט, וועלכער איז געווען פול מיט מאַלאַריא; און אַ חוץ דעם אַלעמען איז זיי אויסגעקומען אַ לאַנגע צייט צו עסען דיא אַלטע, איינגעזאַלצענע, פערשימעלטע שפּייז, וואָס זיי האָבען מיטגעבראַכט פון דער היים.

דער רעזולטאַט איז געווען, אַז פיעלע האָבען גענומען שטאַרק ליי־דען פון מאַלאַריא און אַנדערע קראַנקהייטען, פון וועלכע מען האָט אין שפּאַניען קיינמאָל ניט געוואוסט.

דיא אַוואַנטוריסטען זיינען געווען ביטערליך ענטוישט. אַנ־שטאָט צו קומען גלייך נאָך ציפּאַנגאָ און קיטאַי און צו שעפּען גאָלד און פערל מיט דיא הויפענס, האָבען זיי גאָר געמוזט קעמפּפען מיט אַ רויהע אונגאַסטפריינדליכע נאַטור אום צו קענען אויפהאַלטען דעם לע־בען, און דערצו נאָך ווערען קרבנות פון אונבעקאַנטע קראַנקהייטען. דיא קאָלאָניסטען האָבען זיך געפיהלט נידערשלאָגען.

קאָלומבוס אַליין איז אויך קראַנק געוואָרען און ער איז אָפּגעלעגען

עטליכע וואָכען. ער האָט זיך אָבער ניט אָפּגעלאָזען. ליגענדיג אין בעט האָט ער ניט אויפגעהערט צו פיהרען דיא קאָלאָניע, און נאָכצו־פאָלגען דיא ארבייט פון דיא, וואָס האָבען געבויט דיא נייע שטעדטעל.

אין גייסט האָט קאָלומבוס זיך געפיהלט נאָך ערגער וויא אין קער־פער. דער קעניג און דיא קעניגין האָבען איהם אויפגענומען מיט אזא פּאַראַד, ווייל זיי ערוואַרטען פון זיין עקספּעדיציע גרויסע רעזולטאַטען. איצט ריכטען זיי זיך אויף מעלדונגען וועגען זיין אָנקומען אין דיא רייכע שטעדט פון ציפּאַנגאַ און כינאַ און אויף גלענצענדע נייעס וועגען זיין קאָלאָניע נאַווידאַד; און דאָ האָט מען גאָר אַזעלכע צרות, וועהרענד פון נאַווידאַד איז קיין שריד ופליט ניט געבליבען...

אין דער האָפנונג, אַז סוף כל סוף וועט מען דאָך געפינען דיא רייכע שטעדט און דיא גאָלד־מינען, וועגען וועלכע ער האָט געטרוימט, האָט ער ארויסגעשיקט צוויי קאָמפּאַניעס אויסצופאָרשען דעם אינזעל היס־פּאַניאָלאַ. ער האָט נאָך אַלץ פעסט געגלויבט, אַז דאָס איז יאַפּאַן, און אַז ניט ווייט פון איהם געפינען זיך דיא וואונדער־שטעדט, וועגען וועלכע ער האָט געלעזען אין מאַרקאָ פּאָלאָ׳ס בעשרייבונג.

דיא צוויי פאָרשונגס־עקספּעדיציעס, וואָס ער האָט איצט ארויסגע־שיקט, האָט ער געשטעלט אונטער דער קאָמאַנדאַ פון צוויי געניטע אָפיציערען. איינער פון זיי איז געוועזען אַ יונגער קאַוואַליער מיט׳ן נאָ־מען אַ ל אָ נ ז אָ אָ י ע ד אַ. אַזוי וויא ער וועט שפּיעלען אַ ראָלע אין דיא ווייטערע פּאַסירונגען פון קאָלומבוס׳עס קאָלאָניע, וועלען מיר דאָ צוערשט דעם לעזער אַ ביסעל בעקאַנט מאַכען מיט דיעזען יונגען שפּאַ־נישען פּריץ.

ער איז געוועזען אַ נידעריגער, אָבער זעהר גוט געבויט, און מערק־ווירדיג שטאַרק און פלינק, אַ שעהנער יונג מיט אַ שוואַרץ־חן׳עווודיגע, לעבהאַפטע געזיכט. אין שפּאַניען האָט ער געהאַט אַ שם אַלס אַ זעל־טענער „ספּאָרט" און כוואַט. ער איז געוועזען אַ בריה אויף יעדען זאָרט געוועהר. וואו נור עס איז געוועזען אַ געפאַהר, איז ער אַריינגעשפּרונגען דער ערשטער. איבערהויפּט האָט ער ליעב געהאַט צו קאָקעטעווען מיט זיין קוראַזש און אונערשראָקענהייט. אַ מאָל האָט ער פאַר דער קעניגין איזאַבעלאַ געוויזען אַזאַ קונץ: ער האָט ארויפגעקלעטערט אויף אַ קלאָץ, וועלכע האָט ארויסגעשטאַרטשעט זעהר הויך, פון דעם שפּיץ פון אַ סעוויללער קלויסטער, ווען דיא קעניגין איז דאָרטען געוועזען, און איבער

דיעזער קלאַץ האָט ער געטאַנצט אויף איין פוס. ער האָט אנטייל גע־נומען אין דיא מלחמות געגען דיא מורינען, און איז אין שפּאַניען גע־ווען דער אידעאל פון אריסטאָקראַטישע אוואַנטוריסטען.

ווען קאָלומבוס האָט בעדאַרפט ארויסשיקען אַן עקספּעדיציע אין די גאָלד־געגענדען, איבער וועלכע עס האָט געוועלטיגט דער געפעהרלי־כער „האַרר פון דער גילדערנער הויז" — וואָס האָט געקענט זיין נאַטיר־ליכער וויא צו מאכען דיעזען געפאהר־זוכער פאר דעם קאָמאַנדיר פון אזא עקספּעדיציע?

אין אָנפאַנג יאנואר, 1494, האָט אָיעדאַ זיך אוועקגעלאָזען פון דעם האַפען מיט אַ קאָמפּאַניע בעוואַפענטע שפּאַניער. ער האָט זיך פער־נומען דירעקט נאָך ציבאַאָ, אין די מיטעלסטע טהיילען פון דעם אינזעל. דיא ערשטע צוויי טעג איז זיי געווען זעהר שווער צו געהן. זיי האָבען געהאַט צו קלעטערען איבער בערג און דורכצושפּאַרען זיך דורך גע־דיכטע וועלדער. די דערפער זיינען אומעטום געווען פוסט, וואָרים ווען זייערע איינוואוינער האָבען דערהערט, אז עס געהען ווייסע מענשען, זיי־נען זיי זיך צולאָפען. זיי האָבען שוין געוואוסט, אז דיעזע מערקווירדיגע ברואים זיינען אונזאַטבאַר אין שענדען פרויען, אין רויבען און אין אָנ־געבען עקעלהאַפטע מעשים. אין דעם אבענד פון דעם צווייטען טאָג זיי־נען דיא שפּאַניער צוגעקומען צו אַ הויכען באַרג, אויף וועלכען זיי זיינען ארויפגעגאַנגען איבער אַן אינדישע סטעזקע. זיי האָבען איבערגענעכ־טיגט אויפ'ן שפּיץ באַרג.

אויף מאָרגען האָט דיא זונן בעלויכטען אַ פּרעכטיגע פלאַכע שטיק לאַנד, וועלכע איז געווען בעדעקט מיט וועלדער, פערבויט מיט דערפער און בעזילבערט מיט דיא בליסטשענדע וואַסער פון דעם טייך יאַקווי. אָיעדאַ און זיין קאָמפּאַניע זיינען אַראָפּ פון דעם באַרג און גלייך אַריין אין איינעם פון דיא דערפער — געגרייט צו קעמפּפען. קעמפּפען האָבען זיי אָבער ניט בעדאַרפט. דיא אינדיאַנער האָבען זיי אומעטום אויפגע־נומען מיט דער וואַרימסטער גאַסט־פריינדליכקייט. זיי זיינען נאָך גע־ווען צו גוט, אַזוי אַז מיט זייער אויפמערקזאמקייט און מתנות, וואָס זיי האָבען אָיעדאַ'ן אומעטום פאַרגעלייגט, האָבען זיי איהם געשטערט צו געהן וואָס שנעלער צו זיין ציעל — צו דיא גאָלד־בערג ציבאַאָ.

ווייטער האָבען דיא שפּאַניער געמוזט דורכבראָדזשען פיעלע טייי־כען, און אין סך הכל האָט ביי זיי געדויערט זעקס טעג איידער זיי האָ־

בען דורכגעשניטען דיא גרויסע פלאַכע שטיק לאַנד און דערגרייכט דיא ציבאַא בערג. דער שרעקליכער קאַאנאבא איז ניט געוועזן אין דער־היים. ער האָט זיך דאַן געפונען אין אַן אַנדער טייל פון דעם אינזעל אָדער אפשר אויף גאָר אַן אַנדער אינזעל.

אָיעדא האָט דאָ געזוכט דיא רייכע שטעדט פון כינא, פון דעם „גרויסען כאַן“, אָבער אַלץ וואָס ער האָט געפונען איז געוועזן אינדישע הייזלעך מיט נאַקעטע ווילדע מענשען. דיא ווילדע זיינען אומעטום גע־ווען גוטהערציג און פריינדליך, אָבער פון שטעדט מיט גאָלד־גע־דעקטע פאַלאַצען האָבען זיי געוואוסט אזוי וועניג וויא דיא אינדיאַנער פון קובא האָבען געוואוסט פון דיא לשון קודש אָדער תרגום, וואָס דער אידישער „דאָלמעטשער“ האָט צו זיי גערעדט.

דאָך, דיא רויהע נאַטור האָט דאָ געהאַט ניט ווענינ גאָלד. דיא זאַמד און דיא טייכען, וואָס האָבען אראָבגעשטראָמט פון דיא בערג, האָ־בען געבליסטשעט מיט דעם „עדעלען“ מעטאַל, און דיא נאַקעטע רויט־הויטיגע איינוואוינער האָבען דאָס זעהר קונציג ארויסגענומען פון וואַ־סער און געגעבען דיא שפּאַניער, אַפילו ניט בעטענדיג קיין זאך דער־פאַר. אין אייניגע פלעצער האָבען דיא שפּאַניער אויפגעהויבען שטי־גער גאָלד אָדער שטיינער רייך אָנגעגאָסען מיט דעם טייערען שטאָף. וויא באַלד דיא טייכען טראָגען מיט זיך אראָפּ פון דיא בערג אזוי פיעל גאָלד, הייגט וויא פיעל אוצרות ליגט שוין איגווייניג, אין דער פעלזענער ברוסט פון דיא בערג גופא? אזוי האָט זיך געטראַכט אָיעדאָ; און, מיטנעהמענדיג דיא שטיקלעך און דיא שטויב פון דעם געלען מעטאַל, וועלכע ער און זיינע מענשען האָבען דאָ אויפגעקליבען, האָט ער זיך גע־איילט צו געהן צוריק צום האַפען, אום צו דערפרעהען קאָלומבוס'עס הארץ מיט דער גאָלדערנער בשורה.

דיא אַנדערע עקספּעדיציע איז אוועק נאָך אַן אַנדער געגענד — אונטער דער קאָמאַנדאַ פון איינעם גאָ ר וואַ לאַן, און זיא האָט אויך געהאַט אַ גינסטיגען בעריכט. ווען דיא צוויי קאָמפּאַניעס זיינען געקו־מען צו קאָלומבוס'ען מיט זייערע רעפּאָרטען, איז איהם ווירקליך פרעהלי־כער געוואָרען אויפ'ן הארצען. אזוי שנעל וויא ער וועט אין גאַנצען געזונט ווערען — האָט ער זיך געקלעהרט — וועט ער פערזענליך בעזו־כען ציבאַא, און אָנפאַנגען צו בעארבייטען דיא גאָלד־מינען.

הגם פערדינאַנד און איזאבעלא האָבען געוואַרט, אז ער וועט זיי

אויפ'ן שטעל שיקען מאַסען גאָלד, און דאָ האָט מען צוערשט געמוזט מאַכען פאָרבערייטונגען, דאָך האָט קאָלומבוס איצט שוין געפיהלט, אז זיי וועלען צופריעדען זיין. ער האָט פראָבעס פון דיא ציבאאער גאָלד; דאָס וועט ער זיי אוועקשיקען און עס וועט זיין אַ זיכערער בעוויז, אז ער האָט זיי ניט אָפּגענאַרט, און אז באלד וועט ער פערווירקליכען זיינע גלענצענדסטע פערשפּרעכונגען. נאָך דעם אָפּמאַך האָבען צוועלף שיפען פון זיין גרויסע פלאָטע בעדארפט זיך אומקעהרען נאָך שפּאַניען אזוי שנעל וויא מעגליך. דיעזע צוועלף שיפען האָט ער איצט אַוועקגעשיקט מיט זיינע פּראָבעס און מיט זיין בעגייסטערטען בעריכט. קאָלומבוס האָט געשריעבען צו פערדינאַנד'ען און איזאַבעללאַ'ן, אז ער האָט ענטדעקט אַ רייכען גאָלד־קרייז און אז ער געפינט זיך געוויס אין יאַפּאַן און ניט ווייט פון כינא. ער האָט זיי פערזיכערט, אז אין קורצען וועלען זיי פון איהם ערהאַלטען אוצרות גאָלד און אנדערע קאָסטבאַרע זאַכען. דערביי האָט ער געלויבט דיא לאַנד אין אַלגעמיין, בעשריעבען איהר פרוכטבאַרקייט און שעהנהייט. אַזוי אָבער וויא עס דאַרף נעהמען צייט, איידער עס וועט אויסוואַקסען תבואה און פרוכט, דעריבער בעט ער, אז מען זאָל איהם דערוויל צושיקען נאָך שפּייז און פערשיעדענע אַנדערע נויטיגע אַרטיקלען. ער האָט אויסגערעכענט, וואָס ער פערלאַנגט. ער האָט זיך, צום ביישפּיעל, בעקלאָגט, אז פון דיא וויין, וואָס ער האָט מיטגענומען, איז אַ סך אויסגערונען, וויל דיא פעסער האָבען ניט געטויגט, און ער האָט געבעטען, אז מען זאָל איהם צושיקען נייע. וויין איז דער הויפּט־אַרטיקעל, אין וועלכען דיא קאָלאָניסטען נויטיגען זיך, האָט ער געשריעבען.

אויך האָט ער געבעטען מען זאָל איהם צושיקען געניטע מינען־אַרבייטער פאַר די גאָלד־גריבער.

אין זיין בריעף האָט קאָלומבוס אָנגעוויזען אויף דעם שקלאַפּען־האַנדעל, וועלכען ער האָט ערוואַרטעט צו ענטוויקלען אין דער נייער לאַנד.

פאַר דיא פּיה, וואָס ער האָט געבעטען מען זאָל איהם צושיקען, האָט ער פאָרגעלייגט צו בעצאָהלען מיט קנעכט, וועלכע ער וועט פאַנגען צווישען דיא קאַריבען.

„זיי (דיא קאַריבען) זיינען אַ ווילדער פאָלק — האָט ער געשריעבען — זיי טויגען אָבער צו יעדען זאָרט אַרבייט. זיי זיינען פיין געוואַק־

סען, און האָבען שכל. ווען זיי וועלען זיך בעפרייען פון זייערע מער־דערליכע געוואוינהייטען, וועלען זיי זיין בעסער וויא יעדער אַנדערער זאָרט. פון זייערע שלעכטע מדות וועלען זיי זיך לייכט אָפּגעוואוינען, ווען זיי וועלען זיין אין שפּאַניען. מען קען בעקומען מאַססען פון דיעזע שקלאַפען... זיי וועלען זיין אַ קוואַל פון פּראָפיט פאַר דער קעניגליכער קאַססע, און צו דער זעלבער צייט וועלען מיר ראַטעווען זייערע נשמות פון גיהנום און געגען זייער ווילען זיי שיקען אין גן עדן אריין (מיט דעם וואָס מען וועט דיא שקלאַפען אָב'שמד'ען...) זייער הויכקייט (דאָס הייסט, דער קעניג און קעניגין) קענען בעשטימען אַן אבצאָהלונג אויף יעדען קנעכט, וואָס מען וועט פון דאַנען ברענגען נאָך שפּאַניען."

אין דעם בעשטעהט דער גרונד־פּרינציפּ פון מיססיאָנערסטוואָ: אַ קוואַל פון פּראָפיט און אגב ראַטעוועט מען אַ סך נשמות פון גיהנום און געגען זייער ווילען שיקט מען זיי אין גן עדן אריין".

אַ חוץ גאָלד האָט קאָלומבוס אַלזאָ געהאַט פאַר פערדינאַנד'ען מיט איזאבעללא'ן אַן אַנדער אוצר: שקלאַפען.

גלייך וויא ער האָט אַוועקגעשיקט דיא שיפען מיט זיין בע־ריכט וועגען דיא גאָלד־מינען, וואָס ער וועט בעארבייטען און דיא שקלאַ־פען, וואָס ער וועט פאַנגען, האָט ער אַליין געפיהרט אַן עקספּעדיציע נאָך ציבאָאָ. דאָס איז געווען דעם 12טען מערץ, 1494.

ער האָט זיך בעשלאָסען אין ציבאָאָ צו בויען אַ שטאַרקע פעסטונג, צו פערטיידיגען זיינע צוקינפטיגע גאָלד־גריבער פון דיא ארומיגע אינדיאַנער בכלל און פון דעם געפעהרליכען קאַאָנאַבאָ בפרט. צו דעם זעלבען צוועק — איבערצושרעקען דיא דאָרטיגע אינדיאַנער מיט דעם העלדישען קאַריב — האָט ער איצט מיטגענומען אַ גרויסע צאָהל שטאַרק בעוואַפענטע מענשען. זיי זיינען ארויסגעריטען אויף זייערע פערד אין בליסטשענדע קיווערען און פאַנצערען מיט זייערע פּיקעס, שפּיזען, שווערדען „ארקעבוסען" און שטאָלענע פייל־בויגענס. דיא מוזיק האָט געשפּיעלט, דיא פּויקען האָבען געראַשט, דיא פאָהנען האָ־בען געפלאַטערט — אַלץ אום צו איבערצייגען דיא נאַקעטע, הילפלאָזע אינדיאַנער, אַז מיט שפּאַניער לוינט זיך ניט אָנצוהויבען.

נאָך דיעזע ארמיי איז נאָכגעלאָפען אַ מאַסע אינדיאַנער, וועלכע האָבען איהר בעגלייט דורך דער גאַנצער רייזע.

קאָלומבוס איז געגאַנגען כמעט איבער דעם זעלבען מאַרשרוט וויא

אַיערא. ווען ער איז געקומען אויפ'ן שפּיץ בארג און פאר איהם האָט זיך פארנאנדער־געוויקעלט דיא גרויסע פלאכע לאנד מיט איהר רייכער נאטור און מיט איהרע פיעלע דערפער, איז ער בעגייסטערט געוואָרען. ער האָט דעם פּלאַץ אַ נאָמען געגעבען וועגא רעאל, דאָס הייסט דיא קעניגליכע פלאכע לאנד. זיא האָט זיך געצויגען אויף 240 ענג־לישע מייל אין דער לייגג און אויף 30 אין דער ברייט.

ווען דיא אינדיאנער פון דיעזע קרייזען האָבען דערזעהן דיא שפּאַנישע רייטערס, זיינען זיי שיער פון זינען ניט אראָפּ פאר שרעק. זיי האָבען געמיינט אַז דיא מענשען מיט דיא פערד צוזאמען זיינען אזעלכע דאָפּעלטע בעשעפעניששען האלב חיה האלב מענש, און ווען דיא רייטער זיינען אראָפּגעקראָכען פון זייערע פערד, האָט זיי דאָס אויס־געוויזען וויא אַן ערשטוינענדער וואונדער; און זיי זיינען נאָך מעהר צוציטערט געוואָרען. ווען זיי זיינען שוין אַ ביסעל צוגעוואוינט געוואָ־רען, האָבען זיי מורא געהאט, אַז דיא פערד זאָלען זיי ניט אויפעסען.

דיא הייזער פון דיעזע אינדיאנער זיינען פון דרויסען געווען בע־ציערט מיט געשניצטע הילצערנע „געצען"; און קאָלומבוס האָט זיך נאכהער דערוואוסט, אַז זייערע פערשיעדענע שבטים גנב'ענען דיעזע געצען איינע ביי דיא אנדערע אום מיט דעם צוצו'גנב'ענען זייער מאכט.

דיא שפּאַניער האָבען זיך ניט געקענט אָפּוואונדערען פון דעם פאָלגענדען: אומעטום, וואו זיי האָבען זיך נור אָבגעשטעלט אין אַ דאָרף, זיינען דיא אינדיאנער, וועלכע האָבען זיי בעגלייט, אריינגעקור־מען אין דיא הייזער און זיך אליין גענומען עסענוואַרג אזוי וויא ביי זיך אין שטוב. און דיא בעלי־הבתים האָבען דאָס אָנגענומען וויא אַ גאַנץ נאטירליכע זאך. זיי האָבען יענע אינדיאנער אפילו ניט אָנגע־הויבען צו קענען; אָבער דאָס האָט ניט אויסגעמאכט. יעדען'ס הויז איז געווען אָפען פאר יעדען, וואָס וויל נור אריינקומען. זייער קאָ־מוניזמוס, אין שפּייז, וועניגסטענס, איז געווען אַ פאָלשטענדיגער.

דיא שפּאַניער האָבען אויך בעוואונדערט דיא געצייג פון דיא אינדיאנער. זיי האָבען זייערע העק און אנדערע אינסטרומענטען געמאכט פון שטיין; דאָך זיינען זיי ביי זיי געווען זעהר שאַרף און נעט. דאָס האָט, דאכט זיך, געוויזען אויף אַ היבשע שטופע פון ענטוויקלונג; האָבען אָבער די זעלבע אינדיאנער געגעסען יאסטשערקעס, שלאַנגען,

שפינעז און ווערים. דאָס האָבען דיא שפּאַניער ניט געקענט פערשטעהן. זיי זיינען ביי זיי אויסגעקומען ווילדער און עקעלהאַפטער וויא דיא חיות פון וואַלד.

אַרבייטען האָבען דיא אינדיאַנער פון דיעזע געגענדען בעדאַרפט וועניג. דיא ערד איז דאָ זעהר פרוכטבאַר, און פון קיין קאַלטען, טוידטען ווינטער ווייס מען כמעט ניט. אָנגרייטען שפּייז פון זומער אויף ווינטער איז דעריבער ניט נויטיג געווען. זיי האָבען זיך הויפּטזעכליך געשפּייזט מיט קאַרטאָפעל, קוקורוזע (האַט קאָרן) און אַ מין ריב אָדער מעהר און דאָס איז געוואַקסען אַזוי לייכט, אַז עס האָט געפאָדערט זעהר וועניג מיה אָדער אויפמערקזאַמקייט. ווייטער זיינען די טייכען דאָ געווען פֿיל מיט פיש און די וועלדער מיט אַלערליי פויגלעך. זיי זיינען דעריבער געוואוינט געווען צו אַ גרינגען לעבען, פריי פון זאָרג און פון פּראַצע, גרויסע בעלנים אויף טענץ און געזאַנג. אַפילו ווען עס איז געווען קאַלטלעך, זיינען זיי אויך אומגעגאַנגען נאַקעט און ניט גענומען זיך דיא מיה אויסצו־וועבען אַ צודעק פאַר זיך.

אָבער דיעזען לייכטען, זאָרגלאָזען לעבען זייערען איז ניט באַשערט געווען לאַנג אָנצוהאַלטען. ווייסע ציוויליזירטע מענשען האָבען אַריינגעדרונגען אין זייער פריעדליכע רוהיגע וועלט, און — זיי זיינען פערוואָרטהיילט געוואָרען אויף שקלאַפעריי און שווערע אונערטרעגליכע פּראַצע, צו ווערען קרבנות פון דיא ווילדעסטע רציחות און פון דיא עקעלהאַפטעסטע גאָלד־גייץ. ווייסע ציוויליזירטע מענשען זיינען ערשיענען און — דער גן־עדן פון דיעזע נאַטור־קינדער איז אין אַ גיהנם פערוואַנדעלט געוואָרען.

נור לאָמיר געהן כסדר.

אַלץ וואָס קאָלומבוס האָט דאָ געזעהן האָט ניט אָנגעהויבען צו שטימען מיט מאַרקאָ פּאָלאָ'ס בעשרייבונגען פון ציפּאַנגאָ. אָבער דיא היגע אינדיאַנער האָבען ניט אויפגעהערט אָנצואווייזען אַז ווייטער געפינען זיך רייכע גאָלד־מינען. און מיט היילע ווערטער זיינען זיי אויך ניט אָבגעקומען. אַזוי וויא עס האָט זיך צווישען זיי פערשפּרייט דיא נייעס, אַז דיא „הימעל־מענשען" זיינען דאָ, און אַז פאַר גאָלד־שטויב אָדער שטיקלעך גאָלד קען מען פון זיי בעקומען זייערע „וואונדערליכע" גלעקעלעך אָדער פּאַטשערקעס, האָבען זיי זיך אַ וואָרף געַ־

טהאָן צו דיא טייכען און יעדער האָט דאָרטען אָנגעקליעבען אַזוי פיעל ברעקעלעך גאָלד, וויא פיעל ער האָט נור געקענט געפינען. אַ חוץ דעם האָט יעדער געבראַכט דיא שטיקלאַך גאָלד וואָס ער האָט געהאַט פון פריהער. דאָס אַלץ האָבען זיי געשלעפּט צו דיא שפּאַניער. און זיי האָבען אימער געוויעזען מיט׳ן האַנט, אַז גאָלד־מינען געפינען זיך אין דיא בערג ווייטער, ווייטער. קאָלומבוס האָט געמיינט, אַז דיא גאָלד וואָס זיי האָבען איהם געבראַכט, שטאַמט פון יענע מינען. ער האָט אַלזאָ געהאַט אַ בעוויז, אַז וואָס זיי זאָגען איז ריכטיג. ביי איהם איז דעריבער קיין צווייפעל ניט געווען, אַז ער געפינט זיך אין ציפּאַנגאָ.

דיא גאָלד איז אַלץ געווען „ווייטער". וויא פיעל ער איז ניט געגאַנגען, האָט מען איהם געמאַכט מיט דיא הענט אויף נאָך ווייטער. ווען דיא וועגא, דיא פלאַכע לאַנד, האָט זיך געענדיגט און דער געגענד איז געוואָרען בערגיג, איז דיא רייזע געוואָרען פיעל שווערער. אָנ־שטאָט גרינע פעלדער האָט קאָלומבוס געהאַט פאַר זיך צו קלעטערען ארויף באַרג איבער האַרטע, משופּע׳דיגע פעלזען. און קיין שפּייז האָבען דיא שפּאַניער שוין מעהר אויך ניט געהאַט, ווערענד עסען דיא ק א ס א ו ו א ברויט פון דיא אינדיאַנער זיינען זיי נאָך ניט געוואוינט געווען. דיעזע ברויט, וועלכע איז געווען צוגעפּאַסט צו דעם וואַרימען לייכטען קלימאַט און צו אַ לייכטען לעבען, האָט איבער־הויפּט ניט געטויגט פאַר מענשען פון קעלטערע קלימאַטען, וועלכע זיינען געווען אויסגעמאַטערט פון זייער רייזע.

אוועקגעהן נאָך ווייטער פון איזאַבעללאַ וואָלט קיין זינן ניט געהאַט. קאָלומבוס איז געצוואונגען געווען דאָ זיך אָפּצושטעלען. ער האָט דאָ אויסגעבויט אַ שטאַרקע הילצערנע פעסטונג און איהר אַ נאָמען געגעבען סט. טהאָמאַס. דיא פעסטונג האָט ער געשטעלט אונ־טער דער אויפזיכט פון אָן אָפיציער, פּ ע ד ר א מ א ר ג א ר י ט, און אַליין האָט ער זיך אומגעקעהרט אין זיין שטעדטעל איזאַבעללאַ.

ער איז אַהין אָנגעקומען דעם 29טען מערץ (1894). ער האָט גע־פונען, אַז אַלץ האַלט שוין אין וואַקסען. אייראָפּעאישע ווייץ וועלכע מען האָט פערזייט אין יאַנואַר האָט שוין געגעבען זאַנגען. קלענערע פלאַנצונגען פון דיא גערטנער זיינען צייטיג געוואָרען אין זעכצעהן טעג, וועהרענד אַרבוזען, אוגערקעס און נאָך אַזעלכע געוויקסען זיינען פער־

טיג געוואָרען אין אַ מאָנאַט נאָך דעם וויא מען האָט פארזייט דיא זריעה. די ערד, אָנגעטרונקען פון טייכען, טייכעלעך און אָפטע רעגענדלעך, איז געווען געווארימט פון אַ הייסע פריינדליכע זונן. דער רעזולטאַט איז געווען אַ פרוכטבארקייט, וואָס האָט דיא שפּאַניער איבערראַשט.

אָבער דיא זעלבע פעראייניגונג פון היץ און פייכטקייט, וועלכע איז געווען אַזוי גוט פאַר דיא פעלדער מיט דיא גערטנער, איז געווען שלעכט פאַר דיא אייראָפּעאישע קאָלאָניסטען. גרויסע שטרעקעס פון זומפּען און הונדערטע מייל ען פון געדיכטע וועלדער האָבען אין דיא גרויסע היצען ארויסגעהויכט מאַלאַריע און פערשיעדענע אַנדערע קראַנקהייטען. דיא אינדיאַנער האָט דאָס ניט געשאַדט, אָבער דיא שפּאַניער זיינען צו דיעזען קלימאַט ניט צוגעוואוינט געווען; זיי זיינען קראַנק געוואָרען צעהנדליגע-ווייז מיט אַ מאָהל. דיא רפואות וואָס זיי האָבען מיטגעבראַכט זיינען אויסגעגאַנגען. דאָקטוירים האָבען זיי ניט געהאַט גענוג. דערצו נאָך זיינען פיעלע קראַנק געוואָרען פון זייערע הולטייסטוואָס מיט דיא אינדיאַנישע פרויען.

דיא אַרבייט, וואָס מען האָט געמוזט טהאָן אין דער קאָלאָניע, איז דעריבער פערנאַכלעסיגט געוואָרען. הייזער, שטאַהלען, שפּייכלערס זיינען געבליבען שטעהן ניט-דערבויט. דיא פעלדער זיינען געבליבען ניט קולטיווירט; און הגם די פרוכטבאַרקייט איז געווען אַן אונגעהייערע, האָט מען אָבער ניט פאַרזייט גענוג, ניט צוגעפּערטיגט אַלץ וואָס מען דאַרף. פון דיא פּריפּאַסען, וויעדער, וואָס מען האָט מיטגעבראַכט פון שפּאַניען, איז פיעלעס פערדאָרבען געוואָרען דורך נאַכלעסיגקייט, אָדער פון דעם פייכט-הייסען קלימאַט. קורץ, עס האָט גענומען אויספּעהלען עסען-וואַרג. וואָס אַנבעטרעפט דיא שפּייז פון דיא אינדיאַנער, האָבען דיא שפּאַניער דאָס נאָך ניט געקענט נעהמען אין מויל. ביסלעכווייז זיינען זיי שפּעטער צו זייערע אַכילות צוגעוואוינט געוואָרען, אי דאָס ניט אין גאַנצען. אָבער איצט האָבען זיי דאָס נאָך ניט געקענט פערזוכען.

אום אויסצומיידען אַ הונגער, האָט מען געמוזט פערקלענערען דיא פּאָרציעס, וואָס מען האָט יעדען געגעבען. דאָס, וויעדער, האָט ארויסגערופען אונצופריעדענהייט, פּראָטעסטען, העצעס, פּלאָטקעס, אינטריגען.

צווישען דיא אונצופריעדענע איז געווען ב אָ י ל דער גלח, וועלכען דער פּאַפּסט האָט געשיקט אין דער קאָלאָניע אַלס זיין ספּעציעלען פערטרעטער. ער איז געוואָרען ווילד פון כעס פאַר וואָס קאָלומבוס האָט מיט איהם ניט געמאַכט קיין אויסנאַהמע און האָט אין זיין שטוב אויך דיא פּאָרציעס פערקלענערט.

באַלד איז אויסגעגאַנגען דיא מעהל. מען האָט גלייך געמוזט בויען אַ מיהל, אָבער דיא קאָלאָניסטען זיינען ענטוועדער געלעגען קראַנק, אָדער זיי זיינען געווען אָבגעשוואַכט פון מאַלאַרישען פיבער; אָדער, אַז ניט, האָבען זיי זיך גלאַט געפוילט צו ארבייטען און האָבען זיך געמאַכט קראַנק. זיי זיינען דאָך געקומען שנעל רייך ווערען, ניט ארבייטען. מען האָט דאָך זיי געזאָגט, אַז זיי פאָהרען צו דיא אוצרות פון דיא אינדיעס, ניט צו אַקערען פעלדער, אָדער בויען מיהלען און שטאַהלען.

דיא פון דיא אַריסטאָקראַטישע יונגע לייט, וועלכע זיינען ניט געווען קראַנק, האָבען זיך ניט געמאַכט קראַנק. זיי איז גאָר אויפ׳ן זינען ניט אַרויפגעקומען, אַז פון אַזעלכע מיוחסים וויא זיי וועט מען ערוואַרטען אַזאַ „ניט־אַנשטענדיגע“ זאַך וויא אַרבייט. אָבער לאָזען דיא קאָלאָניע אויסשטאַרבען האָט מען דאָך ניט געקענט. אַלזאָ, האָט קאָלומבוס אַרויסגעגעבען אַ בעפעהל, אַז דיעזע יחסנים מוזען נעהמען רידלען, העק, אָדער האַמערס אין זייערע איידעלע הענט און העלפען גראָבען, בויען, אַקערען, זייען. דיא אַדעליגע זיינען געוואָרען אויפגעקאָכטע. זיי, וועלכע האָבען אויפ׳ן גאַנצען לעבען קיין שטאָך נוצליכע אַרבייט ניט געטהאָן, — ניט זיי, ניט זייערע עלטער־עלטער זיידעס — זיי זאָלען געבראַכט ווערען צו אַזאַ „ערנידערונג“! און פון וועמען? פון אַ „פּראָסטען“ מענש, דעם זוהן פון אַ בעל מלאכה! זיי האָבען דאָס ערקלעהרט אַלס אַ בעליידיגונג פאַר גאַנץ שפּאַניען; דאָס בלוט האָט אין זיי געקאָכט; אָבער אַרבייטען האָבען זיי געמוזט.

לעזט אָבער דאָס זעלבע פערקעהרט: דיא שטאָלצע לײדיג־געהערס האָבען געמוזט אַרבייטען, אָבער דאָס בלוט האָט אין זיי געקאָכט; און פון דעם איז אויסגעקאָכט געוואָרען אַ רייהע אינטריגען געגען קאָלומבוס׳ען, וועלכע האָבען איהם קיין גוטעס געווים ניט געטהאָן.

איינינגע פון דיעזע געצערטעלטע פּוסט־און־פּאַסניקעס האָבען איינפאַך ניט ג ע ק ע נ ט אַרבייטען. זיי זיינען צו דעם ניט

צוגעוואוינט געוואָרען. ליינט נאָך צו דעם צו די שלעכטע, אָרימע שפּייז וואָס זיי האָבען געמוזט עסען, און דאָס בּיינקען אהיים נאָך זייער לעבען פון לוקסוס און כבוד, און עס וועט קיין וואונדער ניט זיין וואָס מאַנכע פון זיי זיינען דאָ איינפאַך אויסגעגאַנגען וויא ליכט. און פאַר דעם אַלעם האָט מען שולדיג געהאַלטען קאָלומבוס׳ען.

פון סט. טהאָמאַס, דיא נייע פעסטונג, וואָס קאָלומבוס האָט אויסגעבויט אין דיא ציבאָאָ בערג, האָט קאָלומבוס אויך באַלד ערהאַל־טען ניט קיין פרעהליכע נאַכריכט. מ א ר ג א ר י ט, דער אָפּיציער, וועלכען ער האָט דאָרטען איבערגעלאָזען, האָט איהם געמעלדעט, אַז דיא אַרומיגע אינדיאַנער זיינען אונפריינדליך צו דיא ווייסע, — אַז זיי ווילען מיט זיי קיין שייכות ניט האָבען, מיידען זיי אויס, און אַז דער געפעהרליכער קאַאָנאַבאָ זאַמעלט אַ מחנה צו בעפאַלען דיא פעסטונג.

דער אמת איז געוועזען, אַז מארגאַריט און זיינע מענשען האָבען זיך אויפגעפיהרט פונקט וויא דיא קאָלאָניסטען פון נאַווידאַד. זיי האָבען גערויבט ביי דיא אינדיאַנער זייער גאָלד און געשענדעט זייערע פרויען. אָט דאָס איז געוועזען דיא אורזאַכע ווארום דיא רויט־הויטיגע האָבען זיך אַזוי פיינדליך פערהאַלטען צו זיי.

קאָלומבוס האָט אין סט. טהאָמאַס אַוועקגעשיקט נאָך צוואַנציג בעוואָפענטע: דאָס וועט זיין געניג, האָט ער גערעכענט, איבערצו־שרעקען פיעלע טויזענדער אינדיאַנער.

קאָלומבוס׳עס הויפּט־צוועק — צו דערגרייכען דיא רייכע שטעדט פון דעם גרויסען כאַן — דאָס, וואָס דיא קעניגליכע פּאָר פּאָלק האָט ערוואַרט פון איהם — האָט איהם ניט געלאָזט צו רוה.

פּאָרטוגאַל האָט איהרע אַפריקאַנישע עקספּעדיציעס נאָך אינדיען זיך געקליבען פאָרטצוזעצען. יאָאַן דער 2טער (וועלכער האָט נאָך דאַן געלעבט) האָט געלאָזט האַקען בוימער אויף אַ פּלאַטע וואָס זאָל אָנגעהן מיט בּארטהאָלאָמיי דיאַז׳עס רייזע אַרום דעם קאַפּ פון גוטע האָפנונג (זעה אויבען, זייטלעך 123—126). דיא צוויי קעניגרייכען האָבען צווישען זיך געהאַט אַ מין פערוועטעניש, ווער עס וועט פריהער צוקומען צו דיא געווירצען, גאָלד און פערעל פון דעם וויטען מזרח —

שפּאַניען מיט איהרע מַערב־רייזעס, אָדער פּאָרטוגאל מיט איהרע מזרח־רייזעס.

וויא באַלד אַלזאָ אויף דעם אינזעל היספּאַניאָלאַ איז ניטאָ קיין גרויסע רייכע שטעדט, — וועט ער, קאָלומבוס, זעהן וואָס שנעלער זיי צו געפינען אויף דעם קאָנטינענט גופא, אין אַזיען.

אָרימער קאָלומבוס! זיין „קאָנטינענט", זיין „אַזיען" איז געווען דער אַמעריקאַנער אינזעל קובא — אַ האַלבע וועלט ווייט פון אַזיען!

ער האָט אַלזאָ געהאַט צוויי גרויסע דאגות: וויא צופריעדען־צו־שטעלען דעם קעניג מיט דער קעניגין דאָרטען אין שפּאַניען, און וויא צופריעדען צו שטעלען זיינע פּוסט־און־פּאַסניקעס, דאָ אין היספּאַ־ניאָלאַ. מיט אַנדערע ווערטער, וויא אַזוי דיעזע ליידיג־געהער צו געבען עפּעס אַ בעשעפטיגונג, וועלכע זאָל פערנעהמען זייער צייט און אינטערעס, אום ער, קאָלומבוס, זאָל דערווייל קענען זיך אַוועקלאָזען אויף אַ פאָרשונגס־רייזע אַרום קובאַ. ,צו דיעזען צוועק האָט ער דיא אַוואַנטוריסטען אָרגאַניזירט אין אַן אַרמעע צו געהן ווייטער אין היספּאַניאָלאַ אויף אַ מיליטערישע רייזע אָדער פּאָכאָד. זאָלען זיי מאַרשירען פון דאָרף צו דאָרף; זאָלען זיי דיא רויט־הויטיגע לערנען דרך ארץ פאַר דיא ווייסע! און פאַר איין גאַנג זאָלען זיי אויספאָרשען דיא ציבאָאָ בערג און דיא אַנדערע געגענדען פון דעם אינזעל, זיינע פלאַנצען, חיות, מענשען. ער האָט זיך געקלעהרט אַז אויף מיליטע־רישע פּאָכאָדען זיינען דיעזע אַריסטאָקראַטישע „וואוילע יונגען" גע־וואוינט אָבצוקומען מיט דיא ערגסטע שפּייז; אַלזאָ וועלען זיי וויא עס איז פערדייען אינדישע עסענוואַרג אויך. צוליעב דער נייעס און סענסאַציאָן פון אַזאַ רייזע וועלען זיי פערגעסען צו בראַקירען. אויף דיעזען אַרט וועט דיא שטעדטעל איזאַבעללאַ בעפרייט ווערען פון פיעלע מיילער, און דיא אונצופריעדענע יחסנים וועלען ניט האָבען קיין צייט צו אינטריגירען געגען איהם. צו מאַרשירען וויא אויף מלחמה צווישען דיא אינדיאַנער וועט זיי יעדענפאַלס זיין פיעל ליע־בער וויא צו זיצען אויף אַן אָרט און אַרבייטען. אגב וועלען זיי זיך מאַקע צוגעוואוינען צום קלימאַט און צו דיא אינדישע מאַכלים.

אַז זיי וועלען זיך אויך „צוגעוואוינען" צו נייע הולטייסטוועס מיט אינדישע פרויען, — האָט קאָלומבוס ניט פערגעסען. ער האָט זיך אָבער בענוגענט מיט שטריינגע בעפעהלע צו דיא אָפיציערען, אַזעל־

כע זאַכען ניט צוצולאָזען. דער עיקר איז ביי איהם געווען פון זיי פּטור צו ווערען אום צו קענען אָנפאַנגען זיין רייזע אַרום קובאַ.

דיא אַרמעע איז בעשטאַנען פון 400 מאַן. אַלס הויפּט־קאָמאַנדיר איבער איהר האָט קאָלומבוס זיך בעשלאָסען צו שטעלען מאַרגאַריט'ן, פון דער סענט טהאָמאַס פעסטונג, צו וועמען ער האָט געהאַט גרויס צוטרוי; און אויף זיין פּלאַץ אין דער פעסטונג האָט ער געשיקט דעם כוואַטסקען קאַוואַליער, דעם ספּאָרט גבור, אַלאָנזאָ אָ י ע ד אַ. ער האָט אַלזאָ דיא 400 מאַן געשיקט טאַקע מיט אָיעדאַ'ן, — ער זאָל געהן נאָך סט. טהאָמאַס, דאָרטען איבערגעבען זיי צו מאַרגאַריט'ען, וועלכער וועט אַליין אָוועקמאַרשירען, און איהם, אָיעדאַ'ן, איבערלאָזען אין דער פעסטונג מיט אַ פּיעל קלענערע קאָמפּאַניע.

אויפ'ן וועג, געהענדיג מיט דיא 400 סאָלדאַטען, האָט זיך אָיעדאַ דערוואוסט, אַז ווען דריי שפּאַניער זיינען געקומען אַהין פון סענט טהאָמאַס זיינען אינדיאַנער זיי בעפאַלען און ביי זיי צוגענומען זייערע זאַכען. ער האָט דאַן אויפגעזוכט דיעזע אינדיאַנער, זיי אָבגעשניטען דיא אויערען און אָבגעשיקט נאָך איזאַבעללאַ. דאָרטען האָט קאָלומבוס זיי אַרויפגעפיהרט אויפ'ן סקוועער, כלומר'שט זיי צו הייננען, און באַלד האָט ער זיי „געשאָנקען" און געלאָזען געהן אַהיים. זיין צוועק איז געווען, אַז דיא אינדיאַנער זאָלען האָבען אַ גוטע מיינונג וועגען איהם מיט זיינע שפּאַניער. עס האָט אָבער ניט געהאָלפען. קיין גוטע מיינונג האָבען דיא אינדיאַנער וועגען זייערע ציוויליזירטע געסט שוין ניט געקענט האָבען.

זיין פאָרשונגס־עקספּעדיציע נאָך קובאַ האָט קאָלומבוס אָנגעפאַנגען מיט דריי שיפען און אַכציג מאַן, דעם 24טען אַפּריל 1494. וואָס אַנבעטרעפט דיא שטעדטעל איזאַבעללאַ, האָט ער דאָרטען אַלס פערוואַלטער איבערגעלאָזען זיין אינגערען ברודער דיעגאָ, וועלכער איז מיט איהם מיטגעפאָהרען פון שפּאַניען אויף זיין צווייטע רייזע.

ווען ער איז געקומען אין קובאַ האָט ער זיך פאַרקערעוועט צו דעם דרום־ברעג, וואָרים דעם צפון־ברעג האָט ער שוין בעזוכט אויף זיין ערשטער רייזע. *)

*) קובאַ איז אַ לאַנגער שמאָלער אינזעל (אין דער לייננ האַלט ער ביז

ביי דיא אינדיאַנער פון קובאַ האָט קאָלומבוס קיין טאָלק ניט געקענט דערגעהן. זיי זיינען געווען צו אונוויסענד צו פערשטעהן וואו זיי זיינען אויף דער וועלט. זיי האָבען קיין קלאָהרען בעגריעף ניט געהאַט וועגען דעם אונטערשיעד צווישען אַן אינזעל און אַ קאָנטינענט. זיי האָבען גלאַט אַזוי געמיינט, אַז צו קובאַ איז קיין שיעור ניטאָ, און דאָס האָט קאָלומבוס'ען בעשטעטיגט, אַז דאָס איז אַ קאָנטינענט. און וויא באַלד דאָס איז אַ קאָנטינענט, איז דאָך דאָס געווים אַזיען, דאָס הייסט כינאַ, וואָרים אַזוי האָט אָנגעוויזען טאָסקאַנעללי'ס קאַרטע.

ווען ער וואָלט אַרומגערייזט גאַנץ קובאַ, וואָלט ער נאַטירליך געזעהן, אַז דאָס איז אַן אינזעל. די אינדיאַנער, וועלכע ער האָט בעגעגנט, האָבען אָבער אַלץ אָנגעצייגט אין דרום זייט און איבער'ן ים, אַז דאָרטען איז פאַראַן אַ סך גאָלד; אַלזאָ האָט ער געענדערט זיין ריכטונג און האָט זיך פערנומען אין דער זייט, וואו מען האָט איהם געטייטעלט.

אויף דיעזען אָרט האָט ער באַלד ענטדעקט דעם אינזעל יאַמאַיקאַ (דזשעמייקאַ), וועלכער געהערט היינט צו ענגלאַנד. דיא דאָרטיגע אינדיאַנער זיינען געווען פערשטענדליכער און פערביסענער וויא דיא, וואָס ער האָט פריהער בעגעגנט. דיא שפּאַניער זיינען איבעראַשט געוואָרען פון זייערע שיפלעך, כמעט הונדערט פּוס דיא לענג, וועלכע זיי האָבען אויסגעהוילט און אויסגעשניצט פון הויכע בוימער. ווען דיא ווייסע מענשען זיינען אַרויפגעקומען אויפ'ן ברעג, האָבען דיזע אינדיאַנער זיי מכבד געווען מיט אַ שלאַגס-רעגען פון שפּיזלעך. לאַנג איינשטעהן געגען דיא ווייסע האָבען זיי אָבער ניט געקענט און, ווען יענע האָבען אויף זיי אָנגערייצט אַ שפּאַנישען בלוט-הונט, זיינען זיי זיך צולאָפען אין טויט-שרעק. דיא אינדיאַנער האָבען אויך געהאַט צוגעוואוינטע הינט. זייערע זיינען אָבער געווען קלייניגקע און דאַרינקע. פון דיא גרויסע, קרעפטע פיער-פיסיגע בעשעפעניסען, וועלכע קענען זיך לייכט ספּראַווען מיט אַ מענשען, האָבען זיי ניט געוואוסט.

800 מייל); ער געהט פון מזרח צו מערב. דאָס הייסט אַז לאַנג איז ביי איהם דער צפון ברעג און דרום ברעג. צו זיי האָט קאָלומבוס ניט געוואוסט קיין ענד. דעריבער האָט ער דאָס געמיינט, אַז דאָס איז אַ קאָנטינענט (זעה לאַנד-קאַרטע זייטעל 260).

אזוי וויא קיין שטעדט און קיין גאָלד האָט מען דאָ אַלץ ניט גע־פונען, האָט קאָלומבוס זיך באַלד ווידער פערקערעוועט צו צפון צו; איז צוריקגעקומען אין קובא, נור אין אַן אַנדער טייל פון דעם אינזעל.

ווען דיא שפּאַניער האָבען דאָ געקווילעט טויבען, האָבען זיי אין זייערע „וואָליעס" געפונען געווירצען. אזוי, וועניגסטענס, האָבען זיי געמיינט. דאָס האָט ווידער בעשטעטיגט קאָלומבוס'עס מיינונג, אַז ער געפינט זיך אין דעם „ווייטען מזרח" — ניט ווייט פון דיא „אינ־דיעס".

דיא אינדיאַנער פון דיעזען געגענד האָבען אויפ'ן וואונק קאָלומ־בוס'עס דערצעהלט, אַז צו מערב זייט געפינט זיך אַ לאַנד מיט'ן נאָמען מ אַ נ ג אָ ן און אַז דאָרטען וואוינען מענשען מיט עקען, וועלכע זיי פערבאָרגען אונטער זייערע לאַנגע ברייטע קליידער, ווייל זיי שעהמען זיך מיט דיעזען פעהלער זייערען. דער אדמיראַל האָט זיך ווידער דערפרעהט: אין דיא בעשרייבונגען, וואָס ער האָט געלעזען, איז „מ אַ נ ג י" דער נאָמען פון דער כינעזישער פּראָווינץ, וואו עס געפינט זיך ז י י ט אָ ן, די רייכסטע שטאָדט אין דער וועלט. מ אַ נ ג אָ ן מוז אַלזאָ געוויס זיין דיעזע מ אַ נ ג י; און וואָס אַנבעטרעפט דיא מענשען מיט דיא פערבאָרגענע עקען, האָט אַ געוויסער רייזענדער געשריבען וועגען נאַקעטע אזיאַטישע מענשען, וועלכע האָבען געזאָגט, אַז זייערע ציוויליזירטע שכנים טראָגען קליידער אום צו בעהאַלטען עפּעס אַ קער־פּערליכען פעהלער. אַלץ האָט געשטימט מיט דעם געדאַנק, אַז דאָ איז אַזיען, אַז אונזערע רייזענדע געפינען זיך לעבען כינאַ, ניט ווייט פון דיא גלענצענדע שטעדט, וועגען וועלכע איירָאָפּאַ האָט געטרוימט פיעלע הונדערט־יעהריגע.

איין מאָל, ווען אַ מיטגליעד פון קאָלומבוס'עס קאָמפּאַניע איז גע־גאַנגען אויף געיעג און האָט פון ווייטען דערזעהן וויא זעהר הויכע ווייסע פויגלען געהען ארום איבער'ן פעלד, האָט ער געמיינט, אַז דאָס זיינען מענשען אין לאַנגע און ברייטע ווייסע רעק. (דאָרטען זיינען ווירקליך פאַראַן אַזעלכע גרויסע, סטראָינע פויגלעך, וועלכע קענען פון ווייטען מאַכען אַזאַ איינדרוק): ווען ער איז מיט שרעק געקומען צו לויפען צו זיינע חברים, און זיי דערצעהלט וואָס ער האָט געזעהן, זיינען זיי אַלע געוועזען זיכער, אַז דאָס זיינען יענע מענשען פון „מ אַ נ ג י" מיט דיא פערבאָרגענע עקען.

נאָך טאסקאנעללי'ס קאַרטע האָט קאָלומבוס אויסגערעכענט, אַז ער געפינט זיך איצט ניט זעהר ווייט פון דעם גרויסען אזיאטישען טייך גאַנגעס. (זעה דיא אויבערשטע טהייל פון אינדיען אויף דער לאַנדקאַרטע זייטעל 164). איהם איז דעריבער אין זינען אַריינגעפאַלען אזא פּלאַן: ער וועט דערשווימען ביז דיעזען בעריהמטען טייך, פון איהם אַריינשווימען אין דעם אינדישען ים און דורך דעם אינדישען ים קומען נאָך שפּאַניען, דאָס הייסט, מאכען אַ פאָלשטענדיגע רייזע ארום דער וועלט: ארויסגעפאָהרען פון שפּאַניען פון איין זייט ערד־קוגעל און געקומען אהין צוריק דורך דער אַנדערער זייט ערד־קוגעל!

בלויז וועגען איין זאַך האָט ער גע'דאגה'ט: איהם וואָלט אויסגעקומען דורכצופאָהרען דורך מאהאמעדאנישע לענדער, און נאָך דעם וויא דיא שפּאַניער האָבען בעזיעגט דיא מורינען וואָלט פאַר שפּאַנישע שיפען דאָרטען געווען געפעהרליך זיך צו ווייזען. ווען ער וואָלט פערשטעהן וואו ער געפינט זיך אין אמת'ען, וואָלט ער וויסען, אז זיין דאגה איז אַן אומזיסטע, אז זיינע שיפען קענען ניט צוקומען צו אַזיען, ווייל איהר ליגט אין וועג אַ דאָפּעלטער קאָנטינענט, מיט אַ גרויסען אָקעאַן, און אַז דער טייך גאַנגעס איז פיעלע, פיעלע טויזענדער מייל פון איהם.

מיר, היינט, עהרען קאָלומבוס'ען פאַר דיא גרויסע ענטדעקונג, וואָס ער האָט געמאַכט. מיר ווייסען, נאַטירליך, אַז דיא לענדער, וואָס ער האָט געפונען, זיינען ניט אזיען, און דערפאַר איז דאָס טאַקע זיין אויפטהואונג אין אונזערע אויגען אזא גרויסע זאַך — גראָד ווייל עס איז אַ גאַנץ אַנדער וועלט־טייל. וואָס פאַר אַ טרויעריגער שפּאַס עס איז דעריבער היינט צו לעזען וויא ער האָט זיך געפּלאָגט און געמאַטערט זוכענדיג צו בעווייזען, אז ער האָט ניט ענטדעקט קיין נייע וועלט, און וואָס פאַר יסורים ער האָט געהאַט יעדעס מאָל, ווען עס האָט זיך איהם געדוכט, אז טאָמער האָט ער אַ טעות.

אזיען האָט געהאַט געווירצען, אוצרות; דאָס און קיין אנדער לאַנד האָט איהם ניט אינטערעסירט. דאָס האָט ער געזוכט. וועגען דעם האָט איהם געדרעהט דער קאָפּ; איבער דעם האָט ער ניט געשלאָפען קיין נעכט, זיך געפּלאָנטערט אין זיינע רעכענונגען, זיך ארומגעדרעהט מאָנאטען־לאַנג ארום דיא אינזלען פון צענטראַל־אמעריקא; שיער פון זינען ניט אראָפּ פאַרשענדיג און דארענדיג דעם מוח. וואָס פאַר אַ האַרץ־רייסענדער בילד!

און דאָס איז בלויז דער אָנהויב. איין מאָל איז דיא לאַנד, וואָס ער האָט געפונען, ניט געווען דיא לאַנד, וועלכע מען האָט געמיינט, אז ער האָט געפונען, האָט צו זיינע צרות קיין ענד ניט געקענט זיין. דער ווידערשפּרוך האָט געמוזט זיין א קוואַל פון מעהר און מעהר פייניגונג פאר איהם. דיא ענטטוישונג מיט איהם איז געווען א דאָפּעלטע: פון איין זייט זיינען ענטטוישט דיא קעניגליכע פּאָר, און פון דער אַנדערער זייט זיינע קאָלאָניסטען. ווען מען וואָלט ניט ערווארטען, אז ער וועט צוקומען צו דיא אלטע אינדיען, וואָלטען דיא ערשטע איהם ניט געשיקט אויף זיין עקספּעדיציע און דיא לעצטע וואָלטען ניט מיטגעפאָהרען מיט איהם.

פון איצט אָן און ווייטער האָט זיין לעבען געמוזט זיין אַן אונאויפהערליכע טראַגעדיע.

## XV.

## קאָלומבוס פערשקלאַפט די אינדיאַנער.

קאָלומבוס איז ניט וויט פון דיא רייכע שטעדט פון מעקסיקאָ און ווייס ניט דערפון. — ער צווינגט זיינע מיטרייזענדע צו שווערען, אז זיי האָבען בעזוכט אַזיען. — זיין ברודער באַרטהאָלאָמיי. — דער אינזעל היספּאַניאלא און זיינע פינף קרייזען אין קאָלומבוס'עס צייטען. — רויבערייען און הולטאַיסטוועס פון דיא שפּאַניער אין קאָלומבוס'עס אבּוועזענהייט. — דער אינדיאַנער עלסטער קאַאָנאַבא געהט מיט 10.000 מאַן אויף דיא פעסטונג סט. טהאָמאַס; אָבער אַיעדא מיט זיינע 50 שפּאַניער מיט זייערע שפּאַנישע געוועהר זיינען צו שטאַרק פאַר איהם. — אָיעדא נאַרט קאַאָנאַבא'ן אָפּ און ברענגט איהם צו קאָלומבוס'ען אַ געפאַנגענעם. — זיין שטאָלץ און געפאַנגענשאַפט. — קאָלומבוס שיקט קנעכט אין שפּאַניען. — עטליכע קאַסיקס פעראייניגען זיך און צעהנדליגע טויזענדע אינדיאַנער קומען קעמפּפען פאַר זייער פרייהייט. — קאָלומבוס בעגעגענט זיי מיט 220 מאַן. — זיין זיעג. — ער טהוט אויף דעם אינזעל אָן דעם יאָך פון לייב־אייגענשאַפט. — דיא אונגליקליכע פּרופען פערהונגערען זייערע פּייניגער און פערהונגערען בלויז זיך אַליין. — דיא ענטטוישונג מיט קאָלומבוס'ען אין קעניגליכען הויף. — מען שיקט אַ רעוויזאָר. — מען ערלויבט אַנדערע רייזענדע צו מאַכען ענטדעקונגען אין דיא נייע לענדער. — דורך אַ ראָמאַן צווישען א שפּאַניער און אַן אינדיאַנערקע דערוויסט זיך קאָלומבוס פון גאָלד־מינען. — עס ווערט געגרינדעט דיא שטאָדט סאַן דאָמינגאָ.

ווען קאָלומבוס וואָלט געשוואומען נאָך אַ מייל הונדערט, וואָלט ער דערגרייכט דעם ענד פון קובא און וואָלט זיך ערקונדיגט, אז דאָס איז אַן אינזעל. איינינע היסטאָריקער מאכען דערביי דיא אינטערעסאַנטע בעמערקונג, אז דאַן וואָלט ער זיך אויך געפונען ניט ווייט פון מעקסיקאָ, וועלכע איז געווען דיא ענטוויקעלטסטע פון אלע אמעריקאַנער לענדער אין יענער צייט. ער וואָלט דאָרטען געפונען שטעדט מיט באַרבאַרישע פּאַלאַצען און טעמפּלען, מיט אַ סך גאָלדענע ציערונג,

גרויסע זילבערנע וואזעס, — א לאַנד מיט אַ מערקווירדיגער בעפעל־קערונג מיט מערקווירדיגע מנהגים, רייכע קליידער, גלענצענדע צערע־מאָניעס, אינטערעסאַנטע בילד־שריפטען, מלאכות, מערק (זעה אויבען, זייטעל 4).

פיעלייכט וואָלט ער דאן שטארקער געגלויבט, אז ער איז אין כינא. דיא שטעדט פון דיא אצטעקען (דיא איינוואָהנער פון מעקסיקאָ) וואָלט ער אָנגענומען פאר דיא שטעדט פון דעם גרויסען כאַן. אָבער יעדענפאַלס וואָלט ער ניט ענטטוישט — ניט פערדינאַנד'ען מיט איזאַ־בעלא'ן, ניט דיא גאָלד־דורשטענדע פוילענצער, וואָס זיינען מיט איהם מיטגעפאָהרען, ניט זיך אליין.

ווען מען האָט אין זינען, אַז קאָלומבוס איז געווען אזוי נאָהענט פון מעקסיקאָ, ניט וויסענדיג דערפון, מאכט דאָס נאָך גרעסער אי דיא קאָמישע אי דיא טראגישע זייט פון זיין לאַגע.

שטעלט זיך פאָר, אז א ציוויליזירטער מענש ענטדעקט אייראָפּא אין דיא צייטען פון דעם אלטען רוים. שטעלט זיך פאָר, אז ער קומט גראָד אריין אין דיא האַלב־ווילדע געגענדען פון דיא דאַמאָלסדיגע גער־מאַנען. ער דרעהט זיך ארום צווישען דיעזע באַרבאַרען. ער זוכט אַ פונק פון א ציוויליזירטען לעבען, אָבער אומזיסט. ניט וויט פון דאָר־טען ליגט דיא רוימישע אימפעריע מיט איהר הויכע ציוויליזאציאָן, מיט איהר ליטעראטור, קונסט, ארכיטעקטור, מלאכות, טהעאטערע. אונ־זער רייזענדער האָט אָבער פון דעם קיין בעגריעף ניט, און ער פּלאָנטערט זיך אלץ צווישען די האַלב־ווילדע ביז ער קומט אין פערצווייפלונג.

פערהעלטניסמעסיג רעדענדיג, האָט דאָס זעלבע דאָ פּאַסירט מיט קאָלומבוס'ען. מיר ברויכען דעם וואָרט פערהעלטניסמעסיג, ווייל דיא אצטעקען פון קאָלומבוס'עס צייטען זיינען געגען דיא אַלטע רוימער גע־ווען וויא נאכט צו טאָג. זיי זיינען, נאָך אַלעמען, געווען באַרבאַרען. אָבער דערפאר זיינען דיא אינדיאנער, וואָס קאָלומבוס האָט געטראָפען דאָך געווען ווילדער וויא דיא גערמאַנען פון דיא אַלט־רוימישע צייטען. דיא רויט־קאָלירטע (ריכטיגער, דיא צימרינג־קאָלירטע) מענשען, וועל־כע ער האָט בעגעגענט, זיינען געווען דיא ווילדסטע צווישען דיא אַמעריקאנער פעלקער; און ניט וויט פון איהם האָט געוואוינט דער העכסט־ענטוויקעלטער פון אַלע אמעריקאנער פעלקער, און ער האָט דערפון ניט געוואוסט!

אָנשטאָט צו פאָהרען ביז דעם ענד פון קובא, האָט ער זיך געמוזט אומקעהרען צוריק נאָך איזאבעללא. אויב זיינע דאגות וועגען זיין רייזע דורך מאהאמעדאנישע לענדער האָבען קיין ממשות ניט געהאַט, האָט ער געהאַט אנדערע צרות, וועלכע האָבען געהאַט צו־פיעל ממשות; און דיזע צרות האָבען דאָס איהם געצוואונגען זיך אומצוקעהרען פון קובא. זיינע מאַטראָזען האָבען זיך איינפאַך ענטזאגט ווייטער צו זעגלען. ווען זיי וואָלטען אין הארצען געהאַט מעהר רעספעקט צו זיינע רייזעס, וואָלטען זיי דאָס ניט געסמייעט צו טהאָן. אָבער פאָרלויפיג האָבען זיי פון זיינע עקספעדיציעס געזעהן בלויז ערוואַרטונגען און פער־שפּרעכונגען. מען האָט ביסלעכווייז גענומען געוואוינט ווערען אין דער שטיל צו מאַכען שפּאַס פון איהם, און דיא אונטערשטע שורה איז געוועזען, אז מען האָט געפאָדערט ער זאָל פאָהרען צוריק. אז קובא איז כינא, אזיען, — דאָס האָבען זיינע מיטרייזענדע איהם צוגעגעבען. זיי וואָלטען איהם צוגעגעבען יעדע טהעאָריע אין דער וועלט, אבי ער זאָל נור פארקערעווען דיא דריי שיפען נאָך היספאניאלא. און ער האָט קיין אנדער ברירה ניט געהאַט וויא צו פאָלגען.

אום עס זאָל ניט הייסען, אז ער איז באַנקראָט מיט זיין פּלאַן צו דערגרייכען כינא, און דיא אריסטאָקראטען פון איזאבעללא זאָלען פון איהם קיין חוזק ניט מאַכען, האָט ער געברויכט דעם פאָלגענדען זאָנ־דערבאַרען מיטעל: ער האָט אויסגעשטעלט אַלע זיינע אכציג מאַן אויפ'ן „דעק“ פון שיף, און יעדער פון זיי האָט געמוזט שווערען פאַר א נאָטאריוס, אז זיי געפינען זיך אין אזיען, און אז איבער דער יבשה קען מען פון דאָרטען אריבערגעהן אזיען און אייראָפּא און קומען נאָך שפּאַניען. עס איז בעשלאָסען געוואָרען, אז אויב איינער וועט שפּע־טער אויסדריקען א צווייפעל אין דעם, זאָל מען איהם צושניידען דעם צונג און אלס צוגאָב נאָך געבען הונדערט שמיץ, אָדער אויב ער איז אַן אָדעליגער, נעהמען פון איהם צעהן טויזענד מאראוועדים שטראָף. דאָס איז אַלץ פערשריעבען געוואָרען אין אַן אָפיציעלען דאָקומענט, וועלכער געפינט זיך עד היום אין דיא ארכיוועז פון דעם „אינדישען דעפּארט־מענט“ אין דער שטאָדט ס ע ו י ל ל, וואו דיא ביוראָ פון דיעזען דע־פּארטמענט איז געגרינדעט געוואָרען פאר קאָלומבוס'עס צווייטע רייזע.

מיט דיעזער שבועה האָט אַלזאָ קאָלומבוס ערוואַרטעט צו איבער־צייגען דיא וועלט בכלל און פערדינאַנד'ען מיט איזאבעללא'ן בפרט,

אז זיין רייזע, דיא אונטערנעהמונג, צו וועלכע ער האָט געשטרעבט א האלבען לעבען, איז ניט ארויסגעוואָרפען, אז זיין טרוים וועגען דער־גרייכען כינא פון מערב זייט איז פערווירקליכט געוואָרען. און דיא מאטראָזען האָבען געשוואָרען וועגען אלץ וואָס ער האָט געוואָלט, אבי ער זאָל זיי נור ניט שלעפען ווייטער איבער דיא אונבעקאנטע וואסערען און דורך אונבעקאנטע ווילדע מענשען.

אָבער ליידער קען מען פון קובא אזיען מיט שבועות ניט מאַכען...

דיא רייזע צוריק איז געלעגען דורך אן אונגעצעהלטע מאססע קליינע אינזעלעך און איז געווען אזא שווערע, אז קאָלומבוס האָט עט־ליכע נעכט נאָכאנאנד קיין אויג ניט צוגעמאכט, ביז פון אויסגעמאַ־טערטקייט און דאגות איז ער סעריעז קראנק געוואָרען און איז אריינ־געפאלען אין א מין היהגער־פלעט.

אין דיעזען בעוואוסטלאָזען צושטאנד האָט מען איהם געבראכט אין זיין הויז, אין איזאבעללא, וואו ער איז אזוי אָבגעלעגען עטליכע טעג.

ווען ער האָט זיך אויפגעכאפט, האָט ער לעבען זיין בעט דערזעהן זיין ברודער ב א ר ט ה אָ ל אָ מ י י ׳ ע ן, וועלכער איז געקומען פון שפאניען אין זיין אבוועזענהייט. זיי האָבען זיך שוין ניט געזעהן זעקס יאָהר, — זינט קאָלומבוס האָט בארטהאלאמיי׳ען געשיקט פון ליססא־באָן נאָך ענגלאנד.

ווען בארטהאלאמיי איז אוועקגעפאָהרען נאָך ענגלאנד, איז ער אויפ׳ן וועג אריינגעפאלען צו פיראטען אין דיא הענט. ער איז פון זיי אוועק אזוי אָרים, אז א לאנגע צייט האָט ער געמוזט ארבייטען אלס לאנד־קארטע צייכענער אום דיא נשמה צו דערהאלטען. וועגען פאָרשטעלען זיך איז א קעניגליכען פאלאץ האָט לאנג קיין רייד ניט גע־קענט זיין. ענדליך האָט ער זיך אָבער דאָך צוגעשלאָגען צום קעניג, הענרי דעם 7־טען, און דער לעצטער האָט זיך פעראינטערעסירט אין דעם פלאן וועגען א רייזע צו מזרח דורך מערב. בארטהאָלאָמיי איז געפאָהרען נאָך זיין ברודער. ער האָט בעדארפט דורכפאָהרען דורך פא־ריז. ווען ער איז געקומען אהין, האָט ער דערהערט דיא פרעהליכע נייעס, אז קריסטאָפאָר האָט שוין ענטדעקט „יאפאן און כינא“ דורך א מערב־רייזע איבער׳ן אטלאנטישען ים; אומעטום האָט מען גע־רעדט וועגען דעם גרויסען פאראד, וואָס מען האָט מיט איהם געמאכט



באַרטהאָלאָמיי קאָלומבוס (ברודער פון קריסטאָפאָר קאָלומבוס)

אין דעם קעניגליכען פּאַלאַץ פון שפּאַניען. קורץ, ער איז געווען דער העלד פון טאָג; מיט איהם האָט געקאָכט דיא וועלט. ווען מען האָט אין פּאַריז זיך דערוואוסט, אז בארטהאלאמיי איז א ברודער פון קאָלומבוס דעם ענטדעקער, האָט מען איהם דאָרטען אָבגעגעבען כבוד. ווען דער פראנצויזישער קעניג, שאַרל דער 8־טער, האָט געהערט, אז ער איז אָרים, האָט ער איהם געהייסען געבען א היבשע סומע אויף זיין ווייטערע רייזע נאָך שפּאַניען.

בארטהאָלאָמיי איז געקומען נאָך סעווילל, שפּאַניען, גלייך נאָך דעם וויא קאָלומבוס האָט אָבגערייזט אויף זיין צווייטע עקספּעדיציע. ער איז אריבערגעפאָהרען נאָך דער שפּאַנישער שטאָדט וואלאדאָליד, וואו דער קעניג און דיא קעניגין האָבען זיך דאַן געפונען, מיטנעהמענדיג אהין זיינע צוויי פּלעמעניקלעך, קאָלומבוס'עס זוהן פון דער ערשטער פרוי, דיעגאָ, און זיין זוהן פון דער צווייטער פרוי, פערדינאנד. דיא צוויי אינגלעך זיינען צוגענומען געוואָרען אין הויף אַלס פּאַזשען, קאמער־אינגלעך, ביי יואַן'ען, דעם קרוין פּרינץ.

דיא קעניגליכע פּאָר האָט בארטהאלאמיי'ען ווארים עמפּפאַנגען, און הערענדיג, אז ער איז א געניטער שיפס־מאַן, האָבען זיי איהם אוועקגעשיקט צו זיין ברודער אין היספּאניאלא מיט דריי שיפען מיט דיא פּראָוויאנט, וועלכע דער אדמיראַל האָט געבעטען.

בארטהאלאמיי האָט קריסטאָפאָר'ען ווידער פערשפּעטיגט. ווען ער איז געקומען נאָך היספּאַניאָלא, איז דער אדמיראַל שוין געווען אויף זיין רייזע ארום קובא.

ווען קאָלומבוס האָט זיך אויפגעכאַפּט פון זיין היהנער־פּלעט און האָט דערזעהן זיין ברודער, איז צו זיין פרייד קיין גרענעץ ניט געווען. איצט וועט ער האָבען אויף וועמען זיך צו פערלאָזען, ווער עס זאָל איהם לייכטער מאכען זיין לאַסט — האָט ער זיך געקלעהרט. זייער אינגערער ברודער, דיעגאָ, האָט געהאַט א צו־מילדע, שוואכע נאַטור. ער האָט איהם ווייניג געקענט העלפען, א גאַנץ אנדער מענש איז געווען בארטהאלאמיי. דאָס איז געווען א געבאָרענער קעמפּפער, אונערשראָקען, פול מיט ענערגיע און ענטשלאָסענהייט, א ביטערער יונג, א שטרענגער און א בייזער, אָבער א פּראַקטישער. ער איז ניט געווען בעגאַבט מיט קריסטאָפאָר'ס איינבילדונגס־קראַפט און מיט זיין ענטהוזיאַזמוס; אויך האָט איהם געפעהלט זיין ברודער'ס בילדונג. דער־

פאר האָט ער אָבער געהאַט מעהר טאַקט און געניטקייט אין לעבען. איבעריגענס, האָט איהם דיעזער טאַקט און געניטקייט ניט געשטערט אויף טריט און שריט צו ערוועקען שנאה דורך זיין קאַלטען, בארמ־לאָזען בענעהמען זיך צו מענשען, וועלכע זיינען איהם ניט געפעלען געוועז. ער איז געוועזען הויך און שטארק געבויט, מיט א וואַזשנעם אויסזעהן, אזוי וויא דער אדמיראל. זיין פנים האָט אָבער ניט געליכ־טען מיט דעם אינטערעסאנטען בעגייסטערט־פערטראַכטען בליק, וועל־כער האָט בעזעעלט זיין ברודער'ס געזיכט.

מיר האָבען זיך דאָ אָבגעשטעלט צו געבען אַן אַלגעמיינעם בילד פון בארטהאָלאָמיי'ען, וויל פון דיעזען מאָמענט אָן שפּיעלט ער א זעהר וויכטיגע ראָלע אין דער פערוואַלטונג פון דיא קאָלאָניעס — נעכסט צו קריסטאָפאָר'ען; און אזוי וויא ער האָט געהאַט א פעסטע־רען און הארטערען כאראַקטער וויא קריסטאָפאָר, האָט זיין ווילען אָפט אויך געהאַט מעהר בעדייטונג.

דער אדמיראל האָט אין היספאַניאָלא געפונען אזא טרויעריגען מיש־מאַש, אז בארטהאלאמיי איז מיט זיין אייזערנע, הערשערישע נאַטור איהם נויטיג געוועזן — אזוי וועניגסטענס האָט ער געמיינט. ער האָט איהם דעריבער גלייך געמאכט פאר זיין אַדעלאַנטאַדאָ, אָדער וויצע־גובערנאטאָר.

וואָס איז פאָרגעקומען אין היספאַניאָלא? וואָס האָט דאָרטען פאַ־סירט אין דער צייט וואָס קאָלומבוס האָט ארומגערייזט ארום קובא, מיינענדיג, אז ער פאָרשט דאָס אזיען?

אָבער צוערשט א פּאָר ווערטער וועגען היספאַניאָלא — וועגען דעם אינזעל אין אַלגעמיין און וועגען דיא עטליכע טיילען, פון וועלכע ער איז בעשטאַנען אין קאָלומבוס'עס צייטען. דאָ איז געוועזן קאָלומ־בוס'עס אמעריקאנער היים. דאָ איז פאָרגעקומען זיין גאנצע טהעטיג־קייט אַלס וויצע־קעניג און אדמיראל. דאָ איז אויך געוועזן דיא הויפּט־קווארטיר און דער מיטעלפּונקט פון אַלע עקספּעדיציעס, וואָס ער האָט אונטערנומען זייענדיג אין אמעריקא. דיא רייזעס, מיט וועלכע ער האָט ענטדעקט קובא, יאמאיקא, פאָרטאָ־ריקאָ, דיא קאריבישע אינזלען און דעם קאָנטינענט פון זיד־אמעריקא, האָט ער געמאַכט אַלס איינ־וואוינער פון היספאַניאָלא, פאָהרענדיג ענטוועדער פון דאָרטען אָדער




**היספּאַנאָלאַ (האַיטי)**
אין קאָלומבוס׳ס צייטען.

אהין. דיא גאנצע געשיכטע פון זיין לעבען, זינט ער האָט ענטדעקט דיא נייע וועלט ביז ער איז אראָפּ פון דער סצענע, ליגט אין היספּאניאָ־לאַ. עס איז דעריבער איבערהויפּט כדאי בעקאַנט צו זיין מיט דיעזען אינזעל און צו דיעזען צוועק גיבען מיר דאָ א לאַנד־קאַרטע פון איהם.

דיא פיגור פון דעם אינזעל אין אַלגעמיין האָבען מיר גענומען פון דיא געוועהנליכע היינטיגע לאַנד־קאַרטען. פיעל שווערער זיינען אונז אָנגעקומען דיא היסטאָרישע שטעדט און פערטיילונגען, וויא זיי זיינען געווען אין קאָלומבוס'עס צייטען. ליידער האָבען מיר ניט געקענט געפינען אזא היסטאָרישע קאַרטע פון היספּאניאָלא, און מיר האָבען דיא נעמען געמוזט אָנצייכענען אליין — טיילווייז נאָך דער בעשרייבונג פון וואשינגטאָן אווירווינג און טיילווייז נאָך דיא עטליכע אַלטע נעמען, וואָס זיינען פערבליבען ביז היינט און געפינען זיך דעריבער אויף דיא מאָדערנע קאַרטען פון היספּאַניאָלא אויך. מיר האָבען געגלויבט, אז אָהן אזא לאַנד־קאַרטע פון דעם אינזעל וואָלט דער לעזער זיך ניט גע־קענט קלאָר פאָרשטעלען וואו קאָלומבוס האָט געבויט זיינע פעסטונגען, וואו עס זיינען פאָרגעקומען דיא מלחמות מיט דיא אינדיאַנער, דיא הולטייסטוועס, רויבערייען און מערדערייען פון דיא שפּאניער, א. ז. וו.

עטליכע ספּעציעלע שורות, אַלזאָ וועגען דעם אינזעל היספּאניאָלא, אָדער האַיטי, וויא מען רופט איהם היינט, און וויא דיא אינדיאַנער פלעגען איהם רופען.

אין זיין גרעסטע לענג (פון מזרח צו מערב) האַלט דער אינזעל 400 ענגלישע מייל. אין דער ברייט האַלט ער אין זיין ברייטעסטען פּלאַץ 160 מייל, און אין זיין שמעלסטען פּלאַץ — בלויז 17 מייל. אין גאַנצען האַלט זיין שטח נאָהענט בּון 30 טויזענד קוואדראַטנע מייל (אונגעפעהר א העלפט פון רומעניען און פיער מאָל אַזוי גרויס וויא דער שטאַאט ניו־דזשוירזי). פון ניו יאָרק איז היספּאניאָלא 1400 מייל ווייט צו דרום־צו. פון פלאָרידא — 450 מייל, דאָס הייסט, אַז צו דיא פעראייניגטע שטאַאטען איז פון דעם אינזעל 450 מייל. צו זיד־אַמעריקא — 360 מייל.

אין קאָלומבוס'עס צייט איז היספּאניאָלא געווען צוטיילט אויף פינף קרייזען אָדער פּראָווינצען, יעדער קרייז מיט זיין אינדיאַנער „קאַסיק".

1) דער ערשטער קרייז האָט פערנומען דיא מיטעלסטע טייל פון דער

וועגא („פלאַך־לאַנד“), און אזוי האָבען די שפּאַניער איהר גערופען: ו ו ע ג א. דאָרטען האָבען זיך געפונען פיעלע אינדישע דערפער, דערפלעך, טייכען און טייכלעך. פיעלע פון דיזע וואסערען האָבען זיך צו דער פלאַך־לאַנד ארונטער־געגאָסען פון די ציבאַאָ בערג, און זייערע זאמד איז געווען געמישט מיט גאָלד־שטויב.

דער קאסיק איבער דיזען קרייז האָט געהייסען גוואַריאָנעקס.

2) דער צווייטער קרייז האָט זיך גערופען מ א ר י ע ן. ער האָט זיך געצויגען איבער א טייל פון דעם צפון־ברעג, וועלכע איז אויך א טייל פון דער פלאַך־לאַנד. דאָ איז דאָס געלעגען נאַווידאַד און אי־זאבעללא. דער עלסטער איבער דיזען קרייז איז געווען גוואקאנאגארי.

3) דער דריטער קרייז האָט געהייסען מאַגוואַנא. דאָס איז א געגענד ביי דעם דרום ברעג פון היספּאַניאָלא ביי די דרום־טייל פון די ציבאַאָ בערג. דאָס איז א קרייז פון מינעראַלען און מעטאַלען.

איבער דיזען קרייז האָט דאָס געוועלטיגט ק א אָ נ א ב אָ, דער קאמפף־דורשטיגער אונערשראָקענער קאַריב.

4) דער פערטער קרייז האָט פערנומען דעם גרעסטען שטח און האָט אויך געהאַט די גרעסטע רויט־הויטיגע בעפעלקערונג. זיין נאָמען איז געווען ק ס א ר א ג ו א, נאָך דעם נאָמען פון דער גרויסער אָזערע, ארום וועלכע ער איז געלעגען. (זיא האָט 27 מייל אין דער לענג און ארום 14 אין דער ברייט). ער האָט זיך געצויגען איבער דער גאַנצער מערב־זייט און אויך איבער א גרויסע טהייל פון דער דרום־זייט פון היספּאַניאָלא. זיינע איינוואוינער זיינען געווען די שעהנסטע אינדיאַנער פון דעם אינזעל. זיי זיינען געווען שעהנער געוואקסען וויא די אנדערע, האָבען געהאַט איידעלערע געזיכטען און אַן אנגענעהמערע אויסשפּראַכע. זייערע פרויען זיינען געווען בעריהמט אַלס פּאַר־שוינען.

דער הערשער פון קסאראגוא האָט געהייסען ב ע ה ע ט ש י אָ. זיין שוועסטער, אַ נ א ק אָ נ א, די בעריהמטסטע שעהנהייט פון דעם גאַנ־צען אינזעל, איז געווען קאַאָנאַבאָ'ס פרוי.

5) דער פינפטער קרייז האָט געהייסען ה י ג י. דאָס איז גע־ווען א מזרח־טייל פון היספּאַניאָלא. די אינדיאַנער פון דיזער פּראָ־ווינץ האָבען זיך אויסגעצייכענט מיט ענערגיע און מוטה. אזוי וויא זיי האָבען געהאַט אָפטע „וויזיטען“ פון די קאַריבען, זיינען זיי אַם

מעהרסטען צוגעוואוינט געווען צו מלחמות. ביי דיא קאריבען האבען זיי זיך אויסגעלערענט געברויכען פיילען־בויגענס מיט פערגיפ־טעטע פיילען, און זיי זיינען איבערהויפט געווען ביטערע „חברה־לייט“.

זייער קאסיק איז געווען אן אינדיאנער מיט'ן נאמען קאטור באנאמא.

אין סך הכל האבען אויפ'ן אינזעל דאן געוואוינט ארום א מיליאן אינדיאנער, און איידער דיא ציוויליזירטע האבען צו זיי אריינגעדרונ־גען, האט זיי זיך געלעבט גרינג און לוסטיג, וויא מיר האבען שוין ער־קלעהרט.

איצט פאנגט זיך אן א גאנץ נייער קאפיטעל אין זייער לעבען — איינער פון יענע קאפיטלעך, וועלכע ווייזען אונז וויא אזוי איין מענש פערשקלאפט און מוטשעט דעם אנדערען, און וויא אזוי א גאנצע בע־פעלקערונג ווערט אבגעווישט פון דעם ערד־קוגעל, וויא מען ווישט אפ שטויב.

מיר האבען דערצעהלט, אז ווען קאלומבוס האט אנגעפאנגען זיין רייזע ארום קובא, האט ער דיא קאמאנדא איבער זיין „ארמיי“ איבער־געגעבען צו פעדרא מארגאריט, און אויף מארגאריט'ס פּלאץ אין דער סענט טהאמאס פעסטונג האט ער געשיקט אלאנזא איעדא. מארגא־ריט האט געזאלט פריהער פון אלץ מיט זיין חיל אויספארשען דיא ציבאא־בערג, צו זעהן, וואו דיא גאלד ליגט — וואו מען דארף גראבען דיא מינען. ער האט אבער אזוי ניט געטאן. אנשטאט דעם האט ער מיט זיין ארמיי זיך ארונטערגעלאזען אין דער פרוכטבארער וועגא אריין, וואו ער האט אויך אנגעפאנגען צו לעבען א גוטען טאג ביי דיא פריעד־ליכע, גוטהערציגע אינדיאנער. צוערשט זיינען דיא רויט־הויטיגע געווען צופריעדען דיעזע אונגעבעטענע געסט זייערע צו געבען וויפיעל פּראוויזיע זיי האבען נור געפאדערט. באלד אבער איז אזא גאסט־פריינדליכקייט זיי שווער געווארען צו ערפיללען. זיי אליין, דיא אינדיאנער, פלעגען עסען זעהר ווייניג און קיין סך פריפאסען האבען זיי ניט געהאט און ניט בעדארפט האבען. דיא שפאניער, ווידער, אלס איינוואוינער פון קעלטערע קלימאטען, זיינען געווען געוואוינט צו עסען פיעל מעהר. דיא רויט־הויטיגע פלעגען זיך בעקלאגען, אז איין ווייסער פרעסט אויף אין א טאג מעהר וויא א רויטער אין א מאנאט.

ווען מען האט דיא שפאניער אזוי גיך ניט געגעבען קיין שפייז,

האָבען זיי גענומען איבער־גוואַלט. גאָלד האָבען זיי געכאַפּט וואו זיי האָבען עס נור דערזעהן. וועגען בעצאָהלען מיט וואָס עס איז, האָבען זיי אפילו ניט געדענקט. אפילו מיט א גוטען וואָרט איינשטילען דיא אונצופריעדענהייט פון דיא אינדיאַנער האָבען זיי ניט געפונען פאר נויטיג. נור מעהר פון אַלץ האָט ביי דיא אינדיאַנער אויפגעקאָכט דאָס בלוט פון די שפּאַניער'ס אויפפיהרונג מיט די רויט־הויטיגע פרויען. די שפּאַניער האָבען זיך אוועקגעלאָזען הולטעווען אויף דעם עקעלהאפט־סטען שטייגער. זיי האָבען ביי דיא אינדיאַנער געכאַפּט זייערע פרויען, זייערע שוועסטער, זייערע טעכטער, זייערע מוטערס. דיא נאַטור־קינדער האָט איבערהויפּט אָבגעעקעלט קוקענדיג וויא דיא „ציוויליזיר־טע" בענעהמען זיך, וויא אונזאַטבאר און וויא שמוציג זיי זיינען אין זייער געשלעכטליכע תאוה.

ווען דיעגא קאָלומבוס האָט זיך דערוואוסט דערפון, האָט ער גע־שיקט זאָגען מאַרגאַריט'ען, אז ער זאָל צו דיעזע מעשים מאכען א סוף. מאַרגאַריט, אַלס א געבאָרענער אריסטאָקראַט פון דערהיים, האָט זיך שטאַרק בעליידיגט: וויא סמייעט אן אויפגעקומענער פּריץ וויא דיעגאָ, דער זוהן פון א בעל־מלאכה, איהם צו געבען בעפעהלען אָדער זאָגען מוסר? דיא אנדערע אריסטאָקראַטען פון דער קאָלאָניע האָבען אונטערשטיצט מאַרגאַריט'ען. אונצופריעדען זיינען זיי סיי וויא סיי געווען—מיט דעם, וואָס קאָלומבוס האָט זיי געהייסען ארבייטען און מיט דעם, וואָס ער האָט פערקלענערט זייערע פּאָרציעס צוגלייך מיט דיא פּאָרציעס פון דיא „פּראָסטערע" קאָלאָניסטען; קורץ, עס האָט זיך גע־בילדעט א „קרוזשאָק" פון אדעליגע פוסט־און פאסניקעס, וועלכע האָ־בען אָנגעהויבען צו גראָבען געגען קאָלומבוס'ען און זיין פאַמיליע.

און דער הויפּט־גלח פון דער קאָלאָניע, באָיל, איז אויך צוגעשטאָ־נען צו דיעזער חברה און איז זאָגאר געוואָרען איהר אָנפיהרער. איהם האָט אויך קאָלומבוס בעליידיגט מיט דיא פערקלענערטע פּאָרציעס; א חוץ דעם האָט ער איבערהויפּט געפונען װעניג נחת און אינטערעס אין דיעזען לעבען אויף דער רויהער נאַטור; אַלזאָ, האָט ער כל חמתו אויס־געלאָזען צו קאָלומבוס'ען. דער קרוזשאָק האָט זיך געבונטעוועט, געבונטעװעט ביז זיי האָבען בעשלאָסען זיך צו זעצען אויף די שיפען, אויף וועלכע באַרטהאלאמיי איז געקומען, און צו פאָהרען צוריק נאָך שפּאַניען. עס איז פאַראַן א מיינונג, אז דיא אורזאַכע וואַרום מאַרגאַריט'ען האָט זיך

פלוצלונג פערגלוסט צו זיין אין איראָפּא, איז געווען א מיאוס'ע קראנק־הייט, וואָס ער האָט בעקומען פון זיין פּאַסקודנע הולטייסטוואָ מיט דיא אינדיאנערקעס. מארגאריט האָט געגלויבט, אז דאָס האָט ער בעקומען צוליעב דעם היספּאַניאָלער קלימאַט. בלויז אין איראָפּא וועט ער קע־נען געהיילט ווערען, האָט ער גערעכענט.

און וויא זיי האָבען בעשלאָסען, אזוי האָבען זיי געטהאָן: זיך געזעצט אויף א פּאָר שיפען און אוועקגעשוואומען נאָך שפּאַניען.

איצט, אז דיא קליינע ארמיי איז געבליבען אליין, אָהן אַן עלסטען, האָט זיא זיך צוטיילט אויף גרעסערע און קלענערע גרופּפּען און **יעדע** גרופּפּע איז זיך אוועק אין א בעזונדערען דאָרף, כאַפּען שפּייז און פרויען. פיעלע זיינען גאָר אוועק איינציגווייז; וואָרים דיא אינדיאנער האָבען אזוי מורא געהאַט פאַר זיי, אז איין ווייסער האָט געקענט טהאָן וואָס ער וויל מיט א גאַנצען דאָרף, און דיא רויט־קאָלירטע האָבען ניט געסמייעט זיך צו שטעלען געגען איהם. דאָך צו אַלץ איז דאָ א שיעור. דיא הולטייסטוואָ, רויבעריי און הארצלאָזיגקייט פון דיא ציוויליזירטע האָבען דערגרייכט אזעלכע מדרגות, אז ביי זייערע אונגליקליכע קרבנות האָט געפּלאַצט דיא געדולד, און, ווען זיי האָבען געכאַפּט א שפּאַניער איינעם אליין, האָבען זיי איהם געטוידט. זעהענדיג, אז דאָס געהט זיי אָפּ אָהן שטראָף, האָבען זיי בעקומען מעהר מוטה. אַן אינדיאנער מיט'ן נאָמען גוואטיגואנא, דער עלסטער פון א גרויסען דאָרף אין דער וועגא, האָט צוזאמען מיט זיינע דאָרפסלייט גע'הרג'עט צעהן שפּאַניער מיט א מאָל און האָט אונטערגעצונדען א הויז, וואו עס האָבען זיך געפונען זעקס און פערציג אנדערע זייערע לאַנדסלייט. און דאָס אלעס איז געווען דער רעזולטאַט פון דיא שמוציגע מעשים, מיט וועלכע דיא ציוויליזירטע באַנדיטען האָבען דעם דאָרף ארויסגעבראַכט פון זיין אייזערנעם געדולד. קיינער האָט פון גוואטיגואנא'ן קיין נקמה ניט גענומען, ווייל דיא שפּאַניער זיינען געווען צוטיילט און צוזייט. און דאָס זעהענדיג, זיינען דיא אינדיאנער געוואָרען נאָך דרייסטער ביי זיך.

דער געפעהרליכסטער רויט־הויטיגער איז איצט געווען קאאָנאָ־באָ. פריהער, אז דיא ווייסע זיינען געווען צוזאמען אין א היבשע ארמיי, האָט ער ניט געסמייעט ארויסצוטרעטען געגען זיי. דיא פעס־טונג סט. טהאָמאַס האָט זיך געפונען אין רעכטען מיטען פון זיין קרייז, מאגוואנא. דאָס האָט איהם געערגערט אָהן א ברעג. אָבער געגען

אַן אַרמיי פון שפּאַניער מיט זייערע קאַנאָנען און פערד האָט ער גאָר ניט געקענט מאַכען, — האָט ער דערשטיקט אין זיך זיין דורשט נאָך ראַבע און געשוויגען. איצט אָבער, ווען די שפּאַניער האָבען זיך אָבגעזונדערט און צושפּרייט זיך קליינע גרופּען־ווייז אָדער גאָר איינציג־ווייז, האָט ער דערזעהן זיין געלעגנהייט. אין דער סט. טהאָמאַס פעסטונג זיינען איצט געווען ניט מעהר וויא 50 מאַן. ווען ער זאָל איהר בעפאַלען פון העלער־הויט, ביי נאַכט, אַזוי וויא ער איז מיט אַ פּאָר יאָהר צוריק בעפאַלען נאַווידאַד, קען ער האָבען ערפאָלג. אַזוי האָט ער זיך גערעכענט.

עס איז אָבער געווען אַ פאַלשער חשבון. דער קאָמאַנדיר פון סט. טהאָמאַס איז איצט געווען אָיעדאַ, און מיט דיזען דורכגעטריבענעם, מוטהיגען ריטטער איז אַפילו קאַאָנאַבאָ'ן ניט לייכט געווען צו ספּראַווען זיך. „די קאָסע האָט זיך אויף אַ שטיין אָנגעשטויסען“, וויא אַ רוסישער ווערטעל זאָגט.

קאַאָנאַבאָ האָט צוזאַמענגעקליבען ביז צעהן טויזענד רויט־הויטיגע קעמפּפער, בעוואַפענט מיט שווערע בולאַוועס, פיילען־בויגענס, פּיקעס, און דורכ'גנב'ענעדיג זיך שטילינקער־הייט דורך די וועלדער, איז ער ערשיענען מיט זיין מחנה ניט ווייט פון דער פעסטונג, וועלכע ער האָט זיך געקליבען צו אַטאַקירען. ער האָט אָבער אָיעדאַ'ן געפונען געגרייט איהם צו געבען אַ קבלת פּנים. דער געניטער אָפיציער האָט ניט געשלאָפען. ער האָט פערשטאַנען, אַז אויף אַזאַ סורפּריז דאַרף ער זיך שטענדיג ריכטען און ער איז אימער געווען צוגעפערטיגט.

די פעסטונג איז געשטאַנען אויף אַ באַרג און איז פון דריי זייטען געווען אַרומגערינגעלט פון אַ טייך, וועהרענד פון דער פערטער זייט האָט זיא געהאַט אַ טיעפען גראָבען. ווען קאַאָנאַבאָ'ס מחנה האָט געוואָלט איהר בעפאַלען, האָט זיך אויבען אין דעם טורעם בעוויזען אָיעדאַ און זיינע זעלנער, מיט זייערע קאַנאָנען, שטאָלענע פיילענבויגענס און שווערע ביקסען. אָבוואָהל אָיעדאַ האָט בלויז געהאַט 50 מאַן און זיין געגנער צעהן טויזענד, פון דעסטוועגען האָט דער לעצטער מיט זיינע נאַקעטע העלדען איצט שוין אַפילו ניט געטרוימט וועגען מאַכען אַן אַטאַקע.

דער כיטרער קאַריב האָט געהאַט בלויז איין האָפנונג: צו לאָזען אָיעדאַ'ן מיט זיינע סאָלדאַטען אויסשטאַרבען פון הונגער. ער האָט

אויסגעשטעלט זיינע אינדיאנער אין דיא ארומיגע וועלדער און האָט פערהאַלטען יעדען, וואָס האָט געטראָגען פּראָוויזיע צו דער פעסטונג, וויא אויך יעדע קאָמפּאַניע, וואָס איעדא האָט פון דער פעסטונג ארויס־געשיקט נאָך שפּייז. דיעזער בעלאַגערונגס־צושטאַנד האָט אָנגעהאַלטען אַ גאַנצען מאָנאַט און איעדא מיט זיינע חיל זיינען ווירקליך שיער ניט אויסגעשטאָרבען פון הונגער.

אין פערלויף פון דיזען מאָנאַט איז איעדא עטליכע מאָל ארויסגע־קומען מיט אַ טהייל פון זיין ארמיי און איז בעפאַלען מחנות פון דיא אינדיאַנער. געפאהר איז ביי איהם געווען וויא וואַסער ביי אַ פיש. מעהר וויא איין מאָל איז ער געווען אויף אַ האָר פון טוידט, אָבער מיט זיין פלינקייט און מערקווירדיגע קערפּערליכע גבורה האָט ער יעדעס מאָל אויסגעשלאָכטעט פיעלע אינדיאַנער און האָט זיך אַליין גע־רעטעט. פיעלע פון קאָאַנאַבאָ׳ס בעסטע קעמפפער זיינען אויף דיעזען ארט אויסגעפאַלען. אַנדערע זיינען ביסלעכווייז מיעד געוואָרען און זיינען זיך צוגאַנגען אין זייערע דערפער. זיי זיינען גאָר ניט געוואוינט געווען צו אַזעלכע לאַנגע מלחמות.

קאָאַנאַבאָ האָט זיך געפיהלט בעזיעגט. אָבער וועגען אויפגעבען דעם קאַמפּף האָט ער אַליין ניט געטראַכט. ער האָט זיך גענומען צו נאָך אַ סמיעלערען פּלאַן. ער וועט צוזאַמענגעהמען אַלע קאַסיקען און מיט פעראייניגטע קרעפטען וועלען זיי בעפאַלען דיא שטעדטעל איזאַ־בעללאַ, וועלכע איז איצט געווען אין אַן אָבגעשוואַכטען צושטאַנד. זיי וועלען אויף איהר אָנפאַלען מיט אַזאַ ריעזיגע ארמיי, אַז אפילו דיא וואונדערליכע געוועהר פון דיא ווייסע וועלען קיין ממשות ניט האָבען. ביז איין שפּאַניער וועלען זיי אויסראָטען, — ביז דער אינזעל וועט איין מאָל פאַר אַלע מאָל פון דיא משחיתים בעפרייט ווערען.

וועגען דיא הולטייסקע אויפפיהרונג פון דיא שפּאַניער האָבען שוין געהערט אַלע אינדיאַנער פון היספּאַניאָלאַ, אפילו דיא וואָס האָ־בען זיי קיין מאָל ניט געזעהן אָדער געליטען פון זיי. זיי האָבען זיי אַלע דעריבער געהאַסט. און הגם זיי האָבען געציטערט פאַר זייערע גע־וועהר און זייערע פערד, וועגען וועלכע זיי האָבען אויך אַלע געהערט, דאָך זיינען דריי פון דיא גרויסע קאַסיקען גלייך צו קאָאַנאַבאָ׳ן צוגע־שטאַנען. גוואַקאַנאַגאַרי אָבער, דער קאַסיק פון דעם מאַריען קרייז, איז געבליבען טריי קאָלומבוס׳ען. ער האָט זיך ענטזאָגט ארויסצוטרעטען גע־

גען דיא שפּאַניער. אדרבא, ער האָט זיי נאָך געהאָלפען מיט עסען־ווארג און מיט וואָס ער האָט נור געקענט. דיא אנדערע קאסיקען האָבען איהם בעטראַכט אלס פעררעטהער צו זיינע אייגענע ברידער אין דיא אינטערעסען פון זייערע אַלעמענס פייניגער, און קאַאָנאַבאָ מיט בעהעטשיאָ׳ן (דער קאַסיק פון קסאראַגואַ) זיינען איהם בעפאַלען, געהרג׳עט איינע פון זיינע פרויען און איהם אליין געוואונדעט. אָבער ער איז אַלץ געבליבען טריי דיא שפּאַניער, און אזוי וויא ער איז געווען דער נאָהענטסטער שכן פון דער שטעדטעל איזאבעללא, וועהרענד דיא אנדערע קאסיקען האָבען זיך געפונען ווייטער, האָט דער פערבאנד פּאָרלויפיג גאָר ניט געקענט מאַכען. זיינע אינדיאַנער איז געווען לייכטער צו וויסען וואָס עס טהוט זיך צווישען יענע אינדיאַנער, און זיי פלעגען אַלץ איבערגעבען דיא שפּאַניער. אויף דיעזען אָרט איז איזאַבעללא אַ חוץ איהר אייגענע ארמיי געווען ארומגערינגעלט מיט אַ גאַנצען קרייז פון טרייע שפּיאָנען און בעשיצער.

וואשינגטאָן אירווינג גלויבט, אַז גוואקאנאגארי איז איינפאָך צו קאָלומבוס׳ען געווען צוגעבונדען מיט דעם געפיהל פון רעספּעקט און ליעבע, — אז ער האָט איהם פּשוט פערגעטערט. וויא דיא מעשה איז, ער האָט בעזוכט קאָלומבוס׳ען, ווען דער אדמיראַל איז נאָך געלעגען אין זיין קראַנקען־בעט. ער האָט וויעדער מיט טרעהרען אין די אויגען גערעדט וועגען דעם אונגליק פון נאַווידאַד, און האָט איהם געוואָרענט געגען דעם פערבאַנד פון דיא קאסיקען.

ווען קאָלומבוס איז געזונט געוואָרען האָט ער פריהער פון אַלץ אוועקגעשיקט אַ קאָמפּאַניע סאָלדאַטען געגען גוואַטיגוואַנאַ׳ן. זינט דער לעצטער האָט געהרג׳עט דיא 56 ווייסע, האָט ער געקראָגען אזוי פיעל מוטה, אַז דיא שפּאַניער, וואָס האָבען זיך געפונען אין יענעם געגענד אין אַ קליינע נייע פעסטונגעל, מ אַ ג ד אַ ל ע נ אַ, האָבען מורא געהאַט ארויסצוגעהן אויף דער ווייסער וועלט. איצט אָבער האָבען קאָלומבוס׳עס מענשען אויסגעהרג׳עט פיעלע פון גוואַטיגוואַנאַ׳ס קעמפּפער, און פיעלע אַנדערע פון זיי האָבען זיי אוועקגעשלעפּט אין פליען. זייער קאָמאַנדיר אליין איז אַנטלאָפען.

נאכהער האָט קאָלומבוס געשיקט אַ געזאַנדשאַפט צו דעם הויפּט קאסיק פון וועגאַ, ג ו וּ אַ ר י אַ נ ע ק ס׳ע ן, און האָט איהם איינגעלאַדען אויף אַ פריינדליכען וויזיט. יענער איז געווען אַ שטילער גוטהערציגער

אינדיאַנער, ווי די מייסטע איינוואוינער פון דעם אינזעל, און ער איז געקומען. קאָלומבוס האָט איהם פערזיכערט, אז ער וויל איהם בלויז טהאָן גוטעס, און אום איהם צוצובינדען צו זיך, האָט ער חתונה געמאַכט זיין טרייען דאָלמעטשער, דעם געטויפטען אינדיאַנער, דיעגאָ קאָלאָן, פאר גוואַריאַנעקס'עס אַ שוועסטער. מיט דעם האָט אָבער קאָלומבוס זיך ניט בענוגענט; ער האָט זיך אויך בעוואָרענט מיט א פיעל זיכערערען מיטעל גוואַריאַנעקס'ען אונשעדליך צו מאַכען. אין רעכטען מיטען פון וועגא האָט ער געלאָזט בויען א פעסטונג. און דער גוטער, נאַאיוועראַטור־מענש האָט נאָך אַליין, מיט'ן גאַנצען האַרצען, צוגעשטימט צו דעם פּלאַן, אז אזא פעסטונג זאָל פון דיא שפּאַניער אין זיין קרייז געבויט ווערען. דיעזע פעסטונג, וועלכע האָט שפּעטער געהאָלפען פערשקלאַפען גוואַריאַנעקס'עס שבט, און האָט אומגעבראַכט איהם אליין, האָט קאָלומבוס אַ נאָמען געגעבען ק אָ נ צ ע פּ צ י אָ ן.

דיא הויפּט־פראַגע איז נאַטירליך געווען וועגען קאַאָנאַבאַ'ן. צו אַטאַקירען דיעזען געשייטען, געפעהרליכען קאַריב איז געווען א גאַנץ שווערע זאַך, וואָרים זיין קרייז איז געווען בעדעקט מיט בערג, ווילדע גראָבענס און געדיכטע וועלדער. אויף יעדען טריט וואָלט מען זיך דאַרפען ריכטען, אז פון א בעהעלטענים ערגעץ־וואו וועט ער פּלוצלונג ארויסשפּרינגען מיט טויזענדער פון זיינע חיל, שוין ניט רעדענדיג וועגען דעם וויא שווער עס איז אין יענעם קרייז צו מאַרשירען. עס וואָלט אַלזאָ געווען א פּאָכאָד פול מיט דיא גרעסטע שוועריגקייטען, שטענדיגע געפאַהרען און אָהן א בעשטימטען ציעל. אָבער אָיעדאַ האָט געהאַט אַ פּלאַן, און הגם, וויא עס האָט אויסגעזעהן, איז דאָס געווען א משוגענער פּלאַן, האָט זיך איהם פון דעסטוועגען איינגעגעבען איהם דורכצופיהרען. בלויז אַזאַ היץ־קאָפּ וויא ער וואָלט אַזאַ פּראָיעקט געקענט אריינפאַלען אין מוח; בלויז אזא בעלן אויף דיא ווילדעסטע ריזיקעס און אויף דיא משונה'דיגסטע סענסאַציאָנען וואָלט איהם זיך גענומען פערווירקליכען. פון דעם שטאַנדפּונקט פון „ציוויליזירטע“ מלחמה־האַלטער האָט דער פּראָיעקט אין זיך געהאַט א סך מעהר כוואַטסטוואָ וויא אנשטענדיגקייט. זיין עיקר איז איינפאַך בעשטאַנען אין פאַלשקייט, אין א שווינדלערישען שפּיצעל. אָבער אנשטענדיגקייט איז ביי דיא שפּאַניער פון היספּאַניאָלאַ דאָך ניט געשטאַנען אויפ'ן „טאַגעס־אָרדנונג“.

אָיעדא האָט אזוי געטהאָן:

אויסקלייבענדיג דיא צעהן מוטהיגסטע און קרעפטיגסטע יונגען פון סט. טהאָמאס, האָט ער מיט זיי זיך אוועקגעלאָזען דורך געדיכטע וועלדער און איבער בערג, זוכען קאאָנאבא'ן. אלע זיינען זיי געווען שטארק בעוואפענט, און זיי האָבען געריטען אויף דיא בעסטע און געשווינדסטע פערד וואָס אָיעדא האָט נור געקענט קריגען. זייער צוועק איז געווען צו בעזוכען דעם קאַריב כלומר'שט אויף אַ פריעדענס־וויזיט, און, אויב מעגליך, איהם פון דאָרטען אוועקצושלעפען אין געפאַנגענשאַפט. ווי אזוי דאָס צו טהאָן, האָט אָיעדא אויסגעארבייט ספּעציעלע איינצעלהייטען. ער האָט געוואוסט ווי ביטרע קאאָנאבא איז, ווי ווענינ ער איז גענייגט צו גלויבען וואָס מען זאָגט איהם. צו קומען גלייך צו איהם, איז געווען אזוי וויא אריינצוקריכען צו אַ טיגער אין מויל אריין; אָבער דעריבער האָט דיא אונטערנעהמונג דאָס טאַקי בעצויבערט דעם אריסטאָקראַטישען „ספּאָרט", וועלכען קיין זאַך האָט ניט פערשאַפט אזוי פיעל פערגנינגען וויא צו געווינען אפּלאָדיסמענטען מיט דעם וואָס ער וועט טאַנצען אויף איין פוס אויפ'ן סאמע ברעג פון טוידט.

איבער 180 מייל האָט ער מיט זיינע צעהן בעגלייטער געריטען אין דיא טיעפעניסען פון קאאָנאבאָ'ס קרייז, ביז ער האָט איהם געפונען אין אַ גרויסען דאָרף. ער איז צוגעקומען צו איהם מיט צייכענס פון דיא גרעסטע רעספּעקט און האָט איהם געלאָזט וויסען, אז ער איז געשיקט געוואָרען פון קאָלומבוס'ען אלס אַ פריעדענס־שליח — אז דער אדמיראל ווינשט מיט איהם צו שליסען אַן אָבמאַך וועגען אייביגע פריינדשאַפט, און אז צו דיעזען צוועק וויל ער האָבען דיא עהרע איהם צו האָבען ביי זיך אלס גאַסט.

קאאָנאבא האָט שוין געזעהן אָיעדא'ן אין מלחמה לעבען סט. טהאָמאס, און זיין העלדישקייט האָט ער אימער בעוואונדערט. דיא אונערשראָקענהייט, מיט וועלכע ער איז איצט צו איהם געקומען, האָט אויף דעם קאַריב אויך געמאכט אַ גוטען איינדרוק. קורץ, ער האָט דעם שפּאַנישען אָפיציער מיט זיינע צעהן מיט־רייטער דעריבער אויפגענומען וויא פריינד. דאַן האָט אָיעדא איהם געצייגט זיין גבורה און זיין פלינקייט; ער האָט פאַר איהם געמאכט אלערליי קונצען, געוויזען איהם וויא מען געברויכט דיא פערשיעדענע געוועהר. קורץ, דער ווילד-

דער העלד איז איבערראשט און בעצויבערט געוואָרען און אין אָיעדאַ'ן האָט ער זיך פּראָסט פערליעבט.

אויב ער וועט זיך לאָזען אריינרעדען צו געהן מיט זיי נאָך איזאַבעללאַ, איז געווען אַן אנדער פראגע. אום אויף איהם צו ווירקען, האָט אָיעדאַ איהם צוגעזאָגט אַלס מתנה דעם גלאָק פון דער איזאַבעללער קירכע. דיעזער גלאָק האָט געהאַט אַ מערקווירדיגען שם צווישען אַלע אינדיאַנער פון היספּאַניאָלאַ. דיא פון זיי, וואָס האָבען געזעהן וויא דיא שפּאַניער לויפען אין קלויסטער, ווען ער קלינגט, האָבען געמיינט, אַז דער גלאָק האָט אַזאַ כח צו רעדען צו זיי. זיינע איינדרוקספאָלע מעטאַלענע טענער האָבען זיי זיך אויסגעוויזען וויא אַ שטימע פון „טורי", פון הימעל. אַלץ, וואָס זיי האָבען געזעהן ביי דיא שפּאַניער איבערראַשענדעס, פלעגען זיי אָנרופען מיט דיעזען וואָרט „טורי"; אַלץ, וואָס זיי האָבען ניט פערשטאַנען, האָט זיך זיי פאָרגעשטעלט וויא אַ הימעל־זאַך. אַ פשיטא שוין דיעזער וואונדערבארער גלאָק, וועמעס קלונג האָט געהילכט אַזוי הערליך, אַזוי געהיימניספול, וועמען עס האָט אָבגעענטפערט אַזאַ צויבערליכער, טיעף־סודות'דיגער ווידער־קול, טאָקע פון דעם ברעג הימעל... (אָט דעריבער האָט דאָך דאָס דיא קריסט־ליכע רעליגיאָן איינגעפיהרט דיעזע גלאָקען: ווייל זיי קלינגען אַזוי געהיימניספולל, אַזוי איינדרוקספולל, ווייל זיי ווירקען אַזוי בעצויבערנד אויף דיא איינבילדונגס־קראַפט פון דעם אבערגלויביגען... ציוויליזירטע אייראָפּעער מיינען אַז דיא שטימע פון גלאָק איז דיא שטימע פון גאָט. היינט וואָס איז דער חידוש, אַז דיא ווילדע אינדיאַנער פון היספּאַניאָלאַ האָבען אַן עהנליכען טעות געהאַט?)

קאַאָנאַבאַ האָט געהערט וועגען דיעזען וואונדערבארען געגענ־שטאַנד, וועלכער רעדט צו דיא שפּאַניער, און ווען אָיעדאַ האָט איהם דאָס פאָרגעשלאָגען אַלס אַ פריעדענס־מתנה, האָט ער שוין ניט געקענט ביישטעהן דעם יצר־הרע. זיינע שווארצע אויגען האָבען גענומען בליסטשען פון פרייד. ער איז מרוצה געוואָרען צו בעזוכען קאָלומבוס'ען, אום צו ברענגען דעם גלאָק פון איזאַבעללאַ. געהן אָבער אליין האָט זיך איהם אפילו ניט גע'חלום'ט. ווען ער האָט גענומען זיך גרייטען אין וועג, האָט ער ארום זיך פערזאַמעלט אַ גרויסע מחנה פון זיינע מיטקעמפּפער. דאָס איז אָיעדאַ'ן זעהר ניט געפעלען געוואָרען. ער האָט געפרעגט, צו וואָס ער דאַרף אַ מחנה, ווען ער געהט אָבשטאַטען

א פריינדליכען וויזיט און ערהאַלטען א מתנה. אויף דעם האָט דער ביטרער קאַאָנאַבאַ געענטפערט, אַז פאר איין הערשער צו בעזוכען א צווייטען הערשער אָהן א גרויסע סוויטע איז ניט שעהן.

אָיעדא האָט געמוזט זיך מאכען, אַז ער איז איינפערשטאַנען, און ביי זיך אין האַרצען האָט ער געזוכט פּלענער, וויא אַזוי אויס׳ן וועג איהם וויא עס איז אָבצופיהרען אָן א זייט אויף א געוויסע צייט.

איינמאָל, ווען זיי זיינען שוין געווען ווייט אין וועג, און זיי האָבען זיך אָבגעשטעלט ביי א טייך, האָט אָיעדא קאַאָנאַבאַ׳ן געוויזען א פּאָר שטאָהלענע קייטעלעך אויף צו שמידען די הענט („הענד־קאָפס“). די קייטעלעך זיינען געווען שפּאָגעל נייע און האָבען געבלישטשעט וויא אָבגעפּאָלירטע זילבער. דער קאַסיק האָט נאַטירליך קיין בעגריעף ניט געהאַט וואָס דאָס איז, און ווען אָיעדא האָט איהם ערקלערט, אַז דאָס איז א קעניגליכע ציערונג פון „טורי“, האָט ער געגלויבט, און בעקוקט די קייטען מיט בעוואונדערונג.

— די שפּאַנישע קעניגע טראָגען דאָס אין זייערע וויכטיגסטע פּאַראדען־טענץ — האָט ער איהם ווייטער געגעבען צו פערשטעהן, צופּאַסענדיג זיינע ווערטער צו קאַאָנאַבאַ׳ס בעגריעפע — אין דעם פּוצען זיי זיך אויס פאר׳ן עולם, ווען זיי האָבען א גרויסען יום־טוב. זיי האָבען דאָס געשיקט פאר דיר אַלס א מתנה.

קאַאָנאַבאַ איז געווען מלא שמחה.

מיט זיין גאַנצע ביטערקייט און געשיקטקייט איז ער, נאָך אַלעמען, געווען ניט מעהר וויא א ביטרער קינד. די ציוויליזירטע שמד׳שטיק פון דעם שפּאַנישען אָפיציער איז געווען צו ווייט פון זיין איינפאכען נאַטור־לעבען, אַז ער זאָל איהר קענען דורכדרינגען. ער איז איינפאך געווען איבערוועלטיגט, צוטומעלט, פערבלענדעט פון דער בלישטשענדער „הימעלשער“ צאַצקע, און — ער איז אריינגעפאַלען אין נעץ אריין.

אָיעדא האָט איהם פאָרגעשלאָגען אַזא פּלאַן: ער, קאַאָנאַבאַ, זאָל זיך אויסבאָדען אין טייך, הינטער די בוימער, וואו זיינע אינדיאַנער וועלען איהם ניט זעהן. דאַן וועט אָיעדא איהם אָנטהאָן די „קעניגליכע ציערונג“ אויף די הענט, ארויפזעצען אויף זיין פערד, און אַזוי, אין דעם גלאַנץ און מאכט פון א שפּאַנישען קעניג, איהם פיהרען צוריק איבערראשען זיינע רויט־הויטיגע בעגלייטער. קאַאָנאַבאַ איז פון

דיא כלים ארוים פאר פרייד און בעגייסטערונג. צו זיצען רייטענדיג אויף איינעם פון דיעזע גרויסע חיות, פאר וועלכע דיא אינדיאנער האָ־בען אזוי געציטערט, — דאָס איז איהם געפעלען געוואָרען ניט ווענ־גער וויא צו זיין בעציערט מיט דיא „קעניגליכע" קייטען „פון הימעל".

דיא פראָגראם איז דורכגעפיהרט געוואָרען. דער קאריב האָט זיך אויסגעבאָדען; מען האָט איהם ארויפגעזעצט אויף אָיעדא'ס פערד הינטער אָיעדא'ן, און מען האָט זיינע הענט געשמידט אין דיא בליסטשענדע קייטען. דאַן האָט דער אָפיציער א טרייב געטהאָן דעם פערד ארום און ארום; פון הינטען זיינען נאָכגעריטען זיינע עטליכע שפּאַניער. אין דעם איז דאָס כלומר'שט בעשטאַנען דער „פּאַראַד". דיא אינדיאנער האָבען זיך מיט שרעק אָבגערוקט אויף הינטען פון דיא פליהענדע פיער־פיסיגע בעשעפעניסען, בעוואונדערענדיג זייער עלסטען, וויא ער רייט אין דיא בליסטשענדע „ציערונג" צוזאמען מיט דיא אַנ־דערע „הימעל־מענשען". אויף דיעזען ארט האָט אָיעדא בעפרייט א גרויסע שטיק פּלאַץ פון זיי, און דאַן האָט ער פלוצלונג זיך א לאָז גע־טהאָן אין וואלד אריין, און דיא אַנדערע רייטער נאָך איהם. דיא לעצ־טע האָבען באלד ארומגערינגעלט אָיעדא'ס פערד און מיט זייערע בלויזע שווערדען האָבען זיי געסטראשעט קאאָנאבא'ן איהם צו צוהאַ־קען אויף שטיקלעך, אויב ער וועט זיך וועהרען אָדער שרייען. זיי האָ־בען איהם צוגעבונדען מיט שטריק צו אָיעדא'ן, און אזוי האָבען זיי ארי־בערגעבראָדזשעט דעם טייך און זיינען אַוועק דורך דיא וועלדער נאָך איזאבעללא.

זיי איז איבערגעבליבען ביי 150 מייל, און דער וועג איז געווען פול מיט אינדיאנער דערפער, וועלכע זיי האָבען געמוזט אויסמיידען. זיי האָבען געהאַט דורכצובראָדזשען אָדער אריבער־צו־שווימען פיעלע טייכען, דורכצוקריכען געדיכטע פערפלאָנטערטע וועלדער, קלעטערען איבער הויכע שיפע פעלזען־בערג. אָבער זיי זיינען דאָס אלץ איבער־געקומען; און אין גרויס טריאומף האָבען זיי מיט זייער אונשעצבארען קרבן דערגרייכט איזאבעללא.

קאָלומבוס איז געווען אויפ'ן זיבעטען הימעל. קאנאָאבא, וויע־דער, האָט זיך געהאלטען מיט קאלטע שטאָלץ און פעראכטונג. ער האָט זיך ניט געבויגען אויף א האָר. ער האָט זיך בעריהמט מיט דעם, וויא ער האָט פערברענט נאַווידאַד און אויסגע'הרג'עט דיא איינוואוינער

און האָט גערעדט פון זיין פּלאַן דאָס זעלבע צו טהאָן מיט איזאַבעללאַ.

קאָלומבוס האָט בעשלאָסען איהם צו שיקען נאָך שפּאַניען; און דערווייל האָט ער איהם שטענדיג געהאַלטען געשמידט אין קייטען. אינטערעסאַנט איז דער פאַקט, דאָס וועהרענד צו קאָלומבוס'ען האָט קאַאָנאַבאָ ניט אויפגעהערט זיך צו האַלטען מיט א בייזען שטאָלץ, איז ער צו אָיעדאַ'ן געווען זעהר פריינדליך. ווען קאָלומבוס פלעגט אַריינקורמען צו איהם, פלעגט ער אויף איהם קיין מאָל ניט קוקען, איהם ניט שענקען דיא קלענסטע אויפמערקזאַמקייט. יעדעס מאָל, וואָס זיין פאַנגער, וויעדער, איז אַריינגעקומען, איז ער אויפגעשטאַנען מיט רעספעקט. ווען מען האָט ביי איהם געפרעגט ווארום ער בענעהמט זיך אזוי פערשיעדען צו זיי, האָט ער געענטפערט, אז קאָלומבוס אליין האָט קיינמאָל ניט געסמייעט צו קומען צו איהם אין דאָרף איהם פאַנגען, אַז ער האָט איהם אַריינגעקראָגען מיט פרעמדע הענט.

אין אַ קורצע צייט אַרום זיינען פון שפּאַניען אָנגעקומען פיער שיפען מיט פּראָוויאַנט, און איינע פון זיי האָט געבראַכט אַ בריעף פון דער קעניגליכער פּאָר. זיי האָבען קאָלומבוס'ען געמעלדעט, אַז אין פּאָרטוגאַל דאַרף שטאַטפינדען אַ קאָנפערענץ וועגען דעם גרענעץ צווישען דיא שפּאַנישע און פּאָרטוגעזישע ענטדעקונגען, און אַז דערצו איז נויטיג קאָלומבוס, אָדער זיין ברודער, אָדער עפּעס אַן אַנדערער, וואָס איז פעהיג איהם צו רעפּרעזענטירען ביי אַזאַ געלעגענהייט.

ער האָט געשיקט זיין ברודער דיעגאָ'ן. מיט דיא זעלבע שיפען האָט ער אויך געשיקט וויטערע פּראָבעס גאָלד און פלאַנצען. דאָס אַליין איז אָבער ניט געווען גענוג צו בעווייזען דיא ווערטה וואָס זיין ענטדעקונג האָט פאר דער קעניגליכער קאַסע, — האָט ער אויף דיא זעלבע שיפען אויך געשיקט אַ טראַנספּאָרט רויט-הויטיגע שקלאַפען. דער טראַנספּאָרט איז בעשטאַנען פון העכער וויא 500 מענער, פרויען און קינדער, וועלכע זיינען געפאַנגען געווען אין פערשיעדענע טיילען פון היספּאַניאָלאַ. געוועהנליך זאָגט מען, אַז דיא פרומע קעניגין איז אונצופריעדען געווען פון דיעזען שקלאַפען-מסחור און האָט זיי אָבגעשיקט צוריק. אויף דעם בעמערקט אָ ב ע ר: „דאָס איז צווייפעלהאַפט; מיט עטליכע יאָהר פריהער האָט זיא צוגעשטימט צו דעם פערקויף אויפ'ן שקלאַפען-מארק

פון טויזענדער מורינען, צווישען וועלכע עס זיינען געווען פיין־ערצויגענע פרויען וויא אויך עופה׳לעך; און דערביי האָט זיא ניט ארויסגעוויזען קיין שום געוויסענסביסע. קאָלומבוס האָט נאַטירליך געוואוסט דערפון. אויך האָט ער געוואוסט, אַז אַ טייל פון דיא קאָסטען פון זיין צווייטע רייזע איז געווען בעצאָהלט פון דעם, וואָס מען האָט בערויבט דיא אידען, וועלכע זיינען אויך בעהאַנדעלט געוואָרען ניט וויא מענשען, נור וויא ווילדע חיות. ער האָט אַלזאָ ניט געקענט זעהן קיין אורזאַכע ווארום דיא געקרוינטע פּאָר, — און טאַקע ער, קאָלומבוס אַליין אויך — זאָלען ניט מאַכען קיין מטבעה פון דעם שקלאַפּען־האַנדעל.“

דיא פינף הונדערט אינדיאַנער האָט מען נאָך שפּאַניען געבראַכט נאַקעטע וויא דיא מאַמע האָט זיי געהאַט, און דיא שפּאַניער זיינען איבערראַשט געוואָרען זעהענדיג וויא זיי שעהמען זיך ניט — פונקט וויא דיא טהיערען, וויא עס שרייבט אַ היסטאָריקער פון יענער צייט.

מען האָט זיי פערקויפט; עס האָט זיך אָבער ארויסגעצייגט, אַז זיי טויגען ווייניג צו דער ארבייט, און דאָס רוב פון זיי זיינען קראַנק געוואָרען און אויסגעשטאָרבען פון דעם שפּאַנישען קלימאַט, פונקט וויא פיעלע שפּאַניער זיינען קראַנק געוואָרען פון דעם היספּאַניאָלישען קלימאַט.

אין היספּאַניאָלאַ האָט זיך דערווייל געזאַמעלט אַ נייע אינדיאַנישע אַרמיי. דיא געפאַנגענשאַפט פון קאַאָנאַבאָ האָט אָנגעצונדען ראַכעדורשט אין זיין פרוי, דיא שעהנע אַ נ אַ ק אָ נ אַ, וועלכע האָט געהאַט אַ גרויסען איינפלוס איבער איהר ברודער ב ע ה ע ט ש י א, דעם קאַסיק פון דעם געדיכט־בעפעלקערטען קרייז ק ס אַ ר אַ ג ו אַ. זיא האָט איהם צוגערעדט אַנטייל צו נעהמען אין אַ נייעם פערבאַנד געגען דיא ווייסע. דער הויפּט־אָנפיהער פון דיעזען פערבאַנד איז געווען קאַאָנאַבאָ׳ס אַ ברודער, מ אַ נ י ק אָ אַ ט ע ק ס, און זיי ביידע האָבען פעראינטערעסירט אַלע אַנדערע קאַסיקס אויסער גוואַקאַנאַגאַרי.

דער לעצטער איז אַלץ געבליעבען טריי קאָלומבוס׳ען; ער האָט איהם געלאָזט וויסען, אַז עס זאַמעלט זיך אַ גרויסע ארמיי און האָט פאָרגעלייגט צו העלפען דיא ווייסע אין זייער קאַמפּף געגען איהר.

ענדליך האָט דיא אינדיאַנישע חיל זיך צוזאַמענגעקליבען אין וועגאַ ארום צוויי טאָג רייזע פון איזאַבעללאַ. דאָס איז ווירקליך געווען אַן

אונגעהויערע ארמיי — פון עטליכע צעהנדליג טויזענדע רויט־פארביגע קעמפפער. געגען איהר האט קאָלומבוס איצט געקענט ארויסשטעלען ניט מעהר וויא 200 פוס־געהער און 20 קאוואלעריע. ער, זיין ברודער בארטהאָלאָמיי און אלאָנזאָ איעדאָ זיינען געווען דיא קאָמאַנדירען. זיי האָבען זיך פערלאָזען אויף זייערע געוועהר, פערד און גרויסע בלוט־הינט.

ווען דיא שפּאַנישע מחנה איז אָנגעקומען נאָהענט צום שלאַכט־פעלד, האָבען דיא אינדישע שפּיאָנען וועגען זיי געבראכט צו זייערע קאסיקען א בעריכט אין דער פאָרמע פון א הויפען קוקורוזע קערנער. אזוי וויא צעהלען וויטער וויא עטליכע האָבען דיעזע אינדיאנער ניט געקענט, פלעגען זיי רעכענען אויף קערנער — פאר יעדען סאָלדאט, וואָס זיי האָבען געזעהן,—א קערענדעל. זיי האָבען אלזאָ געבראכט 220 קערנער. ווען דיא פעראייניגטע קאסיקען האָבען דאָס דערזעהן, האָבען זיי זיך צולאַכט: וואָס פאר א ווערטה האט אזא הייפעלע געגען זייער ארמיי פון צעהנדליגע טויזענדע ? !

דיא שפּאַניער זיינען געווען בעפּאַנצערט און בעוואפענט, וויא גע־וועהנליך: מיט זייערע שטאָהלענע שווערדען, שפּיזען און פּיקעס, שטאָהלענע פּיילען־בויגענס און „עספּינגאַרדען"*). מיט דעם און מיט זייערע פיער־פיסיגע מיטהעלפער האָבען זיי ערוואַרט מיט'ן שונא צו־רעכט צו קומען. אויף בארטהאָלאָמיי'ס ראטה האָט מען דיא פוס־געהער ארמיי צוטיילט אויף עטליכע טייל, און אלע זיינען זיי פּלוצלונג בע־פאלען דיא אינדיאַנער פון פערשיעדענע זייטען מיט א מאָל. זיי האָבען מארשירט, טרומייטערענדיג און פויקענדיג מיט אלע כחות וועה־רענד זייערע פייער־געוועהר האָבען געשאָסען פון הינטער דיא בוימער.

דיא אינדיאנער האָבען גלייך פערלאָרען דיא קעפּ. זיי האָבען ניט געוואוסט אויף וואָסער וועלט זיי זיינען. פון אלע זייטען האָט אויף זיי געדונערט, געבליצט און גערעגענט מיט פערניכטונג. אין דער

*) קיין לייכטע ביקסען איז נאָך דאן ניט געווען. מען פלעגט שיסען מיט א מין שווערען פייער־געוועהר, וועלכער איז געווען פערשיעדען פון דיא היינטיגע ביקסען אי אין מעכאניזם, אי אין גרויס. אָפט זיינען זיי גע־ווען אזוי שווער, אז מען פלעגט זיי אומפיהרען אויף רעדלעך, וויא קאַנאָנען. אַזעלכע געוועהר האָט מען גערופען „ארקעבוסען" אָדער „עספּינגאַרדען".

מישעניגע פון טויטע און טויטע־שרעק האָבען זיי זיך צונויפגעדריקט אַלע אין איינעם; און דאַן האָט זיך אויף זיי אַ וואָרף געטאָן אַ איעדאַ מיט זיינע רייטער. עס איז געוואָרען אַ שניידעריי, אַ שטעכעריי. מיט זייערע שווערדען, שפּיזען און פּיקעס האָבען דיא קאַוואַלעריסטען אוועקגעלעגט צעהנדליגע פון אַלע זייטען, וועהרענד זייערע פערד האָבען דיא צושראָקענע אינדיאַנער אַנידערגעוואָרפען און געטראַמפּעלט. צו דער זעלבער צייט זיינען צוואַנציג גרויסע בלוט־הינד ארויפגעשפּרונגען אויף דיא נאַקעטע, אונבעשיצטע נאַטור־מענשען, זיי געכאַפּט ביי דיא גאָרגלען, ארונטערגעשלעפּט צו דער ערד, צוריסען זייערע בייכער און ארויסגעשלעפּט דיא איינגעווייט. דיא אינדיאַנער, וועלכע האָבען אי־בערהויפּט קיין מאָל ניט געזעהן קיין גרויסע פיער־פיסיגע הויז־חיות, זיינען געגען דיעזע הינט און פערד געווען נאָך מעהר הילפלאָז, וויא גע־געגען דיא שפּאַנישע פייער־וואפען.

אין אַ גאַנץ קורצע צייט איז אַלץ געווען פאַראיבער. דיא אינדיאַ־נער, וואָס האָבען זיך געקענט רעטען, זיינען זיך צולאָפען מיט ווילדע געשרייען. פיעלע זיינען ארויפגעקראָכען אויף פעלזען און פון דאָר־טען האָבען זיי זיך געבעטען מען זאָל אויף זיי רחמנות האָבען, און צו־געזאָגט צו זיין טריי און געהאָרכזאַם.

פיעלע זיינען אויסגע'הרג'עט געוואָרען און פיעלע האָבען דיא שפּאַניער גענומען אין פליען.

גוואַקאַנאַגארי האָט מיט־מאַרשירט מיט דיא שפּאַניער. העלפען האָט ער אָבער געקענט זעהר ווענינ. ער און זיינע אינדיאַנער זיינען אַזוי צוטומעלט און צושראָקען געוואָרען, קוקענדיג אויף דער מענשען־יאַטקע, און הערענדיג ־עם פערטויבענדען געפּילדער פון דיא שפּאַנישע געוועהר און מלחמה־מוזיק, אַז זיי זיינען קוים איינגעשטאַנען אויף זייערע פיס.

דערנאָך האָט קאָלומבוס געמאַכט אַ „מיליטערישע רייזע“ דורך דיא פערשיעדענע טיילען פון דעם אינזעל, און אויב וואו עס איז האָט זיך געפונען אַ שבט, וועלכער האָט געסמייעט זיך צו שטעלען געגען דיא ווייסע, האָט מען איהם איבערצייגט, אַז דאָס לוינט זיך ניט. אַלע קאַסיקען האָבען זיך אונטערגעגעבען אויסער בעהעטשיאָ, דער קאַסיק פון קסאַראַגוא. ער איז אוועק נאָך דיא ווייטסטע ברעגעס פון דעם אינזעל, וואו צו איהם איז געווען שווער צוצוקומען, און מיט זיך האָט ער

מיטגענומען זיין שוועסטער, די לעבעדיגע אלמנה פון דעם געפאַנגע־נעם קאַאָנאַבאָ, דיא שעהנע אנאַקאָנאַ, וועלכע האָט מיט דער צייט בע־קומען אזוי פיעל איינפלוס איבער יענע שבטים וויא בעהעטשיאָ אליין.

אָבער אין אַלגעמיין איז דיא אינדיאַנער בעפעלקערונג פון דעם אינזעל געווען אונטערטהעניג צו קאָלומבוס'ען און ער האָט מיט איהר געקענט טהאָן וואָס זיין הארץ האָט געלוסט; און אזוי וויא אָם מעהרסטען האָט זיין הארץ געלוסט גאָלד, האָט ער אויף דיא אונגליקלי־כע הילפלאָזע אינדיאַנער ארויפגעלייגט צינזען, וועלכע זיי האָבען איהם געמוזט צאָהלען מיט דיעזען מעטאַל. יעדער פון זיי, פון 14 יאָהר אָן, האָט אַלע דריי מאָנאַט געמוזט ברענגען א געוויסע מאָס גאָלד־שטויב אָדער גאָלד־שטיקלעך, און אַלס קוויטאַנציע אָדער „רעסיט" האָט מען איהם ארויסגעגעבען א בלעכעל, וועלכע ער האָט בעדארפט טראָגען אויפ'ן האַלז. דאָס זיינען געווען דיא פּאָדאַטקעס, וואָס קאָלומבוס האָט ארויפגעלייגט אויף דיא אינדיאַנער פון דיא גאָלד־געגענדען.

דיא אנדערע רויטע האָבען אָנשטאָט געלד געהאַט יעדע דריי מאָ־נאַט צו ברענגען 25 פונט באַוועל.

דיא אינדיאַנער זיינען געווען אין פערצווייפלונג. זיי האָבען אזוי פיעל גאָלד איינפאַך ניט געוואוסט וויא צו קריעגען. זיי האָבען פאַר־געשלאָגען אָנשטאָט צו ברענגען גאָלד, צו בעארבייטען אזא ריעזיגע שטיק ערד, אז עס זאָל זיין גענוג צו שפּייזען מיט ברויט גאַנץ קאַס־טיליען. אָבער קאָלומבוס האָט ניט אַנדערש געוואָלט גאָלד, באַוועל און אַנדערע זאַכען, וואָס מען קען באַלד שיקען נאָך שפּאַניען. איהם איז נויטיג געווען צו ווייזען פערדינאַנד'ען מיט איזאבעללאַ'ן, אז זיינע פערשפּרעכונגען זיינען ניט געווען קיין פּוסטע ווערטער, און דאָס האָט ער געוואָלט אויספיהרען מיט דיא שוויים און יסורים פון דיא אונשול־דיגע אינדיאַנער.

זיינע פאָדערונגען איז אָבער אונמעגליך געווען צופריעדען־צו־שטעלען. דיא אינדיאַנער האָבען איינפאַך ניט געקענט קריגען אזוי פיעל גאָלד; און ביסלעכווייז איז ער צוגעוואוינט געוואָרען צו צינזען אין דער פאָרמע פון ארבייט. דיא ווייסע האָבען דיא רויטע געצוואונ־גען צו ארבייטען אויף זייערע פעלדער. מיט אַנדערע ווערטער, קאָ־לומבוס האָט דאָ איינגעפיהרט דיא פּאָנסטשינאַ־סיסטעם, דיא סיסטעם פון לייב־אייגענשאַפט, וועלכע האָט אין מיטעל־אַלטער פערשקלאַפט

דעם איירָאָפּעאישען בויער. דער איירָאָפּעאישער בויער איז אָבער צו לאַנגע שווערע ארבייטס־שטונדען געוואוינט און צוגעפּאַסט געווען מיט זיין קלימאַט און מיט זיין שפּייז. גאַנץ אַנדערש איז געווען מיט דיא אונגליקליכע אינדיאַנער פון היספּאַניאָלאַ.

דיא טראַגעדיע, וואָס דאָ איז איצט פאָרגעקומען אין דעם לעבען פון דיא אינדיאַנער, איז אונבעשרייבליך הערצרייסענד. מיר האָבען געזעהן וויא לייכט און זאָרגלאָז זיי פלעגט זיך אָטהעמען איידער זיי האָבען געוואוסט פון ציוויליזירטע מענשען. צו קיין שווערע ארבייט זיינען דיעזע קינדער פון דיא הייסע קלימאַטען יעדענפאַלס ניט פעהיג געווען. פאַר זיך אליין איז זיי דאָס ניט נויטיג געווען. זיי האָבען פיעל ניט געדאַרפט, און דאָס ביסעלע, וואָס זיי האָבען יא געדאַרפט, האָט דיא נאַטור זיי געגעבען אָהן גרויסע מיה פון זייער זייט. צו דעם זעלבען פלאַץ זיינען זיי אויך קיין מאָל ניט געווען צוגעשמידט. זיי האָבען געלעבט וויא דיא פרייע פויגעלעך — היינט דאָ, מאָרגען דאָרטען, און אָפט זיך פערזאַמעלט אויף פרעהליכע טענץ און געזאַנג. פלוצלונג איז אויף זיי געקומען אַ שרעקליכע אָנשיקענים: פרעמדע, אונגעוועהנליכע, אַלמעכטיגע, בייזע, באַרמלאָזע בעשעפּעניסען האָבען זיי צוגעבונדען צו דעם זעלבען אָרט און אָנגעטהאָן אויף זיי דעם יאָך פון שווערע האָרעוואַניע ,צו וועלכער זיי האָבען קיין כחות ניט געהאַט. גאַנצע טעג האָבען זיי געמוזט פּראַצעווען אויף דער הייסער זון מיט אַן איינגעבויגענעם רוקען, אום צו קאָרמענען זייערע מערדער, אָדער צו שטעהן איינגעבויגען אין טייך און זיפּען די זאַמד, זוכענדיג גאָלד פאַר זיי.

אויף זייער קינדערשען שטייגער פלעגען דיא פערשקלאַפּטע אינדיאַנער אויסגיסען זייערע צו־וועהטאָגטע הערצער אין דער פאָרמע פון ליעדער, אין וועלכע זיי האָבען בעוויינט זייער פערשוואונדענע פרייהייט און לייכטען לעבען, געוויינט און געקלאָגט אויף זייער ביטערען גלות.

אום זיי זאָלען זיך ניט קענען ארויסדרעהען פון זייער יאָך, האָט קאָלומבוס אויסגעבויט נאָך פיער פעסטונגען, אַ חוץ דיא צוויי גרויסע פריהערדיגע. דיא פעסטונגען זיינען געווען אויסגעשטעלט אין אַזעלכע פונקטען, אַז מיט זיי זאָל ער קענען האַלטען אין צוואַנג דעם גאַנצען

אינזעל. דיא וויכטיגסטע פון אַלע זעקס פעסטונגען איז געווען ק אַ נ־צ ע פּ צ י אָ ן.

ענדליך האָבען דיא אינדיאנער זיך בעשלאָסען צו מאַכען נאָך אַ פּראָבע אראָבצו־וואַרפען פון זיך דיא אונערטרעגליכע לאַסט. זעהענ־דיג, אז אָהן זיי קענען דיא שפּאַניער ניט האָבען וואָס צו עסען, האָבען זיי צווישען זיך אָבגעמאַכט מעהר ניט צו בעארבייטען דיא פעלדער, און צו פערניכטען דיא שפּייז, וואָס איז שוין געוואקסען. מיט דעם האָ־בען זיי געהאָפט זיי צו פערהונגערען און צווינגען זיי צו פערלאָזען דעם אינזעל.

דיעזען פּלאַן האָבען זיי דורכגעפיהרט. זיי האָבען פערוויסטעט דיא פעלדער און אליין זיינען זיי אוועק אין דיא בערג. אָבער אַנשטאָט זיי צו בעפרייען פון זייערע צרות, האָט דאָס זייערע ליידען נאָך גרעסער געמאַכט. דיא שפּאַניער האָבען זיי נאָכגעיאָגט און פערפאָלגט וויא חיות. מענער און פרויען, מיט קינדער אויף דיא הענט, אָדער צוגעבונ־דען צום רוקען, האָבען געמוזט לויפען, קלעטערען, בעהאַלטען זיך אין שטיינערנע פּלעצער, וואו עס איז ניט געווען קיין עסען־וואַרג, ניט קיין בעשיצונג פון רעגען. זיי האָבען זיך פערבאָרגען אין הייהלען, אויף הויכע בערג אָדער אין געדיכטע וועלדער. יעדער שאָרך פון אַ בוים האָט זיי איבערגעשראָקען; וואָכענלאַנג האָבען זיי זיך געוואַלגערט אין נאַסקייט, שמוץ, אויף דער רויהער נאַטור, און פון הונגער געגעסען שעדליכע גראָזען אָדער וואָרצלען. דער רעזולטאַט איז געווען, אז אַנ־שטאָט צו פערהונגערען ייִיערע פייניגער, זיינען דיא אונגליקליכע אליין פערהונגערט און פערמוטשעט געוואָרען. יענע זיינען וועניגסטענס געבליבען ביי זייער היים, ווערהענד זייערע קרבנות האָבען זיך געפונען אָהן לעבענס־מיטעל און אָהן אַ דאַך איבער'ן קאָפּ. עס האָט לאַנג ניט געדויערט ביז טויזענדער פון זיי זיינען אויסגעשטאָרבען פון הונגער, אויסגעמאַטערטקייט און פערשיעדענע קראַנקהייטען; און דיא, וואָס זיינען לעבען געבליבען, האָבען זיך אונטערגעגעבען אונטער זייער שווע־רען יאָך, וויא שעפּסען אונטער'ן חלף.

וויא ווייט זייער אונטערטהעניגקייט איז געגאַנגען, און וויא גרויס עס איז געווען זייער ציטערנים פאַר דיא שפּאַניער, קען דער לעזער זעהן פון דעם פאַקט, דאָס דיא קאָלאָניסטען פלעגען איצט ניט מורא האָבען צו געהן איינציגווייז דורך דיא וויטסטע דערפער, און ווען אזא „גאַסט"

פּלעגט נור ווילען, פּלעגען זיי איהם נאָך טראָגען אויף דיא פּלייצעס פון דאָרף צו דאָרף.

דאָס אַלעס האָט אָבער קאָלומבוס'ען קיין גליק ניט פערשאַפט. א שטורעם האָט זיך געקליבען איבער זיין קאָפּ, און דאָס, וואָס ער האָט פערשקלאַפט דיא אינדיאַנער, האָט איהם ניט געקענט רעטען.

מאַרגאַריט און באָיל זיינען נאָך פון פריהער געווען איינגעהער אין דעם קעניגליכען הויף — איינער אַלס אדעליגער פון אַן אַלטע פאַ־מיליע און דער צווייטער אַלס אַ וואַזשנער גלח. איצט, אום זיך צו ענטשולדיגען ווארום זיי זיינען אוועק פון היספּאַניאָלא אָהן ערלויבניס, האָבען זיי דעם גאַנצען בלבול ארויפגעוואָרפען אויף קאָלומבוס'ען. זיי האָבען ערקלעהרט, אז צו זיין אונטער דעם אדמיראַל'ס טיראַנישער הערשאַפט אי פּשוט אונמעגליך, און אז זיי האָבען דאָס דריבער גע־האַלטען פאַר זייער פּפליכט, אוים טרייהייט צו דער קרוין, צו קומען און אָבגעבען אַן אמת'ען בעריכט וועגען דעם, וואָס דאָרטען טהוט זיך. פאַר איין גאַנג האָבען זיי אָפּגעלאַכט פון דער גאַנצער ענטדעקונג און אָנגעוויזען, אז היספּאַניאָלא קאָסט דעם טהראָן ניט אין ערך מעהר, וויא מען נעהמט פון איהר ארויס.

דערנאָך האָבען דיא זעלבע צוויי זיך געזעהן מיט פאָנסעקא, דעם מינוסטער פון דעם אינדישען דעפּאַרטמענט, און איהם דערצעהלט דאָס זעלבע. פאָנסעקא האָט קאָלומבוס'ען פיינט געהאַט פון דעם ערשטען מאָמענט, וואָס ער איז מיט איהם געקומען אין אָפיציעלע בעריהרונג, דיעזע בעריכטען זיינען פאַר איהם געווען וויא געוואונשען.

זייערע רעפּאָרטען האָבען געשטימט מיט דיא ווערטער פון אַנדערע פּוסט־און־פּאַסניקעס, וועלכע זיינען צוריק־געקומען פון היספּאַניאָלא, און אייניגע פון וועלכע האָבען געהאַט קרובים אין דער קעניגליכער סוויטע. יעדער, וואָס האָט זיך פריהער געריסען צו פאָהרען נאָך קאָ־לומבוס'עס ווייטען מזרח, האָט זיך איצט געשעהמט צו קומען צוריק. עס האָט געהייסען קומען צוריק „וויא אַ נאַר", און יעדער פון דיעזע צוריק־קומענדע אוואַנטוריסטען האָט זיך פערענטפערט פאַר זיינע פריינד מיט דעם וואָס ער האָט פאָרגעשטעלט דיא גאַנצע ענטדעקונג אַלס אַ פּוסטע פאַנטאַזיע, און קאָלומבוס'ען אַלס אַ דעספּאָטישען פערע־טענדענט און פערפיהרער. און אין שפּאַניען, וויעדער, איז דיא אַרים־

טאָקראַטיע איבערהויפּט געווען גענייגט צו גלויבען יעדען רעפּאָרט, וואָס איז געווען אונגינסטיג צו קאָלומבוס'ען. ווען דיעזער איטאַליעני־שער איממיגראַנט, דער אָרימאַן, דער זוהן פון א בעל־מלאכה, האָט פּלוצלונג בעקומען דעם טיטול וויצע־קעניג און אדמיראַל, האָט דאָס דיא אַלטע מיוחסים ניט געקענט געפעלען, אָבוואָהל אין דעם רעש פון זיין טריאומף, ווען פערדינאַנד און איזאבעללא האָבען איהם אָבגעגעבען אַזוי פיעל כבוד, האָבען זיי געמוזט מיטהאַלטען, און חנפ'ענען זיך צו איהם. וואָלט ער אין אמת'ען ענטדעקט דעם וויטען מזרח מיט זיינע פאבעלהאַפטע רייכטהימער, אָדער אפילו מעקסיקאָ מיט איהרע גלענ־צענדע באַרבאַרישע שטעדט, וואָלט דאָס אפשר איינגעשטילט אַלע פּראָ־טעסטען, אַלע פיינדליכע געפיהלען. אין דיא בעשפּראָכענע צייטען וואָלט אַזאַ ענטדעקונג געווען אַזוי ווי איינער וואָלט פּלוצלונג אויפגע־עפענט יענע וועלט מיט דיא צויבערען פון גן עדן. געגען אַזאַ נייעס וואָלטען דיא פערהעלטניסע פון דער געוועהנליכער וועלט פערשווינ־דען. מען וואָלט פערגעסען, אז קאָלומבוס איז ניט קיין געבאָרענער אדעליגער און ניט קיין שפּאַניער. פירסטען און מאַרקיזען וואָלטען איהם ביסלעכווייז מיט'ן גאַנצען הארצען עמפּפאַנגען אַלס דעם גרעס־טען פון דיא גרעסטע. אַזוי אָבער וויא קיין סך גאָלד האָט זיין ענטדע־קונג ניט געבראַכט, און פון דיא געווירצען און אוצרות פון דעם וויטען מזרח איז דערוויול קיין שפּור ניט געווען, האָט אויפגעלעבט זייער האַס צו דעם בעל־מלאכה'ס זוהן, צו דעם אָרימען איממיגראַנט, וועלכען מען האָט געמאַכט פאַר א וויצע־קעניג. זיי האָבען גיפטיג געלאַכט פון זיין נידערלאַגע; זיינע פערשפּרעכונגען האָבען זיי פאָרגעשטעלט אַלס ציין־פאַררעדענישען און ביי זיך אין הארצען האָבען זיי געזעהן א נקמה אָן דעם קעניג און קעניגין, וועלכע האָבען דיעזען „שלעפּער" אָהן א שום גרונד געגעבען אַזעלכע הויכע טשינען.

דיא קאָלאָניע האָט זיך וויעדער גענויטיגט אין פּראָוויאַנט. קאָ־לומבוס האָט אָבער מורא געהאַט צו בעטען מען זאָל איהם דאָס צושי־קען פון דער היים, אום ניט צו בעשטעטיגען דעם איינדרוק, אז זיין אונ־טערנעהמונג איז בלויז א קוואַל פון אויסגאַבען און ניט פון איינקינפ־טע. ער האָט זיך געמאַטערט אויסצוקומען מיט וואָס וועניגער צוגע־שיקטע פּראָדוקטען; דאָס הייסט, אז דיא קאָלאָניסטען האָבען געמוזט אָפּקומען, און דאָס, וויעדער, האָט נאָך מעהר פערגרעסערט זייער אונ־

צופריעדענהייט און נאך שארפער געמאכט זייערע קלאגעס אויף דעם וויצע־קעניג.

וואלט דער טהראן וועניגסטענס בעקומען פון דער קאלאניע א שטיקעל איינקונפט, וואלט אלץ געווען שטיל. אזוי אבער וויא דאס האט מען פון דארטען ניט געזעהן, איז קאלומבוס'עס שונאים ניט שווער געווען צו בעאיינפלוסען דיא קעניגליכע פאר פאלק געגען איהם ביז זיי האבען אוועקגעשיקט א ספעציעלען בעאמטען צו אונטערזוכען דיא קלאגעס.

דאס איז ניט געווען דיא איינציגע זאך, וואס זיי האבען געטהאן אלס רעזולטאט פון קאלומבוס'עס געפאלענע ווערדע. זיי האבען ערלויבט אנדערע רייזענדע אויך צו מאכען ענטדעקונגס־עקספעדיציעס נאך דיא לענדער, וואס ער האט געפונען. דאס איז געווען געגען דעם קאנ־טראקט, נור עס האט זיך זיי געלוינט. דיא נייע עקספעדיציעס האבען זיי ניט געקאסט קיין גראשען, און אזעלכע הויכע טיטלען און בעדינגונ־גען וויא קאלומבוס'עס האבען דיא נייע רייזענדע ביי זיי ניט געפא־דערט. דיעזע רייזענדע זיינען מייסטענס געווען שיפס־לייט, וואס זיינען פריהער מיטגעפאהרען מיט קאלומבוס'ען, און אויף זייערע זעלבסטשטענדיגע נסיעות האבען זיי זיך אויך בענוצט מיט זיינע לאנד־קארטען און אויסרעכנונגען.

איינער פון זיי איז געווען ווינצענט פינזאן, דער ברודער פון מארטין פינזאן.

דער גאלד־אינטערעס איז אין דער געשיכטע פון קאלומבוס'ען גע־ווען דער קוואל פון אלעס. דאס האט איהם גרויס געמאכט און דאס האט געבראכט צו זיין פאל. ווען דיא קעניגליכע פאר פאלק וואלט ניט געדורשט נאך גאלד, וואלט ער קיינמאל ניט געקומען צו זיינע טיטלען מיט זיין ענטדעקונג. און אזוי וויא דיעזען דורשט האט זיין ענטדע־קונג ניט געקענט לעשען, האט פאר איהם געמוזט קומען א רייהע פון פינסטערע טעג.

לאמיר זיך דא אבשטעלען אויף א ווײלע צו בעמערקען, אז, ווען מיר ברויכען אזעלכע ווערטער וויא „גאלד־אינטערעס" אדער „דורשט נאך אוצרות", מיינען מיר ניט דוקא דיא בענקענים נאך רייכע גאלד־מינען. פון דיא אמת'ע אינדיען, פון אסט־אינדיען, האט מען בעקומען פיעל גרעסערע איינגענסען אין דער פארמע פון געווירצען וויא אין

דער פאַרמע פון גאָלד, פערעל און עדעלשטיינער. דיא הויפט־האָפנונג איז געווען, אז קאָלומבוס וועט צוקומען צו דיא געווירצען־אינזלען. און יעדעס מאָל, וואס ער האט זיך אָבגעשטעלט אויף א נייעם אינזעל אָדער אויף א נייע טייל פון אַ בעקאַנטען אינזעל, האָט ער הויפטזעכליך גע־זוכט דיעזע פּראָדוקטען. מען קען זיך פאָרשטעלען וויא ער געהט אַרום דורך דיא וועלדער און שמעקט דיא פערשיעדענע בוימער טאָמער וועט ער דערשמעקען דעם ריח פון פעפער, פון צימרינג, פון אינגבער, פון נעגעלעך אָדער פון אַנדערע בשמים. אָפט האָט זיך איהם געדוכט, אז ער האָט געטראָפען אַזעלכע פלאַנצען. עס האָט זיך אָבער אימער אויסגעלאָזען מיט גאָר ניט. אום צו דערגרייכען דיא לאַנד פון גע־ווירצען, וואָלט ער געמוזט דורכשניידען א האלב־וועלט ווייטער צו מערב צו. ערשט דאַן וואָלט ער געקומען צו דעם „ווייטען מזרח“.

ענדליך האָט ער אויפגעהערט צו זוכען דיא געווירצען. אזוי וויא ער האָט געהערט, אז ער געפינט זיך לעבען גאָלד־מינען, האָט ער גע־האַפט מיט דעם צו שטילען פערדינאַנד'ס און איזאבעללאַ'ס אונגעדולד. וואָס מאַכט דאָס זיי אוים? צי פון פעפער, צי פון גאָלד — אַבי אוצרות... און מכח דיא געווירצען־אינזלען — וועט ער זיי אויך מיט דער צייט געפינען. דערווייל איז ער לעבען כינא; דיא ערטער, וואו דער פעפער וואקסט, וועט ער בעזוכען נאָכהער...

דער בעאמטער, וועלכען דיא רעגיערונג האָט אויסגעקליבען צו רע־ווידירען קאָלומבוס'עם קאָלאָניע, איז געווען אַ קעניגליכער קאַמער־דיע־נער מיט'ן נאָמען יואַן אַגוואַדאַ. ער איז אָבגעפאָהרען נאָך היספּאַניאָלאַ, מיט פיער שיפען געלאָדען מיט פּראָוויאַנט, אין אָקטאָ־בער, 1495.

זיין אָנקומען האָט שטאַרק אונטערגעגראָבען קאָלומבוס'עס אויטאָ־ריטעט. עס האָט געמאַכט דעם איינדרוק, אז אין דעם קעניגליכען הויף איז מען מיט איהם ניט צופריעדען און אז צו זיין הערשאַפט וועט באַלד נעהמען אַ סוף. מען האָט אויף דעם רעוויזאָר זאַגאַר געקוקט וויא אויף א נייעם גובערנאַטאָר. דיא קאָלאָניסטען, וואָס האָבען גע־מורמעלט געגען דעם אַדמיראַל, האָבען איצט גענומען שיטען מיט קלאָ־געס אויף איהם.

קאָלומבוס האָט זיך געפיהלט אזוי וויא איינער וואָס גליטשט זיך

אראפ־בארג. ער האט זיך בעשלאסען צו פאהרען נאך שפאניען און פרופען פעררייכטען דעם שלעכטען איינדרוק, וואס זיינע שונאים האבען דארטען געשאפען וועגען איהם.

צום גליק האט ער ד'אן זיך גראד בעשטימט דערוואוסט, אז אויפ'ן דרום־ברעג פון דעם אינזעל געפינען זיך רייכע גאלד־בערג.

דיא ענטדעקונג איז פערבונדען געווען מיט א ראמאנטישע גע־שיכטע. איינער פון דיא קאלאניסטען, מיגעל דיאז, האט אין איזאבעללא געהאט א בלוטיגען געשלעג, און אוים פורכט בעשטראפט צו ווערען איז ער אנטלאפען. ער האט ארומגערייזט איבער'ן אינזעל ביז ער איז געקומען נאך אן אינדיאנער דארף אין מזרח־דרום־זייט. דארטען האט ער זיך פעראינטערעסירט אין אן אינדיאנערקע, וועלכע האט זיך אין איהם פערליעבט, און ער איז מיט איהר געבליבען וואוי־נען. מיט דער צייט האט זיא גענומען בעמערקען, אז ער איז אומעדיג און בענקט נאך זיינע ווייסע לאנדסלייט. דיא פערליעבטע רויט־הויטיגע פרוי האט מורא געהאט איהם צו פערלירען, און זיא איז געפאלען אויף א פלאן: אזוי וויא ניט ווייט פון דארטען, ביי דעם טייך הײנא, זיינען פאראן אלטע גאלד־מינען, וועט זיא דאס איהם ווייזען. זיא האט געוואוסט, אז קיין זאך אויף דער וועלט ציהט ניט אזוי דיא שפאניער וויא גאלד. אלזא, וועלען אהער קומען אנדערע ווייסע, און איהר מאן וועט שוין ניט וועלען אוועקגעהן פון איהר.

דיאז איז גליך געפאהרען נאך איזאבעללא מיט דער פרעהליכער בשורה, אז ער האט ענטדעקט גאלד. ער איז געווען זיכער, אז פאר אזא בשורה וועט קאלומבוס איהם שענקען זיין פערברעכען; און ער האט טאקע זיך ניט גענארט. קאלומבוס האט זיך צו שטארק גענויטיגט אין אזא ענטדעקונג — הויפטזעכליך איצט, אז זיין שטערען איז דונקעלער געווארען, און אין שפאניען צווייפעלט מען אין זיין גאנצע אויפטהו־אונג. ער האט גלייך אוועקגעשיקט אהין זיין ברודער בארטהאלאמיי'ען צוזאמען מיט דיאז'ען און א קאמפאניע אנדערע שפאניער. אלעם האט זיך ארויסגעצייגט ריכטיג: דער פלאץ האט ענטהאלטען פיעל גאלד. אין אייניגע ערטער האט מען דארטען זאגאר געפונען אלטע טיעפע גרי־בער. מען האט געקענט זעהן, אז אמאל מיט פיעלע יאהרען צוריק האט מען דא געצויגען גאלד. אבער ווער? דיא אינדיאנער האבען פון גראבען גאלד־גריבער ניט געוואוסט. זיי האבען זיך בענוגענט

מיט אויפקלייבען דיא שטיקלעך מעטאַל וואָס זיי האָבען געפונען פון אויבען.

ווען באַרטהאלאמיי האָט זיין ברודער געבראכט דעם בעריכט צו־זאמען מיט פראָבעס פון דיא גאָלד, איז קאָלומבוס געווען גליקליך אי־בער גליקליך. פאר בעגייסטערונג איז ער געקומען צו אַ נייעם זאָנדער־באַרען שלוס: דיא אַלטע מינען זיינען מסתמא אופיר, דער פּלאַץ, פון וועלכען שלמה המלך האָט בעקומען דיא גאָלד צו דעם בית המקדש, וואָס ער האָט געבויט אין ירושלים. וואו אופיר געפינט זיך האָט מען סיי וויא סיי קלאָהר ניט געוואוסט. מען האָט בלויז גערעכענט, אַז דיא גאָלד, וואָס שלמה המלך האָט געברויכט אויפ'ן טעמפעל, האָט ער אימפּאָרטירט פון „דיא אינדיעס". היינט פאר וואָס זאָל היספּאַניאָלאַ ניט קענען זיין אופיר?.... און דאָס, וואָס זיין הארץ האָט געגלוסט, אין דעם האָט זיין קאָפּ געגלויבט. צו קומען נאָך שפּאַניען מיט אַ נאַכ־ריכט, אַז ער האָט ענטדעקט „אופיר", איז פאר איהם איצט געווים גע־ווען בעקוועם.

ער האָט גלייך געהייסען אויסבויען א פעסטונג לעבען דיא ניי־ענטדעקטע מינען, און מען זאָל זיך אויפ'ן שטעל נעהמען פלייסיג זיי צו בעארבייטען. באַרטהאָלאמיי האָט דאָרטען שפּעטער געגרינדעט אַ שטעדטעל, וועלכע ער האָט א נאָמען געגעבען ניי־איזאבעללא. מיט עטליכע יאָהר שפּעטער האָט מען אָבער דעם נאָמען געענדערט אויף סאַן דאָמינגאָ, וועלכער איז פערבליבען ביז היינט. (איצט הייסט מיט דיעזען נאָמען אויך דיא גאנצע רעפּובליק, וועלכע פערנעהמט היינט יענע העלפט פון דעם אינזעל. דיא אַנדערע העלפט בעלאַנגט צו דער רעפּובליק האַיטי). אַהין האָט מען דערנאָך איבערגעטראָגען דיא הויפּט־קוואַרטיר פון דער קאָלאָניע.

וואָס אָנבעלאַנגט מיגעל דיאַז'ען, איז ער זיין אינדיאַנערקע, וועל־כע האָט איהם געבאָרען צוויי קינדער, געבליבען טריי. מען האָט איהר געטויפט, און זייער הייראַטה איז אנערקענט געווען אלס א גע־זעצליכער פערבאַנד.

אַגוואדא האָט דערוויל אויסגעהערט פיעלע פון דיא קאָלאָניסטען, און ווען ער האָט געענדיגט זיין אונטערזוכונג, איז ער אַוועקגעפאָהרען צוריק נאָך שפּאַניען. קאָלומבוס איז מיטגעפאָהרען, הגם אויף אַן אַנ־

דער שיף, נעמליך אויף אונזער אַלטע בעקאַנטע „נינאַ“. ער האָט מיטגעפיהרט מיט זיך דעם געפאַנגענעם קאַריבער העלד, קאַאָנאַבאַ, צוזאַמען מיט נאָך 29 אינדיאַנער.

אויפ׳ן וועג האָבען דיא שיפען זיך אָבגעשטעלט אויף איינעם פון דיא קאַריבישע אינזלען. וועהרענד איינינע פון דיא שפּאַניער האָבען אָנגעטנומען האָלץ און וואַסער און געמאַכט „קאַססאַווא“ ברויט, האָט קאָלומבוס אוועקגעשיקט פערציג אַנדערע אויספאָרשען דעם פּלאַץ. זיי זיינען צוריק־געקומען אויף מאָרגען מיט צעהן פרויען און דריי אינגלעך, — אַלע נאַקעטע. איינע פון דיא פרויען איז געווען אַ הויכע, אַ שטאַרקע, מיט אַ שטאָלצען כאַראַקטער. דעם פאָריגען טאָג, ווען דיא פערציג שפּאַניער זיינען צוגעקומען צו איהר, איז דיעזע גרויסע, געזונטע פרוי אַנטלאָפען וויא אַ קאַץ. פּלוצלונג האָט זיא זיך אָבער אָבגעשטעלט: זיא האָט דערזעהן, אַז איינער פון דיא ווייסע איז אָבגעזונדערט פון דיא איבעריגע, האָט זיא פון אַ וויטען אַ וואָרף געטהאָן אַ בליק אויף איהם און אויף זיינע חברים, אַ שפּרונג געטהאָן און איהם אָנגענומען מיט אַן אונמענשליכע קראַפט. נאָך אַ מינוט, און זיא וואָלט איהם דערשטיקט. נור דיא אַנדערע שפּאַניער האָבען פּאָספּייעט צוצולויפען אין האָבען איהר געפאַנגען אין דער צייט ווען זיא איז געווען מיט איהר קרבן צוזאַמענגעפּלאָנטערט מיט דיא הענט און מיט דיא פיס. איהר שעהנער, געזונטער פיין־געוואַקסענער קערפּער איז געווען אַבסאָלוט נאַקעט, און איהרע לאַנגע האַרטע האָר זיינען אַראָבגעהאַנגען איבער איהרע פּלייצעס. אַ קאָפּ־ציערונג פון פערשיעדען־קאָלירטע פעדערען איז געווען דיא איינציגע זאַך, וואָס זיא האָט געהאַט אויף זיך.

אויפ׳ן שיף האָט זיא זיך פּעראינטערעסירט אין קאַאָנאַבאָ׳ן. ווען זיא האָט זיך דערוואוסט, אַז ער איז אויך אַ קאַריב, און זיא האָט געהערט זיין לעבענס־געשיכטע, איז זיא צו איהם שטאַרק צוגעבונדען געוואָרען. אום צו מאַכען זיך אַ גוטען נאָמען ביי דיא איינוואוינער פון דיעזע אינזלען, האָט קאָלומבוס אַלע געפאַנגענע אַרויסגעלאָזען פריי. דיעזע הויכע אינדיאַנערקע האָט זיך אָבער ענטזאַגט אַראָפּצוגעהן פון שיף. זיא איז געווען אַזוי פערליעבט און קאַאָנאַבאָ, אַז זי האָט געוואָלט טהיילען זיין שיקזאַל.

דיא רייזע איז געווען זעהר אַ שווערע און פול מיט געפאַהרען. זיא

האָט זיך אזוי פערלענגערט, אז עס האָט ניט געסטאַיעט קיין עסען־וואַרג. אוים הונגער האָבען דיא מאַטראָזען געוואָלט הרג׳ען און אויפ־עסען דיא אינדיאַנער, אָדער וועניגסטענס זיי אריינוואַרפען אין ים, אום ניט צו דאַרפען קאָרמענען אזוי פיעל מיילער. קוים וואָס דער אַדמיראַל האָט זיי אָבגעהאַלטען דערפון.

קאַאָנאבאָ האָט אָבער סיי וויא סיי ניט דערלעבט צו קומען נאָך שפּאַניען. זיין שטאָלצער, אייזערנער גייסט, וועלכער האָט זיך ניט גע־בויגען ביז דער לעצטער מינוט, איז אויסגעגאַנגען וויא א ליכט פון הילפלאָזע נקמה־דורשט, אנגסט און בענקעניש. דיא פערליעבטע קאַ־ריבישע גבור׳טע איז געווען זיין איינציגער טרויסט אין זיינע לעצטע מינוטען. ער איז געשטאָרבען אויף דער שיף.

ענדליך, דעם 11־טען יוני, 1496, נאָך א רייזע פון דריי שרעקלי־כע מאָנאַטען, איז דיא אויסגעהונגערטע אָבגעשוואַכטע קאָמפּאַניע אָנ־געקומען אין דעם קאַדיצער האַפען.

## XVI.

## ענדליך דערגרייכט מען אינדיען, אָבער ניט קאָלומבוס.

קאָלומבוס וואַרט אין שפּאַניען אַפּ צוויי יאָהר אויף שיפען און פּראָוויאַנט. — אין דיעזער צייט נעהמט זיך פּאָרטוגאַל פּאָרטזעצען איהרע ענטדעקונגס־רייזעס. — דער יונגער קעניג מאַנועל. — ער ווענדט זיך נאָך אַ ראַטה צו אברהם זאַקוטאָ. — מאַנועל׳ס שדוך מיט דער טאָכטער פון פערדינאַנד און איזאבעללא. — זיא שטעלט אַלס בעדינגונג, אז ער זאָל ארויסטרייבען אלע אידען און מורינען פון פּאָרטוגאל. — אונמענשליכע פּייניגונג פון אידען. — וואסקא דא גאמא לאָזט זיך אַוועק אויף זיין רייזע אַרום אפריקא. — שרעקליכע ווינטען, און דיא מאַטראָזען בעטען זיך מען זאָל פאָהרען צוריק. — מען שווימט ארום דעם „קאַפּ פון גוטע האָפנונג“. — אויף דעם מזרח־ברעג פון אפריקא. — קאַפרען. — מורינען. — מאָזאַמביק. — מען וויל פערפיהרען גאמא׳ס שיפען. — דער געפאַנגענער מורין דאַוואַן דיענט גאמא׳ן טריי. — אין מאָמבאזא. — מען וויל וויעדער פערשלעפּען גאמא׳ס שיפען. — דער פריינדליכער קעניג פון מעלינדאַ. — דריי וואָכען איבער׳ן אינדישען אָקעאַן. — „זעה, קאַפּיטאַן: אינדיען! אינדיען!“ —

דער קעניג און דיא קעניגין האָבען קאָלומבוס׳ען עמפּפאַנגען פיעל בעסער וויא ער האָט ערוואַרטעט. זיי האָבען איהם אויפגענומען אזוי וויא עס וואָלטען געגען איהם ניט געווען קיין שום קלאַגען. ער האָט אָבגעגעבען אַ בעריכט וועגען דיא נייע גאָלד־מינען, וואָס ער האָט געפונען, און דורך דעם האָט ער וויעדער געמאכט א גוטען איינדרוק אויף זיי. דער רעזולטאַט איז געווען, אַז זיי האָבען איהם צוגעזאָגט נאָך אכט שיפען מיט מענשען און פּראָוויאנט אויף אַ נייע עקספּעדיציע, וואָס ער האָט זיך געקליבען צו מאכען אין „אַזיען“. דאָס, וואָס ער האָט זיין ברודער איבערגעלאָזען אין דער ראָלע פון „אדעלאַנטאַדא“ אָדער וויצע־גובערנאַטאָר ,איז פון זיי בעשטעטיגט געוואָרען.

דאָ האָט קאָלומבוס וויעדער געמאכט אַ פאַלשען שריט, פון וועלכען פאַר איהם איז ניט ארויסגעקומען קיין גוטס. ער האָט ביי׳ן

טהראָן געבעטען ערלויבניס, וועלכע איז איהם בעוויליגט געוואָרען, צו נעהמען נאָך היספּאַניאָלאַ אַלע פּעראורטהיילטע פערברעכער. זיין קאָלאָניע האָט שוין געהאַט אַזאַ צרה'דיגען נאָמען, אַז איצט האָט קיינער שוין ניט געהאַט קיין חשק אַהין צו פאָהרען, האָט ער אַלזאָ געברויכט דיעזע ספּעציעלע מיטלען מענשען צו קריגען; אָבער דיעזער מיטעל האָט, ערשטענס, זיין קאָלאָניע געמאכט נאָך אַן ערגערען נאָמען און אין גאַנצען אָבגעשטויסען פון איהר אַנשטענדיגע מענשען; און, צווייטענס, האָט דאָס איהם וויעדער צוגעשטעלט דיא נידעריגסטע און געפעהרליכסטע מענשען פון לאַנד.

דעם צוזאָג איהם צו געבען שיפען, האָבען פערדינאַנד און איזאַבעללא ניט געקענט אזוי גיך ערפיללען. זיי האָבען דאַן געהאַט גרויסע אַנדערע אויסגאבען צוליעב א מלחמה מיט פראנקרייך וויא אויך צוליעב א דאָפּעלטען שדוך וואָס זיי האָבען געטהאָן מיט דעם עסטרייכישען הויף. זייער איין־איינציגער זוהן יואַן האָט געהייראַט א טאָכטער פון דעם עסטרייכישען קייזער, און זייערע א טאָכטער, יואַנאַ, האָט געהייראַט דעם עסטרייכישען קייזער'ס זוהן, ערץ־הערצאָג פיליפּ, וועלכער האָט פון זיין מוטער'ס צד גע'ירש'ענט דעם טהראָן פון האָללאַנד.

דעם קעניגליכען חתן און דיא קעניגליכע כלה האָט מען בעגלייט מיט א פלאָטע פון העכער וויא 100 שיפען, גרויסע און קליינע, וועהרענד פאר קאָלומבוס'ען איז שווער געוועזן צו שאַפען עטליכע שיפען. איבעריגענס, זיינען פערדינאַנד און איזאַבעלאַ געוועזן צו שטאַרק פערנומען מיט זייער מלחמה און מיט זייערע פאמיליען־אנגעלעגענהייטען, וואָרים א חוץ דיא דערמאָנטע צוויי שדוכים זיינען זיי דאַן געוועזן פעראינטערעסירט אין א דריטען, אין דעם הייראַטה פון זייער עלטסטע טאָכטער, איזאַבעללא, דיא 2טע, וועלכע איז געוועזן אַן אלמנה. וועגען דיעזען הייראַטה וועלען מיר באלד רעדען מיט מעהר איינצעלהייטען. דאָ איז אונז בלויז וויכטיג דער פאקט, דאָס דער קעניג און דיא קעניגין זיינען געוועזן צו־פיעל פערנומען מיט אַנדערע זאכען, אַז זיי זאָל ליגען אין זינען קאָלומבוס מיט זיין עקספּעדיציע.

און פאָנסעקא, דער מיניסטער פון דעם אינדישען דעפּאַרטמענט, פון זיין זייט, האָט קאָלומבוס'ען אונטערגעשטעלט אַלערליי פּיסלעך און אָבגעטהאָן אַלערליי כיטרע שפּיצלעך, כדי איהם מאוס צו מאַכען אין דיא אויגען פון הויף. צום ביישפּיעל: ער האָט געלאָזען פערשפּריי־

טען אַ קלאַנג, אַז פון היספּאַניאָלאַ זיינען אָנגעקומען דריי שיפען מיט שטאַבעס גאָלד, וועהרענד אין אמת'ען זיינען זיי געווען געלאָדען מיט קנעכט. (דער שיפס־קאַפּיטאַן האָט זיך אַזוי אויסגעדריקט אויף שפּאַס; „איך האָב געבראַכט אַ מאַסע גאָלד אין מיינע שיפען“, האָט ער געזאָגט, מיינענדיג זיין טראַנספּאָרט שקלאַפען. פאָנסעקא האָט גע־וואוסט, אַז עס איז אַ שפּאַס, ער האָט דאָס אָבער פערשפּרייט אַלס אַן אמת). דער קלאַנג האָט דערגרייכט דעם קעניג, און ער האָט זיך זעהר דערפרעהט מיט דעם אוצר. באַלד האָט זיך אָבער ארויסגעשטעלט, אַז דיא „שטאַבעס“ זיינען ניט קיין גאָלדענע, נור אייזערנע: דיא אייזערנע גראַטעס, הינטער וועלכע מען האָט געהאַלטען דיא געפאַנגענע אינדיאַנער. ווען פערדינאַנד האָט זיך דאָס דערוואוסט, איז ער פון ענטוישונג אַזוי בייז געוואָרען, אַז ער און דיא קעניגין האָבען גלייך צור־ריקגעצויגען אַ גרויסע סומע געלט, וואָס זיי האָבען געהאַט בעשטימט פאַר דעם אדמיראַל'ס דריטע רייזע. פריהער האָבען זיי געהייסען צו דיעזען צוועק נעהמען פון דער רעגיערונגס־קאַססע זעקס מיליאָן מאַראַ־וועדים. איצט האָבען זיי ארויסגעגעבען אַ בעשלוס, אַז דיא קאָסטען פון דער נייער עקספּעדיציע זאָלען געדעקט ווערען פון דיא „גאָלד“, וואָס איז אָנגעקומען פון היספּאַניאָלאַ. קאָלומבוס האָט געוואַרט און געוואַרט.

דיא גאַנצע צייט האָט ער געוואוינט ביי זיין פריינד בערנאַלדעז, וועלכער האָט נאָכהער בעשריעבען זיינע רייזעס. בערנאַלדעז האָט אַלע איינצעלהייטען געהערט פון דעם אדמיראַל גופא, אין דיא געשפּרע־כען, וואָס ער האָט מיט איהם געהאַט ביי זיך אין הויז. זיין בוך ענט־האַלט דעריבער פיעלע פון דיא וויכטיגסטע מאַטעריאַלען, וואָס זיינען נור פאַראַן פאַר דער געשיכטע פון קאָלומבוס'עס ענטדעקונג.

ווען דיא שיפען זיינען ענדליך געווען פערטיג און אַלץ איז געווען געגרייט אָפּצופאָהרען, האָט פאָנסעקאַ'ס קאַססיער קאָלומבוס'ען שטאַרק בעליידיגט. דער אדמיראַל האָט זיך שוין מעהר ניט געקענט קאָנטראָ־לירען. ער האָט איהם אַנידערגעוואָרפען און געבריקעט. און דאַן האָט פאָנסעקאַ דיא געשיכטע געלאָזט וויסען אין הויף אַלס אַ ביי־שפּיעל פון דעם דעספּאָטישען כאַראַקטער, וועגען וועלכען דיא קאָלאָ־ניסטען האָבען זיך אויף דעם אדמיראַל געקלאָגט.

קאָלומבוס איז אָבגעפאָהרען דעם 30־טען מאַי, 1498, דאָס הייסט

ער איז פערבליבען אין שפּאַניען צוויי יאָהר — אַלץ צוליעב דיא שוויי־ריגקייטען, מיט וועלכע איהם זיינען אָנגעקומען דיא שיפען און דיא אַנדערע זאכען, וואָס זיינען נויטיג געווען צו דער אויסשטאַטונג פון זיין דריטער עקספּעדיציע.

מיר האָבען אויבען, פערבייגעהענדיג, דערמאָנט, אז פערדינאַנד און איזאבעללא זיינען געווען פעראינטערעסירט אין א שדוך פאר זייער עלטסטע טאָכטער, דיא יונגע אלמנה, „איזאבעללא דיא צווייטע". עס האָט זיך געהאַנדעלט אום זיך מתחתן צו זיין מיט דעם פּאָרטוגעזישען הויף — מיט יענעם הויף, מיט וועלכען שפּאַניען האָט געהאַט אָפטע מלחמות און דיפּלאָמאַטישע צאַנקערייען. און דאָס איז ניט דער ערש־טער שדוך צווישען זיי, נור דער צווייטער. איזאבעללא'ס ערשטער מאַן איז געווען דער איינציגער געזעצליכער זוהן פון דעם פּאָרטוגעזישען קעניג יאָאַן דעם 2טען, אַלפּאָנסאָ. אום צו מאַכען א סוף צו דיעזע מלחמות, האָבען איהרע עלטערען איהר דאַן חתונה געמאַכט פאַר דיעזען קרוין־פּרינץ. אָבער א קורצע צייט נאָך דער חתונה, ווען אַלפּאָנסאָ האָט זיך מיט אימיצען פערוועט אין רייטען, איז ער אראָבגעפאַלען פון זיין פערד און איז גע'הרג'עט געוואָרען.

דאָס אַלץ וואָלט פאַר אונז געהאַט א קנאַפּען אינטערעס. איזא־בעללא'ס צווייטער חתן האָט אָבער אין פּאָרטוגאַל איינגעפיהרט זעהר וויכטיגע נייעס מכח דעם וועג צו אינדיען ארום אפריקא.

ווען יאָאַן דער 2־טער איז געשטאָרבען (דעם 25־טען אָקטאָבער, 1495), האָט ער אַלזאָ ניט איבערגעלאָזען קיין יורש. דער טהראָן איז איבערגעגאַנגען צו זיין קוזין מ א נ ו ע ל, וועמעס עלטערען ברודער יאָאַן האָט געטוידטעט מיט זיין אייגענע האַנט.*) דאָס איז געווען א

*) דיא אַדעליגע פון דעם קעניגליכען הויף האָבען געהאַט אָ פערשווער־רונג צוצונעהמען דעם טהראָן פאַר גראַף דיעגאָ ד ע ־ ו י ז ע אָ, דעם קעניג'ס קוזין. דאָס איז געווען, ווען יאָאַן'ס זוהן אלפאָנסאָ האָט נאָך געלעבט. דער פּלאַן איז געווען צו טוידטען אי יאָאַן'ען, אי זיין יורש, און דער אָנפיהרער פון דער קאָנספּיראַציע איז געווען דיעגאָ דע־וויזעא אליין. אָבער יאָאַן האָט זיך דערוואוּסט דערפון, און ער האָט איינגעלאַדען דע וויזעאָ'ן צו זיך.

געזונטער, ענערגישער און שעהנער יונגער מאַן פון 26 יאָהר, אַ פיעל סימפּאַטישערער מענש וויא זיין פאָרגענגער, אָבער אַ שוואַ־כערער אין כאַראַקטער וויא ער. דאָך פאַר דיא ענטדעקונגס־רייזעס האָט ער זיך גענומען מיט ענערגיע. באַלד נאָך דעם וויא ער איז ארויף אויפ'ן טהראָן, האָט ער אָנגעפאַנגען צו בעשפּרעכען דיא פראַגע פון פאָרטזעצען בארטהאָלאָמיי דיאַז'עס רייזע. איינינגע פון זיינע ראַטהגעבער האָבען איהם געפּרופט אָבשלאָגען דערפון. זיי האָ־בען איהם דערמאָנט אָן דיא שרעקליכע שטורעמס, וועלכע דיאַז האָט בעגעגענט ארום דעם „קאַפּ פון גוטע האָפנונג", און צוליעב וועלכע זיינע מאַטראָזען האָבען זיך ענטזאַגט צו פאָהרען ווייטער. זיי האָבען פאַר איהם אויסגעדריקט דיא מיינונג, אז ארום אפריקא וועט מען צו איינ־דיען קיינמאָל ניט צוקומען; אָבער ער האָט זיך אזוי גיך ניט געלאָזט אָברעדען פון זיין פּלאַן. ער האָט זיך בעראַטהען מיט אַ בעריהמטען אסטראָנאָם.

צווישען דיא ארויסגעטריבענע שפּאַנישע אידען, וועלכע האָבען גע־זוכט אַן אָפּרוה אין פּאָרטוגאַל, איז געוועזן דער געלעהרטער א ב ר ה ם ז אַ ק ו ט אָ, דער מאַטהעמאַטיקער און אסטראָנאָם פון דעם סאַלאמאַנ־קער אוניווערסיטעט (זעה אויבען, זייטעל 212). יאָאַן דער 2טער האָט איהם שוין געמאַכט פאַר זיין „שטערען־זעהער", נאָך דעם וויא ער האָט איהם אויסגעפּרופט*), און מאַנועל האָט פון איהם שטאַרק געהאַלטען

„קוזין!" — האָט ער זיך צו איהם געווענדעט, — „שטעל זיך פאָר, אַז אימי־צער קלייבט זיך צו נעהמען דיין לעבען. וואָס וואָלסטו געטהאָן?"

— איך וואָלט ניט געמאַכט קיין הכנות — האָט דע־וויזעא געענטפערט — איך וואָלט גלייך גענומען יענעם'ס לעבען.

— אויב אַזוי, טאָ שטאַרב־זשע! — האָט דער קעניג אויסגערופען. — דו האָסט אויסגעשפּראָכען דיין אייגענעם אורטהייל—און מיט דיעזע ווערטער האָט ער איהם אַריינגעשטאָכען א שפּיעז אין האַרצען.

ווען אלפאָנסאָ איז געשטאָרבען, האָט יאָאַן געמוזט זעהן, וויא זיין טהראָן וועט איבערגעהן צו וויזעא'ס ברודער, מ אַ נ ו ע ל ' ע ן.

*) צווישען אַסטראָנאָמען און שטערן־זעהער איז דאַן ניט אימער געוועזן אַ קלאָהרער אונטערשיעד. דיא אבערגלויביגקייט פון קעניגע איז געוועזן

צו איהם האָט ער זיך דאָס איצט געווענדעט נאָך אַן עצה מכח דער נייער עקספּעדיציע. ער האָט אָבער ניט געוואָלט, אַז מען זאָל וויסען. דאָס ער בעראטה זיך מיט דעם שטערן־זעהער. ער האָט דעם פּלאַן פּאָרלויפיג געהאַלטען געהיים. ער האָט זאַקוטאַ׳ן דעריבער געהייסען קומען ביינאַכט און פאַרשטעלט.

ווען דער איד איז געקומען אין פּאַלאַץ, האָט מאַנועל זיך מיט איהם פערשלאָסען אין זיין צימער, און צו איהם געזאָגט:

— געפין אויס, דוא וויזער זאַקוטאָ, אויב די שטערן הייסען מיר אונטערנעהמען דיא גרויסע ענטדעקונגס־רייזע אָדער ניט. נעהם זיך צייט, און זאָג מיר יואָס דוא האָסט אויפ׳ן הימעל געלעזען.

אַלס אַ גוטער געאָגראַף, איז דער געלעהרטער איד בעקאַנט געווען מיט אַלע לאַנד־קארטען, וועלכע האָבען דאַן עקזיסטירט. ער האָט אויך געוואוסט, אַז קאַווילהעם האָט געהערט אין אינדיען, דאָס פּאָה־

---

אַזוי גרויס, אַז כמעט יעדער פון זיי האָט געהאַט זיין הויף שטערען־זעהער — אַ מין „בעל־שם“ אָדער מכשף. אָבער געוועהנליך זיינען דיעזע שטערען־זעהער געווען בעקאַנט מיט אסטראָנאָמיע און פון דער שטערען־זעהעריי איז דאָס אייגענטליך ענטוויקעלט געוואָרען דיא אסטראָנאָמישע וויסענשאַפט.

אום אויסצופרופען זאַקוטאָ׳ס פעהיגקייט פאָראויסצוזאָגען וואָס שפּעטער וועט זיין, האָט יאָאַן איהם געהייסען טרעפען, דורך וועלכען טויער ער וועט אַריינפאָהרען אין אַ געוויסע שטאָדט. זאַקוטאָ האָט פון זיינע רייד פערשטאַנען, אַז ער וועט טהאָן פּונקט פערקעהרט אום צו וויזען, אַז ער, זאַקוטאָ, האָט ניט געטראָפען. ער האָט דאַן אויפגעשריעבען: „דער קעניג וועט אַריינפאָה־רען דורך דעם נייעם טויער“, און דאָס פער׳חתמ׳עט. וואָס ער האָט אויפגע־שריעבען האָט יאָאַן ניט געוואוסט, אָבער אום עס זאָל יעדענפאַלס אויסקומען, אַז זיין נבואה איז פאַלש, האָט ער געלאָזען דורכברעכען דיא שטאָדט־וואַנט און איז אַריינגעריטען דורך דיא לאָך — גאָר אָהן אַ טויער, הייסט עס. ווען מען האָט אויפגעעפענט דעם שריפט, האָט זיך ארויסגעציייגט, אַז דער שטערען־זעהער האָט פאָרט רעכט: דיא לאָך אין וואַנד איז געווען דער „נייער טויער“.

אויב דער אנעקדאָט איז א היסטאָרישער פאקט, צייגט דאָס אוינפאך, אז זאַקוטאָ איז געווען אַ קלוגער פלינקער יונג און האָט פערשטאַנען מענשען — אַ פעהיגקייט, וועלכע איז דער עיקר פון יעדען זאָרט „כשוף“, „וואהרזאַגע־ריי“, פאַרצייטיגע „שטערען־זעהעריי“ אָדער היינטיגען „ספּיריטואליזמוס“.



מאנועל, קעניג פון פּארטוגאל (פון 1495 ביז 1521)

רענדיג אַרום אַפריקאַ איז לייכט צו דערגרייכען אינדיען. אַלזאָ איז ער אין עטליכע טעג אַרום געקומען מיט דעם פאָלגענדען אַנטוואָרט:

„מיין הארר! איך האָב אויף דיין אויפגאַבע פערבראַכט פיעל צייט און מיה. איך געפין, אַז זעהר, זעהר ווייט פון אונז איבער'ן ים ליגט אינדיען. זיא איז בעוואוינט פון שווארצע מענשען און דאָר־טען געפינען זיך גרויסע עשירות, אַלערליי רייכע סחורות, וועלכע געהען אין פיעלע טהיילען פון דער וועלט. צו פאָהרען אַהין איז זעהר גע־פעהרליך. דער ים איז שטורמיג. אין דיא לענדער, וואָס ליגען אויפ'ן וועג, וואוינען פיעלע ווילדע מענשען, וועלכע זיינען געשייט און פאַלש און וועלען זיך סטאַרען צו טוידטען דיינע בראַווע מאַטראָזען. אָבער, הארר! דיין שטערן שיינט העלל, דוא וועסט ענטדעקען אינדיען און מיט דער צייט וועסטו בעזיעגען אַ גרויסע טהייל פון יענער געהיימנים־פולער לאַנד."

עס איז זעהר מעגליך אַז פיעלע פון דיעזע ווערטער זיינען אין זאַקוטאָ'ס מויל אַריינגעלייגט געוואָרען שפּעטער, נאָך דעם וויא דאָס אַלעס האָט פּאַסירט; אָבער אַז זאַקוטאָ האָט מאַנועל'ן געוואָרענט וועגען דיא שוויריגקייטען און געפאַהרען פון דער רייזע און דאָך פאָר־אויסגעזאָגט אַן ענדליכען זיעג, און געראַטהען דיא עקספּעדיציע אַרוים־צושיקען — דאָס איז היסטאָריש־ריכטיג.

דיא ראַטהגעבער, וואָס האָבען פאָראויסגעזאָגט אַ נידערלאַגע, האָט מאַנועל געהייסען האַלטען זייערע מיינונגען פאַר זיך, און ער האָט זיך גלייך גענומען צו דער אַרבייט. דיא גרויסע בערג געהילץ, וואָס יאָאַן דער 2טער האָט צוגעפּערטיגט אויף צו מאַכען שיפען, האָט דער יונגער קעניג געהייסען אַזוי שנעל וויא מעגליך פערוואַנדלען אין גרויסע שטאַרקע שיפען, און ביי דעם בויען פון דיעזע שיפען האָט ער אונטער אַנדערע געשטעלט דיא מאַטראָזען, וועלכע האָבען אין 1487 מיט באַרטהאָלאָמיי דיאַז'ען אַרומגעשוואומען דעם קאַפּ פון „גוטע האָפנונג", אָדער „פון שטורמען".

אין דער צייט וואָס דאָס אַלץ איז פאָרגעקומען, האָט דער יונגער קעניג זיך גע'שדכן'ט צו דער יונגער אַלמנה פון יאָאַן דעם 2טען'ס זוהן, צו איזאַבעללאַ'ן, דיא טאָכטער פון דער שפּאַנישער קעניגליכער פּאָר פּאָלק. אייניגע היסטאָריקער שטעלען איהם פאָר אַלס פערליעב־טען אין איהר. ער האָט איהר געקענט פון דער צייט וואָס זיא האָט

געוואוינט אין פּאָרטוגאַל, און פון דאן אָן האָט ער זיך געפונען אונטער איהר צויבער, זאָגען זיי. אַנדערע היסטאָריקער, וויעדער, ערקלעהרען דעם שדוך אַלס אַ קאַלטען עגאאיסטישען חשבון. דער זוהן פון פערדינאַנד און איזאבעללא פון שפּאַניען איז געווען אַ קריינקליכער פּרינץ. ער האָט געהאַט שוואַכע לונגען. אַלזאָ האָט מאַנועל גערעכענט, אַז ער וועט לאַנג ניט לעבען, און דאן וואָלט איזאבעללא די 2טע אַלס די עלטסטע טאָכטער, גע'ירשן'ט די שפּאַנישע קרוין. דעריבער האָט ער, מאַנועל, געוואָלט איהר הייראַטהען — אום ער זאָל מיט איהר צוזאַמען זיצען אויף דעם טהראָן פון שפּאַניען אזוי גוט וויא פון פּאָרטוגאַל.

צו אזוי, צו אזוי, — מאַנועל האָט געבעטען איזאָבעללאַ'ס האַנד. צוערשט האָט זיא איהם ענטזאַגט. איהרע עלטערען זיינען אָבער פון דעם שדוך צופריעדען געווען, אַלץ צוליעב דיפּלאָמאַטישע צוועקען: אום פון אַ פיינדליכע קעניגרייך אַ פריינדליכע צו מאַכען, וואָס זיי איז איצט וויכטיג געווען צוליעב זייערע מלחמות מיט פראַנקרייך. און די יונגע איזאַבעללאַ האָט נאָכגעגעבען. דערביי האָט זיא אָבער מאַנועל'ען געשטעלט די פאָלגענדע בעדינגונגען: ער מוז אַרויסטרייבען פון פּאָרטוגאַל אַלע אידען און מאַהאָמעדאַנער. זיא איז געווען פונקט אזוי פאַנאַטיש און אַבערגלויביג וויא איהר מוטער און האָט זיך געפונען אין די הענט פון גלחים וויא זיא. אין דיעזען פאַל האָבען די שפּאַנישע גייסטליכע געווירקט אי דירעקט אויף דער אַלמנה אי דורך איהר מוטער. פּאָרטוגאַל איז צו נאָהענט צו שפּאַניען, און די אידען זיינען זיי געווען אזוי געפעהרליך אַז זיי האָבען געוואָלט זיי פערטרייבען וואָס וויטער פון זיך.

דער שריט איז מאַנועל'ען געווען זעהר ניט צום הארצען. ביז אהער האָט ער זיך צו די אידען פערהאַלטען מיט מיטלייד און פריינדליכקייט. די יעניגע שפּאַניש-אידישע אימיגראַנטען, וועלכע יאָאַן דער 2טער האָט געמאַכט פאַר שקלאַפען, האָט ער בעפרייט, און ווען זיי האָבען איהם געוואָלט בעצאָהלען דערפאַר, האָט ער זיך ענטזאַגט צו נעהמען דאָס געלד. ער האָט געהערט וועגען די שרעקליכע יסורים און טוידט, וואָס האָט ערוואַרט דעם שפּאַנישען אידען אויף די פּאָרטוגעזישע שיפען, און אַז דאָס איז געווען די אורזאַכע וואָרום

פיעלע פון זיי זיינען בעסער געוואָרען שקלאַפען איידער אַפּצופּאָהרען פון פּאָרטוגאַל (זעה אויבען, זייטעל 299). ער האָט זיי דעריבער ער־לויבט צו בלייבען, ניט אַלס קנעכט, נור אַלס געוועהנליכע אונטער־טהאַנען, וויא אַלע פּאָרטוגעזער. אמת, ער האָט דורך דיעזע גוטע בעהאַנדלונג געהאָפט זיי צו בעקעהרען צום קריסטענטהום. אָבער, וויא דיא מעשה איז, אין פערגלייך מיט אַזעלכע געקרוינטע חיות וויא יאָאַן אָדער פערדינאַנד איז ער געוועזען אַ מענש. איין מאָהל, ווען דער גלח פון זיין קירכע האָט אָנגעפאַנגען זיין דרשה מיט גיפטיגע אַנטי־סעמיטישע ווערטער, האָט ער זיך גלייך אויפגעהויבען און איז אַרויס פון דער קירכע. ער האָט פערבאָטען אַלע העצערייען געגען דיא אידען און האָט אַרויסגעלאָזען אַן אוקאַז, אַז דיא בעשולדיגונגען געגען זיי, דאָס זיי מאָרדען קריסטליכע קינדער, זאָלען ניט אָנגענומען ווערען אין דיא געריכטען — פּונקט וויא דער פּוילישער קעניג קאַזימיר דער 4טער האָט געטהאָן; אָבער פּונקט וויא קאַזימיר האָט ניט געהאַט כאַראַקטער גענוג בייצושטעהן דיא אַגיטאַציאָן פון דעם בלוט־דורשטיגען דייטשען אַנטיסעמיט, אַזוי האָט מאַנועל ניט געקענט ביישטעהן דיא פעסטע פאָדערונגען פון דער שפּאַנישער אַלמנה. ביי דיא אונגליקליכע שפּאַ־נישע אידען, וואָס זיינען פערבליבען אין פּאָרטוגאַל, איז געוועזען שמחה וששון, וואָס מאַנועל בענעהט זיך אַזוי מענשליך מיט זיי, און פּלוצלונג האָבען טאָרקוועמאַדא׳ס נעגעל זיי דערגרייכט פון יענער זייט שפּאַני־שען גרענעץ.

דיא כלה (ריכטיגער געזאָגט, דיא שפּאַנישע גלחים) האָט זיך ניט בענוגענט מיט דיא שפּאַנישע אימיגראַנטען אַליין. זיא האָט ניט אַנ־דערש געוואָלט, אַז יעדער איד זאָל אַרויסגעטריבען ווערען פון פּאָר־טוגאַל, אַפילו דיא דאָרטיגע געבאָרענע אויך. איהר מוטער׳ס „גייס־טיגע ראטה־געבער“ האָבען איהר איינגערעדט, אַז איהר ערשטער מאַן איז געשטאָרבען דערפאַר וואָס מען האָט אין פּאָרטוגאַל אריינגעלאָזען דיא אַרויסגעטריבענע אידען און מורינען פון שפּאַניען, און אַז צוליעב דיא זעלבע אורזאַכע האָט גאָט געשטראָפט זיין פאָטער, איהר שווער, וועלכער האָט געענדיגט זיין לעבען אין צרות און קראַנקהייט. זיא האָט דעריבער ערקלעהרט מאַנועל׳ען, אַז זיא האָט מורא חתונה צו האָבען מיט איהם טאָמער וועלען זיינע אידען ברייננגען אַ שלים מזל אויף דיעזען הייראטה אויך. ווען מאַנועל האָט ערוואַרטעט איהר

קומען, האָט ער פון איהר ערהאַלטען אַ בריעף, אַז איהר פוס וועט ניט אַרויפטרעטען אויף פּאָרטוגעזישע ערד, ביז דיא לאַנד וועט ניט אָבגערייניגט ווערען פון דיא „מיט פלוכען־אָנגעלאָדענע" אידען.

מאַנועל האָט נאָכגעגעבען. „דער חתונה־קאָנטראַקט צווישען איהם און איזאַבעללאַ איז פארזיעגעלט געוואָרען מיט דעם אונגליק פון דיא אידען", וויא גרעטץ דריקט זיך אויס. ער איז אונטערגעשריעבען געוואָרען דעם 30טען נאָוועמבער, 1496, און דעם 24טען פון דעם נעכסטען מאָנאַט האָט דער גוטער מאַנועל אַרויסגעגעבען אַ בעפעהל אַז יעדער איד און יעדער מורין פון זיין קעניגרייך מוז ביז אַ געוויסען סראָק זיך ענטוועדער שמד'ן אָדער פערלאָזען דיא לאַנד; און אויב ניט — געטוידט ווערען. פאָרלויפיג איז ער אָבער זיך בעגאַנגען פיעל ווייכער וויא דיא שפּאַנישע הערשער. ער האָט דיא אידען ערלויבט מיטצונעהמען זייער גאָלד און זילבער און דעם טערמין האָט ער געמאַכט גאַנץ לאַנג — כמעט אַ יאָהר, — אום זיי זאָלען האָבען צייט זיך אַרומצוזעהן און צוצופערטיגען זיך צו זייער רייזע.

אונטער זיין כלה'ס איינפלוס האָט דער פּאָרטוגעזישער קעניג געטהאָן אַ שריט ווייטער: זעהענדיג, אַז זעהר ווענויג אידען שמד'ן זיך, אום צו פערבלייבען, האָט ער גענומען זוכען מיטלען וויא אַזוי זיי צו צווינגען צו טויפען זיך.

דיא פּאָרטוגעזישע אידען האָבען געשפּיעלט אַ גרויסע ראָלע אין דעם האַנדעל ניט בלויז פון פּאָרטוגאַל, נור פון גאַנץ אייראָפּאַ. אויך האָבען זיי פערנומען אַ הויכען פּלאַץ אַלס געלעהרטע. מאַנועל'ען האָט זיך זעהר ניט געוואָלט זיי פערלירען, און ער האָט זיך דעריבער בעשלאָסען איבער־געוואַלט אָבצושמד'ען זייערע קינדער און זיי פערהאַלטען. דורך דעם, האָט ער געהאָפּט, וועלען דיא עלטערען אויך מוזען אָננעהמען דעם קריסטענטהום. ער האָט זיך וועגען דעם אָנגעפרעגט ביי דיא הויכע פּאָרטוגעזישע גייסטליכע; אָבער זיי זיינען גראָד ניט געווען אַזעלכע משחיתים וויא דיא שפּאַנישע פּאָרשטעהער פ'ין דער קאַטוילישער קירכע. זייער אַנטוואָרט איז געווען, אַז דיא רוימישע אמונה מוז אָנגענומען ווערען מיט'ן גוטען ווילען און ניט איבער־געוואַלט. מאַנועל האָט זיי אָבער ניט געפאָלגט. ער האָט אַרויסגעלאָזט אַ געהיימען בעפעהל, אַז אין דעם זונטאָג פון דעם קריסטליכען

פסח (אָסטערן) זאָל מען יעדען אידישען קינד ביז 14 יאָהר אוועק־שלעפּען אין דער קירכע און טויפען.

אז אין דעם האָט ער געווירקט אונטער דעם טייפעלשען איינפלוס פון דעם שפּאַנישען הויף, ווייסען מיר שוין. דיא איינצעלהייטען אָבער פון דעם מערדערליכען פּלאַן האָבען געהערט צו א לומפּיגען משומד מיט דעם אונפּאַסענדען נאָמען לוי בעל שם טוב.

דיא אידען האָבען זיך דערוואוסט וואָס מען גרייט זיך דאָ צו טהאָן, און פיעלע פון זיי האָבען זיך געקליבען צו אַנטלויפען מיט זייערע קינדער. ווען מאַנועל האָט דאָס דערהערט, האָט ער געהייסען זיין בעפעהל דורכפיהרען אויפ'ן שטעל. דיא האַרץ־רייסענדע סצענעס, וועלכע האָבען זיך אָבגעשפּיעלט פּאַר יאָאַן דעם צווייטען, זיינען דאָן וויעדערהאָלט געוואָרען. עלטערען האָבען געדריקט זייערע קינדער צום האַרצען, און דיא שרייענדע קינדער האָבען זיך צוגעטוליעט צו זיי מיט אַלע זייערע קינדערשע כוחות, אזוי אז דיא סאָלדאַטען האָבען זיי קוים אָפּגעריסען מיט געשלעג און שמיץ.

פון פערצווייפלונג האָבען פיעלע אידישע עלטערן׳ען זייערע עופּה־לעך אַליין דערשטיקט אין זייערע אָרעמס אָדער אריינגעוואָרפען אין ברינימער אָדער טייכען — אבי ניט אָבגעבען זיי צום שמד — און דערנאָך האָבען זיי געמאַכט א סוף פון זיך אויך. פיעלע קינדערלעך האָט מען פּאַר דיא האָר געשלעפּט צו דעם טויף־בעקען, און זייערע עלטערען, אין טרויער־קליידער וויא נאָך א מת, זיינען נאָכגעגאַנגען מיט צוגעדעקטע געזיכטען, וויינענדיג ביטער אויף זייער בראָך. דיא אָבגע'שמד'טע קינדער האָט מען געשיקט אין פערשיעדענע שטעדט, זיך צו האָדעווען אין קריסטליכע פאַמיליען. און ניט בלויז מיט קינ־דער איז מען זיך אזוי בעגאַנגען, נור מיט יונגע לייט און מיידלעך ביז 20 יאָהר אויך, הגם אין דעם בעפעהל איז געווען געזאָגט, אז ער געהט בלויז אויף קינדער ביז 14 יאָהר.

פיעלע פּאָרטוגעזישע פאַמיליען האָבען זיך ווירקליך געטויפט אום ניט אָבגעריסען צו ווערען פון זייערע קינדער, אָבער מאַנועל'ען האָט דאָס אויך ניט צופריעדען געשטעלט. אונטער דעם איינפלוס פון זיין כלה איז ער אין מערדעריי געגאַנגען אַלץ ווייטער און ווייטער ביז ער האָט איבערגעשטייגט אפילו זיין אונמענשליכען קוזין, יאָאַן דעם צווייטען. ווען דיא איבערגעבליבענע אידען האָבען זיך געקליבען אָפּ־

צורייזען, האט ער זיי געשטעלט אלערליי שטערונגען אין וועג כדי זיי זאלען פערזאמען דעם סראק, און דאן האט ער זיי געלאזט פער־שפארען אין אן ארומגעצאמטען פלאץ, וויא בהמות, און בעהאנדלען נאך פיעל ערגער וויא בהמות. ארום 20 טויזענד אידען זיינען אזוי פערשפארט געווארען. דריי טעג האט מען זיי געהאלטען אהן א ברעקעל ברויט און אהן א טראפען וואסער, צוזאגענדיג זיי כבוד און רייכטהום אויב זיי וועלען זיך שמד'ן. דער מיטעל האט אבער ווענינ געווירקט. דאס רוב פון דיא אונגליקליכע זיינען געפאלען אין אהנמאכט פון הונגער און פערשמאכטקייט, און זיך ניט אונטער־געגעבען. דאן איז מאנועל אזוי פארווילדעט געווארען פון זיין מאראלע מאכטלאזיגקייט געגען זיי, אז ער האט געשיקט מאטראזען זיי צו שלעפען אין דיא קירכען פאר דיא האר, פאר דיא בערד, אדער מיט שטריק.

אפשר זיינען דאס געווען דיא זעלבע מאטראזען, וועלכע האבען זיך געגרייט צו דער גרויסער רייזע נאך אינדיען, — דיא רייזע, וואס מאנועל האט צוגעפערטיגט אויף דעם ראטה פון דעם אידען אברהם זאקוטא, דיא רייזע, צו וועלכע דיעזער איד האט פערבעסערט א וויכ־טיגען אינסטרומענט? לאמיר דא בעמערקען, אז אין דער צייט ווען מאנועל האט ארגאניזירט דיעזע עקספעדיציע (וואָרים דיא שיפען זיינען שוין אויסגעבויט געווען און איצט זיינען זיי שוין פארטיג געווען צום שווימען), האט אברהם זאקוטא זיך קוים געראטעוועט מיט'ן לעבען פון מאנועל'ס משחיתים. ער איז צוויי מאל ארעסטירט געווען, ביז ענדליך נאך א רייהע פון געפאהרען און אנדערע צרות איז ער מיט זיין זוהן אוועק נאך טונים, אפריקא.

אוים פערצווייפלונג זיינען איינינע פון דיא פארטוגעזישע אידען, אדער שפאניש־אידישע אימיגראנטען, ארויסגעשפרונגען פון פענסטער און צובראכען פיס, אדער ארויסגעריסען זיך פון דיא סאלדאטען און אריינגעשפרונגען אין ברינעמער. אנדערע האבען זיך גענומען דעם לעבען שוין זייענדיג אין דער קירכע. איין פאטער האט צושפרייט זיין טלית איבער זיינע קינדער און האט געטוידטעט זיי און זיך אליין.

מיט דיא מורינען איז מאנועל אזוי מערדערליך זיך ניט בעגאנגען. זיי האט ער אויך ארויסגעטריבען, אבער קיין רציחות האט ער געגען זיי ניט ארויסגעוויזען. ער האט איינפאך מורא געהאט, אז דיא מאַ־

האָמעדאַנישע פעלקער פון אַפריקאַ און פון טערקיי זאָלען זיך ניט אָננעהמען פאַר זיי. פאַר די אידען איז אָבער ניט געווען ווער עס זאָל זיך אָננעהמען.

דיא, וואָס האָבען זיך ניט ווילענדיג געטויפט, האָבען דערווייל אוועקגעשיקט זיעבען דעלעגאַטען צו דעם פּאַפּסט אַלעקסאַנדער דעם 6טען, מיט וועלכען מיר זיינען שוין בעקאַנט דורך דער געשיכטע פון דעם ענטדעקונגס־גרענעץ צווישען פּאָרטוגאַל און שפּאַניען. עס איז ניט געווען א זאַך, וואָס מען זאָל ביי איהם ניט קענען פּועל'ן פאַר געלד. און וויא עס שיינט, האָט ער, פאַר געלד, אַרויסגעגעבען אַ גינסטיגען פּסק פאַר זיי (הגם קיין בעווייזע אויף דעם זיינען ניטאָ), וואָרים מאַנועל איז גלייך ווייכער געוואָרען, און דעם 30טען מאַי, 1497, האָט ער אַרויסגעלאָזען אַן אוקאַז, אַז אַלע איבער־געוואַלט־געטויפטע אידען זיינען אויף צוואַנציג יאָהר פריי פון פּראָצעסען פאַר היטען אידישקייט. אין דעם זעלבען אוקאַז איז ערקלעהרט אַז געטויפטע אידישע דאָקטוירים מעגען געברויכען מעדיצינישע ביכער, וואָס זיינען געשריעבען אויף העברעאיש. אויף דיעזען סמך האָבען זיי אָפען געלערנט גמרא און אַנדערע אידישע ספרים, זאָגענדיג אַז דאָס זיינען ווערק איבער מעדיצין. דיעזער אוקאַז איז אָבער געווען בלויז וועגען די פּאָרטוגעזישע מאַראַנען, ניט וועגען די שפּאַנישע, וועלכע זיינען געלאָפען נאָך פּאָרטוגאַל. אויף דער פאָדערונג פון איזאַבעללאַ די צווייטע, האָט מאַנועל ערקלעהרט, אַז די לעצטע מוזען פערלאָזען פּאָרטוגאַל אין פערלויף פון א מאָנאַט.

די פלאָטע וואָס מאַנועל האָט צוזאַמענגעשטעלט אויף צו שווימען נאָך אינדיען, איז אָבגעפאָהרען א וואָך פינף נאָך דעם וויא ער האָט אַרויסגעלאָזען דעם בעפרייאונגס־אוקאַז וועגען די פּאָרטוגעזישע מאַראַנען. זיא איז בעשטאַנען פון דריי גרויסע שיפען — די „סאַן ראַפאַעל", די „סאַן גאַבריעל" און די „סאַן מיגעל" — און אַ קליינע שיף פאַר פּראָוויזיע.

אַלס הויפּט־קאָמאַנדיר פון דער עקספּעדיציע האָט מאַנועל אויסגעקליבען אַ הויף־אַריסטאָקראַט מיט'ן נאָמען ו ו א ס ק אָ ד א ג א מ א, אַ דרייסיג יאָהריגען, ענערגישען בלאָנדין פון מיטעלען וואוקס, מיט א געדיכטע ברוינע באָרד און לעבהאַפטע שוואַרצע אויגען.



וואסקא דא גאמא.

וואסקא דא גאמא אליין האט געפיהרט דיא „סאן ראפאעל“. זיין ברודער פ א ו ל א ד א ג א מ א — דיא „סאן גאבריעל“, און א דריטער קאפּיטאן, נ י ק א ל א ס ק א ע ל א — דיא „סאן מיגעל“.

א חוץ קאנאנען און אנדערע געוועהר און פערשיעדענע זאכען וואס זיינען נויטיג געווען פאר דיא רייזענדע גופא, האבען דיא שיפען גע־פיהרט א מאסע סחורות, וויא גאלדענע, זילבערנע אדער דימענטענע ציערונגען, שווערדען, שפּיזען. דאס האט גאמא מיטגענומען ענט־ווערער אויסצובייטען אין אינדיען אויף דארטיגע פּראָדוקטען, אדער צו געבען אלס מתנות צו דיא שווארצע פּרינצען, וואס ער וועט בע־געגענען אויפ'ן וועג, אום צו געווינען זייער פריינדשאפט.

אלס דאלמעטשערס האט ער מיטגענומען א געוויסע צאהל אפרי־קאנישע שקלאפען, וועלכע ער האט געקויפט אויף דיא שקלאפען־מערק פון פּאָרטוגאל. אויך האט ער גענומען זיבען פערברעכער, וועלכע זיינען געווען פעראורטהיילט צום טוידט. אין פאל מען וועט זיך גע־פינען אין א געפעהרליכען פּלאץ, וועט ער צוערשט ארויסשיקען דיעזע אבגע'משפּט'ע, „ווייל זייער לעבען איז דאך סיי וויא סיי גאר ניט ווערטה“.

אין סך הכל האבען דיא דריי שיפען אויף זיך געהאט 150 מאן.

וואסקא דא גאמא'ס אָפּפאָהרען איז געווען בעגלייט מיט גלענ־צענדע פּאראדען. דיא גאנצע שטאדט ליסאבאן איז געווען אויסגע־פּוצט. דיא איינוואוינער האבען געטראגען זייערע יום־טוב'דיגע קליי־דער. אין דעם גרעסטען און וויכטיגסטען קלויסטער פון דער אלטער שטאדט איז פארגעקומען א צערעמאניע, אין וועלכע עס האבען אנ־טהייל גענומען דער קעניג, דיא העכסטע אריסטאקראטיע און דיא העכסטע גלחים *) דארטען איז אבגעהאלטען געווארען א תפילה און דאן האט מאנועל וואסקא דא גאמא'ן אָפּיציעל געגעבען דעם אויפטראג

*) איינינע שרייבער דערמאהנען דא דיא קעניגין אויך אלס אנטהייל־נעהמערין אין דער צערעמאניע. עס איז אבער זעהר צווייפעלהאפט אויב מאנועל איז שוין דאן געווען פערהייראטה. ביי דיא היסטאריקער, וועמעס ווערק מיר האבען געהאט דיא מעגליכקייט צו זעהן, איז ענטוועדער אויס־דריקליך געזאגט, אז מאנועל'ס חתונה מיט איזאבעללא'ן האט שטאטגעפונדען נאך דעם וויא וואסקא דא גאמא האט אבגערייזט, אדער מען קען דאס שליסען

צו מאַכען דיא רייזע, און וואסקא דא גאַמאַ מיט זיינע צוויי קאַפּיטאַנען האָבען דאָס אויסגעהערט, שטעהענדיג אויף דיא קניע. דערנאָך איז געווען אַ פּראָצעסיע צוערשט צום פּאַלאַץ און נאַכהער פון'ם פּאַלאַץ צו דיא שיפען. פאָראויס האָט געריטען גאַמאַ מיט זיינע צוויי קאַפּיטאַנען פון דיא זייטען, — אַלע אין רייך־קאָלירטע זיידענע קאָסטיומען. הינטער זיי האָבען מאַרשירט זייערע מאַטראָזען, אויך אין פּאַראַדנע קליידער. אַ גרויסע קאָמפּאַניע פון אַדעליגע, וועלכע האָט אַנטהייל גענומען אין דעם מאַרש, איז געווען בעגלייט פון אַ מאַסע גלחים מיט ליכט אין דיא הענט. דיא גלחים האָבען געזונגען תפלות, און אַלם וויעדער־קול האָט געהילכט דער יובעל־געשריי פון דיא צוזעהער, וועלכע האָבען אָנגעפילט דיא גאַסען אויף דער גאַנצער שטרעקע ביז'ן האַפען. פאַר בעגייסטערונג און אויפרעגונג האָבען אַזוי פיעל פון דיא צוקוקער געהאַט טרעהרען אין דיא אויגען, אַז דעם ברעג לעבען דיא שיפען האָט מען נאַכהער אַ נאָמען געגעבען „דער טרעהרען־ברעג“.

מיר האָבען דאָ בקיצור איבער־געגעבען דיא סצענע פון גאַמאַ'ס אָפּרייזען, אום דער לעזער זאָל זעהן וויא וויכטיג מען האָט געהאַלטען זיין עקספּעדיציע, וואָס פאַר אַן אונגעוואוינליך גרויסע נאַציאָנאַלע פּאַסירונג דאָס איז געווען. דיא פּאָרטוגעזער זיינען געווען פאַרקאָכטע שיפּס־לייט, און דיא ענטדעקונגס־רייזעס פון זייער קליינע פּאָטער־לאַנד זיינען געווען זייער „פּאַטריאָטישער“ שטאָלץ און „פּאַטריאָטישע“ האָפנונג אויף גוטע געשעפטען, אויף רייכע פּראָפיטען. פּלוצלונג קומט גאָר צוגעהן שפּאַניען און דורך אַ קאָלומבוס'ען נעהמט זיא ביי פּאָרטוגאַל אין עטליכע וואָכען אַוועק דיא מאַטעריעלע אויסזיכטען און דיא כבוד, אויף וועלכע זיא האָט געאַרבייט העכער וויא אַכציג יאָהר. ווען זיי האָבען דערזעהן, אַז מען נעהמט זיך וויעדער

פון געוויסע שטעלען. דער דאַטום פון דער האָכצייט ווערט אין ערגעץ ניט אָנגעגעבען. ביי גרעטץ'ען געפינט זיך איבער דיעזען פּונקט אַ זאָנדערבאַרער ווידערשפּרוך: אין איין פּלאַץ קומט ביי איהם אויס, אַז אין פריהלינג, ווען מאַנועל האָט אַזוי מערדערליך געפּייניגט דיא אידען, איז ער שוין געווען פערהייראַט, און ווייטער אַביסעל געפינט איהר, אַז אין עטליכע מאָנאַט אַרום איז ערשט געשלאָסען געוואָרען אַ הייראַטס־קאָנטראַקט צווישען מאַנועל'ען און איזאַבעללאַ'ן.

צו געפינען א וועג נאָך אינדיען מיט פּאָרטוגעזישע שיפען, איז צו זייער שמחה און ענטהוזיאזמוס קיין שיעור ניט געווען. ווידער איז אַלזאָ געווען א האָפנונג, אז זייער קעניג'ס פאָהן וועט צוקומען צו דיא געווירצען. ווידער האָט מען געקענט ערווארטען אז דיא קליינטשיקע מדינה'לע וועט ווערען א גרויסע סוחר'טע, א בליהענדע, רייכע פער־מיטלערין צווישען אייראָפּא און דעם אוצר־פולען וויטען מזרח.

דער קעניג האָט דיא פלאָטע בעגלייט ביז זיא איז אריין אין דעם אָפענעם אָקעאַן. מיט גאמא'ס עקספּעדיציע האָט ער זיך זעהר פּאָ־פּולער געמאַכט.

דיא פלאָטע האָט זיך אַלזאָ אוועקגעלאָזען איבער'ן אטלאנטישען אָקעאַן, צו דרום צו.

אזוי שווימענדיג אין שווימענדיג פאַזע אפריקא, האָבען זיך דיא רייזענדע אָבגעשטעלט אין אייניגע פלעצער וואו זיי האָבען געהאַט פערשידענע ערפאהרונגען מיט די נעגערס, ביז זיי זיינען צוגעקומען צום אינזעל ס ע נ ט ה ע ל ע נ א (וואו מען האָט פערשיקט נאפּאָ־לעאָן'ען). פון דיעזען אינזעל איז בלויז עטליכע טעג רייזע צו דעם דרום ענד פון אפריקא. גאמא האָט דאָ נור וואָס פערלאָזען דעם האפען, וויא דיא ווילדעסטע שטורמען זיינען בעפאלען זיינע שיפען. ניט אומזיסט האָט בארטהאָלאָמיי דעם דרום שפּיץ פון דיעזער וועלט־טהייל צוערשט גערופען „קאפּ פון שטורמען“. גאמא'ס שיפען זיינען געוואָרפען און געשליידערט געוואָרען וויא פּילקעס. דיא כוואַליעס האָבען זיך ארומגעטראָגען וויא בייזע בערגעדיגע בעשעפּענישען. דיא מאטראָזען האָבען אזעלכע ווינטען נאָך קיין מאָל ניט דורכגעמאַכט, און אויף זיי איז ארויפגעפאלען אַן אימה.

דיא, וואָס האָבען זיך געפונען מיט גאמא'ן אויף איין שיף, האָבען זיך ארומגעקליבען ארום איהם, און זיך געבעטען ער זאָל אויף זיי רחמנות האָבען און פאָהרען צוריק. אז ניט, האָבען זיי ביטערליך גע־טענה'ט, וועלען זיי דאָ אַלע דערטרונקען ווערען. זיי האָבען געשריען, אז צו אפריקא איז קיין שיעור ניטאָ, אז קיין „קאפּ פון גוטע האָפנונגען“ איז גאָר ניטאָ, און אז דיא שטורמען וועלען פריהער־שפּעטער צושמע־טערען דיא גאנצע פלאָטע. גאמא האָט זיי געפּרופט בערוהיגען. ער האָט זיי פערזיכערט, אז זיי זיינען נאָהענט פונ'ם קאפּ, אז זיי וועלען

באלד איהם ארומשווימען. דאס האט אבער ניט געהאלפען. די מאטראזען זיינען אלץ געווען אין פערצווייפלונג. זיי האבען געוויינט און געקלאגט אויף זייער שיקזאל און געבעטען זיך מען זאל זיי נעהמען צוריק נאך פארטוגאל. דאן האט ער פערלארען געדולד און שטריינג אויסגערופען, אז עס איז אן עבירה וואס מען בעט איהם, — אז ער וועט פאהרען ווייטער ביז ער וועט ענטוועדער ארומשווימען דעם קאפ אדער זינקען מיט אלע זיינע שיפען.

ענדליך האט זיך אויפגעהערט צו זעהן לאנד. גאמא האט זיך פארקערעוועט. עס איז אלץ קיין לאנד ניט געווען. דער ים איז געווארען רוהיגער. אנשטאט א משונה'דיגען שטורם האט געבלאזען א מילדער, אנגענעהמער ווינטעל. די פלאטע האט שוין ארומגע־שוואומען דעם „קאפ פון גוטע האפנונג“. די געפאהרען זיינען פאר־איבער. די מאטראזען איז אזוי פרעהליך געווארען אויפ'ן הארצען, אז זיי האבען געשפרונגען און לוסטיג געשריען, געקושט גאמא'ס מאנ־טעל און געבעטען ער זאל זיי מוחל זיין וואס זיי האבען איהם פריהער דערעסען מיט זייער שרעק. עס איז געווארען א פרעהליכער געפילדער פון קאנאנען און טרומייטען. באלד זיינען די גלחים ארויסגעקומען אין זייערע קירכע קליידער. דער עולם האט זיך געשטעלט אויף די קניע און געדאנקט גאט — א סצענע, וועלכע עראינערט מיט אלע איהרע איינצעלהייטען דאס, וואס איז פארגעקומען אויף קאלומבוס'עס ערשטע רייזע, ווען זיינע שיפען זיינען צוגעקומען צו דעם אינזעל גוואנאהאני.

אזוי וויא דער דרום־ברעג פון אפריקא איז קורץ, זיינען די שיפען אין דריי פיער טעג ארום שוין געווען ביי דעם מזרח ברעג, דאס הייסט אויף דער אנדערער זייט פון אפריקא. גאמא איז אריבער אויף זיין ברודער פאולא'ס שיף, האט אהין גערופען דעם דריטען קאפיטאן, ניקאלאס קאעלא, און די דריי שיפס־לייט האבען זיך ארומגענומען און איינער דעם אנדערען ווארים גראטולירט מיט די פארטשריטע וואס זיי האבען געמאכט.

מען איז ווייטער געשוואומען, אלץ פאזע אפריקא, אבער איצט שוין צו צפון צו, נאטירליך. אין איין ארט האבען זיי ביי'ן ברעג, אויף פעלזען געזעהן טויזענדער „ים־הינט“, ווי זיי ווארעמען זיך אויף דער זון. זייערע לאנגע אראפהייגנענדע ווייסע צייהן האבען פון וויי־טען אויסגעזעהן וויא א מאסע ווייסע שפיעזען.

דאָ האָט דיא פלאָטע זיך אָפּגעשטעלט רוהען אויף עטליכע טעג. דיא פּראָוויאַנט פון דיא ספּעציעלע פּראָוויאַנט־שיף האָט מען דאָ צו־טהיילט צווישען דיא דריי גרויסע שיפען און איהר האָט מען פער־ברענט. איינמאָל זיינען דיא מאַטראָזען געקומען אויפגערעגט פון אַ זאָנדערבאַרען מין בעשעפענים, וואָס זיי האָבען געזעהן: גרויסע פויג־לען, וועלכע האָבען געשריען וויא אייזלען. דאָס זיינען געווען שטרוי־סען. אויך האָבען זיי בעגעגענט ריעזיגע העלפאַנטען.

דער עיקר איז ביי גאַמאַ'ן געווען צו ריידען מיט דיא דאָרטיגע נעגערס, כדי פון זיי צו דערגעהן וואו ער געפינט זיך דאָ און וויא אַזוי ווייטער צו פאָהרען. ווען עס האָבען זיך בעוויזען עטליכע שוואַר־צע, האָט ער זיי פון ווייטען אַ וואָרף געטהאָן עטליכע גלעקעלעך. דיא ווילדע חברה האָט דאָס אויפגעכאַפּט און קלינגענדיג איז זיא זיך צור־לאָפען. באַלד זיינען געקומען אַנדערע. דיעזע זיינען שוין צוגעקומען צו די ווייסע און האָבען פון גאַמאַ'ס הענט צוגענומען גלעקעלעך אָדער רויטע מיצען. פאַר שמחה האָבען זיי געלאַכט און געטאַנצט. דאַן איז געוואָרען אַ בייטענים — פאַר גלעקעלעך און רויטע מיצען האָבען דיא נעגערס דיא ווייסע גענעבען דיא העלפאַנט־ביינענע בראַסלעטען וועלכע זיי האָבען געטראָגען אויף זייערע זשוק־שוואַרצע נאַקעטע אָרימס.

אויף מאָרגען זיינען צו אונזערע רייזענדע געקומען טויזענדער שוואַרצע — מענער, פרויען און קינדער. זיי זיינען אַלע געווען כמעט אין גאַנצען נאַקעט, און דיא ווייסע קאָמפּאַניע האָט זיי אַזוי איבער־ראַשט, אַז זיי זיינען אַרומגעלאָפען אַהין און אַהער, קוקענדיג אויף זיי מיט ברייט אָפענע אויגען. דערנאָך, ווען גאַמאַ און זיינע מענשען האָבען זיך צוזאַמענגעמישט מיט דיא אַפריקאַנער, האָבען דיא לעצטע פאַר זיי אויפ'ן ברעג אָפּגעבראָטען עטליכע אָקסען און שעפּסען. עס איז געווען אַ פרעהליכער מאָלצייט. דיא נעגערס האָבען געשפּיעלט אויף פלייטען פון זומפּ־שטעקלעך, און געזונגען ליעדער, וועלכע האָבען דיא פּאָרטוגעזער געקלונגען וויא דער סקריפּ פון ניט קיין געשמירטע רעדער. זיי האָבען זיך געקייקעלט לאַכענדיג, דיא פּאָרטוגעזער, אָבער דיא שוואַרצע האָבען זייער געלעכטער אָנגענומען פאַר אַ צייכען פון בעגייסטערונג. ווען דיא ווייסע האָבען אויפגעשפּיעלט אויף זייערע טרומייטען, האָבען דיא נעגערס געקוקט מיט איבערראַשונג. מסתמא

האָט דיא אייראָפּעאישע מוזיק זיי געקלונגען אַזוי ווילד וויא זייער געזאַנג האָט געקלונגען דיא אייראָפּעער.

גאַמאַ האָט דאָ געוואָלט קויפען אָקסען און שעפּסען פאַר זיין ווייטערע רייזע. אָבער וועהרענד ער האָט געמאַכט דיעזען מסחור, האָט מען איהם געלאָזט וויסען, אַז הינטער דיא קוסטען ליגען בעהאַלטען יונגע נעגערס מיט געוועהר אין דיא הענט. ער האָט געהייסען זיינע מענשען געהן צוריק צו דיא שיפען. דיא מאַסע נעגערס האָבען דיעזע אונערוואַרטעטע בעוועגונג אָנגענומען פאַר אַ סימן פון פיינדשאַפט, און זיי האָבען זיך גלייך צוזאַמענגעקליבען אין אַן איינגע מאַסע, געגרייט צו מאַכען אַן אַטאַקע. מען האָט אָבער נור אויסגעשאָסען פון צוויי קאַנאָנען, און דיא קעמפּפער האָבען אַוועקגעוואָרפען זייערע געוועהר און זיינען זיך צולאָפען אין דיא קוסטען אַריין.

גאַמאַ האָט דאָ אויפגעשטעלט אַ סלופּ מיט דעם פּאָרטוגעזישען „הערב“. אָבער זיינע שיפען האָבען קוים פּאָספּייעט אַרויסצושווימען פון דעם היגען האַפען, וויא דיא נעגערס האָבען זיין מאָנומענט אַריינגעוואָרפען אין ים.

דיא דריי שיפען זיינען ווייטער געגאַנגען, ווייטער צו צפון צו. וואָכען און וואָכען זיינען פאָראיבער. דער ווינטער איז אָנגעקומען. וויעדער איז דער ים געוואָרען אונרוהיג. איין פריה מאָרגען האָט זיך פאַנאַנדערגעקאָכט אַ שרעקליכער שטורעם. דיא מאַטראָזען האָבען געאַרבייט מיט אַלע כחות ביי דיא זעגלען, אָבער דער ווינט איז געוואָרען אַלץ שטאַרקער און ווילדער. ענדליך איז צו גאַמאַ'ן צוגעגאַנגען דער פּילאָט, דער וועג־ווייזער, און אַראָבנעהמענדיג דיא היטעל האָט ער ערקלעהרט, אַז דיא שיפען וועלען אַזאַ שטורעם ניט קענען אויסהאַלטען, און אַז מען מוז זיך אומקעהרען און אָבשטעלען זיך ערגעץ־וואו אין אַ האַפען ביז עס וועט שטילער ווערען.

— געהט צוריק צו אייער פּלאַץ! — האָט גאַמאַ געענטפערט. ווען איך האָב פערלאָזען ליסאַבאָן, האָב איך געשוואָרען אַז איך וועל זיך ניט אומקעהרען אויף איין טריט. אויב אימיצער וועט נאָך אַ מאָל פאָרשלאָגען, אַז מיר זאָלען זיך אומקעהרען, וואַרף איך איהם אַריין אין וואַסער.

דיא מאַטראָזען האָבען אויף איהם געקוקט מיט שרעק און מיט אַ

צוריקגעהאַלטענעם כעס. זיין געזיכט האָט אָבער אויף זיך געהאַט אַזאַ אויסדרוק, פון וועלכען עס איז קענטיג געווען, אַז ער וועט זיך ניט בויגען פון אָרט.

דער ווינט איז געוואָרען נאָך בייזער און האָט אַלע ווייַלע געענדערט זיין ריכטונג. דיא כוואַליעס זיינען דאָ אויפגעוואַקסען אונגעהייער הויך, דאָ אַראָפּגעפאַלען. דיא שיפען זיינען פערפלייצט געוואָרען מיט וואַסער.

פּלוצלונג הערט אויף דער ווינט און דיא פלאָטע בלייבט שטעהן אין מיטען פון דעם שטראָמענדען ים וויגענדיג זיך אהין און אהער. אָבער ניט לאַנג געדויערט דיעזער שטילשטאַנד. דער ווינד צובושעוועט זיך פון דאָס נייע, און דיא „דעקען ווערען ווידער אַלע ווייַלע פערפלייצט. די מאַטראָזען זיינען געצוואונגען געווען זיך צו־צובינדען צו די מאַסטען, אום דיא שטראָמען וואַסער זאָלען זיי ניט אַראָפּשלעפען פון דיא שיפען.

זיי האָבען זיך ווידער גענומען בעטען ביי גאַמאַ׳ן ער זאָל פאָהרען צוריק.

— מיר פאָהרען נאָך אינדיען — האָט ער געענטפערט מיט זיין פעסטען טאָן — ווען איך זאָל אפילו זעהן וויא אַלע קומען מיר אום, וועלען מיר אויף צוריק זיך ניט אומקעהרען. פערליערט אָבער ניט אייער מוטה. פערלאָזט זיך אויף גאָט. מיר וועלען קומען נאָך אינדיען און דאַן דערמאָהנט זיך נור וואָס פאַר אַ בעפרידיגונג דער קעניג וועט אונז געבען, וואָס פאַר אַ כבוד אונז ערוואַרטעט אין דער היים.

דיא זיעבען פעראורטהיילטע ארעסטאַנטען, וועלכע גאַמאַ האָט מיטגענומען פון ליסאַבאָן, האָבען גענומען בונטעווען. זיי האָבען גע־האַט ווענינ וואָס אָנצואוועהרען. זיי האָבען סיי וויא סיי ערוואַרטעט, אַז מען וועט זיי איבערגעבען צו דיא גרעסטע געפאַהרען. זיי האָבען דעריבער גענומען צוריידען דיא אַנדערע מאַטראָזען צו מאַכען אַן אויפ־שטאַנד. אָנגעפאַנגען האָט זיך דאָס אויף דער „סאַן ראַפאַעל“, אָבער דיא מאַטראָזען פון דיעזער שיף האָבען פון וויַיטען, דורך געשרייען, זיך צוזאַמענגערעדט מיט זייערע חברים פון דער „סאַן גאַבריעל“ און דער „סאַן מיגעל“ אויך. מען האָט אָבגעמאַכט, אַז אויב גאַמאַ וועט זיך ניט אומקעהרען צוריק, ניט צו פאָלגען ניט איהם און ניט דיא אַנדערע צוויי קאַפּיטאַנען, אַריינגעהמען דיא שיפען אין דיא הענט, און

פארקערעווען זיך צוריק געגען זייער ווילען. די קאפיטאנען, פון זייער זייט, האבען דורך סיגנאלען אבגעמאכט די רעבעלען אפצור־נארען. פאולא דא גאמא און ניקאלאס קאעלא האבען כלומרשט גע־בעטען וואסקא דא גאמא׳ן, אז ער זאל נאכגעבען, און ער איז כלומרשט מרוצה געווארען. ער האט בלויז געפאדערט פון די מאטראזען, אז זיי זאלען אויסקלייבען פארשטעהער, וועלכע זאלען אונטערשרייבען אן ערקלעהרונג, ווארום עס איז אונמעגליך צו פאהרען ווייטער. דאס איז איהם נויטיג אלס בעווייז אז אומקעהרען זיך איז געווען אונפער־מיידליך — אזוי האט ער געזאגט.

ביי די מאטראזען איז געווען ששון ושמחה פון זייער זיעג. זיי האבען אויסגעקליבען פארשטעהער, אייניגע פון די אנפיהרער פון דעם אויפשטאנד, און זיי האט גאמא אראפגערופען אונטען, אין זיין קאיוטע, אום דארטען אויפצושרייבען די ערקלעהרונג.

דארטען האט זיי אבער ערווארט א גאנץ אנדער זארט ערקלעהרונג. ווי נור זיי זיינען אריין אין דער קאיוטע, האט מען זיי געכאפט און געשמידט אין קייטען. דאן האט גאמא זיי געהייסען פיהרען צוריק אויבען, און דארטען האט ער, אנווייזענדיג אויף די געשמידטע פאר־שטעהער, אויסגעשריען צו די פערזאמעלטע מאטראזען:

— איהר זעהט וויא איך בעגעה זיך מיט די, וואס שטעלען זיך געגען מיין ווילען? זיי וועלען ליגען אין קייטען אונטען אין שיף ביז מיר וועלען קומען נאך פארטוגאל. דארטען וועל איך זיי איבערגעבען צום קעניג׳ס צארן. איהר האט אלזא א לעבעדיגען ביישפיעל פאר זיך פון דעם וויא איך וועל טהאן מיט יעדען פון אייך וואס וועט ניט פאלגען מיינע בעפעהלע.

דער אויפשטאנד איז צובראכען געווארען. די שיפען זיינען אבער געווען אין אזא לאגע, אז לאנג שווימען אהן אן אבשטעל איז געווען אונמעגליך. זיי האבען געהאט פיעלע לעכער. דערצו נאך האַ־בען פיעלע פעסער געפלאצט און עס איז ניט געווען צום טרינקען, און קאכען האט מען געמוזט מיט געזאלצענע ים־וואסער. גאמא האט זיך פארקערעוועט פון דעם אפענעם אינדישען אקעאן צוריק צו לאנד, צו אפריקא, אום צו פעררעכטען די שיפען און אנצונעהמען וואסער. אין וויינאכטען (קריסטמאס) איז ער ארומגעשוואומען ארום א קאפ,

װעלכען ער האָט לכבוד דעם יום טוב אַ נאָמען געגעבען נ א ט א ל, דאָס הייסט דער געבורט פון קריסטוס׳ען. *)

װען מען האָט גוט בעקוקט דיא שיפען, האָט מען געזעהן, אַז דיא „סאַן מיגעל״ איז שוין אונמעגליך צו פאַררייכטען. מען האָט איהר דעריבער אויסגעליידיגט און צובראָכען אום מיט איהרע מאַטעריאַלען צו פאַררייכטען דיא אַנדערע צוויי שיפען. דאָס איבעריגע האָט מען פאַרברענט און אויף דיעזען אַרט בעקומען דיא נעגעל.

ביי׳ן צורעכט מאַכען דיא „סאַן ראַפאַעל״ און דיא „סאַן גאַבריעל״ איז געווען אַ סך אַרבייט. אָבער גאַמאַ האָט זיך ניט געאיילט. ער האָט געוואָלט אַז אַלץ זאָל זיין אין בעסטען אָרדנונג און ער האָט זיך בעשלאָסען אין נאַטאַל צו פערבלייבען עטליכע וואָכען.

אום בעקאַנט צו ווערען מיט דיא איינוואוינער האָט ער קאָעלאָ׳ן אוועקגעשיקט מיט צוואַנציג בעוואָפענטע, אין אַ קליינע שיפעל, איבער אַ טייך, וועלכער פאַלט דאָ אַריין אין דעם אינדישען אָקעאַן. ווען זיי זיינען אָבגעשוואומען אַ מייל זיעבען, האָבען זיי דערזעהן עטליכע נעגערס — ניט אַזעלכע שוואַרצע וויא דיא, וואָס זיי האָבען פריהער בעגעגענט. זיי זיינען געווען נאַקעט, מיט דער אויסנאַהמע פון דער מיטעלסטער טהייל פון קערפער וועלכע איז ביי זיי געווען צוגעדעקט מיט אַ געפלאָכטענעם פאַרטוכעל פון בלעטער מיט גראָז. קאָעלאָ האָט געפרופט מיט זיי ריידען אויף׳ן וואונק; זיי האָבען אָבער ניט פערשטאַנען. ווען דיא ווייסע האָבען זיי מכבד געווען מיט קיכלעך בעשמירט מיט מאַרמעלאַד, האָבען זיי מורא געהאַט זיך צוצורירהען דערצו, טאָמער איז דאָס סם. ווען זיי האָבען אָבער געזעהן, אַז דיא ווייסע עסען דאָס, האָבען זיי זיך אַ נעהם געטהאָן צו דער אכילה מיט גרויס אַפּעטיט; און ווען איין נעגער האָט ביי אַן אַנדער נעגער געבעטען אַ שטיקעל, האָט יענער איהם אָבגעשטויסען פון זיך מיט כעס.

ווען דיא שוואַרצע זיינען צוגעקומען צו דיא שיפען, האָט מען געהאַט אַ היבשע ביסעל שפּאַס. צום ביישפּיעל: ווען וואַסקאָ דאַ גאַמאַ האָט זיי געוויזען אַ שפּיעגעל און זיי האָבען דאָרטען דערזעהן זייערע פּנים׳ער, האָבען זיי זיך ניט געקענט אָפּוואונדערען. זיי האָבען ניט אויפגעהערט צו קוקען אויף זייערע אייגענע געזיכטען, צו שרייען איינע

*) נאַטאַל — אַ זעהר פרוכטבאַרע געגענד — בעלאַנגט היינט צו ענגלאַנד.

צו דיא אנדערע, צו קוועלען און צו לאכען פון דער מערקווירדיגער ערשיינונג.

דיא גאסט־פריינדליכקייט פון דיא קאפרען, וויא מען רופט דיא נעגערס פון דיעזע געגענדען, האט ניט געוואוסט קיין גרענצען. צום אונגליק אבער זיינען דיא פארטוגעזער דא קראנק געווארען אויף סקארבוט.

פאר'ן אוועקפאהרען האט גאמא דיא געשמידטע רעבעלען מוחל געווען און פון זיי געהייסען אראפנעהמען דיא קייטען. וואס אנבעטרעפט די פערזאנליכע ארעסטאנטען האט ער אין נאטאל איבערגעלאזען צוויי פון זיי. דער צוועק איז געווען, אז ביז דיא שיפען וועלען קומען צוריק פון אינדיען, זאלען זיי דא בעקאנט ווערען מיט דער לאנד און איבערגעבען גאמא'ן וואס זיי האבען אויסגעפונען. עס איז נאטירליך ניט געווען אזוי אנגענעהם צו בלייבען בלויז זאלבענאנד צווישען דיא ווילדע קאפרען; דיא פערזאנליכע האבען אבער קיין ברירה ניט געהאט. אויף אזעלכע אונאנגענעהמע און געפעהרליכע זאכען האט מען זיי דאך מיטגענומען פון דיא פארטוגעזישע טורמעס.

גאמא האט גערעכענט, אז ער דארף איצט שווימען דירעקט איבער'ן אינדישען אקעאן צו מזרח צו ביז ער וועט קומען נאך אינדיען. ער האט אבער געוואלט זיין זיכערער וועגען דעם וועג אהין. ער האט דעריבער זיך בעשלאסען צוערשט צו פאהרען ווייטער פאזע דעם אפריקאנער ברעג צו צפון צו, ביז ער וועט פון מענשען זיך דערוויסען אויף געוויס וויא אזוי ער דארף זיך איבער'ן אקעאן פארנעהמען.

איין מאל האבען דיא מאטראזען פון ווייטען דערזעהן א זעגעלשיף. דאס איז פאר זיי געווען א גרויסע איבערראשונג, ווייל דיא נעגערס האבען געהאט בלויז קליינע שיפלעך. צו אלעמען'ס ביטערע ענטוישונג איז דיא שיף באלד פערשוואונדען.

אויף מארגען האבען דיא רייזענדער דערזעהן א מיטעל־מעסיגע שיף מיט מענשען, וועלכע זיינען ניט געווען קיין נעגערס און ניט קיין ווייסע, נור דונקעל־געלבליכע. עס האט זיך ארויסגעצייגט אז דאס זיינען מורינען. זעקס פון זיי זיינען אריינגעשפרונגען אין וואסער, זיינען צוגעשוואומען צום ברעג און אנטלאפען, וועהרענד איינער איז געבליבען זיצען א צושראקענער. ער האט געטראגען א ווייסע העמד מיט א זיידענעם גארטעל און א קורצען מאנטעלע איבער דיא פלייצעס.

אויפ׳ן קאפ האט ער געהאט א טורבאן פון קאלירטע זייד, אויסגענייהט מיט גאלדענע פעדים, און פון דיא אויערען זיינען ביי איהם אראבגעהאנגען גאלדענע אויערינגלעך. ער איז געבליבען אין שיפעל איינפאך ווייל ער האט ניט געקענט שווימען. ווען דיא פארטוגעזער האבען איהם אריינגענומען צו זיך, האט ביי איהם געקלאפט א צאהן און א צאהן פון אימה. דערנאך האט ער זיך אבער בערוהיגט אביסעל.

מען האט איהם געבראכט אלס געפאנגענעם צו וואסקא דא גאמא, וועלכער האט איהם בעהאנדעלט זעהר פריינדליך. א דאלמעטשער האט מיט איהם געפרופטריידען אראביש, הגם דיעזע שפראך האט ער ניט פיעל פערשטאנען. דאך, א ביסעל דורך דעם און א ביסעל אויפ׳ן וואונק, האט מען זיך מיט איהם וויא עס איז צונויפגערעדט. זיין נאמען איז געווען דאוואן. ער איז געווען א סוחר, און דיא שיף, וואו מען האט איהם געפאנגען, איז געווען געלאדען מיט סחורה, וועלכע ער האט געפיהרט אין ק א מ ב א י. אזוי וויא ער האט געקענט ריידען קאפריש, האט ער געדיענט אלס דאלמעטשער צווישען דיא שווארצע און דיא ווייסע. ער האט גאמא׳ן געראטהען צו געברויכען דיא קאפרען אלס וועג־ווייזער, ווייל דער וואסער איז דארטען פול מיט געפעהרליכע פלעצער. גאמא האט איהם פיין מכבד געווען און איהם פארזיכערט, אז אויב ער וועט איהם זיין טריי וועט ער איהם גוט בעפרידיגען. ער האט געשיקט קאפרען פאראוים מיט לאנטערנעס אין זייער שיף, אום זיי זאלען ווייזען וועלכע ערטער מען מוז אויסמיידען. און אזוי איז מען געשוואומען — דיא קאפרען מיט זייער שיף פאראוים און דיא פארטוגעזער מיט זייערע צוויי גרויסע שיפען נאך זיי.

ביין ענד פון מאנאט מערץ איז גאמא אויף דיעזען ארט אריינגעשוואומען אין דעם מ א ז א מ ב י ק ק א נ א ל — דעם טהייל אינדישען אקעאן, וועלכער געפינט זיך צווישען אפריקא און דעם אינזעל מ א ד א ג א ס ק א ר אדער ל ב נ ה א י נ ז ע ל. דער קאנאל האט אין זיך פיעלע קליינינקע אינזעלעך. דיא מענשען זיינען דא געווען זעהר שווארצע, אבער דאך ניט אזעלכע שווארצע וויא דיא נעגערס. דאס זיינען אויך געווען מורינען. זיי זיינען געווען געקליידט אונגעפעהר אזוי וויא דאוואן. זיי האבען אבער געטראגען שטאלענע שווערדען און שפיעזען און דאס האט גאמא׳ן דערפרעהט, ווייל עס האט געוויזען, אז זיי האנדלען מיט ציוויליזירטע פעלקער.

דער אינזעל, וואו דיא שיפען האָבען זיך דאָ אָבגעשטעלט, טראָגט דעם זעלבען נאָמען וויא דער גאַנצער קאַנאַל — מאָזאַמביק. דורך דאַוואַנ׳ען האָבען דיא מורינען גאַמאַ׳ן געזאָגט, אַז אַ ביסעל ווייטער געפינט זיך אַ גרויסע רייכע שטאָדט, וועלכע האַנדעלט מיט זילבער, לייווענט, פעפער, אינגבער, פעריל, רובינען — פּראָדוקטען, וועלכע זיא בעקומט פון דיא מורינען פון אינדיען.

גאַמאַ איז געוועזען אין דער פרעהליכסטער שטימונג: ענדליך איז ער געקומען צו אַ פּלאַץ, וועלכער האָט דירעקטע פערבינדונגען מיט אינדיען. זיין וועג איז אַלזאָ ניט קיין פאַלשער. ער געהט ריכטיג צו זיין ציעל, און דאָ וועט ער קענען בעקומען פּינקטליכע ערקלעהרונגען וויא אַזוי דיעזען ציעל ענדליך צו דערגרייכען.

דער „שייך“ אָדער עלטסטער פון מאָזאַמביק האָט זיך געמאַכט זעהר פריינדליך צו דיא פּאָרטוגעזער. דאָס איז אָבער געוועזען אַ פאַלשער אָנשטעל. אין הארצען איז ער דיא קריסטען געוועזען אַ דם שונא; ער האָט ניט געוואָלט, אַז זיי זאָלען צוקומען צו אינדיען, וואו זיי וועלען קאָנקורירען מיט דיא מאַהאָמעדאַנישע סוחרים. ער האָט גאַמאַ׳ן גע־געבען צוויי פּילאָטען, וועלכע האָבען געזוכט דיא שיפען צו פערפיהרען אויף אַ פאַלשען וועג. דאַוואַן, וועלכער איז גאַמאַ׳ן געוועזען טריי, האָט דאָס פערשטאַנען און איהם אויפמערקזאַם געמאַכט אויף זייערע אָב־זיכטען. איינעם פון זיי האָט מען דאַן געשמידט אין קייטען, און דעם אַנדערען האָט מען געוואָלט טוידטען. דער לעצטער איז אָבער אַריינ־געשפּרונגען אין וואַסער, און איז אַ היבשע צייט געשוואוּמען אונטער׳ן וואַסער. ווען ער האָט זיך בעוויזען, לעבען ברעג, האָט גאַמאַ שוין ניט געוואָלט איהם נאָכיאָגען, ווייל דאָרטען איז געשטאַנען אַ מאַסע בייזע מורינען.

דיא שיפען זיינען אַוועק ווייטער. באַלד איז פון דעם ברעג צו־געקומען אַן אַנדער שיפעל. זיא האָט אויף זיך געהאַט פיער קאַפרען און איין מורין, וועלכער האָט אַרויסגעשטעלט אַ ווייסע טיכעל אַלס אַ פריעדענס־צייכען. גאַמאַ האָט זיך אָפּגעשטעלט. דער מורין האָט איהם ערקלעהרט, אַז ער איז געשיקט פון דעם שייך איהם צו זאָגען, אַז ער איז ערשטוינט, וואָרום דיא פּאָרטוגעזער האָבען געוואָלט טויטען זיין פּילאָט, און אַז אויב אימיצער האָט זיי שלעכט בעהאַנדעלט, וועט ער איהם בעשטראָפען. דאַן האָט גאַמאַ מיט דער שיפעל געשיקט

איינעם פון זיינע פעראורטהיילטע ארעסטאַנטען, אז ער זאָל בלייבען אין מאָזאַמביק ביז דיא שיפען וועלען זיך דאָרטען ווידער אָפּשטעלען, פאָהרענדיג צוריק פון אינדיען. *)

גאַמאַ האָט ניט געוואוסט וויא צו טהאָן, — צו שווימען דירעקט איבער'ן אינדישען אָקעאַן צו מזרח צו ביז ער וועט דערגרייכען אינ־דיען, אָדער זיך ווייטער האַלטען ביין אַפריקאַנער ברעג ביז ער וועט קומען צו אַ פּלאַץ, פון וועלכען עס איז נעהנטער צו אינדיען, און וואו ער וועט בעקומען ריכטיגע אויסקונפט וועגען דעם וועג אַהין. דער געשמידטער מורין האָט איהם געזאָגט, אז זיי זיינען ניט וויט פון דער אַפריקאַנער שטאָדט ק ו ו י ל אָ אַ, און אז איהר בעפעלקערונג בע־שטעהט האַלב פון מורינען און האַלב פון קריסטען. דאַוואַן האָט אָבער גאַמאַ'ן געזאָגט, אז אין קווילאָאַ זיינען קיין קריסטען ניטאָ, און ער האָט איהם געווארענט דאָרטען זיך ניט אָפּצושטעלען, און איבערהויפּט ניט צו טרויען דיא ווערטער פון דעם מורינישען פּילאָט. גאַמאַ האָט דעם פּילאָט דאַן געשיקט רופען און האָט איהם ערקלעהרט, אז אויב ער וועט דיא שיפען פערפיהרען אין דעם קלענסטען אונגליק, וועט ער איהם אויסשטעכען דיא אויגען.

דיא שיפען האָבען זיך אין קווילאָאַ ניט אָבגעשטעלט. זיי זיינען געגאַנגען ווייטער צו צפון־צו, ביז ביין ענד אַפּריל האָבען זיי דערגרייכט מ אָ מ ב אַ ז אַ, וועלכע איז געשטאַנען אויף אַ באַרג. מיט איהרע גערטנער פון פייגען, אַפּעלסינען, ציטרינען, מיט איהרע לאָנקעס אויף וועלכע פעטע קיה און שעפּסען האָבען זיך געפיטערט אויף דער זון, און מיט איהרע שטיינערנע הייזער האָט דיא שטאָדט אויף דיא פּאָר־טוגעזער פון וויטען געמאַכט אַ זעהר גוטען איינדרוק. דיא מורינען, וואָס האָבען זיך געפונען אויף דער „סאַן גאַבריעל“ האָבען גאַמאַ'ן דערצעהלט אז דיא שטאָדט איז אַזוי שעהן פון אינווענינג וויא פון

*) דער נאָמען פון דיעזען אַרעסטאַנט איז געווען יאָאַן מאַראַדאָ. ער האָט זיך געבעטען ביי גאַמאַ'ן ער זאָל אויף איהם רחמנות האָבען און ניט שיקען איהם צו דעם ביטרען שייך, וועלכער וועט איהם טוידטען, אָבער גאַמאַ איז געבליבען ביי דאָס זייניגע. דער שייך איז אָבער געווען גוט צו מאַ־ראַדאָ'ן, וועלכער איז נאַכהער רייך געוואָרען האַנדלענדיג אין מאָזאַמביק, וואו דיא מורינען האָבען זיך צו איהם פערהאַלטען מיט גרויס רעספּעקט.

דרויסען, — אז דיא הייזער זיינען פיין געבויט און פיעלע פון זיי רייך בעפוצט; אז דיא מענשען — ענטוועדער שווארצע אדער ווייסע מורינען — זיינען שעהן געקליידעט, הויפטזעכליך דיא פרויען, וועלכע טראגען קאסטבארע זיידענס. דיא שטאדט האט איהר בעזונדערען הערשער, האבען זיי געזאגט; אלזא, האט גאמא'ן זיך געוואלט מיט דיעזען הערשער זיין אין גוטע פערהעלטניסע און בעקומען פון איהם אויסקונפט וועגען דעם וועג נאך אינדיען.

אבער דער הערשער פון מאמבאזא האט שוין בעקומען א ידיעה וועגען דיא פארטוגעזער פון דעם שייך פון מאזאמביק, און ער האט אויך זיך געקליבען זיי צו פערפיהרען און צו שעדיגען זיי מיט וואס ער וועט נור קענען. ער האט אויך זיך געמאכט זעהר פריינדליך צו די קריסטען. ער האט אויף דיא שיפען געשיקט דיא בעסטע מאכלים און האט איינגעלאדען וואסקא דא גאמא צו זיך. דיא שיפען זיינען דערווייל געשטאנען ניט אין דעם האפען פון שטאדט, נור א ביסעל ווייטער. אלזא, האט דער הערשער געבעטען אז זיי זאלען אריינקומען אין האפען און אז גאמא זאל בעזוכען זיין פאלאץ. באלד איז צו דיא שיפען צוגעשוואומען א מורינישע שיפעל מיט הונדערט שווער בעוואפענטע. זיי האבען געזאגט אז זיי קומען אבשטאטען א וויזיט, אבער דער פארזיכטיגער גאמא האט זיי ארויפגעלאזען ניט מעהר וויא צו פיער מיט א מאהל. ווען ער האט געפרעגט ווארום זיי זיינען אזוי בעוואפענט, האבען זיי געענטפערט, אז אזוי איז דער מנהג פון זייער לאנד. דער הערשער האט גאמא'ן געוויזען אזוי פיעל צייכענס פון גאסטפריינדליכקייט, אז ער האט זיך בעשלאסען צו פרופען אננעהמען זיין איינלאדונג און אריינקומען אין האפען; און דערביי האט זיך ארויסגעצייגט דער זעלבער ביטרער פלאן צו פארפיהרען דיא פארטוגעזישע שיפען, וויא אין מאזאמביק. דער קעניג האט גאמא'ן געשיקט צוויי פילאטען, וועלכע האבען דיא „סאן ראפאעל" און דיא „סאן גאבריעל" געפרופט פארשלעפען אויף א זאמדיגען ארט, פון וועלכען זיי זאלען זיך ניט קענען בעפרייען. ווען גאמא האט זיך געכאפט זיינען זיי אריינגעשפרונגען אין וואסער און שנעל אוועקגעשוואומען צום ברעג.

גאמא האט איצט חושד געווען, אז דיא מאזאמביקער מורינען, וועלכע ער האט געהאט מיט זיך, זיינען פערמישט אין דער קאנספיראציע. ווען זיי האבען זיך ענטזאגט צו ענטפערען אויף זיינע פראגען,

האָט ער זיי געהייסען אויסטהאָן און גיסען קאָכעדיגע שמאַלץ איבער זייערע רוקענס. דאַן האָבען זיי זיך מודה געווען און האָבען אויס־געזאָגט, אַז דעם הערשער'ס פּלאַן איז געווען צוערשט צו פארשלעפּען דיא שיפען אויף זאַמד, און דאַן אויסצושלאַכטען אַלע פּאָרטוגעזער. באַלד האָט זיך אַרויסגעצייגט, אַז דיא אַנקער־שטריק פון דער „סאַן גאַבריעל" איז איבערגעשניטען. גאַמאַ האָט מורא געהאַט טאָמער צינדט מען זיינע שיפען אונטער. דיא מורינען פון מאַמבאַזא האָבען שוין אָבער ניט געטמייעט צוצוקומען נאָהענט, צוליעב זיינע קאַנאָנען, און אויף מאָרגען גאַנץ פריה זיינען דיא פּאָרטוגעזער אַוועקגעשוואומען ווייטער אין צפון זייט.

גאַמאַ'ן האָט זיך געוואָלט וואָס שנעלער צו זעגלען צו דער שטאָדט מעלינדאַ, וועגען וועלכע ער האָט געהערט פיעל גוטעס. אויפ'ן וועג האָט ער פערהאַלטען אַ שיף מיט אַ גרויסע צאָהל מורינען. דער קאַ־פּיטאַן איז געווען אַן אַלטער מאַן, מיט וועלכען עס איז מיטגעפאָהרען זיין שעהנע יונגע פרוי און איהרע פיער דיענסטען. גאַמאַ האָט גע־פאַנגען איהם מיט זיין פרוי און נאָך עטליכע מורינען, וועהרענד דיא שיף מיט דיא איבעריגע האָט ער געלאָזען געהן. ער האָט געהאָפט צווישען דיעזע מורינען צו געפינען אַ פּילאָט, אָבער זיי האָבען גע־שוואָרען, אַז זיי זיינען ניט פעהיג איהם אויף אַזאַ אַרט צו דיענען. ער איז אָבער אויסגעקומען אָהן אַ פּילאָט, און אין דריי נעכט מיט צוויי טעג האָט ער דערגרייכט מ ע ל י נ ד אַ.

דיא שטאָדט האָט איהם בעצויבערט. זיא איז געווען כמעט אַזוי גרויס מיט אַזעלכע גרויסע שטיינערנע געביידעס וויא ליסאַבאָן. דאָס איז יעדענפאַלס געווען די גרעסטע און ציוויליזירטסטע שטאָדט, וועלכע ער האָט בעזוכט זינט ער איז אַוועקגעפאָהרען פון דער היים. זיינע מאַטראָזען האָבען זיך ניט געקענט אָבפרייהען פון דעם געדאַנק, אַז זיי זיינען שוין אַרויס פון דיא ווילדע נעגער־געגענדען, צו וועלכע זיי האָבען געמיינט אַז עס וועט קיין מאָל קיין סוף ניט זיין, — פון דעם געדאַנק, אַז זיי קומען צו אַלץ נעהנטער צו די רייכע, ציוויליזירטע מזרח־לענדער. זיי האָבען געפיהלט, אַז זייער לאַנגע שווערע רייזע איז ניט געווען אומזיסט, אַז גאַמאַ'ס ערוואַרטונגען וועגען קומען נאָך אינדיען זיינען ניט קיין פוסטער חלום.

דער אַלטער מורין האָט גאַמאַ'ן אָנגעוויזען אויף פיער קריסטליכע

שיפען אין האפען. „אין מעלינדא זיינען דא פיעלע קריסטליכע סוחרים“ — האט ער צו איהם געזאגט, און אויב דוא וועסט מיר לאזען געהן אויפ'ן ברעג, פארשפרעך איך דיר צו קריגען גוטע עהרליכע פילאָטען, וועלכע וועלען דיר וויזען דעם וועג צו אינדיען.“

דער אלטער מורין האט אויף גאמא'ן געמאכט א גוטען איינדרוק, און ער האט איהם געגלייבט אויפ'ן ווארט. דאן איז דער מורין געגאנגען צו דעם קעניג פון מעלינדא און האט איהם דערצעהלט, אז הגם ער איז א געפאנגענער ביי דיא פארטוגעזער, דאך האבען זיי איהם גוט בעהאנדעלט. ער האט איבערהויפט גערעדט גוטעס וועגען גאמא'ן און זיינע מענשען, און דער רעזולטאט איז געוועזן, אז דער קעניג האט צו דיא שיפען געשיקט א שיפעל מיט עסענווארג. צו דער זעלבער צייט האט ער געהייסען לכבוד דיא געסט ארויסהייגען פאהנען אויף דער שטאדט-וואנט, און גאמא, פון זיין זייט, האט געהייסען ארויפציהען פאהנען אויף דיא מאסטען פון זיינע שיפען.

קיין אורזאכע חושד צו זיין, אז דער מעלינדער קעניג מיינט אויך איהם צו פערפיהרען, האט ער ניט געהאט; דאך האבען איהם זיינע פריהערדיגע ערפאהרונגען אזוי אנגעלערענט, אז ער האט געשיקט זיין פערטרויטען מורין. ד א ו ו א ן, זעהן זיך מיט'ן קעניג און איהם מעלדען וואס פאר אן איינדרוק ער וועט אויף איהם מאכען. דאוואן האט זיך אויסגעפוצט אין א לאנגען רויטען מאנטעל און איז אוועק אויף א קליינע שיפעל צום ברעג. ער איז דעם קעניג זעהר געפעלען געווארען און זיי האבען פערבראכט א לאנגע צייט אין געשפרעך. דער קעניג האט צוזאמענגערופען זיינע ראטה-געבער און סוויטע, און האט מיט זיי זיך געהאלטען אן עצה, צו ער זאל דיא פארטוגעזער ארייגלאזען אין האפען. עס איז איינשטימיג אנגענומען געווארען, אז וויא עס ווייזט אויס, מיינען זיי קיין בייז ניט, און אז אויב נאכהער וועט זיך ארויסשטעלען, אז זיי זיינען שעדליך, וועט מען דאן פאספייען זיי ארויסצוטרייבען. דאוואן האט אין דעם פאלאץ איבערגענעכטיגט און אויף מארגען, ווען ער האט זיך אומגעקעהרט צוריק אויף וואסקא דא גאמא'ס שיף, האט דער קעניג מיט איהם מיטגעשיקט זיין הויף-גלח אלס עהרען-שליח צו דעם קאמאנדיר פון דער פארטוגעזישער עקספעדיציע.

דאוואן האט גאמא'ן וועגען דעם קעניג און דער שטאדט אבגעגעבען

א העכסט גינסטיגען בעריכט. ער האָט דעם הערשער געשילדערט אלס א גוט־הערציגען, שעהנעם אלטען מאַן, גרויסארטיג געקליידעט און ארומגערינגעלט מיט פּאראדנע זאאלען אין א פּרעכטיגען פּאלאץ מיט א צאָהלרייכע סוויטע און א גאנצע ארמעע פון בעדיענטע, מיט פיעל גלאנץ און אלערליי צערעמאָניעס. דיא שטאָדט האָט ער פאָרגעשטעלט אלס א ווירקליך רייכע, לעבהאפטע און שעהנע מיט ברייטע גאַסען, מיט פיינע הייזער; און דיא מענשען האָט ער בעשריעבען אלס זעהר דונקעלע, אָבער הויכע און קרעפטיגע מיט לאַנגע שווארצע געגרייזעלטע האָר. עס קאָכט ביי זיי מיט האַנדעל, — האָט ער דערצעהלט — מען בעגעגענט פיעלע סוחרים פון פערשיעדענע לענדער, — אלץ מורינען אָדער אראבער. דיא רייכערע פון דיעזע קויפלייטע האַלטען זיך מיט פיעל ווירדע און האָבען שעהנע איידעלע מאַניערען. זיי זיינען נאַקעט ביז דיא גארטלען, און אונטען טראָגען זיי זיידענע אָדער באַוועלנע קליידער, ווערהרענד דיא קעפּ זיינען ביי זיי איינגעוויקעלט אין גרויסע טורבאַנען פון פיעלע קאָלירען, אויסגענייהט מיט זייד און מיט גאָלד. פון דיא גארטלען הייגען ביי זיי אראָפּ שפּיעזען און שווערדען מיט קאָסטבארע הענטלעך און מיט זיידענע פרענזלעך. פיעלע פון זיי טראָגען מיט זיך פּיילען־בויגענס אויך, און אלע זיינען זיי זעהר גוטע רייטער.

דאָס אלעס האָט דערצעהלט דאַוואַן, און ער האָט צוגעלעגט, אַז אלע אראבער, וואָס ער האָט בעגעגענט אין מעלינדא, זיינען געלינקטע.

אין דיא גאַסען האָט ער געזעהן בערג פרוכט און תבואה, פערשיעדענע גאָלדענע ארטיקלען, מאַסען העלפאַנט־ביין, וואקס, סמאָלע, און אנדערע סחורות; און מען האָט איהם געזאָגט, אַז דיא איינוואוינער פון אינדיען צאָהלען זיי פאַר דיעזע פּראָדוקטען מיט קופּער, קוועקזילבער אָדער באַוועלנע מאַטעריע.

צווישען די מורינען האָט דאַוואַן בעגעגענט ניט וועניג קריסטען. *) עטליכע פון דיעזע קריסטען האָבען דערנאָך בעזוכט דיא שיפען. ווען

---

*) דאָס זיינען מסתמא געווען מיטגליעדער פון דער זאָגענאַנטער „נעס־טאָריאַנער“ סעקטע, וועלכע איז געגרינדעט געוואָרען אין דעם 5טען יאָהר־הונדערט. דיעזע סעקטע איז פערשיעדען פון דיא קאַטהאָליקען און פון דער גריכישער קירכע (פּראַוואָסלאַוונע). זיא לייקענט, אַז יעזוס איז געבאָרען געוואָרען מיט אַ נס, אַלס אַ געטליכער מענש. זיא גלויבט אַז ער איז גע־

דיא פארטוגעזער האבען זיי געוויזען א בילד פון דער „הייליגער מאריא“ וויא זיא וויינט, און זיי האבען זיך געשטעלט אויף דיא קניע, איז גאמא אזוי בעגייסטערט געווארען, אז ער האט זיי ארומגענומען און געדריקט צום הארצען. זיי האבען איהם געזאגט, אז זיי זיינען פון אינדיען און האבען פיעל דערצעהלט וועגען זייער לאנד; און ווען זיי האבען איהם געזאגט, אז פון מעלינדא איז לייכט צוצוקומען אהין, איבער דעם אינדישען אקעאן, איז ער געווען אויפ׳ן זיעבעטען הימעל.

דער קעניג האט גאמא׳ן איינגעלאדען צו זיך אין פאלאץ. גאמא האט זיך בעראטהען מיט זיין ברודער און מיט קאעלא, און זיי זיינען געקומען צום שלום, דאס מען קען נאך אלץ ניט זיין זיכער, אז דא שטעקט ניט עפעס א כיטרער פלאן. ער האט דעריבער געשיקט דעם קעניג מתנות (רייכע אטלאסענע מאטעריע, רויטע געוואנט און א פיינעם שפיעגעל), און ער האט איהם געבעטען אום ענטשולדיגונג וואס ער קען ניט קומען פערזענליך, ווייל זיין קעניג, דער הערשער פון פארטוגאל, האט איהם ניט ערלויבט ארויפצוטרעטען אויף לאנד ביז ער וועט דער־גרייכען אינדיען. ער האט אבער פערשפראכען צוצושווימען אויף קלענערע שיפלעך נאהענט צום ברעג.

אזוי איז געווען. אויף מארגען איז וואסקא דא גאמא מיט זיינע צוויי קאפיטאנען, מיט פיעלע בעגלייטער, אלע יום טוב׳דיג אויסגע־פוצט, צוגעפאהרען צום ברעג. זייערע שיפלעך זיינען געווען בעוואפ־פענט מיט אנגעלאדענע קאנאנען. זיי האט עמפפאנגען, מיט גרוים פאראד, דער קעניג אליין — א שעהנער אלטער מאן מיט א לאנגע ווייסע בארד — וועלכער האט זיי ערווארטעט אויפ׳ן ברעג. ער איז געווען ארומגערינגעלט מיט זיין שווארץ־געזיכטיגע סוויטע, און ארום און ארום איז געשטאנען אן ענגע מאסע מורינען און אראבער, וועלכע האבען דיא געסט בעגריסט מיט יובעל־געשרייען.

דער קעניג איז צוגעשוואומען צו וואסקא דא גאמא׳ס שיפעל, וואו

---

בארען וויא אלע קינדער ווערען געבארען, אלס א געוועהנליכער מענש, און אז דיא געטליכקייט איז צו איהם געקומען נאכהער. דיא נעסטאריאנער זיינען אין וואסקא דא גאמא׳ס צייטען געווען פערשפרייט אין פערסיען, אינדיען און אנדערע אזיאטישע לענדער. מען גלויבט אז דער „פריסטער קעניג“ יאהאנן איז געווען א נעסטאריאנער.

מען האָט איהם אָבגעגעבען פיעל כבוד. ער האָט מיט גאמא׳ן געהאַט א לאַנגען געשפּרעך, און עס איז געשלאָסען געוואָרען אַן אָבמאַך פון אייביגע פריינדשאַפט צווישען דעם קעניג פון מעלינדא און דעם קעניג פון פּאָרטוגאַל.

ריידענדיג וועגען אינדיען האָט גאַמא געזאָגט, אַז ער קלייבט זיך צו פּאָהרען נאָך דער שטאָדט ק א מ ב א י. דער קעניג האָט איהם אָבער ערקלעהרט, אַז ער דאַרף דאָס ניט טהאָן.

— דיא פּראָדוקטען, וואָס איהר זוכט, וועט איהר אין קאַמבאַי ניט געפינען — האָט ער געזאָגט. — איך וועל אייך מיטגעבען פּילאָטען, וועלכע וועלען אייך פיהרען נאָך דער רייכער שטאָדט ק א ל י ק ו ט. ניט ווייט פון דאָרטען וואַקסט פעפּער און אינגבער; און אַלע אַנדערע סחורות ווערען אַהין געבראַכט פון יעדען קלימאַט. אייער בעגלייטער דאַוואַן וועט שוין זעהן, אַז מען זאָל אייך ניט אָפּנאַרען.

דער קעניג האָט גאַמא׳ן געשיקט א מאַסע פערשיעדענע פּראָוויזיע, — קופּערנע קעסלען מיט געקאָכטע רייז, עטליכע געבראָטענע שעפּסען, געקאָכטע און געבראָטענע היהנער, פערשיעדענע געבעק, פייגען, קאָקאָ־ניס און אַנדערע זאַכען. אויך האָט ער אַרויסגעשיקט מענשען אויסצורופען אין דיא גאַסען פון מעלינדא, אַז אויב אימיצער וועט ביי דיא פּאָרטוגעזער פּאָדערען א צו גרויסען פּרייז פאַר וואָס־עס־איז, וועט ער, דער קעניג, הייסען פאַרברענען יענעמ׳ס הויז.

פאַר׳ן פּאָהרען האָט גאַמא פּאָרט בעזוכט דעם קעניג אין זיין פּאַלאַץ און דער קעניג, פון זיין זייט, האָט בעזוכט גאַמא׳ס צוויי שיפען. מען האָט געגעבען מאַלצייטען. דיא פּאָרטוגעזער האָבען בעקומען יעדע אויפמערקזאַמקייט, וועלכע מען האָט זיי נור געקענט ווייזען. אפילו א מאָנומענט האָט דער קעניג גאַמא׳ן ערלויבט אויפצושטעלען ביי דעם האַפען — אַז אַנדיינקען, אַז ער איז דאָ געווען מיט זיינע שיפען.

אויך האָט דער הערשער פון מעלינדא געהאַלטען וואָרט וועגען דיא צוויי פּילאָטען, וועלכע ער האָט גאַמא׳ן פערשפּראָכען, איינעם פאַר דער „סאָן ראַפאַעל“ און איינעם פאַר דער „סאָן גאַבריעל“. דער ערשטער האָט געהייסען ק א נ א ק א, און גאַמא׳ן איז זעהר אַנגענעהם געווען צו זעהן, דאָס ער איז גוט בעקאַנט מיט שיפס־אינסטרומענטען, און אַז ער האָט מיט זיך א לאַנד־קאַרטע פון אינדיען. ער

איז געווען פּונקט אַזאַ גוטער געלעהרענטער און געניטער נאַוויגאַטאָר וויא וואסקאָ דאַ גאַמאַ, וואסקאָ'ס ברודער אָדער קאָלאָ.

ענדליך האָבען דיא צוויי שיפען פּאָרטגעזעצט זייער רייזע.

זיי זיינען שוין געווען אין דער וועגענס נאָהענט פון אָנדערהאַלבען יאָהר. פיעלעס האָבען זיי שוין מיטגעמאַכט. אָבער ביז אַהער האָבען זיי אַלץ פערבראַכט דיא צייט אין שווימען ארום אַפריקאַ, ארום דיא לאַנד, וואָס צאַמט אָפּ אינדיען פון פּאָרטוגאַל. ווען עס וואָלט ניט געווען קיין אַפריקאַ אויף דער וועלט, וואָלט וואסקאָ דאַ גאַמאַ פון פּאָרטוגאַל נאָך אינדיען געפאָהרען דירעקט צו מזרח זייט צו, איבער'ן וואסער, פּונקט וויא קאָלומבוס איז אויף זיינע רייזעס נאָך דער נייער וועלט געפאָהרען צו מערב זייט צו גלייך איבער'ן וואסער. דיא אָנדערהאַלבען יאָהר איז אַלזאָ ביי גאַמאַ'ן אַוועק אין ארומשווימען דיא שטערונג, וואָס איז איהם געלעגען אין וועג. בלויז איצט, פון מעלינדאַ, האָט ער זיך פאַרנומען איבער'ן וואסער (איבער אינדישען אָקעאַן), אין אַ צפון־מזרח ריכטונג, דירעקט נאָך אינדיען.

מיט אַ קורצע צייט פריהער איז קאָלומבוס פון שפּאַניען אָבגעפאָהרען אויף זיין דריטע רייזע, מיינענדיג אַז ער פאָהרט נאָך אינדיען. זאָל דער לעזער זיך פאָרשטעלען ביידע רייזענדע, קאָלומבוס'ען מיט וואסקאָ דאַ גאַמאַ'ן, וויא ביידע פאָהרען נאָך דער „לאַנד פון געווירצען". איינער אין מערב זייט איבער דער ברייט פון דעם אַטלאַנטישען אָקעאַן; דער אַנדערער אין אַ פּונקט פאַרקעהרטע ריכטונג, אין מזרח זייט, איבער דעם אינדישען אָקעאַן. גאַמאַ איז אָבער איצט געווען בלויז אַ פּאָר טויזענד מייל פון אינדיען, — פ ו ן ד ע ר א מ ת ' ע ר א י נ ד י ע ן — און אין וועג איז איהם שוין ניט געלעגען קיין שטערונג, וועהרענד קאָלומבוס איז פון דיעזער אינדיען געווען וויימער ווי אַ האַלבער ערד־קוגעל, און אין וועג איז איהם געלעגען אַ גרויסער דאָפּעלטער קאָנטינענט — דאָס וואָס מיר רופען היינט אַמעריקאַ. פון שפּאַניען ביז היספּאַניאָלאַ איז אַ סך, אַ סך נעהנטער וויא פון פּאָרטוגאַל ביז אינדיען. דאָס איז אָבער ניט וויכטיג. דער וויכטיגער אונטערשיעד צווישען דיא צוויי רייזענדע בעשטעהט אין דעם, דאָס דער פּאָרטוגעזישער האָט קיין טעות ניט געהאַט, וועהרענד דער שפּאַנישער האָט יאָ געהאַט אַ טעות. דער ערשטער איז טאַקע געפאָהרען נאָך אינדיען,

וועהרענד דער צווייטער האָט בלויז געמיינט, אַז ער פאָהרט אַהין.

דיא לאַנד, וואוהין גאַמאַ איז איצט געפאָהרען, רופט מען אָסט־אינדיען, וועהרענד דיא אינזלען, וואָס קאָלומבוס האָט ענטדעקט, הייסען וועסט אינדיען. (זעה אויבען, זייטעל 259). ריכטיגער וואָלט געווען דיא ערשטע צו רופען „דיא אמת׳ע אינדיען" און דיא צווייטע — „דיא פאַלשע אינדיען".

וואַסקאָ דא גאַמאַ׳ס רייזע פון מעלינדאַ איז געווען אַ רוהיגע און אַן אַנגענעהמע. דער ווינט האָט דיא שיפען געבלאָזען פונקט וואו מען האָט בעדאַרפט. עס זיינען ניט פאָרגעקומען קיינע געפאַהרען, קיינע סבות.

איין פריה־מאָרגען, ניינצעהן טעג נאָך דעם וויא דיא שיפען זיינען אָבגעשוואומען פון דעם אַפריקאַנער ברעג, איז קאַנאַקאַ, דער מעלינדער פילאָט, צוגעגאַנגען צו וואַסקאָ דא גאַמאַ און געזאָגט:

— קאַפיטאַן ,איך בין זיכער, אַז מיר זיינען שוין גאַנץ נאָהענט צו דעם ברעג פון אינדיען. זעהר מעגליך, אַז מאָרגען אין דער פריה וועלען מיר זעהן לאַנד.

וואסקא דא גאמא איז נערוועז געוואָרען פון פרייד. אויף מאָרגען איז ער אויפגעשטאַנען פאַרטאָג. אַלע מאַטראָזען זיינען געווען אויפ׳ן „דעק"; אַלע האָבען אָנגעשטרענגט דיא אויגען קוקענדיג צו מזרח צו; ביי יעדען האָט דאָס האַרץ געקלאַפט פון ערוואַרטונג צו דערזעהן לאַנד. עטליכע פון דיא מאַטראָזען האָבען ארויפגעקלעטערט אויף דיא שפיצען פון דיא מאסטען, אום וואָס פריהער צו דערזעהן דעם ברעג *). וואַסקאָ דאַ גאַמאַ איז געשטאַנען אויף זיין פלאַץ אַלס קאָמאַנדיר. זיינע אויגען זיינען אויך געווען אָנגעשטרענגט אויף דער מזרח זייט (פונקט וויא קאָלומבוס׳עס, אויף זיינע רייזעס נאָך „אינדיען", זיינען געווען אָנגעשטעלט אויף דער מערב זייט).

---

* מיר וועלען דערמאָנען דעם לעזער, אַז צוליעב דעם, וואָס דיא ערד איז קיילעכדיג, וויא אַ קגויל, זעהט מען פון אַ העכערען פלאַץ ווייטער וויא פון אַ נידעריגען. דיא קיילעכדיגקייט, דיא אויסגעבויגענהייט פון דער לאַנד אָדער פון דעם וואסער פערשטעלט דיא זאך פון אונזער אויג. ווען מען קוקט אָבער פון אַ שפּיץ באַרג, פון אַ טורעם אָדער פון אַ מאסט, קוקט מען אריבער איבער דעם „בויג". (זעה צייכנונג, זייטעל 633).

א פאר שטונדען זיינען אוועק. באלד איז צו גאמא'ן צוגעלאפען קאנאקא און א ווארף טאענדיג זיך צו זיינע פיס, האט ער אנגעוויזען מיט א ציטערענדען פינגער צום ברעג הימעל.

— זעה, קאפיטאן! — האט ער אויסגערופען — אינדיען! אינ־דיען!

עס איז געווארען א געשריי, א געפילדער. דיא מאטראזען זיינען געוועזן ווילד פאר שמחה. זיי זיינען אומגעלאפען וויא דיא משוגעים; אייניגע האבען געוויינט פאר פרייד, אנדערע האבען געשפרונגען, גע־ליארעמט. אויף דיעזער מינוט האט מען פערגעסען ווער עס איז קא־מאנדיר, ווער א פראסטער מאטראז און ווער א פעראורטיילטער ארעס־טאנט.

אין מיטען פון דיעזער מישעניגע האט וואסקא דא גאמא אויס־געשריען:

— אט איז, אלזא, אינדיען! לאמיר פריהער פון אלץ דאנקען אונזער גוטען גאט.

ער האט זיך געשטעלט אויף דיא קניע און אלע איבעריגע האבען געטהאן דאס זעלבע.

ווען זיי האבען געענדיגט זייער תפלה און וויעדער געעפענט דיא אויגען, האבען זיי געזעהן, אז קאנאקא האט טאקע קיין טעות ניט גע־האט. וואס ווייטער זיי זיינען געשוואומען, אלץ דייטליכער איז גע־ווארען דיא לאנד. נאך קאנאקא'ס מיינונג זיינען זיי געוועזן א מייל 25 פון ברעג. נאך מיטאג־צייט האבען זיי שוין געקענט זעהן פיש־שיפלעך און הייזער. דיא איינוואוינער זיינען געלאפען צום ברעג און האבען געקוקט אויף דיא צוויי שיפען מיט גרוים אינטערעס. אייניגע פון די פיש־שיפלעך זיינען צוגעקומען גאנץ נאהענט צו דיא פארטוגע־זער. עס איז קענטיג געוועזן, אז זיי זיינען זעהר איבעררראשט — אז שיפען פון אייראפעאישע קריסטען זיינען דא א גאנץ אונבעקאנטע און אונערווארטעטע זאך.

גאמא האט געמיינט, אז דיא שטעדטעל ביי'ן ברעג איז קאלי־קוט, און דעריבער איז ער שטארק ענטוישט געווארען, ווארים ער האט געהערט, אז קאליקוט איז א רייכע גלענצענדע שטאדט, און דא האט ער פאר זיך געהאט גרופען פון צרה'דיגע הייזלעך.

— ניין, קאַפּיטאַן, דאָס איז ניט קאַליקוט — האָט קאַנאַקאַ איהם ערקלעהרט. — דיעזער פּלאַץ הייסט ק אַ נ אַ נ אָ ר. קאַליקוט איז אַ ביסעל וויטער, בלויז 36 מייל פון דאַנען. קאַליקוט איז אַ גרויסע שטאָדט. באַלד וועלען מיר דאָרטען זיין.

## XVII.

## וואסקא דא גאמא אין אינדיען.

דיא שטאדט ק א ל י ק ו ט. — דיא שרעק פון דיא אראבישע סוחרים. — זייערע אינטריגען געגען דיא פארטוגעזער. — דער הערשער פון קאליקוט. — גאמא'ס בעזוך. — גאמא איז געפאנגען און ווערט פריי. — דיא אלטע קולטור פון אינדיען. — אין קאנאנאר. — גאמא פאנגט א אייראפעאישען אידען, און פארטוגאל האט פון איהם גרויסע נוצען. — ווידער אין מעלינדא. — וואסקא'ס ברודער שטארבט. — צוריק אין ליסאבאן. — מאנועל'ס פרייד. — דער רושם אין גאנץ אייראפא. — וואסקא דא גאמא און קאלומבוס.

אויף מארגען ארום 12 אוהר זיינען דיא שיפען צוגעשוואומען צו ק א ל י ק ו ט. דער טאג איז געווען א שעהנער. דיא דעכער און טורימלעך פון דיא מאהאמעדאנישע קירכען („מאסקען“) האבען געבליסטשעט אויף דער זונן. דער ברייטער אויסגעפלאסטערטער ברעג איז געווען פול מיט מענשען. אין דעם האפען זיינען אהין און אהער ארומגעשוואומען שיפען פון פערשיעדענע טיילען פון אזיען.

גאמא האט זיך אבגעשטעלט ביי דער פארשטעדטעל ק א פ ו ק א ד, זעקס מייל פון קאליקוט. איידער וואס־ווען איז געווארען פארנאכט, און ער האט בעשלאסען ביז מארגען אין דער פריה צו בלייבען אויף אן ארט. ער האט געוואלט פערזענליך געהן זיך פארשטעלען פאר דעם הערשער פון קאליקוט, אבער זיין טרייער מורין, דאוואן, האט איהם אבגעשלאגען דערפון. „מען קען ניט זיין זיכער, אז דער הערשער וועט זיך פערהאלטען פריינדליך“ — האט ער איהם געווארענט. „בעסער פאדערט צוערשט גייסלען (מענשען אלס משכן) אלס א גאראנטיע, אז מען וועט אייך ניט שעדיגען. אזוי איז יעדענפאלס דער מנהג פון דיא מזרח לענדער“.

אויף מארגען, גאנץ פריה, זיינען צו דיא שיפען צוגעשוואומען

פּיעלע שיפלעך מיט אינדער *), שוואַרץ־הויטיגע מענשען, נאַקעט א חוץ דעם מיטען קערפּער, וועלכער איז ביז דיא קניע געווען צוגע־דעקט מיט אזא בגד פון פערשיעדענע קאָלירען. זיי האָבען געפרעגט ווער דיא רייזענדע זיינען, פון וואַנען זיי קומען, נאָך וואָס זיי קומען. אויף דעם ברעג האָבען זיך אויך באַלד בעוויזען מאַסען נייגעריגע, וועלכע האָבען זיך ניט געקענט אָנקוקען גענוג אויף דיא פרעמדע שי־פען מיט זייערע מאַטראָזען.

פישער זיינען צוגעקומען מיט זייערע שיפלעך, און ווען דיא פּאָר־טוגעזער האָבען געזאָגט, אז זיי ווילען קויפען פיש, האָבען זיי מיט זייער סחורה אַרויפגעקלעטערט צו דיא פּאָרטוגעזער. אום דער הערשער פון קאַליקוט זאָל האָבען מעהר אָבשיי פאַר איהם, האָט גאַמאַ געהייסען זיי זאָגען, אז דיא „סאַן ראַפאַעל“ און דיא „סאַן גאַבריעל“ זיינען צוויי פון פופציג שיפען, וועלכע דער מעכטיגער פּאָרטוגעזישער קעניג האָט געשיקט נאָך אינדיען — אז דיא איבעריגע 48 זיינען פערבליבען פון הינטען.

ווען דיא פּאָרטוגעזער האָבען פאַר די פיש בעצאָהלט מיט זילבער־נע פּאָרטוגעזישע מטבעות, זיינען דיא פישער העכסט צופריעדען גע־ווען. זיי האָבען נור צוערשט געפּרופט בייסען יעדע מטבעה, צו זעהן אויב עס איז אמת'ע זילבער. ווען זיי זיינען געקומען צוריק אין שטאָדט, האָבען זיי דערצעהלט וועגען דיא אַנדערע 48 שיפען, און דיא מעשה האָט באַלד דערגרייכט דעם „זאַמאָרין“, וויא דיא פּאָרטוגעזער האָבען גערופען דעם הערשער פון קאַליקוט. דער וואָרט איז ביי דיא אינדער געווען אַ אַנדערער, אָבער אַזוי האָבען גאַמאַ'ס מענשען איהם אויסגעשפּראָכען, און אַזוי ווערט ער געוועהנליך געשריבען אין איי־ראָפּעאישע געשיכטען פון וואסקאָ דאַ גאַמאַ'ס רייזע.

ווען דער זאַמאָרין האָט דערהערט, אַז ער האָט דאָ צו טהאָן מיט אַ פלאָטע פון 50 שיפען, האָט ער דיא פישער געשיקט צוריק צו דיא פּאָרטוגעזער, מיט קאָקאָ־ניס, היהנער און פייגען אלס מתנות פאַר דיא

*) דיא איינוואוינער פון אָסט אינדיען רופט מען אינדער; דיא איינוואוינער, וואָס קאָלומבוס האָט געפונען אין אַמעריקא — אינדי־אַנער.

געסט; און האָט זיי געהייסען אויסגעפינען וועגען זיי, וואָס זיי וועלען נור קענען.

דיא ערשטע דריי טעג זיינען פּאַראיבער אין אַלערליי הכנות, אין איינקויפען פיש און רעדען מיט דיא פישער. אויפ'ן פערטען טאָג איז צוגעקומען א גרעסערע שיפעל מיט א „נאַיר", א שליח פון דעם זאַמאָרין אליין. דער הויכער בעאַמטער איז אויך געווען כמעט נאַקעט, בלויז ארום דעם מיטען קערפּער האָט ער געטראָגען א ווייסען בגד, פון וועלכען עס איז אראָפּגעהאנגען א קורצער בלויזער שווערדעל מיט אַן אייזערנעם שטילכעל. ער איז געווען הויך, פיין געבויט און זעהר שווארץ.

ארויפגעהן אויפ'ן שיף האָט ער זיך ענטזאגט. רעדענדיג מיט גאמא'ן דורך אַן איבערזעצער, האָט ער פון זיין שיפעל געפרעגט, אין דעם זאַמאָרין'ס נאָמען, נאָך וואָס דיא פּאָרטוגעזער זיינען געקומען. גאמא האָט געענטפערט, אז ער וועט דעם זאַמאָרין אַלץ ערקלעהרען דורך א שליח, וועלכען ער וועט שיקען מיט דעם נאַיר. דיעזער שליח איז געווען דאַוואַן.

ווען דאַוואַן איז געקומען אין דעם פּאַלאַץ און מען האָט איהם אריינגעבראַכט צו דעם זאַמאָרין, האָט ער איהם געשילדערט וויא מעכטיג דער פּאָרטוגעזישער קעניג איז. ער האָט איהם פאָרגעשטעלט אַלס דעם גרעסטען הערשער אין דער קריסטליכער וועלט, און ער האָט איבערגעזאָגט דיא מעשה וועגען דיא 50 שיפען.

— זיי זיינען אָבער געקומען מיט דיא פריעדליכסטע אבזיכטען — האָט ער ערקלעהרט. — זיי ווילען שליסען פריינדשאַפט מיט אייער הויכקייט און אַלץ וואָס זיי פערלאַנגען איז איינצוקויפען פעפער און דראָגען. זיי וועלען דערפאר בעצאָהלען מיט דיא טייערע געוואַנטען, זילבער און גאָלד, וואָס זיי פיהרען מיט זיך צו דיעזען צוועק.

דער זאַמאָרין האָט זיך שטארק פעראינטערעסירט. ביי איהם איז דאָס אַלץ געווען א זאָנדערבארע נייעס. וועהרענד ער האָט וועגען דעם זיך מיישב געווען מיט זיין סוויטע, האָט איינער פון זיינע אָפיציערען געפרעגט ביי דאַוואַן'ען, וויא אזוי ער קומט צו זיין ביי דעם פּאָרטוגעזער קאָמאַנדיר. דער מורין האָט אַלץ דערצעהלט און ער האָט זיך צו־ריסען לויבענדיג וואַסקאָ דא גאַמאַ'ס גוטסקייט. פערבייגעהענ־

דיג האָט ער געערדט וועגען דיא רייכע פּרעזענטען, וואָס ער האָט גע־געבען דעם קעניג פון מעלינדא.

— זאָג איהם, אַז איך וועל זיינע שיפען אָנלאָדען מיט אַזוי פיעל פעפער און דראָגען, וויא פיעל אין זיי וועט נור אריינגעהן — האָט דער זאמאָרין געזאָגט צו דאוואן׳ען. און ווען ער האָט זיך אומגעקעהרט צו דיא שיפען, האָט מען איהם מיטגעגעבען פייגען מיט היהנער פאר דיא דריי קאַפּיטאַנען.

גאַמאַ׳ן איז דאוואן׳ס בעריכט זעהר אנגענעהם געווען. דאָך האָט ער אויף מאָרגען דאוואן׳ען געשיקט בעטען משכנות־מענשען, ווייל ער, גאַמאַ, וויל קומען צום זאמאָרין און איהם איבערגעבען אַ בריעף פון דעם פּאָרטוגעזישען קעניג.

גאַמאַ האָט געמיינט, אַז אַלץ געהט כשורה. ער האָט אָבער ניט געוואוסט, אַז מען סטאַרעט זיך שטאַרק דעם זאמאָרין צו בעאיינפלו־סען געגען איהם; ער האָט ניט געוואוסט, אַז עס זיינען פאַראַן מענ־שען, וועמעס אינטערעס עס איז צו זעהן, דאָס דיא פּאָרטוגעזער זאָלען ניט צוגעלאָזען ווערען, אַז קיין פעפער זאָל מען זיי ניט פערקויפען, און אַז מעהר זאָל אין אינדיען זייער פוס ניט זיין.

דיעזע מענשען זיינען געווען דיא אראבישע סוחרים פון אינדיען, און דיא אינטערעסען, צוליעב וועלכע זיי האָבען אינטריגירט געגען דיא פּאָרטוגעזער, זיינען געווען זייערע געשעפטס־אינטערעסען.

דער לעזער זעהט, אַז מאַטעריעלע נוצען זיינען דער פונדאַמענט פון אַלעם, וואָס ווערט דערצעהלט אין דיעזען בוך — פון אַלעם גוטעם פונקט וויא פון אַלעם שלעכטעם. אַלע רייזעס, אַלע ענטדעקונגען, וועגען וועלכע מיר רעדען דאָ, אַלע נייע קענטניסע, וואָס דיא מענשהייט האָט ערוואָרבען, אַלע גייסטיגע רייכטימער, וואָס איהר איז אין דיעזען פעריאָד צוגעקומען — אַלץ האָט געשטאַמט פון דעם גייעג נאָך מאַ־טעריעלע רייכטימער, פון דעם קאַמפּף איבער מאַטעריעלע רייכטימער. וואסקאַ דאַ גאַמאַ האָט אויסגעפאָרשט אַ גרויסע שטיק אפריקא; ער האָט פיעל צוגעגעבען צו אונזער בעקאַנטשאַפט מיט דעם ערד־קוגעל. ער האָט דאָס אָבער געטהאָן ניט צוליעב דיא וויסענשאַפטליכע הגדה, נור צוליעב דיא גאָלדענע קניידלעך, וועלכע מען האָט ערוואַרטעט פון דעם מסחור מיט דיא געווירצען פון אינדיען. דיעזען מסחור האָבען אָבער ביז דאַן מיט אינדיען דירעקט געפיהרט דיא אראַבער און דיא

מורינען. אלזא, האט גאמא'ס קומען אהין געשמעקט מיט געפעהרליכע קאנקורענץ פאר זיי. דעריבער האבען זיי געברויכט יעדען מיטעל דיא אונטערנעהמונג צו שטערען, דיא קאנקורענץ אין װארצעל צו טוידטען.

עס איז אונמעגליך צו בעשרייבען מיט װאס פאר א געפיהל דיעזע אראבישע סוחרים האבען דערהערט, אז עס זיינען אנגעקומען שיפען פון אן אייראפעאישע לאנד. יאהר־הונדערטע זיינען זיי, דיא אראבער, געװעזען דיא האנדעלס־פערמיטלער צװישען דעם װייטען מזרח און אייראפא. זיי פלעגען דיא סחורות איינקויפען אין אינדיען און ברענגען נאך דעם לעװאנט, װאו ביי זיי פלעגען דאס קויפען דיא איטאליענישע אדער פראנצויזישע קויפלייטע, װעלכע פלעגען שוין דאס פערשפרייטען איבער גאנץ אייראפא. אייראפעאישע שיפען האבען ביז אהער אין אינדיען קיינמאל זיך ניט בעװיזען ; און איצט, פלוצלונג, זיינען דא צװיי גרויסע מעכטיגע שיפען פון פארטוגאל ! פלוצלונג איז געקומען דער אנהויב פון דעם סוף צו דער אראבישער מאנאפאל אויף דעם מזרח־האנדעל !

איז דען א חדוש, אז זיי האבען זיך דערשראקען ? איז דען א װאונדער, אז זיי האבען אנגעװענדעט אלע קרעפטען זייערע אונערװארטעטע קאנקורענטען צו שטערען ?

קאליקוט איז מייסטענס בעשטאנען פון שטרויענעביידלעך. זיא האט אבער ענטהאלטען פיעלע טעמפלען, פאלאצען און הויכע געמויערטע אראבישע הייזער. דיא שטאדט איז געװעזען גרויס, און פול מיט גערטנער.

אין װאסקא דא גאמא'ס צייטען איז זיא געװעזען דיא גרעסטע, דיא רייכסטע און בעריהמטעסטע שטאדט אין אינדיען. זיא האט געקאכט מיט האנדעל. איהרע סקלאדען און קראמען זיינען געװעזען פול ניט בלויז מיט געװירצען און דראגען, נור אויך מיט עדעלשטיינער, לאקיר, ברושטין, גאלד, װאקס, פערעל־מוטער, זיידענע און באװעלענע מאטעריען, תבואות, דיװאנען, קופער, קװעקזילבער, אלום, קארעלען און פערשיעדענע אנדערע סחורות. פיעלע זאכען זיינען געװעזען אינדישע און פיעלע האבען דיא אראבער אהער געבראכט פון אייראפעאישע סוחרים, װעלכע האבען זייערע װאארע אויסגעביטען אויף אינדישע. אהער פלעגען קומען די קויפלייטע פון כינא, יאפאן און פון פערשיעדענע אנ־

דערע לענדער פון אַזיען, וויא אויך פון אַנדערע שטעדט פון אינדיען גופא; און אהער פלעגען קומען דיא גרויסע סוחרים פון אראביען און עגיפּטען נאָך געווירצען, טהייערע שטיינער און אַנדערע אינדישע, כינעזישע אָדער יאפּאנעזישע פּראָדוקטען. האַנדלענדיג מיט דיעזע פּראַדוקטען זיינען אראַבער גרוים און רייך געוואָרען. היינט וויא באַלד, אז צוויי שיפען זיינען דאָ פון אייראָפּאַ, קענען דאָך קומען נאָך און נאָך; דאַן וועלען אָנשטאָט די אראַבער רייך ווערען די אייראָפּעער. עס איז געווען אַ פראגע פון לעבען און טוידט.

דיא דערשראָקענע אראבישע קויפלייטע פון קאליקוט האָבען זיך גלייך צוזאמענגענומען אום מיט פעראייניגטע קרעפטען צו בעקעמפּפען זייער געמיינשאַפטליכע געפאַהר. אויך האָבען זיי אַוועקגעשיקט שלוחים אין אַנדערע אינדישע שטעדט מעלדען דיא דאָרטיגע אראַבער וועגען דעם אונגליק, און רופען זיי נאָך קאליקוט צו א בעראַטהונג, און פיעלע פון זיי זיינען טאַקע גלייך געקומען.

דעם גרעסטען איינפלוס האָט אויפ'ן זאַמאָרין געהאַט זיין שאַץ־מייסטער און זיין יוסטיץ־מיניסטער; און אזוי וויא זיי איז לייכט געווען אונטערצוקויפען, האָבען דיא אראַבער זיי פאָרגעלייגט אַ גרויסע סומע געלט, אויב זיי וועלען דעם זאַמאָרין איינרעדען, אַז דיא פּאָרטוגעזער זיינען געקומען ניט צו פיהרען א פריעדליכען האַנדעל, נור צו עראָבערען דיא רייכע אינדישע מדינות; אַז וואסקאָ דא גאמא'ס צוויי שיפען ווילען נור אויספאָרשען דיא לאַנד, און אז נאָך זיי וועלען קומען גרויסע פלאָטען צו אַטאַקירען קאַליקוט און אַנדערע שטעדט און זיי איינגעהמען.

דיא צוויי מיניסטאָרען האָבען צוגענומען דיא כאַבאַר, אָבער דעם זאַמאָרין האָבען זיי געזאָגט בלויז אַ טהייל פון דעם, וואָס זיי האָבען פערשפּראָכען. זיי האָבען זיך איבערגעלאָזען דיא מעגליכקייט צו פערקויפען זיך צו דעם אַנדערען צד אויך. דאָך, אַ מיסטרוי צו דיא פּאָרטוגעזער האָבען זיי אין איהם ערוועקט.

ווען וואסקאַ דאַ גאַמאַ האָט בעמערקט, אַז דער זאַמאָרין האַלט זיך צו איהם קאַלט, מיט פערדאַכט, איז ער געווען אין פערצווייפלונג. ער האָט געברענט מיט אונגעדולד אָנצופילען זיינע שיפען מיט געווירצען, צו ברענגען נאָך פּאָרטוגאַל אַ ממשות'דיגען בעוויז פון זיין ערפאָלג, און דאָ קען ער גאָר אַפילו ניט צוקומען צום פּאַלאַץ אום צו קריי־

גען דיא ערלויבנים פריי איינצוקויפען וואַארע אין קאַליקוט. אָבער דער זאַמאָרין איז געווען זעהר גאָלד־גייציג, און אַזוי וויא ער האָט גע־הערט, אַז וואסקא דא גאַמאַ האָט פאר איהם רייכע פרעזענטען, האָט ער דיא פּאָרטוגעזער ערלויבט אויסצובויען אַ סקלאַד, וואוהין מען זאָל ברענגען דיא סחורה, וואָס זיי וועלען דאָ קויפען. גאַמאַ האָט אַהין פון זיינע שיפען געשיקט אַ קאַסטען מיט שטיקער קאַרעל, אַ קאַסטען מיט צינאָבער־פארב, אַ פאַס קוועקזילבער, וויא אויך קופּער, ברושטין און געלט. פאר דעם האָבען זיינע פּאָרשטעהער געדארפט קויפען פעפער, אינגבער און אנדערע געווירצען און דראָגען. אין דעם סקלאַד האָט מען אוועקגעשטעלט אַ טיש מיט אַ גרינעם צודעק און געוויכט; באַלד האָבען אינדער גענומען קומען מיט זייערע וואַארע, — הויפּטזעכליך געווירצען. מען האָט געשלעפּט זאַק נאָך זאַק, און דאָס האָט מען אויף שיפלעך געפיהרט צו דער „סאַן ראַפאַעל“ און דער „סאַן גאַבריעל“.

אום וואָס גיכער צו בעקומען פון גאַמאַ'ן זיינע פּרעזענטען, האָט דער זאַמאָרין איהם ענדליך איינגעלאַדען צו זיך. דאָך, אָנשטאָט איהם צו פערבעטען אין זיין קאַליקוטער פּאַלאַץ, איז ער אַוועקגעפאָה־רען אויף זיין אַנדער וואַיינונג, עטליכע מייל פון שטאָדט, כדי וואסקאַ דא גאַמאַ זאָל מוזען זיין וויזיט אָבשטאַטען דאָרטען. טאָמער דארף מען איהם ארעסטירען, וועט דאָרטען דאָס זיין לייכטער צו טהאָן. עס וועט זיין שטילער, און דיא פּאָרטוגעזער וועלען ניט קענען צוקומען מיט זייערע בעוואפענטע שיפען.

פון דעסטוועגען, ווען גאַמאַ האָט געפאָדערט מענשליכע משכנות, האָט דער זאַמאָרין איהם געשיקט דריי פון זיינע בעאַמטע, רייך גע־קליידעטע, בעציערט מיט אויערינגלעך און בראַסלעטען און בעוואפענט מיט שווערדען.

גאַמאַ האָט געהייסען אַוועקלעגען זיינע פרעזענטען אין דער שי־פעל, אין וועלכע ער האָט זיך געקליבען צו שווימען צום ברעג. צווישען דיא פרעזענטען האָבען זיך געפונען דיא פאָלגענדע זאַכען: רויטע געוואַנט, סאַמעט, אַ שטיק געלע אַטלאַס, אַ רייך טאַפּעציערטער שטוהל, צוויי רויטע אַטלעסענע קישעלעך מיט גאָלדענע קוטאַסען, אַ גרויסער רייך בעגולטער שפּיגעל, פּופּציג העל־רויטע מיצען מיט זיי־דענע קנעפּ און קוטאַסלעך, און 50 פּלעמישע מעסערס מיט פּעריל־מו־טערנע שטילכעלעך. דאָס און אייניגע אנדערע זאַכען זיינען געווען

דיא מתנות, וועלכע דער פּאָרטוגעזישער קאָמאַנדיר האָט געפיהרט צו דעם זאַמאָרין פון קאַליקוט. ער איז שוין געווען פערטיג צו פאָהרען אויף זיין וויזיט, ווען ער האָט זיך דערוואוסט, אז דער זאַמאָרין איז אוועקגעפאָהרען אויף זיין אַנדער וואוינונג, אום איהם דאָרטען צו עמפּפאנגען. דאָס האָט איהם אויסגעוויזען פערדעכטיג. ער האָט גלייך געשיקט זאָגען, אז ער וועט נִיט קומען ביז דער הערשער וועט ניט זיין בערייט איהם אויפצונעהמען אין זיין קאַליקוטער פּאַלאַץ; און דער גֿעצטער האָט ניט ווילענדיג ראַכגעגעבען.

גאַמאַ איז אָבגעשוואומען מיט צוועלף סאָלדאטען. זיין שיפעל איז געווען דעקאָרירט מיט פּאָהנעס, און אויף איהר האָבען געשפּיעלט טרומייטען, אָבער פון איהרע זייטען האָבען ארויסגעקוקט דיא מיילער פון קאַנאָנען. ביי'ן ברעג האָבען אויף איהם געוואַרט אינדישע בעאַמטע. מען האָט איהם ארויפגעזעצט אויף אַזאַ שיפעל און געטראָגען אויף דיא פּלייצעס נאָך זיין סקלאַד, וואו ער האָט זיך געדאַרפט איבערטהאָן. דאָרטען האָט ער זיך אויסגעפּוצט אין אַ בלויע אַטלעסענע בלוזע מיט אַ קאָסטבאַרען גאַרטעל, פון וועלכען עס איז אַראָפּגעהאַנגען אַ שפּיעז מיט אַ גאָלדענע הענטעל. איבער דעם האָט ער אָנגעטהאָן אַ פּלאַסטש פון נעלע אַטלעס, ביז דער ערד דיא לענג, מיט אַ בראָקאַטענעם אונטערשלאַג, און אייפ'ן קאָפּ אַ בלויע סאַמעטענע היטעל מיט אַ ווייסען פעדער. אין דיזע בגדים איז ער געגאַנגען מיט אַ פּראָצעסיע צו דעם זאַמאָרין'ס פּאַלאַץ. איהם האָט בעגלייט אַ יונגער „פּאַזש“, געקליידעט אין רויטע אַטלעס, און פאָראויס זיינען געגאַנגען זיינע צוועלף סאָלדאַטען, וועלכע האָבען געטראָגען דיא מתנות, וועהרענד פון ביידע זייטען האָבען מאַרשירט צוויי הונדערט אינדישע אָפיציערען מיט זייער „קאָטואַל“, אָדער וואַך־קאַפּיטאַן, אַן דער שפּיצע. דיא גאַסען זיינען געווען אַזוי געפּאַקט מיט מענשען, אַז דיא פּראָצעסיע האָט זיך קוים דורכגעשפּאַרט.

דער קאָטואַל האָט זיי צוערשט אריינגעפיהרט אין אַ טעמפּעל. דאָרטען האָט אַ אינדישער פּריסטער דיא געסט בעשפּריצט מיט „הייליגע“ וואַסער און בעשאָטען מיט אַזאַ שמעקענדע שטויב. ווען זיי זיינען ארויס פון טעמפּעל, איז צו דער פּראָצעסיע צוגעשטאַנען אַ גרויסע צאָהל אינדישע חיל.

ענדליך איז מען געקומען אין פּאַלאַץ — אַ גרויסע, שעהנע געביי־

דע ארומגערינגעלט מיט בוימער, מיט שמעקענדע בוימלעך, בלומען און פאָנטאַנען. ביי דיא טויערען האָבען געוואַרט רייך־געקליידעטע אַדע־ליגע און אַן אַלטער פּריסטער, וועלכע האָבען דעם גאַסט געפיהרט דורך פערשיעדענע בעוואַכטע טויערלעך; ענדליך האָבען זיי איהם געבראַכט אין אַ גרויסען זאַאַל, מיט האַלב־קיילעכדיגע ציילען בענק אַזוי וויא אין אַ טהעאַטער. אויף דיא ווענט זיינען געהאנגען רייכע זיידענע אויס־גענעהטע טאַפּעטען; אויף דער פּאָדלאָגע איז געלעגען אַ גרויסער גריי־נער טעפּיך.

אויף אַ באַלקאָן, אונטער אַ חופּה, אויף אַ סאָפאַ, וועלכע איז גע־ווען בעדעקט מיט ווייסע זיידענס און גאָלד־טוך, איז געזעסען דער זאַ־מאָרין. אויפ׳ן קאָפּ האָט ער געטראָגען אַ הוט פול מיט בליסטשענדע דימענטען און רובינען.

ער איז געווען זעהר שוואַרץ, שוואַרצער וויא מייסטע פון זיינע אונטערטהאַנען. דיא אויבערשטע טייל פון זיין קערפּער איז געווען נאַקעט. פון דעם סטאַן ביז דיא קניע האָט ער געטראָגען אַ ווייסע ספּאָדניצע. איינער פון זיינע נאַקעטע אָרעמס האָט אויף זיך געהאַט אַ בראַסלעט פון גאָלד און רובינען, פון וועלכען עס איז אַראָפּגעהאַנגען אַ זעהר גרויסער דימענט; אַרום האַלז האָט ער געטראָגען אַ גאָלדענע קייט, פול מיט פּעריל און רובינען; זיינע לאַנגע שוואַרצע האָר איז פון הינטען געווען איינגענומען וויא ביי אַ פרוי און ארומגעבונדען מיט אַ שנירעל פּעריל, און פון זיינע אויערען זיינען געהאַנגען גרויסע גאָלדענע רינגען. פון איין זייט איז געשטאַנען אַ אינגעל מיט אַ רויטען, מיט־דימענטען־בעציערטען שילד, און פון דער אַנדער זייט האָט אַן אַנדער אינגעל געהאַלטען אַ גרויסען גאָלדענעם בעכער, וועהרענד פון הינטען האָט אַ פּריסטער דעם זאַמאָרין פון צייט צו צייט דערלאַנגט אַזעלכע ניס, וועלכע ער האָט געקייט און אויסגעשפּיגען אין דעם גאָלדענעם בעכער.

ווען מען האָט אַריינגעטראָגען די פּרעזענטען, האָט דער זאַמאָרין אויסגעדריקט פּעראַכטונג צו זיי. וואַסקאָ דא גאַמאַ האָט זיך פּערענט־פערט, אַז דער פּאָרטוגעזישער קעניג האָט ניט געוואוסט אויף געוויס, אַז דיא עקספּעדיציע וועט דערגרייכען אינדיען, און אַז ער האָט וויכטיגערע פּרעזענטען, נעמליך צו פיהרען אַ גרויסען האַנדעל מיט קאַליקוט, צו שיקען אַהין פּיעלע שיפען מיט סחורות, פון וועלכע דער זאַמאָרין וועט

זעהר רייך ווערען. דער הערשער האָט ביי איהם אויסגעפרעגט וועגען זיין רייזע, וועגען זיינע שיפען, וועגען דעם קעניג פון פּאָרטוגאַל, וועגען זיין ארמיי און וועגען פערשיעדענע אַנדערע זאַכען. ווען גאַמאַ האָט איהם איבערגעגעבען אַ בריעף פון קעניג מאַנועל, האָט דער זאַמאָרין דאָס צוגעלייגט צום הארצען, אויפגעעפענט און דערלאַנגט זיין שאַץ־מייסטער אום מען זאָל דאָס איבערזעצען.

נאָך דעם וויא גאַמאַ האָט פערלאָזען דעם פּאַלאַץ, האָט דער „קאַטואַל" איהם אַרעסטירט אויף דער כלומר'שטדיגער בעשולדיגונג, דאָס ער און זיינע פּאָרטוגעזער זיינען ניט מעהר וויא רויבערס און אונטער־ציינדערס. ער האָט דאָס געטאָן אָהן דעם זאַמאָרין'ס וויסען, כדי צופריע־דען צו שטעלען דיא אַראַבישע סוחרים, וועלכע האָבען איהם אונטער־געקויפט און געזאָגט, אז זיי האָבען אַ נאַכריכט פון מאָמבאַזאַ, דאָס דאָרטען האָט גאַמאַ געוואָלט בערויבען און פערברענען דיא שטאָדט. עטליכע טעג האָט מען גאַמאַ'ן געשלעפּט פון איין אָרט אויף'ן אַנדערען, ביז ענדליך האָט דער זאַמאָרין זיך דערוואוסט פון דיא בעשולדיגונגען און דעם אַרעסט. איהם האָבען דיא אַראַבער אויך געלאָזט וויסען וועגען דיא ידיעה, וואָס זיי האָבען בעקומען פון מאָמבאַזאַ.

דער הערשער פון קאַליקוט איז געווען אַ מענש מיט אַ שוואַכען כאַראַקטער. יעדער האָט איהם לייכט געקענט איבעררעדען; און איהם איז איבערהויפּט געווען שווער זיך צו בעשליסען אויף וואָס עס איז. איינינע ראַטהגעבער האָבען איהם אָבער ערקלעהרט, אז מיט דעם פּאָרטוגעזישען קעניג איז אַ סכנה זיך אָנצוהויבען; אַלזאָ, האָט ער גאַמאַ'ן גלייך בעפרייט, איהם געשאָנקען אַ רייכע ציערונג פון גרויסע פּעריל און רובינען און זיך ענטשולדיגט פאַר דיא אונאַנגענעהמליכ־קייטען, וואָס ער האָט געהאַט.

פון דעם אַלעם קען דער לעזער בעקומען דעם איינדרוק, אז דיא אינדער זיינען געווען אַ קינדערשער, כמעט אַ האַלב־ווילדער פּאָלק; און אזא איינדרוק האָט געווים בעקומען וואַסקאָ דאַ גאַמאַ. אָבער פּונקט די זעלבע מיינונג האָבען דיא איינוואוינער פון קאַליקוט געהאַט פון וואַסקאָ דאַ גאַמאַ מיט זיינע פּאָרטוגעזער. אַזוי איז אימער, ווען עס טרעפען זיך מענשען פון פערשיעדענע שפּראַכען מיט פערשיעדענע מנהגים. ווען אַ געבילדעטער פראַנצויז, צום ביישפּיעל, בעזוכט ניו־

יאָרק אָדער שיקאַגאָ, קומען דיא אמעריקאנער איהם אויס ווילד, און ער קומט זיי אויס ווילד, אָדער וועניגסטענס קאָמיש. צו ערקלעהרען פאַר אַן אַמעריקאנער דעם פּאָליטישען לעבען פון רוסלאַנד, איז כמעט אונמעגליך. זיין איינבילדונגס־קראַפט בענעהמט דאָס ניט. אַלץ איז איהם אזוי פרעמד און זאָנדערבאר, אז ער קען עס ניט בעגרייפען. נאָך גרעסער איז דער תהום וואָס טיילט אָב אַן אייראָפּעאישען געלעהרטען, למשל, פון אַן אַלט־מאָדישען למדן. ביידע זיינען זיי גייסטיג הויך ענטוויקעלט. זיי בעלאַנגען אָבער צו צוויי בעזונדערע וועלטען, צו צוויי בעזונדערע קולטורען. זיי קומען איינער דעם אַנדערען אויס ווילד. אַזוי איז געווען יוען עס האָבען זיך צוזאַמענגעטראָפען דיא פּאָרטוגעזער מיט דיא אינדער. דיא אייראָפּעאישע ציוויליזאַציאָן איז א גריכיש־רוימישע, וועהרענד דיא ציוויליזאַציאָן פון אינדיען איז געווען א גאַנץ אַנדערע, הגם זיא איז געווען אַ פיעל עלטערע, און דיא אַלטע גריכען און רוימער האָבען פון איהר ניט ווייניג זאכען גענומען. דער זאַמאָרין און וואַסקא דא גאַמאַ האָבען בעלאַנגט צו צוויי בעזונ־דערע וועלטען. טויזענדער דאָלמעטשערם האָבען זיי ניט געקענט העל־פען זיך איינע דיא אַנדערע גוט פערשטעהן. דיא פרעמדקייט איז גע־ווען אַ פיעל טיפערע וויא דיא פרעמדקייט פון צוויי פערשיעדענע לשונות.

דיא פאַרצייטיגע ליטעראַטור פון אינדיען איז רייך אין פּאָעזיע און אין ערהאַבענע געדאַנקען וועגען מאָראַל און געזעלשאַפטליכע פער־העלטניסע. זייערע רעליגיאָנען, פריהער בּראַמיניזם און דערנאָך בּודדיזם, שטעהען אין געוויסע בעציהונגען העכער וויא דער קריס־טענטהום, וועלכער האָט פון זיי פיעלעס ענטנומען. זייער פאַרצייטי־גער לשון, סאַנסקריט, רעכענט זיך אין פיעלע פּונקטען פאַר דיא פּאָלשטענדיגסטע שפּראַך, וואָס דיא מענשהייט האָט ווען עס איז געהאַט. ער קלינגט זעהר שעהן, און איז זעהר רייך אין פאָרמען. דיא סאַנסקריטישע שפּראַך און דיא סאַנסקריטישע ליטעראַטור, וויא איבערהויפּט דיא אינדישע ציוויליזאַציאָן, ווערט היינט מיט'ן גרעסטען אינטערעס געשטודירט און געפּאָרשט פון אייראָפּעאישע געלעהרטע. אָבער אין דעם 15־טען יאהרהונדערט האָט מען וועגען דעם אַלעם גאַנץ ווייניג געוואוסט. מען האָט מעהר ניט געוואוסט, אַז אינדיען איז אַ זעהר אַלטע און זעהר רייכע לאַנד, און — דאָס וויכטיגסטע — אַז פון

דאָרטען בעקומט מען פעפער און אנדערע געווירצען. און דאָס איז אַלץ, וואָס וואסקאָ דאַ גאמא'ן האָט אינטערעסירט. ווען ער וואָלט אפילו געוואוסט, אז דאָ געהט אָן אן אינטערעסאנטער גייסטיגער לע־בען, וואָלט דאָס אויף איהם אויך קיין איינדרוק ניט געקענט מאכען.

ער האָט פערלאָזען קאליקוט אין אָנפאנג נאָוועמבער, 1498. ער האָט גערעכענט צו שווימען גלייך צוריק נאָך אפריקא, ארום אפריקא און וואָס שנעלער אהיים. אָבער, ווען זיינע שיפען זיינען שוין געווען אין דעם אָפענעם ים, דאָס הייסט, אין דעם אינדישען אָקעאַן, האָט דער ווינט גענומען בלאָזען פונקט אין דער אנדערער זייט, און ער איז געצוואונגען געווען צו שווימען פאזע דעם ברעג פון אינדיען, — פאָר־לויפיג צו צפון צו.

באלד איז ער ווידער אָנגעקומען אין קאַנאַנאָר. דער דאָר־טיגער הערשער האָט איהם עמפפאנגען מיט דיא פריינדליכסטע אויפ־מערקזאמקייט. דיא פּאָרטוגעזער האָט זיך דאָ געלעבט אַזוי גוט, אַז זיי האָבען דאָ פערבראכט גאנצע דריי וואָכען. וואסקאָ דאַ גאמא האָט דעם היגען „ראזשא“, אָדער הערשער, געשאָנקען אַ שווערד מיט אַ ריי־כען גאָלד־בעציערטען שייד, קאָרעלען, זילבער, און אנדערע זאכען; און דער ראזשא, פון זיין זייט, האָט איהם געגעבען אַ גאָלדענעם קראַ־גען פול מיט זעלטענע דימענטען און אַ שווערע גאָלדענע קייט, מיט אַ מעדאַליאָן פון דימענטען און רובינען. דאָ האָט גאמא אָנגענומען נאָך געווירצען — ביז אויף זיינע שיפען איז שוין מעהר קיין פּלאַץ ניט געווען.

ווייטער וויא קאַנאַנאָר איז דאוואָן מיט דיא פּאָרטוגעזער ניט מיט געפאָהרען. גאמא האָט איהם רייך בעלוינט פאר זיין טרייע דיענסט, און דיא מאטראָזען פון ביידע שיפען האָבען זיך מיט איהם געזעגענט מיט אַ הערצליכען הורראה.

דיא „סאן ראפאעל“ און דיא „סאן גאבריעל“ האָבען ווידער גע־פּרופט שווימען צוריק צו מערב צו, אָבער דיא ווינטען זיינען נאָך אַלץ געווען אונגינסטיג. דאָס זיינען אייגענטליך געווען דיא זעלבע ווינטען, וואָס האָבען זייערע שיפען געטריבען פון מעלינדא נאָך קאליקוט. זיי האָבען געבלאָזען אין דיא זעלבע ריכטונג, — צו מזרח צו. איצט אָפּער, אז גאמא האָט געוואָלט געהן צוריק, האָבען זיי שוין איהם נאטירליך געשטערט. ווידער האָט ער זיך געמוזט אָפּשטעלען, — דיעזען מאָל

ביי אַ קליינעם אינזעל ניט ווייט פון דעם אינדישען ברעג. דאָ האָט גאַמאַ איינגעקויפט פיש. דערביי האָבען דיא פישער, וועלכע ער האָט גוט בעהאַנדעלט, איהם אײַינגעראַמט אַ סוד, אַז ער זאָל זיך היטען, ווייל מען קלייבט זיך צו פאַנגען זיינע צוויי שיפען.

אַ מייל זעכציג ווייטער צו צפון צו געפינט זיך דיא שטאָדט ג אָ אַ. דער דאָרטיגער ראַזשא, וועלכער האָט געהייסען ס אַ ב אַ י אָ, האָט גע־הערט פון דיא פאָרטוגעזער שיפען, און טהיילווייז אויס שנאה צו דעם זאַמאָרין, וועלכער מאַכט דורך זיי פערבינדונגען מיט אייראָפאַ, טהייל־ווייז איינפאַך מיט דעם צוועק גאַמאַ׳ן צו בעראַבעווען, האָט ער ארויס־געשיקט אַ גרויסע צאָהל שיפלעך מיט פיעלע בעוואַפענטע מענשען, זיי זאָלען בעפאַלען דיא פאָרטוגעזער און זיי אַוועקשלעפען מיט זיי־ערע שיפען מיט אַלעמען נאָך ג אָ אַ. דיעזע שיפלעך זיינען געלעגען אין אַ פערבאָרגענעם פלאַץ, די פאָרטוגעזער זאָלען זיי ניט זעהן. זייער אַדמיראַל האָט זיך געקליבען צוערשט צוצושווימען צו דער „סאַן ראַ־פאַעל“ בלויז מיט איין שיפעל, זיך פאָרצושטעלען אַלס אַ פריינד און אויף דיעזען אַרט זעהן וואָס ביי דיא פאָרטוגעזער טהוט זיך.

וועגען דאָס אַלעס האָבען דיא פישער פון דעם אינזעל דערצעהלט גאַמאַ׳ן, און ער האָט זיך צוגעגרייט צו דעם וויזיט.

אויף מאָרגען אין דער פריה איז פארביי דיא „סאן ראפאעל“ פאר־ביי־געשוואומען אַ שיפעל אי מיט זעגלען אי מיט וויאָסלעס. דיא שי־פעל איז זיך כלומר׳שט געגאַנגען איהר וועג, נור דאָ האָט זיא זיך אָב־געשטעלט „אויף אַ ווײַילע“, און אַ הויכער מאַן מיט אַ ווייסע באָרד האָט פון איהר אויסגערופען אין שפאַניש:

— איך ווינש גליק דיא קריסטליכע קאַפּיטאַנען מיט זייערע מאַ־טראָזען!

דאָס איז געווען דע־ אַדמיראַל פון סאַבאַיאָ׳ס פלאָטע. ער האָט געזאָגט, אַז ער איז אליין פון שפאַניען און געבעטען ערלויבנים ארויפ־צוקומען אויף דיא „סאַן ראפאעל“, נאָכצופרעגען זיך אויף זיין גע־בורטס־לאַנד.

— פערציג יאָהר בין איך דאָ געווען אין פליען — האָט ער ער־קלעהרט — גאָט האָט אייך אהער געבראַכט. אויב איהר האָט עפּעס צו פרעגען וועגען דיעזע געגענדען, קען איך אייך אויף אַלץ ענטפערען. איך בין מיט אינדיען גוט בעקאַנט.

וואסקאָ דאַ גאמא האָט זיך געמאכט ניט וויסענדיג, וואָס זיין אמת׳ער מיין איז, און איהם איינגעלאַדען ארויפצוקומען. ווערהענד ער איז מיט איהם געזעסען און גערעדט, האָט פּאולא דא גאמא געלאָזט וויסען קאָלאָ׳ן, ער זאָל צונעהמען דעם אַלטען מאַן׳ס שיפעל און ארעסטירען דיא עטליכע מענשען וואָס האָבען זיך דאָרטען געפונען. ווען וואסקאָ דאַ גאמאַ האָט פון וויטען געזעהן, אז דאָס איז שוין דורכגעפיהרט געוואָרען, האָט ער געהייסען שמידען זיין „גאַסט“ אין קייטען, אויסטהאָן איהם נאַקעט און איהם מערדערליך שמייסען, ביז ער וועט זיך מודה זיין.

עס האָט זיך ארויסגעצייגט, אז דער געפאַנגענער אדמיראַל פון סאבאַיאָ׳ס שיפלעך איז אַ איד. אייניגע פון דיא אַלטע היסטאָריקער זאָגען, אז ער איז געבאָרען געוואָרען אין פּאָזען, פּוילען; אַנדערע, אז אין גראַנאַדאַ, שפּאַניען. צוליעב דיא אידען־פערפאָלגונגען איז זיין פאָטער געצוואונגען געווען צו פערלאָזען זיין געבורטס־פּלאַץ און עמי־גרירען צוערשט אין טערקיי און דערנאָך אין פּאַלעסטינא. דער זוהן איז נאכהער געווען אין אַלעקסאנדריא. פון דאָרטען איז ער אַוועק נאָך אַראַביען און פון אראביען נאָך אינדיען, וואו דער ראַזשא פון גאָאַ האָט איהם געמאַכט פאַר זיין אַדמיראַל.

ער האָט זיך ענדליך מודה געווען פאר גאַמאַ׳ן, אז ער איז געקו־מען אויסקוקען זיינע שיפען, און אום צו ראטעווען זיין לעבען, איז ער מרוצה געוואָרען צו טויפען זיך. זיין אידישער נאָמען איז אונבעקאַנט. דער קריסטליכער נאָמען, וועלכען וואסקאָ דא גאמא האָט איהם געגע־בען, איז גאַספּאַר דאַ גאמא. הויפּטזעכליך איז ער אָבער בע־קאַנט אַלס „גאַספּאַר פון דיא אינדיעס“.

אַזוי וויא ער איז געווען אַן אויסגעצייכענטער שיפסמאַן, איז גע־ווען גוט בעקאַנט מיט געאָגראַפיע און האָט גערעדט עטליכע שפּראַכען, איז ער גאמאַ׳ן זעהר ניצליך געווען. און שפּעטער, ווען זיי זיינען גע־קומען נאָך ליסאַבאָן, האָט זיך אין איהם פעראינטערעסירט דער פּאָר־טוגעזישער קעניג, מאַנועל, וועלכער האָט מיט איהם געהאַט פיעלע גע־שפּרעכען און איהם געגעבען רייכע פּרעזענטען. גאַספּאַר האָט מיטגע־האָלפען אין פּאָרטוגאַל׳ס וויטערע ענטדעקונגס־עקספּעדיציעס. ער האָט אין זיי געדיענט ניט בלויז אַלס דאָלמעטשער, נור אויך אַלס וועג־וויוזער און ראַטהגעבער.

סאבאיאָ'ס שיפלעך האָט וואסקאָ דא גאמא געבאפּט; זייערע געוועהר און פּראָוויאנט האָט ער צוגענומען און זייערע מענשען האָט ער טיילוויז דערשאָסען, ווען ער האָט זיי אטאקירט, און טיילוויז געטוידטעט אויף דער „סאן־ראפאעל" און דער „סאן־גאבריעל", וואו מען האָט זיי געבראכט נאָך דעם וואסער־שלאכט.

דער וועג צוריק נאָך אפריקא איז ניט געוועזען קיין גליקליכער. סקאָרבוט האָט אויסגעבראָכען און גאנצע 37 מאַן זיינען געשטאָרבען. אין איין פּלאַץ, שוין לעבען דעם אפריקאנער ברעג, זיינען בעפאלען די פּאָרטוגעזער עטליכע קליינע שיפען מיט מורינישע סאָלדאטען, אָבער גאמא'ס קאנאָנען האָבען זיך מיט זיי לייכט ספּראוועט.

אין א שעהנעם פריהמאָרגען, אין אָנפאנג יאנואר, זיינען די פּאָרטוגעזער מיט פרייד ווידער געקומען נאָך מעלינדא, וואו מען האָט זיי אזוי גוט בעהאנדעלט אויף זייער רייזע נאָך אינדיען. דיעזען מאָל זיינען זיי דאָרטען פערבליבען צוועלף טעג, און ווידער האָט דער קעניג פאר גאמא'ן מיט זיינע צוויי קאפּיטאנען געגעבען מאָהלצייטען, און זיי בעשאָטען מיט מתנות.

עטליכע מאָנאטען האָבען זיי געררייזט ארום אפריקא, פּאזע דעם מזרח־ברעג, ארום דעם דרום־ענד און פּאזע דעם מערב־ברעג, איידער זיי האָבען דערגרייכט די קאפּ־ווערדישע אינזלען. דאָרטען איז וואסקאָ'ס ברודער, פּאולאָ, געפעהרליך קראנק געוואָרען, און אין א קורצע צייט ארום איז ער געשטאָרבען, און מען האָט איהם בעגראָבען אויף אַן אינזעל.

אין ליסאבאָן האָט מען דערווייל שוין כמעט פערלאָרען די האָפנונג די רייזענדע ווען עס איז ווידער צו זעהן. דער קעניג האָט געגלויבט, אז גאמא מיט זיינע מאטראָזען זיינען אומגעקומען אויפ'ן וועג, איידער זיי זיינען דערגאנגען ביז אינדיען. און ווען מען האָט איהם אָנגעזאָגט, אז ער איז דאָ צוריק, און אז ער האָט מיט זיך צוויי שיפען געלאָדען מיט געווירצען, האָט ער פאר שמחה דעם מאַן, וואָס האָט איהם געבראכט די פרעהליכע בשורה, געמאכט פאר א מיטגליעד פון זיין סוויטע.

וואסקאָ דא גאמא איז געקומען נאָך ליסאבאָן ביין ענד אוגוסט, 1499, מעהר וויא צוויי יאָהר נאָך זיין אָפּפאָהרען.

דיא פּאַראַדען און דיא בעגייסטערונג, מיט וועלכע מען האָט איהם עמפּפאַנגען, איז איבעריג צו בעשרייבען.

דיא וואונדערליכע ווייטע לאַנד, דיא לאַנד, צו וועלכע אייראָפּאַ האָט ניט געקענט צוקומען זינט דיא צייטען פון אַלעקסאַנדער מוקדון, איז ענדליך בעזוכט געוואָרען פון אייראָפּעאישע שיפען! פּלוצלונג איז אראָפּגעריסען געוואָרען דער שלייער, אין וועלכען זיא איז אימער געווען איינגעהילט. ניט בלויז פּאָרטוגאַל, נור גאַנץ אייראָפּאַ האָט מיט דיא נייעס געקאָכט.

וואסקאָ דאַ גאמאַ איז געווען דער „העלד פון טאָג“. אָבער ריכטי־גער וואָלט געווען צו זאָגען, אז דער העלד פון טאָג זיינען געווען דיא קאָסטענס פעפער, וואָס ער האָט געבראַכט — דיא ערשטע קאָסטענס פעפער, וואָס זיינען נאָך אייראָפּאַ געבראַכט געוואָרען ניט פון אראַ־בער, נור פון אייראָפּעער. דיא גאַנצע געשעפטס־וועלט האָבען זיי אי־בערגעקעהרט. ווענעציע האָט געמוזט פאַלען. דיא שטאָדט, וועלכע האָט יאהר־הונדערטע פערנומען דעם אויבען־אָן אין דעם פּאָליטישען און גייסטיגען לעבען פון אייראָפּאַ דורך דעם, וואָס זיא האָט געהאַלטען דיא שליסלען צו דעם האנדעל מיט דיא אראבישע סוחרים, האָט גע־מוזט פערלירען איהר ווערדע. וואסקאָ דאַ גאַמאַ׳ס ערשטע רייזע איז געווען בלויז דער אָנפאַנג. פּאָרטוגאַל האָט געשיקט ווייטערע עקספּע־דיציעס נאָך אינדיען, ווייטערע און גרעסערע. פיעל אינדישע און אראבישע בלוט האָט זיא דאָרטען פערגאָסען. פעסטונג נאָך פעסטונג האָט זיא דאָרטען געבויט, ביז ביסלעכווייז איז איהר מאַכט אויף יענער זייט אינדישען אָקעאַן פערפעסטיגט געוואָרען און, אויף א געוויסע צייט, וועניגסטענס, איז זיא געווען דיא איינציגע בעל־הבית׳טע איבער דעם מסחור מיט דעם ווייטען מזרח.

און קאָלומבוס? אין דער צייט, ווען אייראָפּאַ האָט געקלונגען מיט דער נאַכריכט, אז וואסקאָ דאַ גאמא, דער פּאָרטוגעזער, איז געווען אין אינדיען און געבראַכט פון דאָרטען צוויי שיפען מיט געווירצען אַ חוץ דימענטען, פּעריל, רייכע ציערונג, איז דער אַדמיראַל פון הים־פּאַניאָלאַ נאָך אַלץ אָבגעקומען בלויז מיט פּערזיכערונגען און פערשפּרע־כונגען, אז ער וועט באַלד צוקומען צו דער לאַנד פון געווירצען.

וואסקאָ דאַ גאַמאַ׳ס ערפאָלג האָט דיא קאָלומבוס־טראַגעדיע אַ מערדערליכען פּאָרווערטס־שטויס צו איהר פינסטערען ענד געגעבען.


אטלאנטישער
קאלומבוס רייזע
אמעריקא
שפאניען
מיטעללענדישער ים
אראביא
אזיא
אינדישער
אקעאן
מאדאגאסקאר
וואסקא-דא-גאמא'ס רייזע
קאפ פון גוטן האפענונג
מזרח
דרום

## XVIII.

## קאָלומבוס ענטדעקט אַמעריקאַ גופא.

קאָלומבוס'עס דריטע רייזע. — ניט וויים פון עקוואַטאָר, אָבער קאָלומבוס געפינט ניט קיין נעגערס, נור וויעדער אינדיאַנער. — דער אינזעל טרינידאַד. — ער קומט קיין זיד־אַמעריקאַ, ער מיינט אָבער, אַז דאָס איז אַ טהייל פון אַזיען. — דער אָרינאָקאָ טייך. — ער קומט צום שלוס, אז ער געפינט זיך לעבען דעם גן עדן, און אז דיא ערד האָט דיא פאָרמע פון אַ בערנע. — ער געפינט פעריל. — בארטהאלאמיי'ס הערשאפט. — א בעזוך ביי דעם קאסיק בעהעטשיא און זיין שעהנע שוועסטער. — אַן אינדיאנישער קבלת פנים. — בארטהאלאמיי לערענט זיך אויס עסען אַן אינדיאנישען מאכל. — אַ נייע פּראָבע זיך צו בעפרייען פון דיא שפּאַניער. — בארטהאלאמיי טוידטעט צוויי קאסיקען. — ער זאַמעלט צינזען אונגעשטערט. — דיא ווייסע גופא מאכען א פערשווערונג געגען בארטהאלאמיי'ען. — ראָלדאַן, דער אנפיהרער פון דעם אויפשטאַנד. — מען קלייבט זיך באַרטהאָלאָמיי'ען צו טוידטען. — דיא צאָהל פון ראלדאן'ס אנהענגער וואקסט. — בארטהאלאמיי האָט מורא אַרויסצוקומען פון דער פעסטונג קאָנצעפּציאָן. — צוויי שיפען מיט גוטע נאַכריכט פאר איהם. — גוואריאנעקס'עס טרויעריגע געשיכטע. — קאָלומבוס קומט און איז געצוואונגען נאָכצוגעבען ראָלדאַן'ס פאָדערונגען. — אָיעדע קומט פון שפּאַניען מיט פיער שיפען. — אמעריגא וועספוטשי, נאָך וועמען מען האָט שפּעטער אַ נאָמען געגעבען אַמעריקא, איז געוועזען איינער פון אָיעדא'ס שיפס־קאַפּיטאַנען. — דיא שפּאַנישע קרוין קלייבט אויס אַ נייעם רעוויזאָר מיט פולמאַכט ביי קאָלומבוס'ען צוצונעהמען זיין הערשאַפט, און, אויב נויטיג, איהם צו בעשטראָפען.

קאָלומבוס האָט זיין דריטע רייזע אַלזאָ אָנגעפאַנגען דעם 30־טען מאַי, 1498. ער איז אָבגעפאָהרען מיט זעקס שיפען און 200 מאַן, א חוץ דיא מאַטראָזען. דעם 21־טען יוני האָט ער דיא פלאָטע צוטיילט: דריי שיפען האָט ער געשיקט דירעקט נאָך היספּאניאָלא אום

זיי זאָלען וואָס שנעלער אהין קומען מיט דיא פּראָוויאנט, וואָס זיי האָ־בען געפיהרט, און מיט דיא איבעריגע דריי האָט ער זיך פערנומען מעהר צו דרום זייט. ערשטענס, האָבען דיא אינדיאנער אימער איהם אָנגעוויזען צו דרום צו, אלס א פּלאַץ, וואו עס געפינט זיך פיעל גאָלד; צווייטענס, האָט ער גערעכענט, אז זיינע ענטדעקונגען געפינען זיך ניט ווייט פון דעם אזיאטישען האלב־אינזעל מאַלאקקא און אז שווימענדיג צו דרום און ארום דיעזען האלב־אינזעל וועט ער אריינקומען אין דעם אינדישען ים.

אזוי פאָהרענדיג איז ער צוגעקומען נאָהענט צו דעם עקוואטאָר, (הגם ער האָט געמיינט, אז ער איז נעהנטער וויא אין אמת'ען). דאָ האָט ער ערווארטעט צו בעגעגענען נעגערס, ווייל אזעלכע מענשען האָט ער געזעהן ניט ווייט פון עקוואטאָר אין אפריקא. און אזוי וויא ער האָט געהערט, אז גאָלד, ערדעלשטיינער און געווירצען געפינט מען מייס־טענס, וואו עס וואוינט דיא שווארצע ראסע, איז ער געפאָהרען נאָך ווייטער צום עקוואטאָר צו.

ער איז אריינגעקומען אין א געגענד, וואו דיא לופט איז געוועזען טויט־שטיל און האָט געברענט וויא פייער. עס איז געוועזען אזוי הייס, אז דיא וויין־פעסער און וואסער־פעסער האָבען געפּלאַצט אָדער אזוי אָנגעהויבען צו רינען, און דיא שיפען גופא זיינען אזוי איינגעטריקענט געוואָרען, אז זיי האָבען זיך צושפּאָלטען. פעררינכטען, ווידער, האָט מען דאָס אלץ ניט געקענט איינפּאַקען ווייל דערצו וואָלט מען געמוזט ארונ־טערגעהן אונטען אין שיף, און דאָרטען איז איצט אבסאָלוט אונמעגליך געוועזען צו אָטהעמען. דיא רייזענדע זיינען שרעקליך אָבגעשוואכט געוואָרען און פערלאָרען זייער מוטה און לעבענס־אינטערעס. עס האָט זיך אויסגעוויזען אזוי וויא דיא אַלטע באָבע מעשות, אז ביי'ן עקוואַ־טאָר קענען קיין מענשען ניט לעבען, וואָלטען פאָרט געוועזען אמת.

ענדליך זיינען זיי געקומען אויף א פּלאַץ, וואו דיא לופט איז ניט געוועזען אזוי טוידט. א ווינט האָט געבלאָזען און דיא שיפען האָבען גע־נומען געהן שנעלער. נאָך צעהן טעג זיינען אוועק, און זיי האָבען דער־זעהן דריי בערג. קאָלומבוס האָט דעם פּלאַץ דעריבער א נאָמען געגעבען טרינידאד, דאָס הייסט דיא היילינע דריי־איינינקייט. דאָס איז געוועזען א אינזעל, וועלכער טראָגט נאָך עד היום דעם זעלבען נאָמען.

עס האָט זיך ארויסגעצייגט, אז דיא מענשען זיינען דאָ ניט קיין

שוואַרצע, און ניט קיין קורצע, מיט געגרייזעלטע האָר, נור צימרינג־קאָלירטע מיט גלייכע לאַנגע האָר — פון דער זעלבער ראססע וויא דיא איינוואוינער פון היספּאַניאָלאַ, נור אַ ביסעל העלער, און שעהנער.

ארומשווימענדיג ארום טרינידאד האָט ער דערגרייכט אַ פּלאַץ, וואו ער איז איבערראשט געוואָרען פון דיא האסט, מיט וועלכע דאָס וואַסער האָט דאָרטען געשטראָמט. זיינע שיפען זיינען שיער ניט אי־בערגעקעהרט געוואָרען. ווען ער האָט דאָס וואסער פערזוכט, האָט זיך ארויסגעצייגט, אז עס איז ניט געזאלצען, ניט קיין ים־וואסער, נור גוט צום טרינקען. דאָס הייסט, אז ער איז געוועזען ביי דעם מויל פון אַ טייך. ווען ער האָט בעטראכט דיא ריעזיגע מאַססע וואסער, וואָס דער טייך ווארפט פון זיך אריין אין ים, איז ער געקומען צו דער איבערציי־גונג, אז דאָס קען ארויסקומען בלויז פון דעם גרעסטען טייך, וואָס ער האָט ווען עס איז געזעהן. אזא ריעזיגער טייך קען זיך ניט געפינען אויף אַן אינזעל. אויף דיעזען ארט איז ער געקומען צום שלוס, אז דאָ איז א קאנטינענט, און דיעזען מאָל האָט ער ניט געהאַט דעם טעות, וואָס ער האָט געהאַט מיט קובא, וואָרים דאָ איז ווירקליך געוועזען א קאָנ־טינענט — ז י ד אַ מ ע ר י ק א. ער האָט אָבער געמיינט, אז ווייטער ערגעץ וואו בעהעפט זיך דיעזע לאַנד מיט קובא, — דאָס הייסט, אז קובא איז א טייל פון דעם קאנטינענט.

דאָס איז געוועזען דעם ערשטען אוגוסט, 1498. דער טאָג איז איי־נער פון דיא וויכטיגסטע אין דער גאנצער געשיכטע פון קאָלומבוס'עס ענטדעקונג: פריהער האָט ער בלויז בעזוכט אינזלען פון אמעריקא; אין דיעזען טאָג האָט ער צום ערשטען מאָל דערזעהן דעם קאָנטינענט, דיא הויפּטלאַנד, — אמעריקא גופא.

אָבער מיט צוויי מאָנאַט און צעהן טעג פריהער האָט וואסקאָ דא גאַמאַ געמאַכט אַן ענטדעקונג, וועלכע האָט זיך דאַן גערעכענט פאַר אַ פיעל וויכטיגערע וויא קאָלומבוס'עס. דעם 20־טען מאַי האָט דער פּאָרטוגעזישער קאָמאַנדיר אראָפּגעלאָזען זיינע אַנקערס ביי דער אינ־דישער שטאָדט קאליקוט, הגם וועגען דעם האָט נאָך ניט געוואוסט, ניט נור קאָלומבוס, נור אפילו דער פּאָרטוגעזישער קעניג אויך ניט.

דער טייך, וואָס קאָלומבוס האָט דאָ ענטדעקט, הייסט אָ ר י נ אָ־ק אָ. ניט גאַנץ ווייט פון דעם פּלאַץ, וואו דיעזער טייך גיסט זיך אריין אין ים אריין, איז זיד־אמעריקא אזוי וויא אויסגעביסען, איינגעשפּאָל-

טען. דיא שטיקעל ים, וואָס קומט אריין אין דיזען „בים", הייסט פּאַריא־בוזים און דער ברעג ארום דיזען געגענד — פּאַריא ברעג..

דיא האסטיגקייט, מיט וועלכע דאָס וואסער שטראָמט ביי דעם מויל פון דער ארינאָקאָ, שטאמט טיילווייז טאקי פון דעם, וואָס דער טייך איז א ברייטער און א פולער; אָבער דאָס איז ניט דיא איינציגע אורזאכע דערפון. צווישען דעם מויל פון דער ארינאָקאָ און דעם אינזעל טרינידאד געפינט זיך א שנעלער ים־שטראָם, איינער פון די פערשיעדענע שטראָמען, וועלכע געהען איבער דיא פערשיעדענע אָקעאַנען*). פון דיזע ים־שטראָמען האָט קאָלומבוס אָבער נאָך ניט געוואוסט. אלזאָ, האָט ער זיך געקלערט, אז דיא ארינאָקאָ גיסט זיך אריין מיט אזא אימפעט, ווייל זיא פליסט אראָפּ פון א גרויסען באַרג.

פון דעם און פון געוויסע אַנדערע פונקטען איז דער אבערגלויביגער קאָלומבוס געקומען צו דער איבערצייגונג, ערשטענס, אז דיא אָרינאָקאָ פליסט דורכ'ן גן עדן, און, צווייטענס, אז דיא ערד איז ניט קיילעכדיג, ווי א באַלל, נור אז זיא האָט דיא פאָרמע פון א בערנע און אז ער געפינט זיך ביי דעם שמעלערען ברעג פון דער בערנע. דער קלימאַט איז דאָ געוועזען א פּרעכט־גער, וויא עס פּאַסט זיך פאר דעם קרייז, וואו עס ליגט דער גן עדן. א באַרג איז דאָס (אזוי האָט קאָלומבוס געמיינט), און דאָס האָט געשטימט מיט דעם גלויבען, וועלכער איז דאַן געוועזען פערשפּרייט, אז דער גן עדן געפינט זיך אויף א באַרג.

די דאָרטיגע אינדיאַנער האָבען איהם זעהר אינטערעסירט. עס איז אָבער צוערשט שווער געוועזען צו זיי צוצוקומען. אין איין פּלאַץ, צום ביישפּיעל, איז פאָרגעקומען אזא סצענע: אויף דעם אָרט, וואו קאָלומבוס'עס שיפען האָבען זיך אָבגעשטעלט, איז ערשיענען א גרויסע, שעהן־געמאַכטע קאַנאָ מיט פינף און צוואנציג אינדיאַנער. דיא לעצטע האָבען זיך פּלוצלונג אָפּגעשטעלט פון וויטען, און האָבען גערעדט צו דיא שפּאַניער אין א דיאַלעקט, וועלכער איז געוועזען גאַנץ אַנדערש וויא דיא

*) וויוטער צו צפון צו הייסט דיא פאָרטזעצונג פון דיזען וואסער־גוס גאָלף שטראָם. ער איז וואַרימער וויא דיא ארומיגע וואסער פון דעם אַטלאַנטישען אָקעאַן און ער געהט וויוט־וויוט און שטראָמט אַריבער צו אייראָפּאָ.

שפּראך פון דיא היספּאַניאָלער אָדער דיא קובאַנער רויטע. צוקומען נעהענטער האָבען זיי מורא געהאַט. קאָלומבוס האָט זיי געפּרופט צו־ציהען מיט בליסטשענדע שפּאָגעל נייע מעשענע שיסלען און מיט דיא שיין פון שפּיגעלעך, אָבער דאָס האָט ניט געהאָלפען. צוויי שטונדען נאָך אַנאַנד זיינען זיי געשטאַנען מיט דיא וויאָסלעס אין דיא הענט און האָבען געקוקט אויף דיא שיפען אַזוי וויא פער'כשופ'טע. זיי זיינען אַלע געווען יונגע לייט, נאַקעטע, אָבער מיט שטיקלעך לייוועגט ארום דעם מיטען פון דעם קערפּער און ארום קאָפּ. זיי זיינען געווען בע־וואפענט מיט פיילען־בויגענס, און א חוץ דעם האָבען זיי געהאַט שיל־דען, — א זאך, וואָס דיא שפּאַניער האָבען נאָך פריהער ביי קיין אינדיאַנער ניט געזעהן.

קאָלומבוס האָט געפּרופט מוזיק, — אפשר וועט דאָס העלפען. אינדיאַנער האָבען ליעב צו טאַנצען און צו פייקלען, אַלזאָ, האָט ער דיא מוזיקאנטען געהייסען אויפשפּיעלען און דיא יונגע מאַטראָזען טאַנצען, אָבער דאָס האָבען דיא אינדיאַנער אָנגענומען פאר א „מלחמה־טאַנץ“, און אָנשטאָט צו קומען מיט א פריינדליכען וויזיט, האָבען זיי אויפ'ן שטעל אָנגעטהאָן זייערע שילדען, אָנגעשטעלט זייערע בויגענס, און גע־שיקט צו דיא שפּאַניער א רעגען פון שפּיציגע בעפעדערטע פיילען. ווען דיא ווייסע האָבען אָבגעענטפערט מיט זייערע „שטאָהלענע געוועהר, האָבען דיא נאַקעטע קעמפפער געמאַכט פּליטה.

אין אַן אַנדער פּלאַץ האָבען דיא שפּאַניער איבערגעקעהרט א קאַנאָ און געכאַפּט אינדיאַנער שווימענדיג. ווען מען האָט זיי געבראַכט אויף דער שיף, האָט קאָלומבוס זיי געשאָנקען גלעקעלעך און צוקער, און האָט זיי אָוועקגעלאָזען. דאָס האָט דיא שפּאַניער פערשאַפט א גוטען נאָ־מען ביי דער דאָרטיגער בעפעלקערונג, און דער ציטרינגג־קאָלירטער עולם האָט גענומען קומען אַליין. זיי האָבען געבראַכט קוקורוזע, ברויט, און אַזא געטראַנק. וועניגען אַלץ האָבען זיי הויפּטזעכליך געאורטהיילט מיט דעם חוש הריח. אָנשטאָט צו בעקוקען אָדער ארומטאַפּען, האָבען זיי אַלץ ארומגעשמעקט. זיי האָבען געשמעקט דיא שיף, דיא ווייסע מענשען, דיא גלעקעלעך; און ביי זיי האָט אויך אַלץ געהאַט דעם ריח פון „טורי“, פון הימעל. פיעלע פון זיי האָבען געטראָגען קאָלנערס, קאָפּ־ציערונגען אָדער בראַסלעטען פון אַזא מעטאַל, וועלכען זיי האָבען

גערופען „גוואנין“. דאָס איז א זעהר ביליגער זאָרט גאָלד — אַ געמיש פון אַ ביסעל גאָלד מיט אנדערע מעטאַלען.

מעהר פון אַלץ האָט אָבער קאָלומבוס זיך פעראינטערעסירט מיט דיא בינטלעך פעריל, וואָס פיעלע פון דיעזע אינדיאַנער האָבען גע־טראָגען ארום דיא אָרימס. דיא פרויען האָבען אַזעלכע בינטלעך גע־טראָגען ארום האלז, און דאָס האָבען זיי דיא שפּאַניער אַוועקגעגעבען מיט פערגניגען פאר אַ גלעקעלע אָדער אַן אָבגעבראָכענע שטיקעל קאָ־לירטע פּאַרצעליי. דיא שפּאַניער האָבען איינפאַך צובראָכען אַ טעלער און דיא שטיקלעך אויסגעביטען אויף שנירלעך פעריל. איבעריגענס, האָבען זיי דיא פעריל אַלע אָבגעגעבען קאָלומבוס'ען, וועלכער האָט דאָס נאכהער געשיקט צו דעם קעניג און דער קעניגין אלס אַ בעווייז אויף דיא רייכטהימער פון דער לאַנד, וואָס ער האָט ענטדעקט. אַ טייל פון דעם פּ אַ ר י אַ ברעג האָט ער אַ נאָמען געגעבען „פעריל ברעג“.

ער האָט באַלד ווידערשפּראָכען זיין ריכטיגע טהעאָריע, אז דאָס איז אַ קאָנטינענט, און האָט גערעכענט, אז דער פּאַריא ברעג איז אַ ברעג פון אַן אינזעל. אָבער נאכהער האָט ער זיך אומגעקעהרט צו דער איבערצייגונג, אז דאָס איז פּאָרט אַ קאָנטינענט. צו אזוי צו אזוי — דיא אינדיאַנער האָבען געוויזען מיט דיא פינגער, אז וויטער וועט ער געפינען מאַסען פעריל, און איהם האָט זיך זעהר געוואָלט דאָ פערבלײַבען אַ לאַנגע צייט — פּאָרשען דיעזען מערקווירדיגען געגענד, און אָנ־נעהמען אַן אוצר פון פעריל. דער צושטאַנד פון זיין געזונד האָט איהם אָבער געצוואונגען וואָס שנעלער צו פאָהרען נאָך היספּאַניאָלאַ. ער האָט אָפּט געהאַט פיבער; דיא אויגען האָבען איהם אזוי וועה גע־טהאָן, אז ער האָט שוין ניט געקענט מאַכען דיא בעאָבאַכטונגען פאר דער ים־רייזע, און ער איז איבערהויפּט געווען זעהר אויסגעמאַטערט און צובראָכען.

ער איז אַלזאָ געפאָהרען קיין היספּאַניאָלאַ נאָך רוהע. אָבער אָנ־שטאָט דעם האָט ער דאָרטען געפונען נייע דאגות מיט נייע צרות.

אין סך הכל האָט קאָלומבוס זיך געזאַמט — אין שפּאַניען און אויפ'ן וועג — צוויי יאָהר און אַ האַלב. ער איז אַוועקגעפאָהרען אין פריהלינג פון 1496 און צוריק איז ער געקומען אין הערבסט, 1498. אין דיעזער צייט האָט זיך צווישען דיא קאָלאָניסטען אָרגאַניזירט אַ

בונט געגען איהם און זיינע צוויי ברידער. נור צוערשט ווע־לען מיר דערצעהלען וואָס עס איז פאָרגעקומען מיט דיא אינדיאַנער.

אין קאָלומבוס'עס אבוועזענהייט האָט איבער דעם אינזעל רע־גיערט זיין ברודער, דער „אדעלאַנטאַדאָ". ער האָט אזוי שנעל וויא מעגליך ערפילט קאָלומבוס'עס בעפעהל און האָט לעבען דיא נייע־געפו־נענע מינען, ביי דעם היינא טייך, געגרינדעט דיא שטעדטעל נ י ־א י־ ז א ב ע ל ל א (ס א ן ד אָ מ י נ ג אָ) און אַ ספּעציעלע פעסטונג, וועלכע האָט געהייסען סאַן ק ר י ס ט אָ וו א ל אָדער דער „ג אָ ל ד ע ר־נ ע ר ט ו ר ע ם". דריי מאָנאַט האָט ער דאָ פערבראַכט, סטאַרענ־דיג זיך צוצוגרייטען דיא ארבייט ביי דיא גאָלד־גריבער. איהם האָט אָבער אויסגעפעהלט פּראָוויאַנט, און ביי דיא אַרומיגע אינדיאַנער איז עס שווער געווען צו קריגען, ענטוועדער ווייל זיי האָבען זיך געפוילט צו געבען, אָדער ווייל זיי האָבען אליין ניט געהאַט אזוי פיעל פּריפּאַ־סען. עס איז דעריבער נויטיג געווען צוערשט צו בעארבייטען דיא ערד, אויסהאָדעווען בהמות און וואַרטען ביז אַלץ וועט אויסוואַקסען, איידער מען וועט קענען זיך ערנסט בעשעפטיגען מיט דיא גאָלד־גרע־בעריי. ער האָט קיין אנדער ברירה ניט געהאַט וויא פאָרלויפיג צוצו־נעהמען פון דאַנען זיין ארמיי, אויסער צעהן מאַן, וועלכע ער האָט אי־בערגעלאָזען אכטונג צו געבען אויף דיא נייע פעסטונג. מיט פיער הונ־דערט מאַן האָט ער דאַן זיך אוועקגעלאָזען זאמלען צינזען ביי דיא אינדיאַנער. באַלד זיינען פון שפּאַניען אָנגעקומען דריי שיפען מיט פּראָוויזיע, א גרויסע טייל פון וועלכע איז פערדאָרבען געוואָרען אויף'ן וועג. ווען דיא דריי שיפען זיינען געפאָהרען צוריק נאָך שפּאַניען, האָט בארטהאלאָמיי אויף זיי געשיקט דריי הונדערט שקלאַפען. דאָס זיינען דאָס געווען דיא אינדיאַנער, וועגען וועלכע דער שיפס־קאַפּיטאַן האָט געזאָגט, אז ער האָט געבראַכט „שטאַבעס גאָלד".

בארטהאלאָמיי האָט בעזוכט ב ע ה ע ט ש י אָ'ן, דעם קאַסיק פון ק ס אַ ר אַ ג ו אַ, ביי וועלכען עס האָט געוואוינט זיין שוועסטער, דיא געוועזענע פרוי פון קאַאָנאַבאָ, דיא בעריהמטע שעהנהייט אַ נ אַ ק אָ נ אַ. ווען ער מיט זיינע חיל זיינען שוין געווען נאָהענט, און זיי האָבען גע־לאָזט וויסען, אז זיי קומען אלס פריינד, האָט מען זיי בעגעגענט מיט פּאַראַד. דרייסיג פרויען פון דעם קאַסיק'ס שבט זיינען בארטהאלאָ־מיי'ען ארויס אַנטקעגען זינגענדיג, טאַנצענדיג און פאָכענדיג מיט

פּאַלמען־צווייגען. דיא פּערהייראַטע פרויען האָבען געטראָגען פּאַרטיכער ביז דיא קניע, און דיא אונפּערהייראַטהע זיינען געגאַנגען דורכאויס נאַקעט. זיי זיינען אַלע געוועזען זעהר שעהן געוואַקסען, מיט גלאַטע, דעליקאַטע קלאָהר־ברוינע אנגענעהמע געזיכטען; און אין אַלעמען האָט דאָס בילד אויף דיא שפּאַניער געמאַכט אַן איינדרוק אַזוי וויא א קאָמפּאַניע פון וואַסער־געטינען וואָלט ארויסגעקומען זיי בעגריסען—ווי אַ געוויסער שרייבער פון קאָלומבוס'עס צייטען דריקט זיך אויס. דאַן איז געקומען אַנאַקאָנאַ, אָנגעלעהנט אויף אַ מין בעט, וועלכע זעקס אינדיאַנער האָבען געטראָגען אויף דיא פּלייצעס. זיא האָט אויך געטראָגען בלויז אַ פאַרטוך א חוץ א קראַנץ פון שמעקענדע בלומען, וועלכער האָט בעציערט איהר שטערען, און עהנליכע קראַנצען אַרום איהר האַלז און אָרימס. זיא האָט דעם אַדעלאַנטאַדאָ און זיינע בעגלייטער עמפּפאַנגען מיט חן'עוודיגע שמייכלען און מיט פריינדליכע רייד. דאָס איז ניט געוועזען קיין צבועצסטוואָ פון איהר זייט. זיא האָט ווירקליך רעספּעקטירט און געשעצט דיא מעכטיגע ווייסע, טראָץ דעם וואָס זיי האָבען אַוועקגעשלעפּט איהר מאַן און געפּייניגט דיא אינדיאַנער בכלל, פּונקט וויא איהר געפאַנגענער מאַן האָט געשעצט אָיעדאַ'ן, זיין פאַנגער.

אין אַ גרויסע הויז האָט מען פאַר דיא געסט געמאַכט אַ מאָהלצייט. דאָ האָבען דיא שפּאַניער זיך צום ערשטען מאָל גענומען צוגעוואוינען צו דער „גואַנאַ"*) — אַזאַ זאָרט יאַסטשערקע, אַ קריכענדע בעשעפּענים, וועלכע דיא אינדיאַנער האָבען געהאַלטען פאַר דעם געשמאַקסטען מאכל, אָבער פון וועלכען דיא שפּאַניער פלעגט עקלען וויא פון אַ שלאַנג. אַנאַקאָנאַ איז אָבער צוגעשטאַנען צו באַרטהאָלאמיי'ען, אַז ער זאָל דאָס פערזוכען, און ער האָט זיך געמאַכט הארץ און איהר געפאָלגט. דער רעזולטאַט איז געווען, אַז ער האָט דאָס געפונען פאַר אַ ווירקליך געשמאַקע עסען־וואַרג, אַזוי אַז שפּעטער האָט מען זיך מיט דער גואנא בעשמאַקעוועט אין דיא רייכסטע הייזער פון שפּאַניען.

*) מען דאַרף ניט צוזאַמענמישען „גואַנאַ" מיט „גואַנאָ" — דער לעצטער וואָרט בעדייט דיא מיסט פון אַזא פויגעל פון זיד־אַמעריקא, וועלכע מען אימפּאָרטירט אין אַלע לענדער, אַלס אַן אויסגעצייכענט פּראָדוקט צו מיסטיגען פעלדער.

בעהעטשיאָ איז מרוצה געוואָרען צו צאָהלען צינזען מיט באוועל און קאססאווא ברויט.

מיט גוואריאנעקס'ען, דעם קאסיק פון וועגא, איז געווען מעהר צרות, און דיא אורזאכע דערפון איז געווען דיא עקעלהאפטע צולאָזענ־קייט פון דיא קאָלאָניסטען, פון איין זייט, און זייער נארישע רעליגיעזע טיראניי, פון דער אנדערער זייט. גוואריאָנעקס האט זיך געלאָזט איינ־רעדען צו ווערען א „קריסט“, דאָס הייסט, ער האט דורכגעמאכט דיא צערעמאָניע פון טויפען זיך און זיך זאָגאר אויסגעלערענט פּלאַפּלען א פּאָר קאטוילישע תפלות, אויף לאטיין. באלד האט אָבער א שפּאניער געשענדעט זיין בעליעבטעסטע פרוי, און דער קאסיק האט ערקלערט, אז פאר דעה רעליגיאָן פון מענשען, וועלכע טהוען אַזעלכע מעשים, האט ער קיין רעספּעקט ניט. עטליכע פון זיינע אינדיאנער זיינען דאן אריינגעגאנגען אין דעם קלויסטערעל, וואָס דיא שפּאנישע גלחים האבען אויסגעבויט אין זיין דאָרף, און האבען צובראָכען דיא צלמים מיט דיא „געצקעס“. ווען בארטהאלאמיי האט זיך דערפון דערוואוסט, האט ער דיא „גאָט־לעס־טערער“ געלאָזען משפּט'ן און דערנאָך זיי פערברענט אויף א שייטער־הויפען, וויא שפּאניען האט געטהאָן מיט אלע „אפּיקורסים“.

דיא איבעריגע אינדיאנער זיינען ערשטוינט געוואָרען. זיי האבען אייגענטליך ניט געקענט פערשטעהן אין וואָס דער פערברעכען איז דאָ בעשטאנען. ווי וועניג האָפנונג זיי האבען געהאט צו בעזיעגען דיא ווייסע, האָבען זיי פון דעסטוועגען געמאכט נאָך א פּראָבע זיך צו פער־אייניגען געגען זיי. זיי זיינען איינפאך געגאנגען אויף איינס, אויס פערצווייפלונג. דיא שפּאניער פון דער פעסטונג קאָנצעפּציאָן האבען זיך אָבער וועגען דיא נייע פאַרבערייטונגען דערוואוסט. זיי אליין זיי־נען געווען צו קליין אין צאָהל, און זיי איז נויטיג געווען צו לאָזען וויסען אין סאן־דאָמינגא. שיקען א בריעף מיט א אינדיאנער וואָלט געווען א סכנה; דיא רויטע האבען שוין אויסגעפונען, אז פּאפּיער מיט שוואר־צע פינטעלעך האט ביי דיא ווייסע „א וואונדערבארע קראפט צו רע־דען“. זיי וואָלטען אלזאָ חושד געווען, אז דיא פעסטונג בעט הילף. דעריבער האט מען דעם בריעף אריינגעלייגט אין א זומפּ־שטעקעל און אזוי דאס אוועקגעשיקט נאָך סאן־דאָמינגא.

דער אדעלאטאנדאָ איז גלייך געקומען מיט חיל, און די אונטער־שטע שורה איז געווען, אז מען איז בעפאלען דיא פעראייניגטע קאַ־סיקען ביי נאכט. מען האט זיי געכאפט, געבונדען און אוועקגעפיהרט נאָך קאָנצעפּציאָן — אין סך הכל 14 קאסיקען, גרויסע און קליינע. א גרויסע מאססע אינדיאנער האט דאן ארומגערינגעלט דיא פעסטונג און מיט געוויין און יאָמערען זיך געבעטען מען זאל זיי אומקעהרען זייערע עלסטע.

דיא צוויי מעכטיגסטע אנפיהרער פון דער פעראייניגונג האט בארטהאלאמיי געטוידט; גוואריאנעקס'ען אָבער האט ער בעפרייט. ער האט געוואוסט, אז פאר דיעזען שטילען, גוטען אינדיאנער האט ער מעהר ניט וואָס מורא צו האָבען. און ער האט טאקי קיין טעות ניט געהאט. גוואריאָנעקס האט פאר זיינע אינדיאנער געהאלטען א רעדע, אין וועלכע ער האט געלויבט דיא גוטסקייט און וואונדער־מאכט פון דיא שפאניער און זיי געראטהען זיי צו זיין געהאָרכזאם און טריי. דיא אינדיאנער האָבען זייער רעדנער גענומען אויף זייערע פלייצעס און מיט פרעהליכע געזאנג איהם אוועקגעטראָגען אהיים; מיט דעם האט זיך געענדיגט דיא „מלחמה“.

א געוויסע צייט שפּעטער איז בארטהאלאמיי וויעדער אוועק קיין קסאראגוא, נאָך דיא צינזען, וואָס ער האט דאַרטען ערוואַרט צו בעקו־מען. ער האט געפונען, אז 32 קלענערע קאסיקען זיינען געקומען, יע־דער מיט א מאסע באוועל און קאססאווא ברויט. אנאקאָנא, פון איהר זייט, האט פאר איהם אָנגעגרייט א פולע הויז מיט אנדערע מתנות: געשטריקטע און געוועבטע זאכען פון פערשיעדענע קאָלירען, ליימענע כלים, אזעלכע מיני שטוהלען און טישען פון דיא בעסטע זאָרטען האלץ, אין וועלכע עס זיינען געווען קונציג אויסגעשניצט אלערליי פיגורען.

מען האט בארטהאלאמיי'ען וויעדער עמפּפאנגען מיט געזאנג און מיט טענץ און מיט פאלמען־צווייגען. ער האט געפונען אזא בארג באוועל און אנדערע זאכען, אז עס איז נויטיג געווען נאָך דעם צו ברענגען א שיף איבער'ן טייך. ווען אנאקאָנא האט דערזעהן דיעזע ריעזיגע „קאנאָ“ מיט דיא גרויסע ווייסע „פליגלען“, איז זיא ערשטוינט און בע־צויבערט געוואָרען. און ווען מען האט איהר געוויזען וויא א קאנאָנע שיסט, האט זיא זיך אזוי דערשראָקען, אז זיא האט זיך צוגעדריקט צו

בארטהאלאמיי'ס ברוסט, ער זאָל איהר ראטעווען. זעהענדיג אָבער, אז דיא שפּאַניער לאַכען, האָט זיא אויך גענומען שמייכלען. זיא האָט זיך פּראָסט ניט געוואָלט געזעגענען מיט דיא שפּאַנישע קאוואליערען. באר־טהאלאמיי האָט איהר געמוזט צוזאָגען, אז ער וועט קומען נאָך אַ מאָל.

דערוויילע, אין דער צייט וואָס דער אַדעלאַנטאַנדאָ האָט דאָ צוגענו־מען זיינע צינזען און ער מיט זיינע וויסע בעגלייטער האָבען דאָ גע־לעבט אַ גוטען טאָג מיט דיא שעהנע פרויען פון קסאראגוא, איז אין איזאבעללא אָרגאניזירט געוואָרען אַ פערשווערונג געגען איהם מיט דער גאנצער קאָלומבוס־פאמיליע. דער אָנפיהרער פון דער קאָנספּיראציע איז געוועזען איינער פ ר אַ נ צ י ס ק אָ ר אָ ל ד אַ ן, אַן אונוויסענ־דער, אָבער זעהר ביטרער און סמיעלער מענש, וועלכען קאָלומבוס האָט געמאכט פאר דעם ריכטער פון דער קאָלאָניע.

וואָס דאָ איז געוועזען, — די אמת'ע אורזאכען, וועלכע האָבען ראָל־דאַן'ען געמאכט פאר קאָלומבוס'עס אַ שונא,—קען מען גענוי ניט וויסען. דיא ערקלעהרונגען וועגען דעם ווערען געגעבען פון דיא שרייבער, וואָס זיינען געוועזען קאָלומבוס'עס פריינד און האָבען איבערהויפּט דיעזע אַלע געשיכטען געהערט פון איהם אליין. דאָס זיינען, אַלזאָ, איינזייטיגע ערקלעהרונגען. דעם אַנדערען צד אויסהערען איז יעצט נאטירליך שוין אונמעגליך. פון דער זעלבער איינזייטיגקייט ליידט אויך דיא בריליאנטענע געשיכטע פון דעם אַמעריקאנער שריפטשטעלער וואשינג־טאָן אירווינג. ער איז ניט ווייניגער בעגייסטערט פאר קאָלומבוס'עס יעדען טהאַט, וויא קאָלומבוס'עס זוהן פערדינאנד איז בעגייסטערט אין זיין „געשיכטע פון דעם אַדמיראל". און, אזוי וויא פערדינאנד, פער־ענטפערט ער און פערגלעט דעם ענטדעקער'ס יעדען פעהלער און סטאַ־רעט זיך דאָס אין אַ מעלה צו פערוואַנדלען. אָט איז דיא ערקלעהרונג, וועלכע דיעזער שרייבער גיט אויף דעם גרונד פון דיא אַלטע שפּאַנישע היסטאָריקער, קאָלומבוס'עס פריינד:

זעהענדיג אז דער אַדמיראל זאַמט זיך אזוי לאַנג אין שפּאַניען, האָט ראָלדאַן גערעכענט, אז ער האָט פערלאָרען זיין חן אין פערדי־נאַנד'ס און איזאבעללא'ס אויגען. מסתמא האָט דער רעוויזאָר, אַגוואַ־דאַ, וועגען איהם אָבגעגעבען אַ שלעכטען בעריכט, און, איבערהויפּט, דער פאקט גופא, אז מען האָט געשיקט אַ רעוויזאָר, האָט שוין געוויזען,

אז זיין פריהערדיגע מאכט איז געבראָכען. אזוי האָט זיך געטראַכט דער ביטרער ראָלדאַן, און ער האָט גענומען דיינקען וועגען פּלענער ווי אזוי מיט קאָלומבוס'עס געפּאַלענע לאַגע זיך צו בענוצען. א צווייטער פּונקט: ווען באַרטהאָלאָמיי איז אוועק נאָך סאַן דאָמינגאָ (וואו דיא נייע מינען האָבען זיך געפונען) אָדער נאָך קסאַראַגואַ, האָט ער אויף זיין פּלאַץ אין איזאבעללא איבערגעלאָזען ניט איהם, ראָלדאַן'ען, נור דיעגאָ קאָלומבוס'ען. דאָס האָט דעם עהרגייציגען ריכטער געברענט, איבער־הויפּט נאָך, ווייל דיעגאָ איז געווען אַ שוואַכער כאַראַקטערלאָזער מענש, און ער, ראָלדאַן, האָט זיך געהאַלטען פאַר אַ פיעל פעהיגערען און ענער־גישערען פון איהם.

דאָס אַלץ איז זעהר מעגליך. אָבער אום צו פערשטעהן ווארום ראָלדאַן, צו וועלכען קאָלומבוס האָט אימער בעוויזען דיא גרעסטע פריינדליכקייט, האָט פּלוצלונג זיך בעשלאָסען צו מאַכען אַ בונט געגען איהם, ריזיקירענדיג צו שטאַרבען אויף דעם שפּאַנישען עשאַפאָט דער־פאַר — איז דאָס אויך נאָך וועניג. עס פעהלען פון ראָלדאַן'ס צד איינ־צעלהייטען, און פיעלייכט זיינען דאָס דיא וויכטיגסטע איינצעלהייטען.

וויא דיא מעשה איז, ראָלדאַן האָט זיך ארומגעזאַמעלט אַלע אונצופריעדענע עלעמענטען — און אונצופריעדען איז געווען כמעט יע־דער קאָלאָניסט — און ער האָט זיי אָרגאַניזירט געגען דעם שטרענגען באַרטהאָלאָמיי'ען מיט זיין ברודער דיעגאָ. ער האָט זיי אָנגעוויזען אויף דיא דריי ברידער וויא אויף אויסלענדער, וועלכע זיינען פרעמד צו שפּאַנישע אינטערעסען און שפּאַנישע געפיהלע, אויסלענדער, וועלכע זאָרגען זיך נור וועגען זיך אליין און האַלטען דיא שפּאַניער בלויז אין שווערע פראַצע און אלערליי אָבקומעניסען.

עס איז בעשלאָסען געוואָרען צו טויטען באַרטהאָלאָמיי'ען אין דער צייט, וואָס מען וועט הענגען אַ געוויסען שפּאַניער, וועלכען דער אדע־לאַנטאַדא האָט פעראורטהיילט צו דער תליה. אין וואָס דער פערברעכען פון דיעזען פעראורטהיילטען איז בעשטאַנען ווייס מען ניט. אָבער אוויר־ווינג, וועלכער זוכט אימער דיא קאָלומבוסעס ארויסצושטעלען אין דיא גינסטיגסטע ליכט, געפינט אַ סברא צו גלויבען, אז דאָס איז געווען דער שפּאַניער, וועלכער האָט געשענדעט גוואַריאָנעקס'עס געליעבטע פרוי. באַרטהאָלאָמיי האָט אָבער דעם פעראורטהיילטען געשאָנקען זיין לעבען,

און דיעזע טהייל פון דער פערשווערונג האָט זיך אויסגעלאָזט מיט גאָר ניט.

מיט זיעבציג בעוואפּענטע מענשען איז ראָלדאַן אוועק פון איזאַבעללא, געהענדיג פון דאָרף צו דאָרף, און אומעטום אגיטירענדיג געגען דיא קאָלומבוסען צווישען דיא אינדיאַנער אזוי גוט וויא צווישען דיא ווייסע, וואָס האָבען זיך דאָרטען געפונען.

צו איהם זיינען צוגעשטאַנען איינינע פון דיא וויכטיגסטע מיטגליעדער פון דער קאָלאָניע, וויא, צום ביישפּיעל, ד י ע ג אָ ע ס ק אָ ב א ר, פּ ע ד ר אָ ר ע ק וו ע ל מ א און א ד ר י א ן מ אָ ק ס י ק א. אזוי מאַרשירענדיג און פערגרעסערענדיג זיין ארמיי, האָט ראָלדאַן דערגרייכט דיא פעסטונג קאָנצעפּציאָן. דער דאָרטיגער קאָמאַנדיר איז אָבער געווען טריי קאָלומבוס'ען, און באַלד איז אהין אָנגעקומען בארטהאלאמיי אליין אויך. בארטהאלאמיי האָט געשיקט רופען ראָלדאַן'ען, וועלכער האָט מיט זיינע רעבעלען זיך געפונען בלויז א פּאָר מייל פון דאָרטען. דער אָנפיהרער פון דעם אויפשטאַנד איז געקומען, און דער אדעלאַנטאַדאָ האָט מיט איהם געהאַט א געשפּרעך דורך א פענסטער פון דער פעסטונג. ווען ער האָט ביי איהם געפרעגט וואָרום ער שטעלט זיך געגען דער שפּאַנישער קרוין, האָט ראָלדאַן געענטפערט, אז דיא מעשה איז פערקעהרט, — ער שטעלט זיך אין דיא אינטערעסען פון דער שפּאַנישער קרוין; אז ער וויל דיא אונטערטהאַנען פון דעם טהראָן בעשיצען פון דיא אונטערדריקונג, וועלכע זיי האָבען אויסצושטעהן. ווען בארטהאלאמיי האָט געפאָדערט, אז ער זאָל אָפּגעבען דעם אָפיציעלען שטעקען, דעם צייכען פון זיין אמט אלס ריכטער, האָט ער זיך ענטזאגט צו פאָלגען. אויך האָט ער זיך ענטזאגט גע'משפט צו ווערען, סיידען וועגען דעם וועט קומען א בעפעהל דירעקט פון דער קעניגליכער פּאָר פאָלק. דאָך האָבען בארטהאלאמיי'ס שטרענגע רעד, וויא עס ווייזט אויס, אויף איהם א ביסעל געווירקט; וואָרים ער האָט ערקלעהרט, אז ער מיינט ניט שאַדען צו טהאָן, און אז ער איז בערייט מיט זיינע אנהענגער זיך צו בעזעצען אין אירגענד וועלכען פּלאַץ, וואָס דער אדעלאַנטאַדאָ וועט איהם אָנווייזען.

דער לעזער געדענקט דעם אינדיאַנער, וועלכען מען האָט אָבגעשמד'ט אין בארצעלאָנא, און א נאָמען געגעבען דיעגאָ קאָלאָן — קאָ-

לומבוס'עס דאָלמעטשער, וועלכער איז איהם אימער געבליבען טריי. מיר האָבען שוין דערצעהלט, אז דיעזער רויט־הויטיגער קריסט האָט גע־נומען גוואריאנעקס'עס א שוועסטער אָדער א טאָכטער פאר א פרוי. מיט איהר האָט ער זיך דאן בעזעצט אין א דאָרף, וואו ער האָט גענומען שפיעלען דיא ראָלע פון קאסיק. אָט אין דיעזען דאָרף האָט בארטהאָ־לאמיי געהייסען ראָלדאַן'ען זיך אָבשטעלען. דאָס האָט דער לעצטער זיך אָבער ענטזאגט צו טהאָן. אַלס תירוץ האָט ער ערקלעהרט, אז דאָר־טען איז ניטאָ גענוג עסען־ווארג.

ראָלדאַן האָט דאן זיינע מיט־רעבעללען פאָרגעשלאָגען צו געהן אין א פיעל וויטערע פראָווינץ, — נאָך קסאראגוא. פון שפאניער, וואָס זיינען דאָרטען געווען, האָבען זיי אַלע געהערט וויא אנגענעהם דער קלימאט איז דאָרטען, ווי פרוכטבאר די ערד, ווי רייך די נאַטור איז און וויא פריינדליך און גוטהערציג דיא אינדיאנער זיינען. זיי האָבען זיך א סך אָנגעהערט וועגען זייערע טענץ, געזאנג און גאסט־פריינדליכ־קייט. אָבער מעהר פון אַלץ האָבען זיי זיך פעראינטערעסירט אין דיא בעריכטען וועגען דיא שעהנע נאַקעטע פרויען פון דעם קרייז. מען האָט זיי דערצעהלט וועגען דיא דרייסיג פארשוינען, וועלכע האָבען בעגע־גענט בארטהאלאמיי'ען מיט פאלמען־צווייגען, טאנצענדיג און זינגענדיג און בוקענדיג זיך פאר איהם; וועגען דיא מאָהלצייטען וואָס מען האָט פאר איהם דאָרטען געמאכט; וועגען דיא הולטייסקע פערגניגען, וואָס ער מיט זיינע בעגלייטער האָבען דאָרטען געהאט. דאָרטען, ווייט פון בארטהאלאמיי'ס אויג וועט זיך דיא רעבעללען אלזאָ לעבען „וויא גאָט אין פראנקרייך“ — אזוי האָט ראָלדאַן זיי דאָס פאָרגעשטעלט.

דער פלאן איז אָנגענומען געוואָרען מיט בעגייסטערונג. אום אָבער צו האָבען מעהר אייראָפעאישע פריפאסען, געוועהר, פולווער א. ז. וו., האָט ראָלדאַן זיי צוערשט אַוועקגעפיהרט נאָך איזאבעללא, וואו זיי האָבען גענומען וואָס זיי האָבען געוואָלט. פון דאָרטען האָבען זיי געזאָלט מארשירען דירעקט נאָך קסאראגוא. אָבער ראָלדאַן האָט זיך ארומגעזעהן, אז זיין ארמיי איז נאָך ניט גרויס גענוג, אז בארטהאָלאָמיי קען איהם בעפאלען אין קסאראגוא און — ווער ווייסט? — אפשר וועט ער איהם בעזיעגען. ער האָט דעריבער זיך בעשלאָסען צוערשט ווידער צו געהן נאָך ו ו ע ג א, וואו דיא פעסטונג קאָנצעפציאָן איז גע־שטאנען, אין דער האָפנונג דאָרטען פון בארטהאָלאָמיי'ען אָפצורעדען

נאָך מענשען, צוקריפּלען דעם אדעלאַנטאַנדא'ס מאַכט נאָך ווייטער און זיין אייגענע מאַכט צו פערגרעסערען.

דאָרטען האָט ראָלדאַן קיין ערפאָלג ניט געהאַט. בארטהאלאמיי, פון זיין זייט, איז אָבער אויך ניט געווען זיכער מיט זיינע סאָלדאַטען, וועלכע האָבען געבענקט נאָך דעם פרייען לוסטיגען לעבען פון דיא רע־בעללען. דער רעזולטאַט איז געווען, אז דער אדעלאַנטאַדאָ האָט מורא געהאַט צו אַטאַקירען ראלדאַן'ען, און ראָלדאַן האָט מורא געהאַט צו לאַנג צו פערבלייבען לעבען דעם אדעלאַנטאַדאָ.

דיא רעבעלען זיינען דעריבער אוועק ווייטער. אומעטום האָט ראָלדאַן אגיטירט געגען בארטהאלאמיי'ען אי צווישען דיא שפּאַניער אי צווישען דיא אינדיאַנער. ער האָט איהם פּאָרגעשטעלט פאר א טי־ראַן איבער דיא וויסע און פאר א מערדער איבער דיא רויטע. דיא אינדיאַנער האָט ער פערשפּראָכען צו בעפרייען פון זייערע צינזען און פון יעדען יאָך, אויב זיי וועלען זיך מיט איהם פעראייניגען; אויף דיע־זען אופן איז צו איהם ציגעשטאַנען קאַאָנאַבאָ'ס ברודער, מ א נ י ק א־אָ ט ע ק ס.

דיעזער אויפשטאַנד האָט פיעל אָבגעשוואַכט דיא אונטערוואָרפענ־הייט פון דיא אנדערע אינדיאַנער אויך. זעהענדיג, אז דיא וויסע ריי־סען זיך און צאַנקען זיך צווישען זיך, האָבען זיי זיך דערפרעהט. דער מיאַטעזש געגען דיא מאַכט־האָבענדע האָט זיי געגעבען נייע האָפנונגען פטור צו ווערען פון דיא טיראַנישע שפּאַניער בכלל. יעדענפאַלס האָ־בען זיי פאַר זיי שוין ניט אַזוי געציטערט וויא פריהער און האָבען אויפ־געהערט צו צאָהלען צינזען מיט דער פריהערדיגער פּינקטליכקייט. וואָס אַנבעטרעפט דיא קאַסיקען פון דיא ווייטערע פּראָווינצען, האָבען זיי זיך אין גאַנצען ארויסגעמאַכט פון זייערע פּאָדאַטקעס. און דער־וייל זיינען ביי דיא שפּאַניער אויסגעגאַנגען פיעלע פון דיא נויטיגע פּריפּאַסען. דיא קליידער זיינען אויף אַלעמען צוריסען געוואָרען. ווע־גען בעארבייטען דיא ערד, דיא פעלדער, דיא גערטנער, האָט קיין רייד ניט געקענט זיין. עס האָט אויסגעפעהלט עסען־וואַרג. דיא אינדיאַ־נער האָבען בעקומען מעהר העזה; זיי האָבען זיך ענטזאַגט צו בעדיענען דיא וויסע.

און ראָלדאַן'ס ארמעע איז געוואַקסען; און בארטהאלאמיי איז גע־

לעגען פערשפּאַרט אין דער פעסטונג קאָנצעפּציאָן, ניט סמייענדיג ארויסצוגעהן פון דאָרטען.

דעם 3־טען פעברואר, 1498, זיינען אין דעם האַפען פון סאַן דאָמינגאָ אָנגעקומען צוויי שיפען פון שפּאַניען. זיי האָבען בארטהאָלאָמיי'ען געבראַכט נייע פּראָוויאַנט און מענשען. אויך האָבען זיי געבראַכט דיא נאַכריכט, אז קאָלומבוס איז אנערקענט אין דעם קעניגליכען הויף וויא פריהער און אז בארטהאלאמיי'ס אמט איז אויך אנערקענט געוואָרען פון דעם טהראָן. דאָס האָט בארטהאַלאמיי'ען צוגעגעבען מוטה און מאַכט, וועהרענד ראָלדאַן איז פון דיא נייעס ביי זיך אראָפּגעפאַלען, הגם ארויסגעוויזען האָט ער דאָס נאָך ניט. באַרטהאָלאמיי איז ארויס פון קאָנצעפּציאָן און ראָלדאַן איז מיט זיינע אנהענגער אוועק נאָך קסאַראַגוא.

דערווייל האָט דער קאַסיק גוואַריאנעקס בעקומען מוטה צו מאַכען אַ נייע פּראָבע זיך צו בעפרייען פון זיינע ווייסע אונטערדריקער, און ווען בארטהאלאמיי איז ארויס אויף דער ווייסער וועלט, האָט ער געפונען אַ נייע פעראייניגונג פון דיא אינדיאנער געגען זיך. גוואַריאַנעקס'ען האָט באַרטהאָלאָמיי לייכט בעזיעגט, אָבער מיט דעם האָט זיך זיין קאַמפּף נאָך ניט געענדיגט. דאָ פאַנגט זיך אָן אַ געשיכטע פון אינדיאַנישע גאַסט־פריינדליכקייט, זעלבסט־אויפאָפּפערונג און טרייהייט צו אַ געגעבענעם וואָרט, וועלכע דיא ציוויליזירטע שפּאַניער האָבען געמעגט זיך לערנען ביי זייערע ווילדע שכנים.

גוואַריאנעקס איז אַנטלאָפען אין דעם היגי קרייז, וואו דיא איינוואוינער זיינען געוועזן דיא פערביסענסטע קעמפּפער פון גאַנצען אינזעל. ער האָט זיך געווענדעט צו דעם דאָרטיגען קאַסיק מאַיאָבאַנעקס, ער זאָל איהם לאָזען ביי איהם זיין, און יענער האָט צוגעשטימט טראָץ דיא געפאהר, וואָס דאָס איז געוועזן פאר איהם אליין. ווען בארטהאלאמיי האָט צו איהם געשיקט שלוחים מיט אַ פאָדערונג ארויסצוגעבען זיין גאַסט, האָט מאַיאָבאַנעקס זיי געענטפערט:

„געהט זאָגט דיא שפּאַניער, אַז זיי זיינען שלעכטע מענשען. מערדער זיינען זיי. זיי כאַפּען אריין פרעמדע לענדער און פערגיסען אונשולדיגע בלוט. דיא פריינדשאַפט פון אַזעלכע מענשען דאַרף איך ניט. גוואריאנעקס איז אַ גוטער מענש. ער איז מיין פריינד און מיין

גאַסט. ער איז צו מיר געקומען צו לויפען נאָך רעטונג. איך האָב איהם צוגעזאָגט צו בעשיצען און איך וועל האלטען וואָרט."

און ער האָט געהאַלטען וואָרט.

בארטהאלאמיי האָט גענומען זוכעןביידען. ער האָט גע־ברענט אינדיאַנישע דערפער, ער האָט פערגאָסען טייכען אונשולדיגע בלוט. ער האָט געלאָזט וויסען מאַיאַבאַנעקס׳ען, אז ער וועט פערניכ־טען זיין גאַנצע לאַנד, פערטיליגען זיין גאַנצען פאָלק, ביז ער וועט איהם ארויסגעבען גוואַריאַנעקס׳ען; און דער היגיאַנער קאַסיק האָט זיך ניט געבויגען פון אָרט. דיא אנדערע רויט־הויטיגע פון היגי זיינען צוגעפאַ־לען צו זייער עלסטען מיט געוויין, אז ער זאָל רחמנות האָבען אויף זיי און אויף זיך און איבערגעבען צו דעם שפּאַניער דעם מאַן, איבער וועל־כען זיי האָבען אזעלכע צרות. אָבער אָנשטאָט זיי נאָכצוגעבען, האָט ער זיי גע׳מוסר׳ט פאַר וואָס זיי זיינען בערייט צו ברעכען דיא געזעצע פון גאַסט־פריינדליכקייט, פאַר וואָס זיי ווילען פעררעטהען א ברודער, וועלכער איז צו זיי געקומען זוכען רעטונג פון זייערע אַלעמענס טי־ראַנען.

געהן אויף מאַיאבאנעקס׳ען האָבען דיא שפּאַניער ניט געקענט, ווייל זיי האָבען ניט געהאַט קיין בעגריעף, וואו ער געפינט זיך. ענדליך האָבען זיי אָבער אריינגעקראָגען אַן אינדיאַנער, וועלכער האָט געוואוסט וואו דער פּלאַץ איז און איהם האָבען זיי געצוואונגען אויסצוזאָגען דעם סעקרעט. צוועלף פון באַרטהאָלאָמיי׳ס מענשען האָבען דאַן זיך אויסגע־טהאָן נאַקעט, זיך אָבגעפארבט אַזוי, אַז זיי האָבען אויסגעזהן וויא אינדיאַנער, און איינגעוויקלענדיג זייערע שווערדען אין פּאַלמע־בלעטער, זיינען זיי אַוועק אויף יענעם אָרט. אויף דיעזען אופן האָבען זיי גע־כאַפּט דעם עדעל־הערציגען קאַסיק מיט זיין פאַמיליע צוזאַמען מיט נאָך אינדיאַנער, און האָבען זיי אַלעמען געבראַכט אין דער פעסטונג קאָנ־צעפּציאָן.

גוואַריאַנעקס׳ען האָט מען געכאַפּט א ביסעל שפּעטער. אַן עלענ־דער, אין אייביגער טויט־שרעק, האָט ער זיך בעהאַלטען אין דיא ווילדסטע טיילען פון דיא בערג. אָבער דאָרטען האָט ער קיין שפּייז ניט געקענט בעקומען, און פון הונגער איז ער געצוואונגען געווען פון צייט צו צייט אראָפּצוגעהן אין טהאָל אריין נאָך עסען־וואַרג. דיא היגיאַנער רויטע, וועלכע האָבען געוואָלט פּטור ווערען פון איהם מיט

די צרות, וואָס ער האָט זיי אָנגעמאַכט, האָבען דאַן די שפּאַניער אָנ־געוויזען אויף די שטעג, איבער וועלכע ער פּלעגט אַראָפּגעהן פון די בערג אין טהאָל אַריין. האַרטען האָט מען איהם אָפּגעוואַרט און גע־כאַפּט.

ווען קאָלומבוס איז געקומען נאָך סאַן דאָמינגאָ, זיינען די צוויי קאַסיקען שוין געווען געפאַנגען. ראָלדאַן מיט זיינע רעבעלען זיינען אָבער געווען אין קסאַראַגוא, און וועגען אונטערגעבען זיך האָבען זיי נאָך אַפילו ניט געטראַכט. דערצו נאָך איז אַלץ געווען אין אַ צרה׳דיגען צושטאַנד: די געביידעס ניט געענדיגט, די פעלדער פערנאַכלע־סיגט און פערוויסט, און די צאָהל קאָלאָניסטען, אויף וועלכע דער אַדמיראַל האָט זיך געקענט פערלאָזען — זעהר קליין.

אָט דאָס איז געווען די לאַגע, אין וועלכער קאָלומבוס האָט געפונ־נען זיין קאָלאָניע, ווען ער האָט זיך אַהין אומגעקעהרט נאָך אַן אבווע־זענהייט פון צוויי און אַ האַלב יאָהר. וויא אַזוי איהם איז געווען אויפ׳ן הארצען פון דעם, קען מען זיך לייכט פאָרשטעלען.

ראָלדאַן האָט נאָך דערווייל ניט געוואוסט, אַז ער איז געקומען. ער און זיינע אנהענגער האָבען דאַן געפּוסט־און־פּאַסעוועט און געהולטע־וועט אין קסאַראַגוא, וואו די אינדיאַנער האָבען זיי בעזאָרגט מיט עסען־וואַרג און מיט פרויען. און באַלד האָט דער שיקזאַל זיי צוגע־שטעלט אייראָפּעאישע פּראָוויזיע אויך. דער לעזער וועט זיך עראינע־רען, אַז ווען קאָלומבוס איז אָפּגעפאָהרען פון שפּאַניען מיט זיינע זעקס שיפען, האָט ער דריי פון זיי אוועקגעשיקט דירעקט נאָך דער קאָלאָניע, וועהרענד מיט די איבעריגע דריי איז ער אַוועק אויף זיין פאָרשונגס־רייזע. ווען די ערשטע דריי זיינען שוין געווען אין דעם קאַריבישען ים, האָט אַ שטראָם זיי פערטראָגען, און זיי האָבען פערבלאָנזשעט אַזוי, אַז אָנשטאָט צו קומען אין סאַן דאָמינגאָ, זיינען זיי צוגעקומען צו דעם ברעג פון קסאַראַגוא. אַז אין היספּאַניאָלא איז אַן אויפשטאַנד, האָט קיינער פון די שיפס־קאַפּיטאַנען נאַטירליך ניט געוואוסט. זיי האָבען בלויז געוואוסט, אַז ראָלדאַן איז דער ריכטער פון דעם אינזעל. מיט דעם האָט ראָלדאַן זיך בענוצט; ער האָט געבעטען פּראָוויאַנט און גע־וועהר, און מען האָט איהם געגעבען, וואָס ער האָט נור פערלאַנגט.

צוליעב דעם וועטער האָבען די שיפען אַזוי גיך נאָך סאַן דאָמינגאָ

ניט געקענט געהן. ווען דיא קאַפּיטאַנען האָבען זיך ערקונדיגט, וואָס דאָ טהוט זיך, און איינער פון זיי האָט זיך געפּרופט שטעלען געגען ראָלדאַן'ען, זיינען זיינע מענשען אויך צוגעשטאַנען צו דיא רעבעלען.

אַן עהנליכע ערפאַהרונג האָט באַלד געהאַט קאָלומבוס אַליין אויך. ווען ער האָט געפּרופט אויסשטעלען אַן ארמיי צו געהן געגען דעם אַנ־פיהרער פון דעם אויפשטאַנד, האָבען זיך פיעלע פון דיא קאָלאָניסטען געמאַכט הינקעדיג אָדער קראַנק. אַנדערע האָט ער מורא געהאַט צו געבען געוועהר, ווייל זיי האָבען צווישען דיא רעבעלען געהאַט קרובים אָדער פריינד. קוים וואָס ער האָט געקענט בעוואַפענען זיעבציג מאַן, און דיעזע האָבען זיך אַזוי געהאַלטען, אַז אויף זיי זיך צו פערלאָזען איז אויך ניט געוועזען קיין זיכערע זאַך.

אום פּטור צו ווערען פון דיא, וואָס האָבען אַגיטירט געגען איהם אין סאַן דאָמינגאָ און איזאַבעללא, האָט ער זיי געשיקט צוריק נאָך שפּאַניען; אָבער דאָס האָט געהייסען, אַז ער שיקט אַהין נייע פער־שפּרייטער פון אונגינסטיגע בעריכטען געגען איהם מיט זיינע ברידער און מיט זיין גאַנצע ענטדעקונג. מיט דיא שיפען, אויף וועלכע דיעזע קאָלאָניסטען זיינען געפאָהרען, האָט קאָלומבוס געשיקט אַ בריעף צו דער קעניגליכער פּאָר. ער האָט דערצעהלט וועגען דעם אויפשטאַנד, זיך פערענטפערט און ארויסגעשטעלט דיא רעבעלען אין דיא דונקעלסטע פאַרבען.

מיט דיא זעלבע שיפען איז אויך געגאַנגען אַ בריעף פון ראָל־דאַן'ען, וועלכער האָט דערצעהלט אַ גאַנץ אַנדערע געשיכטע.

קאָלומבוס האָט אָבער מיט דיא זעלבע שיפען אויך געשיקט דיא פּעריל און גאָלד, וואָס ער האָט צוזאַמענגעקליבען ביי דיא אינדיאַנער פון דעם פּ א ר י א ברעג, אין זיד־אַמעריקא. דאָס האָט ער בעגלייט מיט אַ לאַנדקאַרטע פון יענעם געגענד מיט אַ בעגייסטערטע בעשרייבונג פון זיין פּראַכט און רייכטימער*).

ענדליך האָט קאָלומבוס זיך געפונען אין אזא הילפלאָזע, פערצווייי־פעלטע לאַגע, אַז ער איז געצוואונגען געוועזען מיט ראָלדאַן'ען צו פער־

*) דיעזע פּעריל און דיעזע בעגייסטערטע שילדערונג פון דעם זיד־אַמע־ריקאַנישען ברעג דאַרפען מיר געדענקען אויף שפּעטער. דאָס האָט אַ שייכות צו דער געשיכטע פון דעם נאָמען „אַמעריקא".

האנדלען וועגען פריעדען. עס זיינען געגאנגען בריעף הין און צוריק. קאלומבוס האט געשריעבען צו דיא רעבעלען און זיי האבען געשריעבען צו איהם. (דיא בריעף פון דיא לעצטע זיינען געווען אונטערגעשריע־בען פון ראלדאן, מאקסיקא, רעקוועלמא יעס־קאבאר און גאמעז). דער סוף איז געווען, אז קאלומבוס מיט ראלדאן'ען האבען זיך בעגעגנט, און דער אדמיראל האט געמוזט נאכ־געבען דיא פאלגענדע פאדערונגען:

1) אז 15 פון דיא רעבעלען זאל מען גלייך שיקען צוריק נאך שפאניען.

2) אז דיא, וואס ועלען פערבלייבען, זאל מען געבען געוויסע שטרעקעס לאנד אלס זייער אייגענטהום.

3) אז קאלומבוס זאל אפיציעל ערקלעהרען, דאס אלע קלאגען גע־גען ראלדאן'ען מיט זיינע אנהעגנער זיינען געבויט אויף פאלשע בעריכ־טען און אויף דיא אינטריגען פון מענשען, וועלכע זיינען אונטריי דעם שפאנישען טהראן.

4) אז ראלדאן זאל צוריק בעקומען זיין שטעלע אלס הויפט־ריכ־טער פון דעם אינזעל.

דיא פופצעהן רעבעלען, וואס האבען זיך אומגעקעהרט נאך שפא־ניען, האבען מיט זיך גענומען צו עטליכע אינדיאנער שקלאפען. צווי־שען דיעזע זיינען געווען פרויען. א חוץ דיא צאהל, וואס קאלומבוס האט זיי ערלויבט צו נעהמען, האבען זיי אוועקגעשלעפט עטליכע טעכ־טער פון קאסיקען.

ראלדאן האט זיך איצט געהאלטען שטאלץ. ער האט זיך אויפ־געפיהרט אזוי וויא ער וואלט געווען העכער וויא קאלומבוס. ער האט אנגעשטעלט אדער ענטזאגט בעאמטע געגען דעם אדמיראל'ס ווילען, הגם אלס ריכטער האט ער יעדענפאלס ניט געהאט קיין דעה אין אזעלכע זאכען.

א יאהר איז אזוי אוועק זינט דיעזער „שלום" איז געשלאסען גע־ווארען. קאלומבוס איז אימער געווען אונרוהיג וועגען דעם איינ־דרוק, וואס דיא געשיכטע האט געמאכט אויף דעם קעניג מיט דער קעני־גין. ער האט געפיהלט, אז ער מוז פאהרען נאך שפאניען, אום פערזענ־ליך אלץ צו ערקלעהרען; ווען ער האט זיך שוין געפערטיגט צו דער רייז־

זע, האָט ער זיך דערוואוסט, אז ביי דעם מערב־ברעג פון דעם אינ־זעל זיינען אָנגעקומען פיער שיפען, וועלכע האלטען זיך עפּעס אויף א זאָנדערבארען שטייגער. נאָך אין א פּאָר טעג ארום האָט מען איהם גע־מעלדעט, אז דער הויפּט־קאָמאַנדיר איבער דיא שיפען איז אַלאָנזאָ אָיעדא. דיעזער היץ־קעפּיגער אוואַנטוריסט איז מיט א פּאָר יאָהר פריי־הער אוועקגעפאָהרען נאָך שפאַניען. ער איז איצט, אַלזאָ, געקומען אהער מיט פיער שיפען; ער איז געשוואומען בשתיקה, צו א זייטיגען ברעג, וואו קאָלומבוס זאָל איהם ניט זעהן. עס איז עפּעס געווען ניט קיין גלאַטע געשיכטע. אויף אזא מענשען וויא אָיעדא האָט מען אַלץ געקענט גלויבען. יעדענפאלס האָט אויסגעוויזען, אז ער מיינט דאָ ניט קיין גוטעס. קאָלומבוס האָט געמוזט געגען איהם ארויסשיקען אימי־צען צו פאָדערען דין וחשבון וועגען זיין קומען און האלטונג, און דיעזע יאזדע האָט ער פערטרויט ראָלדאַן'ען. וויא עס שיינט, האָט דער ני־דערגעשלאָגענער קאָלומבוס געוואָלט מיט דעם זיך צו'חנפ'ענען צו דעם אָנפיהרער פון דעם אָקאָרשט־געענדיגטען אויפשטאַנד, וואָרים צו בע־קעמפּפען אזעלכע צוויי געפעהרליכע מענשען, אָיעדא'ן און ראָלדאַן'ען, מיט א מאָהל איז איהם געווים געווען אונמעגליך. יעדענפאַלס, איז ראָלדאַן געווען דיא פּאַסענדסטע פּערזאָן פאר אזא שליחות. ער איז געווען אזוי אונערשראָקען, וויא אָיעדא, און דערצו נאָך כיטרע וויא א פוקס.

קאָלומבוס האָט קיין טעות ניט געהאט: דאָס, וואָס ער האָט איהם איבערגעגעבען אזא וויכטיגע נסיעה, האָט געשמייכעלט זיין עהרגייץ. קאָלומבוס האָט איהם דערמיט אָבגעקויפט. פון דעמאָלט אָן איז ער איהם שוין געווען טריי.

ווען ראָלדאַן האָט זיך געזעהן מיט אָיעדא'ן, האָט דער לעצטער איהם דערצעהלט, אז אין קעניגליכען הויף האָט קאָלומבוס פערלאָרען יעדע בעדייטונג, אז מען קלייבט זיך ביי איהם אוועקצונעהמען דיא הערשאַפט איבער היספּאַניאָלא, און אז דיא קעניגין, וועלכע איז אימער געווען זיין שיצערין, ליגט געפעהרליך קראַנק.

קאָלומבוס'עס פערביסענער שונא, פאָנסעקא, דער מיניסטער פון דעם אינדישען דעפּאַרטמענט, איז געווען אָיעדא'ס א הייסער פריינד. דער יונגער אָפיציער האָט זיך טהיילוויז ביי איהם אויסגעהאָרעוועט,

און ווער האָט נאָך אַזוי געוואוסט וואָס מען דענקט אין קעניגליכען פּאַ־לאַץ וועגען דעם אדמיראל וויא פּאָנסעקאָ ?

דאָך איז ראַלדאַן איצט געבליבען טריי קאָלומבוס׳ען.

צווישען דיא קאַפּיטאַנען, וועלכע האָבען געפיהרט אָיעדאַ׳ס שיפען פון שפּאַניען, איז געווען איינער אַ מ ע ר י ג אָ ו ו ע ס־פּ ו ט ש י. נאָך איהם האָט מען דאָס דיא נייע לאַנד שפּעטער אַ נאָ־מען געגעבען אַ מ ע ר י ק אַ. ווארום נאָך איהם, און ניט נאָך קאָלומ־בוס׳ען, וועט ערקלעהרט ווערען אין אַ שפּעטערדיגען קאַפּיטעל. דאָ וועלען מיר בלויז זאָגען אַ פּאָר ווערטער וועגען דער רייזע, וואָס ער האָט געמאַכט מיט אָיעדאַ׳ן.

אַזוי וויא אָיעדאַ איז געווען פּאָנסעקאָ׳ס ליעבלינג, האָט איהם דער מיניסטער פון דעם אינדישען דעפּאַרטמענט געוויזען קאָלומבוס׳עס בע־גייסטערטען בריעף וועגען דעם „פּעריל ברעג“, וואָס ער האָט ענטדעקט וויא אויך דיא בינטלעך פּעריל, וואָס ער האָט פון דאָרטען געשיקט. איצט האָט שוין געקענט מאַכען אַן עקספּעדיציע נאָך דיא קאָלומבוס־לענדער ווער עס האָט נור געוואָלט. אַלזאָ, האָט דער אונרוהיגער אַוואַנטוריסט זיך מיישב געווען, אַז ער וועט פּאָהרען נאָך דער לאַנד פון פּעריל און אָננעהמען דאָרט עשירות. ער האָט אויסגעשטאַטעט פיער שיפען, און מיטגענומען מיט זיך אַמעריגאַ וועספּוטשי׳ן אַלס אַ פעהיגען, געבילדעטען שיפס־מאַן. אגב האָט פּאָנסעקאָ איהם געלאָזט קאָפּירען דיא לאַנד־קאַרטע, וואָס קאָלומבוס האָט געמאַכט פון דעם פּ אַ ר י אַ ברעג מיט דעם אָרינאָקאָ טייך מיט דעם טרינידאַד אינזעל מיט דעם גאַנצען אַרו־מיגען געגענד.

אָיעדאַ און אַמעריגאַ וועספּוטשי זיינען צוגעקומען צו זיד־אַמערי־קאַ און האָבען אָבגערייזט אַרום זעקס הונדערט מייל איבער דעם צפון־ברעג פון דעם קאָנטינענט ביז זיי האָבען דערגרייכט דעם פּאַריא ים־בוזים. דאָס איז געווען דיא לענגסטע רייזע, וואָס איז ביז דאַן ווען עס איז געמאַכט געוואָרען אַרום אַמעריקאַנער ברעגעס. צוליעב דיעזע רייזע איז פּאַראַן אַ פּרעטענזיע, אַז אַמעריגאָ איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט בעזוכט זיד־אַמעריקאַ, דאָס הייסט, אַז ער, און ניט קאָלומ־בוס, האָט ענטדעקט דעם אַמעריקאַנער קאָנטינענט ; אָבער דאָס איז ניט אמת, און דער פּאַלשער איינדרוק שטאַמט פון אַ טעות, וועלכען מיר ווע־לען ערקלעהרען, ווען מיר וועלען דערצעהלען וויא אַזוי דער נייער קאָנ־

מינענט איז בעקאַנט געוואָרען אונטער א מ ע ר י ג אָ'ס נאָמען. ווען קאָלומבוס וואָלט דאָרטען ניט געוועזן פריהער און ניט געשיקט אַ בריעף מיט פּעריל מיט אַ לאַנד־קאַרטע פון דאָרטען, וואָלט אָיעדא'ן ניט איינגעפאַלען דער פּלאַן אהין צו פאָהרען מיט אמעריגא'ן.

דעם אמעריקאנער קאנטינענט האָט ענטדעקט קיין אַנדערער וויא קאָלומבוס, אָבוואָהל ער איז געשטאָרבען ניט וויסענדיג וואָס ער האָט ענטדעקט.

ווען קאָלומבוס האָט זיך דערוואוסט, אז אָיעדא האָט פון דער קרוין בעקומען אַן ערלויבנים צו מאַכען זיין רייזע, איז איהם אויפ'ן הארצען געוואָרען נאָך שווערער. דאָס האָט געהייסען, אז ער איז אזוי ווייט געפאַלען, דאָס דיא רעגיערונג ברעכט איהר קאָנטראַקט מיט איהם און לאָזט אַנדערע רייזענדע מאַכען פאָרשונגס־עקספּעדיציעס אין דיא לענדער, וועגען וועלכע מען האָט אָבגעמאַכט, אז בלויז ער האָט אַ רעכט אזעלכע עקספּעדיציעס אָנצופיהרען. ער האָט נאָך פריהער געהערט, אז דיא רעגיערונג ערלויבט אַלעמען צו מאַכען ענטדעקונגס־רייזעס נאָך זיינע לענדער. איצט אָבער האָט ער געהאַט אַ דייטליכען בעוויז אויף דעם. און דאָס, וואָס דער רייזענדער איז געווען אָיעדא, דער יונגער מאַן, וועלכער איז דאָ ניט לאַנג געווען אַן אָפיציער ביי איהם — דאָס האָט דעם ביטערען בעכער נאָך ביטערער געמאַכט.

צו אָיעדא'ן האָבען זיך איצט געווענדעט מיט קלאַגען איינינגע קאָלאָניסטען, וועלכע האָבען שוין לאַנג ניט ערהאַלטען זייער געצאָהלט אַלס רעגיערונגס־בעאַמטע. און דער „ספּאָרט" איז בעגייסטערט געוואָרען פאר אַ פּלאַן צו אָרגאַניזירען אַ נייעם אויפשטאַנד געגען קאָלומבוס'ען, אום צו בעשיצען זייערע אינטערעסען. איצט האָט שוין ראָלדאַן זיך געשטעלט געגען דער פערשווערונג און אָיעדא איז געצוואונגען געווען אוועקצושווימען. צוערשט האָט ער אָבער זיינע פיער שיפען אָנגעלאָדען מיט שקלאַפען, וועלכע ער האָט נאַכהער פערקויפט אויף דעם שקלאַפען־מארק פון דער שפּאַנישער שטאָדט סעוויללא.

ווען ער איז געקומען אהיים, האָט ער צוגענאָסען אויל צו דעם פייער פון אונצופריעדענהייט מיט קאָלומבוס'ען. דער איינדרוק, אז אין היספּאַניאָלא הערשט אַ מישענינע און אז דיא גאַנצע ענטדעקונג האָט ניט קיין אמת'ען ווערטה, איז געוואַקסען און געוואַקסען.

ענדליך האָט דיא רעגיערונג בעשלאָסען אהין צו שיקען א נייעם רעוויזאָר, אָבער דיעזען מאָל איז דאָס ניט געווען בלויז אַ רעוויזאָר, וויא אַגוואנדא, נור א ריכטער מיט פולמאכט צו טהאָן וויא ער וועט געפי־נען פאר נויטהיג — אפילו קאָלומבוס'ען אין גאנצען אראָפּצוזעצען און איהם זאָגאר צו בעשטראָפען.

דעם אויפטראג האָט מען געגעבען פראנציסקא באבאדיללא'ן, א ריטטער פון דער קעניגליכער סוויטע. אייגענטליך האָט איהם דער טהראָן געגעבען ניט איין אויפטראג, נור עטליכע — איינער גרעסער וויא דער אנדערער. מען האָט איהם פערזאָרגט מיט פערשיעדענע פאַ־פיערען, וועגען פערשיעדענע ראָלען, וואָס ער האָט געהאט צו שפּיעלען, נאָך דיא אומשטענדען נאָך. איין פּאפּיער האָט ערקלעהרט, אז ער האָט דיא מאכט ארויסצוגעבען בעפעהלען אין דעם נאָמען פון דער קעניגליכער פּאָר און צו שיקען צוריק נאָך שפּאניען וועמען ער וועט נור וועלען; א צווייטער דאָקומענט האָט איהם געשטעלט אלס גובערנאטאָר אויף קאָלומבוס'עס פּלאץ; א דריטער האָט ענטהאלטען א בעפעהל צו קאָ־לומבוס'ען און זיינע ברידער באבאדיללא'ן איבערצוגעבען אלע פעס־טונגען, שיפען, הייזער, געוועהר, שום־מאטעריאלען, בהמות און אלע אנדערע זאכען, וואָס האָבען זיך גערעכענט פאר דאָס אייגענטהום פון דער שפּאנישער קרוין. אין דיעזען דאָקומענט זיינען געשטאנען דיא ווערטער: „און אויב קאָלומבוס וועט ניט פאָלגען, זאָל ער בעקומען דיא שטראָף, וועלכע קומט געוועהנליך פאר ניט־געהאָרכען א קעניגליכען בעפעהל."

מיט דיא שטרענגערע צוויי דאָקומענטען האָט באבאדעללא גע־דארפט זיך בענוצען בלויז דאַן, ווען ער וועט געפינען, אז דעם אדמי־ראל קען מען ניט פערטרויען דיא רעגיערונג פון דיא ניי־געפונענע לענדער.

דיעזע עטליכע פּאפּיערען זיינען באבאדיללא'ן ארויסגעגעבען גע־וואָרען אין דריי פערשיעדענע דאטומס, אין פערלויף פון צוויי מאָנאט— פון מערץ ביז מאי, 1499. אויף זיין רייזע האָט מען איהם אָבער ניט געשיקט ביז יולי פון דעם נעכסטען יאָהר. ווארום האָט מען דאָס אָב־געלעגט אויף העכער וויא א יאָהר? קיין גענויען אנטוואָרט אויף דיעזע פראגע קען מען ניט געפינען. וואשינגטאָן אירווינג גיט אָן, אלס א

מענגליכע אורזאכע, דעם פאקט, דאָס דאן האָט שפּאַניען געהאַלטען אין צוגרייטען קריעג־שיפען צו העלפען וועגעציע געגען דיא טערקען. פּראָ־פעסאָר טשארלס ק. עדעמס, וויעדער, גלויבט, אז פערדינאַנד און אי־זאבעללא האָבען זיך איינפאך ניט געאיילט קאָלומבוס'ען אראָפּצוזע־צען. „עס איז זעהר לייכט זיך פאָרצושטעלען" — זאָגט ער — „אז דיא הערשער זיינען גענייגט געווען ווייא ווייט מעגליך קאָלומבוס'ען צו לאָזען בייקומען זיינע שוויריגקייטען און אליין זיך צו ספּראווען מיט זיין אויפ־גאבע. אפשר האָבען זיי געוואָלט, אז פראנציסקא באבאדיללא זאָל צוערשט פּרופען געבראַיכען זיין מאכט פון ווייטען, אין דער האָפנונג, אז מען וועט קענען אויסקומען אָהן שטרענגע מיטלען. אויב מיר זאָלען אָנ־נעהמען דיעזע ערקלעהרונג, דאן קומט דיא שפּאַנישע הערשער כאָטש א ביסעל לויב פאר דיא פאָרזיכטיגקייט און טאַקט, מיט וועלכע זיי האָבען געהאַנדעלט."

אזוי בעמערקט פּראָפעסאָר עדעמס.

ווען מען בעטראַכט אָבער דיא אומשטענדען, אונטער וועלכע דיא שפּאַנישע הערשער האָבען אזוי געהאַנדעלט, זעהט מען זיך ארום, אז דער פונדאַמענט פון דיעזע „פאָרזיכטיגקייט און טאַקט" איז געווען ניט טרייהייט צו קאָלומבוס'ען, נור צו זיך אליין. ווען דער אדמיראַל האָט זיך אומגעקעהרט פון זיין ערשטע רייזע, איז ניט בלויז ער געווען „דער העלד פון טאָג". דער שפּאַנישער טהראָן איז דאן שטאָלץ געשטאַנען אלס דער הערשער פון נייע לענדער, אלס דער בעל־הבית איבער געגענ־דען אין יענע אינדיען, צו וועלכע אייראָפּא האָט אימער געשטרעבט. אלע אַנדערע אייראָפּעאישע טהראָנען — הויפּטזעכליך דער פּאָרטוגעזי־שער — האָבען איהם מקנא געווען. איצט צו בעשטראָפען קאָלומבוס'ען און ביי איהם אוועקצונעהמען זיינע טיטלען, וואָלט הייסען ארויסווייזען פאר דער וועלט, אז פערדינאַנד'ס און איזאבעללא'ס פּרייד און שטאָלץ זיינען געווען אומזיסטע. קאָלומבוס'עס מפּלה וואָלט געווען זייער מפּלה. זיי זיינען בעהערשט געווען פון צוויי געגענזייטיגע געפיהלען: ענטוישונג מיט קאָלומבוס'ען און א וואונש ניט אָנצומאַכען קיין לייט־טישע געלעכטער.

ווען זיי האָבען ענדליך אונטערגעשריבען באבאדיללא'ן פּאַפּיערען, האָט מען נאָך פון וואסקאָ דא גאמא'ס ערפאָלג ניט געהאט דעם קלענ־סטען בעגריעף. אין פּאָרטוגאל האָט מען איהם און זיינע מיטרייזענ־

דע געהאלטען פאר פערלארענע. דריי מאנאטען שפעטער איז ער מיט טריאומף געקומען נאך ליסאבאן. (באבאדיללא'ס שטרענגערע פאר־פיערען זיינען אונטערגעשריעבען געווארען דעם 21־טען מאי, 1499, און גאמא האט זיך אומגעקעהרט פון זיין גרויסע רייזע ביי'ן ענד פון אוגוסט, 1499). פיעלייכט איז דאס געווען דיא אורזאכע ווארום מען האט באבאדיללא'ס אפרייזען אבגעלייגט. דריי מאנאטען האבען ביי דעם ריכטער־רעוויזאר געקענט אוועקגעהן אין צופערטיגען זיך צו דער רייזע. צו א נסיעה זיינען אין יענע צייטען פיעל לענגערע הכנות אויך געווען א געוועהנליכע זאך. וואלט גאמא זיך ניט „אונטערגערוקט" מיט זיין סענסאציאן, וואלט באבאדיללא פיעלייכט באלד אוועק נאך היספאניאלא איבערנעהמען ביי דעם אדמיראל דיא שליסלען. איצט אבער איז דאס פערדינאנד'ען און איזאבעללא'ן מסתמא ניט אנגענעהם געווען. איצט אראפצו־וואַרפען זייער ענטדעקער וואלט הייסען, אז וועהרענד פארטוגאל איז ווירקליך צוגעקומען צו אינדיען מיט איהרע געווירצען, איז שפאניען מודה, אז מיט איהר „אינדיען" איז גרויסע צרות.

דאס הייסט ניט, אז דיא פערהעלטניסע צווישען דיא צוויי הויפען זיינען אין דיעזער צייט ניט געווען קיין אנגענעהמע. פערקעהרט. ערשטענס, האבען דיא צוויי מלוכות איצט געהאט איין יורש; ווארים מען דארף בעמערקען, אז דיא פארטוגעזישע קעניגין איז געשטארבען פון א קינפעט, א יאהר נאך דער חתונה, און אזוי וויא זיא, אלס דיא עלטסטע טאכטער פון פערדינאנד און איזאבעללא איז געווען דיא יורש'טע פון זייער טהראן (ווארים איהר אקארשט פערהייראטהער ברודער יאאן, איז געשטארבען באלד נאך איהר האכצייט), איז פרינץ מ י ג ע ל, דער אינגעל, וואס זיא האט געבארען, געווען דער נאסליעדניק אי פון דער פארטוגעזישער אי פון דער שפאנישער קרוין.

צווייטענס, האט מאנועל גלייך זיך גענומען שדכנ'ען צו זיין געשטארבענער פרוי'ס א שוועסטער. צווישען איהם און דיא שפאנישע מאנארכען האבען אלזא עקזיסטירט דיא בעסטע פערהעלטניסע.

דאך, אנערקענען פאר דער וועלט, אז פארטוגאל האט אן אמת'ען ערפאלג מיט איהרע ענטדעקונגען און גיט איהר ענטדעקער אפ כבוד מיט נייע טיטלען (וואסקא דא גאמא האט מען געמאכט פאר אדמיראל), וועהרענד שפאניען מוז איהר ענטדעקער ערניעדריגען, —

צו דעם האָט פערדינאַנד און איזאבעללא וואהרשיינליך קיין חשק ניט געהאַט. אוירווינג און עדעמס האָבען מסתמא פערגעסען, אַז דריי מאָנאַטען נאָך דעם וויא באַבאדיללא'ס פּאַפּיערען זיינען ואונטערגעשריעבען געוואָרען, איז וואסקא דא גאמא געקומען פון אינדיען מיט צוויי שיפען פול מיט געווירצען.

וויא דיא מעשה איז, באַבאדיללא'ס פאָהרען איז אָבגעלייגט געוואָרען.

ווען מען האָט שטענדיג אין זינען דיא דאַטומס פון דיא פערשיעדענע פּאַסירונגען, וואָס זיינען פּאָרגעקומען ארום דיעזער צייט, שטעלט זיך דיא אויפמערקזאַמקייט דאָ אָפּ אויף דעם פאָלגענדען פאקט: אין אָקטאָבער פון דעם זעלבען יאָהר זיינען פון היספּאַניאָלא אָבגעפאָהרען נאָך שפּאַניען דיא צוויי שיפען, אויף וועלכע עס האָבען זיך אומגעקעהרט געוויסע פון דיא רעבעלען, נאָך קאָלומבוס'עס אָבמאַך מיט ראָלדאַן'ען. זיי זיינען מסתמא אָנגעקומען נאָך שפּאַניען אין נאָוועמבער, דאָס הייסט, צוויי מאָנאַט נאָך דעם וויא וואסקאָ דא גאמא האָט זיך אומגעקעהרט פון זיין רייזע. דיעזע רעבעלען האָבען געבראַכט נייע קלאַגעס און העצעס אויף קאָלומבוס'ען. אָבער דאָס איז נאָך ניט אַלעס. זיי האָבען מיט זיך געהאַט אינדיאַנער שקלאַפען, און צווישען זיי האָבען זיך געפונען פרויען, טעכטער פון קאַסיקען אָדער אַנדערע, און פיעלע פון דיעזע רויט־הויטיגע פרויען האָבען געשוואַנגערט אָדער האָבען שוין געבאָרען קינדער פון זייערע ווייסע בעגלייטער. ווען דיא קעניגין האָט דאָס דערהערט, איז זיא אויפגעבראַכט געוואָרען. דיא געשיכטע האָט איהר געעקעלט, און ווען זיא האָט געהערט, אַז קאָלומבוס אַליין האָט דיא דערמאָנטע קאָלאָניסטען געהייסען נעהמען זיך דיעזע שקלאַפינען, האָט זיא מיט כעס אויסגעשריען: „וואָס פאר א רעכט האָט ער אַוועקצושענקען מיינע אונטערטהאַנען?"

ווען דיא אינדיאַנער וואָלטען געווען צוגעפּאַסט צו דעם שפּאַנישען קלימאַט און דער האַנדעל מיט זיי, אַלס שקלאַפען, וואָלט געהאַט אַ פינאַנציעלען ממשות, וואָלט זיא מסתמא אויף דעם געקוקט מיט אַנדערע אויגען, וואָרים מיט וואָס איז דאָס דיא שקלאַפעריי פון רויט־הויטיגע אַ גרעסערע עבירה וויא דיא שקלאַפעריי פון דיא נעגערס, וועלכע זיא האָט ערלויבט צו אימפּאָרטירען פון פּאָרטוגאַל, אָדער מיט דיא שקלאַ־

פעריי פון דיא שפּאַנישע מורינען, וועלכע זיא האָט אַליין פון פרייע מענשען אין קנעכט פערוואנדעלט?

אזוי אָבער וויא דיא אינדיאנער האָבען צו דער ארבייט אין אייראָפּא גאַנץ וועניג געטויגט, און זיינען דאָרטען גיך אויסגעשטאָרבען, האָט דיעזער „פּראָדוקט", מיט וועלכען קאָלומבוס האָט געזוכט צו שטילען דעם קעניג׳ס און דיא קעניגין׳ס גייציגקייט, ניט געהאט קיין ווירקונג. עס האָט דיא קעניגליכע פּאָר בלויז גערייצט און אויפגערעגט. דיא פאַנאַטישע איזאבעללא האָט דעריבער זיך געקענט פערגינען צו בעדויערען, פאר וואָס איהרע רויטע אונטערטהאַנען ווערען בעסער ניט בעקעהרט צו דער קריסטליכער רעליגיאָן, ווארום מען לאָזט זיי ניט צו־רוה און מען לערענט זיי ניט בעסער דיענען גאָט אין דער היים.

אין איהר האָט קאָלומבוס געהאט זיין הויפּט־בעשיצערין. אָבער אפילו איהר איז נמאס געוואָרען געקאָרמעט צו ווערען מיט הוילע פערשפּרעכונגען. אפילו זיא האָט ענדליך פערלאָרען דיא געדולד. און דיא געשיכטע מיט דיא אינדיאנערקעס, וואָס האָבען בעדאַרפט ווערען מור־טערס, האָבען אויף איהר וואונד נאָך זאַלץ ארויפגעשאָטען. צו קאָ־לומבוס׳עס אונגליק, איז פון איהם איצט אָנגעקומען א בריעף, אין וועל־כען ער האָט שטארק גערעדט פאר דיא פאָרטזעצונג פון דעם שקלאַפען־געשעפט. מען האָט פון איהם ערוואַרט געוווירצען, גאָלד, פעריל, און ער האָט גאָר זיך געסטאַרעט צו „פּאררעדען דיא צייהן" מיט שקלאַפען, וועלכע האָבען אין שפּאניען א קנאַפּען ווערטה — אזא איינדרוק האָט דאָס געמאַכט.

און אין פּאָרטוגאַל איז דאַן געווען שמחה וששון מיט דיא געוויר־צען, וואָס וואסקאָ דא גאַמא האָט געבראַכט פון אינדיען.

אָבער גראָד וויל פּאָרטוגאַל האָט טריאומפירט מיט וואסקאָ דא גאַמא׳ס טריאומף, גראָד צוליעב דעם איז פערדינאַנד׳ען און איזא־בעללא׳ן ניט אנגענעהם געווען קאָלומבוס׳ען אראָפּצוזעצען. וואָס קען זיין לאָגישער וויא אזוי זיך דאָס פאָרצושטעלען? וואָס קען זיין נאַ־טירליכער?

באַבאַדיללא׳ס פּאָהרען איז אַלזאָ ווייטער אָבגעלייגט געוואָרען. דיא שפּאנישע מאָנארכען האָבען וויעדער געוואַרט. קאָלומבוס האָט דאָך מיט א יאָהר צוריק צוגעשיקט פּראָבקעס פון פעריל פון דער פּאריא ברעג. אפשר וועט ער באַלד צושיקען א סך אַזעלכע פעריל. אפשר וועט

ער צושיקען א סך גאָלד פון דיא ציבאַ־בערג אָדער פון היינאַ. דאַן וואָלטען זיי געגען זייער פּאָרטוגעזישען איידעם זיך ניט געהאַט וואָס צו שעהמען. דאַן וואָלטען זיי געקענט ווייזען פאַר דער וועלט, אז אויב וואסקאָ דאַ גאַמאַ האָט דערגרייכט אינדיען פון מזרח־זייט, האָט זייער קאָלומבוס, פון מערב זייט דערגרייכט דיא „ווייטערע אינדיעס“ — „יאַפּאַן“, „כינאַ“, דיא גאָלד־מינען פון „אופיר“.

זיי האָבען געוואַרט, געוואַרט, און זיך אויף גאָר ניט דערוואַרט. קאָלומבוס האָט אין היספּאַניאָלאַ געהאַט צו פיעל צרות אום צו פאָהרען צוריק צו דעם פּאַריאַ ברעג נאָך פּערל אָדער צו נעהמען זיך בעאַרביי־טען דיא גאָלד־גריבער פון היינאַ. ענדליך האָבען זיי שוין קיין אַנדער ברירה ניט געהאַט וויא צו שיקען באַבאַדיללאַ'ן אויף זיין רייזע: אפשר וועט ער מאַכען אַ טאָלק. אפשר וועט זיין פּערוואַלטונג ברענגען מעהר הצלחה.

איצט האָט איזאַבעללאַ און איהר מאַן געהאַט אַ גוטען תירוץ פאַר דער וועלט: זיי זיינען אויף קאָלומבוס'ען אויפגעבראַכט פאַר דיא שקלאַפעריי, — פאַר דעם, וואָס ער רייסט ארויס אינדיאַנישע פרויען פון זייערע פאַמיליען און גיט זיי איבער צו ווייסע הולטאַיעס. דיא קעניגין, וועלכע האָט געלאָזט ברענען מענשען אויף שייטער־הויפענס און בע'גנב'ענען און בעראַבעווען זיי, האָט דאָ גענומען שפּיעלען דיא ראָלע פון אַ ווייך־הערציגע, הויך־מאָראַלישע פרוי.

און דאָך קען זיין, אז דאָ איז פון איהר זייט קיין צבוע'צסטוואָ ניט געוועזן. ברענען מאַראַנען איז ביי איהר געוועזן אַ „מצוה“, און דער רעליגיעזער געפיהל האָט אין איהר פערטויבט דעם מענשליכען. ווען זיא האָט אָבער געהערט וועגען דיא אונאַנשטענדיגקייט פון דיא קאָלאָניסטען, האָט זיא אונגעשטערט געפיהלט אַ געפיהל פון עקעל צו דעם. דער מענש איז פול מיט ווידערשפּריכע, אפילו ווען ער איז פריי פון אבערגלויבען; אַ פשיטא שוין אזא פאַנאַטישע, אונדענקענדע, שמאָל־זינניגע פרוי, וויא איזאַבעלאַ. (מען דאַרף זיך דערמאָנען, אז פון אָנהויב איז זיא געוועזן געגען דעם, אז מען זאָל „אפיקורסים“ פער־ברענען, און אז דיא גלחים, וועלכע האָבען איבער איהר ווילען געהאַט אַן אבסאָלוטען קאָנטראָל, האָבען איהר איבער־גערעדט). אַ טורמע־אויפזעהער, וועלכער מוטשעט קאַלטבלוטיג מענשען אלס זיין „פפליכט“,

איז ניט זעלטען אין דער אויסערליכער וועלט פול מיט סימפּאַטהיע און מענשען־ליעבע.

וויא דיא מעשה איז, איזאַבעללאַ האָט געהייסען, אז מען זאָל דיא שקלאַפען און שקלאַפינען גלייך שיקען צוריק אין זייער געבורטס־לאַנד, צו זייערע פאַמיליען, און ניט בלויז דיא, וואָס מען האָט איצט געבראַכט, נור אויך אייניגע פון דיא, וועלכע קאָלומבוס האָט פריהער געשיקט. יע־דען שקלאַף, וואָס איז נור לעבען געבליבען, האָט זיא געהייסען אויסזו־כען און שיקען צוריק נאָך היספּאַניאָלאַ.

אַלס צוגאָב צו דיא דאָקומענטען, וואָס דער קעניג און דיא קעניגין האָבען באַבאַדיללאַ'ן פריהער געגעבען, האָבען זיי איצט אונטערגעשרי־בען עטליכע ליידיגע בויגענס פּאַפּיער, אום ער זאָל קענען אויף זיי אויפשרייבען וואָס ער וויל און דאָס געברויכען אין זייער נאָמען.

באַבאַדיללאַ האָט אָבגערייזט אין יולי, 1500, מיט צוויי שיפען און 25 מאַן. אויף דיא זעלבע שיפען האָט מען צוריקגעשיקט נאָך היספּאַניאָלאַ אַ גרויסע צאָהל רויטע שקלאַפען. אַלס משגיחים איבער זיי זיינען מיטגעפאָהרען פינף גלחים — מסתמא מיט דעם צוועק אויפ'ן וועג זיי צו „איבערצייגען" אין דיא ריכטיגקייט פון דער קריסטליכער רעליגיאָן.

באַבאַדיללא'ס אָפּפאָהרען איז אַלזאָ פאַר דיא קעניגליכע פּאָר פאָלק געווען אַ טרויעריגע נויטווענדיגקייט. קיין נחת האָט דאָס זיי געוויס ניט פערשאַפט. אָבער קיין סך נחת האָבען זיי דיא לעצטע צייט איבערהויפּט ניט געהאַט. אין איין יאָהר איז ביי זיי געשטאָרבען זייער איינציגער זוהן און זייער עלטסטע טאָכטער. און דאָס איז נאָך אויך ניט געווען אַלעס. באַלד נאָך באַבאַדיללא'ס אָפּפאָהרען איז געשטאָר־בען זייער אייניקעל, פּרינץ מ י ג ע ל. אַז דיא אידען האָבען אויף דיעזע רייהע פון טוידטען געקוקט וויא אויף גאָט'ס שטראָף פאַר דיא מערדערייען, וואָס פערדינאַנד און איזאַבעללאַ, און דורך זיי זייער איידים אויך, זיינען בעגאַנגען געגען דעם אונגליקליכען פאָלק, איז איבעריג צו בעמערקען.

XIX.

## מען ברייגגט קאָלומבוס׳ען נאָך שפּאַניען געשמידט אין קייטען.

אַ נייער אויפשטאַנד, צוליעב אַ שעהנע אינדיאַנערקע. — איצט שוין אי געגען קאָלומבוס׳ען אי געגען ראָלדאַן׳ען. — דער אדמיראל און זיין נייער פריינד שאַפען "אָרדנונג" מיט דער הילף פון תליות. — באַבאדיללא קומט און נעהמט אַריין דיא רעגיערונג פון היספּאַניאָלאַ אין זיינע הענט. — ער לאָזט קאָלומבוס׳ן און זיינע ברידער שמידען אין קייטען.— זיין אָנקומען אין שפּאַניען אין קייטען קעהרט אום דיא עפענטליכע מיינונג און מען עמפּפאַנגט איהם ווידער מיט כבוד. — דיא קעניגליכע פּאָר פאָלק ווייזען איהם אויך סימפּאַטהיע און רעספּעקט, אָבער זיין פריהערדיגע שטעלע גיבען זיי איהם ניט. — זיי ווילען פּטור ווערען פון זיין קאָנטראַקט.

אין היספּאַניאָלאַ איז דערווייל אַרויסגעקומען אַ נייע מישעניגע—דיעזען מאָל צוליעב אַ שעהנע אינדיאַנערקע; און קאָלומבוס האָט געשאַפען „אָרדנונג“ מיט דער הילף פון עטליכע תליות.

דיא געשיכטע האָט זיך אָנגעפאַנגען מיט דעם, וואָס נאָך קסאַראַגואַ איז געקומען אַ יונגער אדעליגער מיט׳ן נאָמען הערנאנדא געוואַראַ, אַ שעהנער חן׳עוודיגער יונג, אָבער זעהר אַ צולאָזענער. ער איז געווען אַ קוזין פון אַדריאן דע מאָקסיקא, וועלכען מיר האָבען אויבען דערמאָהנט אַ פּאָר מאָל אַלס איינעם פון דיא אָנפיהרער פון ראָלדאן׳ס אויפשטאַנד. געוואַראַ האָט צוערשט געוואוינט אין סאַן דאָמינגאָ. אָבער דאָרטען האָט ער פארפיהרט אַזעלכע מעשים, אַז קאָלומבוס האָט בעשלאָסען איהם צוריקצושיקען נאָך שפּאַניען. דאָס איז געווען דאַן, ווען אַלאָנזאָ אָיעדא איז צוגעקומען צו דעם קסאַראַגואַ ברעג. אַזוי וויא ער האָט בעדארפט באַלד פאָהרען צוריק אַהיים, האָט קאָלומבוס געוואַראַ׳ן געשיקט אַהין, אום ער זאָל איהם מיטנעהמען. ער איז אָבער אָנגעקומען צו שפּעט. דיא שיפען זיינען שוין געווען אָבגעשוואומען. ראָלדאַן האָט איהם עמפּפאַנגען פריינדליך, צוליעב מאָקסיקאַ. ראָלדאַן אליין איז אָבער איצט דאָך שוין געווען אין גוטע פער־

העלטניסע מיט קאָלומבוס'ען, און האָט זיך געסטאַרעט זיינע בעפעהלען צו היטען; אַלזאָ האָט ער, אַלס ריכטער, געוואָרא'ן געזאָגט אַז ער קען איהם בלויז אויף דערוויילע לאָזען זיך בעזעצען ערגעץ וואו — נור ניט אין קסאַראַגוא — ביז דער אַדמיראַל וועט לאָזען וויסען וואָס מען זאָל מיט איהם ווייטער טהאָן. אין קסאַראַגוא האָט ראָלדאַן איהם ניט געוואָלט האָבען, ווייל ער, ראָלדאַן, איז דאָרטען געווען פעראינטערעסירט אין אַ זעלטען שעהנע יונגינקע אינדיאַנערקע, און ער האָט מורא געהאַט אַז דער חן'עוודיגער יונגער־מאַן זאָל איהם ניט שטעהן אין וועג.

ער האָט קיין טעות ניט געהאַט.

געוואָרא האָט זיך אויסגעקליבען אַלס וואוינונגס־פּלאַץ אַ דאָרף מיט'ן נאָמען קאהאַי, וואו זיין קוזין מאָקסיקאַ האָט זיך בעזעצט מיט געיעג. אָבער דיא אמת'ע אורזאַכע, וואָרום ער האָט זיך אָבגעשטעלט אין קאַהאַי איז ניט געווען זיין קוזין, נור טאַקע דיא שעהנע אינדיאַנערקע, מיט וועלכע ראָלדאַן האָט איהם מורא געהאַט זיך צו לאָזען זעהן; וואָרים קאַהאַי איז געווען לעבען קסאַראַגוא, ניט ווייט פון דעם גרויסען דאָרף, וואו דיעזע צימרינג־קאָלירטע פּאַרשוין האָט געוואוינט.

דיא צענטער־פיגור פון דער געשיכטע האָט געהייסען היגאַמאָטאַ, און זיא איז געווען קיין אַנדערע, וויא אַ טאָכטער פון אונזער אַלטע בעקאַנטע אינדיאַנישע שעהנהייט, אַנאַקאָנאַ, דיא אלמנה פון קאַאָנאַבאָ און דיא שוועסטער פון בעהעטשיאָ.

געוואָרא איז אַהין געקומען גאַנץ אָפט. ער איז געוואָרען אַ שטענדיגער איינגעהער אין דער אלמנה'ס הויז און צווישען איהם מיט היגאַמאָטאַ'ן איז אויסגעוואַקסען אַ פּאָלשטענדיגער ראָמאַן. דער אייפערזיכטיגער ראָלדאַן האָט דעם פערליעבטען געטריעבען פון דאָרטען, אָבער יענער האָט איהם ניט געפאָלגט. ענדליך האָט ער זיך איינפאָך בעזעצט אין אַנאַקאָנאַ'ס הויז, און אַ קורצע צייט שפּעטער האָט ער געשיקט נאָך אַ גלח היגאַמאָטאַ'ן אָבצוטויפען. וואָס אַנבעטרעפט דיא מיידעל'ס מוטער, איז זיא געווען העכסט צופריעדען מיט דעם שדוך. זיא האָט פארגעטערט אַלס וויסע, און דיעזער חן'עוודיגער יונגער שפּאַניער איז איהר בעזונדערס געפעלען געווען.

ראָלדאַן האָט געוואָרא'ן געשיקט רופען און האָט איהם שטריינג אויסגערעדט וואָרום ער פאַרפיהרט דיא אלמנה'ס טאָכטער. געוואָרא

האָט אָבער געענטפערט, אַז ניט פערפיהרען וויל ער איהר, נור הייראטהען אויפ'ן געזעצליכען אופן, — אַז ער איז אין איהר טיעף פערליעבט און זיא װעט זיין זיין קריסטליכע פרוי. ראָלדאַן האָט דאַן געפאָדערט, אַז ער זאָל אונבעדינגט זיך גלייך אומקעהרען נאָך קאַהאַי. געװאַרא האָט געפאָלגט, אָבער אין דריי טעג אַרום איז ער צוריקגעקומען צו זיין געליעבטע. ראָלדאַן האָט איהם װיעדער געהייסען פארלאָזען דעם פּלאַץ, אָבער ער האָט זיך ביי איהם איינגעבעטען ער זאָל איהם ערלויבען דאָ צו פארבלייבען אַ קורצע צייט; און אין האַרצען האָט ער זיך געשװאָרען פון איהם נקמה צו נעהמען.

ער האָט באַלד בשתיקה צוזאַמענגענומען איינינע בונטאָװשטשיקעס, װאָס האָבען ראָלדאַן'ען פיינט געהאַט, הגם זיי האָבען פריהער אַנטהייל גענומען אין זיין אױפשטאַנד, און ער האָט אָבגעמאַכט מיט זיי איהם צו טוידטען אָדער אױסשטעכען דיא אויגען. ראָלדאַן איז אָבער דערפון געװאָהר געװאָרען, און ער האָט געװאַרא'ן אַרעסטירט אין זיין געליעבטע'ס װאױנונג. אויך האָט ער אַריינגעזעצט אין טורמע זיעבען פון זיינע מיט־קאָנספּיראַטאָרס. ראָלדאַן האָט קאָלומבוס'ען גלייך געשיקט אַ בעריכט װעגען דער געשיכטע, און דער אַדמיראַל האָט דיא געפאַנגענע געהייסען איבערפיהרען אין דער סאַן־דאָמינגאָער פעסטונג.

לאָמיר דאָ בעמערקען, אַז דיא געשיכטע פון דעם נייעם בונט, װיא זיא איז דאָ איבערגעגעבען, װערט גענומען פון ראָלדאַן'ס בעריכט צו קאָלומבוס'ען. אַז ראָלדאַן האָט דיא מעשה דערצעהלט ניט אונפּאַרטייאיש, נור פון זיין אייגענעם שטאַנד־פּונקט, איז זעלבסט־פערשטענדליך. קאָלומבוס'ען װיעדער האָט זיך געלוינט דעם רעפּאָרט איבערצוגעבען אין דעם זעלבען איין־זייטיגען נוסח, װאָרים ער איז מיט דיא אָנפיהרער פון דער פערשװערונג זיך בעגאַנגען אויף אַ גאַנץ אונמענשליכען שטייגער, און עס איז װיכטיג געװען פאַר איהם אַזוי גוט װיא פאַר ראָלדאַן'ען, אַז מען זאָל דיא קאָנספּיראַטאָרס פאָרשטעלען אין דיא דונקעלסטע פאַרבען. עס גלויבט זיך עפּעס ניט, אַז גראָד דאַן, װען ראָלדאַן איז געװען אַזוי נאָבעל־הערציג, דאָס ער האָט זיין ליעבעסקאָנקורענט ערלויבט אויף אַ געװיסע צייט צו בלייבען װאױנען מיט זייערביידען'ס געליעבטע, זאָל געװאַרא מאַכען אַ פערשװערונג איהם צו טוידטען אָדער דיא אויגען אויסצושטעכען. װאָרום האָט געװאַרא

דאס ניט געטהאן פריהער, ווען ראלדאן האט איהם פון איהר אוועק־געטריבען?

מען דארף אויך ניט פערגעסען, אז דיא פערהעלטניסע צווישען קאלומבוס'ען און ראלדאן'ען זיינען איצט געווען אזעלכע, אז זיי האבען זיך גע'חנפה'ט איינער צום אנדערען. ראלדאן האט געדארפט האבען, אז דער אדמיראל זאל ווענען איהם אבגעבען א גוטען בעריכט צו דער שפאנישער רעגיערונג, אום מען זאל איהם ניט בעשטראפען — איינפאך טוידטען — פאר זיין אויפשטאנד; און דער אדמיראל, פון זיין זייט, האט געוואלט אז דיזער געפעהרליכער מענש, וועלכער האט געהאט אזא שטארקען איינפלוס אויף פיעלע קאלאניסטען, זאל אנשטאט איהם צו שטערען, העלפען. קאלומבוס האט געוואוסט, וואס פאר א שלעכטען איינדרוק ער מאכט אויף דעם קעניג מיט דער קעניגין אלס רעגיערער. ער האט געוואוסט אז דער אויפשטאנד שטעלט איהם אין געפאהר זיין מאכט און זיינע טיטלען צו פערלירען. ווען ער וואלט געקענט פער־ווירקליכען זיינע פערשפרעכונגען, און צושיקען א סך גאלד און פערל, וואלט מען איהם אלץ פערצייהעט. אזוי אבער האט ער זיך יעדען טאג געקענט ריכטען אויף גאנץ ביטערע נייעס פאר זיך. איהם איז דער־ריבער נויטיג געווען, אז אין דער קאלאניע זאל זיין שטיל.

צוליעב זיינע אייגענע אינטערעסען אלזא האט ער געהאנדעלט אין דיא אינטערעסען פון זיין אקארשטיגען בלוט־פיינד, ראלדאן. אזוי איז דייטליך פון דיא איינצעלהייטען פון דער גאנצער געשיכטע, אב־וואהל דיא היסטאריקער, וועלכע זוכען מייסטענס צו בעווייזען קאלומ־בוס'עס גרויסקייט און פיינקייט, ציהען פון דיעזער פאסירונג אויך בעווייזע אז קאלומבוס האט אימער געהאנדעלט גוט און נאבעל.

ווען געווארא'ס קוזין, מאקסיקא, האט זיך דערוואוסט, אז דער יונגער־מאן איז ארעסטירט, איז ער אויפגעבראכט געווארען. ער איז גלייך אריבערגעפאהרען צו פעדרא רעקוועלמא, וועלכען מיר האבען אויך בעגעגענט אלס איינעם פון דיא אנפיהרער פון ראל־דאן'ס אויפשטאנד, און מיט איהם אין איינעם האט ער צוזאמענגענומען און ארגאניזירט דיא צווייטע און צושפרייטע פריהערדיגע רעבעללען. וואהרשיינליך האבען זיי אלע איצט ראלדאנען געהאסט פאר זיין פלוצ־לונגע טרייהייט צו קאלומבוס'ען. זיי האבען איהם מסתמא בעטראכט

אַלס אַ פערדעטהער און פערפיהרער, און דער קלענסטער פונק איז געווען גטנוג דיעזען געפיהל אין זיי פאַנאַנדערצוברענען אין אַ פלאַקער. ווען מאָקסיקאַ האָט זיי דערצעהלט, אַז אוים אייפערזוכט פערפאָלגט ראָלדאַן געוואַרא'ן, האָט זייער בלוט אויפגעקאָכט. װיעדער האָט מען זיך געד נומען פאַר דיא געוועהר; וויעדער האָט געשמעקט מיט אויפשטאַנד. אָבער מאָקסיקאַ האָט געמאַכט צו פיעל הכנות, און דערווייל האָט זיך ראָלדאַן און קאָלומבוס פון אַלץ דערוואוסט, און מען איז דיא אָנפיהרער בעפאַלען איידער זיי האָבען געהאַט דעם קלענסטען בעגריף אַז זייער סעקרעט איז פערראַטהען געוואָרען.

עס איז זעהר מעגליך אַז דיא גאַנצע קאָנספּיראַציע איז שטאַרק איבערטריבען; אָבער מיר האָבען דיא געשיכטע בלויז פון איין צד, — פון קאָלומבוס'עס צד; און דעם אמת וועט מען וואהרשיינליך קיינמאָל ניט דערגעהן. אָבער אַפילו דאָס וואָס איז בעשריעבען געוואָרען פון קאָלומבוס'עס פריינד, נאָך זיין אייגענע ערצעהלונג, איז אויך גענוג אום צו זעהן אַז זיינע האַנדלונגען זיינען דערביי געווען ווייט פון גערעכ־ טיגקייט און מענשליכקייט. אוים חניפה צו ראָלדאַן'ען האָט ער איצט מיט זיי מערדערליך זיך אָבגערעכענט פאַר דעם ערשטען אויפשטאַנד, צו וועלכען זיי האָט געפיהרט דער זעלבער ראָלדאַן. ער האָט געכאַפּט מאָקסיקאַ'ן מיט איינינע פון זיינע פריינד און האָט זיי אוועקגעפיהרט נאָך דער קאָנצעפּציאָן פעסטונג, וואו ער האָט מאָקסיקאַ'ן געלאָזען אויפהייגגען. דיא איבעריגע האָט ער אויך פעראורטהיילט צום טוידט. דאַן האָט ער געפאַנגען רעקוועלמאָן מיט נאָך עטליכע פון דיא בעשולדיגטע און האָט זיי אַוועקגעפיהרט נאָך דער פעסטונג סאַן קריסטאבאל, לעבען סאַן דאָמינגאָ, וואו עס איז געזעסען געוואָרא.

אנדערע מאָקסיקאַ'ס אנהענגער זיינען זיך דאַן צולאָפען אי־ בער'ן אינזעל, אָבער ראָלדאַן האָט זיך נאָך זיי נאָכגעיאָגט און פיעלע פון זיי האָט ער געכאַפּט און אַרעסטירט, אָדער גליייך געהאַנגען. ער האָט מיט זיך זאָגאַר געהאַט אי אַ תליון אי אַ גלח. אום קיין צייט ניט צו פערלירען, האָט מען דעם געפאַנגענעם אויפ'ן שטעל זיך גע־ הייסען מתודה זיין, כדי ער זאָל קומען אויף יענער וועלט וויא עס פאַסט פאַר אַ קריסטליכע נשמה, און דאָ אויף אָן אָרט האָט מען איהם אויפגעהאַנגען אויף אַ בוים. אין איינינע פעללע האָט ראָלדאַן זאָגאַר

ניט געהאט קיין גערולד צו ווארטען ביז זיין קרבן וועט אבזאגען זיין וידוי אין גאנצען, און ער האט פערצויגען דיא שטריק ווען יענער האט געהאלטען אין רעכטען מיטען. בעריכטענדיג דאס אלעס, רעדט קא־לומבוס מיט א בעזונדערען כעס וועגען דיא נידערטרעכטיגקייט, וואס איינינע רעבעללען האבען ארויסגעוויזען מיט דעם, וואס זיי האבען אומישנע פערלייננערט זייער וידוי, אום מען זאל זיי אזוי גיך ניט טוידטען.

דער אויפשטאנד איז אונטערדריקט געווארען; און דיא אינ־דיאנער האבען געהאט א נייעם בעוויז וועגען דיא מאכטלאזיגקייט פון יעדער בעוועגונג, וועלכע איז גערינכטעט געגען דער רעגיערונג. זיי האבען נאך מעהר פערלארען זייער מוטה, און נאך מעהר זיך געלאזען טרעטען אונטער דיא פיס. איצט זיינען פיעלע פון זיי שוין געוועזען געקליידעט וויא ציוויליזירטע מענשען און מען האט זיי גערעכענט פאר קריסטען. זיי וואלטען אבער זייער „ציוויליזאציאן" און קריסטענטהום מיט פערגניגען געביטען אויף דיא פרייהייט און דעם זארגלאזען רו־היגען לעבען, וועלכען זיי האבען געפיהרט איידער עס האבען זיך אויף זייער אינזעל בעוויזען דיא ציוויליזירטע קריסטליכע משחיתים.

קאלומבוס האט זיך געפרייט מיט זיין זיעג. ער איז געוועזען גליקליך אי־בער־גליקליך. אבער גראד אין יענער צייט האט ער בעקומען א בריעף פון סאן־דאמינגא, אז אהין איז אנגעקומען באבאדיללא, וועלכער זאגט אז ער האט א פולמאכט פון דיא קעניגליכע פאר, אלעס צו טהאן ווי ער וועט פערשטעהן, און אז ער האט ארייננעכאפט דיא גאנצע רעגיערונג פון דעם אינזעל אין זיינע הענט.

עס איז אזוי געוועזן:

ווען באבאדיללא איז אריינגעשוואומען אין סאן דאמינגא מיט זיינע צוויי שיפען, האט ער ביין טייך דערזעהן צוויי תליות, — איינע אויף דער זייט טייך און איינע אויף יענער זייט — און אויף יעדער פון דיא צוויי תליות איז געהאנגען א טוידטער קערפער. ווען ער האט געפרעגט וואס דאס בעדייט, האט מען איהם געזאגט, אז זיעבען רעבעללען האט קאלומבוס שוין הינגעריכטעט, און אז נאך פינף ער־ווארטען אן עהנליכען שיקזאל אין דער פעסטונג. קאלומבוס און זיין

ברודער זייגען דאָן געווען אין קאָנצעפּציאָן, און אין סאָן־דאָמינגאָ האָבען זיי איבערגעלאָזען זייער אינגערען ברודער, דיעגאָ.

אויף מאָרגען האָט באבאדיללאַ צוזאַמענגערופען דעם עולם ארום דער קירכע און דאָרטען האָט ער איבערגעלעזען דעם דאָקומענט, וואָס האָט איהם בעאויפטראַגט צו מאַכען אַן אונטערזוכונג און צו בע־שטראָפען דיא שולדיגע. ער האָט אויפגעפאָדערט דיעגאָ׳ן איהם אי־בערצוגעבען דיא פינף פעראורטהיילטע וויא אויך איהם צו צייגען דיא בעווייזע פון זייער שולד. דיעגאָ האָט גענטפערט, אַז דיא פינף רעבעללען זיינען ארעסטירט געווען אויף דעם אדמיראַל׳ס בעפעהל, און אַז אָהן איהם קען ער גאָר ניט טהאָן, און קיינעם ניט אנערקענען.

פון אַלע זייטען האָבען זיך געשאָטען קלאַגען אויף דעם אדמיראַל. דיא אונצופריעדענע קאָלאָניסטען, פיעלע פון וועלכע האָבען קוים אויס־געמיידט ארעסטירט צו ווערען אלס אנהענגער פון געוואַראַ און מאָק־סיקאַ, האָבען איצט קאָלומבוס׳ען פאַרגעשטעלט אלס א בלוט־דורשטיגען טיראַן און איהם איבערהויפּט געמאָלען אין דיא שוואַרצסטע פאַרבען. באבאדיללאַ האָט דאָ געהאַנדעלט מכח קאָלומבוס׳ען אַזוי וויא קאָ־לומבוס האָט געהאַנדעלט אין בעצוג אויף מאָקסיקאַ און זיינע פריינד. ניט אויסהערענדיג דעם אנדערען צד, און ניט וואַרטענדיג אפילו ביז קאָלומבוס וועט קומען, האָט ער פאַרגעלעזען זיין צווייטען דאָקומענט — דעם, וואָס האָט איהם ערקלעהרט אלס גובערנאַטאָר פון אַלע ניי־ענט־דעקטע לענדער אויף קאָלומבוס׳עס פּלאַץ; און נאָך דעם וויא ער האָט מיט גרויס צערעמאָניע איבערגעלעזען דיא טרייהייטס־שבועה אלס גו־בערנאַטאָר האָט ער פּובליצירט זיין דריטען דאָקומענט, וועלכער האָט אויפגעפאָדערט קאָלומבוס׳ען איהם איבערצוגעבען אַלע פעסטונגען און אַלע אנדערע קעניגליכע אייגענטהום.

עס האָבען זיך געהערט וויטערע קלאַגעס אויף קאָלומבוס׳ען, אפילו פון דיא וואָס האָבען מיט דעם בונט קיין שייכות ניט געהאַט. דער פאַקט גופא, אַז עס איז געקומען אַ נייער גובערנאַטאָר, און אַז קאָלומבוס האָט אין דעם שפּאַנישען הויף פערלאָרען זיין חן, האָט דיא קאָלאָניסטען צוגעגעבען חשק צו אַטאַקירען דעם מאַן, וועמען זיי האָבען נעכטען געוויזען דיא העכסטע רעספּעקט.

זיי האָבען דערצעהלט אַז דער אדמיראַל צווינגט זיי צו ארבייטען ביים בויען פעסטונגען און הייזער אפילו ווען זיי זיינען קראַנק; אַז

ער האט זיי געהייסען שמייסען ווייל זיי האבען גע׳גנב׳עט אביסעל שפייז, ווען זיי זיינען שיער ניט געשטארבען פון הונגער; אז ער בעקעהרט ניט דיא אינדיאנער צום קריסטענטהום, ווייל ער וויל זיי בעסער האבען אלס שקלאפען, אז ער פיהרט מיט דיא רויטע מלחמות אום צו פאנגען קנעכט אויף צו שיקען נאך שפאניען, א. ז. וו.

אזוי וויא דיעגא האט זיך ענטזאגט אנצוערקענען באבאדיללא׳ס אויטאריטעט, האט דער נייער גובערנאטאר אלץ אליין ארייננעכאפט.

צווישען דיא קלאגען זיינען פיעלע געווען וועגען דיא ניט־בעצאהל־טע געהאלט פון דיא קאלאניסטען, וועלכע האבען זיך גערעכענט פאר רעגיערונגס־אנגעשטעלטע. באבאדיללא האט דאן פארגעלעזען א ספע־ציעלען פאפיער, אין וועלכען דיא קרוין האט איהם בעאויפטראגט אלעמען צו בעצאהלען וויא פיעל עס קומט. דאס האט איהם זעהר פאפולער געמאכט, און ער האט זיך מיט דעם בענוצט צו ארעסטירען דיעגא׳ן, ארויסצולאזען דיא פינף פעראורטהיילטע, צו פערנעהמען קא־לומבוס׳עס הויז מיט זיינע פאפיערען און צו שיקען צו קאלומבוס׳ען דעם אויבען דערמאהנטען קעניגליכען בעפעהל, אז ער מוז אלץ איבערגעבען דעם נייעם בעאמטען.

קאלומבוס האט זיך געפיהלט אזוי וויא פון א קלאהרען בלויען הימעל וואלט איהם פלוצלונג א דונער געשלאגען. ער האט געפרופט ענטפערען מיט א פארזיכטיגען, דיפלאמאטישען בריעף, ערקלעהרענדיג, אז סיי וויא סיי פאהרט ער באלד נאך שפאניען און אז דאן וועט ער באבאדיללא׳ן איבערלאזען אויף זיין פלאץ. אויף דיעזען ארט האט ער געוואלט געווינען צייט אום דערווייל צו דערוויסען זיך וויא וויט באבאדיללא איז ווירקליך בעפאלמעכטיגט אזוי צו האנדלען. קיין אנט־ווארט אויף דיעזען בריעף האט ער ניט ערהאלטען. אנשטאט דעם האט דער נייער רעווייזאר אויסגעפילט עטליכע פון זיינע בלאנקען, אונטער וועלכע דער קעניג און דיא קעניגין האבען זיך אונטערגעשריבען און האט דאס געשיקט צו ראלדאן׳ען און דעם אדמיראל׳ס שונאים. קאלומבוס האט דאן געלאזט אלעמען וויסען אז ער, קאלומבוס, האט זיינע טיטלען פון דער קרוין, און אז דיא שריפטען וואס באבאדיללא וויזט, קענען קיין מאכט ניט האבען.

ענדליך האט באבאדיללא צו דעם אדמיראל געשיקט צוויי שלוחים מיט דעם בריעף צו קאלומבוס׳ען וועלכען פערדינאנד און איזאבעללא

האָבען איהם מיטגעגעבען — דעם בריעף, וואו זיי הייסען דעם אדמיראל אבסאָלוט טרויען און פאָלגען באבאדיללא'ן. ווען קאָלומבוס האָט דאָס איבערגעלעזען, האָט ער איינגעבויגען דעם קאָפּ, און איז גלייך אוועק נאָך סאַן־דאָמינגאָ.

איינע פון דיא מעלדונגען, וואָס באבאדיללא האָט ערהאַלטען פון קאָלומבוס'עס שונאים איז געווען, אז דער אדמיראל האָט זיך צוזאַמענ־גערעדט מיט דיא אינדיאַנישע קאַסיקען צו געהן געגען דער שפּאַנישער קרוין. דיעזע בעשולדיגונג האָט קיין שום גרונד ניט געהאַט; אָבער באבאדיללא האָט אַלץ געגלויבט.

באבאדיללא ווערט פערדאַמט פון אַלע היסטאָריקער. אָבער אַלע גיבען זיי צו — אפילו קאָלומבוס'עס הייסעסטע פערזענליכע פריינד — אז ער איז געווען אַן עהרליכער מאַן. זיי שילדערען איהם אָבער אַלס א היציגען, ניט איבערלייגטען מענשען און צו דעם לייגען זיי צו, אז אין דער גאַנצער געשיכטע איז ער בעהערשט געוואָרען פון זיין אייגענע עהר־גייץ און מאַכט־דורשט, — קורץ, אז איהם האָט זיך געוואָלט פער־נעהמען קאָלומבוס'עס פּלאַץ. זעהר מעגליך. אָבער דאָ וועט מען מסתמא אויך דעם אמת קיין מאָל ניט קענען דערגעהן, סיידען מען וועט א מאָל ענטדעקען נייע שריפטען, נייע בריעף מיט נייע פאַקטען וואָס וועלען גיסען נייע ליכט אויף דער פּאַסירונג. דערווייל קען מען בלויז זעהן, אז קאָלומבוס'עס האַנדלונג אין דיא לעצטע טעג, פאַר באַ־באדיללא'ס קומען איז געווען זעהר ניט קיין סימפּאַטהישע, און אז זיא האָט געמוזט אַרויסרופען א צאָרן ניט בלויז ביי דיא, וואָס האָבען איהם געהאַסט, פאַר וואָס ער האָט זיי געצוואונגען צו אַרבייטען, נור ביי יעדען קאָלאָניסט. וואָס מען זאָל ניט זאָגען געגען זיינע שונאים, געגען דיא פּוסט און פּאַסניקעס און איינפאַכע פערברעכער, מיט וועלכע דיא קאָלאָניע איז געווען פול, — קאָלומבוס האָט פאָרט געהאַנגען מענשען, ווייל אַזוי האָט געוואָלט ראָלדאַן צוליעב א צוזאַמענשטויס איבער א מיידעל. ראָלדאַן האָט זיינע פריהערדיגע אַנהיינגער ליעב ניט געקענט זיין; און ווען, אויס חניפה צו איהם, האָט דער אדמיראל מיט תליות זיך אָבגערעכענט מיט ראָלדאַן'ס שונאים, האָט ער קיין רעספּעקט און פריינדשאַפט צו זיך אין דער קאָלאָניע געווים ניט גע־קענט ערוואָרטען. פאַר וואָס האָט ער ניט געהאַנגען ראָלדאַן'ען, ווען ער האָט אָנגעפיהרט יענעם אויפשטאַנד געגען איהם? ווייל דאַן איז

קאלומבוס געווען מאכטלאז, ווייל ער האט איינפאך איהם ניט געקענט בייקומען. און איצט, אז ער צוזאמען מיט ראלדאן'ען זיינען שוין געווען מעכטיג, האט ער ראלדאן'ס שונאים געטהאן דאס, וואס ער האט פריהער ניט געסמייעט צו טהאן איהם אליין. קיין גוטען איינדרוק האט אזא האנדלונג געווים ניט געקענט מאכען.

אט דאס איז געווען דיא סיטואציאן, וועלכע באבאדיללא האט געפונען, ווען ער איז געקומען אין היספאניאלא. קיין גוטעס האט ער וועגען קאלומבוס'ען פריהער אויך ניט געהערט; זיין גאנצער קומען אהער איז געווען דער רעזולטאט פון שלעכטע בעריכטען וועגען דעם ענטדעקער. און איצט, אז ער איז שוין דא, אין סאן דאמינגא, איז דער ערשטער ברוך הבא, וואס ער בעקומט, צושווימענדיג צום שטאדט, צוויי תליות, וועלכע מען האט איהם ערקלעהרט אלס רעזולטאט פון דעם ראלדאן־געווארא סכסוך; א היציגער מענש איז ער געווען, — אלזא האט אין איהם זיין הייסע בלוט אויפגעקאכט און ער האט זיך אוועקגעלאזען האנדלען אויף דעם שטרייגנסטען אופן, ביז ער איז פערקראכען צו ווייט. און דאן האט ער שוין נאטירליך געגלויבט יעדע העצע אויף קאלומבוס'ען, וועלכע האט נור געקענט רעכטפערטיגען זיין שטריינגקייט. אויף דיעזען ארט איז ער געגאנגען אלץ ווייטער.

זייענדיג ארומגערינגעלט מיט אן אטמאספערע, אין וועלכע קאלומבוס'עס אמת'ע בעדייטונג האט מען ניט געקענט פערשטעהן, און אין וועלכע מען האט אויף איהם געקוקט בלויז וויא אויף א דעספאט, און זאגאר וויא אויף א שווינדלער, וועלכער נארט אפ דיא וועלט מיט פאלשע בעריכטען וועגען לענדער, וואס האבען קיין ווערטה ניט, — געפינענדיג זיך אין אזא אטמאספערע, איז דער היציגער ניט־איבריגסקלוגער באבאדיללא דערגאנגען צו אזא פונקט, אז ער האט זיך בעשלאסען קאלומבוס'ען צו ארעסטירען.

דיא קאלומבוס־טראגעדיע האט זיך ענטוויקעלט פון אקט צו אקט.

באבאדיללא האט מורא געהאט אז קאלומבוס וועט קומען אין שטאדט מיט אן ארמיי; ער האט דעריבער בעוואפענט די קאלאניסטען. דאס איז אבער געווען גאנץ אומזיסט. דער גרייזער ענטדעקער פון דער נייער וועלט איז געקומען אליין, אהן אן ארמיי, אהן א סוויטע, אהן וועכטער, אהן בעגלייטער.

דער נייער גובערנאטאר האט גלייך געהייסען איהם ארעסטירען

און שמידען אין קייטען. ווען מען האָט דיא קייטען אריינגעבראַכט אין דעם צימער, וואוהין מען האָט אריינגעפיהרט דעם אדמיראַל, האָט צוערשט קיינער ניט געהאַט דיא העזה זיי איהם אָנצוטהאָן. באַלד האָט זיך אָבער געפונען אַ בעלן אויף דעם: איינער פון קאָלומבוס'עס הויז־דיענער. קאָלומבוס האָט זיך געלאָזען שמידען אין דיא קייטען מיט אַ שטילע, שטאָלץ־טרויעריגע מינע, און אזוי אַ געשמידטען, האָט מען איהם אוועקגעפיהרט אין פעסטונג.

צו דער זעלבער צייט האָט באבאדיללא ארויסגעלאָזען געוואַראַ'ן.

דאָס בילד פון קאָלומבוס'ן אין קייטען איז אַ בילד פון אַ מאַר־טירער פון דער וויסענשאַפט. אָבער זיין מארטירעריי איז ניט ארויס־געקומען פון דעם וואָס ער האָט געארבייט פאַר דער וויסענשאַפט, נור גראַד פערקעהרט — פון דעם וואָס וועהרענד אין אמת'ן האָט ער אזוי פיעל אויפגעטהאָן פאַר דעם מענשען'ס וויסען, האָט ניט ער, און ניט קיין אנדערער דאָס ניט פערשטאַנען; און אָנשטאָט וואָס ער זאָל בעטראַכט ווערען פון זיך אליין און פון אנדערע פאַר אן ענטדעקער און פאָרשער פון אַ גרויסע נייע וועלט, האָט ער אליין אויף זיך געקוקט וויא אויף אַ פּראַקטישען אוצרות־זוכער און רעגיערער איבער אוצרות־לענ־דער, און אזוי האָבען אויף איהם געקוקט אנדערע. אָט פון דיעזען וויעדערשפּרוך איז זיין מאַטירעריי ארויסגעקומען.

באָבאדיללא האָט געוואָלט ווייזען, אַז ביי איהם וועט אַלץ זיין אין אָרדנונג, אַז פון קיין מישענינעס, אינערליכע צאַנקערייען, וועט מען אין זיין אדמיניסטראַציע ניט וויסען. ער האָט דעריבער זיך אויך גע'חנפ'עט — גע'חנפ'עט זיך צו ביידע צדדים: פון איין זייט האָט ער ארויסגעלאָזען פון דער פעסטונג געוואַראַ'ן, רעקוועלמאַ'ן און אַלע אנדערע וואָס זיינען געווען פעראורטהיילט צום טוידט; און פון אנדערען זייט האָט ער מיט ראָלדאַן'ען געפיהרט אַ פריינדליכע קאָ־רעספּאָנדענץ און איהם געוויזען פיעל אויפמערקזאַמקייט. וועגען שמידען ראָלדאַן'ען אין קייטען האָט ער אפילו ניט געדענקט.

קאָלומבוס'ען האָט ער בעשלאָסען צו שיקען נאָך שפּאַניען. ער האָט געגלויבט, אַז ער האָט גענוג בעווייזע געגען איהם און האָט וועגען אַלעם צוגעגרייט אַ בעריכט.

באלד איז געקומען בארטהאלאמיי, און איהם האט מען אויך ארעס־טירט. אלע דריי קאלומבוס'עס זיינען איצט געווען פער־האפטעט. מען האט זיי אבער געהאלטען בעזונדער און ניט ערלויבט צו האבען שייכות איינער מיט דעם אנדערען.

דיא שטעדטעל סאן־דאמינגא איז געווען פול מיט דעם נצחון־גייסט פון קאלומבוס'עס שונאים, און דיעזער גייסט האט פער'שכור'ט אפילו דיא וואס זיינען געווען טריי צו איהם. צו שימפפען קאלומ־בוס'ען איז געווארען א מאָדע זאך. מען האט אויסגעקלעפט אויף דיא גאסען צעטלען מיט אלערליי זידלעריי און פערדאמונגען געגען דעם ארעסטירטען אדמיראל. איבער דעם איינגעבויגענעם בוים זיינען געשפרונגען אלע ציעגען. לעבען דער פעסטונג, וואו קאלומבוס איז געזעסען, האט מען געטרובעט און געליארעמט, אום ער זאל הערען וויא דער עולם פרייהט זיך מיט זיין מפלה.

ווען קאלומבוס האט דאס דערהערט, האט ער געמיינט, אז מען קלייבט זיך איהם צו טוידטען.

ווען דיא שיף, אויף וועלכע מען האט איהם געדארפט שיקען נאך שפאניען, איז געווען פארטיג צו דער רייזע, האט באבאדיללא אויסגעקליבען א יונגען אפיציער מיט דעם נאמען וויללעיא, מיטצו־פאהרען מיט דעם געפאנגענעם. וויללעיא האט זיך אויסגעהאדעוועט אין דער הויז פון קאלומבוס'עס פיינד פאנסעקא, אזוי וויא איעדא; דעריבער האט ער וואהרשיינליך איהם געגעבען דיעזע שליחות. קו־מענדיג אין קאדיץ האט דער אפיציער געזאלט קאלומבוס'ען איבער־געבען צו דיעזען שונא זיינעם. עס האט זיך אבער ארויסגעשטעלט, אז וויללעיא איז גראד געווען אן עדעלער, גוט־הערציגער מאן, און קאלומבוס'עס לאגע האט גערירט זיין הארץ; ער האט איהם בעהאנ־דעלט מיט רעספעקט און סימפאטהיע.

ווען ער איז געקומען מיט דיא וועכטער נעהמען קאלומבוס'ען פון דער פעסטונג צום שיף, האט דער גרייזער אדמיראל געמיינט, אז דאס קומט ער איהם נעהמען צו דער תליה.

— וואוהין ווילסטו מיר פיהרען, וויללעיא? — האט ער געפרעגט מיט א טרויעריגער שטימע.

— צום שיף, עקסעללענץ; מיר פאהרען נאך שפאניען, — האט דער אפיציער העפליך געענטפערט.

— זאָגסט דוא מיר דעם אמת?

— איך שווער אייך, עקסעללענץ.

קאָלומבוס האָט זיך בערוהיגט.

דיא שיפען האָבען אָבגעדרייזט אין אָקטאָבער, בעגלייט פון געלעכטער, קללות און שימפּף־ווערטער, וועלכע דיא מאַסע האָט קאָלומבוס'ען נאָכגעשריען פון ברעג.

דער קאַפּיטאַן האָט אויך דעם אדמיראַל בעהאַנדעלט אויפ'ן בעסטען אָרט. צוזאַמען מיט ווילליאַ'ן האָט ער איהם געוויזען דיא גרעסטע אויפמערקזאַמקייט און רעספּעקט. דער אָפיציער האָט פון דעם געפאַנגענעם געוואָלט אויסטהאָן דיא קייטען. ער האָט אָבער ניט געלאָזען. „ניין", האָט ער געזאָגט. „זייערע מאַיעסטעטען האָבען מיר אָפיציעל געהייסען פאָלגען באָבאַדיללאַ'ן און טהאָן אלץ וואָס ער וועט הייסען. אין זייער נאָמען האָט ער מיר דיזע קייטען אָנגעטהאָן און איך וועל זיי טראָגען ביז זיי אליין וועלען הייסען מיר בעפרייען פון זיי, און דאַן וועל איך זיי האַלטען דעם גאַנצען לעבען אַלס אַן אָנדיינקען אָן דיא בעפריעדיגונג וואָס איך האָב געהאַט פאַר אלץ וואָס איך האָב אויפגעטהאָן"*).

ווען קאָלומבוס איז געקומען נאָך קאַדיץ אין קייטען, האָט עס געמאַכט אַזאַ רושם וויא זיין אָפּפאָהרען פון דעם זעלבען פּאָרט אויף זיין צווייטע רייזע. עס האָט אַרויסגערופען אַזוי פיעל סימפּאַטיע צו איהם, און אַזוי פיעל צאָרן אויף דיא וואָס האָבען איהם אַרעסטירט, אַז פיעלע פון זיינע פריהערדיגע קריטיקער זיינען פּלוצלונג פערוואַנדעלט געוואָרען אין זיינע וואַרימסטע פריינד. מען האָט אויף איהם געקוקט וויא אויף אַ מאַרטירער און צו אַטאַקירען זיינע פיינד איז איצט אַזוי אַריין אין דער מאָדע וויא פריהער איז געווען אין דער מאָדע אָפּצולאַכען פון דיא אוצרות, וואָס ער האָט ענטדעקט.

דאָס אַלעס האָט דערגרייכט דעם קעניג און קעניגין, וועלכע זיינען איצט וויעדער געווען אין דעם בעריהמטען מורינישען פּאַלאַץ אַלאַהאַמבראַ, אין דער עראָבערטער גראַנאַדאַ. צו דער זעלבער צייט האָט

*) קאָלומבוס'עס זוהן, פערדינאַנד, שרייבט, אַז זיין פאָטער האָט דיא קייטען אימער געהאַלטען אין זיין צימער און געהייסען איהם בעגראָבען אין זיי.

יואנא דעלאטארע, זייער געשטארבענעם זוהן׳ס אם, ערהאלטען א בריעף פון קאלומבוס׳ען. דער אדמיראל איז מיט דיעזער פרוי געוועזען בעפריינדעט, און ער האט פאר איהר אויסגעגאסען זיין הארץ וועגען דעם וויא ער איז בעהאנדעלט געווארען פון באבאדיללא׳ן. הגם דער בריעף איז געשריעבען געווארען צו דער אם, קען מען אבער זעהן, אז שרייבענדיג איהם האט קאלומבוס געהאט אין זינען, אז זיא וועט איהם איבערלעזען פאר דער קעניגין.

„דיא פוסטע רכילות פון לומפען האבען מיר געטהאן מעהר שאדען איידער אלע מיינע דיענסטע האבען מיר געטהאן גוטעס“, — האט ער געשריעבען... „מען האט מיר געמאכט אזא נאמען, אז ווען איך זאל בויען האספיטעלער און קירכען, וואלט מען דאס רויבער־נארעס גערופען“. ער האט געשילדערט דעם כאראקטער פון דיא, וואס האבען זיך געבונטעוועט געגען איהם, האט גע׳טענה׳ט, אז ער האט טריי געהאנדעלט אין דיא אינטערעסען פון דעם טהראן און אז אויב ער איז בעגאנגען פעהלערען, איז דאס דער רעזולטאט פון זיין אונערפאהרענהייט אלס רעגיערער, אבער ניט פון שלעכטע אבזיכטען.

דער אפיציער ווילליא האט צו דער קעניגליכער פאר געשריעבען א בריעף פולל מיט סימפאטיע צו דעם אדמיראל. איזאבעללא איז ווירקליך גערידהרט געווארען פון רחמנות צו דעם גרייזען ענטדעקער, וועלכען מען האט געבראכט אין קייטען. אבער יעדענפאלס האט זיא און איהר מאן גוט געוואוסט, אז ער איז איצט ווידער זעהר פאפולער געווארען, צוליעב זיינע ליידען, און אז פריינדליכקייט צו איהם וועט מאכען א גוטען איינדרוק. זיי האבען אלזא געהייסען איהם אויפ׳ן שטעל בעפרייען און האבען צו איהם געשריעבען א צערטליכען בריעף, איהם איינגעלאדען צו זיך און געהייסען איהם געבען צוויי טויזענד דוקאטען.

אהן קייטען, אין רייכע זיידענע קליידער און בעגלייט מיט א סוויטע, איז קאלומבוס דעם 17טען דעצעמבער ערשיענען אין דעם גראנאדער הויף. אלס א וויצע־קעניג, ארומגערינגעלט מיט גלאנץ, איז ער ערשיענען, — פונקט דער געגענטהייל פון אן ארעסטאנט און א קרבן פון קעניגליכער אונ־חן.

ער איז עמפפאנגען געווארען מיט כבוד און פאראד. אין איזאבעללא׳ס אויגען האבען געבליסטשעט טרעהרען, און ווען ער האט דאס

דערזעהן, איז ער געפאַלען אויף דיא קניע און האָט זיך צואווינט אויפ'ן קול.

פערדינאַנד און איזאַבעללא האָבען איהם אויפגעהויבען, געטרייסט און בערוהיגט.

באָבאַדיללאַ'ס קלאַגעס האָבען זיי קיין אויפמערקזאַמקייט ניט געשאָנקען.

דאָך איז קאָלומבוס'עס זיעג איבער באָבאַדיללאַ'ן, פאָנסעקאַ'ן און זיינע אַנדערע שונאים ניט געגאַנגען אַזוי ווייט וויא דער אַדמיראַל האָט געוואונשען. באָבאַדיללאַ'ן האָט מען טאַקע באַלד אַראָבגעזעצט, אָבער קאָלומבוס'ען האָט מען אויף זיין פריהערדיגען פּלאַץ אַזוי גיך ניט געשיקט. מען האָט איהם אַלץ אָבגעצויגען.

ענדליך האָט מען איהם ערקלעהרט, אַז צוערשט מוז מען אהין שיקען אַן אַנדערען, און אַז אין אַ פּאָר יאָהר ארום, ווען אַלץ וועט זיך אין היספּאַניאָלא איינאָרדענען, וועט ער בעקומען זיין פריהערדיגען אַמט.

דיעזע ערקלעהרונג איז אָבער ניט אין גאַנצען געווען אויפריכטיג. דער קעניג און דיא קעניגין האָבען דערביי געהאַט אַן אַנדער מיין אויך:

זיי האָבען געוואָלט זיך בענוצען מיט דיא קלאַגען געגען קאָ־לומבוס'ען אום זיך צו בעפרייען פון דעם קאָנטראַקט וואָס זיי האָבען מיט איהם געמאַכט. נאָך דיעזען קאָנטראַקט, וויא מיר ווייסען, איז קאָלומבוס געווען דער וויצע־קעניג אויף דור דורות איבער אַלע לענדער, וואָס ער האָט ענטדעקט; אויך האָט צו איהם און צו זיינע קינדס־קינדער געהערט אַן אַכטעל פון אַלע פּראָפיטען. דערצו נאָך האָט זיך ארויסגעצייגט, אַז דיא נייע לאַנד איז פיעל גרעסער וויא קאָלומבוס האָט בעריכטעט. זיא איז געווען ניט אין ערך גרעסער וויא ער האָט אַליין געמיינט, און וויא אַנדערע האָבען געמיינט. אבער וואָס ווייטער האָט מען זיך אַלץ מעהר ערקונדיגט וויא אונגעהייער גרויס זיא איז. פון דעם יאָהר 1495 אָן האָט דיא שפּאַנישע קרוין ערלויבט אַנדערע רייזענדער אהין צו פאָהרען און אויסצופאָרשען דיא דאָרטיגע גע־גענדען. דיעזע האָבען בעזוכט גרויסע שטרעקעס פון זיד־אַמעריקאַ. אויך האָט זיך דיא לעצטע עטליכע מאָנאַט נענומען ארויסצייגען, אַז דיא נייע מקומות זיינען פיעל רייכער אין גאָלד, פּערל און אנדערע וויכטיגע פּראָדוקטען, וויא מען האָט צוערשט געמיינט. אפילו דיא

גאָלד־מינען פון היספּאַניאָלאַ האָבען דיא לעצטע צייט געגעבען פיעל גרעסערע רעזולטאַטען וויא פריהער. ביי באָבאַדילא'ן האָבען דיא קאָלאָניסטען דיא אינדיאַנער אַזוי געיאָגט און געאיילט ביי דער אַר־ בייט, אַז זיי האָבען פון זיי אַרויסגעפּרעסט אַ סך מעהר גאָלד וויא ביי קאָלומבוס'ען. ביסלעכווייז זיינען דיא רויט־הויטיגע צוגעוואוינט געוואָרען צו זייער יאָך און דיא גאָלד־אינדוסטריע האָט זיך בעסער איינרעגולירט. אַ חוץ דעם, — דיא לאַנד גופא איז געווען פעט און גוט צו פערשיעדענע פלאַנצען, רייך אין אַלערליי פּראָדוקטען. ווען מען זאָל דאָס אַליץ בעזעצען מיט קאָלאָניעס, וועט פאַר דעם שפּאַנישען טהראָן מיט דער צייט אַרויסקומען אַ גרויסע און וויכטיגע נייע מדינה. אמת, עס איז פּאָרלויפיג נאָך אַ רויהע מדינה, גאָר ניט וויא דיא אינדיען מיט דיא אַלטע עשירות און ציוויליזאַציאָן, צו וועלכע פּאָרטוגאַל'ס וואַסקאַ דאַ גאַמאַ איז צוגעקומען. דערפאַר אָבער בעלאַנגען דיעזע רויהע לענדער אין גאַנצען צו שפּאַניען, וועהרענד קאַליקוט, צום בייר שפּיעל, דיא שטאָדט, וואָס גאַמאַ האָט בעזוכט, איז אַ פרעמדע שטאָדט. טאַקע פּאָרטוגאַל קען ווערען אָנגעפּילט מיט אוצרות פון דעם האַנדעל וואָס זיא וועט עפּענען צווישען אַזעלכע שטעדט און אייראָפּאַ; אָבער ווער ווייסט וואָס פאַר אַ האַנדעל שפּאַניען וועט ביסלעכווייז ענטוויק־ לען דורך איהרע נייע לענדער?

מען האָט נאָך אַליץ געמיינט, אַז דיעזע לענדער געפינען זיך לעבען אינדיען (בלויז פון דער אַנדערער זייט), און אַז ניט היינט, מאָרגען, וועט מען צוקומען צו יאַפּאַן, כינאַ און אינדיען. אָבער אַ חוץ דעם, — דיא געגענדען וואָס שפּאַניען האָט שוין בעקומען, וועלען אויך ענטוויר קעלט ווערען; פון דאָרטען וועט מען אויך קענען אימפּאָרטירען פער־ שיעדענע סחורות, וויא אויך ציהען גרויסע צינזען פאַר דעם טהראָן.

אַז איבער אַזאַ גרויסע און וויכטיגע מדינה, זאָל קאָלומבוס און זיינע יורשים אויף אייביג זיין דיא וויצע־קעניגע און שותפים צו דער שפּאַנישער קרוין — דאָס האָט פערדינאַנדען און איזאַבעללאַ'ן ניט געקענט געפעלען. אַ ראיה האָבען מיר פון דעם אויבענדערמאָהנטען פאַקט, דאָס זיי האָבען ערלויבט אַנדערע רייזענדע דאָרטען צו מאַכען פאָרשונגס־רייזעס, הגם נאָכ'ן קאָנטראַקט נאָך האָבען זיי דאָס קיין רעכט ניט געהאַט צו טהאָן. דיעזע אַנדערע רייזענדע האָבען אַלע הוצאות גענומען אויף זיך, און זיי האָבען ניט געפאָדערט אַזעלכע

בעדינגונגען וויא קאָלומבוס. אַזעלכע עקספּעדיציעס זיינען פאַר פער־דינאַנד׳ען און איזאַבעללאַ׳ן געווען פיעל ביללינגער און זיך בעסער געלוינט פאַר זיי. צולייגען האָבען זיי ניט געקענט, און געווינען האָ־בען זיי געקענט אַ סך. אַלזאָ האָבען זיי געבראָכען זייער אָבמאַך מיט דעם אַדמיראַל און האָבען אויף אַזעלכע אונטערנעהמונגען אַרויסגע־געבען אַן ערלויבנים יעדען וואָס האָט זיך נור געווענדעט נאָך דעם. קאָלומבוס׳עס קאָנטראַקט איז זיי געוואָרען אַלץ מעהר צו לאַסט, און איצט, אַז ער איז שוין סיי־וויא־סיי געווען אַראָפּגעזעצט פון זיין הויכע שטעלע, האָבען זיי געוואָלט זיך בענוצען מיט דיעזער לאַגע זיינער אום פון זיין קאָנטראַקט אין גאַנצען פּטור צו ווערען.

XX.

## אמעריקאווערט געפונען דורך א צופאל אויך.

אנדערע רייזענדע נאך דער נייער לאנד. — דיא ערשטע צוויי רייזעס פון אמעריקוס וועספוציאוס. — דזשאהן קאבאט און סעבאסטיאן קאבאט פאהרען פון ענגלאנד. — פארטוגאל שיקט ארויס א צווייטע עקספעדיציע נאך אינדיען. — קאבראל'ס רייזע. — ער געהט אראפ פון זיין מאר־שרוט און אונערוואַרטעטערהייט קומט ער צו זיד־אמעריקא — בראזיליען. — דיא רייזע פון דארטען צוריק צו אפריקא און ארום אפריקא צו קאליקוט. —— אראבער העצען אויף אינדיער צו א שחיטה אויף דיא פארטוגעזער. — קאכין. — צוריק אהיים. — א בעגעגעניש מיט אמעריקוס. — אמעריקוס' געשפרעך מיט דעם אידען גאספאר דא גאמא. — פאר וואס פארטוגאל האט געהאט א רעכט אויף בראזיליען.

מיר ווייסען שוין אז אין קאלומבוס'עס צייטען האבען אנדערע שפאנישע רייזענדע אויך געמאכט עקספעדיציעס נאך דער לאנד, וואס ער האט ענטדעקט. אבער שפאנישע רייזענדער זיינען אין דעם ניט געווען דיא איינציגע. שיפסלייט פון אנדערע לענדער האבען אויך אונטערנומען רייזעס איבער דער ברייט פון דעם אטלאנטישען אקעאן. יעדער פון זיי האט אויסגעפארשט א נייע טהייל פון דעם אמעריקאנער ברעג, און דיעזע פארשונגס־ארבייט איז פארטגעזעצט געווארען א לאנגע צייט נאך קאלומבוס'עס טוידט אויך.

ביסלעכווייז, ביסלעכווייז איז מען בעקאנט געווארען מיט דיא צוויי ריעזיגע קאנטינענטען, וועלכע דער איטאליענער „טרוימער" האט געפונען. דיעזע קאנטינענטען פערנעהמען אזא גרויסע טהייל פון דער וועלט, אז מיט א מאל זיי אין גאנצען אויסצופארשען איז אונמעגליך געווען. אויך איז אונמעגליך געווען דאס צו טהאן פאר איין מענשען. עס איז געווען דיא ארבייט פון פיעלע עקספעדיציעס און פון פיעלע יאהרען.

שטופען־ווייז אלזא איז געוואקסען דיא בעקאנטשאפט מיט אמע־ריקא איידער מען האט בעקומען א פאלשטענדיגע לאנד־קארטע פון

איהר. אפילו דעם פאקט אז דאס איז ניט אזיען, נור א גאנץ בע־זונדערע וועלט־טהייל, מיט א גרויסען אקעאן צווישען איהר און אזיען — אפילו דאס איז מען געוואהר געווארען דורך פיעלע פארשונגס־עקספעדיציעס, אויסער קאלומבוס'עס, און ערשט נאך זיין טוידט. דער ענטדעקער פון אמעריקא איז געשטארבען אין זיין גלויבען, אז דיא לאנד, וועלכע ער האט געפונען איז א טהייל פון אזיען. זיין ענטדעקונג איז געווען א פיעל וויכטיגערע וויא ער האט געמיינט אדער געקענט מיינען.

דאס רוב פון דיעזע עקספעדיציעס וואס זיינען אונטערנומען גע־ווארען אין קאלומבוס'עס צייטען פון אנדערע רייזענדע זיינען געווען אונטער דער שפאנישער פאהן. א פאר אבער זיינען געווען געפיהרט פון אנדערע לענדער, און זיי זיינען גראד פאר אונז וויכטיג. לאמיר אבער צוערשט זאגען עטליכע ווערטער וועגען דיא שפאנישע.

אז דער גבור איעדא האט געמאכט א פארשונגס־רייזע נאך דעם, וויא ער האט זיך אומגעקעהרט נאך שפאניען, און אז ער האט דער־גרייכט קסאראגוא, — דאס ווייסען מיר שוין. אויך ווייסען מיר שוין, אז מיט איהם איז מיטגעפאהרען א געבילדעטער יונגער איטא־ליענער, מיט'ן נאמען אמעריגא ועספוטשי, אדער א מ ע ר י ק ו ס ו ע ס פ ו צ י א ו ס, וויא ער האט געהייסען אויף לאטיין; ווען דיעזער אמעריקוס איז געפאהרען נאך דיא לאנד וואס האט שפעטער בעקומען זיין נאמען, איז שוין דאס געווען זיין צווייטע רייזע אהין. צום ערשטען מאהל האט ער דיא נייע וועלט בעזוכט אין 1497. דער אנפיהרער פון דער עקספעדיציע איז דאן געווען אונזער אלטער בע־קאנטער ווינצענט פינזאן, וועלכער האט קאמאנדעוועט איבער דיא שיף „נינא" אויף קאלומבוס'עס ערשטע רייזע. מיט זיי איז אויך געפאהרען יואן דע סאליס, וועלכער האט אויך פריהער אנטהייל גע־נומען אין קאלומבוס'עס עקספעדיציעס. דער עיקר דארף אונז אבער אינטערעסירען דאס וואס אין דיעזער רייזע האט זיך בעטהייליגט אמעריקוס, ווייל אן דיעזען פאקט וועלען מיר זיך דארפען דערמאהנען, ווען מיר וועלען האלטען ביי דער געשיכטע וויא אזוי דיא „נ י י ע ו ו ע ל ט" האט בעקומען אמעריקוס'עס נאמען. מיר שטרייכען דא אונטער דיא ווערטער דיא „נייע וועלט" ווייל מיר ווילען דא בעמער־קען, אז דאס איז ניט גלאט אזוי אן אויסדרוק, נור א נאמען, איבער

וועלכען וויסענשאפטליכע היסטאריקער האבען פיעל געפארשט און דעבאטירט. אבער דאס בעלאנגט אויך צו דער געשיכטע פון דעם נאמען „אמעריקא“.

עטליכע טעג נאך דעם וויא איעדא און אמעריקוס זיינען אבגעפאהרען אויף זייער רייזע, דאס הייסט אויף אמעריקוס'עס צווייטע רייזע, האט פון שפאניען אויך אבגערייזט נאך אמעריקא אן אנדער עקספעדיציע. זיא האט זיך געפונען אונטער דער קאמאנדא פון איינעם פעדרא אלאנזא נינא, וועלכער האט אויך פריהער גערייזט מיט קאלומבוס'ען. ער האט מיט איהם נעמליך בעזוכט דעם פאריא־ברעג, ביי דעם מויל פון דעם טייך ארינאקא. איצט איז נינא צוגעקומען צו א פלאץ א ביסעל וויטער צו דרום פון דארטען און ער האט דעם ברעג פון זיד־אמעריקא בערייזט ווייטער צו דרום צו. ער האט זיך אבגעשטעלט אין פערשיעדענע פלעצער און האט אומעטום אויסגעביטען גלעזערנע פאטשערקעס אדער שטיקלעך רויטע טוך אויף פערעל אדער גאלד.

דיא רייזע האט נינא'ן מיט זיין פארטנער (א רייכער קויפמאן, וועלכער האט געדעקט דיא קאסטען פון דער עקספעדיציע) געבראכט גרויסע פראפיטען, און האט אנדערע שפאניער צוגעגעבען חשק אויף אזעלכע רייזעס צו אונטערנעהמען.

מייסטע פון דיא עקספעדיציעס זיינען אוועקגעגאנגען פון פאלאס. פון דארטען האט זיך אויך אוועקגעלאזען נאך אמעריקא איינער דיעגא לעפא, וועלכער האט בעזוכט וויעדער נייע טהיילען פון דעם זיד־אמעריקאנישען ברעג. דיא שטאדט פאלאס, וועלכע איז היינט א פערוואָרפענע, טויטע שטעדטעל, האט דאן איבערהויפט געקאכט מיט טהעטיגקייט און מיט אינטערעס אין רייזעס איבער'ן אטלאנטישען ים. פיעל מענשען האבען זיך געריסען אנטהייל צו נעהמען אין א וועלכע עס איז עקספעדיציע נאך דיא נייע געגענדען.

וויא דער לעזער זעהט, זיינען דיא קאמאנדירען פון דיעזע עקספעדיציעס דאס רוב געווען פון קאלומבוס'עס חדר. זיי האבען מיט איהם פריהער מיטגערייזט, און אויב אמעריקוס איז מיט איהם דירעקט ניט מיטגעפאהרען, האט ער זיך אבער מיט איהם גוט געקענט פערזענליך, און האט געהאלפען צוגרייטען זיינע עקספעדיציעס, ווארים ער, אמעריקוס, איז געווען אן אנגעשטעלטער ביי אן איטאליענישען

געשעפטס־מאַן, וועלכער האָט געוואוינט אין שפּאַניען, און אין דער צייט פון קאָלומבוס'עס ערשטע צוויי רייזעס, האָט דיעזע פירמע אָנ־גענומען דעם פּאָדריאַד צוצוריכטען דיא שיפען צו דער רייזע און זיי בעזאָרגען מיט אַלעם נויטיגעס.

אַלע דיעזע רייזענדע האָבען בלויז פאָרטגעזעצט דיא פאָרשונגען, וואָס ער האָט אָנגעפאַנגען און אפילו דיא לאַנד־קאַרטען וואָס זיי האָבען געברויכט אויפ'ן וועג, זיינען אויך מייסטענס געוועזען זיינע. אָבער זיי האָבען אויסגעפאָרשט ווייטערע געגענדען און צוגעגעבען אַלץ מעהר צו דער געאָגראַפישער וויסענשאַפט. דאָס געהט אויך אויף צוויי (אַנדערע זאָגען דריי) עקספּעדיציעס, וואָס האָבען אין פער־לויף פון יענע עטליכע יאָהר זיך אָוועקגעלאָזען נאָך אַמעריקאַ פון ענגלאַנד. דיא ערשטע פון דיעזע איז אָוועק אין מאַי, 1497, אונטער דער קאָמאַנדע פון ד ז ש אָ ה ן ק אַ ב אָ ט. דיעזע רייזע וויא אויך דיא נעכסטע וואָס איז געמאַכט געוואָרען אונטער דער ענגלישער פאָהן, איז אין דער געשיכטע פון דיא פעראייניגטע שטאַאטען זעהר וויכטיג, ווייל ערשטענס זיינען דאָס דיא ערשטע רייזעס נאָך דער נייער וועלט פון דיא ענגלענדער, — דיא הויפּט־גרינדער פון דיא צו־קונפטיגע פעראייניגטע שטאַאטען; צווייטענס, ווייל אויף דיעזע עקס־פּעדיציעס האָט ענגלאַנד שפּעטער בעגרינדעט איהר פּרעטענזיע אויף אַ גרויסען טהייל פון דעם נאָרד־אַמעריקאַנישען ברעג, אריינרעכנענדיג דיא האָללאַנדישע קאָלאָניע נויאָרק.

דזשאָהן קאַבאָט אַליין איז אָבער ניט געוועזען קיין ענגלענדער. ער האָט נאָך ענגלאַנד עמיגרירט אַזוי וויא קאָלומבוס האָט עמיגרירט נאָך פּאָרטוגאַל און שפּאַניען. ער איז אויך געוועזען אַן איטאַליענער, און איז טאַקע געבאָרען אין דער זעלבער שטאָדט וויא קאָלומבוס, אין ג ע נ ו אַ. נור שפּעטער האָט ער זיך בעזעצט אין ווענעציע, וואו ער האָט זיך בעשעפטיגט מיט האַנדעל און מיט ים־רייזעס. אין 1490 האָט ער מיט זיין פאַמיליע אריבערגעצויגען נאָך בריסטאָל, וועלכע איז דאַן געוועזען דיא גרעסטע האַפען־שטאָדט פון ענגלאַנד, אַזוי וויא היינט איז ליווערפּול. ווען קאַבאָט האָט געהערט פון קאָ־לומבוס'עס ענטדעקונג איז ער ענטציקט געוואָרען, און ער האָט זיך מיישב געווען אויך צו מאַכען אַזאַ רייזע, דאָס הייסט צו פאָהרען נאָך כינאַ אויף אַ מערב וועג איבער דעם אַטלאַנטישען אָקעאַן. ער האָט

אָבגערייזט פון בריסטאָל בלויז מיט איין שיף, „דיא מאטטהיו“, און מיט 18 מאַן. אזוי וויא דער שפּאנישער קעניג און קעניגין האָבען געוואָרענט ענגלאנד, אז זיא מוז אויסמיידען לענדער, אויף וועלכע בלויז שפּאַניען האָט א רעכט, האָט קאבאָט אויסגעמיטען דעם געגענד, וואָס קאָלומבוס האָט ענטדעקט, און דעריבער האָט ער זיך פערנומען א סך ווייטער צו צפון צו. ער איז צוגעקומען צו דעם צפון׳דיגען טהייל פון דיא היינטיגע קאנאדא, און האָט אויסגעפאָרשט א היבשע שטיק ווייטער צו דרום־צו. ער האָט אויך געמיינט, אז דאָס איז דער ברעג פון כינא.

דעם 24טען יוני איז ער צוריקגעקומען נאָך ענגלאנד, וואו מען האָט מיט איהם געמאכט כמעט אזא פּאראד וויא אין שפּאניען האָט מען געמאכט מיט קאָלומבוס׳ען נאָך זיין ערשטע רייזע. דער קעניג (הענריך דער 7טער) האָט איהם געשאָנקען 10 פונט — א היבשע סומע אין יענע צייטען — אויף צו פייערען זיין ערפאָלג. מענשען זיינען נאָך איהם נאָכגעלאָפען אין דיא גאַסען און געקוקט אויף איהם וויא אויף א וואונדער.

דיא צווייטע עקספּעדיציע איז אויך געוועזען אונטער דער לייטונג פון דזשאָהן קאבאָט. זיא איז בעשטאַנען פון פינף שיפען, און האָט פערלאָזען בריסטאָל אין אַפּריל, 1498.

דיעזען מאָהל איז מיט איהם מיטגעפאָהרען זיין זוהן סעבאס־טיאן. מיט א יאָהר פופציג שפּעטער האָט דער זעלבער סעבאסטיאָן קאבאָט געדיענט אלס קאָמאנדיר פון דער „מאָסקווער קאָמפּאניע“ פון ענגלאנד, וועלכע האָט פערבונדען האנדעלס־פערהעלטניסע מיט רוס־לאנד איבער׳ן ווייסען ים.

דיא בעגייסטערונג מיט קאבאָט׳ס עקספּעדיציעס האָט לאנג ניט אָנגעהאלטען. עס איז געווען דיא זעלבע געשיכטע וויא אין שפּאניען מיט קאָלומבוס׳עס ענטדעקונג: ווען מען האָט זיך ארומגעזעהן, אז קיין אוצרות האָט מען דערפון ניט, איז מען אָבגעקיהלט געוואָרען. פון קאָלומבוס׳עס ענטדעקונג האָט מען וועניגסטענס געזעהן וועלכע־עס־איז רעזולטאטען, הגם ניט דיא וואָס מען האָט זיך פאָרגעשטעלט. פון קאבאָט׳ס אָבער האָט מען אזוי פיעל אויך ניט געהאט. אין דיא געגענדען, וואָס ער האָט בעזוכט, האָט מען קיין שפּור פון גאָלד אָדער פּעריל ניט געפונען. דיא אונטערשטע שורה איז, אז דער ענגלישער

קעניג האָט פערלאָרען יעדען אינטערעס אין דער נייער לאַנד, און עקספעדיציעס אַהין זיינען מעהר ניט אויפגענומען געוואָרען אין פער־לויף פון העכער וויא 80 יאָהר. ערשט אין 1584, אין שעקספיער'ס צייטען, ווען אויפ'ן טהראָן איז געזעסען דיא בעריהמטע קעניגין עלי־זאַבעטה, ערשט דאַן האָט ענגלאַנד געמאַכט דיא ערשטע פראָבע צו גרינדען אַ קאָלאָניע אין אַמעריקאַ. אָבער דאָס בעלאַנגט ניט צו דעם פעריאָד, ביי וועלכען מיר האַלטען.

דיא אינטערעסאַנטעסטע רייזע נאָך אַמעריקאַ, וואָס איז געמאַכט געוואָרען אין קאָלומבוס'עס צייטען, ניט אונטער דער שפּאַנישער פאָהן, איז דיא רייזע פון דעם פּאָרטוגעזישען נאַוויגאַטאָר, פּ ע ד ר אָ אַל־ו ו א ר ע ז  ק א ב ר א ל.

ער איז נאָך אַמעריקאַ געקומען ניט אומישנע, נור אונגעריכטער־הייט, דורך אַ צופאַל. דאָס איז דיא עקספּעדיציע, וועלכע מיר האָבען דערמאָנט אין אַ פריהערדיגען קאַפּיטעל. (זעה אויבען, זייטעל 53).

דאָס האָט פּאַסירט עטליכע מאָנאַט נאָך דעם וויא וואַסקאָ דא גאַמאַ האָט זיך אומגעקעהרט פון זיין ערפאָלגרייכע נסיעה נאָך אינ־דיען, וועלכע האָט אָנגעמאַכט אַזאַ גערודער אויף דער ציוויליזירטער וועלט. מען האָט זיך צוגעגרייט צו אַ צווייטע רייזע אַהין, מיט דעם צוועק צו פערבינדען אַ האַנדעלס־פערקעהר מיט קאַליקוט, און גאַמאַ אַליין האָט אַלס פיהרער פון דיזער רייזע רעקאָמענדירט דעם פּאָר־טוגעזישען אַריסטאָקראַט קאַבראַל. דרייצעהן שיפען האָט מען שטאַרק בעוואַפענט מיט קאַנאָנען. צו דער זעלבער צייט האָט מען מיט־גענומען רייכע מתנות פאַר דעם „זאַמאָרין". אַזוי וויא אויף וואַסקאָ דא גאַמאַ'ס פרעזענט האָט ער געקוקט מיט פעראַכטונג, האָט מען איצט פאַר איהם געפיהרט פיעל קאָסטבאַרע זאַכען. דער צוועק איז געוועזן — געשעפט; מען האָט אָבער ערוואַרטעט, אַז אָהן בלוטיגע צוזאַמענשטויסען וועט דאָס ניט אָבגעהן, דעריבער האָט דער קעניג מאַנועל מיט קאַבראַל'ן מיטגעשיקט דיא סמיעלסטע שיפס־קאַפּיטאַנען. איינער פון דיזע איז געווען  ב א ר ט ה א ל א מ י י ד י א ז, וועלכער האָט מיט 14 יאָהר פריהער ענטדעקט דעם קאַפּ פון גוטע האָפנונג. דער קעניג האָט אויך אויסדריקליך געהייסען אַז קאַבראַל זאָל מיט־נעהמען דעם פּוילישען אָדער שפּאַנישען איד  ג א ס פּ א ר  ד אַ

גאמא, וויא וואסקא דא גאמא האט איהם א נאמען געגעבען. אויף זיינען מיטגעפאהרען געניטע דיפּלאמאטען און פּראקטישע קויפלייטע אום צו וויסען וויא צו פיהרען דיא אונטערהאנדלונגען מיט דעם זא־מארין און זיינע ראטה־געבער. מען האט געהאט אין זינען ארום קאליקוט צו גרינדען א פּארטוגעזישע האנדעלס־סטאציאן, און מען האט זיך צוגעגרייט דאס צו עררייכען אויב מעגליך מיט גוטען, און אויב ניט — מיט שווערדען און קאנאנען.

דיא עקספּעדיציע איז אבגעפאהרען דעם 9טען מערץ, 1500.

אויפ'ן וועג האט איינע פון דיא דרייצעהן שיפען פערבלאנזשעט און איז אבגעזונדערט געווארען פון דיא איבעריגע. מען האט אויף איהר געווארט, איהר געזוכט, אבער אהן רעזולטאטען.

דיאאיבערגעבליעבענע צוועלף שיפען האבען ווייטער געזעגעלט. איי־רעד זיי האבען דערגרייכט גינעא האבען זיי זיך אוועקגעלאזען ווייט צו מערב צו. אלס אורזאכע ווארום זיי האבען אזוי געטהאן ווערט פון איין אלטען היסטאריקער אנגעגעבען אז גאמא האט קאב־ראל'ען געראטהען צו האלטען זיך וואס ווייטער פון דעם גינעאישען ברעג, ווייל דארטען טרעפט אפט, אז אויף א לאנגע צייט איז ניטא קיין שום ווינט. אנדערע היסטאריקער, ווידער, ווילען האבען, אז קאבראל'ס שיפען זיינען איינפאך פערטראגען געווארען פון א שטורעם. צו אזוי, צו אזוי, נאך דעם וויא דיא פלאטע איז אבגעשוואומען פון דיא קאפּ־ווערדישע אינזלען (דעם 22טען מערץ) איז זיא אראפּ ווייט פון איהר מארשרוט. ווען דער לעזער וועט א בליק טהאן אויף דער לאנד־קארטע, וועט ער זעהן אז זיד־אמעריקא איז צו דיא קאפּ־ווערדישע אינזלען פערהעלטניסמעסיג נאהענט (בלויז א מייל 600). אלזא איז קאבראל באלד אהין צוגעקומען.

דעם 22טען אפּריל האט ער דערזעהן א בארג. דאס איז געווען זיד־אמעריקא. אזוי וויא עס איז דאן געווען דער קריסטליכער פּסח, האט ער דעם פּלאץ א נאמען געגעבען מאנטע פּאסקאאל — „דער פּסח בארג". דיא גאנצע לאנד האט ער גערופען וועראקרוץ. שפּעטער אבער, ווען מען האט פון דארטען נאך פּארטוגאל גענומען ברייננגען א געווייסען פארב־האלץ האט מען דיא לאנד א נאמען געגעבען בראזיליען, נאך דעם ווארט „בראזיל", וויא מען

פלעגט פון אייביג אָן רופען אַ מין פאַרב־האָלץ, וועלכען אייראָפּאַ האָט אימפּאָרטירט פון אינדיען.

קאַבראַל האָט נאָך פּאָרטוגאַל אַוועקגעשיקט אַ שיף מיט שלוחים אָנצוזאָגען דעם קעניג וועגען דער ענטדעקונג וואָס ער האָט געמאַכט, און אַליין איז ער מיט זיין פלאָטע אַוועק צוריק צו מזרח אויף זיין רייזע נאָך אינדיען. איידער ער האָט פערלאָזען דיא ניי־געפונענע לאַנד איז פּאָרגעקומען דאָס פאָלגענדע: אָן אינדיאַנער האָט אויף איינע פון דיא שיפען דערזעהן אַ בליסטשענדען מעשענעם לייכטער, און מיינענדיג אַז דאָס איז גאָלד, האָט ער מיט צייכענס אָנגעוויזען אַז דיזען מעטאַל קען מען געפינען אין זיין געבורטס־פּלאַץ אויך. קאַב־ראַל האָט דעריבער דאָ איבערגעלאָזען צוויי פון זיינע מענשען, מיט דעם בעפעהל גוט בעקאַנט צו ווערען מיט דיא פּראָדוקטען פון דער לאַנד און מיט דעם כאַראַקטער פון איהרע איינוואָהנער. דאָס זיינען געוועזען צוויי פון דיא פעראורטהיילטע פערברעכער, וועלכע ער האָט מיטגענומען אויף זיין עקספּעדיציע, און איינער פון זיי האָט נאַכהער דאָ געשפּיעלט אַ וויכטיגע ראָלע.

קאַבראַל איז פון בראַזיליען אָבגעפאָהרען דעם 22טען מאַי. דיא שמחה מיט זיין צופעליגע ענטדעקונג איז באַלד פערוואַנדעלט געוואָרען אין אַ טרויער. אַ שרעקליכער טיפון*) האָט דערטרונקען פיער שיפען, און געבראַכט צו אַ וואַסער־קבר בארטהאָלאָמיי דיאז׳ען. מערקווירדיג איז אַז דער בעריהמטער נאַוויגאַטאָר איז דערטרונקען געוואָרען טאַקע לעבען דעם „קאַפּ פון גוטע האָפנונג“, וועלכען ער האָט דער ערשטער ארומגעשוואומען. ער האָט איהם אַ נאָמען געגעבען „דער קאַפּ פון שטורמען“. קעניג יאָאַאָ האָט דאָס געענדערט אויף „גוטע האָפנונג“. דער שיקזאַל האָט אַלזאָ אויף דיאז׳ען אַליין בע־וויזען אַז זיין נאָמען האָט זיך בעסער געפּאַסט.

מיט דיא איבעריגע שיפען האָט קאַבראַל פּאָרטגעזעצט זיין אָנגע־צייכענטע רייזע. אויפ׳ן וועג האָט ער זיך אָבגעשטעלט אין מ ע־ל י נ ד אַ, וואו וואַסקאָ דאַ גאַמאַ האָט פערבונדען פריינדליכע פער־העלטניסע. גאַספּאַר איז מיט דעם מעלינדישען קעניג געוועזען בע־

---

*) אַזאַ שטורם, דורך וועלכען אַ מאַסע וואַסער פון ים הויבט זיך אויף וויא אַ ריעזיגער זייל און דערגרייכט אַ מאָל ביז דיא וואָלקענס.




קאבראל'ס רייזע.
(זיא איז בעצייכענט מיט קייקעלעך).

קאַנט פון פריהער. אַלזאָ האָט ער זיך אויסגעפוצט אין רייכע זיידענע קליידער מיט גאָלד און ברילליאַנטען, און האָט געדיענט אַלס דאָלמעטשער צווישען איהם און קאַבראַל׳ען.

דעם 13טען סעפּטעמבער האָט דיא פלאָטע דערגרייכט קאַליקוט. דער איד האָט דעם זאַמאָרין ערקלעהרט נאָך וואָס דיא פּאָרטוגעזער זיינען געקומען, און דיעזען מאָל איז ער שוין געווען זעהר פריינדליך. דיא טהייערע פּרעזענטען וואָס קאַבראַל האָט איהם געבראַכט, פון איין זייט, און דיא פיעלע קאַנאָנען, וועלכע האָבען אַרויסגעקוקט פון דיא פּאָרטוגעזישע שיפען, פון דער אַנדערער זייט, האָבען איהם ווייכער געמאַכט.

פּאָרטוגאַל׳ס ביטע איהר צו ערלויבען דאָ צו גרינדען אַ האַנדעלס־סטאַציאָן, האָט ער גלייך בעוויליגט. עס איז געשלאָסען געוואָרען אַ האַנדעלס־פערטראַג, און דיא פּאָרטוגעזישע סטאַציאָן איז געגרינדעט געוואָרען. עס פערשטעהט זיך, אַז דיא אַראַבישע סוחרים האָט דאָס ניט געשמעקט; אַלזאָ האָבען זיי ווידער גענומען אויפהעצען דיא אינדער געגען די פּאָרטוגעזער, אָבער איצט שוין ניט דעם זאַמאָרין׳ס מיניסטאָרען, נור די פאָלקס־מאַסען. דערפון האָט זיך דערוואוסט דער איד (אַרומדרייענדיג זיך צווישען דיא אַראַבער אין אַן אַראַבישען קאָסטיום). עס איז שוין אָבער געווען צו שפּעט. מען איז בעפאַלען דיא שיפען און עס איז פאָרגעקומען אַ שחיטה, אין וועלכע עס זיינען געפאַלען מעהר וויא פופציג פּאָרטוגעזער. קאַבראַל האָט גענומען בלוטיגע נקמה, און דאַן, אויף גאַספּאַר׳ס ראַטה, איז ער אוועק נאָך קאָכין, וועמעס הערשער איז געווען דעם קאַליקוטער זאַמאָרין׳ס אַ פיינד. גאַספּאַר האָט איהם אויך געזאָגט אַז קאָכין האָט אַ בעסערען האַפען און פיעל מעהר פעפער און אַנדערע געווירצען, וויא קאַליקוט. דער דאָרטיגער הערשער איז ווירקליך געווען פריינדליך, און קאַבראַל האָט מיט איהם געשלאָסען אַ טראַקטאַט. דאַן האָט ער זיינע איבערגעבליבענע שיפען אָנגעלאָדען מיט אַ מאַסע געווירצען, און האָט זיך פערקערעוועט אַהיים־צו. ווען ער איז געווען ניט ווייט פון מעלינדא, האָט ווידער געטראָפען אַן אונגליק: איינע פון זיינע גרעסטע שיפען, וועלכע האָט געטראָגען דיא טהייערסטע פראַכט, איז צושמעטערט געוואָרען אָן אַ פעלז. דיא מאַטראָזען האָבען זיך געראַטעט, און דיא צובראָכענע שיף

האָבען זיי פערברענט, אָבער דער קעניג פון מאָמבאַזאַ האָט נאָכהער אַרויסגעראַטעוועט איהרע קאַנאָנען פון וואַסער, און שפּעטער האָט ער זיי געברויכט געגען דיא פּאָרטוגעזער גופא.

ווען קאַבראַל האָט דערגרייכט דעם קאַפּ פון גוטע האָפנונג, האָט געטראָפען אַ נייע סיבה. אויף דעם אָרט וואו מיט אַ יאָהר פריהער איז אומגעקומען באַרטהאָלאָמיי דיאַז, איז איצט אין אַ שטורעם פערשוואונדען געוואָרען זיין ברודער פּעדראָ דיאַז, וועלכער האָט קאָמאַנדעוועט איבער איינע פון קאַבראַל׳ס שיפען.

פון אַלע זיינע דרייצעהן שיפען איז ביי קאַבראַל׳ען איבערגעבליבען בלויז צוויי. ווען ער איז מיט זיי דערשוואומען ביז דעם קאַפּ ווערד, האָט ער דאָרטען זיך געטראָפען מיט דריי שיפען, וועלכע האָבען אָבגערייזט פון ליסאַבאָן דעם 13טען מאַי. קעניג מאַנועל האָט זיי דאָס געשיקט נאָך בראַזיליען, ווען קאַבראַל׳ס שלוחים האָבען איהם אָבגעגעבען דעם בעריכט וועגען זיין ענטדעקונג. ער האָט אַלזאָ אַרויסגעשיקט דיעזע דריי שיפען אום דיא נייע לאַנד זאָל וואָס שנעלער אויסגעפאָרשט ווערען און וויטערע געגענדען זאָלען דאָרטען פאַרנומען ווערען אין דעם נאָמען פון דעם פּאָרטוגעזישען טהראָן. דאָ איז פאַר אונז וויכטיג צו געדיינקען אַז אַלס הויפּט־פּילאָט אויף דיעזע דריי שיפען האָט געדיענט אַמעריקוס וועספּוציוס. מאַנועל האָט איהם איבערגערעדט צו פערלאָזען זיין דיענסט אין שפּאַניען און איבערצוגעהן צו איהם, און וויא מיר וועלען וויטער זעהן, האָט פון דיעזער רייזע זיינער אַרויסגעשפּראָצט דיא הויפּט־אורזאַכע, וואָרום דיא נייע וועלט הייסט אַמעריקאַ און ניט קאָלומביא, למשל. פאָרלויפיג וועלען מיר נור זאָגען דאָס פאָלגענדע: אויף דיעזער רייזע האָט אַמעריקוס אויסגעפאָרשט אַ גרויסע טהייל פון דעם זיד־אַמעריקאַנישען ברעג. ער איז דערגאַנגען אין דרום־זייט אַ סך וויטער וויא אירגענד וועלכער אַנדער רייזענדער.

אַמעריקוס האָט זיך מיט דעם אידען גאַספּאַר דאַ גאַמאַ געזעהן, ווען דיא דערמאָהנטע צוויי פלאָטען האָבען זיך בעגעגענט ביי דעם קאַפּ ווערד. זיי האָבען געהאַט אַ געשפּרעך, אַמעריקוס האָט ביי איהם אויסגעפרעגט וועגען דיא וויטע מזרח־לענדער.

מיט העכער וויא דריי הונדערט יאָהר שפּעטער האָט מען געפונען אַ בריעף פון אַמעריקוס צו אַ פריינד, וועמען ער בעשרייבט קאַבראַל׳ס

רייזע וויא גאספאר האט איהר איהם געשילדערט. אין דעם בריעף רעדט ער וועגען דעם אידען מיט בעגייסטערונג אלס וועגען א מאן וואס „קען פיעלע שפראכען, איז בעקאנט מיט פיעלע שטעדט און פראווינצען און האט געמאכט צוויי רייזעס פון פארטוגאל נאך אינדיען." אין דעם זעלבען בריעף דערצעהלט אמעריקוס, אז דיא פערשוואונדענע שיף, וועלכע איז געפיהרט געווארען פון פעדרא דיאז'ען, האט זיך וויעדער צוזאמענגעטראפען מיט קאבראל'ן ביי דעם קאפ ווערד, וואו קאבראל און אמעריקוס האבען זיך אבגעשטעלט. דאן האט פעדרא דיאז דער־צעהלט וועגען דיא געפאהרען וואס ער האט געהאט אויסצושטעהן. ער איז אריינגעפאלען אין פיינדליכע הענט און האט זיך קוים גערא־טעוועט מיט'ן לעבען. דורך א מערקווירדיגען צופאל האט ער זיך אויפ'ן וועג אלזא וויעדער בעגעגענט מיט קאבראל'ס פלאטע, און פון דיא צוויי שיפען איז געווארען דריי. מיט זיי איז קאבראל אוועק נאך ליסאבאן, וועהרענד אמעריקוס האט פארטגעזעצט זיין רייזע נאך בראזיליען.

אין דעם דערמאנטען בריעף רעכענט אמעריקוס אויס דיא פער־שיעדענע ארטיקלען, וואס קאבראל האט געפיהרט פון אינדיען. הויפט־זעכליך בעשטעהט דער צעטעל פון פערשיעדנע מינים געווירצען, קריי־טיכער, פארבען; אויך געפינט זיך דארטען ווייראך, קאמפאר, ברושטין, אפיום, פערשיעדענע דראגען אדער אפטעקארישע פראדוקטען; אויך דימענטען, רובינען. איין פרעכטיגער רובין האט געוואויגען זיעבען קאראט און א האלב.

דאס איז אלזא געוועזען דיא צווייטע לאדונג, וואס איז גע־קומען פון אינדיען נאך אייראפא ניט דורכגעהענדיג דורך אראבישע הענט.

אין פארטוגאל איז וויעדער געוועזען שמחה וששון. דערפאר אבער איז אין ווענעציע געוועזען א חורבן. דיא רייזעס פון וואסקא דא גאמא און פעדרא אלווארעז קאבראל האבען אויף דיא רייכע מעכטיגע שטאדט א מרה שחורה ארויפגעווארפען. זיא האט איהרע עשירות און מאכט געהאט צו פערדאנקען דעם האנדעל מיט אינדיען, וועלכען זיא האט אנגעפיהרט דורך דיא אראבער. איצט אבער האט עס געהייסען, אז ניט זיא, נור פארטוגאל וועט האבען א מאנאפאל אויף דעם גע־ווירצען־האנדעל.

די וועניציאנער סוחרים האבען זיך געפיהלט אזוי וויא די אראבישע סוחרים פון אינדיען גופא אדער פון די עגיפטישע שטעדט קאירא און אלעקסאנדריא, וועלכע האבען אויך געמאכט מיליאנען פון דעם מזרח־האנדעל. ביי געפיהל אליין איז מען אבער ניט געבליבען. די קריסטליכע וועניציאנער האבען פערגעסען אן דעם רעליגיעזען תהום, וואס איז געלעגען צווישען זיי און די עגיפטער און האבען זיך מיט זיי פעראייניגט צו אטאקירען די פארטוגעזישע שיפען, וואס געהען נאך אינדיען. נור דאס איז געווען שפעטער.

איידער מיר שליסען דיעזען קאפיטעל, מוזען מיר זיך אויף א ווײלע אומקעהרען צו קאבראל׳ס ענטדעקונג פון בראזיליען. מיר האבען שוין בעמערקט, אז בראזיליען קומט אויס פערהעלטניסמעסיג נאהענט צו דער אלטער וועלט. זיא ליגט אויף דער פארטוגעזישער זייט פון דעם גרענעץ, וואס דער פאפסט אלעקסאנדער דער 6־טער האט געצויגען צווישען די ענטדעקונגען פון שפאניען און די ענטדעקונגען פון פארטוגאל. די לאנד האט, אלזא, געהערט צו פארטוגאל. דעריבער האט שפאניען איהר ניט געקענט שטערען איהר אויסצופארשען און צו קאלאניזירען*). אז איהר וועט א קוק טהאן אויף דער לאנדקארטע, וועט איהר זעהן, אז ווייטער צו דרום צו ווערט זיד־אמעריקא פיעל שמעלער, און אז דארטען איז זיא שוין א סך ווייטער אבגערוקט פון דער אלטער וועלט. דארטען איז אויף דער פארטוגעזישער זייט פון אלעקסאנדער דעם 6־טען׳ס גרענעץ שוין קיין לאנד ניטא. אמעריקוס וועספוציוס האט דארטען דעריבער שוין קיין לאנד פאר פארטיגאל ניט געזוכט. ביז אהין איז אבער אויך אן אונגעהויערע שטיק און דיעזע ברעגעס פון דיעזען שטח האט ער אויסגעפארשט און בעשריעבען.

נאך א פונקט.

קייזערלינג ברענגט אן אלטען שריפט, וואו עס ווערט געזאגט, אז קאבראל האט זיך פערנומען אזוי ווייט צו מערב צו, ווייל אזוי האט איהם געראטהען זיין אינדישער מיטרייזענדער גאספאר. אז עס איז

*) שפעטער איז בראזיליען געווארען א זעלבסטשטענדיגע מאנארכיע, און איצט איז זיא א רעפובליק. מען רעדט דארטען אבער עד היום פארטוגעזיש.

מעגליך, דאָס קאבראל האָט זיין פלאָטע פערקערעוועט נאָך אמעריקא מיט אַ כיון — דיעזען געדאַנק דריקט אוים ר. ה. מיידזשאָר אין זיין „ענטדעקונגען פון פרינץ הענריק“. גאַספאַר׳ן דערמאָנט ער דערביי ניט, הגם אין דעמזעלבען קאַפּיטעל רעדט ער וועגען איהם זעהר אָפט און ווייזט וויא וויכטיג ער איז געוועזן פאַר גאַמאַ׳ן, קאַבראַל׳ען און אַמעריקוס׳ען. יעדענפאַלס ווערט אַלגעמיין אָנגענומען פון דיא וויכטיגסטע נייעסטע פאָרשער אזוי גוט וויא פון דיא אַלטע אויטאָריטעטען איבער דעם ענין, אַז קאַבראַל האָט ענטדעקט בראַזיליען דורך אַ ריינעם צופאַל.

## XXI.

# אונמענשליכע רציחות געגען דיא אינדיאַנער.

באַבאַדיללא מאַכט יעדען שפּאַנישען „טרעמפּ" פאר אַ פּריץ און דיא לאגע פון דיא אינדיאנער ווערט נאָך ערגער. — אויף באבאדיללא'ס פּלאַץ שיקט מען אָוואנדאָ'ן. — זיין גרויסע פּלאָטע. — זיין פאראדנער אָפּפאָהרען. — דיא אימיגראנטען לויפען זשעדנע שעפּען גאָלד מיט דיא הויפענס. — זייער ענטטוישונג. — דיא קעניגין הייסט צאָהלען דיא אינדיאנער פאר זייער ארבייט, צאָהלט מען זיי מיט הונגער און מיט בארמלאָזע מאַטערניס און יסורים. — פיעלע שטאַרבען אויס. — אַ שרעקליכע מענשען־יאַטקע. — אַנאַקאָנאַ ווערט געהאַנגען. — שחיטות און הונגער. — אלע פינף קרייזען זיינען אונטערדריקט און אונטערטהעניג. — פון אַ מיליאָן אינדיאנער בלייבט אַ הייפעלע. היספּאַניאָלא הוינט.

באבאדיללא האָט געוואוסט, אַז אין דעם אַרט וויא ער האָט בע־האַנדעלט קאָלומבוס'ען האָט ער איבערגעכאַפּט דיא מאָס, און אז זיין אייגענע גדולה איז ניט אויף לאַנג. ער האָט דעריבער געטהאָן אלעס מעגליכעס צו האָבען דיא קאָלאָניסטען אויף זיין זייט, — טאָמער וועט דאָס העלפען. אַזוי וויא איינע פון דיא אורזאכען פון קאָלומבוס'עס אונגליק איז בעשטאַנען אין דעם, וואָס זיי האָבען זיך בעקלאָגט אויף זיין שטרענגקייט, און ווארום ער צווינגט זיי צו ארבייטען, האָט באַ־באדיללא אָנגענומען אַ פערקעהרטע טאַקטיק: ער האָט זיי אין אַלעס נאָכגעגעבען און געזוכט מיטלען זיי צו בעפרייען פון דיא קלענסטע ארבייט. ער האָט זיי אַלעמען געמאכט פאר פּריצים — פון דעם גע־באָרענעם אַדעליגען ביז דעם לעצטען בראָדיאַגע. קיינער האָט ביי איהם ניט געדאַרפט אריינטהאָן א פינגער אין קאַלטע וואסער.

מיט אַנדערע ווערטער, דיא ארבייט האָט באבאדיללא אין גאַנ־צען ארויפגעוואָרפען אויף דיא אינדיאנער. דעם שקלאַפען־יאָך, וועלכען קאָלומבוס האָט אויף זיי אָנגעטהאָן, האָט ער נאָך פיעל שווע־רער געמאַכט. ער האָט געלאָזען פערשרייבען יעדען אינדיאנער, וואָס האָט זיך געפונען אויף דעם אינזעל, האָט זיי צוטיילט אויף קלאסען

און פערטהיילט צווישען די ווייסע אַלס פּאַנסטשינא־קנעכט, וועלכע האָבען פאר זיי געארבייט אין די פעלדער און אין די גאָלד־מינען. קאָלומבוס האָט דיעזע סיסטעם אַנגעפאנגען, און ער האָט איהר פערפאָלקאָמט.

„איילט זיך צו, פערלירט ניט קיין צייט" — פלעגט באבאדיללא זאָגען צו זיינע שפּאַניער. „זעהט ארויסצוקריגען וואָס מעהר, וואָרים ווער ווייס וואָס מאָרגען וועט זיין."

און די שפּאַניער האָבען די אינדיאַנער געאיילט און געטריבען און זיינען זיך מיט זיי בעגאַנגען ערגער ווי מיט די בהמות. זיי האָבען פון זיי ארויסגעפּרעסט נאָך פיעל מעהר, א סך מעהר פּראצע, ווי אונטער קאָלומבוס'עס הערשאַפט. און די רויטע, וועלכע זיינען געבאָרען געוואָרען צו א לייכטען רוהיגען לעבען, וועלכע זיינען פון דער נאַטור ניט געווען צוגעפּאסט צו דעם קאַטאָרזשנעם יאָך, האָבען זיך געבויגען אונטער זייער לאסט און איהם געטראָגען מיט זייערע לעצטע כחות.

דער נידעריגסטער ווייסער טרעמפּ איז אויף דיעזען אָרט געוואָרען א שקלאַפען־טרייבער און האָט גענומען לעבען אזוי ווי זיין זיידע'ס זיידע וואָלט געווען א מאַגנאַט. געוועהנליכע פערברעכער, וועלכע מען האָט ארויסגעלאָזען פון די שפּאַנישע טורמעס, וויל זיי זיינען מרוצה געוואָרען צו עמיגרירען אין דער נייער לאַנד, האָבען זיך גענומען אויפפיהרען ווי פּרינצען פון די מזרח־לענדער. זיי זיינען געווען ארומגערינגעלט פון גאַנצע סוויטעס פון דיענער, דיענסטען און קעבס־ווייבער; ווען זיי האָבען בעדאַרפט פאָהרען ערגעץ־וואו, פלעגען זיי אָנשטאָט פערד, געברויכען אינדיאַנער, וועלכע פלעגען זיי מוזען טראָגען אויף די פּלייצעס אין אינדיאַנישע וויגעלעך (העמאַקס) אָדער אויף נאַסילקעס. און וועהרענד דער שפּאַנישער נאַכט־גנב אָדער קעשעניק איז אזוי געלעגען ווי א מאָנארכע, האָבען אַנדערע אינדיאַנער געמוזט מיטגעהן מיט זיינע טרעגער און האַלטען איבער איהם א פּאַלמע־בלאַט אום איהם צו בעשיצען פון דער זון און פאָכען איהם מיט פעדערען, עס זאָל איהם זיין קיהל. ביי פיעלע פון דיעזע אונגליקליכע רויט־הויטיגע זיינען פון טראָגען דיעזע לעבעדיגע משאות די פּלייצעס געווען צו־וואונדעט און צובלוטיגט. ווען זיי פלעגען אזוי גיך ניט געהן, פלעגט מען זיי שלאָגען מכת רצח,

ביז אייניגע זיינען פון דיא קלעפּ געפאלען טוידט. און וועגען שטעלען זיך אנקעגען האבען זיי אפילו ניט געסמייעט צו טראכטען.

ווען מען ענטוויקעלט אין זיך דעם שקלאפען־טרייבערשען געשמאק, טהוט מען דיעזע אלע רציחות גלאט אזוי זיך. דיא מערדערייען גופא זיינען א קוואל פון פערגניגען. עס איז א מחיה צו זדעקעווען זיך איבער א מענשען, וועלכער איז מאכטלאז, און פערטראגט אלץ. דאס געהט אויף געבארענע שקלאפען־הערשער; און ווען א „בראדיאגע“, א „טרעמפּ“ ווערט פּלוצלונג א פּריץ, איז צו זיין הויט־שינדעריי גאר קיין שיעור ניט.

דיא קאלאניסטען זיינען מיט באבאדיללא׳ן צופריעדען געוועזן. אום פון דער אנדערער זייט זאל מיט איהם צופריעדען זיין דער קעניג און דיא קעניגין, האט ער דיא ווייסע געראטהען פעסט צו בעארבייטען דיא מינען — מיט דיא הענט פון דיא אינדיאנער, נאטירליך. דער רעזולטאט איז געוועזן, אז מען האט געשאפען פיעל מעהר גאלד וויא פאר קאלומבוס׳ען. דאס האט איהם אבער שוין ניט געקענט העלפען. אויף זיין פּלאץ האט דער טהראן שוין בעשטימט אן אנדערען — אן אריסטאקראט מיט׳ן נאמען נ י ק א ל א ס ד ע א וו א נ ד א. וואס אנבעטרעפט אבער דעם שיקזאל פון דיא אינדיאנער, איז אויף זיי מקוים געווארען דער אידישער ווערטיל, אז „אויף א בייזען פּריץ טאר מען קיין מפּלה ניט בעטען“. זייער לאגע אונטער דעם נייעם הערשער איז געוועזן אזעלכע, אז דיא האר שטעלט זיך פּשוט קאפּויר ווען מען לעזט וועגען דעם. נור צוערשט א פּאר ווערטער וועגען אוואנדא׳ס אפּפאהרען פון שפּאניען.

אוואנדא איז נאך היספּאניאלא אבגעפאהרען מיט דיא גרעסטע פּלאטע, וואס מען האט אהין ווען עס איז געשיקט זינט קאלומבוס האט זיך אוועקגעלאזען אויף זיין ערשטע רייזע. זיא איז בעשטאנען פון ד ר י י ס י ג שיפען, וועלכע האבען געפיהרט ארום צוויי טויזענד פינף הונדערט מענשען. פיעלע פון דיא רייזענדע זיינען געוועזן פון דיא העכערע קלאסען. צווישען דיא פּאסאזשירען האבען זיך געפונען דריי און זיעבעציג פאמיליען־מענער מיט זייערע פרויען און קינדער. מען האט מיטגענומען אלערליי בעלי מלאכות, א דאקטאר, אן אפּטייקער, און דיא שיפען זיינען געוועזן געלאדען מיט פּיה, מיט געוועהר און

מיט פערשיעדענע אַנדערע זאַכען, וועלכע מען האָט געהאַלטען פאַר נויטהיג.

אָוואַנדאָ איז געווען אַ ליעבלינג פון קעניג פערדינאַנד און אַ פריינד פון קאָלומבוס'עס פיינד פאָנסעקאַ; מען האָט איהם דעריבער געגעבען אַלץ, וואָס ער האָט פערלאַנגט און זיין פלאָטע האָט מען געמאַכט וואָס גרעסער און רייכער. אום צוריק צו האַלטען דיא שפּאַנישע אַדעליגע פון דיא שווינדעריי, וועלכע האָט רואינירט פיעלע אַריסטאָקראַטישע פאַמיליען, האָט דאַן עקסיסטירט אַ געזעץ, אַז זיי טאָרען ניט טראָגען קיין זיידענע אָדער סאַמעטענע קליידער, קיינע דימענטען אָדער ציער־רונגען. פאַר אָוואַנדאָ'ן האָט מען אָבער געמאַכט אַן אויסנאַהמע. אום ער זאָל מאַכען אַ שטאַרקען איינדרוק, האָט מען איהם ערלויבט צו געהן אין רייכע זיידענס, גאָלד און בריליאַנטען, און מען האָט איהם געגעבען אַ סוויטע פון 72 מאַן, צעהן פון וועלכע זיינען געווען רייטער.

ער איז אָוועקגעפאָהרען וויא אַ קעניג.

דער לעזער וועט פרעגען: פון וואַנען האָבען זיך גענומען אזוי פיעל בעלנים צו עמיגרירען נאָך דיא וייטע נייע וועלט, וועגען וועלכע מען האָט געהערט אזוי ווענינ גוטעס? דער אַנטוואָרט איז, אַז דיא לעצטע צייט זיינען דיא בעריכטען פון דאָרטען געווען פיעל בעסערע וויא פריהער. מיר האָבען שוין געזעהן, אַז מען האָט אָנגעפאַנגען צו בע־קומען מעהר גאָלד פון דיא מינען, און אַז דיא נידעריגסטע און אָרימ־סטע לומפּען האָבען געלעבט וויא פרינצען. מעלדונגען וועגען דעם זיי־נען אָנגעקומען נאָך שפּאַניען אין אַן איבערטריבענע פאָרמע, וויא גע־וועהנליך, און דער רעזולטאַט איז געווען, אַז טויזענדער מענשען פון אַלערליי קלאַסען האָבען געגאַרט צו פאָהרען אין די „גאָלדענע לאַנד“. אזוי גאַרען אייראָפּעער עד היום צו פאָהרען נאָך אַמעריקא, וואו זיי ער־וואַרטען צו קלייבען גאָלד אין דיא גאַסען.

דיא עמיגראַנטען, וואָס זיינען מיטגעפאָהרען מיט אָוואַנדאָ'ן, האָ־בען ערוואַרט צו קלייבען גאָלד אין דיא גאַסען אין דעם ביכשטעבליכען זין פון דעם אויסדרוק. זיי האָבען געהערט, אַז דער טייערער מעטאַל געפינט זיך אויפ'ן גרונט פון קליינינקע טייכעלעך אָדער איינפאַך אויף דער ערד. זיי האָבען געמיינט, אַז מען דאַרף זיך נור איינבויגען און דאָס אויפהויבען הויפענסווייז. זיי האָבען פשוט קיין געדולד ניט גע־האַט זיך צו דערוואַרטען ביז זיי וועלען שוין קומען אַהין. און ווען זיי

האָבען זיך ענדליך דערוואָרט, און זיי זיינען אָנגעקומען אין דעם האַפען פון סאַן־דאָמינגאָ, זיינען זיי קוים אַראָפּ פון די שיפען, וויא זיי האָבען זיך אַ לאָז געטהאָן צו דיא אוצרות. דיא מינען זיינען געװען אַ מייל דרייסיג פון'ם ברעג, און דאָס רוב זיינען זיי אַהין געגאַנגען צו פוס, וואָרים זעלטען ווער עס האָט מיטגעהאַט אַ פערד. דיא וועגען, וואָס האָבען געפיהרט צו דיא מינען, האָבען איינפאַך געקישעט מיט דיעזע זשעדנע גאָלד־זוכערס. שטאָלצע פריצים זיינען דאָ געגאַנגען צוזאַמען מיט בעלי־מלאכות און מיט אַלערליי שנאָרערס. אין דער בעזויפענהייט מיט דיא ערוואַרטעטע אוצרות האָט מען פערגעסען אָן יחוס. אייניגע פון דיא אדעליגע זיינען געוועז בעגלייט פון זייערע דיענער, וועלכע האָבען געטראָגען זייערע פעקלעך, אָבער דאָס רוב אימיגראַנטען זיינען געקומען אָהן בעדיענטע. יעדער האָט אויפ'ן פּלייצע געטראָגען אַ „ראַנעץ" מיט סוכאַרעס אָדער מעהל צום עסען און אַ פּאָר שטיקלעך געצייג אויף צו קלייבען דיא גאָלד.

דיא דרייסיג מייל האָט מען כמעט ניט בעמערקט — אַזוי לוסטיג איז מען געגאַנגען, אַזוי פרעהליך איז געוועז אויפ'ן הארצען פון דעם געדאַנק, אַז אָט שעפּט מען גאָלד מיט דיא הויפענס. דיא פוס־געהער האָבען בלויז מקנא געוועזן דיא עטליכע, וואָס האָבען געהאַט פערד, — ניט ווייל זיי האָבען פערשפּאָרט צו מאַטערען זייערע פיס, נור ווייל זיי וועלען קענען אוועקפיהרען מעהר גאָלד.

ענדליך זיינען זיי געקומען אויף דעם אָרט פון דיא מינען, און — צו זייער ביטערע איבערראַשונג, האָט זיך אַרויסגעצייגט, אַז נאָך דיא גאָלד מוז מען גאָר גראָבען טיעף אין דער ערד, און אַז דערצו איז נויטיג שווערע ארבייט, צו וועלכע דאָס רוב פון זיי זיינען ניט געוואוינט געוועזן; מען האָט זיך ארומגעזעהן, אַז מען מוז האָבען גרויס געניטקייט און אַ ספּעציעלע מבינות אום צו דערקענען דיא גאָלד „אָדערען"; אַז אין סך הכל פאָדערט זיך זעהר פיעל געדולד און האָרעוואַניע, און אַז דאַן ערשט איז מען מיט דעם רעזולטאַט ניט מעהר זיכער וויא אין אַ קאָרטען־שפּיעל.

מיט אַראָבגעפאַלענע הערצער האָבען זיי זיך גענומען פאַר דער ארבייט. אָבער „זייער ארבייט האָט זיי געגעבען אַ גרויסען אַפּעטיט צום עסען און ניט קיין גאָלד", וויא עס דריקט זיך אויס לאַס קאַסאַס, אַ בעריהמטער שרייבער פון יענע צייטען און קאָלומבוס'עס אַ פערזענ־

ליבער פריינד. זיי האָבען באַלד אויפגעגעסען דיא שפּייז וואָס זיי האָבען מיט זיך געהאַט, און פערלאָרען דעם לעצטען טראָפּען כחות און גערולד.

אזוי זיינען פאַראיבער אַכט טעג. אויף דעם נייינטען טאָג האָבען זיי פערלאָזען דיא מינעס און זיינען אַוועק צוריק נאָך סאַן דאָמינגאָ. איבער דיא זעלבע וועגען, איבער וועלכע זיי זיינען געקומען לוסטיג און לעבעדיג, פול מיט דיא גלענצענדסטע ערוואַרטונגען, האָבען זיי איצט קוים דערשלעפּט זייערע פיס, געהענדיג מיט אראָבגעלאָזענע קעפּ, אויסגעהונגערטע, אויסגעמוטשעטע, ענטטוישטע, פערצווייפעלטע.

אייניגע פון דיעזע אימיגראַנטען זיינען געשטאָרבען פון אָרימקייט און האַרץ־קלעמעניש; אַנדערע זיינען אומגעקומען פון פיבער־קראַנקהייטען. אין סך הכל איז אין אַ קורצע צייט פון דיא 2500 נייע אימיגראַנטען געבליבען 1500.

בענוצען זיך מיט דיא ארבייט פון דיא אינדיאַנער האָבען זיי צוערשט ניט געקענט, ווייל קעניגין איזאַבעללא האָט אָוואַנדאָ'ן געהייסען דיא רויט־הויטיגע בעפרייען פון זייער שקלאַפעריי, כדי מען זאָל קענען פון זיי מאַכען „בעסערע קריסטען“. אָבער אָוואַנדאָ האָט איהר באַלד געשריעבען, אז פאַר זיי איז בעסער צו זיין איינגעשפּאַנט אין יאָך, — אז ניט, „ווערען זיי פויל און געהען אראָפּ פון וועג“, און דאַן איז שווער פון זיי איינצומאָנען דיא צינזען. אזוי האָט געשריעבען אָוואַנדאָ, און דאָס האָט אויף דיא פרומע קעניגין גלייך געווירקט. זיא האָט איהם אָבגעענטפערט, אז ער דארף זעהן דיא אינדיאַנער צו מאַכען פאַר גוטע שפּאַניער און גאָטס־פאָרכטיגע קריסטען; אָבער אז ער מעג זיי וויעדער צווינגען צו ארבייטען, אָבוואָהל ניט שווער און ניט אָהן געצאָהלט.

מעהר וויא דאָס האָט מען ניט בעדאַרפט.

צוערשט האָט אָוואַנדאָ פון זיי געפאָדערט, אז זיי זאָלען ביי דיא ווייסע דיענען זעקס מאָנאַט אַ יאָהר; דערנאָך האָט ער דאָס פערגרעסערט אויף אַכט מאָנאַט. „געצאָהלט“ האָט מען זיי כמעט וויא גאָר ניט, בלויז פון יוצא וועגען, — אבי עס זאָל הייסען, אז זיי זיינען ניט קיין קנעכט, נור „געדונגענע“ ארבייטער. און אונטער דיעזער מאַסקע פון לוין־ארבייט האָט מען זיי בעהאַנדעלט מיט דיא גרעסטע מערדערליכ־

קייט וואָס מען קען נור בעגעגענען אין דער געשיכטע פון שקלאַפעריי.

מען האָט זיי געהאַלטען עטליכע טעג רייזע פון דיא דערפער, און געמאַטערט מיט דיא שווערסטע פראצע, וועלכע זייערע שוואכע קערפערס האָבען נור געקענט פערטראָגען. טאָמער האָט זיך איינער אויף א מינוט אָבגעשטעלט פון אויסגעמאַטערטקייט, האָט מען איהם אָהן רחמנות געשמיסען מיט אַ רימען, געבריקעט און געשלאָגען וויא א פוילען פערד. און צו עסען האָבען זיי ביי דיעזע עבודת פרך געהאַט זעהר וועניג: מייסטענס האָבען זיי געמוזט אָבקומען מיט זייער קאַססאַוואַ ברויט, וועלכע איז פאר זיי געווען גוט אין זייער נאַטירליכען צושטאַנד, ווען זיי האָבען ניט געארבייט שווער, אָבער ניט איצט, ביי זייער אונמענשליכע פּראצע. אַ מאָל פלעגט מען צו־ווארפען אַ שטיקעל שוויינפלייש פאר א גאַנצע קאָמפּאַניע זייערע, — קוים גענוג, אז יעדען זאָל אָנקומען איין ביסען. ווען דיא שפּאַניער, וואָס האָבען אכטונג געגעבען אויף דיא ארבייט ביי דיא מינען, פלעגען זיך זעצען עסען, פלעגען דיא אויסגעהונגערטע אויסגעהאָרעוועטע אינדיאַנער ארומקריכען אונטער דיא טישען וויא דיא הינט, און אויפכאַפּען דיא ביינער, וואָס מען פלעגט זיי צו־ווארפען. דיעזע ביינער פלעגען זיי צוערשט ארומלעקען און ארומזויגען און שפּעטער זיי צומאָלען און צוזאַמענמישען מיט זייער קאַססאַוואַ ברויט.

פיעלע פון דיא רויט־הויטיגע, וואָס האָבען שוין ניט געקענט אויסהאַלטען דיא האָרעוואַניע און דעם הונגער, זיינען אנטלאָפען אין דיא בערג; דיא ווייסע האָבען זיי אָבער דאָרטען נאָכגעיאָגט און געכאַפּט וויא מען כאַפּט ווילדע חיות. דאַן האָבען זיי זיי מערדערליך געשמיסען און נאכהער זיי געהאַלטען שטענדיג אין קייטען. פיעלע פון זיי זיינען אויסגעשטאָרבען איידער עס האָבען זיך געענדיגט דיא אכט מאָנאַט פון יענעם יאָהר. דיא, וואָס האָבען דערלעבט צו ענדיגען זייער יעהרליכען טערמין און האָבען געהאַט דאָס רעכט צו געהן אַהיים אויף פיער מאָנאַט, האָבען שוין קיין כח ניט געהאַט זיך צו דערשלעפּען אַהין. זייער היים איז אָפט געווען פאר צוויי הונדערט מייל און נאָך ווייטער, און קיין עסען־וואַרג האָט מען זיי אויפ׳ן וועג ניט געגעבען. זיי האָבען זיך געמוזט קאָרמענען מיט וואָרצלען, וואָס זיי האָבען געפונען אין דיא פעלדער אָדער וועלדער, און א גרויסע צאָהל פון זיי זיינען אויסגעשטאָרבען פון פערשמאַכטקייט איידער זיי האָבען דערלעבט

צו קומען אין זייער דאָרף. לאַס קאַסאַס האָט אַליין געזעהן פיעלע פון היעזע אינדיאַנער, וויא זיי זיינען געלעגען טוידט אָדער אין זייער לעצ־טער גסיסה אויפ'ן וועג, ביי דיא טייכלעך אָדער אונטער דיא בוימער, וואו זיי האָבען זיך אַנגשעפּאַרט אין זייערע לעצטע מינוטען.

און דיא, וואָס זיינען יע פערגאַנגען אַהיים, האָבען דאָרטען דאָס רוב געפונען אַ חורבן. אין דיא אכט מאָנאַט זיינען זייערע פרויען און קינדער ענטוועדער אויסגעשטאָרבען פון הונגער אָדער אַוועקגעגאַנגען זוכען לעבענסמיטעל אין אנדערע טיילען פון דעם אינזעל. דיא פעל־דער זיינען געוועז פערוואקסען מיט ווילדע גראָזען. עס איז ניט געוועז וואָס צו עסען, און דעם אויסגעפּייניגטען פערהונגערטען אינדיאַנער איז קיין זאַך ניט געבליבען וויא זיך צו לייגען און שטאַרבען אין זיין היים, וועלכע ער האָט קוים דערלעבט צו בעזוכען.

פיעלע פון דיא אונגליקליכע זיינען בעגאַנגען זעלבסטמאָרד. מור־טערס האָבען דערוואָרגען זייערע אייגענע קינדער, אום זיי צו בעפרייען פון דעם שרעקליכען שיקזאַל, צו וועלכען זייערע פאָטערס זיינען געוועזן פערוראורטיילט.

אין דיא ערשטע צוועלף יאָהר, זינט קאָלומבוס האָט ענטדעקט אמעריקא, זיינען אומגעקומען עטליכע הונדערט טויזענד אינדיאַנער אַלס אָפּפער פון דער „ציוויליזאַציאָן“ און „קריסטליכע גוטסקייט“, וואָס דיא ווייסע מענשען האָבען אַהין געבראַכט פון דער אַלטער אייראָפּאַ.

אַזוי האָבען דיא שפּאַניער אונטער אָוואַנדאָ'ן דיא אינדיאַנער בע־האַנדעלט אויף אַ „פריעדליכען“ אופן, — דאָס הייסט, ווען זיי האָבען געגען זיי קיין מלחמה ניט געפיהרט. מיר וועלען איצט זעהן וויא אַזוי דיא „ציוויליזירטע“ קריסטען האָבען זיך אויפגעפיהרט געגען דיא ניט־ציוויליזירטע, ניט־קריסטליכע איינוואוינער פון היספּאַניאָלאַ אונ־טער דעם תירוץ־נאָמען „קריעג“.

איין מאָל האָט מען אָוואַנדאָ'ן געלאָזט וויסען, אַז אַנאַקאָנאַ אָרגאַ־ניזירט אַן אויפשטאַנד געגען דיא ווייסע. דיא נאַכריכט איז געוועזן אָהן אַ גרונד. דאָס איינציגע, וואָס איז געוועזן אמת, איז אַז דיא אינדיאַ־נער פון קסאראַגוא האָבען שרעקליך געליטען פון דיא רויבערייען און הולטאַיסטוועס פון זייערע שפּאַנישע שכנים, וועלכע האָבען ביי זיי צו־געכאַפּט טעכטער, שוועסטער אָדער פרויען, אַ חוץ שפּייז און אַלץ, וואָס האָט נור געהאַט אַ ווערטה, און אַז דורך דעם זיינען דאָרטען פאָרגעקומען

אָפּטע קריגערייען צווישען דיא ווייסע מיט דיא רויטע. אַנאַקאָנאַ, וועלכע איז א מאָל געווען זעהר פריינדליך צו דיא אייראָפּעער און איז געווען זעהר צופריעדען, אז איהר טאָכטער זאָל הייראַטהען מיט איינעם פון זיי, האָט דורך ביטערע ערפאהרונג געענדערט איהר מיינונג וועגען דיא „הימעל־מענשען". דיא ווייסע באַנדיטען, מיט וועמען דיא אינדיאַנער האָבען געהאַט צוזאַמענשטויסונגען, פלעגען אויף איהר זיך בעקלאָגען ביי אָוואַנדאָ׳ן, און אַזוי איז ארויסגעקומען א „פּלאָטקע", אַז אַנאַקאָנאַ פיהרט אָן א גאנצע קאָנספּיראַציע אויסצוקוילען דיא ווייסע.

אָוואַנדאָ האָט דאַן זיך אוועקגעלאָזען פון סאַן דאָמינגאָ נאָך קסאַ־ראַגואַ מיט אַן ארמיי פון דריי הונדערט זיעבציג מאַן, פוס־געהער און קאַוואַלעריע. ער האָט אָנגעפאַנגען מיט אַ שווינדעל, וויא דיא שפּאַניער פלעגען אָפט טהאָן אין זייערע מלחמות מיט דיא אינדיאַנער. אָנשטאָט צו געהן אָפען, ערקלעהרען זיי קריעג און בעגעגענען זיך מיט זיי אויפ׳ן קאַמפּף־פעלד, נאָך דיא אָנגענומענע כללים פון מיליטערישע אנשטענ־דיגקייט, האָט ער זיי אריינגענאַרט אין זאַק אריין מיט א שטיק „ציר־וויליזירטע" צבועצסטוואָ, אויף וועלכע דיא נאַטור־קינדער זיינען נאָך קיין מבינים ניט געווען.

אָוואַנדאָ האָט אָנגעזאָגט אַנאַקאָנאַ׳ן, אז ער קומט צו איהר אויף אַ פריינדליכען וויזיט, און אגב אורחא זיך דורכרעדען וועגען דיא צינ־זען, וואָס איהר שבט דאַרף צאָהלען צו דער שפּאַנישער קרוין. צו דיע־זען צוועק האָט ער איהר געבעטען צוזאַמענרופען דיא קאַסיקען פון דיא ארומיגע דערפער.

זיא האָט אַזוי געטהאָן, און אַלע האָבען זיי זיך צוגעגרייט איהם מקבל פּנים צו זיין מיט רעספּעקט און גאַסטפריינדליכקייט. זיי זיינען איהם ארויס אַנטקעגען מיט געזאַנג און טענץ, אין וועלכע יונגע אינדיאַ־נישע פרויען האָבען אנטייל גענומען, טאַנצענדיג און פאָכענדיג מיט צווייגען פון פּאַלמען־בוימער, פונקט וויא זיי האָבען א מאָל אויפגענו־מען קאָלומבוס׳עס ברודער.

אָוואַנדאָ׳ן האָט אַנאַקאָנאַ אָבגעגעבען דיא גרעסטע הויז פון דעם דאָרף, וועהרענד זיין סוויטע און ארמיי האָט מען בעזאָרגט מיט אַנדערע וואוינונגען. עטליכע טעג האָט מען געהוליעט. דיא „טהייערע געסט" האָט מען מכבד געווען מיט דיא בעסטע מאכלים, פון וועלכע אינדיאַ־

נער האָבען נור געוואוסט; מען האָט זיי אמוזירט מיט געזאַנג, מיט טענץ, מיט פערשיעדענע אינדיאַנישע שפּיעלען.

כלומר'שט אום צו צאָהלען מיט פריינדליכקייט פאַר פריינדליכקייט, האָט אָוואַנדאָ דיא אינדיאַנער פאָרגעשלאָגען צו מאַכען פאַר זיי שפּאַנישע מאַנעווערען. אין דעם בעשטימטען טאָג, אויף א פרייען פּלאַץ ארום דער הויז, וואו אָוואַנדאָ איז איינגעשטאַנען, האָבען זיך פערזאַמעלט מאַסען אינדיאַנער. זיי זיינען געקומען זעהן דיא שפּאַנישע „שפּיעל". דיא קאַסיקען זיינען געווען פערזאמעלט אינווייניג אין הויז און צוזאַמען מיט זיי איז געווען אַנאַקאָנאַ, איהר שעהנע טאָכטער היגאַמאָטאַ און נאָך אייניגע אינדיאַנישע פרויען. אום דיא רויטע זאָלען קיין שום חשד ניט האָבען, וואָס זיי ערוואַרט דאָ, האָט אָוואַנדאָ נאָך מיטאָג מיט זיינעם אָן אָפיציער זיך געשטעלט שפּיעלען אין „קוואָיטס"*). באַלד איז אָנגעקומען דיא שפּאַנישע קאַוואַלעריע, און דיא קאַסיקען צוזאַמען מיט אַנאַקאָנאַ'ן און איהר טאָכטער האָבען אָוואַנדאָ'ן געבעטען אָנצופאַנגען דיא מאַנעווערע, וועלכע זיי זיינען געווען זעהר נייגעריג צו זעהן.

דיא מאַנעווערע האָט געזאָלט אָנגעפיהרט ווערען בלויז פון דיא קאַוואַלעריסטען. זיי האָבען געזאָלט ווייזען זייער פלינקייט אַלס רייטער. דיא דריי הונדערט פוס־סאָלדאַטען זיינען געקומען כלומר'שט אַלס צוזעהער.

„נאָכגעבענדיג" דיא ביטע פון זיינע גאַסט־פריינדליכע בעלי־הבתים, איז אָוואַנדאָ צוגעגאַנגען צום פענסטער און האָט אָנגענומען מיט'ן האַנד א גאָלדערנעם מעדאַליאָן, וואָס ער האָט געטראָגען אויפ'ן האַלז.

דאָס איז געווען דער אָבגעמאַכטער סיגנאַל.

א טרומייט האָט א שפּיעל געטהאָן. סאָלדאַטען האָבען זיך א וואָרף געטהאָן צו דער הויז און איהר ארומגערינגעלט פון אַלע זייטען. מען איז אריין אינווייניג, צוגעבונדען אַלע קאַסיקס צו דיא זיילען, וואָס

*) אַזאַ שפּיעל מיט רינגען פון אייזען אָדער שטריק, וועלכע מען סטאַרעט זיך ארויפצו־וואַרפען אויף א שטעהענדען שטעקעל פון ווייטען. אמעריקאַנער שפּיעלען אין דעם נאָך עד היום — געוועהנליך, ווען זיי געפינען זיך אויף אַ שיף.

האָבען אונטערגעהאַלטען דעם באַלקען, וועהרענד אַנאַקאָנאַ'ן האָט מען אַרויסגעפיהרט, אַ געפאַנגענע. דיא קאַסיקען האָט מען דאַן גענומען מאַטערען מיט דיא גרעסטע נגשות ביז זיי האָבען געזאָגט דאָס, וואָס מען האָט געפאָדערט, אַז זיי זאָלען זאָגען — נעמליך, אַז זיי האָבען ווירקליך געמאַכט אַ בונט געגען דער שפּאַנישער רעגיערונג. דאַן האָט מען אָנגעצונדען דיא הויז, און אַלע קאַסיקען — אין סך הכל פערציג — זיינען פערברענט געוואָרען לעבעדיגערהייט.

אויף דרויסען איז דערווייל פאָרגעקומען אַ שרעקליכע מענשען־יאַטקע. דיא קאַוואַלעריע איז אַריינגעריטען אין דער מאַסע צוזעהער, און האָט געטראָטען, געהאַקט מיט דיא שווערדען און געשטאָכען מיט דיא שפּיזען רעכטס און לינקס. פרויען און קינדער זיינען צוקוועטשט געוואָרען צוזאַמען מיט מענער. און טאָמער האָט זיך געפונען אַ שפּאַניער, וואָס האָט רחמנות געקראָגען אויף אַן אינדיאַנער קינד און איהם געפּרופט צונעהמען פון דער בלוטיגער מישענינע, האָט אַן אַנדער שפּאַניער באַלד דעם קינד דערשטאָכען ביי יענעם אין די אָרימס. אייניגע אינדיאַנער האָבען זיך געראַטעוועט אויף אַ שיפעל. מען האָט זיך אָבער נאָך זיי נאָכגעיאָגט, און זיי געכאַפּט.

אַנאַקאָנאַ'ן און אַנדערע קאַסיקען האָט מען געהאַנגען. וואָס עס איז געוואָרען מיט איהר טאָכטער, איז ניט פערשריעבען.

דיא שחיטה איז פאָרטגעזעצט געוואָרען. דיא בלוט־דורשט פון דיא מזיקים האָט זיך צוברענט פון דיא בלוט גופא, וואָס זיי האָבען פערגאָסען. זעקס מאָנאַט נאָך אַנאַנד האָבען זיי אַרומגעשנאָרכט וויא בלוט־הינד אין דיא בערג, וועלדער און הייהלען, און וואו זיי האָבען נור געפונען אַן אינדיאַנער האָבען זיי איהם צוטראָטען, צושניטען, דערשטיקט אָדער פערברענט, אָדער — וואָס איז געווען נאָך ערגער — צוגענומען אַלס שקלאַף.

דאָס אַלץ האָט געהייסען, אַז מען שטילט איין דעם אינדיאַנער בונט. און ווען מען האָט שוין אויסגע'הרג'עט פיעלע טויזענדער פון דיא פריעדליכע, גאַסט־פריינדליכע, גוט־העריציגע מענשען, האָט אָוואַנדאָ לעבען דער קסאַראַגואַ אָזערע געגריינדעט אַ שטעדטעל, וועלכע ער האָט לכבוד זיינע שחיטות אַ נאָמען געגעבען „דיא הייליגע מאַריע פון דעם אמת'ן שלום“.

אין היספּאַניאָלאַ איז נאָך איבערגעבליבען איין געגענד, וועלכען דיא שפּאַניער האָבען פאָרלויפיג ניט געקענט אונטערטהעניג מאַכען. צו איהם האָבען זיי זיך גענומען איצט, און דיא רציחות, וואָס זיי האָבען דאָרטען בעוויעזען, איבערשטייגען אפילו זייערע מערדערייען אין דעם קסאַראַגואַ־קרייז. דאָס איז געווען דער קרייז היגי.

מיר ווייסען שוין, אַז דיא דאָרטיגע איינוואוינער האָבען געהאַט אָפטע מלחמות מיט דיא קאַריבען און אַז זיי זיינען דעריבער געווען כוואַטסקע, ביטערע יונגען. קאַטאַבאַנאַמאַ, זייער יעצטיגער קאַסיק, איז געווען אַזאַ ריעז און אַזאַ גבור, אַז דיא שפּאַניער האָבען איינפאַך בעוואונדערט זיין פיגור און זיין כח.

די קאָלאָניסטען האָבען זיך צו זיי גענומען מיט זייערע געוועהנליכע מיטלען: מיט פייער און שווערד, מיט תליות און דעם לאַנגזאַמען טוידט פון אַלערליי נגשות. זיי האָבען אויסגעקוילעט פיעלע פון זייערע פרויען און קינדער. ווען זיי האָבען געפונען אַ גרויסע אינדיאַנער הויז, וואו זיעבען הונדערט פון דיא אונגליקליכע האָבען געזוכט רעטונג, האָבען זיי זיי אַלעמען געטוידטעט מיט זייערע שווערדען און שפּיעזען.

דיא איבערגעבליבענע אינדיאַנער פון היגי האָבען זיך אונטערגעגעבען און האָבען אָבגעמאַכט מיט דיא שפּאַניער צו צאָהלען זיי צינזען מיט ארבייט. דאַן האָט דער גבור, קאַטאַבאַנאַמאַ, בעזוכט דעם שפּאַנישען לאַגער, און דיא ווייסע זיינען אַזוי ענטציקט געוואָרען פון זיין שעהנעם ריעזיגען קערפּער און זיין וואונדערליכע פיזישע קראַפט, אַז עסקיבעל, דער שפּאַנישער קאָמאַנדיר, האָט מיט איהם ברודערשאַפט געשלאָסען און זיך געביטען מיט איהם מיט דיא נעמען: ער האָט זיך פון דאַן אָן גערופען קאַטאַבאַנאַמאַ, וועהרענד דער אינדיאַנער גבור איז בעקאַנט געוואָרען ביי דיא רויטע אונטער דעם נאָמען יואַן דע עסקיבעל. דאָס האָט אָבער דיא שפּאַניער ניט געשטערט מיט דעם קאַסיק באַלד צו טהאָן דאָס, וואָס זיי האָבען געטהאָן מיט פיעלע פון זיינע ברידער.

דיא ארבייט, וואָס זיי האָבען פון דיא היגיער אינדיאַנער געפאָדערט, איז געווען אַזוי אונמענשליך שווער, און זיי האָבען זיך אַזוי עקעלהאַפט אויפגעפיהרט מיט זייערע פרויען, אַז יענע האָבען ווידער גענומען קעמפּפען פאַר זייער פרייהייט. זייערע אַלטע לייט, פרויען און קינדער, האָבען זיי אוועקגעשיקט אין דיא וועלדער און הייהלען,

וועהרענד דיא מענער האָבען זיך צוגעגרייט צו דער מלחמה. דיא שפּאַניער האָבען געכאַפּט אייניגע פון זיי, און האָבען זיי געברענט און געשטאָכען אום זיי צו צווינגען אויסצוזאָגען, וואו זייער הויפּט־ארמיי געפינט זיך. זיי זיינען אָבער אויסגעשטאַנען דיא שרעקליכסטע יסורים און ניט אויסגעזאָגט.

ענדליך האָבען דיא שפּאַניער דיא אינדיאַנישע אַרמיי געפונען. עס איז פאָרגעקומען א שלאכט, אָבער וויא אימער, האָבען דיא מוטער־נאַקעטע קעמפּפער, בעוואפענט מיט צרה'דיגע פיילען־בויגענס, ניט געקענט ביישטעהן געגען דיא געפּאַנצערטע שפּאַניער, וועלכע האָבען אויף זיי געשאָסען מיט ארקעבוסען, שטאָהלענע פיילען־בויגענס און קאַ־נאָנען. עטליכע פון דיא רויט־הויטיגע זיינען געפאַלען; דיא איבעריגע זיינען זיך צולאָפען; אָבער דיא שפּאַניער האָבען זיך נאָך זיי נאָכגעַ־יאָגט, זיי געזוכט אין דיא וועלדער, און ווען זיי האָבען זיי געכאַפּט, האָבען זיי זיי אָבגעהאַקט דיא הענט, געשלעפּט פאַר שטריק, וועלכע זיינען געוועזען אָנגעטהאָן אויף זייערע העלזער, געקווילעט שוואַנגערע פרויען, אָדער פרויען מיט קינדער אין דיא ארימס.

דיא אינדיאַנער זיינען געוועזען אַזוי פאָרזיכטיג אין זייער בעהאַל־טען זיך פון דיא ווייסע משחיתים, אַז ווען זיי פלעגען געהן דורך וועל־דער, פלעגען צוואַנציג געהן אין דיא זעלבע פוס־סליאַדען, אום עס זאָל בלייבען א צייכען בלויז פון איין פּאָר פיס, און מען זאָל ניט דערקענען, אַז דאָ זיינען דורכגעגאַנגען א סך מענשען. דיא שפּאַניער זיינען אָבער שוין אַזוי געניט געוועזען אין נאָכיאָגען זיך נאָך זייערע קרבנות, אַז נאָך דעם קלענסטען סימן האָבען זיי פערשטאַנען, אַז דאָ זיינען געוועזען אינדיאַנער און אין וועלכע זייט זיי האָבען זיך פערקערעוועט. אויך האָבען זיי פון וויטען געקענט דערשמעקען דעם רויך פון פייערען, וואָס דיא אַנטלאָפענע האָבען אָנגעצונדען אויף דיא בערג אַלס א געפאהר־סיגנאַל. צווישען דיא שפּאַניער זיינען געוועזען אייניגע, וואָס האָבען אין זיך ענטוויקעלט ספּעציעלע פעהיגקייטען אַלע אַזעלכע סמנים צו דערקענען, און מיט זייער הילף האָט מען דיא אַנטלאָפענע פריהער אָדער שפּעטער געכאַפּט.

וואו נור דיא שפּאַניער האָבען געפונען א הייהל מיט אַלטע און קראַנקע, מיט פרויען און קינדער, האָבען זיי זיי אַלעמען אויסגעקווילעט. ווען זיי האָבען בעגעגענט אינדיאַנער געהענדיג דורך דיא וועלדער אָדער

פעלדער, האָבען זיי זיי אָבגעהאַקט דיא הענד, און דאַן זיי אַוועקגעשיקט צו זייערע ברידער אום זיי זאָלען זיי ברענגען דיא אָבגעהאַקטע הענד אַלס „בריעף“, צו ווייזען וויא געפעהרליך עס איז מיט דיא שפּאַניער זיך אָנצוהויבען.

לאַס קאַסאַס האָט אויף דיא וועגען בעגעגענט מאַסען אַזעלכע קאַליקעס, מיט אָבגעשניטענע הענט. פיעלע פון זיי זיינען געשטאָרבען אויפ׳ן וועג פון בלוט־שטורץ אָדער אַזוי פון דיא וואונדען.

דיא שפּאַניער פלעגען קלייבען נחת פון אַזעלכע סצענעס וויא דיא פאָלגענדע: זיי פלעגען אויסבויען אַ לאַנגע נידעריגע תליה און אויף איהר אויפהענגען צו דרייצעהן אינדיאַנער מיט אַ מאָל. די תליות האָבען זיי געמאַכט נידעריג, אום די אָפּפער זאָלען מיט די פיס דער־גרייכען ביז דער ערד, און זיי זאָלען דערוואָרגען ווערען לאַנגזאַם; און וועהרענד זיי האָבען זיך אַזוי געצאַפּעלט און געמאַטערט אין זייערע לעצטע יסורים, פלעגען זייערע טיראַנען זיך שפּיעלען איבער זיי מיט שווערדען אָדער שפּיזען, — געשניטען זייערע קערפּערס, געשטאָכען זייערע אויגען. און ווען זיי פלעגט דאָס אַלץ שוין מאוס ווערען, פלע־גען זיי זיי איינוויקלען אין שטרוי און אונטערצינדען.

דיא צאָהל דרייצעהן האָבען דיא פרומע קריסטען אויסגעקליבען אַלס אַ הייליגען אָנצוהערענעס אויף יעזוס׳ען מיט זיינע צוועלף תלמידים.

אין איין פּלאַץ האָט אַ שפּאַניער אָפיציער צוועלף אינדיאַנער (כנגד דיא צוועלף הייליגע תלמידים) געבונדען הענט און פיס און אַריינ־געלייגט אין אַ מין וויעג, וועלכע איז געהאַנגען איבער אַ פייער. אויף דיעזען אַרט האָט ער זיי לאַנגזאַם געבראָטען. ער האָט ניט לאַנג אָב־געגעסען מיטאָג און דאָס איז געווען זיין צייט־פערטרייב אום צו קע־נען בעסער פערדייען דעם עסען. ניט ווייט פון יענעם אָרט האָט אַן אַנדער אָפיציער אין זיין לאַגער־ביידעל זיך צוגעלייגט שלאָפען נאָך מיטאָג. ער האָט געבעטען דעם ערשטען ער זאָל זיינע אינדיאַנער אָפּ־פטר׳ען וואָס גיכער, ווייל זייערע קולות שטערען איהם זיין שלאָף. דער ערשטער האָט זיך אָבער ניט געקענט פערגינען אַזוי שנעל צו ענדיגען זיין צייט־פערטרייב, האָט ער געפונען אַ מיטעל אי צו בראָטען דיא לע־בעדיגע אינדיאַנער, אי זיי זאָלען ניט שטערען יענעם׳ס שלאָף: ער האָט זיי פערשטאָפּט דיא מיילער.

דעם ריעזיגען קאַסיק האָט מען אויף ענדליך געכאַפּט. איהם האָט געפונען אַ שפּאַנישער גבור און צווישען דיא צוויי ריעזען איז פאָרגע־קומען אַ פערצווייפעלטער דועל, אין וועלכען קאַטאַבאַנאַמאַ האָט יענעם שיער ניט דערשטיקט. אָבער אין דעם מאָמענט, ווען ער האָט איהם גענומען ווערגען, זיינען אָנגעלאָפען אַנדערע שפּאַניער, וועלכע האָבען דערהערט זייער געשריי.

עסקיבעל האָט איהם אויפגעהאַנגען.

אויף דיעזען אופן איז אונטערדריקט געוואָרען דיא לעצטע פון דיא פינף פראָווינצען פון היספּאַניאָלאַ. דער גאַנצער אינזעל איז איצט אונטערטעניג געווען צו דיא שפּאַניער. עס איז אָבער כמעט ניט גע־בליבען ווער עס זאָל אונטערטעניג זיין.

וואָס פאַר אַ קליינע צאָהל אינדיאַנער עס איז געבליבען אין היס־פּאַניאָלאַ, און וויא ווייניג דיעזע האָבען געקענט אויסהאַלטען דיא קאַ־טאָרזשנע ארבייט און דעם הונגער, אין וועלכען מען האָט זיי געהאַלטען, קען מען זעהן פון דעם פאַקט, דאָס אין אָוואַנדאָ'ס צייט האָט מען אין היספּאַניאָלאַ געמוזט אימפּאָרטירען שווארצע שקלאַפען.

דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל, וואָס אין אמעריקא האָט מען געבראַכט נעגער־קנעכט. דיעזע „סחורה" האָט מען אָבער אהין אימ־פּאָרטירט בלויז אַ יאָהר צעהן, — ביז 1510, ווען דיעזער זאָרט מסחור איז אונטערבראָכען געוואָרען. דער רעגעלמעסיגער האַנדעל מיט שווארצע שקלאַפען, וועלכער האָט זיך אין דיא פעראייניגטע שטאַאטען געצויגען ביז אייבערעהעם לינקאָלן, האָט זיך אין אַמעריקאַ אָנגעפאַנגען שפּעטער. אין די דערמאָנטע עטליכע יאָהר האָט מען נאָך היס־פּאַניאָלאַ מעהרערע מאָל געבראַכט טראַנספּאָרטען פון נעגערס, וועלכע מען האָט געברויכט ביי דיא מינען. און שפּעטער האָט זיך דער שקלאַ־פען־האַנדעל אַזוי ענטוויקעלט, אַז מיט דער צייט איז כמעט דיא גאַנצע בעפעלקערונג פון היספּאַניאָלאַ בעשטאַנען פון שווארצע. וואָס אָנ־בעטרעפט דיא אינדיאַנער, איז פון זיי קיין איינציגער ניט איבערגעבלי־בען אין פערלויף פון דיא ערשטע פינף און צוואַנציג יאָהר נאָך דעם וויא קאָלומבוס האָט דעם אינזעל ענטדעקט.

דיעזע נעגער שקלאַפען זיינען, אגב־אורחא רעדענדיג, ניט גע־בראַכט געוואָרען דירעקט פון אַפריקאַ, נור פון שפּאַניען. אויך זיינען זיי ניט געווען אַפריקאַנער געבאָרענע. זיי זיינען געבאָרען געוואָרען פון

נעגערשע עלטערען, וועלכע זיינען פערקויפט געוואָרען אויף דיא שפּאַ־נישע שקלאַפּען־מערק. די פרומע קעניגין, וועלכע איז גע־ווען געגען אינדיאַנער־שקלאַפערייי, האָט אוואַנדאָ'ן ערלויבט צו האַל־טען שווארצע קנעכט. איהר פרומקייט האָט זיך בלויז אויסגעדריקט אין דעם, דאָס זיא האָט איהם ערלויבט צו אימפּאָרטירען בלויז אזעלכע קנעכט, וואָס זיינען געבאָרען געוואָרען צווישען קריסטען.

דערביי איז אינטערעסאנט צו בעמערקען, אַז אידען אָדער אראבער האָט זיא שטרענג פערבאָטען אין היספּאַניאָלאַ אריינצולאָזען. אפילו מאַראַנען, אָדער מאַריסקאָס אָדער קינדער פון „אפּיקורסים", וואָס זיי־נען פערבענט געוואָרען פון דער אינקוויזיציע, האָבען ניט געטאָרט אריינקומען אין דיא ניי־ענטדעקטע לאַנד — טאָמער מאַכען זיי דאָרטען קאַליע דעם ריין־קריסטליכען גייסט. קריסטליכע שווארצע שקלאַפען אָבער האָבען דיעזען הייליגען גייסט ניט געקענט טריפה מאַכען. שקלאַ־פעריי, אויב דער שקלאַף איז נור געווען אַ קריסטליכער, איז געווען כשר.

אפשר וועט דער לעזער זיך אינטערעסירען צו וויסען וואָס פאר אַ בעפעלקערונג היספּאַניאָלאַ האָט היינט. דער אינזעל בעשטעהט פון צוויי רעפּובליקען. די מערב טהייל פון דעם אינזעל, די געוועזענע קסאַראַגואַ און דערבייאיגע לאַנד, איז אין גאַנצען בעוואוינט פון נעגערס און מולאַטען. זייער רעפּובליק הייסט ה א י ט י (אזוי הייסט אויך דער גאַנצער אינזעל). זיי רעדען פראַנצויזיש, ווייל זיי האָבען אַ מאָל בע־לאַנגט צו פראַנקרייך, פון וועלכע זיי האָבען זיך בעפרייט אין דער צייט פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציאָן, ווען זיי האָבען ארויסגעטריבען אַלע ווייסע. דיא מזרח־טייל פון דעם אינזעל איז פערנומען פון דיא דאָמיניקאַנישע רעפּובליק אָדער רעפּובליק סאַן דאָמינגאָ (נאָך דיא אַלטע שטאָדט נאָך). איהר בעפעלקערונג איז ניט מעהר וויא אַ העלפט פון האַיטי'ס. זיא רעדט שפּאַניש. זיא בעשטעהט אויך מייסטענס פון שווארצע. זיא האָט אָבער אויך אַ היבשע ביסעל שפּאַניער, און אַ קליינע צאָהל אינדיאַנער. אָבער דיעזע אינדיאַנער זיינען אהער גע־קומען פון דיא דערבייאיגע אינזלען. פון דעם מיליאָן רויט־הויטיגע, וואָס דאָ האָבען געוואוינט אין דיא צייטען פון קאָלומבוס, באבאדיללאַ און אָוואַנדאָ, איז ניט געבליבען קיין איינציגער.

## XXII.

## קאָלומבוס'עס לעצטע פּראָבע צו געפינען אינדיען.

אַ וואַסער־דורכגאַנג וואָס זאָל איהם ברייגנען אין אינדישען אָקעאַן. — דעם קעניג און דער קעניגין געפעלט דער פּלאַן. — קאָלומבוס ווערט שוואַכער און אַבערגלויבישער. — זיין פערטע רייזע. — ער קומט אָן, וויל זיך אָפּשטעלען אויף עטליכע טעג אין היספּאַניאָלאַ; מען לאָזט איהם ניט. — ער וואַרענט געגען אַ שטורעם און מען לאַכט זיך אויס פון איהם. — זיין מיינונג ווערט בעשטעטיגט. — פיעלע שיפען געהען אונטער. — באבאדיללא און ראָלדאן ווערען דערטרונקען. — קאָלומבוס זוכט אַ וואַסער־דורכגאַנג נאָך אינדיען. —מען זאָגט איהם אַז ער געפינט זיך ניט ווייט פון דעם שטילען ים און ניט ווייט פון רייכע שטעדט. — ער טייטשט אַלץ אויס קאַפּויר. — שטורמען און רעגענס. — ערפאַהרונגען מיט פערשיעדענע אינדיאַנער. — דער גאָלד קרייז ו ו ע־ר א ג ו אַ. — בארטהאָלאָמיי פאַנגט אַ קאַסיק, ער אַנטלויפט אָבער פון שיף אין מיטען פאָהרען. — אינדיאַנער מאַכען אַ שחיטה אויף ווייסע. — קאָלומבוס און באַרטהאָלאָמיי קומען זיך ווידער צוזאַמען און רייזען אָפּ.

וואסקאָ דא גאמא'ס גלענצענדער ערפאָלג האָט קאָלומבוס'ען ניט געלאָזען רוהען. פריהער האָט מיט איהם, מיט קאָלומבוס'ען, דיא וועלט געקלונגען; איצט האָט מען נור גערעדט וועגען דעם פּאָרטוגעזי־שען רייזענדען. וואָס פאַר אַ ווערטה האָבען געהאַט די אונבעקאַנטע לענדער, וועלכע ער האָט געפונען, אפילו ווען פון דאָרטען האָט מען שוין יא גענומען ברייגנען גאָלד, — וואָס פאר אַ ווערטה האָבען זיי געהאַט אין פערגלייך מיט דיא אַלטע, אוצרות־פולע שטעדט פון אינ־דיען, נאָך וועלכע איירָאפּאַ האָט אימער געדורשט און וועלכע גאמאַ האָט פאַר איהר ענדליך געעפענט? קאָלומבוס האָט אַלץ פערזיכערט אַז היספּאַניאָלאַ און קובאַ זיינען לעבען כינאַ, יאַפּאַן, אינדיען; ער האָט אַלץ צוגעזאָגט אוצרות, וועהרענד גאַמאַ איז שוין צו זיי צוגעקומען; אָדער, וויא דזשאַהן פּיסק דריקט זיך אויס, — קאָלומבוס האָט

אלץ בענייט זיין וועקסעל אויף כינא און יאפאן, ווערענד גאמא האָט געבראכט א מזומן׳ע אינדיען.

וואו מען איז געשטאנען און וואו מען איז געגאנגען האָט מען געהערט וועגען אינדיען און דעם רייכען האנדעל, וואָס מען וועט איצט פערבינדען דירעקט מיט דיזער מערקווירדיגער לאנד, אָהן פערמיטלער.

עס איז דעריבער לייכט זיך פאָרצושטעלען, אז ווען קאָלומבוס האָט געזוכט פלענער וויא אזוי ער קען ווידער זיך מאכען א נאָמען, האָט ער שוין ניט געטראכט וועגען כינא און יאפאן, נור וועגען אינדיען.

גאמא איז צוגעקומען אהין איבער א מזרח־מארשרוט. ווען ער, קאָלומבוס, זאָל איצט קענען אהין קומען פון דער אנדערער זייט, פון דיא לענדער, וואָס ער האָט ענטדעקט, וואָלט ער אויך געהאט צו ווייזען „מזומן“; דאן וואָלט זיך דיא וועלט איבערצייגט, אז זיין פריהערדיגע ענטדעקונג איז ווירקליך דאָס וואָס ער האָט פון אָנפאנג אָן פער־שפראָכען.

זיין הויפט־אויפגאבע איז דעריבער איצט געווען:

וויא אזוי שווימט מען פון היספאניאָלא און קובא אריין אין דעם אינדישען אָקעאן?

קובא, — האָט ער געמיינט, — איז א טהייל פון אזיען, ביי איהר מזרח־ברעג, ארום כינא. עס איז איהם אלזא נויטיג געווען ביי אזיען, ביי דעם אלטען קאָנטינענט, צו געפינען אן אָפענעם פלאץ, א וואסער־דורכגאנג, דורך וועלכען מען קען אריינשווימען אין דעם אינדישען אָקעאן, צו אינדיען.

ווען דער לעזער וועט א קוק טהאָן אויף דער לאנד־קארטע פון אזיען (זייטעל 164), וועט ער זעהן, אז דער אינדישער אָקעאן איז פון דער מזרח־זייט כמעט אָבגעצאמט מיט האלב־אינזלען און אינזלען. מיר זאָגען „כמעט“, ווייל אין גאנצען פערצאמט איז ער דאָך ניט. וואסער־דורכגאנגען זיינען דאָרטען פאראן. אָט צום ביישפיעל ציהט זיך דער מאלאקקא האלב־אינזעל אוים צו דרום זייט וויא א לאנגע לאָפעטע אָדער לעפעל, און פערצאמט אויף א היבשע שטיק דעם וועג; דיא שיף, וואָס געהט פון כינא מוז דעריבער צו־געהן ביז מאלאקקא ענדיגט זיך. דאָרטען, נאָהענט דערביי, ליעגט א גרויסער אינזעל סומאטרא, אזוי אז צווישען געהט דורך א שמאָלער פאס ים, — וועלכער הייסט מאלאקקא שטראססע. אָט דורך דיזער

שטראַססע וועט דיא שיף פון כינא אַריינקומען אין דעם אינדישען אָקעאַן, פונקט וויא דורך דער גיבראַלטאַר־שטראַססע, למשל, קומט אַ שיף אריין פון דעם מיטעללענדישען ים אין דעם אַטלאַנטישען אָקעאַן.

קיין דייטליכען בעגריעף וויא עס געהט דער מזרח־ברעג פון אזיען, האָט אין קאָלומבוס׳עס צייטען ניט געהאַט ניט ער, ניט קיין אנדערער. אַן אַלגעמיינעם, הגם זעהר ניט קיין ריכטיגען בעגריעף האָט מען אָבער וועגען דעם יאָ געהאַט. קאָלומבוס האָט געוואוסט, אַז מאַלאַקקאַ, צום ביישפּיעל, פּאַרצאַמט דעם וועג אויף אַ היבשע שטיק*); ער האָט געוואוסט, אַז אַ כינעזישע שיף קען ניט פאָהרען נאָך אינדיען דירעקט איבער דעם אָפענעם אינדישען אָקעאַן, נור אַז זיא מוז צוערשט צוקומען צו אַ דורכגאַנג.

קובאַ, ווידער, איז ערגעץ וואו לעבען כינאַ — אַזוי האָט ער געמיינט. אַלזאָ מוז ער פריהער פון אַלץ געפינען אַ וואַסער־דורכגאַנג. צו דיא מ אַ ל אַ ק ק אַ ש ט ר אַ ס ס ע, צו עפּעס אַן אַנדער פּלאַץ — דאָס האָט ער געגוי ניט געוואוסט — אָבי אַ וואַסער־דורכגאַנג, אַ טהיר צום אינדישען אָקעאַן. דאָס איז איצט געוואָרען זיין הויפּט־אויפגאַבע. דאָס האָט אין איהם איצט פערטויבט יעדען אַנדערען אינטערעס.

דער געדאַנק איז ביי איהם אייגענטליך ניט געוועזען קיין נייער. ער האָט נאָך פריהער געראַבענט, אַז ער געפינט זיך אין דיעזע ערטער. נאָך אויף זיין צווייטע רייזע האָט ער געטרוימט וועגען דורכשווימען ערגעץ־וואו צום גאַנגעס טייך און ענדיגען אַ רייזע ארום דער וועלט. (זעה אויבען, זייטעל 339). דאַן איז דאָס אָבער ביי איהם געוועזען איינער פון אַ רייהע פערשיעדענע געדאַנקען. זוכענדיג און טאַפּענדיג אין די געגענדען, וואָס ער האָט געפונען, מאַטערענדיג זיך צו דערגעהן וואו ער געפינט זיך, האָט ער זיך ארומגעוואָרפען פון איין ערקלערונג צו דער אַנדערער. איצט אָבער האָט דיא סענסאַציאָן פון גאַמאַ׳ס און קאַבראַל׳ס רייזע איהם צוגעשמידט צו איין־איינציגער שטרעבונג: פון קובאַ

*) אויף דיא לאַנד־קאַרטען, וואָס זיינען געמאַכט געוואָרען אַ קורצע צייט נאָך קאָלומבוס׳ען איז מאַלאַקקאַ אַ סך ברייטער און האָט גאָר אַן אַנדער אויסזעהן וויא אין אמת׳ן. ערשט שפּעטער איז מען דערגאַנגען דיא ריכטיגע לאַנד־קאַרטע פון אַזיען. (זעה קאַרטע, זייטעל 164).

צוצוקומען צו דער זעלבער אינדיען, וועלכע דיא פּאָרטוגעזער האָבען דערגרייכט פאָהרענדיג אַרום אפריקא.

ער האָט געבעטן אַלץ געמיינט, אַז דאָ האנדעלט זיך נור אום דיא צוויי אָקעאַנען: דעם אַטלאַנטישען און דעם אינדישען. וואַסקאָ דא גאַמאַ איז פון דעם אַטלאַנטישען אריינגעשוואומען דירעקט אין דעם אינדישען, פון מערב צו מזרח; נו, וועט איהם אויסקומען צו טהאָן פּונקט דאָס זעלבע נור פון דער אַנדערער זייט: ער וועט אויך אריינשווימען פון דעם אַטלאַנטישען אָקעאַן אין דעם אינדישען, נור פון מזרח צו מערב. ווען אין מיטען וואָלט ניט געלעגען א דריטער אָקעאַן, וועלכער איז ברייטער וויא דיעזע צוויי אין איינעם, אָדער, ווען ער, קאָלומבוס, וואָלט ווענינגסטענס ניט געווען אָבגעצאַמט מיט א גאַנצען קאָנטינענט, וואָלט זיין געדאַנק געווען א ריכטיגער. אַזוי אָבער איז זיין פּלאַן געווען ניט מעהר וויא א פאַרטזעצונג פון זיין טראַגישען חלום.

דער לעזער וועט אפשר פרעגען: פון וואַנען איז ער געווען זיכער, אַז א דורכגאַנג אין אינדישען אָקעאַן איז ווירקליך דאָ? דער אַנט־וואָרט איז, אַז מאַרקאָ פּאָלאָ, דער בעריהמטער רייזענדער פון מיטעל־אַלטער איז דורך אַזאַ דורכגאַנג אריבערגעשוואומען פון דעם מזרח־ברעג פון אַזיען אין דעם אינדישען אָקעאַן אריין (זעה זייטעל 163) און קאָלומבוס האָט דאָך געמיינט אַז קובאַ איז א טהייל פון דיעזען מזרח־ברעג, — אינדאָ־כינאַ אָדער מאַלאַקקאַ.

צווייטענס האָט ער געהערט פון אינדיאַנער אַז אין דרום זייט איז פאַראַן א ים. איצטער ווייסען מיר, אַז דאָס איז דער שטילער אָקעאַן, וואָרים ער ציהט זיך דאָך אי צו מזרח אי צו דרום; און צענט־ראַל אַמעריקאַ איז אַזוי אויסגעדרעהט, אַז דאָרטען קומט דער שטילער אָקעאַן אויס צו דרום צו. אינדיאַנער פון יענע געגענדען האָבען אַלזאָ גערעדט וועגען א „דרום ים". אַזוי וויא קאָלומבוס האָט געמיינט, אַז ער איז אַרום מאַלאַקקאַ, איז ביי איהם קיין ספק ניט געווען, אַז דאָס מיינט מען דעם אינדישען אָקעאַן. וואָרים וועלכער דען ים ליעגט דירעקט צו דרום פון מאַלאַקקאַ?

נאָך א פּונקט: קאָלומבוס האָט דאָך אַליין ענטדעקט זיד־אַמע־ריקאַ, — דעם קאָנטינענט, וועגען וועלכען ער האָט געגלויבט, אַז דער גן־עדן געפינט זיך דאָרטען. דיעזער „גן־עדן קאָנטינענט" — האָט ער

זיך געטראַכט — איז ענטוועדער אַ פּאָרטזעצונג פון אַזיען (פון מאַללאַקאַ אָדער דעם נעכסטען האַלב־אינזעל), אָדער ער איז פון איהם אָבגעטיילט מיט אַ וואַסער־דורכגאַנג. אָבער ווען דאָס וואָלט געווען אַ פּאָרטזעצונג, היינט וויא אַזוי האָט דורכגעשוואומען מארקאָ פּאָלאָ? דעריבער איז געדרונגען, אַז דער „גן־עדן קאָנטינענט“ איז אָבגעטיילט, עס בלייבט נור איבער צו געפינען דעם פּלאַץ וואו דאָס איז. אַזוי ערקלערט קאָלומבוס׳עם שטאַנדפּונקט דזשאהן פיסק.

ווען ער האָט זיין פּראָיעקט ערקלעהרט דעם קעניג און דער קעניגין, איז דאָס זיי שטאַרק געפעלען געוואָרען. אַלס גובערנאַטאָר מיט אייביגע גרויסע רעכטע האָט ער פאר זיי ניט געטויגט; אַלס פּאָרשונגס־רייזענדער אָבער האָבען זיי איהם בעדאַרפט האָבען. זיי האָבען אויך ניט געקענט פערגעסען וואַסקאָ דאַ גאַמאַ׳ס ערפאָלג, הגם דער פּאָרטוגעזישער קעניג, מאַנועל, איז שוין וויעדער געוואָרען זייער איידים (ער האָט געהייראַטה זייער דריטע טאָכטער, מאַריאַ). דעריבער, ווען ער האָט צו זיי גערעדט ניט וועגען יאַפּאַן און כינא, נור וועגען פּאָהרען דירעקט נאָך וואַסקאָ דאַ גאַמאַ׳ס אינדיען, האָבען זיי זיין פּאָרשלאַג מכח אַ פערטע רייזע גלייך בעוויליגט. ער איז פּאָרט געווען דער, וואָס האָט ענטדעקט נייע לענדער אין דעם „ים פון פינסטערנים“ נאָך דעם וויא פון זיין פּלאַן האָט מען אַזוי פיעל געלאַכט. פּיעלייכט וועט ער דיעזען מאָל אויך פערווירקליכען וואָס ער פּלאַנעוועט; פּיעלייכט וועט ער ענדליך פּאָרט צוקומען צום הויפּט־ציעל, צו אינדיען.

לאָמיר ניט פערגעסען, אַז וועגען שיקען שיפען נאָך אינדיען איבער דעם זעלבען וועג, איבער וועלכען וואַסקאַ דאַ גאַמאַ איז געפּאָהרען, האָט אין שפּאַניען קיין רייד ניט געקענט זיין. דער גרענעץ, וואָס דער פּאַפּסט אַלעקסאַנדער דער 6־טער האָט געמאַכט, האָט עס ניט ערלויבט. דיא לענדער, וואָס ליגען צו מזרח־זייט פון דיעזען גרענעץ, האָבען בעלאַנגט צו פּאָרטוגאַל. שפּאַניען האָט בלויז געמעגט ענטדעקען לענדער צו מערב־זייט פון דעם גרענעץ.

עס קומט אָפּילו אויס קאָמיש, וויא מיר האָבען שוין אויבען בעמערקט, אַז דיא זעלבע לאַנד זאָל מען אי מעגען בעזוכען, אי ניט טאָרען בעזוכען — עס ווענדעט זיך פון וועלכער זייט מען קומט צו איהר. אָבער

אזוי איז שוין געווען דיא לאָגיק פון יענער צייט, ווען צו א דייטליכען בעגריעף וועגען דעם ערד־קוגעל איז נאָך געווען גאַנץ ווייט.

קאָלומבוס איז שוין איצט געווען אַן אַלטער מאַן. זיינע פיעל־יעהריגע מאַטערנים און צרות, — איבערהויפּט די אַלע יסורים, וואָס ער האָט געהאַט אויסצושטעהן דיא לעצטע צייט, — האָבען אָנגעהויבען זיך צו לאָזען פיהלען. זיין געזונטער, שטאַרקער קערפּער האָט גענו־מען ליידען פון פערשיעדענע קראַנקהייטען, שוואַכקייטען. אין אַלגע־מיין איז זיין געדאַנק אייגענטליך געווען פריש און קלאָהר וויא אימער; ער איז אָבער אַלץ מעהר גענייגט געוואָרען צו אבערגלויבישע, געהיימ־ניספּוללע ענינים. וואָס ווייטער, האָט ער אַלץ מעהר געגלויבט, אַז ער איז א שליח פון גאָט, וועלכער טהוט דורך איהם אויף וויכטיגע זאַכען. ער האָט זיך געגריבעלט אין רעליגיעזע ביכער און אויף אַלעם געפונען פּסוקים, נביאות. ער האָט ווידער געטרוימט וועגען בעפרייען דעם קבר פון יעזוס קריסטוס; ער האָט בעדויערט, וואָס דער שטן האָט איהם ניט געלאָזען האַלטען דעם נדר, וואָס ער האָט זיך וועגען דעם געגעבען פאר זיין אוועקפאָהרען אויף זיין ערשטע רייזע, און ער האָט זיך געגעבען א נייעם נדר דאָס אויסצופיהרען, ווען ער וועט צוריקקומען פון זיין פערטע עקספּעדיציע. וועגען דעם אַלעם האָט ער געשריעבען לאַנגע בריעף צו דער קעניגליכער פּאָר און צו דעם פּאַפּסט. ער האָט אָנגעזאַמעלט גאַנצע בערג מיט „בעווייזע“ פון דער ביבעל און פון אנדערע רעליגיעזע שריפטען וועגען זיין ערשטע ענטדעקונג, וועגען דיא ענטדעקונג, וואָס ער וועט איצט מאַכען, וועגען דיא מלחמה וואָס ער וועט אָנפיהרען געגען דיא מאַהאָמעדאַנער, ביז פון דיעזע שריפטען האָט זיך ביי איהם אָנגעקליבען א גאַנצער בוך. דער לעזער וועט אפשר פרעגען: וויא קומט אַזאַ געבילדעטער און דענקענדער מאַן וויא קאָלומבוס צו זיין אזוי פערזונקען אין אבערגלויבען? ער איז אָבער געווען ניט דער ערשטער און ניט דער לעצטער מענש, ביי וועמען וויסענשאַפטליכע קענטעניס איז געגאַנגען האַנט אין האַנט מיט דעם פינסטערסטען רע־ליגיעזען פאַנאַטיזמוס.

זיין פערטע רייזע האָט ער געמאַכט מיט פיער שיפען, און הונדערט פופציג מאַן, אונטער וועלכע עס איז געווען זיין ברודער באַרטהאָלאָמיי

און זיין זוהן פערדינאַנד. דיא עקספּעדיציע איז אָבגעפּאָהרען פּון קאַ־דיץ דעם 9טען מאַי, 1502.

איינע פּון דיא שיפען איז געווען אַ צרה'דיגע; דער ווינט איז אָבער געווען גוט, און קאָלומבוס איז אָנגעקומען אין דער נייער וועלט אָהן שוויריגקייטען. ער האָט זיך אָבגעשטעלט אויף אַן אינזעל ניט זעהר ווייט פון קובאַ, און נאָך דעם וויא ער איז ארומגעשוואומען אַ ביסעל אין יענע וואַסערען, האָט ער זיך מיישב געווען, אַז ער וועט צו־ערשט אַריבערשווימען נאָך סאַן־דאָמינגאָ. דער קעניג און דיא קעני־גין האָבען איהם פערזאָגט, אז ער זאָל אהין ניט קומען, סיידען ער וועט שוין האַלטען אין פאָהרען צוריק נאָך שפּאַניען. ער האָט אָבער גע־וואָלט איבערבייטען זיין שלעכטע שיף אויף א בעסערע, אום זיך צוצו־גרייטען צו זיין פאָרשונגס־רייזע נאָך אינדיען. ווען ער האָט דער־גרייכט דעם אינזעל, וואו ער האָט פריהער געוועלטיגט, האָט אָוואַנדאָ איהם געלאָזט וויסען, אז ער קען דאָ זיך ניט אָבשטעלען. קאָלומבוס האָט געענטפערט, אז ער זעהט נאָכ'ן הימעל, אז עס וועט באלד אָנקו־מען אַ געפעהרליכער שטורם; אַלזאָ בעט ער, אַז מען זאָל איהם בלויז ערלויבען איבער־צו־וואַרטען די געפאַהר; און אַזוי ווי ער האָט געזעהן, אז א פלאטע קלייבט זיך צו געהן נאָך שפּאַניען, האָט ער אָוואַנדאָ'ן, אגב אורחא, געווארענט, אז מען זאָל דיא רייזע אָבלייגען, ביז דער שטורם וועט איבערגעהן.

דער הימעל איז אָבער געווען קלאָהר, און קיינעם האָט זיך ניט גע'חלום'ט, אז עס וועט נעהמען בלאָזען א שטאַרקער ווינט. אַלזאָ, האָט מען זיך פון איהם אויסגעלאַכט און איהם געהייסען געהן ווייטער. וואהרשיינליך האָט אָוואנדאָ בעקומען אינסטרוקציאָנען פון פערדי־נאַנד'ען און איזאבעללא'ן, דעם אַלטען אדמיראל ניט ארויפצולאָזען אויף דער ערד, וועלכע ער האָט ענטדעקט און איבער וועלכע ער האָט נאָך גאָר ניט לאַנג געהערשט. וויא דיא מעשה איז, — קאָלומבוס איז אַוועק וויא אַן אָבגעשמיסענער.

דאָך, גלייך זיך אַוועקלאָזען איבער'ן אָפענעם ים, האָט ער ניט גע־וואָלט. ער איז געווען זיכער, אז דער שטורעם וועט באלד אויסברע־כען. אַלזאָ, האָט ער זיך געהאַלטען נאָהענט צום ברעג, און האָט אַלץ געזוכט אַ ווילדען האַפען, אָדער דעם מויל פון אַ טייך, וואו ער זאָל זיך קענען אָבשטעלען, ווען דיא געפאהר וועט שוין אָנקומען. וויא איהם

איז געווען אויפ׳ן הארצען, איז איבעריג פאַרצושטעלען. אַ חוץ דיא בלוטיגע בעליידיגונג און דעם פעדרדוס, האָט ער איצט געליטען פון זיינע מאַטראָזען, וועלכע האָבען זיך אָפען געקלאָגט, וואָס זיי מוזען פאָהרען מיט א שיפס־קאַפּיטאַן, וועמען מען בעהאַנדעלט אויף אזא ארט.

דיא פלאָטע, וואָס אָוואַנדאָ האָט געשיקט נאָך שפּאַניען, איז ארויסגעפאָהרען, ניט נעהמענדיג קיין שום אַכט פון קאָלומבוס׳עס ווארנונג. זיא איז בעשטאַנען פון העכער וויא צוואַנציג שיפען. אויף דיא וויכטיגסטע פון זיי האָט זיך געפונען באָבאדילא און ראָלדאַן. אייניגע פון דיא אַנדערע שיפען האָבען געטראָגען מאסען גאָלד, דיא פרוכט פון דיא שוויים און בלוט, וועלכע מען האָט ארויסגעפרעסט פון דיא אויסגעפייניגטע אינדיאַנער. צווישען דיא שטיקלעך גאָלד איז גע־ווען איינע אַ מערקווירדיג־גרויסע — אַ גאַנצער אוצר, וועלכען אַן אינדיאנישע מיידעל האָט געפונען אויפ׳ן גרונד פון טייך. דאָס אַלץ האָט מען איצט געשיקט צו דעם קעניג און דער קעניגין. אויף איינע פון דיא שיפען האָט מען געפיהרט א היבשע ביסעל גאָלד, וועלכע האָט געהערט צו קאָלומבוס׳ען נאָך זיין קאָנטראקט נאָך.

אין אַ פּאָר טעג אַרום איז קאָלוּמבוס׳עס פּאָראויס־זאָגונג מקוים געוואָרען. אַ געוואַלטיגער שטורעם האָט זיך צובושעוועט, און פיעלע שיפען זיינען אונטערגעאַנגען. מיט זיי איז דערטרונקען געוואָרען באָ־באַדיללא און ראָלדאַן. מיט זיי איז אויך אומגעקומען דער געפאַנגע־נער קאסיק ג ו אַ ר י אָ נ ע ק ס פון ו ו ע ג אַ. אויך איז פערלאָ־רען געגאַנגען אַ מאַסע פון דיא גאָלד, וואָס מען האָט געשיקט פאַר דער קרוין. דיא עטליכע שיפען, וואָס זיינען ניט אומגעקומען אין דעם שטור־רעם, האָבען זיך קוים געראטעוועט אין דעם סאַן דאָמינגער האַפען; זיי זיינען אָבער אויך שוין געווען אין אַ צרה׳דיגען צושטאַנד. דיא איינ־ציגע שיף, וואָס איז געווען אין שטאַנד פאָרטצוזעצען דיא רייזע, איז געווען דיא, אויף וועלכע מען האָט געפיהרט קאָלומבוס׳עס גאָלד.

זיינע אייגענע פיער צרה׳דיגע שיפען האָבען זיך דערווייל אַרומ־געטריבען און ארומגעוואָרפען איבער דיא כוואַליעס. דיא ערשטע צייט, וואָס דער שטורעם האָט געבושעוועט, זיינען זיי נאָך וויא עס איז געווען בעשיצט דורך זייער נאָהענטקייט צום ברעג. אויפ׳ן צווייטען טאָג איז דער ווינט פיעל שטאַרקער געוואָרען, און דיא נאַכט איז געווען אַ פינס־

טערע וויא אין אַ קבר. דאַן האָבען זיך דיא פיער שיפען פערלאָרען איינע די אַנדערע. קאָלומבוס אַליין האָט זיין שיף אַלץ געהאַלטען נאָהענט צום לאַנד, און זיא איז ווענִיג געשעדיגט געוואָרען. דיא אַנדערע דריי קאַפיטאַנען האָבען אָבער מורא געהאַט, אז אין דיעזע פינסטערע שטורעמדיגע נאַכט זאָלען זיי ניט צושמעטערט ווערען אָן אַ פעלז. זיי האָבען דעריבער זיך געלאָזען געהן ווייטער פון ברעג, און דער רעזולטאַט איז געווען, אַז דיא כוואַלעס האָבען צו זיי אויסגעלאָזען „כל חמתו“. עטליכע טעג האָבען זיי זיך אזוי ארומגעשליידערט. דיא מאַטראָזען האָבען יעדע מינוט געציטערט, אז זיי געהען אונטער. בארטהאָלאמיי, וועלכער האָט קאמאנדעוועט איבער דיא ערגסטע פון אַלע פיער שיפען, איז געווען אין דער גרעסטער געפאַהר פון אַלע, אָבער זיין פלינקייט און געניטקייט אַלס שיפס־מאַן האָט איהם אַליין און זיינע מאַטראָזען געראַטעוועט.

ענדליך האָבען זיך אַלע פיער שיפען צוגעשלאָגען צו אַ האַפען, צו מערב זייט פון סאַן דאָמינגאָ. ווען קאָלומבוס האָט זיך דערוואוסט פון דעם חורבן, וואָס איז געשעהן מיט יענע 20 שיפען, האָט ער אויף דעם און אויף זיין רעטונג נאַטירליך געקוקט וויא אויף דעם „פינגער פון גאָט“.

אין האַפען איז קאָלומבוס געשטאַנען עטליכע טעג. מען האָט פעררִיכט דיא שיפען און דיא מאַטראָזען האָבען זיך אָבגערוהט. ווען זיי זיינען ענדליך ארויסגעשוואומען, האָט אַ נייער שטורעם זיי געצוואונגען ווידער זיך אָבצושטעלען אין אַ האַפען; און ווען עס איז שטיל געוואָרען, איז שוין געוואָרען אַזוי שטיל, אַז די זעגלען האָבען קיין שום ווינט ניט געהאַט און דיא שיפען זיינען געגאַנגען וואו דיא ים־שטראָמען האָבען זיי געטראָגען. אַזוי זיינען דיא רייזענדע צוגעקומען צו געוויסע קליינע אינזעלעך לעבען יאַמאַיקאַ. און ווען עס האָט גענומען בלאָזען אַ גוטער ווינט, האָט קאָלומבוס זיין קליינע פלאָטע פערקערעוועט צו דעם אמעריקאנער קאנטינענט. דער נעכסטער אָבשטעלונגס־פונקט איז געווען ביי אַ קליינעם אינזעל לעבען דעם האָנדוראַס ברעג פון דעם קאָנטינענט, אין צענטראַל־אַמעריקא. דאָ האָט בארטהאָלאָמיי, וועלכער איז ארויס אויפ'ן אינזעל, דערזעהן אַן אינדיאנישע קאַנאָ, וועלכע האָט איהם איבערראַשט מיט איהר גרויס, און מיט דעם וואָס אין איהר האָט זיך געפונען. זיא איז געווען זעהר לאַנג

און ברייט, און דאָך איז זיא געווען פון איין בוים, ווי אַלע קאַנאָס. זי איז געווען אַזוי גרויס, אַז זיא איז געטריבען געוואָרען פון 25 אינדיאַנער. אין מיטען האָט זיא געהאַט אַ ביידעל פון פּאַלמען־בלעטער, וואו עס איז געזעסען אַ קאַסיק מיט פרויען און קינדער. דיא שיף האָט ענטהאַלטען אַ מאַסע פערשיעדענע זאכען, וועלכע קאָלומבוס האָט נאָך ביז אהער ביי קיין אינדיאַנער ניט געזעהן, און וועלכע האָבען געוויזען אויף אַ העכערע מדרגה פון קולטור. קאָלומבוס האָט אַלץ בעקוקט מיט גרויס אויפמערקזאַמקייט. דאָרטען זיינען געווען העק און מעסערס ניט פון שטיין, וויא ביי דיא איינוואָהנער פון היספּאַניאָלא אָדער קובא, נור פון קופּער; שווערדען פון האַרטע האָלץ, מיט שטיינערנע שאַרפען, וועלכע זיינען געווען צוגעפעסטיגט צו דיא ברעגעס מיט סטרונעס פון דיא איינגעווייט פון פיש; קופּערנע גלאָקען; אַלערליי טעפּ און געצייג נעט אויסגעאַרבייט פון ליים, מירמעל־שטיין אָדער האַרטע האָלץ; באַוועלענע ליילעכער און מאַנטלען, געפאַרבט אָדער אויסגעוועבט אין פערשיעדענע קאָלירען; מאַסען קאַקאַאָ און אַנדערע פּרוכטען, פון וועלכע מען האָט נאָך אין איירָאָפּאַ דאַן ניט געוואוסט; אַ געטראַנק „שיקאַ“, פון קוקורוזע און געוויסע וואָרצלען, וועלכע איז געווען עהנליך אין טעם צו ביער. דיא פרויען האָבען געטראָגען מאַנטלען, און האָבען זיך אין זיי איינגעוויקעלט וויא דיא מורינישע פרויען פון גראַנאַדאַ, וועהרענד דיא מענער האָבען אין מיטען פון זייערע קערפּערס געטראָגען באַוועלענע בגדים. געהן נאַקעט איז ביי ביידע זייערע געשלעכטען געווען פעררעכענט פאַר אַ שאַנדע.

עס איז געווען דייטליך, אַז קאָלומבוס איז דאָ צוגעקומען צו פיעל ציוויליזירטערע פעלקער, וויא דיא וואָס ער האָט פריהער בעזוכט און זיין נייע־ענטדעקטע לאַנד. ער האָט אין דעם געזעהן דעם דייטליכסטען בעוויז, אַז ער איז שוין גאַנץ נאָהענט צו אינדיען.

דיא געקליידטע אינדיאַנער האָבען אָנגעצייגט אין מערב זייט — אַז דאָרטען ליגט אַ רייכע, וויכטיגע לאַנד, מיט גרויסאַרטיגע שטעדט, מיט פערשיעדענע בעלי־מלאכות, מיט גלענצענדע קליידער, וואָהנונגען, טעמפּלען. זיי האָבען איהם געזאָגט, אַז זיי פאָהרען איצט פון דאָרטען. ווען קאָלומבוס וואָלט געפאָלגט זייער עצה און זיך פערנומען צו מערב צו, וואָלט ער אין אַ פּאָר טעג, פיליייכט נאָך וויייניגער, געווען אין יוקאַטאַן, לעבען מעקסיקאָ, וואָרים פון דעם פּלאַץ, וואו קאָלומבוס האָט

זיך איצט געפונען, ביז יוקאטאן איז ניט מעהר וויא 120 מייל. יוקאַ־טאַן גופא האָט דאן אויך געהאַט אַ הויכע האַלב־ציוויליזאציאָן מיט מאַסען אינטערעסאנטע און רייכע זאכען. און ווען קאָלומבוס וואָלט שוין געווען דאָרטען, וואָלט ער שוין געווים צוגעקומען צו מעקסיקאָ אויך.

אָבער אַנשטאָט זיי צו פאָלגען און פאָהרען צו מערב, האָט ער זיך פערנומען פונקט אין דיא פערקעהרטע ריכטונג — צו מזרח, צוריק צו שפּאַניען. דער לעזער וועט זיין איבערראשט: דאָס איז דאָך גע־ווען דער גאנצער צוועק פון זיין לעבען — צוצוקומען דורך מערב זייט צו דיא רייכע שטעדט פון אזיען, און ער האָט דאָך געמיינט, אז ער איז אין אזיען. איצט, אַלזאָ, אַז מען זאָגט איהם, דאָס אַ ביסעל ווייַ־טער צו מערב געפינען זיך אזעלכע שטעדט, פאָהרט ער גאָר צוריק. דעם אַנטוואָרט אויף דעם קענען מיר געבען בלויז אין אַלגעמיינע ווער־טער, אין עיקר. גאַנץ קלאָהר וויסען, וואָס ער האָט דאָ געהאַט אין זי־נען, קען מען ניט. דאָס רוב היסטאָריקער זיינען צוטומעלט איבער דיעזען פונקט. דזשאהן פיסק האָט, דאכט אונז, דיא בעסטע ערקלעה־רונג פון אַלע; איז זיא אָבער הויפּטזעכליך געבויט אויף אַ סברא. ער גלויבט נעמליך אַז, ווען קאָלומבוס האָט געמאַכט דיעזע רייזע, האָט ער שוין געוואוסט, (פון וואנען וועלען מיר באַלד זעהן), אז צו מערב זייט איז אין דעם קאָנטינענט קיין וואסער־דורכגאַנג ניטאָ. ער האָט דער־היבער זיך גערעכענט, אז דער וואסער־דורכגאַנג מוז זיך געפינען פון דער אנדערער זייט, דאָס הייסט, אַז ער מוז אַנלעגען וועג, פאָהרען אַ פּאָר אָדער עטליכע טעג צוריק, אום צו איהם צוצוקומען. און דאַן, דורך דיעזע „שטראַסע“, אריין אין אינדישען אָקעאַן און דערגרייכען דיא אַלע רייכע לענדער פון אינדיען, וועגען וועלכע איהם האָבען אָנגע־וויזען דיא געקליידעטע אינדיאנער.

ווען מיר נעהמען דעם באהן, קומט אונז אָפּט אוים צו געהן אַ היבשע שטיק צוריק אום צו קומען אויפ'ן וואָקזאַל. מיר דאַרפען, למשל, פאָהרען רעכטס, מוזען מיר געהן אַ מייל לינקס, ווייל דאָרטען געהט אָפּ דער צוג. אזוי איז דאָ געווען מיט קאָלומבוס'ען. ער האָט געוואָלט שווימען אין מערב זייט. אום אָבער ער זאָל דאָס קענען טהאָן, האָט ער צוערשט געמוזט שווימען צוריק כדי צוצוקומען צו אַ

אטלאנטישער אקעאן
באהאמא אינזלען
מעקסיקאנישער ים בוזים
נארד-אמעריקא
מעקסיקא
פלארידא
גרויסע אנטיללען
קובא
יאמייקא
האיטי
(היספאניאלא)
פארטא ריקא
קליינע אנטיללען
קאריבישע אינזלען
אדער
קאריבישער ים
טרינידאד
פערל ברעג
פאריא
ארינאקא טייך
יוקאטאן
גוואטעמאלא
האנדוראס
קאסטא ריקא
וועראגוא
פאנאמא
דאריען
שטיללער אקעאן
עקוואטאר
עקוואטאר

קאלאמבוס'עס 4-טע רייזע.
דיא „פיילען" ווייזען דעם גאנצען מאר־שרוט, — וויא ער איז אנגעקומען פון שפאניען, וויא ער האט זיך געדרייט היין און צוריק פאזע דיא ברעגעס פון צענטראל אמעריקא א. ז. וו.

וואַסער־דורכגאַנג, פון וועלכען ער וועט קענען פאָהרען אונגעשטערט אין מערב.

דער עיקר פון דער ערקלערונג איז ביי אַלעמען דער זעלבער; בלויז פיסק גיט אָן אַרגומענטען, אַז קאָלומבוס האָט איינפאַך געהערט פון אַן אַנדער רייזענדען, אַז וויטער־צו איז קיין „שטראַססע“ ניטאָ. דיעזער רייזענדער איז געווען אַ פילאָט מיט'ן נאָמען לעדעסמאַ, וועלכער האָט אין 1497 אנטהייל גענומען אין דער ערשטער עקספעדיציע, אין וועלכע אמעריקוס וועספוציוס האָט זיך בעטייליגט. וועגען דיעזע עקספעדיציע זיינען פאַראַן פערשיעדענע דעבאַטען. אַ לאַנגע צייט האָט מען אין גאַנצען געצווייפעלט אויב אַזאַ עקספעדיציע האָט גאָר שטאַטגעפונען, הגם אַמעריקוס אַליין האָט וועגען איהר דערנאָך געשריבען צו אַ פריינד. מען האָט אָבער געפונען בעוויזע, אַז זיא האָט יא שטאַטגעפונען, אַז איהר אַנפיהרער איז געווען ווינצענט פינזאָן און אַז זיא איז דאַן געשוואומען פאַזע האָנדוראַס, יוקאַטאַן און א סך וויי־טער*). איינער פון דיא פילאָטען אויף דיעזער עקספעדיציע איז אַלזאָ געווען אַ געוויסער לעדעסמאַ, און איצט, ווען קאָלומבוס איז געפאָהרען אויף זיין פערטע רייזע, האָט ער דעמזעלבען לעדעסמאַ'ן מיטגענומען אַלס פילאָט. פיסק איז זאָגאַר גענייגט צו גלויבען, אַז ער האָט איהם אומישנע גענומען, ווייל ער איז געווען בעקאַנט מיט דיעזע ברעגעס.

אויב ווינצענט פינזאָן, אַמעריקוס און לעדעסמאַ זיינען געווען אַרום האָנדוראַס, יוקאַטאַן און נאָך אַ סך וויטער ביי'ן ברעג צו מערב און צפון זייט, דאַן האָט לעדעסמא נאַטירליך קאָלומבוס'ען דערצעהלט, אַז דאָרטען איז קיין דורכגאַנג ניטאָ, און אַז ער דאַרף דאָס בעסער זוכען פון דער אַנדערער זייט. דיא פראַגע איז אָבער, אויב זיי זיינען דאַן דאָרטען ווירקליך געווען. אויף קלאָר בעווייזען קען מען דאָס ניט. דער לעזער וועט געוויס פרעגען אַ קשיה: אויב אַמעריקוס און לעדעסמא מיט אַנדערע מיטרייזענדע זיינען אין 1497 שוין געווען ביי יוקאטאן, טאָ פאַר וואָס האָבען זיי ניט געפונען דיא דאָרטיגע טעמפלען? אויף דע־רויף ענטפערט פיסק, אַז ווען דער וועטער איז ניט קיין גינסטיגער, ווען

*) ביי דעם פאריא ברעג און וויטער ביי דעם צפון ברעג פון זיד־אַמעריקאַ איז אַמעריקוס געווען אויף זיין צווייטער עקספעדיציע, אויף די, וועלכע איז אָנגעפיהרט געוואָרען פון אָיעדא.

עס איז פערוואָלקענט אָדער פערטומאַנעוועט קען מען פון ווייטען גאָר־ניט זעהן.

וואַשינגטאָן אווירווינג גלויבט, אז קאָלומבוס האָט געמיינט, דאָס ווייטער ערגעץ־וואו איז קובא צוזאַמענגעוואַקסען מיט האָנדוראַס, און אז א דורכגאַנג געפינט זיך ניט ווייט פון דעם פּאַריא ברעג, דאָס הייסט אַלזאָ צו מזרח צו. אַי פאַר וואָס האָבען איהם ניט אינטערעסירט דיא רייכע שטעדט, פון וועלכע דיא געקליידטע אינדיאַנער האָבען גערעדט? זאָגט אויף דעם אווירווינג, אז קאָלומבוס האָט זיך געקלעהרט, אז דאָס וועט פון איהם ניט אַנטלויפען, אז פריהער פון אַלץ מוז ער געפינען דעם וואַסער־דורכגאַנג צו דעם אינדישען אָקעאַן. דאַן וועט ער שוין זיך נעהמען צייט צו בעזוכען דיעזע שטעדט אויך, וועהרענד נאָך פּיסק'ען קומט אויס, אז אפילו צו דיעזע שטעדט צוצוקומען איז איהם אויך נויטיג געווען א דורכגאַנג.

ווי דיא מעשה איז, קאָלומבוס איז געפאָהרען פון האָנדוראַס צו מזרח צו.

דיא אינדיאַנער, וואָס ער האָט בעגעגענט, האָבען גערעדט אין דיא פערשיעדענע ערטער פערשיעדענע שפּראַכען און האָבען בעלאַנגט צו פערשיעדענע ענטוויקלונגס־שטאַפּלען. אין אייניגע ערטער זיינען זיי געווען האַלב געקליידט, אין אנדערע אין גאַנצען נאַקעט. אין איין פּלאַץ האָבען זיי זיך געפּוצט מיט דעם, וואָס זיי האָבען געמאַכט גרויסע לעכער אין די אויערען און זיי צוצויגען אויפ'ן עקעלהאַפטסטען שטייגער. אין דער פראַגע פון שעהנקייט איז אָבער קיין כללים ניטאָ. דאָס איז געווען ז י י ע ר בעגריעף פון שעהנקייט. און אַ הויך־ציוויליזירטע דאַמע פון אונזער צייט מאַכט לעכער אין די אויערען, שנורעוועט זיך איין דעם אָטהעם, און טהוט אָן אויפ'ן קאָפּ אַ באַרג מיט פעדערען און בלומען, און דאָס איז א י ה ר בעגריעף פון שעהנהייט.

קאָלומבוס האָט דיזען פּלאַץ א נאָמען געגעבען „דער אויער־ברעג“.

ווייטער פאַזע דעם האָנדוראַס ברעג האָט ער געהאַט גרויסע צרות פון שטורמען און שרעקליכע רעגענס. זיינע שיפען האָבען זיך אזוי געוואָרפען, אז זייערע „נעט“ האָבען זיך פאַרנאַנדערגעעפענט. דיא זעגלען זיינען צוריסען געוואָרען, און פון דיא אריינגערונענע וואַסער, וויא אויך פון רעגען, איז קאַליע געוואָרען דער פּראָוויאַנט. דיא מאַטראָזען

האָבען ניט געהאַט קיין מינוט רוהע, און דערצו נאָך זיינען זיי געווען אין שטענדיגע ציטערנים טאָמער וועלען זייערע שיפען אונטערגעהן. עטליכע מאָל אַ טאָג האָבען זיי מתודה געווען זייערע עבירות איינער פאַר דעם אַנדערען און זיך צוגעגרייט צום טוידט.

דיעזע שטורעמס און רעגענס האָבען אָנגעהאַלטען איבער צוויי מאָנאַטען און כמעט דיא גאַנצע צייט האָט קאָלומבוס ניט אויפגעהערט צו ליידען דיא גרעסטע יסורים פון רעוומאַטיזם אין דיא פיס. דאָך האָט ער טאָג און נאַכט געמוזט בעאָבאַכטען דעם הימעל. אפילו ווען ער איז געצוואונגען געווען צו ליגען, האָט ער אויך געקוקט אויף די שטערען און געזאָגט וויא צו קערעווען דיא שיפען. דערצו האָט ער זיך געמאַכט אַזאַ קאַיוטע, פון וועלכע ער האָט אַלץ געקענט זעהן, אפילו ווען ער איז געווען אין בעט. אָפט האָט ער זיך געפיהלט אַזוי שלעכט, אַז ער האָט אויך געמיינט, אַז זיינע לעצטע מינוטען זיינען געקומען.

און קיין וואסער־דורכגאנג איז אַלץ ניט געווען.

אין איין פּלאַץ זיינען דיא אינדיאַנער צוגעשוואומען צו קאָלומבוס'עס שיפען מיט מתנות: באַוועלענע קליידער און ציערונגען פון „גוואנין" — דעם ביליגען זאָרט גאָלד. אַזוי אָבער וויא קאָלומבוס האָט זיינע לייט פערבאָטען צו האַנדלען, האָבען דיא רויטע דאָס אויסגעטייטשט, אַז מען נעהמט ניט צו זייערע מתנות, און זיי האָבען זיך שטאַרק בעליידיגט. זיי האָבען דיא ווייסע איינגעלאַדען צו זיך, און, ווען יענע האָבען ניט געוואָלט אראָפּגעהן פון דיא שיפען, האָבען זיי געמיינט, אַז זיי געטרויען זיי ניט. דאַן האָבען דיא גאַסט־פריינדליכע אינדיאַנער אויף קאָלומבוס'עס שיף געבראַכט צוויי מיידעלעך און זיי איבערגעלאָזט אַלס משכון, צו גאַראַנטירען, אַז מען וועט דיא שפּאַניער קיין בייז ניט טהאָן. אינטערעסאַנט איז, אַז הגם דיא אינדיאַנער זיינען אַוועק און דיא צוויי מיידעלעך זיינען פערבליבען ביי דיא אונגעוועהנליכע פרעמדע מענשען איבער נאַכט, האָבען זיי ניט אָנגעהויבען זיך צו שרעקען פאַר זיי אָדער צו בענקען נאָך זייערע עלטערען. אויף מאָרגען, ווען קאָלומבוס'עס ברודער, באַרטהאָלאָמיי, איז צוגעשוואומען צום ברעג אין אַ קליינע שיפעל, האָט מען איהם אויפגענומען מיט גרויס פּאַראַד. צוויי פון דיא אינדיאַנער זיינען אריין אין וואַסער, איהם גענומען אויף דיא הענט, צוגעטראָגען צו דעם גראָז־בעוואַקסענעם ברעג און איהם אַוועקגעזעצט מיט פיעל צערעמאָניע. ער האָט זיי אָנגע־

פאַנגען אויסצופרעגען וועגען דיא ארומיגע געגענדען, און דערביי האָט א צווייטער שפּאַניער אויסגעלייגט פּאַפּיער און טינט־און־פעדער און האָט זיך גענומען אַלץ פערשרייבען. ווען דיא אינדיאַנער האָבען דאָס דערזעהן, זיינען זיי צוציטערט געוואָרען און זיך צולאָפען. זיי האָבען געמיינט, אז דאָס איז אזא מין כשוף.

שפּעטער א ביסעל זיינען זיי צוריקגעקומען, — ברענגענדיג אַזעלכע שמעקעדיגע קרייטעכער און פּאַכענדיג דעם אנגענעהמען רויך צו דיא שפּאַניער צו. דאָס איז געווען זייער מיטעל צו פערטרייבען דיא ווירקונג פון דעם געפעהרליכען צויבער.

אָבער אין גרונט גענומען זיינען דיא שפּאַניער ניט געווען פיעל פרייער פון אבערגלויבען וויא דיעזע ווילדע. זיי האָבען זיך געשראָקען פאַר דעם „כשוף־רויך" פונקט וויא דיא קופּער־קאָלירטע נאַטור־קינדער האָבען זיך געשראָקען פאַר זייער שרייבעריי. אפילו קאָלומבוס אַליין האָט דערנאָך, אין א בריעף צו פערדינאַנד'ען און איזאַבעללאַ'ן, אויסגעדריקט דיא מיינונג, אַז דיא אינדיאַנער פון דיעזען פּלאַץ זיינען גרויסע בריות אויף כשוף, און אַז זיינע שיפען האָבען נאַכהער געהאַט גרויסע צרות, ווייל דיא אויבען־דערמאַנטע צוויי מיידעלעך האָבען מסתמא מיט זיך געהאַט אזא צויבער־פּראָשיק, וועלכען מען האָט זיי מיטגעגעבען אומישנע אום צו שעדיגען דיא ווייסע.

קיין אמת'ע גאָלד האָבען דיא אינדיאַנער דאָ ניט געהאַט. זיי האָבען אָבער אָנגעוויזען, אז ווייטער וועלען דיא שפּאַניער געפינען א קרייז וואו עס איז פאַראַן א סך גאָלד.

אין איין דאָרף האָט באַרטהאלאָמיי אין א גרויסע הויז געפונען עטליכע קברים. אין איין קבר האָט מען געזעהן א באַלזאַמירטען מת; אין דעם צווייטען זיינען צוויי טויטע געווען איינגעוויקעלט אין באַוועל. זיי זיינען געווען אַזוי צוגעריכט, אז פון זיי האָט זיך ניט געהערט קיין שום אונאַנגענעהמער ריח, און יעדער קערפּער איז געווען אויסגעפּוצט מיט אַלעם דאָס, וואָס ער האָט טהייער געהאַלטען, ווען ער האָט געלעבט. דיא קברים זיינען געווען בעפּוצט מיט שניצונגען און געמעלעכצען פון חיות — דיא צייכענס פון דיא פערשיעדענע שבטים, צו וועלכע דיא געשטאָרבענע האָבען בעלאַנגט. דיעזען רעספּעקט צו זייערע טוידטע און דיא בעמיהונגען, אז זייערע קערפּערס זאָלען ניט פערניכטעט ווערען,

האט קאלומבוס איבערהויפט געזעהן ביי די אינדיאנער פון אלע שבטים און געגענדען.

דיא שיפען זיינען געשוואומען ווייטער צו מזרח זייט. פארלויפיג האט זיך נאך אלץ געצויגען דער ברעג. קיין וואסער־דורכגאנג איז נאך אלץ ניט געווען. באלד זיינען זיי אנגעקומען אין ק א ס ט א ר י ק א, וויא מען רופט דאס איצט. דאס איז א בערגעדיגער געגענד. דאס רוב אינדיאנער דערפער זיינען געווען געבויט אין דער הויך, אויף בערג. דא איז שוין געווען אמת'ע גאלד אויך. פיעלע אינדיאנער האבען געטראגען גרויסע פלאכע שטיקער פון דעם מעטאל אויף באוועלענע שנירלעך, וויא מעדאליאנען. זיי האבען זיך אבער ענטזאגט דאס צו בייטען. אייניגע האבען געטראגען אזא מין קרוינען פון דיא נעגעל פון דיא חיות אדער פון דיא פעדערען פון פויגלעך, אדער פון בלומען. ווען זיי האבען געזעהען, אז דיא ווייסע דורשטען אזוי נאך גאלד, האבען זיי זיי געזאגט, אז נאך צוויי טאג רייזע, און זיי וועלען קומען צו רייכע גאלד־מינען. זיי האבען אנגערופען עטליכע פלעצער, אבער הויפטזעכ־ליך האבען זיי גערעדט וועגען ו ו ע ר א ג ו א.

דיא שפאניער האבען זיך געבעטען מען זאל זיי לאזען דא בלייבען א געוויסע צייט איינצוהאנדלען שטיקער גאלד, אבער קאלומבוס האט זיך געאיילט. ער האט געוואלט וואס גיכער קומען צו דעם דורכגאנג.

דא האבען דיא אינדיאנער געזאגט קאלומבוס'ען, אז ניט ווייט פון דארטען געפינט זיך א ש מ א ל ע ר א ר ט צ ו ו י ש ע ן צ ו ו י י ג ר ו י ס ע י מ י ם. זיי האבען נאטירליך ניט געמיינט קיין אנדער זאך, וויא דעם שמאלען פאס יבשה, דיא „העלזועל“, וואס בעהעפט נארד־אמעריקא מיט זיד־אמעריקא. גיט א בליק אויף דער קארטע וועט איהר זעהן, אז קאלומבוס האט זיך איצט געפונען ניט ווייט פון דעם פ א נ א מ א ל א נ ד ־ א י י נ ג אדער ד א ר י ע ן ל א נ ד־ א י י נ ג, וויא מען רופט דיעזע „העלזועל“, וועלכע ווערט איצט דורכ־געראבען*). ווען קאלומבוס וואלט דיא ווערטער פון דיא אינדיאנער

*) אנגעפאנגען דורכצוגראבען דעם פאנאמא לאנד־איינג האבען דיא פראנצויזען, מיט זייער בעריהמטען אינזשענער ל ע ס ס ע פ ס, וועלכער האט פריהער דורכגעגראבען דעם ס ו ע ז ל א נ ד־א י י נ ג צווישען אפריקא און אזיען. אין פאנאמא האט זיך אבער דיא אונטערנעהמונג געענדיגט מיט אן

פערשטאַנען איינפאַך, וואָלט ער באַלד דערגרייכט דעם ריעזיגען שטי־
לען אָקעאַן. ער וואָלט געוואוסט, אַז ער געפינט זיך אויפ'ן שוועל
צווישען דעם אטלאַנטישען און דעם שטילען אָקעאַן, אויפ'ן שוועל פון אַ
נייע גרויסע ענטדעקונג.

איהם איז אָבער אַלץ געלעגען אין זינען אזיען. ער האָט אַלץ גע־
בויט אויף דעם זעלבען פאַלשען פונדאַמענט. דעם „שמאָלען אָרט
צווישען צוויי גרויסע ימים" האָט ער דעריבער אויסגעטייטשט אַלס אַ
שמאָלען וואַסער־דורכגאַנג צווישען דעם אטלאַנטי־
שען אָקעאַן און דעם אינדישען — פּונקט דאָס, וואָס ער האָט געוואָלט!
און פאַר שמחה און אויפרעגונג, וואָס ער האָלט אַזוי נאָהענט צו זיין
ציעל, האָט ער זיך שוין מעהר ניט אינטערעסירט מיט דיא גאָלד־מינען
פון וועראגוא, ניט מיט דיא רייכע שטעדט, וועגען וועלכע דיא אינדיא־
נער פון האָנדוראַס האָבען איהם דערצעהלט. דיעזע רייכע שטעדט,
האָט ער געמיינט, זיינען קאַליקוט, קאַכין, גאָאַ, וועלכע
וואַסקאַ דאַ גאַמאַ און קאַבראַל האָבען בעזוכט. דאָס אַלץ וועט ער בע־
זוכען. אַהין וועט ער צוקומען, ווען ער וועט דורכ'ן „שמאָלען אָרט"
אריינשווימען אין דעם אינדישען אָקעאַן און אין אינדיען — אַזוי האָט
ער געגלויבט. פאַרלויפיג האָט ער פון קיין אַנדער זאַך ניט געקענט
טראַכטען וויא פון זיין רייזע ווייטער אין אינדישען אָקעאַן אריין.

דאָס איז אַ זעהר אינטערעסאַנטער מאָמענט אין דער געשיכטע פון
קאָלומבוס'עס לעבען. אין אַ פריהערדיגען קאַפּיטעל (אויבען, זייטעל 341
און 342) האָבען מיר שוין אָנגעוויזען, אַז קאָלומבוס האָט זיך געפונען

---

עקעלהאַפטען קראַך, מיט אַ סקאַנדאַל פון טויזענד־פאַכיגע רויבערייען און
שווינדלען. שפּעטער האָבען דיא פעראייניגטע שטאַאַטען זיך גענומען פאַרט־
זעצען דיא אונטערבראָכענע ארבייט, און ווען מיר שרייבען דיעזען בוך, איז
זיא נאָך ניט געענדיגט. דאָ זיינען אויך פאַראַן בעשולדיגונגען אין אונ־
עהרליכקייט, אָבער יעדענפאַלס וועלען דיא פעראייניגטע שטאַאַטען דעם פּאַ־
נאַמאַ קאַנאַל געוויס דורכגראָבען. דאַן וועט מען פון דעם אַטלאַנטישען
אָקעאַן אין יענעם אָרט אריינשווימען דירעקט אין דעם שטיללען אָקעאַן און
פערשפּאָרען צו שווימען דעם גרויסען מהלך ארום און ארום זיד אמעריקאַ,
פּונקט וויא דער סועז־קאַנאַל פערשפּאָרט אַ שיף צו פאָהרען אַרום און אַרום
אַפריקאַ.

אמעריקא
סטייטס
מעקסיקא
מעקסיקאנער ים בוזים
יוקאטאן
דער שטילער אקעאן

# דיא פלעצער
# וואס קאלומבוס האט ענדעקט

אין דיעזע ערטער איז ער געקומען
אויף זיינע פיער רייזעס, אימער
מיינענדיג אז דאס איז אזיען.
(דיא ערטער וועלכע ער האט בעזוכט
זיינען דא בעצייכענט מיט רויט.)

ניט ווייט פון מ ע ק ס י ק אָ, וועלכע איז דאן געוועזן דיא ענטוויקעלטסטע לאַנד אין אמעריקא, אַ לאַנד מיט גלענצענדע, אינטערעסאַנטע שטעדט, און מיט רייכטהימער; מיר האָבען שוין דאָרטען בעמערקט, אַז וועהרענד אויף עטליכע טעג רייזע פון איהם זיינען געלעגען אוצרות, האָט ער זיך געפּלאַגט און געמאַטערט זוכענדיג דאָס, וואָס ער האָט קיינמאָל ניט געקענט געפינען. דיעזער ספּעציעלער טראַגיזמוס, אָדער טראַגי־קאָמיז־מוס פון זיין לאַגע דערגרייכט זיין העכסטע שטופע אין דיעזע עטליכע וואָכען, ווען מען זאָגט איהם אויסדריקליך, אַז ער קען באַלד צוקומען צו רייכע שטעדט, און ביי איהם איז דיא קאָפּ אַזוי פערטומעלט פון זיין טהעאָריע, אַז ער מוז צודרעהען און צוקרוטשען דעם פּשט פון דיא דייטליכע ווערטער וואָס מען זאָגט איהם; מוז זיך אָפּקעהרען פון דעם ריכטיגען מאַרשרוט, וואָס מען ווייזט איהם, און ווייטער פערקריכען אין ענטטוישונגען, ווייטער אין פערטומעלטקייט, ווייטער אין צרות און אונבעהאָלפענקייט; און ווען מען זאָגט איהם, אַז ער שטעהט ניט ווייט פון א נייעם גרויסען אָקעאַן, טייטשט ער דאָס ווידער אוים קאַפּויר און לאָזט אַרוים א וויסענשאַפטליכען אוצר פון דיא הענט.

זיין טעות איז אָבער געוועזן דער טעות פון זיין דור. נור דער גרויסער גייסט, וועלכער האָט איהם אין אזא דור אהער געבראכט אי־בער'ן „ים פון פינסטערנים" — אָט דיעזער גרויסער גייסט איז זיין אייגענער און קיין אנדערענס ניט.

קאָלומבוס האָט זיך באַלד געפונען אין ווערעגוא — אַ בערגעדיגער קרייז, וועלכער ליגט אין דער מערב טהייל פון דעם פּאַנאַמאַ (אָדער דאריען) לאַנד־איינג. אין דיעזע בערג איז אויך פאַראַן גאָלד. אָבער אפילו גאָלד האָט איהם איצט אויפ'ן וועג ניט אינטערעסירט. דאָס וועט ער ניט פערזאמען, האָט ער זיך געקלעהרט. שפּעטער וועט ער אַהער ווידער קומען. צוערשט מוז ער דערגרייכען אַ פיעל וויכטיגערען פּלאַץ, דעם דורכגאַנג צו דער וויכטיגסטער לאַנד אין דער וועלט — צו אינדיען.

אין ווערעגוא, וואו דיא שפּאַניער זיינען אָנגעקומען דעם 18־טען אָקטאָבער, 1502, האָבען זיי געהאַט אַ גאַנץ אנדער מין בעגעגענים, ווי אין די פריהערדיגע ערטער. אָנשטאָט זיי צו געבען אַ פריינדליכען קבלת פּנים, האָט מען זיי אויפגענומען מיט דיא פאָלגענדע סצענע: בע־

וואַפּענט מיט שווערע שטעקענס, מיט שפּיעזען און מיט שווערדען פון פּאַלמען־האָלץ, זיינען געגען זיי אַרויסגעקומען צוויי הונדערט בייז־קו־קענדע קריעגער, וועהרענד דיא אַרומיגע וועלדער האָבען געהילכט מיט דיא קלאַפּעריי פון הילצערנע פּויקען. דיא צוויי הונדערט זיינען אַריין אין ים און מיט ווילדע קולות האָבען זיי דיא שפּאַניער געסטראַשעט מיט זייער געוועהר און דאָס וואַסער אין זייערע געזיכטער געשפּליוסקעט. ווען די וויסע האָבען אָבער צו זיי געמאַכט פריינדליכע אוואַיעס, זיינען ביי דיא אינדיאַנער דיא קריעגערישע אוואַיעס אויך אין פריינדליכע שמייכלען פערוואַנדעלט געוואָרען. דער רעזולטאַט איז געווען דער געוועהנליכער: פּאַר עטליכע מעשענע גלעקלעך און עהנליכע קליינינ־קייטען האָבען דיא שפּאַניער ביי זיי בעקומען זיעבצעהן שטיקער ריינע גאָלד. דאָ איז דאָס אַלזאָ געווען וועראַגוּאַ, דער רייכער גאָלד־געגענד. אָבער דאָ איז אויך קאָלומבוס לאַנג ניט פערבליעבען. ער האָט זיך געאיילט צו אינדיען. ער האָט געמיינט, אַז פריהער־שפּעטער וועט זיך דער ברעג איבערהאַקען. ער וועט קומען צו אַן אַרויסגאַנג אין דעם אינדישען ים אריין.

אין אַ פּאָר וואָכען אַרום (דעם 2־טען נאָוועמבער, 1502) האָט קאָלומבוס זיך אָבגעשטעלט אין אַ פּרעכטיגען פּלאַץ, וואו דער האַפען און דיא אַרומיגע פעלדער און וועלדער האָבען אויף איהם געמאַכט אַזאַ גוטען איינדרוק, אַז ער האָט דעם פּלאַץ אַ נאָמען געגעבען פּוערטאָ בעללאָ (דער „שעהנער האַפען“). דיא אינדיאַנער זיינען איהם דאָ אַרויס אַנטקעגען מיט פרוכט און מיט גרינסען, אָבער קיין גאָלד האָבען זיי שוין ניט געהאַט. בלויז זייערע עלטסטע האָבען געטראָגען גאָלדענע רינגען אין זייערע נעזער.

קאָלומבוס איז דאָ פערבליבען ביז דעם 9־טען נאָוועמבער. אויפ׳ן וועג האָט ער ווידער געהאַט צרות פון וועטער. צוערשט האָט איהם אַ ווינט צוריק־געטריבען; דערנאָך האָט געטראָפען אַזאַ צרה. שיף־וועד־רים, אַזוי גראָב וויא אַ פינגער, וועלכע זיינען אַ גאַנץ אָפּטע זאַך אין דיא הייסע געגענדען, האָבען דורכגעלעכערט זיינע שיפען אין פערשיעדענע ערטער. מען האָט זיי אויפ׳ן שטעל געמוזט פעררירכטען*).

*) דיעזער וואָרים הייסט „טאַרעדאָ“. ער קען דורכלעכערען דיא דיקסטע ברעטער.

דיא רייזע איז פאַרטגעזעצט געוואָרען, אָבער ווידער ניט אויף לאַנג. ווידער שטורמען; ווידער האָט מען זיך געמוזט אָפּשטעלען. דער האַפען איז דיעזען מאָל געווען צו איינג, און ער איז געווען פול מיט אַליגאַטאָרס, וועלכע פלעגען ביי־טאָג מאַסען־ווייז אַרויסקריכען אויפ'ן זאַמד און וואַרימען זיך אויף דער זון, פערשפרייטענדיג אַרום זיך אַן אַנגענעהמען ריח. זיי האָבען מורא געהאַט פאַר מענשען, אָבער דיא אינדיאַנער האָבען געזאָגט, אַז ווען זיי געפינען אַ שלאָפענדיגען מענשען, שלעפען זיי איהם אַריין אין וואַסער.

דער שטורעם האָט קאָלומבוס'ען געצוואונגען דאָ זיך אויפצוהאַלטען ניין טעג, און אין פערלויף פון דיעזער צייט האָבען זיינע שפּאַניער זיך אַזוי עקעלהאַפט אויפגעפיהרט מיט דיא אינדיאַנער פרויען, אַז יעדע נאַכט פלעגען פאָרקומען בלוטיגע געשלעגען איבער דעם. דיא אינדיאַנער האָבען זיך אָנגעקליבען אין אַ גרויסע מחנה, אום דיא אונגעבעטענע געסט צו פערטרייבען. קאָלומבוס האָט געהייסען אויסשיסען מיט אַ פּוסטען שאָס פון אַ קאַנאָן. דאָס האָט דיא רויטע אָבער ניט אָבגעשראָקען; זיי האָבען אָבגעענטפערט מיט זייערע ווילדע מלחמה־געשרייען און געזעצט זייערע פּיקעס און שווערע שטעקענס אָן דיא בוימער, סטראַשענדיג מיט בלוטיגע ראַכע. אַזוי גיך אָבער וויא מען האָט אין זיי אויסגעשאָסען אויף אַן אמת'ען און אַ פּאָר פון זייערע קעמפפער זיינען געפאַלען, זיינען דיא איבעריגע זיך צולאָפען. עס איז געווען דיא געוועהנליכע געשיכטע: פאַר מענשען וואָלטען זיי זיך ניט געשראָקען. דיא געהיימניספוללע מאַכט אָבער, מיט וועלכע דיא שפּאַניער האָבען געקענט טוידטען מענשען, איז ביי זיי געווען אַנגענומען פאַר אַ געטליכע מאַכט.

דיא ווינטען האָבען ניט אויפגעהערט. דיא מאַטראָזען האָבען גענומען מורמלען. זיי האָבען געגלויבט, אַז יענע צוויי מיידעלעך האָבען זיי מיט אַ כשוף געבראַכט אַלע צרות אויפ'ן וועג, און אַז ווייטער צו פאָהרען איז געפעהרליך. אַזוי וויא דער וואַסער־אַרויסגאַנג, וועלכען קאָלומבוס האָט ערוואַרט צו דערגרייכען, האָט זיך אַלץ ניט געזעהן; אַזוי וויא דער וועג צו אינדיען איז אַלץ געווען פערצאַמט מיט יבשה, האָט ער ענדליך נאָכגעגעבען דיא פאָדערונג פון דיא מאַטראָזען און האָט זיך אומגעקעהרט. דאָס איז געווען דעם 5־טען דעצעמבער. ער

איז איצט געווען ביי דעם אָרט, וואו היינט גראָבט מען דעם פּאנאמא קאנאל.

ער איז געווען ביטער ענטוישט. עס האָט זיך איהם זעהר ניט גע־וואָלט קומען נאָך שפּאַניען און זיך מוזען מודה זיין פאר דעם קעניג און דער קעניגין אין זיין באַנקראָט.

זיין איינציגע טרויסט זיינען געווען דיא גאָלד־מינען פון וועראגוא. אַלזאָ, האָט ער זיך איצט געאיילט צוריק אהין.

אויפ'ן וועג זיינען דיא שיפען וויעדער געווען אין שטענדיגע גע־פאהר איבערגעקעהרט צו ווערען פון דיא שטורמען. אין איין פּלאַץ האָט דער ווינט זיך אזוי צוקאָכט און צובושעוועט, אז דאָס וואסער פון ים האָט זיך אויפגעהויבען מיט אַ שפּיץ, און פּונקט איבער דיזען שפּיץ האָט זיך פון אויבען אראָפּגעלאָזט אַ וואָלקען, מיט אַ שפּיץ אראָפּ, — אזוי וויא צוויי בערג וואָלטען זיך צוזאמענגעטראָפען מיט זייערע קעפּ, איינער פון אויבען און איינער פון אונטען. דאָס איז באלד צוזאמענגע־וואקסען אין איין ריעזיגען זייל, וועלכער האָט זיך געדרעהט איבער'ן ים ארויפציהענדיג דאָס וואסער מיט אַ שרעקליכען ליארם, און צוקור־מענדיג אלץ נעהענטער צו דיא שיפען*). דיא מאַטראָזען האָבען גע־מיינט, אז עס איז אַ סוף וועלט, און האָבען אָנגעהויבען צו זאָגען תפלות, וואָס זיי האָבען געקענט אויף אויסווייניג. ווען דער „וואסער־רעהר" איז פערבייגעגאנגען, זיינען זיי זיכער געווען, אז דאָס האָבען געווירקט זייערע תפלות.

פון דעם „שעהנעם האפען" ביז וועראגוא איז ניט מעהר וויא 150 מייל; דאָך האָט דיא רייזע געדויערט נאָהענט פון אַ מאָנאַט, — אזוי פיעל שווירינקייטען האָט מען געהאט פון די שטורמען. אַ העלפט פון דיא עסען־ווארג איז שוין אוועקגעגאנגען, און אַ סך פון דיא איבערגע־בליבענע איז געווען פערנעצט און אזוי ווערעמדיג, אז אפילו ביי דעם גרעסטען הונגער האָבען דיא מאַטראָזען געקענט עסען בלויז אין דער פינסטער, ווען זיי האָבען דיא ווערים ניט געזעהן.

ענדליך זיינען זיי וויעדער געווען אין וועראגוא און האָבען אָנגע־פאנגען צו „האנדלען" מיט דיא אינדיאנער. פאר קליינינקייטען האָבען

*) דיא זעלבע ערשיינונג טרעפט אויך אין דער זאהארא וויסטענעס. בלויז אָנשטאָט אַ זייל וואסער, הויבט זיך דאָרטען אויף אַ זייל פון זאַמד.

זיי ביי זיי בעקומען גרויסע שטיקער גאָלד. דיא אינדיאַנער האָבען זיי געזאָגט, אז דיא מינען געפינען זיך צווישען דיא בערג, ווייטער, און אז ווען זיי געהען אהין נאָך גאָלד, פאסטען זיי און מיידען אוים זייערע פרויען. קאָלומבוס׳ען איז דאָס געפעלען געוואָרען. ער האָט זיינע שפּאַניער געהייסען אויך אזוי טהאָן: פאסטען און רייניגען דעם גוף און דיא נשמה, — וועט גאָט זיי מצליח זיין אין זייער גאָלד־זוכען. דיא שפּאַניער זיינען אָבער געווען צו פיעל פערקאָכט אין דיא אינדיאַנער פרויען און אנדערע זאַרטען עולם־הזה. דאָך, דער פּלאַץ איז ווירקליך געווען פול מיט גאָלד, און דיא ווייסע האָבען ליכט אָנגעקליבען היבשע ביסלעך, כאָטש זיי האָבען ניט געפאסט און זיך ניט צוריקגעהאַלטען פון דיא יונגע אינדיאַנערקעס. זיי האָבען דעם מעטאַל איינפאך געפונען צווישען דיא וואָרצלען פון הויכע בוימער און אויף אַנדערע פּלעצער, כמעט אויף דער ערד.

דער קאַסיק פון די דאָרטיגע אינדיאַנער, קוויביאַן, האָט די ווייסע עמפּפאַנגען פאַרזיכטיג און ניט ווילענדיג. ער האָט זיי געגעבען צוויי בעגלייטער זיי צו ווייזען דעם געגענד, און דיא בעגלייטער האָבען בארטהאלאמיי׳ען ארויפגעפיהרט אויף א בארג, פון וועלכען זיי האָבען איהם אָנגעוויזען אויף דיא גאָלד־פעלדער. וויא זיי האָבען געזאָגט, האָבען זיך דיעזע גאָלד־פעלדער געצויגען צוואַנציג טאָג רייזע. בארטהאלאמיי איז צו זיין ברודער געקומען פול מיט בעגייסטערונג און פרייד, אָבער באלד האָט זיך ארויסגעצייגט, אז דיא בעגלייטער האָבען איהם אומישנע אוועקגעפיהרט אויף א ווייטערען פּלאַץ און איהם געוויזען דעם אָרט פון אַן אנדער שבט, וועלכער איז געווען פיינדליך צו קוויביאַן׳ען. קוויביאַן האָט דאָס דיא בעגלייטער געהייסען אזוי טהאָן, אום דיא ווייסע זאָלען דאָ ניט פערבלייבען. דיא אמת׳ע מינען זיינען געווען א סך נעהנטער.

בארטהאָלאָמיי, וועמעס ענערגיע און אייזערנער ווילען איז אונז שוין בעקאַנט, האָט זיך אוועקגעלאָזען אונטערזוכען דיא לאַנד, צו זעהן אויב דאָ לוינט זיך צו גרינדען א קאָלאָניע. ניט אכטענדיג אויף דעם הארטען כאַראַקטער פון דיעזע אינדיאַנער און אויף דעם, וואָס דיא ווייסע זיינען זיי געווען גרוים אין דיא אויגען, האָט ער געמאַכט א ווייטע רייזע צווישען זיי. ער האָט אָבער מיט זיך גענומען 60 בעוואפענטע שפּאַניער, וועהרענד 14 אַנדערע זיינען נאָך איהם נאָכגעשוואומען

פאַזע ברעג. ער האָט בעזוכט פערשיעדענע קאַסיקען און האָט אויסגע־פאָרשט אַ היבשע שטיק לאַנד. זיין נסיעה האָט געדויערט עטליכע טעג און דער סך הכל איז געווען, אַז ער איז צוריקגעקומען מיט אַ סך גאָלד און מיט דיא פרעהליכסטע בעריכטען.

און קאָלומבוס האָט אין דעם אַלעם געזעהן אַ נייע בעשטעטיגונג, אַז ער געפינט זיך אין דיא בעסטע טיילען פון אזיען. זיין פאַנטאַזיע האָט זיך פון דאָס נייע צושפּיעלט. ער האָט זיך פאָרגעשטעלט, דאָס ווערַאגוּא ליגט ביי דעם סאַמען קוואַל פון אוצרות, אַז אופיר, דער פּלאַץ פון וועלכען שלמה המלך האָט געשעפּט זיינע אונשעצבאַרע מאַסען גאָלד, איז גאָר ניט אין היספּאַניאָלאַ, נור דאָ, אין ווערַאגוּא. ער האָט ווייעדער געגומען זוכען בעווייזע אויף דעם — אי אין דיא הייליגע שריפטען, אי אין געאָגראַפיע, און וויא אימער האָט ער אַלץ אויסגע־טייטשט און אויסגע'פּשט'עלט אַזוי, אַז עס האָט געשטימט מיט זיין טהעאָריע.

אַז דאָ איז געווען אַ סך גאָלד, איז יעדענפאַלס געווען אמת. ער האָט אַלזאָ געהאַט מיט וואָס צופריעדען צו שטעלען דעם קעניג, כאָטש פון זיין פּלאַן, וועגען קומען נאָך אינדיען, האָט זיך אויסגעלאָזען אַן אויסגעבלאָזענע איי.

ער האָט געשריעבען צו דיא הערשער פון שפּאַניען, אַז אין דיא ערשטע צוויי טעג וואָס ער האָט דאָ פערבראַכט, האָט ער געזעהן מעהר סמנים פון ריינע גאָלד, וויא אין דיא גאַנצע פיער יאָהר, וואָס ער האָט פערבראַכט אין היספּאַניאָלאַ.

עס איז בעשלאָסען געוואָרען דאָ צו גרינדען אַ שטעדטעל. באַר־טהאָלאָמיי האָט זיך אויסגערופען צו בלייבען דאָ מיט דעם מאַיאָריטעט פון זייערע מענשען, און בעאַרבייטען דיא מינעס, ווערהענד דער אַד־מיראַל וועט פאָהרען נאָך שפּאַניען און בריינגען פון דאָרטען נאָך פּראָ־וויזיע און נייע עמיגראַנטען.

אַכציג מאַן זיינען איבערגעבליבען מיט באַרטהאָלאָמיי'ען. זיי האָבען זיך גלייך גענומען בויען הייזער. ווען קוויביאַן האָט דערזעהן, אַז זיי בעזעצען זיך דאָ, האָט זיך זיין קאַמפּף־גייסט אין איהם אָנגע־צונדען. ער האָט גענומען פערזאַמלען דיא אַרומיגע אינדיאַנער און גרייטען זיי צו אַן אַטאַקע אויף זייערע אונגעווינשטע ווייסע שכנים. ער האָט דאָס געטהאָן געהיים, די אינדיאַנער האָבען זיך פערזאַמעלט

בשתיקה. קאָלומבוס און זיין ברודער האָבען גאָר ניט חושד געווען. איי־נער פון די אַנדערע קאָלאָניסטען, דיעגאָ מענדעז, האָט זיי אָבער אויפ־מערקזאַם געמאַכט, אַז צופיעל אינדיאַנער געהען פערביי. ער איז געווען זיכער, אַז זיי געהען ערגעץ־וואו צו אַ פערזאַמלונגס־פּלאַץ, און אַז דאָס שמעקט מיט געפאַהר פאַר דיא וויסע. און עס האָט זיך ארויס־געצייגט, אַז ער האָט טאַקע רעכט. דאַן האָט בארטהאָלאָמיי פאָרגע־שלאָגען, אַז מען זאָל בעפאַלען די רויט־הויטיגע, פאַנגען קוויב־יאַן'ען מיט דיא אַנדערע הויפּטלייט און פערנעהמען דעם דאָרף, וואו זייער חיל איז געווען פערזאַמעלט.

אַזוי איז עס געבליבען. בארטהאָלאָמיי און מענדעז און נאָך עט־ליכע און זיעבציג בעוואַפענטע שפּאַניער זיינען אַוועק אין יענעם דאָרף. בארטהאָלאָמיי איז געגאַנגען פאָראויס. מיט איהם אַליין זיינען מיטגע־גאַנגען בלויז פיער פון דיא שפּאַניער, וועהרענד דיא איבעריגע האָבען זיך בעהאַלטען אין ארומיגע פּלעצער. בארטהאָלאָמיי האָט ערקלעהרט אַז ער קומט ריידען וועגען פריעדליכע זאַכען און פרעגען וואָס קוויביאַן מאַכט, ווייל ער האָט געהערט, אַז ער האָט אַ וואונד אויפ'ן אָרים. דער קאַסיק האָט איהם עמפּפאַנגען זעהר ניט־ווילענדיג און יעדענפאַלס האָט ער געפאָדערט, אַז ער זאָל צוגעהן צו זיין הויז איינער אַליין. אַפילו דיא אַנדערע פיער האָט ער ניט געטרויט. בארטהאָלאָמיי האָט געפאָלגט. ער איז צוגעגאַנגען בלויז מיט זיין אינדיאַנער דאָלמעטשער. ער האָט גערעדט וועגען זייטיגע זאַכען, אָבער באַלד האָט ער דעם קאַ־סיק געפרעגט וועגען זיין וואונד און האָט איהם אָנגענומען פאַר'ן אָרים. דאָס איז געווען דער אָבגעמאַכטער סיגנאַל. קוויביאַן האָט זיך גע־פּרופט ארויסרייסען, אָבער בארטהאָלאָמיי, וועלכער איז געווען שטאַרק וויא אַ מויער, האָט איהם געהאַלטען וויא מיט אַ צוואַנג און ניט אָפּ־געלאָזען. זיי האָבען זיך גענומען ראַנגלען. גלייך זיינען צוגעלאָפען דיא אַנדערע פיער שפּאַניער, און איינער פון זיי האָט אויסגעשאָסען. וויא פון אונטער דער ערד זיינען אויסגעוואַקסען אַלע איבעריגע. קוויביאַן'ען האָט מען געבונדען הענד און פיס. דיא אַנדערע אינ־דיאַנער האָבען זיך דערשראָקען און אָנגעפאַנגען צו וויינען אויפ'ן קול און בעטען זיך מען זאָל זייער קאַסיק בעפרייען. עס האָט אָבער ניט געהאָלפען. מען האָט אויך געבונדען אַלע אינדיאַנער וואָס מען האָט געפונען פערזאַמעלט אין קוויביאַן'ס הויז — אין אַלעמען פופציג פער־

זאָן, אַריינרעכענענדיג קוויביאַן׳ס פרויען און קינדער. באַרטהאָלאָמיי האָט אפילו ניט געוואָלט הערען וועגען בעפרייען זיי. כל זמן זיי וועלען זיין פריי, האָט ער גערעכענט, וועלען זיי אויפהעצען דיא אַנ־דערע געגען דיא שפּאַניער. ער האָט זיי אַרויפגעזעצט אויף דיא שיפּ־לעך וואָס זיי האָבען געהאַט לעבען ברעג, אום זיי אַוועקצופיהרען צו דעם אַדמיראַל. אַליין איז ער און עטליכע פון זיינע מענשען אַ גאַנצע נאַכט געבליבען אויפ׳ן ברעג — ראַבעווען דיא גוטס פון דעם קאַסיק׳ס הויז, וואו ער האָט צוגענומען אַ מאַסע גאָלדערנע קרוינדעלעך, בראַס־לעטען, האַנד־רינגען, אָדער שטיקער גאָלד. אין דער פריה איז ער מיט זיין רויב צוריקגעקומען צו דיא שיפען.

דער פּילאָט וואָס האָט קאָמאַנדעוועט איבער דיא שיפלעך האָט קוויביאַן׳ען געהיט וויא דיא אויג אין קאָפּ. דער פּילאָט האָט איהם שטאַרק צוגעבונדען צו אַ באַנק.

עס איז געווען אַ פינסטערע נאַכט. קוויביאַן האָט זיך בעקלאָגט אַז ער איז צוגעבונדען צו שטייף, און אַז עס טהוט איהם וועה. דער פּילאָט האָט אויף איהם רחמנות געהאַט און איהם לויז געמאַכט, נור דעם ברעג שטריק האָט ער גענומען צו זיך אין האַנד. דער אינדיאַנער האָט זיך דערוואַרט אַ מאָמענט, ווען זיין וועכטער האָט ניט געקוקט אויף איהם, און דאַן האָט ער פּלוצלונג אַ שפּרונג געטהאָן און איז פערשוואונדען אונטער׳ן וואַסער. ער האָט דאָס געטהאָן אַזוי אונערוואַרטעט און אַזוי האַסטיג, אַז דער פּילאָט האָט ניט ווילענדיג אַרויסגעלאָזען דיא שטריק פון האַנד, אום ער זאָל איהם אויך ניט מיטשלעפּען אין וואַסער אַריין.

עס איז געווען צו פינסטער זיך נאָכצוויאָגען נאָך דעם אַנטלאָ־פענעם אין וואַסער. צווייטענס האָט מען געמיינט, אַז ער איז געוויס דערטרונקען געוואָרען. דאָס איז אָבער געווען אַ טעות. ער איז גע־שוואומען וויא אַ פיש. באַלד איז ער ווידער געווען אויפ׳ן ברעג און ווידער גענומען גרייטען דיא אינדיאַנער צו אַ ביטערען קאַמפף געגען זייערע מחבלים.

דיא איבעריגע געפאַנגענע האָט דער פּילאָט געבראַכט צו קאָ־לומבוס׳ען, וועלכער האָט געוואַרט מיט זיינע שיפען.

דעם נעכסטען מאָל זיינען זיי בעפאַלען די שפּאַניער מיט זייערע פייַלען און שווערע שטעקענס. זיי האָבען גע׳הרג׳עט איין

שפּאַניער און איינעם פּערוואונדעט. דיא שפּאַניער, פון זייער זייט, האָבען מיט זייערע בעסערע געוועהר אוועקגעלייגט טויט עטליכע אינ־דיאַנער. אָבער באַלד האָבען דיא רויט־הויטיגע פון זייער באהעלטע־ניס אין דיא געדיכטע וועלכער אויפ'ן ברעג טייך דערזעהן א שיפעל מיט עלף שפּאַניער, און זיי האָבען אויף זיי גענומען רעגענען מיט פּיילען דורך דיא בוימער, ווילד שרייענדיג, קלאַפּענדיג און בראַזגענדיג. דיא ווייסע זיינען אַזוי צוטומעלט געוואָרען פון דיא פּיילען און פון דעם ליאַרים, אַז זיי האָבען פערלאָרען דיא קעפּ. וויא דיא וואהנ־זיניגע זיינען זיי געזעסען, און אָנשטאָט צו געברויכען זייערע געוועהר אָדער זייערע וויאַסלעס, האָבען זיי בלויז זיך געסטאַרעט זיך צו פּער־שטעלען מיט זייערע שילדען. איינער פון זיי האָט דיא איבעריגע גע־פּרופט צוגעבען מוטה, — איז איהם אָבער אַריינגעפאַלען א פייל אין אויג און ער איז געפאַלען טויט אויפ'ן אָרט. דאַן זיינען דיא אינ־דיאַנער צו זיי צוגעקומען פון אַלע זייטען מיט זייערע קאַנאָס און זיי האָבען דיא ווייסע מכבד געווען פּונקט מיט אַזא שחיטה, וויא דיא אינדיאַנער פון היספּאַניאָלאַ האָבען אָפּט בעקומען פון דיא ווייסע — בלויז אָהן דיא לאַנגזאַמע רציחות, אָהן דיא קונציגע נגישות וועלכע דיא ציוויליזירטע קעפּ האָבען אויסגעטראַכט.

נור איין שפּאַניער איז דאָ לעבען געבליבען — א בעל מלאכה פון דער שטאָדט סעוויל. אין דער מישענינע איז ער אַריינגעשפּרונגען אין וואַסער, און געשוואומען אונטער'ן וואַסער ביז ער האָט זיך שוין ניט געזעהן. ער האָט דאָס דערנאָך דערצעהלט וואָס דאָרטען איז פּאָרגעקומען.

באַרטהאָלאָמיי און זיין קליינע אַרמעע זיינען געווען אָבגעשניטען פון קאָלומבוס'ען און זיינע צרה'דיגע שיפען. זיי זיינען יעדע מינוט געווען אין געפאַהר אויף אויסגעשלאַכטעט צו ווערען, און ווירקליך, דיא אינדיאַנער, וועלכע האָבען בעקומען נייע קוראַזש פון זייער זיעג איבער דיא עלף שפּאַניער, האָבען זיך געפערטיגט צו אַ נייעם בעפאַל. דיא ווילדער האָבען געהילכט פון זייערע מלחמה־געשרייען און בראַז־גערייע, און דיא צאָהל פון זייער חיל איז וואָס א טאָג געוואָרען אַלץ גרעסער. באַרטהאָלאָמיי האָט אויף גיך אויפגעבויט צוויי הילצערנע פעסטונגען, און דאָרטען איז ער מיט זיינע ווייסע געלעגען פּער־

שפּאַרט. אויף דערוויילע איז דאָס געווען אַ גוטע בעוואָרענים. אָבער וויא לאַנג האָט דאָס געקענט אָנהאַלטען?

און דאָרטען האָט קאָלומבוס גאָר ניט געוואוסט וואָס דאָ טהוט זיך. ער האָט אָבער פערשטאַנען אַז עס האָט פּאַסירט עפּעס אַן אונגליק. דערוויילע האָט אויף איינער פון זיינע שיפען געטראָפען אַזאַ געשיכטע: אַ העלפט פון דיא געפאַנגענע, וואָס ער האָט דאָרטען געהאַלטען, — קוויביאַן'ס פרויען און אַנדערע אינדיאַנער — זיינען אויפ'ן מיטען וועג אַראָבגעשפּרונגען און פערשוואונדען. דיא איבעריגע האָט מען דאַן פערשפּאַרט אַזוי אַז זיי זאָלען ניט קענען אַנטלויפען, — האָבען זיך בעסער אַלע געהאַנגען איידער צו לעבען אין געפאַנגענשאַפט. דאָס האָט קאָלומבוס'ען זעהר אונרוהיג געמאַכט. מיט אַזעלכע פערצווייפעלטע מענשען איז אין היספּאַניאָלאַ ניט אויסגעקומען צו האָבען צו טהאָן, און עס איז געווען זיכער, אַז דיא, וואָס זיינען אַנטלאָפען פון דער שיף, וועלען פיעלע אַנדערע רויט-הויטיגע אויפמונטערען צום קאַמפף. פּאַר אַ הייפּעלע ווייסע, וויא באַרטהאָלאָמיי מיט זיינע בעגלייטער, צו בלייבען אַליין צווישען אַזאַ אויפגעהעצטע בעפעלקערונג איז געווען אַ גרויסע געפאַהר. אַז קאָלומבוס מיט זיינע שיפען זאָלען אויך דאָ בלייבען, איז אָבער אויך קיין פּלאַן ניט געווען: עס איז נויטיג געווען וואָס גיכער צו פאָהרען נאָך פּראָוויאַנט. דאָס ערגסטע איז געווען, וואָס באַרטהאָלאָמיי איז פון קאָלומבוס'ען געוועזן אָבגעשניטען און דער אַדמיראַל האָט זאָגאַר ניט געוואוסט וואָס מיט איהם טהוט זיך. דיא ערשטע און דרינגענדסטע פראַגע איז דעריבער געווען: וויא שיקט מען אימיצען צו דערגעהן וואָס דאָרטען איז און זיך צוזאַמענצוריידען וואָס צו טהאָן?

מיר האָבען אויבען דערמאָהנט דעם פּילאָט ל ע ד ע ס מ אַ, וועלכער האָט פריהער אַנטהייל גענומען אין אַן עקספּעדיציע פון ווינצענט פּינזאָן און אַמעריקוס וועספּוציוס. דאָס איז געווען אַ געזונטער, כוואַטסקער קערעל וואָס האָט ניט געוואוסט פון קיין געפאַהר. ווען ער האָט געזעהן, אַז דיא אינדיאַנער שפּרינגען פון שיפען און שווימען איבער'ן שטורמדיגען ים צום ברעג, האָט זיך איהם פערוואָלט ווייזען פאַר אַנדערע און פאַר זיך אַליין, אַז ער וואָלט דאָס אויך געקענט. ער האָט זיך דעריבער אַוועקגעלאָזען שווימען צום ברעג, איז ווירקליך צוגעקומען צו באַרטהאָלאָמייען, און האָט זיך שפּעטער אומגעקעהרט

מיט נייעס און מיט אַנטוואָרטען אויף קאָלומבוס'עס פראַגען. אויף דיעזען אַרט האָט מען זיך צוזאַמענגערעדט וואָס צו טהאָן. אַלץ וואָס עס האָט זיך געפונען אויף באַרטהאָלאָמיי'ס צופוילטע שיף, האָט מען ביסלעכווייז, אויף אינדיאַנישע שיפלעך, איבערגעטראָגען צו קאָלומבוס'ען. עס איז געווען זעהר אַ שווערע אַרבייט, פול מיט אַלערליי געפאַהרען, און אַלץ צוזאַמען האָט געדויערט צוויי טעג און צוויי נעכט; מען האָט עס אָבער וויא עס איז דורכגעפיהרט; אַלע זיינען אַריבער אויף קאָלומבוס'עס שיפען, און באַרטהאָלאָמיי'ס ווערימדיגע, צובראָכענע חורבה האָט מען געלאָזען פוילען אין טייך.

דיא צוויי טהיילען פון דער קאָלאָניע זיינען אַלזאָ ווידער פעראייניגט געוואָרען. דיא ערשטע אויפגאַבע — איידער צו פאָהרען נאָך שפאַניען — איז געווען צוצוקומען צו היספאַניאָלא נאָך פּראָוויאַנט. דאָס, האָט קאָלומבוס געגלויבט, האָט ער אַ רעכט צו טהאָן, וואָרים דיא קעניגליכע פאָר האָט איהם פאַרווערט זיך דאָרטען אָפּצושטעלען בלויז פאָהרענדיג אַהין, אָבער ניט ווען ער וועט זיך שוין געפינען אויפ'ן וועג צוריק.

## XXIII.

## קאָלומבוס'עס טרויעריגער ענד.

צרות אויפ'ן וועג. — דיא צוויי שיפען קענען אויך ווייטער ניט דיענען און מען מוז פון זיי מאַכען צוויי וואַסער־הייזער לעבען ברעג. — אַ שפּאַניער, דיעגאָ מענדעז, און נאָך איינער, ריזיקירען זיך אַוועקצו־לאָזען אויף אַ קליינע שיפעל איבער'ן ים נאָך היספּאַניאָלאַ. — אַ בונט געגען קאָלומבוס'ען. — דיא רעבעללען שווימען אַוועק אויף צעהן קאַנאָס. — זייערע געפאַהרען און זייערע רציחות צו דיא אינ־דיאַנער, וואָס האַבען געטריבען זייערע שיפלעך. — קאָלומבוס קען ניט קריגען קיין שפּייז ביי דיא אינדיאַנער. — ער שרעקט זיי איבער מיט אַ ליקוי חמה און זיי ברייגגען עסענוואַרג און בעטען אַז זיין „הימלישער גאָט זאָל זיי פערצייהען". — עס בעווייזט זיך אַ זעגעל־שיף. — אָוואַנדאָ שיקט אַלס שליח קאָלומבוס'עס אַ שונא. — דיעגאָ מענדעז'עס שרעקליכע רייזע. — באַרטהאָלאָמיי בעזיעגט דיא רעבע־לען. — עס קומען שיפען פון היספּאַניאָלאַ. — אָוואַנדאָ'ס קאַלטע העפליכקייט צו קאָלומבוס'ען. — קאָלומבוס צוריק אין שפּאַניען. — דער טוידט פון דער קעניגין. — פערדינאַנד'ס ביטרע העפליכקייט צו קאָלומבוס'ען. — קאָלומבוס אין פערגעסענהייט. — זיין טוידט. — זיין גרויסקייט. — זיין יורש.

קאָלומבוס האָט ניט געוואָלט, אַז זיינע מאַטראָזען זאָלען דערנאָך קענען אויסזאָגען דעם וועג צו ווערעגוואַ מיט איהרע גאָלד־מינען. ער האָט דעריבער צוגענומען ביי אַלעמען דיא קאַרטען און קיינעם ניט ערקלעהרט וואוהין ער קערעוועט. דיא מאַטראָזען האָבען געמיינט, אַז ער פאָהרט גאָר גלייך נאָך שפּאַניען, און זיי האָבען גענומען זיך קאָכען, וואַרום ער ריזיקירט צו שווימען אויף אַזאַ לאַנגע רייזע מיט אַזעלכע צולעכערטע שיפען. זיי האָבען אָבער אַ טעות געהאַט: ער האָט געקערעוועט נאָך היספּאַניאָלאַ; ער איז אָבער געווען גוט בעקאַנט מיט דיא היגע ים־שטראָמען און ער האָט זיך פערנומען צוערשט אין אַ פערקעהרטע ריכטונג, אום דיא שטראָמען זאָלען איהם ניט פערטראָגען ווייט פון היספּאַניאָלאַ.

ער האָט זיך אָבגעשטעלט אין דעם „שעהנעם האַפען". דאָרטען איז ער געצוואונגען געוועזען איינע פון זיינע שיפען אין גאַנצען צו פערלאָזען — אַזוי צולעכערט איז זיא שוין געוועזען פון דיא ווערים. אַלע מאַטראָזען האָבען אַלזאָ זיך געמוזט צונויפקלייבען אויף צוויי שיפען, און אַפילו דיעזע צוויי האָבען זיך אויך קוים געהאַלטען אויפ'ן וואַסער. טאָג און נאַכט האָט מען געמוזט פּאָמפּען דאָס וואַסער, וואָס איז אַריינגעגאַנגען אין זיי. דיא מאַטראָזען זיינען אַזוי אויך געוועזען גענוג אויסגעמוטשעט; איצט האָבען זיי שוין איינפאַך קיין כחות ניט געהאַט צו אַרבייטען. און פון דיא עסענוואַרג איז בלויז איבערגעבליבען אַביסעל ברויט, אויל און עסיג.

דערצו האָט נאָך באַלד גענומען בלאָזען אַ נייער שטורעם — אַזאַ גוואַלטיגער, אַז באַלד האָבען זיך אָבגעריסען דריי פון דיא אַנקערס, און די צוויי שיפען האָבען זיך אַ זעץ געטהאָן איינע אָן די אַנדערע מיט אַזאַ אימפּעט, אַזביידע האָבען זיך אַ ביסעל איינגעבראָכען און זיינען שטאַרק צוטרייסעלט געוואָרען.

קוים וואָס זיי האָבען דערגרייכט אַ האַפען, און זיינען דאָרטען פערבליבען עטליכע טעג, שפּייזענדיג זיך מיט קאַסאַווא ברויט, וואָס זיי האָבען בעקומען ביי דיא אינדיאַנער. דיא צוויי שיפען האָבען אַזוי גערונען, אַז מען האָט געמוזט שעפּען דאָס וואַסער מיט קעסלען און עמערס.

אַפילו נאָך היספּאַניאָלא איז שוין געוועזען ניט זיכער צו שווימען. אוים פערצווייפלונג, האָט קאָלומבוס זיך פערנומען נאָך דעם אינזעל יאַמאַיקא (דזשעמייקא). ער האָט זיך אָבגעשטעלט אין דעם ערשטען האַפען, וואָס ער האָט דערגרייכט, אָבער דאָרטען איז קיין שפּייז ניט געוועזען. ער איז קוים צוגעקומען צו אַ צווייטען האַפען, וואו ער האָט געהייסען דיא צוויי אונגליקליכע שיפען אַרויפטרייבען אויף אַ זאַמדיגען פּלאַץ ניט ווייט פון ברעג. מעהר פאָהרען אויף זיי איז אונמעגליך געוועזען. און ווירקליך, זיי זיינען באַלד אָנגעפילט געוואָרען מיט וואַסער כמעט ביז דעם דעק. קאָלומבוס האָט דאַן געלאָזען בויען איבער זיי דעכער, און אַזוי האָט מען זיי פערוואַנדעלט אין הייזער, און צוגעגרייט אַזוי, אַז מען זאָל פון זיי קענען לייכט שיסען אין פאַל עס וועלען זיך בעווייזען פיינדליכע אינדיאַנער. צו דער זעלבער צייט האָט ער זיינע מענשען שטרענג פערבאָטען זיך שלעכט אויפצופיהרען

מיט דיא רויטע, אום ניט צו ערוועקען זייער שנאה, וועלכע וואָלט איצט געווען צו געפעהרליך.

אזוי איז קאָלומבוס מיט זיינע מיטרייזענדע דאָ געזעסען: אָהן שיפען, אָהן שפייז און אָבגעשניטען פון פערבינדונג מיט דער ציוויליזירטער וועלט.

באַלד זיינען אָנגעקומען מאסען אינדיאַנער, מיט פערשיעדענע עסענוואַרג, וועלכע זיי האָבען געביטען אויף אייראָפּעאישע קלייניגקייטען. אום צו פערמיידען מחלוקות, האָט קאָלומבוס אויסגעקליבען צוויי מענשען אַלס קאָנטראָלאָרען, אויף אַלץ אכטונג צו געבען און זעהן, אַז די עסענוואַרג זאָל צוטהיילט ווערען גלייך צווישען אַלע שפּאַניער. אָבער דיא אינדיאַנער, וועלכע האָבען געפיהרט אַ לייכטען לעבען און זיינען ניט געצוואונגען געווען אָנצוגרייטען זאַפּאַסען, האָבען קיין סך שפּייז ניט געקענט ברייננגען — קוים פאַר דיא ווייסע דיא נשמה צו דערהאַלטען. ד י ע ג א מ ע נ ד ע ז און אַנדערע דריי שפּאַניער האָבען זיך דאַן אַוועקגעלאָזען איבער דיא ווייטערע טהיילען פון דעם אינזעל זוכען שפּייז אין דיא פערשיעדענע אינדיאַנישע דערפער. אומעטום האָט מען זיי אויפגענומען העכסט פריינדליך. מענדעז האָט אָבגעמאַכט מיט מעהרערע קאַסיקען, אַז זייערע שבטים זאָלען געהן פאַר דיא ווייסע אויף געיעג, כאַפּען פיש און מאַכען קאַסאַוואַ ברויט, און אַז דערפאַר זאָל מען זיי צאָהלען מיט מעסערס, קעמעלעך, פאַטשערקעס, העקלעך צו כאַפּען פיש, אָדער גלעקעלעך.

אַלץ איז געווען צוגעריכט וויא מען דאַרף, און שפּייז איז אָנגעקומען וויא מען האָט אָבגעמאַכט. ווען מען האָט איינגעשטילט דעם הונגער, האָט מען גענומען טראַכטען וועגען דער ווייסער וועלט. פון יאַמאַייקאַ ביז היספּאַניאָלאַ איז 120 מייל. הײנט ווי קומט מען צו אַהין? סיידען אין אַן אינדישע קאַנאָ. צו אַלע צרות זיינען דיא ים־שטראָמען דאָרטען געגאַנגען פונקט פערקעהרט וויא מען האָט בעדאַרפט: ניט צו היספּאַניאָלאַ, נור פון דאָרטען. דאָך האָט קאָלומבוס מענדעזען פאָרגעלייגט אונטערצונעהמען דיא רייזע. „דו האָסט שוין פיעלע בראַווע זאַכען געטהאָן" — האָט ער צו איהם געזאָגט. „פּרוּף שוין דאָס אויך. אַז ניט, איז אונזער לעבען צווישען דיא היעגע אינדיאַנער אין גרויס געפאַהר. מיר זיינען צו שטאַרק אָבהייניגיג אָן זיי, און ווער־ווייס, ווען זיי וועלען אויפהערען צו זיין פריינדליך און אונז

לאָזען אויסשטארבען פון הונגער? נעהם א קאנאָ, שווים אריבער נאָך היספאניאָלאַ, קום צוריק מיט א שיף און ראטעווע אונז אלעמען".

מענדעז איז מרוצה געוואָרען; צו איהם איז אויך צוגעשטאנען נאָך איינער, און זיי האָבען מיט זיך גענומען זעקס אינדיאנער אויף צו טרייבען דיא שיפעל מיט זייערע אינדיאנישע לאָפּעטעס, צו וועלכע אייראָפּעער זיינען געווען זעהר ווענינ געוואוינט. דיא שיפעל האָט מען צוערשט איינגעמאָטשעוועט, שטארקער געמאכט; איהר ארומגע־גאָסען מיט סמאָלע, אָנגעפּילט איהר מיט שפּייז; און דיא זיעבען ריי־זענדע האָבען זיך אוועקגעלאָזען אין וועג.

אויפ'ן וועג זיינען זיי באלד ארייננעפאלען אין דיא הענד פון פיינדליכע אינדיאנער, וועלכע האָבען מענדעזען שיער ניט געקוילעט. ער האָט זיך אָבער גערעטעט און האָט זיך אומגעקעהרט צו קאָלומ־בוס'ען. דאן האָט מען אָנשטאָט איין קאנאָ געשיקט צוויי, מיט זעקס שפּאניער און צעהן אינדיאנער אין יעדער. איין קאנאָ איז געווען אונ־טער מענדעז'עס קאָמאנדע, ווערענד דיא אנדערע האָט זיך געפונען אונטער א שיפס־קאפּיטאן מיט'ן נאָמען פיעסקאָ. דער פּלאן איז גע־ווען, אז ווען זיי וועלען קומען נאָך סאן דאָמינגאָ, זאָל מענדעז בע־זאָרגען אלץ וואָס מען דארף און אליין זאָל ער פאָהרען נאָך שפּאניען מיט א בריעף, וועלכען קאָלומבוס האָט איהם מיטגעגעבען, צו דעם קעניג און קעניגין, ווערענד פיעסקאָ זאָל גלייך זיך אומקעהרען צו דעם אדמיראל מיט א שיף, וואָס מענדעז וועט קויפען אין סאן דאָ־מינגאָ אויף דעם אדמיראל'ס חשבון.

און אזוי זיינען דיא צוויי קאנאָס אוועק אויף זייער רייזע איבער דיא כוואליעס פון ים, איבער שטראָמען, וואָס האָבען זיי געטריבען פארקעהרט וויא זיי האָבען זיך געסטארעט צו געהן. דיא רייזע איז געווען א העכסט ריזיקאלישע. עס איז געווען זעהר צווייפעלהאפט אויב זיי וועלען ווען עס איז דערגרייכען היספּאניאָלאַ; און אויב ניט, וואָלט דאָך דאָס הייסען, אז זיי קומען אום אויף מיטען ים, און קאָ־לומבוס מיט זיינע מענשען בלייבען אָהן עפּעס וואָרג און הילף.

ביי קאָלומבוס'ען האָבען זיך דערווייל אָנגעהויבען נייע צרות. זיינע שפּאניער האָבען באלד פערלאָרען דיא געדולד. זייער אָרימע אינדיאנישע שפּייז; זייערע צרה'דיגע וואוינונגען אויף דיא צוויי איינגע, נאסע שיפען; דער הייסער פייכטער קלימאט, פון וועלכען

פיעלע פון זיי זיינען קראַנק געוואָרען, — דאָס אַלעס האָט אָנגעפאַנגען ארויסצורופען פּראָטעסטען, וועלכע האָבען זיך אויסגעדריקט אין פערשיעדענע פאָרמען. אייניגע זיינען געוואָרען קאַפּריזנע, נערוועז, גראָב; אויף אַנדערע איז אַרויפגעפאַלען אַ מרה שחורה. מען האָט זיך גענומען טשעפּען צו קאָלומבוס'ען, אויסגיסען דיא גאַל אויף איהם; זאָגאר שימפּפען איהם.

וואָכען זיינען אריבער און פון היספּאַניאָלאַ איז אַלץ קיינער ניט געקומען.

דיא איינוואוינער פון דיא צוויי שיפען זיינען נאָך מעהר פער־צווייפעלט געוואָרען; און וואָס מעהר פערצווייפעלט, אַלץ מעהר האָט מען אויסגעלאָזען „כל חמתו“ צו קאָלומבוס'ען.

מען דערמאָהנט זיך אָן דעם שפּאָס, וואָס מען האָט ווען אָן אַלט־מאָדישע אידישע אימיגראַנטקע שילט קאָלומבוס'ען פאַר דיא צרות וואָס זיא האָט אין „זיין אמעריקאַ“. דיא קללות, וואָס האָבען זיך ארויסגעריסען ביי דיעזע אונגליקליכע, האָבען ניט געהאַט מעהר זינען. זיי זיינען מיט איהם געפאָהרען ניט איבער־געוואַלט, נור ווייל זיי האָבען ערוואַרטעט רייך צו ווערען. דער אדמיראַל איז געוועזען ניט מעהר שולדיג אין זייערע יסורים וויא זיי אין זיינע.

דער פּראָטעסט איז געוואַקסען ביז געגען קאָלומבוס'ען מיט זיין ברודער האָט זיך ענטוויקעלט אַ בונט. דיא אָנפיהרער זיינען געוועזען צוויי ברידער, פּראַנציסקאָ און דיעגאָ פּ אָ ר ר אַ ס, קרובים פון אַ הויכען שפּאַנישען טשינאָווניק. זיי האָבען דיא איבעריגע געגעבען צו פערשטעהן, אַז דער אדמיראַל וויל גאָר ניט אוועקפאָהרען פון דאַ־נען; אַז ער וואַרט דאָ ביז מען וועט פעררריכטען זיין „מערכה“ ביי דעם קעניג מיט דער קעניגין; אַז ער קען פּאָרלויפיג ניט קומען ניט נאָך שפּאַניען, ניט נאָך היספּאַניאָלאַ, ווייל איןביידע ערטער האָט מען איהם פיינט; אַז מענדעז'ען און פיעסקאָ'ן האָט ער גאָר געשיקט אין זיינע פּריוואַט אינטערעסען און ניט צו זוכען רעטונג פאַר אַלעמען. זיי האָבען דעריבער פּאָרגעשלאָגען זיך צו זעצען אויף קאַנאָס און פּאָהרען נאָך היספּאַניאָלאַ, צו דער אדמיראַל וויל, צו ניט.

קאָלומבוס, וועלכער איז געלעגען קראַנק, האָט מיט זיי גע'טענה'ט, אַז דאָס איז אַ דומער און געפעהרליכער שריט, און אַז מען דאַרף האָבען געדולד און וואַרטען אויף אַ שיף פון היספּאַניאָלאַ; אָבער



אטלאנטישער אקעאן
שטיללער אק
יונייטעד סטייטס
מעקסיקא
באהאמא אינזלען
א טהייל פון קאלומבוס'עס מארשרוט
קובא
היספאנאלא (האיטי)
פארטא ריקא
האנדוראס
ניקאראגוא
קאסטא-ריקא
פאנאמא
אמאזאן טייך
פערו
בראזיליען
לא פלאטא טייך
מאגעלאן שטראסע
פייער-לאנד
וואו קאלומבוס איז ווירקליך
און וואו ער האט געמיינט אז ע
(אויף אלע זיינע פיער רייזע
מיט דיעזע פארב זיינען
בענט דיא ערטער, וואו ער אי
ליך געווען.
מיט דיעזע פארב זיינען בע
דיא ערטער, וואו ער האט
אז ער איז.
מיט דיעזע פארב זיינען בע
דיא ערטער איז אינדיען
וואו וואסקא דא גאמא און
זיינען געווען.



פעקין
קאנטאן
גאנגעס
ירושלים
אלעקסאנדריא
אראביען
ים (ראטעס)
אראבישער ים
גאא
קאנאנאר
קאליקוט
קאכין
ציילאן
מעלינדא
מאמבאסא
קווילאא
סאפאלא
וואסקא דא גאמאס מארשרוט
מאזאמביק קאנאל
מאדאגאסקאר
אינדישער אקעאן
סיאם
מאלאקא
מאלאקא שטראסע
סומאטרא
יאווא
בארנעא
פיליפינישע אינזלען
צעלעבעס
מאלוקען (געווירץ אינזלען)
גווינעא
אויסטראליען

דיא צוויי ברידער פּאָרראַס האָבען ניט געוואָלט הערען. „איך פאָהר נאָך שפּאַניען!“ האָט פראַנציסקאָ פּאָרראַס אויסגערופען, אָפּ־קעהרענדיג זיך פון דעם אַדמיראַל מיט צאָרן. — „ווער פאָהרט מיט?“

עס איז געוואָרען אַ געשריי: „איך!“ „איך!“ דיא רעבעללען זיינען זיך צוזאַמענגעלאָפען שרייענדיג און שילטענדיג זייער קאָמאַנ־דיר און סטראַשענדיג איהם מיט זייערע געוועהר. „נאָך שפּאַניען! נאָך שפּאַניען!“ האָט געהילכט איבער דיא צוויי שיפס־חורבות.

קאָלומבוס איז מיט זיינע געשוואָלענע פיס אראָבגעקראָכען פון זיין געלעגער. אָבער אַ פּאָר פון זיינע טרייע אנהייננגער האָבען איהם גענומען אויף דיא הענט און צוריק אריינגעלייגט אין זיין בעט. זיי האָבען איינפאַך מורא געהאַט, אַז דיא אויפגערעגטע מאַסע זאָל איהם ניט טוידטען, וואָרים אין דעם אַלגעמיינעם געפילדער פון שימפּפערייען און סטראַשונקעס האָבען אייניגע טאַקע וועגען אַזאַ שריט גערעדט.

קאָלומבוס׳עס ברודער, דער פייערדיגער באַרטהאָלאָמיי, האָט געכאַפּט אַ פּיקע. עס האָט שוין געהאַלטען ביי אַ בלוטיגען צוזאַמענ־שטויס; אָבער איהם האָבען אויך דעם אַדמיראַל׳ס פריינד צוריק־געהאַלטען; דיא מהומה האָט זיך געענדיגט מיט דעם, וואָס דיא רע־בעללען זיינען אַוועקגעפאָהרען אויף צעהן „קאַנאָס“.

אין אַלעמען זיינען אויף דיעזען אָרט אַוועקגעשוואומען 48 מאַן. זייער צאָהל וואָלט געוועזען גרעסער, ווען פיעלע פון דיא שפּאַניער וואָל־טען ניט געלעגען קראַנק. ווען דיא חלאים האָבען געזעהן וויא דיא לאָדקעס געהען אָפּ, האָבען זיי געוויינט און געיאָמערט פון פערצווייפ־לונג, וואָס זיי בלייבען דאָ אומצוקומען.

דיא רעבעללען האָבען זיך אָבגעשטעלט אין עטליכע פּלעצער, וואו זיי האָבען ביי דיא אינדיאַנער גענומען פּראָוויזיע אויף קאָלומבוס׳עס חשבון. אַזוי וויא זיי אַליין האָבען ניט געקענט גוט געברויכען דיא אינדיאַנישע וויאַסלעס, האָבען זיי אַ געוויסע צאָהל רויט־הויטיגע צוגערעדט מיט זיי מיטצופאָהרען.

באַלד האָט זיך אָנגעהויבען אַ שטורעם, און ס׳האָט זיך געפאָדערט דיא גאַנצע געניטקייט און פלינקייט פון דיא אינדיאַנער צו קערעווען דיא קאַנאָס אַזוי, אַז זיי זאָלען זיך ניט איבערקעהרען. אָבער דיא קאַנאָס זיינען געווען צו שווער אָנגעלאָדען מיט מענשען, און זיי זיינען געזעסען אַזוי טיעף אין וואַסער, אַז דיא כוואַליעס האָבען זיך אָפט

אריבערגעגאָסען איבער דיא זייטען. דיא שפּאַניער האָבען זיך דער־שראָקען; אום גרינגער צו מאַכען דיא משא, האָבען זיי אייניגע פון דיא אינדיאַנער געצוואונגען אריינצושפּרינגען אין ים און שווימען. דיא וואָס האָבען זיך געראַנגעלט, האָבען זיי ארויסגעשטופּט מיט שווערדען. דיא אינדיאַנער זיינען טאַקע געווען מערקווירדיגע שווי־מער, אָבער אָהן א שיעור זיך האַלטען אויפ'ן וואַסער האָבען זיי אויך ניט געקענט. זיי האָבען זיך פון צייט צו צייט אָנגעהאַלטען אָן דיא קאַנאָס אום צו דערכאַפּען דעם אָטהעם און זיך אָפּצורוהען; אָבער דאָס האָט אראָבגעצויגען דיא קאַנאָס, — האָבען דיא שפּאַניער זיי מיט דיא שווערדען אָבגעהאַקט דיא הענד און געשטאָכען. אייניגע זיינען אַזוי געשטאָרבען פון דיא שווערדען; אַנדערע וויעדער האָבען פערלאָרען דיא כחות שווימענדיג און זיינען דערטרונקען געוואָרען, — ביז אַלע אינדיאַנער זיינען אַזוי אומגעקומען, אויסער די עטליכע, וואָס האָבען געטריבען דיא שיפלעך.

ענדליך האָט מען זיך געמוזט אומקעהרען, אָבער ניט צו דעם אָרט, וואו קאָלומבוס האָט זיך געפונען, נור אין אָן אַנדער טהייל פון יאַמאַיקאַ. דיא 48 שפּאַניער האָבען זיך גענומען ארומשלעפּען פון דאָרף צו דאָרף, בעראַבעווענדיג דיא אינדיאַנער און שענדענדיג זייערע פרויען און טעכטער.

קאָלומבוס מיט דיא וואָס זיינען מיט איהם פערבליבען האָבען זיך געפּלאָגט אָהן א שיעור; זיי האָבען זיך בלויז געקוויקט מיט דער האָפנונג אויף הילף פון היספּאַניאָלאַ. ביי דיא אינדיאַנער האָבען זיי געקויפט שפּייז, וויא געווען; דאָס ביסעלע עסענוואַרג וואָס זיי האָבען נאָך געהאַט פון אייראָפּאַ איז ביי זיי געווען א לוקסוס, וועלכע קאָ־לומבוס האָט געגעבען בלויז צו קראַנקע. אָבער מיט דער צייט האָבען די אינדיאַנער אויך אויפגעהערט צו ברייגגען גענוג שפּייז. ערשטענס זיינען זיי ניט געוואוינט געווען אַזוי פיעל צו אַרבייטען; צווייטענס האָבען די אייראָפּעער שפּיעל־צייג ביסלעכווייז פערלאָרען זייער ווערטה ביי זיי, ווייל זיי זיינען שוין מעהר ניט געווען אַזאַ זעלטענהייט. דריי־טענס, האָט דער אויפשטאַנד דיא אינדיאַנער אויך צוגעגעבען מעהר מוטה און זיי האָבען זיך אויסגעלערענט פאַר יעדע קלייניגקייט ביי דיא ווייסע צו פאָדערען א גרויסען פּרייז. זיי האָבען געבראַכט זעהר וועניג פּראָדוקטען און געבעטען פאַר דעם פיעל מעהר אייראָפּעאישע

זאַכען וויא זיי זיינען ווערטה געווען אפילו נאָך אייראָפּעאישע פּרייזען נאָך. און באַלד האָבען זיי גאָר אויפגעהערט צו בריינגען שפּייז. זיי האָבען געוואָלט אין גאַנצען פּטור ווערען פון דיא ווייסע.

דיא שפּאַניער זיינען געווען אין געפאַהר איינפאַך אויסצושטאַר־בען פון הונגער. אָבער קאָלומבוס האָט זיך אַן עצה געגעבען, און דערביי האָט איהם געהאָלפען אַן אַסטראָנאָמישער לוח, וועלכען ער האָט בעקומען פון אברהם זאַקוטאָ, דעם אידישען געלעהרטען, וועלכען מיר קענען פון שפּאַניען און פון פּאָרטוגאַל. פון דיעזען לוח האָט ער געוואוסט אַז באַלד דאַרף זיין ליקוי לבנה. אַלזאָ האָט ער צו דיא אַרומיגע קאַסיקען געשיקט אַ רויט־הויטיגען, וועלכען ער האָט נאָך געהאַט פון היספּאַניאָלאַ, און האָט זיי דורך איהם געלאָזט וויסען, אַז דער גאָט פון דיא ווייסע וואוינט אין הימעל און אַז ער איז אין כעס אויף דיא אינדיאַנער פאַר וואָס זיי גיבען זיינע קינדער ניט עסען. אויב זיי וועלען ביז דעם און דעם טאָג ניט בעסער ווערען, וועט ער אויף זיי בריינגען אַ מגפה און הונגער. אַ סמן וועלען זיי האָבען, אַז דער הימעלשער גאָט וועט אין יענעם טאָג ביי דער לבנה ענדערען דעם קאָליר און דערנאָך איהר אין גאַנצען פינסטער מאַכען.

פיעלע פון דיא אינדיאַנער האָבען זיך דערשראָקען. אַנדערע אָבער האָבען זיך אויסגעלאַכט.

אַלע האָבען געוואַרט אויף דעם בעשטימטען אָבענד צו זעהן וואָס דאָ וועט זיין.

ווען דער אָבענד איז געקומען און דיא לבנה איז פינסטער גע־וואָרען, האָבען זיי אַלע געציטערט וויא פאַר'ן טוידט. זיי האָבען גלייך געכאַפּט וויפיעל פּראָדוקטען זיי האָבען נור געקענט צונויפ־נעהמען און האָבען דאָס געבראַכט צו קאָלומבוס'ען, ער זאָל בעטען זיין גאָט צוצונעהמען דעם אונגליק, און איהם פערזיכערען, אַז זיי וועלען שוין ווייטער צו זיינע ווייסע קינדער ניט זיין שלעכט. קאָ־לומבוס האָט צוגענומען דיא פּראָדוקטען און האָט זיך פערשלאָסען אין זיין קאַיוטע כלומרשט אום צו בעטען זיין גאָט פאַר זיי. ער איז דאָרטען פערבליבען אַזוי לאַנג וויא עס האָט געדויערט דיא ליקוי לבנה. דיא ווילדער האָבען דערווייל געהילכט מיט דיא תפילות, געוויין און יאָמער פון דיא נאַטור־קינדער.

ווען דיא ליקוי לבנה האָט שוין בעדאַרפט אויפהערען, איז קאָ־

לומבוס ווידער ערשיענען און האָט זיי אָנגעזאָגט דיא גוטע בשורה, אז גאָט איז ענדליך מרוצה געוואָרען זיי דיעזען מאָהל צו שיינקען. א בעוויז האָבען זיי באַלד געהאַט אין דעם דאָס דיא לבנה איז ווידער ליכטיג געוואָרען.

פון יענמאָלט אָן האָבען זיי אויף קאָלומבוס'ען געקוקט וויא אויף א געטליכען מאַן, וועלכער ווייס וואָס עס טהוט זיך אין הימעל; און זיי האָבען איהם געבראַכט שפּייז.

דיעזע טרייסט האָט דיא שפּאַניער אָבער אויף לאַנג ניט געקענט בערוהיגען. אכט מאָנאַטען זיינען פאַראיבער זינט מענדעז און פיעסקאָ זיינען אַוועקגעפאָהרען, און פון היספּאַניאָלא האָט מען קיין הילף נאָך אַלץ ניט געזעהן. דיא, וואָס זיינען געבליבען מיט קאָלומבוס'ען, האָבען אויך פערלאָרען זייער געדולד.

א צווייטער אויפשטאַנד האָט שוין געהאַלטען ביים אויסברעכען, ווען איין מאָל, פאַרנאַכטלעך, האָט מען פון וויטען דערזעהן א זעגעל. מיט וואָס פאַר א פריידע מען האָט בעגריסט דיעזע אויסגעשפּרייטע שטיקעל לייוואַנט, איז זיך לייכט פאָרצושטעלען.

דיא אָנגעקומענע שיף האָט זיך אָבגעשטעלט א היבשע שטיק פון ברעג, און האָט אַהין צוגעשיקט א לאָדקע. מען גיט א קוק אויף דער לאָדקע, — מען זעהט דיגאָ עסקאבאר'ען, איינעם פון ראָלדאַן'ס אמאָהליגע מיט-רעבעלען. איהם, קאָלומבוס'עס שונא, האָט דאָס אָוואַנדאָ אויסגעקליבען צו קומען צו קאָלומבוס'ען אלס שליח (זעה אויבען, זייטעל 444).

עסקאָבאר האָט דעם אדמיראַל איבערגעגעבען א בריעף פון אָוואַנדאָ, און אלס מתנה א פאַס וויין און א שטיק געראַכערטע פלייש. דאָס איז אַלעס. דאַן האָט ער זיך מיט זיין לאָדקע אָבגערוקט און גערעדט מיט'ן אדמיראַל פון וויטען. ער האָט איהם געזאָגט, אז דערווייל‏ע האָט אָוואַנדאָ קיין שיף ניט, אָבער, אז ער ערוואַרטעט איהם צו שיקען א שיף אזוי שנעל וויא מעגליך. ער האָט גערעדט זעהר העפליך אָבער קאַלט, און זיין גאַנצער האַלטען זיך איז געווען זאָנדערבאַר.

קאָלומבוס האָט אויפגעשריעבען צו אָוואַנדאָ'ן א בריעף אין וועל-כען ער האָט פאַר איהם פאָרגעשטעלט זיין שרעקליכע לאַגע. עסקאָ-באָר האָט צוגענומען דעם בריעף און איז צוריק אוועקגעפאָהרען. עס

האָט אויסגעוויזען עפּעס אַזוי וויא מען האָט דאָ בלויז געמיינט זיך צו הייצען מיט קאָלומבוס׳ען, און אַז צו דיעזען צוועק האָט מען ספּעציעל אויסגעקליבען זיינעם אַ שונא.

האָט אָוואַנדאָ געהאָפּט אַז קאָלומבוס וועט שטאַרבען פון הונגער אָדער געטוידטעט ווערען פון אינדיאַנער, און ער, אָוואַנדאָ, וועט אונגעשטערט פערבלייבען גובערנאַטאָר איבער היספּאַניאָלא? פון זיינע האַנדלונגען שיינט דאָס אַזוי.

איידער מיר ווילען זעהן וואָס עס איז ווייטער געוועזען מיט קאָלומבוס׳ען, לאָמיר זאָגען אַ פּאָר ווערטער וועגען דיא צוויי „קאַנאָס“, וואָס זיינען אַוועק מיט מענדעז׳ען און פיעסקאָ׳ן.

די צוויי „קאַנאָס“ זיינען אַלזאָ טאַקע געקומען נאָך היספּאַניאָלאַ. אויף׳ן וועג זיינען זייערע פּאַסאַזשירען פיעלע מאָהל געווען אין געפאַהר דעם לעבען צו פערלירען. אַ חוץ דעם זיינען זיי אויסגעשטאַנען אַנדערע צרות. ווען עס איז ניט געווען ווינטיג, האָט דיא זון געברענט וויא פייער, און איהר אָבגלאַנץ אין ים האָט זיי אַזוי געפינקעלט אין די אויגען, אַז זיי זיינען שיער ניט בלינד געוואָרען. דיא אינדיאַנער האָבען זיך אַזוי אויסגעמאַטערט מאַכענדיג מיט די וויאָסלעס, אַז זיי פלעגען אָפּט אַריינשפּרינגען אין וואַסער זיך אָבקיהלען אַ ביסעל, איידער זיי האָבען געקענט ווייטער אַרבייטען. ביי נאַכט, ווידער, פלעגען זיי זיך צוטהיילען אויף צוויי פּאַרטיעס: וועהרענד אייניגע האָבען געשלאָפען האָבען דיא אַנדערע געאַרבייט. און דאָס זעלבע האָבען אויך געטהאָן דיא שפּאַניער. בלויז אַ טהייל פון זיי האָט געשלאָפען. דיא איבעריגע האָבען געוואַכט מיט געוועהר אין דיא הענד, אום דיא רויט־הויטיגע זאָלען זיי אַלעמען ניט אָפּטהאָן עפּעס. וועגען דיא מערדערליכקייטען, וואָס דיא ווייסע זיינען דאָ בעגאַנגען געגען דיא אינדיאַנער איז קיין איינצעלהייטען ניטאָ. איבערהויפּט, — ווען עס האַנדעלט זיך אום רציחות אָדער אַנדערע ניעדערטרעכטיגקייטען פון דיא, וואָס האָבען געגען קאָלומבוס׳ען געמאַכט אַ בונט, אָדער פון אַנדערע שונאים זיינע, האָט מען מייסטענס אַ געגויערען בעריכט, וויא ווען מען רעדט וועגען זיינע פריינד. וויא שוין בעמערקט, — דיא וואָס האָבען דיא אַלע געשיכטען פערשריעבען, זיינען כמעט אַלע געוועזען קאָלומבוס׳עס פריינד. אָבער יעדענפאַלס איז פאַראַן גענוג אונמענשליכקייטען ביי ביידע צדדים.

דאָס ערגסטע איז אָבער געווען דער דורשט. אין דיא טריקעניש און היץ האָבען דיא פערשמאַכטע אינדיאַנער אויסגעטרונקען גאָר דיא וואַסער. דיא היץ איז ניט לינדער געוואָרען. דיא אינדיאַנער האָבען ניט געקענט אויסהאַלטען. צום גליק האָט מען אין די קאַנאָס גע־פונען פארגעסענע צוויי פעסלעך וואַסער. אום דאָס זאָל געדויערען וואָס לייענגער, האָט מען עס געטהיילט טראָפּענס־ווייז.

איינער פון דיא אינדיאַנער איז געפאַלען טויטט. אַנדערע זיינען געלעגען און געסאָפּעט אָהן כחות. אָפט פלעגען זיי אַ טרונק טהאָן ים־וואַסער; אָבער די געזאַלצענע פליסיגקייט האָט אין זיי בלויז שטאַר־קער צוברענט זייער דורשט. אָדער, אז ניט, איז זייער דורשט שרעק־ליכער געוואָרען פון דעם וואָס אין שלאָף האָט זיך זיי געח'לומ'ט אַ קוואַל אָדער אַ פרישינקער טייכעלע. ענדליך זיינען דיא אינדיאַנער, איינער נאָך דעם אַנדערען, אין גאַנצען אָבגעשוואַכט געוואָרען און האָבען מעהר ניט געקענט האַלטען אַ וויאָסלע אין האַנד. דיא ווייסע זיינען געווען אין פערצווייפלונג.

אָבער באַלד האָבען זיי דערזעהן לאַנד. דאָס איז געווען אַ קליי־נער אינזעל ניט זעהר ווייט פון היספּאַניאָלאַ. ווען זיי זיינען אהין צוגעקומען, האָט זיך ארויסגעצייגט, אַז דאָס איז ניט מעהר וויא אַ מאַסע פעלזען מיט טויטע אונפרוכטבאַרע ערד. קיין איין בוימעלע אָדער גרעזעלע האָבען זיי דאָ ניט געפונען. דאָס ערגסטע איז אָבער געווען וואָס דאָרטען איז אויך ניט געווען קיין איינציגער טייכעל אָדער קוואַל. וויא דיא היישעריקען האָבען דיא פערשמאַכטע זיך אַ וואָרף געטהאָן זוכען אַ טרונק, און דאָס איינציגע וואָס זיי האָבען געפונען איז געווען לוזשעס פון רעגען־וואַסער. דיא אָרימע אינדיאַנער האָ־בען זיך צו דעם צוגעכאַפּט וויא דיא וואַהנזיניגע אַזוי, אַז זיי האָבען געטרונקען צו פיעל, און עטליכע פון זיי זיינען געשטאָרבען אויף אָן אָרט, וועהרענד דיא איבעריגע זיינען שטאַרק קראַנק געוואָרען.

ענדליך זיינען זיי וויא עס איז געקומען צושווימען נאָך היס־פּאַניאָלאַ.

אָוואַנדאָ איז דאַן געווען אין קסאַראַגואַ, וואו ער איז געווען בע־שעפטיגט מיט דיא אויבען־בעשריעבענע שחיטות אויף דיא דאָרטיגע אינדיאַנער. ער האָט מענדעז'ען אויפגענומען זעהר העפליך. צו שיקען הילפע צו קאָלומבוס'ען האָט ער אָבער אַלץ אָבגעלייגט און אָב־

געלייגט, אויסקלעהרענדיג פערשיעדענע תירוצים, ביז ער האָט ענדליך געשיקט קאָלומבוס'עם שונא ,עסקאָבאר'ען, מיט דער שיף.

איצט קענען מיר זיך שוין אומקעהרען צו קאָלומבוס'ען. אָב־וואָהל פון עסקאָבאר'ס זאָגדערבארען וויזיט מיט דער זאָנדער־בארער מתנה, איז דעם אַלטען ענטדעקער געווען ביטער אויפ'ן הארצען, האָט ער פון דעסטוועגען דאָס אויסגענוצט אזוי וויא דאָס וואָלט געווען א קוואַל פון גליק פאַר איהם און א בעוויויז פון זיין מאכט. פאַר דיא, וואָס האָבען זיך מיט איהם געפונען אויף זיינע צוויי חורבות, האָט ער אַלעם אויסגעטייטשט אַלס א צייכען פון אָוואנדאָ'ס רעספּעקט און פריינדליכקייט. ער האָט זיי געזאָגט, אז אָוואנדאָ האָט גראָד מעהר וויא דיעזע קליינע שיף ניט געהאַט, און אז ער האָט איהר געשיקט בלויז אום איהם צו פערזיכערען, אז באַלד קומען אָן גרויסע שיפען מיט כל טוב, א. ז. וו. ער האָט וועגען דעם אויך געלאָזט וויסען פּאָרראס'ען מיט זיינע רעבעלען, וועלכע האָבען זיך איצט געפונען ניט זעהר ווייט פון קאָלומבוס'ען. ער האָט זיי געשיקט מעלדען, אז אָוואנ־דאָ האָט צו איהם געשיקט א שיף מיט שפּייז און אז באַלד וועט מען זיי אין גאַנצען אָפּנעהמען. אַלס א מוסטער פון אָוואנדאָ'ס „שפּייז" האָט ער זיי געשיקט א שטיקעל פון דיא געריכערטע פלייש. ער האָט זיי פּאָרגעשלאָגען צוריקצוקומען צו איהם און האָט זיי פערשפּראָכען אַלעס צו פערגעבען. איהם האָט זיך ניט געוואָלט, אז אין שפּאַניען זאָל מען הערען דאָס געגען איהם האָט מען זיך ווידער געבונטעוועט, און ער האָט געטהאָן אַלעס מעגליכעס מיט דיא רעבעללען שלום צו מאכען.

פּאָרראס האָט פון קיין שלום ניט געוואָלט הערען. דאָס איינ־ציגע, אויף וואָס ער האָט געוואָלט איינגעהן, איז געווען, אז ווען אָוואנדאָ'ס צוויי שיפען וועלען קומען, זאָל מען איהם אָבגעבען איינע, און אז קאָלומבוס זאָל איהם לאָזען האָבען א העלפט פון אַלע פּראָ־דוקטען — צו פון דיא אינדיאַנישע צו פון דיא וואָס אָוואנדאָ וועט שיקען. אונטער דיעזע בעדינגונגען זיינען דיא רעבעלען בערייט גע־וועזן זיך אויפצופיהרען פריעדליך; אָבער אַלץ בלייבען בעזונדער ביז דיא שיפען וועלען קומען. זיי איז בעסער געפעהלען צו וואָהנען אויף דער פרייער נאַטור, האָבען זיי געזאָגט.

קָאלומבוס הָאט ערקלעהרט, אַז זיי פָאדערען צו פיעל; הָאט פָארראס געענטפערט, אַז אויב ער וויל ניט מיט גוטען, וועט ער מיט זיינע רעבעללען אַלץ צונעהמען מיט געוואַלט.

פאר זיינע מענשען הָאט פָארראַס קָאלומבוס'עס גליקען געמאַכט צו גאָר נישט, און ער הָאט זיי מיט דעם בעוויזען, אַז אָוואַנדאָ און דיא שפּאַנישע רעגיערונג הָאבען קָאלומבוס'ען פיינט און אַז מען וועט איהם פערלָאזען. ער הָאט זאָגאַר זיי פערזיכערט, אַז עסקָאבאַר און זיין שיף זיינען געוועזען ניט מעהר וויא גייסטער אַזעלכע. והָא ראיה: ער הָאט זיך אָבגעשטעלט פון ווייטען, דערלאַנגט אַ בריעף, צוגענומען אַ בריעף און וויעדער פערשוואונדען געוואָרען. אַזוי טהוט אימער אַ „ניט־גוטער", ניט קיין ווירקליכער מענש. קָאלומבוס הָאט דָאס אַלץ געמאַכט מיט כשוף, דורך אַסטראָנאָמיע, דורך זיין בעקאַנטשאַפט מיט דעם וואָס טהוט זיך אויפ'ן הימעל — אַזוי הָאט פָארראַס דָאס אַלעס ערקלעהרט.

און זיינע 48 רעבעללען הָאבען גלייך געגלויבט, — אַזוי טיעף און ברייט איז אין יענע צייטען געוועזען דער אַבערגלויבען. כלעבען דיא שפּאַניער זיינען אין אַזעלכע זאַכען ניט געוועזען אַ האָר פָארטגעשריטענער וויא דיא אינדיאַנער, וועלכע קָאלומבוס הָאט איבערגעשראָקען מיט דער ליקוי לבנה.

דיא רעבעללען הָאבען דאַן צוגעמאַרשירט נאָהענט צו קָאלומבוס'עס שיפען, און הָאבען זיך געקליבען צו בעפאַלען די זאַפאסען. עס איז געקומען צו אַ געשלעג מיט שווערדען. קָאלומבוס הָאט ניט געקענט אַנטהייל נעהמען, ווייל ער איז געלעגען קראַנק אין בעט. זיין ברודער הָאט אָבער דיא רעבעללען געגעבען אַזאַ „וואַרימען ברוך הבא", אַז גלייך ביי דעם ערשטען צוזאַמענשטויס זיינען עטליכע פון זיי געפאַלען טוידט. ער הָאט געהאַקט מיט זיין שווערד רעכטס און לינקס. באַלד איז איהם בעפאַלען פראַנציסקָא פָארראַס אַליין. ער הָאט פערוואונדעט באַרטהאָלאָמייען אין האַנט, אָבער דערביי הָאט זיין שווערד זיך פערהאַלטען אין זיין פאַנצער, און דעם אַדמיראַל'ס ברודער צוזאַמען מיט אַנדערע הָאבען איהם גענומען אין פליען.

דָאס אַלעס הָאבען צוגעקוקט אינדיאַנער. מיט גרויס נייגעריגקייט הָאבען זיי געזעהן וויא ווייסע הָאבען צווישען זיך אַ פערצווייפעלטען בלוטיגען קאַמפף.

דיא רעבעללען האבען זיך פאלשטענדיג אונטערגעגעבען. מיט טויטע שבועות האבען זיי געשוואָרען צו זיין גוט און טריי, אבי קאָלומבוס זאָל זיי נור מוחל זיין, און אזוי וויא זיי מוחל זיין האט איהם זיך געלוינט, זיינען דיא צוויי גרופּעס ווידער פעראייניגט געווען.

ענדליך, צום שלום פון העכער וויא א יאָהר, זיינען געקומען צוויי שיפען און אלע זיינען אוועקגעפאָהרען נאָך היספּאניאָלא.

אָוואנדא האט קאָלומבוס'ען איצט אויפגענומען מיט כבוד און אויפמערקזאמקייט. דאס אלעס איז אָבער געווען בלויז א צערעמאָניע. ער האט „ווייך אויסגעבעטעט אָבער צו שלאָפען איז געווען הארט" — וויא עס זאָגט א רוסישער ווערטעל. קאָלומבוס האט געהאט פיעלע טענות וועגען זיינע פינאנצען. ער האט זיך בעקלאָגט, אז מען האט איהם בערויבט אין דיא רענט און אנדערע איינקינפטע, וועלכע געהערען צו איהם נאָך זיין קאָנטראקט; דאס אלעס האט אָוואנדא אויסגעהערט מיט דער גרעסטער העפליכקייט, אָבער ביי דעם הערען איז דאס געבליבען.

וועגען דעם אלעם האט קאָלומבוס געשריעבען דעם קעניג און דער קעניגין; ער האט אויך פּאר זיי פאָרגעשטעלט וויא שלעכט אָוואנדא רעגיערט איבער'ן אינזעל; וויא ער פיהרט זיך אויף מיט דיא אינדיאנער, וויא צולאָזען און פערווילדעט דיא שפּאניער זיינען ביי איהם געוואָרען, וויא מען צושלעפּט ביי איהם דיא קעניגליכע גאָלד, וועלכע ליעגט אונבעוואכט, א. ז. וו.

איזאבעללא האט געוואָלט אָוואנדא'ן צוריק־רופען. זיא איז אָבער קראנק געוואָרען און איז באלד געלעגען אויף איהר טוידטען־בעט. מען זאָגט, אז דאס איז געווען דער רעזולטאט פון הארץ־קלעמענים איבער פאמיליען־טראגעדיעס. אז איהר איינציגער זוהן און עלטסטע בעליעבטסטע טאָכטער זיינען געשטאָרבען אין איין יאָהר, וויסען מיר שוין. פון איהר צווייטע טאָכטער, יואנא, האט זיא אויך קיין נחת ניט: זיא האט ניט געהאט קיין גוט־לעבען מיט איהר מאן, און א חוץ דעם איז זיא געווען א נערוועז־קראנקע, ניט אין גאנצען ביי זינען. פול צו מאכען דעם בעכער פון איהרע צרות, איז ניט לאנג צוריק געשטאָרבען איהר אייניקעל, דער יורש פון איהר טהראָן און פון דעם פּאָרטוגעזישען טהראָן, פּרינץ מיגעל. דיא גרינדערין פון דער אינקוויזיציאָן האט אזוי פיעל קלעפּ פון שיקזאל ניט געקענט אויס־

שטעהן. זיא האָט אָנגעפאנגען צו זינקען און איז געשטאָרבען (דעם 26טען נאָוועמבער, 1504).

פאַר קאָלומבוס'ען איז איהר טוידט געווען א גרויסער שאָדען. זיא איז אימער געווען פיעל בעסער צו איהם וויא איהר מאַן.

דעם 12טען סעפּטעמבער איז קאָלומבוס ארויסגעפאָהרען פון סאַן דאָמינגאָ נאָך שפּאניען. פון דעם ערשטען טאָג אָן האָט ער געהאט שרעקליכע שטורמען. זיין הויפּט־מאַסט איז צובראָכען געוואָרען, און מען האָט איהר קוים פערריכט, וויא דיא פאָדערסטע מאַסט איז צו־שפּאָלטען געוואָרען. דיא רייזע איז געווען פול מיט געפאהר און מאַטערנים. עטליכע וואָכען האָט מען זיך אזוי אַבגעפּלאָגט, און צו דער זעלבער צייט האָט דער אדמיראַל געהאט דיא שארפסטע יסורים אין זיינע פיס.

ווען ער האָט קוים דערלעבט אָנצוקומען אין שפּאניען, איז ער געווען אזוי צובראָכען אין געזונד, אז ער האָט א לאנגע צייט געמוזט פערבלייבען אין סעוויל א חולה. וועגען פאָהרען זיך פאָרשטעלען פאַר דעם קעניג האָט דערוויילע קיין רייד ניט געקענט זיין. (דיא קעניגין האָט ער שוין געפונען טוידט).

עס האָט זיך אָנגעפאנגען א סדרה מיט בריעף און קלאגעס. דער קעניג האָט געטהאָן וויא אָוואנדאָ: ער האָט אימער איהם געענטפערט מיט דער גרעסטער איידעלקייט און פריינדליכקייט, אָבער טהאָן עפּעס פאַר איהם האָט ער אפילו אין זינען ניט געהאַט. עס איז געגאַנגען אזוי וייט, אַז קאָלומבוס האָט איינפאך ניט געהאַט פון וואנען צו לעבען. „איך בעקום גאָר ניט“, — האָט ער אָרום דיעזער צייט גע־שריעבען צו זיין זוהן דיעגאָ. „וואָס איך באָרג ניט, האָב איך ניט. וואָס האָב איך פון אַלע מיינע צוואנציג יאָהר מיה און געפאהרען? איך האָב אפילו ניט קיין דאך איבער'ן קאָפּ אין שפּאניען. אז איך וויל עסען און שלאָפען מוז איך געהן אין א קרעטשמע, און דאָס רוב האָב איך איינפאך ניט מיט וואָס צו בעצאָהלען“.

אָוואנדאָ האָט געזעהן דעם קעניג צוצושיקען וואָס מעהר איינ־קונפט פון דער קאָלאָניע, און דאָס איז אַלעס וואָס פערדינאנד האָט פערלאנגט. קאָלומבוס מיט זיינע אייביגע טיטלען האָט זיך איהם ניט געלוינט. דער פּלאַן צו געפינען א וואסער־דורכגאנג צו אינדיען האָט

זיך אויך אויסגעלאָזען מיט גאָר ניט. פון דיא ווראגוער גאָלד איז אַרויסגעקומען ניט מעהר וויא א בליסטשענדער צוזאָג. קאָלומבוס'עס בריעף צו פערדינאַנד'ען זיינען דעריבער געווען א שטימע וואָס רופט אין דער פינסטערניש.

אין מאַי איז ער וויא עס איז געקומען אין סעגאוויא, וואו פערדינאַנד'ס הויף האָט זיך דאַן געפונען. זיין קומען האָט כמעט ניט געצויגען קיין אויפמערקזאַמקייט. זיין פריהערדיגער גלאַנץ איז אָבגעבלאַקירט געוואָרען. זיין נאָמען און גרויסקייט האָבען שוין בעלאַנגט צו דער פערגאַנגענהייט. פערדינאַנד האָט איהם עמפּפאַנגען מיט גוטע רייד, אָבער מיט קאַלטע, פאַלשע בליקען. אויף אַלע זיינע טענות און קלאַגען האָט ער געענטפערט מיט קאָמפּלימענטען, אָבער אָהן שום אינטערעס. ער האָט ערקלעהרט, אַז אַלע דיעזע טענות קענען ענטשיעדען ווערען בלויז פון א ספּעציעלען ריכטער, וואָס וועט דיא זאַך גרינדליך אונטערזוכען. קאָלומבוס איז צופריעדען געווען. ער האָט נאָר געבעטען, אַז מען זאָל דיא אויפגאַבע איבערגעבען זיין פריינד, ד ע ז אַ, טאָרקוועמאַדאַ'ס נאָכפאָלגער אַלס הויפּט פון דער אינקוויזיציע. פערדינאַנד האָט גאָר ניט געהאַט דאַגעגען. ער האָט אָבער דערביי כיטרע אַריינגעשטעלט, אַז צווישען דיא פראַגען וואָס וועלען פערהאַנדעלט ווערען זאָל אויך זיין א פּונקט וועגען קאָלומבוס'עס טיטול אַלס וויצע-קעניג פון אינדיען.

קאָלומבוס איז אויפגעבראַכט געווען. ער האָט פעסט ערקלעהרט, אַז וועגען דעם קען קיין שיעדעס-געריכט ניט זיין; אַז עס האַנדעלט זיך נור וועגען געלד-זאַכען, וועגען רענט און אַנדערע דאָכאָדען, ווערענד דיא שטעלע פון וויצע-קעניג געהערט צו איהם און צו זיינע קינדער און קינדס-קינדער אויף אייביג.

פערדינאַנד האָט זיך ווידער אַרויסגעדרעהט מיט קאָמפּלימענטען און מיט ווייכע רייד. ענדליך איז געשטעלט געוואָרען א ספּעציעלער קאָמיטעט אונטער דעם נאָמען „דער ראַטה וועלכער האָט צו ערפילען דאָס וואָס עס האָט פערלאַנגט דער געוויסען פון דער געשטאָרבענער קעניגין". דער קאָמיטעט האָט זיך אָבער א סך מעהר אינטערעסירט מיט דעם „געוויסען" פון דעם לעבעדיגען קעניג, און דיא פראַגע האָט זיך געשלעפּט און געשלעפּט.

קאָלומבוס איז ווידער קראַנק געוואָרען. באַלד איז נאָך שפּאַניען

געקומען דיא האַלב־משוגענע נאַסליעדניצע, יואַנאַ, מיט איהר מאַן פיליפּ דער צווייטער, וועלכע זיינען געווען דיא אָפיציעלע יורשים פון איזאַבעללאַ'ס קאַסטילישען טהראָן. זיי זיינען געקומען פון פלאַנדערן (בעלגיען), און פערדינאַנד האָט זיי בעגעגענט מיט גרויס פּאַראַד (ער אַליין האָט זיך אַלץ גערעכענט פאַר דעם קעניג בלויז פון אַראַגאָן). קאָלומבוס האָט צו דער נייער קעניגין מיט זיין ברודער געשיקט אַ בריעף. ער האָט געבעטען מען זאָל איהם אומקעהרען זיין אייגענטהום און זיינען טיטלען, און ער האָט פערשפּראָכען צו דיענען דער קאַסטילישער קרוין מיט אַזעלכע ענטדעקונגען, געגען וועלכע אַלע פריהערדיגע וועלען זיין אַ קלייניגקייט.

דיא יונגע קעניגליכע פּאָר פּאָלק האָט דעם בריעף עמפּפאַנגען זעהר פריינדליך. אָבער יעדענפאַלס האָט דאָס קיין רעזולטאַטען ניט געבראַכט, וואָרים קאָלומבוס איז באַלד געשטאָרבען, אין וואַלאַדאָליד, (דעם 20טען מאַי 1506).

זיין טוידט האָט זעהר ווייניג אויפמערקזאַמקייט געצויגען. ער איז געשטאָרבען אַ פערנאַכלעסיגטער, אַ פערגעסענער. אין דעם צעטעל פון וויכטיגע פּאַסירונגען, וואָס זיינען יענע וואָך אָדער מאָנאַט פאָרגעקומען אין וואַלאַדאָליד, איז וועגען דיזען פאַקט קיין וואָרט ניטאָ.

ער איז געשטאָרבען ניט וויסענדיג אַז ער האָט ענטדעקט צוויי גרויסע נייע קאָנטינענטען. ער האָט מיט זיך מיטגענומען אין קבר דיא פאַלשע איבערצייגונג, אַז דיא לענדער, וואָס ער האָט געפונען, זיינען אַ טהייל פון אַזיען.

פיעלעס איז געשריעבען געוואָרען וועגען קאָלומבוס'עס כאַראַקטער. אייניגע איבערטרייבען צו פיעל דיא ליכטיגע זייטען פון זיין נאַטור; אַנדערע מאַהלען צו שוואַרץ זיינע פעהלערען. ער איז געוויס קיין מלאך ניט געווען, אָבער ווען מען נעהמט אין אַנבעטראַכט דיא רויהע, הארטע מאַראַל וואָס האָט איהם אַרומגערינגעלט, ווען מען נעהמט אין אַנבעטראַכט וויא ביליג אַ מענשליכער לעבען איז דאַן געווען, וועט מען איהם שטרענג ניט אורטהיילען.

אַן אַלגעמיינעם כאַראַקטער־פּאָרטרעט פון איהם האָט דער לעזער זיך אפשר צוזאַמענגעשטעלט פון דיא פערשיעדענע לעבענס־מאָמענטען, אין וועלכע ער איז פאַר אונז ערשיענען אין דיזען בוך. איין זאַך וועלען מיר אָבער זאָגען:

מיט אַלע זיינע פעהלערען און קליינליכקייטען, מיט זיין גאַנצען אַבערגלויבען און מיט זיינע ווידערשפּריכע, איז קריסטאָפאָר קאָלומבוס געווים געוועזען אַ גרויסער מאַן — איינער פון דיא גרויסע פּערזענליכקייטען אין דער געשיכטע פון אונזער פּאָרטשריט. ער איז געוועזען אַ גרויסע פּערזענליכקייט ניט בלויז דעריבער, ווייל ער האָט אויפגעטהאָן עטוואָס גרויסעס, — דער מענשהייט געגעבען אַ נייע וועלט, — נור אויך מיט דעם גייסט, וועלכער האָט דיעזע אויפטהואונג מעגליך געמאַכט. אַז דיא ערד איז קיילעכדיג און מען קען דעריבער צוקומען צו אַזיען איבער דעם אַטלאַנטישען אָקעאַן, האָבען מענשען געגלויבט אַ סך פריהער פאַר איהם. דיעזער גלויבען איז אָבער ביי זיי ניט געגאַנגען ווייטער וויא גלויבען, וויא טהעאָריע. קאָלומבוס איז געוועזען דער ערשטער, וואָס האָט זיך אַריינגענומען אין קאָפּ אַ ז אַ ר י י ז ע צ ו מ אַ כ ע ן, און דעם פּלאַן ניט אויפגעגעבען ביז ער האָט איהם פערווירקליכט טראָץ אַלע שטערונגען און צרות. ער איז געוועזען דער ערשטער און דער איינציגער, וועלכער האָט דיעזען פּלאַן אָבגעגעבען זיין גאַנצען לעבען, וועלכער האָט זיך ניט געבויגען פאַר קיינע שטורמען, איז אַלעם אויסגעשטאַנען, ביז ער האָט דיא רייזע אונטערנומען און איהר דורכגעפיהרט. שטעלט זיך נור אויף אַ ווײלע פאָר וואָס אין יענע צייטען האָט געהייסען זיך אַוועקצולאָזען איבער דער ברייט פון דעם אַטלאַנטישען אָקעאַן, פון דעם „ים פון פינסטערנים". קיינער האָט וועגען אַזאַ רייזע פריהער ניט געסמייעט צו דענקען. קיינער האָט ניט געוואוסט וואָס דאָרטען איז. דער אייראָפּעאישער און אַפריקאַנישער ברעג פון דיעזען אָקעאַן איז געוועזען דער עק וועלט. ווייטער האָט מען זיך פאָרגעשטעלט אַלערליי שרעקען און גרוילען. איבערהויפּט האָט קיין שיף פריהער זיך ניט אָדוואַזשעט צו שווימען ווייט פון ברעג, סיידען אַ שטורם האָט איהר פערטראָגען. שטעלט זיך זשע פאָר וואָס פאר אַ גייסט עס האָט זיך געפאָדערט אַזאַ רייזע דאַן צו מאַכען. צו האָבען אַזאַ גייסט און אַזאַ בעגייסטערונג, אַזאַ גלויבען אין אַן אידעע און אַזאַ פעסטקייט אין שטרעבען צו דעם אָנגעמערקטען ציעל — דאָס הייסט צו זיין איינער פון דיא ריעזען פון דעם מענשליכען געשלעכט. און ווען דער אָנגעמערקטער ציעל צייגט זיך אַרויס אַלס איינער פון דיא גרויסע טריאומפען אין דער מענשהייט'ס קאַמפף פאַר'ן וויסען, פאַר'ן פּראָגרעס, דאַן איז דער פּלאַץ

פון אזא מאַן צווישען דיא העלדען אין דער געשיכטע פון אונזער פאָרטשריט.

דזשאָזעף דזשייקאָבס בעמערקט, אז ווען וואסקאָ דא גאמא וואָלט זיך פון קאָלומבוס'ען ניט אָבגעלערענט צו שווימען ווייט פון ברעג, וואָלט ער אזוי גיך ניט געמאכט זיין רייזע ארום אפריקא צו אינדיען; און אז ווערענד שווימענדיג פאזע ברעג האָט געדויערט א יאָהר אכציג איידער מען האָט דערגרייכט בלויז דעם קאָפּ פון גוטע האָפנונג, האָט מען נאָך קאָלומבוס'עס ענטדעקונג ארומגערייזט דיא גאַנצע וועלט ארום און ארום אין 30 יאָהר.

קאָלומבוס איז גרויס ניט בלויז מיט זיין פּערזענליכקייט, ניט בלויז מיט זיין אייגענע אויפטהואונג, נור אויך מיט דעם שנעלען פאָרווערטס־מארש פון דיא אויפטהואונגען, צו וועלכע זיא האָט גע־פיהרט.

און דיעזער קאָלומבוס איז געווען א קינד פון דעם רענעסאַנס־פעריאָד, א פּראָדוקט פון יענער גרויסער ערוואכונג, וועלכע איז דער גרענעץ־צייכען צווישען דעם מיטעל־אלטער און דער נייער צייט.

קאָלומבוס'עס טיטלען און אלע רעכטע אויף „דיא אינדיעס“ האָט גע'ירשן'ט זיין עלטסטער זוהן, דיעגאָ. ער האָט זיך אָנגעפאנגען ענערגיש צו משפט'ן מיט דער קרוין, און געפאָדערט, אז אָוואנדאָ זאָל אראָפּגעזעצט ווערען און ער, דיעגאָ, זאָל ווערען וויצע־קעניג איבער היספּאַניאָלא און אלע אנדערע לענדער, וואָס זיין פאָטער האָט ענט־דעקט. ער האָט איצט געהאַט ספּעציעלע מוטה דאָס צו פאָדערען, ווייל ער איז שוין ניט געווען קיין „געוועהנליכער בשר ודם“, נור דער מאַן פון א הויכער פּרינצעססין פון דער קעניגליכער פאמיליע. אויב דער לעזער געדיינקט, האָט דיא געשטאָרבענע קעניגין איהם איינגעל־וויז צוגענומען אין איהר הויף אלס „פּאַזש“ צו איהר זוהן. דאָס איז געווען אין 1492, ווען זיין פאָטער האָט ענטדעקט אמעריקא. פון דענמאָלס אָן האָט ער זיך געהאָדעוועט אלס א מיטגליעד פון דער קע־ניגליכער הויז־געזינד, ביז אין איהם האָט זיך איינגעליעבט דיא איי־ניקעל פון קעניג פערדינאַנד'ס א מומע.

דיא חתונה איז געווען אין 1508, און דעם נעכסטען יאָהר האָט

מען צוריק־גערופען אוואנדא'ן פון היספאניאלא, און דיעגא קאלומבוס איז אהין אוועקגעפאהרען מיט זיין פרוי און מיט א גרויסע סוויטע.

דאך האט דער קעניג אלע זיינע פרעטענזיעס ניט נאכגעגעבען אהן א פראצעס. עס האט זיך אנגעפאנגען א משפט, אין וועלכען מען האט אויסגעהערט פיעלע עדות, און וועלכער האט געדויערט א היבשע צייט. אבער ענדליך האט דיעגא קאלומבוס פארט אויסגעפיהרט, הגם וועגען אייניגע לענדער, וועלכע זיין פאטער האט ענטדעקט (אויף דעם קאנטינענט פון זיד־אמעריקא), האט פערדינאנד זיך געמאכט ניט וויסענדיג.

## XXIV.

## פאַר וואָס רופט מען דאָס „אַמעריקאַ“?

דער בלבול אַז אַמעריקוס האָט דורך אַ שווינדעל אַוועקגענומען קאָלומבוס׳עס כבוד. — אַ מ ע ר י ג אָ ו ו ע ס פּ ו ט ש י; זיין יוגענד; זיין עמי־גראַציאָן נאָך שפּאַניען. — זיין בעקאַנטשאַפט מיט קאָלומבוס׳ען. — זיינע פיער רייזעס. — זיין בעשרייבונג פון זיין דריטע רייזע. — ער ברויכט צום ערשטען מאָהל דיא ווערטער „דיא נייע וועלט“. — דער בריעף ווערט איבערזעצט אויף לאַטיין און גערדוקט. — דעם רושם, וואָס ער האָט געמאַכט. — „די פערטע וועלט־טהייל“. — ר י נ ג מ אַ ן און ו ו אַ ל ד ז ע מ י ל ל ע ר. — וועספּוטשיוס׳עס פיער בריעף ווערען אָבגעדרוקט אין אַן איינלייטונג צו אַ געאָגראַפיע, וואו דער נאָמען אַמעריקאַ ערשיינט צום ערשטען מאָהל. — קאָלומבוס׳ס זוהן פּראָטעסטירט ניט. — וואָס דער נאָמען אַמעריקאַ האָט צוערשט בעדייטעט. — צוערשט בראַזיליען, דערנאָך, ביסלעכווייז גאַנץ זיד־אַמעריקאַ; ערשט שפּעטער גאַנץ אַמעריקאַ. — קאָלומבוס׳עס פריינד לאס קאַסאַס איז אַמעריגאָ׳ן חושד אין אַ שווינדעל. — אַ היסטאָרישער דרוק־פעה־לער. — דער נאָמען אַמעריקאַ אַ מאָנומענט פון קאָלומבוס׳עס בעגריפע.

אין דיא ווערק פון עמערסאָן, דעם בעריהמטען אמעריקאַנער שריי־בער, געפינט זיך דיא פאָלגענדע שטעלע:

„וויא זאָנדערבאַר דאָס איז, אַז אונזער ברייטע גרויסע לאַנד, אַמעריקאַ, מוז טראָגען דעם נאָמען פון אַ גנב! אַ מ ע ר י ג אָ ו ו ע ס־פּ ו ט ש י, אַן אוגערקע־הענדלער פון סעוויל, וועלכער האָט אין יאָהר 1499 זיך אַוועקגעלאָזען אויף אַ רייזע אַלס אַן אונוויכטיגער העלפער צו אָיעדאַ׳ן, און וועלכער האָט אַלס שיפּס־מאַן ניט געהאַט קיין שום ווערדע, האָט אין דיעזער ליגנערישער וועלט פערנומען קאָלומבוס׳עס פּלאַץ און אַ נאָמען געגעבען אַ העלפט פון דעם ערד־קוגעל נאָך זיין אונעהרליכען נאָמען“.

עמערסאָן איז געווען אַ פיינער שרייבער און אַן ערנסטער דענ־קער; אָבער אין דיעזען פאַל איז אין זיינע עטליכע שורות ניטאָ קיין

איין ריכטיגער וואָרט. אַלץ וואָס ער זאָגט דאָ וועגען אַמעריגאָ וועספּוטשי איז ניט מעהר וויא אַ בלבול.

דער בלבול איז אָבער ניט עמערסאָן'ס. ער האָט געבויט אויף אַן אַלגעמיין אָנגענומענער מיינונג, וועלכע האָט עקזיסטירט אַרום דריי הונדערט יאָהר. אָבער אין דעם 18טען יאָהרהונדערט האָבען וויסענשאַפטליכע פאָרשונגען שוין ענטדעקט דעם אמת, און אין עמערסאָן'ס צייט איז שוין פעסט־געשטעלט געווען, אַז אַמעריגאָ וועספּוטשי איז געווען אַ קרבן פון אַ מיספערשטענדניס. עמערסאָן איז איינפאַך ניט בעקאַנט געווען מיט דעם, וואָס וועגען דעם ענין איז אויסגעפונען געוואָרען אין דיא נייערע צייטען.

דיא בעשולדיגונג געגען אַמעריגאָ וועספּוטשי איז בעשטאַנען: ערשטענס אין דעם, דאָס ער האָט זיין נאָמען אַמעריגאָ אָדער אַמעריקוס (אויף לאַטיין) צוגעטשעפּעט צו דער וועלט, וועלכע ניט ער, נור קאָלומבוס האָט ענטדעקט; צווייטענס, אַז ער האָט געפעלשט דעם דאַטום פון זיינע אַ רייזע אום צו פּרעטענדירען, אַז ער האָט ענטדעקט דעם אַמעריקאַנער קאָנטינענט. וויא מען פלעגט דערצעהלען דיא געשיכטע, איז ער בעגאַנגען דעם פאָלגענדען שווינדעל: ער און אָיעדאָ האָבען בעזוכט דעם פּאַריא ברעג פון זיד־אַמעריקאַ אין 1499, דאָס הייסט אַ יאָהר שפּעטער וויא קאָלומבוס איז דאָרטען געווען (זעה אויבען, קאַפּיטעל 18), פאַר דער וועלט האָט ער אָבער דערצעהלט, אַז ער איז דאָרטען גאָר געווען מיט 2 יאָהר פריהער, נעמליך אין 1497, — דאָס הייסט מיט אַ יאָהר פריהער פאַר קאָלומבוס'ען; אַלזאָ קומט איהם און קיין אַנדערען דיא עהרע פון ענטדעקען דעם קאָנטינענט. ער האָט דיא אַלע לענדער וואָס קאָלומבוס האָט ענטדעקט אַ נאָמען געגעבען „נאָוואוס מונדוס“, דיא נייע וועלט, און האָט זיך אַרויסגעגעבען אַלס דער ענטדעקער; און אויף דיעזען סמך האָט מען זיין לאַטיינישען נאָמען, אַמעריקוס, געמאַכט פאַר דעם נאָמען פון דיא צוויי קאָנטינענטען פון דער מערב העמיספער. אַזוי איז געווען דיא אַלגעמיינע מיינונג, און זיא האָט זיך שפּעטער אַרויסגעצייגט אַלס פאַלש פון אָנפאַנג ביז'ן ענד.

„דער אמת איז אינטערעסאַנטער וויא אַן אויסגעטראַכטע מעשה“, זאָגט אַ ווערטעל. אין דיעזען פאַל איז דאָס געווים אַזוי. דער אמת וועגען אַמעריגאָ וועספּוטשי און דעם נאָמען „אַמעריקאַ“ איז פיעל

אינטערעסאַנטער ווִיא דער אַלטער בלבול, וואָס מען האָט, דורך אַ מיספערשטענדניס, אויסגעטראַכט אויף דיעזען געבילדעטען איטאַליענער, וועלכער האָט אין קאָלומבוסעס צייט זיך בעזעצט אין סעוויל, שפּאַניען.

דיא געשיכטע פון דעם, וויא מען האָט דיא נייע־געפונענע לאַנד אַ נאָמען געגעבען „אַמעריקאַ“ איז אָבער ניט בלויז אַן און פאַר זיך אינטערעסאַנט. זיא איז אויך אינטערעסאַנט און וויכטיג מיט דיא ליכט וואָס זיא העלפט גיסען אויף קאָלומבוס'עס ענטדעקונג גופא. דורך איהר ווערט אונז בעזונדערס קלאָהר און דייטליך וויא אַזוי קאָלומבוס אַליין האָט געקוקט אויף זיין גרויסע אויפטהואונג, און וויא אַזוי דיא גאַנצע ציוויליזירטע וועלט האָט דאַן אויף איהר געקוקט.

אַזוי ווי פון אַלע ווערק וואָס מיר האָבען וועגען דעם ענין געזעהן אויף ענגליש, דייטש און פראַנצויז, ווערט ער אַם בעסטען בעהאַנדעלט אין דזשאַהן פּיסק'ס „ענטדעקונג פון אַמעריקאַ“ (2טער באַנד), וועלען מיר דאָ דעם עיקר פון דער ערקלערונג איבערגעבען נאָך דיזען בוך. ביי פּיסק'ען געפינען מיר ניט בלויז אַם גרינדליכסטען דאָס, וואָס אַנדערע געלעהרטע האָבען אויפגעטהאָן מכח דיעזען פּונקט, נור אויך דעם רעזולטאַט פון זיינע אייגענע פאָרשונגען וועגען דעם. פּיסק'ס חסרון בעשטעהט אין דעם, וואָס ער פלעגט שרייבען אָהן אַ סיסטעם. ער פלעגט זיינע שורות שטעלען אויפ'ן פּאַפּיער וויא זיי האָבען זיך אַרויסגעכאַפּט פון זיין פעדער, ניט בעטראַכטענדיג צוערשט דעם סדר, אין וועלכען דיא פאַקטען און בעלייכטונגען דאַרפען געהן נאָך זייער שטרענגער לאָגישער אָרדנונג. זיין שרייבען איז קלאָהר, איינפאַך און לעבעדיג. ער פּעררעדט זיך אָבער אָפט אָן אַ זייט; און ווען ער קעהרט זיך אום, קומט ער ניט אימער גלייך צו דעם פּונקט, וועלכען ער האָט פערלאָזען. אין סך הכל געפינט איהר ביי איהם דיא דייטליכסטע ערקלעהרונג. זיא איז אָבער צוואוואָרפען און צוזייט און ניט זעלטען איז צוערשט שווער צו דערגעהן אַ טאָלק. אונז איז דעריבער אויסגעקומען אַלץ איבערצוזיפּען און איבער־צו־אָרגאַניזירען; אַזוי אָבער האַלטען מיר זיך ביי דער דערמאָהנטער טהייל פון זיין ווערק. דיעזע טהייל פערנעהמט העכער וויא 150 זייטלעך, וועהרענד מיר קענען דעם ענין בלויז אָבגעבען עטליכע בלעטער. דעם עצם אָבער פון פּיסק'ס ערקלעהרונג וועט דער לעזער, האָפּען מיר, ביי אונז געפינען.

צוערשט א פּאָר ווערטער וועגען אַמעריגאָ וועספּוטשי'ס פּערזאָן. ווער איז ער געווען ?

ער איז געבאָרען געוואָרען אין 1452 אין פלאָרענציע, איטאַליען, וואו זיין פאָטער איז געווען א נאָטאריוס ; און זיין ערציהונג האָט ער בעקומען ביי זיינעם אַן אָנקעל, א מאָנאך, וועלכער האָט געגעבען אונ־טערריכט צו עטליכע אַנדערע תלמידים אויך. צווישען אַמעריגאָ'ס מיט־שילער איז געווען איינער פּיערא סאָדעריני. דיעזער נאָמען איז אונז נויטיג, ווייל צו סאָדעריני'ן האָט אַמעריגאָ שפּעטער געשריעבען א בריעף וועגען זיינע רייזעס, און דיעזער בריעף שפּיעלט א וויכטיגע ראָלע אין אונזער פראַגע וועגען דעם נאָמען „אַמעריקאַ“.

ביי זיין פעטער האָט זיך אמעריגא אויסגעלערענט א ביסעל לי־טיין, הגם קיין גרויסער למדן איז ער אין דעם ניט געוואָרען. דערפאר האָט זיך אָבער שפּעטער ביי איהם ענטוויקעלט א חשק צו אסטראָ־נאָמיע, און ער האָט זיך אויסגעלערענט בעשטימען געאָגראפישע „ליינג“ און „ברייט“ (זעה ביילאַגע, זייטעל 645), דאָס הייסט בעשטי־מען אויף וועלכען פּונקט אויפ'ן ערד־קוגעל א געוויסער פּלאַץ ליגט. דיעזע קענטניס איז נויטיג פאר שיפס־לייטע, אום זיי זאָלען קענען וויסען, וואו זיי געפינען זיך, ווען זיי זיינען אויפ'ן מיטען ים, און אמעריגאָ האָט זיך אין דעם אויסגעצייכענט אויפ'ן העכסטען אָרט. מען דאַרף ניט פערגעסען, אַז אין פלאָרענציע האָט געוואוינט דער בע־ריהמטער אסטראָנאָם, טאָסקאַנעללי, וועלכער האָט צו קאָלומ־בוס'ען געשריעבען וועגען פאָהרען נאָך אינדיען איבער דער ברייט פון דעם אטלאַנטישען אָקעאַן. אַזוי וויא אמעריגאָ האָט געהאט א גרויסען חשק צו אסטראָנאָמיע, איז נאַטירליך זיך פאָרצושטעלען, אַז ער האָט מיט דעם גרייזען געלעהרטען פון זיין שטאָדט געהאט געשפּרעכען אי־בער דיעזען געגענשטאַנד און זיך צו איהם געווענדעט נאָך ערקלעהרונ־גען וועגען דעם ; וואָרים אמעריגאָ'ס פאמיליע איז געווען איינע פון דיא אַלטע און אנגעזעהנע משפחות אין פלאָרענציע, און מיט אזא מאַן וויא טאסקאנעללי איז ער געווים געווען בעקאַנט.

מיר ווייסען שוין, אַז דיא גרויסע איטאַליענישע שטעדט פון יע־נער צייט, וויא ווענעציע, גענוא, פּיזא, אמאלפי, פלאָרענציע, זיינען הויפּטזעכליך געווען האַנדעלס־שטעדט. פאר דעם קינד פון א „פיינע פאַמיליע“ וויא מען רופט עס, צו ווערען א געשעפטסמאַן איז דאָרטען

געוועזן א געוועהנליכע זאך. דיא העכסטע אריסטאָקראטיע פון דער רעפּובליק־שטאָדט, די מ ע ד י ט ש י פאמיליע, האָט געהאט א גרויסע האנדעלס־פירמע, און צו איהר האָט מען אוועקגעגעבען דעם יונגען וועספּוטשי. דער נאָמען מעדיטשי וועט אונז אויך נויטיג זיין, ווייל צו איינעם פון דיעזער פאמיליע האָט אמעריגאָ שפּעטער אויך געשריעבען א בריעף וועגען איינע פון זיינע רייזעס.

אזוי האָט ער אין זיין געבורטס־שטאָדט פערבראכט ביז פערציג יאָהר. זיין גרעסטער אינטערעס, אין זיינע פרייע שטונדען, איז געוועזן געאָגראפיע. ער האָט אימער געזאמעלט לאנד־קארטען, ים־רייזע קארטען, גלאָבוסען, און האָט אליין זיך אויך אויסגעלערענט צו צייכענען קארטען. דיא מעדיטשי פאמיליע האָט געהאט גרויסע געשעפטס־פערבינדונגען מיט שפּאניען, און ארום 1490, האָט איהם דיא פירמע געשיקט נאָך בארצעלאָנא, אלס איהר פאָרשטעהער. דריי יאָהר שפּעטער, אין 1493, איז אמעריגאָ אָנגעשטעלט געוואָרען אין דעם שפּאנישען געשעפט פון ב ע ר א ר ד י, אויך א פלאָרענטינער (פלאָרענציער) פירמע. בערארדי אליין האָט געוואוינט אין שפּאניען שוין ניין יאָהר, און ער איז בעפריינדעט געוועזן מיט קאָלומבוס'ען. וויא אין א פריהערדיגען קאפּיטעל איז שוין געזאָגט געוואָרען, האָט דיעזער בערארדי בעקומען פון דער שפּאנישער רעגיערונג דעם קאָנטראקט צוצוריכטען דיא שיפען, מיט וועלכע קאָלומבוס האָט געמאכט זיין צווייטע רייזע. ביין ענד פון 1495 איז בערארדי געשטאָרבען, און אמעריגאָ וועספּוטשי האָט פערנומען זיין פּלאץ אין בעזאָרגען קאָלומבוס'עס שיפען.

אויף דיעזען ארט איז ער געקומען אין בעריהרונג מיט דעם אדמיראל, און זיי זיינען גוט בעקאנט געוואָרען. פון א בריעף, וועלכען קאָלומבוס האָט געשריעבען צו זיין זוהן דיעגאָ, און וועלכער עקסיסטירט נאָך, זעהט מען, אז זיינע פערהעלטניסע צו אמעריגאָ וועספּוטשי זיינען געוועזן זעהר פריינדליכע.

איצט קענען מיר שוין איבערגעהן צו דיא רייזעס, וואָס אמעריגאָ האָט געמאכט.

פון דיא בריעף, וואָס ער האָט געשריעבען צו זיין יוגענד־חבר סאָדעריני און צו זיין פריהערדיגען בעל־הבית לאָרענזא מ ע ד י ט ש י, ווייס מען, אז פון דעם יאָהר 1497 ביז דעם יאָהר 1504

האָט ער, אַמעריגאַ, געמאַכט פיער רייזעס נאָך דיא נייע לענדער. ער איז ניט געווען דער קאָמאַנדיר איבער אַלע דיעזע רייזעס; אויך האָט ער ניט געדיענט אַלס שיפס־קאַפּיטאַן אויף קיינע פון זיי. מען האָט איהם אָבער יעדנפאַלס מיטגענומען אַלס אסטראָנאָם און פּילאָט.

דיעזע פיער רייזעס זיינען געווען:

1) דיא, וואָס ער האָט געמאַכט מיט ווינצענט פינזאָן אין 1497. דיעזע עקספּעדיציע איז דערגאַנגען צו יוקאַטאַן און ווייטער צו צפון צו.

2) דיא, וואָס ער האָט געמאַכט מיט אָיעדא'ן אין 1499, ווען אָיעדא איז צוגעשוואומען צו היספּאַניאָלא, און ראָלדאַן (שוין נאָך זיין אויפשטאַנד) האָט איהם אין קאָלומבוס'עס נאָמען געצוואונגען צו פער־לאָזען דעם אינזעל. אויף דיעזע רייזע האָט אָיעדא און וועספּוטשי בעזוכט דעם פּאַריאַ ברעג מיט דעם פּעריל ברעג.

3) דיא דריטע רייזע האָט אמעריגא וועספּוטשי שוין געמאַכט ניט אונטער דער שפּאַנישער, נור אונטער דער פּאָרטוגעזישער פאָהן. דאָס איז געווען דיא עקספּעדיציע, וועלכע קעניג מאַנועל האָט ארויס־געשיקט גלייך נאָך דעם, וויא קאַבראַל האָט ענטדעקט אמעריקא (בראַ־זיליען) דורך אַ צופאַל. קאַבראַל, וויא מיר ווייסען, האָט פון בראַ־זיליען פאָרטגעזעצט זיין רייזע נאָך קאַליקוט, אינדיען, און צו דער זעל־בער צייט האָט ער געשיקט לאָזען וויסען זיין קעניג וועגען דער אונער־וואַרטעטער ענטדעקונג וואָס ער האָט געמאַכט. מאַנועל האָט וועס־פּוטשי'ן איינגעלאַדען צו דיענען ביי איהם נאָך מיט אַנדערהאַלבען יאָהר פריהער. אַלזאָ, האָט ער איצט (דעם 14־טען מאַי, 1501), איהם געשיקט אויף אַ פאָרשונגס־רייזע נאָך בראַזיליען.

4) אַ פערטע רייזע האָט אַמעריגאָ געמאַכט מיט דעם פאָרטוגע־זישען שיפס־קאַפּיטאַן קאָעלהאָ, אין 1504.

דערנאָך, אין דעם זעלבען יאָהר, איז ער צוריק אָנגעקומען אויף דער דיענסט אין שפּאַניען, שוין מיט דעם טשין פון קאַפּיטאַן; אין פיער יאָהר שפּעטער האָט איהם דער שפּאַנישער טהראָן געגעבען דיא הויכע אמט פון הויפּט־פּילאָט, דאָס הייסט, אז ער האָט געהאַט צו זאָ־גען איבער דיא פעהיגקייט פון אַלע פּילאָטען, און אָהן זיין אונטער־שריפט האָט קיינער ניט געהאַט קיין רעכט צו פיהרען שיפען. אויך איז ער געווען דער גענעראַל־אינספּעקטאָר איבער אַלע אָפיציעלע לאַנד־קאַרטען, ים־רייזע־קאַרטען און גלאָבוסען. ווען ער איז געשטאָר־

בען, האָט מען דיעזע שטעלע געגעבען יואן דע ס א ל י ס'ען, איינעם פון קאָלומבוס'עס מיטרייזענדע, און נאכהער — ס ע ב א ס ט י א ן ק א ב אָ ט ' ן, דעם איטאַליענישען שיפס־רייזענדער, וועלכער האָט מיט זיין פאָטער ד ז ש א ה ן ק א ב אָ ט, געמאַכט דיא ערשטע צוויי רייזעם נאָך נאָרד־אמעריקא אונטער דער ענגלישער פאָהן (זעה אויבען, זייטעל 462 און 463).

אַלס שפּאַנישער קאַפּיטאַן, האָט אמעריגא וועספּוטשי געמאַכט עטליכע רייזעם.אָבער זיי שפּיעלען קיין ראָלע ניט אין דער געשיכטע פון דעם נאָמען אמעריקא. צו דיעזער געשיכטע דארפען מיר האָבען אין זינען נור דיא אויבען אויסגערעכענטע פיער — הויפּטזעכליך דיא ערשטע דריי.

אין זיין בריעף צו ל אָ ר ע נ ז אָ מ ע ד י ט ש י האָט אמעריגא בע־שריעבען זיין דריטע רייזע, דאָס הייסט דיא, וואָס ער האָט געמאַכט אונטער דער פּאָרטוגעזישער פאָהן; אין דעם בריעף צו סאַדעריני, וויעדער, דערצעהלט ער, בקיצור, וועגען אַלע פיער רייזעם. לאָמיר צוערשט איבערגעבען דעם אינהאַלט פון דעם ערשטען בריעף*).

*) פיסק גיט איבער בלויז א פּאָר שטיקלעך פון אמעריגא'ס בעשרייבונג. פאר אונז ליגט אָבער אויך אָבער'ס „אמעריגא וועספּוטשי“, וואו אמעריגא'ס בריעף צו לאָרענזאָ מעדיטשי ווערט געגעבען אין גאַנצען. אגב אורחא, — מען האָט אויך ענטדעקט אַ בריעף, וועלכען וועספּוטשי האָט צו לאָרענזאָ מעדיטשי געשיקט פון וועג, אויף דיעזע דריטע רייזע זיינע, בשעת דיא שיפען האָבען זיך אָבגעשטעלט אין גינעא, אפריקא. דאָרטען האָט וועספּוטשי זיך דאָס בעגעגענט מיט קאבראל'ען און מיט דעם אידען גאספּאר דא גאמא. וועגען דיעזען בריעף רעדט ריטשאַרד הענרי מעידזשאָר אין זיין „פּרינץ הענריך דער נאוויגאטאָר“. אין איהם האָט אמעריגא וועספּוטשי פאר זיין פריהערדיגען בעל־הבית דאָס דערצעהלט, וואָס דער איד האָט איהם איבערגעגעבען וועגען קאַבראַל'ס רייזע (זעה זייטעל 489 און 490). דיא בעשרייבונג פון דער דריטער רייזע און פון זיינע ערפאהרונגען אין זיד־אמעריקא, איז אַלזאָ דער אינהאַלט פון א נעכסטען בריעף, וואָס וועספּוטשי האָט געשריעבען צו מעדיטשי'ן. ער פאַנגט זיך אָן מיט דיא ווערטער: „מיין פאָריגער בריעף צו אייער עקסעללענץ איז געוועזען געשריעבען פון קאפּ ווערד; דאָרטען האָב איך גערעדט וועגען דעם אָנפאַנג פון מיין רייזע. איצט וועל איך אייך שרייבען וועגען איהר פאָרטזעצונג און ענד“....

ווען דיא שיפען האָבען דערגרייכט דיא לאַנד, וועלכע קאַבראַל האָט ענטדעקט און וועלכע מען האָט שפּעטער א נאָמען געגעבען בראזיליען, האָבען זיי זיך אוועקגעלאָזט אויספאָרשען דעם ברעג ווייטער צו דרום צו. פון צייט צו צייט האָבען דיא רייזענדע זיך אָבגעשטעלט בעקוקען דיא לאַנד. אין איין אָרט זיינען פון דיא שיפען צוויי פון דיא רייזענדע אַוועק אויפ'ן ברעג מיט דער ערלויבניס זיך צו זאַמען פינף טעג. זיי זיינען אָבער קיין מאָל ניט געקומען צוריק. ווען עס האָבען זיך בעוויזען אינדיאַנער (אַלע נאַקעטע) האָבען זיי זיך געהאַלטען פון ווייטען. דיא מענער האָבען זייערע פרויען געהייסען צוגעהן נעהענטער און ריידען מיט דיא ווייסע; זיי האָבען אָבער ניט געפאָלגט. דאַן האָט זיך צווישען דיא פּאָרטוגעזער געפונען א כוואַטסקער יונגער מאַן, וועלכער האָט זיך אויסגערופען צו געהן אויפ'ן ברעג, ריידען מיט זיי. צו דער זעלבער צייט האָבען אַנדערע פּאָרטוגעזער זיך געזעצט אין דיא רעטונגס־שיפלעך, אום דיא ווילדע צו ווייזען, אז זיי זיינען מענשען מיט זיי צוגלייך, און אַז זיי דאַרפען זיך פון זיי ניט צוריק־האַלטען.

ווען דער יונגער מאַן איז צוגעגאַנגען צו דיא פרויען, האָבען זיי איהם ארומגערינגעלט און בעקוקט מיט גרויס בעוואונדערונג, טאַפּענדיג און שמעקענדיג זיינע קליידער. ווערענד זיי זיינען אַזוי געשטאַנען, איז פון אַ באַרג אַראָפּגעקומען נאָך אַ פרוי, מיט אַ שווערען שטעקען אין האַנט. זיא איז צוגעקומען צו דעם יונגען פּאָרטוגעזער פון הינטען און האָט איהם געגעבען אזא זעץ איבער'ן קאָפּ מיט דעם גראָבען שטעקען, אז ער איז געפאַלען טוידט אויפ'ן אָרט. גלייך האָבען די אַנדערע פרויען זיין קערפּער אָנגענומען פאַר די פיס און אַוועקגעשלעפּט צו דיא בערג. און דיא מענער זיינען צוגעלאָפען צום ברעג און האָבען גענומען רעגענען אויף דיא ווייסע מיט פיילען. דיא פּאָרטוגעזער פון דיא שיפלעך זיינען געווען הילפלאָז, ווייל זיי זיינען ארויף אויף א זאמדיגען ברעג, און פיעלע פון דיא פיילען האָבען זיי דערגרייכט. זיי זיינען אזוי צוטומעלט געוואָרען פון שרעק, אז אייניגע מינוטען האָט קיינער פון זיי ניט געוואוסט וואָס צו טהאָן. באַלד אָבער האָט מען פון דיא שיפען אויסגעשאָסען מיט קאַנאָנען, און דיא רויטקויטיגע זיינען זיך צולאָפען צום באַרג. דערווייל האָבען דיא אינדיאַנער פרויען דעם טוידטען פּאָרטוגעזישען יונגען מאַן צושניטען

אויף שטיקער און איהם געבראָטען אויף אַ גרויסען פייער; און דערנאָך האָבען זיי פון ווייטען דיא ווייסע געוויזען וויא זיי עסען זיין געבראָטענע פלייש. צו דער זעלבער צייט האָבען דיא מענער אויפ'ן וואונק געגעבען דיא פּאָרטוגעזער צו פערשטעהן, אז יענע צוויי ווייסע האָבען זיי אויך געטוידט און אויפגעגעסען.

אין אנדערע פּלעצער זיינען דיא אינדיאנער געווען פריינדליך, אָבער אמעריגאָ'ן האָט געעקעלט זייער „זינדיגער צולאָזענער לעבען" — וויא ער האָט זיך אויסגעדריקט. „אַלע זייערע פרויען בעלאַנגען צו אַלעמען אין איינעם (זעה אויבען, זייטעל 266)" — שרייבט ער וועגען דיא רויט־הויטיגע פון דיעזע געגענדען — „און זיי האָבען ניט קיין קעניגע, ניט קיין טעמפּלען, ניט קיין געצען. אויך האָבען זיי ניט קיין האַנדעל, און קיין געלט. זיי האָבען אָבער מלחמות צווישען זיך. זיי שלאָגען זיך מערדערליך און אָהן שום אָרדנונג. זיי עסען מענשען־פלייש. איך האָב געזעהן אַן עקעלהאַפטען נפש, וועלכער האָט זיך בע־ריהמט, אַז ער האָט שוין אויפגעפרעסען דריי הונדערט מענער. אין איין שטעדטעל, וואו איך בין פערבליבען 27 טעג, האָב איך אין די היי־זער געזעהן הענגענדיג פון באַלקען איינגעזאַלצענע שטיקער מענשען־פלייש. ווען מיר האָבען זיי געזאָגט, אַז מיר עסען ניט אונזערע בע־זיעגטע פיינדע, זיינען זיי איבערראשט געוואָרען; דערביי האָבען זיי אונז פערזיכערט, אז דיא פלייש פון פיינדע איז זעהר געשמאַק."

וויטער דערצעהלט אמעריגא וויא וויט זיי זיינען געפאָהרען אויף יענער זייט פון דעם עקוואַטאָר. זיי זיינען געווען וויטער צו דרום וויא דער דרום ברעג פון אפריקא (דער קאַפּ פון גוטע האָפנונג); ער בעשרייבט מיט איינצעלהייטען דיא שטערען, וועלכע ער האָט גע־זעהן זעה ביילאַגע, זייטעל 625־627). פיעלע נאַטור־ערשיינונגען זיינען דאָרט אַנדערש ווי אויף דער אייראָפּעאישער זייט פון דעם עקוואַטאָר, און זאָגאַר ווי אָרום דעם קאַפּ פון גוטע האָפנונג. דאָסזעלבע איז מיט די פלאַנצונגען, פויגלען, חיות. ניט אַלעס, וואָס ער שרייבט, איז אין גאַנ־צען ריכטיג; אָבער דאָס הייסט ניט, אז ער האָט געזאָגט ליגען. עס הייסט בלויז, אז קיין גרינדליכע בעאָבאַכטונגען האָט מען דאַן ניט גע־מאַכט. אין אַלגעמיינעם אָבער איז זיין בעשרייבונג פול מיט איינצעל־הייטען, וועלכע זיינען אי ריכטיג, אי אינטערעסאַנט.

„דיא זאכען, וועלכע איך האָב דאָרטען געזעהן, זיינען ביז היינט

אונבעקאַנט געווען“, — שרייבט ער — „איך מיין דיא דאָרטיגע מענ־שען, זייער אַרט לעבען, דיא פרוכטבאַרקייט פון דיא ערד, דיא מילד־קייט פון דער לופט, דיא שטערען; פון אייניגע פון דיעזע שטערען האָט מען גאָר ביי אונז קיין מאָל ניט געוואוסט, — אפילו די גרעסטע געלעהרטע פון פאַרצייטען (פון אַלט־גריכענלאַנד און רוים).... דיא לאַנד ענטהאַלט ניט קיין אנדערע מעטאַלען וויא גאָלד. אויך איז פאַ־ראַן אַ מאַסע פעריל און טהייערע שטיינער. פליני’ן (דער געלעהרטער פון אַלטען רוים), וועלכער האָט צוזאמענגעקליבען בעשרייבונגען פון פיעלע זאכען, האָט זיך אפילו ניט גע’חלום’ט קיין טויזענדע טייל פון אַלץ, וואָס איך האָב געזעהן... אויב עס איז פאַראַן א גן־עדן־קרייז אויף דער ערד, מוז ער זיך געפינען ניט ווייט פון דיעזע געגענדען....“

מען האָט פערבראַכט אזוי פיעל צייט אין בעקוקען דיא לאַנד, אַז די רייזע האָט געדויערט זעהר לאַנג; אָבער ענדליך זיינען די רייזענדע געקומען אזוי ווייט צו דרום צו, אז זיד־אמעריקא קומט שוין דאָרטען אוים ווייט צו מערב זייט פון דעם פאַפסט’ס גרענעץ. דאָרטען האָט שוין פאָרטוגאַל קיין רעכט ניט געהאַט צו מאַכען ענטדעקונגען; אַלזאָ, האָבען דיא שיפען פערלאָזען דעם ברעג, און זיינען אוועק איבער’ן אָפענעם אטלאַנטישען אָקעאַן, — אַלץ צו דרום, נור צו דער זעלבער צייט שוין צו מזרח־זייט־צו, אום צו זיין אויף דער פאָרטוגעזישער זייט פון דעם פאַס. דיא נעכט זיינען געוואָרען לענגער און לענגער, וואָרים דיא שיפען זיינען אָבגעפאָהרען אַלץ ווייטער פון דעם עקוואַטאָר און צוגעקומען אַלץ נעהענטער צום זיד־פאָל, ביז ענדליך האָבען אונגע־וועהנליכע שטורמען דיא רייזענדע געצוואונגען צו פערקערעווען זיך צו־ריק צו צפון, נאָך ליסאבאָן.

דיא שיפען זיינען געקומען נאָך ליסאבאָן דעם 7־טען סעפטעמבער, 1502. ווען מען האָט געהערט דיא איינצעלהייטען פון דער רייזע, איז מען איבערראַשט געוואָרען. דיא עקספעדיציע האָט צו דרום דער־גרייכט א היבשע שטיק ווייטער וויא דער קאַפ פון גוטע האָפנונג, און ניט אויף דעם מזרח העמיספער, נור ווייט־ווייט איבער דעם „ים פון פינסטערנים“, ווייט־ווייט אין אַן אונבעקאַנטע וועלט, און אין קאַלטע מדינות. דיא יבשה אַליין, וואָס אמעריגא האָט בעזוכט, האָט זיך גע־צויגען, וועניגסטענס, אַזוי ווייט וויא אפריקא. ווייטער איז ער דאָר־

טען ניט געפֿאָהרען. און ווער ווייסט, וויפיעל דיא לאנד געהט דאָרטען נאָך ווייטער?

וואָס־זשע איז דאָס פאר א לאנד אזעלכע?

אז דאָס זאָל אויך זיין א טהייל פון אזיען, האָט מען זיך ניט פֿאָרגעשטעלט, וואָרים דעם מזרח און דרום ברעג פון אזיען האָט דאָך בעזוכט מארקאָ פּאָלאָ, און ער האָט אזוי ווייט צו צפון ניט געהאט צו שווימען. אלזאָ, איז מען געווען איבערציינגט, אז דאָס איז עפּעס א בעזונדערער קאָנטינענט.

דער זעלבער אמעריגאָ וועספּוטשי האָט אין 1497 בעזוכט דיא היינטיגע האָנדוראָס, און זאָגאר דעם ברעג פון פ ל אָ ר י ד א. וועגען דיעזע לענדער איז ער אָבער געווען זיכער, אז זיי זיינען א טייל פון אזיען, פונקט וויא קאָלומבוס'עס אינזלען. דיא גרויסע שטיק לאנד אָבער, וועלכע ער האָט איצט בערייזט אויף פּאָרטוגעזישע שיפען, איז א בעזונדערער קאנטינענט — אזוי האָט ער געגלויבט, און אזוי האָבען אלע געגלויבט.

דיא געלעהרטע פון אלטען גריכען־לאנד און רוים האָבען קיין מאָל פון אזא לאנד ניט געוואוסט. דאָס איז א גאנץ אונבעקאַנטע, א גאנץ נייע וועלט.

ווען מען איז אין אפריקא אריבער איבער דעם עקוואטאָר, איז דיא איבערראשונג אויך געווען גרויס. אָבער דאָך איז דאָס געווען ניט מעהר וויא א פֿאָרטזעצונג פון דער אלטער־אלטער אפריקא, וואו מצרים געפינט זיך, וואו דיא זאהארא וויסטענעס ליגט. דאָ אָבער האָט זיך געהאנדעלט אום א לאנד אזוי לאנג וויא אפריקא, ווענינגסטענס, וועגען וועלכע קיינער האָט פריהער ניט געהערט. דאָס איז דער עיקר.

ביי'ן אנפאנג פון אמעריגאָ'ס בריעף צו לאָרענזאָ מעדיטשי געפינען מיר דעריבער דיא פאָלגענדע שורות, וועלכע דיענען אלס איינער פון דיא עטליכע שטאפּלען אין דער געשיכטע פון דעם נאָמען „אמעריקאָ“.

„איך האָב אייך שוין פריהער געשריעבען וועגען מיין אומקעהרען זיך פון יענע נייע לענדער, וועלכע מיר האָבען בעזוכט אויף דיא שיפען און אויף דיא קאָסטען פון זיין הויכהייט, דעם קעניג פון פּאָרטוגאל. עס איז ניט מעהר וויא רעכט, אז מען זאָל זיי רופען נ י י ע ו ו ע ל ט ;

וואָרים אונזערע פאַרצייטיגע געלעהרטע האָבען וועגען זיי ניט געוואוסט*), און יעדער, וואָס הערט דערפון, איז איבערראַשט. עס געהט אַריבער אַלע בעגריעפע פון דיא פאַרצייטיגע געלעהרטע, וואָרים מייסטע פון זיי זאָגען דאָך, אַז אויף יענער זייט עקוואַטאָר איז ניטאָ קיין קאָנטינענט, אַז דאָרטען געהט בלויז דער אַנטלאַנטישער אָקעאַן; און אויב איינער פון זיי האָט שוין יע געזאָגט, אַז דאָרטען איז פאַראַן אַ קאָנטינענט, האָט ער געגלויבט, אַז קיינער קען דאָרטען ניט וואוינען. מיין לעצטע רייזע האָט אָבער בעוויזען, אַז דיעזע מיינונג איז אבסאָלוט פאַלש, וואָרים אין יענע דרום געגענדען האָב איך געפונען אַ קאָנטינענט, וועלכער איז געדיכטער בעוואוינט פון מענשען און חיות וויא אונזער אייראָפּאַ, אזיען, אָדער אפריקא. נאָך מעהר: דער קלימאַט איז דאָרטען מיטעלמעסיגער און אַנגענעהמער וויא אין יעדען אַנדערען געגענד, פון וועלכען מיר ווייסען...“

דיא ווערטער „נייע וועלט“, וועלכע אמעריגא האָט דאָ געברויכט

*) און וואָס דיא פאַרצייטיגע געלעהרטע האָבען ניט געוואוסט, האָט קיינער ניט געוואוסט און ניט געקענט וויסען — אזוי האָט עס געהייסען אין דעם גאַנצען מיטעל־אַלטער, און אזוי האָט עס נאָך געהייסען אין קאָלומבוס'עס און וועספּוטשי'ס צייטען. דיא געלעהרטע פון דער אַלטער גריכענלאַנד און רוים האָבען ביי דיא געבילדעטע מענשען פון מיטעל־אַלטער געשפּיעלט פּונקט אַזאַ ראָלע וויא דיא תנאים און אמוראים, למשל, שפּיעלען ביי אַלט־מאָדישע אידען. דיא וועלט מאַכט ניט קיין פאָרטשריטע אין פערשטאַנד. פערקעהרט, זיא האָט זיך אָבגעשטעלט מיט אַ לאַנגע צייט צוריק, און זיא ציהט איהר גייסטיגע חיונה פון דיא אַלטע אָבגעשטאָרבענע דורות — אַזוי דענקען עד היום אונזערע טאַטעס און זיידעס און אַזוי האָבען, אויף זייער שטייגער, געדענקט אַלע געבילדעטע מענשען פון דעם גאַנצען מיטעל־אַלטער. דער אונטערשיעד איז אָבער, וואָס ביי דיא לעצטע איז דיעזער געדאַנק געווען אַ ריכטיגער, וואָרים נאָך דער אַלטער גריכענלאַנד און רוים איז דיא וויסענשאַפט, ליטעראַטור און קונסט טאַקע אויף פיעלע יאָהר־הונדערטע אָבגעשטעלט געוואָרען, וועהרענד דיא מיינונג פון אונזערע אַלט־מאָדישע היינטיגע אידען איז אַ קינדערשער טעות, — דיא פרוכט פון אָבערגלויבען און אונוויסענהייט.

אין זיין פּריוואַט־בריעף, איז בעשערט געווען צו שפּיעלען אַ גרויסע ראָלע.

אין אָנפאַנג פון 1504 איז ערשיענען אַ ליטיינישע איבערזעצונג פון זיין בריעף צו לאָרענזאָ מעדיטשי, און אלס טיטעל אויף דער בראָשורע, האָט דער איבערזעצער ארויפגעשטעלט דיא צוויי ווערטער „נייע וועלט“ (נאָוואוס מונדוס אויף ליטיין). דיא בראָשורע האָט געהאַט אַ גרויסען ערפאָלג. מען האָט איהר אַזוי צוכאַפּט, אַז ווענינסטענס עלף מאָל האָט מען איהר איבערגעדרוקט אין איין יאָהר אויף ליטיין, און אַ חוץ דעם זיינען דיא ערשטע צוויי יאָהר פון איהר ערשיענען אכט אויסגאַבען אין אַ דייטשע איבערזעצונג. דער געדיכט־בעוואוינטער קאָנטינענט אויף יענער זייט עקוואַטאָר, דער קאָנטינעט, פון וועלכען דיא געלעהרטע גריכען און רוימער האָבען ניט געוואוסט, האָט ארויסגערופען אַלגעמיינע איבערראַשונג.

קאָלומבוס׳עס לאַנד איז דאָך ניט געווען קיין קאָנטינענט, פון וועלכען דיא אַלטע געלעהרטע האָבען ניט געוואוסט. ער אַליין האָט דאָך גע׳טענה׳ט, אַז דאָס איז אַזיען. אַי וועגען דעם פּאַריא ברעג האָט ער יאָ געגלויבט, אַז דאָס איז אַ קאַנטינענט? האָט ער, ערשטענס, דאָס ניט געוואוסט בעשטימט: ער האָט זיך אַליין געוואַקעלט אין זיין מיינונג. צווייטענס, האָט ער יעדענפאַלס קיין בעגריעף ניט געהאַט, אַז דער קאנטינענט איז אַזוי לאַנג וויא אפריקא, מיט אנדערע ווערטער, אַז ער ציהט זיך ווייט אויף דער דרום־זייט פון דעם עקוואַטאָר — דאָרטען וואו דיא פאַרצייטיגע האָבען געמיינט ענטוועדער, אַז עס איז קיין קאנטינענט ניטאָ אָדער אַז עס איז דאָ, נור קיין לעבעדיגע בעשעפענים קען דאָרט ניט וואוינען.

ווען מען פלעגט רעדען וועגען דער פראגע, צי אויף יענער זייט עקוואַטאָר איז פאַראַן אַ וועלט, צו ניט, פלעגט מען דאָס אָנרופען דיא פערטע טייל. אייראָפּאַ, אַזיען און אַפריקאַ זיינען דריי טאָלען, און אויב עס איז פאַראַן נאָך אַ קאנטינענט ערגעץ־וואו צו דרום זייט, איז דאָס דיא פערטע טייל. אמעריגא האָט אַלזאָ טאַקי געפונען אַ „פערטע טייל“, הייסט עס. מיט קאָלומבוס׳עס ענטדעקונגען האָט דאָס ניט געהאַט צו טהאָן, ווייל זיינע לענדער זיינען דאָך אַזיען,—דיא אַלטע „צווייטע טייל“.

דאָס בכלל און דיא איבערראַשענדע אַסטראָנאָמישע און אַנדערע

נייעסען פון אמעריגא׳ס דריטע רייזע בפרט, האָבען געמאַכט אַ גרויסען רושם, און דיא צוויי ווערטער „נ י י ע  װ ע ל ט“, וועלכע דער לייטייני־שער איבערזעצער האָט ארויסגעשטעלט אלס איבערשריפט אויף זיין בראָשורע, איז געוואָרען אַלגעמיין בעקאַנט, פּאָפּולער. מיט דער צייט האָט מען דיא צוויי ווערטער גענומען שטעלען אויף דיא לאַנד־קאַרטען, נעמליך אויף בראזיליען. צו קאָלומבוס׳עס לענדער האָט דאָס אַלץ קיין שום שייכות ניט געהאַט.

דער איבערזעצער פון קאָלומבוס׳עס בריעף צו מעדיטשי איז געוועזען דזשיאָקאָנדאָ, אַ געלעהרטער איטאַליענער מאָנאָך, אַ פריינד פון דער מעדיטשי פאַמיליע. ער איז געוועזען אַ גרויסער מאַטהעמאַטיקער און ארכיטעקט. ער האָט אַנטייל גענומען אין בויען אייניגע פון די בעריהמ־טעסטע קירכען אין איטאַליען. ווען אמעריגא וועספּוטשי האָט גע־שריבען צו מעדיטשי, האָט דיעזער דזשיאָקאָנדאָ זיך געפונען אין פּאַ־ריז, וואו ער האָט געבויט דעם נאָטר דאַם בריק, וועלכער שטעהט נאָך היינט. דאָרטען, אין פּאַריז, האָט ער געמאַכט זיין לייטיינישע אי־בערזעצונג, און דאָרטען איז זיא צום ערשטען מאָל אָבגעדרוקט געוועזען אויך.

אין פּאַריז האָט דאַן שטודירט אַ דאָרער, בלייכער יונגער מאַן פון צוויי און צוואַנציג יאָהר, מ אַ ט ט ה י א ס  ר י נ ג מ אַ ן, פון לאָטהרינגען. ער איז געוועזען אַ פעהיגער סטודענט, און האָט זיך אויסגעצייכענט אין שרייבען פערזען אויף לייטיין. ער איז בעקאַנט געוואָרען מיט דזשיאָקאָנדאָ און מיט זיין איבערזעצונג פון אַמעריגאָ וועספּוטשי׳ס בריעף, און אַ קורצע צייט נאָך דעם האָט ער דאָס איבער־געדרוקט אין  ש ט ר א ס ב ו ר ג, לאָטהרינגען.

ניט ווייט פון שטראסבורג געפינט זיך דיא שטעדטעל  ס ע ן, ד י ע, וואו דער לאָטהרינגער פירסט האָט אויפגעהאַלטען אן אוניווער־סיטעט, און אַ דרוקערײ. אין דער צייט, וועגען וועלכע מיר רעדען, זיינען זיך דאָרטען צוזאַמענגעפאָהרען עטליכע געלעהרטע און פעהיגע יונגע לייט. באַלד איז אהין געקומען פון פּאַריז דער עילוי, מ אַ ט ט ה י א ס  ר י נ ג מ אַ ן, און מען האָט איהם דאָרטען געמאַכט פאַר פּראָפעסאָר פון לייטיין. צו דער זעלבער צייט איז אַלס פּראָפע־סאָר פון געאָגראַפיע אהין אָנגעקומען אַ יונגער מאַן מיט׳ן נאָמען

מארטין וואלדזעמיללער, און דיא צוויי יונגע פּראָ־פעסאָרען זיינען אינטים בעפריינדעט געוואָרען.

דאָ דארף מען בעמערקען, אז ווען רינגמאן איז געוואָרען פּראָפעסאָר אין סען דיע, איז ער שוין געוועזען א בעגייסטערטער אנהעננער פון דעם רייזענדען, אמעריגא וועספּוטשי, וועגען וועלכען ער האָט זיך פיעל אָנגעהערט פון זיין פריינד דזשיאקאָנדאָ, אין פּאריז. דזשיאקאָנדאָ'ס איבערזעצונג פון וועספּוטשי'ס בריעף האָט ער שוין דאן געהאט געדרוקט אין שטראססבורג.

באלד האָט רינגמאן זיך דערוואוסט אז עס איז ערשיענען א נייע רייזע־בעשרייבונג פון אמעריגא וועספּוטשי — זיין בריעף צו זיין יוגענד־פריינד סאָדעריני, אין וועלכען ער שילדערט אלע זיינע פיער רייזען. גראָד דאן האָט זיך דער „קרוזשאָק" פון סען דיע געקליבען צו דרוקען א נייע אויסגאבע פון פטאָלאָמיי'ס געאָגראפיע*), אלזאָ, האָט מען בעשלאָסען אין דעם בוך אריינצושטעלען דעם נייעם בריעף.. איין מיטגליעד פון דעם קרוזשאָק, איינער וואלטער לוד, א רייכער יונגער מאן, האָט זיך אונטערגענומען צו בעצאָהלען דיא קאָסטען פון דעם בוך, און רינגמאן מיט וואלדזעמיללער'ן האָבען זיך בעשעפטיגט מיט דער רעדאקציאָן — דער ערשטער מכח דער שפּראך (וואָרים דער בוך האָט בעדארפט ערשיינען אין א לאטיינישע איבערזעצונג) און דער לעצטער אין בעצוג אויף דיא וויסענשאפטליכע זייט פון דער אויסגאבע. אום צו מאכען דיא איבערזעצונג וואָס ריכטיגער, איז רינגמאן זאָגאר געפאָהרען אזש אין איטאליען, וואו ער האָט געקראָגען א וויכטיגען מאנוסקריפּט פון דעם גריכישען אָריגינאל.

וואלדזעמיללער האָט אויפגעשריעבען אן אבהאנדלונג איבער געאָגראפיע, וועלכע ער האָט גערעכענט אריינצושטעלען אלס הקדמה צו

---

*) דער בוך, וואָס איז איבערגעבליעבען פון דעם גריכישען געלעהרטען פון פאר 14 הונדערט יאָהרען, איז נאָך אלץ געוועזען דיא הויפּט־ווערק איבער געאָגראפיע. זינט מארקאָ פּאָלאָ, פרינץ העינריק און קאָלומבוס איז מען דערגאנגען אַ סך נייעס, — האָט מען דאָס אַלץ צוגעשריעבען. דער עיקר איז אָבער געבליעבען דער זעלבער. עס איז געוועזען אזוי וויא אַן אלטער הייליגער ספר מיט נייע פּרושים: דער הויפּט־טעקסט בלייבט אימער דער זעלבער און אימער הייליג.

דעם נייעם „פטאָלאָמיי“ ; און אזוי וויא דאָס דרוקען פון דעם בוך האָט זיך פערצויגען, האָט דער קרוזשאָק בעשלאָסען דיעזע וויסענשאַפטליכע הקדמה דערווייליע צו דרוקען בעזונדער. אַלס צוגאָב האָט מען צוגע־שטעלט א ליטיינישע איבערזעצונג פון אמעריגא'ס בריעף צו סאדעריני וועגען זיינע פיער רייזעס, אונטער וועלכע רינגמאַן האָט אונטערגעשרי־בען, אין איטאַליענישע פערזען, א לויב־געזאַנג צו זיין בעליעבטען ריי־זענדען. דאָס אַלעס האָט מען געדרוקט אין דער פאָרמע פון א בוך, אונטער דעם נאָמען „קאָסמאָגראַפיע אינטראָדוקציאָ“ (אַן איינליי־טונג צו געאָגראַפיע).

אָט אין דיזען בוך איז דאָס צום ערשטען מאָל ערשינען דער נאָמען „א מ ע ר י ק א“.

וואַלדזעעמיללער בעשפרעכט דאָרטען צוערשט דיא דריי בעקאַנטע טיילען פון דער וועלט — אייראָפּא, אזיען און אפריקא ; דאַן רעדט ער וועגען דיא ענטדעקונג פון א פ ע ר ט ע ט י י ל. ער זאָגט :

„אָבער היינט זיינען דיעזע דריי טיילען א סך בעסער אויסגע־פאָרשט, און א חוץ דעם איז א פערטע טהייל ענטדעקט געוואָרען פון אמעריקום וועספּוציוס (אזוי וויא דער בוך איז געוועזן געשריעבען אויף ליטיין, איז דער נאָמען אמעריגא וועספּוטשי אויך דאָ געשטעלט גע־וואָרען אין זיין ליטיינישער פאָרמע). דעריבער זעה איך ניט איין פאר וואָס מען זאָל דיא נייע טייל ניט רופען א מ ע ר י ג ע, אָדער א מ ע ר י ק א, דאָס הייסט דיא לאַנד פון אמעריקוס, איהר ענטדעקער, וועלכער איז א קאָפּ־מענש. אייראָפּא און אזיען (אזיא) טראָגען דיא נעמען פון פרויען*), זאָל דיא נייע וועלט טראָגען דעם נאָמען פון א

*) דאָס איז אַן אָנצוהערענעס אויף א געוויסע מיינונג, אז דיא נעמען אייראָפּא און אזיאַ זיינען נאָך מיטהאָלאָגישע געטינען. פיסק האַלט פון דיעזער מיינונג ניט. ער לייגט פיעל מעהר געוויכט אויף דיא ערקלעהרונג פון אַנדערע היסטאָריקער, וועלכע גלויבען, אַז אייראָפּאַ שטאַמט פון דעם העברעאישען וואָרט „ערב“ — דער זון־אונטערגאַנג, מערב־זייט ; און אז „אַזיא“ קומט פון דעם העברעאישען וואָרט „יצא“ — דער זון־אויפגאַנג. אויף אססיריש איז „ערב“ — "ערעפּ“, און „יצא“ איז אויף אססיריש „אַצו“. דיא פיניקיער האָבען גערופען „ערעב“ אלע לענדער, וואָס זיינען געווען צו מערב זייט פון זיי (וואו דיא זון געהט אונטער) — דאָס הייסט,

מאַן. וואו די לאַנד ליעגט און דער אָרט לעבען פון איהרע איינוואוינער, וועט דער לעזער קלאָהר פערשטעהן פון אמעריקוס'עס פיער רייזעס, וועלכע זיינען דאָ בעשריעבען."

ווען ניט דיעזע עטליכע שורות, וואָלט דער מערב העמיספער בעקומען א גאַנץ אַנדערען נאָמען. וואָלט מען איהם אַ נאָמען געגעבען נאָך קאָלומבוס'ען? דאָס קען מען קוים גלויבען, וואָרים איידער מען האָט זיך דערוואוסט, אז דיא לענדער, וואָס קאָלומבוס האָט ענטדעקט, צוזאמען מיט דיא לענדער, וואָס אמעריקוס האָט בעזוכט, זיינען איין בעזונדערער קאנטינענט, זיינען אוועק פיעלע יאָהרען. אפילו ווען מען האָט שוין אַרומגערייזט דעם דרום־ענד פון זיד אַמעריקא אויף (אין 1520), האָט מען נאָך אלץ געמיינט, אז נאָרד־אמעריקא איז אזיען. קאָלומבוס'עס לענדער האָבען אלזאָ שוין געהאַט אַ נאָמען: „אַזיען" אָדער „דיא אינדיעס". אַן אנדער נאָמען וואָלטען בעקומען בלויז דיא זיד־אמעריקאנישע געגענדען, וועלכע אמעריקוס האָט בעזוכט; און איצט, ווען וואַלדזעעמיללער האָט אַרויסגעלאָזען דעם וואָרט „אַמעריקאַ" אויף דער וועלט, האָט ער מיט דעם אויך געמיינט בלויז דיא לאַנד אין דרום־זייט פון דעם עקוואַטאָר, וועלכע אמעריקוס האָט בעזוכט. צו קאָלומבוס'עס לענדער האָט דאָס קיין שייכות ניט געהאַט.

קאָלומבוס'עס זוהן, פערדינאַנד, האָט דעם בוך „קאָסמאגראפיע אינטראדוקציא" געהאַט; ער געפינט זיך צווישען דיא ביכער וואָס זיינען פון איהם איבערגעבליבען. אויף דיא בלעטער זיינען פאַראַן פיעלע נאָטיצען אין זיין האַנדשריפט, און פון דיעזע נאָטיצען קען מען זעהן, אז ער האָט דעם בוך געלעזען מיט גרויס אויפמערקזאַמקייט. און דאָך, — אין דעם ווערק, וואָס פערדינאַנד האָט געשריעבען וועגען זיין פאָטער'ס ענטדעקונגען, געפינט זיך ניט דער מינדעסטער פּראָטעסט געגען דעם נאָמען „אַמעריקא". דאָס בעווייזט, אַז ער האָט אין דעם קיין שום אונרעכט ניט געזעהן. אין זיינע אויגען האָט דאָס מיט זיין פאָ־

---

דיא אייראָפּעאישע לענדער. און אלע אזיאטישע לענדער האָבען זיי גערופען „אצו", ווייל זיי זיינען געלעגען פון מזרח זייט צו זיי (דאָ וואו דיא זון געהט אויף). פון דיא פיניקיער האָבען דיא צוויי ווערטער איבערגענומען דיא גריכען, ביי וועלכע זיי זיינען פערוואנדעלט געוואָרען אין א י י ר אָ פּ אַ און אַ ז י אַ.

טער׳ס ענטדעקונג ניט געהאַט צו טהאָן. ווען אימיצער וואָלט קאָלומבוס׳ען גופא געזאָגט, אז ער האָט ענטדעקט א נייע וועלט־טהייל, וואָלט ער נאָך אפשר אין כעס געוואָרען. זיין שטאָלץ איז בעשטאַנען אין דעם, וואָס ער האָט ענטדעקט ניט קיין נייע וועלט, נור גראָד דיא אלטע— א נייעם וועג צו דער אַלטער אזיען.

אפילו וואַלדזעעמיללער און רינגמאַן, וועלכע האָבען דעם וואָרט אמעריקא געשאַפען, האָבען אויך דעם נאָמען ניט גענומען זעהר ערנסט. ווען זיי האָבען ענדליך געדרוקט זייער „פטאָלאָמיי“, האָבען זיי דעם נאָמען אויף דיא לאַנדקאַרטען פון דעם בוך ניט געשטעלט. דיא געגענדען, וועלכע אמעריקוס האָט בעזוכט אויף זיין דריטע רייזע, זיינען דאָרטען בעצייכענט בלויז מיט דיא ווערטער: „אונבעקאַנטע לאַנד“. וואָס אנבעטרעפט קאָלומבוס׳ען, גיבען זיי איהם אַלץ, וואָס איהם קומט: ביי דיא פלעצער וואו עס ליגט פ א ר י א און האָנדוראַס, איז ביי זיי אויפגעשריבען: „דיעזע לאַנד און דיא דערבייאיגע אינזלען האָט ענטדעקט קאָלומבוס פון גענוא אויף דעם בעפעהל פון דעם שפּאַנישען קעניג.“

צום ערשטען מאָל געפינט מען דעם וואָרט „אמעריקא“ אויף א לאַנד־קאַרטע אין 1514. זיד־אמעריקא איז דאָרטען איינפאַך א גרויסער אינזעל, און מיט דעם וואָרט אמעריקא איז אויף דיעזען אינזעל בעצייכענט בראַזיליען. אויך שטעהען דאָרטען אלס אינזלען געוויסע טהיילען פון נאָרד־אמעריקא. פלאָרידא, צום ביישפּיעל, איז אויך ניט מעהר וויא אַן אינזעל. ציפּאַנגא (יאפּאַן) איז נאָך אַלץ נאָהענט דערביי, און בלויז א ביסעלע ווייטער געהט כינא, און אזיען איבערהויפּט.

אויף לאַנד־קאַרטען, וואָס זיינען געמאַכט געוואָרען שפּעטער שטעהט דער וואָרט א מ ע ר י ק א אַלץ מייסטענס אויף בראַזיליען; אז ניט, שטעהט: „אמעריקא אָדער בראַזיליא“. אויף אַנדערע שטעהט אויף יענעם פּלאַץ: „די נייע וועלט“, אָדער „אמעריקא“, אָדער „בראַזיליא“, אָדער אַלע דיעזע דריי נעמען צוזאַמען. אויף איין לאַנד־קאַרטע שטעהט: „א מ ע ר י ק א אָדער ד י א נ י י ע װ ע ל ט אָדער ד י פ ע ר ט ע ט י י ל“.

מיט דער צייט האָט מען מיט דעם נאָמען אמעריקא גענומען רופען גאַנץ זיד־אמעריקא, און ערשט א סך שפּעטער, ווען מען האָט שוין געהאַט א בעגריעף וועגען נאָרד־אמעריקא אויך, האָט זיך דער נאָמען

פערשפּרייט אויף ביידע אמעריקאנישע קאנטינענטען. אין 1541 איז ערשיענען א לאנד־קארטע פון א געלעהרטען מיט'ן נאָמען קויפמאן אָדער מערקאַטאָר (דיא ליטיינישע איבערזעצונג פון „קויפמאַן"), און אויף דיעזע קאַרטע שטעהט אויף נאָרד־אמעריקא: „אַמע", און אויף זיד־אמעריקא: „ריקא". ביסלעכוויז האָט מען זיך אלץ מעהר דער־וואוסט, אז נאָרד־אמעריקא איז בעזונדער פון אזיען, און דער אויס־דרוק „נייע וועלט", מיט וועלכען אמעריקוס האָט בלויז געמיינט זיד־אמעריקא צו דרום פון עקוואטאָר, איז מיט דער צייט געוואָרען דער נאָמען פון דעם גאַנצען מערב העמיספער. איירָאפּאַ, אַזיען און אַפ־ריקא זיינען אלזאָ דיא אַלטע וועלט און אמעריקא איז דיא „נייע וועלט".

אָבער ווי באַלד, אַז אַמעריקוס האָט ניט געמיינט קיין עולה, און אפילו קאָלומבוס'עס זוהן האָט אויך ניט געזעהן קיין שום עולה אין דעם, וואָס מען רופט דיא לאַנד אָן מיט אַמעריקוס'עס נאָמען, היינט פאר וואָס האָט מען נאכהער פאָרט אמעריקוס'ען בעטראַכט פאַר א שווינדלער?

דיא מעשה איז אזוי געווען:

אין 1547 איז פון אמעריקא צוריקגעקומען קאָלומבוס'עס פריינד, לאס קאסאס, אַ נאָבעלער גייסטליכער, פון וועלכען מיר האָבען די וויכטיגסטע געשיכטע פון קאָלומבוס'עס ענטדעקונג, וועלכע איז געשריעבען געוואָרען אין יענע צייטען. ווען דיעזער גרייזער מאַן האָט זיך וויעדער בעזעצט אין שפּאַניען, און ער האָט געזעהן וויא איבעראל ברויכט מען דעם וואָרט אַמעריקא אויף דיא לענדער, וועלכע קאָלומבוס האָט געעפענט פאר דער ציוויליזירטער וועלט, האָט דאָס איהם שטאַרק פערדראָסען. דאָס אַליין וואָלט נאַטירליך ניט געהאַט קיין בעדייטונג. ער האָט אָבער באַלד בעמערקט עפּעס אַזעלכעס, וואָס האָט אויף איהם געמאכט אַן איינדרוק, אז אַמעריקוס (וועלכער איז איצט שוין לאַנג געווען טוידט) איז בעגאַנגען א שווינדעל. דאָס האָט זיך איהם נעמליך געדוכט, ווען ער האָט געזעהן רינגמאַן'ס און וואַלדזעמיללער'ס ביכעל „קאָסמאָ־גראפּיע אינטראָדוקציאָ". אין דיא ליטיינישע איבערזעצונג פון אַמעריקוס'עס בריעף צו סאָדעריני האָט ער דאָרטען געפונען דעם וואָרט פּאַריא אין דער בעשרייבונג פון אמעריקוס'עס ערשטע רייזע. דאָ

האָט דער גרייזער גייסטליכער זיך אָבגעשטעלט מיט איבעררא־שונג. וויא קומט אמעריקוס צו פּ אַ ר י א אין 1497 ? ער איז דאָך דאָרטען ערשט געוועזן אויף זיין צווייטע רייזע, אין 1499. הייסט דאָס, אַלזאָ, אַז ער האָט דאָס אומישנע אַזוי געשריעבען, אום עס זאָל אויסקומען, אַז ער איז דאָרטען געוועזן פריהער וויא קאָלומבוס (וועלכער האָט ענט־דעקט דעם ארינאָקא טייך און דעם פּאַריא ים־בוזים אין 1498). אַז דאָס איז ניט אמת האָט לאַס קאַסאַס געקענט בעווייזען. עס איז פאַר איהם, אַלזאָ, קלאָר געוועזן, אַז אמעריגא וועספּוטשי האָט זיך גע־סטאַרעט ארייגצוכאַפּען עהרע, וועלכע האָט געקומט ניט איהם, נור קאָלומבוס'ען. דיעזען געדאַנק דריקט ער אויס אין זיין בוך, הגם ער בעמערקט, אַז דיא הויפּט־שולד ליגט פון דעםטוועגען ניט אויף אמע־ריקוס'ען, נור אויף דיא, וואָס שטעלען זיין נאָמען אויף דיא לאַנד־קאַרטען.

ווען לאַס קאַססאַס וואָלט געלעזען דעם אָריגינאַל פון אמערי־קוס'עס בריעף, וואָלט ער געזעהן, אַז דאָרטען איז גאָר ניט געשטאַנען „פּ אַ ר י א“, נור ל אַ ר י א ב. דאָס איז דער נאָמען פון אַ פּלאַץ אין י ו ק אַ ט אַ ן, וואו אמעריקוס איז ווירקליך געוועזן אויף זיין ערשטע רייזע. פּאַריא האָט ער טאַקי בעזוכט צוויי יאָהר שפּעטער, — אַ יאָהר שפּעטער וויא קאָלומבוס ; און ער האָט אפילו אין זינען ניט געהאַלטען צו זאָגען, אַז ער איז אין פּאַריא געוועזן אין 1497. דעם גרייז האָט מען איינפאַך געמאַכט אין דער ליטייניזשער איבערזעצונג אין דעם דרוק פון סען דיע. אַנשטאָט ל אַ ר י אַ ב האָט מען אויפגעזעצט פּאַריאָס (דיא ליטייניזשע פאָרמע פון „פּאַריא“). ענטוועדער דיא רעדאַקטערע האָבען געמיינט, אַז אין דעם אָריגינאַל איז אַ טעות, ווייל וועגען פּאַריא האָבען זיי געהערט, און זיי האָבען געמיינט, אַז דער וואָרט „לאַריאַב“ איז אַ גרייז ; אָדער עס האָט זיך גלאַט אריינגע'גנב'עט אַ גרייז אין דעם ליטייניזשען ביכעל. יעדענפאַלס איז זיכער, אַז אמעריקוס איז גע־וועזן אין ל אַ ר י אַ ב. נעמען, וואָס ענדיגען זיך אויף „אַב“, זיינען ארום יוקאַטאַן געוועזן אַ גאַנץ געוועהנליכע זאַך, און דיא בעשרייבונג שטימט מיט יענע פּלעצער.

נאָך אַ בעווייז, אַז אַמעריקוס האָט געמיינט זיין רייזע פון 1499 איבערצורוקען אויף צוויי יאָהר פריהער, האָט מען געזעהען אין פאָלגענדען : אַמעריקוס זאָגט, אַז אויף זיין ערשטע רייזע האָט ער גע־

זעהען א דאָרף, וואָס איז געבויט אויפ'ן וואסער אזוי וויא ווענעציע. אזא דאָרף האָט ער גאָר געזעהען לעבען פּאריא אין 1499. פון דעם האָט זיך דאָס גענומען דער נאָמען װענעצועללא — — דאָס הייסט „אַ קליינע ווענעציע“. דער פאַקט איז אָבער, אז אזעלכע אינדישע דערפער אויפ'ן וואסער זיינען דאן געווען אי אין פּאַריא, אי אין לאַריאב.

ווען לאס קאַסאַס וואָלט זיין ווערק געדרוקט באַלד, וואָלטען זיך דאָן געפונען מענשען, וואָס וואָלטען געקענט ערקלעהרען אַלע מיספערשטענדניסען. זיין ווערק איז אָבער ערשיענען ערשט אַ צייט שפּעטער, ווען דיעזע אַלע פּערזאָנען זיינען שוין געווען טוידט.

אין 1601 האָט הערערא, דער היסטאָריקער, פאָרמעל אמעריגא'ן בעשולדיגט אין שווינדעל. אין דער פראגע וועגען אמעריגא'ס רייזעס איז דורך דעם ארויסגעקומען א פלאָנטער. מען האָט שוין אויך געצווייפעלט, אויב ער איז גאָר געווען אויף זיין דריטע רייזע, מען האָט זיך גענומען טשעפּען צו פערשיעדענע קלייניגקייטען, און מען האָט געפונען ניט־געשטויגענע, ניט געפלויגענע אַנדערע בעווייזע, אַז אַמעריקוס'עס בריעף איז אַ פאַלשער. און אַזוי איז דער בלבול אָנגעגאַנגען, ביז ערשט אין נייצעהנטען יאָהר־הונדערט האָבען געלעהרטע, מיט דער הילף פון ניי־ענטדעקטע דאָקומענטען און טיעפזיניגע פאָרשונגען בעוויזען, אַז דיא גאַנצע בעשולדיגונג געגען אַמעריקוס'ען איז געגרינדעט אויף מיספערשטענדניסען און אַ דרוק־פעהלער.

ווען מען בעטראַכט דיא גאַנצע געשיכטע, קומט אויס, אז דער נאָמען אמעריקא איז אן אויסגעצייכענטער מאָנומענט פון דעם פאַלשען בעגריעף, וואָס קאָלומבוס אליין און דיא גאַנצע וועלט האָט געהאַט פון זיין ענטדעקונג. ווען מען וואָלט פערשטאַנען, אז דיא לאַנד, וואָס ער האָט געפונען, איז א גאַנץ בעזונדערער קאָנטינענט; און ווען מען וואָלט פערשטאַנען, אז האָנדוראס, פאריא, און בראזיליען זיינען בלויז א טייל פון א ריעזיגען קאָנטינענט, וועלכער ציהט זיך ווייט־ווייט צו צפון און צו דרום, און אז דיעזען אונבעקאַנטען קאָנטינענט האָט קאָלומבוס דאָס אויפגעעפענט פאַר דער ציוויליזירטער וועלט מיט זיין ערשטע רייזע, — ווען מען וואָלט דאָס אַלץ פערשטאַנען, וויא מיר פערשטעהען דאָס היינט, וואָלט קיינעם אויפ'ן זינען ניט אַרויפגעקומען דיא נייע וועלט א נאָמען צו געבען נאָך אַ מאַן, וועלכער האָט בלויז

אויסגעפאָרשט א טהייל פון דיעזען קאָנטינענט נאָך דעם וויא קאָלומ־בוס האָט איהם ענטדעקט.

דער נאָמען אמעריקא איז אַן עהרליכער אויסדרוק פון דיא בע־גריעפע פון י ע נ ע ר צייט. ווען מען זאָל דאָס א נאָמען געבען „קאָ־לומביא“, וואָלט דאָס אויסגעדריקט דיא בעגריעפע פון פיעל ש פ ע־ט ע ר ע צייטען.

## XXV.

## דער האַנדעלס־צענטער און ציוויליזאַציאָנס־צענטער ווערען איבערגערוקט.

קאָלומבוס האָט בלויז געמאַכט דעם אָנפאַנג. — דיא פאָלשטענדיגע ענטדעקונג פון אמעריקא איז געווען אַ לאַנגזאמע ארבייט, וועלכע האָט געדויערט אַ פּאָר הונדערט יאָהר. — אלמעידא, פּאָרטוגאַל׳ס ערשטער וויצע־קעניג אין אינדיען. — דער שרעקליכער קאמפף צווישען פּאָרטוגעזער און אראבער איבער דעם אינדישען האַנדעל. — בלוטיגע מלחמות מיט עגיפּטען. — אלבוקערק „דער גרויסער“. — ער סטאַרעט זיך צו פערצאַמען דיא צוויי שמאָלע ימים וואָס געהען פון דעם אינדישען אָקעאַן. — פּאָרטוגאל גרינדעט א סטאַציאָן אין מאלאקקא און קומט צו צו דיא געווירץ־אינזלען. — מאגעללאן און דיא ערשטע רייזע ארום דער וועלט. דיא שפּאַניער און דיא פּאָרטוגעזער טרעפען זיך צוזאַמען אויף דיא געווירץ־אינזלען, פאָהרענדיג פון צוויי פערקעהרטע זייטען. — וויעדער א קאַמפף איבער דעם פּאַפּסט׳ס גרענעץ. — שפּאַניען פערקויפט דיא אינזלען צו פּאָרטוגאל. — אינדוסטריע און האַנדעל וואקסט וויא אויף הייוועו. — דיא ברעגעס פון דעם מיטעל־לענדישען ים טרעטען אָפּ דעם אויבען־אָן צו דיא ברעגעס פון דעם געוועזענעם „ים פון פינסטערניס“. — פאר וואָס זיינען גראָד דיא צוויי לענדער, וואָס האָבען געמאַכט דיא ענטדעקונגען, אָבגעשטאַנען און פערזונקען געוואָרען? — דיא ראָלע פון דיא אידען אין דעם איבערגאַנג פון פעאָדאליזמוס צום קאַפּיטאַליזמוס. — זאמבארט׳ס מיינונג. — וואו נור עס געפינען זיך אידען, בליהט דיא אינדוסטריע; וואו ניט — ניט. — נייע פּראָדוקטען. — געלט.

קאָלומבוס האָט נור געמאַכט אַן אָנהויב. ער האָט בלויז ענטדעקט וועסט־אינדיען (דאָס הייסט, דיא אינזלען פון מיטעל־אמעריקא) און א שטיקעל פון דעם צפון־ברעג פון זיד־אמעריקא. אָבער „יעדער אָנפאַנג איז שווער“, און דעריבער קומט איהם און קיין אנדערען, דער טיטעל „ענטדעקער פון אמעריקא“. און איין מאָל האָט ער גע־

מאַכט דעם שווערען אָנפאַנג, איין מאָל האָט ער געוויזען וויא מען שטעלט אַוועק דיא איי אויף איהר שפּיץ, איז שוין פאר אַנדערע פאָר־שונגס־רייזענדע געוועזען פערהעלטניסמעסיג לייכט פאָרטצוזעצען זיין ארבייט. ארבייט איז אָבער נאָך איהם איבערגעבליבען א סך.

מיר האָבען געזעהן, וויא אמעריגאָ וועספּוטשי האָט אויסגעפאָרשט אַ שטיק פון זיד־אמעריקא ווייט צו דרום צו, און וויא דאָס, וואָס ער האָט אויסגעפונען, האָט איבערראַשט דיא ציוויליזירטע וועלט. דאָס איז אָבער נאָך אַלץ געווען ניט מעהר וויא אן אָנהויב. איידער מען האָט זיך דערוואוסט, וואָס דיא נייע־געפונענע לענדער זיינען ווירקליך, איידער מען איז בעקאַנט געוואָרען מיט דער אמת'ער גרויס און פאָרמע און מיט דיא פערשיעדענע טיילען פון אַמעריקאַ, זיינען פיעלע, פיעלע יאָהרען אַוועק. ערשט אין 1513 האָט מען זיך ערקונדיגט, אז אויף דער אַנדערער זייט פּאַנאַמאַ געפינט זיך אַן אנדער ים, און אפילו דאַן האָט מען נאָך ניט געוואוסט, אַז יענער ים איז אַן אונגעהייער גרוי־סער אָקעאַן. דעם דרום ענד פון זיד־אמעריקא איז מען ערשט ארומ־געשוואומען אין 1520, און מיט דיעזער רייזע, וועלכע איז געווען דיא ערשטע רייזע ארום דער וועלט, איז מען צום ערשטען מאָל אריבער־געשוואומען פון דעם אטלאַנטישען אָקעאַן אין דעם שטילען. דיא רייכע מעקסיקאָ מיט איהרע אינטערעסאנטע האַלב־ציוויליזירטע רייכע שטעדט האָט מען ענטדעקט אין 1519, און דיא רייכע פּערו, וועלכע איז אין געוויסע בעציהונגען געווען נאָך אינטערעסאַנטער, האָט מען ענטדעקט ערשט אין 1532. מיט נאָרד־אמעריקא איז מען ביסלעכ־ווייז בעקאַנט געוואָרען נאָך שפּעטער. און אפילו ווען מען איז שוין געווען בעקאַנט מיט גאַנץ זיד־אמעריקא און מיט גרויסע שטיקער פון נאָרד־אמעריקא, האָט מען נאָך אויף לאַנג געמיינט, אז נאָרד־אמעריקא איז אַ טייל פון אזיען. דעם אמת איז מען דערגאַנגען ערשט שפּע־טער, — דורך רוסלאַנד, וועלכע האָט ביסלעכווייז אויסגעפאָרשט און איינגענומען דיא צפון טייל פון אַזיען (סיביר). אגב אורחא קענען מיר בעמערקען, אז דיעזע רוסישע פאָרשונגס־רייזעס האָבען זיך אויף אָנגעהויבען צוליעב געשעפט, צוליעב דעם, וואָס אַ סיבירישער הער־שער האָט אַטאַקירט דאָס אייגענטהום פון א רוסישען זאַלץ־סוחר. אויף דיעזען ארט זיינען קאָזאַקען אריינגעדרונגען ווייט אין סיביר. דערנאָך האָט מען געשיקט עקספּעדיציעס אַלץ ווייטער און ווייטער

(און וועהרענד דיא רוסען זיינען אזוי געגאַנגען דורך נאָרד־אַזיען פון מערב צו מזרח, זיינען פראַנצויזען, ענגלענדער און האָלענדער געגאַנגען דורך נאָרד־אַמעריקא פון דער אַנדערער זייט, — פון מזרח צו מערב). ענדליך האָט דער דענישער קאָמאַנדיר פון א רוסישע עקספעדיציע, וויטוס בערינג, ענטדעקט דיא שמאָלע שטיקעל וואַסער, וואָס ליעגט צווישען דיא סאַמע צפונ'דיגע ברעגען פון נאָרד־אַזיען און נאָרד־אַמעריקאַ, וועלכען מען האָט נאַכהער אַ נאָמען געגעבען נאָך איהם: „בערינג שטראַססע". דאָס איז געוועזען אין 1728.

דאָס הייסט, אַלזאָ, אז דיא פאָלשטענדיגע ענטדעקונג פון אמעריקאַ האָט געדויערט 236 יאָהר.

מייסטע פון דיא ענטדעקונגס־רייזעס, וואָס דיא שפּאַניער האָבען געמאַכט אין אמעריקא נאָך קאָלומבוס'ען, זיינען אָנגעפיהרט געוואָרען פון אוואַנטוריסטען, וועלכע האָבען ניט געוואוסט ניט פון קיין שרעק, ניט פון קיין רחמנות; פון מענשען, וואָס זיינען יעדע מינוט בערייט געוועזען צו שפּרינגען דעם מלאך המות אין דיא אויגען אריין, זאָלבעצעהנט צו בעפאַלען הונדערטע טויזענדע, זיי אויסצוקוילען, אויסצושטעכען, איבערצוגעבען צו שפּאַנישע בלוט־הינט. קיין זאַך איז זיי ניט געוועזען צו שווער; קיין געפאהר ניט צו גרויס. זייערע רייזעס און זייערע ענטדעקונגען, זייערע מלחמות און זייערע עראָבערונגען זיינען אונגעהויער אינטערעסאַנט און וויכטיג אי פאר א בעקאַנטשאַפט מיט דער געשיכטע פון אמעריקאַ, אי פאר א בעקאַנטשאַפט מיט דער געשיכטע פון קולטור בכלל. דאָס לעבען אין דיא אַלטע מעקסיקאָ און פּערו אַליין, און דער אַרט וויא אַזוי דיא שפּאַניער האָבען גענומען דיעזע מערקווירדיגע לענדער און חרוב געמאַכט זייער מערקווירדיגע פאָרהיסטאָרישע קולטור — דאָס אַליין איז איינע פון דיא אינטערעסאַנטסטע ענינים, וועגען וועלכע מען קען געפינען צו לעזען אין א היינטיגע ביבליאָטהעק. אָבער דאָס אַלעס וועלען מיר דערצעהלען אין אַ בעזונדערען באַנד. דאָ און אין דעם נעכסטען קאַפּיטעל וועלען מיר זיך בעשעפטיגען מיט דיא ענדערונגען, וואָס זיינען ארויסגעקומען אין דער גאַנצער ציוויליזירטער וועלט דורך דיא ענטדעקונגען, וועגען וועלכע מיר האָבען דערצעהלט אין דיעזען בוך — דורך דיא ענטדעקונגען פון דיא פּאָרטוגעזער און פון דיא שפּאַניער.

דיא ארבייט פון קאָלומבוס און פון וואַסקאָ דא גאַמא איז פאָרמי־

געזעצט געוואָרען. פאר'ן געדאַנקען'ס אויג שטעהט אַ בילד פון צוויי שטאַרק בעוואפענטע שיפען, וואָס לאָזען זיך אוועק איבער'ן אטלאַנטישען אָקעאַן; ביידע געהען זיי ארויס פון דעם פירענייאישען האַלבאינזעל — איינע פון שפּאַניען, די אנדערע פון פּאָרטוגאַל; דיא ערשטע פערנעהמט זיך צו מערב, דיא אנדערע צוערשט צו דרום און נאַכהער צו מזרח. דיא ערשטע געהט נאָך אַמעריקאַ, דיא צווייטע — נאָך דיא אַלטע אינדיען. פיעלע שיפען זיינען אַזוי געגאַנגען אי פון שפּאַניען, אין פון פּאָרטוגאַל.

אַ היבשע צייט נאָך קאָלומבוס'עס טוידט האָט איירָאפּאַ מיט דיא לעצטע זיך אינטערעסירט פיעל מעהר וויא מיט דיא ערשטע. דער געווירצען־האַנדעל, צו וועלכען פּאָרטוגאַל איז צוגעקומען איז געווען אַ סך וויכטיגער וויא דיא גאָלד און זילבער, וואָס שפּאַניען האָט אָנגעפאַנגען ביסלעכווייז צו געפינען אין אַמעריקאַ.*) אָבער דיעזען האַנדעל האָט פּאָרטוגאַל אַזוי גיך אין דיא הענט ניט אַריינגענומען. אייידער זיא האָט זיך דערשלאָגען דערצו, האָט זיא געהאַט אַ שווערען קאַמפּף מיט דיא אַראַבער, פאַר וועמען דיא פראַגע וועגען דעם געווירץ־האַנדעל איז געווען אַ פראַגע פון לעבען און טוידט; און זיא האָט דיעזען קאַמפּף געגען זיי אָנגעפיהרט אויף דעם באַרמלאָזעסטען שטייגער. בלוט האָט זיך געגאָסען בוכשטעבליך טייכען־ווייז. דיא האָר שטעלט זיך קאַפּויר, ווען מען לעזט דיא איינצעלהייטען פון דיעזע מלחמות צווישען פּאָרטוגעזער און אַראַבער איבער דעם מסחור פון דעם מזרח. אלץ, וואָס מיר האָבען דאָ אויבען געזאָגט וועגען דיא שפּאַנישע אוואַנטוריסטען, וועלכע האָבען בעזיעגט דיא אינדיאַנער פון פּאַנאַמאַ, מעקסיקאָ, פּערו א. ז. וו. פּאַסט זיך אויך צו דיא פּאָרטוגעזען, וועלכע האָבען בעזיעגט אינדיען און דיא אַנדערע ערטער (אין אפריקאַ און אין אַזיען), וואָס זיינען זיי נויטהיג געווען צו דעם מזרח־האַנדעל. דיא קליינע נאַציאָן האָט דאַן וועלטען איבערגעקעהרט.

אַזוי וויא צו דיא פּאָרטוגעזישע ערָאבערונגען וועלען מיר נאַכהער זיך שוין ניט אומקעהרען, וועהרענד דיא וויטערע רייזעס און זיעגען פון דיא שפּאַניער אין אַמעריקאַ וועלען בעשפּראָכען ווערען אין

*) וואָס אָנבעטרעפט פּאָרטוגאַל'ס ענטדעקונג אין זיד־אַמעריקאַ (בראַזיליען), האָט זיא פּאָרלויפיג דאָרטען נאָך קיין קאָלאָניעס ניט געגרינדעט.

דעם נעכסטען באנד פון דיעזער סעריע, וועלען מיר דאָ בקיצור איבער־געבען וויא אזוי פּאָרטוגאַל האָט פעסט־געזעצט איהר הערשאַפט איבער דיא מזרח־מערק.

דעם 25טען מערץ, 1505, האָט קעניג מאַנועל אַרויסגעשיקט אַ ריעזיגע עקספּעדיציע פון צוויי און צוואַנציג בעוואַפענטע שיפען און פופצעהן טויזענד מאַן, אונטער דער הויפּט־קאָמאַנדע פון פראַנציסקאָ דע אַלמעידאַ. ער האָט געזאָלט זיין דער ערשטער פּאָרטוגעזישער וויצע־קעניג איבער „דיא אינדיעס“.

מיר האָבען געזעהן וויא פיינדליך דיא מייסטע פון דיא מורינישע שטעדט פון מזרח־אַפריקאַ האָבען זיך פערהאַלטען צו וואַסקאָ דאַ גאַמאַ. דאָס איז אַלץ געווען צוליעב דעם האַנדעל מיט אינדיען. דיא מורינען און אַראַבער פון סאָפאַלאַ, קווילאָאַ, מאָמבאַזאַ, פון דעם מזרח ברעג פון אַפריקאַ, האָבען געזוכט דיא פּאָרטוגעזער צו שטערען צו צוקומען צו אינדיען. פאַר פּאָרטוגאַל איז אַלזאָ וויכטיג געווען, אַז איהרע שיפען זאָלען זיין בעוואָרענט פון דיא געפאַהרען, וועלכע זיי האָבען דאָרטען שטענדיג געהאַט צו ערוואַרטען. מאַנועל האָט דעריבער אַלמעידאַ'ן געהייסען בעזיעגען סאָפאַלאַ און קווילאָאַ און דאָרטען אויפבויען פּאָרטוגעזישע פעסטונגען, און ער האָט דעם אויפטראַג מקיים געווען.

קווילאָאַ האָט ער בעזיעגט פאָהרענדיג פון ליסאַבאָן נאָך אינדיען און סאָפאַלאַ שפּעטער. ער האָט אַראָבגעזעצט דעם דאָרטיגען קעניג, אַרויפגעזעצט אַן אַנדערען, אויף וועלכען ער האָט אַליין אָנגעטהאָן דיא קרוין, און האָט אויפגעשטעלט אַ פעסטונג, וואו ער האָט איבערגעלאָזען אַ געוויסע צאָהל פון זיינע סאָלדאַטען. ווען ער איז געקומען נאָך דיא אינדישע שטאָדט קאַנאַנאָר, האָט מען איהם אויפגענומען מיט יובעל־געשרייען. מיט אַ קראַך פון זיינע קאַנאָנען און מיט פלאַטערענדע פּאָרטוגעזישע פאָהנען איז ער אַריין אין דיא אַלטע אינדישע שטאָדט, האָט זיך ערקלעהרט אַלס וויצע־קעניג, און האָט באַלד אָנגעפאַנגען צו בויען אַ פעסטונג. פאַר דיעזער פעסטונג האָט ער איבערגעלאָזען 250 מאַן, וועהרענד ער אַליין מיט דיא איבעריגע פון זיין אַרמעע זיינען אַוועק נאָך קאָכין, וואו דיא פּאָרטוגעזער האָבען געהאַט אַ קאָלאָניע שוין צוויי יאָהר (זעה אויבען, זייטעל 488). דער הערשער פון קאָכין, נאַמבעאַדאָראַ, האָט איהם

מקבל פּנים געוועזן מיט גרויס פּאַראַד. ער איז איהם אַרויסגעקומען אַנקעגען, רייטענדיג אויף אַ ריעזיגען העלפאַנט מיט גילדערנע בעפּור־צונגען, און בעגלייט פון אַ גרויסע סוויטע מיט טרומייטען און פּויקען. דעם גאַסט האָט מען אויך אַרויפגעזעצט אויף אַ העלפאַנט, און אַזוי זיינען זיי ביידע געקומען אין שטאָדט. דאָרטען אויף אַן אָפענעם פּלאַץ, האָט אַלמעידאַ אויף נאַמבעאַדאָראַ'ן אָנגעטהאָן אַ קרוין, וועלכע קעניג מאַנועל האָט איהם מיטגעגעבען צו דיעזען צוועק. דאָס האָט געהייסען, אַז דער הערשער פון קאָכין רעגיערט מיט דער מאַכט פון דעם פּאָרטוגעזישען קעניג און אַלס אָבהענגיגער פון איהם, ווערהרענד אַלמעידאַ איז דער וויצע־קעניג און דער דירעקטער פאָרשטעהער פון דיעזען קעניג.

אין קאַנאַנאָר און אין קאָכין זיינען שוין געוועזן אָנגעגרייט מאַסען פעפער און אַנדערע געווירצען, — האָט מען דאָס איצט אַרויפגעלייגט אויף עטליכע שיפען, און אַלמעידאַ האָט זיי אין יאַנואַר 1506 געשיקט נאָך ליסאַבאָן. אין דער געשיכטע פון געאָגראַפיע זיינען דיעזע שיפען בעקאַנט דורך דעם, וואָס אין אַ וואָך פינף אַרום האָבען זיי ענטדעקט מ אַ ד אַ ג אַ ס ק אַ ר. דיא אַראַבער האָבען שוין לאַנג געוואוסט פון דיעזען גרויסען אַפריקאַנישען אינזעל, וועלכען זיי האָבען גערופען „לבנה אינזעל“. אייראָפּעער אָבער האָבען איהם איצט בעזוכט צום ערשטען מאָהל.

מיט איניגע וואָכען פריהער האָט אַלמעידאַ'ס זוהן, ל אָ ר ע נ ז אָ, ענטדעקט דעם אינזעל צ י י ל אָ ן, וועלכער ליגט לעבען דעם דרום־ברעג פון אינדיען, — אויב מען קען נור געברויכען דעם וואָרט „ענטדעקט“ מכח אַ פּלאַץ, וועגען וועלכען אייראָפּעער האָבען אימער געהערט, הגם נאָך קיין מאָהל ניט בעזוכט. ער האָט דעם דאָרטיגען הערשער גע־צוואונגען דעם פּאָרטוגעזישען קעניג צו צאָהלען צינזען, נעמליך, 120 טויזענד פונט צימרינג אַ יאָהר.

ס אָ פ אַ ל אַ (אין מזרח אַפריקאַ) איז בעזיעגט געוואָרען און אַ פעסטונג האָט מען דאָרטען אָנגעפאַנגען צו בויען אַרום דער זעלבער צייט.

דיא אַראַבער האָבען אָבער ניט געשוויגען. זעהענדיג, אַז דיא אינדער פון קאַליקוט זיינען אונרוהיג מכח די פערשפּרייטונג פון פּאָרטוגאַל'ס הערשאַפט אין אינדיען, האָבען זיי צוגערעדט דעם זאַמאָ־

רין אַרויסצושיקען אַ פלאָטע געגען דיא אונגעווינשטע געסט, און האָבען איהם אַליין געהאָלפען אַזאַ פלאָטע צוזאַמענצושטעלען. געלט האָבען דיעזע אַראַבישע סוחרים געהאַט גענוג, און אין דיעזען קאַמפף פאַר זייער האַנדעלס־עקזיסטענץ האָבען זיי ניט געזשאַלעוועט קיין אייגענסען. דער רעזולטאַט איז געווען אַ פלאָטע פון איבער צוויי הונדערט קריעגס־שיפען. ווען דיעזע פלאָטע איז צוגעקומען צו קאַנאַ־נאָר, האָבען אַלע איהרע מאַסטען צוזאַמען אויסגעזעהן וויא אַ שווימענ־דער וואַלד.

מיר האָבען ניט קיין פּלאַץ צו שילדערען אַלע מלחמות צווישען דיא אַראַבער און דיא פּאָרטוגעזער. אָבער וועגען דעם שלאַכט, וואָס דאָ איז פּאָרגעקומען ביי קאַנאַנאָר וועלען מיר אין קורצען דערצעה־לען, — איינפאַך אַלס אַ ביישפּיעל פון דעם שרעקליכען קאַמפף, וואָס דיא צוויי פעלקער האָבען געפיהרט צווישען זיך איבער זייערע האַנ־דעלס־אינטערעסען.

אַלמעידאַ אַליין איז גראָד דאַן אין קאַנאַנאָר ניט געווען, און לאָרענזאָ, זיין זוהן, האָט פערנומען זיין פּלאַץ. ער האָט בלויז געהאַט צוועלף שיפען און װעניגער וויא טויזענד מאַן. מיט זיי האָט ער געמוזט אַרויסטרעטען געגען דיא צוויי הונדערט שיפען מיט דיא פיעלע טויזענדע בעוואַפענטע אינדער און אַראַבער, וועלכע האָבען זיך אויף זיי געפונען. אָבער די אינדער און דיעזע אַראַבער זיינען ניט געווען אַזוי געניט אין מלחמות, וויא דיא אייראָפּעער. דעם יונגען אַלמעידאַ׳ס מענשען זיינען געווען ביטערע יונגען, און פונקט אַזוי פלינק וויא אונערשראָקען. דערצו נאָך דאַרף מען בעמערקען, אַז זיינע צוועלף שיפען זיינען געווען גרעסערע וויא דעם זאַמאָרין׳ס. ער איז גלייך אַריינגעפאָהרען מיט זיי אין רעכטען מיטען פון דער פיינדליכער פלאָטע, און, איידער וואָס־ווען, האָט ער איהר צוטהיילט אויף צווייען. ער אַליין האָט זיך אַ נעהם געטהאָן צו דער אַראַבישער אַדמיראַל־שיף, צוגעטשעפּעט זיין שיף צו איהר מיט האקענס און ארויף אויף איהר מיט אַ טהייל פון זיין אַרמעע. עס איז געוואָרען אַ שרעקליכע מענ־שען־יאַטקע. עס זיינען געפאַלען גענוג פּאָרטוגעזער אויך. אָבער אין אַ קורצע צייט איז פון דיא זעקס הונדערט מאַן, וועלכע האָבען זיך געפונען אויף דער אַראַבישער אַדמיראַל־שיף, ניט געבליבען קיין איין לעבעדיגער מענש. פיעלע זיינען אויסגעקוילעט און אויסגע־

שאַכטען געוואָרען, און דיא איבעריגע האָבען דיא פּאָרטוגעזער אריינ־געוואָרפען אין ים. דאַן האָט לאָרענזאָ אַלמעידא זיך אַ לאָז געטהאָן צו אַ צווייטע פון דעם שונא׳ס שיפען. זיא האָט אָבער געהאַט פופ־צעהן הונדערט מאַן, און דיא פּאָרטוגעזער זיינען געווען אין געפאַהר; נור אין דער זעלבער צייט וואָס דער יונגער אַלמעידא האָט זיך צוזאַ־מענגעטשעפּעט מיט דיעזער שיף פון איין זייט, האָט אַ צווייטער פּאָר־טוגעזישער קאַפּיטאַן, פּערעירא, זיך צו איהר צוגעהעקעלט פון דער אַנדערער זייט. אויףביידע פּאָרטוגעזישע שיפען איז אַלץ געווען פיעל וועניגער חיל וויא אויף דער אַראַבישער שיף; דיא אַראַבער זיינען אָבער אַזוי צונויפגעשפּאַרט געוואָרען פון ביידע זייטען, אַז זיי האָבען זיך קיין קעהר ניט געקענט געבען. אויף דער שיף, איבער וועלכע עס האָט געקאָמאַנדעוועט פּערעירא, האָט זיך דאַן געפונען דער בעריהמ־טער פ ע ר ד י נ א נ ד מ א ג ע ל ל א ן, וועלכער האָט שפּעטער גע־פיהרט די שפּאַנישע עקספּעדיציע אויף דער ערשטער רייזע ארום דער וועלט (הגם אַליין איז ער געווען אַ פּאָרטוגעזער *). מיט אַ מחנה אַנ־דערע פּאָרטוגעזער איז מאַגעללאַן איצט אַרויף אויף דיא אַראַבישע שיף און האָט מיט זיין שווערד אָנגעהויבען צו שניידען רעכטס און לינקס. אַזוי שניידענדיג און בראָדזשענדיג אין בלוט, איז ער געגאַנ־גען פאָראויס, ביז ער האָט בעגעגענט אַלאָנזאָ׳ן, וועלכער האָט פון דער אַנדערער זייט זיך דורכגעהאַקט אַ וועג מיט אַ מלחמה־האַק, אויך געהענדיג טיעף אין בלוט. עהנליכע סצענעס זיינען פאָרגעקומען צווי־שען אַנדערע שיפען פון דיא צוויי פיינדליכע פלאָטעס.

דערנאָך איז פּערעירא צוזאַמען מיט מאַגעללאַן׳ען אוועק צו דעם מזרח־ברעג פון אפריקא, וואו זיי האָבען געבויט ווייטערע פעסטונגען און געפיהרט מלחמות מיט דיא דאָרטיגע מורינען. פיעלע פּאָרטוגע־זער זיינען אין דיעזע מלחמות אויסגעפאַלען, און פיעלע אַנדערע פון זיי זיינען אויסגעשטאָרבען פון דעם מאַזאַמביקער קלימאַט.

עגיפּטען האָט דערווייל אויך ניט גערוהט. ווען דער געווירץ־האַנדעל איז געווען אין דיא הענט פון דיא אַראַבער, פלעגט אַ גרויסע

*) אַ ביסעל מעהר וועגען דיעזע מערקווירדיגע רייזע וועט דער לעזער געפינען ווייטער. מיט איינצעלהייטען וועט זיא בעשריעבען ווערען אין דעם נעכסטען באַנד פון דיעזער סעריע.

טהייל פון איהם געהן דורך דיא עגיפּטישע שטעדט: פון דעם אינ־דישען אָקעאַן פלעגען דיא געווירצען אריינקומען אין רויטען ים און פון רויטען ים פלעגט מען זיי אויף דיא ברעגעס פון עגיפּטען איבער־לאָדען אויף קעמלען און דורך עגיפּטען בריינגען צו דיא ברעגעס פון דעם מיטעל־לענדישען ים. ווען דיא פּאָרטוגעזער זאָלען ווערען דיא בעלי־הבתים איבער אינדיען מיט דעם גאַנצען געווירץ־געשעפט, וואָל־טען דיעזע סחורות געגאַנגען ארום און ארום אפריקא. עגיפּטען וואָלט אלזאָ דעם מסחור אין גאַנצען פערלאָרען (זעה אויבען, זייטעל 59 און 69). דער עגיפּטישער סולטאַן האָט דעריבער געהייסען זיין אַד־מיראַל, ע מ י ר ה אַ ס י י ן, בויען אַ פלאָטע און ארויסטרעטען געגען דיא פּאָרטוגעזישע שיפען. האַסיין איז געווען אַ פעהיגער און זעהר ענערגישער קריעגס־מאַן. ער האָט אויסגעבויט צעהן שיפען אין ס ו ע ז, און ארום זיי האָט ער ארומגעזאַמעלט אנדערע אין פערשיעדע־נע האפענס, ביז ער האָט צוזאַמענגעשטעלט אַ שטאַרקע פלאָטע. דאַן האָט ער אַטאַקירט לאָרענזאָ אַלמעידאַ'ן אין אינדיען. לאָרענזאָ איז מיט זיין שיף ארומגעצאַמט געוואָרען; אָבער אונטערגעבען זיך האָט ער ניט געוואָלט. אפילו ווען זיין שיף האָט שוין געהאַלטען אין זינקען. אזוי איז ער אומגעקומען.

ווען דער עלטערער אַלמעידאַ, דער וויצע־קעניג, איז געקומען און זיך דערוואוסט, אַז זיין זוהן האָט זיין לעבען פערלאָרען, האָט ער זיך אוועקגעלאָזען קוילען און ברענען אָהן דין און אָהן חשבון. ער האָט פערניכטעט מענשען, שיפען, שטעדט, — אַלעס און אַלעמען, וואָס האָט נור בעלאַנגט צו דער מאַהאָמעדאַנישער וועלט. אין 1509 האָט ער זיך צוזאַמענגעטראָפען מיט אַ גרויסע עגיפּטישע פלאָטע, און אין דער שלאַכט זיינען פון ביידע זייטען געפאַלען ביז פיער טויזענד מאַן. דיא פּאָרטוגעזער זיינען געווען דיא זיעגער. ווייטער צוריקהאַלטען דיא פּאָרטוגעזער פון דעם אינדישען האנדעל האָט עגיפּטען שוין ניט געפּרופט. וואָס אַנבעטרעפט אַלמעידאַ'ן, איז ער געטוידטעט געוואָרען פון קאפרען ניט ווייט פון דעם קאפּ פון גוטע האָפנונג, ווען ער איז געפאָהרען צוריק אהיים.

זיין פלאַץ אַלס וויצע־קעניג פון אינדיען האָט נאָך פריהער פער־נומען אַ ל פאָ נ ס אָ ד ע אַ ל ב ו ק ע ר ק, וועלכער איז בעקאַנט אין היסטאָריע אַלס „אַ ל ב ו ק ע ר ק ד ע ר ג ר ױ ס ע ר“. אַלמעידאַ

האָט זיך בענוגענט מיט אַ שטרעבונג צו האָבען אַ שטאַרקע פלאָטע אין דיא אינדישע וואַסערען. אַלבוקערק האָט געגלויבט, אַז דאָס אַליין קען קיין ממשות ניט האָבען. אום פּאָרטוגאַל זאָל ווערען דיא אמת'ע הערשעריז איבער דעם מזרח־האַנדעל, — האָט ער גערע־כענט, — איז נויטיג, אַז זיא זאָל אין יענע געגענדען אַריינקריגען לאַנד, בויען אַ גאַנצע רייהע פעסטונגען, האַלטען מחנות פון איהרע סאָלדאַטען אויף פּלעצער, וועלכע זאָלען דיענען אַלס סטאַנציאָנען פאַר איהרע שיפען, און פערשפּרייטען איהר איינפלוס איבער אינדיען גופא. ער האָט זאָגאַר צוגעגעבען זיינע סאָלדאַטען מוטה צו הייראַטהען מיט אינדישע פרויען.

ווען דער לעזער וועט בעטראַכטען דיא לאַנד־קאַרטע, וועט ער זעהן, אַז פון אינדיען געהען צוויי וואַסער־וועגען צו אייראָפּאַ צו. מיר מיינען דאָ ניט דעם וואַסער־וועג אַרום גאַנץ אַפריקאַ. מיר רעדען וועגען צוויי וועגען, וועלכע זיינען פיעל קירצער, אָבער וועלכע קומען צו אייראָפּאַ גופא ניט צו. דער אינדישער אָקעאַן גיסט זיך אַריין אין דער יבשה אין דער פאָרמע פון צוויי צינגער, צוויי שמאָלע ימים: דער פּערסישער ים־בוזים און דער רויטער ים. צווי־שען דיעזע צוויי וואַסערנע צינגער ליעגט דער האַלב־אינזעל אַראַ־ביען (דער פּערסישער ים־בוזים ליגט צווישען אַראַביען און אַזיען, און דער רויטער ים צווישען אַראַביען און אַפריקאַ). דורך דיעזע צוויי וואַסער־וועגען זיינען געגאַנגען צוויי פון דיא האַנדעלס־מאַר־שרוטען צווישען אייראָפּאַ און דעם ווייטען מזרח, — דער מיטעלער מאַרשרוט דורך דעם פּערסישען ים־בוזים און דער דרום־מאַרשרוט דורך דעם רויטען ים (זעה אויבען, זייטעל 59). אייגענטליך זיינען דאָך בלויז דיעזע צוויי מאַרשרוטען איבערגעבליבען, וואָרים דער צפון־מאַרשרוט, וועלכער פלעגט געהן דורך קאָנסטאַנטינאָפּאָל און דורכ־אוים איבער יבשה, איז איבערגעהאַקט געוואָרען אין 1453, ווען דיא טערקען האָבען גענומען קאָנסטאַנטינאָפּאָל.

ווען פּאָרטוגאַל וואָלט געקענט פערצאַמען דעם אַריינגאַנג צו דיע־זע צוויי וואַסער־וועגען, וואָלט עגיפּטען, ווענעציע און דיא אַראַבער פון קליין־אַזיען געווען אין גאַנצען אויסגעשלאָסען פון דעם געווירצען־מסחור, און פּאָרטוגאַל וואָלט איבער דעם געהאַט אַן אַבסאָלוטען קאָנטראָל.

אָט דאָס איז געווען קעניג מאַנועל'ס שטענדיגער וואונש און צו דיעזער אויפגאַבע האָט זיך אָבגעגעבען אַלבוקערק.

וואָס אָנבעטרעפט דעם פערסישען ים־בוזים האָט אַלבוקערק זיך אריינגעקליבען אין דער האַפען־שטאָדט אָ ר מ ו ז, וועלכע ליעגט ניט ווייט פון דעם אַריינגאַנג. צוערשט, אין אָקטאָבער 1505, האָט ער בעקומען ערלויבענים דאָ צו בויען אַ פעסטונג, אָבער שפּעטער האָט ער דיא גאַנצע שטאָדט אַריינגענומען אין זיינע הענד. מיט'ן רויטען ים איז אָבער געווען פיעל שווערער. אין 1507 האָבען דיא פּאָרטוגעזער גענומען דעם אינזעל ס אָ ק אָ ט ר אַ, וועלכער געפינט זיך ניט ווייט פון דעם אַריינגאַנג צו דיעזען ים, און אין צעהן יאָהר ארום האָבען זיי גענומען די האַפען־שטאָדט אַדען, ביי זיין סאַמע מויל. דיא שמאָלינקע שטיקעלע וואסער, וועלכע דיענט אַלס טויער צו דעם רויטען ים און הייסט באַב־על־מאַנדעב שטראַססע, איז בעקאַנט אַלס „דער גיבראַלטאַר פון דעם מזרח" *). אָט דיעזען וואַסער־טויער קאָנטראָלירט אַ ד ע ן, דיא וויכטיגסטע האַנדעלס־שטאָדט אין אַראַביען און דער פערקעהר־צענטער צווישען אייראָפּאַ, אַפריקאַ און אַזיען. היינט זינט מען האָט דורכגעגראָבען דעם ס ו ע ז קאַ־ נאַל איז דיא בעדייטונג פון דיעזער שטאָדט נאָך פיעל גרעסער גע־ וואָרען, אָבער דאַן איז זיא אויך געווען וויכטיג גענוג. דיעזע שטאָדט האָט אַלזאָ גענומען פּאָרטוגאַל. זיא האָט איהר אָבער בלויז געקענט האַלטען ביז 1538, און אין גאַנצען פערצאַמען דעם רויטען ים, אַזוי וויא דעם פערסישען ים־בוזים, האָט זיך איהר ניט איינגעגעבען. דאָך האָט זיא דעם עגיפּטישען האַנדעל פיעל געשטערט און ווענעציע האָט דורך דעם פערלאָרען איהר פריהערדיגע בעדייטונג.

נאָך אַ בעסערער מיטעל צו קאָנטראָלירען דעם געווירץ־האַנדעל איז געווען אַריינצונעהמען דיא ערטער, וואו דיא געווירצען וואַקסען. דיא מ אָ ל ו ק ק ע ן אָדער געווירץ־אינזלען ליגען צו מזרח פון מ אַ ל אַ ק ק אַ. דיא אַנדערע אינזלען פון יענע געגענדען, וויא ס ו־

*) דיא בעדייטונג פון דיא ווערטער באַב על מאַנדעב איז „טויער פון טרעהרען", — אַ נאָמען וועלכען מען האָט דעם פּלאַץ געגעבען צוליעב דיא פיעלע שיפען, וואָס פלעגען דאָרטען זינקען. דיעזע „שטראַססע" האַלט בלויז 20 ענגלישע מייל.

מ אַ ט ר אַ, ב אָ ר נ ע אָ, צ ע ל ע ב ע ס, ט י מ אָ ר גיבען אויף ארויס וויכטיגע פּראָדוקטען און דאָרטען איז אַן אָפענער וועג צו כינאַ, יאַפּאַן, סיאַם און דערבייאיגע לענדער. פון אַלע דיעזע פּלעצער זיינען דיא פּראָדוקטען געקומען נאָך דער שטאָדט מאַלאַקקאַ אויף דעם מאַלאַקקאַ האַלב־אינזעל. מיט דער מאַלאַקקאַ־שטראַססע, דעם שמאָלען וואַסער־דורכגאַנג צווישען דיעזען האַלב־אינזעל און דעם אינזעל סומאַטראַ, זיינען מיר שוין בעקאַנט; קאָלומבוס האָט דאָך אַלץ געמיינט אַז ער געפינט זיך ניט ווייט פון דאָרטען און ער האָט זיך געסטאַרעט צוצוקומען צו דיעזען וואַסער־דורכגאַנג. דאָס איז דער טויער פון כינאַ, יאַפּאַן, סיאַם, דיא געווירץ־אינזלען, און איבערהויפּט פון דיא לענדער וואָס ליגען ביי דיא מערב ברעגעס פון דעם שטילען אָקעאַן, אין דעם אינדישען אָקעאַן אריין. ווען מען זאָגט „דער טויער פונ׳ם אינדישען אָקעאַן“ מיינט מען דיעזע מאַלאַקקאַ שטראַססע. ניט אומזיסט האָט קאָלומבוס רק געטרוימט דורך דיעזען טויער דורכצוגעהן. אָבער דאָס וואָס ביי איהם איז געווען אַ פּוסטער חלום, איז ביי דיא פּאָרטוגעזער איצט געווען אַ ווירקליכקייט. זיי האָבען זיך טאַקע געפונען ניט ווייט פון דאָרטען; און באַלד האָבען זיי ארויפגעשטעלט אַ פוס אויף מאַלאַקקאַ גופא. נאָך אין 1509 האָט אַ פּאָרטוגעזישער שיפס־קאַפּיטאַן ס ע ק ו ו ע י ר אַ דיא שטאָדט מאַלאַקקאַ בעזוכט און דאָרטען געגרינדעט אַ האַנדעלס־סטאַציאָן; אין 1511 אָבער האָט אַלבוקערק איהר אין גאַנצען ערָאָבערט. פּאָרטוגאַל האָט שוין אַלזאָ געהאַט דעם רעכטען שליסעל צו דיא געווירץ־אינזלען; און אַלבוקערק האָט קיין צייט ניט פערלאָרען: ער האָט גלייך אַהין אוועקגעשיקט שיפען.

ענדליך זיינען דיא פּאָרטוגעזער אַלזאָ צוגעקומען ניט בלויז צו אינדיען, וואו עס וואַקסט פעפער און וואוהין מען ברייננגט דיא אַנדערע געווירצען פון זייער מקור, נור צו דיעזען מקור גופא אויף. וואָס פאַר אַ רושם דיא נייעס האָט געמאַכט אין איירָאָפּאַ איז אין אונזער צייט ניט לייכט זיך פאָרצושטעלען.

נאָך מיט אַ יאָהר צוריק, אין 1510, האָט אַלבוקערק איינגענומען דיא אינדישע שטאָדט ג אָ אַ; זיא איז געוואָרען פּאָרטוגאַל׳ס הויפּטשטאָדט אין מזרח און בעלאַנגט נאָך צו איהר עד היום. אין 1517 האָט אַ פּאָרטוגעזישע עקספעדיציע בעזוכט כינאַ, — דיא ערשטע

אייראָפּעאישע שיפען, וואָס זיינען ווען עס איז געווען אין דיעזער גרויסער אַלטער מדינה, — און מיט דער צייט, אין 1541, האָט דיא זעלבע קעניגרייך געמאַכט אַ האַנדעלס־וויזיט אין יאַפּאַן אויך.

אין אַלבוקערק'ס אַנפאַלל אויף מאַלאַקקאַ האָט אַנטהייל גענו־מען דער אויבען־דערמאָהנטער מאַגעללאַן. צו ער האָט אויך אַנטהייל גענומען אין דער עקספּעדיציע צו דיא מאָלוקקען אָדער געווירץ־אינזלען, ווייס מען ניט. אָבער מאַלאַקקאַ איז יעדענפאַלס ניט ווייט פון דאָרטען, און שפּעטער האָט ער זיך אריינגענומען אין זינען אַ פּלאַן צו דיא זעלבע מאַלוקקען צוצוקומען פון דער אַנדערער זייט ערד־קוגעל, — דאָס הייסט שווימענדיג פון אייראָפּאַ איבער דער ברייט פון אַטלאַנטישען אָקעאַן און איבער אַ וואַסער־וועג דורך זיד־אַמעריקאַ צוקומען צו דיא מאָלוקקען. דער פּאָרטוגעזישער קעניג האָט זיך מיט זיין פּלאַן ניט אינטערעסירט, און איבערהויפּט זיך פערהאַלטען פיינד־ליך צו איהם. אָבער דער שפּאַנישער קעניג, קאַרל דער פינפטער, פּערדינאַנד'ס און איזאַבעללאַ'ס אַן אייניקעל (דער זוהן פון זייער האַלב משוגענע טאָכטער יואַנאַ) האָט דעם פּאָרשלאַג יאַ אָנגענומען. דאַן האָט מאַגעללאַן דאָס געפיהרט דיא ערשטע רייזע אַרום דער וועלט. דעם וואַסער־וועג דורך זיד־אַמעריקאַ האָט ער ערשט געפונען ביים סאַמע דרום־ענד פון יענעם קאָנטינענט צווישען דער הויפּט־לאַנד און אַן אינזעל. דורך דיעזען וואַסער־וועג, וועלכער הייסט היינט מאַ־געללאַן שטראַססע, איז ער אריין אין דעם שטילען אָקעאַן, *) איז אריבער דיא גאַנצע ריעזיגע ברייט פון דיעזען אָקעאַן, האָט ענט־דעקט דיא פיליפּינישע אינזלען (וועלכע דיא פעראייניגטע שטאַאטען פון אַמעריקאַ האָבען ביי שפּאַניען צוגענומען אין 1892). אויף איינעם פון דיא דאָרטיגע אינזלען האָט איהם אַ ווילדער גע־טוידט. דיא עקספּעדיציע איז אָבער פּאָרטגעזעצט געוואָרען. באַלד האָט זיא דערגרייכט דיא מאָללוקען. פון דיא פינף שיפען, וועלכע האָבען דיא רייזע אָנגעפאַנגען, איז געבליבען בלויז איינע. דיעזע איז געפאָהרען ווייטער, אין דעם אינדישען אָקעאַן אריין, דאַן איבער

*) מאַגעללאַן האָט דאָס איהם טאַקע אַ נאָמען געגעבען שטילער אָדער פריעדליכער (פּאַסיפישער) אָקעאַן — „פּאַסיפיק אָושען", אויף ענגליש.

דעם אינדישען אָקעאַן אַרום אַפריקאַ אין דעם אַטלאַנטישען אָקעאַן אַריין, דאַן צו צפון צו ביז זיא איז צוריק געקומען נאָך שפּאַניען.

מיר זעהען אַלזאָ וויא אין דיא געווירץ־אינזלען אָדער מאָלוקקען זיינען געקומען אי דיא פּאָרטוגעזער אי דיא שפּאַניער. דיא צוויי קאָנקורירענדע ענטדעקער האָבען זיך אַלזאָ ענדליך צוזאַמענגעטראָפען. דיא ערשטע איז אַהין געקומען פאָהרענדיג אין מזרח, און דיא לעצטע— פאָהרענדיג אין מערב. דיא פראַגע איז אָבער מכח דעם פּאַפּסט'ס גרענעץ, און איבער דיעזע פראַגע איז דאָ צווישען זיי טאַקע ווידער אַרויסגעקומען אַ צוזאַמענשטויס. איצט האָט מען שוין נאַטירליך געהאַט אין זינען דיא אַנדערע זייט פון דעם פּאַפּסט'ס מערידיאַן. בעשטימען אָבער ריכטיג וואו ער קומט דאָ אויס, איז דאַן ניט געווען לייכט. אמת, מען האָט שוין ארומגערייזט דעם גאַנצען ערד־קוגעל, קיין דייטליכען בעגריף, וואו דיעזער מערידיאַן קומט דאָ אויס, האָט מען נאָך אָבער ניט געהאַט. יעדער צד האָט גע'טענה'ט, אַז דיא מאַלוקקען זיינען אויף זיין זייט פונ'ם גרענעץ. מאַנועל האָט געשיקט שיפען צו כאַפּען דיא שפּאַנישע עקספּעדיציע, און אַ טהייל פון איהר האָבען זיי טאַקע געפאַנגען. ענדליך, אין 1524, האָט מען דיא פראַגע איבערגעגעבען צו אַ ספּעציעלע קאָנפערענץ, וועלכע האָט זיך פערזאַמעלט אין באַדאַיאָז, לעבען גרענעץ צווישען שפּאַניען און פּאָרטוגאַל. אין דער קאָנפערענץ האָבען אנטהייל גענומען פערדינאַנד קאָלומבוס, סעבאַסטיאַן קאַבאָט, און אַנדערע פון דיא בעריהמטעסטע שיפס־לייטע, אַסטראָנאָמען, געאָגראַפען און אַדוואָקאַטען פון יענער צייט; און דער עולם האָט זיך ניט געקענט אָפּוואונדערען און האָט אָנגעוויזען אויף זיי מיט גרויס נייגעריגקייט אַלס אויף „דיא, וואָס צוטהיילען דיא וועלט אויף העלפט". צוויי מאָנאַט זיינען זיי אַזוי געזעסען און גערעכענט, ארגומענטירט מיט דער הילפע פון אינסטרומענטען, לאַנד־קאַרטען, ים־קאַרטען, דעבאַטירט, געקריעגט זיך, און סוף כל סוף האָט קיינער קיין מאָלק ניט געקענט דערגעהן. מען איז זיך צוגאַנגען מיט גאָרנישט. און שפּאַניען האָט צוערשט ניט אָבגעטראָטען ניט דיא מאַלוקקען, ניט דיא פיליפינען.

אין אמת'ן ליגעןביידע דיעזע אינזעל־גרופּען אויף דער פּאָרטוגעזישער זייט פון דעם פּאַפּסט'ס גרענעץ. ווען איהר זאָלט דעם ערד־קוגעל צושניידען אויף צוויי העלפט פון דעם נאָרד־פּאָל צו דעם

זיד־פאָל, און דעם שניט מאַכען אונגעפעהר דורך דעם 44טען מערידיאַן צו מערב פון גריניטש וועט ער אויף דעם אַנדערען זייט ערד־קוגעל אויסקומען דער 136טער מערידיאַן צו מזרח פון גריניטש (44 מיט 136 איז 180, דאָס הייסט א האַלבער ערד־קוגעל). דאָס איז א ביסעל צו מזרח פון דיא מאַלוקקען און פון דיא פיליפינען. אויב מען זאָל אַלזאָ אָננעהמען אז א פּאַפּסט קען צוטהיילען דיא וועלט, האָט פּאָרטוגאַל רעכט געהאַט. אזוי אָבער וויא בעווייזען דאָס האָט זיא ניט געקענט, האָט שפּאַניען דיעזע אינזלען געהאַלטען. דאָך דיא מאַלוקקען האָט זיא פּאָרטוגאַל פערקויפט פאר 350,000 גאָלדענע דוקאַטען. דיא פיליפינען אָבער זיינען בייא איהר געבליבען ביז אונזער צייט, — ביז אדמיראַל דואי האָט זיי איינגענומען אונטער דער אַמעריקאַנער פּאָהן.

פּאָרטוגאַל און שפּאַניען זיינען אַלזאָ געווען דיא צוויי ענטדע־קערינס, עראָבערינס פון ווייטע לענדער; זיי האָבען נייע וועלטען פאר אייראָפּא געעפענט, און זיי האָבען דאָרטען זייער הערשאַפט פער־שפּרייט. אָבער מערקווירדיג, זיי אַליין האָבען דערפון קיין גרונדליכע נוץ ניט געהאַט. אַנדערע לענדער האָבען דורך דיעזע ענטדעקונגען ענטוויקעלט זייער אינדוסטריע און זיי אַליין ניט. פּאָרטוגאַל, צום ביישפּיעל, האָט ניט געהאַט קיין סחורות אויף צו פיהרען נאָך אינ־דיען, און מיט דעם האָט זיך בענוצט האָללאַנד, וועלכע האָט געפיהרט דיא געשעפטען וואָס פּאָרטוגאַל האָט בעדאַרפט פיהרען. דאָס זעלבע איז געווען מיט שפּאַניען: איהרע קאָלאָניסטען אין אַמעריקא האָבען זיך בעשעפטיגט בלויז מיט איין מלאכה, — בייא דיא זילבער־מינען אָדער גאָלד־מינען, אַזוי אַז זיי האָבען אַלץ געמוזט בעציהען פון דער היים, אפילו ברויט: און שפּאַניען, ווידער, האָט בלויז געדורשט נאָך אַמעריקאַנער זילבער, גאָלד, פּערעל, אָבער קיין אינדוסטריע, אום צו קענען אהין שיקען דיא וואַארע וואָס דיא קאָלאָניסטען האָבען געפאָ־דערט האָט זיא ניט געשאַפען. דאָס זעלבע איז געווען מכח דעם האַנדעל מיט דיא קאָלאָניאַלע פּראָדוקטען, דאָס הייסט מיט דיא פּראָ־דוקטען, וואָס מען האָט געבראַכט פון דיא שפּאַנישע און אינדישע קאָלאָניעס. דיא שפּאַניער און פּאָרטוגעזער אַליין האָבען דיעזען האַנ־דעל ניט געקענט פיהרען. זיי האָבען ניט געהאַט דיא פעהיגקייט און דיא ענערגיע דיא סחורות צו פערשפּרייטען איבער אַנדערע לענדער,

און דיעזע אויפגאַבע, — דאָס הייסט דער מסחור מיט דיא קאָלאָניאַלע וואַרען — איז אַריין אין דיא הענט פון אַנדערע פעלקער. דער רעזולטאַט איז געווען, אַז אַנדערע אייראָפּעאישע פעלקער האָבען זיך ענטוויקעלט אויף דעם חשבון פון דיא שפּאַנישע און פּאָרטוגעזישע קאָלאָניזאַציאָן. אַלס איינע פון דיא אורזאַכען דערפון, ווייזען שרייבער פון פערשיעדענע ריכטונגען אָן אויף דעם פאַקט, דאָס שפּאַניען און פּאָרטוגאַל האָבען אַרויסגעטריבען דיא אידען און פערפאָלגט דיא מאַראַנען*), דיא פעהיגסטע און טהעטיגסטע איינוואוינער. אויך צייגט מען אָן אויף דעם אַרט וויא זיי זיינען זיך בעגאַנגען מיט זייערע אַראַבער און מאָריסקאָ'ן (איבער

*) מאַנועל איז אייגענטליך געבליבען פריינדליך צו דיא מאַראַנען. ביי איהם האָט זיך זיי געלעבט פערהעלטניסמעסיג פריי אַזוי, אַז זיי האָבען געהאַט דיא מעגליכקייט אָפען זיך צו פערזאַמלען אין אידישע שוהלען. זיי פלעגען בלויז מוזען געהן אין אַ קריסטליכע קירכע און איבערהויפּט פיהרען זיך וויא קריסטען פון דרויסען. אין אמת'ן אָבער פלעגט מען זיי ניט שטערען אָבצוהיטען אידישקייט. זיי פלעגען פון קלויסטער אַריינקומען אין שוהל און דאַוונען און לערנען מיט בעזונדערע התלהבות פון יסורים פאַר וואָס זיי מוזען פיהרען אַ קאַטהולישען לעבען. אין ליסאַבאָן האָבען דיא מאַראַנען געהאַט אַ שטענדיגע שוהל. דאָרטען פלעגען זיי זיך פערזאַמלען צו דאַוונען, אַליין לערנען, און לערנען זייערע קינדער. דיא פערהעלטניסמעסיגע פריינדליכקייט פון דעם קעניג צו זיי האָט אָבער ערבויטערט דיא גלחים און זיי האָבען ענדליך (אין 1507) אָרגאַניזירט אַ בלוטיגען פּאָגראָם. אַ מאַסע שטאָדט־לייט צוזאַמען מיט פיעלע דייטשע, האָלענדישע און פראַנצויזישע מאַטראָזען האָבען זיך אַוועקגעלאָזען קוילען מאַראַנען, וואו זיי האָבען נור געפונען. פרויען האָט מען אַראָפּגעוואָרפען פון דיא דעכער מיט דיא קינדער אין דיא אָרימס; און פון אונטען האָט מען זיי אויפגעכאַפּט אויף שפּיזען. פיעלע פרויען האָט מען געשענדעט. אין אַלעמען האָט מען אין יענעם פּאָגראָם געטוידטעט פון 2000 ביז 4000 מאַראַנען. מאַנועל האָט דאַן אַרויסגעלאָזען אַ נייעם אוקאַז, ווידער גינסטיג פאַר דיא מאַראַנען. אָבער סוף כל סוף האָט ער נאָכגעגעבען דיא גלחים און דיא קריסטליכע געשעפטסלייט, וועלכע האָבען דיא מאַראַנען געהאַסט אַלס קאָנקורענטען.

גוואַלט געטויפטע אַראַבער)—וועלכע זיינען געווען פעהיג צו אַגריקולטור און אינדוסטריע און וועלכע מען האָט אויך פערפאָלגט און פעריאָגט.

קורץ, שפּאַניען און פּאָרטוגאַל האָבען געהאַט דיא גרעסטע געלעגענהייטען צו ענטוויקלען אַ הויכע, רייכע אינדוסטריע. זיי האָט אָבער געפעהלט דיא פעהיגקייט זיך צו בענוצען מיט איהר, און אַנדערע האָבען זיך מיט איהר בענוצט, וועהרענד זיי האָבען אַ בליה געטהאָן בלויז אויף אַ קורצע צייט מיט דיא גוטס וואָס זיי האָבען אָנגעראַבעוועט אין אינדיען און אַמעריקאַ, און דאַן זיינען זיי פערלאָשען געוואָרען. שפּאַניען האָט בלויז זיך אינטערעסירט מיט דיא זילבער וואָס זיא האָט אוצרות־ווייז געשעפּט פון מעקסיקאָ, פּערו און אַנדערע פון איהרע ערָאָבערטע נייע לענדער. דיעזע אוצרות האָט זיא אַפילו ניט אַרויסגעלאָזט איבער איהר גרענעץ, „אום ניט רייך צו מאַכען אַנדערע לענדער“. דיא אונטערשטע שורה איז, אַז זיא האָט אַליין קיין אינדוסטריע ניט געהאַט, און האָט ניט געהאַט דיא נוץ פון פרעמדע אינדוסטריען אויך. וואָס אַנבעטרעפט פּאָרטוגאַל האָט זיא אויף איהרע קאָלאָניעס אויך געקוקט בלויז וויא אויף פלעצער, פון וועלכע זיא דאַרף ציהען פּאַרטיגע אייגענסען. זיא האָט אויך ניט געסטאַרעוועט זיך צו פאַבריצירען סחורה ביי זיך אום צו האָבען וואָס אויסצובייטען אויף דיא אינדישע פּראָדוקטען. דער סוף איז געווען אַז דיא גאַנצע קאָלאָניזאַציע האָט ביי איהר געהאַט אַ פּנים וויא אַ רעגעלמעסיגער בעזוך וואָס אַ טיראַן מאַכט ביי אַן אונטערטהעניגען פאָלק נאָך צינזען. דער סוף איז געווען, אַז איהרע אינדישע טשינאָווניקעס האָבען גע׳גנב׳עט און גענומען „לאַפּקע“ און דיא קאָלאָניעס האָבען דער רעגיערונג אָבגעקאָסט מעהר וויא זיי האָבען איהר איינגעבראַכט.

אָבער, וויא שוין געזאָגט, אַנדערע לענדער האָבען זיך עקאָנאָמיש ענטוויקעלט צוליעב דיא גרויסע געאָגראַפישע ענטדעקונגען, וואָס זיינען געמאַכט געוואָרען פון דיא צוויי קעניגרייכען פון דעם פּירענעאישען האַלב־אינזעל. דער האַנדעל איז געוואַקסען. מען האָט געמאַכט אונגעהייערע פּראָפיטען, און אָנשטאָט וואָס פריהער פלעגט אַ רייכער מאַן זיין עשרות קלייבען, האַלטען פערשלאָסען אָדער זאָגאַר בעגראָבען, האָט מען זיך גענומען געוואוינען אריינצולעגען אין געשעפטע, „אינוועסטען“, אום פּראָפיט צו ציהען. אין אָנפאַנג פון דיעזען בוך איז אונז אויסגעקומען צו ריידען וועגען דעם איבערגאַנג פון דער צייט,

ווען מען פלעגט צאָהלען מיט פּראָדוקטען, צו דער צייט, ווען מען האָט אַלץ מעהר גענומען צאָהלען מיט געלט — פון „נאַטירליכע גע־צאָהלט" צו „געלד־געצאָהלט". דיזע ענדערונג, וועלכע האָט זיך פריהער ענטוויקעלט לאַנגזאַם, איז איצט געגאַנגען מיט האַסטיגע טריט. עס איז אַריינגעקומען אַ מאַסע גאָלד און זילבער אין פערקעהר און דאָס איז דאָך אַ נויטהיגע בעדינגונג פאַר דעם וואוקס פון אינדוסטריע און האַנדעל.

מיט דער צייט האָט האָללאַנד, וועלכע איז אַזוי אויך געווען אַ מעכטיגע שיפס־נאַציאָן, אויך גענומען פאָהרען אַרום אַפריקאַ נאָך אינדיען. פּאָרטוגאַל האָט איהר געפּרופט שטערען; עס האָט אָבער ניט געהאָלפען, און דיא אונטערשטע שורה איז, אַז מיט דער צייט איז האָללאַנד אין אינדיען געוואָרען פיעל שטאַרקער וויא פּאָרטוגאַל. און נאָך שפּעטער האָט ענגלאַנד דאָרטען געקראָגען דיא אויבער־האַנד. אויך האָבען האָללאַנד, ענגלאַנד, וויא אויך פראַנקרייך, ניט גע־שוויגען אין אַמעריקאַ. זיי האָבען דאָרטען אויך געמאַכט פּאָרשונגען, אויך געגרינדעט קאָלאָניעס. דיא מערק זיינען געוואַקסען. עס האָט זיך געפּאָדערט אַלץ מעהר פּראָדוקטען אהין. עס איז אויך מעהר ענטוויקעלט געוואָרען דער פערקעהר צווישען דיא אייראָפּאַאישע לענ־דער. מען איז מעהר בעקאַנט געוואָרען איינער מיט'ן אַנדערען. דיא וועלט איז ברייטער געוואָרען אין יעדער לאַנד גופא. דיא אינדוסטריע פון אייראָפּאַ איז געוואַקסען ווירקליך וויא אויף הייוון.

איין זאַך דאַרף מען האָבען אין זינען: אַזוי וויא דיא שיפען זיינען נאָך אַמעריקאַ און אינדיען געגאַנגען איבער דעם אַטלאַנטישען אָקעאַן, האָבען אין דיעזען נייעם עקאָנאָמישען לעבען הויפּטזעכליך אַנטהייל גענומען ניט דיא לענדער פון דעם מיטעל־לענדישען ים, וויא אַ מאָל, נור דיא, וואָס זיינען געלעגען ביי דיא ברעגעס פון דעם אַט־לאַנטישען אָקעאַן: האָללאַנד, בעלגיום, פראַנקרייך, דייטשלאַנד. ווע־נעציע האָט אויפגעהערט צו שפּיעלען ערשטע פידעל. דער מיטעל־לענדישער ים, וועלכער איז אימער געווען דער צענטער פון אונזער ציוויליזאַציאָן, האָט אָבגעטראָטען זיין פּלאַץ צו דעם אָקעאַן, וועלכער איז נאָך גאָר ניט לאַנג געווען „דער ים פון פינסטערנים".

קורץ, דיא „מיטעל־לענדישע ציוויליזאַציאָן" ווערט אַ „מערב־אייראָפּעאישע ציוויליזאַציאָן".

פּראָפעסאָר זאָמבאַרט האָט אינטערעסאַנטע געדאַנקען איבער דיעזען ענין. זיינע עקאָנאָמיש־היסטאָרישע פאָרשונגען האָבען איהם נעמליך געבראַכט צו דער איבערצייגונג, אַז אין דיא ענדערונגען, וואָס זיינען אַרויסגעקומען אין דעם עקאָנאָמישען לעבען פון דיא פערשיע־דענע לענדער נאָך דער ענטדעקונג פון אַמעריקאַ האָבען דיא אידען גע־שפּיעלט אַ פיעל וויכטיגערע ראָלע, וויא מען מיינט געוועהנליך. מיר האַלטען עס פאַר ניט־איבעריג דיעזע געדאַנקען פון דעם בעריהמטען דייטשען עקאָנאָמיסט דאָ אין קורצען איבערצוגעבען. לאָמיר נור צו־ערשט בעמערקען, אַז ער איז ניט קיין איד און איז ניט בעהערשט פון קיין ספּעציעלע געפיהלע אין בעצוג אויף אידען — ניט פאַר זיי, ניט געגען זיי. ער איז איינפאַך אַ געלערטער, און צו זיינע שליסע וועגען דער ראָלע פון דיא אידען אין דעם עקאָנאָמישען לעבען פון אייראָפּאַ איז ער געקומען אויף אַ ריין־וויסענשאַפטליכען וועג. ער האָט אין דעם נעמליך געזעהן דיא איינציגע ערקלעהרונג, וואָס ער האָט געקענט געפינען אויף דיא רעטענישען, וואָס זיינען פאַר איהם געשטאַנען אויף טריט און שריט אין פערלויף פון זיין פיעל יעהריגען שטודיום.

ער שטעלט זיך אָפּ אויף דעם פעריאָד, ביי וועלכען מיר האַלטען דאָ, נעמליך ביי דער צייט, ווען דער צענטער פון האַנדעל און אינ־דוסטריע, דער צענטער פון דעם עקאָנאָמישען לעבען פון אייראָפּאַ, איז איבערגעטראָגען געוואָרען פון דיא ברעגעס פונ׳ם מיטעללענדישען ים צו דיא ברעגעס פון דעם אַטלאַנטישען אָקעאַן, ווען פון דיא דרום־לענדער: איטאַליען, שפּאַניען, פּאָרטוגאַל און דרום־דייטשלאַנד איז דיעזער מיטעל־פּונקט איבער־גערוקט געוואָרען צו מערב (מעהר צו צפון־צו) — צוערשט נאָך האָללאַנד און נאַכהער נאָך פראַנקרייך, ענגלאַנד און צפון־דייטשלאַנד.

מיט דיעזער איבערציהונג פון דעם עקאָנאָמישען צענטער פאַנגט זיך אָן דיא געשיכטע פון דער קאַפּיטאַליסטישערווירטהשאַפט אויף דער ציוויליזירטער וועלט. דער קאַפּיטאַליזמוס איז אויסגעוואַקסען אין מערב אייראָפּאַ.

דיא לענדער, וואָס ליגען אין דרום, האָבען פריהער געשפּיעלט אַ גרויסע ראָלע, אָבער מיט דעם געבורטה פון דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדנונג, זיינען זיי „אַראָפּ פון מאַרק", טאַקע אין דעם בוכשטעבליכען זינן פון דעם אידישען ווערטעל. אַלזאָ, פרעגט זאָמבאַרט, צום ביי־

שפּיעל, אַזאַ קשיא: פאַר וואָס האָבען דיא איטאַליענער ניט געקענט אַזוי פאָהרען איבער דעם נייעם וואַסער־וועג נאָך אינדיען און איבער דער ברייט פון דעם אַטלאַנטישען אָקעאַן נאָך אַמעריקאַ פונקט וויא איבער דיעזע מאַרשרוטען זיינען געפאָהרען דיא האָללענדער, דיא פראַנצויזען אָדער דיא ענגלענדער? דיא געוועהנליכע ערקלעהרונג בעשטעהט אין דעם, דאָס דער נייער וועג צו אינדיען האָט צובראָכען דיא האַנדעלס־בעדייטונג פון לעוואַנט, צו וועלכען דיא איטאַליענער און אַנדערע פעלקער פון אַרום דעם מיטעל־לענדישען ים זיינען נאָהענט (זעה אויבען, זייטעל——), און דעריבער זיינען אָפּגערוקט געוואָרען אויפ'ן הינטערשטען פּלאַן די, וואָס זיינען דורך דעם לעוואַנט־האַנדעל פריהער רייך און מעכטיג געוואָרען — דיא איטאַליענער און זיד־דייטשען. ווייזט אָבער זאָמבאַרט אויף, אַז דער לעוואַנט האַנדעל האָט געשפּיעלט אַ גרויסע ראָלע נאָך אין דעם 17טען און 18טען יאָהר־הונדערט, און אַז טאַקע דורך דיעזען האַנדעל זיינען אויסגעוואַקסען דיא דרום־שטעדט פון פראַנקרייך וויא אויך דיא דייטשע שטאָדט האַמבורג.*) איטאַליענישע שטעדט, וויעדער, האָבען אין דעם 16טען יאָהר־הונדערט נאָך אַלץ געפיהרט גרויסע געשעפטען מיט'ן לעוואַנט, הגם אינדיען איז שוין געוועזן אין פּאָרטוגאַל'ס הענט. ערשט אין דעם 17טען יאָהר־הונדערט האָבען זיי פערלאָרען זייער בעדייטונג אין דער האַנדעלס־וועלט. היינט אויב זיי האָבען געקענט אָנהאַלטען זייער מסחור אין דעם 16טען, טאָ פאַרוואָס איז דאָס זיי פּלוצלונג אונמעגליך געוואָרען אין דעם נעכסטען יאָהר־הונדערט? דיא פראַגע בלייבט אַלזאָ: וואַרום האָט גענוא אָדער ווענעציע ניט געקענט שיקען שיפען נאָך אָסט אינדיען אָדער וועסט אינדיען אַזוי גוט וויא אַמסטערדאַם, לאָנדאָן אָדער האַמבורג? און וואָס אָנבעטרעפט שפּאַניען און פּאָרטוגאַל, זיינען זיי דאָך געוועזן נאָך נעהנטער צו דיא נייענטדעקטע לענדער (וועלכע זיי אַליין האָבען ענטדעקט און קאָלאָניזירט) וויא האָללאַנד, ענגלאַנד, פראַנקרייך, דייטשלאַנד. מען זוכט

*) אַז פּאָרטוגאַל האָט זיך ניט איינגעגעבען צו פערצאַמען דעם רויטען ים פון דיא אַראַבער פון עגיפּטען האָבען מיר געזעהן אין דיעזען קאַפּיטעל. אויך איז פאָרטגעזעצט געוואָרען דער אַראַבישער האַנדעל מיט אינדיען איבער יבשה.

אַן ערקלעהרונג אין דער פּאָליטישער מאַכט פון דיא צפון־מערב לענ־דער; אָבער פּאָליטיש איז שפּאַניען אין דעם 17טען יאָהר־הונדערט געווען דיא שטאַרקסטע מדינה אין אייראָפּאַ, און דאָך איז זיא אין אינדוסטריע און האַנדעל געווען פיעל שוואַכער וויא דיא זעלבסט־שטענדיגע שטאָדט האַמבורג אָדער פראַנקפורט־אַן־מיין, וועלכע זיינען דאַן געווען צווישען דיא רייכסטע שטעדט אין אייראָפּאַ. זאַמבאַרט לייקענט נאַטירליך ניט, אַז אָהן דער ענטדעקונג פון אַמעריקאַ מיט איהרע זילבער־מינען און גאָלד־מינען און אָהן דעם פריהערדיגען היס־טאָרישען לעבענס־גאַנג פון דיא אייראָפּעאישע נאַציאָנען וואָלט דער היינטיגער קאַפּיטאַליזמוס אונמעגליך געווען. ער גלויבט אָבער, אַז ער וואָלט אויך אונמעגליך געווען, ווען צוזאַמען מיט דאָס אַלעס וואָלט ניט מיטגעגאַנגען נאָך אַ קראַפט, — נעמליך דער אַנטהייל פון דיא אידען אין דעם עקאָנאָמישען לעבען פון מערב אייראָפּאַ. „וויא נור מיר קומען צו דיעזען געדאַנק, — זאָגט זאַמבאַרט, — ווערט גלייך ליכטיג אין דיא אויגען און מיר הויבען אָן צו פערשטעהן דיא פּאַ־סירונגען פון דעם בעשפּראָכענעם פּעריאָד — פּאַסירונגען, וועלכע זיינען פריהער געבליבען אונערקלעהרליך".

ווען פון איין זייט בעטראַכט מען דעם שיקזאַל פון דיא אידען — וויא מען האָט זיי געטריבען פון איינינגע לענדער און צוגענומען אין אַנדערע לענדער,— און פון דער אַנדערער זייט, בעטראַכט מען דעם עקאָנאָמישען שיקזאַל פון דיעזע לענדער, בעמערקט מען צווישען דיא צוויי ערשיינונגען אַן ענגען צוזאַמענהאַנג, זאָגט זאַמבאַרט, און ער וואונדערט זיך, וואָס פריהער האָט מען דיעזען צוזאַמענהאַנג ניט בעמערקט. אייגענטליך האָט מען דאָס יאָ בעמערקט. אַז דיא פעלקער וואָס האָבען אַרויסגעטריבען דיא אידען זיינען פערלאָזען און פערשטומפּפּט געוואָרען, וועהרענד דיא, וואָס האָבען זיי געלאָזען פריי זיך ענטוויקלען האָבען געבליהט — דאָס טענה'ן אימער ניט נור אידען, נור אויך ניט־אידישע היסטאָריקער. דאָס זאָגט אין בעצוג אויף שפּאַניען פיסק; דאָס זעלבע האָט נאָך געזאָגט באָקל; און דאָס זיינען בלויז צוויי ביישפּיעלע פון אַ סך. פאַר זאַמבאַרט'ען האָט אָבער קיינער דעם ענין ניט בעהאַנדעלט אַזוי סיסטעמאַטיש און גרינדליך, וויא ער. עס קען זיין, אַז ער איבערטרייבט מעהר אָדער וועניגער; עס קען זיין, אַז דיא שליסע וואָס ער ציהט געהען צו ווייט; עס איז

אויך מעגליך, אַז זיינע בעווייזע זיינען ניט אימער פעסט גענוג אויס־צוהאַלטען אַ שטרענגערע היסטאָרישע פאָרשונג. זיין ווערק, וועלכע איז אָקאָרשט בעקאַנט געוואָרען פאַר דער וועלט, ווען מיר האָבען געהאַלטען ביים ענדיגען דיעזען באַנד, האָט נאָך ניט געהאַט קיין צייט פאָרצוקומען פאַר דעם בית־דין פון אַ גרינדליכע וויסענשאַפטליכע קריטיק. נאָר צי אַזוי, צי אַזוי, זאַמבאַרט שטעלט אַרויס אַ מערק־ווירדיגע רייהע פון פאַקטען, וועלכע ווייזען, אַז וואו נור עס זיינען געווען אידען, איז דיא אינדוסטריע ענטוויקעלט געוואָרען, און וואו ניט — ניט; ער שטעלט אַרויס אַ מאַסע פאַקטען צו ווייזען אַז זיי האָבען געשפּיעלט אַן אונגעהויער וויכטיגע ראָלע אין דעם געבורט און ענטוויקלונג פון דער מאָדערנער אינדוסטריע.

איידער שפּאַניען און פּאָרטוגאַל האָבען ענטדעקט זייערע נייע לענדער, זיינען דיעזע צוויי לענדער געווען אין אַ בעסערען עקאָנאָ־מישען צושטאַנד וויא נאָך דעם, און דיא אידען האָבען זיי אַרויסגע־טריבען פּונקט אין דער זעלבער צייט ווען קאָלומבוס האָט געפונען אַמעריקא און וואַסקאָ דא גאַמאַ — דעם נייעם וועג צו אינדיען. אין דעם 15טען יאָהר־הונדערט האָט מען דיא אידען אַרויסגעטריבען פון דיא דאַמאָלסט וויכטיגסטע שטעדט פון דייטשלאַנד: פון אוגס־בורג אין 1439, פון שטראַססבורג אין 1438, פון ערפורט אין 1458, פון נירענבערג אין 1498, פון אולם אין 1499, פון רעגענבורג אין 1469. אַלע דיעזע שטעדט האָבען געשפּיעלט אַ ראָלע אין דעם אינ־טערנאַציאָנאַלען האַנדעל. נאָך דעם אָבער וויא זיי זיינען געבליבען אָהן אידען, האָבען זיי דיעזע ראָלע פערלאָרען און זיינען פעררוקט געוואָרען אין אַ זייט. אין דעם 16טען יאָהר־הונדערט האָט מען אַרויס־געטריבען דיא אידען פון וויכטיגע איטאַליענישע שטעדט. דעם אינ־זעל סיציליען האָבען זיי געמוזט פערלאָזען נאָך ביים ענד פון דעם 15טען יאָהר־הונדערט. פון נעאַפּאָל האָט מען זיי אַרויסגעטריעבען אין 1519, פון גענוא אין 1550, פון ווענעציע אין 1550. און זאַמ־באַרט ערקלעהרט, אַז גלייך נאָך דעם איז דאָרטען אָבגעשטאָרבען דיא אינדוסטריע און דער האַנדעל, ביז דיעזע שטעדט האָבען פערלאָרען זייער גאַנצע מאַכט, דיא מאַכט פון פיעלע יאָהר־הונדערטע. פון דער אַנדערער זייט, ווידער, האָבען זיך פאַרנאַנדערגעבליהט יענע שטעדט און לענדער, וואוהין מען האָט דיא אַרויסגעטריעבענע שפּאַנישע, פּאָר־

טוגעזישע, דייטשע אָדער איטאַליענישע אידען אריינגעלאָזען. דיא צוויי אויבען־דערמאָהנטע דייטשע שטעדט האַמבורג און פראנקפורט־אָן־מאין האָבען אין דעם 16טען און 17טען יאָהרהונדערטע געוויזען דיא גרעסטע פריינדליכקייט צו דיא היימלאָזע אידען; און וואָס זעהען מיר? אין דעם 18טען יאָהר־הונדערט זיינען דיא אַלטע האנדעלס־שטעדט אולם, מיינץ, נירענבערג, אוגסבורג, קעלן פערלאָזען, האַלבטוידט, וועהרענד האַמבורג און פראנקפורט־אָן־מאין בלייבען עקאָנאָמיש מעכטיג און ענטוויקלען זיך נאָך ווייטער און ווייטער. און אין פראנקרייך איז אויך דאָס זעלבע: דיא שטעדט מארסעל, באָרדאָ, רואַן האָבען אין 17טען און 18טען יאָהר־הונדערט פערנומען דעם אויבען־אָן אין האַנדעל, און גראָד דיעזע שטעדט האָבען אריינגעלאָזען פיעלע פון דיא וואַנדערענדע אידען. וואָס אָנבעטרעפט האָללאַנד, וועלכע איז ביין ענד פון׳ם 16טען יאָהר־הונדערט שנעל געוואָרען דיא גרעסטע און רייכסטע האנדעלס־לאַנד, איז דאָס אַן אַלגעמיין בעקאַנטער פאַקט, אַז דאָס האָט זיא געהאַט צו פערדאַנקען דיא ארויסגעטריבענע שפּאַנישע אידען, וועלכע האָבען זיך דאָן ביי איהר בעזעצט. דאָס איז געוועזען דיא צייט, ווען דיא אידען האָבען אמסטערדאַם גערופען „נייער ירושלים“. שפּעטער אביסעל האָט זיך דער קאַפּיטאַליזם געגומען שנעל ענטוויקלען אין ענגלאַנד — איז דאָס געוועזען מיט דער הילפע פון שפּאַנישע און פּאָרטוגעזישע אידען, וועלכע האָבען עמיגרירט אין דיא ענגלישע שטעדט.*) זאָמבאַרט צייגט אָן וויא אין האָללאַנד און אין האַמבורג האָט מען מורא געהאַט טאָמער פאָהרען זיי פון דאָרטען אַוועק. ער ווייזט אויך אָן, אַז מיט די נייע סחורות וואָס מען האָט געבראַכט פון אַמעריקאַ און אינדיען, ווי באַוועל, באַוועלנע מאַטעריעס, אינדיגאָ און אַנדערע נייע פּראָדוקטען, פלעגען הויפּטזעכליך האַנדלען אידען, אַזוי אַז מען פלעגט דאָס געוועהנליך רופען „דיא אידישע קאָמערציע“, און דיעזע סחורות האָבען גראָד געמאַכט אַ

*) אַז ענגלאַנד׳ס שנעלער עקאָנאָמישער וואוקס האָט זיך אָנגעפאַנגען דורך דעם שטוים, וואָס זיא האָט בעקומען פון האָללאַנד, גיט צו קאַנינגהעם, צום בײַשפּיעל, וועלכער רעדט ניט וועגען דיא ספּעציעלע ראָלע פון דיא אידען; און אין האָללאַנד גופא האָבען דאָך דיא אידען געוויס אַן אונגעהייערע בעדייטונג געהאַט פאַר דעם אינדוסטריעלען פּראָגרעס.

רעוואָלוציאָן אין דער אינדוסטריע.*) אויך האָבען דיא אידען אַ

*) אום זיך פאָרצושטעלען וואָס פאַר אַן איבערקעהרעניס דיא ענט־דעקונג פון אַמעריקאַ, און פון אַ ים־וועג צו אינדיען האָט געמאַכט אין דיא וועלט פון אינדוסטריע און געשעפט, דאַרף מען זיך בלויז דערמאָהנען אַז פריהער האָט אייראָפּאַ ניט געוואוסט פון קאַרטאָפעל, פון טאַבאַק, פון קו־קורוזע („האָט קאָרן"), פון שאָקאָלאַד, וואַנילל, קאַקטוס, קאָשענעיל, גראַ־נאַטען („פּיין עפּעל"), געוויסע זאָרטען פאַרב־האָלץ, אָדער אַזעלכע בלומען וויא נאסטורציעס אָדער דאַליאַהס. איצט גלויבט זיך כמעט ניט, אַז עס איז אַ מאָהל געווען אַ צייט, ווען מען האָט דיעזע זאַכען ניט געהאַט — אין אַזעלכע מאַסען און אַזוי אַלגעמיין ווערען זיי געברויכט. אַ חוץ דעם האָבען דיא אייראָפּעאישע קאָלאָניסטען אין אַמעריקאַ איינגעפלאַנצט געוויסע פּראָ־דוקטען, וועלכע פלעגען פריהער בלויז וואַקסען אין אַזיען אָדער אַפריקאַ; בוימוואָל (באַוועל) גופא איז געווען אַזאַ פּראָדוקט, און דאָס האָט זיך אַזוי גוט צוגעפּאַסט צו דער אַמעריקאַנער ערד, אַז באַלד האָט מען דיעזע סחורה גענומען ברייגגען פון דאָרטען מאַסען־וויז. דאָס זעלבע איז געווען מיט קאַווע און מיט צוקער־שטעקלעך. אין אַמעריקאַ איז אויף דעם געווען אַ זעלטענע גערעטעניס, און מען האָט דאָס פון דאָרטען געליפערט פאַר גאַנץ אייראָפּאַ. פון דער אַנדערער זייט האָט מען פיעלע פון דיא נייע פּראָדוקטען, וועלכע פלעגען פריהער בלויז וואַקסען אין אַמעריקאַ, גענומען זייהען און פלאַנצען אין אייראָפּאַ גופא, וויא קאַרטאָפעל, צום ביישפּיעל, אָדער קו־קורוזע. דאָס האָט אַלזאָ אויך געגעבען נייע סחורות פאַר דיא אייראָפּעאישע מערק. און דיא געווירצען אָדער דראָגען פון אינדיען און דיא וויטערע אַזיאַטישע אינזלען זיינען ביליגער געוואָרען. מען האָט זיי גענומען גע־ברויכען אין דיא הייזער פון אָרימע מענשען אויך, ניט בלויז פון רייכע אַדעליגע אָדער גייסטליכע. דער סך הכל איז אַלזאָ, ערשטענס, אַז אין אייראָפּאַ האָט גענומען שטראָמען מיט פערשיעדענע נייע וואַרע, פון וועלכע מען האָט פריהער ניט געוואוסט; צווייטענס, אַז עס האָט גענומען שטראָמען מיט אונגעהויערע מאַסען פון אַזעלכע וואַרע, וועלכע מען פלעגט פריהער בעקומען בלויז אין אַ בעשרענקטע מאָס; דריטענס אַז פון אייראָפּאַ האָט זיך גענומען פאָדערען גרויסע מאַסען פון איהרע אַלטע פּראָדוקטען פאַר דיא וואַקסענדע בעפעלקערונגען פון דיא קאָלאָניעס.

דאָך פון זיך אַליין בעוועגט זיך קיין סחורה ניט, אַפילו ווען עס איז

ספּעציעל שטאַרקען אַנטהייל גענומען אין בעציהען פון דיא נייע לענ־דער גאָלד און זילבער, אָהן וועלכע עס וואָלט דעם קאַפּיטאַליזמוס אונמעגליך געווען זיך שנעל צוצוּוואַקסען. זאָמבאַרט זאָגט, אַז דיעזע פראַגע וועגען בעוועגען גאָלד און זילבער פון אַמעריקאַ און אינדיען נאָך אייראָפּאַ האָבען דיא אידען דיא ערשטע אויפמערקזאַמקייט גע־שאָנקען, און אַז דורך דעם אַליין האָבען זיי שוין אויך געגעבען אַ שטאַרקען פאָרווערטס־שטויס דער ענטוויקלונג פון אייראָפּעאישער פאַבריקאַציע.

ער שטעלט זיך אויך אָפּ אויף דער ראָלע וואָס דיא אידען האָבען געשפּיעלט אין דער עקאָנאָמישער ענטוויקלונג פון אַמעריקאַ און ער זאָגט אַז אַמעריקאַ קען מען אין דיעזער בעציהונג רופען „אידישע לאַנד“. ער וויזט אָן אויף דעם אַנטהייל וואָס אידען האָבען געהאַט אין דער ענטדעקונג פון אַמעריקאַ; דערביי רופט ער אָן דיא אידישע געלעהרטע, וויא אברהם זאַקוטאָ'ן, יוסף וועקענהאָ, משה, וועלכע האָבען געהאָלפען ענטוויקלען דיא וויסענשאַפט און דיא אינסטרומענ־טען, וואָס מאַכען לייכטער צו פאָהרען איבער'ן ים. אויך דער־מאָהנט ער דעם פאַקט, אַז צו קאָלומבוס'עס ערשטע צוויי רייזעס האָט מען גענומען געלד ביי אידען; ער ערקלעהרט אַז דיא ערשטע סוחרים אין אַמעריקאַ זיינען געווען אידען, אַז דיא אידען האָבען ענטוויקעלט דיא גאַנצע אינדוסטריע פון זיד־אַמעריקאַ, — אַז ווען דיא אידען האָבען געהערשט אין בראַזיליען, איז בראַזיליען געווען אין אַ בליהענדען צושטאַנד, און, אַז ווען מען האָט דאָס רוב פון זיי פון דאָרטען אַרויסגעטריבען, און זיי האָבען זיך בעזעצט אין אַנדערע טהיילען פון אַמעריקאַ, האָבען זיי אַהין אויך מיטגענומען דיא צוקער־אינדוסטריע און איבערהויפּט אינדוסטריע און האַנדעל.

עס קומט אַלזאָ אויס אַזוי: דיא נייע אומשטענדען זיינען געווען פערטיג דערצו, אַז דער קאַפּיטאַליזם זאָל נעהמען שנעל וואַקסען, אָבער דיא אידען זיינען געווען דיא, וואָס זיינען פעהיג געווען דיעזע אומ־שטענדען אויסצונוצען. זייער אייגענאַרטיגער היסטאָרישער שיקזאַל האָט אין זיי דיעזע בעזונדערע פעהיגקייט געשפּייזט. אַז דיא אידען

---

פאַראַן אַ נאַטירליכע פאָדערונג אויף איהר; און דיא אידען זיינען געווען דיא וויכטיגסטע בעוועגער.

האָבען געשפּיעלט דיא וויכטיגסטע ראָלע אין ענטוויקלען דעם איבער־גאַנג פון „נאַטירליכע געצאָהלט“ צו „געלט־געצאָהלט“, אָהן וועלכע דער קאַפּיטאַליזמוס וואָלט אונמעגליך געווען, — דאָס האָבען מיר נאָך געזעהן, ווען מיר האָבען גערעדט וועגען דיא לעצטע יאָהר־הונדערטע פון פינסטערען מיטעל־אַלטער. דיא פעאָדאַלע וועלט איז הויפּטזעכ־ליך אַ וועלט פון „געברויך־ווערטהען“, וועהרענד דיא קאַפּיטאַליסטישע וועלט איז אַ וועלט פון „בייט־ווערטהען“, פון סחורות. אין דער ער־שטער שאַפט מען מייסטענס פאַר דעם אייגענעם געברויך; אין דער לעצטער — פאַר דער קראָם, פאַר'ן מארק, פאַר דעם קויפער. אין דער פעאָדאַלער צייט פלעגט מען קויפען וועניג זאַכען. דער מאַיאָנ־טעק פלעגט שאַפען כמעט אַלץ וואָס מען האָט געדאַרפט האָבען. און ווען אימיצער האָט שוין געדאַרפט האָבען עפּעס אַזעלכעס, וואָס ער אַליין האָט ניט געהאַט, פלעגט ער מייסטענס צאָהלען דערפאַר מיט פּראָדוקטען, וואָס ער האָט יאָ געהאַט. דאָס האָט געטראָפען פער־העלטניסמעסיג אַזוי זעלטען, אַז מען האָט מייסטענס געקענט אויס־קומען אויף דיעזען אופן, און געלד האָט זיך געפאָדערט וועניג. אין אַ וועלט אָבער, וואו כמעט אַלץ ווערט געשאַפען ניט פאַר זיך, נור אויסגעבעטען צו ווערען, אין אַ וועלט וואו כמעט אַלץ ווערט לכתחילה געמאַכט אלס אַ סחורה, מוז מען שוין האָבען געלד אויף שריט און טריט. אַלזאָ זיינען דיא אידען געווען אי דיא, וואָס האָבען ענטוויקעלט דעם געלד־פערקעהר אי דיא, וואָס האָבען ענטוויקעלט דיא סחורה־וועלט, וועלכע קען אָהן געלד ניט אויסקומען.

דיא גרויסע ענדערונג אין דיא אומשטענדען איז טאַקע געקומען דורך דיא ענטדעקונג פון אַמעריקאַ, נור עס האָט זיך געפאָדערט דער אַנטהייל פון דיא אידען אום אונטער דיעזע נייע אומשטענדען זאָל זיך ענטוויקלען דער קאַפּיטאַליזמוס. ווען שפּאַניען, פּאָרטוגאַל, אי־טאַליען, זיד־דייטשלאַנד וואָלט ניט אַרויסגעטריבען דיא אידען, וואָל־טען זיי אויך זיך ענטוויקעלט קאַפּיטאַליסטיש. אַזוי אָבער וויא זיי זיינען געבליבען אָהן דיעזע וויכטיגע הילפע, איז זיי בעשערט געווען פאַרדאַרט צו ווערען, וועהרענד מערב אייראָפּאַ האָט געלעבט און גע־בליהט.

ווען מיר האָבען געהאַלטען ביי קאָלומבוס'עס ערשטע רייזע האָ־בען מיר געזעהן אַז זיא איז פאָרגעקומען אויף מאָרגען נאָך דעם

גרויסען אידישען חורבן, — ווען אַלע שפּאַנישע אידען זיינען געצוואונ־
גען געווען צו פערלאָזען זייער פאַטערלאַנד און געהן זוכען אַ נייע היים
איבער דער וועלט. ווען מען בעטראַכט וואָס שפּעטער איז געווען,
בעקומט דאָס צוזאַמענטרעפען זיך פון דיעזע צוויי פּאַסירונגען אַ מערק־
ווירדיגע בעדייטונג: וועהרענד מיט איין האַנד איז שפּאַניען געגאַנ־
גען עפענען דיא טויערען צו נייע לענדער מיט נייע אוצרות, האָט
זיא אין דער אַנדערער האַנד אין דעם זעלבען מאָמענט געטראָגען אַ
היסטאָרישען פלוך, אַז זיא אַליין זאָל פון דיעזע נייע גליקען קיין גליק
ניט האָבען.

XXVI.

## „איבער־געבורט“ און „איבער־בילדונג“.

רעליגיעזע סעקטען אין דער געשיכטע פון דיא פעראייניגטע שטאאטען. — לוטהער און דער קאמפף געגען דעם קאטהאלישען דעספאטיזמוס. — פון הוסס ביז לוטהער. — דיא אמת'ע בעדייטונג פון דער בעוועגונג. — —רעפארמאציאן. — קאלווין. — פראטעסטאנטען. — בלוטיגע מלחמות „לשם שמים“. — דער איבערגאנגס־פעריאד און דיא צוטרייסעלטע געזעלשאפט. — מארקס און ענגעלס וועגען דיא בעדייטונג פון קאלומבוס'עס און וואסקא דא גאמא'ס ענטדעקונגען.

דיא ערשטע קאפיטלעך אין דער געשיכטע פון דיא פעראייניגטע שטאאטען זיינען פערבונדען מיט דער געשיכטע פון רעליגיעזע פערפאלגונגען, רעליגיעזע צוזאמענשטויסען. אזא היסטאריע האבען דיא וויכטיגסטע קאלאניעס, פון וועלכע עס זיינען שפעטער געווארען שטאאטען. זיי זיינען ענטוועדער לכתחילה געגרינדעט געווארען פון מענשען, וועמען מען האט אין דער היים ניט געלאזט „דיענען גאט“ וויא זיי האבען געוואלט, אדער זיי האבען אזעלכע מענשען צוגעצויגען נאכהער. דיא „פיוריטאנער“ זיינען געקומען אין מאססאטשוזעטס נאך רעליגיאנס־פרייהייט און פון זייערע מאססאטשוזעטסער קאלאניעס האבען נאכהער ארויסגעשפראצט אנדערע קאלאניעס פון ניו־ענגלאנד. פענסילווייניא איז געגרינדעט געווארען אלס א היים פאר דער קוויקער סעקטע; באלטימאר — פאר קאטהאליקען. אין דיעזע רעליגיעזע ענטרינונגס־פלעצער האט אבער געהערשט ניט מעהר געוויסענס־פרייהייט וויא אין אייראפא. דיא פיוריטאנער, צום ביישפיעל, זיינען געוועזן פונקט אזוי בארמלאז צו דעם, וואס האט ניט אבגעהיט דיא רעליגיאן פון זייער סעקטע וויא דיא ענגלישע רעגיערונג איז אין דער היים געוועזן צו זיי. יעדע סעקטע האט געזוכט רעליגיאנס־פרייהייט בלויז פאר זיך. אן אויסנאהמע איז דאן געוועזן דיא האללענדישע קאלאניע ניי־אמסטערדאם (יעצטיגע ניו־יארק); זיא האט קיינעם ניט געשטערט צו האלטען וועלכע אמונה איהם איז נור געפעלען.

עס איז אַלזאָ פאָרגעקומען אַ ביטערער קאַמפף צווישען דיא פער־שיעדענע קריסטליכע סעקטען. דער לעזער דאַרף אָבער ניט פערגע־סען, אַז דאָס אַלץ איז געווען שפּעטער, — אַז מיר זיינען דאָ אויף אַ ווײַלע פערלאָפען צו ווייט פאָראויס, וואָרים דיא פּיוריטאַנער האָבען זייערע ערשטע צוויי קאָלאָניעס אין אַמעריקאַ געגרינדעט ערשט אין 1620 און אין 1630 — מיט 128, 138 יאָהר נאָך דעם וויא אַמעריקאַ איז ענטדעקט געוואָרען פון קאָלומבוס'ען. אין קאָלומבוס'ס צייטען האָט מען פון אַזעלכע סעקטען און פון דעם גאַנצען רעליגיעזען קאַמפף נאָך כמעט ניט געוואוסט. דיא וויכטיגסטע קריסטליכע לענדער פון אייראָפּאַ האָבען דאַן אַנערקענט דעם פּאַפּסט'ס אויטאָריטעט. זיי האָבען אַלע געהאַט איין פאָרמע פון קריסטענטהום. אמת, דיא קריסט־ליכע קירכע איז שוין לאַנג געווען צוטהיילט אויף צווייען: דיא רוי־מישע (קאַטהאָלישע) און דיא גריכישע (פּראַוואָסלאַוונע). דיא גרי־כישע האָט אָבער געהאַט פיעל וועניגער מאַכט. זיא האָט בעקומען אַ ביסעל מעהר בעדייטונג דורך דעם, וואָס איהר רעליגיאָן האָט אָנגע־נומען רוסלאַנד; אָבער רוסלאַנד איז דאָך געווען זעהר וועניג ציוויליזירט. אין דיא ציוויליזירטסטע לענדער פון אייראָפּאַ האָט געוועלטיגט דער קאַטהאָליציזמוס, מיט דעם פּאַפּסט. דאָס איז געווען אַן אַל־מעכטיגע אימפּעריע, וועלכע האָט אין פערלויף פון פיעלע יאָהר־הונדערטע פעראייניגט אונטער איהר אייזערנער הערשאַפט אַלע וויכ־טיגע פעלקער.

אָבער קאָלומבוס'עס צייטען זיינען געווען צייטען פון גרויסע נייעסען. דיא אַלטע הויט איז פון דעם געזעלשאַפטליכען קערפּער שנעל אָבגעקראָכען. עס איז שנעל געוואַקסען אַ נייע.

מיר האָבען אויבען גערעדט וועגען דעם „רענייסאַנס“, דעם אי־בער־געבורט. ווי מיר האָבען געזעהן, האָט מען דעם וואָרט הויפּט־זעכליך געברויכט וועגען דער גייסטיגער איבער־געבורט, וועגען דער אויפלעבונג פון אַן אינטערעס אין ליטעראַטור און קונסט. דער עיקר אָבער פון דיעזען רענייסאַנס איז אייגענטליך בעשטאַנען אין דעם, וואָס דיא ציוויליזירטע וועלט האָט געהאַלטען ביין א י ב ע ר ־ ג ע ב א ר ע ן וועהרען פון דער פעאָדאַלער סיסטעם אויף דער קאַפּיטאַליסטישער. אָבער צוערשט איז דיעזע ענדערונג געגאַנגען לאַנגזאַם, און איצט, מיט דער ענטדעקונג פון אַמעריקאַ און

פון א וואסער־וועג צו אינדיען, האט דיא פערוואנדלונג גענומען געהן האסטיג. דאס וואס דיא אלטע אייראפא האט געפונען א נייע וועלט אויף יענער זייט „ים פון פינסטערנים", האט געבראכט דערצו, אז דיא אלטע פעאדאליסטישע וועלט איז גיך מגולגל געווארען אין א נייע, אין א קאפּיטאליסטישע וועלט. גרויסע ענדערונגען זיינען דאן פארגעקומען אין פערשיעדענע ווינקלען פון לעבען. אזוי וויא צווייגען צוואוואקסען זיך אין פערשיעדענע זייטען פון דעם זעלבען בוים, אזוי זיינען אלע דיעזע נייע ערשיינונגען זיך פאנאנדערגעוואקסען פון דעם זעלבען פאקט דאס דיא געזעלשאפט פון מיטעל־אלטער איז איבער־געבארען געווארען.

26, 27 יאהר נאך דער ענטדעקונג פון אמעריקא איז מארטין לוטהער ארויסגעטראטען געגען דעם פאפסט, און עס האט זיך אנגעפאנגען יענע גרויסע רעוואלוציאן אין דעם רעליגיעזען לעבען פון אייראפא, פון וועלכער עס איז ארויסגעקומען דער אויבען־דערמאהנטער סעקטען־קאמפף און דיא עמיגראציאן פון ענגלישע פיוריטאנער, קוויי־קערס, קאטהויליקען אדער פראנצויזישע הוגענאטען נאך דיא צוקינפ־טיגע פעראייניגטע שטאאטען אדער קאנאדא. און בעמערקט: אין דער צייט ווען לוטהער שטעהט פאר זיין קייזער, ערקלעהרענדיג זיך אלס געגנער פון דער פאפסט־הערשאפט, געפינט זיך פערדינאנד מא־געללאן אויף זיין רייזע ארום דער וועלט, — דיא ערשטע וועלט־רייזע, וואס איז ווען עס איז געמאכט געווארען. דער מענש האט געעפענט דיא אויגען. עס איז איהם ליכטיגער געווארען פון אלע זייטען. ווען עס איז געווארען אויס „ים פון פינסטערנים", איז אויך געקומען א סוף צו דיא פינסטערע יאהר־הונדערטע.

געגען דעם פאפסט האט מען זיך געשטעלט נאך פאר לוטהער'ן. נאך אין דעם 14טען יאהר־הונדערט האט איינער וויקליף אין ענגלאנד געפרעדיגט געגען פיעלע פונקטען פון דער קאטהוילישער קירכע, און אין אנפאנג פון דעם 15טען יאהר־הונדערט האט הוס אנגעפאנגען אן אנטי־פאפסט בעוועגונג אין בעהמען. אבער פון דיע־זע בעוועגונגען איז גאר ניט געווארען. נאך דעם וויא מען האט הוס'ען פערברענט אלס אפיקורס האבען אפילו אויסגעבראכען הוס־סישע אויפשטענדע (זעה אויבען, זייטעל 44), מען האט זיי אבער אונטערדריקט און גאנצע הונדערט יאהר איז וויעדער שטיל געוועזן.

דער פּאַפּסט האָט ווידער געוועלטיגט איבער אַלע וויכטיגע לענדער פון איירָאָפּאַ. גאַנץ אַנדערש איז געווען איצט, ווען לוטהער האָט אַרויסגעטראָטען. דיא אומשטענדען האָבען זיך אין גאַנצען געביטען. דיא רעליגיעזע הערשאַפט, וועלכע איז געווען צוגעפּאַסט צו דעם פעאָדאַלען מיטעל־אַלטער האָט זיך איצט מעהר ניט געפּאַסט. זיא האָט זיך מעהר ניט געקענט האַלטען. דעם פייער וואָס הוסס האָט אָנגעצונדען האָט מען דערשטיקט. דער פלאַם אָבער, וועלכער האָט זיך אָנגעכאַפּט אין לוטהער'ס צייטען, האָט זיך צוברענט און צופלאַקערט איבער גאַנץ איירָאָפּאַ.

ריידענדיג וועגען הוסס'ען און לוטהער'ען, זאָגט פּראָפּעסאָר דזשאָרדזש בוירטאָן אַדאַמס פון יעיל אוניווערסיטעט, אין זיין „ציוויליזאַציאָן אין מיטעל־אַלטער“ : „דיא ענטדעקונג פון אמעריקא, דאָס געפינען א ים־וועג נאָך אינדיען, און דער אָנפאַנג פון א וועלט־האַנדעל ; דאָס, וואָס מען האָט געעפּענט א נייע וועלט פון ערפאַהרונגען און מען האָט צוריק בעקומען דיא לאַנג־פערגעסענע קענטניס פון אַלטע געשיכטע און ליטעראַטור ; דיא גרויסע ערפינדונגען, דער לעבהאַפטער שנעלער פערקעהר איבער גאַנץ איירָאָפּאַ און דער נייער געפיהל מכח דיא געמיינשאַפטליכקייט פון אינטערעסען — אַלע רעזולטאַטען פון דעם 15־טען יאהרהונדערט אין איינעם, אייגענטליך, — דאָס אַלעס האָט געשאַפען א נייעם גייסט, א נייע לופט. דאָס פּובליקום, צו וועלכען לוטהער האָט גערעדט, איז געווען גאָר אַן אַנדערער, וויא דאָס פּובליקום, צו וועלכען וויקליף און הוסס האָבען זיך געווענדעט. דאָס איז געווען א פּובליקום, גרויס וויא גאַנץ איירָאָפּאַ, א פּובליקום, וואָס איז ניט נור שוין געווען געוואוינט צו נייע געדאַנקען, נור אויך טאָלעראַנט צו מענשען, וואָס קומען פּאָרשלאָגען עפּעס א נייעס, און פול מיט ערוואַרטונגען אויף גרויסע נייעסען אין דער צוקונפט.“

אָבער צו נייע געדאַנקען איז דאָס פּובליקום נאָך אפילו היינט ניט געוואוינט ; צו מענשען, וואָס קומען פּאָרשלאָגען אַ וויכטיגע נייעס, איז דער עולם נאָך ווייט־ווייט ניט אזוי טאָלעראַנט, ווי ער האָט בעדאַרפט זיין. ווען ער איז יא טאָלעראַנט, ווען ער הערט עפּעס יא מיט געדולד און אינטערעס, איז א סמן, אז דיא אידעען שטעלען מיט זיך פאָר א נויטוועגדיגקייט, אז דאָס אַלטע האָט שוין אָבגעלעבט. אין דיא הונדערט יאָהר פון הוסס'ען ביז לוטהער'ן איז ניט דער עולם ט אָ־

ל ע ר א נ ט געוואָרען צו פרייהייטס־געדאַנקען, נור דיא אומשטענדען זיינען א ו נ ט אָ ל ע ר א נ ט געוואָרען צו דיא פיהרונגען פון מיטעל־אַלטער. ווען איין פויגעלע קומט צו אונז צו פליהען, ווען עס איז נאָך קאַלט און זיא ווערט פערפראָהרען, ווערענד אַן אַנדער פויגעלע קומט צופליהען אין פריהלינג, און זיא לעבט און זינגט, הייסט דאָס ניט, אַז דיא נאַטור איז צו דער צווייטער פריינדליכער וויא צו דער ערשטער. צו דעם שנעע, וואָס ליגט אויפ'ן שפיץ בארג, איז דיא זעלבע נאַטור אין זומער גראד פיעל ווענינער טאָלעראַנט וויא אין ווינטער. לוטהער איז געקומען אין א צייט, ווען דיא מיטעל־אַלטערליכע מאַכט פון דעם פאַפּסט איז געווען וויא שנעע אין זומער. און דעריבער האָט זיך זיין ליעד געהערט. עס איז שוין געווען זומער. אָט דאָס איז דיא ענדערונג, וועלכע „דיא ענטדעקונג פון אמעריקא, דאָס געפינען פון אַ ים־וועג צו אינדיען, און דער אָנפאַנג פון א וועלט־האַנדעל" האָט געמאַכט: עס האָט אַזוי געענדערט דיא אומשטענדען, אַז דיא אַלטע רעליגיעזע פאָרמען האָבען זיך שוין מעהר ניט געפּאַסט.

לוטהער האָט זיין קאַמפּף אייגענטליך אָנגעפאַנגען מיט דעם, וואָס ער איז ארויסגעטראָטען געגען אַ געוויסע איינצעלהייט אין דעם פּאַפּסט'ס פיהרונגען. אום צו שאַפען געלט, האָט דער פּאַפּסט ארויסגעלאָזען א י נ ד ו ל ג ע נ צ י ע ס, — פריון־צעטלעך, וועלכע האָבען דעם קויפער בעפרייט פון זיינע זינד. דער פּאַפּסט רעכענט זיך אַלס גאָט'ס פאָרשטעהער אויף דער וועלט, און אליין אָדער דורך זיינע גלחים האָט ער דיא מאַכט מוחל צו זיין עבירות. דער מנהג פון מתודה זיין זיך פאַר א גלח איז געגרינדעט אויף דעם זעלבען פּרינציפּ: דער גלח הערט דעם זינדיגען אויס אַלס א פאָרשטעהער פון דעם פּאַפּסט, דאָס הייסט, פון גאָט, און אַלס א פאָרשטעהער פון גאָט קען ער איהם דיא זינד פערגעבען. דיא אינדולגענציעס זיינען געווען געשריבענע קוויטאַנציעס, אַז דער קויפער איז בעפרייט פון זיינע עבירות. זיי זיינען געווען בעטראַכט אַלס א פּאַספּאָרט צום גן־עדן. אַלזאָ, האָט דער פּאַפּסט ארויסגעשיקט פערקויפען דיעזע סחורה איבער דייטשלאַנד*),

*) דער פאָלגענדער אַנעקדאָט איז כאַראַקטעריסטיש: צו אַן אינדולגענציע־פערקויפער האָט זיך אַ מאָל געווענדעט אַ ריטטער מיט אַ פראַגע וויפיעל עס קאָסט ביי איהם אַן אינדולגענציע פאַר אַן עבירה, וואָס ער קלייבט זיך

זון דער עולם האָט געכאַפּט. לוטהער האָט זיך אַלזאָ צוערשט געשטעלט געגען דיעזע אינדולגענציעס. דערנאָך איז ער אָבער איבערגעגאַנגען אויך צו אַנדערע פּונקטען אין דער קאַטהוילישער קירכע. איבערהויפּט זיינען פּאַפּסטען צו אָפּט געווען מעהר פעראינטערעסירט אין עולם הזה ווי אין עולם הבא און דיא גאַנצע אָרגאַניזאציאָן פון דער קירכע איז געװען פול מיט קאָררופּציאָן און הולטייסטװאָ. צום ביישפּיעל: דער פּאַפּסט אַלעקסאַנדער דער זעקסטער, װעלכען מיר קענען פון דעם גרעניץ־מערידיאַן, וואָס ער האָט געצויגען צווישען דיא ענטדעקונגען פון פּאָרטוגאַל און שפּאַניען, האָט אָפען אינטריגירט צו בעזאָרגען זיינע „לינקע“ זיהן מיט טהראָנען. (און דאָך הייסט עס, אַז אַ קאַטהוילישער גייסטליכער טאָר ניט הייראַטהען!). דער זעלבער אַלעקסאַנדער דער זעקסטער האָט זיך געמאַכט אַ מאָדע, אַז ווען אימיצער פלעגט איהם ווערען געפעהרליך, פלעגט ער איהם אונטעררוקען סם. און אין דיעזער קונסט פון פערגיפטען זיינע שונאים איז ער געוואָרען מערקווירדיג געניט און פלינק. און ער איז ניט געווען דער איינציגער הייליגער אַזעלכער, וואָס איז געזעסען אויפ'ן טהראָן פון דער רוימישער קירכע.

דיא הולטייסטוואָס פון גלחים איז געווען אזא געוועהנליכע זאך, אז איינע פון דיא רעפאָרמען, וועלכע דיא געגנער פון דער פּאַפּסט־סיסטעם האָבען געפאָדערט, איז געווען, אז גלחים זאָלען מעגען הייראַטהען. אויך האָט לוטהער געפאָדערט, אז מען זאָל ניט אַנערקענען קיין איקאָנעס אָדער פּאָרטרעטען פון אַנדערע הייליגע; אויך אַז מען זאָל אָבשאַפען דיא פּפליכט זיך מתודה צו זיין פאַר א גלח; אויך אַז מען זאָל דאווענען ניט אויף לאַטיין, נור אויף דער לעבעדיגער שפּראַך פון דער אָדער יענער לאַנד. קורץ, ער האָט געפאָדערט, אז דיא רעליגיאָן זאָל ווערען דעמאָקראַטישער און איינפאַכער.

ווען מען קוקט אויף דער בעוועגונג אָבערפלעכליך, קומט אויס, אז דאָס איז געווען אַ קאַמפּף פאַר מעהר אַנשטענדיגקייט, ליכט און יושר.

---

ערשט צו טאָן. דער גייסטליכער האָט איהם געזאָגט דעם פּרייז, און יענער האָט איהם בעצאָהלט. דאַן האָט דער ריטטער ארויסגענומען זיין שווערד פון שייד און געצוואונגען דעם גייסטליכען אָבגעבען איהם גאָר דיא געלט, וואָס ער האָט געלייזט. דאָס איז געווען דיא עבירה, פון וועלכע **ער האָט זיך פּאָראויס אויסגעקויפט.**

דער קאמפף האט אבער געהאט א טיעפערע בעדייטונג. פריעדריך ענגעלס מאכט דעם עגין קלאר אין דיא פאלגענדע שורות, וועלכע מיר נעהמען ארויס פון זיין הקדמה צו דער פערקירצטער ענגלישער איבער־זעצונג פון זיין „עוושען ריכטער'ס איבערקעהרעניס אין דער וויסענ־שאפט":

„ווען איירעפא איז ארויס פון מיטעל־אלטער, איז דער אויפקומענ־דער מיטעל־קלאס פון דיא שטעדט (דיא געשעפטס־לייט און ווערק־שטאט בעלי־הבתים) געווען איהר רעוואלוציאנערער עלעמענט. דיעזער נייעס קלאס האט זיך ערוואָרבען אן אנערקענטע לאגע נאך אין דער פעאדאלער ארגאניזאציאן פון מיטעל־אלטער*), אבער דיעזע לאגע איז איהם אויך געוואָרען צו שמאל צוליעב זיין וואקסענדע מאכט. דיא ענטוויקלונג פון דעם מיטעל־קלאס, פון דער בורזשואזיע, האט זיך ניט געשטימט מיט דער פעאדאלער סיסטעם. דיא פעאדאלע סיסטעם האט דעריבער געמוזט פאלען. אבער דער גרויסער אינטערנאציאנאלער צענטער פון דעם פעאדאליזמוס איז געווען דיא רוימיש־קאטהאלישע קירכע. טראץ דיא שטענדיגע אינערליכע מלחמות צווישען דיא קאטהאלישע פעלקער, האט זיא דיא פעאדאלע מערב איירעפא פעראייניגט אין איין ריעזיגע פאליטישע סיסטעם, וועלכע איז געשטאנען געגען דער גריכישער (פראוואסלאוונער) קריסטליכער קירכע פונקט וויא געגען דעם מאהאמעדאניזמוס. דיעזע רוימיש־קאטהאלישע מאכט האט דיא פעאדאלע פיהרונגען ארומגערינגעלט מיט א שכינה פון געטליכע אנערקענונג. און זיא, דיא קירכע גופא, האט איהר אייגענע ארגאני־זאציאן אויך איינגעאָרדענט נאך דעם פעאדאלען מוסטער נאך. א חוץ דעם איז זיא טאקי אליין געווען דער מעכטיגסטער פעאדאלער פריץ, ווארים צו איהר האט געהערט ניט וועניגער וויא א דריטעל פון אלע גי־טער אין דער גאנצער קאטהאלישער וועלט. איידער אלזא עס איז מעג־ליך געווען צו אטאקירען דעם פעאדאליזמוס אין יעדער לאנד און אין זיינע איינצעלהייטען, האט מען געמוזט צוברעכען זיין היילינע צענטרא־לע ארגאניזאציאן.

„א חוץ דעם — צוזאמען מיט דעם שטייגען פון דעם מיטעל־קלאס

*) זעה וועגען פעאדאליזמוס אויבען, זייטעל 28.

האָט געשטיגען דיא וויסענשאַפט. אַסטראָנאָמיע, מעכאַניקע, פיזיקע, אַנאַטאָמיע, פיזיאָלאָגיע האָט מען ווידער געהאַלטען אין ענטוויקלען. דיא בורזשואזיע האָט צו איהר אינדוסטריע, צו איהר פאַבריקאַציע זיך גענויטיגט אין אַזעלכע וויסענשאַפטען, וועלכע דערגעהען דיא טבע פון פערשיעדענע זאַכען און דיא ווירקונג וואָס דיא נאַטור־קרעפטען האָבען אויף זיי. פריהער פלעגט דיא וויסענשאַפט זיין ניט מעהר וויא א דיענסט ביי דער קירכע. מען האָט איהר ניט ערלויבט אריבערצוטרעטען דיא גרענעצען, וואָס דיא אמונה האָט ארום איהר געשטעלט. דאָס, וואָס איז געווען געפעהרליך פאַר דער קירכע, האָט דיא וויסענשאַפט ניט געטאָרט באַרירען. דיא וויסענשאַפט איז אַלזאָ גאָר ניט געווען קיין וויסענשאַפט. ענדליך האָט זיא זיך געשטעלט געגען דער קירכע. און דיא בורזשואזיע האָט אָהן דער וויסענשאַפט ניט געקענט אויסקומען, האָט זיא זיך צו איהר אין דיעזען אויפשטאַנד אָנגעשלאָסען.“

די גאַנצע אַנטי־קאַטוילישע בעוועגונג, וועלכע האָט נאָך לוטהער׳ס אַגיטאַציאָן זיך פערשפּרייט איבער פיעלע לענדער, איז בעקאַנט אין דער געשיכטע אונטער דעם נאָמען רעפאָרמאַציאָן, איבער־בילדונג, ענדערונג, אויסבעסערונג.

דער רעזולטאַט איז געווען, אז א גרויסע טייל פון מערב־אייראָפּאַ האָט זיך אָבגעקעהרט פון דעם פּאַפּסט, און איז צוגעשטאַנען צו דער רעפאָרמאַציאָן. אין פערשיעדענע לענדער האָט דיעזע רעפאָרמאַציאָן אָבער געהאַט פערשיעדענע פאָרמען, און זאָגאר אין דער זעלבער לאַנד איז זיא ניט זעלטען געווען צוטיילט אויף פערשיעדענע ריכטונגען, מיט פערשיעדענע סעקטען.

אונטער דעם איינפלוס פון לוטהער׳ס אַגיטאַציאָן האָט אין דער דייטשער שווייץ אָנגעפיהרט א רעפאָרמאַציאָנס ־ בעוועגונג איינער צווינגלי, און אין זשענעווע (פראַנצויזישע שווייץ) האָט אָנגעפאַנגען אַן אַנטי־פּאַפּסט בעוועגונג איינער זשאַן קאַלווין, וועמעס רעפאָרמירטער קריסטענטום איז געווען אין געוויסע פרטים פערשיעדען פון לוטהער׳ס. אזוי האָבען זיך פערשפּרייט „לוטהעראַנער“, קאַלוויניסטען, צווינגליאַנער. און אַפילו צווישען זיך האָבען די אנהייגער פון דיעזע רעפאָרמאַטאָרס אויך ניט אומעטום געקענט איינפערשטאַנען זיין אין זייערע רעליגיעזע לעהרען, און עס האָבען זיך געבילדעט נאָך אַנדע־

רע סעקטען און אונטער־סעקטען. קאַלווין'ס אידעען האָבען געהאַט ער־פאָלג אין ענגלאַנד און אין האָללאַנד, און פון דאָרט זיינען זיינע אַנ־הענגער מיט זיי געקומען נאָך אַמעריקא. ער איז דאָס געווען דער גרינ־דער פון דער פּרעסביטעריאַנער קירכע. ענגעלס ווייזט, אַז דיא לעהרען פון דיעזען רעליגיעזער רעפאָרמאַטאָר האָבען זיך בעסער געפּאַסט פאַר דעם געשעפטס־מאַן. און דעריבער האָט דער קאַלוויניזם זיך אַזוי פערשפּרייט אין דיא צוויי אינדוסטריעלע לענדער פון דעם 16־טען און 17טען יאָהר־הונדערט, אין האָללאַנד און אין ענגלאַנד. קאַלווין האָט דיא קירכע נאָך מעהר וויא לוטהער דעמאָקראַטיזירט, רעפּובלי־קאַניזירט. און דאָרטען, וואו דיא „קעניגרייך פון גאָט“ איז רעפּוב־ליקאַניזירט, קען דען דיא קעניגרייך פון דער וועלט בלייבען אונ־טערטהעניג צו טהראָנען, ביסקופּען, לאָרדען? ווערהרענד דער דייטשער לוטהעראַניזמוס איז מיט חשק געוואָרען אַ געצייג אין דיא הענד פון פּרינצען, האָט דער קאַלוויניזמוס געגרינדעט אַ רעפּובליק אין האָללאַנד און אַ טהעטיגע רעפּובליקאַנישע פּאַרטיי אין ענגלאַנד, — הויפּטזעכליך אין סקאָטלאַנד.

צוליעב אַ פּראָטעסט, וואָס לוטהעראַנישע דייטשע פּרינ־צען האָבען אונטערגעשריבען געגען אַ געוויסען בעשלוס פון אַ קייזער־ליכען צוזאַמענפאָהר, אויף וועלכען זיי זיינען געווען אין דער מינאָרי־טעט, האָט מען דיעזע פּרינצען גערופען פּראָטעסטאַנטען; מיט דער צייט אָבער האָט מען דעם נאָמען גענומען ברויכען וועגען יעדען, וואָס איז צוגעשטאַנען צו דער אַנטי־פּאַפּסט בעוועגונג, — עס מאַכט ניט אויס צו וועלכער סעקטע.

עס האָט זיך אָנגעפאַנגען אַ סדרה פון קעמפּפע: צווישען קאַטהוי־ליקען און פּראָטעסטאַנטען, צווישען דיא פּראָטעסטאַנטען פון איין סעקטע מיט דיא פּראָטעסאַנטען פון אַן אַנדער סעקטע. טייכען בלוט זיינען פערגאָסען געוואָרען. דאָ איז אָבער ווידער צו בעמערקען: פון אויבען אויף שיינט עס, אַז מען האָט פערגאָסען בלוט „לשם שמים“. אין אמת'ען אָבער האָבען דיעזע רעליגיעזע מלחמות געהאַט פיעל וועלטליכערע אורזאַכען. צום ביישפּיעל, — אין דעם אַבענד פון דעם 23־טען אויגוסט, 1572, ערב דעם טאָג פון דעם הייליגען באַרטהאָ־לאָמיי, האָט מען אין פּאַריז אויסגעקוילעט צוויי טויזענד הוגענאָ־

טען, וויא מען האָט גערופען דיא פראַנצויזישע קאַלוויניסטען; און באַלד נאָך דעם האָט מען אין אנדערע פראַנצויזישע שטעדט אויסגע־הרג'עט נאָך ארום אכט טויזענד פון דער זעלבער סעקטע. דיעזע שחיטה איז אָבער געווען דער רעזולטאַט פון אַן אינטריגע צווישען צוויי אריסטאָקראַטישע פּאַרטייען, וועלכע האָבען קאָנקורירט איבער דער רעגיערונגס־מאַכט*). אויף אַן ענליכען אופן האָט מיט דעם נאָמען פון רעליגיאָן זיך בענוצט אַזאַ טיראַן וויא קייזער פיליפּ דער צווייטער (אַן אור־אייניקעל פון פערדינאַנד און איזאַבעללאַ), צו פערגיסען טייכען בלוט אין האָללאַנד.

איבערהויפּט האָט זיך דאַן פערצוויגען אַ לאַנגער פּלאָנטער פון מלחמות צווישען פערשיעדענע לענדער און צווישען פיינדליכע אינטע־רעסען אין דער זעלבער לאַנד. דיא גאַנצע ציוויליזירטע וועלט האָט געהאַלטען אין איבערגעבויט ווערען און דאָס צופאַלען פון דיא פריהער־דיגע געביידע האָט זיך געלאָזט פיהלען אין דער פאָרמע פון אַ גאַנצע מישעניניע פון צוזאַמענשטויסונגען. אָט וויא עדוארד קאָוטסקי שיל־דערט דעם גאַנצען פעריאָד, וועגען וועלכען עס האַנדעלט זיך אין דיעזען באַנד:

„וויא ווייט עס זיינען דאָס פערגרעסערט געוואָרען דיא מיטלען צו אַ גייסטיגען און מיליטערישען קאַמפּף! עס איז שוין ערפונדען געוואָ־רען דיא בוכדרוקעריי און מען האָט שוין פערבעסערט דיא אַרטילעריע. דער פערקעהר, הויפּטזעכליך איבער'ן ים, האָט זיך שטאַרק ענטוויקעלט. אַ קורצע צייט פאַר דער רעפאָרמאַציאָן האָבען סמיעלע ים־רייזענדער זיך אַדוואַזשעט צום ערשטען מאָל אריבערצושווימען דעם אַטלאַנטישען אָקעאַן אין דער ברייט. געפיהרט האָט צו דיעזע רייזעס אין דעם 15־טען יאהרהונדערט דער אָנפאַל פון דיא טערקען און פון אַנדערע פעלקער פון מיטעל־אזיען, וועלכע האָבען פערצאַמט דיא וועגען צום מזרח. אַזוי וויא דיא קונסט צו פאָהרען אויף שיפען איז שוין דאַן גע־שטאַנען הויך, האָט דיא פערצאַמונג פון דיעזע וועגען ניט געמאַכט אַ סוף צו דעם האַנדעל צווישען אייראָפּאַ און מזרח־אזיען, נור

*) אויף דיעזער פּאַסירונג איז געגרינדעט מעערבער'ס אָפּערא „דיא הוגענאָטען“. אין היסטאָריע איז דיא שחיטה בעקאַנט אַלס „דיא בארטהאָלאָמעען נאַכט“ אָדער „דיא בלוטיגע חתונה“.

ארויסגערופען פּראָבעם צו געפינען נייע וועגען צו אינדיען, — פון איין זייט פּאָזע דיא ברעגעס פון אפריקא, און פון אנדערען זייט איבער דיא ברייט פון דעם אַטלאַנטישען אָקעאַן. עס האָבען זיך אָנגעפאַנגען דיא דורות פון געאָגראַפישע ענטדעקונגען, און דאַן איז דאָס געבאָרען געוואָ־רען דיא הייגטיגע קאָלאָניאַלע פּאָליטיק. דאָס האָט ניט בלויז ברייטער געמאַכט דעם בליק פון דער גאַנצער מענשהייט און ארויסגערופען א רעוואָלוציאָן אין דעם מענשליכען ווי סען, נור דורך דעם איז אויך צוגעפערטיגט געוואָרען אַן עקאָנאָמישע איבערקעהרעניש. דער ווירטהשאַפטליכער מיטעלפּונקט פון אייראָפּא איז איבערגעטראָגען גע־וואָרען פון דיא ברעגעס פון דעם מיטעל־לענדישען ים צו דיא ברעגעס פון דעם אַטלאַנטישען אָקעאַן. דיא עקאָנאָמישע ענטוויקלונג פון אי־טאַליען און פון מזרח אייראָפּא איז פערהאַלטען געוואָרען, וועהרענד דיא ענטוויקלונג פון מערב אייראָפּא האָט פּלוצלונג בעקומען א מעכ־טיגען שטויס פאָרווערטס. דער פריהערדיגער געגענזאַץ צווישען דיא קלאַסען אין דער געזעלשאַפט און צווישען דיא פערשיעדענע מדינות איז פערשאַרפט געוואָרען אויפ'ן העכסטען גראַד, און עס זיינען ארויסגעקומען נייע געגענזאַצען. עס איז אָנגעקומען א נייע פאָרמע אין צונעהמען דיא פרוכט פון פרעמדע ארבייט, דיא קאַפּיטאַליסטישע פאָרמע; איהרע ליידענשאַפטען האָבען זיך פונאַנדערגעברענט; זיי האָבען אָנגעהויבען צו ארבייטען אויף אלע כלים מיט דעם גאַנצען אימ־פּעט און אונפאָרזיכטיגקייט, צו וועלכען מען איז געוואוינט געוועזען אין דעם אָקאָרשט איבערגעלעבטען האַלב־ווילדען מיטעל־אַלטער.

„אלע געזעלשאַפטליכע און פּאָליטישע פערהעלטניסע, וועלכע זיי־נען איבערגעגעבען געוואָרען פון דור צו דור, האָבען געקראַכט; דיא גאַנצע פריהערדיגע מאָראַל האָט זיך ארויסגעצייגט באַנקראָט. אין פער־לויף פון הונדערט יאָהר אין אייראָפּאַ געטרייסעלט געוואָרען פון דיא שרעקליכסטע מלחמות, — מלחמות, אין וועלכע עס האָט אויפ'ן עקעלהאַפטסטען שטייגער געהולעט גאָלד־דורשט, בלוט־דורשט און פערצווייפלונגס־וואַהנזין. ווער איז ניט בעקאַנט דיא „באַרטהאָ־לאָמעען נאַכט"? ווער ווייס ניט וויא עס האָבען געבושעוועט דיא העל־דען פון דער 30־יעהריגער מלחמה אין דייטשלאַנד, דער שפּאַנישער מענשען־קצב, אַלבאַ, אין האָללאַנד, קראָמוועל אין אירלאַנד (איירלאַנד) — שוין ניט ריידענדיג וועגען דיא אלע שוידערהאַפטע מערדערייען

וואָס מען איז אין אין יענע צייטען בעגאַנגען אין דיא נייע־ענטדעקטע לענדער ?....

„דיעזע רעליגיעזע איבערקעהרעניש, דיא גרעסטע, וועלכע אייראָפּא האָט ווען עס איז איבערגעלעבט זינט דיא גרויסע פעלקער־איבערוואַנדערונג, האָט זיך אָנגעפאַנגען מיט דער דייטשער רעפאָרמאַציאָן, וועלכע האָט איירָאָפּא געהאַלטען אזוי וויא אין א קעסעל־גרוב ביז'ן מיטען פון דעם 17־טען יאהר־הונדערט. פון דיעזער רעפאָרמאַציאָן, פון דיעזער רעליגיעזער אַגיטאַציאָן האָבען דיא קעמפּפענדע צדדים געשעפּט זייערע ארגומענטען, געבאָרגט זייערע קריעגס־געשרייען. דער, וואָס קוקט בלויז פון אויבען־אויף, קען דערייבער מיינען אין דער אמת'ען, אז אין דיעזע מלחמות האָט זיך בלויז געהאַנדעלט אום רעליגיעזע פראגען. און רופט מען זיי דען ניט „רעליגיעזע מלחמות“ ?“

קאַוטסקי מיינט דאָ צו זאָגען, אַז מיט אַ יאָהר טויזענד, עלף הונדערט פריהער, ווען דיא אַלט־רוימישע וועלט איז איבערגעגאַנגען אין דיא מיטעלאַלטערליכע וועלט, איז פּאָרגעקומען אַ רייהע מהומות צוליעב דעם צוטרייסעלטען צושטאַנד, אין וועלכען דיא געזעלשאַפט האָט זיך דאַן געפונען, און אז איצט, ווען דיא מיטעל־אַלטערליכע וועלט איז איבערגעגאַנגען אין דיא מאָדערנע, איז די געזעלשאַפט ווידער געווען אין אַן אויפגערעגטען צושטאַנד און עס האָט זיך ווידער אָנגעפאַנגען א רייהע מהומות.

אין אַ פריהערדיגען קאַפּיטעל האָבען מיר גערעדט וועגען צוויי פערשיעדענע דאַטומס, וועלכע ווערען אָנגענומען פון צוויי פערשיעדענע גרופּפען היסטאָריקער, ווען עס האַנדעלט זיך אום דעם צייט־גרענעץ צווישען דיא אַלטע געשיכטע און דיא מיטעלע, — אז איינינגע צייגען דערביי אָן אויף דעם יאָהר 1453, ווען קאָנסטאַנטינאָפּאָל איז געפאַלען, וועהרענד דיא אנדערע אויף 1492, ווען קאָלומבוס האָט ענטדעקט אמעריקא. מיר האָבען ערקלערט, אז צווישען דיעזע צוויי דאַטומס איז אייגענטליך קיין אונטערשיעד ניטאָ, ווייל דיא צוויי היסטאָרישע פאַקטען זיינען פערבונדען (און דאָס דייטעט דאָ אויך אָן קאַוטסקי, פערבייגעהענדיג). איצט, אז מיר זיינען שוין א ביסעל בעקאַנט מיט דער רעפאָרמאַציאָן, ווילען מיר צולעגען, אז פיעלע היסטאָריקער האַלטען דעם יאהר ווען דיעזע בעוועגונג איז אָנגעפאַנגען געוואָרען פון לוטהער'ן

(1521) פאר דעם שלום פון מיטעל־אלטער און אנפאנג פון דער מאדער־נער וועלט. אבער ווידער דארף מען צולייגען: אין גרונט איז קיין אונטערשיעד ניטא צווישען אלע דריי דאטומס — 1453, 1492, 1521, — ווארים זיי זיינען אלע צוזאמענגעבונדען: דאס פאלען פון קאנס־טאנטינאפאל איז געווען דיא וויכטיגסטע פון א רייהע אורזאכען, וועל־כע האבען געפיהרט צו דער ענטדעקונג פון אמעריקא, און דיא ענטדע־קונג פון אמעריקא איז געווען דיא וויכטיגסטע פון א רייהע ערשיינונ־גען, וועלכע האבען צובראכען דיא מיטעל־אלטערליכע פעאדאלע וועלט און געפיהרט צו אן אלגעמיינעם אויפשטאנד געגען איהר „הייליגער צענטראלער ארגאניזאציאן".

ווען מען רעדט פון איבער־געבורטה „ר ע נ ע ס א נ ס", מיינט מען געווהנליך דאס אויפלעבען פון ליטעראטור, קונסט, בילדונג. ווען מען רעדט וועגען דעם איבער־בילדונג, „ר ע פ א ר מ א צ י א ן", מיינט מען דיא רעליגיעזע רעוואלוציאן, דעם אויפשטאנד געגען דעם קאטהוי־לישען דעספאטיזמוס. דאס אלעם איז געווען דער רעזולטאט פון אן איבערבויאונג פון דעם עקאנאמישען פונדאמענט, אויף וועלכען דער גייסטיגער, רעליגיעזער און פאליטישער לעבען איז געווען געגרינדעט.

אין דעם בעשטעהט א טייל פון דעם בעריהמטען געדאנק, וועלכען קארל מארקס און פריעדריך ענגעלס האבען אויסגעשפראכען אין זייער „קאמוניסטישען מאניפעסט" אין 1848, א טהייל פון דעם זאגענאנטען „מאטעריאליסטישען פשט", וואס זיי האבען געגעבען אויף דער וועלט־געשיכטע; און מיר גלויבען, דאס אונזער ערצעהלונג פון קאלומבוס'עס און וואסקא דא גאמא'ס ענטדעקונגען קען ניט געשלאסען ווערען אויף א פאסענדערען אופן, ווי מיט די ווערטער, וועלכע מארקס און ענגעלס האבען געשריעבען וועגען דער בעדייטונג פון דיעזע ענטדעקונגען.

„פון דיא פויערים פון מיטעל־אלטער„ — האבען זיי געשריע־בען — „זיינען ארויסגעקומען דיא בירגער פון דיא ערשטע שטעדט. פון דיעזע בירגער האבען זיך ענטוויקעלט דיא ערשטע עלעמענטען פון דער בורזשואזיע. דיא ענטדעקונג פון אמעריקא, און דאס ארומשווי־מען ארום דעם קאפ פון „גוטע האפנונג", האט אויפגעעפענט א פריי־שען באדען פאר דיא שטייגענדע בורזשואזיע. דיא אסט־אינדישע און כינעזישע מערק, דיא קאלאניזאציאן פון אמעריקא, דיא פערמעהרונג פון

בייט־מיטלען*) און פון סחורות אין אלגעמיין האָט דעם האנדעל, דיא ים־רייזעס און דער אינדוסטריע געגעבען אזא טרייב, פון וועלכען מען האָט פריהער ניט געוואוסט; און דורך דעם האָט דאָס דעם רעוואָלוציאָנערען עלעמענט פון יענער צייט (דער בורזשואזיע) אין דער צופאלענדער פעאָדאלער געזעלשאפט געגעבען שנעלע ענטוויקלונג.

„דיא פעאָדאלע סיסטעם פון אינדוסטריע, אונטער וועלכע דיא פראָדוקציאָן איז געווען מאָנאָפּאָליזירט פון שטרענגע גילדיעס, צעכען, איז שוין איצט ניט אין שטאנד געווען צופריעדען צו שטעלען דיא וואקסענדע בעדערפניסען פון דיא נייע מערק. איהר פּלאץ האָט פערנומען דיא מאנופאקטור סיסטעם. דער פאבריקאנט האָט דעם צעך־מייסטער אָפּגעשטופּט אָן א זייט. דיא פריהערדיגע ארבייט־פערטיילונג צווישען דיא פערשיעדענע צעכען, איז פערשוואונדען, ווען עס איז אָנגעקומען דיא ארבייט־פערטיילונג אין יעדען ווערק־שטאט. און דערווייל זיינען דיא מערק געוואקסען אלץ ווייטער, און דיא נאָכפראגע אויף סחורות איז געוואָרען אלץ גרעסער און גרעסער. אפילו די מאנופאקטור סיסטעם איז שוין אויך ניט געווען גענוג. דאמפף און מאשינעריי האָבען רעוואָלוציאָניזירט דיא פאבריקאציע. דעם פּלאץ פון דער מאנופאקטור האָט פערנומען דער ריעז, וועלכען מען רופט „מאָדערנע אינדוסטריע“; דעם פּלאץ פון דעם אינדוסטריעלען מיטעל־קלאס האָט פערנומען דער אינדוסטריעלער מיליאָנער, דיא פיהרער פון גאנצע אינדוסטריעלע ארמעען, דיא היינטיגע בורזשואזיע.

„דיא מאָדערנע אינדוסטריע האָט געגרינדעט דעם וועלט־מארק, צו וועלכען דיא ענטדעקונג פון אמעריקא האָט געלייגט דעם וועג. דער וועלט־מארק, ווידער, האָט געגעבען אונגעהויערע ענטוויקלונג צו מסחור, צום פערקעהר איבער לענדער און ימים. דיעזע ענטוויקלונג, פון איהר זייט, האָט ווייטער פערגרעסערט דיא אינדוסטריע, און וואָס מעהר דיא אינדוסטריע, דער מסחור, דער ים־פערקעהר און דיא אייזענבאהנען זיינען פערגרעסערט געוואָרען, אלץ מעהר איז ענטוויקעלט גע־

---

*) דאָס הייסט געלט. דורך דיא נייע גאָלד־מינען און זילבער־מינען פון אמעריקא איז צוגעקומען א מאסע מטבעות, — מיטלען צו בייטען סחורות אויף סחורות.

ווארען דיא בורזשואזיע, אלץ מעהר האט זיא פערגרעסערט איהר קאפי־
טאל, אלץ ווייטער האט זיא פערשטופט הינטער דער סצענע יעדען
קלאס, וועלכער איז איבערגעבליבען פון מיטעל־אלטער....“

דיא ענטדעקונג פון אמעריקא האט אלזא ביי דעם געבורט פונ'ם
קאפיטאליזמוס געשפיעלט דיא וויכטיגסטע ראלע. אין א געאגראַ־
פישען זינן האט דיזע ענטדעקונג געהייסען, אז דיא אלטע וועלט —
איירָאפא — איז צוגעקומען צו א נייע. אין דעם עקאנאמישען זינן
(און דורך דעם אויך אין דעם גייסטיגען) האט דאס געהייסען, אז אין
דער אלטער איירָאפא גופא האט זיך אנגעפאנגען א נייע וועלט, א
נייער לעבען.

ענדע.

# ביילאַגע

## פון וואַנען ווייס מען, אַז די ערד איז קיילעכדיג וויא אַ קנויל?

דיא רייזע, וועלכע האָט געפיהרט צו דער ענטדעקונג פון אַמעריקא, איז געוועז געגרינדעט אויף דעם געדאַנק, אַז דיא ערד איז קיילעכדיג וויא אַ קנויל. דיעזען געדאַנק איז דעריבער וויכטיג אין דיעזען באַנד צו ערקלערען מיט אייניצעלהייטען.

אונז ווייזט זיך אויס, אַז דיא ערד איז פלאַך. אזוי מיינען טאַקי ווילדע אָדער האַלב־ווילדע מענשען, און אַזוי האָבען געמיינט דיא אַמאָליגע ציווויליזירטע אויך. אָבער אונגעפעהר מיט דריטהאַלבען טויזענד יאהר צוריק האָט מען ביסלעכווייז אָנגעהויבען צו פערשטעהן, אַז דאָס איז אַ טעות. דיא ערשטע בעווייזע, אַז דיא ערד איז קיילעכדיג וויא אַ קנויל, אַ פילקע אָדער אַן עפּיל, האָט מען געפונען אויפ'ן הימעל.

ווען מיר גיבען אַ קוק אויפ'ן הימעל אין אַן אויסגעשטערנטע נאַכט, האָבען מיר פאַר אונז אַ מישעניגע פון שטערען, און אַלע פון דיא טויזענדער, טויזענדער שטערען האָבען ביי אונז דעם זעלבען פּנים. ווען מען בעטראַכט זיי אָבער פון אָבענד צו אָבענד, פון מאָנאַט צו מאָנאַט, הויבט מען אָן צו דערגעהן אַ טאָלק אין דער מישעניגע, און דיא פערשיעדענע שטערען הויבען אָן צו האָבען פערשיעדענע פּנים'ער, פערשיעדענע געוואוינהייטען א. ז. וו. איניגע פון זיי שיינען מיט אַ רויטליכען שיין, צום ביישפּיעל, אַנדערע מיט אַ ווייסען, וויעדער אַנדערע מיט אַ געלען. אייניגע זיינען גרעסער, אַנדערע קלענער, אייניגע נעהנטער צו אונז, אַנדערע ווייטער. פיעלע פון זיי הענגען גרופּען־ווייז, און יעדע גרופּע האָט זיך איהר פאָרמע. אין איין גרופּע זיינען די שטערען אויסגעשטעלט וויא דער בוכשטאַב „ת", למשל; אין אַן אַנדערע אויף אַן אַנדער שטייגער א. ז. וו. אייניגע שטערען שטעהען אויף אַן אָרט, אַנדערע בעוועגען זיך, וואַנדערען אַרום. (דיא ערשטע רופט מען פ י ק ס־

שׁטערען אָדער זונען; דיא לעצטע — וואַנדער־שטערען אָדער פּלאַנעטען).

פון דעם גריכישען וואָרט „אַסטראָן“ (אַ שטערען) שטאַמט דער וואָרט אַסטראָלאָג (אַ מין „נביא“, וועלכער קוקענדיג אויף דיא שטערען „טרעפט“ וואָס שפּעטער וועט זיין) און אויך דער וואָרט אַסטראָנאָם — אַ וויסענשאַפטליכער שטערען־פאָרשער. פאַרצייטען זיינען אָפט ביידע געווען צוזאַמענגעמישט. יעדענפאַלס איז פון דער אַסטראָלאָגיע ענטוויקעלט געוואָרען דיא אַסטראָנאָמיע.

מיט עטליכע יאָהר־הונדערטע פאַר קריסטוס'ען האָבען גריכישע אַסטראָנאָמען בעמערקט אַז ווען זיי פאָהרען אָב אַ היבשע שטיק צו צפון צו, דערזעהען זיי אַזעלכע שטערען, וועלכע זיי האָבען פריהער ניט געזעהן; אויך האָבען זיי בעמערקט, אַז אָבפאָהרענדיג צו דרום צו זעהען זיי אַנדערע שטערען, וועלכע זיי האָבען פריהער אויך ניט געזעהן. אָט פון דעם האָבען זיי אָנגעפאַנגען צו דרינגען, אַז דיא ערד איז מסתמא ניט פלאַך, נור געבויגען.

ווען דיא ערד וואָלט געווען פלאַך וויא דיא פאָדלאָגע פון אַ צימער און דער הימעל וואָלט איבער איהר אַראָפּגעהאָנגען וויא אַ קיילעכדיגער באַלקען, וויא אַ געוועלב, וואָלטען מיר אומעטום געקענט זעהן דעם גאַנצען באַלקען מיט אַלע שטערען. וויא באַלד אָבער, אַז דיעזער שטערען זעהט זיך קיינמאָל ניט פון דאַנען, און יענער שטערען זעהט זיך קיינמאָל ניט פון דאָרטען, — איז אַ סימן אַז דיא ערד געהט אויסגעבויגען; אויב מיר קענען אַ געוויסען שטערען ניט זעהן, איז דאָס דערפאַר, וואָס דיא געבויגענקייט פון דער ערד פערשטעלט איהם פון אונז. ווען מיר פאָהרען אַריבער דיעזע שטיקעל געבויגענקייט, דערזעהען מיר איהם.

ווען אַ פליעג שטעהט אויף דער פאָדלאָגע, קען זי זעהן אַלץ, וואָס עס טהוט זיך אויפ'ן באַלקען און אויף דיא ווענט. הענגט אָבער פון באַלקען אַראָפּ אַן עפּעל, און זאָל דיא פליג זיך געפינען אויף דיעזען עפּעל, — וועט זיא בלויז זעהן אַ טהייל פון דעם צימער. דיא אַנדערע טהייל וועט דעם עפּעל'ס קיילעכדיגקייט פון איהר פערשטעלען. דאָס זעלבע איז מיט אונז. אונזער ערד הענגט, און מיר געהען איבער איהר אַרום וויא דיא פליעג איבער דעם עפּעל.

דיא ערד הענגט „אין דער לופטען“ און דיא שטערען הענגען פון אַלע זייטען אַרום איהר — איניגע נעהנטער, אַנדערע וועיטער, אַנדערע נאָך וועיטער; אַלעמען זעהן פון דעם זעלבען פונקט קענען מיר ניט. פיעלע פון

זיי פערשטעלט אונזער ערד פון אונז. ווען מיר פאָהרען אָבער צו צפון אָדער צו דרום, פאָהרען מיר אַריבער דיעזע פערשטעלעניס, און מיר דער־זעהען זיי.

דער לעזער וועט פרעגען: פאַר וואָס ריידען מיר נור וועגען פאָהרען צו צפון אָדער צו דרום? און וואָס איז מכח פאָהרען צו מערב אָדער צו מזרח? דער ענטפער איז, אַז די ערד דרעהט זיך פון מערב צו מזרח. אין 24 שעה דרעהט זי זיך אין גאַנצען אַרום אַרום זיך; אויב אַלזאָ אַ געוויסען שטערען קענען מיר דיעזע מינוט ניט זעהן, ווייל ער געפינט זיך ווייטער צו מזרח און דיא קיילעכדיגקייט פון דער ערד פערשטעלט איהם פון אונז, וועלען מיר איהם דערזעהן אייניגע מינוטען אָדער שטונדען שפּעטער. מיר וועלען זיך צו איהם צ ו ד ר ע ה ע ן. פון צפון צו דרום אָבער דרעהט זיך דיא ערד ניט; אַלזאָ קענען מיר דעם פערשטעלטען שטערען ניט זעהן, סיידען מיר וועלען אַליין צו איהם צ ו פ אָ ה ר ע ן (ווען דער עפּעל וואָלט ניט געהאַנגען שטיל, נור ער וואָלט זיך געדרעהט וויא אַ דריידעל, וואָלט דיא פליעג, וואָס געפינט זיך אויף איהם געזעהן אַלע פיער ווענט, — איצט דיא צוויי ווענט, נאָכהער דיא אַנדערע צוויי).

דיא זעלבע בעאָבאַכטונגען מכח דיא שטערען האָט מען געמאַכט ניט בלויז אין איין אָרט נור אין פיעלע פערשיעדענע ערטער, און אומעטום האָט מען בעמערקט דאָס זעלבע: וואו מען איז נור געפאָהרען, צו צפון אָדער צו דרום, זיינען געוויסע שטערען פערשוואונדען געוואָרען און געוויסע אַנדערע שטערען, וועלכע מען האָט פריהער ניט געזעהן, זיינען ערשיענען. דאָס הייסט, אַז פון צפון צו דרום איז דיא ערד א ו מ ע ט ו ם געבויגען.

ווען איהר שטעהט אויף אַ גרויסער פרייער פעלד, דוכט זיך אייך, אַז דער הימעל לאָזט זיך דאַרטען אַרונטער און קומט זיך צונויף מיט דיא ברעגעס פון דער פעלד. דער פּאַס, וואו דער הימעל שליסט זיך מיט דער פעלד, הייסט ה אָ ר י ז אָ נ ט. דיעזער פּאַס איז אַן עכט־קיילעכדיגער — ער געהט אַרום און אַרום דיא גאַנצע פעלד.

ווייטער קענט איהר ניט זעהן: דיא קיילעכדיגקייט פון דער ערד, איהר אויסגעבויגענקייט לאָזט אייך ניט. ווען איהר וועט ניט בלייבען שטעהן אויף אַן אָרט, נור איהר וועט געהן ווייטער און ווייטער, וועט דער האָריזאָנט זיך בייטען. איהר וועט נעהמען זעהן זאַכען—אַ באַרג אָדער אַ וואַלד—וועלכע האָבען זיך פריהער ניט געזעהן. דערפאַר אָבער, ווען איהר וועט אַ קוק טהאָן

אויף הינטען, ווערט איהר בעמערקען, אַז געוויסע זאַכען, וועלכע איהר האָט פריהער געזעהן, זיינען שוין איצט פערשוואונדען הינטער דעם האָריזאָנט. אויב פריהער האָט איהר דאָרטען געקענט זעהן דעם שפּיץ פון אַ קירכע, צום ביישפּיעל, ווערט איהר איצט שוין מעהר ניט זעהן. צווישען אייך און דער קירכע האָט זיך אָנגעקליבען אַזאַ גרויסער „בויג", דאָס ער פערשטעלט איהר שוין פון אייך. פערקעהרט, וויעדער, צו דעם באַרג אָדער וואַלד זייט איהר צוגעגאַנגען אַזוי נאָהענט, אַז דער „בויג" צווישען זיי און אייך איז פיעל פערקלענערט געוואָרען, און איהר קענט זיי שוין זעהן.

אויב איהר ווערט אויפ'ן פעלד שטעהן ביי־נאַכט, ווען דער הימעל איז אויסגעשטערענט, ווערט איהר קענען זעהן בלויז דיא שטערען, וועלכע געפינען זיך איבער אייער האָריזאָנט. דאָס הייסט אָבער ניט, אַז מעהר קיין שטערען זיינען שוין ניטאָ. אַז איהר ווערט אָבגעהן אַ שטיק וועג ווייטער, ווערט אייער האָריזאָנט צוקומען צו אַנדערע שטערען. דערפאַר אָבער, וועלען הינטער אייך פערשווינדען אייניגע פון דיא שטערען, וועלכע איהר האָט פריהער געקענט זעהן.

נאָך אַ פּונקט: ווען אַ געוויסער שטערען הויבט זיך אָן צו בעווייזען, איז ער זעהר נאָהענט צו דעם האָריזאָנט, — נאָהענט צו דער ערד, — וואָרים ווען מיר האָבען איהם נאָך ניט געזעהן, איז ער דאָך גאָר געוועזען בעהאַלטען אויף יענער זייט האָריזאָנט. ווען מיר זאָלען געהן צו דיעזען שטערען צו, ווערט ער אויסקומען אַלץ העכער איבער'ן האָריזאָנט. קורץ: ווען ביי אונז זעהט זיך אַ שטערען, איז וואָס ווייטער ער איז פון אונז, אַלץ נידעריגער הייבגט ער, אַלץ נעהנטער איז ער צום האָריזאָנט; פערקעהרט, וואָס נעהנטער ער קומט צו צו אונז, אַלץ ווייטער, אַלץ העכער ווערט ער זיין איבער'ן האָריזאָנט. דיעזע הויכקייט פון אַ שטערען איבער'ן האָריזאָנט מעסטען מיט געוויסע אינסטרומענטען דיא שיפס־קאַפּיטאַנען, און דורך דעם ווערען זיי געוואָהר, וואו זיי געפינען זיך.

נאָך דער הויכקייט פון דעם אָדער יענעם שטערען איבער דעם האָריזאָנט אין צוויי פערשיעדענע ערטער קען מען אויסרעכענען אויף וויא פיעל דיא ערד איז צווישען דיעזע צוויי ערטער אויסגעבויגען. צו ערקלערען דאָס מיט איינצעלהייטען איז דאָ ניט דער פּלאַץ. אין אַלגעמיין אָבער קען דער לעזער דאָס זיך פאָרשטעלען. וואָרים די אורזאַכע, וואַרום דער שטערען איז דאָ העכער און דאָרטען נידריגער, איז דאָך ווייל דיא ערד איז ניט פלאַך, נור געבויגען. וואָס קיילעכדיגער עס ווערט זיין דער „בויג", אַלץ מעהר אונטער־

שיעד וועט דעריבער זיין אין דיא הויכקייט פון דעם שטערען איבער דעם האָריזאָנט.

אויף דיעזען אַרט קען מען זעהן, אַז דיא אויסגעבויגענקייט פון דער ערד איז אומעטום דיא זעלבע. וואו מען זאָל ניט פאָהרען צו צפון אָדער צו דרום, איז זיא אַלץ געבויגען און דער בויג איז אומעטום פון דעם זעלבען זאָרט, פון דער זעלבער קיילעכדיגקייט.

דאָס איז אַלץ גערעדט וועגען צפון און דרום. פון וואַנען ווייס מען אָבער אַז דיא ערד איז אויך געבויגען פון מערב צו מזרח? דער אַנטוואָרט איז, אַז דאָס זעהט מען פון דעם, דאָס דיא זונן געהט ניט אומעטום אויף אין דער זעלבער צייט. וואָס ווייטער איהר וועט פאָהרען צו מערב, אַלץ שפּעטער וועט זי אויפגעהן, אַלץ שפּעטער וועט דאָרט ווערען טאָג. אין שיקאַגאָ, צום ביישפּיעל, געהט דיא זונן אויף מיט אַ שטונדע שפּעטער וויא אין ניו יאָרק. ווען צווישען דיעזע צוויי שטעדט וואָלט דיא ערד ניט געגאַנגען געבויגען, וואָלטען זיי ביידע דערזעהן דיא זונן אין דער זעלבער צייט. אַזוי אָבער פערשטעלט דער „בויג" דיא זונן פון שיקאַגאָ אויף אַ גאַנצע שטונדע. אַ גאַנצע שטונדע מוזען דיא מענשען פון שיקאַגאָ וואַרטען ביז זיי וועלען זיך צודרעהען צו דער זונן. ווען אין ניו יאָרק איז 6 אוהר, צום ביישפּיעל, וועט אין שיקאַגאָ ערשט זיין פינף אוהר; אין דענווער — נאָך פריהער; אין סאַן פראַנציסקאָ — נאָך פריהער. ווען אַ ניו יאָרק'ער קומט אין שיקאַגאָ, מוז ער איבעררוקען זיין זייגער אויף אַ שטונדע.

וואָס ווייטער אַ שטאָדט ליעגט צו מערב, אַלץ מעהר וועט זיא מוזען וואַרטען ביז זיא וועט זיך צודרעהען צו דער זונן; אַלץ „פריהער" וועט זיין דיא צייט אויף דיא דאָרטיגע זייגערס. אַ שטאָדט מעג אָבער זיין ווער וויסט וויא ווייט פון אַן אַנדער שטאָדט פונקט צו צפון אָדער צו דרום, — וועט קיין אונטערשיעד אין זייערע זייגערס ניט זיין. אין ביידע שטעדט אַזעלבע וועט דיא זונן אָנפאַנגען צו שיינען אין דער זעלבער צייט.

דער לעזער וועט אפשר פרעגען: וויא אַזוי קען מען וויסען, וויא דיא ערד איז געבויגען אין פערשיעדענע ערטער, — עס זיינען דאָך פאַראַן בערג און טהאָלען; היינט טאָמער איז די געבויגענקייט גאָר צוליעב דעם? דער אַנטוואָרט איז, אַז אין פערגלייך מיט דער גאַנצער ערד איז דער העכ־סטער באַרג ניט מעהר ווי אַ זעמדעלע אויף אַן עפּעל. אַ באַרג געהט פון העלער־הויט אַרויף־צו און מען זעהט דאָס מיט'ן אויג. דיא קיילעכדיגקייט פון דער ערד אָבער קען מען מיט'ן אויג ניט בעמערקען. דיא ערד איז אַזאַ

גרויסער „עפּעל“, אַז זיין קיילעכדיגקייט שפּיערען מיר ניט. מיר קענען וועגען איהר זיך איבערצייגען דורך פערשידענע סמנים, בעווייזע; זעהן איהר אָבער אָדער איהר פיהלען קענען מיר ניט. אונז דוכט זיך דעריבער, אַז דיא ערד איז אַ פלאַכער שטח מיט בערג און טהאָלען.

אויפ'ן ים זיינען ניטאָ ניט קיין בערג און ניט קיין טהאָלען. דער ים ווייזט אונז אויס וויא אַ גרויסע, גרויסע פלאַכע וואַסערפעלד. אָבער, ווען פאָהרענדיג אויפ'ן ים, בעטראַכט מען דיא שטערען, זעהט מען, אַז דער זעלבער שטערען איז דאָ העכער איבער'ן האָריזאָנט און דאָרט ניעדריגער. דאָס הייסט, אַז אין אמת'ן איז דיא וואַסער־פעלד ניט פלאַך נור געבויגען.

נאָך אַ בעווייז, אַז די ערד איז ווי אַ קגויל: דער שאָטען וואָס פאַלט פון דער ערד אויף דער לבנה (אין לקוי לבנה) איז אימער קיילעכדיג אויסגע־בויגען, און דאָס קען נור זיין דאַן, ווען דיא זאַך, פון וועלכע דער שאָטען פאַלט, איז קיילעכדיג ווי אַ קגויל.

לאָמיר דאָס ערקלעהרען.

שטעלט אויף אייער טיש אַוועק אַ לאָמפּ און בעמערקט דיא שאָטענס, וואָס פאַלען אויפ'ן וואַנט פון פערשיעדענע זאַכען. פון ניט קיין קיילעכדיגע זאַך וועט קיין קיילעכדיגער שאָטען, נאַטירליך, ניט פאַלען. אָבער נעהמט אַ קיילעכדיגע זאַך, וועלכע איז פלאַך — אַ דעקעל, צום ביישפּיעל, אָדער אַ מצה. ווען איהר וועט דיא מצה האַלטען צווישען דעם לאָמפּ און דער וואַנט, מיט איהר פלאַכע זייט פּונקט צום וואַנט, וועט איהר שאָטען זיין אַ קיילעכ־דיגער. האַלט איהר אָבער אָן אַ זייט, וועט שוין דער שאָטען זיין אַ לאַנגער.

נעהמט אָבער אַן אַפּעלסין (אַן אָראַנדזש), מעגט איהר איהם האַלטען וויא איהר ווילט און וואו איהר ווילט — זיין שאָטען וועט אימער זיין אַ קיילעכדיגער. דיא זונן איז וויא אַ לאָמפּ, וועלכער בעלייכט דיא ערד מיט דער לבנה. דיא ערד בעוועגט זיך אַרום דער זונן און דיא לבנה בעוועגט זיך אַרום דער ערד. ווען עס קומט אויס, אַז דיא ערד געפינט זיך צווישען דער זונן און דער לבנה, פערשטעלט זיא פון דער לבנה דיא שיין פון דער זונן, אַמאָל פערשטעלט זיא אַ קלענערע שטיקעל, אַמאָל אַ גרעסערע, אַמאָל גאָר אין גאַנצען. מיט אַנדערע ווערטער, דער שאָטען פון דער ערד פאַלט אויף דער לבנה. דיא לבנה איז דאַן אויסגעביסען, און דער „ביס“ איז אַמאָל אַ קלענע־רער, אַמאָל אַ גרעסערער, און אַמאָל זעהט זיך די לבנה גאָר ניט, כאָטש זיא דאַרף זיך דאַן ביי אונז זעהן.

דער „ביס", — דאָס איז דער שאָטען פון דער ערד. און ער איז אימער און אומעטום אַ קיילעכדיגער „ביס".

דער שאָטען וואָס פאַלט פון דער ערד אויף דער לבנה איז אימער אַ קיילעכדיגער (דער „ביס" געהט אימער רונד). אַלזאָ איז געדרונגען, אַז דיא ערד איז קיילעכדיג וויא אַן אַפּעלסין אָדער אַ קנויל.

נאָך אַ בעווייז, אַז דיא ערד איז קיילעכדיג וויא אַ קנויל:

מיר האָבען אויבען גערעדט וועגען דעם, דאָס דער ים ווייזט אונז אויס וויא אַ גרויסע פלאַכע וואַסער־פעלד. בעטראַכט אָבער דיא פערשיעדענע שיפען, וועלכע איהר קענט זעהן. דיא שיף וואָס איז נאָהענט צו אייך וועט איהר זעהן אין גאַנצען. דיא שיף אָבער וואָס איז ווייט פון אייך, וועט איהר זעהן בלויז פון אויבען; איהר וועט זעהן איהרע זעגלען, מאַסטען, אָבער איהר אונטערשטע טהייל — ניט. פון דער שיף וואָס איז פון אייך נאָך ווייטער, וועט איהר זעהן נאָך אַ קלענערע טהייל, און אלץ דיא אויבערשטע טהייל. איהר וועט זעהן בלויז דיא שפּיצען פון איהרע מאַסטען אָדער פון דיא קוימענס.

ווען איהר קוקט וויא אַ שיף שווימט פון אייך אַוועק, וועט זי פון אייער אויג פערשווינדען פון אונטען אַרויף.

און ווען איהר וועט קוקען אויף אַ שיף, וויא זיא קומט אָן פון וועג, וועט זיין פּונקט פערקעהרט: זיא וועט פאַר אייך וואַקסען פון אויבען אַראָפּ: צוערשט וועט איהר בלויז זעהן דיא שפּיצען פון דיא מאַסטען און דיא אויבערשטע ברעגעס פון דיא זעגלען. דערנאָך וועט איהר זעהן אַ ניעדריגערע טהייל פון דיא מאַסטען מיט דיא זעגלען, דערנאָך וועט איהר דערזעהן דעם קערפּער ביז איהר וועט דערזעהן דיא גאַנצע שיף.

פאַר וואָס איז דאָס?

ווען דער ים וואָלט אין אמת'ן געווען פלאַך, וואָלט איהר געזעהן דיא גאַנצע שיף מיט אַמאָל און ווען זיא וואָלט פון אייער אויג פערשוואונדען, וואָלט זיא פערשווינדען אין גאַנצען מיט אַמאָל. דיא איינציגע ערקלעהרונג, וועלכע מען קען זיך געבען פאַר וואָס זיא בעווייזט זיך ביסלעכווייז פון אויבען אַראָפּ און פערשווינדט ביסלעכווייז פון אונטען אַרויף, איז אַז דער ים געהט קיילעכדיג, געבויגען.

ווען דיא שיף געהט אַוועק פון אייך, געהט זיא אַוועק הינטער דעם „בויג". דער בויג פערשטעלט איהר אונטערשטע טהייל פון אייער אויג. איהרע מאַסטען, זעגלען אָדער קוימענס זעהען זיך נאָך. ווען זיא געהט אַוועק נאָך

דיעזע צייכנונג ווייזט, אז מען קען זעהן דיא אויבערשטע טהייל פון א שיף איידער מען קען זעהן איהר אונטערשטע טהייל

דיא פינטעלעך צייגען וויא עס געהט דעם מענשען׳ס בליק (ריכטיגער געזאגט וויא עס גייען דיא שטראהלען פון דער זאך צו זיין אויג; ווארים פון יעדער בעלויכטענער זאך גייען שטראהלען; און „זעהן״ הייסט, אז דיא שטראהלען קומען צו צו אונזער אויג). ווען דער מענש קוקט דא גיעדעריג, קומען צו איהם צו דיא שטראהלען פון דער ערד, דיא שטראהלען פון דער שיף אבער קענען דא צו איהם ניט צוקומען, ווייל דיא ערד׳ס קיילעכטיגקייט פארשטעלט זיי. ווען ער האלט אבער די אויגען העכער, קומען שוין דיא שטראהלען פון דער שיף צו איהם יא צו; דאס זיינען אבער בלויז דיא שטראהלען פון דער שיף׳ס שפיץ.



דיעזע צייכנונג ווייזט וויא פון א באַרג קען מען זעהן דיא זונן פריהער וויא פון אונטען.
ווען דער מענש שטעהט אונטען, זיינען דיא זונן'ס שטראַהלען נאָך פון איהם פארשטעלט; דיא ערד'ס קיילעכטיגקייט פארשטעלט זיי. זיין בליק געהט דאַן צו הויך. ווען אָבער ער קוקט צראָפּ פון א באַרג, קומען דיא זונן'ס שטראַהלען צו איהם יאָ צו.



ווייטער הינטער דעם בויג — ווערען ביסלעכווייז פערפאַלען פון אייך דיא מאַסטען מיט דיא זעגלען מיט דיא קוימענס אויך.

פערקעהרט: ווען דיא שיף קומט צו צו אייך, דערזעהט איהר איהרע מאַסטען, זעגלען און קוימענס, ווען איהר קערפּער געפינט זיך נאָך הינטער דעם „בויג“. באַלד אָבער קומט זיא צו נאָך נעהנטער צו אייך, ביז זיא קומט אין גאַנצען אַרויס פון הינטער דעם „בויג“.

ווייטער:

ווען אַ שיף קומט אָן, דערזעהט מען איהר פון אַ הויכען אָרט פריהער וויא פון אַ ניעדריגערען. ווען אַ מאַטראָז קריכט אַרויף אויפ׳ן שפּיץ פון אַ מאַסט, קען ער פון ווייטען דערזעהן שיפען, וועלכע זעהען זיך אונטען גיט. וואָרום? ווייל שטעהענדיג אין דער הויך, קוקט ער אַריבער איבער דעם בויג, וועלכער פערשטעלט יענע שיפען פון דיא אונטערשטע מאַטראָזען.

פון אַ הויכען באַרג דערזעהט מען דיא זונן נאָך איידער זיא זעהט זיך אונטען אויף דער ערד. דאָס הייסט, אַז פון דעם שפּיץ באַרג קוקט מען אַריבער איבער דיא קיילעכדיגקייט, וועלכע פערשטעלט די זונן פון די מענשען, וואָס געפינען זיך אונטען.

צוליעב דיא זעלבע אורזאַכע ווערט דער שפּיץ פון דעם באַרג פריהער בעלויכטען וויא אַ ניעדריגערער אָרט. פאַרטאָג, ווען אונטען זעהט זיך נאָך דיא זונן ניט, און דאָרטען איז נאָך פינסטער, קומען איהרע שטראַהלען צו צו דעם שפּיץ באַרג. יעדער שטראַהל, וואָס ציהט זיך פון דער זונן צו דעם שפּיץ-באַרג, געהט אַריבער איבער דעם „בויג“ פון דער ערד. דער שטראַהל אָבער, וואָס געהט פון דער זונן ניעדריגער, ווערט פערהאַלטען פון דעם „בויג“.

דעריבער, ווען איהר וועט קוקען פאַרטאָג אויף דעם שפּיץ פון אַ קלויס-טער, וועט איהר זעהן, אַז ער הויבט אָן צו בליסטשען נאָך איידער אויף דער ערד איז ליכטיג. פערקעהרט, אין אבענד, ווען די זונן געהט אונטער, וועט דער שפּיץ קלויסטער אַ ווייליע בליסטשען דאָן, ווען אויף דער ערד איז שוין פינסטער.

היינט האָבען מיר אַ גאַנץ איינפאַכען בעווייז, אַז דיא ערד איז קיילעכדיג וויא אַ קגויל: ווען מען לאָזט זיך אַוועק רייזען און מען האַלט אימער אָן אין דער זעלבער זייט, קומט מען ענדליך צוריק אויף דעם אָרט, פון וואַנען מען איז אָבגעפאָהרען. און דאָס זעלבע וועט זיין אימער — עס מאַכט ניט

אוים פון וואַנען מען פאָהרט אַרויס און אין וועלכע זייט מען פערנעהמט זיך, מען דאַרף נור פאָהרען אַלץ אין דער זעלבער זייט.

היינט זיינען אַזעלכע רייזעס קיין נאָווינע ניט. אָבער דיא ערשטע רייזע וואָס מען האָט געמאַכט אַרום און אַרום דער וועלט, איז געווען אין 1521, זיעבצעהן יאָהר נאָך קאָלומבוס'עס טוידט. דיא געלעהרטע פון אַלטען גריכענ־לאַנד, האָבען אַזאַ דירעקטען בעווייז וועגען דיא קיילעכדיגקייט פון דער ערד נאָך ניט געקענט האָבען. זיי האָבען דאָס אָבער געדרונגען מיט אַ שכל פון דיא שטערען און פון דער ערד'ס שאָטען אויף דער לבנה. און ניט נור האָבען זיי אויף דיעזען אַרט קלאָהר פערשטאַנען, אַז דיא ערד איז קיילעכדיג וויא אַ באַלל, נור זיי האָבען מיט אַ שכל אויך אויסגעמאָסטען וויא גרויס דיעזער באַלל איז (ווייטער וועט עס ערקלעהרט ווערען).

אַז דיא ערד איז אַ באַלל האָבען אַלזאָ שוין געוואוסט דיא אַלטע גריכען. אַ סך שפּעטער, אין דעם 17־טען יאָהר־הונדערט פון אונזער צייט־רעכנונג, האָט מען בעוויזען, אַז ביי זיין צפון ברעג און ביי זיין דרום ברעג איז דיעזער ערד־באַלל אַ ביסעלע צוגעפּלאַטשיגט; פון צפון צו דרום האַלט ער מיט 26 ענגלישע מייל ווענינער וויא פון מזרח צו מערב. דאָס איז אָבער אַזאַ קליינער אונטערשיעד אין פערגלייך מיט דער גאַנצער גרויס פון דער ערד, וועלכע האַלט אין דער „ליינג" אָדער „ברייט" נאָהענט פון 8 טויזענד מייל, אַז אין סך הכל קען מען איהר בעטראַכטען אַלס אַן עכט קיילעכדיגען באַלל.

האַלט אַן אַפּעלסין אַנטקעגען אַ לאָמפּ; האַלט איהם צווישען צוויי פינגער — איין פינגער פון אויבען און איינעם פון אונטען. וויא איהר האַלט איהם אַזוי, דרעהט איהם מיט דער אַנדערער האַנד. אויב איהר וועט זיך אַזוי פאָרשטעלען דעם ערד־קוגעל מיט דער זונן, וועלען דיא צוויי ערטער, וואו איהר האַלט דעם אַפּעלסין צו מיט דיא פינגער, זיין צפון און דרום; און דיא דרעהענים פון דעם ערד־קוגעל וועט געהן פון מערב צו מזרח. ווען איהר זאָלט אויף דעם אַפּעלסין מאַכען אַ פּאַס אין רעכטען מיטען צווישען אייערע צוויי פינגער, און דעם פּאַס זאָלט איהר ציהען אַרום און אַרום, וועט דאָס הייסען עקוואַטאָר. דעם ערד־קוגעל וואָלט אַזאַ פּאַס צוטהיילען אויף צוויי גלייכע העלפט — אַ צפון'דיגע העלפט און אַ דרום'־דיגע. (ע ק ו אַ ט אָ ר קומט אַרויס פון אַ וואָרט, וואָס בעדייטעט „גלייך", דאָס הייסט, דער פּאַס וואָס צוטהיילט אויף גלייכע העלפט.)

# וואָס הייסט „אַרויף“ און וואָס הייסט „אַראָפּ“?

וויאבאַלד, אַז דיא הערד הענגט „אין דער לופטען“, טאָ וואָרום גיסט זיך ניט אויס דיא וואַסער פון דיא ימים, וועלכע געפינען זיך אויף איהר פון אונטען אָדער פון די זייטען?

דער אַנטוואָרט איז, אַז דער צענטער פון דער ערד, דער רעכטער מיטען אינוויינינג אין דעם באַלל, ציהט אַלץ צו זיך. די וואַסער ווערט אַלזאָ געהאַלטען מיט דעם כח פון דיעזען צענטער.

ווען אַ זאַך פאַלט, פאַלט זיא אימער צו דער ערד, ווייל דיא ערד'ס צענטער ציהט איהר צו זיך. ווען אַ שטיין ליעגט אויפ'ן ברעג פון אַ גרוב, פאַלט ער אַריין אין גרוב, ווייל דער גרונד פון דער גרוב איז נעהנטער צו דער ערד'ס צענטער, און איהם ציהט אַלץ אַהין. ווען די גרוב וואָלט געווען אַזוי טיעף אַז זי וואָלט דערגרייכט ביז דעם צענטער, וואָלט דער שטיין געפאַלען ביז'ן צענטער. אָבער ווען דיא גרוב וואָלט געגאַנגען נאָך ווייטער, וואָלט דער שטיין שוין ווייטער ניט געפאַלען. ער וואָלט געבליבען אין צענטער.

טשעפּעט צו אַ שטיקעל בליי צו דעם ברעג פון אַ שנירעל און האַלט דעם שנירעל ביי דעם אַנדער ברעג, וועט דער שנירעל געהן פּונקט גלייך אַראָפּ־צו. דיא שטיקעל בליי וועט איהם ציהען צום צענטער. אַזאַ עכט גלייכען פּאַס, וואָס געהט צום צענטער פון דער ערד, רופט מען ווערטיקאַלער פּאַס. ווען איהר וואָלט געקענט אַנצייכענען אין דער לופט, וואו דורך איהר פאַלט אַ שטיין, וואָלט דער אַנגעצייכענטער פּאַס געווען אַ ווערטיקאַלער. ווען איהר זאָלט פאָרטזעצען אַ ווערטיקאַלען פּאַס דורך דער ערד ווייטער און ווייטער, וואָלט ער קומען צום ערד־צענטער.

אַלץ, וואָס איז צום צענטער־צו, רופען מיר „אַראָפּ“. אַלץ וואָס געהט פון דעם צענטער, רופען מיר „אַרויף“. שטעלט אייך אָבער פאָר אַז צוויי שטיינער פאַלען אין צוויי פערשיעדענע העלפט פון דעם ערד־קוגעל — איינער אין כינאַ און דער אַנדערער אין אַמעריקאַ. ביידע וועלען פאַלען „אַראָפּ“. וויא קען דאָס אָבער זיין? כינאַ איז דאָך אויף איין זייט און אַמעריקאַ פּונקט אויף דער אַנדערער זייט פון דעם ערד־קוגעל. הייסט אויב דער כינעזער שטיין פאַלט אַראָפּ, פאַלט דאָך דער אַמעריקאַנער שטיין „אַרויף“. ווען דער אַמעריקאַנער שטיין וואָלט געפאַלען דורך דער ערד ווייטער און ווייטער דורכ'ן צענטער,

און ער וואָלט אַרויסגעקומען אין כינאַ, וואָלט ער דאָרטען אַרויסגעפלויגען פון דער ערד און געפלויגען צום הימעל.

אָבער פאַלען דורך און דורך דעם גאַנצען ערד־קוגעל וואָלט דער אַמעריקאַנער שטיין אין אמת'ן ניט געקענט, וויא מיר האָבען שוין ערקלעהרט. ער וואָלט בלויז צוגעפאַלען צום צענטער, וועלכער ציהט איהם צו זיך. דאָס זעלבע וואָלט געוועזען מיט דעם כינעזישען שטיין. ביי'ן צענטער וואָלטען זיי זיך ביידע בעגעגענט, און דאָרטען וואָלטען זיי ביידע געבליבען.

„אַראָפּ" הייסט צום צענטער פון דער ערד. „אַרויף", וויעדער, הייסט פון דעם צענטער. ביידע שטיינער פאַלען אַלזאָ „אַראָפּ", ווייל ביידע ווערען זיי צוגעצויגען צום צענטער. ווען מען וואָלט געקענט דעם ערד־קוגעל דורכגראָבען דורך־און־דורך, און אַזעלכע לעכער וואָלט מען געמאַכט אין טויזענד פערשיעדענע ערטער, און אומעטום וואָלט מען דורך זיי געוואָרפען שטיינער, וואָלטען זיי אַלע זיך געטראָפען אין דעם צענטער; ווייטער וואָלט קיינער פון זיי ניט געפאַלען. זיי וואָלטען אַלע געפאַלען „אַראָפּ".

אין כינאַ געהען די מענשען מיט דיא קעפּ „אַרויף" און מיט דיא פיס „אַראָפּ"; הייסט דאָס אָבער, אַז אין אַמעריקאַ געהען דיא מענשען מיט דיא פיס „אַרויף" און מיט דיא קעפּ „אַראָפּ"? ניין, אי דיא כינעזער אי דיא אַמעריקאַנער געהען מיט דיא פיס צו דעם צענטער פון דער ערד, און דאָס הייסט, אַז ביידערליי מענשען געהען מיט דיא פיס „אַראָפּ" און מיט דיא קעפּ „אַרויף".

דיא פאָלגענדע צייכנונג ווייזט וויא דיא צוציהונגס־קראַפט פון דער ערד'ס צענטער ווירקט אויף דיא מענשען, וואָס געפינען זיך אויף דער ערד. אַלע ווערען זיי צוגעצויגען צו דיזען צענטער. אַלע געהען זיי דעריבער מיט'ן קאָפּ „אַרויף" און מיט דיא פיס „אַראָפּ", — דאָס הייסט, מיט דיא פיס צום ערד־צענטער. ווען מיר קוקען אויף דיזען בילד, קומט דאָס ביי אונז אויס אַזוי וויא דיא אונטערשטע מענשעלעך געהען מיט דיא קעפּ אַראָפּ, און דיא בלוט וואַרפט זיי זיך אין דיא קעפּ אַריין. זייער בלוט קען זיך זיי אָבער ניט וואַרפען אין דיא קעפּ, ווייל דיא בלוט אַליין, אָהן דער ווירקונג פון האַרצען, ציהט זיך צום ערד־צענטער, וויא אַלעס ציהט זיך צום ערד־צענטער. דיא גאַנצע משא פון זייערע קערפּערס ציהט זיך צו דער ערד. זיי פיהלען זיך פונקט אויף דעם זעלבען אָרט וויא דיא

מענשען, וועלכע זיינען אויף אונזער צייכנונג אויפגעמאָלט פון אויבען. די ערד ווייס ניט פון קיין אויבען און פון קיין אונטען. זי ווייס בלויז פון אַ צענטער.



## וויא האָט מען אויסגערעכענט דיא גרויס פון דעם ערד־קוגעל?

דער ערשטער, וואָס האָט אויסגערעכענט דיא גרויס פון דער ערד, איז געווען עראַטאָסטהען, אַ גריכישער אַסטראָנאָם, פון דעם דריטען יאָהר־הונדערט פאַר קריסטוס׳עס געבורט, דאָס הייסט אונגעפעהר זיעבצעהן הונדערט יאָהר פאַר קאָלומבוס׳עס צייט. ער האָט נאַטירליך ניט אויסגעמאָסטען דיא גאַנצע ערד, וויא דאָס קען מען טהאָן מיט היינטיגע מיטלען. מעי איז דאַן איבערהויפט געווען בעקאַנט בלויז מיט אַ פערטעל פון דעם ערד־קוגעל — נאָך וועניגער. עראַטאָסטהען איז דאָס דערגאַנגען מיט אַ שכל, און היינט, אַז מען ווייס שוין גענוי וויא גרויס דיא ערד איז, קומט אויס, אַז זיין חשבון איז געווען כמעט ריכטיג. אין דיא פינסטערע יאָהר־הונדערטע פון מיטעלאַלטער ווען פיעלעס פון דער גריכיש־רוימישער בילדונג איז פערלאָרען געגאַנגען, האָט מען דיעזען גאונ׳ישען שכל אויך פערגעסען. ערשט אין דער צייט פון „רענייסאַנס“, אַרום קאָלומבוס׳עס צייט, ווען מען האָט מיט חשק געלעזען אַלץ, וואָס מען האָט געקענט געפינען פון דיא אַלט־גריכישע שרייבער, האָט מען זיך דערוואוסט פון דיעזען שאַרפזיניגען מיטעל אויסצורעכענען דיא גרויס פון דער גאַנצער ערד, כמעט זיצענדיג אין שטוב.

פאַר דעם, וואָס איז אונבעקאַנט מיט מאַטהעמאַטיק, קען דאָס אויסקומען איבער־נאַטירליך. אום צו ווייזען, אַז אין אַזעלכע זאַכען שטעקען קיין נסים ניט, — אַז מען קען זיי קלאָהר זעהן מיט׳ן געוועהנליכען מענשליכען שכל, וועלען מיר דאָ פּרופען ערקלעהרען דעם אַלגעמיינעם געדאַנק, אויף וועלכען עראַטאָסטהען׳ס חשבון איז געגרינדעט.

צוערשט, אַלס הקדמה, — אַ פּאָר ווערטער וועגען ווינקלען. ווען איהר עפענט אַ שערעלע, ווערט צווישען דיא צוויי קלינגען אַ ווינקעל. וואָס מעהר איהר עפענט איהר, אַלץ גרעסער איז דער ווינקעל; וואָס וועניגער איהר עפענט איהר, אַלץ קלענער דער ווינקעל. דיא קלינגען מעגען זיין לאַנגע אָדער קורצע — ניט דאָס האָט מען אין זינען, ווען מען רעדט וועגען דיא גרויס פון דעם ווינקעל. ווען איהר עפענט אַ קלייניקע שערעלע אויף מעהר וויא אַ גרויסע שער, איז איהר ווינקעל גרעסער, כאָטש איהרע קלינגלעך זיינען פיעל קלענער. מיט דעם ווינקעל מיינט מען אַלזאָ ניט דיא לייננ פון די קלינגען נור דיא גרויס פון זייער פונאַנדערגעפּענטקייט.

איצט נעהמט דעם ציפער־בלאַט פון אַ זייגער. זיינע צוויי ווייזערס

עפענען זיך אויך פונאַנדער און מאַכען זיך צו וויא אַ שערעלע. צווישען זיי איז דאָס רוב פאַראַן אַ ווינקעל, — דאָ אַ גרעסערער, דאָ אַ קלענערער. דיא גרויס פון דעם ווינקעל קענט איהר זעהן נאָך דיא צאָהל מינוטען אויפ'ן ציפער־בלאַט. ווען צווישען דיא ווייזערס איז צעהן מינוט, צום ביישפּיעל, איז ער צוויי מאָל אַזוי גרויס וויא ווען צווישען זיי איז פינף מינוט. ווען צווישען זיי איז 15 מינוט איז דער ווינקעל נאָך אַ גרעסערער, און אַזוי ווייטער. ווען דער ווינקעל האַלט אויף אייער ציפער־בלאַט 15 מינוט, דאָס הייסט ער פערנעהמט פונקט אַ פערטעל פון דעם ציפער־בלאַט רופט מען דאָס גלייכער ווינקעל. אַ ווינקעל, וואָס איז קלענער וויא אַ גלייכער, הייסט שאַרפער ווינקעל; אַזעלכער, וואָס איז גרעסער וויא אַ גלייכער, הייסט טעמפּער ווינקעל. יעדער ווינקעל פון אַ בוך איז אַ גלייכער. ווען איהר זאָלט איהם אָפּמעסטען אויף אַ ציפער־בלאַט, וועט איהר זעהן, אַז ער וועט פערנעהמען אַ פערטעל ציפער־בלאַט.

מיט דעם קלענסטען ציפער־בלאַט אָדער אַן אַנדער קייקעל קען מען אָפּמעסטען דעם ווינקעל פון דער גרעסטער זאַך.

ווינקלען מעסט מען אַלזאָ מיט אַ קייקעל. דעם קייקעל צוטהיילט מען אָבער געוועהנליך ניט וויא דעם ציפער־בלאַט פון אַ זייגער, נור אויף 360 טהייל. יעדע טהייל הייסט אַ גראַד. יעדער גראַד ווערט ערשט צוטהיילט אויף 60 מינוטען און יעדע מינוט אויף 60 סעקונדען. אַזאַ „מינוט" איז אַלזאָ אַ 360־טע טהייל פון אַ זייגער־ מינוט. אַזוי צוטהיילט מען אין מאַטהעמאַטיק יעדען קייקעל. און אַזוי ווי די ערד איז אַ באַלל, ווערט זיא אויך צוטהיילט אויף 360 גראַדען, יעדער פון וועלכע ווערט צוטהיילט אויף „מינוטען" און „סעקונדען".

אַ גלייכער ווינקעל האַלט אַלזאָ 90 גראַד, — אַ פערטעל פון אַ קייקעל.

פון אַ טהייל פון אַ קייקעל קען מען אויסרעכענען דעם גאַנצען קייקעל — מען דאַרף נור וויסען וויא גרויס עס איז דער צענטער־ווינקעל פון דיעזער טהייל, דאָס הייסט דער ווינקעל וועלכער ענטהאַלט איהר צווישען זיינע „קלינגען" אָדער זייטען. שטעלט אייך פאָר, אַז איהר ווייסט בלויז וויא פיעל עס האַלט אַ געוויסע שטיקעל פון אַן עכט קיילעכדיגע פעלד, און איהר ווילט וויסען וויא פיעל עס האַלט דיא גאַנצע פעלד. שטעלט אייך פאָר, אַז פוןביידע ברעגען פון דעם שטיקעל פעלד ציהען זיך שטעגען צום צענטער. דאַן מעסט איהר אויס דעם צענטער־ווינקעל צווישען דיא צוויי שטעגען און דורך דעם דערגעהט איהר וויא גרויס עס איז דער גאַנצער קייקעל. לאָמיר

זאָגען, אַז דיא שטיקעל פעלד האַלט ביי איהר ברעג 5 מייל צום ביישפּיעל און דער ווינקעל האַלט 8 גראַד. 8 איז אַ 45־טע טהייל פון 360 גראַד. דאָס הייסט אַז דיא שטיקעל פעלד האַלט אַ 45־טע טהייל פון דער גאַנצער פעלד. אַלזאָ כפל'ט 5 מייל אויף 45 וועט איהר בעקומען דיא גרויס פון דער גאַנצער פעלד אַרום און אַרום — 225 מייל.

אויב איהר ווילט בעשטימען וויא הויך אַ שטערען איז אויפ'ן הימעל, נעהמט אַ שערעלע אָדער אַ צירקעל און שטעלט אָן איין שפּיץ פּונקט צום האָריזאָנט, און דעם אַנדערען פּונקט צום שטערען. דאַן מעסט אויס דעם ווינקעל פון דער שערעלע. אויב ער האַלט 6 גראַד למשל, זאָגט מען אַז דער ווינקעל פון דעם שטערען איז 6 גראַד. אויב אַן אַנדער שטערען שטעהט פּונקט צוויי מאָל העכער אין הימעל, וועט זיין ווינקעל האַלטען 12 גראַד. אויף צו בעשטימען דיא הויך פון דיא שטערען זיינען פאַראַן ספּעציעלע אינסטרומענ־טען. מיר האָבען דאָ בלויז געגעבען דעם עיקר־שכל, אויף וועלכען זיי זיינען געגרינדעט.

לאָמיר זיך איצט אומקעהרען צו אונזער ערד־באַלל. ווען דיא ערד וואָלט ניט געווען קיין באַלל, נור זיא וואָלט געווען פלאַך, וואָלט יעדער שטערען אומעטום אויסגעקומען אויף דער זעלבער הויך. קוקט אויף דיא פיגורען, וואָס זיינען אויסגעמאָלט אויף אייער באַלקען (סילינג). יעדע פיגור ליעגט זיך אויף איהר בעשטימטען פּלאַץ, און פון וועלכען זייט פּאָדלאָגע איהר זאָלט ניט קוקען, וועט דיא פיגור אַלץ זיין אויף דעם זעלבען אָרט. גאַנץ אַנדערש איז דאָס אָבער, ווען מען קוקט אויפ'ן הימעל פון דעם ערד־באַלל אָדער ערד־קוגעל. פון פערשיעדענע ערטער זעהט מען פערשיעדענע שטערען; צווייטענס, וואָס ווייטער איהר רייזט אָפּ פון אַ שטערען, אַלץ נעהנטער קומט ער צו צו דעם האָריזאָנט, און וואָס נעהנטער איהר רייזט צו צו דעם שטערען, אַלץ ווייטער קומט ער אויס פון דעם האָריזאָנט, אַלץ העכער הענגט ער איבער דער ערד (זעה אויבען זייטעל 628). דער זעלבער שטערען האָט אַלזאָ אין איין אָרט אַזאַ ווינקעל און אין אַן אַנדער אָרט אַן אַנדער ווינקעל. אָט דיעזע ווינקלען מעסטען דאָס דיא שיפס־קאַפּיטאַנען צו בעשטימען, וואו דיא שיף געפינט זיך.

דיא זונן זעהט זיך אויך ניט אומעטום אויף דעם זעלבען אופן — אַלץ צוליעב דיא קיילעכדיגקייט פון דער ערד. אום 12 אוהר דערגרייכט זיא איהר העכסטען פּונקט אויפ'ן הימעל, אָבער דיעזער העכסטער פּונקט איהרער, איהר „מיטאָגס־פּונקט" איז אויך ניט אומעטום דער זעלבער.

דרעהענדיג זיך, שטעהט דער ערד־קוגעל מיט זיין מיטען (אַרום עקוואַטאָר) צו דער זונן. דאָרטען וועט די זונן אום 12 אוהר אויסקומען פונקט אין מיטען הימעל. אָבער וואָס ווייטער איהר וועט רייזען צו צפון אָדער צו דרום, אַלץ ניעדריגער וועט זיין דער מיטאָגס־פונקט. ווארום? ווייל וואָס ווייטער דער אָרט איז צו צפון אָדער צו דרום, אַלץ ווייטער איז ער אָבגעבויגען פון דער זונן (צוליעב דיא קיילעכדיגקייט פון דער ערד). איצט לאָמיר זעהן. איהר שטעהט למשל אויף אַ גרויסע, גרויסע פעלד. איהר זייט דאַן דער מיטעלפונקט פון דיא שטיק פעלד, וואָס איהר קענט זעהן. איבער אייער קאָפּ איז דער העכסטער פונקט פון דעם הימעל, און אויב דיא זונן איז איבער אייער קאָפּ הויך אויפ׳ן הימעל, הייסט דאָס אַז איהר געפינט זיך פונקט אַנטקעגען דער זונן. אויב דיא זונן איז ווייט פון אייך, ניעדריג אויפ׳ן הימעל, הייסט דאָס אז איהר זייט ניט אַנטקעגען דער זונן נור ווייט אָפּגעבויגען פון איהר. וואָס ווייטער איהר זייט אָבגעבויגען פון איהר, אַלץ ניעדריגער וועט זיא זיך געפינען אויפ׳ן הימעל, אַלץ נעהנטער וועט זיא זיין צו דעם ענד הימעל און ערד — צום האָריזאָנט. קורץ, וואָס נעהנטער די זון געפינט זיך צום האָריזאָנט, איז אַ סימן, אַז איהר זייט אַלץ ווייטער אָבגעבויגען פון איהר. זיא איז דאַן נעהנטער צו איהר בעהעלטעניס, צו איהר פערשווינדען.

נאָכמיטאָג דרעהט זיך דיא ערד אַוועק פון דער זונן, ביז דיא זונן הערט זיך אויף צו זעהן. אויף מאָרגען אין דער פריה וועט אייער שטאָדט זיך ווידער צודרעהען צו איהר. עס וועט ווידער ווערען טאָג. איהר וועט זיך צודרעהען אַלץ נעהנטער, נעהנטער צו דער זונן ביז 12 אוהר. דאַן וועט איהר זיין אַם נעהנטסטען צו איהר. דאַן וועט דיא זונן זיין אַם העכסטען אין הימעל; אַם נעהנטסטען צו דעם פונקט, וועלכער איז פונקט איבער אייער קאָפּ. נאָך 12 אוהר דרעהט זיך דיא ערד שוין ווייטער אַוועק פון דער זונן. זיא וועט דעריבער שוין ווערען אַלץ ניעדריגער אויפ׳ן הימעל, אַלץ נעהנטער צו דעם ענד הימעל און ערד.

דאָס איז אַלץ גערעדט וועגען דער בעוועגונג פון דער ערד פון מערב צו מזרח. צו צפון בעוועגט זיך אָבער אונזער ערד ניט. אויב אייער שטאָדט ליעגט ווייט צו צפון פון עקוואַטאָר, וועט איהר בלייבען אָבגעבויגען פון דער זונן. אין רעכטען מיטען הימעל וועט דיא זונן ביי אייך קיינמאָל ניט שיינען, — אפילו אום 12 אוהר אויך ניט. איהר העכסטער פונקט וועט אַלץ

זיין נעהנטער צום האָריזאָנט. און וואָס ווייטער צו צפון אַלץ נעהנטער צום האָריזאָנט וועט זיין דיעזער העכסטער פונקט.

עראַטאָסטהען האָט דעריבער זיך גענומען מעסטען דיא הויך פון דיא זונן'ס מיטאָגס־פונקטען אין צוויי פערשיעדענע ערטער, וואָס ליעגען איינע פון דער אַנדערער ניט פון מזרח צו מערב נור פון צפון צו דרום. מיט אַנדערע ווערטער: ער האָט זיך גענומען אויסמעסטען דיא „ווינקלען" פון דער זונן אין צוויי פלעצער אַזעלכע.

דיא צוויי שטעדט, וועלכע ער האָט אויסגעקליבען צו זיין צוועק, זיינען געוועזען אין מצרים: אַ ל ע ק ס אַ נ ד ר י א און אַ ס ס ו אַ ן (פּערציייטען האָט מען איהר גערופען סיין). דיעזע צוויי שטעדט זיינען 500 ענגלישע מייל איינע פון דיא אַנדערע, אויף אַ גלייכען וועג פּונקט פון צפון צו דרום צו. ווען עראַטאָסטהען האָט אָבגעמאָסטען דיא הויכ־קייט פון דער זונן אין אַססואַן און איהר הויכקייט אין אַלעקסאַנדריא, האָט ער געזעהן, אַז דער אונטערשיעד צווישען זייערע ווינקלען איז 7 און אַ האַלב גראַד. אַזוי וויא אַ גאַנצער קייקעל האַלט 360 גראַד, קומט אויס אַז דיא שטיקעל קייקעל צווישען דיא צוויי שטעדט האַלט אַן 48־טע טהייל פון אַ קייקעל. פון אַססואַן ביז אַלעקסאַנדריע איז 500 מייל. דאָס הייסט, אַז אַ 48־טע טהייל פון דער ערד האַלט 500 מייל. כפל'ט 500 אויף 48 וועט איהר בעקומען דיא לייננ פון דער ערד אַרום און אַרום — 24000 מייל. דאָס איז ניט פּינקטליך ריכטיג, אָבער זעהר נאָהענט צו דעם. אין אמת'ן האַלט דיא ערד אַרום דעם עקוואַטאָר, 24890 מייל, און פון צפון צו דרום עטוואָס ווענינער (זעה אויבען זייטעל 635).

ווען אין אַלעקסאַנדריאַ וואָלט מען אַריינגעשטעקט אַ ווערטיקאַלען שטעקעל (זעה אויבען זייטעל 636) און מען וואָלט איהם געקענט טאַקע פאָרטזעצען ביז דעם צענטער פון דער ערד; און פּונקט אַזאַ שטעקען וואָלט מען אויך געקענט אַריינשטעקען אין אַססואַן, וואָלטען ביידע דיעזע שטעקענס זיך צוזאַמענגעטראָפען ביי'ן צענטער פון דער ערד, און דער ווינקעל צווישען זיי וואָלט דאָרטען געוועזען 7 און אַ האַלב גראַד (זיעבען גראַד און דרייסיג מינוט). אַזעלכע צוויי שטעקענס אַריינשטעקען איז נאַטירליך אונמעגליך. דאָך האָט עראַטאָסטהען זיך אַן עצה געגעבען צו בעווייזען, אַז אַזאַ צענטער־ווינקעל וואָלט ווירקליך געהאַלטען 7 און אַ האַלב גראַד. צו דעם צענטער פון דער ערד, אום צו מעסטען אַזאַ ווינקעל, האָט ער ניט געקענט צוקומען. ער האָט אָבער געקענט אָבמעסטען דעם ווינקעל צווישען אַ מיטאָגס־שטראַהל

פון דער זונן און אַ ווערטיקאַלען שטעקען. דאָס איז לייכט אויסצוגעפינען נאָך דער לייגג פון דעם שאָטען אום 12 אוהר.

וואָס ווייטער אַ פלאַץ איז פון עקוואַטאָר, אַלץ אָבגעבויגענער איז ער פון דער זונן; אַלץ שיפער, משופע׳דיגער וועלען דאָרטען פאַלען דיא שטראַהלען, — אַלץ אַ גרעסערער ווינקעל וועט דאָרטען זיין צווישען דעם שטראַהל און דעם שטעקען, אַלץ לענגער וועט דאָרטען זיין דעם שטעקען׳ס שאָטען. אַרום עקוואַטאָר פאַלט דער שטראַהל גלייך אויפ׳ן שטעקען. דאָרטען איז אום 12 אוהר צווישען דעם שטראַהל און דעם שטעקען גאָר קיין ווינקעל ניטאָ, און פון דעם שטעקען פאַלט דאַן קיין שום שאָטען ניט. וואָס ווייטער איהר וועט געהן פון עקוואַטאָר אַלץ אַ גרעסערער ווינקעל וועט זיין צווישען דעם שטראַהל און דעם שטעקען, און אַלץ אַ לענגערער שאָטען וועט פאַלען פון דעם שטעקען.



די ערד

אָט פון דעם האָט עראַטאָסטהען אויסגערעכענט דיא גרויס פון דעם ווינקעל, וועלכער וואָלט געווען צווישען דעם אַלעקסאַנדריער שטעקען און דעם אַססואַנער שטעקען, ווען זיי וואָלטען פאָרטגעזעצט געוואָרען ביז צו דעם סאַמע צענטער פון דעם ערד־קוגעל. ער האָט דאָס געטהאָן מיט אַ גאַנץ איינפאַכען חשבון, וועלכען עס וואָלט לייכט געקענט פערשטעהן יעדער אינגעל וואָס האָט געלערענט געאָמעטריע בלויז עטליכע מאָנאַט.

## דיא „ברייט“ און דיא „לײנג“ פון דער ערד.

### עקוואַטאָר. — נאָרד־פּאָל און זיד־פּאָל. — מזרח, מערב, צפון, דרום. — מערידיאַנען און פּאַראַלעלען.

ווען עס האַנדעלט זיך אום אַ קיילעכדיגע זאַך וויא אַ קנויל, האָט קיין זינן ניט צו ריידען וועגען „ברייט“ און „לײנג“. אַזאַ זאַך האָט ניט קיין ברעגעס, קיין אָנהויב און קיין ענד. וואו איהר ווילט, איז איהר ברייט און וואו איהר ווילט, איז איהר לײנג.

דיא ערד איז קיילעכדיג וויא אַ קנויל, און דאָך ווערט פיעל גערעדט וועגען איהר „לײנג“ און „ברייט“. וויא זשע קומט עס?

לאָמיר דאָ ערקלעהרען וואָס מען מיינט מיט דעם.

דער עיקר איז דערביי דאָס, וואָס דיא ערד האַלט זיך שטענדיג אין דרעהען אַרום זיך. פון דיעזער בעוועגונג איהרער שטאַמט דאָס דער בעגריף וועגען איהרע צוויי „ברעגעס“ און וועגען איהר „ברייט“ און „לײנג“.

נעהמט אַן אַפּעלסין צווישען צוויי פינגער — איין פינגער פון אויבען און איינעם פון אונטען — און מיט דער אַנדערער האַנד דרעהט איהם וויא אַ דריידעל. דאָ וואו איהר האַלט אייערע צוויי פינגער, וועלען דאַן זיין דיא ברעגעס פון דעם אַפּעלסין׳ס בעוועגונג, פון זיין דרעהען זיך.

ווען איהר וועט דעם אַפּעלסין מיט דיא צוויי פינגער אָננעהמען אין אַנדערע צוויי ערטער, און דאַן איהם דרעהען, וועלען יענע צוויי פּונקטען זיין דיא ברעגעס פון זיין בעוועגונג; אָבער אויב איהר וועט איהם אימער האַלטען אויף דעם זעלבען אופן און אַזוי דרעהען, וועלען דיא ברעגעס פון זיין בעוועגונג זיין שטענדיגע, בעשטימטע ברעגעס.

דעם ערד־קוגעל האַלט קיינער ניט צו. ער הענגט אין דער לופטען. אָבער אַזוי הענגענדיג דרעהט ער זיך וויא אַ דריידעל. ער דרעהט זיך אימער אויף דעם זעלבען שטייגער; זיין דרעהען זיך האָט אַלזאָ צוויי בעשטימטע ברעגעס.

אָט דיעזע צוויי ברעגעס פון דער ערד׳ס דריידעל־בעוועגונג רופט מען פּאָלען. אייגענטליך זיינען זיי אַלזאָ די ברעגעס ניט פון דער ערד, נור פון איהר בעוועגונג, נור מען בעטראַכט זיי שוין אַזוי וויא זיי וואָלטען געווען צוויי עקען פון דער וועלט.

שטעלט זיך פאָר, אַז איהר שטעקט דורך אַ דראָט דורך דעם גאַנצען ערד־קוגעל פון איין פאָל ביז דעם אַנדערען. דאַן וואָלט אויסגעקומען אַז דער ערד־קוגעל דרעהט זיך אַרום דיעזען דראָט, וויא אַ ראָד דרעהט זיך אַרום איהר אַקס. אַזאַ דראָט אָדער פּאַס שטעלט מען זיך טאַקע פאָר, און מען רופט דאָס טאַקע ד ע ם ע ר ד ־ ק ו ג ע ל ׳ ס אַ ק ס. דיא פּאָלען זיינען אַלזאָ דיא צוויי ברעגעס פון דיעזער אַקס.

ווען איהר זאָלט אָפּמעסטען פון איין פּאָל צום אַנדערען און פּונקט אין מיטען צווישען זיי זאָלט איהר מאַכען אַ פּאַס אַרום און אַרום דעם ערד־קוגעל, וועט דיעזער פּאַס אָדער רייף דעם ערד־קוגעל צוטהיילען אויף צוויי גלייכע העלפטן. אַזאַ פּאַס רופט מען עקוואַטאָר (פון אַ לאַטיינישען וואָרט, וועלכער בעדייט „גלייך“).

לאָמיר זיך אויף אַ ווײלע אומקעהרען צו אונזער אַפּעלסין. זיינע צוויי פּאָלען (דאָס הייסט דיא ערטער, וואו מיר וועלען האַלטען דיא צוויי פינגער) לאָמיר בעצייכענען מיט שוואַרצע פּינטעלעך. אַרום און ארום דעם אַפּעלסין אין רעכטען מיטען צווישען די פּאָלען לאָמיר מאַכען אַ פּאַס,—זיין עקוואַטאָר. דאַן לאָמיר אויפ׳ן אַפּעלסין אין פערשיעדענע ערטער מאַכען פּינטעלעך מיט בלאָע טינט, צום ביישפּיעל. איצט לאָמיר איהם אַריינגעהמען צווישען צוויי פינגער — איין פינגער אויף איין פּאָל, און דעם אַנדערען פינגער אויף דעם אַנדערען פּאָל — און איהם דרעהען וויא פריהער.

בעטראַכט איצט דיא בלאָע פּינטעלעך. איהר וועט זעהן, אַז וואָס נעהנטער אַ בלאָער פּינטעלע ליעגט צום עקוואַטאָר, אַלץ אַ גרעסערע שטיק וועט איהם אויסקומען זיך צו דרעהען אין דער לופטען; און וואָס ווייטער פון עקוואַטאָר — אַלץ אַ קלענערע שטיק וועט איהם אויסקומען זיך צו דרעהען; און אַזוי כסדר: וואָס נעהנטער דער פּינטעלע איז צום פּאָל אַלץ אַ קלענערע שטיקעל וועט ער זיך דרעהען, ביז׳ מיר קומען צו צום שוואַרצען פּינטעלע פון דעם פּאָל. דיעזער פּינטעלע וועט זיך ג אָ ר נ י ט ד ר ע ה ע ן.

רוקט דורך אַ דראָט דורך דעם אַפּעלסין פון פּאָל צו פּאָל און דרעהט דעם אַפּעלסין אַרום דיעזען „אַקס“, וועלען דיא שפּיצען פון דעם אַקס בלייבען רוהיג, וואָרים דער גאַנצער אַקס איז דאָך רוהיג. דער אַפּעלסין בעוועגט זיך אַרום איהם, אָבער ער אַליין בעוועגט זיך ניט.

דאָס זעלבע איז מיט דיא פּאָלען פון דעם ערד־קוגעל. זיי זיינען דיא שפּיצען פון זיין אַקס. זיי בעוועגען זיך ניט.

אָט דיעזע צוויי פּינטעלעך, וועלכע בעוועגען זיך ניט, ווערענד דיא גאַנצע

ערד האַלט זיך שטענדיג אין איין דרעהען, זיינען דאָס דיא צוויי ברעגעס פון דער ערד, — איהרע צוויי פּאָלען, — דיא שפּיצען פון איהר אַקס.

דיא זייט, וואו דיא זונן געהט אויף רופט מען מ ז ר ח (פון דעם וואָרט „זרח" — שיינען); דיא זייט וואו זיא געהט אונטער רופט מען מ ע ר ב (אונטערגאַנג). דיא אַנדערע צוויי זייטען רופט מען צ פ ו ן און ד ר ו ם. דער ערד־קוגעל דרעהט זיך פון מערב צו מזרח. אַלזאָ געפינען זיך דיא צוויי פּאָלען — איינער אין צפון און איינער אין דרום.

ווען איהר וועט אַוועקשטעלען אַ שטעקען ווערטיקאַל (זעה דעם וואָרט „ווערטיקאַל" אויבען, זייטעל 636) אום 12 אוהר ביי־טאָג, וועט זיין שאָטען פּאַלען פּונקט צו צפון זייט. דער פערקעהרטער זייט וועט זיין דרום*).

ווען פון פערשיעדענע ערטער אויף דער ערד זאָלען מענשען זיך אַוועק־לאָזען געהן צו צפון צו, און אַזוי געהן און געהן אַלץ צו צפון, וועלען זיי ענדליך אַלע זיך צוזאַמענקומען ביים נאָרד־פּאָל. ווען זיי זאָלען אַלע געהן צו דרום, וועלען זיי זיך צוזאַמענטרעפען ביי׳ן זיד־פּאָל.

ווען אין פערשיעדענע ערטער זאָל מען אום 12 אוהר אַוועקשטעלען שטע־קענס ווערטיקאַל און זייערע שאָטענס זאָל מען פאָרטזעצען ווייטער און ווייטער, וועלען זיי זיך ענדליך צוזאַמענטרעפען אין איין פּינטעלע. דיעזע פּינטעלע איז דער נאָרד־פּאָל. פּונקט פון דער אַנדערער זייט ערד־קוגעל וועט זיין דער זיד־פּאָל.

שטעלט זיך פאָר, אַז איהר ציהט אַ פּאַס אַרום און אַרום דעם ערד־קוגעל דורך דיא פּאָלען, אַזאַ פּאַס הייסט מ ע ר י ד י אַ ן. ער וועט אויך דעם ערד־קוגעל צוטהיילען אויף צוויי גלייכע טהיילען, וויא דער עקוואַטאָר; נור דער עקוואַטאָר צוטהיילט איהם אויף אַ צפון׳דיגען ה ע מ י ס פ ע ר („האַלב־קוגעל") און אַ דרום׳דיגען העמיספער, וועהרענד אַ מערידיאַן צוטהיילט איהם אויף אַ מזרח׳דיגען העמיספער און אַ מערב׳דיגען העמיספער.

אַן עקוואַטאָר איז פאַראַן נור איינער; וואָרים זיין אָרט איז דאָך בעשטימט: ער געהט פּונקט אין מיטען צווישען דיא פּאָלען. מערידיאַנען אָבער קענט איהר ציהען וויפיעל איהר ווילט. אין יעדען פּונקט קען מען ציהען אַ פּאַס אַרום און אַרום דעם ערד־קוגעל. אַבי ער געהט נור דורך די

*) אויף אַ לאַנד־קאַרטע איז פון אויבען צפון, פון אונטען דרום, פון רעכטער האַנד — מזרח, פון לינקער האַנד — מערב.

צוויי פּאָלען, — איז ער אַ מערידיאַן. ציהט מערידיאַנען אין פערשיעדענע פּלעצער וועלען זיי אַלזאָ אַלע זיך איבערקרייצען אין דיא פּאָלען.




מערידיאַנען.

דער עקוואַטאָר געהט אַרום דעם ערד־קוגעל וויא אַ רייף וואָס זיצט אין רעכטען מיטען פון אַ פאַס (אַ „באַררעל"). שטעלט זיך פאָר, אַז עס זיצען נאָך אזעלכע „רייפען" ארום דעם ערד־קוגעל. אַזעלכע רייפען רופט מען פּאַראַלעלען. ווען מען זאָגט אויף צוויי שטריכען אַז זיי געהען פּאַראַלעל, מיינט מען מיט דעם, אז זיי זיינען אומעטום פונקט אויף דער זעלבער ווייטקייט איינער פון דעם אַנדערען. אזעלכע צוויי שטריכען אָדער פּאַסען קענען זיך קיין מאָל ניט צוזאַמענטרעפען, איהר מעגט זיי ציהען ווי ווייט איהר ווילט. מאַכט אָבער צוויי פּאַסען בלויז אויף אַ האָרעלע פון איין זייט נעהנטער וויא פון אַנדערען זייט, און ציהט זיי ווייטער און ווייטער, פון דעם שמעלערען זייט, וועלען זיי זיך פריהער—שפּעטער בעגעגענען. די רייפען פון אַ פאַס געהען געוועהנליך פּאַראַלעל. אויף אַן עהנליכען אַרט שטעלט מען

זיך פאַר דיא פּאַסען וואָס געהען אַרום דעם ערד־קוגעל אויף דעם זעלבען שטייגער וויא דער עקוואַטאָר. דעריבער רופט מען זיי פּאַראַלעלען אָדער פּאַראַלעל־רינגען.




פּאַראַלעלען.

בעטראַכט אָבער דיעזע פּאַראַלעלען. וואָס ווייטער זיי זיינען פון דעם עקוואַטאָר, אַלץ קלענער זיינען זיי — אַלץ שמעלער איז דער ערד־קוגעל, ביז ענדליך, ווען איהר קומט צו צום נאָרד־פּאָל אָדער צום זיד־פּאָל, איז דער פּאַראַלעל־רינג אזוי קליין, אַז ער איז ניט מעהר וויא אַ פּינטעלע. דאָס איז דער פּאָל גופא. דער עקוואַטאָר איז דער גרעסטער פּאַראַלעל־רינג.

אַלע מערידיאַנען זיינען אַלזאָ גלייך, ווייל יעדע פון זיי געהט דורך דורך דיא פּאָלען און צוטהיילט דעם ערד־קוגעל אויף העלפט; דיא פּאַראַלעלען אָבער זיינען ניט גלייך: וואָס ווייטער פון עקוואַטאָר אַלץ קלענער ווערען זיי.

אויבען (זייטעל 640) האָבען מיר געזעהן, וויא מען צוטהיילט אַ רינג אויף 360 גראַד. דער עקוואַטאָר, די פּאַראַלעלען און די מערידיאַנען זיינען

רינגען, וואָרים זיי געהען דאָך אַרום און אַרום דעם ערד־קוגעל; אַלזאָ צוטהיילט מען זיי אויך אויף 360 גראַדען.

אַ גראַד פון דעם עקוואַטאָר האַלט עטוואָס מעהר וויא 69 ענגלישע מייל. ווען איהר וועט דעם עקוואַטאָר אזוי צוטהיילען און אָבצייכענען און דורך יעדען גראַד־צייכען וועט איהר דורכציהען אַ מערידיאַן, וועלען דורכ'ן גאַנצען עקוואַטאָר דורכגעהן 360 מערידיאַנען; דורך אַ האַלבען עקוואַטאָר וועלען דורכגעהן 180 מערידיאַנען.

יעדער גראַד ווערט צוטהיילט אויף 60 מינוט און יעדע מינוט אויף 60 סעקונדען.

דיא פּאַראַלעל־„רייפען" קען מען לייכט נומערירען, וואָרים זיי קען מען דאָך צעהלען פון דעם עקוואַטאָר. דער עקוואַטאָר איז דער גרעסטער פּאַראַלעל־„רייף", און אזוי וויא זיין פּלאַץ איז אַ בעשטימטער, קען מען דיא פּאַראַלעלען רעכענען נאָך איהם נאָך. דער ערשטער פּאַראַלעל איז דער וואָס געפינט זיך איין גראַד פון דער עקוואַטאָר, דער צווייטער איז דער וואָס געהט צוויי גראַד פון עקוואַטאָר א. ז. וו. אויב דאָס איז דער 5־טער פּאַראַלעל צו צפון־זייט פון עקוואַטאָר, צום ביישפּיעל, רופט מען דאָס דער 5־טער צפון־דיגער פּאַראַלעל; אויב דאָס איז דער 12־טער פּאַראַלעל צו דרום פון עקוואַטאָר, רופט מען דאָס 12־טער דרום'דיגער פּאַראַלעל א. ז. וו.

וויא איז אָבער מיט דיא מערידיאַנען? וויא נומערירט מען זיי? פון וואַנען פאַנגט מען זיי אָן צו צעהלען?

מען נעהמט אַ געוויסען מערידיאַן און מען מאַכט אָב, אַז דאָס זאָל זיין דער ערשטער מערידיאַן, און פון איהם צעהלט מען שוין דיא אַנדערע: דער נעכסטער איז דער 2־טער מערידיאַן, דער נעכסטער צום 2־טען איז דער 3־טער א. ז. וו.

דיא אַלטע גריכען, וועלכע האָבען דיזע סיסטעם אויסגעקלערט, האָבען דעם ערשטען מערידיאַן געצויגען דורך דעם אינזעל פערראָ לעבען אַפריקאַ. דאָס איז געווען דיא ווייטסטע שטיקעל יבשה פון וועלכע מען האָט דאַן (און ביז קאָלומבוס'עס צייט) געוואוסט צו מערב צו. דאָס איז געווען בעטראַכט אַלס דער ווייטסטער אָרט, וואו מענשען קענען וואוינען. און אַזוי איז דאָס פערבליעבען ביז דאָ ניט לאַנג. אפילו היינט איז נאָך אין איניגע לענדער אָנגענומען צו ציהען דעם ערשטען מערידיאַן דורך פערראָ, דאָס רוב לענדער אָבער ציהען איהם דורך גריניטש, לעבען לאָנדאָן, וואו עס געפינט זיך אַ בעריהמטע אַסטראָנאָמישע אָבסערוואַטאָריע (בעאָבאַכטונגס־טהורם).

פון איין „ברעג“ ערד־קוגעל צו דעם אַנדערען „ברעג“, דאָס הייסט פון נאָרד־פּאָל צום זיד־פּאָל, רופט מען די ב ר י י ט פון דעם ערד־קוגעל. אַז איהר וועט דעם ערד־קוגעל מעסטען פון מערב צו מזרח, וועט דאָס הייסען זיין ל ע נ ג. אַזוי האָט מען אָבגעמאַכט דאָס צו רופען.

דעם גאַנצען גלאָבוס (דעם באלל, וועלכער שטעלט פאָר דעם ערד־קוגעל) ליניעט מען אָב מיט מערידיאַנען און פּאַראַלעלען ווי א אַ נעץ אָדער אַ „סיעטקע“. יעדער מערידיאַן און יעדר פּאַראַלעל האָט זיך זיין נומער. און ווען מען וויל בעשטימען, וואו אַ געוויסער פּלאַץ געפינט זיך, דאַרף מען נור




די א מערידיאַנען מיט די א פּאַראַלעלען.

זאָגען אויף וועלכען מערידיאַן און אויף וועלכען פּאַראַלעל ער ליעגט. די א מערידיאַנען רופט מען „ברייט־גראַדען“, ווייל זייערע נומערען ווייזען די א „ברייט“, און די פּאַראַלעלען רופט מען „לענג־גראַדען“ ווייל זייערע־נומערען ווייזען די א „לענג“. וואַשינגטאָן, צום ביישפּיעל, ליעגט אויף דעם 89טען

גראַד צפון'דיגער ברייט און אויף דעם 77טען גראַד מערב'דיגער לענג.

דיעזע נעמען שטאַמען נאָך פון דיא אַלטע גריכען, וועלכע האָבען דיא סיסטעם פון מערידיאַנען און פּאַראַלעלען איינגעפיהרט. זיי האָבען הויפּט־זעכליך געהאַט צו טהון מיט דיא שטעדט, וואָס ליעגען ביים מיטעללענדישען ים. פון מזרח צו מערב האַלט דיעזער ים פיעל מעהר וויא פון צפון צו דרום. פון מזרח צו מערב איז אַלזאָ זיין לענג און פון צפון צו דרום — זיין ברייט. דיא מערידיאַנען שניידען איהם דורך אין דער ברייט — דעריבער האָבען דיא גריכישע געלעהרטע זיי גערופען „ברייט־פּאַסען“; דיא פּאַראַלע־לען געהען איבער איהם אין דער לענג — דעריבער האָבען זיי זיי גערופען „לענג־פּאַסען“.

ווען מען רעדט וועגען דעם גאַנצען עד־קוגעל, האָבען די ווערטער „ברייט“ און „לענג“ טאַקי ניט קיין זין. מען ברויכט זיי אבער אַלץ וויא פאַרצייטען. מיט דיא „ברייט“ מיינט מען דיא מאָס פון צפון צו דרום, און מיט דיא „לענג“ דיא מאָס פון מזרח צו מערב.

פון דיא פריהערדיגע (זייטעל 641) קען מען זיך פאָרשטעלען, ווי אַזוי מען קען אויסרעכענען, אויף וועלכען פּאַראַלעל אַ שיף געפינט זיך, נאָך דיא הויך פון דיא שטערען. דעם מערידיאַן, וויעדער, קען מען אויסגעפינען אויף אזא אופן:

לאָמיר זאָגען, אַז אַ שיף פאָהרט אַרויס פון סאַן־פראַנציסקאָ נאָך יאַפּאַן. דער קאַפּיטאַן נעהמט מיט אַ זייגער, וועלכער איז אָנגעשטעלט נאָך דער סאַן־פראַנציסקאָ'ר צייט; און אַזוי האַלט ער איהם שטענדיג, ניט איבער־רוקענדיג דיא ווייזערס. ער האָט אָבער ביי זיך נאָך אַ זייגער, וועלכען ער שטעלט איבער אומעטום נאָך דער זון נאָך. ווען די זון געפינט זיך אויף איהר העכסטען פונקט אויפ'ן הימעל, הייסט עס, אַז דאָרטען איז אויך פונקט מיטאָג — 12 אוהר. אַזוי שטעלט דער קאַפּיטאַן דאָרטען אָן זיין צווייטען זייגער. ווען ער פאָהרט ווייטער, ווערט דיא מיטאָג־שטונדע שפּעטער — שטעלט ער וויעדער איבער זיין זייגער. אלזאָ, אום אויסצוגעפינען, וואו ער געפינט זיך, דאָס הייסט, וויפיעל מערידיאַנען ווייט ער איז פון סאַן־פראַנציסקאָ, דאַרף ער פערגלייכען זיין סאַן־פראַנציסקער זייגער מיט דעם צווייטען, אויף יעדען גראַד וועט דער אונטערשיעד צווישען דיא זייגערס זיין 4 מינוט. (דער גאַנצער ערד־קוגעל האָט אַרום זיך 360 מערידיאַנען, דאָס הייסט 360 גראַד. דאָס אַלעס דרעהט זיך אַרום אין 24 שטונדען. אלזאָ קומט אויס, אַז איידער עס דרעהט זיך אַוועק אַ גראַד געדויערט עס 4 מינוט).

## „גאַרטלען“ — וואַרימערע און קעלטערע געגענדען.

פון די פריהערדיגע פון דיעזער ביילאַגע (זעה זייטעל 644) ווייסען מיר שוין אַז ביים עקוואַטאָר קומען דיא זונען־שטראַהלען צו דער ערד צו גלייך, און אַז וויימ צו צפון אָדער צו דרום קומען זיי צו אין דער קרים, אַזוי וויא אַ זאַך וואָס געהט אַרויף־באַרג, אָדער אַראָב־באַרג. וואַרום? ווייל צוליעב דיא קיילעכדיגקייט פון דער ערד, קומט זיא דאָרטען אויס אָבגעבויגען פון דער זון. אויף אונזער צייכנונג (זייטעל 644) האָבען מיר געזעהן, אַז וואָס ווייטער אַ פּלאַץ איז פון עקיואַטאָר, אַלץ אַ גרעכערער ווינקעל וועט דאָרט זיין צווישען אַ ווערטיקאַלען שטעקען און דעם זון־שטראַהל, — דאָס הייסט, אַז אַלץ קרימער פאַלט דאָרט דער זון־שטראַהל (און אַלץ לענגער וועט דאָרטען דעריבער זיין דער שאָטען). זאָל דער לעזער האָבען אין זינען, אַז דער שטראַהל געהט אייגענטליך אומעטום גלייך, נור דיא ערד איז ביי דיא פּאָלען אָבגעבויגען פון איהם; דיא ערד געהט דאָרטען „קרום“. דער שטראַהל קומט דעריבער צו „קרום“ — „אַרויף־באַרג“, אָדער „אַראָפּ־באַרג“.

ווען דיא שטראַהלען פאַלען גלייך אויף אַ געוויסען אָרט, וואַרימען זיי און לייכטען שטאַרקער; ווען זיי פאַלען קרום, וואַרימען זיי און לייכטען שוואַכער. וואָס קרימער זיי פאַלען אַלץ שוואכער איז זייער ווירקונג.

פּרופּט זיך קלאַפּען מיט'ן פינגער אין האַרצען. ווען איהר האַלט דעם פינגער גלייך צום האַרצען צו, וועט איהר דעם זעץ פיהלען שטאַרק; האַלט איהר דעם פינגער אין דער קרים, וועט ער זיך גליטשען איבער אייער ברוסט, און עס וועט אייך ניט וועה טהאָן. דאָס זעלבע איז מיט דיא שטראַהלען פון דער זון. ווען זיי פאַלען אויף דער ערד גלייך, איז זייער ווירקונג אַ שטאַרקערע; ווען זיי פאַלען אויף איהר אין דער קרים, ווען זיי גליטשען זיך איבער איהר, איז זייער ווירקונג אַ שוואַכערע. (נאַטירליך, דאָס איז ניט מעהר וויא אַ משל. שטראַהלען שלאָגען ניט וויא אַ פינגער).

אַ חוץ דעם: ווען זיי פאַלען קרום ווערט זייער וואַרימקייט און ליכט צושפּרייט, צוזייעט; פאַלען זיי גלייך, ווערט זייער וואַרימקייט און ליכט קאָנצענטרירט, צוזאַמענגענומען. אויף דער נעכסטער צייכנונג קען מען זעהן וויא דאָס איז. בעטראַכט דעם פּאַס ליכט, וואָס געהט פון דער זון צום עקוואַ־טאָר, און בעטראַכט פונקט אַזאַ פּאַס ליכט, וואָס ציהט זיך צו אַ פונקט ערגעץ־וואו ביים פּאָל. דיא צוויי פּאַסען ליכט האָבען דיזעלבע ברייט, און פון דער

זון צו דער ערד געהען זיי אויך אויפ'ן זעלבען שטייגער. און דאַך, דער פּאַס, וואָס געהט צום עקוואַטאָר פערנעהמט אויפ'ן עקוואַטאָר אַ פיעל קלענערען




פּלאַץ וויא דער צווייטער פּאַס פערנעהמט לעבען פּאָל. (אונטען אויף דער צייכנונג ווערט מיט צוויי פּאַסקלעך אָנגעוויזען וויא פיעל דאָס פערנעהמט ביים עקוואַטאָר און וויא פיעל דאָס פערנעהמט נעבען דעם פּאָל.)

עס קומט אַלזאָ אויס, אַז דיא זעלבע מאָס ליכט און וואַרימקייט איז ביי דעם פּאָל פערשפּרייט אויף אַ גרעסערען פּלאַץ וויא ביים עקוואַטאָר. עס איז אַזוי וויא מען וואָלט גענומען צוויי לאָמפּען אָדער אויוועגס פון דער זעלבער גרויס און איינעם וואָלט מען אריינגעשטעלט אין אַ קליינעם צימער און דעם אַנדערען אין אַ גרויסען.

נאָך אַ פּונקט: איידער דיא שטראַהלען קומען צו צו דער ערד, מוזען זיי נאַטירליך דורכגעהן דיא לופט, וואָס רינגעלט ארום דיא ערד. דערביי פערליערען זיי אַביסעל פון זייער וואַרימקייט אין דער לופט. וואָס מעהר לופט זיי דאַרפען דורכגעהן, אַלץ מעהר וואַרימקייט פערליערען זיי; עס פערשטעהט זיך, אַז ווען זיי קומען צו דער ערד צו קרום, געהען זיי דורך מעהר לופט, און דעריבער פערליערען זיי מעהר וואַרימקייט. צום עקוואַטאָר קומען זיי צו גלייך — פערליערען זיי ווייניגער וואַרימקייט; וואָס

ווייטער פון עקוואַטאָר און נעהנטער צו דיא פּאָלען, איז דאָך דיא ערד אַלץ מעהר אָבגעבויגען, דעריבער קומט זיי אויס דורכצוגעהן מעהר לופט — פערליערען זיי מעהר וואַרימקייט.

דיא אונטערשטע שורה איז אַלזאָ, אַז ביי דיא פּאָלען זיינען פאַראַן וועניגער שטראַהלען, און דיא ביסעל שטראַהלען וואָס קומען צו אַהין, זיינען אויך שוואַכער.

וואָס פאַר אַן אונטערשיעד עס איז צווישען גלייכע שטראַהלען און קרומע שטראַהלען האָבען מיר אייגענטליך אַ ביישפּיעל יעדען טאָג אויף דעם זעלבען פּלאַץ. מיר דאַרפען גאָר ניט אַוועקפאָהרען צום עקוואַטאָר און צו די פּאָלען. אום 12 אוהר בייטאָג איז אונזער שטאדט אָם נעהנטסטען צו דער זון. דאַן פאַלען איהרע שטראַהלען ביי אונז אַם גלייכסטען (און דער שאָטען איז דאַן דעריבער אַם קירצסטען). וואָס שפּעטער עס ווערט נאָך מיטאָג, אַלץ ווייטער דרעהט זיך דער פּלאַץ אַוועק פון דער זון, אַלץ קרימער לעגען זיך דיא שטראַהלען, אַלץ לענגער איז דער שאָטען, אַלץ קיהלער און דונקעלער ווערט. דיא זעלבע שטיקעל זונען־שיין איז צושפּרייט אויף אַלץ אַ גרעסערען שטח. און אַזוי געהט עס ביז עס ווערט גאָר דונקעל און קיהל — עס ווערט נאַכט. אַזוי וויא ביי נאַכט איז פינסטער, אַזוי וואָלט דאַן אויך געווען אַבסאָלוט קאַלט; נור דיא וואַרימקייט פערבלייבט נאָך אַ היבשע צייט פון ביי־טאָג, פּונקט ווי אַן אָנגעברענטע זאַך בלייבט הייס אַ געוויסע צייט נאָך דעם, וויא מען נעהמט איהר אַרויס פון פייער.

ווען דיא זון שיינט אַריין אין אייער צימער דורכ'ן פענסטער, וואַרימען דיא שטראַהלען אייניגע זאַכען אָן — אַ שטוהל, צום ביישפּיעל. מאַכט צו דיא לאָדען, ווערט אויפ'ן שטעל פינסטער. דער שטוהל וועט אָבער אַ געוויסע צייט נאָך בלייבען וואַרים. דאָס זעלבע איז מיט דער ערד אין אַ זומער־נאַכט: דיא זונען־ליכט איז שוין לאַנג פערשוואונדען, דיא זונען־וואַרימקייט האַלט זיך אָבער נאָך.

מיר זעהען אַלזאָ, אַז אין דער זעלבער שטאדט ניו יאָרק, למשל, האָבען מיר יעדען טאָג גלייכערע שטראַהלען און קרימערע שטראַהלען, — אַ „געדיכטע" וואַרימקייט און שיין און אַ „צושפּרייטע". דאָס אַלץ קומט אָבער אַרויס פון דעם, וואָס דער ערד־קוגעל דרעהט זיך ארום זיך אַליין פון מערב צו מזרח. אַזוי וויא אַ פאַלשטענדיגע בעוועגונג אַזעלכע, אַרום און אַרום, מאַכט ער דורך יעדע 24 שטונדען, ווערען מיר יעדע 24 שטונדען האָבען טאָג און נאַכט, גלייכערע שטראַהלען, קרימערע, נאָך קרימערע א. ז. וו.

פון צפון צו דרום דרעהט זיך אָבער דער ערד־קוגעל ניט. מיט אַנדערע ווערטער: ניו יאָרק'ס אָבגעבויגענקייט פון דער זון צו מערב צו ענדערט זיך אַלע מעת־לעת. זיא ווערט אַלץ ווענינער אָבגעבויגען פאַר מיטאָג און אַלץ מעהר אָבגעבויגען נאָך מיטאָג. אַ קנויל געהט אָבער געבויגען אין אַלע זייטען. היינט וויא איז מיט דעם, וואָס ניו יאָרק איז אָבגעבויגען פון דער זון צו צפון?

דער אַנטוואָרט איז, אַז דער צפון און דער דרום פון דעם ערד־קוגעל ענדערן זיך אויך אין זייער ווייטקייט פון דער זון, אָבער דורך אַ גאַנץ אַנדערע אורזאַכע. דאָס איז אַן אורזאַכע, פון וועלכע עס שטאַמט דער אונטער־שיעד צווישען זומער, ווינטער, פריהלינג און הערבסט, אבער דאָס איז ניט שייך צו אונזער ענין. אבער נעהמט דעם זומער צום ביישפּיעל. ווארום איז ער הייסער, לאָמיר אָנכאַפּען, אין ניו יאָרק וויא אין קענעדע? וויל ניו יאָרק איז נעהנטער צום עקוואַטאָר. און ווארום זיינען דיא ניו יאָרקער ווינטערס ניט אזוי קאַלט וויא אין קענעדע אָדער אין רוסלאנד? צוליעב דיא זעלבע אורזאַכע.

מכח דיא וואַרימקייט פון דיא פערשיעדענע פּלעצער צוטהיילט מען דעם ערד־קוגעל, אין סך הכל, אויף פינף טהיילען, וועלכע מען רופט גאַרטלען אָדער זאָנען.

דער מיטעלסטער גאַרטעל פוןביידע זייטען עקוואַטאָר איז דער הייסער. דיא ערטער לעבען דיא פּאָלען זיינען דיא קאַלטע. צווישען יעדען קאַלטען גאַרטעל און דעם הייסען ליעגט אַ מיטעלמעסיגער. מיר האָבען אַלזאָ: 1) אַ צפון'דיגען קאַלטען גאַרטעל, 2) אַ צפון'דיגען מיטעלמעסיגען גאַרטעל, 3) אַ הייסען גאַרטעל, 4) אַ דרום'דיגען מיטעלמעסיגען גאַרטעל און 5) אַ דרום'דיגען קאַלטען גאַרטעל.

מען מעסט אָפּ 23½ גראַד פון איין זייט עקוואַטאָר און מען ציהט דאָרטען אַ פּאַראַלעל רינג; מען מעסט אָפּ 23½ גראַד פון דער אַנדערער זייט עקוואַטאָר און דאָרטען ציהט מען אויך אַ פּאַראַלעל רינג. יעדער פון דיעזע צוויי פּאַראַלעל רינגען הייסט טראָפּיק. אָט דיא שטרעקע צווישען דיא צוויי טראָפּיקען, — 47 גראַד (אונגעפעהר 3250 ענגלישע מייל אין דער ברייט אַרום און אַרום דעם ערד־קוגעל) — איז דער הייסער גאַר־טעל, אָדער דער טראָפּישער געגענד.

ווייטער: מען מעסט אָפּ 23½ גראַד פון יעדען פּאָל און דאָרטען ציהט מען אַרום ערד־קוגעל אַ פּאַראַלעל רינג, וועלכען מען רופט פּאָלאַרער

ר י נ ג. פון דעם פּאָל ביז דעם נעכסטען פּאָלאַרען רינג איז אַ ק אַ ל ט ע ר ג אַ ר ט ע ל. פון דעם פּאָלאַרען רינג ביז דעם נעכסטען טראָפּיק איז אַ מיטעלמעסיגער גאַרטעל.

וואַרום מען מעסט אָפּ גראָד צו 23½ גראַד — וואָלט פערנומען צו פיעל פּלאַץ צו ערקלעהרען.




דער קלימאַט פון אַ פּלאַץ ווענדעט זיך אויך אָן געוויסע אומשטענדען, וועלכע ווענדען זיך אָן דיא ימים, דיא בערג און געוויסע אנדערע זאַכען. דאָס אַלעס זיינען אָבער איינצעלהייטען, וועלכע קענען דאָ ניט בעשפּראָכען ווערען.

# לאַנד און וואַסער.

דיא אויסערליכע זייט פון דעם ערד־קוגעל, זיין „אָבערפלעכע“ בעשטעהט פון לאַנד און וואַסער. וואַסער איז פאַראַן אַ סך מעהר וויא לאַנד — נאָהענט פון דריי מאָל אַזוי פיעל. פינקטליכער גערעדט: בלויז 28 פּראָצענט פון דער גאַנצער אָבערפלעכע פון דעם ערד־קוגעל איז יבשה; דיא איבעריגע 72 פּראָצענט בעשטעהען פון ימים.

אייגענטליך זיינען אַלע ימים איין גרויסער ים אָדער אָקעאַן, איין גרויסער שטח וואַסער, וועלכער ציהט זיך אויף טויזענדער מיילען אין אַלע זייטען און דעקט צו 72 פּראָצענט פון דעם ערד־קוגעל. אָבער אין פערשיעדענע ערטער רופט מען איהם מיט פערשיעדענע נעמען, וויא מיר וועלען באַלד ערקלערען.

לאַנד איז פאַראַן דריי גרויסע שטיקער און אַ סך קלענערע פון אַלערליי מאָסען. יעדע פון זיי איז אַרומגערינגעלט מיט וואַסער. דיא גרויסע רופט מען קאָנטינענטען, די קלענערע—אינזלען. אַ קאָנטינענט איז אַלזאָ אַ גרויסער אינזעל; אַ אינזעל, וויעדער, איז אַ קליינער קאָנטינענט.

ווען איהר גיט אַ קוק אויף אַ לאַנד־קאַרטע, זעהט איהר, אַז אין אייניגע ערטער שטעקט אַ שטיק לאַנד אַריין אין וואַסער, און אַז אין אַנדערע ערטער גיסט זיך אַ שטיק ים אַריין אין לאַנד. ווען אַ שטיק לאַנד שטעקט אַרויס אין וואַסער און זיא איז פון דיא וואַסער כמעט אַרומגערינגעלט, רופט מען דאָס ה אַ ל ב ־ א י נ ז ע ל.

מיר זאָגען „כמעט“, ווייל ווען זיא וואָלט ווירקליך געווען אַרומגערינגעלט מיט וואַסער, פון אַלע זייטען, וואָלט דאָך דאָס געווען אַ פאָלשטענדיגער אינזעל. אַ האַלב־אינזעל איז מיט איין זייט, מיט אַ שטיקעל ווענינסטענס, באַהעפט צו דעם קאָנטינענט.

האַלב־אינזלען האָבען פערשיעדענע פאָרמען. צום ביישפּיעל: דער האַלב־אינזעל ס ק אַ נ ד י נ אַ וו י ע ן, אויף וועלכען עס געפינען זיך שוועדען און נאָרוועגען, ווייזט אויס וויא אַ הונד; דער אָפּענינישער האַלב־אינזעל, אויף וועלכען עס געפינט זיך איטאַליען, איז עהנליך צו אַ שטיוועל; דער פּירענעאישער האַלב־אינזעל, אויף וועלכען עס ליעגט שפּאַניען און פּאָרטוגאַל, איז אונגעפעהר פינף־קאַנטיג.

ווען אַ קליינע שמאָלינקע שטיקעלע לאַנד שטעקט אַרויס אין ים און זיא איז הויך, מיט בערג אָדער פעלזען, רופט מען דאָס קאפּ.

דיא וואַסער ווערט צוטהיילט אויף עטליכע גרויסע שטיקער אָדער אָקעאַנען, און אויף פיעלע קלענערע שטיקער, וועלכע הייסען ימים, ים־בוזימס און בייען.

אַ ים איז איינפאַך אַ שטיקעל אָקעאַן, וועלכער געפינט זיך נאָהענט צו דער יבשה. ווען דיא שטיקעל אָקעאַן גיסט זיך אַריין אין דער יבשה הייסט דאָס ים־בוזים (אָדער גאָלף). אבער אָפט רופט מען דאָס איינפאַך ים. אַ מאָל גיט מען דאָס אַזוי אַ נאָמען, אַ מאָל אַזוי. צום ביישפּיעל פוןביידע זייטען אַראַביען (אַזיען), גיסט זיך דיא וואַסער ווייט אַריין אין דעם קאָנ־טינענט; פון ביידע זייטען איז דיעזע וואַסער שמאָל, וויא אַ צונג, דאָך רופט מען איינעם פון דיעזע צוויי — ים־בוזים (דער פּערסישער ים־בוזים) און דעם אַנדערען, פון דער צווייטער זייט — ים (דער רויטער ים אָדער ים־סוף).

אַ ביי אָדער אַ בוכטע איז איינפאַך אַ קליינער ים־בוזים. ווען זיא איז טיעף און אַ שיף קען אין איהר שווימען, ווערט זיא געברויכט אַלס האַפען, ווארים אַזוי וויא זיא איז קליין, קענען זיך דאָרטען ניט פאַנאַנדערלאָזען די שטורמען; אַלזאָ איז דאָס פאַר דיא שיפען אַ בעשיצונג. (ווען מען זאָגט „ניו יאָרק ביי" מיינט מען דיא שטיקעל אָקעאַן, וואָס געפינט זיך נעבען דער שטאדט ניו יאָרק אַרום דער „פריירהייטס־געטין").

אַ מאָל קומט אויס, אז צוויי ימים זיינען כמעט אָבגעטהיילט איינער פון דעם אַנדערען, נור זיי זיינען באַהעפט מיט אַ שמאָלינקען פאַסיקעל וואַסער. אַזאַ פערבינדונגס־וואַסער הייסט „מעער־איינג" אָדער „שטראַססע" זעה, צום ביישפּיעל, דיא גיבראַלטאַר שטראַססע צווישען שפּאַניען און אַפריקאַ אָדער מאַלאַקקאַ־שטראַססע צווישען דעם האַלב־אינזעל מאַלאַקקאַ און דעם אינזעל סומאַטראַ, אין אַזיען).

פערקעהרט: אַ מאָל קומט אויס, אז צוויי שטיקער לאַנד זיינען כמעט אָבגעטהיילט, נור זיי זיינען באַהעפט מיט אַ שמאָלען פאַסיק לאַנד. אַזאַ פערבינדונגס־לאַנד הייסט „העלזעל", „לאַנד־איינג" אָדער „איסטהמוס". (נאָרד אַמעריקא און זיד־אַמעריקא זיינען באַהעפט מיט דעם פאַנאַמאַ לאַנד־איינג: אפריקאַ און אַזיען — מיט דעם סועז לאַנד־איינג.)

# דיא זאַהאַראַ וויסטעניס.

דיא זאַהאַראַ איז דיא גרעסטע וויסטעניס אין דער וועלט. זיא ציהט זיך איבער אַ גרויסע שטיק אַפריקאַ, אין איהר צפון זייט, פון דעם אַטלאַנטישען אָקעאַן אַזש ביז צום רויטען ים. זיא איז אַזוי גרויס וויא גאַנץ איירָאָפּא, אָהן שוועדען־נאָרוועגען. איבער דיעזען גאַנצען שטח בלאָזען טרוקענע ווינטען, דיא ערד איז דאָרטען דעריבער מייסטענס אזוי טרוקען, אַז זעלטען וואו עס קען עפּעס וואַקסען — אַ ביסעל צרה'דיגע גראָז פאַר קעמלען אָדער פערד און דיא אָרימסטע שפּייז פאַר מענשען. דיא טריקענסטע ערטער זיינען דיא פלאַכע געגענדען. דאָרטען ציהען זיך אוועק טויזענדע קוואַדראַטנע מיילען פון זאַמד, קליינע שטיינדלעך, אָדער פעלזען. אויף דיא העכערע ערטער געהט רעגען, און פון דעם ווערען געשפּייזט טייכלעך, וועלכע פליעסען אַראָב־באַרג צו דיא פלאַכע לאַנד. דיא פלעצער, וואו דיא טייכלעך גיסען זיך אַרונטער, זיינען פייכט און דאָרטען קענען וואַקסען פלאַנצונגען. אַזעלכע פרוכטבאַרע ערטער, אָדער אָאַזיסען, זיינען בעזעצט מיט שטענדיגע איינוואוינער. איבער דיא וויסטערע טהיילען אבער פון דער זאַהאַראַ וואַנדערן אַרום היימלאָזע בעדואינען (וואַנדער־אַראַבען). דיעזע בעדואינען קומען צו צו אַ פלאַץ, וואו עס וואַקסט אַ ביסעל שפּייז פאַר זיי און פאַר זייערע קעמלען און פערד, פערבלייבען דאָרטען ביז זיי עסען דאָס אויף און לאָזען זיך אַוועק ווייטער. אָפט מוזען זיי פיעלע טעג אויסקומען כמעט אָהן עסענוואַרג און אָהן אַ טראָפּען וואַסער. זיי זיינען אָבער שוין צוגעוואוינט צו אַלערליי אָבקומעניסען, און זייער פרייער לעבען איז זיי ליעבער וויא דיא פיעל רייכערע נאַטור פון דיא אָאַזיסען, וואו זיי וואָלטען זיך געפונען אונטער קאָנטראָל. זיי זיינען גרויסע בריות אַלס רייטער און פלינקע יונגען איבער־הויפּט. און דיא אומשטענדען אונטער וועלכע זיי לעבען, האָבען אין זיי אויסגעאַרבייט אַ כאַראַקטער, וועלכער איז צו דיעזער נאַקעטער, האַרטער נאַטור צוגעפּאַסט.

דיא זאַמד איז אין דער זאַהאַראַ אָפט צוזאַמענגעבלאָזען אין בערג („דיונען"). אין איינציגע פלעצער ציהען זיך דיעזע זאַמד־בערג אויף פיעלע הונדערטע מייל אין דער לענג און דער ברייט. אין אַנדערע טהיילען פון דער זאַהאַראַ ציהען זיך גרויסע שטרעקעס פון שטיינדלעך אָדער פעלזען. און איבער דעם אַלעם קומט דעם בעדואין (און אָפט אויך אַנדערע אַראַבישע

רייזענדע) אוים צו רייטען אויף זייערע פלינקע פערד און אַלץ־פערט־אָגענדע קעמלען.

מיר האָבען אויבען געזאָגט, אַז דיא זאַהאַראַ איז כמעט אַזוי גרויס ווי א איירָאפּאַ. אבער וועהרענד איירָאפּאַ שפּייזט אַרום 350 מיליאָן מענשען, שפּייזט דיא זאַהאַראַ (שוין מיט אַלע איהרע אָאַזיסען) בלויז צוויי און אַ האַלב מיליאָן — אַזאַ גרויסע טהייל פון איהר איז דאָס וויסט.

דיא בעדואינען און דיא אַנדערע פעלקער, וואָס וואַנדערען היינט איבער דער זאַהאַראַ, האָבען אין דיא לעצטע עטליכע הונדערט יאָהר זיך וועניג געענדערט אין זייער אַרט לעבען און אין זייער כאַראַקטער. אונטער דיא שווערע אומשטענדען, אונטער וועלכע זיי ציהען זייער צרה'דיגע חיונה, קען מען ניט מאַכען קיין סך פאָרטשריט. אַ חוץ דעם: ויא אַזוי איז צו ערוואַרטען אַ שנעלען פּראָגרעס אין געגענדען, וואו עס זיינען פאַראַן וועניג שטענדיגע מענשליכע וואוינונגען, און וואו דיא שייכות צווישען מענשען איז אַ זעלטענע זאַך?

אָבער דיא אַראַבער פון דעם צפון ברעג פון אַפריקאַ זיינען נאָך אין קאָלומבוס'עס צייטען געווען פערהעלטניסמעסיג ענטוויקעלטע מענשען מיט פיעלע פעהיגע, ענערגישע קויפלייטע, און זיי אָדער זייערע אַגענטען פלעגען דורכשניידען דיא גרויסע וויסטעניס אום צוצוקומען צו דיא גאָלד־שטויב און העלפאַנט־ביין און אַנדערע פּראָדוקטען פון צענטראַל אַפריקאַ.

# דער קאָמפּאַס.

אַ מאַגנעט האָט אַ טבע צוצוציהען צו זיך שטאָהל, און איין מאַגנעט ציהט צו זיך צו אַן אַנדער מאַגנעט. דער ערד־קוגעל איז אין גאַנצען אַ גרויסער מאַגנעט. דיא קרעפטען פון אַ מאַגנעט זיינען אַם שטאַרקסטען ביי זיינע ברעגעס. פון איין זייט ליעגט איין זאָרט קראַפט; פון דער אַנדערער זייט אַ פערקעהרטער זאָרט קראַפט. אין רעכטען מיטען איז דער מאַגנעט נ י י ט ר א ל, דאָס הייסט ער האָט ניט דיעזע קראַפט, ניט יענע. ער האָט דאָרטען גאָר קיין מאַגנעטישע קראַפט ניט.

דיא מאַגנעטישע ברעגעס פון דעם ערד־קוגעל זיינען ניט ווייט פון זיינע פּאָלען.

ווען איהר זאָלט ארומבינדען אַ מאַגנעטישע נאָדעל אין איהר רעכטען מיטען און אזוי לאָזען פריי הענגען אין דער לופטען, וועט זי זיך מיט איין שפּיץ אַ קעהר טהאָן צו צפון, דאָס הייסט, אונגעפעהר צום נאָרד־פּאָל, ריכטיגער געזאָגט, צו דעם צפון־ברעג פון דער ערד'ס מאַגנעטישער קראַפט. ווען איהר זאָלט דיא מאַגנעטישע נאָדעל צופעסטיגען צו אַ פּראָבקע און דיא פּראָבקע לאָזען פריי ארומשווימען אין אַן עמער וואַסער, וועט זיא זיך אַ קעהר טהאָן מיט איין שפּיץ פון דער נאָדעל צו צפון צו.

דיעזע טבע פון דער מאַגנעטישער נאָדעל איז זעהר וויכטיג פאַר מאַטראָזען. ביי טאָג קען מען אויף אַ שיף אַ בעשטימען, וואו עס איז מזרח, מערב, צפון און דרום, נאָך דער זון נאָך. אין אַ ליכטיגע נאַכט קען מען דאָס זעהן נאָך דיא שטערען נאָך. וויא טהוט מען אָבער אין אַ פינסטערע נאַכט?

דער מאַגנעט ווייזט אימער וואו עס איז צפון און דרום, און פון דעם ווייס מען שוין אויך וואו מזרח און מערב זיינען. וואָס פאַר אַ וויכטיגע ענטדעקונג דאָס איז געווען, איז ניט אָבצושאַצען. פריהער פלעגט מען ניט סמייען אָבצופאָהרען פון ברעג, טאָמער פערליערט מען דעם וועג. ווען מען האָט אָנגעפאַנגען זיך צו בענוצען מיט דער מאַגנעטישער נאָדעל, האָט מען ביסלעכווייז אָנגעפאַנגען זיך אוועקצולאָזען ווייט איבער דעם אָפענעם ים. דאָס האָט מעגליך געמאַכט קאָלומבוס'עס רייזע. אָהן דעם וואָלט ער קיינמאָל זיך ניט אָדוואַזשעט צו פאָהרען אַזוי ווייט איבער'ן ים.

דיא כינעזער זיינען געווען דיא ערשטע, וואָס האָבען דאָס געברויכט. זיי פלעגען דיא נאָדעל אַריינשטעלען אין וואַסער אויף אַ פּראָבקע. דיא אַראַבער האָבען זיך דאָס אָבגעלערענט ביי זיי, און ביי דיא אַראַבער האָבען

דאָס גענומען דיא אייראָפּעער. מען האָט איהר גענומען צוריכטען מיט אַ מין ציפערבלאַט, אויף וועלכען זיא קען זיך פריי בעוועגען אויף אַ „שטיפּ־טעל“. אָט דאָס איז אַ קאָמפּאַס.

דער ווייזער פון דעם קאָמפּאַס, דאָס הייסט דיא מאַגנעטישע נאָדעל, ציינט דאָס רוב ניט פּונקט צו צפון, נור אַביסעלע אָן אַ זייט. אזוי וויא אַ מערידיאַן געהט פּונקט צו צפון (זעה אויבען זייטעל 647), הייסט דאָס, אַז דאָס רוב וועלען דיא נאָדעל און דער מערידיאַן זיך אַביסעל איבערקרייצען. צווישען זיי וועט זיין אַ ווינקעל. דיזען ווינקעל קען מען זעהן נאָך דעם שאָטען, וואָס פאַלט פון א ווערטיקאַלע זאַך אום 12 אוהר, ווארום דיעזער שאָטען געהט פּונקט איבער׳ן מערידיאן (זעה אויבען, זייטעל 647). עס זיינען פאַראַן מיטלען אויסצורעכענען וויא גרויס עס איז דיעזער ווינקעל צווישען דעם מערידיאן און דער נאָדעל.

דיעזער ווינקעל הייסט ווינקעל פון מאַגנעטישער אַבגעבויגענקייט.

ווען מען פאָהרט פון אייראָפּאַ נאָך אַמעריקא, צום ביישפּיעל, ווערט דער ווינקעל פון מאַגנעטישער אַבגעבויגענקייט אַלץ קלענער און קלענער. דאָס הייסט, אַז דער ווייזער פון דעם קאָמפּאַס איז אַבגעבויגען פון דעם מיטאָג־שאטען (פון דעם מערידיאַן) אַלץ ווענינער און ווענינער. אזוי פאָהרענדיג קומט מען ענדליך צו אַ פּלאַץ, וואו דער ווייזער געהט פּונקט וויא דער מערידיאַן, דאָס הייסט, פּונקט אין צפון; מיט אַנדערע ווערטער: עס איז גאָר ניטאָ קיין ווינקעל פון מאַגנעטישער אַבגעבויגענקייט.

ווען מען זאָל דורכציהען אַ פּאַס פון צפון צו דרום דורך אַלע פּלעצער אַזעלכע, וועט אַזאַ פּאַס הייסען דיא ליניע פון קיין אַבגעבויגענקייט.

ווען מען פאָהרט ווייטער צו מערב, הייבט דיא נאָדעל וויעדער אָן צו זיין אַבגעבויגען, אָבער פון דער אַנדער זייט.

אין קאָלומבוס׳עס צייטען האָט מען נאָך פון דיזער ליניע ניט געוואוסט. ווען קאָלומבוס איז צוגעקומען צו אַ פּלאַץ, וואו דער קאָמפּאַס ווייזער איז ניט געווען אַבגעבויגען, האָבען זיינע מיטרייזענדע זיך דערשראָקען. זיי האָבען געמיינט, אז זיי זיינען געקומען צו אַ פּלאַץ, וואו דיא נאַטור־געזעצע הערען אויף צו ווירקען. (זעה זייטעל 244—245).

דיא „ליניע פון קיין אַבגעבויגענקייט“ בלייבט ניט אימער אויף דעם זעלבען אָרט. פון צייט צו צייט בייט זי איהר פּלאַץ.

# יעראָגליפען.

ווען דער ווילדער מענש הויבט אָן צו שרייבען, טהוט ער דאָס מיט בילדער. ווען עס האַנדעלט זיך אום אַ מענשען, מאָהלט ער מאַקע אויף אַ מענשעלע. אַ קייקעלע איז דיא זון און אַ קייקעלע אונטער אַ געבויגענעם שטריך (די זון אונטער'ן הימעל) בעדייט אָבענד. דאָס זיינען א י ד ע אָ־ג ר אַ פ י ש ע צייכענס — דאָס הייסט געדאַנקען־שריפט, וואָרים דיא פיגור, וועלכע מען מאָהלט אויף, צייגט אָן אויף דעם געדאַנקען גופא פון דער זאַך, אויף דעם געדאַנקען וועגען אַ מענשען, וועגען דער זון אָדער וועגען אבענד.

מיט דער צייט הויבט מען אָבער אָן צו געברויכען צייכענס אויף אַן אַנדער שטייגער אויך. צום ביישפּיעל: לאָמיר אויפמאָהלען אַ ביען, און לאָמיר אָבמאַכען, אַז דאָס זאָל ניט האָבען קיין שייכות צו ביענען אָדער האָניג, נור אַז דאָס זאָל הייסען „איך בין". אויב אַזוי וועט דאָס זיין אַ צייכען ניט נאָכ'ן געדאַנקען נאָך, נור נאָכ'ן ק ל אַ נ ג פון דעם וואָרט. אַ בילד פון אַן אָרים (פון אַ האַנד) וועט אויף אַזאַ אַרט גאָר ניט זיין קיין צייכען אויף אַן אָרים, נור אויף אָרימקייט. צוויי פעל פון אַן אָקס אָדער אַ קאַלב, וואָלט דאַן בעדייטען „צווייפעל". אַ ביען וואָס ליעגט אין צוויי אָקסענע פעלל, וועט זיך דאַן לעזען: „איך בין אין צווייפעל".

דאָס איז דער פ אָ נ ע ט י ש ע ר געברויך פון בילדער, — דאָס הייסט נאָך זייערע קלאַנגען.

דער פאָנעטישער געברויך פון דיא בילדער־שריפט ענטוויקעלט זיך ווייטער און ווייטער, ביז מען הויבט אָן צו געברויכען בלויז דעם ערשטען בוכשטאַב פון דעם בילדער־וואָרט. צום ביישפּיעל, „ראָ" איז אויף עגיפּטיש אַ מויל. ווען מען מאָהלט אויף אַ לאַנגליכען קייקעלע, וויא אַן אָפענע מויל, הייסט דאָס אבער ניט „ראָ", נור בלויז „ר". אויף דיעזען שטייגער וואָלט דאָס בילד פון אַ לאָמפּ ביי אונז געווען אַ „ל", פון אַ בוים — אַ „ב" א. ז. וו. ווען איהר וועט אויפמאָהלען אַ גאַרטעל, וועט דאָס זיין בלויז אַ „ג". אַלזאָ אויב איהר וועט אויפמאָהלען אַ ג אַ ר ט ע ל, אַ ל אָ מ פּ, אַ ב ו י ם, אַן ע פּ ע ל און אַ נ ו ס, וועט דאָס זיך לעזען „ג ל ו י ב ע ן".

אָט אויף דיעזען אַרט איז דאָס ענטוויקעלט געוואָרען דער „אלף בית": אלף איז אַן אָקס, בית — אַ שטוב, גימל — א קעמעל א. ז. וו. (דיא צייכנונגען

זיינען נאַטירליך מיט דער צייט פיעל פעראיינפאַכט, פערקירצט און פער־
ענדערט געוואָרען).

ביי דיא פאַרצייטיגע עגיפּטער זיינען דיא יעראָגליפען, דיא בילדער־
שריפט, בעשטאַנען פון ביידערליי צייכנונגען — טהיילוויז פון אידעאָ־
גראַפישע און טהיילוויז פון פאָנעטישע. פיעלע פיגורען האָבען אויסגעדריקט
צו עטליכע ווערטער מיט אַ מאָל — אַ גאַנצען געדאַנק.

מיט דעם אלף־בית איז פונקט פערקעהרט. ער ברויכט עטליכע פיגורען
אויסצודריקען איין וואָרט. דערפאר אָבער קען מען מיט איהם קלאָהר און
דייטליך אויסדריקען אַלץ, וואָס דיא מויל קען נור אויסריידען.

דיא עגיפּטישע יעראָגליפען האָבען אַלזאָ אין זיך געהאַט דעם אָנהויב
פון אַן אלף בית. ביי זיי האָבען דאָס איבערגענומען דיא פיניקיער, וועלכע
האָבען ענטוויקעלט דעם פאָלשטענדיגען אלף בית. די פיניקיער זיינען געווען
סעמיטען, פון דער זעלבער פעלקער־פאַמיליע וויא דיא אידען, און זייער
שפּראַך איז געווען נאָהענט צו דער העברעאישער. דיא אידען האָבען
ביי זיי איבערגענומען דעם „אלף בית" כמעט וויא ער שטעהט און געהט, ווייל
דיא ווערטער זיינען כמעט אלע געווען דיא זעלבע. אָבער דיא גריכען האָבען
אויך איבערגענומען דאָס זעלבע, הגם מיט ענדערונגען (דיא ערשטע פיער
גריכישע בוכשטאַבען הייסען: אַלפאַ, בעטאַ, גאַמאַ, דעלטאַ).

דיא כינעזער האָבען נאָך עד היום ניט דערגרייכט דעם „אלף בית"
שטאַפּעל. אין זייער שרייבען דריקט נאָך אַ פיגור אויס עטליכע ווערטער
מיט אַ מאָל. זיי זיינען נאָך ניט ווייט אַוועק פון יעראָגליפען.

# גאָר פארצייטיגע אמעריקאַנער פעלקער. — די געהיימניספולע בערג־בויער.

װעגען דיא פעלקער, װאָס האָבען געװאױנט אין אַמעריקאַ אין דער צייט, װען קאָלומבוס האָט ענטדעקט דיא „נייע װעלט“, װײס מען אַ היבשע ביסעל. דיא „אינדיאַנער“ (װיא קאָלומבוס האָט זײ אַ נאָמען געגעבען, װײל ער האָט געמײנט, אַז ער איז געקומען נאָך אינדיען, אַזיען) זײנען בעשריעבען געװאָרען פון פיעלע פון דיא ערשטע קאָלאָניסטען; און הגם דיעזע קאָלאָניסטען האָבען ניט אַלעס, װאָס זײ האָבען געזעהן, ריכטיג פערשטאַנען, דאָך קען מען פון זײערע בעשרײבונגען האָבען אַ בעגריעף װעגען דיא פערשיעדענע אַמעריקאַנער פעלקער, װיא זײ זײנען דאַן געװען. געװיסע טעות׳ן, װאָס קאָלומבוס און דיא אַנדערע רײזענדע האָבען געמאַכט װעגען דעם לעבען פון דיא רויט־הויטיגע, זײנען נאַכהער פעררינכט געװאָרען מיט דער הילפע פון װיסענשאַפטליכע פאָרשונגען; און, אין סך הכל, האָט מען הײנט אַ נישקשה׳דיגען בילד פון דער מענשליכער װעלט, װעלכע האָט עקזיסטירט אין אַמעריקאַ אײדער אַהין זײנען געקומען װײסע מענשען.

מען האָט אַ בילד פון דעם לעבען פון דיא װילדסטע אינדיאַנער, פון דיא װעניגער װילדע, און פון דיא האַלב־ציװיליזירטע — פון דיא מערקװירדיגע פעלקער, װעלכע שפּאַניער האָבען ענטדעקט אין מעקסיקאָ און אין פּערו אונגעפעהר אַ יאָהר דרײסיג נאָך דעם װיא קאָלומבוס האָט ענטדעקט דיא נאַקעטע אינדיאַנער פון װעסט אינדיען. פון דיא בילדער־שריפטען, װאָס דיא שפּאַניער האָבען געפונען בײ די מעקסיקאַנער, האָט מען אַ שטיקעל בעגריעף װעגען דיא געשיכטע פון דיעזען אינטערעסאַנטען פאָלק, דעם העכסט־ענטװיקעלטען פון אַלע רויט־הויטיגע פעלקער, װאָס דיא אײראָפּעער האָבען געפונען אין אַמעריקאַ. דיעזע געשיכטע פון פארצייטיגע מעקסיקאָ װעלכע איז זעהר אַ מאָגערע און זעהר ניט קײן דײטליכע מין היסטאָריע — אויב מיר זאָלען דאָס גאָר רופען מיט דיעזען נאָמען — דערגרײכט אַ דרײ יאַהר־הונדערטע פאַר קאָלומבוס׳ען. פון צײכענס, װאָס מען געפינט אין דער אַלט־מעקסיקאַנישער שפּראַך און אין געװיסע אַלט־מעקסיקאַנישע מנהגים אָדער געבײדעס, נעהמט מען זיך אַרויס אײניגע זאַכען װעגען נאָך אַ פריהערע צייט. אָבער דאָס אַלץ איז זעהר דונקעל און איז מײסטענס געבויט אויף הוילע סברות.

וואָס אנבעטרעפט דעם גאָר־פּארציייטיגען מענשליכען לעבען אין דער מיטעלסטער טהייל פון נאָרד־אַמעריקאַ (דאָ וואו היינט געפינען זיך דיא פעראייניגטע שטאַאַטען) זיינען פאַראַן סליאַדען פון אַן אַנדער סאָרט.

מען זעהט דאָרטען פיעלע געמאַכטע בערג, וועלכע שטעלען מיט זיך פאָר פערשיעדענע פיגורען. אייניגע פון דיעזע בערג האָבן דיא פאָרמע פון אַן אָדלער, פון בופעל־אָקס, אַ שלאַנג אָדער אַ טשערעפּאַכע א. ז. וו. אַנדערע זיינען עבט קיילעכדיג וויא אַ ריעזיגער רינג; ווידער אַנדערע זיינען עבט פיער־קאַנטיג. אין דעם איין שטאַאַט אָהייאָ געפינען זיך ביז צוויי טויזענד באַרג־פיגורען אַזעלכע. איינע פון דיא אינטערעסאַנטסטע פון דיעזע פיגורען ליעגט לעבען דער שטעדטעל נוארק, אָהייאָ. דאָס איז אַן עכטער רינג אַ מייל אַרום און אַרום. אין זיין מיטעל־פונקט געפינט זיך אַ בערגיל אין דער פאָרמע פון אַן אָדלער.

פיעלע פון דיא באַרג־פיגורען זיינען מסתמא געבויט געווען אַלס פעסטונגען. וועגען פיעלע אַנדערע גלויבט מען אַז זיי זיינען געווען בתי־הקברות, וואָרים מען געפינט אין זיי ביינער פון מענשען צוזאַמען מיט ליימענע כלים אָדער קופּערנע ציערונגען, וועלכע זיינען וואַהרשיינליך בעגראָבען געוואָרען צוזאַמען מיט דיא טויטע (וויא דער מנהג איז נאָך עד היום ביי אונענטוויקעלטע פעלקער אין פערשיעדענע טהיילען פון דער וועלט). עס זיינען אויך פאַראַן באַרג־פיגורען, וואָס האָבען מסתמא געדיענט אַלס טעמפּלען אָדער אַלס פונדאַמענטען אויף וועלכע עס זיינען געשטאַנען טעמפּלען. דיעזע זיינען אויבען שמעלער וויא אונטען, און פון אונטען אַרויף געהען אין דעם באַרג טרעפּ — אַזוי וויא דיא טרעפּ וואָס געהען צו דיא טעמפּלען פון מעקסיקאָ. וואָס פאַר אַ געברויך מען האָט געמאַכט פון דיא באַרג־פיגורען וועלכע האָבען דיא פאָרמע פון חיות אָדער פויגלען, ווייס מען ניט.

אין עדעמס קאַונטי, אָהייאָ, געפינט זיך אַ באַרג אין דער פאָרמע פון אַ שלאַנג, טויזענד פוס דיא לאַנג.

אַז דיעזע גרויסע ערדענע פיגורען זיינען זעהר אַלט, קען מען זעהן פון דיא ריעזיגע וועלדער וואָס וואַקסען איבער זיי און אויך פון דעם צושטאַנד, אין וועלכען עס געפינען זיך דיא מענשליכע ביינער וואָס ליעגען אין זיי. דיעזע ביינער זיינען אַזוי אַלט, אַז מען קען זיי ניט צונעהמען פון דאָרטען: ווען מען ריהרט זיך צו זיי צו ווערען זיי צושאָטען. דערביי

ציגט מען אָן אויף דעם פאַקט, אַז אין געוויסע אַנדערע פּלעצער — אין ענגלאַנד, צום ביישפּיעל — געפינען זיך ביינער, וואָס זיינען אַלט צוויי טויזענד יאָהר אונ דאָך טראָגט מען זיי איבער פון זייערע קברים אונ זיי בלייבען גאַנץ. אַלזאָ, גלויבט מען, אַז דיא באַרג־פיגורען זיינען עלטער וויא צוויי טויזענד יאָהר.

פון דיא בערג קען מען זעהן, אַז דיא מענשען, וואָס האָבען זיי געבויט, זיינען געוועזן פערהעלטניסמעסיג הויך ענטוויקעלט אין מיליטער־קונסט, אַרכיטעקטור אונ רעכענען. דיא פיגורען זיינען דאָס רוב עכטע, אונ זיי זיינען געבויט נאָך אַ בעשטימטען, פּינקטליכען חשבון. וויא אַזוי זיי האָבען דאָס אַלץ אויסגעמאָסטען אונ אויסגערעכענט — איז אַ געהיימניס. אָפט געהען דריי בערג צוזאַמען — איין עכט פיער־קאַנטיגער אונ צוויי עכטע רינגען; אונ דערביי האַלט יעדע זייט פון דער פיער־קאַנטיגער פיגור דאָס רוב 1,080 פוס, וועהרענד דיא רינגען האַלטען — איינער 1,700 פוס אַרום אונ אַרום אונ דער אַנדערער 800 פוס אַרום אונ אַרום. וואָס דיעזע ציפער בעדייטען, ווייס מען ניט.

לעבען לייק סופּיריאָר („העכערע אָזערע") זיינען פאַראַן סליאַדען פון אַ קופּער מינע, הגם דיא דאָרטיגע אינדיאַנער פון הייניגע צייטען האָבען וועגען דיעזע אַרבייט קיין בעגריף ניט. אין אַ פערשאָטענעם גראָבען, 18 פוס אונטער דער ערד, האָט מען דאָרטען געפונען אַ מאַסע קופּער, וואָס האָט געוואויגען 8 טאָן, אונ זיא איז געלעגען אויף אַ הויכע הילצערנע פּלאַטפאָרמע, וואוהין מען האָט דאָס מסתמא ארויפגעהויבען מיט דעם צוועק דאָס אַוועקצופיהרען פון דאָרטען. פון דיעזער מינע פלעגט מען אין יענע צייטען פיהרען קופּער אַזש פאַר טויזענד מייל. וואַהרשיינליך האָט מען פון דיעזען מעטאַל געמאַכט געצייג אונ געוועהר.

דיא לייטענע כלים זיינען בעפּוצט מיט דיא פיגורען פון מענשען אונ פון חיות — פיגורען, וועלכע זיינען מערקווירדיג עהנליך צו דער ווירקליכקייט.

ווער עס זיינען געוועזן דיעזע „בערג־בויער", דיעזע מערקווירדיג ענטוויקעלטע מענשען, וועלכע האָבען געוואוינט אין אַמעריקאַ מיט אַ פּאָר טויזענד יאָהר פאַר קאָלומבוס'ען, — קען מען ניט ערקלעהרען. מען פלעגט מיינען אַז דאָס זיינען געוועזן גאַנץ אַנדערע פעלקער וויא דיא אינדיאַנער — אַז זייער ראַסע איז שוין לאַנג אויסגעשטאָרבען. דיא לעצטע צייט האָט

מען דיעזען געדאַנק אָבער פערוואָרפען. מען גלויבט, אַז דאָס זיינען געווען עלטער־עלטער זיידעס פון דער זעלבער רויט־הויטיגער ראַסע, וועלכע האָט פאַר קאָלומבוס׳ען בעוואוינט גאַנץ זיד־אַמעריקאַ און גאַנץ נאָרד־אַמעריקאַ (מיט דער אויסנאַהמע פון דיא קאַלטע געגענדען, וואו עס וואוינען דיא עסקימאָסען — אַ ראַסע מיט אַן אַנדער פאָרמע פון שאַרבען און געזיכט). אַי דיא אינדיאַנער, וועלכע האָבען שפּעטער געוואוינט אויף דיא פּלעצער, וואו עס געפינען זיך דיא דערמאָנטע בערג, זיינען געווען אַ סך וועניגער ענט־וויקעלט וויא דיא בערג־בויער? — איז דער אַנטוואָרט, אַז ענטוועדער דיא אַל־טע ענטוויקלונג איז געפאַלען (וויא עס עס האָט געטראָפען אין איראָפּאַ אָדער אַזיען) אָדער אַז דיא ענטוויקעלטע פעלקער זיינען צוליעב געוויסע אורזאַכען געצוואונגען געווען צו עמיגרירען אין אַנדערע טהיילען פון אַמעריקאַ — אין מעקסיקאָ, צום בייזפּיעל.